דאָס איז דאָס נײַנצנטע בוך וואָס ווערט אַרויסגעגעבן מיט דער סובווענץ פֿונעם ליטעראַטור־פֿאָנד א״נ פֿון ד״ר שמואל און רבקה הורוויץ ז״ל בײַ דער ייִדישער קולטור־געזעלשאַפֿט אין ירושלים.

דער ליטעראַטור־פֿאָנד איז עטאַבלירט צום אָנדענק פֿונעם געוועזענעם פּאַרזיצער פֿון דער ייִדישער קולטור־געזעלשאַפֿט אין ירושלים, ד״ר שמואל הורוויץ און זײַן פֿרוי רבקה, כדי צו העלפֿן ייִדישע שרײַבערס אַרויסצוגעבן זייערע ווערק.

ביז איצט זײַנען דערשינען מיט דער הילף פֿון הורוויץ־פֿאָנד די ווײַטערדיקע ביכער:

1977 — בלוט און וואָפֿן, דערציילונגען פֿון מאיר יעלין;
1978 — דער פּערציק־יעריקער מאַן, פּאָעמע פֿון פּרץ מאַרקיש;
1979 — שפּאַצירן אין דער נאַכט, לידער פֿון דוד ספֿאַרד;
1980 — שמעטערלינגען שוועבן, דערציילונגען פֿון קלמן סעגאַל;
1981 — מײַן וועג אַהיים, מעמואַרן פֿון אהרן ראַזין;
1982 — דער חוב פֿון זכרון, מעמואַרן פֿון חיים זיידמאַן;
— גרינער ווינטער, מאַרקולעשט, לידער און פּאָעמען פֿון מאיר חרץ;
1983 — בירָאָבידזשאַן פֿון דער נאָענט, זכרונות פֿון אסתר ראָזענטאַל־שנײַדערמאַן;
— אַליין דאָס לעבן, לידער פֿון רחל בוימוואָל;
1984 — דער זאַמלער, ראָמאַן פֿון יאָסל בירשטיין;
1985 — ערב עי״ן, לידער פֿון פֿריד ווײַנינגער;
1986 — פּערל פֿון גן־עדן, עסייען וועגן קונסט פֿון יצחק לודען;
1987 — מײַן ייִדיש, לידער פֿון רחל בוימוואָל;
1988 — קודש וחול אין דער ייִדישער מוזיק, פֿון יששכר פֿאַטער;
1989 — ליריקערס אין דער ייִדישער ליטעראַטור, עסייען פֿון י. ח. בילעצקי;
1990 — רינג נאָך רינג, עסייען פֿון שמעון קאַנץ;
1991 — ייִדיש־ליטעראַטור אין מדינת־ישראל — אַנטאָלאָגיע, אין צוויי בענד.
1992 — עס קומט דער טאָג, לידער פֿון מיכאל פעלזענבאום.

ייִדישע קולטור־געזעלשאַפֿט אין ירושלים

העשיל קלעפּפיש

# אויף היסטאָרישע וועגן

## אשכנז און ייִדיש מזרח־אייראָפּע

עסייען




אַרויסגעגעבן מיט דער הילף פֿונעם
ד״ר שמואל און רבקה הורוויץ ליטעראַטור־פֿאָנד
בײַ דער ייִדישער קולטור־געזעלשאַפֿט אין ירושלים

ירושלים, תשנ״ג - 1993

# אינהאַלט



## מיט דעם אָטעם פון אַשכּנז



## אין דער פאַרצווייַגטקייט פון ייִדיש מזרח־אייראָפּע

דאָס איז מײַן דריט בוך עסייען, וואָס זייער טעמע איז דאָס מזרח-אייראָפּעאישע ייִדנטום, זיינע אַשכּנזי-וואָרצלען, זײַן אויפגאַנג, פונאַנדער-בלי, אייגנאַרט, בײַטראָג, און טראַגישער פאַרגאַנג.

דאָס ערשטע בוך "דאָס וואונדער פון מזרח-אייראָפּעאישן ייִדנטום", איז דערשינען אין יאָר 1984.

דאָס צווייטע בוך "אָפּגעשלאָסן אַ תּקופה, דאָס מזרח-אייראָפּעאישע ייִדנטום, וואָרצלען און אייגנאַרט", איז דערשינען אין יאָר 1989.

איצט דערלאַנג איך דעם לייענער דאָס דריטע בוך "אויף היסטאָרישע וועגן, אַשכּנז און ייִדיש מזרח-אייראָפּע".

וואָס אַן אמת האָבן מיר, די ייִדיש־שרײַבער, שוין באַדאַרפט זײַן שפּאָרלעך צוגעוואוינט צו אָט־די באַמערקונגען. אָבער אין דער לעצטער צײַט טרעפן מיר זיך אויף זיי אַן אַלץ אָפטער און אָפטער. זיי דערגייען צו אונדז פון פאַרשידענע זײַטן און קרײַזן. מען זאָגט צו אונדז:

— צו וואָס און צו וועמען גייט איר כסדר אַן מיט אײַער שרײַבן אין ייִדיש? און דער עיקר פאַר וועמען? צי זעט איר דען נישט, אַז די צאָל פון די וואָס לייענען ייִדיש פאַלט פון טאָג צו טאָג? פאַר וועמען שרײַבט איר, פאַר וועמען גיט איר אַרויס אײַערע ביכער? פאַרוואָס גיט איר זיך נישט אָפּ קיין חשבון פון דערווירקלעכקייט, וואָס הגם זי טוט אײַך וויי, טאָר מען דאָך נישט פאַרמאַכן אויף איר די אויגן?

אַזוי רעדט מען צו אונדז. טייל זאָגן דאָס מיט מיטלײַד; טייל מיט ביטול און איראָניע. מיר הערן אָט־די באַמערקונגען. מיר קענען נישט זאָגן, אַז זיי דערגייען נישט צו אונדזערע אויערן. זיי דרינגען אויך אַרײַן אין אונדזער באַוואוסטזײַן. מיר קענען די ווירקלעכקייט און מאַכן זיך נישט קיין אילוזיעס. דאָך האָבן מיר נישט בדעה אַוועקצוואַרפן אונדזער ייִדיש־פעדער. אפילו ווען מיר שרײַבן און פאַרעפנטלעכן אויך אין אַנדערע שפּראַכן, האָבן מיר נישט בדעה „איבערצורײַסן" מיט ייִדיש. יאָר נאָך יאָר דערשײַנען נײַע ייִדישע ביכער. וואָך נאָך וואָך ברענגען מיר צום אויסדרוק אונדזערע געדאַנקען און געפילן אין די פאַרשידענסטע ליטעראַרישע זשאַנערן אין די צײַטונגען און זשורנאַלן, וואָס ווערן אַרויסגעגעבן אין ייִדיש. אונדז קומט גאָרנישט אויפן זינען איבערצוהאַקן אונדזער כסדרדיקן אינטימען צונויפּבונד מיט ייִדיש.

און מיר טוען דאָס, וואָס מיר טוען, צוליב פאַרשידענע טעמים.

קודם כּל, ווערן מיר נישט נתפּעל פון צאָלן און ציפערן. זיכער וואָלטן מיר באַגערט צו האָבן אַ סך, אַ סך לייענער, אַזוי ווי ייִדיש האָט נאָך געהאַט ערשט מיט עטלעכע צענדליקער יאָרן צוריק. אָבער טיף אין האַרצן לעבט אין אונדז די

זיכערקייט, אַז אויך מיט דער "אומבאַקוועמלעכקייט" וואָס ייִדיש קען פאַרשאַפן, און ביי אַלע קלאָץ־קשיות, וואָס וועקן זיך אויף, אין נוסח: "צוליב וואָס אָנגיין מיטן שרייבן ייִדיש ?", איז אַלץ כּדאי צו שרייבן אויפֿן דאָזיקן לשון. אפילו אין די צייטן פון אויפגלאַנץ פאַר ייִדיש האָט י. ל. פּרץ געשריבן אין דער ערשטער פּאָעמע, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט אין אָט־דער שפּראַך, די פּאָעמע "מאָניש": "אַנדערש וואָלט מיין ליד געקלונגען, כ'זאָל פאַר גויים גוייִש זינגען, נישט פאַר ייִדן. נישט זשאַרגאָן" !... און דאָך האָט י. ל. פּרץ — און אַזוי פיל אַנדערע לויט זיין ביישפּיל — געצויגן די גייסטיקע טעטיקייט אין ייִדיש.

אונזער איצטיקער דור איז ווייט נישט דער ערשטער אין דער ייִדישער געשיכטע, וואָס פאַר אים איז כאַראַקטעריסטיש אַ רעדוצירטע צאָל לייענער, וואָס עס קען דערוואַרטן צו האָבן אַ גייסטיקע שאַפונג. נישט דווקא ייִדיש האָט זיך געדאַרפט רעכענען מיט אַזאַ גאַרנישט־פריילעכער סיטואַציע. די וועלכע האָבן געשריבן העברעאיש אין גאָלדענעם פעריאָד אין שפּאַניע, האָבן נישט פאַרבאַהאַלטן, אַז זייער וואָרט האָט נאָר שאַנסן צו דערגרייכן צו זייער ענגע קרייזן. ערשטנס, זענען דעמאָלט, אין די צייטן, ווען מען האָט נאָך נישט געוואוסט פון דרוק, בויטיק געווען רייכע פינאַנסיעלע מיטלען כּדי זיך איינצושאַפן שרייב־מאַטעריאַלן, און אויך צו באַצאָלן די איבערשרייבער, וועלכע האָבן זיך ספּעציאַליזירט אין מאַכן קאָפּיעס פון אַ העפטל אָדער פון אַ חיבור; און די מענטשן פון גייסט האָבן קיין מאַטעריעלע מיטלען נישט פאַרמאָגט. צווייטנס, איז די צאָל פון די וואָס האָבן געהאַט אינטערעס פאַר אַ העברעאישער שאַפונג, ווייט נישט געווען גרויס. צומאָל נישט פיל בעסער איז געווען דער גורל פון די, וואָס האָבן געשריבן זייערע ווערק אין אַראַביש, די שפּראַך פון די אינטעלעקטואַלן אין יענע מקומות און אין יענע צייטן. זייער ווייניק אין דער ייִדישער געזעלשאַפט האָבן געהאַט דעם ווילן — און אויך די מעגלעכקייט — זיך צו פאַרשאַפן אַן עקזעמפּלאַר פון אַ ספר אָדער אַ בוך. עס האָבן זיך געקלאָגט אויף דעם דערדריקנדיקן מצב שלמה אבן גבירול און אברהם אבן עזרא, די פירנדיקע ייִדישע אינטעלעקטואַלן פון יענע תּקופות.

נישט געגוג באַקאַנט איז דער פאַקט, אַז איינס פון די וויכטיקסטע ווערק, וואָס זענען אַנטשטאַנען אין יענער צייט פון דער כּסדר־אָנגייענדיקער ייִדישער גייסטיקער אַקטיוויטעט, איז צוערשט געווען באַשטימט צו האָבן **בלויז איין לייענער**. דאָס איז געווען דער פאַל מיטן "וועגווייזער פאַר די בלאָנדזשענדיקע" (מורה נבוכים), די עפּאָכע־מאַכנדיקע פילאָסאָפישע באַטראַכטונג פון רמב"ם. אַ תּלמיד פון רמב"ם פון אַ ווייטער מדינה — יוסף עקנין איז געווען זיין נאָמען — האָט זיך געוואַנדן צום רמב"ם און ביי אים געבעטן, אַז ער זאָל אים אויפקלערן, צי איז מעגלעך איינצופירן אַ האַרמאָניע צווישן דער וויסנשאַפט און דעם רעליגיעזן גלויבן. דאָס איז געווען אַ פּראָבלעם, וואָס האָט דאַן שטאַרק באַשעפטיקט די דענקענדיקע מוחות: צי קען מען זיין באַגייסטערט פון דער מאַכט פון מענטשלעכן

שׂכל, און גלײַכצײַטיק זײַן אַ גלויביקער? האָט דער רמב״ם זיך אָװעקגעזעצט שרײַבן אַ בריוו צום וויסן־דאַרשטיקן תּלמיד און אים ענטפֿערן אויף זײַן פֿראַגע. ער האָט דעם בריוו געשריבן אין אַראַביש, און אים אָנגעהויבן מיט די ווערטער:

"זינט דו ביסט געקומען צו מיר, און איך האָב זיך אָנגעטראָפֿן מיט דײַן באַגער צו לערנען און באַגרײַפֿן די זאַכן, איז מיר אָנגעקומען דער פֿאַרלאַנג צו שרײַבן צו דיר אָט־דעם בריוו... פֿאַר דיר, און די ענלעכע צו דיר, אפֿילו ווען זײַער צאָל איז קליין... איך שרײַב פֿאַר דיר און צוליב דיר"...

דער בריוו האָט זיך פֿאַרצויגן, אויף צענדליקער און צענדליקער זײַטן. נאָכט נאָך נאָכט האָט דער רמב״ם צוגעגעבן קאַפּיטלען, ביז ער האָט אים פֿאַרענדיקט. דאַן האָט ער אים אַוועקגעשיקט צו זײַן תּלמיד.

פֿאַר איין לייענער האָט רבי משה בן מיימון צוגעגרייט זײַן מגילה־בריוו. אָבער דאָס האָט אים נישט אָפּגעהאַלטן פֿון באַציִען זיך צו זײַן אַרבעט מיט דער פֿולער ערנסטקייט און וואָג, און פֿאַרוואַנדלען דעם בריוו אין דער קרוין פֿון זײַן פֿילאָסאָפֿישן שאַפֿן.

דאָס הייסט נישט, חלילה, אַז צו אונז גנבעט זיך צומאָל אַרײַן אין הינטער־געדאַנק דער פּרווו זיך צו שטעלן אין איין רײַ מיטן רמב״ם. מיר זענען שטויב צו זײַנע פֿיס. אָבער דערמוטיקונג שעפּן מיר פֿון דעם פֿאַל. אַפֿילו ווען מען ווייסט, אַז מען שרײַבט פֿאַר איין לייענער, טאָר מען זיך נישט אונטערגעבן קיין זלידנע מחשבות, טאָר מען נישט אַרײַנפֿאַלן אין אָנמאַכט, טאָר מען זיך נישט שטעלן די פֿראַגע: "פֿאַר וועמען שרײַב איך, און וויפֿיל לייענער קענען מיר דערוואַרטן צו האָבן, מיר, וואָס שרײַבן ייִדיש?!"...

אויך ווען מיר קענען רעכענען בלויז אויף איין לייענער, פֿאַלט אונז נישט אײַן — און עס וועט נישט אײַנפֿאַלן — צו פֿאַרוואַרפֿן אין אַ זײַט די ייִדיש־פֿעדער. מעגן זאָגן די "ניכטערע", וואָס זיי ווילן. מיר זענען פֿאַרשיכּורט מיט ייִדיש; און מיר זענען פֿאַרקוקט אין וועג, וואָס אים האָט אָנגעוויזן דער רמב״ם: אויך פֿאַר איין לייענער איז כּדאַי צו שרײַבן.

און צווייטנס, דער צווייטער טעם, צוליב וועלכן מיר האַלטן זיך אָן מיט עקשנות און ענטוזיאַזם אין אונזער ייִדיש־שרײַבן, איז — ווײַל — ציִען די גאָלדענע קייט פֿון ייִדיש איז אַ יחוס, איז אַ כּבוד. העברעאיש איז טאַקע די ערשטע שפּראַך פֿון אונזער פֿאָלק. זי איז אַרײַנגעאַנגען אין אונזער טראַדיציע ווי דאָס הייליקע לשון, לשון קודש, די שפּראַך פֿון תּנ״ך. אָבער, שוין אין תּנ״ך גופֿא איז אַרײַנ־געדרונגען אַ נישט־העברעאישע שפּראַך: די אַראַמעאישע.

מיט אַ דריטהאַלבן טויזנט יאָר צוריק האָט אַראַמעאיש באַהערשט פֿאָדער־אַזיע. מען האָט גערעדט אויף דער דאָזיקער שפּראַך אין ארץ־ישׂראל און אויסער די גרענעצן פֿון ארץ־ישׂראל. אין די שפּעטע תּנ״ך־ספֿרים, דניאל און עזרא, זענען

אַ סך קאַפּיטלען אַרײַן אין אַראַמעאיש. שפּעטער האָט מען געלערנט און געשריבן די גמרא אויף דער דאָזיקער שפּראַך, און סײַ אין ייִדישן לאַנד, סײַ אין בבל, האָט מען זי רעדאַגירט אין אַראַמעאיש. אַפילו, ווען מיטן לויף פון די תקופות, און ענדערונג פון די אומשטענדן, האָט זי אויפגעהערט צו זײַן די אומגאַנג־שפּראַך, איז כּסדר אויף איר געפאַלן דער אָפּשײַן פון די טעג, וואָס זענען פאַרבײַ. דאָס עיקר־ספר פון דער ייִדישער מיסטיק, דער זוהר, האָט געפונען זײַן אויסדרוק אין אַראַמעאיש. די פאַרהייליקטע פאָלקס־תּפילה, דער קדיש, ווערט געזאָגט אין אַראַמעאיש. מען קען אָנצײַכענען נאָך אַנדערע פאַלן, וואָס באַווײַזן ווי טיף אַראַמעאיש־לשון האָט זיך אײַנגעקריצט אין דער ייִדישער גײַסטיקייט, און זיך צונויפגעוואַקסן מיט דער ייִדישער פּסיכיק און לעבנסשטײַגער.

שוין אַן אויבנאויפיקער בליק זאָגט עדות אויפן מיוחסדיקן אָרט, וואָס ייִדיש פאַרנעמט אין דער ייִדישער געשיכטע. מיט טויזנט יאָר צוריק האָט מען אָנגעהויבן ריידן ייִדיש. דאָס איז געווען אין דער רהײַן־געגנט אין דײַטשלאַנד. די אויפּקומענדיקע שפּראַך, וואָס די אײַנגעוואַנדערטע ייִדן האָבן דאָרט גענומען רעדן (זיי האָבן אײַנגעוואַנדערט פון פאַרשידענע לענדער פון דער פונאַנדערגעפאַלענער רוימישער אימפּעריע), האָט זיך אויסגעבויט אויף די עלעמענטן פון אַ דײַטשן דיאַלעקט. אָבער גיך האָבן זיך אין איר אַרײַנגעפלאָכטן, און עס זענען מיט איר צונויפגעקנאָטן געוואָרן, ווערטער און אויסדרוקן פון העברעאיש. מען האָט דאָס לשון נישט געשריבן מיט דײַטשע אותיות, נאָר מיט העברעאישע. מען האָט אין דער שפּראַך אַרײַנגעלייגט ייִדיש געמיט, ייִדישע דערפאַרונגען, ייִדישע הײַטערקייט און וויי, צער און ביטחון, האָפענונגען און אַנטוישונגען. מען האָט זיך געפרייט און געוויינט אויף ייִדיש. דאָס איז דאָך נישט קיין צופאַל, וואָס פון אַלע לשונות, וואָס אונזער פאָלק האָט אין זײַן צעשפּרײַטקייט גערעדט אין די טויזנטער יאָרן פון זײַן געשיכטע, איז ייִדיש אָנגערופן געוואָרן אַזוי: ייִדיש. זי איז אויסגעוואַקסן ווי דאָס לשון פון ייִד. דאָס פאָלקס־לשון.

נישט לאַנג שפּעטער ווי ייִדיש האָט זיך אַנטוויקלט, האָט זיך אָנגעפאַנגען אויסשיילן אויפן פּירענעאישן האַלבאינזל נאָך אַ שפּראַך, וואָס ייִדן האָבן גערעדט: לאַדינאָ. זי איז אַ געמיש פון שפּאַניש, פּאָרטוגעזיש, קאַטאַלאַניש, אַראַביש, צונויפּגעמישט מיט אַ ווערטער־אוצר פון העברעאיש. אויך לאַדינאָ האָט מען געשריבן מיט העברעאישע אותיות. מען האָט זיך מיט איר באַנוצט אין די ייִדיש־ספרדישע קהילות. אָבער לאַדינאָ האָט נישט דערגרייכט צו די שטאַפּלען, וואָס צו זיי איז אַרויפגעשטיגן דאָס לשון פון די אַשכנזישע ייִדן. אין גורל פון די שפּראַכן האָט דעצידירט דער וואַנדער־שליאַך, וואָס די ייִדן, וועלכע האָבן גערעדט אָט די לשונות, האָבן אַדורכגעמאַכט. ייִדן פון שפּאַניע האָבן, אין שטראָם פון די פאַר־סירונגען, אויסגעוואַנדערט על פּי רוב קיין טערקײַ און אין די אַראַבישע מדינות, וואו לאַדינאָ, הגם זי האָט אַרײַנגעזאַפּט אין זיך פרישע שפּראַך־עלעמענטן, האָט

דאָך נישט געפונען קיין פעלד פאַר אינספּיראַציע און אויפבלי; דאָקעגן ייִדיש האָט, צוזאַמען מיט די ייִדיש־ריידער, אַדורכגעמאַכט די וואָגלענישן קיין מזרח־אייראָפּע, און אין מזרח־אייראָפּע האָט זיך געעפנט די תּקופה פון שוואונג און וואוקס פאַר ייִדיש. זי האָט אַרייַנגעהויכט דעם הייַסן אָטעם פון מזרח־אייראָפּעיִשער ייִדישער פאָלקסטימלעכקייט, און געוואָרן אַרייַנגעצויגן אין דער דאָרטיקער צאַפּלענדיקער ייִדישער מאַסן־דינאַמיק.

מיר זאָגן: שרייַבן ייִדיש איז אַ כּבוד. נישט פאַראַן קיין קולטור־שטרעמונג אין די לעצטע טויזנט יאָר פון דער ייִדישער געשיכטע, וואָס האָט נישט באַקומען איר אויסדרוק, און געזוכט איר וועג, אין ייִדיש. מיט אַ זעקס הונדערט יאָר צוריק איז אין נירענבערג, אין דייַטשלאַנד, אויף אַ רבנים־צוזאַמענפאָר אָנגענומען געוואָרן אַ תּקנה וועגן דער יורידישער אָנערקענונג פון ייִדיש־לשון אויף דין־תּורהס. מען האָט שוין דעמאָלט געזאָגט תּפילות אויף ייִדיש. מען קען גאָרנישט דערגיין, ווען ס'האָבן אין די סידורים און מחזורים זיך אָנגעהויבן באַווייַזן גאַנצע אָדער שטיקלעך שורות אין דער דאָזיקער שפּראַך, און ווען מען האָט דעם חומש, צי אַנדערע ספרים פון תּנ"ך, גענומען פאַרטייַטשן אויף ייִדיש. אַזוי האָט מען טאַקע אָנגערופן דאָס לשון אין די פאַרלאָפענע צייַטן: טייַטש, ייִדיש־טייַטש, עברי־טייַטש. אין פאָלקס־לשון האָט געפונען אַ טייַטש און אויסטייַטש די ייִדישע טראַדיציע, דאָס ייִדישע הארץ, דער ייִדישער באַגער, די וואָך, דער שבת, דער יום־טוב. שוין אין די פריִע תּקופות האָבן אין לומדישע שאלות ותּשובות זיך אַדורכגעוואָרפן גאַנצע זייַטן אויף ייִדיש. ווילסטו דערקענען דאָס ייִדיש־לשון, וואָס פּוילישע ייִדן האָבן גערעדט מיט פינף הונדערט יאָר צוריק, מיש אויף די שאלות ותּשובות פון ר' משה איסרליש (דער רמ"א) פון קראָקע. דורך לאַנגע דורות איז דאָס אַזוי' אָנגעגאַנגען, דער ווילנער גאון האָט אָנגעזאָגט זייַן פרוי, אַז זי זאָל געדענקען, די קינדער געבן צו לייענען די מוסר־ספרימלעך, וואָס זענען געדרוקט אין דער "גערעדטער שפּראַך", דאָס הייסט אין ייִדיש.

געווי' אַזוי, און מעגלעך נאָך אין אַ שטאַרקערער מאָס, איז ייִדיש צונויפגעוואַקסן געוואָרן מיט דער שיטה און מיט דער באַוועגונג פון חסידות. מען האָט דאָ גערעדט צום געפיל און צו דער איבערצייַגונג פון פאָלק, און מען האָט זיך צום ייִד געוואָנדן אין זייַן לשון. אויף ייִדיש האָט געזאָגט זייַן תּורה דער גרינדער פון דער באַוועגונג, ר' ישראל בעל שם טוב. אויף ייִדיש האָט זיך אויסגעטענהט מיטן ריבונו של עולם דער בערדיטשעווער צדיק, ר' לוי יצחק. אין ייִדיש האָט דערציילט זייַנע מעשׂהס ר' נחמן בראַצלאַווער. כאַראַקטעריסטיש: אַפילו די, וואָס האָבן באַקעמפט חסידות און דאָס פאָלקס־לשון, האָבן נישט געקענט אויפהערן זיך צו באַנוצן מיט ייִדיש. אין די קרייַזן פון דער השׂכּלה — פון די, וואָס האָבן זיך אַרומגעטראָגן מיטן ציל אַרייַנצוברענגען אויפקלערונג־אידייען אין דער ייִדישער גאַס — האָט מען טאַקע געשטרעבט "אַרויסצושטויסן" ייִדיש, אָבער

"דערוויַיל" האָט מען זיך "באַדינט" מיט דער ייִדישער שפּראַך. אין משך פון לאַנגע הונדערטער יאָרן האָט די איבערוויגנדיקע מערהייט פון אונזער פאָלק אין אַלע עקן פון דער וועלט, כּמעט דאָס גאַנצע ייִדישע פאָלק, גערעדט ייִדיש. אַפילו ספרדים האָבן זיך אויסגעלערנט רעדן ייִדיש. אויף קיין שום אַנדער לשון, וואָס ייִדן האָבן גערעדט, און אַפילו אויף העברעאיש, לאָזט זיך נישט זאָגן, אַז זי איז געווען אַ וועלט־שפּראַך, אַזוי ווי דאָס לאָזט זיך באַשטימען וועגן ייִדיש.

מיט ייִדיש האָבן זיך באַנוצט דורך דורות אַלטע און יונגע; די וועלכע האָבן נישט מסכּים געווען אָפּצוטרעטן פון פאַרהייליקטע טראַדיציעס, און די, וואָס האָבן מיט שטורעם און דראַנג אויסגעטראָגן פרישע אידעאַלן. אין דער זעלבער צײַט, ווען אויף דער ייִדיש־קאָנפערענץ אין טשערנאָוויץ האָבן י. ל. פּרץ, חיים זשיטלאָווסקי, ה. ד. נאָמבערג, און זייערע אידייען־חברים, אַרויסגעהויבן דעם באַדײַט און חשיבות פון דער ייִדישער שפּראַך אין ייִדישן נאַציאָנאַלן קיום, האָבן טיילן פון אונזער פאָלק, וואָס זייער געדאַנקען־גאַנג איז געווען אַ גאַנץ־פאַרשידענער, אונטערגעשטראָכן די ווערטן פון ייִדיש לשון אין אונזער געשיכטלעכן וועג און אין אונזער גערענגל פאַר עקזיסטענץ. צווישן די ייִדיש־וועלטלעכע שולעס אין מזרח־אייראָפּע און די רעליגיעזע בית־יעקב־שולעס, וואָס האָבן דאָרט אויסגעשפּרייט זייער נעץ פון דערציאונג, האָט געקענט אַנגיין אַ שטרײַט פון איבערצײַגונגען און אידייען, אָבער ביידע זענען זיי זיך צונויפגעקומען אין זייער ליבשאַפט און איבערגעגעבנקייט צו דער ייִדישער שפּראַך. אויף דער רעזאָלוציע, למשל, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אויף אַ בית־יעקב־צוזאַמענפאָר, און אין וועלכער עס האָט זיך געזאָגט, אַז "די ייִדישע שפּראַך איז אַ שפּראַך, וואָס דאָס פאָלק האָט געשאַפן אין גלות, אויסגיסנדיק אויף איר דעם גאַנצן פאָלקסטימלעכן חן; אַז זי איז געוואָרן אַן אויסדרוק פון דער ייִדישער נשמה; און אַז יעדע גרינגשעצונג צו אָט דעם פאָלקסטימלעכן לשון איז אַ גרינגשעצונג פון דער גאַנצער רומפולער ייִדישער פאַרגאַנגענהייט", וואָלטן זיך געקענט אונטערשרײַבן די סאַמע פירנדיקע טוער פון די קעגנגעזעצטע אידייאישע ריכטונגען.

ייִדיש האָט פאַרמאָגט דעם כּוח אַרויסצוהייבן דאָס, וואָס פלעכט צונויף אַלע צווײַגן פון דער ייִדישער קולטור. אין ייִדיש האָט זיך אַנטוויקלט די מאָדערנע ייִדישע ליטעראַטור, אָבער אין דעם זעלבן ייִדיש־לשון זענען געשריבן געוואָרן די צאַרטע תּחינות פון דער ייִדישער פרוי פון פאַרצײַטנס. עס איז גאָרנישט אָפּצושאַצן די השפּעה, וואָס עס האָט איבערגעלאָזט אויך אין די מאָדערנע אויסדרוקן פון דער ייִדיש־קולטור דער טײַטש־חומש פון מיט לאַנגע הונדערטער יאָרן צוריק. ייִדיש איז געווען די בריק פון דורות און פאַר דורות. ייִדיש איז שפּרודלנדיקע שעפערישקייט פון טויזנט יאָר, ייִדיש גײַסטיק פאַרמעגן, אימפּעט און חלום. ווען הלל צייטלין האָט אין די יאָרן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה זיך פאַרגראָבן אין זײַן איבערזעצונג פון קבלה־ספר, דער זוהר, אויף ייִדיש, האָט ער דערמאָנט,

אַז אַנהייב אַכצנטן יאָרהונדערט האָט אַ מיסטיקער אין פּוילן, ר׳ צבי הירש חאַטש, אָנגעהויבן איבערזעצן דעם זוהר אויף ייִדיש. דער דאָזיקער ר׳ צבי הירש האָט געשריבן אין זײַן הקדמה, אַז ער פֿילט זיך נאָך שטאַרקער באַרעכטיקט דאָס צו טאָן צוליב דעם, ווײַל דער זוהר איז דאָך געשריבן געוואָרן ״אין אַ טײַטש־לשון, אין אַראַמעאיש״. איז דערפֿאַר מער ווי רעכט, אַז ער זאָל אַרויפֿנעמען אויף זיך דעם לבוש פֿון אַן אַנדער טײַטש־לשון: ייִדיש... מער ווייניקער אַזוי האָט, מיט זײַן געוויינלעכער באַשיידנקייט, גערעדט וועגן זײַן אייגענער איבערזעצונג פֿון תּהילים, דער דיכטער יחיאל לערער. אין יענע יאָרן, ווען פֿינסטערע כמאַרעס זענען אַראָפּגעהאָנגען פֿון ייִדישן הימל אין מזרח־אייראָפּע, האָט ער, יחיאל לערער, זיך געלאָזט פֿירן פֿון די פֿאַרוויגנדיקע קאַפּיטלען פֿון תּהילים, זאָגנדיק דערבײַ: ״נישט בלויז דוד המלך, דער טראַדיציאָנעלער אויסזינגער פֿון די דאָזיקע קאַפּיטלען, פֿליסטערט אין מיר אַרײַן זייער זיפֿץ און געבעט, זייער טרייסט און גלויבן; אויך שלמה עטינגער פֿון זאַמאָשטש, און די, וועלכע האָבן אַריבערגעגאָסן די תּהילים־פֿערזן אויף ייִדיש, זינגט דעם סאַמע ייִדיש־בראשית, האָבן געוואוסט און געפֿילט, אַז אויף ייִדיש זאָגט מען תּהילים אויפֿן סאַמע באַטירלעכסטן אופֿן״...

מען וואָלט געקענט צונויפֿקלײַבן אַן אַ שיעור פֿאָעמעס, אין פֿערזן און אין פּראָזע, וואָס זענען געשריבן געוואָרן לכבוד ייִדיש. בלויז העברעאיש וואָלט זיך געקענט פֿאַרגלײַכן מיט די ליבשאַפֿט־אויסדרוקן, וואָס זענען ווען־עס איז גע־ווידמעט געוואָרן צו אַ שפּראַך. ס׳איז זעלטן צו געפֿינען אַ פּראָזאַאיקער, אַ פּאָעט, אַן עסייאיסט, וואָס האָט נישט געזוכט אַן אויסדרוק פֿאַר זײַן האַרציקער צו־נויפֿגעבונדקייט מיט ייִדיש. מיר קומט אויפֿן זינען, וואָס אברהם ליעסין האָט געשריבן אין זײַן ליד צו ייִדיש: ״פֿון וואָרמס, פֿון מײַנץ און פֿון שפּײַער, דורך פּראָג און לובלין. ביז אַדעס, האָט אַלץ זיך געצויגן איין פֿײַער, האָט אַלץ זיך געצויגן איין נס... איך בין מיט זיי הונדערטער יאָרן געגאַנגען דורך יעדער געפֿאַר, און אײַנגעזאַפּט האָב איך דעם צאָרן, און אײַנגעזאַפּט האָב איך דעם צער, און אויסגעשמידט האָב איך דורך צרות דעם וואונדער פֿון ווילן און ווי... איך קום פֿון גלותן שטומע, פֿון געטאָס פֿאַרפּאַקטע, פֿאַרהאַקטע אין קלעם... איך האָב דעם שימער פֿון שטערן־לעגענדן, די ליבע לבנה־באַלייכטונג פֿון גײַסט״...

אונז, ייִדיש־שרײַבער, ווײַזט זיך אויס, אַז אויך איצט, נאָכן חורבן, וואָס האָט פֿאַרטיליקט און פֿאַרלענדט די מיליאָנען ייִדיש־ריידער, בענקט אין זײַנע טיפֿענישן אונזער פֿאָלק צו ייִדיש. עטוואָס פֿעלט אין דער אַקטועלער ייִדישער וועלט. עס פֿעלט אין ארץ־ישראל. עס פֿעלט אין דער ייִדישער צעשפּרייטקייט. עס פֿעלט ייִדיש, איר וואַרעמקייט, איר ליבער אָטעם. עס פֿעלט מאַמע־לשון. עס פֿעלן די אינהאַלטן און ווערטן, וואָס זי האָט אַרײַנגעבראַכט אין ייִדישן לעבן.

פֿאַראַן צווישן די וואונדערלעכע מעשׂהס, וואָס ר׳ נחמן בראַצלאַווער פֿלעגט

זיי דערציילן אויף ייִדיש, אַ מעשׂה וועגן האָרץ פון דער וועלט, וואָס בענקט צום קוואַל פון דער וועלט. דאָס האַרץ פון דער וועלט געפינט זיך אין איין עק פון דער וועלט, און דער קוואַל געפינט זיך אין צווייטן עק.ביידע בענקען איינער צום אַנדערן. אָבער זיי זענען ווײַט איינער פון צווייטן... דאָס האַרץ ברומט, אַז עס וויל צום קוואַל, און דער קוואַל באַגערט צום האַרץ... די בענקענישן ווייסן ניט פון גרענעצן פון צײַט, פון אָרט; פאַר שטרעבונגען זענען נישטאָ קיין מרחקים... צי וועלן זיי זיך צונויפקומען? — פרעגט דער צעוויייטיקטער דענקער פון בראַצלאַוו.

צי וועלן זיי זיך צונויפקומען? פרעגן אויך מיר די ייִדיש־שרײַבער, בעת עס איז די רייד וועגן ייִדיש פאָלק און ייִדיש. — צי וועלן זיך ווידער צונויפקומען דאָס פאָלק און זײַן לשון?... זיי בויטיקן זיך דאָך אַזוי שטאַרק איינער אין אַנדערן. זיי דאַרפן זיך דאָך אַזוי שטאַרק האָבן. זיי פעלן זיך דאָך אויס אַזוי שרעקלעך איינער דעם צווייטן.

די גורלפולע פראַגע ציטערט אויף אונזערע ליפּן; אָבער מיר ווערן נישט נתפעל, ווען פון פאַרשידענע קרײַזן דערגייען צו אונז באַמערקונגען, אַז די צאָל פון אונזערע לייענער ווערט וואָס אַמאָל קלענער. מיר ווערן נישט נתפעל, אַפילו, ווען מען זאָגט דאָס צו אונז מיט ביטול און איראָניע. ניין. נישט באַדויערן דאַרף מען אונז. וואָרום אויב אַפילו מיר שרײַבן בלויז פאַר איין לייענער, איז פאַר אונז שרײַבן אין ייִדיש אַ טיפע נשמה־איבערלעבונג. אַ זעלטן־דערהויבענע דערפאַרונג. און אַ גרויסער כּבוד. אַ יחוס.

# צוועלף הונדערט יאָר אַשכּנז

מיטן אַרײַנגײן אין לעצטן יאָרצענדליק פֿון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט דער־נענטערט זיך אין דער ייִדישער געשיכטע אַ דאַטע, וואָס פֿאַרדינט פֿאַרצײכנט און באַהאַנדלט צו ווערן: צוועלף הונדערט יאָר זינט די ערשטע ייִדישע פֿאַמיליעס האָבן אין בין השמשות פֿון אַכטן יאָרהונדערט, זיך באַזעצט אויף די ברעגן פֿון רהײַן, און אַזוי־אַרום געגעבן דעם אָנהייב צום אַשכּנזישן ייִדנטום.

פֿונוואַנען זענען געקומען די דאָזיקע משפּחות? ווי' עס ווײַזט אויס, זענען זיי צו די שטעט אויפֿן רהײַן דערגאַנגען אין וואַנדער־וועג, וואָס זיי האָבן אַדורכגע־מאַכט פֿון איטאַליע, גענויער: פֿון דער לאָמבאַרדיע־פּראָווינץ. דאָס איז זיך צונויפֿ־געפֿאַלן מיט דער צײַט, ווען אין מערב און צענטראַל־אייראָפּע האָט רעגירט דער קייסער קאַרל דער גרויסער. אַליין אַן אָפּשטאַמיקער פֿון די פֿראַנקן־שבֿטים, פֿון וועלכע עס האָט זיך שפּעטער אויסגעפֿורעמט די פֿראַנצויזישע נאַציאָנאַליטעט, האָט ער זיך אַרומגעטראָגן מיט דער אַספּיראַציע צו פֿאַראייניקן אייראָפּע אונטער זײַן מאַכט. מען מוז געדענקען, אַז עס זענען נאָך דעמאָלט נישט געווען קיין דעפֿינירטע אייראָפּעאישע פֿעלקער און מדינות; די זאַקסן, למשל, האָבן מיט זיך פֿאַרגעשטעלט דעם גערמאַנישן עלעמענט, און אַזוי איז דאָס געווען מיט אַ סך אַנדערע רעשטן פֿון דער פֿונאַנדערגעפֿאַלענער רוימישער אימפּעריע, וואָס האָבן נאָך נישט געהאַט געפֿונען פֿאַר זיך קיין באַשטימטע געאָגראַפֿישע סטאַציע און נאַציאָנאַלע כאַראַקטעריסטיק. קאַרל דער גרויסער האָט אין אַ באַדײַטנדיקער מאָס דערגרייכט זײַן ציל. ער איז געוואָרן דער אימפּעראַטאָר פֿון דער קריסטלעכער אייראָפּע אין דעם אַנטשיידנדיקן אָפּשניט פֿון דער מיטלאַלטער־תּקופֿה.

אָט טאַקע די דאָזיקע אַספּיראַציע זײַנע — אַרויסצופֿירן דעם אייראָפּעאישן קאָנטינענט פֿון זײַן תּוהו־ובֿוהודיקן מצבֿ און אים אַרויפֿהייבן צו העכערע שטאַפּלען פֿון סאָציאַלער אוןווירטשאַפֿטלעכער אַנטוויקלונג — האָט אים שפּאַרלעך באַפֿרײַט פֿון די אַנטי־ייִדישע פֿאָראורטיילן, וואָס האָבן שוין דעמאָלט געוואונען אומגאַנג. אין דער מיטלאַלטערלעכער סבֿיבֿה איז געווען אוממעגלעך אָפּצוּוואַרפֿן אינגאַנצן די אײַנפֿלוסן פֿון דער קירך; און אייניקע אַנטי־ייִדישע באַגרענעצונגען זענען

פּאַרעפּנטלעכט געוואָרן אויך מיט קאַרלס אויטאָריטעט. ייִדן איז געווען פּאַרוועהרט צו באַשעפטיקן זייערע קריסטלעכע אָנגעשטעלטע אין די זונטיק־טעג און חגאות; זיי איז געוואָרן פֿאַרבאָטן צו קויפן אייגנטום פון די קירכן; קוים האָבן זיי אָנגעקלאָגט אַ קריסט אין געריכט, האָבן זיי געמוזט ברענגען מער עדות, ווי דאָס וואָלט באַדאַרפט טאָן אַ קריסט אין אַזאַ פאַל. אָבער קאַרל דער גרויסער האָט פּאַרט גיט דערלאָזט, אַז אַנטי־ייִדישע טענדענצן זאָלן דעצידירן אין זײַנע געוואַגטע מלוכהשע פּלענער. ער האָט זיך אַרומגערינגלט מיט ייִדישע דיפּלאָמאַטן, מיט ייִדישע שפּראַכן־קענער, און בעיקר מיט ייִדישע סוחרים, ער האָט אָפּגעשאַצט די נוצן, וואָס זיי קענען ברענגען פאַרן אויפשטײַג פון דער אייראָפּעאישער ציוויליזאַציע דורך זייער שוואונג, איניציאַטיוו, טאַלענט און פלייסיקייט. שוין אָפּגערעדט דערפון, אַז אַ ייִד איז געווען זײַן לײַב־דאָקטער.

אַזוי ווי אויפן ערשטן אָרט אין זײַנע ווירטשאַפטלעכע פּלענער איז פאַר קאַרל דעם גרויסן געשטאַנען די אויפגאַבע צו פאַרוואַנדלען דעם רהײַן אין אַ וויכטיקן אייראָפּעאישן און אינטערנאַציאָנאַלן קאָמוניקאַציע־וועג און אין אַ צענטער פאַר סחורות־אויסטויש, האָט ער נישט געקענט אַדורכלאָזן די ראָל, וואָס ייִדן האָבן באַדאַרפט אויספירן אין פאַרווירקלעכן דעם פּראָיעקט. פון זײַן פּאַלאַץ אין אַאַכען זענען אַרויסגעגאַנגען ווענדונגען צו ייִדן, וואָס זענען געווען באַשעפטיקט אין גרויסן מסחר, אָן אונטערשייד צי זיי האָבן זיך געפונען נאָענט אָדער ווײַט: קומט, באַזעצט אײַך אין דער רהײַן־געגנט! מיר וועלן אײַך צוטיילן רעכט! (פּריווי־לעגיעס — אַזוי האָט מען דעמאָלט די רעכט אָנגערופן). מיר וועלן שטרענג פאַר־ווערן אײַך צו באַפאַלן. מיר וועלן באַשיצן אײַך, אײַערע פאַמיליעס, אײַער האָב און גוטס!

בײַ די שרעקלעך־פּרימיטיווע קאָמוניקאַציע־מיטלען, וואָס זענען געווען כאַ־ראַקטעריסטיש פאַר דער דעמאָלטיקער וועלט, זענען דאָך די ווענדונגען דערגאַנגען צו די ישובים, וואו ייִדן האָבן געוואוינט. זיי זענען דערגאַנגען צו ייִדן אין איטאַליע, אין דרום־פראַנקרײַך, און נישט פּילנדיק זיך אײַנגאַנצן זיכער אין זייערע וואוינ־ערטער, האָבן זיי די פאַרבעטונג אָנגענומען. מען האָט זיך געלאָזט קיין מײַנץ און וואָרמס, די שטעט אויפן רהײַן. אויפן סאַמע אומפאַרשטענדלעכסטן אופן האָבן זיי זיך גענומען רופן ״אַשכּנזים״. אומציילקע חקירות זענען אַרויסגערוקט גע־וואָרן מיטן פּרווו צו דערקלערן, פאַרוואָס זיי האָבן פאַר זיך אויסגעקליבן — אָדער מען האָט פאַר זיי צוגעקליבן — די באַצייכענונג ״אַשכּנזים״; קיין צופרידנ־שטעלנדיקער ענטפער איז נישט געגעבן געוואָרן. זיכער איז, אַז דער אויסדרוק ״אַשכּנז״, וואָס געפינט זיך אין חומש בראשית — דער נאָמען פון נחס אָן אור־אייניקל — גייט נישט אַרויף אויף דײַטשלאַנד. מעגלעך, אַז די ענלעכקייט פון דאָזיקן וואָרט־קלאַנג מיט ״זאַקסן״, אָדער גאָר מיט נעמען פון אַנדערע דײַטשע אור־שבטים, האָט אין דעם פאַל דעצידירט. ווי דאָס זאָל נישט זײַן: אין יענער צײַט, ווען אויפן

פּירענעאישן האַלב־אינזל האָבן זיך אויסגעפּורעמט, אונטער דער הערשאַפט פון די מוסולמענער, די גרופּעס פון אונזער פאָלק, וואָס זענען באַקאַנט געוואָרן ווי "ספרדים", זענען אין דער קריסטלעכער אייראָפּע אויפגעקומען די ערשטע אַשכּנזישע משפחות.

דאָס האָט פּאַסירט אויף דער שוועל פון נײַנטן יאָרהונדערט. מיט צוועלף הונדערט יאָר צוריק. אַזעלכע אויטאָריטעטן אין דער ייִדישער היסטאָריאָגראַפיע ווי שמואל דוד לוצאַטו, גרעץ, גידעמאַן, גיבן קאַרל דעם גרויסן קרעדיט פאַר פאַרבעטן ייִדן, אַז זיי זאָלן זיך באַזעצן אין דער רהײַן־געגנט. אַפילו די ווערסיע, אַז ער אַליין האָט זיי ממש געבראַכט מיט זיך, געווינט אונטערשטיצונג, און אין די כּלערלײַ לעגענדעס, וואָס האָבן זיך אויסגעשפּינט מכּוח זײַן ייִדן־פרײַנטשאַפט, גראָבט מען אויס אַ קערן פון אמת. אויך אין זײַן זון — ווערט געזאָגט אין אַט דער ווערסיע — וועלכער האָט אים נאָכגעפאָלגט אויפן טראָן, און וועלכער ווערט אָנגערופן אין דער אייראָפּעאישער געשיכטע "לואיס דער פרומער", האָט דער קייזער קאַרל אײַנגעפלאַנצט געפילן פון אָנערקענונג פאַר די ייִדישע פּיאָנערן, ווי טרעגער פון ציוויליזאַציע און מאַטעריעלן וואוילשטאַנד.

אמת איז, אַז אין דעם געדיכטן נעפל, וואָס איז פאַרצויגן אויפן אויפשטײַג־פּעריאָד פון אייראָפּע, גייען נישט אַלע אין דער ייִדישער געשיכטע־שרײַבונג זיך צונויף מיט דער אָפּשאַצונג, וואָס איז אָנגעגעבן בײַ גרעצן וועגן קאַרל דעם גרויסנס באַציאונג צו ייִדן. נישט אַלע נעמען אויך אָן ווי זיכערע די דאַטעס, מיט וועלכע גרעץ, און די פאַרשער, וועלכע זענען געגאַנגען אין זײַנע פוסטריט, אָפּערירן, בעת עס איז די רייד וועגן אַשכּנזישן בראשית. פאַראַן היסטאָריקער, וואָס זענען גענייגט איבערצורוקן דעם באַגינען פון אַשכּנזישן ייִדנטום אויף עטלעכע יאָרצענדליקער שפּעטער. די חילוקי־דעות נעמען זיך אַ שטיק דערפון, וואָס מען איז נישט זיכער, צי "קאַרלאָ המלך", וועלכער ווערט דערמאָנט אין די אַלטע ספרים, באַציט זיך צו קאַרל דעם גרויסן, אָדער גאָר צו אַן אַנדערן פון דער זעלבער דינאַסטיע. די מיינונג־פאַרשידנקייטן אין אויפדעקן די פאַקטן פון יענעם קאָמפּליצירטן פּעריאָד האַלטן, אַגב, אָן, נישט בלויז בײַ אונז. אויך נישט־ייִדישע געלערנטע האָבן גאָר פאַרשידענע באַגריפן וועגן דער תּקופֿה און וועגן די פּערזענלעכקייטן, וואָס האָבן אויף איר געלייגט זייער חותם. וועגן עס זאָל נישט האָבן רעכט אין דאָזיקן שטרײַט פון מומחים, אונטערליגט אָבער נישט קיין ספק, אַז מיטן דערנענטערן זיך פון איין־און־צוואַנציקסטן יאָרהונדערט וועט ווערן צוועלף הונדערט יאָר זינט דעם אויפקום פון די ערשטע אַשכּנזישע משפּחות; זינט דער אַשכּנזישער טייל פון אונזער פאָלק האָט אַרײַנגעבראַכט זײַן בײַטראָג אין דער ייִדישער געשיכטע.

דאָס איז אַ געלעגנהייט — און דאַרף זײַן אַ גרויסע געלעגנהייט — אויפצוּוויקלען דאָס אימפּאָנירנדיקע קאַפּיטל פון אַשכּנזישן ייִדנטום. מיט באַזונדערן נאָכדרוק דאַרף דאָס געטאָן ווערן איצט, ווען אין אַ סך ייִדישע קרײַזן — אַרײַנ־

גערעכנט אַשכּנזישע — ווערט אויף אַ לײַכטזיניקן אופן אַראָפּגענידעריקט די וואָג און די ווערטפולקייט פון אַשכּנזישן געשיכטלעכן באַגאַזש. אין מדינת ישראל איז שוין באַלד געוואָרן אַ פּאָפּולערע דערשײַנונג צווישן אַשכּנזישע פּאָליטיקער און געזעלשאַפטלעכע טוער צו גרויסן זיך, אַז גריבלנדיק זיך אין זייער משפּחה־אָפּשטאַם, האָבן זיי, "צו זייער פרייד", אַנטדעקט אויך זיידעס און באָבעס פון אַנדערע ייִדישע גרופּעס, און נישט דווקא אַשכּנזישע. וואָרום זײַן אַן אַשכּנזישער ייִד פון דור־דורות איז נישט אַזאַ געוואָלטיקער יחוס... דאָס אַרויסברענגען אַ בילד פון אַשכּנזישן ייִדנטום אין די צוועלף הונדערט יאָר פון זײַן אַקטיווקייט קען מיטהעלפן צו דערמאָנען וואָס אַשכּנז איז, און די פּאָזיציע פון כּבוד, וואָס זי האָט פאַר זיך דערוואָרבן, און פאַרדינט אַנצוהאַלטן, אין אונזער נאַציאָנאַלן זכּרון.

קודם־כּל איז כּדאַי אָנצוווײַזן, אַז בנוגע די ערשטע משפּחות, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין מײַנץ און וואָרמס, האָבן זיך אָנגעקליבן אומגענויקייטן, וואָס וואָלטן באַדאַרפט ענדלעך, צוועלף הונדערט יאָר שפּעטער, ראַדיקאַל פאַרראַכטן צו ווערן. געוויינלעך פאַנגט מען אָן די אַשכּנזיש־ייִדישע געשיכטע מיט די לײַכטנדיקע פּערזענלעכקייטן פון די שפּעטערדיקע יאָרהונדערטער, מיט רבינו גרשום, מיט רש"י, און די אַנדערע גדולים פון זייערע דורות. אָבער נאָך אַ שטיק צײַט פאַר זיי, אין בײַנטן יאָרהונדערט, האָבן די יסוד־לייגערס אַרײַנגעטראָגן דויערנדיקע ווערטן אין ייִדישן לעבן. אין מײַנץ האָט דאָס געטאָן די קלונימוס־פאַמיליע; אין וואָרמס האָט דאָס געטאָן די הלוי־פאַמיליע; און ווען נישט לאַנג דערנאָך איז דער ייִדישער ישוב אין שפּײַער אַרויפגעקומען אויף דער מאַפּע, און נאָך אַנדערע ישובים זענען צוגעקומען אַרום רהײַן, האָט מען אין אַ סך ווינקלען פון דער דעמאָלטיקער ייִדישער צעשפּרײַטקייט אַרויפגעקוקט צום אויפגייענדיקן ייִדנטום אין דאָזיקן טייל וועלט.

עס פעלן אויספירלעכע מאָנאָגראַפיעס וועגן די פּיאָנערן־משפּחות פון אַשכּנזישן ייִדנטום, און עס איז אַ ספק, צי זיי וועלן ווען־עס־איז געשריבן ווערן; פּשוט דערפאַר, ווײַל עס זענען נישט פאַרבליבן קיין מאַטעריאַלן פון דער פאַרגאַנגענהייט, וואָס קענען דערמעגלעכן אַזאַ אַרבעט. אָבער די ברעקלעך, וואָס דערגייען צו אונז פון פאַרצײַטישע דאָקומענטן און ספרים, באַווײַזן, אַז בנוגע די דאָזיקע משפּחות לאָזט זיך אָנווענדן דער פאַלקסטימלעכער ייִדישער אויסדרוק: תּורה און גדולה זענען אין זיי געגאַנגען בײַנאַנד. פאַרהאַוועט ווי אָט די ייִדן זענען געווען אין פאַרצווײַגטע מסחרים, האָבן זיי געזאָרגט, גלײַך מיט זייערע ערשטע טריט אויפן פרישן באָדן, אויפצושטעלן אינסטיטוציעס, וואָס האָבן געקענט פאַרזיכערן, אַז אויך אויף דער פרעמדער ערד וועט אָנהאַלטן דער ייִדישער לעבנס־שטייגער, און די טראַדיציע פון דורות וועט געצויגן ווערן. מען האָט בײַ מלכות אויסגעפועלט דערלויבענישן אַראָפּצוברענגען די מענטשן, וואָס האָבן באַדאַרפט אויפהיטן דעם

ייִדישן אינהאַלט אין די פרישע מקומות און זיך אָפּגעבן מיט דער דערציאונג פון אויפוואַקסנדיקן דור. גאָר אַ סך תקנות און אײַנריכטונגען, וועגן וועלכע עס איז די רייד אין בריוו־אויסטויש, וואָס איז אָנגעגאַנגען צווישן די ערשטע אַשכּנזישע משפחות און ייִדן אין אַנדערע לענדער, האָבן צו טאָן מיט אָט־דער פראַגע, וואָס איז אויסגעקומען פאַר זיי צו זײַן פון ערשטראַנגיקער וויכטיקייט: ווי אַזוי קען ייִדישער קיום אויפגעהאַלטן ווערן אויף די ברעגן פון רהײַן?

אויב מען וויל דערגרונטעווען זיך צו די וואָרצלען פון דער ייִדישער קהילה־אינסטיטוציע, וואָס האָט אין די שפּעטערדיקע תקופות אַזוי שטאַרק זיך פונאַנדער־געבליט צווישן אַשכּנזישן ייִדנטום, און בעיקר צווישן זײַן מזרח־אייראָפּעאישן אָפּצווײַג, טאָר ניש אַדורכגעלאָזט ווערן די לײַסטונג פון די פּיאָנערן־פאַמיליעס אין מײַנץ און וואָרמס אויפן דאָזיקן געביט. מען האָט דעם אײַנדרוק, גלײַך ווי זיי וואָלטן באַהערשט געוואָרן פון אַ געוואַלטיקן געפיל פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרן מאָרגן פון פאָלק. די זעלבשטענדיקייט פון ארץ־ישראל איז געווען אין חורבות. דער אַמאָל־ווירקנדיקער ישוב אין בבל האָט זיך געפונען אין דעקאַדענץ. די ייִדישע אײַנוואַנדערער קיין שפּאַניע האָבן זיך ערשט גענומען אויפזאַמלען נאָך די קריגס־קאַטאַקליזמען, וואָס דער האַלבאינזל האָט אַדורכגעמאַכט. ייִדן אין מײַנץ און וואָרמס, הגם זייער צאָל איז געווען קליין — אָבער מעגלעך אויך צוליב דעם, ווײַל די פּאָליטישע און ווירטשאַפטלעכע באַדינגונגען האָבן זיך זיי אויסגעוויזן צו זײַן גינסטיקע — האָבן צו זיך געזאָגט: דאָס איז אויף אונז אַרויפגעוואָרפן געוואָרן די אויפגאַבע, דער חוב, אויפצוהאַלטן די רעשטן פון פאָלק!...

אַזוי, און ניש אַנדערש, מוז דאָך דערקלערט ווערן די באַגײַסטערונג, מיט וועלכער זיי האָבן גענומען אָרגאַניזירן זייערע קהילות. אויב אין אַנדערע מקומות האָבן ייִדן געהאַלטן, אַז מען דאַרף עטוואָס "נאָכלאָזן" פון דער אַלטער דיסציפּלין, וואָרום אין דער צײַט פון וואָגלעניש און צעמישעניש קען מען זיך ניש פאַרגינען אָנצוגיין מיט דער שטרענגקייט פון אַמאָל, האָבן די ייִדן פון רהײַן גאָרנישט געוואָלט אַדורכהיפּערן אין ייִדישן לעבנסשטייגער. שטרענגע דיסציפּלין — האָבן זיי געטענהט — מוז אויפגעהאַלטן ווערן אין דער אויפפירונג, אין דער פאַמיליע, אין הויז, אין גאַס. גאַנץ, אָן פלעק, מוז פאַרבלײַבן די באַציאונג צום מיטמענטש, די באַציאונג פון ייִד צו ייִד; שלימותדיק מוז זײַן די ייִדישקייט; גאַנץ מוז זײַן די עטיק... עס איז צו באַוואונדערן, ווי שטאַרק אָט־די ערשטע משפּחות האָבן, למשל, געזאָרגט, אַז יעדער אײנער זאָל זיך מיטבאַטייליקן אין די צדקה־אַקציעס, וואָס זענען דערקלערט געוואָרן; אַז יעדער אײנער זאָל, געשטויסן דורך זײַן כּלל־ישראל־געפיל, געבן זײַן בײַשטײַער אויסצולייזן ייִדישע געפאַנגענע און מקיים זײַן די מצווה פון פדיון־שבויים, אָן אונטערשייד, וואו די געפאַנגענע שמאַכטן. מיט אומגעוויינלעכער אַנטשלאָסנקייט — עס בעט זיך צו זאָגן: מיט תּקיפות — זענען אַרויסגעשטעלט געוואָרן די פאָדערונגען צום ייִדישן מענטש. אַ שטראָף

איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף איטלעכן, וואָס האָט געוואָלט זיך "אַרויסדרייען" פון דערפילן זײַנע פליכטן. עס איז נישט גענוג צו זײַן אַ ייִד לויט דעם נאָמען — האָט מען אַרגומענטירט אין אויפגייענדיקן אַשכּנזישן ייִדנטום — אַ ייִד מוז מען זײַן מיט טאַט. שוין דעמאָלט, אין זייער באַגינען, האָבן אַשכּנזישע ייִדן געלערנט, אַז אַ ייִד מוז זײַן גרייט אָוועקצוגעבן פאַר ייִדישקייט אויך זײַן נשמה.

כּמעט אומבאַקאַנט איז, אָבער שטאַרק כאַראַקטעריסטיש, אַז אייניקע רעליגיעזע באַטראַכטונגען און פּאָעטישע שאַפונגען, וואָס געפינען זיך אין אונזער יום־כּיפּורדיקן מחזור, און וועלכע ווערן באַצייכנט ווי "פּיוטים", שטאַמען פון יענער צײַט, און זענען געשריבן געוואָרן דורך מיטגלידער פון די ערשטע אַשכּנזישע משפּחות. אַזאַ שאַפונג איז די תּפילה, וואָס ווערט געזאָגט אין שחרית פון יום־כּיפּור: "איך בין איבערפולט מיט פאָרכט, ווען איך הייב אויף מײַן געבעט צו די הימלען" (אימיך נשאתי חין בערכי)... דער באַוואוסטײַן פון אַ שליחות וואָס מאָנט און רופט אויסגעפירט צו ווערן, געטאָן צו ווערן, פליסטערט אַרויס פון די שורות; געבראָכן איז דאָס געבעט, אָבער שטאַרק און אומדערבראָכן איז דער ווילן "צו ברענגען אַ פאַרלײַכטערונג און היילונג צו די, וואָס האָבן אונז אָנגעטרויט דאָס שליחות"; פעסט און אומבויגעוודיק איז די אַנטשלאָסנקייט "נישט געשטרויכלט צו ווערן, און נישט צוריקצוציען זיך" פון וועג, וואָס מען האָט פאַר זיך אָנגעצייכנט, מעג ער זײַן שווער און דאָרנדיק.

ווער ווייסט, צי נישט דאָס בילד פון די ערשטע אַשכּנזישע משפּחות אויף די ברעגן פון רהײַן איז געשטאַנען פאַר די אויגן פון י. ל. פּרץ, ווען ער האָט געשריבן זײַן קורצע סימבאָלישע דערציילונג "דער משולח". אַזוי צוגעפּאַסט פאַר זייער כאַראַקטער־שטאַרקייט און עקשנות צו טאָן זייער שליחות איז די שילדערונג, אויף וועלכער מיר טרעפן זיך דאָרט אָן: "דער ווינט האָט געיאָגט גלײַך אין פּנים אַרײַן. ער האָט אַרויסגענאַרט אַלע טרערן פון די אַלטע אויגן, וואָס האָבן געשטאָכן ווי שפּילקעס... דער ווינט איז געוואָרן וואָס אַמאָל שטאַרקער, אָבער דער משולח האָט געשפּאַנט כּסדר, געשפּאַנט אָן אויפהער... דער געדאַנק מאַכט אים גרויס, ער הייבט אויף דעם קאָפּ מיט גדלות, און גייט מיט נײַעם כּוח"...

צוועלף הונדערט יאָר אַשכּנז דאַרפן אָנרעגן אַרויסצוברענגען דאָס אייגנאַרטיקע און פּערמאַנענטע, מיט וואָס אַשכּנז האָט פאַרגרעסערט און באַרײַכערט די ייִדישע געשיכטע. אמת איז, אַז ווען דאָס אַשכּנזישע ייִדנטום האָט פאַרנומען זײַן אָרט אין ייִדישן לעבן, האָט שוין ייִדישע דערפאַרונג געציילט קרוב דרײַ טויזנט יאָר, און דאָס ייִדישע פאָלק האָט זיך שוין דעמאָלט אַרומגעטראָגן מיט די אוצרות פון תּנ"ך, און פון תּלמוד, און מיט נאָך אַנדערע גרויסאַרטיקע גײַסטיקע און געשיכטלעכע אוצרות. אָבער פאָרט האָט אַשכּנז אַרײַנגעטראָגן אײַנהאַלטן און ווערטן, וואָס זענען עד היום דער לעבנס־אָטעם פון אונזער פאָלק.

וויפיל ייִדישקייט זאָל נישט האָבן געווען אַ זאַך און אַן אייגנטום פון אַלע ייִדן אויך איידער אַשכּנז איז אַרייַנגעטרעטן, ערשט אין דער אַשכּנז־תּקופה זענען טאַקע אַלע ייִדן, די גרויסע ייִדישע מאַסן, באַגומען געוואָרן פון אַ ביז דעמאָלט נישט געקאַנטער שעפערישער ענערגיע. ייִדישע לערע איז געוואָרן אַ מאַסן־קולטור, און דערבייַ גאָרנישט פאַרלוירן פון איר אָריגינעלקייט און טיפקייט. אַפילו די מיסטיק, וואָס האָט אין פריערדיקע פּעריאָדן זיך אויסגעוויזן אַרייַנצוגעמען אין דער ספערע פון סוד בלויז די געציילטע און אויסדערוויילטע — איז געוואָרן צוטריטלעך, און געוואוסן רירנדיקע פּשטות. מען קען ניט זאָגן, אַז אין דער אַשכּנזישער עפּאָכע איז פאַרפלאַכט געוואָרן די ייִדישע מחשבה. פאַרקערט. זי האָט דערגרייכט נייַע הויכקייטן. אָבער, אין איר זענען די גייַסטיקע אַריסטאָקראַטיע און דער אייַנפאַכער המון געוואָרן שותּפים אין דער ייִדישקייט־אונטערנעמונג, אַזוי ווי דאָס איז קיינמאָל נישט געווען פריִער.

אַוודאי איז נישט ערשט מיטן אַשכּנזישן פּעריאָד אויפגעקומען דער באַגריף פון ייִדישער גייַסטיקער ווירדע; אָבער אַשכּנז האָט, בייַ די צומייַנסטן־קאָמפּליצירטע פאַרהעלטענישן, און סאָמע אומגינסטיקע באַדינגונגען, זיך נישט אָפּגעזאָגט פון דעמאָנסטרירן מיט ייִדישער גייַסטיקייט. מאַקס ווייַנרייַך האָט אָט־די כאַראַקטע־ריסטיק פון אַשכּנזישן בייַטראָג אויסגעדריקט אין איבערצייַגנדיקע ווערטער. ״אין פאַרשידענע צייַטן זענען געווען בייַ אונז שיטות — לייענען מיר בייַ אים — וואָס האָבן געוואָלט אויפווייַזן, אַז ייִדישקייט איז ״בהסכּם מיט״, בהסכּם מיט אַריסטאָטעלן, בהסכּם מיט ראַציאָנאַליזם, בהסכּם מיט קאַנטיאַניזם, בהסכּם מיטן מאַרקסיזם, בהסכּם מיט דער טעאָריע פון נאַציאָנאַלע מינאָריטעטן, בהסכּם מיטן עכטן אַמעריקאַניזם״... אַשכּנז, דאָס עכטע אַשכּנז, איז אַנדערש... ״אַשכּנז יחוסט זיך נישט, וואָס ייִדישקייט איז ״בהסכּם מיט״...

אין אַנדערע ווערטער מיינט דאָס צו זאָגן, אַז אַשכּנזישע ייִדן, וועלכע זענען פאַרבליבן געטרייַ צו דער אַשכּנזישער וועלט פון באַגריפן און אידייען, האָבן נישט געוואָלט באַהאַלטן זיך אונטער פרעמדע קליידער און פאַרמולירונגען, נאָר געוואָגט צו דערשייַנען מוטיק מיט זייער ייִדישן, ייִדישלעכן ״איך״. סייַ די מוסר־באַוועגונג אין מיטלאַלטער, סייַ די חסידות־שיטה אין דער נייַער צייַט, סייַ די מאָדערנע ייִדישע סאָציאַלע און פּאָליטישע באַוועגונגען, זענען אויסגעוואַקסן אויפן פּרוכ־פּערדיקן אַשכּנזישן באָדן, און האָבן אָנגענומען אינהאַלט און אויסדרוק דורך דער אַשכּנזישער גייַסטיקער און נאַציאָנאַלער ענערגיע.

אין דער אומגייענדיקער טענדענץ צו פאַרפלאַכן טיפע געשיכטלעכע פּראָצעסן טרעפט מען זיך אָן אויפן פּרווו צו פאַרגלייַכן דעם אויפשפּראָץ און וואוקס פון דער ייִדישער שפּראַך און פון דער קולטור, וואָס האָט געפונען איר אויסדרוק אין ייִדיש, מיט די לשונות און דיאַלעקטן, וואָס האָבן זיך אַנטוויקלט אין אַנדערע ייִדישע קיבוצים. ווי אומגערעכט און דורכאויס־פאַלש איז אָט־דער צוגאַנג! אין

ייִדיש האָט דאָס פֿאָלק אַרייַנגעקנאָטן זייַן נשמה, די אינטימסטע פֿון זייַנע איבער־לעבונגען; און ייִדיש האָט מיטגעווירקט אויסצוקנעטן די נשמה פֿון פֿאָלק. די וואָס קענען נישט דאָס ייִדישע לשון מיט אַלע זייַנע קנייַטשן און חנען, זענען גאָרנישט מסוגל אַרייַנצודרינגען אין דער שפּרודלענדיקער שעפֿערישקייט, וואָס האָט זיך אין דאָזיקן לשון אַנטפּלעקט, און אַנטפּלעקט זיך כּסדר. די אַשכּנז־תּקופֿה, וואָס צו איר זכות דאַרף צוגעשריבן ווערן דער מאָדערנער אויפֿלעב פֿון דער שפּראַך פֿון תּנ״ך, איז גלייַכצייַטיק ענג געקניפּט און געבונדן מיט ייִדיש; און ערשט דורך ייִדיש איז מעגלעך זי צו אַנאַליזירן, באַגרייַפֿן, דערפֿילן, און אָפּשאַצן.

ווי אַ קאָנסעקווענץ פֿון די אויפֿשוידערנדיקע פּאַסירונגען פֿון אונזער צייַט איז די צאָל פֿון אַשכּנזישן ייִדנטום רעדוצירט געוואָרן. אָבער צוועלף הונדערט יאָר אַשכּנז איז אַ דאַטע, וואָס פֿאַרדינט אַרויסגעהויבן און באַהאַנדלט צו ווערן דורכן גאַנצן פֿאָלק. אויב אַפֿילו נישט ביאָלאָגיש, זענען דאָך אַלע טיילן פֿון דער ייִדישער אומה גייַסטיק פֿאַרוואָרצלט אין אַשכּנזישן ייִדנטום. וואו מיר זאָלן זיך נישט קערן און ווענדן, קומען אונדז אַנטקעגן לייַסטונגען, אויפֿטוען, דערגרייַכונגען, פֿון דער שטויגנענדיקער אַשכּנזישער דינאַמיק.

אַשכּנז איז אויפֿגעקומען מיטן באַוואוסטזייַן פֿון אַ פֿאָלקס־שליחות, און אָט דער באַוואוסטזייַן לעבט עד היום אין אַשכּנזישן ייִדנטום. אַפֿילו ווען די און יענע אידעאָלאָגן און פּאָליטיקער אין מדינת־ישראל שטייט נישט אָן, אָדער איז נישט באַקוועם, דערין מודה צו זייַן.

# דער געשיכטלעכער וועג פֿון אַשכּנזישן ייִדנטום

עס וואָלט געווען אַן עוולה אין דאָזיקן לעצטן יאָרצענדליק פֿון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט — ווען עס ווערט צוועלף הונדערט יאָר, זינט דער טייל פֿון אונזער פֿאָלק, וועלכער ווערט באַצייכנט ווי "אַשכּנזיש ייִדנטום", האָט אַרײַנגעטראָגן זײַן אייגנאַרטיקן נוסח און אויסדרוק אין דער ייִדישער געשיכטע — נישט אָפּצושטעלן זיך בפּרטותדיקער אויפֿן בראשית, וואָס די אַשכּנזיש־ייִדיש ישובֿים האָבן אַדורכגעמאַכט. מען קען זיך נישט אָפּהאַלטן פֿון באַשטימען, אַז גלײַך אין באַגינען איז פֿאַר אַשכּנזישע ייִדן שוין כאַראַקטעריסטיש דער גרויסער פֿאַרנעם. מען האָט זיך נישט באַגנוגנט מיט רעשטלעך פֿון די פֿריערדיקע ייִדישע גײַסטיקע צענטערס. מען האָט זיי טאַקע, חלילה, נישט געוואָלט אָפּוואַרפֿן: מען האָט געהאַלטן, אַז אַלץ אין דער ירושה פֿון די פֿאַרגאַנגענע דורות דאַרף אויפֿגעהיטן ווערן, אָבער מען האָט דערבײַ געשטרעבט, גלײַך אין אָנהייב, נישט זיך צופֿרידנשטעלן מיט די שטיקלעך און פּיצלעך פֿון פֿאַרלאָפֿענע צײַטן, נאָר אַרײַנברענגען פֿרישע עלעמענטן אין ייִדישן קיום. און דער עיקר, זען די זאַכן אין אַ פּיל ברייטערן שטייגער.

אַ שטיק האָט דערצו מיטגעווירקט זייער באַשעפֿטיקונג, די באַשעפֿטיקונג פֿון די ערשטע אַשכּנזישע ייִדן. זיי זענען געווען אין זייער איבערוויגנדיקער מערהייט גרויסע סוחרים, פֿאַרטאָן אין אינטערנאַציאָנאַלן האַנדל. מען האָט געבראַכט טײַערע סחורות פֿון ווײַטן מזרח, פֿון כינע און אינדיע, צירונג, געווירצן, לוקסוס־מאַטעריאַלן, און זיי פֿאַרקויפֿט צו די קעניגן און פֿירשטן פֿון מערבֿ־אייראָפּע. דערפֿאַר האָבן זיי אויסגעקליבן די שטעט אַרום דעם טײַך רהײַן, ווי זייער וואוינאָרט. הגם עס האָבן נאָך דעמאָלט, מיט צוועלף הונדערט יאָר צוריק, נישט עקזיסטירט קיין דעפֿינירטע גרענעצן פֿאַר דײַטשלאַנד, זענען דאָך די דאָזיקע שטעט, וואו די ייִדישע אײַנוואוינער האָבן זיך באַזעצט, באַטראַכט געוואָרן ווי דײַטשע. דערפֿאַר האָבן ייִדן אָנגערופֿן אָט־די געגנטן "אַשכּנז", וואָס איז געווען דאָס העברעאישע וואָרט פֿאַר דײַטשלאַנד. גיך, ממש אין דער זעלבער צײַט, האָבן זיי זיך באַזעצט אויך אין דער געגנט, וואָס איז הײַנט צפֿון־פֿראַנקרײַך. אין יענער ווײַטער צײַט, זענען אויך די גרענעצן פֿון פֿראַנקרײַך ווײַט נישט געווען גענויע.

דאָס איז געווען באַקאַנט ווי דאָס לאַנד פון די פראַנקן; און ייִדן האָבן עס אָנגערופן "צרפת". שוין אַרויפשטעלנדיק תּנכישע נעמען אויף די פרישע מקומות, האָט מען באַוואוסטזיניק געבערענגט צום אויסדרוק די כּוונה, מיט וועלכער מען האָט זיך אַרומגעטראָגן: אַרײַנברענגען ייִדישקייט, ייִדישע באַגריפן, ייִדישן אָטעם, אין די דאָזיקע, ביז איצט אומבאַקאַנטע, לענדער.

אײַנגעוואָנדערט האָבן אָט־די ייִדן פון דרום־איטאַליע. דאָרט האָבן ייִדן געוואוינט זינט דער תּקופה פון דער רוימישער אימפּעריע און ארץ־ישראל איז געווען אַ פּראָווינץ פון דער אימפּעריע. אין דער רהײַן־געגנט האָט די ווירט־שאַפטלעכע לאַגע זיך אויסגעוויזן צו זײַן אַ בעסערע; און דאָס זעלבע האָט אויסגעקוקט צו זײַן אין פראַנקען־לאַנד. דערצו האָבן די קעניגן פון דער דאַן־הערשנדיקער קאַראָלינגען־דינאַסטיע, און די פירשטן וואָס זענען געשטאַנען אין אויבנאָן פון סאָציאַלן לייטער אין פעאָדאַלן סיסטעם פון מיטלאַלטער, צוגעצויגן די ייִדן, אַז זיי זאָלן אויסבויען זייערע היימען צווישן זיי. ייִדן זענען באַטראַכט געוואָרן ווי אַ וויכטיקער מענטשלעכער עלעמענט אין דער ערשט־זיך־אַנטוויקלענ־דיקער מערב־אייראָפּע; און מען האָט זיי פאַר דעם דאָזיקן צוועק צוגעטיילט "פּריווילעגיעס".

מען מוז וויסן, אַז מיט צוועלף הונדערט יאָר צוריק האָט דער אויסדרוק "פּריווילעגיעס" נישט פאַרמאָגט די זעלבע באַדײַטונג ווי הײַנט. אַזוי האָט מען אָנגערופן אַ דאָקומענט, אין וועלכן עס זענען צוגעטיילט געוואָרן רעכט צו אַ יחיד אָדער צו אַ גרופּע, אויסרעכענענדיק דערבײַ די פליכטן וואָס ווערן אַרויפגעוואָרפן. די ייִדישע אײַנוואַנדערער פון איטאַליע האָבן באַקומען רעכט צו וואוינען אין די מדינות פון די קאַראָלינגען און פון די פראַנקן; מען האָט זיי צוגעזאָגט פרײַע באַוועגונג, שוץ און זיכערקייט; און די אײַנוואַנדערער האָבן אויך געהאַט דאָס רעכט צו פירן זייער לעבן לויט זייערע אייגענע דינים; מען האָט דערפאַר דער־וואַרט פון זיי, אַז זיי זאָלן צאָלן די שטײַערן, וואָס ווערן אויף זיי אַרויפגעלייגט.

מ׳קאָן נישט זאָגן, אַז מען האָט אין אַשכּנז און צרפת — דײַטשלאַנד און פראַנקרײַך — דעמאָלט זיך נישט אָפּגעגעבן קײַן חשבון, אַז ייִדן זענען אַנדערש־גלויביקע. עס זענען שוין דעמאָלט געווען גלחים, וועלכע האָבן געפירט "טעאָ־לאָגישע" וויכּוחים מיט ייִדן, און עס זענען געווען קריסטלעכע גײַסטלעכע, וועלכע האָבן זיך געשראָקן פאַר דעם "שעדלעכן" אײַנפלוס, וואָס ייִדן קענען האָבן דורך זייער ייִדישן גלויבן אויף גוטע קריסטן. געווען אַפילו פּרוּוון מצד דער קירך צו צווינגען ייִדן צו שמד. אָבער די דאָזיקע גלחים זענען געווען אין אַ בפירושער מינדערהייט. געווען בישאָפן, וועלכע האָבן זיך דווקא אָנגעשטרענגט צו האָבן אין די שטעט, וואָס האָבן זיך געפונען אונטער זייער מאַכט, די ייִדישע אימיגראַנטן. מען האָט געוואוסט, אַז זיי וועלן העלפן אַנטוויקלען די ווירטשאַפט, אַרײַנברענגען

באַוועגונג און וואוילשטאַנד; טאָ פאַרוואָס זיי נישט פאַרבעטן און עפענען פאַר זיי די טויערן?

און ייִדן זענען געקומען. דאָס רהיַין־לאַנד און דאָס פראַנקן־לאַנד האָבן גענומען רוישן מיט ייִדיש לעבן.

דער ברייטער פאַרנעם, מיט וועלכן די דאָזיקע אינטערנאַציאָנאַלע סוחרים האָבן זיך אויסגעצייכנט, האָט זיך גלײַך אַרויסגעוויזן אין זייער אַנטשלאָסנקייט צו גרינדן קהילות, איַינשטעלן קהילה־אינסטיטוציעס. מען קען נישט זאָגן, אַז ביז צו יענער צײַט האָבן נישט עקזיסטירט קיין אָרגאַניזירטע קהילות אין דער ייִדישער צעשפּרייַטקייט. אָבער קהילה־אינסטיטוציעס, וואָס זאָלן אַרומנעמען דאָס פולע ייִדישע לעבן און שטרעבן אַרייַנצודרינגען אין יעדן מעגלעכן פעלד פון ייִדישער טעטיקייט, זענען זיכער אָן אויפטו פון די אַשכּנזישע פּיאָנערן.

עס איז קודם־כּל אָנגעשטעלט געוואָרן דער פּרינציפּ, אַז ווען ייִדן האָבן אַ סכסוך צווישן זיך, דאַרפן זיי נישט גיין אין אַ גוייִשן געריכט, כּדי נישט־ייִדישע ריכטער זאָלן אויסגלייַכן דעם סכסוך און אַרויסגעבן זייער אורטייל. דאָס איז פאַר די, וועלכע האָבן געלייגט דעם יסוד צום אַשכּנזישן לעבנס־שטייגער, געווען אַ זאַך פון ווירדע. מען האָט געזאָגט, אַז ייִדן וועלכע זוכן נישט דעם ייִדישן פּסק־דין, פאַרשעמען דערמיט די ייִדישע אויטאָריטעטן, און טײַלן צו מער וויכטיקייט די גוייִשע אינסטאַנצן. ייִדן טאָרן אַזוינס נישט טאָן. זיי טאָרן נישט קנײַען פאַרן נישט־ייִדישן געזעץ. אין יעדן קער און ווענד מוזן ייִדן אונטערשטרייַכן, אַז מיר שעצן אונזערע אייגענע געזעצן, און גיבן אָפּ כּבוד אונזערע אייגענע געזעצגעבער. צו די רעליגיעזע מאָטיוון, צוליב וועלכע דער ייִדישער דין דאַרף זייַן טייַער פאַר ייִדן, איז בפירוש צוגעגעבן געוואָרן דער אומשטאַנד פון ווירדע. ייִדישער כּבוד האָט גלײַך געשפּילט אַ ראָל בײַ די ערשטע אַשכּנזישע משפּחות; און עס איז אייגנטלעך שווער צו דערקלערן, פאַרוואָס אָט־דער מאָטיוו איז דורך זיי אונטער־געשטראָכן געוואָרן שטאַרקער, ווי אין אַנדערע ייִדישע ישובים. מעגלעך דערפאַר, ווײַל דאָס איז געווען דער ערשטער פּרוּוו אויסצובויען אַ צונויפלעבן מיט אַן אויסשליסלעך־קריסטלעכער געזעלשאַפט, און מען איז אויסן געווען צו זאָגן אָט־די נײַע שכנים: וואָס מיר זענען, זענען מיר, אָבער ייִדן זענען מיר, און ייִדן וועלן מיר בלײַבן. ס'איז גלײַכער באַלד פון אָנהייב אַרויסצופירן זיי פון טעות אין זייערע געדאַנקען און פּלענער . . .

פאַרשטייט זיך, אַז די קהילה־אינסטיטוציע האָט זיך געדאַרפט פאַרנעמען מיט דערלאַנגען סאָציאַלע הילף צו די, וואָס האָבן זיך דערין גענויטיקט; מיט הכנסת־אורחים; מיט העלפן די אַלץ־פריששטראָמענדיקע אײַנוואַנדערער צו שטעלן זייערע ערשטע טריט אין דער פרעמדער סביבה; מיטן ווירקן צו געבן צדקה און פאַרטיילן זי אויף אַ גערעכטן אופן.

דאָס וואָס פאַרדינט אַרויסגעהויבן צו ווערן איז, אַז שוין אין יענער פריִער תּקופֿה, איז אַרויסגעטרעטן דער שתדלן. אין נאָמען פון דער קהילה האָט באַדאַרפט ריידן דער, וועלכער האָט זי רעפּרעזענטירט. ער האָט זיך געשטעלט פאַר די קעניגן; ער האָט אינטערוועניִרט בײַ די פּירשטן; ער איז אַפילו, אויב דאָס איז נויטיק געווען, געפאָרן קיין רוים און פאַרגעשטעלט פאַרן פּויפּסט, "דער קאָפּ פון די גויִם", די ייִדישע בקשות און פאַרלאַנגען. על־פּי־רוב איז דער שתדלן געווען אַ ייִד, וועלכער איז געווען "אויסגעמישט און באַהאַוונט אין וועלט־ענייִנים", אַ חקרן, אַ שטאַרקער כאַראַקטער, אַליין אַן עושר, וועלכער האָט גאָרנישט געגאָסן פון זײַן "אַמט"; נישט אַרויסגעצויגן קיין מאַטעריעלן ריווח פון זײַן שתדלנות. ער האָט געקענט שפּראַכן און מ'איז געווען זיכער, אַז ער וועט פאַרשאַפן כּבֿוד דעם ייִדישן נאָמען. פון מרחק פון צוועלף הונדערט יאָר ווערט מען פול מיט באַוואונדער פאַר דעם ווירדע־באַוואוסטזײַן פון יענע ייִדן, וועלכע, אָן מליצות און הויכע פראַזעס, האָבן זיי געוואוסט אַרײַנצולייגן אינהאַלט אין מסירת־נפשדיקער שתדלנות.

ווען מען האָט דאָס געדאַרפט לטובֿת דעם דערפאָלג פון דער אינטערווענץ, האָבן זיי אויך זיך אָנגעשטרענגט צוצוגעבן פּאָמפּע אָט־די אַרויסטריטן. פון ייִדישע קוועלן דערוויסן מיר זיך, אַז ווען אַ שתדלן האָט אונטערגענומען אַמאָל אַ רײַזע צום פּויפּסט קיין רוים, האָבן אים באַגלייט באַדינער און "צוועלף פערד"... מען האָט אונטערגעשטראָכן, אַז "ער האָט נישט געקניט און נישט געבוקט זיך פאַרן קאָפּ פון די גויִם, אַזוי ווי' דאָס טוען געוויינלעך די קריסטן".

מיט יענע אויפשפּראָצנדיקע קהילות איז פאַרבונדן די זאָרג פאַר דער דערציאונג פון די קינדער. אויב עס זענען נישט געווען אין ישובֿ קיין ייִדן, וואָס זענען געווען פעאיק צו זײַן מלמדים, האָט מען די מלמדים געבראַכט פון דער פרעמד. די וועלט־סוחרים האָבן געפונען אַ זין אין זייער האַנדל־וואַנדל און אין הוא־האָ, אין וועלכן זיי האָבן פאַרבראַכט זייערע טעג, וויסנדיק אַז אין דער היים לערנען זייערע קינדער תּורה, "וואָס איז דאָך די בעסטע סחורה". מען האָט געזוכט די בעסטע לערער, וואָס מען האָט געקענט באַקומען, און מען האָט אָנגעוואָנדן כּלערלײַ מי צו קריגן דערלויבענישן זיי אַראָפּצוברענגען. אומקערנדיק זיך פון אַ וועלט־רײַזע איז דערהויבנדיק געווען פאַר יענע סוחרים זיך איבער־צוצײַגן, אַז "אין דער היים" איז מען ממשיך מיטן ייִדישן וועג, און אַז די שול, וואָס איז אויסגעבויט געוואָרן, ווערט אָנגעפילט מיטן יונגן דור, וואָס ציט ווײַטער דעם לעבנס־שטייגער פון דורות. דערקענענדיק דעם נוסח־אַשכּנז, אַזוי ווי ער האָט זיך אויסגעפאָרעמט, ווערט פאַרשטענדלעך פאַרוואָס ייִדיש לשון איז דאָרט באַהויכט געוואָרן מיט אַזוי פיל ייִדיש געשיכטלעכן אָטעם. אַנדערש האָט דאָס נישט געקענט זײַן אין אַ געזעלשאַפט, וואָס איר אינטימסטע שטרעבונג איז געווען כּסדר אָנגעוואָרעמט צו ווערן אין ייִדישע ווערטן.

מען האָט אויך אין דעם טומל און הו־האָ, אין וועלכן מען האָט געלעבט,

נישט לויזער געמאַכט די פּעדעם, וואָס פאַרבינדן אַ ייִד מיט אַ ייִדישן ספר. דעם אמת געזאָגט, זענען נאָך נישט געווען דעמאָלט קיין ספרים, אַזוי ווי מיר פאַרשטייען דאָס היַינט. עס זענען געווען פּאַרמעטן אָדער אויסגעציקלטע העפטן; און זיי זענען געווען טיַיער אין פּריַיז. אָבער אין די שטעט אויפן רהיַין און אין צפון־פראַנקריַיך האָבן זיי נישט אויסגעפעלט. עס איז פאַרבליבן פון יענער ציַיט אַ דאָקומענט, וואָס דערציילט אונז אַזוי פיל וועגן דער גיַיסטיקער דערפאַרונג פון די ערשטע אַשכּנזים־משפחות. איינער אַ ייִד האָט איַינגעלייגט אַ משכּון ספרים. ווען ער איז געקומען זיי אויסלייזן, האָט ער באַמערקט, אַז זיי זענען מער נישט אַזוינע ווי זיי זענען געווען. זיי האָבן אויסגעזען שטאַרק אָפּגענוצטע. עס איז אַרויסגעקומען דער אמת, אַז דער, וועלכער האָט געהאַלטן די ספרים ווי אַ משכּון, האָט זיי דורך דער ציַיט אויסגעבאָרגט צו אַנדערע, אַז זיי זאָלן אין זיי לערנען. ווי דען אַנדערש האָב איך געקענט טוען? — האָט ער געטענהט — סתּם האָבן ספרים ליגן ביַי מיר אין שטוב, און מען זאָל זיך נישט באַנוצן מיט זיי? — נאַטירלעך, ער האָט די דין־תּורה געוואונען. ספרים טאָרן נישט ליגן סתּם אַזוי; מען דאַרף אין זיי אַריַינקוקן, מען דאַרף אין זיי לערנען...

ס'איז כּדאַי צוצוגעבן, אַז ענלעכע סכסוכים זענען פאָרגעקומען אויך צווישן גויים. אָבער אין דער גוייִשער גאַס האָבן איבער אַזעלכע ענייִנים, איבער ספרים, זיך געאַמפּערט בלויז גיַיסטלעכע פון די קלויסטערס, אויפזעער פון די קלויסטער־ביבליאָטעקן. דאַקעגן אין דער ייִדישער גאַס האָבן איינפאַכע ייִדן באַטראַכט די ספרים ווי זייער טיַיער פאַרמעגן; מער: ווי אַ טייל פון זייער נשמה. פאַרשטענד־לעך דעריבער, אַז צו די אויפגאַבעס פון דער קהילה האָט געהערט די זאָרג פאַרן ספר און פאַרזאָרגן אים פאַר "ברידער ייִדן".

אַן אַנדער פּראָבלעם, וואָס מיט אים האָט זיך פאַרנומען די קהילה, איז געווען דאָס פירן וויכּוחים מיט די קריסטלעכע גיַיסטלעכע. אין די ערשטע ציַיטן האָבן טאַקע די דעבאַטעס נישט דערפירט צו די טראַגישע קאָנסעקווענצן, צו וועלכע זיי זענען דערגאַנגען אין די שפּעטערדיקע יאָרהונדערטער, — אָבער מען האָט אַרויס־גערופן ייִדן אויף וויכּוחים. די קהילה־אינסטיטוציע האָט געזאָרגט, אַז די וועלכע פאַרטרעטן דעם ייִדישן רעליגיעזן באַגריף און די ייִדישע מחשבה, זאָלן נישט זיַין בלויז באַהאַוונט אין דער ייִדישער גיַיסטיקייט, נאָר זאָלן אויך וויסן, ווי אַזוי אַרויסצוזאָגן זייערע אַרגומענטן. קיין אָנשטרענגונג איז נישט געשפּאָרט געוואָרן כּדי אויסצומיַידן אַ חילול־השם. ייִדישער כּבוד איז באַטראַכט געוואָרן, ווי געזאָגט, ווי איינער פון די העכסטע ווערטן. נאָך איידער קידוש־השם איז דאָרט געוואָרן אַ באַשטאַנדטייל פון ייִדישן הערָאיזם, ביַים סוף פון עלפטן יאָרהונדערט, איז קידוש־השם געווען אינטערפּרעטירט ווי אַ דערפאַרונג צו וועלכער עס איז נישט נויטיק דווקא פּאַטאָס. קידוש־השם לאָזט זיך אויסדריקן אין דער טאָג־טעגלעכער אויפפירונג; קידוש־השם קען אַרויסטרעטן אין הילוך, אין וואָרט, אין דער האַלטונג.

אַפילו אין מנהגים וואָס זענען אַריבערגעקומען פון אַנדערע קהילות, האָט מען אַריינגעלייגט פרישן אינהאַלט. אַט למשל, דער מנהג וואָס האָט נאָך געשטאַמט פון די תּלמודישע צייַטן און וועלכן מען האָט געקענט רופן די אויפמערקשאַפט פון קהל דורך דעם נישט דערלאָזן לייענען שבת די תּורה אין שול — עיכּוב הקריאה האָט דאָס געהייסן. דאָס מייַנט צו זאָגן: אַ ייִד האָט געקענט שבת אַ קלאַפּ טאָן מיט דער האַנט אין טיש אין שול און אויסשרייַען: ״איך לאָז נישט לייענען די ספר־תּורה, ביז וואָנען קהל וועט צוזאָגן זיך צו פאַרנעמען מיטן דאָזיקן עניין!״... אַמאָל האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ פּריוואַטן עניין, וועגן אַן עוולה וואָס איז אָפּגעטאָן געוואָרן; אַמאָל וועגן אַ זאַך פון כּלל. אין די ערשטע אַשכּנזישע ישובים איז אַט דער מנהג אויסגעוואַקסן צו אַ דעמאָקראַטיש געווער. מען האָט זיך מיטן דאָזיקן ״געווער״ באַנוצט, און מען האָט זיך מיט אים גערעכנט. מיר, ייִדן, דאַרפן נישט האָבן קיין שפּיזן און שווערדן אויסצוקעמפן אונזערע פאָדערונגען; אונזערע מיטלען זענען גאַנץ אַנדערע...

איז נישט קיין וואונדער, וואָס מענטשן פון גייַסט זענען אויפגעשטיגן גאָר פרי אין אַט אַזאַ גרויסצוגיקער, ברייטפאַרנעמיקער, גייַסטיק־אומרואיקער געזעלשאַפט. אין די פריִע צייַטן פון אויפוואוקס פון די אַשכּנזישע ישובים האָט געלעבט און געווירקט דער דענקער און מחבר פון רעליגיעזער פּאָעזיע, ר׳ מאיר בן יצחק. דאָס איז דער, וועלכער האָט אָנגעשריבן די מיסטישע פערזן פון ״אַקדמות״, דאָס געזאַנג, וואָס ווערט אויפגעהויבן אין שבועות, און וואָס זאָגט עדות אויף די באַגריפן, וואָס זענען געווען אייגנטימלעך פאַר אים און פאַרן קהל, מיט וועלכן ער איז געווען אידענטיפיצירט. ווי מען קען אַרויסדרינגען איז דאָס געווען זייַן ווערסיע — זייַן ״באַריכט״ — פון וויכּוח, וואָס ער איז געווען געצוואונגען צו פירן מיט אַ קריסטלעכן גייַסטלעכן איבער די פּרינציפּן פון ייִדישן גלויבן. וואָסער טיפער שטאָלץ עס שרייַט אַרויס פון אַט־די שורות; וואָסער שטאַרקע איבערצייַגונג, אַז צו זייַן אַ ייִד איז אַ מעכטיקע איבערלעבונג, און נישטאָ קיין צו טייַערער פּרייז פאַר אַדורכמאַכן אַזאַ דערפאַרונג. צווישן אַט־די אַשכּנזישע ייִדן האָט געלעבט און געווירקט דער טיפער רעליגיעזער דענקער און דיכטער ר׳ שמעון, וועלכער ווערט אָנגערופן ״דער גרויסער ר׳ שמעון״ — ר׳ שמעון הגדול. זייַנע שאַפונגען קומען גאָרנישט אויס פאַרעלטערט, ווען זיי ווערן געזאָגט אָדער אויסגעזונגען אין די תּפילות פון די ימים נוראים.

טאָקע אַט דער שוואונג און דער פאַרנעם האָבן מיטגעווירקט דערצו, אַז געאָגראַפיש זאָל דער אַשכּנזישער קיבוץ אויסוואַקסן אין אַ פאַרהעלטניסמעסיק־קורצער צייַט. פון די ברעגן פון רהייַן און פון פראַנקן־לאַנד, וואו עס איז געשטאַנען דאָס וויגל פון דער אַשכּנזישער קולטור, האָט זיך אויסגעשפּרייט דער ישוב און זיך אויסגעצויגן איבער גאַנץ דייַטשלאַנד. מען האָט זיך דערנאָך אַריבערגעטראָגן

אויך קיין ענגלאַנד, און דער ענגליש־ייִדישער ישוב איז אַרײַנגעגאַנגען אין סאָציאַלן און קולטורעלן קרייז פון אַשכּנז. מיטן לויף פון די תּקופֿות האָט דער אַשכּנזישער ישוב געשלאָגן וואָרצלען אין עסטרײַך, און ער איז אַרײַנגעדרונגען אין די קעניגרײַכן און פירשטנטומס פון די מערב־סלאַוון — אין בעמען (דאָס שפּעטערדיקע טשעכיע), מאָראַוויע, רײַסן (ווײַסרוסלאַנד), פּוילן, ליטע. איין נוסח איז פֿאַר די ייִדן, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין די דאָזיקע מדינות, געוואָרן בשותּפֿות־דיק: דער נוסח אַשכּנז. מיט דער ענדערונג פון די פֿאַרהעלטנישן זענען די, וואָס האָבן צונויפגעהאָפטן זייער לעבנס־שטייגער מיט אַשכּנז ערשט שפּעטער, געוואָרן די סאַמע ערשטע און אָנפירנדיקע פון דאָזיקן טייל פון אונזער פֿאָלק. מערב־אייראָפּע איז נישט אַלע מאָל פֿאַרבליבן אַזוי שטאַרק און צאָלרײַך אַרײַנגעגלידערט אין ייִדישן קולטור־קרײַז, ווי אין איר בראשית, און עס האָט אָנגערוקט אין זעכצנטן יאָרהונדערט די העגעמאָניע פון ייִדיש מזרח־אייראָפּע. אָבער דער פֿאַרנעם, דער שוואונג, נישט געקוקט אויף דער געאָגראַפֿישער ענדערונג, זענען פֿאַרבליבן אומפֿאַרענדערט.

אויך דאָס דאַרף, ווײַזט אויס, צוגערעכנט ווערן צו די אייגנשאַפֿטן פון נוסח אַשכּנז: דער אומאויסגעלאָשענער ענטוזיאַזם אָנצוהאַלטן זיך אין די בראשית־סובסטאַנצן. אין געשיכטלעכן וועג פון ספֿרדישן ייִדנטום איז דאָס געגאַנגען אַנדערש. דאָס ספֿרדישע ייִדנטום, ווען עס איז געצוואונגען געוווען צו ענדערן דעם אַדרעס, האָט נישט לאַנג באַוויזן אָנצוהאַלטן זײַן אָריגינעלן נוסח אונטער פֿרעמדע הימלען. די אייגנטימלעכקייטן פון דער קולטור, וואָס האָבן אָנגעהאַלטן אין שפּאַניע, האָבן נישט געהאַט קיין דויערנדיקן המשך נאָך דעם גירוש אין אַנדערע מקומות. צומאָל אין צפֿת און אין טערקײַ האָבן די לעבנס־זאַפֿטן פון אַמאָל נישט געקענט לאַנג אויפֿהאַלטן זייער פֿרישקייט. אויף אַשכּנז האָבן די וואַנדערונגען און וואַנדלונגען, אין דעם רובֿ פֿאַלן, נישט געהאַט קיין אַנטשיידנדיקע ווירקונג. אין קראָקע און אין לעמבערג, אין לובלין און אין וואַרשע, האָט געלעבט די טראַדיציע פון רהײַן און פון פֿראַנקן־לאַנד. מען האָט זיך שוין געפֿונען אויף די ברעגן פון דער ווײַסל, אָבער מען האָט אַלץ געצויגן דעם לעבנס־שטייגער, אַזוי ווי אין סאַמע באַגינען, ווען מען האָט זיך געפֿונען אַרום רהײַן...

צווישן די אַלע סיבות, וועלכע מען קען דערקלערן, מיט וואָסער כּוח אַשכּנז האָט אויפֿגעהאַלטן די אָריגינעלע פֿרישקייט, טאָר נישט אַדורכגעלאָזט ווערן — ייִדיש לשון. די שפּראַך, וואָס מען האָט מיטגעפֿירט מיט זיך, האָט נישט ווייניק צונויפֿגעבונדן און צונויפֿגעקניפּט מיט דער אייגנטימלעכער קולטור, וואָס איז אין איר אויסגעשפּינט געוואָרן. זי האָט טאָקע נישט פֿאַרמאָגט די הייליקייט פון סיני ווי לשון־קודש, אָבער זי איז געהייליקט געוואָרן אין דער ייִדישער וואָך פון וואַנדערונגען און דערפֿאַרונגען, פון ווײי און האָפֿענונג, פון צער און טרייסט.

עס איז אמת, אַז די ייִדן, וועלכע זענען בײַם סוף פון פֿופֿצנטן יאָרהונדערט

פאַרטריבן געוואָרן פון שפּאַניע, האָבן אויפגעהאַלטן אַ רירנדיקע לאָיאַלקייט צו דער שפּראַך, וואָס זיי האָבן געערדט אין שפּאַניע. לאַדינאָ האָט נישט געלאָזט די פאַרטריבענע פאַרגעסן דאָס לשון מיט וועלכן זיי האָבן זיך באַנוצט פאַרן גירוש. אָבער לאַדינאָ האָט נישט אַדורכגעמאַכט דעם אומאויפהערלעכן פּראָצעס פון אויפפרישונג. זי איז פאַרבליבן דער אָנדענק פון נעכטן, אָבער זי האָט נישט פאַרמאָגט אין זיך דעם כּוח צונויפצופלעכטן דעם נעכטן מיטן הײַנט און מיטן מאָרגן — דער לעבנס־כּוח וואָס שפּרודלט אין ייִדיש לשון.

שטיינער און מכשולים וואָס האָבן געקענט שטערן און אָפּהאַלטן דעם געשיכטלעכן וועג פון אַנדערע טיילן פון אונזער פאָלק, זענען פאַרבליבן אָנמעכטיק לגבי דעם אַשכּנזישן ייִדנטום. צוועלף הונדערט יאָר — און אַפילו נאָך דעם לעצטן מוראדיקן נאַצי־חורבן — פליסן כּסדר דערפרישנדיקע לעבנס־זאַפטן אין אַשכּנזישן קיבוץ.

אין זײַן רעאַליסטישער דערציילונג „דאָס שטעטל", אַ דערציילונג פון הײַנטיקן יאָרהונדערט, שילדערט איטשע־מאיר ווײַסענבערג אַ ייִדישן רעוואָלוציאָנער, וועלכער שטייט אַ צעטומלטער אַנטקעגנאיבער אַ פּוילישער קירך־דעמאָנסטראַציע, וואָס מאַרשירט פון דאָרף צו דעם שטעטל. ער פילט, ווי נישטיק ער איז אין פאַרמעסט מיט די פײַנטלעכע כּוחות, וואָס דערנענטערן זיך. ער טראַכט, אַז עס איז גענוג בלויז זיי אויפצוועקן, און אויב יעדער איינער וועט נאָר אַרויסנעמען איין ברעט, איין שינדל פון די ייִדישע בניינים, וועט דאָס גאַנצע שטעטל זיך פונאַנדערפאַלן, און פאַרשווינדן פון דער ייִדישער ווירקלעכקייט.

לײַדער, דאָס שטעטל איז פאַרשוואונדן. ווי מרדכי געבירטיק האָט אויסגעזיפצט אין טרויער: דאָס שטעטל איז פאַרברענט געוואָרן. אָבער דער געשיכטלעכער וועג פון אַשכּנזישן ייִדנטום, וואָס איז דאָרט געצויגן געוואָרן, האַלט־אָן מיט דער קראַפט פון זײַן בראשית.

## אַט אַזוי איז אויפגעגאַנגען דאָס אַשכּנזישע ייִדנטום

„ווען דאָס ניי־געבוירענע ייִנגעלע האָט קוים געהאַט אַכט טעג, אָדער אַ פּאָר טעג מער, האָט מען אים אַרייַנגעלייגט אַ חומש אין וויגל. מען האָט נעבן ספר אוועקגעלייגט אַ טינטאַרן, אים געגעבן אַ פּען אין הענטעלע, און געפּליסטערט אַ תּפילה, אַז „דאָס קינד זאָל אויסוואַקסן אַ לערנער, און זייַן געניט אין שרייַבן"...

„ווען דאָס קינד האָט דערגרייכט דעם עלטער פון לערנען, האָט מען אים גוט אויסגעצוואָגן און אָפּגעוואַשן; מען האָט אים אָנגעטאָן רייַן און פייַן; מען האָט געקנעטן לכּבוד אים דריַי חלות מיט האָניק, אָפּגעקאָכט דריַי אייער, אים געברענגט עפּל און אַנדערע פּרוכטן, און אים געפירט צום אָרט, וואו ער האָט באַדאַרפט אָנפאַנגען לערנען דעם אַלף־בית. דאָרט האָט מען אים געגעבן צו עסן די געשמאַקע מאכלים, וואָס זענען געווען צוגעגרייט פאַר זייַנעטוועגן, און מען האָט אָנגעשריבן אויף דער טאָפל די אותיות פון אלף־בית, אָנשמירנדיק זי פריער מיט האָניק"...

אַט־די, און אַנדערע פּרטים, קען מען זיך דערוויסן פון די מאַטעריאַלן, וואָס שילדערן, ווי אַזוי די אויפגייענדיקע אַשכּנזישע פאַמיליעס, מיט צוועלף הונדערט יאָר צוריק, האָבן איַינגעוואוינט זייערע קלייגע קינדער צו לערנען און אָפּשאַצן די וויכטיקייט פון די געשריבענע אותיות. עס איז געווען דערין אַ סך פאָלקלאָר; עס האָט זיך געטראָגן פון דאָזיקן לעבנס־שטייגער דער סימבאָל און זייַן אויסדרוק; אויב אין דעם אָנגייענדיקן נישט־ייִדישן אַרום האָט מען דעמאָלט, אין מיטלאַלטער, דערצויגן קינדער אויף דער פאַרערונג צו דער שפּיז און צו דער שווערד, האָט מען, אין דער אויסוואַקסנדיקער אַשכּנזישער געזעלשאַפט, מיטגעגעבן דעם ייִדישן קינד אַ טינטאַרן, אַ פּען, אַ ספרל, אויף זייַן לעבנס־וועג, און צו אים געזאָגט:

— אַט־די דאָזיקע זאַכן דאַרפן פאַר דיר זייַן זיס אַזוי ווי האָניק!...

אַ גאַנצע ריַי פראַגעס רוקן זיך אָן אין דעם לעצטן יאָרצענדליק פון איצטיקן צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, ווען עס ווערט אָפּגעצייכנט די דאַטע „צוועלף הונדערט יאָר אַשכּנז". אויפן ערשטן פּלאַץ געפינט זיך זיכער די פראַגע: ווי אַזוי איז געקומען דערצו, אַז דאָס אַשכּנזישע ייִדנטום האָט זיך אַרויסגעהויבן צו דער פאָדערשטער פּאָזיציע אין דער געשיכטע פון אונזער פאָלק אין דעם לעצטן

יאָרטויזנט? אין דער צײַט, ווען דאָס אַשכּנזישע ייִדנטום האָט אַדורכגעמאַכט זײַן בראשית, האָבן זיך געפונען אין דער פאַזע פון זייער באַגינען אויך אַנדערע טיילן פון אונזער פאָלק, און אין אַ באַשטימטער צײַט האָט זיך אַפילו אויסגעדאַכט, אַז דווקא זיי וועט צופאַלן די פירנדיקע ראָל אין דער אויסגעשטאַלטונג פון ייִדישן מענטש און פון דער ייִדישער קולטור. פאַרוואָס האָבן גראָד די ייִדן, וועלכע האָבן זיך באַזעצט, מיט צוועלף הונדערט יאָר צוריק, אויף די ברעגן פון רהײַן אין דײַטשלאַנד, זיך אויסגעשפּרייט איבער צפון־פראַנקרײַך און ענגלאַנד, און שפּעטער אַריבערגעגאַנגען קיין מזרח־אייראָפּע, און אין לעצטן יאָרהונדערט האָבן אַ סך פון זיי אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע און ארץ־ישראל, פאַרוואָס זענען גראָד זיי אַרויפגעשטיגן צום אויבנאָן פון פאָלק, און אים געגעבן ריכטונג און אָריענטאַציע — אַן אַנטשיידנדיקע פירנדיקע פּאָזיציע, וואָס האַלט אָן ביז דעם הײַנטיקן טאָג?

דער ענטפער, וואָס מיט אים טרעפט מען זיך געוויינלעך אָן, און לויט וועלכן עס קומט אויס, אַז דאָס אַשכּנזישע ייִדנטום שפּרודלט דערפאַר מיט אַזויפיל דינאַמיק, און זײַנע לעבנס־זאַפטן זענען ממש ניט אויסצושעפּן, ווײַל דאָס האָט געהאַט אויף אים אַזאַ ווירקונג דער קאָנטאַקט מיט דער דאַן אויפשפּראַצנדיקער אייראָפּע, איז ווײַט ניט באַפרידיקנדיק. אויך שפּאַניע, וואוהין עס האָט אײַנגע־וואַנדערט, און וואו עס האָט געוואוינען רײַפקייט דער ספרדישער טייל פון אונזער פאָלק, געפינט זיך אין אייראָפּע. אַפילו דער תּירוץ, אַז אויף די ברעגן פון רהײַן האָט זיך דער קאָנטאַקט געשאַפן מיט דער קריסטלעך־אייראָפּעאישער ציוויליזאַציע, וואָס האָט געשפּריצט מיט ענערגיע און זיך אויסגעצייכנט מיט איר אַקטיוויקייט, דאַקעגן אויפן פּירענעאישן האַלבאינזל איז דער צונויפטרעף פאַרגעקומען מיט דער מער־פּאַסיווער איסלאַם־קולטור, איז ניט ריכטיק. גראָד דעמאָלט איז די ציווי־ליזאַציע פון איסלאַם, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט אין שפּאַניע, געווען אין איר פולן פונאַנדערבלי, און די קריסטלעכע קולטור האָט זיך מיט איר נישט געקענט פאַרגלײַכן. די קעניגן און פירשטן אין דער קריסטלעכער אייראָפּע האָבן צומאָל זיך נישט געקענט אונטערשרײַבן; דאַקעגן אין די שפּאַנישע קאַליפאַטן זענען די הערשער געווען דורשטיקע צו וויסן און בילדונג.

בעת מען פאַרטיפט זיך אין די אָנהייבן פון אַשכּנזישן ישוב, מוז מען קומען צום אויספיר, אַז ווי שטאַרק עס זאָל נישט האָבן געווען די ווירקונג פון דרויסן, האָבן דאָך אינערלעכע אַנטשיידונגען אָנגעצייכנט דעם וועג, וואָס אַשכּנזישע ייִדן האָבן פאַר זיך אָפּגעקליבן. מען איז געקומען אין די פרישע מקומות פון דרום־איטאַליע, און שוין דאָרט האָט זיך אויסקריסטאַליזירט צוביסלעך דער לעבנס־שטייגער, וואָס האָט אין דײַטשלאַנד און פראַנקרײַך אָנגענומען אַ סטאַבילע פאָרם. מען איז געקומען מיט אַ ייִדישער קולטור, וואָס האָט שוין דאַן געציילט קרוב דרײַ טויזנט יאָר; און אויפעפּנענדיק דעם גרויסן גײַסטיקן באַגאַזש אין דער פרישער

געאָגראַפיע, ביים צונויפטרעף מיט די נייַע שכנים. האָט מען פון אים אַרויסגענומען דאָס, וואָס האָט זיך אויסגעוויזן צו זײַן צומשטאַרקסטן וויכטיק און נוצלעך אין די אומשטענדן, וואָס האָבן ערשט זיך גענומען אַרויסשיילן.

מען האָט קודם כּל אַרויסגענומען פון די שווערע פּעק באַגאַזש דעם באַגער צו לערנען און זיך באַרייַכערן מיט די קולטור־אוצרות, וואָס מען האָט מיטגע־ברענגט מיט זיך, שאַפנדיק אַלץ נייַע און אַקטועלע; און וואָס צוזאַמען מיט אים איז געגאַנגען די פאַרערונג פאַרן ספר. דאָס זענען אייגנטלעך ווערטן, וועלכע זענען געוואָרן אייגנטימלעך פאַר ייִדישקייט שוין זינט יאַרטויזנטער. אויף די ברעגן פון רהיין, און אין די אַנדערע מקומות, וואו אַט־די ייִדן, וואָס האָבן זיך אָנגערופן „אַשכּנזים", האָבן אויפגעשטעלט זייערע געצעלטן, האָט מען די ווערטן אויפ־געפרישט, און געהאַט די אַספּיראַציע זיי צו פאַרוואַנדלען אין אַ פאָלקס־כאַראַקטע־ריסטיק; פשוט דערפירן דערצו, אַז זיי זאָלן ווערן דער אָטעם פון פאָלק.

די עפּיזאָדן, וואָס מיר האָבן אָנגעגעבן אין אָנהייב פון אונזער באַטראַכטונג, זאָגן עדות, אַז גלייַך פון וויגל האָט דאָס באַדאַרפט זייַן אַזוי. דער סיסטעם פון פאָלקס־בילדונג, וואָס האָט נאָך פריער אָנגעהאַלטן צווישן ייִדן אין בבל, האָט דאָ זיך באַפעסטיקט, און אַרייַנגעדרונגען אין די קלענסטע ישובים. כּלערליי אָנ־שטרענגונגען זענען אָנגעוואָנדן געוואָרן, אַז קינדער זאָלן נישט פאַרבלייַבן אָן אַ גוט־אָריענטירטער ייִדישער דערציאונג, אויב עס זענען נישט געווען גענוג תּלמידים צו גרינדן אַ לערן־אינסטיטוציע, האָט מען אַראָפּגעברענגט דערציִער. מען האָט דעם לערער, דעם מלמד, דעם מורה־דרך — אָן אונטערשייד ווי מען האָט אים גערופן — אַרייַנגענומען אין שטוב אַרייַן, אים אויסגעהאַלטן, געצאָלט אַ געהאַלט, כּדי ער זאָל זיך קענען אָפּגעבן מיט זייַן אַרבעט. אין אַ סך פאַלן האָט מען אַוועק־געשיקט די קינדער אין אַן אַנדער שטאָט, וואו עס האָט זיך געפונען אַ באַרימטער לערן־צענטער — אַ זאַך, וואָס האָט דאָן אין דער נישט־ייִדישער געזעלשאַפט אויסגעזען אויסטערליש. דערצו איז רירנדיק, וואָס אין יענע אַזוי אומגינסטיקע אומשטענדן פאַר יעדער קולטורעלער טעטיקייט אין אייראָפּע, אין אַ סביבה, וואָס איז געווען פּרימיטיוו און רוי, איז די שטרעבונג פון דער ייִדישער פאַמיליע געווען צו האָבן אַ ביבליאָטעק ביי זיך אין דער וואוינונג; ספרים, און אַפילו אַ ספרים־שאַנק.

מיר זאָגן: ביבליאָטעק. אין יענע צייַטן, מיט העכער טויזנט יאָר צוריק, איז דאָס געווען אַ גאַנץ־פאַרשידענער באַגריף. דער דרוק איז נאָך נישט געווען באַקאַנט. לאַנגע יאָרהונדערטער וועלן פאַרבייַגיין ביז מען וועט די דרוק־קונסט דערפינדן. ביכער האָט מען געשריבן, קאָפּירט. אַזוי איז געווען אויך מיט ספרים. נישט צווישן מיוחסדיקע משפּחות פון די קריסטלעכע פעלקער, און אַוודאי נישט צווישן די באַשיידענע, האָט מען געקענט זיך אָנטרעפן אויף אַ געשריבן העפטל.

בלויז אין די מאָנאַסטירן האָבן גלחים און מאָנאַכן אויפגעזאַמלט ביבליאָטעקן פון פאַרמעטן און אַנדערע שרײַב־מאַטעריאַלן. אָבער ווי אַנדערש איז דאָס געווען אין די ייִדישע גאַסן! צווישן די ייִדישע אַשכּנזישע משפּחות, ווי מען קען אַרויס־דרינגען פון דעמאָלטיקע כראָניק־פאַרצייכענונגען, איז נישט געווען מעגלעך זיך אָנצוטרעפן אויף אַ וואוינונג, וואו עס האָבן זיך נישט געפונען קיין ספרים. דער ספר איז געווען פאַר יעדן איינעם אַ נויטווענדיקייט, אַ לעבנס־פראַגע. ר׳ שלמה בן יצחק — בעסער באַקאַנט, ווי רש״י, פון די גרויסע לערער צווישן אויפגייענדיקן אַשכּנזישן ייִדנטום — האָט אויסגעטײַטשט די שטעלע אין פּרקי־אבות, וואו עס ווערט געזאָגט: ״פאַרשאַף דיר אַ חבר״ (וקנה לך חבר, פּרק א, ו): פאַרשאַף דיר אַ ספר. נישטאָ קיין בעסערער און מער געטרײַער פרײַנט ווי דער ספר. אין אַנדערע קאָמענטאַרן האָט מען צוגעגעבן: אויפן פּרײַז פון אַ ספר טאָר מען זיך נישט דינגען. נישטאָ קיין צו טײַערער פּרײַז, וואָס עס זאָל זיך נישט לוינען צו באַצאָלן פאַר אַ גוטן חבר!...

און ייִדן אַשכּנזים האָבן געהאַרכט די עצה. מען האָט דעם ביסן פון מויל זיך אָפּגעשפּאָרט, און זיך אײַנגעשאַפט ספרים. זיי זענען געווען טײַער. דער פּרײַז, וואָס מען האָט געפאָדערט פאַר שרײַב־מאַטעריאַל און קאָפּירן, איז געווען אַ הויכער. אָבער מען האָט דעם קרבן געמאַכט. נישט בלויז אויף ספרים, אָן וועלכע מען האָט זיך נישט געקענט באַגיין, איז געווען אַ פאַרלאַנג, אַ חומש, אַ סידור, אַ מחזור. אויך אויף הלכה־ספרים איז געווען אַ נאָכפראַגע. אויך אויף רעליגיעזע פּאָעזיעס. און מיט דער צײַט אַפילו אויף מעשׂהס. אויף מעשׂה־ביכלעך. אויף מעשׂה־העפטלעך אין אויפשפּראָצנדיקן ייִדיש־לשון. אַנדערש איז דאָס געווען אויפן פּירענעאישן האַלב־אינזל. איז אַ רײַזנדיקער אַשכּנזישער ייִד אָנגעקומען אַמאָל קיין שפּאַניע, אין די דאָרטיקע ישובים, איז ער פאַרבליבן פאַרוואונדערט. דאָרט האָט מען צוגעשריבן וויכטיקייט צווישן המון צו אַנדערע זאַכן: פאַרביילויפיקער צײַט־פאַרטרײַב. זייער וויניק משמעות האָט די אַספּיראַציע צו פאַרמאָגן אַ ביבליאָטעק אין דער וואוינונג. וואָרום אַשכּנזישע ייִדן האָבן צומאָל נישט באַ־פרידיקט זייער ספרים־דורשט מיט באָרגן אַ ספר. ניין. דווקא באַזיצן אים האָבן זיי געוואָלט!...

בעת מען בלעטערט דאָקומענטן פון יענע ווײַטע תּקופות, דערוויסט מען זיך, אַז נישט בלויז איבער ענינים פון מסחר צי פאַמיליע־פּראָבלעמען זענען אָפּ־געהאַלטן געוואָרן דין־תּורהס אָדער זענען אָנגעגאַנגען סכסוכים. אָפט איז די טעמע געווען ספרים. אָט טענהט איינער: איך האָב יענעם ייִד געוואָלט טאָן אַ טובה, און אים געבאָרגט אַ ספר, נו, געפינט איך איצט אין אים פלעקן. וויי צו מיר, מײַן טײַערער ספר איז פאַרפלעקט געוואָרן!... אָדער אַ קריגערײַ, וואָס איז אָנגעגאַנגען צווישן ברידער צוליב דער ירושה פון ספרים, וואָס איז זיי צוגעפאַלן. צוליב גאָלד און זילבער וועלן זיי נישט אַרײַנגיין אין קיין מחלוקת, אָבער עפּעס אַנדערש

וענען ספרים, זיי זענען וויכטיקער ווי וואָסער עס איז טײַער פאַרמעגן!

מיר קענען זיך קוים אָפּגעבן אַ חשבון, וואָסער באַדײַט עס האָבן געהאַט די פּירושים צו דער גמרא, וואָס ווערן אָנגערופן "תּוספות" פאַרן אויסוואַקסנדיקן אַשכּנזישן ישוב. דאָס זענען געווען פּירושים און דערקלערונגען צום תּלמוד, אָבער פאַר יענע דורות זענען זיי געווען עטוואָס מער. זיי זענען געווען דער תּלמוד פון די ייִדן אין דײַטשלאַנד און פראַנקרײַך. אין די קורצע באַמערקונגען, וואָס מען האָט דאָן געשריבן צום תּלמוד, איז אויסגעלייגט געוואָרן דער בליק אויף וועלט און מענטש, אויף לעבן און זײַן, אויפן ייִדישן יחיד און ייִדישן כּלל, אויף מאָראַל און עטיק. אין פאָלקס־זיכּרון האָבן זיך אײַנגעקריצט צומײַסטן די נעמען פון די צוויי בעלי־התּוספות, וועלכע זענען געווען רש״יס אייניקלעך, ר׳ שמואל בן מאיר — דער רשב״ם; ר׳ יעקב בן מאיר — רבינו תּם. אָבער אייגנטלעך האָבן צענדליקער ערודיטן און דענקער זיך באַטייליקט אין שרײַבן אָט־די ראַנד־דערקלערונגען, וואו פּיקחות און חריפות, שארפזיניקייט און תּמימות, גייען ענג צונויפגעבונדן. אין דער ייִדישער שפּראַך איז אַרײַן דער אויסדרוק: "אַ תּוספות־קשיא", אָנווײַזנדיק דערמיט, אַז אַ קשיא אין תּוספות איז אַ האַרבע און שאַרפע, אָבער בעצם איז דער אויסדרוק אַ סך ברייטער און טיפער. אַ קשיא פאַרבלײַבט, ווי אַזוי האָבן אָט־די לערער און געלערנטע באַוויזן אין דער תּקופה פון פּײַן און רדיפות, פון וואַנדערונגען און היימלאָזיקייט, אין וועלכער זיי איז אויסגעקומען צו לעבן און ווירקן, אָנצוגיין מיט זייער טעטיקייט אָן אָפּהאַלט און איבעררײַס. די תּוספות־אוצרות זענען דער מאָנומענט פון אַשכּנזישן ייִדנטום אין זײַן פריִען פּעריאָד, דער מאָנומענט פאַר זייער טיפער און האַרציקער איבערגעגעבנקייט צו דויערנדיקע גײַסטיקע ווערטן.

דער אמת איז, אַז ווען די קריסטלעכע מערב־אייראָפּעאישע פעלקער זענען געוואָרן אַדורכגענומען מיטן גיפט פון שׂנאה, האָט די אומטאָלעראַנץ זיך באַצויגן נישט בלויז צו ייִדן, נאָר אויך צו ייִדישע ספרים. מען האָט בייזוויליק און אכזריותדיק זיך אָנטשלאָסן צו פאַרטיליקן די ייִדישע ביבליאָטעקן. שטרענגע רעוויזיעס זענען אַדורכגעפירט געוואָרן אין ייִדישע הײַזער, צי געפינען זיך נישט דאָרט, חלילה, שריפטן. מען האָט די ספרים פאַרטיליקט, געשענדעט, פאַרברענט. אין דרײַצנטן יאָרהונדערט האָט מען די מסכתּות פון תּלמוד געוואָרפן אויפן שײַטערהויפן, אויפן עפנטלעכן פּלאַץ אין פּאַריז. אַזוי האָט מען געטאָן אויך אין אַנדערע מקומות. פלאַמען האָבן פאַרצוקט די ספרים, וואָס אַשכּנזישע ייִדן האָבן צוגעטוליעט צו זיך מיט אַזויפיל צאַרטקייט און ליבשאַפט. פאַר אויסבאַהאַלטן ספרים האָט געדראָט צו באַצאָלן מיטן לעבן.

די ווילדע פלאַמען האָבן אָבער נישט געקענט פאַרצערן די געטרײַשאַפט צום ספר. עס דריקט אויפן האַרץ, אָבער עס איז אויך אַ קוואַל פון דערמוטיקונג צו לייענען, מיט וואָסער מסירת־נפש מען האָט, ווען עס איז נאָר מעגלעך געווען,

אויסבאַהאַלטן אָדער אויסגעלייזט די "פּאַראורטיילטע" צוגערויבטע ספרים. מען האָט אין קהילות זיך צונויפגעלייגט און באַצאָלט גרויסע סומעס פאַר כּתבים, וואָס זענען אַרייַנגעפאַלן צו פייַנט אין די הענט. ווען ייִדן אין קעלן למשל, אין דייַטשלאַנד, האָבן זיך דערוואוסט, אַז בייַ זיי אין שטאָט געפינען זיך, בייַ די ספרים־רויבער, ספרים פון דער ייִדישער קהילה אין יאָרק, אין ענגלאַנד, איז אַ פאָלקס־אַקציע אָרגאַניזירט געוואָרן אויסצולייזן "די געפאַנגענע אוצרות".

נאָכדעם, ווי עס זענען פאַרברענט געוואָרן די ספרים אויפן שייַטערהויפן אין פּאַריז, האָט אַן אַנדערער פון יענע גרויסע לערער, ר' מאיר — מהר"ם — פון ראָטענבורג אָנגעשריבן זייַן קינה "אָ פּרעג, דו פאַרברענטע אין פייַער" — שאלי שרופה באש — וואָס איז אַרייַן אין די קינות פון תשעה באָב. מיט די טרערן אויפן חורבן בית־המקדש האָט דאָס אויפגייענדיקע אַשכּנזישע ייִדנטום צונויפגעגאָסן זייַנע ביטערע טרערן אויפן פייַער, וואָס האָט פאַרצוקט די ספרים.

ס'איז נישט קיין צופאַל וואָס אָט־די קלאָג־פּאָעמע איז איבערגעזעצט געוואָרן אויף דער ייִדישער שפּראַך אומצייליקע מאָל. איינער פון אירע לעצטע איבערזעצער איז געווען דער דיכטער ישראל שטערן, וועלכער איז אומגעקומען אין נאַצי־חורבן. צוועלף הונדערט יאָר אַשכּנז — די פאַרערונג פאַרן ספר, די ליבשאַפט צום בוך, וואָס ברענגט אַרויס ייִדישע געדאַנקען און געפילן, איז כּסדר אייגנטימלעך פאַר די, וואָס קלאַמערן זיך אין דער אַשכּנז־טראַדיציע אויך אין דער איצטיקער ייִדישערווירקלעכקייט!

פאַראַן אַ צווייטער שטריך, וואָס דאַרף אַרויסגעהויבן ווערן, ווען מיר צייכענען אָפּ די דאַטע: צוועלף הונדערט יאָר אַשכּנז. שטאַרקער ווי אין אַנדערע עקזיסטירנ־דיקע ישובים, איז צווישן אַשכּנזישע ייִדן רייף געוואָרן דער כּלל־ישראל באַוואוסט־זייַן. מען האָט אָט דעם באַוואוסטזייַן געטראָגן אין זיך נאָך פון פאַרצייַטנס. "כל ישראל ערבים זה בזה" — אַלע ייִדן זענען מיטפאַראַנטוואָרטלעך איינער פאַר די אַנדערע — איז אַ באַגריף, וואָס לעבט און ווירקט אין ייִדישן האַרץ. אָבער אויב עמעצער האָט בייַ פאַרשידענע אומשטענדן פּרובירט וואַרפן אַ שאָטן פון ספק אין דער גילטיקייט פון דאָזיקן כּלל, האָבן אַשכּנזישע קהילות, אַשכּנזישע גייַסטיקע מנהיגים, דערצו נישט דערלאָזט. ייִדישע מיטפאַראַנטוואָרטלעכקייט איז אַ לעבנס־שטייגער, אַ לעבנס־וועג.

טאָקע פון יענע תּקופות פון אויפגאַנג לאָזן זיך אָנצייכענען פּילזאַגנדיקע בייַשפּילן. אין דער קהילה אין טרויא האָט מען אָרויפגעלייגט אויף יעדן מיטגליד אַ שטייער, וואָס האָט באַדאַרפט זייַן אַ בייַטראָג אויסצולייזן ייִדישע געפאַנגענע פון אַנדערע מדינות. מען האָט דערבייַ אויך געפאָדערט פון די קהילות פון דער אומ־געגנט אַרייַנצוטראָגן אָט־דעם אָפּצאָל. אַפילו ווען עס האָבן זיך געהערט שטימעס קעגן דער געוואַגטקייט פון דער טרויא־קהילה אַרויפצוּוואַרפן אַ צוואַנג־אָפּצאָל

אויף ייִדן, וואָס געהערן נישט צו זייער ישוב, זענען די פּראָטעסט־קולות איינ־געשטילט געוואָרן. צוליב ייִדישער סאָלידאַרישקייט, האָט מען געזאָגט, מעג מען אַזאַ זאַך טאָן... אין דער רהייַן־געגנט האָט זיך געגרינדעט אַ צענטראַלע פירער־שאַפט, וואָס האָט באַדאַרפט באַטראַכטן ענייָנים פון אַלגעמיין ייִדישן אינטערעס. אין קעלן אויף די יאַרידן האָט מען, אויסער מיט האַנדל, זיך באַשעפטיקט מיט פּראָבלעמען, וואָס זענען נוגע דעם כּלל. די פירנדיקע פּערזענלעכקייטן פון אויפשטייַגנדיקן אַשכּנזישן ישוב האָבן אַרויסגעזאָגט זייער מיינונג, אַז ווי וויכטיק דער יחיד און זייַנע אינטערעסן זאָלן נישט זייַן, מוז דאָך דער יחיד זיך אונטער־וואַרפן אַ באַשלוס פון דער קהילה, ווייַל אַלע זענען מיר צונויפגעקניפּט און צונויפגעבונדן.

די ייִדישע אויטאָנאָמיע, וואָס האָט זיך פונאַנדערגעבליט אין מזרח־אייראָפּע אין דער צייַט פון „וועד ארבע ארצות" — דער אויבערראַט פון די קהילות פון די פּוילישע פּראָווינצן — די קהילות־אָרגאַניזאַציע, אַזוי ווי מיר געדענקען זי פון פאַרחורבנדיקן ייִדישן פירנדיקן צענטער אין פּוילן — זענען נישט אַרויסגעוואַקסן מיטאַמאָל. זיי האָבן אַדורכגעמאַכט עטאַפּן פון אַנטוויקלונג. שוין מיט העכער טויזנט יאָר צוריק, בייַם סאַמע באַגינען, האָט זיך בפירוש געזען, וואָסער וועג אַשכּנזישע ייִדן קלייַבן אָפּ פאַר זיך. די שפּעטערדיקע סאָציאַלע באַוועגונגען, די אידייאישע ריכטונגען, די אחדות־דעמאָנסטראַציעס, וואָס שייַנען אַרויס פון צוועלף הונדערט יאָר אַשכּנז — זענען די קאָנסעקווענץ פון אַן אַנטשלאָסנקייט און פעלזן־פעסטן ווילן, וואָס האָט זיך נישט געלאָזט ברעכן דורך קיין שום שטערונגען און שׂנאה־אַקטן. נישט בלויז כּדי זיך צו פאַרטיידיקן קעגן אויסערלעכן שטורעם־ווינט זענען די זאַכן אונטערגענומען געוואָרן, נאָר אויך מיט דעם ציל אויסצובעסערן זיך אַליין, און פאַרדינען צו טראָגן אין זיך די טראַדיציע פון דורות.

איינער אַזאַ אויפטו — איינער פון אַ סך — איז געווען דער מנהג פון מעשׂר. אַ לעבנס־שטייגער פון פאַרצייַטנס, וואָס האָט געהאַט צו טאָן מיטן בית המקדש, איז אויפגעלעבט געוואָרן, און אַנגענומען אַ נייַע באַדייַטונג: דער ייִד איז מחוייב אָפּצוגעבן אַ צענטל פון זייַנע פאַרדינסטן, אַפילו אַ צענטל פון זייַן פאַרמעגן, פאַר צדקה. אָן פּאָליצייַ, אָן צוואַנג, דאַרף דער ייִד דאָס טאָן. אַזאַ איז געווען די טעאָריע; אַזאַ איז געווען אויך די פּראַקטיק. אין דער רהייַן־געגנט אין די פאַרלאָפענע תּקופות איז דאָס אַזוי אָנגעגאַנגען. אין פאַרחורבנדיקן וואַרשע האָבן אַ סך, אַ סך ייִדן זיך געפירט אַזוי, ווי איך געדענק. אָרעמעלייט האָבן, דאַרפן האָבן אַ חלק אין דעם, וואָס דו פאַרמאָגסט, און אַוודאי אין דעם, וואָס דו פאַרדינסט. אין די שטעט און שטעטלעך אין מזרח־אייראָפּע האָבן פיל ייִדן אויפגעהיטן די אידעלע, ברייטהאַרציקע טראַדיציע.

די משפּחה פון ר׳ אשר בן יחיאל — גערופן אין פאַרקירצונג: דער רא״ש —

איז געצוואונגען געוועז אין צײַטן פון רשעות אויסצוּוואַנדערן פון אַשכּנז קיין שפּאַניע. דער ראַ"ש האָט איבערגענומען דאָס רבנות אין טאָלעדאָ, און דאָרט האָט ער אָנגעזאָגט די מיטגלידער פון זײַן פאַמיליע אָנצוגיין אויך, אין דער נײַער היים, מיט דער טראַדיציע פון מעשׂר. גיט אָוועק אַ צענטל פון אײַערע פאַרדינסטן צו די אָרעמעלײַט. אַזוי ווי מיר האָבן זיך געפירט אין אַשכּנז, וועלן מיר זיך פירן אויך דאָ, לאָמיר פאַרבלײַבן געטרײַ צו דער טראַדיציע פון אַשכּנז! — האָט ער אויסגערופן.

און אויך אין דעם פאַל לאָזט זיך באַשטימען: צוועלף הונדערט יאָר — און אין דער פאָרעם פון מעשׂר, אָדער אין אַנדערע פאָרמען, אָט־די מיטפאַראַנטוואָרט־לעכקייט פאַרן גורל פון גאַנצן פאָלק, איז נאָך אַלץ אַ באַוועגנדיקער כּוח צווישן אַשכּנזישן ייִדנטום.

אויך איבער אַ דריטער אייגנשאַפט לאָזט זיך נישט איבערהיפּערן: דער באַדײַט פון אידעאַל אין קיום פון פאָלק. דאָס לעבן איז ווערטלאָז, אויב עס פאַרמאָגט נישט קיין העכערן אידעאַל — אַזוי האָבן אַשכּנזישע ייִדן געזאָגט מיט צוועלף הונדערט יאָר צוריק. אַזוי האָבן זיי אייגנטלעך אונטערגעשטראָכן אין אַלע צײַטן.

אין די אַלטע כראָניק־ספרים וואָס זענען געשריבן געוואָרן אין מיטלאַלטער, פאַרצייכענען די מחברים, אַז יענע צײַטן איז געווען געוווינלעך, אַז אַ ייִד זאָל בלויז אַ פּיפּס טאָן, אַז ער איז גרייט אָוועקצוגיין פון ייִדישקייט, און אַלע רדיפות האָבן זיך קעגן אים אָפּגעשטעלט, אַלע פאַרפאָלגונגען. מען האָט אים גלײַך אָרײַנגעלאָזט מיט כּבוד אין דער גוייִשער גאַס. דאָך האָבן גאָר ווייניק ייִדן געמאַכט אַזאַ שריט. זייער ווייניק מאַראַנען זענען געווען צווישן די אַשכּנזים, מען האָט אויסגעקליבן צו לײַדן, אָפּצוגעבן דאָס לעבן, און בשום אופן נישט מסכּים געווען "פון די רעשטן פון פאָלק", אַזוי ווי מען האָט זיך דעמאָלט אויסגעדריקט, אָוועקצוגיין.

אין די סידורים, וואָס זענען פאַרבליבן נאָך די ערשטע דורות אַשכּנזישע ייִדן — די געשריבענע סידורים — געפינט זיך זײַט בײַ זײַט מיט דער ברכה, וואָס מען מאַכט אויף ברויט, אויף ווײַן, און צו אַנדערע געלעגנהייטן, אויך די ברכה פון קידוש השם. וואָס מען זאָגט, ווען מען גיט אָפּ דאָס לעבן, כּדי צו פאַרבלײַבן אַ ייִד.

איינער פון די גרויסע אַשכּנזי־כראָניקער, שלמה בן שמשון, האָט געשריבן אין זײַן כראָניק: "זינט דער בית־המקדש איז חרוב־געוואָרן, האָט מען נישט געזען אַזעלכע דרײַסטע, מוטיקע ייִדן"...

דאָס גרויסאַרטיקע און אַנטשיידנדיקע אין צוועלף הונדערט יאָר אַשכּנז, איז, וואָס אייגנשאַפטן, וועלכע זענען אויסגעהעמערט געוואָרן אין די פאַרלאָפענע דורות, זענען איבערגעגאַנגען פון דור צו דור.

אַט־אַזוי איז אויפגעגאַנגען דאָס אַשכּנזישע ייִדנטום. אַט, מיט די טראַדיציעס, ביי כּלערליי געענדערטע פֿאָרמען, האָט מען זיך אָנגעהאַלטן. אויב איבער וועלכע עס איז ייִדן לאָזן זיך אָנווענדן די אַזוי באַקאַנטע פֿערזן פֿון י. ל. פּרץ אין זיין "גאָלדענע קייט" וועגן די גרויסע, שטאָלצע ייִדן, וואָס פֿאַרבלייבן געטריי צו זיך, זענען דאָס זיכער די, וועלכע האָבן געלייגט דעם יסוד צום אַשכּנזישן ייִדנטום.

# אידעאָלאָגיעס און פּאָלעמיק צווישן אַשכּנזישן ייִדנטום

אויב עס האַנדלט זיך וועגן אַשכּנזישן ייִדנטום, קען מען זאָגן, אַז די פאַמיליעס, וואָס מיט זיי האָט זיך אָנגעהויבן דער אַשכּנזישער קיבוץ, האָבן געהאַט אַן אַנטשיידנדיקע השפּעה אויף זײַן אויסגעשטאַלטונג, און אויף זײַן כאַראַקטער, אַזוי ווי ער האָט זיך אויסגעפאָרעמט אין די שפּעטערדיקע דורות. נישט אומזיסט ווערט אין דער געשיכטע פון פעלקער אָדער פון וועלכע-עס-זאָלן נישט זײַן עטנישע גרופּעס אָפּגעגעבן פּלאַץ פאַר די פּיאָנערן-משפחות, און אויך פאַר די פיגורן, מיט וועלכע דער בראשית איז געווען פאַרבונדן. עס וואָלט געווען אַן עוולה איצט, ווען אין לעצטן יאָרצענדליק פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט פאַרצייכענען מיר די אַזוי־וויכטיקע דאַטע — צוועלף הונדערט יאָר אַשכּנז — נישט צו דערמאָנען, ווער עס זענען געווען די דאָזיקע פאַמיליעס, וועלכע האָבן געעפנט דאָס בלאַט פון אַשכּנזישן ייִדנטום, וואָסערע פערזענלעכקייטן זענען צווישן זיי אַרויסגעוואַקסן, און אויך וואָסערע זענען געווען די אידייען און אידעאַלן, וואָס האָבן זיי באַלעבט. געקומען זענען אָט־די משפחות, ווי באַקאַנט, צו דער געגנט אַרום רהײַן, פון איטאַליע, פון די פּראָווינצן פון דער פונאַנדערגעפאַלענער רוימישער אימפּעריע; און ווײַל די רהײַן-געגנט איז בעיקר געווען אַ דײַטשע, און דײַטשלאַנד האָט מען אָנגערופן אין העברעאיש „אַשכּנז", האָט מען די אידישע אײַנוואַנדערער באַצייכנט ווי „אַשכּנזים". צווישן די פּיאָנערן-פאַמיליעס הייבן זיך אַרויס די נעמען: קלונימוס, לעאָנטין, הלוי, כּהן, ווי די אָנפירנדיקע, צו וועלכע עס געהערן אויך אַזעלכע, וועלכע האָבן ליבערשט געוואָלט פיגורירן אויפן נאָמען פון זייערע עלטערן, ווי למשל בן יהודה, בן שמשון, בן יצחק, און דאָס גלײַכן.

ווי עס זעט אויס, האָט מען אַביסל פאַרזען אין דער ייִדישער געשיכטע־שרײַבונג דעם אַזויפיל זאָגנדיקן פאַקט, אַז גלײַך ווי די ערשטע אַשכּנזישע משפחות זענען אַרויסגעטראָטן אויף דער געשיכטלעכער אַרענע, זענען זיי אַרײַנגעצויגן געוואָרן — גענויער געזאָגט: האָבן זיך אַליין אַרײַנגעצויגן — אין אַ וויכּוח. ווער ווייסט, צי די נייגונג פון אַשכּנזישן ייִד אַרײַנצולאָזן זיך אין אידעאָלאָגישע וויכּוחים — אַ נייגונג, וואָס האַלט אָן ביז צום הײַנטיקן טאָג — איז נישט

אַריבערגעקומען פון יענעם ווײַטן באַגינען. שוין מיט וועלכע צוועלף הונדערט יאָר צוריק האָבן די גרינדער פון אַשכּנזישן קיבוץ זיך פאַרפּלאָכטן אין אַ לײַדנשאַפט־לעכער פּאָלעמיק.

אינטערעסאַנט איז — און דאָס בלײַבט כאַראַקטעריסטיש פאַר דער אָנהאַלטנ־דיקער אַשכּנזישער אייגנשאַפט — אַז עס האָט זיך צומאָל דעמאָלט נישט געהאַנדלט וועגן קיין ענין, וואָס האָט אָנגערירט אַשכּנזישע ייִדן גופא. אויב די פּאָר פאַמיליעס, וואָס האָבן געלייגט דעם יסוד פאַרן אַשכּנזישן ישוב, וואָלטן געוואָלט, האָבן זיי געקענט בײַ זיך טראַכטן: פאַרוואָס זאָלן מיר זיך היצן און קאָכן, ווען די זאַכן גייען אונז נישט אָן דירעקט? אָבער אַזאַ איז געווען די אַשכּנזישע פּסיכיק, ווען זי האָט נאָר־וואָס אָנגעהויבן אָננעמען געשטאַלט: ווילן און לײַדנשאַפט אַרײַנצוגיין אין דיסקוסיעס.

די טעמע איז דעמאָלט געווען: די שפּאַלטונג, וואָס די קאַראַאימער האָבן אַרײַנגעבערענגט אין דער ייִדישער געזעלשאַפט. הגם אין זײַן בין השמשות, האָט נאָך אַלץ מיט צוועלף הונדערט יאָר צוריק אָנגעהאַלטן צווישן ייִדן דער פּרעסטיזש פון גײַסטיקן צענטער אין בבל. אין די לענדער פון מיטעלן מזרח, וואו עס איז געווען קאָנצענטרירט די מערהייט פון פאָלק, האָט מען אַרויפגעקוקט צו די אויטאָריטעטן, וועלכע האָבן דאָרט געווירקט — "גאונים" האָט מען זיי אָנגערופן — און געזוכט בײַ זיי אָנווײַז און אָריענטאַציע. אָבער אָט איז אויסגעבראָכן אַ מחלוקת, וואָס אין איר הינטערגרונט האָבן בלי־ספק דעצידירט מאָטיוון פון פערזענלעכע אַמביציעס, אָבער אין דער עפנטלעכקייט איז זי דערשינען אונטערן מאַנטל פון אַ פאַרשידענעם צוגאַנג צו עיקר־יסודות פון ייִדישקייט.

עס איז אויסגעקומען לויט די אידעאָלאָגן פון אָט־דער באַוועגונג — ענן בן דוד איז געווען דער אָנפירנדיקער צווישן זיי — אַז צו שטאַרק איז זיך פונאַנדערגע־וואַקסן צווישן פאָלק די מינדלעכע טראַדיציע, וואָס איז איבערגעגאַנגען פון דור צו דור, און צופיל וויכטיקייט ווערט אָפּגעגעבן צו יענע דיקע בענדער, וואו די דאָזיקע טראַדיציע ווערט אַרויסגעבערענגט און דערקלערט. זינט די גאָר־פריִע צײַטן האָבן צוזאַמען מיטן תנ"ך, און די לערע, וואָס איז אין אים פאַרצייכנט — תורה שבכתב, די תורה אין שריפט, ווי זי איז אָנגערופן געוואָרן — זיך אַנטוויקלט געזעצן און געבאָטן, וואָס הגם מען האָט זיי נישט גלײַך געהאַלטן פאַר נויטיק צו פאַרשרײַבן, האָבן זיי דאָך געוואוינען אומגאַנג צווישן פאָלק, און אין זייער גילטיקייט האָט קוים עמעצער געוואָגט צו צווײַפלען. ווי תורה שבעל פה — די מינדלעכע תורה — איז אָט־דער טייל פון ייִדישקייט געווען באַקאַנט. ייִדישקייט, האָט מען געזאָגט, זענען ביידע לערעס, סײַ די, וואָס איז פאַרצייכנט אויף די פּאַרמעטן, סײַ די, וואָס גייט איבער פון תּקופה צו תּקופה פון "אויסנווייניק". אפילו, ווען מיטן לויף פון די יאָרהונדערטער איז אויך דער אויסנווייניקסטער טייל פון ייִדישקייט, ענדלעך אַרײַנגענומען געוואָרן אין דער שריפטלעכער ליטע־

ראַטור, איז זײַן נאָמען פֿאַרט נישט געענדערט געוואָרן. ריידנדיק וועגן דעם אינהאַלט פֿון די תּלמוד־בענדער, וואָס זייער ענדגילטיקע רעדאַקציע האָט זיך פֿאַרענדיקט אומגעפֿער אין זיבעטן יאָרהונדערט, האָט מען דערקלערט, אַז אין זיי ווערט באַהאַנדלט אויספּירלעך די טראַדיציע, וואָס יעדער דור האָט איבערגענומען פֿון פֿריִערדיקן דור.

אין דער אידעאָלאָגיע פֿון דער פֿרישער באַוועגונג, וואָס איז אַנטשטאַנען, האָט זיך געזאָגט: "מיר וואַרפֿן אָפּ בכלל די גילטיקייט פֿון די מינדלעכע טראַ־דיציעס, וואָס זענען אָנגעוואַקסן אין ייִדישקייט. מיר האַלטן, אַז בלויז דאָס, וואָס איז פֿאַרשריבן געוואָרן אין תּנ"ך, פֿאַרדינט באַטראַכט צו ווערן ווי דער ייִדישער פֿאַרפֿליכטנדיקער לעבנס־שטייגער". קאַראַאימער — האָט זיך גערופֿן די דאָזיקע סעקטע. פֿון די וואָרצלען פֿון דער דאָזיקער באַצייכענונג רעדט אַרויס דאָס העברעאישע וואָרט: מקרא, וואָס מען האָט באַנוצט פֿאַרן תּנ"ך, און וואָס באַדײַט: די ספֿרים, וועלכע עס איז מעגלעך געווען צו לייענען זינט די אורצײַטן פֿון דער ייִדישער אומה. בלויז אָט־די ספֿרים, הייסט עס, דאַרפֿן אָנגענומען ווערן ווי די גרויסע און פֿאַרהייליקטע קולטור־מאָנומענטן דורך אַלע שיכטן פֿון פֿאָלק.

ווי שטאַרק די ייִדישע געשיכטע, און אויך די לאָגיק, זאָלן זיך נישט האָבן אַנטקעגנגעשטעלט אָט־דעם פֿאַלשן צוגאַנג צו ייִדישקייט, האָט ער פֿאַרט באַוויזן אַרײַנצודרינגען אין פֿאַרשידענע ישובים אין מיטעלן מזרח. נישט בלויז אין בבל, נאָר אויך אין עגיפּטן, וואו עס האָט געלעבט אַ צאָלרײַכע ייִדישע באַפֿעלקערונג, און אין די דערבײַאיקע לענדער, האָבן זיך געשאַפֿן גרופּעס, וועלכע האָבן אָנגע־נומען די נײַע שיטה, וואָס האָט זיך אַרויסגעשיילט, און געזוכט פֿאַר זיך אַלץ פֿרישע אָנהענגער. אויך אינטעלעקטואַלן האָבן זיך באַגײַסטערט פֿאַר איר. וואָס אַמאָל הילכיקער זענען זיך פֿונאַנדערגעגאַנגען די שטימעס: צו שווער איז די לאַסט, וואָס איז אַרויפֿגעוואָרפֿן געוואָרן אויפֿן ייִדישן מענטש דורך דעם תּלמוד און זײַנע גרינדער און לערער; צו שטאַרק קאָמפּליצירט איז געוואָרן דאָס ייִדישע לעבן דורך די פֿאַרשידנסטע אויסטײַטשונגען און קאָמענטאַרן. לאָמיר זיך אומקערן צום חומש, צו דער תּורה, מיט וועלכער מען קען זיך פֿולשטענדיק צופֿרידן־שטעלן.

מען האָט אַזוי געזאָגט, הגם אויך די דאָזיקע טענה, אַז דער תּלמוד האָט מכלומרשט "פֿאַרשווערט" פֿאַר אַ ייִד דאָס זײַן אַ ייִד, איז ווײַט נישט געווען קיין ריכטיקע, און עס האָט פֿון איר אַרויסגעשריִען די דעמאַגאָגיע. די קאַראַאימער, צופּאַסנדיק זיך צו דעם גענויעם טעקסט פֿון די תּנ"ך־שריפֿטן, זענען געזעסן שבת אײַנגעאַנצן אין דער פֿינסטער. זייער אַרגומענט איז געווען, אַז אָט ווערט דאָך געזאָגט אין חומש אַז מען טאָר נישט אָנצינדן קיין פֿייער שבת (לא תבערו אש בכל מושבותיכם ביום השבת — שמות לה, ג). און דאָס איז נאָר איין בײַשפּיל פֿון אַ סך.

בײַ דער פּרימיטיווער קאָמוניקאַציע, וואָס איז געווען כאַראַקטעריסטיש פֿאַר

דער וועלט אין מיטלאַלטער, איז דאָך די ידיעה וועגן דעם ריס, וואָס איז אַרײַנגעטרעטן אין די ייִדישע קיבוצים ״אין דער אַלטער היים״, דערגאַנגען צום אויפגייענדיקן אַשכּנזישן ישוב. די ערשטע אַשכּנזישע פֿאַמיליעס, הגם זיי זענען געווען באַלאָדן מיט כלערליי שווערע דאגות און פּראָבלעמען און מיט אַלערליי ווייען פֿון צופּאַסן זיך צו די נײַע פֿאַרהעלטענישן, האָבן געהאַלטן פֿאַר נויטיק צו זאָגן אויך זייער וואָרט אין דער אָנגייענדיקער פּאָלעמיק. איינער אַ מיטגליד פֿון די פּיאָנערן־משפּחות, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין מײַנץ, ר׳ משולם בן קלונימוס, האָט זיך געוואָנדן מיט אַ לענגערן בריוו צו דער קהילה אין ביזאַנץ, צו איר זיך־אָרט אין סטאַמבול, און געליפֿערט אַרגומענטן אָפּצוּוואַרפֿן די טענות פֿון דער קאַראַאימער־לערע. אין פֿראַגמענטן פֿון דאָזיקן בריוו, וואָס האָבן זיך אויפֿגעהיטן, וואונדערט זיך דער ייִד פֿון אַשכּנז, פֿאַרוואָס די מזרח־ייִדן זענען אַרײַנגעפֿאַלן אין אַזאַ העזעלטקייט און הילפֿלאָזיקייט, און זענען געוואָרן צעטומלט פֿון דער אַגיטאַציע, וואָס ווערט געפֿירט מצד די קאַראַאימער. נישט בלויז לומדות און באַהאַוונטקייט אין ייִדישער קוועלן באַווײַזט דער אַשכּנזישער וואָרטזאָגער, נאָר מען פֿילט אויך, ווי שטאַרק ער איז פֿאַרזאָרגט צוליב דער סעקטע, וואָס האָט אַרויסגערופֿן אַ שפּאַלטונג אין דער ייִדישער מחנה, און באַדראָט דעם ייִדישן קיום. מען דאַרף צו זיי ריידן, צו די פֿאַרשוינען פֿון דער סעקטע — שרײַבט ער — אַז זיי קלײַבן אָן טעותים אויף טעותים. מען דאַרף זיי אָפּענטפֿערן, אַז אויך די ייִדישע מינדלעכע טראַדיציע האָט געהאַט איר אָנהייב אין סיני; און אַז אויך די באַגריפֿן, וואָס זענען נישט גלײַך פֿאַרצייכנט געוואָרן אין חומש, זענען פֿאַרהייליקט בײַ ייִדן זינט אונזער פֿריִען בראשית. פֿון מרחק פֿון יאָרהונדערטער בליצט אַרויס צו אונז דער פּאָלעמישער טאַלאַנט, און עס שטראָמט דאָס הייסע ייִדישע געפֿיל, פֿון דאָזיקן מיטגליד פֿון דער קלונימוס־משפּחה.

מ׳קאָן זיך וואונדערן, וואָס גראָד אַ ייִד פֿון דער רהײַן־געגנט האָט געהאַלטן פֿאַר נויטיק זיך אַרײַנצומישן אין וויכוח. אויך מיטגלידער פֿון אַנדערע פּיאָנערן־משפּחות פֿון אַשכּנז זענען נישט געבליבן שטיין פֿונדערווײַטנס, און געוואָרנט קעגן דער דראָענדיקער געפֿאַר. אין דער זעלבער צײַט, און שפּעטער, האָבן אָנערקענטע אויטאָריטעטן אַנטוויקלט אַ שאַרפֿע דעבאַטע קעגן די קאַראַאימער, צווישן זיי די באַרימטע רב שרירא, רב סעדיה, די גרויסע ערודיטן צווישן די גאונים פֿון יענע צײַטן. די פֿאַרשער פֿון דער ייִדישער פֿאַרגאַנגענהייט קענען גאָרנישט קומען צו קיין הסכּם, צי האָבן די ייִדן אין ביזאַנץ טאַקע זיך געוואָנדן אַזש צו די דעמאָלט בעצם אומבאַקאַנטע ייִדן אין דער רהײַן־געגנט אָנפֿרעגנדיק זיך בײַ זיי, ווי אַזוי אָפּצוּוואַרפֿן די טענות פֿון דער אויפֿשטייגנדיקער קאַראַאימער־סעקטע. ווי עס ווײַזט אויס, איז גאָר אַזאַ אָנפֿראַגע נישט געקומען. פֿון זייער אייגענער איניציאַטיוו האָבן די רהײַן־ייִדן געשיקט דעם בריוו, וועלכער געפֿינט זיך, אַגב, הײַנט־צו־טאָג אין די אַרכיוון פֿון וואַטיקאַן אין רוים.

גאָר פרי האָט אַרויסגעשפּראָצט דער שטריך ביַי די אַשכּנזים: פאַראַנטוואָרט־לעכקייט־באַוואוסטזיַין פאַרן המשך פון פאָלק. די ערשטע משפּחות — און שוין האָבן זיי זיך געפילט ווי די שליחים פון דער גאַנצער אומה. ס'איז אוממעגלעך צו בלעטערן די כראָניק פון יענע וויַיטע תקופות, און נישט באַהערשט צו ווערן פון איַינדרוק, אַז אייגנטלעך האָבן זיי זיך באַטראַכט ווי' משולחים, וואָס זיי איז אָנגעטרויט געוואָרן אויסצופירן אַ היסטאָרישע מיסיע. אויב מען וויל זיך דער־גרונטעווען, פון וואַנען האָבן י. ל. פּרץ, ש. אַנסקי, א. וויַיטער, צי אַפילו ש. י. עגנון גענומען זייערע מיסטעריעזע אומפאַרגעסלעכע משולחים־געשטאַלטן — און געוואוסט זיי צו פירן איבער כלערליי שטרויכלונגען און אבן־נגפס — פאַרעקשנטע, אין וועג צו זייער שליחות, מוז מען אָנקומען צו די מיטגלידער פון די ערשטע אַשכּנזים־משפּחות. מענטשן פון פאָלק, "ייִדן פון אַ גאַנץ יאָר", און וואָסער שטאָל־און־איַיזערנער שליחות־געוויסן!

אַן אַנדערע אייגנשאַפט, וואָס וואַרפט זיך אין אויג אין אַנטרעף מיט די ערשטע אַשכּנזישע משפּחות, איז: זייער ענטוזיאַזם פאַר אידעאַלן. מען קען נישט זאָגן, אַז דאָס האָט די סביבה זיי אינספּירירט דערצו, וויַיל די סביבה איז געווען פּרימיטיוו. די גערמאַנער־שבטים זענען ערשט נאָר־וואָס געהאַט אַרויסגעגאַנגען פון זייער באַרבאַרישן מצב. אַפילו דאָס קריסטנטום, וואָס זיי האָבן אָנגענומען, האָט נישט קיין סך געהאָלפן, אַז זיי זאָלן מיטאַמאָל אַפּוואַרפן זייערע אַלטע געוואוינהייטן. אָבער ייִדן האָבן געשאַפן זייער אייגענעם אינזל, וואו אידעאַלן האָבן געוואונען די אויבערהאַנט און דעצידירט אין טאָג־טעגלעכן לעבן. מיט דער זעלבער דערשיַינונג באַגעגענען מיר זיך אין פּלוג, צווישן די ייִדן, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין שפּאַניע. אויך דאָרט אַהין האָבן די ייִדישע איַינוואוינער מיטגעברענגט די צוגעבונדנקייט צו אַלטע ייִדישע באַגריפן, אַ צוגעבונדנקייט, וואָס איז אויס־געקומען פאַר די וויזיגאָטן — די דעמאָלטדיקע איַינוואוינער פון שפּאַנישע פּראָווינצן — צו זיַין "מאָדנע" און "אומפאַרשטענדלעך". אָבער אין ספרד — אַזוי ווי ייִדן האָבן אָנגערופן שפּאַניע — איז דער פּראָצעס ביז וואַנען די אידעאַלן זענען אַריַינגעדרונגען צווישן אַלע שיכטן פון פאָלק, געווען אַ לאַנגדויערנדיקער. נאָך אין עלפטן יאָרהונדערט האָט דער דענקער און דיכטער פון מאַלאַגאַ שלמה איבן גבירול זיך געקלאָגט, אַז ער איז אַליין מיט זיַינע שטרעבונגען, און עלנט מיט זיַינע אידעאַלן. "אַליין אין דער וועלט, וואָס ער וואַרעמט אויס אין זיַין האַרץ". אין אַשכּנז דאַקעגן האָבן שוין די פּיאָנערן־פאַמיליעס זיך אָפּגעגעבן מיט גיַיסטיקן שאַפן, מיט אידעאַלן, וואָס האָבן אַריבערגעשפּריַיזט די ענגקייט פון די אומ־שטענדן, און, צום שטוינען, זיך געווידמעט זאַכן, וואָס האָבן צו טאָן מיט אינטעלעקט און גיַיסט. פאַרטאָן ווי זיי זענען געווען אין דאגות פּרנסה, און אין די פּראָבלעמען, וואָס דאָס באַזעצן זיך אין אַ פרעמדער סביבה, האָט אַרויסגערוקט, האָט מען זיי

דאָך געזען, ווי זיי פֿאַרוועבן זיך אין אידייען און אידעאַלן, וואָס האָבן, לויט זיי, ערשט געגעבן אַ העכערן ווערט זייערע טאָגטעגלעכע האַוועניִשן, און אַרײַנגעבּרענגט אין זיי אינהאַלט, פֿאַר וועלכן עס איז כּדאַי אַפֿילו צו לײַדן.

געוויינלעך פֿאַנגט מען אָן די געשיכטע פֿון אַשכּנזישן ייִדנטום מיט רבינו גרשום, דער איינוואוינער פֿון מײַנץ, מיט רש״י, וואָס האָט אַ סך יאָרן פֿאַרבּרענגט אין וואָרמס און אין טרואַ, אין שכנות מיט די גערמאַנער און פֿראַנקן־שבטים; אָבער נאָך פֿריִער האָט דער אָנפֿאַנגענדיקער ישוב פֿון די אַשכּנזים אַרויסגעגעבן דענקער, געלערנטע, באַגײַסטערטע דיכטער. מיטגלידער פֿון דער אויבנדערמאָנטער קלונימוס־פֿאַמיליע האָבן אין זייערע שאַפֿונגען געשילדערט די וואונדערפֿולע ייִדישע פֿאַרגאַנגענהייט אין ארץ־ישראל, און יאָרהונדערטער פֿאַר יהודה הלוי פֿון טאָלעדאָ אויסגעדריקט זייער בענקשאַפֿט צו ירושלים און צו דער פּראַכט, וואָס איז דאָרט געווען אויסגעגאָסן אויפֿן ייִדישן לעבן; מיטגלידער פֿון דער הלוי־משפּחה אויפֿן רהײַן, און נישט קיין קרובים פֿון יהודה הלוי, האָבן זיך פֿאַרטיפֿט אין די סודות פֿון אוניווערס, און אין די ענגע, געשלענגלטע געסלעך פֿון וואָרמס, האָט זייער בליק זיך אַרויפֿגעהויבן צו די הויכקייטן פֿון קאָסמאָס; זין פֿון די בן־שמשון און הכהן פֿאַמיליעס אין שפּײַער האָבן דווקא אָנגעהאַלטן אין ציִען די קייט פֿון לומדות, און געמאַכט הערצאַישע אָנשטרענגונגען, אַז זי זאָל נישט איבער־געריסן ווערן. מען האָט נאָר־וואָס באַוויזן אויפֿצושטעלן די געצעלטן — שרײַבט אין זײַן כראָניק שלמה בן שמשון — און שוין, האָבן אונזערע געלערנטע אויס־געלייגט פֿאַר אונז און אונזערע קינדער די טראַדיציעס, מנהגים, און געבאָטן, וואָס האָבן דורך אונז באַדאַרפֿט אָפּגעהיטן ווערן...

מען שטוינט עד היום פֿאַרוואָס די צאָל מאַראַנען איז צווישן אַשכּנזישע ייִדן געווען אַ פֿאַרהעלטנישמעסיק־נישטיקע אין פֿאַרגלײַך מיט זייער צאָל צווישן די ספֿרדים אין שפּאַניע. דאָס הייסט, אַז ווען אומגליקן זענען אַראָפּגעפֿאַלן, און אויף ייִדן איז אַרויפֿגעצוואונגען געוואָרן די גזירה פֿון שמד, האָט בלויז אַ גאָר קליינער טייל אָנגענומען די ״ברירה״, וואָס איז זיי געגעבן געוואָרן. די איבער־וויגנדיקע מערהייט — כּמעט אַלע — האָבן אויסגעקליבן דעם וועג פֿון קידוש־השם, מען האָט צומאָל אין רוב פֿאַלן נישט געוואַרט, אַז די אַכזריותדיקע אָנפֿאַלער, די רוצחים — אין יענער צײַט די אַזויגערופֿענע קרייצריטער — זאָלן דאָס טאָן. מען האָט זיך פֿאַרזאַמלט אין די שולן און בתּי מדרשים. אָדער אין שטאָט־זאַלן, וואו זיי זענען צונויפֿגערופֿן געוואָרן כּדי צו געבן זייער ענטפֿער צו די אַלטער־נאַטיוון, וואָס זענען פֿאַר זיי געוואָרן געשטעלט, און מען האָט זיך אַליין אויס־געקוילעט, מענער, פֿרויען, קינדער... מען איז פֿול מיט פֿאַרוואונדער: ווי אַזוי איז אַרײַנגעדרונגען אין אַלעמען, רײַכע און אָרעמע, מיוחסים און איינפֿאַכע מענטשן פֿון המון, די גרייטקייט צו די אַקטן פֿון קידוש־השם, וועלכע שטײַגן איבער יעדע פֿאַנטאַזיע?

דער אָריַינבליק אין לעבנס־שטייגער פון די פּיאָנערן־משפחות גיט אונז דעם באַשייד. מען האָט אויפן יסוד פון אידייען און אידעאַלן אָוועקגעשטעלט די ייִדישע געזעלשאַפט אין מיַינץ, וואָרמס, שפּיַיער, און אין דערבײַיקע מקומות; מען האָט אין קינדער איַינגעפּלאַנצט דאָס געפיל, אַז קרבנות־גרייטקייט איז דער לעבנס־וועג. דאָס איז געווען דער אלף־בית פאַר ייִנגלעך און מיידלעך. די עטישע ספרים, וואָס זענען אין די שפּעטערדיקע דורות געשריבן געוואָרן אין די אַשכּנזישע ישובים, האָבן בעצם געשילדערט אַ לעבנס־שטייגער, וואָס האָט זיך איַינגעשטעלט צווישן זיי זינט זייער בראשית. ווען ר׳ משה מקוצי, אַן אַנפירנדיקע פּערזענלעכקייט פון אַשכּנזישן קיבוץ, האָט זיך אָוועקגעלאָזט אין יענער תּקופה קיין שפּאַניע כּדי זיך צו באַקענען מיטן דאָרטיקן ייִדישן ישוב, האָט ער גאָרנישט געקענט צו זיך קומען אַנטרעפנדיק זיך אויף די אונטערשיידן צווישןביידע טיילן פון פאָלק. וואָסער טיפער פונאַנדערטייל -- האָט ער אויסגערופן -- וואָסערע אָפּגעזונדערטע השקפות! אין אַשכּנז ווייסט מען, אַז אַ לעבנס־שטייגער איז פאַרפליכטנדיק, און מען איז גרייט אים צו פאַרווירקלעכן, און ברענגען פאַר אים קרבנות!...

די באַגריפן, איבער וועלכע עס פאַרטראַכט זיך, און אין וועלכע עס פאַרטיפט זיך ר׳ מאיר פון ראָטענבורג — אַ מאַרטירער־פּערזענלעכקייט פון יענע מיטל־אַלטער־צײַטן — אין דער דראַמאַטישער פּאָעמע פון ה. לייוויק, וואָס טראָגט דעם זעלבן נאָמען, זענען נישט קיין פּראָדוקט פון דער פאַנטאַזיע פון דיכטער. אַזוי האָט דאָס טאַקע פּאַסירט. ר׳ מאיר פון ראָטענבורג איז איַינגעזעצט געוואָרן אין דער פעסטונג אין ענסינהיים, אין אויבערשטן־עלזאַס, און וואָלט ער נאָכגעלאָזט עטוואָס פון זיַינע פּרינציפּן, וואָלט ער אַרויסגעלאָזט געוואָרן אויף דער פריַי. אָבער ער האָט נישט מסכּים געווען נאָכצוגעבן. דאָס פּראָבלעם, וואָס האָט אים באַשעפטיקט אין די ענדלאָזע שעהען פון פּיַין און יסורים, אַזוי ווי דאָס איז אויף אַ רירנדיקן אופן געשילדערט ביַי ה. לייוויק, איז געווען: ווי אַזוי דאַרף אַ ייִד זיך פירן, ווען ער שטייט פאַר דער דערהויבנקייט פון קידוש־השם, און ווי שטאַרק קען זיַין זיַין אויסדויער, ווען ער דאַרף אָפּגעבן דאָס לעבן פאַר זיַין אידעאַל?

בלי־ספק האָבן פאַר דעם אַשכּנזישן גרויסן לערער אין דער פעסטונג אין ענסינהיים דעמאָלט געשוועבט פאַר די אויגן יענע שורות אין די דערשיטערנדיקע שאַפונגען פון ר׳ שמעון בן יצחק, אין וועלכע עס זאָגט זיך: „זיי, די שונאים, וואַרפן זיך אויף אונז מיט זייערע פערד און וועגענער, מיט זייערע פּאַנצערס און מיט זייער וואָפן, אָבער מיר, די רעשטן פון פאָלק, האַלטן זיך אָן פעסט אין אונזער גלויבן״...

די גײַסטיקע שאַפונג פון די ערשטע אַשכּנזישע משפחות האָט געפונען איר אויסדרוק בעיקר אין לשון קודש, ייִדיש־לשון האָט זיך ערשט געפונען אין איר אויפשפּראָץ. אָבער מען האָט אויך געשריבן אין אַראַמעאיש; און דאָס, נישט בלויז דערפאַר, וויַיל מען האָט אַביסל פון דער אַראַמעאישער שפּראַך מיטגעבראַכט פון

"דער אַלטער היים", אָדער ווײַל אַראַמעאיש איז די שפּראַך פון דער גמרא, און קינד און קייט — צו להכעיס די קאַראַאימער — האָבן מיט ברען געלערנט די מסכתות פון תלמוד, הגם דאָס בלויזע פאַרשאַפן זיך די בענדער, איז דעמאָלט — לאַנג איידער דער דרוק איז דערפונדן געוואָרן — געוועזן ווײַט נישט צוטריטלעך — נאָר ווײַל אַראַמעאיש איז באַטראַכט געוואָרן ווי די שפּראַך פון סוד. די קאַפּיטלען אין תנ"ך־ספר דניאל, וואו עס איז די רייד וועגן דעם סוד פון ייִדישן אויסלייז, זענען געשריבן אין אַראַמעאיש. און די אויפגייענדיקע אַשכּנזישע משפּחות זענען געווען פאַרשפּינט אין געדיכטן סוד פון דער אַנגעברייטער ייִדישער גאולה.

מאָדנע איז, וואָס אין אונזער צײַט ווערט יעדער פּרווו אונטערצושטרײַכן דאָס פּאָזיטיווע און קאָנסטרוקטיווע, וואָס אַשכּנז האָט אַרײַנגעבערענגט אין דער ייִדישער געשיכטע, געסטעמפּלט ווי "טענדענציעז". אַזוי איז דאָס נישט געווען, לאָמיר זאָגן, אין פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט. לאָמיר ציטירן, זאָל זײַן אייניקע זאַצן, פון די שריפטן פון אַזעלכע וואָגיקע פאָרשער און ערודיטן, ווי שלמה יהודה ראַפּאָפּאָרט (באַקאַנט ווי שי"ר) און שמואל דוד לוצאַטו (באַקאַנט ווי שד"ל). ראַפּאָפּאָרט האָט געשריבן: "נישט סתם שייגע און קרעפטיקע שאַפונגען זענען אונז פאַרבליבן פון יענער אַשכּנז־תקופה, נאָר איינציקאַרטיק־האַרציקע געשפּרעכן, איינציקאַרטיק־האַרציקע אויסגעשרייען"... צו דעם האָט צוגעגעבן לוצאַטו: "אָן שום ספק באַגײַסטערן שטאַרקער די שאַפונגען פון די אַשכּנזים פון יענע צײַטן ווי די ספרדישע... זיי פליסן אַרויס פון האַרץ און דרינגען אַרײַן אין האַרץ, לאָזן איבער צייכנס אין דער נשמה, הייבן אונז אויף איבער דער מאַטעריע און העכער ווי אונזערע קערפּערלעכע באַדערפענישן און בייגונגען"...

אין לעצטן יאָרצענדליק פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, בײַ די איצט־בלאָזנדיקע ווינטן און דאָמינירנדיקע טענדענצן, בלײַבט צו צווייפלען, אויב עמעצער וועט וואַגן אַרויסצוקומען מיט אַזעלכע דערקלערונגען אין דער עפנטלעכ־קייט. לאָמיר צוגעבן מיט דער פולער גענויקייט וואו די ציטירטע שטעלן זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן (שי"ר — ביכורים העתים, ח, תקפ"ח; שד"ל — איגרות, חלק ג).

דאָס פרײַער־גענזאָגטע שעפּט אייגנטלעך נישט אויס די פולע כאַראַקטעריסטיק פון די ערשטע אַשכּנזישע משפּחות און זייער בײַטראַג צו דער אויספאָרמירונג פון דער אַשכּנזישער פּסיכיק. מען האָט שוין דאָ זיך אָנגעטראָפן בײַ זיי אויף אַ שטאַרק־אַנטוויקלטן כּלל־ישׂראל באַוואוסטזײַן; זיי האָבן אין סאַמע באַגינען פאַרשטאַנען, ווי וויכטיק עס איז צו אָרגאַניזירן אַן אַקטיווע און טעטיקע קהילה אַפילו אין קלענסטן ייִדישן ישוב, און זיי האָבן נישט געקאַרגט קיין כּוחות און אָנשטרענגונג אַרײַנצוטרעטן אין איר אַלע פונקציעס, וואָס דאַרפן ווירקן אין ייִדישן לעבן; זיי האָבן אָוועקגעשטעלט די דערציאונג פון אַלע אָן אויסנאַם אין

צענטער פון זייערע טעטיקייטן, און די באַגריפן פון אַ ייִדישער געזעלשאַפט, וואָס איז פאַרטאָן אין לערנען, פון יונג און אַלט, קליין און גרויס, וואָס דער ספר איז זייער נאַרונג — באַגריפן, וועלכע זענען דערגאַנגען צו פולער רײַפקייט צווישן ייִדן אין מזרח־אייראָפּע — זענען אויפגעגאַנגען שוין מיט צוועלף הונדערט יאָר צוריק, בײַ די פּיאָנערן־משפחות; זיי האָבן זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ טיפער בענקשאַפט צו אויסלייז, און פאַרבונדן דעם אויסלייז מיט דעם אויפלעב פון דער ייִדישער זעלבשטענדיקייט אין ארץ־ישראל. דאָס היסטאָריש־ייִדישע לאַנד איז דאַן איבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט, פון מאַכט צו מאַכט, פּערסער, מוסולמענער, קריסטן — אָבער פאַר די אַשכּנזישע משפחות אויף די ברעגן פון רהײַן איז דאָס געווען דאָס ייִדישע לאַנד, די הייליקע ערד פון ייִדישן נעכטן און אויך פון ייִדישן מאָרגן. ווי עס ווערט באַשטימט מיט זיכערקייט, איז זייער העברעאישע אויסשפּראַך געווען די אַשכּנזישע. די אויסשפּראַך, וואָס איז אַנגעגאַנגען אין ארץ־ישראל.

אין די שאַפונגען פון די פּיאָנערן־משפחות רעדט זיך אַ סך וועגן „ייִדישן וואונדער". אָבער דער אמת איז, אַז אַ וואונדער זענען זיי אַליין, די ערשטע משפחות, וועלכע האָבן געגעבן דעם אָנהייב צום אַשכּנזישן ייִדנטום, מיט צוועלף הונדערט יאָר צוריק.

# דער גײַסטיקער אומרו פֿון אַשכּנזישן ייִדנטום דורך דורות

וואָס טיפֿער מען פֿאַרטראַכט זיך איבער די אייגנטימלעכקייטן, וועלכע זענען כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דעם אַשכּנזישן ייִדנטום אין די צוועלף הונדערט יאָר פֿון זײַן געשיכטע, וועלכע זענען אָפּגעלאָפֿן ביזן הײַנטיקן טאָג, מוז מען קומען צום אויספֿיר, אַז דער גײַסטיקער אומרו איז בלי־ספֿק דער שטריך, וואָס פֿאַרדינט גאָר שטאַרק אַרויסגעהויבן צו ווערן. דער גײַסטיקער אומרו, וועלכער האָט אין לויף פֿון די צײַטן, און אין דער כּסדרדיקער אַנדערשקייט פֿון די פֿאַרהעלטנישן, אַנגענומען פֿאַרשידענע פֿאָרמען, אָבער וואָס האָט גאַרנישט פֿאַרלוירן פֿון זײַן דראַנג און אימפּעט. דער גײַסטיקער אומרו, צו וועלכן מען קען קוים געפֿינען אַ גלײַכן אין מענטשלעכע קאָלעקטיוון.

ער האָט זיך באַשײַנפּערלעך אויסגעדריקט בעיקר אין דעם ווילן און אַנטשלאָסנקייט פֿונאַנדערצוטראַגן איבער גאָר דער ייִדישער וועלט די ווערטן, צו וועלכע דאָס אַשכּנזישע ייִדנטום האָט צוגעשריבן אַן ערשטראַנגיקן באַדײַט אין דעם קיום פֿון פֿאָלק. מען האָט זיך ווײַט נישט באַגנוגנט דערמיט, וואָס די דאָזיקע ווערטן זענען אָנערקענט געוואָרן ווי וויכטיקע אין די און יענע אייגענע ישובים, נאָר מען האָט געשטרעבט, אַז זיי זאָלן ווערן אַ באַשטאַנדטייל פֿון יעדן אַשכּנזישן קיבוץ, און ווי אַזעלכע באַטראַכט ווערן אויך דורך ייִדן אין אַלע ערטער, וואו זיי וואוינען. פֿאַרן דאָזיקן צוועק האָט מען אונטערגענומען רײַזעס צו נאָענטע און ווײַטע שטעט און לענדער, און געבראַנגט צו די ייִדישע קהילות נײַעסן וועגן אייגענעם לעבן, וואָס איז געפֿלאָסן; וועגן די אינסטיטוציעס, וואָס מען האָט אויפֿגעשטעלט; וועגן מנהגים און טראַדיציעס, וואָס האָבן זיך אײַנגעפֿונדעוועט; וועגן לעבנס־שטייגער, וואָס איז געוואָרן אויסגעבויט. מען האָט דערציילט, געשילדערט, און געזאָגט: אָט־אַזאַ איז דער וועג, וואָס מיר האָבן פֿאַר זיך אָפּגעקליבן, און עס איז כּדאַי זיך אַראָפּצולערנען פֿון אונדז. דאָס קען ברענגען גוטס און נוצן דעם גאַנצן פֿאָלק, וואָס איז צעזייט און צעשפּרייט.

בײַ דער פּרימיטיווקייט פֿון די קאָמוניקאַציע־מיטלען אין דער וועלט, וואָס האָט עקזיסטירט מיט העכער טויזנט יאָר צוריק — אין דער צײַט, ווען דאָס

אַשכּנזישע ייִדנטום האָט אַדורכגעמאַכט זײַן אויפשפּראָץ — איז ווײַט נישט געווען פּשוט אונטערצונעמען אָט אַזעלכע נסיעות. נישט פּשוט — פּאַקטיש אוממעגלעך — איז געווען איבערצושיקן נײַעסן. האָט זיך אין די אויפשטייגנדיקע אַשכּנזישע ישובים אַנטוויקלט בײַ איינצלנע, צי גאָר בײַ גרופּעס ייִדן, די פּריַיווילעקע גרייט־קייט אויסצופירן די שליחות. געטריבן פון געוואַלטיקן אינערלעכן אומרו, האָט מען זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן מיט דער אַנטשלאָסנקייט צו דערגרײַכן אַמאָל צו נאָענטע, אַמאָל צו ווײַטע קהילות. געפערלעכע זענען געווען די וועגן. מיט שווע־ריקייטן, אומגעוויינלעכע און קאָמפּליצירטע, איז געווען פאַרבונדן אַזאַ "אונטער־נעמונג". מען האָט צומאָל נישט געוואוסט, אויף ווי לאַנג מען פאָרט, און צי וועט מען זיך דאַרפן שלעפּן אונטערוועגס לאַנגע וואָכן, חדשים, אָדער אַפילו יאָרן. אָבער מען האָט זיך נישט אָפּגעשראָקן. וויכטיקער ווי די אייגענע מנוחה און זיכער־קייט, ווי דאָס פאַרבלײַבן אין צירקל פון דער פאַמיליע, איז געווען — די שליחות.

פאַרשידענע נעמען האָבן אָנגענומען אָט די שליחים אין די צוועלף הונדערט יאָר פון נוסח־אַשכּנז. סתּם ווי קהלשע שליחים זענען זיי באַקאַנט געווען גאָר אין אָנהייב. דערנאָך האָט מען זיי גענומען רופן: מגידים, וואַנדערנדיקע מגידים. דורך הונדערטער יאָרן, בײַ אַלערליי געענדערטע אומשטענדן, האָט מען געקענט באַגעגענען די וואַגלענדיקע משולחים־מגידים אין פאַרשידענע ווינקלען פון דער ערד. פאַר זיי האָבן נישט עקזיסטירט קיין מרחקים. שוואַך ווי זיי זענען געווען פיזיש, און אָרעם־דערנערט, זענען זיי דערגאַנגען "ביז עק וועלט". די לעגענדע האָט זיי צוגעשריבן סודותדיקע כּוחות, דורך וועלכע זיי האָבן געהאַט די מעגלעכ־קייט זיך צו באַוועגן און איבערטראָגן פון אָרט צו אָרט. איבערערדישע עלעמענטן האָבן, לויט דעם אומגייענדיקן פאָלקלאָר, "אינטערווענירט" אין זייערע וואָגלענישן. אַזוי פאַנטאַסטיש האָט זיך אויסגעוויזן צו זײַן דער גײַסטיקער אומרו, וועלכער האָט געשטויסן און געטריבן — און הערט כּסדר נישט אויף צו שטויסן און טרײַבן — דאָס אַשכּנזישע ייִדנטום אין זײַן אַנטשידענעם געשיכטלעכן וועג!

ווען געווען האָבן אָט די איינצלנע, אָדער גרופּעס שליחים, אָנגעהויבן צו ווירקן אין די אויפגייענדיקע אַשכּנזישע ישובים, איז אייגנטלעך שווער צו באַשטימען. מען מוז געדענקען, אַז קהל־שליחים האָבן אין דער תּלמודישער תּקופה אויס־געפירט רעליגיעזע אָדער סאָציאַלע פונקציעס. מיטן אויפוואוקס פון די אַשכּנזישע ישובים האָבן אָבער זיך קאָמפּליצירט זייערע אויפגאַבן, און זייער וויכטיקייט איז געשטיגן. עס האָט זיך אויך פאַרגרעסערט די צאָל.

צוזאַמען מיטן חוש פאַר פּראַקטישקייט, וואָס די ייִדן אויף די ברעגן פון רהײַן און אין צפון־פראַנקרײַך, די פּיאָנערן פון אַשכּנזישן ייִדנטום, האָבן פאַרמאָגט — זיי זענען על פּי רוב געווען סוחרים פון גרויסן פאַרמאָט, און זיך באַשעפטיקט מיט אינטערנאַציאָנאַלן האַנדל — האָבן זיי געלעבט און געפּיבערט מיט אידעאַלן.

אַפילו שונאי־ישראל האָבן געמוזט אַנערקענען און מודה זײַן, אַז נישט אויף ברויט אַליין בויען די ייִדישע שכנים זייער עקזיסטענץ. אין די שריפטן פון באַרימטן סכאָלאַסטישן געלערנטן פון מיטלאַלטערלעכן פראַנקרײַך, אַבעלאַרדוס, און זײַנע תּלמידים, קען מען לייענען, אַז אין קעגנזאַץ צו די קריסטן, וואָס די מאַטעריאַליס־טישע אויסרעכענונג דעצידירט אין די שריט, וואָס זיי מאַכן, שלאָגט זיך בײַ ייִדן אַרויף אויפן ערשטן פּלאַץ, דער גײַסטיקער אידעאַל, און זיי שטעלן זיך נישט אָפּ פאַר קיין שום קרבנות, אין נאָמען פון זייערע אידעאַלן . . .

און, ווי געזאָגט, אַ גאַר וויכטיקער אידעאַל, איז פאַר די דאָזיקע ייִדן געווען: פונאַנדערטראָגן צווישן אַנדערע ייִדישע ישובים דעם לעבנס־שטייגער, וואָס זיי האָבן בײַ זיך אײַנגעשטעלט. וואוהין זענען זיי אַלץ נישט דערגאַנגען מיט אָט דעם ציל! וואוהין אַלץ האָבן זיי נישט דערגרייכט! מען האָט זיי געקענט באַגעגענען אין די קריסטלעכע מדינות; אין די מוסולמענישע קאַליפאַטן; אין די געצנדינערישע מלוכות און פּירשטנטומס. אומעטום וואו ייִדן האָבן נאָר אויפגעשטעלט זייערע געצעלטן, האָבן פריער אָדער שפּעטער, זיך באַוויזן אָט די משולחים־מגידים פון אַשכּנז, און אויסגעשטרעקט די האַנט מיט אַ ברייטן שלום־עליכם; האָט דאָס געמעגט זײַן אויף די ברעגן פון דער ווײַסל, פון דער טעמז, צי גאָר פון ווײַטן דניעפּער.

נישט קיין וואונדער, אַז אין אָט דער אַטמאָספער, און אין אָט די פאַרהעלטע־נישן — האָט געוואונען חשיבות די דרשה. מען האָט געדאַרפט זיך פאַרשטעלן אין די ייִדישע ישובים צו וועלכע מען האָט דערגרייכט; מען האָט געדאַרפט דערציילן ווער מען איז, און צוליב וואָס מען איז געקומען; מען האָט געוואָלט אײַנשפּאָרן פון מוזן דערציילן דאָס יעדן איינעם באַזונדער; האָט מען צונויפ־געזאַמלט דעם קליינעם אָדער גרויסן עולם, זיך אָוועקגעשטעלט פאַר די צונויפ־געזאַמלטע, און געהאַלטן אַ דרשה, אין וועלכער מען האָט טאַקע אַרײַנגעפּלאָכטן אַביסל תּורה און תּורה־ווערטער, אָבער מען האָט בעיקר דערציילט, אַרויסגע־ברענגט מעשׂהס, עפּיזאָדן פון אייגענע דערפאַרונגען, און פון די דערפאַרונגען פון ציבור, פונוואַנען מען איז געקומען. מען האָט געוויקלט שטיקער כראָניק פון דער ייִדישער קעגנוואַרט . . . ווי שטאַרק די דרשה זאָל נישט האָבן געווען פּאָפּולער אין די פריִערדיקע צײַטן — סוף־כּל־סוף זענען דאָך די תּלמודישע מדרשים זאַמלונגען פון דרשות — בײַ דעם אַשכּנזישן ייִדנטום האָט זי אָנגענומען נײַעם, קרעפטיקן אויסדרוק, זי איז געוואָרן אַ שפּיגל פון אַקטועלן לעבן און אויך געוואָרפן אַן אָנדייט אין דער צוקונפט. אַפילו ווען מען האָט דאָס האַלטן דרשות נישט פאַר־וואַנדלט אין קיין פולער באַשעפטיקונג, האָט מען געוואוסט, אַז זי עפנט טיר און טויער צו דער ייִדישער וועלט; דורך איר געווינט מען אַרײַנגאַנג צום ייִדישן האַרץ. ווי מען רעכנט, איז טאַקע אין די אויפשפּראָצנדיקע אַשכּנזישע ישובים אָנגעשריבן געוואָרן דער צונויפזאַמל פון מדרשים, וואָס איז באַקאַנט אונטער דעם

נאָמען "ילקוט שמעוני", און וואָס האָט געוואונען שטאַרקע פּאָפּולערקייט אין דער ייִדישער גייַסטיקער קולטור.

האָבנדיק פֿאַר זיך די מאַטעריאַלן, אין וועלכע עס איז די רייד וועגן אויפשטייַג פון אַשכּנזישן ייִדנטום. באַקומט מען דעם אייַנדרוק, אַז צו האַלטן אַ דרשה איז געוואָרן די נייגונג, וואָס האָט אַרומגענומען יונג און אַלט. שוין ווען מען איז געווען אַ קינד, איז דאָס אַרייַנגעגאַנגען אין דעם דערציאונג־פּראָגראַם. אַ דרשה האָט מען געהאַלטן, ווען מען האָט אָנגעהויבן לערנען חומש, ווען מען איז געוואָרן בר־מצוה, ווען מען איז געוואָרן אַ חתן, ווען מען איז געשטאַנען אונטער דער חופּה. דער פֿאָלקס־אויסדרוק פֿאַר חתונה־מתּנות — דרשה־געשאַנק — זאָגט דערויף עדות. רש״י, וועלכער געהערט צו די ערשטע גדולים, וואָס דאָס אַשכּנזישע ייִדנטום האָט אַרויסגעגעבן, דערמאָנט אין זייַנע פּירושים, אַז ער האָט אַ סך געלערנט בייַ דעם דרשן, ר׳ משה. דרשות האָבן געהאַלטן די, וועלכע האָבן זיך פֿאַרנומען מיט שרייַבן די ראַנד־דערקלערונגען צום תּלמוד, וועלכע מיר רופֿן אָן "תּוספות". איינער פֿון זיי, פֿון דער שטאָט קוצי אין פֿראַנקרייַך — ר׳ משה מקוצי — שילדערט, ווי אַזוי ער האָט זיך אַוועקגעלאָזט קיין שפּאַניע, כּדי צו ברענגען צו די דאָרטיקע ייִדן, די ספרדים, דאָס וואָרט פֿון אַשכּנזישן ייִדנטום. דאָס איז געווען אַן אומפֿאַרגעסלעכער באַזוך — שטרייַכט ער אונטער. "די ערד האָט געציטערט אונטער די פֿיס"... אַלץ האָבן זיי געהאַט בייַ זיך, די ייִדן אין שפּאַניע: דענקער, געלערנטע, מלוכה־לייַט, עשירים, באַנקירן. אָבער דיסציפּלין האָט זיי געפֿעלט; דיסציפּלין אין דער אָרגאַניזאַציע פֿון זייערע קהילות, פֿון זייער ייִדיש לעבן. האָט ער, דער ייִד פֿון אַשכּנז־קרייַז, זיי דערציילט, וואָס אַשכּנזישע ייִדן האָבן אויפֿגעטאָן אויפֿן דאָזיקן געביט, און זיי האָבן אָנגעשטעלט מויל און אויערן. אַ נייַע וועלט, נייַע באַגריפֿן, האָבן זיך פֿאַר זיי געעפֿנט. זיי האָבן אָנגעהויבן צו פֿאַרשטיין, אַז ווי וויכטיק עס זאָל נישט זייַן, וואָס אַ ייִד דאַרף וויסן, איז אָבער אַ סך וויכטיקער, וואָס ער דאַרף טאָן; און טאַקע וואָס ער טוט, און ווי אַזוי ער פֿירט זיך אויף אין טאָג־טעגלעכן לעבן...

אין דער געשיכטע פֿון אַשכּנזישן ייִדנטום זענען מיטן לויף פֿון די יאָר־הונדערטער אַרייַנגעטראָטן דראַמאַטישע ענדערונגען. דער ווירקונגצענטער האָט אַריבערגעוואָנדערט פֿון מערב קיין מזרח. אין מזרח־אייראָפּע איז געשטיגן די ייִדישע באַפֿעלקערונג; דאָרט אַהין האָט זיך מיט דער צייַט אַריבערגעטראָגן די איניציאַטיוו, די דינאַמיק. אויך אין די פֿרישע פֿאַרהעלטענישן איז מען געטריבן געוואָרן פֿון דעם שעפֿערישן אומרו; און דאָס גערעדטע וואָרט, אַפֿילו ווען דער דרוק איז געוואָרן באַקאַנט, האָט זיך נאָך אַלץ אויסגעוויזן צו זייַן דער שליסל צום ייִדישן מענטש און צו זייַן געמיט. די דרשה וועט ווייַט נישט פֿאַרנאַכלעסיקט צווישן אויפֿגייענדיקן פּוילישן ייִדנטום, צווישן אויסוואַקסנדיקן ליטווישן ייִדנטום, אין די אויפֿבליענדיקע מזרח־אייראָפּעאישע ייִדישע צענטערס. אַן אַרומפֿאַרנדיקער

מגיד איז געווען ר׳ אפרים פון לענטשיץ אין דער צײַט, ווען דאָס פּוילישע ייִדנטום האָט אָנגענומען גײַסטיקע רײַפקייט (ער איז באַקאַנט צוליב דעם נאָמען, וואָס ער האָט געגעבן צו זײַן פּירוש צו דער תּורה, ווי דער "כּלי יקר"). איבער געגנטן, נאָענטע און ווײַטע, האָט געוואָגלט מיט זײַן וואָרט ר׳ יעקב בן יצחק פון יאַנאָווע, דער מחבר פון "טײַטש־חומש", וואָס איז אין תּוך דער שריפטלעכער צונויפ־קלײַב פון די רייד, מיט וועלכע ער האָט זיך געוואָנדן, ווען ער איז אויסן געווען צו פאַרזייען ליבשאַפט צו ייִדישקייט אין ייִדישע הערצער. צופוס און אויף וועגענער האָבן זיך געשלעפּט מענטשן פון פאָלק און אינטעלעקטואַלן, אָנהענגער פון פשט און באַגײַסטערטע פון דער מיסטיק. אויב אין שפּאַניש־ייִדישן ישוב איז די מיסטיק פאַרבליבן אַ פאַרמאַכטער שלאָס פון סודות, צו וועלכע נישט יעדער איינער האָט געוואונען צוטריט, איז אין די אַשכּנזיש־ייִדישע קיבוצים אויך דער פאָלקס־מענטש אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין געוועב פון דער מיסטיק. אין אומ־געוויינלעכן גײַסטיקן אומרו, מיט וועלכן דאָס אַשכּנזישע ייִדנטום האָט געפּיבערט, איז נישט געמאַכט געוואָרן קיין אונטערשייד צווישן די שיכטן פון פאָלק, ווער איז יאָ ראוי אַרײַנצוגיין אין היכל פון סוד, און ווער איז דערצו נישט ראוי. שווער צו געפינען אַ מיסטיקער צווישן פּוילישן ייִדנטום, וועלכער איז נישט אַרומגעפאָרן מיט דרשות איבער דער לערע פון די געהיימענישן. אויך דער ערשטער היסטאָ־ריקער, וואָס איז אויסגעוואַקסן צווישן פּוילישן ייִדנטום — אַליין שפּאַרלעך באַ־נומען פון דער מיסטיק — נתן נטע האַנאָווער, וועלכער האָט באַשריבן די טראַגעדיע פון דער כמיעלניצקי־תּקופה — איז געווען פון די באַרימטע מגידים אין זײַן דור.

אַ שטיק צוליב דעם האָט די שיטה פון חסידות, גלײַך בײַ איר אויפקום, געקענט אָנשפּאַרן צו די פאַרוואָרפענע ייִדישע ישובים. מען האָט צווישן די לערער און בויער פון חסידות נישט געוואַרט, אַז דאָס פאָלק זאָל קומען און שעפּן פון די קוואַלן; מען איז געגאַנגען צום פאָלק. מען איז געגאַנגען מיט דעם אָנגעוואַרעמטן, באַגײַסטערטן וואָרט; מיט דעם אומגעשטילטן, אינערלעכן אומרו; מיט דער גרויסער זאָרג פאַרן גורל פון ייִדישן מענטש און פון דער ייִדישער אומה. דער באַגינען פון חסידות ווערט אויסגעקרומט, אויב מען שטעלט זיך פאָר, אַז די בויער פון אָט דער באַוועגונג זענען געזעסן און "געפירט טיש", און געפּראַוועט חסידישע צערעמאָניעס. ניין. דאָס איז ווײַט ניש געווען אַזוי. איבער וועלדער און פעלדער האָבן זיי זיך געשלעפּט, מיט דעם באַגער צו דערנענטערן זיך צו די מקומות, וואו ייִדן וואוינען, און אַן עולם צונויפגעזאַמלט, און מיטן עולם זיך אויסגעשמועסט, פונאַנדערגעשמועסט.

אַ טעות איז אויך צו מיינען, אַז דאָס מגידות איז אַלע מאָל אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין בית־המדרש. עס הייבט זיך נישט אָן. מערער מאָל איז דער יאַריד געווען דער צונויפזאַמלפּונקט. אין פראָנט פון די קלייטן איז מען געשטאַנען, אויפן טומלדיקן מאַרק, און זיך פונאַנדערגערעדט. אַזוי האָט דאָס פּאַסירט מיט ר׳ ישראל

בעל שם טוב, דער גרינדער פון דער שיטה. אַזוי האָט דאָס פּאַסירט מיט אַ סך פון זײַנע תּלמידים. נישט קיין וואונדער, וואָס זיי זענען באַצייכנט געוואָרן ווי "מגידים". אַ מגיד איז פאַרבליבן אין דער געשיכטע פון חסידות ר' דוב בער פון מעזריטש. אַ מגיד אַ בעל־דרשן איז פאַרבליבן ר' לייב שׂרהס, ר' אלימלך פון ליזשענסק, ר' לוי יצחק בערדיטשעווער, ר' ישראל פון קאָזשעניץ... אַפילו אַן אויסטײַטש האָט פון דאַזיקן דרך זיך אַרויסגעהויבן: אַ מענטש, יעדער מענטש, מוז זײַן אַ "גייער", אַ "הולך"; מען טאָר נישט בלײַבן "אײַנגעזעסן"; כּסדר מוז מען גיין, באַוועגן זיך, און אַז מען שטייט נישט אָפּ, דערגייט מען הויך, אויב נישט נאָך העכער...

אויך ווען די מוסר־באַוועגונג איז אויסגעוואַקסן צווישן אַשכּנזישן ייִדנטום, איז זי געווען אַזוי פאַרשידן פון די ענלעכע מוסר־שיטות, וואָס זענען אויסגעלייגט געוואָרן תּקופות פריִער צווישן ייִדן אין שפּאַניע. זי איז געווען פאָלקסטימלעך און באַוועגלעך. אָט אַזוי האָט אָנגעזאָגט דער שעפער פון דער באַוועגונג, ר' ישראל סאַלאַנטער, צו זײַנע תּלמידים: גייט און טראָגט אײַער וואָרט צו אַלע טיילן פון פאָלק. מוסר, מאָראַל, עטיק — זענען כּסדרדיקע אָנשטרענגונג; דער שאַרפער קעגנזאַץ פון מנוחה, פון זאַטער צופרידנקייט; מוסר, מאָראַל, עטיק זענען דאַרשט און פונאַנדערגעטראָגענער, מאָנענדיקער אומרו!... ער אַליין, ר' ישראל סאַלאַנטער, האָט געגעבן דעם בייִשפּיל. ער האָט געוואָגלט מיט זײַן לערע איבער די ברייטקייטן פון רוסלאַנד, און דערגאַנגען אויך קיין דײַטשלאַנד, קיין פראַנקרײַך.

אין די צוועלף הונדערט יאָר דערפאַרונגען פון אַשכּנזישן ייִדנטום האָט זיך זיכער געעפנט אַ נײַע תּקופה מיטן אויפקום פון די מאָדערנע געדאַנקען־ריכטונגען אין דער נײַצײַטיקער אַלגעמיינער און ייִדישער געשיכטע. פרישע אידייען און באַגריפן האָבן אויפגעשפּראָצט און זיך פונאַנדערגעבליט. פילאָסאָפישע, סאָציאַלע, פּאָליטישע. אָבער אויך אין דער נײַער תּקופה איז פאַר דעם אַשכּנזישן טייל פון אונזער פאָלק פאַרבליבן אייגנטימלעך דער אומרו, וועלכער איז אַרײַנגעדרונגען אין אים אין זײַן בראשית. הגם אין שטראָם פון דער מאָדערנער צײַט זענען צוגעקומען ביז דעמאָלט אומבאַקאַנטע קאָמוניקאַציע־מיטלען פאַרן דורותדיקן אומרו, האָט דאָך נישט אָנגעוואוירן זײַן וויכטיקייט דער דורך יאָרהונדערטער גענוצטער אינסטרומענט: דאָס גערעדטע וואָרט, וואָס זוכט דעם דירעקטן קאָנטאַקט מיטן צוהערער.

גראָד די מאָדערנע צײַט איז פאַרבונדן מיטן אויסוואוקס פון דער מגיד־אינסטיטוציע. אייניקע אירע רעפּרעזענטאַנטן האָבן דעראָבערט ברייטע אָנערקע־נונג. דער דובנער מגיד, צום בײַשפּיל. ר' יעקב קראַנץ איז געווען זײַן נאָמען. מיט רעכט ווערט ער באַטראַכט ווי דער גײַסטיקער פאָטער פון די וואָרט־טרעגער צווישן אַשכּנזישע ייִדן אין די לעצטע צוויי הונדערט יאָר. ענטוזיאַסטישע צוהערער

האָבן זיך אָנגעשטרענגט, און אָפּגעדרוקט אַ טייל פֿון די רייד, וואָס זענען פֿאַרבליבן נאָך אים. געווען אַ צײַט, ווען מען האָט זיי געקענט געפֿינען בלויז אין ספֿרים און מחזורים. הײַנט־צו־טאָג דערשײַנען זיי אין כּלערליי אויסגאַבעס, און מען אַנטדעקט אין זיי אַלץ פֿונדאַסנײַ אוצרות פֿון שיינקייט, טיפֿקייט און חן. ווי זעלטן־ווער צווישן די קינסטלער פֿון וואָרט, האָט ער געוואוסט אָפּצושאַצן דעם כּוח פֿון משל אין דערנענטערן דעם אַרומגערעדטן עניין צו דער פֿאַנטאַזיע און איבערצײַגונג פֿון צוהערער. בײַ אים איז דער משל נישט אַרויסגעקומען געקינסטלט און נישט געקלונגען, ווי ער וואָלט געווען אויסגעטראַכט. ער איז געווען — לעבן. פֿאַר־שידענע פּרווון ווערן איצט אונטערגענומען צו אַנאַליזירן די עלעמענטן, פֿון וועלכע דער באַצווינגענדיקער — עס בעט זיך צו זאָגן: דער מאַגנעטישער — טאַלאַנט פֿון דובנער מגיד איז געווען צונויפֿגעלייגט. אָבער דער אמת איז, אַז אויב מען דערפֿילט נישט דעם האַרציקן ייִדישן אומרו, וואָס האָט אים באַוועגט פֿונאַנדער־צוטראָגן זײַן וואָרט און אַרויסברענגען זײַנע משלים — דער אָנגעזאַמלטער אומרו פֿון דורות נוסח־אַשכּנז — איז מען גאָרנישט בכּוח צו דערגרונטעווען די מערקוויר־דיקע פּערזענלעכקייט און מערקווירדיקן לעבנס־וועג פֿון אָט־דעם דובנער ייִד, יעקב קראַנץ.

אוממעגלעך געווען, אַז אין שטורעם און שטראָם פֿון די נײַצײַטיקע אידייען־ריכטונגען זאָלן זיך דאָך נישט אַרײַנרײַסן פֿרישע דערשײַנונגען. זײַט־בײַ־זײַט מיטן מגיד, איז אויפֿגעקומען דער מטיף; אַ העברעאישער טערמין, וואָס איז צוגעקליבן געוואָרן פֿאַר די, וואָס אָנשפּאַרנדיק זיך אויף שטעלעס פֿון די טראַדי־ציאָנעלע ספֿרים, האָבן זיי אָנגעצונדן באַגײַסטערונג פֿאַר די אויפֿלעבנדיקע נאַציאָ־נאַלע אידעאַלן, און אַוועקגעשטעלט דעם אויפֿבוי פֿון ארץ־ישׂראל אין צענטער פֿון די אויפֿגאַבעס פֿון פֿאָלק. אויך דער מטיף האָט נישט געוואָרט, אַז דאָס פֿאָלק זאָל קומען צו אים. ער איז געגאַנגען צו די מאַסן. איך געדענק זיי, פֿון די יוגנט־יאָרן, אָט־די נאַציאָנאַלע רעדנער. אָנגעלאָדן מיט תּורה און חכמה, האָבן זיי זיך געשעפּט מיט זייער אָרעמען טשעמאָדאַנטשיק איבער די פּראָווינץ־שטעטלעך. האָבן געמעגט זײַן פֿרירנדיק־קאַלטע די ווינטער־אָוונטן, ווען זיי האָבן אויפֿגעהויבן זייערע רייד; זיי האָבן געגליט מיט הייסער התלהבֿות, און די התלהבֿות פֿונאַנדערגעפֿלאַקערט אין האַרץ פֿון עולם, וואָס האָט געשלונגען זייערע ווערטער. אייניקע נעמען פֿון אָט־די מטיפֿים האָבן זיך אײַנגעקריצט אין זכּרון: הרב יצחק ניסענבוים, הרב יהודה לייב זלאָטניק, שמריהו לעווין...

מיט די דראַמאַטישע ענדערונגען, וועלכע זענען אַרײַנגעטראָטן אין ייִדישן לעבן אין הײַנטיקן יאָרהונדערט, האָבן זיך באַוויזן אין דער אַשכּנזישער געזעלשאַפֿט די לעקטאָרן, די רעפֿערענטן, די אָראַטאָרן. אין דער געשיכטע פֿון אונדזער פֿאָלק, זענען זיי אַן אויסשליסלעך אַשכּנזישער — און מען קען צוגעבן: דורך זייער פֿאָלקס־כּאַראַקטער — אַן אַשכּנזיש־מזרח־אייראָפּעאישער פּראָדוקט. זיי האָבן

אויסגעדריקט די פּאַרשידנסטע אידעאישע שטרעמונגען. זייער טעמאַטיק איז געווען רייַך און פילפּאַרביק, ווי דאָס לעבן גופא. ווער עס האָט רעפּערירט וועגן נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער אויפריכטונג, ווער עס האָט באַהאַנדלט פּראָבלעמען פון געשיכטע און ליטעראַטור, ווער עס האָט געשפּינט וויזיעס פון דער צוקונפט. ייִדיש־מזרח־אייראָפּע איז בעיקר געווען די אַרענע, די בימה, פאַר אָט־דער פאָרם, אין וועלכער ייִדישע קולטור, אין אַלע אירע ניואַנסן, האָט זיך אַנטפּלעקט. די שאַרפסטע ייִדישע מוחות אין הײַנטיקן יאָרהונדערט, די פּילנדיקסטע הערצער, די ערודיטן, די אינטעלעקטואַלן, די אַנאַליטיקער, די טרוימער, האָבן זיך אײַנגעשפּאַנט אין דער דאָזיקער שליחות. אַזוי פיל פּערזענלעכקייטן פון צווישן זיי גייען פאַרבײַ אין אונזער געדאַנק, וואָס הגם זיי זענען מער נישטאָ צווישן אונז, הערט דאָך נישט אויף זייער בת־קול, דער בת־קול פון זייערע רייד, זיך פונאַנדערצוגיין: נתן בירנבוים, חיים זשיטלאָווסקי, לעאָ פינקעלשטיין, אלכסנדר זושא פרידמאַן, יהודה לייב אָרלעאַן, דוב בער מאַלקין, יהודה יפת, שלמה מענדעלסאָן, א. ליטוואַק, יוסף העפטמאַן...

יעדער איינער אויף זײַן דרך, און אין הסכּם מיט זײַנע איבערצייגונגען, האָבן זיי געצויגן די טראַדיציע, צו וועלכער עס האָבן געלייגט דעם יסוד די שליחים־משולחים פון אַשכּנזישן ייִדנטום, וואָס האָבן, מיט צוועלף הונדערט יאָר צוריק, זיך אַוועקגעלאָזט פון די ברעגן פון רהײַן און פון די שטעטלעך אין צפון־פראַנקרײַך, איבער דער ייִדישער וועלט, כּדי דאָרט צו פאַרזייען זייער מחשבה און וואָרט, די מחשבה און דאָס וואָרט פון אַשכּנז...

איך געדענק זיי נאָך זייער גוט, די לעקטאָרן און רעפערענטן פון הײַנטיקן יאָרהונדערט; וואָסער יום־טוב זיי פלעגן אַרײַנברענגען אין אַ ייִדישן ישוב מיט זייער אָנקומען; וואָסער דערהויבנקייט; וויפיל נייגער און שפּאַנונג; וואָסער גײַסטיקן אויפרודער און אויפברויז; די וויכּוחים, צו וועלכע זיי האָבן אָנגערעגט, און וואָס פלעגן אָנהאַלטן לאַנג נאָכדעם, ווי זיי זענען אַוועקגעפאָרן.

איבער אַ סך פון זיי האָבן מיר צומאָל נישט געוואוסט, אויף וואָסער אַדרעס מען קען זיי געפינען, ווען מיר האָבן זיי געוואָלט פאַרבעטן צו האַלטן אַ רעפעראַט. זיי זענען תּמיד געווען אונטערוועגנס, תּמיד זיך געשלעפּט, תּמיד געווען אויף אַ וואָגן, אויף אַ בריטשקע, אָדער אין דער באַן. אדרבא, זאָגט, וואו האָט מען געקענט געפינען מיט זיכערקייט נחום סאָקאָלאָוו, נתן בירנבוימען, חיים זשיטלאָווסקין?!

דער גרויסער און טיפער ייִדישער אומרו. ווער ווייסט צי אין סך־הכּל, איז דאָס נישט דער דויערנדיקסטער בײַטראָג פון צוועלף הונדערט יאָר אַשכּנז צו דער ייִדישער געשיכטע. אויב אַנדערע בײַטראָגן האָבן מיט דעם לויף פון די תּקופות געקענט פאַרלירן עטוואָס פון זייער אָריגינעלער ענערגיע און אויסדרוק, לאָזט זיך דאָס נישט זאָגן וועגן דעם צאַפּל און פיבער פון אומרו פון דורות.

# די אידייע, צוקאָפּנס פונעם אַשכּנזישן ייִדנטום

ס'איז נישט ריכטיק, אַז ערשט אין די מאָדערנע צײַטן האָבן אַשכּנזישע ייִדן אָנגעהויבן זיך אַרומצוטראָגן מיט דער שטרעבונג אויפצובויען אַ נײַע, גערעכטע מענטשלעכע געזעלשאַפט, אין וועלכער עס וועט מער נישט זײַן קיין אָרט פאַר אונטערדריקונג און עוולות. נתן בירנבוים, חיים זשיטלאָווסקי, בערל קאַצענעלסאָן — אויב מיר זאָלן לכל הפחות אָנרופן דרײַ פון די אַשכּנזישע סאָציאַלע דענקער פון דער נײַער צײַט — האָבן געהאַט זייערע פאָרגייער אין בראשית פון דעם אַשכּנזישן ייִדנטום. מיט העכער טויזנט יאָר צוריק האָבן די ייִדישע אויסוואַנדערער פון אַ ריי פּראָווינצן פון דער צעפאַלענער רוימישער אימפּעריע נאָר־וואָס זיך באַזעצט אויף די ברעגן פון רהײַן אין דײַטשלאַנד און אין די אויפקומענדיקע שטעט פון צפון־פראַנקרײַך. זיי זענען באַקאַנט געוואָרן אונטער דער באַצייכענונג "אַשכּנזים". זיי זענען גלײַך געשטעלט געוואָרן פאַר גענוג־שאַרפע און האַרבע פּראָבלעמען: דאָס צופּאַסן זיך צו די פרישע אומשטענדן; דאָס פּראָבלעם פון קיום און המשך. דאָך האָבן זיי גלײַך גענומען ערנסט די פראַגע: וואָס קען און דאַרף געטאָן ווערן, כּדי די מענטשלעכע, און אויפן ערשטן פּלאַץ, די ייִדישע געזעלשאַפט, זאָל זײַן שענער, בעסער, איידעלער, ווי זי איז?

דאָס איז אין תּוך אַן אוראַלט־ייִדישע אייגנשאַפט, אַט־דאָס באַגערן אײַנצושטעלן יושר און גוטע מידות צווישן מענטשן. עס לאָזט זיך זאָגן: אַ נאַציאָנאַלע אייגנשאַפט. קוים צען דורות נאָכדעם, ווי דער מענטש איז אויפגעקומען, איז מען אין דער ייִדישער טראַדיציע נישט פאַרבליבן צופרידן פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, וואָס האָט אויפגעשפּראָצט. די ערד איז פול געווען מיט רויב — ווייסן צו דערציילן אונזערע אוראַלטע קוועלן. די רשעות און פאַלשקייט האָבן זיך אַרויפגעשלאָגן, די מענטשן זענען געוואָרן פאַרדאָרבן (בראשית ו, יב־יג); אין קאָנסעקווענץ האָבן, ווי מיר ווייסן, געמוזט אַנגעוואָנדן ווערן די צומײַנסטן־ראַדיקאַלע מיטלען מיטן צוועק צוריק אַרויפצופירן די וועלט אויפן וועג, אויף וועלכן זי האָט באַדאַרפט גיין.

אַט־די שטרעבונג האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט אויך אין די שפּעטערדיקע צײַטן.

געווען תּקופות, ווען זי האָט מיט אַן אימפּעטפולן שטורעם אויפגעטרייסלט די געוויסנס; און עס זענען געווען פּעריאָדן, ווען זי איז אַריינגעדרונגען אין באַוואוסטזיין אין אַ מער געצוימטער פאָרם. אָבער זי האָט נישט נאָכגעלאָזט. זי איז דער לייט־מאָטיוו, וואָס חזרט זיך כּסדר איבער אין דער יידישער געשיכטע. זי איז דער עכאָ, וואָס שרייט פון איר אַרויס. די אומדערמידלעכע, באַגייסטערטע מאַנער און וועקער פון דער אידייע וועגן וועלט־אויסבעסערונג זענען געווען די נביאים. אַן אונטערשייד ווען ספר איר וועט עפענען, דאָס ספר פון עמוס, מיכה, ישעיהו, ירמיהו — איר וועט זיך דאָרט אָנטרעפן אויף דעם רוף, מיט וועלכן דער ערשטער פון זיי, דער "פאָטער פון די נביאים", משה, האָט זיך געוואָנדן צום יידישן מענטש: "צו דער גערעכטיקייט זאָלסטו זיך יאָגן" (צדק, צדק תּרדוף, דברים טז, כ). אמת: נישט אַלע מאָל זענען די אויערן און די הערצער געווען אָפן און אָנגעברייט אויפצונעמען דעם ליידנשאַפטלעכן רוף; אָבער נישט צוליב דעם איז ער אַנטשוויגן געוואָרן. ס'האָט אויסגעזען, אַז ערשט אָט־די שטרעבונג גיט זין צו דער עקזיסטענץ פון פאָלק, און איז אַנטשיידנדיק פאַר זיין אייגנאַרטיקייט.

עס איז דערביי נויטיק אונטערצושטרייכן, אַז נישט דווקא יחידים זענען איבערגענומען געוואָרן מיטן דאָזיקן טיף־גרייכנדיקן ווילן. אין אַ סך צייטן זענען שפּאָרע און באַדייטנדיקע טיילן פון פאָלק מיטגעריסן געוואָרן מיטן פּאַטאָס פון דער סאָציאַלער עטיק. זיי האָבן זיך אַנטשלאָסן איינצושטעלן אין זייערע רייען אַ לעבנס־שטייגער אין איינקלאַנג מיטן אידעאַל, וואָס זיי האָבן אויסגעצערטלט. אַזוי, למשל, האָט פּאַסירט אין דעם פּעריאָד פון דער צווייטער יידישער אומאָפּהענגיקייט, אָדער ווי ער ווערט באַצייכנט אין דער כראָניק פון אונזער ווייטער פאַרגאַנגענהייט: דער פּעריאָד פון צווייטן בית־המקדש. ס'איז אויפגעשטאַנען אַ באַוועגונג, וואָס אירע מיטגלידער זענען מער נישט געווען וויליק צו לעבן אין אַ געזעלשאַפט, וואָס איז פול מיט מאָראַלישע פּלעקן. זיי האָבן זיך דעריבער דעצידירט אָפּצוטיילן פון איר. מען האָט זיך נישט צופרידן־געשטעלט מיט דער טעאָרעטישער לערע פון אַ נייער סאָציאַלער אָרדענונג; מען האָט זיך איינגעעקשנט זי איינצופירן אין דער פּראַקטיק. עס איז נישט באַקאַנט גענוי, וויפיל מיטגלידער די באַוועגונג האָט געציילט. מען רעכנט, אַז זי האָט מיטגעצויגן עטלעכע טויזנט. איסיים, האָט מען זיי גערופן. עסעניער. זיי האָבן געוואוינט אין ארץ־ישראל און זענען אַוועק אין דער מדבר, זיך באַזעצט אין די היילן און דאָרט געלעבט אין שטרענגן הסכּם מיט די פּרינציפּן פון גלייכקייט און עטישער אָפּגעהיטנקייט, פון וועלכע קיינער פון זיי האָט נישט געטאָרט אָפּטרעטן.

יידישע כראָניק־שרייבער און דענקער, מיטצייטלער, האָבן זיי געשילדערט — און אויך נישט יידישע — מיט אַ געמיש פון שטוינונג און באַוואונדערונג, פילאָן, יאָסעפוס פלאוויוס, פּליניוס דער רוימער. מ'קען נאָך אַלץ נישט באַשטימען, וואָס דער באַגריף "עסעניער־איסיים" מיינט צו זאָגן. ווייזט אויס, אַז דער אויס־

דרוק האָט צו טאָן מיט רפואות און רופאים. מ׳איז אין דער דאָזיקער באַוועגונג געווען זיכער, אַז קראַנקייטן איז מען מסוגל צו היילן מיט גרעזער און קרייַטעכצער. אָבער מען איז אויסן געווען צו היילן נישט בלויז פיזישע קראַנקייטן. די עיקר־אַספּיראַציע איז געווען אויסצוהיילן די מענטשן, די געזעלשאַפט, פון די מאָראַלישע און סאָציאַלע אומנאָרמאַלקייטן, פון וועלכע זיי לייַדן.

אָט מיט אַזוינע שטייגער אידייען האָבן זיך אויך אַרומגעטראָגן, ווי עס לאָזט זיך זען, די ייִדן, וועלכע האָבן זיך באַזעצט מיט העכער טויזנט יאָר צוריק אויף די ברעגן פון רהייַן. נישט בלויז אַ וואוינאָרט האָבן זיי געזוכט אין זייער היימלאָזיקייט, נאָר אויך אַן אָרט, וואו זיי וועלן קענען איינשטעלן אַ מער גערעכטע, דורכאויס־עטישע געזעלשאַפט. פאַרוואָס זענען גראָד זיי באַהערשט געווען פון אַזאַ ווילן און באַגער? ווער קען דאָס באַשטימען מיט פולער גענויקייט! אַריבערקוקנדיק פון מרחק פון צוועלף הונדערט יאָר צום אויפּוואַקסנדיקן אַשכּנזישן ישוב, מוז מען קומען צום אויספיר, אַז עס זענען צווישן זיי געווען ייִדן, וואָס דער מאָראַלישער מצב — צווישן פאָלק בכלל און צווישן זייער אייגענער גרופּע בפרט — האָט זיי געאַרט, אַרייַנגעטריבן אין אומרו. ס׳איז דעמאָלט געווען אַ צייַט פון פעלקער־וואַנדערונגען, פון ייִדן־וואַנדערונגען. אייראָפּע האָט זיך געפונען אין אויפשטייַג. פרישע באַגריפן, רעליגיעזע, פילאָסאָפישע, סאָציאַלע, זענען אויפגעקומען. צו די אַשכּנזישע פּיאָנערן, צווישן וועלכע מען האָט געקענט געפינען אַ שפּאָרע צאָל טיף־דענקענדיקע פּערזענלעכקייטן, האָבן אַרויסגעוואונקען מיט כלערליי אָנדייַטונגען און אָנצוהערענישן די אַנזאָגן פון תנ״ך־ספר ישעיהו, אַז אין אַ באַשטימטן מאָמענט פון דער מענטשלעכער געשיכטע וועט זייַן מעגלעך צו דערוואַרטן דעם ״באַשאַף פון אַ נייַעם הימל און אַ נייַער ערד״ (ישעיהו סו, כב). דאָס באַדייט דאָך: דער באַשאַף פון אַ נייַער געזעלשאַפט.

איז אפשר טאַקע — האָבן זיי געפרעגט — אפשר וועט טאַקע אָט־דאָ, אַרום דעם טייַך רהייַן, זיך אויפעפענען דאָס נייַע בלאַט אין דעם ייִדישן זייַן; אָט־דאָ וועט אויסוואַקסן די האַרמאָנישע ייִדישע פערזענלעכקייט, וועט זיך אַנטפּלעקן אין דער פולער ווירקונג דאָס ייִדישע הארץ; אָט־דאָ וועט געגרינדעט ווערן דער מוסטערהאַפטער ייִדישער ישוב, וואָס וועט קענען דינען ווי אַ שייַנענדיקער בייַשפּיל פאַר דער ייִדישער צעשפּרייטקייט?

מען באַגייט אַן עוולה לגבי די, וועלכע האָבן פאַרלייגט די יסודות פון אַשכּנזישן ייִדנטום, ווען מען שטעלט זיי פאַר ווי לויטער פּראַקטישע מענטשן, סוחרים פון פאַרנעם, אימפּאָרטערן, עקספּאָרטערן, אַרייַנגעטוענע אין דער פּראָזע פון טאָג־טעגלעכע האַווענישן און פאַרשלונגענע פון טאָג־טעגלעכן הו־האַ. נאַטירלעך זענען געווען אַזעלכע צווישן זיי, און זיי האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט די מערהייט. אָבער עס זענען אויך געווען אַנדערע. מען האָט אין אויפגייענדיקן

אַשכּנזישן ישוב געקענט געפינען פּערזאָנען, וועלכע זענען באַנומען געוואָרן פון מענטש־אויסלייזערישע, ייִד־אויסלייזערישע אידייען; פּערזאָנען, וואָס מאַראַל און עטיק זענען פאַר זיי נישט פאַרבליבן קיין הוילע פּראַזעס, נאָר טיף־פאַרפליכטנדיקע פּרינציפּן; מענטשן וואָס די וויזיע וועגן אַ נײַער, גערעכטער געזעלשאַפט איז געשטאַנען פאַר זייערע אויגן און געפאָדערט פאַרווירקלעכונג.

דעם אמת־זאָגנדיק, האָט מען נאָך אין איטאַליע — פון וואַנען די אײַנוואַנדע־רער האָבן געשטראַמט צו דער רהײַן־געגנט — זיך געקענט אָנטרעפן אויף אַזאַ שטייגער, פון אינערלעכן אומרו געיאָגטע, אידייען־טרעגער. עס האָבן דאָרט, אין די ייִדישע קהילות, געווירקט דענקער און דיכטער, וועלכע זענען נישט מיד געוואָרן צו דערמאָנען, אַז דאָס פאָלק טאָר אונטער קיין שום אומשטענדן נישט פאַרנאַכלעסיקן זײַן מאָראַלישע באַשטימונג. אָבער אויף די ברעגן פון רהײַן, אין דער נײַער סביבה, איז זייער צאָל געוואָרן אַלץ מער אָנזעעוודיק. זייערע שטימען האָבן זיך אויפגעהויבן מיט מער קוראַזש און זיכערקייט.

אין די קהילות, וועלכע הייבן זיך קוים אָן צו אָרגאַניזירן און צו אַנטוויקלען זייער טעטיקייט, ווירקן זײַט בײַ זײַט מיט די אַזוי־גערופענע פּראַקטישע עסקנים אויך די, וועלכע לעבן זיך אויס אין דער ספערע פון גײַסט; און מער ווי מיט תּכליתדיקע ענינים, פאַרנעמען זיי זיך מיטן שפּינען אידעאַלן. זיי פאַרזייען אין דעם אויפשטייענדיקן ישוב אידייען און פּלענער פון אַן אמת־נײַער געזעלשאַפט. על פּי רוב זענען זיי כראָניק־שרײַבער, לערנער, פּאָעטן, לערער. מען רופט זיי אין נוסח פון יענע צײַטן: פּייטנים. זייערע באַטראַכטונגען און רעפלעקסן גייען אַרײַן — יעדנפאַלס אַ סך פון זיי — אין סידור און אין מחזור, וואָס זייערע פולע טעקסטן געפינען זיך דעמאָלט אין דער פּאָזע פון אַנטשטיין. דאָרט איז די רייד וועגן אַ סך זאַכן, צו וועלכע דאָס האַרץ באַגערט און בענקט.

דאָרט איז די טעמע די נאַציאָנאַלע אויפריכטונג, אויף וועלכער מען קוקט אויס; דאָס אויפהערן וואָגלען אויף די וועלט־שליאַכן; אָבער דאָרט איז אויך די רייד וועגן דער נויטווענדיקייט אויפצובויען אַ געזעלשאַפט, וואו עס וועט — צוזאַמען מיט דער נאַציאָנאַלער ווירדע — אויך קומען צו דער אויפריכטונג פון מענטשלעכן כּבוד; וואו מען וועט וויסן אונטערצושיידן צווישן תּוך־זאַכן און הוילע אײַנרעדעניש. די תּוך־זאַכן זענען: יושר, ליבשאַפט צום מיטמענטש, זאָרג פאַר זײַנע באַדערפעניש, באַשיידנקייט, געלײַטערטע מידות; די פּוסטע אײַנרעדעניש זענען: גײַציג נאָך כּבוד, צעלאָזטע אַמביציעס, איבערגעטריבענע אייגנ־ליבע, טעמפּקייט פון געפילן, גלײַכגילטיקייט צו מענטשלעכע לײַדן...

מען שטויסט זיך אָן אויף די דאָזיקע מאָטיוון אין די שאַפונגען פון ר׳ שמעון פון מײַנץ, דער ערשטער פון די באַדײַטנדיקע דענקער און דיכטער אויף די ברעגן פון רהײַן. מען האָט אים גערופן: ר׳ שמעון הגדול. ער האָט געברענגט צום אויס־דרוק די האַרציקע דערוואַרטונגען און האָפענונגען, וועלכע ער, און זײַנס גלײַכן,

בינדן אָן אין אויפקום פון די פרישע ישובים. מען טרעפט זיך אָן אויף אָט־די, אין אינערלעכן ציטער אויסגעפיבערטע אידעאַלן, ביי אַן אַנדערן פון די טרוימער פון מײַנץ, ר' יהודה הכהן. ער רופט צו באַגרײַפן די וויכטיקייט פון כּלל, פון ציבור, אינעם אַוועקלייגן די יסודות פאַר די אויפשפּראַצנדיקע קהילות. אין דעם מעגלעכן צוזאַמענשטויס צווישן יחיד און כּלל איז דער יחיד מחויב אָפּצושאַצן, אַז ער איז אַ טייל פון כּלל. פון דעם גורל און צוקונפט פון ציבור איז אָפּהענגיק זײַן אייגענער וואוילזײַן.

עפּיזאָדן פון ווײַטע ייִדישע דערפאַרונגען ווערן אַרויפגעברענגט. זיי דאַרפן דינען ווי אַ באַלערנדיקע לעקציע. די מחלוקת פון קורח, וואָס האָט דערפירט צו אַ דערשיטערנדיקער טראַגעדיע אין באַגינען פון דער ייִדישער געשיכטע; דער אויפשטאַנד פון אבשלום, דער זון פון דוד המלך, קעגן זײַן אייגענעם פאָטער, וואָס האָט פונאַנדערגעטיילט און אויפגעטרייסלט אונזער פאָלק, בעת עס האָט נאָר־וואָס געשטעלט זײַנע ערשטע טריט צו מלוכהשער זעלבשטענדיקייט. די פּסוקים און ווערטער פון די צען געבאָט, וועלכע זענען געגעבן געוואָרן אויפן באַרג סיני, ווערן אויסגעטײַטשט און איבערגעטײַטשט אין אַלע זייערע אַנדײַטונגען און כּוונות, וואָס קענען נאָר האָבן אַ שײַכות מיט די אַקטועלע געשעענישן פון דער תּקופה, און מיט דעם מענטש, און זײַנע נייגונגען אין די פאַרענדערטע צײַטן.

מיטן וואוקס פון די קהילות ווערט אַלץ גרעסער און שטאַרקער דער צירקל פון די, וועלכע זענען באַגײַסטערט פאַר דער אידייע פון אויפבוי און אויסבוי פון דער נײַער געזעלשאַפט. מען געפינט זיי אין שפּײַער, וואו עס לעבט און ווירקט איינער פון די באַרימטע פערזענלעכקייטן פון אויפגייענדיקן אַשכּנזישן ייִדנטום, ר' שמואל; מען באַגעגנט זיי אין רעגענסבורג, וואו עס שרײַבט זײַנע ווערק זײַן זון, דער רעפּרעזענטאַטיווער דענקער פון דער דאַזיקער געדאַנקען־שולע, ר' יהודה; מען טרעפט זיי אָן אין וואָרמס, וואו עס גייט אָן מיט זײַן אינספּירירנדיקער דערציערישער אַקטיווקייט ר' אלעזר. מיט כּלערליי אַרגומענטן באַגוצט מען זיך אין אָט־דעם קרײַז, אין דער מי און אָנשטרענגונג אײַנצופלאַנצן די מאָראַלישע און סאָציאַלע באַגריפן. אָפּטמאָל פלעכט זיך צונויף דער עטישער דראַנג מיט דער מיסטישער שטרעמונג. אָבער דאָ איז די מיסטיק אַן אַנדערשדיקע ווי די, וואָס נעמט אָן פאָרם צווישן די ייִדן אין שפּאַניע. זי איז נישט אַזוי קאָמפּליצירט און צעפלאָסן און האָט נישט צו טאָן מיט לויטער הימלישע ספערן. זי באַוועגט זיך אויף דער ערד, און איז צונויפגעפּאָרט מיט די געברויכן פון די מענטשן אויף דער ערד. די פאַר־באָרגענע סודותפולע כּוחות נעמען אָן די מענטשן בײַ דער האַנט און ווײַזן זיי אָן דעם וועג, אין וועלכן זיי דאַרפן זיך לאָזן און מאַכן זייערע אַנטשיידונגען. דאָס איז, אַזוי צו זאָגן, אַ סאָציאַלע מיסטיק.

וואָס אַלץ געפינט מען נישט אין די אָנווײַזונגען וואָס אָט־די מיטבויער פון אַשכּנזישן ייִדנטום טיילן צו זייערע בני־דור און צו די דורות, וועלכע וועלן קומען

נאָך זיי? מען דאַרף זײַן ערלעך בתּכלית הערלעכקייט; מען טאָר זיך נישט יאָגן נאָך רײַכטימער; מען דאַרף זיך באַגנוגענען מיט ווייניק, מען קען נישט דערלאָזן, אַז ווען אַליין לעבט מען אין וואוילטאָג זאָלן גאַנצע משפּחות אָפּפינסטערן זייערע יאָרן אין אָרעמקייט און נויט; די אָרעמע מוז מען שטיצן און באַשיצן, אַן אַרבעטער מוז מען באַהאַנדלען אַזוי ווי מען וואָלט געוואָלט אַליין באַהאַנדלט ווערן, אויב מען וואָלט געווען אַן אַרבעטער: מען טאָר אים נישט אויסנוצן, מען טאָר אים נישט צווינגען אויסצופירן גאָר־שווערע און אויסמאַטערנדיקע אַרבעטן און נישט באַ־שעפטיקן אים ביז צו שפּעט אין דער נאַכט, אַוועקרויבנדיק ביי אים די גאַנצע צײַט. רחמנות איז דאָס געפיל, וואָס מאַכט ערשט דעם מענטש פאַר אַ מענטש; אַן אַנדערע מידה, אין וועלכער מען דאַרף זיך אַנהאַלטן, איז ענווות, נישט בלאָזן פון זיך, נישט זײַן קיין בעל־גאווה, נישט באַליידיקן קיינעם. און ווען מען ווערט אַליין באַליידיקט, פאַרשווייַגן, שאַנעווען דעם אַנדערנ׳ס כּבוד. סאָציאַלע פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט איז אַ גרונט־פּרינציפּ אין מענטשלעכקייט און ייִדישקייט. מיר זענען פאַראַנטוואָרטלעך איינע פאַר די אַנדערע און טאָרן נישט לעבן בלויז פאַר זיך, אָפּגעשיידט פון אַרום און פון די אַרומיקע. דערביי מוז מען זיך שטאַרק נעמען אין זינען אַרײַן, אַז מ׳קען נישט אָפּקומען מיט בלויז רעדן. שיינע ווערטער באַדײַטן גאָרנישט. הינטער דעם וואָרט דאַרף שטיין די פּערזענלעכקייט. ערשט די טאָט גיט צו וואָגיקייט דעם וואָרט. אַ ייִד מוז זײַן פול מיט מעשים־טובים אַזוי ווי דער מילגרוים איז אָנגעפילט מיט קערנדלעך! צווישן וואָרט און טאָט דאַרף זײַן האַרמאָניע, און האַרץ דאַרף מען אַרויסווייַזן אין די קעגנזײַטיקע באַציאונגען.

צי איז אַרום די דאָזיקע אידייען, וועלכע זענען געשטאַנען צוקאָפּנס פון אַשכּנזישן ייִדנטום, געלונגען צו שאַפן אַ פאָלקס־באַוועגונג? אָדער זענען בלויז געווען יחידים, וועלכע האָבן אַרום זיי זיך געזאַמלט און זיי אויפגעהויבן? ס׳איז נישט מעגלעך צו געבן קיין קלאָרן ענטפער אויף דער פראַגע. פון די כראָניק־פאַרצייכענונגען פון דער אַשכּנזישער באַגינען־תּקופה לאָזט זיך אָבער אַרויס־דרינגען, אַז גרופּעס זענען יאָ אַנטשטאַנען, וועלכע האָבן אָט־די עטיש־סאָציאַלע פּרינציפּן נישט בלויז פאַרשפּרייט, דערקלערט, אויסגעטײַטשט, פונאַנדערגעטראָגן, נאָר אויך געלעבט אין הסכּם מיט זיי; אויפגעשטעלט פאַמיליעס, דערצויגן קינדער. אין קעגנזאַץ צו די עסעניער פון פאַרצײַטנס, האָבן זיי נישט געוואָלט אַוועקגיין אין מידבר מיט דער לערע, וואָס עס איז זי אַזוי שווער אויסצופירן אין די טומלענ־דיקע, נישט אַלע מאָל מאָראַליש־דערהויבענע שטעט. זיי האָבן אויסגעקליבן דעם שווערן וועג. דווקא אינמיטן וואָכנדיקן טומל און הו־האַ זענען זיי פאַרבליבן וואוינען, און צו פאַרהאָוועטע, אין טאָג־טעגלעכע פּראָבלעמען אַרײַנגעטונקען, ייִדן האָבן זיי געזאָגט:

— עפנט אויף אײַער האַרץ פאַרן מיטמענטש, וואָס געפינט זיך אין אײַער הילף; האָרכט זיך אײַן אין שטילן, מאָנענדיקן קול פון אײַער געוויסן. אָט פון דער

דאָזיקער נידעריקייט פֿון דער ערד, מיטן גאַנצן שטויב, וואָס זאַמלט זיך אָן אין דער נשמה, שטייַגט אַרויף אויף די שטאַפּלען פֿון מידות, פֿון אויפֿפֿירונג! לאָמיר אַלע צוזאַמען שפּינען דעם גרויסן חלום פֿון ייִד און מענטש...

אַפֿילו ווען אויף די ברעגן פֿון רהייַן האָט זיך שפּעטער געענדערט דער ייִדישער מצב — און ייִדן האָבן אויסגעוואַנדערט פֿון דייַטשלאַנד צוליב די ווילדע רדיפֿות, וואָס האָבן דאָרט אָנגעהאַלטן קעגן דער ייִדישער באַפֿעלקערונג — איז דער חלום געצויגן געוואָרן אין מזרח־אייראָפּע, וואוהין די אַשכּנזישע אייַנוואַנדע־רער זענען דערגאַנגען. יחידים און גרופּעס האָבן אויפֿגעהויבן די קייַנמאָל נישט פֿאַרעלטערטע, כּסדר אַקטועלע אידייען; אַרייַנגעבנדיק אין זיי דעם גייַסט און געמיט פֿון די נאָכפֿאָלגנדיקע תּקופֿות. אמת: דער מזרח־אייראָפּעאישער ייִדישער ישוב האָט געצויגן זייַן יניקה פֿון אַ ייִדישקייט, וואָס האָט געציילט טויזנטער יאָרן; אָבער צומנאָנטסטן זענען פּאַר אים אויסגעקומען די לערעס און אידייען, וואָס האָבן געשפּרודלט אין ייִדיש־אַשכּנזישן קוואַל, פֿון וועלכן זייַנע אייגענע עלטערן און זיידעס האָבן געטרונקען.

נייַן. נתן בירנבוים, יצחק נחמן שטיינבערג, חיים זשיטלאָווסקי, בערל קאַצע־נעלסאָן, חיים גרינבערג, און אַלע אונזערע אַנדערע סאָציאַלע דענקער פֿון די לעצטע דורות, קענען נישט און דאַרפֿן נישט באַטראַכט ווערן ווי אַ פּראָדוקט ערשט פֿון די מאָדערנע אידייען־שטרעמונגען און געדאַנקען־ריכטונגען. אין זיי, אַשכּנזישע ייִדן, האָט זיך אויפֿגעוועקט דער בת־קול פֿון דעם בראשית פֿון דער אַשכּנזישער מחשבה, לויט וועלכער דער איבערבוי פֿון דער געזעלשאַפֿט איז אָן עיקר אין ייִדישן זייַן. אין זיי האָט זיך אָפּגערופֿן מיט קראַפֿט די אידייע, וואָס איז געשטאַנען צוקאַפֿנס פֿון אַשכּנזישן ייִדנטום. זי פֿאַרבלייַבט נאָך אַלץ זייַן כאַראַקטעריסטישער שטריך.

## אוטאָפּיע נוסח אַשכּנז

דער ערשטער, וועלכער האָט זיך באַנוצט מיטן באַגריף "אוטאָפּיע", איז, ווי באַקאַנט, געווען אַן ענגלישער הומאַניסט און מלוכה־מאַן, וועלכער האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט דער אידייע אַרייַנצוברענגען סאָציאַלע רעפאָרמען אין דער געזעלשאַפט. ער האָט געלעבט אין אָנהייב פון זעכצעטן יאָרהונדערט, און געהייסן טאָמאַס מאָר. דאָס בוך, וואָס ער האָט אָנגעשריבן, האָט טאַקע געטראָגן דעם נאָמען: אוטאָפּיע. דאָרט ווערט דערציילט וועגן אַ פאַנטאַסטישן אינזל, אויף וועלכן די אייַנוואוינער האָבן באַוויזן אייַנצושטעלן אַ סאָציאַלן אוןווירטשאַפטלעכן סיסטעם, וואו עס זענען נישטאָ קיין געקריוודעטע און עס ווערן נישט אָפּגעטאָן קיין עוולות. אַלע מענטשן ווערן דאָרט באַהאַנדלט אויף אַ גלייַכן אופן; דאָס, וואָס ווערט פּראָדוצירט, איז פונאַנדערגעטיילט צווישן די אייַנוואוינער מיט גע־רעכטיקייט; קיינער קלאָגט זיך נישט, אַז מ׳האָט אים פאַרזען אָדער אויסגעמיטן, און אַז מ׳האָט ביי אים צוגענומען די מעגלעכקייט צו קענען אָנגיין מיט אַ בכבוד־דיק לעבן.

וואו געפינט זיך דער דאָזיקער גליקלעכער אינזל, אויף וועלכן עס איז געראָטן אויסצובויען אָט אַזאַ מוסטער־געזעלשאַפט, וואו אַלע לעבן צופרידן, אין פולשטענדיקער האַרמאָניע איינער מיטן צווייטן? דער שאַרפזיניקער טאָמאַס מאָר האָט שוין בלויז מיט דעם נאָמען, וואָס ער האָט געגעבן זייַן בוך, געלאָזט פאַרשטיין, אַז אָט־דער אינזל עקזיסטירט נישט אין ערגעץ. "אוטאָפּיע" איז דער טייַטש אין גריכיש: קיין שום אָרט. אָבער דאָס האָט אויך געמיינט צו זאָגן, אַז אויב מענטשן וועלן באַנומען ווערן פון אַן ערנסטן און אויפריכטיקן ווילן אייַנצופירן ענדערונגען אין הערשנדיקן פּעלערהאַפטן פּאָליטישן און סאָציאַלן סיסטעם, וועט דאָס, וואָס גייט אָן אין דעם אוטאָפּיע־אינזל, נישט פאַרבלייַבן קיין הוילע פאַנטאַזיע. עס איז מעגלעך אויסצורייַסן די אומגערעכטיקייט; עס איז בפירוש מעגלעך אַן עק צו מאַכן צו דעם אומגלייַכן, עגאָאיסטישן פונאַנדערטייל פון די פאַרמעגנס; מ׳דאַרף נאָר וועלן, אַנטשליסן זיך, אָפּמאַכן דעם געדאַנק, די אוטאָפּיע — "קיין שום אָרט" — קען דאָן זייַן אַ פּלאַץ, וואָס איז בנמצא. אַ סך מקומות אויף דער דאָזיקער

ערד, וואו די אומרעכט און אומגלײַכקייט דערפירן צו דערשיטערנדיקע מענטשלעכע טראַגעדיעס, זענען מסוגל פאַרוואַנדלט צו ווערן אין פּונקטן, פּונוואַנען עס וועלן אויסשטראַלן פרייד און דערהויבנקייט.

עס זענען נאָך אַט־דעם ערשטן אינטריגירנדיקן פּרווו אויפצווועקן אויף אַזאַ מין אופן דאָס מענטשלעכע געוויסן צו דער נויטיקייט פון סאָציאַלע רעפאָר־מען, צוגעקומען ענלעכע אָנשטרענגונגען צו רופן, דורך דער צוציִענדיקער אוטאָ־פּישער שילדערונג, צום אויפבוי פון אַ נײַער, מער גערעכטער געזעלשאַפט. אין איטאַליע האָט דער דענקער טאָמאַס קאַמפּאַנעלאַ צעפּאַכעט די פליגל פון זײַן פאַנטאַזיע און זיך אַוועקגעלאָזט העט ווײַט, "דאָרט אַהין", וואו עס איז אָפּגעשאַפט געוואָרן דער פונאַנדערטייל אין שיכטן און קלאַסן, און וואו צוליב דעם, וואָס די אידעאַלן פון גלײַכהייט און יושר זענען דאָרט אײַנגעגלידערט געוואָרן אין דער ווירקלעכקייט, האָט דאָס לעבן באַקומען אַ זין און אַ טעם. ער האָט אַ נאָמען געגעבן זײַן שילדערונג: "די שטאָט פון דער זון". דאָס באַדײַט, אַז ערשט אַזוי־אַרום וועט קענען אַרײַנשײַנען אַביסל זון אין די שטעט. וואו, בײַם איצטיקן צושטאַנד, פינסטערן אָפּ מענטשן זייערע יאָרן אין צרות און פּײַן. אין פראַנקרײַך האָט דער סאָציאַלער טרוימער און קעמפער שאַרל פוריע אָנגערעגט די פראַנצויזן, וואָס האָבן דעמאָלט, אין פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, זיך געפונען אין פיבער פון כלערליי גראַנגלען בנוגע זייער צוקונפט, אָפּצוגעבן זייער גאַנצע ענערגיע פאַר דער סאָציאַלער פּראָבלעמאַטיק, וואָרום דאָס איז דער שווערפּונקט. נאָר דורך אײַנפירן אין דער געזעלשאַפט אויסבעסערונגען, וואָס קומען איצט אויס צו זײַן אוטאָפּישע, וועט אַרײַנטרעטן אַ פאַרלײַכטערונג אין די אַזוי שווערע פאַרהעלטנישן, אין וועלכע די גרויסע מאַסן פאַרטאַכלעווען זייער עקזיסטענץ. אין ענגלאַנד האָט זיך אומגעקערט צו די פאַנטאַסטישע פּראָיעקטן פון ערשטן אוטאָפּיסט דער נישט ווייניקער געוואַגטער אין אויסשפּינען חלומות, ראָבערט אָוען. ער האָט אַרײַנ־געפלאָכטן אין זײַנע צעפלאָסענע אידייען שטאַרק פּראָזאַאישע ענייִנים, ווי צום בײַשפּיל: מעדיצינישע הילף פאַר די קראַנקע צווישן די אָרעמע שיכטן פון דער באַפעלקערונג; עלעמענטאַרע דערנערונג פאַר די, וואָס שמאַכטן אין הונגער און נויט; פונדאַמענטאַלע פרײַהייט פאַר די אונטערדריקטע.

דער סאָציאַלער פּאַטאָס, וואָס האָט אייגנטלעך געצויגן זײַן שורש פון די נביאים פון תּנ"ך, און איז געווען אַן עכאָ פון זייער דורכנעמענדיקן געשריי נאָך גערעכטיקייט, איז אין די ווערק, וועלכע זענען געשריבן געוואָרן דורך אָט־די, וועלכע מיר רופן אָן אוטאָפּיסטן, אַרײַנגעדרונגען אין די "קלייניקייטן" פון טאָג־טעגלעכן לעבן, וואָס טאָרן נישט, לויט זייער מיינונג, אַדורכגעלאָזט ווערן, ווען מען אָנטשליסט זיך אויפצובויען די נײַע געזעלשאַפט.

די אוטאָפּיע איז אויך אָנגעקומען קיין אַמעריקע. צווישן די, וואָס האָבן דאָ נעצויגן דעם פאָדעם פון טאָמאַס מאָר, האָט געוואונען פּאָפּולערקייט עדוואַרד

בעלאמי. ער האָט גראָד אויסגעקליבן פאַרן צענטראַלן פּונקט פון זײַנע סאָציאַלע חלומות־פּלענער די שטאָט באָסטאָן. עס קען זײַן, אַז דאָס איז געווען דערפאַר, ווײַל ער איז אויסגעוואַקסן אין באָסטאָן; און עס קען אויך זײַן צוליב דעם, ווײַל דאָרט האָט ער זיך צוגעזען צו די שאַרפע סאָציאַלע דיפערענצן, וואָס האָבן געמאָנט אויסגעוואַרצלט צו ווערן. פון זײַן פאַנטאַסטישער שילדערונג, וואָס ער האָט זי אָנגערופן "צוריקבליק", איז אויסגעקומען, אַז אויב עס וועט עמעצן אײַנפאַלן צו וואַרפן אין יאָר צוויי טויזנט אַ בליק אויף צוריק, און זיך אָפּשטעלן אויף דער שטאָט באָסטאָן (בעלאַמי האָט זײַן ווערק געשריבן מיט אַן ערך הונדערט יאָר צוריק), וועט ער נישט דערקענען די שטאָט. די אײַנוואוינער וועלן מער נישט זײַן פונאַנדערגעטיילט אין רײַכע און אָרעמע. מ'וועט מער זיך ניט אָנטרעפן אויף דעם רשעותדיקן סאָציאַלן צונויפשטעל, די אומגלײַכקייט, די פאַר־דאָרבנקייט. מען וועט שוין האָבן אײַנגעפירט דעם גערעכטן פונאַנדערטייל פון די פּראָדוקציע־מיטלען, און מ'וועט געניסן פון די ברכות, וואָס די נײַע אָרדענונג האָט געבראַכט. די צונויפאַרבעט וועט דאָמינירן אין די קעגנזײַטיקע באַציאונגען. הקיצור: אוטאָפּיע אין באָסטאָן, פאַרשטייט זיך: באָסטאָן ווי אַ מוסטער. פון דער דאָזיקער שטאָט וועט זיך די אוטאָפּיע אויסשפּרייטן איבערן גאַנצן לאַנד.

דאָס אַלץ, וואָס מיר זאָגן, איז גוט באַקאַנט אין דער סאָציאַלער געשיכטע פון די לעצטע יאָרהונדערטער. געבוי אַזוי איז באַקאַנט, אַז פון די קוואַלן פון דער סאָציאַלער אוטאָפּיע האָט געשעפּט דער סאָציאַליזם אין זײַן פריען פּעריאָד, צוקלויבנדיק פאַר די, אין דער לויפט שוועבנדיקע אידייען, די ראַם פון אַן אָרגאַ־ניזאַציע, און די כּללים פון אַן אידעאָלאָגישער ריכטונג. אָבער נישט שטאַרק באַקאַנט איז, אַז לאַנג איידער עס איז אַרויסגעטראָטן מיט זײַן עפּאָכע־מאַכנדיק ווערק טאָמאַס מאָר — העכער דרײַ הונדערט יאָר פאַר אים — האָבן געלעבט און געווירקט ייִדישע דענקער, וואָס זייערע סאָציאַלע אידייען זענען געווען אַזוי ענלעך צו די, וועלכע ער האָט אַנטוויקלט שפּעטער. דאָס זענען געווען די פּיאָנערן פון אַשכּנזישן ייִדנטום. זיי האָבן געוואוינט אין די שטעט אויף די ברעגן פון רהײַן אין דײַטשלאַנד און אין צפון־פראַנקרײַך. דער צוועלפטער און דרײַצנטער יאָר־הונדערט זענען געווען רײַך אין דערפאַרונגען אין געשיכטלעכן וועג פון דאָזיקן טייל פון אונזער פאָלק. רדיפות, פאַרפאָלגונגען, וואָגלענישן, וואַנדערונגען, אָבער אויך רײַפקייט, געוואַגטקייט פון געדאַנק, בעיקר — אויפבלי פון דער עטיק, אַנטשלאָסנקייט אין אַרויסרוקן קלאָרע און שאַרפע סאָציאַלע פאָדערונגען און אין אַנטוויקלען וויזיעס בנוגע דער צוקונפט פון דער געזעלשאַפט. די באַצייכענונג "אוטאָפּיסטן" איז אויפגעקומען ערשט אַ סך שפּעטער, אָבער עס בעט זיך ממש זיי אָנצורופן אָט אַזוי.

צו וואָס זיי האָבן געשטרעבט, אָט־די צווישן אַשכּנזישן ייִדנטום, וואָס זייער

געוויסן האָט זיי געטריבן אַרויסצוקומען מיט דרייסטע פּראָיעקטן פאַר סאָציאַלע רעפאָרמען ? נישט מער און נישט ווייניקער : זיי האָבן געוואָלט אָפּשאַפן אָרעמקייט. זיי האָבן געוואָלט אויסוואָרצלען נויט. אמת טאַקע : אין דער ייִדישער לערע, איז מען גאָרנישט געווען אַזוי זיכער, צי עס לאָזט זיך מאַכן אַן עק צו אָרעמקייט, און צי עס וועלן טאַקע אויפהערן צו זײַן אָרעמעלײַט ("כי לא יחדל אביון מקרב הארץ", דברים טו, יא — אָרעמעלײַט וועלן נישט אויפהערן צו עקזיסטירן אויף דער ערד). אָבער מען קען פאַרשטיין, אַז אין פּסוק איז די רייד מכּוח אָרעמקייט ווי' וועגן אַ געוויינלעכער דערשײַנונג, אָבער נישט וועגן נויט, ווען זי איז האַרצרײַסנדיק, אויסערגעוויינלעך, דערשיטערנדיק, און נעמט אָן אַ גרויליקע פאָרם.

יעדנפאַלס, אַט אַזעלכע זענען געווען די ווײַטגייענדיקע פּלענער, וואָס זענען אויפגעגאַנגען און אַנטוויקלט געוואָרן דורך די פּירנדיקע דענקענדיקע פּערזענלעכקייטן פון אַשכּנזישן ייִדנטום דעמאָלט, אין צוועלפטן און דרײַצנטן יאָרהונדערט. די פּלענער האָבן זיך נישט באַצויגן דווקא צו ייִדן און צו די ייִדישע קהילות, זיי האָבן אַרומגענומען די גאַנצע געזעלשאַפט. מען מוז געדענקען, אַז דאָס איז געווען די צײַט, ווען אין דער ווירטשאַפט איז געווען אײַנגעשטעלט דער פעאָדאַלער סיסטעם, וואו עס איז געווען נאָך ווײניקער גלעגנהייט, ווי אין שפּעטערדיקן אויפוואַקסנדיקן קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם, פאַר דעם אָרעמען, אונטערדריקטן מענטש אַרויסצוזאָגן זײַן אומצופרידנקייט מיט די זאַכן, וואָס גייען אָן, און דורך פּראָטעסט אַרויסברענגען די ביטערניש, וואָס האָט אים געעקבערט און פאַרצערט. די מאָראַל־מאַנער פון אַשכּנזישן ייִדנטום האָבן זיך אָנגענומען פאַר די באַעוולטע און דערנידעריקטע. טיף אין האַרץ האָבן זיי אויפגעהאַלטן די האָפענונג אַז ווי־עס־איז וועט דאָך זייער וואָרט, זייער רוף, זייער וויזיע, דערגיין צו די "הויכע ספערן", וואָס וועלן זײַן בכּוח צו אַנטשיידן אין די דאָזיקע ווייטיקלעכע ענינים.

עס איז אין אַט־די פּלענער געזאָגט געוואָרן, אַז דאָס ערשטע, וואָס דאַרף געטאָן ווערן, איז : אַדורכפירן אַ שטרענגע און גענויע קאָנטראָל צווישן דער באַפעלקע־רונג, ווער עס איז פאַרמעגלעך, און ווער עס איז אומפאַרמעגלעך. דער קאָנטראָל־רעגיסטער דאַרף נישט אַדורכלאָזן קיין שום שטאָט, קיין שום ישוב, און ער דאַרף אַרײַנדרינגען אין אַלע פּרטים פון באַזיץ. למשל, אויב איינער איז רײַך, מוז אויפגעדעקט ווערן, וואָס פאַרמאָגט ער, און ווי גרויס איז זײַן פאַרמעגן. פאַרקערט, ווען עמעצער איז אָרעם, מוז געזאָגט ווערן, ווי ווײַט דערגייט זײַן אָרעמקייט. אַלע אײַנוואוינער מוזן זיך אונטערגעבן די פאָדערונגען און פאַרשריפטן פון רעגיסטער־קאָנטראָל. קיינער קען נישט זײַן קיין אויסנאָם. אין פעאָדאַלן סיסטעם, וואָס האָט כּידוע זיך געהאַלטן אויף פּריווילעגירטע שטאַנדן, דאַרפן אָפּגעשאַפט ווערן די פּריווילעגיעס, וואָרום אַלע מענטשן ווערן געבוירן גלײַך.

איין מאָל באַשטימט און קלאָר געמאַכט דעם מאַטעריעלן מצב פון די אײַנוואוינער, וועלן אָנגעצייכנט ווערן פאַרשידענע פּרײַזן פאַר שפּײַז, און אַנדערע

אַרטיקלען פון ערשטן געברויך. די רײַכע וועלן באַצאָלן טײַערע פּרײַזן פאַר די זעלבע פּראָדוקטן, וואָס די אָרעמע וועלן קענען באַקומען פאַר אַ סך אַ ביליקערן פּרײַז. די גאָר אָרעמע וועלן בלויז באַצאָלן אַ מינימום־פּרײַז, אָדער גאָרנישט. די מאַכט־אָרגאַנען וועלן זיי צוטיילן די אַרטיקלען אומזיסט. עס איז אָן אומרעכט, אַז אַלע זאָלן באַצאָלן די זעלבע פּרײַזן פאַר די נויטווענדיקע זאַכן, אָן וועלכע מען קען זיך נישט באַגיין. דאָס איז אַ שלעכט־פאַרשטאַנענע גלײַכהייט. די פּרינציפּן פון גלײַכהייט דאַרפן געפינען אויסדרוק אין אַנדערע פּרטים, אין עצם צוגאַנג צום מענטש, צו זײַן פּערזענלעכקייט, צו זײַנע עלעמענטאַרע רעכט. אויך וואָס שײַך שטײַערן צו דער מלוכה אָדער צו דער שטאָט־מוניציפּאַליטעט, איז פאַלש צו פאַרלאַנגען גלײַכע שטייערן פון אַלעמען, דער רײַכער דאַרף צאָלן מער, און דער אָרעמער ווייניקער; און אַפילו זײַן פּטור אינגאַנצן פון צאָלן שטײַערן.

נאָך עפּעס איז צוגעגעבן געוואָרן: עס איז פאַרוועריט יעדן איינעם אײַנצוקויפן אַזויפיל, וויפל אים פאַרגלוסט זיך. פּשוט: מ׳דאַרף אים נישט פאַרקויפן. אין רעגיסטער־קאָנטראָל מוז ווערן פאַרצייכנט, פון וויפל מיטגלידער באַשטייט איט־לעכע פאַמיליע, און דאָס דאַרף זײַן מאַסגעבנדיק בײַם אײַנקויף. מ׳טאָר נישט דערלאָזן, אַז אייניקע זאָלן זיך באָדן אין וואוילטאָג, און דער המון זאָל זיך צוציילן דעם ביסן צום מויל. מ׳וועט אַזוי אַרום אויך אויסמײַדן שפּעקולאַציע און די דראָענדיקע געפאַר פון אויפגעשרויפטע פּרײַזן, וואָרום דאָס, דער לוסט צו שפּעקולאַציע, איז וואָרשיינלעך די סיבה, פאַרוואָס דעם און יענעם קען זיך פאַרוועלן אָנצוזאַמלען אָן אַ שיעור שפּײַז אָדער אַנדערע אַרטיקלען.

כּדי זיך צו פילן אינגאַנצן זיכער, אַז מען פּלאַנעוועט ריכטיק און גערעכט, האָט מען געברענגט אַ ראיה פון חומש. יוסף הצדיק, ווען ער איז געווען דער גאַנצער דעה־זאָגער אין עגיפּטן אונטער די פּרעהס, האָט אײַנגעפירט אָט אַזאַ שטרענגע קאָנטראָל אין פאַרקויף פון דער תּבואה, מיט וועלכער ער האָט פאַר־וואַלטעט. מ׳קען אַרויסדרינגען, אַז אויך די פּרײַזן זענען נישט געווען פאַר אַלעמען גלײַך.

דאָס איז געווען די אוטאָפּיע נוסח אַשכּנז נאָך איידער דער באַגריף "אוטאָפּיע" איז אַרײַנגעגאַנגען אין באַנוץ. ווײַטגרייכנדיקע זענען געווען די פּראָיעקטן פון אָט־די סאָציאַלע רעפאָרמער, זיי האָבן דערצו זיך נישט באַגרענעצט צו קיין אינזל. די רעפאָרמען האָבן באַדאַרפט אַרומנעמען לענדער און פעלקער.

אויב דער פאַנטאַסטישער פּלאַן, וועלכער איז אויפגעוויקלט געוואָרן דורך טאָמאַס מאָר אין זײַן שילדערונג וועגן סאָציאַלן סיסטעם, וואָס האָט זיך אײַנגעג־שטעלט אויף דעם אינזל "אוטאָפּיע" איז באַצייכנט געוואָרן ווי אַ געוואָגטער, קען מען זיך לײַכט פאָרשטעלן וויפל דרייסטקייט עס האָבן געמוזט פאַרמאָגן די אַשכּנזישע "אוטאָפּיסטן" בכדי אַרויסצוקומען מיט זייערע פּראָיעקטן. די מער־

ווייניקער דערטרעגלעכע באַדינגונגען, אין וועלכע די ייִדישע קהילות האָבן געלעבט אויף די ברעגן פון רהייַן אין דער תּקופה פון פריִען מיטלאַלטער, האָבן שוין מער נישט עקזיסטירט. דער מצב האָט זיך געענדערט צום ערגערן. די יאָרהונדערטער, ווען די אַשכּנזישע סאָציאַלע רעפאָרמער האָבן אַנטוויקלט זייער טעטיקייט, זענען געווען אַ פּעריאָד פון צעווילדעוועטער רשעות. אָבער דאָס האָט נישט אָפּגעהאַלטן די אַנטשלאָסענע ייִדישע דענקער פון אונטערנעמען אַ קריטיק קעגן די זאַכן, וואָס גייען אָן אין דער געזעלשאַפט, אין דער ייִדישער ווי אין דער נישט־ייִדישער, און וואָס האָבן זיך אויסגעוויזן צו זייַן אומגערעכטע און אומ־ווירדיקע. אין די ווערק, וואָס זיי האָבן געשריבן, און וואָס שוין בלויז דאָס שרייַבן זיי און פאַרשפּרייטן, איז געווען פאַרבונדן מיט גרויס מסירת־נפש — דער דרוק איז נאָך דעמאָלט נישט געווען באַקאַנט — האָבן זיי מוטיק דערקלערט, וואָס זיי האָבן געהאַלטן פאַר נויטיק צו דערקלערן.

אמת: זיי האָבן געשריבן זייערע ספרים און אַנטוויקלט זייערע סאָציאַלע פּלענער אין לשון־קודש. אָבער מען מוז געדענקען, אַז צו יענער צייַט איז העברעאיש פאַררעכנט געווען צו די פּרעסטיזשפולע שפּראַכן, און אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין חשיבות צוגלייַך מיט גריכיש און לאַטיין, די קלאַסישע לשונות פון אַלטערטום. אין די ספרים פון גייַסט און געדאַנק, צווישן די קריסטלעכע גייַסטלעכע, איז אַ העברעאישער טעקסט אויפגענומען געוואָרן מיט נייַגער און אינטערעס, און אָפט געפונען אַן איבערזעצער; הגם נישט אַלע מאָל איז דער אינטערעס געווען פרייַ פון פייַנטלעכע טענדענצן.

מען ווייסט נישט גענוי, און עס לאָזט זיך נישט באַשטימען, ווער אַלץ פון די אַשכּנזישע מענטשן פון מחשבה זענען געווען פאַרטאָן אין צוגרייטן די פּלענער אויסצובויען די נייַע, אויסגעטרוימטע געזעלשאַפט. זיי האָבן געוואוינט אין די רהייַן־שטעט וואָרמס, שפּייַער, מייַנץ, און אַנגעגאַנגען מיט זייער אַקטיווקייט אויך אין רעגענסבורג און דערגרייכט ביז צפון־פראַנקרייַך. עס האָבן מיט זיי מיטגעאַרבעט אין אַרויסרוקן די רעפאָרמען־פּראָיעקטן ייִדן פון פּוילן. אין דרייַצנטן יאָרהונדערט האָט אַ באַדייַטנדיקע צאָל ייִדן פון דייַטשלאַנד אייַנגעוואַנדערט צוליב די רדיפות קיין פּוילן, און דאָרט געפונען שוץ. דער פּוילישער פירשט באָלעסלאַוו דער פרומער האָט פאַרזיכערט די רעכט פון די ייִדישע אייַנוואַנדערער אין אַ ספּעציעלן דעקרעט, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן. אָבער אַזוי ווי דער ייִדישער ישוב אויף דער פּוילישער ערד האָט ערשט דעמאָלט אָנגעהויבן אָרגאַניזירן זייַנע גייַסטיקע אינסטיטוציעס, איז די וויסן־דורשטיקע יוגנט געפאָרן צו די מערב־אייראָפּעאישע צענטערס, כּדי דאָרט צו לערנען און באַרייַכערן זיך מיט תּורה און חכמה. אַ טייל פון אָט־די יונגעלייַט זענען אַרייַנגעצויגן געוואָרן אין קרייַז פון די מאָראַליסטן. מיר פאַרמאָגן נישט קיין פּרטים פון זייער לעבן, אָבער מיר ווייסן לכל־הפּחות איינציקע נעמען. איינער פון די דאָזיקע פּוילישע ייִדן האָט געהייסן

ר׳ יצחק, אַ צווייטער האָט געהייסן ר׳ מרדכי. אַליין נאָך נישט אינגאַנצן זיכער, וואָסער וועט זײַן דער מאָרגן פון אויפשטייענדיקן ישוב אין פוילן, האָבן זיי, געשטויסענע פון דאָרשט אויפצוטאָן און אויסבעסערן — דער פיבערנדיקער אומרו פון פּוילישן ייִד, וואָס האָט שוין דעמאָלט זיך גענומען אַנטפּלעקן! — באַגערט צו פאַרריכטן, אונטער דער אַנפירערשאַפט פון זייערע לערער אין אַשכנז, דאָס וואָס איז שלעכט און פאַרדאָרבן אין דער געזעלשאַפט.

מער באַקאַנט זענען אונז די פּערזענלעכקייטן פון די, וואָס זענען געווען אַרײַנגעטאָן אין די פּלענער פון די סאָציאַלע רעפאָרמען אין די דײַטשע שטעט. צום אויבנאָן פון דער דאָזיקער אידעאַליסטישער חבורה איז בלי ספק אַרויפּ־געשטיגן ר׳ יהודה. מען האָט אים גערופן צווישן פאָלק: ר׳ יהודה חסיד. ער האָט געשריבן ספרים, אין וועלכע עס ווערט אונטערגעשטראָכן די וויכטיקייט פון מאָראַל און מוסר, און עס ווערן אַרויסגעהויבן די ראָל און השפּעה פון יחיד אין אויס־פורעמען דעם כלל. זאָל קיינער נישט — האָט ער געשריבן — אָפּלייגן דאָס, וואָס ער דאַרף טאָן, לטובת דעם כלל, און אַרויפלייגן די אויפגאַבע אויף אַנדערע. יעדער איינער דאַרף טראָגן אחריות פאַר דער ריכטונג, אין וועלכער די געזעלשאַפט ווענדט אירע טריט... ר׳ יהודהס ספרים זענען געשריבן פאַר ייִדן און צו ייִדן. אָבער די פּראָבלעמען פון דער אַרומיקער געזעלשאַפט ווערן באַהאַנדלט. די סאָציאַלע פּראָבלעמען, די עקאָנאָמישע, דאָס אויסבויען אַ מער גערעכטע געזעל־שאַפט איז אויך אַ זאָרג פאַר ייִדן, און איז אַ ייִדיש פּראָבלעם. דער דאָזיקער סאָציאַלער דענקער איז אויפגעוואַקסן אין וואָרמס און שפּײַער, און שפּעטער האָט ער זיך אַריבערגעטראָגן קיין רעגענסבורג, וואוהין ער האָט צוגעצויגן אַ סך תּלמידים.

פון די זעלבע געגנטן איז געקומען זײַן באַרימטער תּלמיד ר׳ אלעזר. ביידע זענען זיי געווען מיסטיקער, אָבער אין אונטערשייד פון דער מיסטיק, וואָס האָט זיך דאַן אַנטוויקלט צווישן דעם ייִדנטום אין שפּאַניע, זענען די אַשכּנזישע מיסטיקער נישט געווען אינגאַנצן אָפּגעריסן פון דער סאָציאַלער פּראָבלעמאַטיק. ביידע האָבן געהאַלטן, אַז וואָס מער מיסטיקער מען איז, אַלץ שטאַרקער דאַרף מען זאָרגן, אַז אויך אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט אויף דער ערד זאָלן אַרײַנ־דרינגען שטראַלנדיקע עלעמענטן פון דער ספערע פון סוד. ר׳ אלעזר האָט אַדורכגעמאַכט אַן אומגעוויינלעך טראַגישע דערפאַרונג, זײַן פרוי און צוויי טעכטער זענען דערהרגעט געוואָרן פאַר זײַנע אויגן דורך רוצחים, וועלכע האָבן זיך אַרײַנ־געריסן אין אַ פרײַטיק צו נאַכט אין זײַן וואוינונג אין וואָרמס, אין דער צײַט, ווען עס האָבן געבושעוועט די ווילדע אויסברוכן קעגן ייִדן. ער דערציילט וועגן דעם אין זײַן פּאָעטישער שאַפונג, אַן אויפטרייסלענדיק קלאָג־ליד. דאָרט שילדערט ער, ווי „פרײַטיק צו נאַכט, ווען די פאַמיליע איז געזעסן בײַם שבתדיקן טיש, געזונגען זמירות, און געהאַלטן אין עסן, האָבן זיך אַרײַנגעריסן צוויי רוצחים״,

און געהרגעט די מאַמע און די טעכטער פֿאַר זײַנע אויגן, און אים אַליין, זײַן זון, און זײַנע תּלמידים פֿאַרוואונדעט...

אָבער די שווידערלעכע דערפֿאַרונג האָט בײַ ר׳ אלעזרן נישט אָפּגעשוואַכט זײַן ווילן אָנצוגיין מיט זײַן אַקטיווקייט אין פֿעלד פֿון דער מאָראַל און עטיק. ער האָט ממשיך געווען צו שרײַבן זײַנע ווערק און אָנגעהאַלטן זײַן דערציערישע טעטיקייט. די ייִדישע אוטאָפּיסטן אין אַשכּנז האָבן זיך אויסגעוויזן צו זײַן אויסגעשמידט פֿון שטאָל און אײַזן. גאָרנישט האָט זיי געקענט אָפּווענדן פֿון זייער ציל, אָפּוועקרײַסן זיי פֿון זייער אויפֿגאַבע איבערצובויען דעם אומגערעכטןווירטשאַפֿטלעכן און סאָציאַלן סיסטעם. נישט באַנוצנדיק זיך מיט דעם אויסדרוק און שפּראַכלעכן טערמין, וואָס איז ערשט פּאָפּולער געוואָרן הונדערטער יאָרן שפּעטער, האָבן זיי טיף געגלייבט, קעגן אַלע ביטערע אַנטוישונגען פֿון דער ווירקלעכקייט, אַז די עקזיסטענץ פֿון אַן "אוטאָפּיע"-אינזל האָט אַ ברירה נישט צו זײַן קיין פֿאַנטאַסטישער שפּינוועב, אויב די מענטשן וועלן זיך ערנסט אַנטשליסן אים אויפֿצושטעלן און אײַנצושטעלן.

עס איז צו באַוואונדערן, וואָס אַט־די סאָציאַלע דענקער און רעפֿאָרמער פֿון דער רהײַן־געגנט אין דײַטשלאַנד, אין דער ענגער צונויפֿאַרבעט מיט זייערע תּלמידים פֿון דעמאָלט־אויפֿגייענדיק פּוילישן ייִדנטום, האָבן אַלץ אַרײַנגענומען אין די פּראָבלעמען, וואָס זיי האָבן באַהאַנדלט. מ׳האָט געשטרעבט אויסצוטראַגן אידייען און אידעאַלן, וואָס וועלן אָנהאַלטן זייער גילטיקייט אויך פֿאַר די קומענדיקע דורות.

אַ פֿראַגע, אויף וועלכער זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט, איז געווען, ווער פֿאַרדינט אָנערקענונג אין דער אידעאַלער געזעלשאַפֿט, וואָס וועט געגרינדעט ווערן: דער מענטש מיטן גוטן קאָפּ אָדער מיטן גוטן האַרץ? וואָס איז סוף־כּל־סוף מער וויכטיק און ווערטפֿול: אינטעלעקט אָדער כאַראַקטער?

זיי, ווי שטאַרק פֿאַרוועבט זיי זענען געווען אין זייערע פֿאַנטאַסטישע פּלענער, האָבן דאָך נישט געקענט פֿאַרמאַכן די אויגן אויף דער דערשיינונג, אויף וועלכער מען טרעפֿט זיך אָן שוין צו אָפֿט: די טאַלאַנטירטע, די פֿירנדיקע דינאַמישע פּערזענלעכקייטן, אַרײַנגערעכנט אויך אינטעלעקטואַלן און געלערנטע, זענען נישט אַלע באַשאַנקען מיט אַן איידעלן כאַראַקטער און מיטפֿילנדיק האַרץ, פֿאַרקערט. שוין צו אָפֿט זענען גראָד זיי — הגם זיי האָבן אַזעלכע נישט באַדאַרפֿט זײַן — עגאָאיסטן, פֿאַרקוקט אין זיך אַליין, קלײַנלעכע, מיט אָפּשטויסנדיקער אויפֿפֿירונג.

אין די ווערק פֿון די אַשכּנזישע מאָראַליסטן האַלט מען זיך נישט אָפּ פֿון דערקלערן, אַז אַפֿילו צווישן לומדים און תּלמידי־חכמים טרעפֿט מען זיך אָן אויף אַזוינע, וועלכע קענען זיך נישט אויפֿהייבן איבער זיך אַליין, און זייערע מידות זענען ווײַט פֿון באַצייכנט צו ווערן ווי גוטע און פֿײַנע; און ווי אויך צו להכעיס

באַגעגנט מען דווקא פּרימיטיווע מיטגלידער פון די קהילות, וועלכע קענען קוים עברי, און גראָד זיי צייכענען זיך אויס מיט זייער איידעלן כאַראַקטער און גוטע מידות. ווען מען בכן דאַרף מען אָפּגעבן אָנערקענונג און רעספּעקט? ווער פאַרדינט באַטראַכט צו ווערן ווי אַ זייל פון דער געזעלשאַפט, אויב זי איז אויפגעבויט אויף די יסודות פון דער עטיק?

די דענקער און סאָציאַלע רעפאָרמער פון אַשכּנזישן ייִדנטום זענען צוגעגאַנגען צו דער דאָזיקער פראַגע מיט טיפער ערנסטקייט. די זאַך האָט זיי געעקבערט, געאַרט. זיי האָבן אָנגעוואָרפן ראיות אויף ראיות, אַרגומענטן אויף אַרגומענטן מיט דער כּוונה צו באַלויכטן דעם ענין. דאָ און דאָרט קומט מען אַנטקעגן אָט דער ווייטיקלעכער, אויפרעגנדיקער דערשייַנונג. וואָסערע דאַרף זיין די רעאַקציע דערויף אין דער געזעלשאַפט?

מ׳האָט אויפגעוויקלט פאַרמעטן פון פאַרצייטנס כּדי צו ווערן ״באַלויכטן״. מ׳האָט דערמאָנט, אַז אין די אַלטע קוועלן ווערט אָנגעגעבן, אַז פאַר ר׳ יוחנן בן זכאי, בעת ער האָט אָנגעפירט אין אַן איבערברוך־צייַט פאַרן פאָלק מיט דעם לערן־צענטער אין יבנה אין ארץ־ישראל, איז דאָס וויכטיקסטע געווען, צי דער מענטש פאַרמאָגט אַ גוט הארץ. ער איז פאַרבליבן שטאַרק צופרידן, ווען איינער פון זייַנע תּלמידים האָט אונטערגעשטראָכן, אַז דאָס האָבן אַ גוט הארץ איז די בעסטע פון אַלע מידות. מען האָט אַרויסגעבראַכט דעם תּלמודישן זאָג, אַז גאָט שטעלט אויפן ערשטן פּלאַץ דאָס הארץ, דאָס ריינע הארץ (סנהדרין קו). אין אַן אַנדער שטעלע, אין דער תּלמודישער ליטעראַטור, ווערן אַפילו אויסגערעכנט די אַלערליי פונקציעס, וועלכע ווערן צוגעשריבן דעם הארץ: עס זעט, הערט, רעדט, באַוועגט זיך, פאַלט, שטעלט זיך אָפּ, פרייט זיך, שרייט, טרייסט זיך, באַדויערט, שטאַרקט זיך, טרויערט, שרעקט זיך, ברעכט זיך איין, גרויסט זיך, ווידערשפּעניקט, פאַנ־טאַזירט, גלוסט, בלאָנדזשעט, גיט זיך אונטער, האָט ליב, האַסט, ווערט צעריסן, קען זיין ווי גליִענדיק פייַער, און קען אויך זיין האַרט, ווי שטיין (קהלת רבה א). פאַר די אוטאָפּיסטן נוסח אַשכּנז איז געווען קלאָר, אַז אין דער אוטאָפּישער געזעלשאַפט מוזן אַנטשיידן גוטע מידות. אין דער וועלט גייט אַן אַ קאַמף צווישן די עלעמענטן פון שלעכטס און גוטס. אויב מען רעדט וועגן אַ מוסטער־געזעלשאַפט, קען דאָרט זיך נישט איינשטעלן קיין רעספּעקט פאַר טאַלאַנט, אויב איבער אים דאָמינירט נישט דאָס גאָלדענע הארץ. טאַלאַנט, פעאיקייטן, געשיקטקייט, קענטע־נישן, אָנגעלערנטקייט — אַלץ, וואָס ווערט אַרונטערגענומען אונטער דעם באַגריף: מוח — זענען נישט גענוג כּדי אַרויפצושטייגן צום אויבנאָן. באַרעמהאַרציקייט, דער לב טוב — מאַכן ערשט דעם מענטש פאַר אַ מענטש . . .

דאָס פאַרטיפן זיך אין די קאָמפּליצירטע פאָרמען פון דער ווירטשאַפט, און דאָס זוכן אַ לייזונג פאַר די פעלערן, מיט וועלכע זי איז אַדורכגעדרונגען, האָט געדינט פאַר די אַשכּנזישע סאָציאַלע רעפאָרמער פון צוועלפטן און דרייַצנטן יאָר־

הונדערט, ווי אַ געלעגנהייט אַרויסצוזאָגן זייער וואָרט אין אַלע פּראָגעס, וואָס האָבן צו טאָן מיטן מענטש, מיט זײַנע בייגונגען, מיט זײַן אויפפירונג. גאָרנישט איז פאָר זיי פאַרבליבן מעכאַניש. אין צענטער פון דער געזעלשאַפט האָבן זיי אַוועקגעשטעלט — דאָס געוויסן. אַזוי האָט געשריבן ר׳ אלעזר פון וואָרמס: ״עס איז נישטאָ, און עס קען נישט געמאָלט זײַן קיין שענערע קרוין, ווי די קרוין פון באַשיידנקייט. נישטאָ קיין שענערע מידות ווי זײַן קליין און נידעריק בײַ זיך, נישט טראָגן קיין האַס און צאָרן אויף קיינעם, זײַן גרייט צו העלפן דעם צווייטן, פאַרמאָגן אַ ווייך, רחמנותדיק האַרץ...״.

אין דער ״אוטאָפּיע״ נוסח אַשכּנז, וואָס איז אַנטשטאַנען העכער דרײַ הונדערט יאָר איידער טאָמאַס מאָר האָט אַוועקגעפּירט די מענטשן פון זײַן דור צו דעם ״אוטאָפּיע״־אינזל, וואָס ער האָט אויסגעמאָלט, איז געזאָגט געוואָרן:

אַוודאי זענען געענדערטע סאָציאַלע און ווירטשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן נויטווענדיק, כּדי עס זאָלן זיך אײַנשטעלן די האַרמאָניע און דאָס גליק אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. אָבער מ׳קען נישט אָפּקומען בלויז מיט דעם. דער עניין איז ווײַט נישט איינפאַך. ער איז מער קאָמפּליצירט, און ער איז טיפער, ווי מען רעכנט. דער עניין האָט צו טאָן מיטן מענטש גופא, און מיט זײַן אייגענעם ווילן און אַנטשלאָסנקייט זיך צו ענדערן.

# אַשכּנז און ספרד — זייערע ערשטע טריט

בּישט אין אונזער דור האָט זיך געעפנט דאָס קאַפּיטל אַשכּנז־ספרד, און נישט ערשט אין מדינת־ישׂראל זענען אָט־די צוויי וויכטיקסטע טיילן פון אונזער פאָלק אַרייַנגעטראָטן אין קעגנזייַטיקע באַציאונגען. מיט קנאַפּע צוועלף הונדערט יאָר צוריק, גלייַך מיטן פונאַנדערטייל, האָט זיך אָנגעהויבן דער צונויפטרעף. ווי פּאַראַדאָקסאַל דאָס זאָל נישט אויסקומען: גראָד אין יענע ווייַטע צייַטן, בייַם סאַמע אָרויסשיילן זיך פון די אונטערשיידן, האָט זיך איינגעשטעלט אַ האַרמאָניע צווישן ביידע. די טיילווייַזע "אָפּגעפרעמדקייט" איז געקומען צום אויסדרוק ערשט שפּעטער; אין אָנהייב איז מען געגאַנגען האַנט־בייַ־האַנט.

דאָס הייסט, אַז געוואוינט האָט מען ווייַט איינער פון אַנדערן. ספרדים האָבן זיך גערופן יענע פון אונזער פאָלק, וועלכע האָבן — נאָכדעם, ווי כּמעט דאָס גאַנצע פאָלק האָט אויסגעוואַנדערט פון אַזיאַטישן קאָנטינענט — זיך באַזעצט אויפן פּירענעאישן האַלבאינזל, אין שפּאַניע. אַשכּנזים האָבן זיך גערופן יענע, וועלכע האָבן זיך באַזעצט אויף די ברעגן פון רהייַן, אין דייַטשלאַנד, און אין שכנותדיקן צפון־פראַנקרייַך. אָבער געוואוסט און געפילט האָט מען, אַז מען איז גלידער פון פאָלק. איז דעריבער נישט שייַך צו אַמפּערן זיך, ווער עס איז בעסער און מיוחסדיקער. אומשטענדן האָבן פאַרוואָרפן ייִדן אין פאַרשידענע לענדער, אָבער דאָס מיינט נישט צו זאָגן, אַז מען איז טאַקע פאַרשידן. אמת: יעדער ישוב האָט אויפגעהיטן טראַדיציעס און מנהגים. וואָס ער האָט מיטגעברענגט מיט זיך פון פריִערדיקן וואוינאָרט. די, וועלכע האָבן אויפגעשטעלט זייערע געצעלטן אין שפּאַניע, זענען אין זייער איבערוויגנדיקער מערהייט, געקומען פון בבל (דאָס הייַנטיקע איראַק); די, וואָס האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין דייַטשלאַנד און פראַנקרייַך (אַשכּנז און צרפת), האָבן געשטראָמט דורך איטאַליע, די געוועזענע רוימישע אימפּעריע, פון ארץ־ישׂראל על־פּי־רוב. עס האָבן זיך אויך צוגעקלעפּט, ווילנדיק־נישט־ווילנדיק, געוואוינהייטן פון די שכנים. אין שפּאַניע האָבן די איינוואַנדערער אָנגעטראָפן אויף די וויזיגאָטן־שבטים, און דערנאָך אויף די מוסולמענער, וואָס זענען געוואָרן די באַלעבאַטים פון לאַנד. אין די געגנטן פון רהייַן, שאַמפּאַן און לאָטארינגיע, האָבן זיי באַגעגנט די גערמאַנען און פראַנקן־שבטים. אָבער דורך די מרחקים האָבן ייִדן

אויסגעצויגן צו זיך די הענט, און מען איז געווען בײַגעריק צו וויסן, ווי אַזוי לעבן די אַנדערע, און וויליק זיך אַראָפּצולערנען אײנע בײַ די צווייטע.

אָבער איינס מוז מען מודה זײַן: אַ ראַדיקאַלער אונטערשייד האָט אָנגעהויבן אָנצונעמען אַן אַלץ שטאַרקערע פאָרם אויך אין דער צײַט פון בראשית. אין דעם ספרדישן אָפּצווײַג האָבן זיך אַרויסגערוקט פירנדיקע פּערזענלעכקייטן אין דער ספערע פון געזעלשאַפטלעכער עסקנות און גײַסט. דאַקעגן אין דער אַשכּנזישער געזעלשאַפט האָט געדויערט אַ סך לענגער ביז אינדיווידועלע פּערזענלעכקייטן האָבן פאַרנומען דעם בפירושן אויבנאָן. אין משך פון לאַנגע תּקופות איז דער טראָפּ כּסדר געלייגט געוואָרן אויף גאַנץ קהל.

פאַרוואָס דאָס איז געווען אַזוי, איז אייגנטלעך שווער צו באַשטימען מיט דער פולער זיכערקייט. אַ סך סיבות האָבן דערבײַ מיטגעווירקט, און עס איז שווער אָנצוטײַטלען מיטן פינגער, וועלכע ס׳איז געווען די דעצידירנדיקע. שוין אין בבל, פונוואַנען די ייִדן זענען געקומען קיין שפּאַניע, האָט נאָכדעם, ווי דער תּלמוד איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן, אַרום זעקסטן יאָרהונדערט, זיך אַרויפגעשלאָגן צו דעם אויבנאָן פון ישוב דער יחיד, וועלכער האָט זיך גענומען דאָס רעכט צו רעדן אין נאָמען פון דער מאַסע, און איר צוטיילן זײַן באַפעל און אָריענטאַציע. אויב עס האַנדלט זיך וועגן דער גײַסטיקער אָנפירערשאַפט, האָט מען אַזאַ, צו די העכסטע שפּיצן דערגאַנגענע פּערזענלעכקייט, אָנגערופן "גאון". אויב עס גייט אין פּאָלי־טישער און סאָציאַלער רעפּרעזענטאַנץ, האָט מען אַזאַ פּרעסטיזשפולן יחיד באַקרוינט מיט דעם ערן־נאָמען "ריש גלותא"; דער קאָפּ פון דעם פאָלק, וואָס וואַנדערט אין גלות.

אָנקומענדיק קיין שפּאַניע, האָט מען ווידער באַגעגנט, אויך אין דער נישט־ייִדישער סביבה, אַזאַ געזעלשאַפט, וואָס האָט זיך קאָנצענטרירט אַרום אַ יחיד. כּמעט אין יעדער שפּאַנישער פּראָווינץ איז געשטאַנען בראש אַ קאַליף, וואָס זײַן וואָרט איז געווען אַן אַלעמען־פאַרפליכטנדיקער באַפעל. אַט־אַזאַ, אַרום אַ הערשנ־דיקן יחיד קאָנצענטרירטער סיסטעם, איז נישט געווען גענוג באַקאַנט, און אוודאי נישט אָנגענומען, אין די אייראָפּעאישע מדינות, אויסער שפּאַניע. אין יענעם פּעריאָד פון פּאָליטישער און עטנישער צעברעקלונג, אַרום רהײַן, און אין לאָטאַ־רינגיע (לותיר, ווי ייִדן האָבן צווישן זיך גערופן די דאָזיקע פּראָווינץ), האָט מען אויסגעמיטן צו קלאָמערן זיך אַרום אַ יחיד; ווי אָנגעזען און באַדײַטנדיק ער זאָל נישט האָבן געווען. אַלע מיטגלידער פון פאָלק פאַרדינען די זעלבע אויפ־מערקשאַפט — האָט מען געזאָגט.

זענען טאַקע אין שפּאַניע, אין אַ פאַרהעלטנישמעסיק קורצער צײַט, אויפ־געגאַנגען פּערזענלעכקייטן, וועלכע האָבן געמאַכט געשיכטע. דאַקעגן אין דײַטש־לאַנד און פראַנקרײַך, האָט געדויערט גענוג לאַנג, ביז יחידים האָבן געלייגט זייער קאָנטיקן חותם אויפן גאַנג פון די פּאַסירונגען און אויף דער גײַסטיקער אַנטוויקלונג.

אין דײַטשלאַנד און פראַנקרײַך, אין די ייִדישע ישובים, וואָס זענען דאָרט אַנטשטאַנען, האָט געהאַט דאָס וואָרט גאַנץ קהל. אָבער קיין פּאָלעמיק, קיין וויכּוח, איבער דעם עניין האָט מען נישט געפירט.

די צונויפאַרבעט צווישן ביידע צענטערס, וואָס זענען אַלץ כּסדר געוואַקסן אין צאָל און חשיבות, האָט אָנגעהאַלטן. ייִדישע סוחרים פון דער קריסטלעכער אייראָפּע זענען אָפט געפאָרן צו דעם מוסולמענישן האַלבאינזל, און פון די מוסולמענישע קאַליפאַטן האָט מען, צוליב האַנדלסצוועקן, באַזוכט די קריסטלעכע לענדער. אין יענער צײַט זענען גראָד די מוסולמעניש־אייראָפּעאישע געגנטן געווען מער פאָרגעשריטן אין זייער אינדוסטריע. מ׳האָט עקספּאָרטירט פון דאָרט לעדער, זײַדנס, לײַוונט, אויף וועלכע עס האָבן נישט געפעלט קיין בעלנים צווישן די גערמאַנען און פראַנקען. ס׳איז איבעריק צוצוגעבן, אַז אין די האַנדלס־באַציאונגען האָבן ייִדן פאַרנומען אַ וויכטיק אָרט. געווען משפּחות, וואָס האָבן געצויגן אַ מסחר־טראַדיציע.

דערצו האָבן זיי זיך געקענט פאַרשטענדיקן בעסער, ווי די אײַנגעזעסענע פעלקער און שבטים. די שפּראַכן, לשון־קודש און אַראַמעאיש, זענען געווען דער פאַרשטענדיקונג־אינסטרומענט. אין דער צעשפּאָלטענער אייראָפּע, אין דער מאָזאַאיק פון גלויבנס, קולטורן, לשונות — אָפּילו דער געצנדינסט איז נאָך נישט געהאַט אינגאַנצן פאַרשוואונדן — האָבן ייִדן פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ צונויפגעאייניקטע אינטערנאַציאָנאַלע געזעלשאַפט. וואָס־זשע האָט אויסגעמאַכט, אַז איין טייל האָט צוליב זײַן געאָגראַפישער סיטואַציע זיך גערופן ספרדים, און דער אַנדערער איז באַקאַנט געווען ווי אַשכּנזים? אַלע ייִדן זענען צונויפגעברודערט. "אחינו בית ישראל", אונזערע ברידער ייִדן, צי אָפּילו גאָר "כּל ישראל חברים", אַלע ייִדן זענען צונויפבאַהאַפטן, און "כּל ישראל ערבים זה בזה", ייִדן זענען מיט־פאַראַנטוואָרטלעך איינער פאַר די אַנדערע, זענען געווען נישט בלויז פּאָפּולערע אויסדרוקן, נאָר זיי האָבן טאַקע אָפּגעשפּיגלט אַ טיף־אײַנגעבאַקענע איבערצײַגונג און אַ פּערמאַנענטן געמיט־צושטאַנד.

אָבער אין די באַזונדערע אייגנטימלעכע אומשטענדן פון יעדן קיבוץ האָט זיך דאָך גענומען אויסקריסטאַליזירן דער כאַראַקטער, וואָס די ייִדישע געזעלשאַפט האָט אָנגענומען אין ספרד און אַשכּנז.

שוין אין דעם פּעריאָד פון באַגינען איז אויפגעגאַנגען די פּערזענלעכקייט פון חיסדאי איבן שאַפּרוט צווישן ייִדן אין ספרד־שפּאַניע. וואָס איז ער אַלץ נישט געווען דער דאָזיקער ייִד! און וואָסערע אַמטן און פונקציעס האָט ער אַלץ נישט פאַרנומען! ער איז געווען דער ראַטגעבער פאַר פּאָליטישע און וויסנשאַפטלעכע ענינים בײַם קאַליף אין קאָרדאָבאַ. ער האָט אים פאַרטרעטן — געווען דער אַמבאַסאַדאָר, וואָלט מען הײַנט געזאָגט — אין פאַרשידענע אייראָפּעאישע מדינות.

דער דײַטשער אימפּעראַטאָר אָטאָ דער ערשטער האָט געזאָגט, אַז ער האָט נישט באַגעגנט צווישן די דיפּלאָמאַטן אַזאַ סובטעלן דיפּלאָמאַט, ווי איבן שאַפּרוט. דערצו איז ער געווען דער לייב־דאָקטאָר פון קאַליף און אַ באַרימטער פאַרמאַצעאוט אין יענעם יאָרהונדערט, דער צענטער יאָרהונדערט. אַ פענאָמענאַלער שפּראַכן־קענער, האָט ער איבערגעזעצט פון גריכיש אויף אַראַביש, די אומגאַנג־שפּראַך דעמאָלט אין שפּאַניע, אַ וויכטיק ווערק אין געביט פון דער פאַרמאַצעאוטישער וויסנשאַפט. אַזוי אַרום האָט ער אַרײַנגעבערענגט אין דער וועלט פון מיטלאַלטער באַגריפן און מעדיצינישע קענטענישן פון ציוויליזירטן אַלטערטום. דערצו האָט ער פאַרמאָגט אַ ביבליאָטעק, וועלכע איז געווען אַ זעלטנקייט אין יענער תּקופֿה, ווען דער דרוק איז נאָך נישט געווען באַקאַנט, און בלויז געציילטע ביבליאָטעקן האָבן זיך געפונען אין גאָר דער וועלט. חיסדאַי איבן שאַפּרוט האָט מיט אינטעלעקטועלן בײַגער זיך אײַנגעשאַפט פאַרמעטן און מאַנוסקריפּטן, באַצאָלנדיק פאַר זיי די העכסטע פּרײַזן, און זיי געשטעלט צו דער דיספּאָזיציע פון יעדן געלערנטן און אינטעלעקטואַל, וועלכער האָט געקענט קומען צו אים קיין קאָרדאָבאַ, בכדי אַרײַנצובליקן אין די דאָזיקע גײַסטיקע אוצרות.

אָבער ווי שטאַרק אָט־די באַשעפטיקונגען האָבן נישט פאַרנומען זײַן צײַט, איז זײַן האַרץ געווען אָפן פאַר יעדן "יידישן פּראָבלעם", וואָס האָט זיך אָנגערוקט. און גראָד זענען די פּראָבלעמען געווען האַרבער און מער קאָמפּליצירט אין די ישובים, וואָס יידן האָבן אויפגעשטעלט צווישן די קריסטלעכע פעלקער. פון די נײַ־געגרינדעטע קהילות אין פראַנקרײַך זענען דערגאַנגען צו אים בקשות צו אינטערווענירן בײַ דער מאַכט, אַז אין די צערעמאָניעס און מאַניפעסטאַציעס, וואָס קומען פאָר אין די קריסטלעכע חגאות, זאָלן אָפּגעשטעלט ווערן די באַליידיקונגען און "באַשולדיקונגען", וואָס שיטן זיך דעמאָלט קעגן יידן; אָדער גאָר, אַז יידן זאָלן באַפרײַט ווערן פון צאָלן שטײַערן צו די קירכעס, וואָס זיי זענען געווען געצוואונגען צו טאָן אין אַ ריי ערטער. בלויז דער אינטערנאַציאָנאַלער פּרעסטיזש, פון וועלכן עס האָט גענאָסן איבן שאַפּרוט, איז מסוגל געווען אַן עק צו מאַכן צו אָט־די דערנידערונגען און גזירות. און ער האָט די שתּדלנות אויסגעפירט. ווער האָט דעמאָלט געטראַכט, ווען ביידע טיילן פון פאָלק האָבן נאָר־וואָס אָנגעהויבן שטעלן זייערע ערשטע טריט, צי עס האַנדלט זיך וועגן אַשכּנזים אָדער ספרדים? דער באַוואוסטזײַן פון פאָלקס־אחדות האָט גובר געווען יעדע סעפּאַראַטיסטישע בייגונג, וואָס האָט געקענט זיך אויפוועקן.

דאָס דאַרף מען צושרײַבן חיסדאַי איבן שאַפּרוטן דאָס פאַרדינסט פון "אַנטדעקן" די עקזיסטענץ פון דער מלוכה פון די כּוזרים. עפּעס זענען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז אַ יידישע מלוכה עקזיסטירט אויף די ברעגן פון שוואַרצן ים. אָבער זיי זענען נישט גענומען געוואָרן ערנסט. ערשט חיסדאַי איבן שאַפּרוטן, אַ דאַנק זײַנע אינטערנאַציאָנאַלע באַציאונגען, איז געלונגען אָנצוקניפּן קאָנטאַקט מיט אָט־דעם

מאָנגאָלישן פאָלק, וואָס האָט אָנגענומען ייִדישקייט, און געגרינדעט אַ ייִדישע מלוכה.

צו דעם אַלעם האָט געלעבט אין אים אַ טיפע זאָרג פאַר דעם אויפשטײַג פון דער קולטור, אין אַלע אירע פאָרמען. ער האָט אויסגעהאַלטן אין זײַן הויז אינטעלעקטואַלן, און זיי דערמעגלעכט אָנצוגיין מיט זייער גײַסטיקער אַרבעט. דאָס איז זײַן לײַסטונג, וואָס די העברעאישע שפּראַך־וויסנשאַפט האָט דאַן אַדורכגעמאַכט אַ פּעריאָד פון אויפבלי. די צוויי פּיאָנערן פון דער העברעאישער גראַמאַטיק, מנחם איבן סאַרוק און דונאַש איבן לאַבראַט, האָבן גענאָסן פון זײַן אונטערשטיצונג; און עס איז טאַקע ריכטיק, אַז זיי האָבן אַנטוויקלט זייער אַקטיוו־קייט אונטער זײַן שוץ און פרײַנטלעך אויג אין קאָרדאָבאַ. אָבער מיט די פּרוכטן פון זייער לערע האָבן זיך געשפּײַזט ייִדישע פאָרשער' אויך אין דײַטשלאַנד און פראַנקרײַך. דורות שפּעטער האָט דער גרויסער ערודיט פון אַשכּנזישן ייִדנטום, רש״י, אָנגעשפּאַרט אַ סך פון זײַנע פּירושים און אויפטועון אויף די טעזעס פון די צוויי פאַרדינסטפולע פילאָלאָגן.

ניין, אין דער צײַט פון אויפגאַנג איז זייער ווייניק עמעצן אָנגעגאַנגען, וואו, אונטער וועלכן הימל, ייִדישע גײַסטיקייט ווערט אויסגעטראָגן; דער עיקר איז געווען, וואָס מען לערנט און צו וועלכע געדאַנקען און אויספירן מען דערגייט, און נישט, וואו מען לעבט, און וואו מען ווירקט...

צו דעם אויפשטײַג פון נאַציאָנאַל־קולטורעלן צענטער אין שפּאַניע האָט בײַגעטראָגן אַן אַנדערע מערקווירדיקע פּערזענלעכקייט: שמואל איבן נאַגרעלאַ. צווישן ייִדן האָט מען אים גערופן: שמואל הנגיד (ערשט אין ייִדיש האָט דער אויסדרוק ״נגיד״ זיך גענומען באַציען צו מאַטעריעלן רײַכטום. אין העברעאישן אָריגינאַל האָט ״נגיד״ אָנגעוויזן אויף פּאָליטישער, סאָציאַלער אָדער גײַסטיקער אויטאָריטעט).

וויפיל מען זאָל נישט האָבן געלייענט וועגן אים, איז זייער שווער אויס־צומאָלן פאַר זיך זײַן פּילזײַטיק געשטאַלט. וואָסער פּילפאַרביקע פיגור איז ער געווען! אַ דיפּלאָמאַט; אַ מיליטערישער קאָמאַנדיר בײַם קאַליף פון גראַנאַדאַ; שמואל הנגיד האָט אָנגעפירט מיט דער אַרמיי, ווען זי איז געצוואונגען געווען צו פירן מלחמות; און דערבײַ — אַ טיפער תּלמוד־קענער, דער מחבר פון גאונישע קאָמענטאַרן צום תּלמוד, וואָס ווערן נאָך עד היום געדרוקט אין טעקסט פון די תּלמוד־אויסגאַבעס; אַ טאַלאַנטירטער פּאָעט, פון די וועג־ברעכער אין דער העברעאישער דיכטונג; מחבר פון משלים, עפּיגראַמען, אַפאָריזמען, וואָס האָבן געוואונען אומגאַנג אין דער העברעאישער ליטעראַטור; אַ קהלשער עסקן פון גרויסן פאָרמאַט; אַ פינאַנסיסט פון שטאַרקן אָנזען; אַן ערודיט פון ענציקלאָפּעדישן וויסן. אין זײַן ספר ״בן משלי״ — געשריבן לויט דעם נוסח פון תּנ״ך־ספר ״משלי״

פון שלמה המלך — האָט ער געראָטן זײַנע לייענער: ״זאָג נישט, ברודער מײַנער, אַז רוען, געניסן פון מנוחה, איז דאָס בעסטע אין דער וועלט. געדענק, ברודער מײַנער, אַז מנוחה פירט צו קנעכטשאַפט, צו אונטערטעניקייט, צו פּאַסיוקייט. מיר, מענטשן, זענען באַשאַפן געוואָרן בכדי צו זײַן אַקטיוו, בכדי צו זײַן טעטיק, בכדי צו טאָן, טאָן״...

בײַ די אָרעמע קאָמוניקאַציע־מיטלען, מיט וועלכע מען האָט דעמאָלט דיס־פּאָנירט, איז דאָך דער רום פון שמואל איבן נאַגרעלאַ זיך פונאַנדערגעגאַנגען אויך אויסער די גרענעצן פון קאַליפאַט פון גראַנאַדאַ. מען וואוינט בלויז באַזונדער — האָט מען געזאָגט — אָבער מען טעמט און שטרעבט צוזאַמען, אַן אַלטע תּפילה פון דוד המלך ״און ווער איז נאָך אַזוי אייניק און איינס ווי דאָס פאָלק ישראל״ (שמואל־ב, ז, כג) איז איבערגעחזרט געוואָרן מיט באַגײַסטערונג און גלויבן, סײַ דורך ספרדים, סײַ דורך אַשכנזים.

נאָך איין פּערזענלעכקייט פון אומגעוויינלעכן פאַרנעם זאָל, לכל הפּחות, דערמאָנט ווערן: שלמה איבן גבירול, פון מאַלאַגאַ. אַ טראַגיש לעבן האָט ער אַדורכגעמאַכט. ער איז געווען אַ קרענקלעכער מאַן אַלע זײַנע יאָרן; און אַוועק איז ער פון דער וועלט, ווי מען קען אָרויסלערנען פון די אַלטע כראָניק־מאַטעריאַלן, סך־הכּל אין עלטער פון אַכט און דרײַסיק יאָר. אָבער וואָסער גײַסטיקע און אינטעלעקטועלע ירושה האָט ער איבערגעלאָזט פאַר אַלע צײַטן! ער איז בלי ספק געווען איינער פון די געניאַלסטע דיכטער, וועלכע האָבן ווען עס איז געלעבט. געשריבן אין העברעאיש, זענען זײַנע שאַפונגען באַקאַנט געוואָרן אין איבער־זעצונגען. ער האָט דער ערשטער אַרײַנגעפירט די ראָמאַנטישע שטרעמונגען אין דער ליטעראַטור. ער האָט אויסגעדריקט ייִדישע נאַציאָנאַלע סענטימענטן. דער אויסלייז פון פאָלק אין זײַן היסטאָריש לאַנד, די ייִדישע גאולה, איז אַ טעמע צו וועלכער ער קערט זיך אָפּט אום; אָבער ער באַזינגט אויך דעם ווייַ פון יחיד און דעם אינדיווידועלן מענטשלעכן צער. אַ ליריקער, פון וועמען מען האָט שפּעטער אין דער לירישער דיכטונג אַן אַ שיעור געלערנט, האָט ער אַרײַנגעברענגט ביז דאַן אומבאַקאַנטע פאָרמען אין דער אייראָפּעאישער ליטעראַטור, ווי למשל דער דיאַלאָג, וועלכן עס פירן אין אונז, אונזער גײַסט און אונזער קערפּער. איבער שלמה איבן גבירול האָט געזאָגט היַינריך הײַנע, אַז ער איז געווען ״דער געטלעכער נאַכטיגאַל״.

אָבער איבן גבירול איז אויך געווען, ווי מען באַצייכנט אים, דער ערשטער פילאָסאָף אין אייראָפּע. זײַן ווערק ״דער קוואַל פון לעבן״, וואָס ער האָט געשריבן אין אַראַביש, איז אַ גרונט־ווערק אין דער מיטלאַלטערלעכער פילאָסאָפיע. דאָס האָט באַדײַט דער המשך פון פּלאַטאָנס געדאַנקען־שטרעמונג אין דער נײַער סביבה, וואָס איז אויסגעוואַקסן. עס איז דערגאַנגען דערצו, אַז מען האָט גאַרנישט זיך

געוואָלט צוגלייבן, צווישן די נישט־ייִדישע אינטעלעקטואַלן, אַז אַ ייִד איז דער מחבר פון דאָזיקן ווערק. קריסטלעכע דענקער האָבן געפירט אַ פּאָלעמיק אַרום ספר פון שלמה איבן גבירול, וועלכער האָט בײַ זיי פיגורירט ווי דער פילאָסאָף "אַוויצעבראָן"; אַזאַ איינער, וואָס האָט צומאָל מיט זײַן נאָמען נישט אַרויפּ־געבּרענגט דעם חשד, אַז ער האָט עטוואָס צו טאָן מיט ייִדן און ייִדישקייט...

אָבער פאַר ייִדן איז ער געווען — דער ייִדישער אידייען־זוכנדיקער יונגערמאַן, וועלכער האָט זיך אַרומגעדרייט אין די ענגע ייִדן־געסלעך פון מאַלאַגאַ, סאַראַגאָסאַ, וואַלענסיאַ; וועלכער איז געווען בקי אין דער תּלמודישער ליטעראַטור, און אַוודאי און אַוודאי אין די אוצרות פון תּנ"ך; וועלכער האָט געפילט מיט אַלע פיבערן פון זײַן נשמה, אַז נאָכן אונטערגאַנג פון גײַסטיקן פאָלקס־צענטער אין בבל בענקט די צעזייטע און צעשפּרייטע אומה נאָך אַ נײַעם מיטלפּונקט, וואָס זאָל אָריענטירן און אָנווײַזן דעם וועג; דער מחבר פון דער אינספּירירנדיקער שאַפונג "כתר מלכות" — די קעניגלעכע קרוין — מיט וועלכער עס שליסן זיך די תּפילות אין דער יום־כּיפּור־נאַכט פון כּל־נדרי. אַ מײַסטער־ווערק אין אינהאַלט און פאָרם.

אָבער ספרדים, אַשכּנזים — און אַז עס זאָלן זײַן ווירקלעך־וועזנטלעכע אונטערשיידן צווישן זיי — ווער האָט דערפון געטראַכט דאַן, ווען דער טוי פון בראשית איז אַראָפּגעפאַלן אויף ביידע טיילן פון פאָלק?

די סוחרים פון שפּאַניע און די סוחרים פון פראַנקרײַך און דײַטשלאַנד, בעת זיי האָבן געפירט זייערע סחורות צום אויסטויש, האָבן אויך געהאַט מיט זיך מאַנוסקריפּטן; און ווײַט נישט בלויז צוליב האַנדלסצוועקן. מען האָט באַגערט, אַז די ייִדן "פון די אַנדערע מדינות" און "אויף די ברעגן פון די אַנדערע טײַכן" זאָלן וויסן און דערקענען, וואָס זייערע ברידער טראָגן אַרײַן אין די בשותּפותדיקע פעלדער פון דער ייִדישער גײַסטיקייט.

עס איז טאַקע אמת געווען, אַז אין אַשכּנז און צרפת — אין דײַטשלאַנד און פראַנקרײַך — אָדער ווי מען האָט ביידע לענדער גערופן אונטער אַן אַלגעמיינעם נאָמען: אַשכּנז — זענען נישט אויסגעוואַקסן אין אָנפאַנג־פּעריאָד קיין פּערזענ־לעכקייטן פון דער מאָס פון איבן שאַפּרוט, איבן נאַגרעלאַ, איבן גבירול; אָבער דאָס הייסט נישט, אַז די דאָזיקע קהילות זענען אינגאַנצן געווען אָרעם אין גײַסטיק־שעפערישע כּוחות. עס זענען, למשל, געווען טעטיק מיטגלידער פון דער קלונימוס־משפּחה, וועלכע האָבן נאָך אין זייער פריערדיקן וואוין־אָרט, אין איטאַליע, דער־וואָרבן רום ווי מיט תּורה און חכמה אַדורכגעדרונגענע פּערזענלעכקייטן, לומדים, אינטעלעקטואַלן, רעליגיעזע פּאָעטן, עסקנים מיט שוואונג און כּלל־ישׂראל באַ־וואוסטזײַן; און אין דער פרישער געאָגראַפישער סביבה געצויגן די טראַדיציע פון זייער פאַמיליע. עס האָבן בײַגעטראָגן זייער גײַסטיקן און סאָציאַלן בײַשטייער צו די אַשכּנזישע ישובים ר' אליהו פון מאַנש, ר' מאיר פון וואָרמס, ר' יוסף טוב עלם

פון לימאַזש, ר׳ שמעון פון מאַנש, ר׳ מאיר בן יצחק פון וואָרמס, און אַנדערע פון מײַנץ, וואָרמס, שפּײַער, און קעלן. גישט מיט רבינו גרשום און מיט רש״י עפּנט זיך דאָס בלאָט פון די שטראַלנדיקע פּערזענלעכקייטן צווישן אַשכּנזישן ייִדנטום. אָבער פּאָרט האָבן די בראשית־לערער נישט פּאַרמאָגט די פּילזײַטיקייט, די אומגעוויינלעכקייט, די זעלטנקייט, פון די ספרדישע אַלץ־אַרומנעמענדיקע געשטאַלטן.

מען האָט אין אַשכּנז, צווישן אַשכּנזישע ייִדן, אָוועקגעלייגט מי און אָנשטרענגונג, אַז מאַלאַנט און וויסן, מוח און האַרץ, אחריות און קרבנות־גרייטקייט, זאָלן זײַן אייגנשאַפטן און אייגנטימלעכקייטן פון אַלע.

מען קען גאָרנישט איבערגעבן, וואָסער דאָרשט צו וויסן און צו לערנען ס׳האָט אַרומגענומען אַלעמען. דאָס איז אַ דערשײַנונג, וועלכע איז נישט אַרויסגעטראָטן אין דער געשיכטע פון קיין שום פאָלק. אַלע האָבן געלערנט, יונג און אַלט. אויך פרויען, אויף וויפיל צײַט און באַדינגונגען האָבן דערלויבט, זענען נישט געבליבן אין דרויסן. כּראַניק־פּאַרצייכענונגען דערציילן, אַז מענטשן פון פאָלק — נישט דווקא פון די רייען פון לומדים — פלעגן זיך אויסטאָן די מלבושים און אָראָפּציִען די שיך בלויז פּרײַטיק־צונאַכט. די איבעריקע נעכט פון דער וואָך האָט מען געכאַפּט בלויז אַ פּאַרבײַלויפיקן דרימל, ווײַל מען האָט נישט געוואָלט אָוועקנעמען צײַט פון לערנען. מען האָט ממש זיך אָפּגעגעבן מיט לערנען, לויט דעם תּנכישן אויסדרוק, „יומם ולילה״, טאָג און נאַכט. די אַרבעט און מאַטעריעלע באַשעפטיקונג האָבן נישט פאַרנומען דעם גאַנצן געדאַנק. ייִדיש מזרח־אייראָפּע, מיט דער התלהבות פאַר באַרײַכערן זיך מיט וויסן און פאַר אָפּגעבן זיך מיט דער קינדער־דערציאונג, אַ התלהבות וואָס האָט דאָרט אָנגעהאַלטן דורך לאַנגע דורות, איז געווען אַ המשך פון אַ לעבנס־שטייגער, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט אין די ערשטע ישובים פון אַשכּנז.

ס׳איז, פאַרשטייט זיך, אַ קשיא: וואָס איז וויכטיקער ? צי איז מער וויכטיק פאַר דער מענטשלעכער געזעלשאַפט צו פאַרמאָגן אויסדערוויילטע, מיט אומגעוויינלעכע מעלות און אייגנשאַפטן באַשאַנקענע יחידים, אָדער צו באַשטיין פון סתּם מיטגלידער, אָן דער אויסערגעוויינלעכקייט, וואָס זאָל פון זיי אַראָפּשטראַלן, אָבער אַדורכגעדרונגענע מיט יענער כאַראַקטעריסטיק, וואָס טיילט צו דעם גאַנצן מענטשלעכן קיבוץ, ווערטפולקייט, און זאָגט עדות אויף זײַן צוגעבונדנקייט צו ווערטן ?

מיט צוועלף הונדערט, אָדער טויזנט יאָר צוריק, האָט מען, צווישן אונז, זיך נישט פאַרנומען מיט גריבלען זיך אין דער האַרבער קשיא. צוויי טיילן פון פאָלק האָבן זיך ערשט גענומען אויסגעשטאַלטיקן. בעת מען האָט געשטעלט די ערשטע טריט, איז מען געגאַנגען האַנט־בײַ־האַנט צוזאַמען. מען האָט געפילט: מען דערגאַנצט זיך קעגנזײַטיק.

## דער ערשטער היסטאָריקער צווישן אַשכּנזישן ייִדנטום

מען קען נישט זאָגן, אַז אין די פֿריִע אַשכּנזישע ישובים איז נישט אויפֿגעקומען דער אינטערעס צו פֿאַרצייכענען געשיכטלעכע פּאַסירונגען. גענוי ווי בײַ אַנדערע טיילן פֿון אונזער פֿאָלק, האָט מען אויך בײַ די ייִדן, וועלכע האָבן מיט אַ צוועלף הונדערט יאָר צוריק זיך באַזעצט אויף די ברעגן פֿון רהײַן אין דײַטשלאַנד, אין צפֿון־פֿראַנקרײַך, אין ענגלאַנד, און דערנאָך זיך אויסגעשפּרייט אין מזרח־אייראָפּע — און וועלכע מען האָט אָנגעהויבן רופֿן אַשכּנזים — באַטראַכט פֿאַר וויכטיק נישט צו לאָזן פֿאַרבײַגיין די געשעענישן אָן זיי צו פֿאַרשרײַבן. מען האָט דאָס געטאָן אין די בריוו, וואָס מען האָט געשיקט צו אַנדערע קהילות; אין כראָניק־פֿאַרצייכענונגען פֿון איבערלעבונגען, וואָס האָבן זיך אײַנגעקריצט אין זיכּרון און געמיט; אין אויפֿקלערונגען פֿון ייִדישן געזעץ, אין וועלכע עס זענען אַרײַנגעפֿלאָכטן געוואָרן דערפֿאַרונגען פֿון יחידים און קהילות; אין דער העבּרעאישער פּאָעזיע, וואָס מען האָט געשריבן, און אין וועלכער מען האָט אויפֿגעדעקט, וואָס עס האָט גענאָגט בײַם האַרץ. אָבער אין די אַלע אויבן־אויסגערעכנטע פֿאָרמען האָט מען אַרויסגעבּרענגט אַקטועלע געשעענישן. קיין געשיכטע־טעקסטן האָט מען נישט געשריבן, אין דער פֿאַרגאַנגענהייט האָט מען זיך נישט אַוועקגעלאָזט.

דאָס איז געווען אַ קעגנגעזעצלעכע דערשײַנונג ווי די, וואָס האָט געהאַט אַן אָרט בײַ די ייִדן, וועלכע האָבן זיך באַזעצט אויפֿן פּירענעאישן האַלבּ־אינזל, און וועלכע מען האָט באַצייכנט ווי ספֿרדים. אויך דאָרט האָט מען די ערשטע צײַטן זיך באַגנוגנט מיט באַשרײַבונגען פֿון קעגנוואַרטיקע און לאָקאַלע פּאַסירונגען. אָבער מיטן לויף פֿון די יאָרן זענען אויסגעוואַקסן ווערק, וועלכע מען מעג אָנרופֿן געשיכטע־ביכער; און זיי זענען געוואָרן אַלץ גרעסער אין צאָל.

אַזוי, למשל, האָט אברהם איבן דאַאוד — באַקאַנט ווי דער ערשטער ראב״ד — וועלכער האָט געלעבט אין צוועלפֿטן יאָרהונדערט אין טאָלעדאָ — אָנגעשריבן דרײַ געשיכטע־טעקסטן. ער האָט באַהאַנדלט אין זיי ייִדישע געשיכטע פֿון סאַמע בראשית ביז צו זײַן אייגענעם דור: די פֿאַרנעפּלטע תּקופֿות פֿון די גרינדער פֿון פֿאָלק; די שפּעטערדיקע פֿון די שופֿטים, פֿון די קעניגן, פֿון די נביאים; דער פּעריאָד, ווען דער תּלמוד איז אַנטשטאַנען, און אַזוי כּסדר. אמת: דאָס זענען

גיכער געווען כראָנאָלאָגישע פֿאַרצייכענונגען, און זענען נישט אַרײַנגעדרונגען אין תּוך פֿון די געשיכטלעכע פּראָצעסן. אָבער פּאָרט איז דאָס געווען אַ פּרוּוו צו וואַרפֿן אַ בליק אין די צײַטן, וואָס זענען אָפּגעלאָפֿן.

אַן אַנדערער, אברהם זאַקוטאָ (זכותא), דער ערודיט פֿון סאַלאַמאַנקאַ, וועלכער האָט מיטגעמאַכט דעם גורל פֿון אַלע ייִדן אין שפּאַניע אין דער צײַט פֿון גירוש, האָט טאַקע אין זײַנע היים־זוכענישן איבער אַפֿריקע, אויסגעלאָדן דעם געוואַלטיקן אוצר וויסן, וואָס ער האָט אָנגעזאַמלט אין זיך אין מער־רואיקע צײַטן, און אָנגעשריבן אַ וואָגיקן געשיכטע־ספֿר. צוזאַמען מיט זײַנע רעפֿלעקסן אויף די דערנער, מיט וועלכע דער ייִדישער וועג דורך יאָרטויזנטער איז פֿאַרזייט, אַנט־פּלעקט זיך דאָרט דער אויסמאַטערנדיקער און קאָמפּליצירטער וועג גופֿא; די שטרויכלונגען, און אויך די טריאומפֿן; די זיגזאַגן, און אויך די דערהויבונגען.

אַ דריטער, וועלכער איז אויך אין דער תּקופֿה פֿון גירוש אַרויסגעקומען מיט די פּרוכטן פֿון זײַנע פֿאָרשונגען, וואָס ער האָט אַדורכגעפֿירט איידער דער שטורעם האָט אָנגערוקט, איז געווען יוסף הכּהן. גראָד דעמאָלט האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט אויף דער סטעזשקע פֿון דער אַלגעמיינער געשיכטע, און צוגעטראָגן זײַנע לייענער אַ טעקסט וועגן דעם אונטערגאַנג פֿון דער אַמאָליקער רוימישער אימפּעריע; משמעות מיט דער כּוונה אָנצוווײַזן, אַז אַזוי גייען זיי אויף, און אַזוי פֿאַרגייען זיי, די מכלומרשט־"אייביקע" גרויסמאַכטן אויף דער דאָזיקער ערד. פֿאַר די ייִדישע דערפֿאַרונגען האָט ער אָפּגעגעבן זײַן ספֿר "עמק הבכא", דער טאָל פֿון פּײַן; אַ שאַפֿונג, וואָס האָט נישט געלאָזט גלײַכגילטיק דורות און דורות. אין אונזער צײַט האָט די ייִדיש־דיכטערין קאַדיע מאָלאָדאָווסקי אַרויסגעבריינגט די געשטאַלט פֿון אָט־דעם געשיכטע־שרײַבער און זײַן ווערק, אין אײַנדרוקספֿולע פֿערזן. "אין אַ ווינקל בײַם עמוד — שרײַבט זי — אין בײַנאַכטיקע שעה'ן, בײַ אַ פֿלעמל פֿון אויל, זיצט ער... די נאַכט איז אַ פֿינסטערע, די צײַט איז אַ כמורנע, ער ציט די געגזענע פֿעדער, שורה נאָך שורה... זאָלן ייִדן דערמאָנען, זאָלן ייִדן גע־דענקען"...

עס לאָזן זיך אָנצייכענען נאָך אַנדערע נעמען פֿון געשיכטע־שרײַבער צווישן שפּאַנישן ייִדנטום אין פֿאַרשידענע פּעריאָדן.

פֿאַרוואָס עס האָט גענומען לענגער אין די אַשכּנזישע ישובֿים איידער מען האָט זיך גענומען צו שרײַבן געשיכטע־ספֿרים, איז אייגנטלעך שווער צו באַשטימען. קען זײַן, אַז מען דאַרף זוכן די סיבה דערין, וואָס דורך לאַנגע יאָרהונדערטער האָט די אַשכּנזישע ייִדן געפֿעלט דאָס געפֿיל פֿון אײַנגעזעסנקייט, וואָס איז אַזוי שטאַרק נויטיק בכדי זיך צו ווידמען צו דער פֿאָרשונג, און צו קענען זי ציִען אַפֿילו אין אומשטענדן, וואָס האָבן זיך געענדערט נישט צום בעסערן. בלויז אין אָנהייב, גלײַך ווי עס האָבן זיך געגרינדעט די קהילות אויף די ברעגן פֿון רהײַן, האָט מען אין די פֿרישע וואוין־ערטער געלעבט אין פֿאַרהעלטנישמעסיקער זיכערקייט. באַלד

דערנאָך האָבן אָנגעיאָגט בייזע זאַוויערוכעס. שוין בײַם סוף פון עלפטן יאָרהונדערט האָט אויסגעבראָכן דער גרויל פון די קרייץ־צוגן. מען איז געלאָפן פון לאַנד צו לאַנד, פון שטאָט צו שטאָט, זוכנדיק שוץ. אויך ווען מען האָט זיך דערשלאָגן צו די גרענעצן פון דער פוילישער מדינה, וואָס האָט געעפנט די טויערן פאַר אַ טייל פון די פּליטים, האָבן נישט געפעלט קיין פּראָבלעמען, וועלכע האָבן געפאָדערט אַ דרינגענדיקע לייזונג. ווער האָט אין אַזעלכע פאַרהעלטנישן געהאַט דעם קאָפּ צו שרײַבן געשיכטע?

צומאָל פאַר אַנדערע פעלדער פון גײַסטיקן שאַפן האָט פאַרפעלט געדולד, האָט פאַרפעלט אָטעם. מען איז מסוגל געווען צו באַרײַכערן די ייִדישע קולטור בלויז מיט ראַנד־באַמערקונגען, נאָטיצן, קורצע אויפקלערונגען, וואָס האָבן אַ שײַכות צום געזעץ, וואָס רעגולירט די טאָג־טעגלעכע אויפפירונג, און צו דער מאָראַל, אַזוי ווי זי דאַרף קומען צום אויסדרוק אין די קעגנזייטיקע מענטשלעכע באַציאונגען. מען האָט העכסטנס זיך אָנגעגאַרטלט מיט אויסדויער צו פאַרשרײַבן די פאַרבײַלויפיקע פּאַסירונגען און צונויפשטעלן אַ כראָניק אָדער אַ פּינקס פון דער קעגנוואַרט. דאָס אַלץ. די סאָלידע בנינים פון געדאַנק, וואָס זענען אויסגעוואַקסן צווישן די ספרדישע ייִדן, האָבן נישט געקענט אויפגעבויט ווערן אין די אַשכּנזישע ישובים. אויך פאַר ווערק, וואָס פירן אָוועק צו די ווייטע תּקופות צו דער פאַרגאַנגענהייט, האָבן געפעלט מחברים, און מן הסתּם אויך שטאַרק פאַראינטערעסירטע לייענער. בעת אַלץ איז געווען אומזיכער, און דער באַדן האָט זיך געוואַקלט אונטער די פּיס, האָט מען דעם באַגער צו וויסן, וואָס עס האָט פּאַסירט אין די תּקופות, וועלכע זענען פאַרבײַגעגאַנגען — אויב אַזאַ איז אַרויסגעטראָטן — באַפרידיקט מיט דער באַשרײַבונג פון די געשיכטלעכע פּאַסירונגען, וואָס מען האָט אָנגעטראָפן אין תּנ״ך; מיט די שילדערונגען פון ייִדישן נעכטן, וועלכע מען האָט געפונען אין תּלמוד; מיט דער אָדער יענער מעשׂה, ספק־לעגענדע ספק־ווירקלעכקייט, וואָס איז געגאַנגען פון מויל צו מויל, און אַריבערגעוואָפּערט פון ערגעץ־וואו צו אַן אַשכּנזישן ישוב.

ערשט אין זעכצנטן יאָרהונדערט איז דערשינען צווישן אַשכּנזישן ייִדנטום דער ערשטער געשיכטע־שרײַבער. אויך אין יענער צײַט איז דער מצב אין די אַשכּנזישע קהילות ווײַט געווען פון צו זײַן אַ צופרידנשטעלנדיקער. אָבער דאָ און דאָרט זענען אַרײַנגעדרונגען די אויפפרישנדיקע שטרעמונגען פון הומאַניזם, וועלכע האָבן זיך פונאַנדערגעטראָגן איבער אייראָפּע. אויף אַ שטיקל צײַט איז אין באַשטימטע לענדער פון מזרח־אייראָפּע פאַר ייִדן געווען מעגלעך אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם. דעמאָלט זענען אַשכּנזישע ייִדן געוואָרן מסוגל צו ציִען דעם לאַנגן אָטעם פון געשיכטע.

דער נאָמען פון ערשטן היסטאָריקער צווישן אַשכּנזישן ייִדנטום איז געווען דוד גאַנז. ער האָט געשטאַמט פון דײַטשלאַנד, פון ליפּשטאַט, אין דער פּראָווינץ

פון וועסטפּאַליע. די דאָזיקע געגנט איז געווען באַוואוינט פון אַביסל ייִדן. קיין לערן־צענטערס האָבן זיך דאָרט נישט געפונען. יונגעלייט זענען דעריבער אַוועק לערנען קיין באָן, קיין פראַנקפורט אויפן מיין. אָבער דוד גאַנז האָט זיך מיט די דאָזיקע לערן־צענטערס נישט באַגנוגנט. דאָרשטיק צו וויסן, האָט אים געצויגן צו טרינקען פון די דעמאָלט שפּרודלדיקע קוואַלן פון תּורה און חכמה אין מזרח־אייראָפּע. ער איז אַוועק קיין פּוילן, קיין קראָקע, וואו עס האָט געווירקט ר׳ משה איסערליש, באַקאַנט ווי דער רמ״א. אַט־דער תּלמודישער גאון און טיפער קענער און אויפטוער אין געביט פון רעליגיעזן געזעץ, האָט גלייַכצייַטיק אַרויסגעוויזן אַ שטאַרקן אינטערעס פאַר דער פילאָסאָפישער מחשבה און פאַר דער וויסנשאַפט פון געשיכטע.

דער יונגער דוד גאַנז גיט איבער, אַז טאָקע ר׳ משה איסערליש האָט בייַ אים אויפגעוועקט און אַנטוויקלט דעם ווילן זיך צוווידמען דער היסטאָריאָגראַפיע. גאָר פּשוט, אַז ער זאָל שרייַבן טעקסטן פון אַלגעמיינער און ייִדישער געשיכטע. ״דאָס האָט דער רמ״א מיך דערצויגן צו ווערן אַזאַ ווי איך בין געוואָרן״ — האָט ער זיך פאַרטרויט. נאָך אַ וויכטיקע סטאַציע האָט אָנגערוקט אין זייַן וועג צו אינטעלעקטועלער רייַפקייט: פּראַג, די הויפּטשטאָט פון בעמען, אַזוי ווי מען פלעגט דעמאָלט אָנרופן טשעכיע, אַן אַנדערער ייִדישער גייַסטיקער מיטלפּונקט צו יענער צייַט. דאָרט האָט געלעבט און געשאַפן זייַנע ווערק ר׳ יהודה ליוואַ, באַוואוסט אין דער ייִדישער וועלט ווי דער מהר״ל, דער טיפער דענקער און פילזייַטיקער גע־לערנטער און שרייַבער, איינער פון די טיפסטע ייִדישער דענקער פון אַלע צייַטן, וואָס וואָרהאַפטיקייט און לעגענדע האָבן זיך צונויפגעשפּינט אין זייַן געשטאַלט. אויך ער, דער מהר״ל, האָט זיך דערקענט אויף די פעאיקייטן און גייַסטיקן אומרו פון דוד גאַנז; אויך ער מונטערט אים, אַז ער זאָל גיין אין וועג, וואָס עס האָט פאַר אים אָנגעצייכנט אין קראָקע דער רמ״א.

מען מוז געדענקען, אַז יענע תּקופה, די צווייטע העלפט פון זעכצנטן יאָרהונדערט, האָט ממש זיך געבעטן, אַז מען זאָל זיך אין איר פאַרטיפן; אַז מען זאָל זי באַשרייַבן, אַדורכפירן פאַרגלייַכן און אונטערשיידן צווישן איר און די פריִערדיקע פעריאָדן אין דער געשיכטע. דאָס איז געווען אַ תּקופה פון טיף־גרייַכנדיקע ענדערונגען. אָט נישט לאַנג איז אַנטדעקט געוואָרן דער אַמעריקאַנער קאָנטינענט. אַ פאַרשידן פּנים האָט אָבער באַקומען נישט בלויז די געאָגראַפיע. קאָפּערניקס טעאָריע וועגן באַוועגלעכקייט פון דער ערד האָט אויפגעטרייסלט דעם מענטשלעכן געדאַנק, האָט אויפגערודערט די וויסנשאַפטן, האָט אייַנגעבראָכן אָנגענומענע באַגריפן. דער אויפברויז איז אַרייַנגעטרעטן אין דער פּאָליטיק, אין די סאָציאַלע פאַרהעלטענישן, אין דערווירטשאַפט. טערקייַ האָט זיך אַרייַנגעריסן מיט אימפּעט קיין אייראָפּע, האָט באַהערשט דעם מיטלען מזרח. דער פעאָדאַלער סיסטעם האָט זיך צעקרישלט. די קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג, מיט אַלע אירע

באַגלייט־דערשײַנונגען, זענען געוואָרן אַלץ מער כאַראַקטעריסטיש פאַר דער אויפשטײַגנדיקער געזעלשאַפט. אַפילו אין דער קריסטלעכער קירך, וואָס האָט אויסגעזען ווי די פעסטונג פון מיטלאַלטער, זענען אַרײַנגעטרעטן שפּאַלטן. אַ ביטערער און בלוטיקער שטרײַט איז אויסגעבראָכן אין אירע אייגענע רייען, אַ געפערלעכער בונט. מאַרטין לוטער האָט דערקלערט אַן אָפענעם קריג קעגן רוים, די רעזידענץ פון וואַטיקאַן. די רעפאָרמאַציע־באַוועגונג אונטער זײַן פירערשאַפט האָט זיך אויסגעשפּרייט מיט שטורם און אומגעצוימטן דראַנג.

ווי שטאַרק מען האָט זיך באַמיט אין דער ייִדישער וועלט "צו שטיין פון דער זײַט" און נישט פאַרמישט צו ווערן אין אָט די שטרײַטן און קאָנפליקטן, האָט עס נישט געהאָלפן, מען איז אַרײַנגעצויגן געוואָרן. די וועלט־שליאַכן זענען פול געווען מיט ייִדן־וואַנדערער. מען האָט געוואָגלט בעיקר קיין מזרח־אייראָפּע; אָבער מען האָט זיך אַריבערגעטראָגן אויך פון אָרט צו אָרט אין אַנדערע עקן פון דער ערד. אין שפּאַניע האָבן זיך נאָך אַלץ נישט אויסגעלאָשן די ווילדע פלאַמען פון דער אינקוויזיציע. דאָס פּראָבלעם פון די מאַראַנען, אָדער ווי מען האָט זיי אָנגערופן צווישן ייִדן "אנוסים", האָט גאָרנישט פאַרלוירן פון זײַן אַקטועלקייט. ווי אַזוי דאַרפן ייִדן זיי באַהאַנדלען, ווי אַזוי דאַרף מען זיי אויפנעמען, ווען זיי קומען אָן אין אַ ייִדישער קהילה? ... די דערפונדענע קונסט פון דרוק, וואָס איז געוואָרן אומגעווײנלעך פּאָפּולער, האָט באַוואויגן דערצו, אַז דאָס ספר זאָל ווערן צוטריטלעך פאַר אַלעמען. עס האָט זיך נאָך שטאַרקער אַנטוויקלט בײַ אַלע שיכטן פון פאָלק דער באַגער צו לייענען, צו לערנען, צו וויסן. דאָס איז געוואָרן אַ מאַסן־דערשײַנונג. מען האָט דווקא געוואָלט פאַרשטיין און באַגרײַפן, וואָס עס קומט פאָר, וואָס עס גייט אָן. אַפילו ווען פון צפת — וואָס איז אין ארץ־ישׂראל אויסגעוואַקסן ווי אַ וויכטיקער גײַסטיקער צענטער און וואו עס איז אויפגעגאַנגען די לערע פון דער מיסטיק — איז געקומען די "וואָרענונג", אַז מען זאָל גאָרנישט שטרעבן אַלץ צו וויסן און פאַרשטיין, וואָרום די זאַכן זענען און וועלן פאַרבלײַבן פאַרבאָרגן און פאַרהוילן, איז דער באַגער צו דעררגרונטעווען די דערשײַנונגען נישט שוואַכער געוואָרן. אַ האַנטבוך פאַר געשיכטע, וואָס זאָל העלפן זיך אָריענטירן אין קנויל פון די געשעענישן און פּראָבלעמען, איז געווען אַ נויטווענדיקייט, דאָס געבאָט פון דער שעה.

דוד גאַנז האָט גענומען אויף זיך די אויפגאַבע צו שרײַבן אַזאַ האַנטבוך.

"צמח דוד" — דער אויפשפּראָץ פון דוד — אַזוי האָט דער ערשטער היסטאָריקער, וועלכער איז אויפגעקומען צווישן אַשכּנזישן ייִדנטום, דוד גאַנז, אָנגערופן זײַן געשיכטע־חיבור. ס'איז געווען אין דאָזיקן נאָמען אַ טאָפּלטע אָנצוהערעניש. ערשטנס, איז אין אים אַרײַנגעגעבן געוואָרן, אין הסכּם מיטן ליטעראַרישן נוסח פון יענע צײַטן, דער אייגענער נאָמען. צווייטנס, האָט ער אָנגעוואונקען, אַז דאָס

דאָזיקע ספר איז נאָר אַן אויפשפּראָץ, אַן אָנהייב. ווײַטערדיקע ווערק זענען אָנ־געבריײַט צו דערשײַנען.

דאָס ווערק, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אין פּראָג, איז איינגעטיילט אין צוויי טיילן. די ערשטע טייל איז אָפּגעגעבן פאַר דער ייִדישער געשיכטע. זי הויבט זיך אָן מיט אדם הראשון, מיטן וועלט־באַשאַף, און ציט זיך ביז דעם יאָר 1592, דאָס יאָר ווען דאָס ספר איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן. די צווייטע טייל איז אַ האַנטבוך פון אַלגעמיינער געשיכטע. אין איר גייט דער אָנהייב פון אנוש, דער אייניקל פון אדם הראשון לויט דעם חומש; אויך זי וויקלט אויף די פּאַסירונגען ביז דעם יאָר, ווען דאָס בוך איז דערשינען. געשריבן איז דאָס ווערק אין אַ צוטריטלעכן, פאַר־שטענדלעכן העברעאיש.

פאַרשטייט זיך, אַז מען דאַרף נישט מעסטן דאָס געשיכטע־בוך פון דוד גאַנז מיט די באַגריפן פון אונזער צײַט. דאָרט ווערן די פּאַסירונגען מער פאַרצייכנט, ווי אַנאַליזירט. הגם אין אונטערשייד צו די היסטאָריקער צווישן ספרדישן ייִדנטום, ווערט אָפּגעגעבן מער פּלאַץ פאַר די אינערלעכע פּראָצעסן, וואָס זענען אָנגעגאַנגען אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, און אויך די ווירטשאַפטלעכע פּאַנאָראַמע ווערט ווי עס איז אַרויסגעבריינגט, איז דאָך "דער אויפשפּראָץ פון דוד" מער אַ כראָנאָלאָגישער חיבור, ווי אַן אַרײַנדרינגענדיק געשיכטלעך ווערק. דער מחבר איז פּאַראינטערעסירט, אַז דער לייענער זאָל זיך איבערצײַגן, אַז זינט דער מענטש איז באַשאַפן געוואָרן, איז ער כּסדר אַקטיוו אין אויספאָרמען זײַן גורל אין די וועלט־געשעענישן; און נישטאָ קיין יאָר, וואָס זאָל פאַרבײַגיין "אומבאַשריבן", און אין וועלכן עס זאָלן נישט פאַרבלײַבן קיין צייכנס פון דער מענטשלעכער אַקטיווקייט. אומבאַדינגט ליגט אין דאָזיקן צוגאַנג די השפּעה פון די טענדענצן פון דער צײַט. אין דער אויפשטייגנדיקער אייראָפּעאישער ציוויליזאַציע האָט מען געלייגט דעם טראָפּ אויף דער טאַט, וואָס איז דער בפירושער מענטשלעכער בײַטראָג צום פאָרשריט.

אָבער ווי קאַלענדאַר־מעסיק דאָס געשיכטע־ספר פון דוד גאַנז זאָל נישט זײַן, קען זיך דער מחבר פאָרט נישט צוריקהאַלטן פון אונטעררוקן זײַן ייִדישן לייענער אַ מוסר־השׂכּל. ער ווײַזט דערויף אָן גלײַך אין דער הקדמה. וויסן געשיכטע איז נישט בלויז אינטערעסאַנט; דאָס איז אויך באַלערנדיק. אָט פאַרטראַכט אײַך — זאָגט ער — אַזויפיל שטאַרקע אימפּעריעס זענען אויפגעוואַקסן אין לויף פון די יאָרטויזנטער, אַזויפיל מעכטיקע קעניגן האָבן געקעניגט, און — פריִער אָדער שפּעטער — זענען די אימפּעריעס, זייערע פעלקער, אונטערגעגאַנגען, פאַרשוואונדן פון דער וועלט־אַרענע. דאַקעגן מיר, ייִדן, וועלכע האָבן קיינמאָל נישט אויפגעבויט קיין גרויסע אימפּעריע, און זענען קיינמאָל נישט פאַררעכנט געוואָרן צו די מיליטערישע גרויסמאַכטן, גייען אָן מיט אונזער קיום. דאָס קומט אונז צו לערנען, אַז גײַסט איז מעכטיקער, און מער דויערהאַפטיק, ווי פיזישע גבורה; אַז אין ייִדישקייט

איז פאַראַן אַן אינהאַלט, וואָס איז מסוגל איבערצוהאַלטן יעדן שטורעם. "פון זיי איז נישט פאַרבליבן קיין געדעכעניש, און אונזער אומה איז נישט פאַרצוקט געוואָרן"...

אין אַ קורצער אויפצייכענונג מאַכט דוד גאַנז אַ סך־הכּל פון דער אַמאָליקער וועלט־באַהערשנדיקער רוימישער אימפּעריע: העכער פופציק אימפּעראַטאָרן — אין זײַן לשון: קיסרים — זענען דערהרגעט געוואָרן; אַ סך אימפּעראַטאָרן זענען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד; בײַ אַ טייל פון זיי האָט מען אויסגעשטאָכן די אויגן; בײַ אַנדערע האָט מען אָפּגעשניטן די נעזער אָדער אַראָפּגעצויגן זייער הויט... בכלל זענען אין געשיכטלעכן באַנעם פון דוד גאַנז געווען, ביז זײַן צײַט, פיר מלוכות, וועלכע האָבן זיך אַרומגעטראָגן מיט אַמביציעס צו באַהערשן די גאַנצע וועלט: בבל, פּערסיע, גריכנלאַנד, און רוים. די אַנדערע קריגערישע מדינות, וואָס ווערן דערמאָנט אין די געשיכטע־ווערק, האָבן בלויז געוואָלט זײַן "נאָכטאָן". פון זייערע אַלעמענס פאַררייסענע אַמביציעס איז גאָרנישט געוואָרן. זיי זענען פאַרדעקט געוואָרן מיט דעם שטויב פון די אַניאַגנדיקע צײַטן.

נישט געקוקט דערויף, וואָס דוד גאַנז איז צוגעגאַנגען צו זײַן פאָרשונג־אַרבעט מיט דער פולער ערנסטקייט, און ער גיט אָן די קוועלן מיט וועלכע ער באַנוצט זיך, סײַ די ייִדישע מקורות, סײַ די אַלגעמיינע כראָניק־מאַטעריאַלן, איז רירנדיק זײַן ווענדונג צו די לייענער, אַז זיי זאָלן נישט נעמען פאַר אומגוט, אויב זיי וועלן בײַ אים געפינען עפּעס אַ טעות אָדער פעלער. "ווער קען זיך דאָס אויס־באַהאַלטן פאַר פעלערן?" — באַמערקט ער. "איך בין ווײַט פון צו זײַן אַלץ־וויסנדיק. דערצו האָב איך אַדורכגעמאַכט דעם שטורעם פון די צײַטן. זײַט דעריבער גרויסמוטיק לגבי מיר, פאַראורטיילט מיך נישט, זײַט מיך דן לכּף זכות, פאַרשעמט מיך נישט, גלײַכט אויס מײַנע טעותים"...

די ערודיציע, וואָס דער ערשטער היסטאָריקער פון אַשכּנזישן ייִדנטום, האָט פאַרמאָגט, האָט אים דווקא געפירט צו באַשיידנקייט. מען פילט, אַז ענוות איז אַ שטריך פון זײַן כאַראַקטער. ווי מען קען אַרויסדרינגען, איז ער אויך נישט געשטאַנען נאָך כּבוד. צו מאַטעריעלן וואוילבאַזיץ איז ער נישט דערגאַנגען. זײַן ברודער, וועלכע איז געווען אַ פאַרמעגלעכער מענטש, האָט אויסגעהאַלטן אים און זײַן משפּחה. צײַטנווייז האָט דער היסטאָריקער זיך אָפּגעגעבן מיט מסחר. אָבער דאָס איז נישט געווען קיין פעלד, אין וועלכן ער האָט זיך אויסגעצייכנט; און נישטאָ קיין באַווײַז, אַז ער האָט דערין מצליח געווען.

ווען מען האָט פאַר זיך הײַנט — פיר הונדערט יאָר נאָכדעם ווי אָט דאָס געשיכטע־ווערק איז דערשינען — דאָס ספר פון דוד גאַנז, וואונדערט מען זיך נישט, הלמאי עס האָט זוכה געווען צו שטאַרקער פּאָפּולערקייט. דער חיבור איז איבערגעזעצט געוואָרן אויף לאַטיין. אין ייִדיש איז די איבערזעצונג דערשינען אין

פראַנקפורט אויפן מײַן, אין יאָר 1698. סײַ דער אָריגינאַל, סײַ די איבערזעצונג, אין פאַרשידענע לשונות, זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן אין אַ סך אויפלאַגעס.

אין משך פון לאַנגע תּקופות האָבן אַשכּנזישע ייִדן געלערנט פון "אויפשפּראָץ פון דוד" געשיכטע. מען האָט זיך נישט געדאַרפט אָנשטרענגען כּדי צו פאַרשטיין דעם טעקסט. ישׂראל צינבערג אין זײַן פאָרשונג פון דער ליטעראַטור בײַ ייִדן, כאַראַקטעריזירט דוד גאַנזס חיבור ווי "פּראַטאָקאָל־מעסיק". דאָס הייסט, אַז זײַן סטיל איז טרוקן. אָבער דאָס טאַקע איז אויסן געווען צו דערגרייכן דער מחבר. נישט באַנוצן זיך מיט קיין מליצות. מיט קיין באַפּוצונגען. "מיך אַרט נישט — האָט געשריבן דוד גאַנז — אויב מען וועט זאָגן, אַז איך גיב אָן זאַכן, וועלכע זענען גוט באַקאַנט, איך שרײַב פאַר סתּם מענטשן, פאַר פּשוטע מענטשן; פאַר באַלע־באַטים, וואָס ווילן נאָך אַ טאָג פון מי און מאַטערניש אָפּפרישן זייער געמיט אַרײַנ־קוקנדיק אין מײַן חיבור"...

ווי אין אַ קאַליידאָסקאָפּ גייען פאַרן לייענער פאַרבײַ פּאַסירונגען פון יאָר־טויזנטער. קוים אַ וויכטיק געשעעניש אָדער אַ וויכטיקע פּערזענלעכקייט ווערן אַדורכגעלאָזט. אַפילו פאַר דער מלחמה אין פאַרצײַטישן גריכנלאַנד, וואָס האָט זיך געפירט אין טראָיאַ, ווערט אָפּגעגעבן פּלאַץ; אַפילו פאַר דעם בלינדן פּאָעט און זינגער האָמערוס. מדינות אין גאַר דער וועלט ווערן נישט איבערגעהיפּערט. איוואַן דער גרויזאַמער פון רוסלאַנד ווערט אַרויפגעבערענגט, זײַנע אָפּשרעקנדיקע אכזריותן. דער מחבר פאַרגעסט נישט צוצוגעבן, אַז ער האָט אויסגעהרגעט די מיטגלידער פון זײַן אייגענער פאַמיליע, נישט דערבאַרעמט זיך אויף פרויען און קינדער... פּראַטאָקאָל־מעסיק, און פאָרט נישט אָביעקטיוו, איבער די פויערן־אויפשטאַנדן בײַם סוף פון מיטלאַלטער אין דײַטשלאַנד, האַלט ער זיך נישט אָפּ פון אויסדריקן זײַן מיינונג, אַז די פאָדערונגען פון די פויערן זענען געווען גערעכטע. ערשט די התפּעלות אין וועלכער ער פאַלט אַרײַן רעדנדיק וועגן די נײַע אַנטדעקונגען. אָט למשל, די דערפינדונג פון דרוק, וואָסער וואונדערלעכע זאַך, און וואָסער גרויסער נוצן איז דערפון אַרויסגעקומען פאַר דער וועלט! אָדער די אַנטדעקונג פון קאָלאָמבוס. אַ נײַער קאָנטינענט. אַן אומבאַקאַנטע יבשה. "נאָוואָ מונדאָ" — אַ נײַע וועלט — קאָמענטירט ער אין שפּאַניש. אָבער וואָסער אומרעכט! אָנגערופן איז געוואָרן דער נײַער קאָנטינענט נישט אויפן נאָמען פון קאָלאָמבוס, נאָר פון איינעם אַ רייזנדיקן, אַמעריקאָ...

אָפּגערעדט אַז פון דער ייִדישער געשיכטע גייען פאַרבײַ די גרויסע פּאַסירונגען און די מכּלומרשט אומבאַדײַטנדיקע פּרטים. מיטן לאַנגן אָטעם פון געשיכטע, ווער קען זיך דאָס אונטערנעמען אָפּצושאַצן די געשעענישן, וועלכע זענען וויכטיקע, און וועלכע האָבן נישט קיין חשיבות?!...

דערבײַ ווערט בײַ יעדער פּאַסירונג אָנגעגעבן דאָס יאָר, ווען זי איז פאָר־געקומען. אַלץ אויסגערעכנט לויטן ייִדישן צײַט־חשבון, לויטן ייִדישן קאַלענדאַר.

געשיכטע קען נישט אַנגעגעבן ווערן סתּם אין דער וועלט אַרײַן. אַפילו ווען מען דאַרף זיך ברעכן דעם קאָפּ כּדי צו פאַרצייכענען אַ דאַטע, מוז דאָס געטאָן ווערן. נאָר אַזוי אַרום לאָזט זיך שרײַבן היסטאָריע, זי מוז זײַן גענוי, פּרעציז. אַלץ מוז "שטימען".

אַוודאי איז כּדאַי אונטערצושטרייכן, אַז דער באַנעם פון דוד גאַנז איז אַן אָפּטימיסטישער. דער גײַסט פון הומאַניזם רעדט פון אים אַרויס. מענטשלעכע געשיכטע האָט אַ זין, יידישע געשיכטע האָט אַ זין, אַ "פאַרוואָס" און "צו וואָס".

נישט בלויז מיט געשיכטע־שרײַבונג האָט זיך אָפּגעגעבן דוד גאַנז. ער האָט אויך פאַרמאָגט אַ נייגונג צו אַסטראָנאָמיע. די תּקופה, ווען ער האָט געלעבט און געשאַפן, איז געווען די אַסטראָנאָמען־תּקופה. די אַסטראָנאָמיע איז געוואָרן באַטראַכט ווי אַן עיקר־וויסנשאַפט. קאָפּערניק האָט באַוואויזן צו פאַרשטאַרקן אומעטום דעם אינטערעס פאַר אָט־דעם קענגשטאַנד. דערנאָך זענען געקומען גאַלילעאוס, דזשאָרדאַנאָ ברונאָ, קעפּלער, טיכאָ בראַהע. אויך ייִדישע געלערנטע האָבן זיך געפונען צווישן די מומחים. פּראַג איז געווען אַן אַסטראָנאָמישער צענטער. די דאָרטיקע אָבסערוואַטאָריע איז גערעכנט געוואָרן צווישן די בעסטע אין יענער צײַט. דער קייסער רודאָלף דער צווייטער, אַליין ענטוזיאַזמירט פון פאָרשריט פון דער דאָזיקער וויסנשאַפט, האָט אַראָפּגעבערענגט קיין פּראַג קעפּלערן פון דײַטשלאַנד, טיכאָ בראַהען פון דענעמאַרק. זאָל צוגעגעבן ווערן, אַז אויך דער היסטאָריקער צווישן שפּאַנישן ייִדנטום, אברהם זכותא (זאַקוטאָ), האָט זיך פאַרטיפט מיט באַגײַסטערונג אין דער אַסטראָנאָמיע און מאַטעמאַטיק.

ווי מען דערוויסט זיך פון זײַנע נאָטיצן, האָט דוד גאַנז אָפטמאָל זיך אָוועקגעלאָזט צו דער אָבסערוואַטאָריע, און דאָרט פאַרבליבן גאַנצע טעג. ער איז נישט מיד געוואָרן צו קוקן אין די הימלען דורך די טעלעסקאָפּן. באַרימטע אַסטראָנאָמען פון זײַן דור זענען געווען זײַנע פרײַנט.

אַ פּראָדוקט פון זײַן אינטערעס פאַר דער אַסטראָנאָמיע איז זײַן ספר "נחמד ונעים", "פײַן און אָנגענעם". מען קען דאָ באַקומען אַן אַרײַנבליק אין דער שטערן־ספערע. דוד גאַנז איז מסכּים מיט די און יענע טעאָריעס. אָבער ער זאָגט אויך אַרויס זײַנע באַוואָרענישן לגבי אַנדערע. אַפילו לגבי קאָפּערניקן רוקט ער אַרויס באַוואָרענישן. ער פאַרזיכערט, אַז ייִדישע געלערנטע אין די אַלטע צײַטן זענען געווען די ערשטע, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט אין דער דאָזיקער לערע. בײַ ייִדן האָבן די עגיפּטער געלערנט די שטערן־חכמה. צו הויכקייטן אין דער אַסטראָנאָמיע זענען דערגאַנגען די חכמי־התּלמוד. די פעסטקייט פון ייִדישן לוח זאָגט דערויף עדות. דער קריסטלעכער קאַלענדאַר האָט שוין עטלעכע מאָל געמוזט געענדערט ווערן; דאַקעגן דער ייִדישער לוח בלײַבט אומדערשיטערט. מיט רעכט האָט איינער פון די תּלמודישע אויטאָריטעטן, שמואל ירחינאה, דערקלערט, אַז אים זענען

באַקאַנט די וועגן און שטעגן אין הימל, גענוי ווי די וועגן און שטעגן אין זײַן וואוינשטאָט נהרדעא.

אָבער ווי שטאַרק זײַנע פאַרדינסטן זאָלן נישט האָבן געווען אין דער אַסטראָ־נאָמישער וויסנשאַפט, אין דער ייִדישער קולטור איז דוד גאַנז פאַרבליבן בעיקר ווי דער ערשטער היסטאָריקער צווישן אַשכּנזישן ייִדנטום. אין עלטער פון צוויי און זיבעציק יאָר האָט דוד גאַנז פאַרמאַכט זײַן אייגן בלאַט געשיכטע אין פּראָג.

עס איז גאָרנישט מעגלעך איבערצוגעבן די ווירקונג, וואָס דוד גאַנז האָט אויסגעאיבט אין דער ספערע פון דער ייִדישער גײַסטיקייט. דורות האָבן פון אים געלערנט וועגן דער פאַרגאַנגענהייט פון אונזער פאָלק און פון די פעלקער פון דער וועלט. נחמן קראָכמאַל, היינריך גרעץ, אייזיק־הירש ווײַס, זענען סוף־כּל־סוף געגאַנגען אין זײַנע פוסטריט. ער האָט מיט זײַן מעטאָדיק געעפנט דעם וועג צו דער מאָדערנער היסטאָריאָגראַפיע.

מער ווי די קענטענישן און וויסן, וועלכע ער האָט געבערענגט צו די ייִדישע מאַסן, דאַרף דערמאָנט ווערן זײַן פאַרדינסט אין וועקן בײַם אַשכּנזישן ייִדנטום דעם אינטערעס פאַר אַלץ, וואָס איז אָנגעגאַנגען אין די טויזנטער יאָרן פון אונזער עקזיסטענץ. עס איז אמת, אַז דער אָנזאָג נישט צו פאַרגעסן די פאַרלאָפענע געשע־ענישן, איז צו אונז אָריבערגעקומען נאָך פון תּנ״ך; אַז דער תּלמוד האָט אַ סך כּיטגעהאָלפן אויפצוהאַלטן אין פאָלקס־זכּרון די גרויסע געשיכטלעכע ייִדישע דראַמע; אַז שפּעטערדיקע כראָניק־טעקסטן האָבן מיטגעווירקט, אַז דער פאָלקס־זכּרון זאָל אַריבערוואַנדערן צו אָפּגעפלאָסענע צײַטן, ווי למשל דער יוסיפון־ספר, וואָס איז צונויפגעשטעלט געוואָרן אין מיטלאַלטער, אָנשפּאַרנדיק זיך אויף דער כראָניק פון יאָסעפוס פלאַוויוס פון דער ייִדישער מלחמה קעגן רוים און פון זײַנע אַנדערע באַשרײַבונגען פון דער ייִדישער פאַרגאַנגענהייט. דאָס פאַרדינסט פון מחבר פון ״אויפשפּראָץ פון דוד״ איז גאָר פון באַזונדערן באַדײַט. עס איז אַ האַנטבוך, געשריבן דורך דעם ערשטן היסטאָריקער צווישן אַשכּנזישן ייִדנטום. אייגנטימלעכע שטריכן, וועלכע זענען כאַראַקטעריסטיש פאַרן אַשכּנזישן ייִדנטום, האָבן דאָרט געפונען זייער אויסדרוק: דער ווילן צו זײַן צוגעגנגלעך נישט בלויז פאַר אויס־געקליבענע, פאַר אַן ״עליטע״, נאָר צו זײַן צוטריטלעך פאַר די ברייטע שיכטן פון פאָלק; דער אומגעשטילטער דאָרשט און אַנטשלאָסנקייט אַרײַנצודרינגען אין צווײַגן פון די מענטשלעכע קענטענישן, אַפילו ווען זיי זענען פאַרהילט אין סודות; דער טאַלאַנט צונויפצושפּינען אַלטע, פאַרצײַטישע ייִדישע אידעאַלן מיט די טענ־דענצן פון די מאָדערנע צײַטן.

נישט וויכטיק און נישט אַנטשיידנדיק איז צו באַשטימען, צי אין ייִדיש מזרח־אייראָפּע, וואו די אַשכּנזישע גײַסטיקע קולטור האָט אַדורכגעמאַכט איר ווײַטערדיקע אַנטוויקלונג און איז דערגאַנגען צו איר העכסטן אויפשטײַג, האָבן

געלעבט אונזערע גרעסטע היסטאָריקער, אָדער זיי האָבן גאָר געלעבט און געווירקט אין אַנדערע ייִדישע ישובים. אין ייִדיש מזרח־אייראָפּע זענען אַלע ייִדן, סתּם ייִדן, געווען היסטאָריקער. אַלע זענען געווען געשיכטע־כראָניקער. אויב נישט אַלע האָבן געהאַלטן אַ בלײַפּעדער אין האַנט און פאַרצייכנט די פּאַסירונגען, האָבן זיי מינדלעך דערציילט, וואָס עס האָט פּאַסירט. די ייִדישע צײַטונגען האָבן אָפּגעגעבן גאַנצע זײַטן פאַר ערנסטע פּראָבלעמען און פּראָגעס פון דער ייִדישער געשיכטע. אין אַלע צירקלען און קרײַזן האָט מען געפירט לײַדנשאַפטלעכע דיסקוסיעס איבער דערשײַנונגען פון דער ייִדישער פאַרגאַנגענהייט, וואָס געווייִנלעך דעבאַטירן איבער אַזוינע זאַכן נאָר פּראָפעסיאָנעלע היסטאָריקער.

אין די ווענדונגען פון שמעון דובנאָוו און עמנואל רינגעלבלום צו סתּם־ייִדן: "פאַרשרײַבט, פאַרשרײַבט!", האָט אָפּגעקלונגען דער עכאָ פון "אויפשפּראָץ פון דוד".

# דער פּנקס — אַן אַרייַנבליק אין ייִדישן לעבן

אויב איר וועט זוכן אין די ווערטער־ביכער אַ פּאַרטייַטש פון וואָרט "פּנקס" — אַ גריכישער אויסדרוק, וועלכער איז אַרייַנגענומען געוואָרן אין דער העברעאישער שפּראַך, און פון העברעאיש אַרייַנגעגאַנגען אין ייִדיש — וועט איר אויסגעפינען, אַז דאָרט ווערן אָנגעגעבן דרייַ דערקלערונגען. פּינקס, ווערט געזאָגט, באַדייַט: נאָטיץ־בוך, פאַרשרייַב־בוך, כראָניק־בוך, אונז, אין איצטיקן פאַל, גייט אָן דער לעצטער אויסטייַטש: כראָניק־בוך. פּינקס האָט מען אין משך פון לאַנגע יאָר־הונדערטער אָנגערופן צווישן ייִדן אַ בוך אָדער אַ העפט, אין וועלכן מען האָט פאַרצייכנט באַשלוסן און געשעענישן, וואָס מען האָט זיי באַטראַכט ווי אינטע־רעסאַנטע און וויכטיקע פאַרן דור, ווען זיי האָבן פּאַסירט; אָדער פאַר די קומענדיקע דורות, וואָס וועלן האָבן דעם באַגער צו דערקענען די פאַרגאַנגענהייט. מען קען נישט זאָגן, אַז דער דאָזיקער אויסדרוק איז בכלל פאַרשוואונדן פון אונזער צייַט. מען באַנוצט זיך אויך מיט אים הייַנט דאָ און דאָרט. ער איז אָבער נישט אַזוי פּאָפּולער, ווי ער איז געווען דורך לאַנגע תּקופות.

שמעון דובנאָוו, דער היסטאָריקער־מאַרטירער, פלעגט זאָגן, אַז דאָס ייִדישע פאָלק איז דאָס צומייַסטן־היסטאָרישע פאָלק, וואָס האָט ווען־עס־איז עקזיסטירט. ער האָט געהאַט רעכט. שוין אונזערע ספרים פון פאַרצייַטנס זאָגן דערויף עדות. אוודאי איז נישט מעגלעך צו כאַראַקטעריזירן דעם תּנ״ך, ווי אַ טעקסט־ספר פון געשיכטע; אָבער דער תּנ״ך שליסט פאָרט אייַן געשיכטלעכע פּאַסירונגען. אין אַלע ספרים, וואָס גייען אין אים אַרייַן, ווערט אָפּגעגעבן פּלאַץ פאַר זיי; אָנהייבנדיק פון סאַמע ערשטן ספר, בראשית, ביז צו די גאָר לעצטע, עזרא, נחמיה, דברי־הימים. דאָס זעלבע לאָזט זיך זאָגן וועגן תּלמוד. די צוויי וויכטיקע טיילן, פון וועלכע ער באַשטייט, די משנה און די גמרא, האָבן פאַר זיך נישט געשטעלט קיין אויפגאַבע צו פאַרשרייַבן דאָס, וואָס עס האָט פּאַסירט אין דער צייַט, ווען זיי זענען אַנטשטאַנען, בייַ ייִדן און אין דער וועלט. דאָך זענען סייַ די משנה, סייַ די גמרא, אָנגעפּראָפּט מיט צייַטלעכע אינפאָרמאַציעס און פּרטים, וואָס פאַרוואַנדלען זיי אין אַ דאָקומענט פון אומגעווייַנלעכן, געשיכטלעכן ווערט. אַנטשיידנדיקע תּקופות,

וועלכע וואָלטן פֿאַרבליבן פֿאַרהוילן, ווערן אין זיי אַנטפּלעקט. "דאָס איז אַ ספר פון דער געשיכטע פון מענטש" — זה ספר תולדות אדם — דריקט זיך אויס דער חומש וועגן זיך אַליין (בראשית ה, א). אַ מיטבויער פון דער תּלמודישער קולטור, שמעון בן עזאי, האָט, ווי עס איז געוואָרן פֿאַרנאָטירט, צוגעגעבן אַ גאָר שטאַרקע וויכטיקייט צו דער דאָזיקער אָפּשאַצונג. אָבער אייגנטלעך לאָזט זי זיך אָנווענדן אויך אויף דער תּלמודישער ליטעראַטור. ווי שטאַרק עס טרעטן דאָרט אַרויס דער אינטערעס און דער זין פֿאַר גאַנץ אַנדערע וויסנשאַפֿטן ווי געשיכטע און פֿאַר גאַנץ אַנדערע פּראָבלעמען ווי די געשיכטלעכע, איז זי דאָך, אין טיפֿערן זין, אויך אַן אייגנאַרטיקע כראָניק פון דער ייִדישער פֿאַרגאַנגענהייט. אַ צײַט־אָפּשניט פון טויזנט יאָר ווערט דאָרט געשילדערט אויף אַ זעלטענעם שטייגער, באַהאַנדלט, דיסקוטירט, אָפּגעשפּיגלט, באַלויכטן.

נישט מיטן שליסן דעם תּנ"ך אָדער דעם תּלמוד, האָט זיך אָפּגעשטעלט דער ייִדישער אינטערעס פֿאַר געשיכטע. פֿאַרקערט, מען קען זאָגן, אַז ער איז נאָך שטאַרקער אַרײַנגעדרונגען אין "אינערלעכן וועזן" פון פֿאָלק. אַלע שיכטן זענען באַנומען געוואָרן פון באַגער צו וויסן און פֿאַרשטיין, וואָס עס האָט פּאַסירט אין די פֿאַרלאָפֿענע תּקופֿות; ווי אויך צו פֿאַרצייכענען, וואָס עס גייט אָן, און וואָס מען באַשליסט, אין דער קעגנוואָרט.

דעמאָלט, אין מיטלאַלטער, האָט זיך אַרויסגערוקט דער פּינקס. צוזאַמען מיט די ספרים, וואָס זענען פֿאַרהייליקט געוואָרן דורך דער טראַדיציע, האָט מען זיך אַרומגעטראָגן מיט אים. מען האָט זיך כּמעט ווי נישט גערירט אָן דעם פּינקס. אַנדערע פֿעלקער, ווען עס איז זיי אויסגעקומען אַדורכצומאַכן וואַנדער־שליאַכן, האָבן זיך נישט געשיידט מיט זייער געוווער. ייִדן, אין קעגנזאַץ, האָבן מיט זיך מיטגעפֿירט, אַ ספר, אַ העפֿט, אַ פּעדער. פֿאַר לאַנגע צײַטן איז דער ספר געווען אַ פֿאַרמעט אָדער אַן אַנדערער פון די שרײַב־מאַטעריאַלן, מיט וועלכע מען האָט זיך באַנוצט, איידער דאָס פּאַפּיר איז אויפֿגעקומען; און די פּעדער איז געווען אַ געגנזענע פּעדער. אין געדעכעניש פון פֿאָלק האָט געלעבט אַן אוראַלטער געבאָט, וועלכער האָט גאַרנישט פֿאַרלוירן פון זײַן קראַפֿט און ווירקונג אין לויף פון די יאָר־טויזנטער און אין דער דראַמאַטישער ענדערונג פון די פֿאַרהעלטענישן: "פֿאַרשרײַב דאָס צום אָנדענק אין בוך" — כתוב זאת זכרון בספר (שמות יז, יד).

וואו האָט מען געשריבן פּינקסים? אומעטום: אין אַלע ערטער, איבער וועלכע ייִדן האָבן געוואָגלט; אין די שטעט און דערפֿער, וואו זיי האָבן אויפֿגעשטעלט זייערע געצעלטן. דאָס הייסט: אין די פֿיר עקן וועלט. אָבער אַזוי ווי אין די לעצטע טויזנט יאָר זענען ייִדישע וואוין־צענטערס אויסגעוואַקסן בעיקר אין אייראָפּע, זענען דאָס רוב פון די דאָזיקע נאָטיצן במילא פֿאַרצייכנט געוואָרן אין אייראָ־פּעאישע לענדער. מען האָט צום שרײַבן פּינקסים זיך אָפּגעגעבן תּמיד, אויך ווען די צײַטן זענען געווען נישט דווקא "דראַמאַטישע"; וואָרום אַפֿילו אין די אַזוי־

גערופֿענע נאָרמאַלע פֿאַרהעלטענישן זענען דאָך פֿאַרגעקומען זאַכן, וועלכע עס איז געווען כּדאַי צו פֿאַרנאָטירן. אָבער נאָך שטאַרקער האָט מען געשפּירט דעם דראַנג צו פֿאַרשרײַבן די פּאַסירונגען אין תּקופֿות פֿון קריזיס און איבערברוך. אַזעלכע האָבן נישט געפֿעלט אין דער ייִדיש־אייראָפּעאישער דערפֿאַרונג.

בעת גרויסע ייִדישע מאַסן האָבן אין געווירבל פֿון רדיפֿות און פֿאַרפֿאָלגונגען איבערגעוואַנדערט קיין מזרח־אייראָפּע — פּוילן, ליטע און די שכנותדיקע מדינות — זענען, אין קאָנסעקווענץ, אויך די מערהייט פּינקסים דאָרט אַנטשטאַנען. מ׳האָט זיי געשריבן אין העברעאיש (לשון־קודש, ווי מ׳האָט דעמאָלט געזאָגט) און אין ייִדיש (טײַטש, ווי מ׳האָט דעמאָלט זיך אויסגעדריקט), אָדער גאָר אין אַ צונויפֿמיש פֿון לשון־קודש מיט טײַטש. דובנאָוו און רינגעלבלום זענען נישט די ערשטע, וועלכע האָבן אויסגערופֿן צו זייערע ברידער — ייִדן: פֿאַרשרײַבט, פֿאַרשרײַבט אַלץ, וואָס איר מאַכט אַדורך, און וואָס איר אָבסערווירט!... אויך אין אַנדערע צײַטן האָבן ייִדן איינער צום צווייטן אַזוי געזאָגט; דערמאָנט, און געמאָנט זיך קעגנזײַטיק, נישט צו דערלאָזן, אַז פּאַסירונגען זאָלן פֿאַרבײַגיין אָן צו ווערן פֿאַרצייכנט, און באַשלאָסן, וועלכע מען האָט אָנגענומען פֿון געזעלשאַפֿטלעכן באַדײַט, זאָלן נישט ווערן פֿאַרשריבן.

נישט אַלע פּינקסים, וועלכע זענען געוואָרן געשריבן, זענען דערגאַנגען צו אונזער דור. אין שטורעם פֿון די ייִדישע איבערלעבונגען זענען אַ סך געגאַנגען פֿאַרלוירן; אַ סך האָבן געטיילט דעם גורל פֿון די, וועלכע האָבן זיי געשריבן: זיי זענען פֿאַרטיליקט געוואָרן. פֿון אַ טייל פֿון זיי זענען פֿאַרבליבן בלויז שטיקלעך און ברעקלעך. אָבער אַביסל האָבן זיך פֿאַרט אָפּגעראַטעוועט; און וואָסער ערשט־ראַנגיקער היסטאָרישער מאַטעריאַל זיי שטעלן מיט זיך פֿאָר! וואָסער אויטענטישן אַרײַנבליק עס איז מעגלעך צו באַקומען דורך זיי אין ייִדישן לעבן פֿון די פֿאַרגאַנגענע תּקופֿות!

פֿון גאָר באַזונדערן אינטערעס איז זיי צו עפֿענען גראָד איצט, ווען אַלטע, פֿאַרוואָרצלטע ייִדישע ישובֿים הערן אויף צו עקזיסטירן, און די ייִדישע געאָגראַפֿיע מאַכט אַדורך ראַדיקאַלע ענדערונגען. מער ווי די געוויינלעכע טעקסט־ביכער, זענען די פּינקסים מסוגל אַריבערצוטראָגן אונזער געדאַנק און געפֿיל צו דעם זײַן און צום לעבן, וואָס זענען געווען אייגנטימלעך פֿאַר די זיך אויסלעשנדיקע גײַסטיקע צענטערס. געשיכטע? אַוודאי, די פּינקסים זענען שטיקער צאַפּלענדיקע ייִדישע געשיכטע. אָבער זיי זענען עטוואָס מער. זיי זענען ייִדישער לעבנס־שטייגער, ייִדישע פּסיכיק, ייִדישער אויפֿהאַלט־כּוח, ייִדישער נשמה־ציטער, ייִדישע באַציאָ־נאַלע און מענטשלעך־אינטימע בענקשאַפֿט. זיי זענען דאָס, וואָס איז געוויינלעך — און גלײַכצײַטיק אומגעוויינלעך — אין ייִדישן קיום. זייערע פֿאַרשריפֿטן, וועלכע מען פֿלעגט רופֿן תּקנות, פֿאַרדינען מען זאָל זיי לערנען און אין זיי זיך פֿאַרטיפֿן.

עס זענען פאַראַן פאַרשידנערליי פּינקסים: פון קהילות, פון חברות, פון אינסטיטוציעס, אַפילו פון משפחות. ס'איז שווער צו באַשטימען, וועלכע פון זיי זענען מער באַלערנדיק און פון כסדרדיקער אַקטועלקייט. לאָמער צוערשט עפּענען אייניקע פּינקסים פון קהילות. דער עיקר פון די קהילות אין פּוילן און ליטע, פון דער צײַט, ווען זיי זענען געווען צונויפגעאייניקט אין איין בשותּפותדיקער אָרגאַניזאַציע, און פיגורירט ווי אַ צענטראַלער קהילות־ראַט. דאָס איז געווען מיט העכער פיר הונדערט יאָר צוריק. דעמאָלט האָט דער ראַט אָנגעהויבן צו פונקציאָנירן. ער איז באַקאַנט געווען אונטער זײַן העברעאישן נאָמען: וועד ארבע ארצות, דער ראַט פון די פיר פּראָווינצן, אָדער וועד חמש ארצות, דער ראַט פון די פינף פּראָווינצן. ער איז אָנגעגאַנגען מיט זײַן טעטיקייט אַ פּאָר הונדערט יאָר.

דאָס, וואָס וואַרפט זיך אין אויג, ווען מ'האָט פאַר זיך די איבערבלײַבענישן פון דאָזיקן פּינקס, וועלכע האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט פון אומרו פון די צײַטן, איז די ערנסטע זאָרג, אַז עס זאָל, חלילה, נישט פאַלן קיין פלעק אויפן ייִדישן נאָמען, און אַז ייִדישער כאַראַקטער זאָל אויפגעהאַלטן ווערן אין זײַן פולער לויטערקייט. אַ גאַנצע ריי באַשלוסן פון קהילות־ראַט — תּקנות, ווערן זיי אויך אָנגערופן אין אייגנאַרטיקן פּינקס־נוסח — האָבן צו טאָן מיט דער פּערזאָן פון שתדלן. אַזוי איז באַצייכנט געוואָרן דער, וועלכער האָט באַדאַרפט רעפּרעזענטירן ייִדן פאַר דער פּוילישער אָדער ליטווישער מאַכט, פאַרן קעניג, פאַרן פּאַרלאַמענט, פאַר די מיניסטאָרן.

מען האָט זיך אָן אַ שתדלן נישט געקענט באַגיין. אַלע מאָל זענען דערשינען גזירות, וועלכע מען האָט באַדאַרפט אָפּשרייען; געזעצן, וועלכע האָבן געפאָדערט אַן אויפקלערונג; אינטערווענצן, וואָס האָבן זיך באַצויגן צו יחידים אָדער גאָר צו גאַנצע קהילות; בילבולים, וועלכע מ'האָט באַדאַרפט אָפּלייקענען. דער פּינקס און זײַנע תּקנות זוכן מיטלען, ווי אַזוי צו פאַרזיכערן, אַז עס זאָלן נישט אויספעלן קיין שתדלנים, ווען זיי וועלן זײַן נויטיק, און אַז זיי זאָלן זײַן פּאַסיקע פאַרשטייער פון ייִדישן כלל. עס ווערט אַרויפגעוואָרפן דער מאָראַלישער חוב אויף די קהילות צו דערציִען פּאָליטישע רעפּרעזענטאַנטן. אויב עס געפינט זיך אַ קהילה, וואָס באַגרײַפט נישט און שאַצט נישט אָפּ די וויכטיקייט פון איר דאָזיקער אויפגאַבע, און טוט נישט גענוג אין אָט־דער ריכטונג, דאַרף זי באַשטראָפט ווערן פאַר איר לײַכטזיניקייט. דער קהילות־ראַט פון ליטע לייגט אַרויף אַ שטראָף פון "הונדערט רויטע רענדלעך" אויפן ישוב, וואָס שטרענגט זיך נישט אָן אויפצושטעלן קיין שתדלן פון צווישן זײַנע מיטגלידער. מיט סאָציאַלן אחריות־באַוואוסטזײַן מוז זײַן אַדורכגעדרונגען אַ ייִדישע קהילה.

ממש שטוינענדיק איז דער רײַפער צוגאַנג אין די אַלטע פּינקסים צו דער דאָזיקער פראַגע: רעפּרעזענטאַנטן פון אַ פאָלק, פּאָליטישע רעפּרעזענטאַנטן, כלל־טוער, וועלכע נעמען זיך אונטער צו ריידן פאַר דער אויסערלעכער מאַכט אין

נאָמען פון כלל־ישׂראל, וואַקסן נישט אויס אויף באַשטעלונג. זיי זענען אַ פּראָדוקט פון דער אָנשטרענגונג פון יחיד און פון כלל. עס איז נישט גענוג, ווען איינער דערקלערט זיך, דיקטירט פון זײַן אייגענער חוצפּה און אַגרעסיווקייט, אָדער גאָר פון זײַן עשירות, אַז ער איז ראוי צו "רעפּרעזענטירן" דאָס פאָלק ישׂראל. מען מוז פאַרמאָגן די קוואַליפיקאַציעס דערצו; די נויטיקע אייגנשאַפטן און מעלות. אין פּינקס פון קהילות־ראַט פון ליטע, אין זיבעצנטן יאָרהונדערט, ווערט אונטערגע־שטראָכן, אַז דער שתדלן "מוז זײַן קלוג און קענען לערנען; וויסן, וואָס צו זאָגן, ווען ער שטייט אין פּאַלאַץ פון קעניג און פון זײַנע מיניסטאָרן; האַלטן זײַנע אויגן אָפן אויף די באַדערפענישן פון יחיד און פון כלל". אָפּגערעדט דערפון, אַז ער דאַרף זיך אויסצייכענען מיט זײַן גוט האַרץ און ערלעכקייט; זײַן ווײַט פון זוכן אייגננוצן און פון גײַציג נאָך כּבוד . . .

"גיבורי חיל" — דאָס איז די פאָדערונג, וואָס ווערט געשטעלט אין פּינקס צו די, וועלכע שטעלן פאָר פאַר דער וועלט ייִדישע אינטערעסן. אַ תּנ"ך־אויסדרוק, פאַר וועלכן עס איז שווער צו געפינען אַ גענויע איבערזעצונג אין יעדער אַנדערער שפּראַך. דאָס איז אַ באַצייכענונג, וואָס שליסט אײַן: פאַרמאָגן מוט; זײַן איבער־געגעבן צו דער אויפגאַבע, מיט וועלכער מען איז אָנגעטרויט געוואָרן; וויסן און פילן, איבערלעבן מיט אַלע פיבערן פון דער נשמה, אַז מען איז אַ שליח פון פאָלק. קיינער נישט — ווערט אונטערגעשטראָכן — קיינער נישט, מעג זיך אונטערנעמען אויף אייגענער האַנט צו ריידן אין נאָמען פון קהל. ער דאַרף האָבן די באַפול־מעכטיקונג דערצו. דאָס משתּדל זײַן זיך פאַר ייִדן איז אַ גרויסע פאַראַנטוואָרט־לעכקייט.

אַזוי זאָגט זיך אין די פּינקסים. צי איז נישט כּדאַי דאָס אויפצופרישן אין אונזער צײַט? צי קוקן מיר, אונזער דור, נישט אויס צוריקגעשטאַנענע און פּרימי־טיווע, אין שפּיגל פון די אַלט־אַלטע כראָניק־ספרים? . . .

מיט נאָך אַנדערע, ביז גאָר אינטערעסאַנטע און באַלערנדיקע, קאַפּיטלען טרעפן מיר זיך אָן אין די כראָניק־ספרים פון די פאַרלאָפענע צײַטן. די כראָניק־ספרים, וועלכע ווערן באַצייכנט ווי פּינקסים, און די פאַרשריפטן און באַשלוסן, וואָס זענען אין זיי אַריַינגעגאַנגען, די אַזוי גערופענע תּקנות. אַ סך מער ווי די טעקסטן פון געשיכטע, אַנטפּלעקן זיי פאַר אונז דאָס ייִדישע לעבן אין דער פאַר־גאַנגענהייט, וואָרום זיי עפענען אויף דאָס, וואָס האָט זיך אָפּגעטאָן אין דער ייִדישער נשמה און האַרץ.

מען מאַכט אַ טעות, אויב מען רעכנט צו באַגעגענען אין דעם פּינקס אַ פּסיכישן צושטאַנד פון געפאַלנקייט און שיפלות. אמת: אַ סך פון זיי זענען געוואָרן געשריבן

אין אומהיימלעכע תּקופות פון גירושים און ביטערע פאַרפאַלגונגען. אָבער גראָד זיי זאָגן עדות אויף דעם מוט און געפיל פון שטאָלץ, וואָס ייִדן האָבן באַוויזן אויפֿצוהאַלטן. קיין סימן נישט פון נידערגעשלאָגענעם געמיט. די פּינקסים רופן: נישט אַראָפּצולאָזן די הענט אין אָנמאַכט; נישט אַראָפּצובויגן דעם קאָפּ, ווען דאָס קען אויסדריקן אינערלעכע אונטערטעניקייט. אַזוי דערוויסט מען זיך פון כראָניק־ספר פון צענטראַלן ראָט פון די ייִדישע קהילות אין פּוילן אין זעכצנטן יאָרהונדערט, אַז די קהילות זענען אַדורכגעקומען מיט דער פּוילישער מאַכט בנוגע דער סומע פון די שטײַערן, וואָס ייִדן דאַרפן צאָלן, ווי אַ פּרײַז דערפאַר, וואָס מלכות — די קרוין, ווי זי ווערט אָנגערופן — באַשיצט זיי קעגן אָנפאַלן און עוולות. אָבער עס געפינען זיך פאַרט באַאַמטע, ווערט צוגעגעבן, וועלכע באַגנוגענען זיך נישט מיט דער באַשטימטער שטײַער־סומע, און פאַרלאַנגען פון ייִדן, אַז זיי זאָלן צאָלן מער. דערקלערט דער קהילות־ראָט, אַז אויב ערגעץ אין אַ געגנט וועט עמעצן פון די מאַכט־האָבער זיך פאַרגלוסטן אַרויסצופּרעסן געלט בײַ ייִדן, זאָל מען זיך נישט לאָזן. „ייִדן דאַרפן זיך אָפּווערן מיט מסירת־נפש קעגן די בייזוויליקע מעשׂים; וואָרום אויב מען וועט זיך נישט גלײַך קעגנשטעלן, וועט דערנאָך ווערן צו שפּעט“...

וואָס דאַרף מען טאָן? פּשוט דערקלערן, אַז מ'וועט נישט צאָלן. אויב צוליב דעם דראָט אַ סכּנה אַ באַשטימטן ישוב, זאָל מען גלײַך מודיע זײַן דעם קהילות־ראָט, און דער שתדלן — דער קהילה־רעפּרעזענטאַנט — וועט זיך שטעלן פאַרן קעניג און די הויכע שררות, און בײַ זיי פאָדערן אויסצופירן דעם אָפּמאַך, וואָס איז געשלאָסן געוואָרן מיט דער ייִדישער באַפעלקערונג. נישט צוליב דעם, ווײַל ייִדן זענען אין גלות, דאַרף דער ייִדישער כּבֿוד זײַן געפאַלן. ייִדן פאַרדינען זיך אויף אַ גערעכטער באַהאַנדלונג. „ייִדן, שטאַרקט אײַך, דערמוטיקט אײַך!“ — דאָס זענען די ווענדונגען, וועלכע קומען אונדז אָפּט אַנטקעגן אין די פּינקסים. אַפילו ווען בייזע זאַוויערוכעס הוליען און ווילדעווען, און צעשטערן וואָס עס איז אויפֿגעבויט געוואָרן נאָך אומדערמידלעכער מי, וועקט דער פּינקס דעם ייִדישן מענטש נישט באַוועלטיקט צו ווערן פון יִיאוש. דער פּינקס זאָגט: „ייִדן האָבן שוין איבערגעלעבט שלעכטע צײַטן, מ'וועט אויך פון די פרישע צרות אַרויסקומען געשטאַרקטע און באַפעסטיקטע אין גײַסט!“...

נישט בלויז מיט די עניִים, וואָס רוקן זיך אָן דורך דער אויסערלעכער מאַכט, באַשעפטיקן זיך די פּינקסים. אויך דאָס אינערלעכע ייִדישע לעבן ווערט באַהאַנדלט. עס ווערט אָנגעזאָגט, אַז ייִדיש לעבן מוז זיך כּסדר געפינען אויף אַ הויכער מדרגה פון מאָראַל. גײַסטיקע און עטישע ווערטן מוזן אויפגעהיטן ווערן. אין די קהילות־פּינקסים קומט צום אויסדרוק די גרייטקייט צו באַקעמפן די דערשײַנונגען, וואָס זענען עלול אונטערצוגראָבן די סאָלידע יסודות, אויף וועלכע אַ ייִדישער ישוב דאַרף זײַן אָנגעשפּאַרט.

בעת ייִדן האָבן אויסגעוואַנדערט אין מיטלאַלטער פון די מערב־אייראָפּעאישע לענדער און אויפגעשטעלט זייער נײַע היים אין פּוילן און ליטע (דעמאָלט אַ פֿאַראייניקטע מלוכה), האָבן זיי זיך באַשעפֿטיקט נישט בלויז מיט מסחר. עס זענען צווישן זיי געווען אויך ערד־אַרבעטער און בעלי־מלאכות. אָבער מסחר האָט אָנגעהויבן אַלץ שטאַרקער צו פֿאַרנעמען אַ וויכטיק אָרט צווישן ייִדישע פּרנסות. די קריסטלעכע פֿאַראיינען פֿון בעלי־מלאכות — די צעכן — האָבן נישט צוגעלאָזט קיין ייִדן. איז דער פּינקס פֿול מיט וואָרענונגען צום ייִדישן מענטש, אַז ער זאָל זײַן שטאַרק פֿאָרזיכטיק אין זײַנע האַנדל־אָפּעראַציעס און נישט יאָגן זיך, אויף אַ הפקרדיקן אופֿן, צו ווערן רײַך; אַז ער זאָל אײַנזינען האָבן, ווי לײַכט עס איז געשטרויכלט צו ווערן מאַכנדיק געשעפֿטן; און וואָסערע פֿאַטאַלע קאָנסעקווענצן די שטרויכלונגען קענען ברענגען פֿאַר דער אייגענער רעפּוטאַציע, און אויך פֿאַרן גוטן נאָמען פֿון דער קהילה. אַ רײ פֿאַרשריפֿטן־תּקנות זענען אָפּגעגעבן פֿאַרן דאָזיקן פּראָבלעם. דער פּינקס האָט גאָרנישט בדעה אַראָפּצולאָזן פֿון דער ייִדישער עטיק.

די פּינקסים דערציילן, אַז, צום באַדויערן, קומען פֿאָר בייזוויליקע באַנקראָטן. דער, וועלכער באַנקראָטירט, ווערט דאָ באַצייכנט ווי אַן אַנטלויפֿער (אין העברע־אישן פּינקס־טעקסט: בורח). ווי אַזוי מען דאַרף זיך לגבי אים אויפֿפֿירן? קיינער טאָר מיט אים נישט פֿאַרהאַנדלען אויף אייגענער האַנט, און פּרובירן זיך פֿאַרגלײַכן וועגן חובות, וואָס קומען. גלײַך ווי מען דערוויסט זיך, אַז עמעצער האָט אָנגעזעצט, זענען די קהילה־פֿאַרשטייער מחוייב בײַ אַזאַ איינעם אָוועקצונעמען אַלץ, וואָס ער פֿאַרמאָגט, און אָפּנעמען אַ שבועה, בײַ אים און בײַ זײַן ווײַב, אַז זיי האָבן גאָרנישט פֿאַרשטעקט, און אַז זיי פֿאַרמאָגן נישט קיין מזומן אין דער זײַט. אַלץ מוז איבער־געגעבן ווערן דעם באַפֿולמעכטיקטן פֿון קהילות־ראָט, וועלכער וועט פֿאַרקויפֿן דאָס, וואָס לאָזט זיך פֿאַרקויפֿן, און דאָס אַרײַנבאַקומענע געלט פֿונאַנדערטיילן צווישן די בעלי־חובות על פּי דין; לויט דעם חוב, וואָס קומט יעדן איינעם.

אין פֿאַל, ווען דער אָנזעצער מאַכט חתונה אַ זון אָדער אַ טאָכטער, מוז ער אויפֿווײַזן, אַז די חתונה־הוצאות אָדער דער נדן זענען אַ געשאַנק פֿון קרובים. דאָס איז, אויב עס האַנדלט זיך וועגן איינעם, וואָס די געשעפֿטן זענען בײַ אים אָוועקגעגאַנגען שלעכט אָן זײַן שולד. אָבער אין די פֿאַלן, ווען עמעצער האָט פֿאַרשווענדט געלט אָדער עס אָוועקגעגעבן נדן צו זײַן טאָכטער אָדער זון, איז ער געגנבֿ ווי אַ גזלן. ער מוז זיצן אַ יאָר אין תּפֿיסה. ער איז פּסול צו עדות. ער פֿאַרלירט דאָס רעכט צו געהערן צו דער קהילה. מען טאָר זיך מיט אים נישט משדך זײַן. די מלבושים, וואָס ער האָט געמאַכט פֿאַר זײַן ווײַב אין לעצטן יאָר, ווערן בײַ אים אָוועקגענומען, און נאָך ענלעכע באַגרענעצונגען ווערן קעגן אים אָנגעוואָנדן. די אויטאָנאָמיע, פֿון וועלכער די קהילות האָבן דאַן גענאָסן, האָט זיי דערמעגלעכט אויסצופֿירן זייער פּסק־דין אין דער פּראַקטיק.

מיט עטישע פּרינציפּן, וועלכע טאָרן נישט געבויגן ווערן, פאַרנעמען זיך די פּינקסים אויך אין אַנדערע פאַלן. עס האָט געטראָפן, אַז איינער אַ ייִד — דערציילט זיך דאָ — האָט געמאַכט אַ גרויס פאַרמעגן, אין פּוילן, אין דער שטאָט פּויזן. ער איז געהאַט געקומען פון דײַטשלאַנד, פון האַנאָווער. ווען מען האָט בײַ אים גע־פאָדערט, אַז ער זאָל געבן אַ בײַשטײַער פאַר דער קהילה און פאַר צדקה, האָט ער זיך אויפגעהויבן און צוריקגעפאָרן קיין האַנאָווער. לויט דעם פּינקס, האָט מען דעם דאָזיקן געוויסנלאָזן פאַרשוין געלייגט אין חרם, און געלאָזט וויסן די ייִדן אין דײַטשלאַנד — אַז אויך צווישן זיי קען אַזאַ איינער זיך נישט אַרומדרייען אומבאַשטראָפט.

עס איז צו באַוואונדערן, אין וואָסערע פּרטים די פּינקסים גייען אַלץ אַרײַן. ייִדן דאַרפן זיך נישט צוגעוואוינען צו טרינקען אין גוייִשע שענק־הײַזער. דער, וואָס גייט דאָרט אַהין, פאַרט זיך צונויף מיט לײַט, וואָס אין זייער חברותא ווערט געמינערט דער ייִדישער כבוד. אַזוי האָט טאַקע פאַסירט מיט די, וועלכע האָבן אויסגעטוישט זייער היים פאַר דער שענק... מען דאַרף אויסמײַדן לוקסוס אין מלבושים; נישט אויפרײַסן די אויגן פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג. וואויל איז צו די, וואָס פירן אַ באַשיידענעם לעבנס־שטייגער, מאַכן נישט קיין פאַרשווענדע־רישע סעודות, און פאַרבעטן וויניק געסט אויף אַ שׂמחה. פאַראַן ייִדן, וואָס צווישן יעדע צען פאַרבעטענע געסט, געדענקען זיי צו פאַרבעטן לכל הפחות איין אָרעמאַן. אָט אַזאַ ביישפּיל פאַרדינט נאָכגעטאָן צו ווערן! — שטרײַכט אונטער דער פּינקס.

נישט אָט אַזאַ אַלגעמיינעם כאַראַקטער פאַרמאָגן די פּינקסים פון די חברות, וואוילטעטיקע אינסטיטוציעס, פאַכלײַט־פאַראייניגן, אַרבעטער־פאַראייניקונגען, וועלכע זענען צו אונז דערגאַנגען פון די פאַרגאַנגענע צײַטן. אָבער זיי זענען נישט ווייניקער אינטערעסאַנט און באַלערנדיק. אויך איבער זיי לאָזט זיך זאָגן: זיי זענען אומגעוויינלעך אין זייער געוויינלעכקייט.

אין פּינקס פון דער חברה גמילות־חסדים און הכנסת אורחים אין זשעטיל פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט שטייט געשריבן, אַז ווען עס קומט אָן אַ פאַרבײַפאָרער אין שטעטל, דאַרפן די מיטגלידער זאָרגן, אַז ער זאָל האָבן דרײַ מאָלצײַטן אַ טאָג, און אַ נאָכטלעגער. דער מיטגליד, וואָס אים איז אָנגעטרויט געוואָרן די דאָזיקע אויפגאַבע, טראָגט די פאַראַנטוואָרטלעכקייט, אַז דאָס זאָל אַדורכגעפירט ווערן.

פון פּינקס פון דער חברה פאַר אָרעמע קימפּעטאָרינס אין ווילנע דערוויסט מען זיך, אַז די חברה האָט זיך געפירט אַרײַנצושיקן אַ פּושקע מיט אַ באַשטימטער סומע געלט פאַר יעדער קימפּעטאָרין. פאַרמעגלעכע פלעגן אַרײַנלייגן געלט אין דער פּושקע; אָרעמע פלעגן אַרויסנעמען פון דעם געלט, וויפל זיי האָבן געהאַט נויטיק פאַר דער צײַט פון קימפּעט; און מען האָט נישט געוואוסט, ווער עס האָט אַרײַנ־געלייגט, און ווער עס האָט אַרויסגענומען.

אין פֿאַרשרײַב־העפֿט פֿון דער חברה־תּהילים אין בריסק־קויאַווסקי, געפֿינט זיך אַ פֿאַרשריפֿט־תּקנה, וואָס פֿאַרווערט די מיטגלידער צו שפּילן קאָרטן. ווער עס האָט עובֿר געווען אויפֿן דאָזיקן פֿאַרבאָט און געשפּילט קאָרטן, האָט ער דאָס ערשטע מאָל און דאָס צווייטע מאָל באַצאָלט אַ געלט־שטראָף (קנס — לויטן פּינקס־אויסדרוק); דאָס דריטע מאָל איז ער אויסגעשלאָסן געוואָרן פֿון דער חברה.

דער כראָניק־ספֿר פֿון דער חברה הכּנסת־כּלה אין וולאָצלאַוועק פֿאַרנאָטירט, אַז לויט דעם תּקנה־באַשלוס, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן, מוז מען יעדעס מאָל, ווען מען פֿירט אַרײַן אַ ספֿר־תּורה אין שול, אויך אַרײַנפֿירן צוויי יתומים צו דער חופּה, און זיי באַזאָרגן מיט די נויטיקע מלבושים, מיט נדן, און חתונה־הוצאות.

פֿון פּינקס פֿון דער חברה־קדישא אין סטאַראָדוב ווערט מען געוואויר, אַז אויב עס איז עמעצער געוואָרן קראַנק אין דער אומגעגנט, האָט מען געשיקט צום חולה צוויי מענטשן, וואָס האָבן בײַ אים גענעכטיקט. אויב זיי האָבן צוליב וועלכער־עס־איז סיבה נישט געקענט דאָרט נעכטיקן, האָבן זיי געדונגען אַ מענטש אויף זייער פּלאַץ. אויב איינער, אויף וועמען עס איז געפֿאַלן דער חובֿ צו נעכטיקן בײַם קראַנקן, האָט געוואוינט ווײַט, מער ווי פֿופֿצן וויאָרסט, איז ער נישט מחויבֿ געווען אַליין צו גיין צום חולה, אָבער ער האָט באַדאַרפֿט באַצאָלן עמעצן, אַז ער זאָל דאָס טאָן פֿאַר זײַנעטוועגן.

אין הסכּם מיטן פּינקס פֿון דער חברה מחזיקי יתומים אין שקלאָוו קומט אויס, אַז אירע מיטגלידער האָבן באַזאָרגט די קינדער, וואָס זענען פֿאַרבליבן יתומים, מיט שפּײַז און מיט לערנען ביז דעם עלטער פֿון בר־מצווה. דערנאָך האָט מען זיי געשיקט צו אַ בעל־מלאכה זיי זאָלן זיך לערנען אַ פֿאַך. גלײַך ווי מען דערוויסט זיך, אַז עס איז דאָ אַן עלנטער, אָרעמער יתום אין דער קהילה, מוז מען זיך צונויפֿקומען און באַשטימען, ווי אַזוי אים צו באַזאָרגן.

אין פּינקס פֿון דער חברה פּועלי־צדק אין טשאַרטקאָוו ווערט אָוועקגעשטעלט אין אויבנאָן דאָס גײַסטיקע אויסלעבן זיך פֿון די מיטגלידער. דאָס איז געווען אין אַכצנטן יאָרהונדערט. מען קען זיך געניטן דערוויסן, וואָס מ׳האָט דאָרט געלערנט אין די וואָכנטעג, און וועלכע ספֿרים מען האָט געעפֿנט אין די שבתים.

אָפּטמאָל האָט זיך געמאַכט, און דאָס, וואָס איז געווען פֿאַרצייכנט אין אַ קהילה־פּינקס, האָט געפֿונען אַן אָפּקלאַנג אין אַ פּינקס פֿון אַן אינסטיטוציע אָדער גאָר זיך דאָרט איבערגעחזרט. דאָס איז געווען דעמאָלט, ווען דאָס פֿאָלקס־געוויסן האָט אויפֿגעשטורעמט. ווי למשל אין די פֿאַלן, ווען עס איז נויטיק געווען אויס־צולייזן געפֿאַנגענע פֿון די הענט פֿון אַרמייען אָדער פֿון פּיראַטן, האָבן קהילות און וואוילטעטיקע אינסטיטוציעס זיך אײַנגעשפּאַנט אין בשותּפֿותדיקער הילפֿס־אַרבעט. פּינקסים מאַכן דאָן דעם איינדרוק, ווי זיי וואָלטן געווען פּראָטאָקאָלן און באַריכטן פֿון אַ נאַציאָנאַלער רעטונגס־אַקציע, וואָס איז אונטערגענומען געוואָרן קעגן דער הפֿקרות און אכזריות פֿון באַדריקער. כּסדר טרעפֿט מען זיך דאָרט אָן אויפֿן באַגריף:

פּדיון שבויים — אויסצולייזן די געפאַנגענע — און זײַן מאַנענדיקע, דערציטערנ־דיקע דרינגלעכקייט.

ס'איז אוממעגלעך צו באַשטימען, ווען גענוי מ'האָט אין דער ייִדישער צע־שפּרייטקייט אָנגעהויבן צו שרײַבן פּינקסים. צו די עלטסטע קענען פאַררעכנט ווערן די, וואָס שטאַמען פון די אַשכנזישע ישובים אויף די ברעגן פון רהײַן אין מיטלאַלטער, אין מײַנץ, וואָרמס, שפּײַער. דער איבערגאַנג צו אַ פרישן קאָנטינענט און צו פריער־אומבאַקאַנטע פאַרהעלטענישן, האָט ווי אַרויסגערופן די באַדערפעניש צו פאַרצייכענען די איבערלעבונגען און דערפאַרונגען. דער פּינקס איז געוואָרן אַ באַשטאַנדטייל פון דער ייִדישער אַקטיווקייט, מען קען זאָגן: פון דער פאָלקס־אַקטיווקייט. הגם ער האָט מעגלעך נישט אַריבערגעהיפּערט קיין שום ייִדישן ישוב — עס זענען פאַרבליבן פּינקסים פון דער צײַט, ווען ייִדן האָבן אויסגעבויט דעם גרויסאַרטיקן ישוב אין שפּאַניע, און ספרדיש ייִדנטום האָט זיך אײַנגעקריצט אין דער ייִדישער געשיכטע מיט זײַן גלאָריע, און שפּעטער מיט זײַן טראַגישער אַנטוישונג — איז ער געבליבן אייגנטימלעך בעיקר פאַרן אַשכנזישן טייל פון אונזער פאָלק, און פאַרנומען גאָר אַ חשוב אָרט אין לעבנס־שטייגער, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט אין מזרח־אייראָפּע. אין ייִדיש מזרח־אייראָפּע האָט מען ממש מיט אים זיך נישט געשיידט.

אויך מיר, וועלכע זענען פאַרבליבן די לעצטע רעשטן פון פיל־מיליאָניקן, מיט גײַסטיקן און סאָציאַלן אומרו אָנגעלאָדענעם, ייִדישן ישוב אין מזרח־אייראָפּע, מיר זענען נאָך אַלץ באַאשעפטיקט מיט פאַרשרײַבן דאָס, וואָס קומט אונז אין זכרון פון לעבן, וואָס האָט געברויזט. יעדער איינער פון אונז, און זײַן פאַרשרײַב־בוך. יעדער איינער פון אונז, און זײַן כראָניק־ספר. יעדער איינער פון אונז, און זײַן פּינקס.

## וואַסערע מערקווירדיקע וואַסערטרעגער!

וויפל מען זאָל נישט אָפּוואַרפן די ווערסיע, לויט וועלכער עס קומט אויס אַז אַלע אָדער כּמעט אַלע ייִדן, וואָס האָבן געלעבט אין די מזרח־אייראָפּעאישע לענדער ביז צו דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, זענען געווען קרעמער, קליינהענדלער, מעקלער, אַזעלכע אָדער אַנדערע "לופט־מענטשן" — עס העלפט נישט. מען זאָגט אײַך כּסדר, אַז אַזוי איז דאָס געווען; מען זאָגט אײַך, אַז אין יענע שטעט און שטעטלעך האָבן ייִדן מיט עטוואָס־אַנדערש זיך נישט באַ־שעפטיקט.

אין זיכּרון פון די, וואָס זענען אַליין אויפגעוואַקסן אין דער ייִדישער וועלט, וואָס האָט נאָך עקזיסטירט ערשט מיט עטלעכע יאָרצענדליק צוריק, האָט זיך אָבער אײַנגעקריצט אַ גאַר פאַרשידענע ווירקלעכקייט. עס זענען טאַקע געווען קרעמער און הענדלער, אָבער בײַ אַלע באַגרענעצונגען, וואָס זענען אַנגעוואָנדן געוואָרן קעגן ייִדן, בײַ אַלע רשעותדיקע גזירות, וועלכע זענען געהאַנגען אויף דער ייִדישער באַפעלקערונג אין געביט פון דער ווירטשאַפט, האָט מען געצויגן פּרנסה אויך פון אַנדערע קוואַלן. מען האָט אין די שטעט און שטעטלעך געקאָנט באַגעגענען אַ סך ייִדישע בעלי־מלאכות און אַרבעטער: שנײַדער, שוסטער, היטלמאַכער, גלעזער, הויז־מאַלער, בלעכער, סטאָליאַרעס, טרעגער, וועבער, בעלי־עגלות, וואַ־סערטרעגער, בעקער, און אַנדערע, וואָס האָבן נישט פאַרדינט זייער ברויט פון האַנדל־וואַנדל. אויב עס איז אמת, אַז דער מנחם־מענדל טיפּ, דער האַלבער מעקלער און האַלבער שדכן, איז געווען אַרויסגענומען פונעם רעאַלן לעבן, איז נישט ווייניקער אמת, אַז אויך טוביה דער מילכיקער און יאַנקל דער שמיד זענען געווען אַ באַשטאַנדטייל פון דער ייִדישער באַפעלקערונג.

ייִדישע געלערנטע האָבן פאַר זיי אָפּגעגעבן פּלאַץ אין זייערע פאָרשונגען. מאַרק ווישניצער האָט געשריבן וועגן די ייִדישע צעכן — די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פון בעלי־מלאכות — אין פּוילן, ליטע און ווײַסרוסלאַנד. עמנואל רינגעלבלום האָט אין זײַנער אַן אָפּהאַנדלונג זיך אָפּגעשטעלט אויף די ייִדישע שנײַדער אין פּלאָצק. פּסח קאָן האָט באַהאַנדלט די ראַנגלענישן, וואָס עס האָבן אַדורכגעמאַכט די ייִדישע האַנטווערקער אין ווילנע. יעקב שאַצקי האָט אונטער־

געשטראָכן די ראָל פון בעלי־מלאכה אין וואוקס פון יידיש וואַרשע. מ׳קאָן אָנווייַזן אויף נאָכמער יידישע היסטאָריקער, וועלכע האָבן זיך אָפּגעגעבן צו דער דאָזיקער טעמע. אַפילו נישט־יידישע שרייַבער, ווען זיי האָבן אַרויסגעברענגט אין זייערע ווערק יידישע געשטאַלטן, האָבן נישט געקאָנט אויסמייַדן דעם יידישן אַרבעטער. דער עיקר באַמערקט זיך דאָס אין דער פּוילישער ליטעראַטור; די ליטעראַטור פון לאַנד, וואו עס זענען געווען קאָנצענטרירט געדיכטע יידישע מאַסן. אַן אייַנבינדער איז מענדל דאַנציקער, דער ייִד אין דער דערציילונג פון מאַריאַ קאָנאָפּניצקאַ. אַ וואַטע־מאַכער איז איציק אין ליד ״אל מלא רחמים״ פון וויקטאָר גאָמוליצקי, אַ בעל־עגלה איז יאָסקע אין זייַן נאָוועלע ״דער כאַלאַט״, אַ זייגערמאַכער איז בערקאַ אין דער דערציילונג פון עליזאַ אָזשעשקאָוואַ, שנייַדער זענען די ייִדן אין די שילדערונגען פון קלעמענס יונאָשאַ.

דאָס מאָל האָבן מיר בדעה אַרויפצוברענגען די יידישע וואַסערטרעגער. מען מוז וויסן, אַז אין דער וועלט, וואָס האָט עקזיסטירט, האָט מען פאַר לאַנגע צייַטן זיך נישט געקענט באַגיין אָן זיי; און זיי האָבן געהערט, אַזוי צו זאָגן, צום סאָציאַלן פּייזאַזש. אַפילו ווען אין די גרויסע שטעט איז שוין געווען לויפנדיק וואַסער אין די וואוינונגען, האָט מען אין די קליינע שטעטלעך, אויך אין הייַנטיקן יאָרהונדערט, נישט געוואוסט פון די מאָדערנע וואַסער־אייַנריכטונגען. אין יעדער וואוינונג איז דעריבער געשטאַנען אין קיך, בייַם אַרייַנגאַנג, אַ פעסל, און מען איז געווען אָנגעוויזן אויפן וואַסערטרעגער, אַז ער זאָל אָנפולן דאָס פעסל מיט וואַסער. אַ סאָנדע אויף די אַקסלען און מיט צוויי אַראָפּהענגענדיקע עמערס (אין געוויסע געגנטן פלעגט מען זאָגן ״קובליעס״) פוןביידע זייַטן, פלעגן די וואַסערטרעגער ברענגען דאָס וואַסער פון ברונעם, פון טייַך, צי גאָר פונעם פּלומפּ (וואָס מען האָט אויך גערופן ״קוועטשער״). צו ייִדן האָבן על־פּי־רוב געברענגט וואַסער יידישע וואַסערטרעגער. אַ גאַנצן טאָג, פון פרימאָרגן ביז שפּעט אין דער נאַכט, אין היצן און אין קעלטן, האָט מען זיי געקענט זען, שלעפּנדיק זיך מיט זייערע עמערס. אין דער נידערשלאָגנדיקער אָרעמקייט, וואָס האָט געהערשט, האָבן נישט געפעלט קיין בעלנים אויף דער דאָזיקער שווערער פּרנסה. צו אַנדערע אַרבעטן האָט מען געדאַרפט פאַרלייגן אַ וואַרשטאַט און זיך פאַרשאַפן מכשירים, אינסטרומענטן; און עס זענען געווען פאַכן, פאַר וועלכע עס האָט זיך געפאָדערט דאָס זייַן לאַנגע יאָרן אַ ״געזעל״, כּדי זיך זיי אויסצולערנען. בעלי־עגלות האָבן געמוזט האָבן פערד און וואָגן. דאַקעגן אויף צו זייַן אַ וואַסערטרעגער איז גענוג געווען אייַנצו־שאַפן זיך פאַר ביליק אַ סאָנדע און צוויי עמערס — און אַפּנעמער האָבן נישט געפעלט. יאָ, מ׳האָט אויך געדאַרפט האָבן ברייטע, געזונטע פּלייצעס. אָבער ווער האָט זיך געקענט פאַרגינען צו קלערן וועגן זייַן געזונט, ווען מען האָט געמוזט מפרנס זייַן אַ ווייַב מיט קינדער?

אין דער נייַער יידישער ליטעראַטור האָט זיך אויסגעגאָסן אַ סך ליכט אויפן

וואַסערטרעגער. אין דער קורצער דערציילונג "יוחנן דער וואַסערטרעגער" פון י. ל. פּרץ, וואָס הגם זי טראָגט אַײַך אַוועק אין דער ספּערע פון פאַנטאַסטישן געוועב, איז זי דאָך נישט אינגאַנצן אָפּגעריסן פון דער ערד, דערשײַנט דער דאָזיקער פּראָסטער ייִד ווי אַזאַ וואָס דערגרייכט אין ייִדישקייט צו די הויכע מדרגות, צו וועלכע עס זענען נישט מסוגל צו דערגיין צומאָל די לומדים און יחסנים. מיט די קאַפּיטלען תּהילים וואָס ער זאָגט אין רירנדיקער תּמימות דרינגט ער אַרײַן אין די פאַרבאָרגענישן, וואָס בלײַבן פאַר אַנדערע פאַרהוילן און פאַרשלאָסן. מעגן די ווערטער אַרויסקומען מיט גרײַזן, פליסן זיי מיט לעבן; גלײַך ווי עס וואָלט געווען אין זיי אַ נשמה... ווען יוחנן וואַסערטרעגער שטאַרבט, גייט דער רב צו זײַן לוויה. אַלע גייען, די דיינים, די תּלמידים פון דער ישיבה. ייִדן פאַרמאַכן די קלייטן און גייען צו דער לוויה. עס איז גראָד אַ ווינט און אַ גליטש, עס קילט אין אַלע אברים; אָבער קינד און קייט גיבן אָפּ כּבוד דעם וואַסערטרעגער און באַגלייטן אים צו זײַן אייביקער רו... אין אַן אַנדער דערציילונג פון י. ל. פּרץ — "דער כּעלעמער מלמד" — איז אַ וואַסערטרעגער איינער פון די זעקס און דרײַסיק צדיקים, די ל"ו צדיקים, וואָס אין זייער זכות שטייט די וועלט...

אַפילו דענקער און שרײַבער, וועלכע זענען געווען אַדורכגענומען מיט די טענדענצן פון דער השׂכּלה־באַוועגונג און בעסער אויסגעקליבן דאָס אַרויסברענגען די נעגאַטיווע דערשײַנונגען אין דער ייִדישער גאַס, זענען גאָר געווען אַנדערע מענטשן, ווען זיי האָבן זיך דערנענטערט צום וואַסערטרעגער. מען האָט דאָס געקענט באַמערקן בײַם רעפּרעזענטאַטיוון דיכטער פון דער השׂכּלה־אידעאָלאָגיע, יהודה־לייב גאָרדאָן (יל"ג). דער ייִדישער וואַסערטרעגער שטעלט צו, לויט אים, אַן אויסנאַם־בילד אין דער ראַם פון ייִדישן לעבן. אָט זענען זײַנע ווערטער: "געלע, פאַרוויאַנעטע פּנימער; דאַרע, אײַנגעפאַלענע באַקן, מענטשן־שאָטנס; אָבער אין זייערע אויגן איז אַנגעזונדן דאָס געטלעכע פײַער... זיי אַרבעטן שווער אַ גאַנצן טאָג; זיי שלעפּן באַרג־אַרויף די עמערס; אָבער אין זייערע געציילטע פרײַע מינוטן גייען זיי נישט אין קיין שענקען, נאָר זוכן גײַסטיקע שפּײַז און גײַסטיקן אָנהאַלט... וואַסער דערהויבן בילד!"...

מען קאָן סײַ אין דער העברעאישער ליטעראַטור, סײַ אין דער ייִדישער, געפינען ענלעכע אויסדרוקן פון באַגײַסטערונג. מען לייענט ענלעכע שורות אין דער אויטאָביאָגראַפיע פון זלמן שזר, דער דריטער פּרעזידענט פון מדינת ישראל, וואו עס איז די רייד וועגן דרײַ ברידער וואַסערטרעגער, אַן וועלכע עס איז זיך גאָרנישט געווען פאַרצושטעלן דאָס ייִדישע שטעטל אויפן שוועל פון הײַנטיקן יאָרהונדערט. מען שטויסט זיך אָן אויפן זעלבן צוגאַנג אין די שאַפונגען פון אפרים ליסיצקי, דער העברעאישער דיכטער פון די פאַראייניקטע שטאַטן, וועלכער איז אַגב — ווי ער אַליין דערציילט וועגן זיך — געווען דער זון פון אַ וואַסער־טרעגער.

אָבער פאַרן דור, וואָס האָט אין פאַרשניטענעם שטעטל נישט געלעבט און איז אויסגעשטעלט זיך צו שאַפן אַ באַגריף וועגן דער אונטערגעגאַנגענער וועלט דורך די ווײַט נישט־ריכטיקע שילדערונגען, וואָס ווערן אים אונטערגעטראָגן, קומט דאָס אַלץ אויס צו זײַן — איבערטרײַבונג, באַוואוסטזיניקער אָדער אונטער־באַוואוסטזיניקער ווילן צו אידעאַליזירן דאָס לעבן, וואָס איז געפלאָסן. קודם־כל — אַזוי זאָגט מען אײַך — זענען דאָך "דאָרט" אַלע ייִדן געווען קרעמער, הענדלער, לופט־מענטשן; און וואָס שײַך וואַסערטרעגער — פון וואָס און פון וועמען איז דאָ נתפעל צו ווערן? פון וועמען איז דאָ אַרײַנצופאַלן אין אַזאַ שטאַרקער באַגײַסטע־רונג? פון פּראָסטע, רויע, מגושמדיקע, עם־האַרצישע וואַסערטרעגער?

איך האָב זיך אָנגעטראָפן אין אַרכיוו פון דער נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק אין ירושלים אויף אַ געשריבענעם פּנקס פון וואַסערטרעגער. אין די שטעט און שטעטלעך פון מזרח־אייראָפּע פלעגן קהילות אָדער חברות פאַרשרײַבן אין אַ העפט באַריכטן פון זייערע טעטיקייטן, און אויך די באַשלוסן, וואָס זיי האָבן אָנגענומען, און די אָנווײַזונגען, וואָס זיי האָבן געגעבן פאַר זייערע מיטגלידער. דעם העפט פלעגן זיי אָנרופן פּנקס; און די באַשלוסן האָבן זיי באַצייכנט ווי תּקנות. דער פּנקס, וועגן וועלכן עס איז די רייד, איז געשריבן געוואָרן אין מינסק, אין פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט. ער נעמט אַרום אַ פּעריאָד פון אומגעפער פערציק יאָר; די יאָרן 1867־1829. ער איז געשריבן אין העברעאיש, די געוויינלעכע שפּראַך פון די פּנקסים, אָדורכגעפלאָכטן מיט ווערטער און אויסדרוקן פון ייִדיש און אָפּטמאָל אין אַ סטיל פון ייִדיש. אַ געדונגענער שרײַבער, מיט אַ קלאָרער האַנטשריפט, האָט פאַרצייכנט די זאַכן אין פּנקס. פאַרשטייט זיך, אַז די קהילה האָט געדאַרפט באַשטעטיקן די עקזיסטענץ פון דער חברה. סתּם אַזוי גרינדן אַ חברה, אָן דער צושטימונג פון דער קהילה, איז נישט מעגלעך געווען.

מען קאָן זיך דערוויסן פון די דאָזיקע פאַרשריבענע בלעטלעך, ווי אַן אַרײַנפיר, צוליב וואָס און מיט וואָסערע צוועקן די חברה איז אַנטשטאַנען. מינסק איז צו יענער צײַט געווען אַ קהילה פון אַ דרײַצן טויזנט ייִדן. עס האָבן דאָרט עקזיסטירט חברות פון פאַרשידענע בעלי־מלאכות. וואַסערטרעגער זענען געווען אַ סך. איז אין זיי אויפגעגאַנגען דער געדאַנק אויך צו האָבן אַ חברה. מען דאַרף זיך העלפן איינער דעם צווייטן אין אַ נויט; און דער עיקר אין פאַל פון אַ קראַנקייט. די תּקנות ריידן קלאָר, וואָסער חוב עס ליגט אויף די מיטגלידער. ווען איינער פון זיי ווערט קראַנק, דאַרף מען דאָס גלײַך לאָזן וויסן דעם גבאי פון דער חברה און מען דאַרף גיין מבקר זײַן דעם חולה און העלפן, מיט וואָס מען קען נאָר. אין די נעכט קען מען דעם קראַנקן נישט לאָזן אַליין. צוויי וואַסערטרעגער מוזן זײַן וואַך אַרום בעט פון דעם שלאָפן חבר, און אַ רשימה ווערט אויסגעאַרבעט פון די, וואָס דאַרפן דערפילן זייער פליכט יעדע נאַכט. מען מוז זיך אויך צונויפקומען און זאָגן

תּהילים, אַז דער חולה זאָל האָבן אַ רפואה שלימה. שטאַרבט, חס־ושלום, אַוועק דער קראַנקער, מוזן אַלע גיין צו דער לוויה. דורך די שלושים מוז מען דאַוונען אין הויז פון די אבלים. איז נישט פאַרבליבן עמעצער צו זאָגן קדיש נאָך אַ פאַרשטאָרבענעם, דאַרפן די וואַסערטרעגער זיך אונטערנעמען דאָס צו טאָן. מען קען אויך נישט לאָזן אויף הפקר די אלמנה און די יתומים, נאָר זיי העלפן מיט וואָס עס איז מעגלעך. פאַרשטייט זיך, אַז וואָסער דאַרף מען צו זיי טראָגן, נישט געמענדיק באַצאָלט. וואַסערטרעגער זענען ווי איין משפּחה, און מען דאַרף זאָרגן איינער פאַר דעם אַנדערן און זיך העלפן קעגנזײַטיק. געפינט זיך איינער, וואָס טוט נישט דאָס וואָס די תּקנות פאָדערן בײַ אים, מוז ער באַצאָלן שטראָף. ״קנס״ איז דער אויסדרוק, וואָס דער פּנקס באַנוצט, ווען עס קומט צו שטראָף.

די חברה האָט נאָך שטרעבונגען און צילן. מען דאַרף האָבן אַן אייגענע שטוב, וואו זיך צונויפצוקומען, דאַווענען צוזאַמען, לערנען צוזאַמען, זיך אויסשמועסן. פון פּנקס דערוויסט מען זיך, אַז צוערשט האָבן די וואַסערטרעגער געדונגען אַ דירה. מען האָט אויפגעמאַנט אַ וועכנטלעכן אָפּצאָל בײַ די מיטגלידער — ווי אַ ״וואָכער״ האָט מען דעם אָפּצאָל באַצייכנט — און געצאָלט דאָס דירה־געלט. דאָרט האָט מען אָפּגעהאַלטן מנינים שבת און יום־טוב, און אויך אין די וואָכן־טעג. מיט דער צײַט האָט מען געבויט פאַר זיך אַ הײַזקע. די הײַזקע פון די וואַסער־טרעגער. דאָס שולכל פון די וואַסערטרעגער. איין ספר־תּורה האָט מען געקויפט, און די צווייטע האָט מען געלאָזט שרײַבן בײַ אַ סופר. די אָרעמע וואַסערטרעגער האָבן זיך צונויפגעלייגט און מעגלעך געמאַכט צו דעקן אַלע הוצאות. און וואָסער גרויסאַרטיקע שמחה איז געווען דאָס אַרײַנפירן די ספר־תּורה אין אייגענעם שולכל! ווי אַנגעקוואָלן עס האָט דאָס האַרץ פון די וואַסערטרעגער און בײַ זייער הויזגעזינט!

מען האָט אויך אויפגענומען אַ מגיד פאַר דער חברה, אַז ער זאָל לערנען מיטן עולם אין די אָוונטן און האַלטן אַ דרשה שבת פאַר מנחה. צו דעם האָט מען געמוזט האָבן ספרים. טאָ איז וואָס? האָט מען זיך ווידער אַלע צונויפגעלייגט, אָפּגעשפּאָרט דעם ביסן פון מויל און אויסער סידורים און תּהילימלעך, האָט מען אײַנגעקויפט חומשים, משניות, גמרות... אין די תּקנות האָט מען אָפּגעגעבן אָרט פאַר דער מאָראַלישער אויפפירונג פון די מיטגלידער פון דער חברה. אַ וואַסערטרעגער טאָר נישט שפּילן אין קאָרטן. ברעכט אַמאָל אויס אַ סכסוך צווישן וואַסערטרעגער, דאַרף מען גיין צו אַ דין־תּורה און נישט אָפּקומען די יאָרן מיט אַרומקריגן זיך. איז מען אומצופרידן מיט איינעם פון די באַלעבאַטים, צו וועמען מען האָט געטראָגן וואָסער, קען מען נישט סתּם אַזוי אָפּשטעלן דאָס ברענגען אים וואָסער. אַזעלכע זאַכן טאָר מען נישט טאָן. מען מוז פירן דעם ענין צו אַן אויסגלײַך. וואַסערטרעגער, ייִדישע וואַסערטרעגער, דאַרפן האָבן גוטע מידות...

נישט אַלע וואַסערטרעגער האָבן זיך געקענט אונטערשרײַבן. לויט דער

טראַדיציאָנעלער דערציאונג פון ייִדישע קינדער אין יענע צײַטן, האָט מען אין חדר נישט געלערנט שרײַבן. מען האָט געלערנט לייענען, דאַווענען, חומש, רש״י, גמרא, אָבער שרײַבן איז נישט געווען קיין קעגנשטאַנד. שרײַבן האָט מען זיך אויסגעלערנט בײַ חברים, אָדער בײַ ספּעציעלע לערער, לערערקעס און מלמדים. נישט אַלע טאַטע־מאַמעס האָבן זיך דערויף געקענט פּאַרגינען. טרעפט טאַקע אין פּנקס, אַז אַפילו מיטגלידער, וואָס זענען אויסגעקליבן געוואָרן אַרײַנצוגיין אין דער פּאַרוואַלטונג פון דער חברה — אין וועד — זענען נישט געווען מסוגל אונטערצו־שרײַבן זייער נאָמען אויף אַ תּקנה. אין אַזאַ פאַל האָט דער פּנקס־שרײַבער צוגעגעבן די באַמערקונג: ״במס״ק״ — אַ פאַרקירצונג פון די ווערטער: במסירת קולמוס. דאָס מיינט צו זאָגן: אָט־דער וועד־מיטגליד האָט מיר איבערגעגעבן די פּעדער, אַז איך זאָל אונטערשרײַבן פאַר זײַנעטוועגן... ווי דערמאָנט, איז די שוועריקייט געווען בלויז מיט שרײַבן, וואָרום לייענען, דאַוונען, האָבן אַלע געקענט. בלויז זעלטענע אויסנאַמען איז געווען מעגלעך צו באַגעגענען, און דאָס דער עיקר צווישן די ייִדן אין די דערפער — די ישובניקעס — וואָס האָבן קיינמאָל נישט געהאַט די מעגלעכקייטן צו לערנען אין אַ חדר. צווישן די וואַסערטרעגער זענען אַפילו געווען בעלי־קוראס, און די חברה האָט נישט געדאַרפט אָנקומען צו מענטשן פון דרויסן, אַז זיי זאָלן פאַר זיי לייענען אין דער תּורה.

אַגב, אַלע יאָר חול־המועד פּסח זענען פאַרגעקומען וואַלן אין דער חברה און מען האָט אויסגעקליבן אַ נײַע פאַרוואַלטונג. דער געזונטער פּראָסטער שׂכל האָט דיקטירט די וואַסערטרעגער, אַז עס טויג נישט צו לאַנג צו האָבן צו טאָן מיט די זעלבע דעה־זאָגער.

פון דער אָפּשאַצונג, וואָס די קהילה האָט געגעבן וועגן דער חברה — הײַנט וואָלט מען געזאָגט: באַגריסונג — און וואָס איז אַרײַנגעגאַנגען אין פּנקס, קען מען זען, ווי שטאַרק אײַנגעגלידערט די וואַסערטרעגער־חברה איז געווען אין ייִדישן לעבן און וואָסער חשיבות מען האָט איר צוגעטיילט. עס זאָגט זיך דאָרט: ״עס זענען צו אונז צוגעגאַנגען אייניקע מענטשן און זיי האָבן געהאַט אין זייער האַנט אַ פּנקס, און זיי רופן זיך וואַסערטרעגער, און זיי האָבן צווישן זיך צונויפגעזאַמלט וואַכערס, און געקויפט אַ ספר־תּורה, און אײַנגעקויפט חומשים און אַנדערע ספרים, און געפונען פאַר זיך אַ דירה, און זיי קומען זיך צונויף שבת און יום־טוב, און זיי האָבן אַ מנין — האָבן מיר זיך צו זיי געוואָנדן און געזאָגט: לאָמיר זײַן געוואָרנט מיט די אָרעמעלײַט, וואָרום דורך זיי היט זיך אויף ייִדישקייט (הזהרו בבני עניים, שמהם תצא תורה)״...

נישט בלויז אין מינסק האָט עקזיסטירט אַזאַ חברה, און נישט בלויז דאָרט האָבן געלעבט אַזעלכע וואַסערטרעגער. חברות האָבן זיך געגרינדעט אויך אין אַנדערע גרויסע קהילות, און וואַסערטרעגער זענען געווען אין די שטעט און

שטעטלעך, וואו ייִדן האָבן געוואוינט. מען האָט זיי געקענט אומעטום באַגעגענען, מיט דער סאָנדע אויף די אַקסלען, מיט די צווייַ אַראָפּהענגענדיקע עמערס וואַסער פוןביידע זייַטן. מען האָט זיי געקענט זען אין די וואָכן־טעג, פאַרהאָרעוועטע, אַדורכגענעצטע, פאַרשוויצטע, און מען האָט זיך אויף זיי אָנגעטראָפן אין די שבת־פאַרנאַכטן אין בית־המדרש, צוביסלעך אויפגעפרישטע, טיף־פאַרדבקהטע, זאָגנדיק אַ קאַפּיטל תּהילים אָדער אייַנהאָרכנדיק זיך אין דער דרשה, וואָס דער מגיד האָט געהאַלטן. איך געדענק זיי פון מייַן געבוירן־שטעטל זשיראַרדאָוו (זשערדאָוו, ווי ייִדן פלעגן זאָגן). איך געדענק דעם וואַסערטרעגער שלום טוביה, זייַן פאַר־קנייטשט פּנים, זייַנע אייַנגעהויקערטע פּלייצע, זייַן הייַזעריקע שטימע, ווי ער פלעגט זיך אייַנבויגן, אַרייַנצוגיסן די עמערס וואַסער אין פעסל, וואָס איז געשטאַנען בייַ אונז אין קיך, בייַ דער טיר. זין פון דער ייִדישער אָרעמקייט וועלכע זענען אויך אונטער די שווערע, אָראָפּנידעריקנדיקע, צודריקנדיקע לאַסטן פאַרבליבן צוגעבונדן און געטרייַ צו די דערהויבנדיקע ווערטן.

מיטן לויף פון די יאָרן, האָבן זיך געענדערט די פאַרהעלטענישן פאַר די וואַסערטרעגער. אין די גרויסע שטעט איז אייַנגעפירט געוואָרן דער סיסטעם פון לויפנדיק וואַסער; און אין די קליינע שטעטלעך האָבן אַלץ אין אַ גרעסערער צאָל זיך באַוויזן דירות מיט מאָדערנע וואַסער־אייַנריכטונגען. אויך די פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן האָבן פאַרטראָטן די חברות פון אַמאָל. אָבער אַפילו אין דער פאַר־שידענער פאַנאָראַמע זענען — הגם אין אַ קלענערער צאָל — די וואַסערטרעגער געווען אַ טייל פון דער ייִדישער לאַנדשאַפט, ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. בייַ אַ געענדערטן לעבנס־שטייגער, האָבן זיי געצויגן זייער תּמימות פון די פריערדיקע צייַטן, זייער וואָרעמע זאָרג אייגענער פאַרן אַנדערן. עס האָט אָנגעהאַלטן אין זיי דער באַוואוסטזייַן, אַז נישט אויף ברויט אַליין לעבט דער מענטש; נישט אויף ברויט אַליין און נישט אויף וואַסער אַליין, נאָר אויך גייַסטיקע דערהויבונג איז וויכטיק, איז נויטיק, און אַז ערשט דורך איר ווערט זיס די ביטערע האָרעוואַניע.

וואַסערע מערקווירדיקע וואַסערטרעגער האָבן געלעבט אויף דער ייִדישער גאַס אין מזרח־אייראָפּע!

עס איז ווייַט נישט איבערגעטריבן צו באַשטימען, אַז אין קיין שום ווינקל פון דער ערד איז נישט מעגלעך געווען צו באַגעגענען אַט אַזעלכע וואַסערטרעגער.

# דאָרט וואו דאָס בוך איז געווען אַ טײַער פּאַרמעגן

עס איז אמת, אַז די ליבשאַפט צום ספר, צום בוך, איז בײַ אונז אַרויסגעטראָטן ווי אַ נאַציאָנאַלע אייגנשאַפט, ממש זינט דעם באַגינען פון אונזער געשיכטע. נאָך אין דער צײַט, ווען דאָס בוך האָט נישט עקזיסטירט אין דער פאָרם, וואָס איז אָנגענומען און באַקאַנט הײַנט־צו־טאָג; לאַנג איידער מען האָט געוואוסט פון פּאַפּיר און איידער עס איז דערפונדן געוואָרן די דרוק, און מען האָט געשריבן אויף פּאַפּירוסן אָדער אויף פּאַרמעטן, האָט מען צווישן ייִדן אָפּגעשאַצט די וויכטיקייט פון געשריבענעם וואָרט. דער נאָמען "עם הספר" — דאָס פאָלק פון דער שריפט — וואָס דער מוסולמענישער קאָראַן האָט אונז געגעבן, און וואָס איז בעצם אַרויפגעגאַנגען אויפן תנ"ך, האָט אָפּגעשפּיגלט אַ פּיל ברייטערעווירקלעכקייט. מיט רעכט איז די באַצייכענונג אָנגעוואָנדן געוואָרן לגבי דער חשיבות, וואָס מען האָט בײַ אונז צוגעטיילט דעם ספר בכלל. מען איז דעריבער בײַ אונז אַריבערגעגאַנגען אַ סך לייכטער און גיכער, ווי בײַ אַנדערע פעלקער, פון דער מינדלעכער פאָלקס־טראַדיציע צו דער געשריבענער ליטעראַטור און דעם געשריבענעם געזעץ. מען האָט פאַרשטאַנען, אַז פון אַלע דענקמעלער איז דער סאַמע־דויערהאַפטיקסטער דער דענקמאָל פון געשריבענעם וואָרט; וואָרום נאָר דורך אים קען זיך אײַנשטעלן דער גײַסטיקער קלימאַט, וואָס איז נויטיק פאַרן וואוקס פון דער קולטור, און איז מסוגל צו דערפירן דערצו, אַז אַלע שיכטן פון פאָלק זאָלן אַרײַנגעצויגן ווערן אין קרײַז פון דער ייִדישער לערע און פון אירע מאָראַלישע פּרינציפּן.

מען קען זיך קוים שאַפן אַ באַגריף, מיט וואָסערע שוועריקייטן עס איז געווען פאַרבונדן אין די ווײַטע צײַטן דאָס "אַרויסגעבן" אַ ספר און פאַרשאַפן זיך אַ ספר. דאָס "מאַטעריאַל", די פּאַרמעטן, זענען געווען שרעקלעך טײַער; ערשט דאָס שרײַבן, דאָס איבערשרײַבן, דאָס מאַכן קאָפּיעס. אויסער דעם, וואָס מען האָט די איבערשרײַבער — דער עיקר די געניטע איבערשרײַבער — געדאַרפט גוט באַצאָלן, איז געווען שווער זיי צו געפינען. אין דער סיטואַציע, אין וועלכע ייִדן האָבן געלעבט, זענען די שוועריקייטן געווען פילפאַכיקע. זינט די גאָר־פריִע תקופות האָט אונזער פאָלק אַדורכגעמאַכט וואַנדערונגען; אויך גירושים זענען

פּריצייטיק געוואָרן אַ טייל פון דער ייִדישער כראָניק; און שלעפּן זיך אויף די וואַנדער־שליאַכן מיט פּאַרמעטן האָט נאָך געמאַכט מער קאָמפּליצירט די אַזוי אויך גענוג קאָמפּליצירטע וואָגל־פּראָבלעמען. אָפּטמאָל האָבן זיי פּשוט נישט דערמעג־לעכט זיך איינצושאַפן ספרים. דאָך איז צו אַלע שטריכן, וועלכע זענען געווען אייגנטימלעך פאַר אונזער פאָלק זינט זיין בראשית, צוגעקומען דער עקשנותדיקער ווילן, וואָס איז געברענגט געוואָרן צום אויסדרוק אין יענעם קורצן און קלאָרן באַפעל פון חומש: ״פאַרשרייב דאָס צום אָנדענק אין ספר!״ (״כתוב זאת זכרון בספר״, שמות יז, יד).

ביי אַלע דראַמאַטישע ענדערונגען, וואָס זענען אַריינגעטראָטן מיטן לויף פון די תּקופות אין דער אַנטוויקלונג פון דער מענטשלעכער ציוויליזאַציע, איז גראָד אין פּרט פון בוך די עוואָלוציע געווען אַ פאַמעלעכע. לאַנגע צייטן איז אַ ספר אין דער אמתן געווען אַ מגילה, דאָס הייסט אַ פּאַרמעט אָדער אַ פּאַפּירוס. לאַנגע צייטן האָט מען זיך געראַנגלט, ווי אַזוי אַריבערצוגיין פון קריצן אויף שטיינער צום לייזן דאָס פּראָבלעם פון שרייב־מאַטעריאַל און שרייב־אינסטרומענטן. נישט קיין וואונדער, אַז ביי אַ רײַ פעלקער איז צוליב דעם אָפּגעשוואַכט געוואָרן דער ווילן זיך צו פאַרוויקלען אין די דאָזיקע האַרבע ענייִנים. ייִדן אָבער האָבן מיט שטאָל־און־אייזערנער אַנטשלאָסנקייט נישט מסכּים געווען איבערצורייסן מיט דער טראַ־דיציע פון געשריבענעם וואָרט. געווען אַ תּקופה אין די שפּעטע תּנ״ך־צייטן, וואָס ווערט באַצייכנט ווי דער פּעריאָד פון די סופרים, וואָס אין אַ גענויער איבער־זעצונג מיינט דאָס צו זאָגן: פּעריאָד פון די איבערשרייבער. פון תּלמוד קען מען אַרויסלייענען די געוואַלטיקע פאַרערונג פאַרן ספר און פאַר די, וואָס שרייבן אָדער שרייבן־איבער ספרים, און אויך פאַר יענע, וואָס שטרענגען זיך אָן צו פאַרשאַפן זיך ספרים. אין איינעם אַן אַנוויז פון דער תּלמודישער ליטעראַטור, און פון די ווערק, וואָס שטיצן זיך אויפן תּלמוד, ווערט געזאָגט, אַז דרײַ זאַכן דאַרף אַ מענטש זיך באַמיִען צו דערגרייכן: פאַרשאַפן זיך אַ פעלד (אין יענער צײַט האָבן ייִדן על־פּי רוב זיך באַשעפטיקט מיט ערד־אַרבעט), פאַרשאַפן זיך אַ פרײַנד, און פאַרשאַפן זיך אַ ספר; און גענוי ווי מען דאַרף וויסן, ווי אַזוי זיך אומצוגיין מיט אַ פעלד און אַ פרײַנד, מוז מען וויסן ווי אַזוי זיך אומצוגיין מיט אַ ספר. אָט למשל: מען דאַרף אַ ספר שוינען, האַלטן ריין, נישט וואַרפן און שליידערן פון אָרט צו אָרט (מסכת סופרים ג, יב; רב האי גאון — מוסר השׂכל).

מען האָט גלײַך, אין אויפגאַנג פון אונזער ייִדישער געשיכטע, געהאַלטן, אַז אַ בוך, אַ ספר, זענען אַ פאַרמעגן, און מען דאַרף זיי באַהאַנדלען ווי אַ טייל פון פאַרמעגן, וואָס מען פאַרמאָגט, אָדער מען שטרעבט צו פאַרמאָגן...

גאָר שטאַרק איז אויסגעוואַקסן די ראָל פון ספר אין גאָלדענעם פּעריאָד פון ייִדישן קיבוץ אין שפּאַניע. דער דיפּלאָמאַט און געלערנטער חסדאי איבן שאַפּרוט,

וועלכער האָט געלעבט מיט אַ טויזנט יאָר צוריק, איז אויך געשעצט געוואָרן צוליב דעם, ווײַל ער האָט פֿאַרמאָגט אַ ביבליאָטעק, וואָס איז דעמאָלט געווען פֿאַררעכנט צו די גרעסטע אין דער וועלט. פֿון ווײַטע מקומות איז מען געקומען כּדי צו כאַפּן אַ בליק אין די פֿאַרמעטן, וואָס האָבן זיך דאָרט געפֿונען. אינטעלעקטואַלן און וויסנשאַפֿטלײַט האָבן טאַקע באַגערט אַזוי אַרום צו באַרײַכערן זייער וויסן. מען האָט עולה־רגל געווען צו דער וואוינונג פֿון איבן שאַפּרוט אין קאָרדאָבאַ. ווער אַלץ האָט זיך נישט געגריבלט אין די מאַנוסקריפּטן, וואָס ער האָט אָנגעזאַמלט! צו וואָסערע וויסנשאַפֿטן איז דאָרט נישט געלייגט געוואָרן דער יסוד! עס איז גאָרנישט אָפּצושאַצן דעם בײַטראָג, וואָס די דאָזיקע ביבליאָטעק האָט געבערענגט צום אויפֿבלי פֿון גאָלדענעם פּעריאָד. צו רום איז אויך דערגאַנגען די ביבליאָטעק פֿון אינטעלעקטואַל און דיפּלאָמאַט אין גראַנאַדאַ, ר׳ שמואל הנגיד.

מיט אַן ענלעכער דערשײַנונג טרעפֿן מיר זיך אָן אין דער נאָנטער פּראָוואַנס, אין דרום־פֿראַנקרײַך, וואָס האָט זיך דעמאָלט געפֿונען אין שפּאַנישן קולטור־קרײַז. דאָרט האָט דעראָבערט רום די ביבליאָטעק פֿון דער פֿאַמיליע איבן תּיבון. דורך עטלעכע דורות זענען פֿון אָט־דער משפּחה אַרויסגעקומען פֿאַרדינסטפֿולע לומדים און איבערזעצער. די ספֿרים, וואָס זיי האָבן אָנגעזאַמלט, זענען זיי נויטיק געווען פֿאַר זייער אינטעלעקטועלער טעטיקייט. די ספֿרים זענען אַרומגערינגלט געוואָרן מיט ליבשאַפֿט, מיט צערטלעכקייט.

באַקענט מען זיך מיט די צוואות, וואָס זענען פֿאַרבליבן נאָך די מיטגלידער פֿון דער דאָזיקער משפּחה, ווערט מען ממש גערירט פֿון דער ליבשאַפֿט און געטרײַשאַפֿט, מיט וועלכער מען האָט דאָרט געאָטעמט פֿאַרן בוך. פֿאָטער זאָגט־אָן צו זון, ווי אַזוי ער דאַרף באַהאַנדלען די ספֿרים, ווי אַזוי ער דאַרף זיי אָפּהיטן, אַז עס זאָל אין זיי נישט אַרײַנפֿאַלן קיין שאָדן, אַז זיי זאָלן, חלילה, נישט "לײַדן" פֿון פֿײַכטקייט, און אויך — אַז זיי זאָלן נישט גיין פֿאַרלוירן. באָרגט מען אַמאָל עמעצן אַ ספֿר, מוז מען געדענקען צו פֿאַרשרײַבן גענוי אַלע פּרטים, און חס־ושלום נישט פֿאַרגעסן צוריקצונעמען דעם ספֿר. ביכער דאַרף מען טראָגן נישט בלויז אין זכּרון, נאָר אויך אין האַרץ. זיי זענען וועגווײַזער און פֿרײַנד; זיי ברענגען פֿאַרגעניגן און פֿריִיד; זיי זענען ווי די גערטנער. נאָכמער: זיי זענען די שענסטע רויזן פֿון די גערטנער...

מען האָט, לויטן נוסח פֿון יענע צײַטן, געפֿילט זיכערער אין אַן איבערצייגונג, ווען מען האָט זי געקענט אָנשפּאַרן אויף אַ פּסוק אין תּנ"ך. האָט מען די ווערטער פֿון תּהילים, אין וועלכע עס איז די רייד וועגן דעם רײַכטום און פֿאַרמעגן, וואָס אַ מענטש קען אָנקלײַבן אין זײַן הויז ("הון ועושר בביתו", תּהילים קיב, ג) אויס־געטײַטשט, אַז זיי באַציען זיך צו ספֿרים, מאַנוסקריפּטן, פֿאַרמעטן. וואָרום צי איז דען פֿאַראַן אַ גרעסערער רײַכטום, און אַ וויכטיקער פֿאַרמעגן, ווי — דאָס בוך?...

מען דאַרף דעריבער נישט זאָגן, אַז ערשט מיטן אויפֿקום פֿון דעם אַשכּנזישן ייִדנטום האָט זיך אַנטוויקלט צווישן ייִדן די זאָרג און ליבשאַפֿט צום ספֿר. ווי געזאָגט: די פֿאַרערונג צום ספֿר איז אַלט ווי עס איז אונזער פֿאָלק. און דאָך לאָזט זיך נישט פֿאַרלייקענען, אַז מיט דעם אויפֿקום פֿון ייִדיש־אַשכּנזישן קיבוץ, איז די פֿאַרערונג צום בוך געוואָרן אַ פֿאָלקס־ענײן. נישט בלויז אינטעלעקטואַלן און געלערנטע, נישט בלויז שרײַבער און איבערשרײַבער; דאָס גאַנצע פֿאָלק האָט געדאַרפֿט אַדורכגענומען ווערן מיט דער אַחריות פֿאַר דער פֿאַרשפּרייטונג פֿון ספֿר, און אָפּשאַצן זײַן באַטײַט אין לעבן פֿון פֿאָלק, אין זײַן קיום.

גלײַך ווי עס האָט זיך אָנגעהויבן אַרויסשיילן דער אַשכּנזיש־ייִדישער קיבוץ, אויף די ברעגן פֿון רהײַן, איז דערשינען די נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע זאָרג פֿאַרן אָרט, וואָס דאָס בוך מוז פֿאַרנעמען אין דער געזעלשאַפֿט, אין אַלע אירע שיכטן. דאָס ספֿר, וואָס האָט אויסגעפֿורעמט דאָס אַשכּנזישע ייִדנטום איז דער "ספֿר חסידים". עס איז דאָס ווערק פֿון אייניקע דורות דענקער, וואָס זענען געווען אַדורכגעדרונגען מיט דערהויבענע עטישע אידעאַלן. און אָט אין דעם מאָראַלישן און סאָציאַלן קאָדעקס, וואָס איז דאָרט אויסגעבויט געוואָרן, ווערט אָנגעצייכנט אַן אָנגעזען אָרט פֿאַר דער באַציאונג, וואָס דער כּלל ייִדן, און דער ייִדישער יחיד, מוזן אַרויסווײַזן צום ספֿר.

דער "ספֿר חסידים" — דאָס ערשטע גרויסע ווערק פֿון אַשכּנזישן ייִדנטום — האָט אַרײַנגעטראָגן אַ סך ווערטן פֿון ערשטראַנגיקן באַטײַט אין דער ייִדישער עקזיסטענץ און מחשבֿה. אפֿשר דערפֿאַר איז נישט גענוג אונטערגעשטראָכן געוואָרן, וואָס דאָרט זאָגט זיך אויף וועגן ייִד און בוך. הגם אומגעפֿער אַכט הונדערט יאָר טיילן אונדז אָפּ זינט דער צײַט, ווען די קאַפּיטלען זענען געשריבן געוואָרן, פֿאַרבלײַבן זיי דאָך מאָנומענטאַלע אין דער געשיכטע פֿון דער ייִדישער גײַסטיקייט.

דאָרט זאָגט זיך, אַז מען דאַרף נישט — ממש מען טאָר נישט — קלאָגן זיך, אַז דער פּרײַז, וואָס מען באַצאָלט פֿאַר אַ ספֿר איז צו טײַער. וואָס הייסט טײַער, וואָס הייסט אַ הויכער פּרײַז?! וויפֿיל מען זאָל נישט באַצאָלן, איז דאָס אַ מציאה. וואָרום אַ ספֿר איז אַ יסוד... דאָס, וואָס ווערט אָנגעזאָגט אין פּרקי אָבֿות — דאָס פּאָפּולערע עטישע ווערק פֿון דער תּלמודישער ליטעראַטור — אַז מען מוז פֿאַר זיך "קויפֿן" אַ חבֿר (וקנה לך חבֿר, פּרקי אָבֿות א, ו), און וואָס האָט אַרויסגערופֿן די פֿאַרשידנסטע אויסטײַטשונגען, באַקומט אַ גאָר איינפֿאַכע דערקלערונג: קויף זיך אײַן ספֿרים! דאָס ספֿר איז דער בעסטער חבֿר. פֿאַרקויף אַנדערע זאַכן, וואָס דו האָסט אין דײַן באַזיץ, און קויף זיך אײַן ספֿרים..

ווײַטער ווערט דאָרט אָנגעזאָגט: צווישן די מעבל, וואָס מען שטעלט אַרײַן אין אַ דירה, דאַרף זיך געפֿינען אַ ספֿרים־שאַנק. אויב עס מאַכט זיך און דער מאַן פֿאַרשטייט נישט די וויכטיקייט פֿון פֿאַרשאַפֿן זיך ספֿרים, אָדער ער איז סתּם אַ קאַרגער, ליגט אַ חובֿ אויף דער פֿרוי צו צווינגען אים מיט אַלע מיטלען און

אַנווענדן איר השפּעה, אַז ער זאָל אײַנקויפן ספרים. עס ווערן אָנגעגעבן בײַשפּילן ווי פרויען האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון קויפן קליידער און גלײַכער אויסגעגעבן אויף ספרים. דער וואָס זאָגט זיך אָפּ פון אײַנשאַפן זיך ספרים, איז אַ נידעריקער כאַראַק־טער. מען דאַרף אויף פאַרשידענע אופנים אַרויסווײַזן אַ וואַרעמע באַציאונג צום בוך. אויב צוויי מענטשן גייען און איינער טראָגט אַ ספר, מוז מען פריער לאָזן אַדורכגיין — אַרײַנגיין אָדער אַרויסגיין — דעם מענטש, וואָס טראָגט דעם ספר... אויב איינער איז אין אַ געדריקטן מצב און ער איז נעבעך געצוואונגען צו פאַרקויפן וואָס ער פאַרמאָגט, זאָל ער צוערשט פאַרקויפן זײַן הויז, זײַן מעבל, זײַן צירונג, און ערשט צום סוף זײַנע ספרים, ווען דער שטריק דריקט אים שוין צו דעם האַלז. קויפן ספרים איז אַ מצווה, און פאַרקויפן זיי איז אַן עבירה. קומט אַ פאַרפלייצונג, ברעכט אויס אַ שׂריפה — דאָס ערשטע, צווישן די זאַכן וואָס מען פאַרמאָגט, דאַרף מען אַרויסראַטעווען די ספרים...

אַט־דאָס פונדאַמענטאַלע ווערק פון אויפגייענדיקן אַשכנזישן ייִדנטום גיט זיך אָפּ אַ חשבון דערפון, אַז כּסדר זענען די פרייזן פון ספרים טײַער און אַז נישט יעדער איינער איז, בײַ זײַן בעסטן ווילן, בכוח צו קויפן אַ ספר. ליגט דערפאַר דער חוב אויף ייִדן צו באָרגן איינער דעם אַנדערן. אַפילו ווען מען איז מיט עמעצן ברוגז, טאָר מען נישט אָפּזאָגן זיך פון באָרגן אים אַ ספר. עס איז אַ מוראדיקע זינד נישט אויסצובאָרגן עמעצן אַ ספר!

אויף אַ סך פּרעכטיקע שטעלעס קען מען זיך אָנטרעפן אין דאָזיקן מיטל־אַלטערלעכן גײַסטיקן פּראָדוקט פון אויפשפּראָצנדיקן אַשכנזישן ישוב; שטעלעס, וואו עס איז די רייד וועגן מענטשלעכער אויפפירונג און צונויפלעבן; די אויפ־מערקשאַפט וואָס ווערט דאָרט אָוועקגעגעבן פאַרן כּלל "אַ ספר איז אַ נויטווענדיקייט אין דײַן עקזיסטענץ", באַווײַזט, מיט וואָסער גײַסטיקער דאָרשט דער אַשכנזישער קיבוץ האָט זיך אַרומגעטראָגן שוין דעמאָלט, ווען ער האָט זיך אויסגעבויט אויף די ברעגן פון רהײַן...

אָבער דאָס, וואָס מיר באַגעגענען אין דער פונאַנדערוואוקס־תּקופה פון מזרח־אייראָפּעאישן ייִדנטום, לאָזט זיך גאָרנישט באַצייכענען אַנדערש ווי — פאַר־בליפנדיק. נישט בלויז אין דער געשיכטע פון אַנדערע ייִדישע ישובים איז אומ־מעגלעך צו געפינען אַן ענלעכע צונויפגעבונדנקייט פון מענטש און בוך; אויך אין דער וועלט־געשיכטע שטייט אַט־דער צונויפקניפּ אייגנציק און אַליין.

זיכער דאַרף מען אַ סך פון אַט־דער דערשײַנונג דערקלערן מיטן דערפינדן פון דרוק, וואָס פאַלט זיך צונויף מיט דעם אויסוואוקס פון מזרח־אייראָפּעאישן ייִדישן קיבוץ. אָבער דער אמת איז, אַז הגם עס איז טאַקע לײַכטער געוואָרן צו באַקומען ביכער, זענען זיי נאָך אַלץ געווען טײַער. בײַ אַנדערע פעלקער, און אויך אין אַנדערע ייִדישע ישובים, איז דאָס געווען אַן אָפּהאַלט. ייִדן אין מזרח־אייראָפּע

האָבן פאַרוואַנדלט זייער ליבשאַפט צום געדרוקטן וואָרט אין אַ באַשטאַנדטייל פון דער ייִדישער פּערזענלעכקייט.

צוזאַמען מיטן ברויט, וואָס מען פאַרשאַפט זיך, גייט די אַספּיראַציע צו האָבן אַ ספר. דאָס ספר ווערט אַן "אַרטיקל פון ערשטן געברויך". דער פאָלקס־מענטש הייבט אָן מיט אַ סידור, אַ חומש, אַ מחזור; די ייִדישע פרוי הייבט אָן מיט אַ תחינה, אַ סידור; דערנאָך קומען מער קאָמפּליצירטע באַגערן: דאָס טײַטש־חומש, עברי־טײַטש־דערקלערונגען, לייען־מאַטעריאַל פון פאַרצווײַגטן כאַראַקטער. נישט צו מאַטעריעלע גיטער שטרעבט דער דורכשניטלעכער פאָלקס־מענטש. נישט גאָלד און זילבער באַגערט מען צו פאַרמאָגן. נישט קיין צירונג, נאָר ספרים, ספרים. דאָס איז דער פאַרלאַנג פון יונגע און אַלטע, מענער און פרויען.

נישט דווקא יחידים יאָגן זיך נאָך דעם געדרוקטן וואָרט. די קהילות פאַרשטייען, אַז די דאָזיקע זאָרג ליגט אויפן קהילות־ראַט. דער צענטראַלער קהילות־ראַט פון פּוילן אָדער פון ליטע (די אינסטיטוציע, וואָס מיר קענען ווי וועד ארבע ארצות אָדער וועד חמש ארצות) איז פאַרטאָן נישט בלויז אין באַשיצן ייִדישע רעכט, פאַרטיידיקן ייִדישן כבוד, צונויפזאַמלען די שטײַערן פון ייִדן, ראַנגלען זיך פאַר אויפהאַלטן ייִדישע פּרנסות, אײַנשטילן מחלוקתן און אויסגלײַכן מיינונג־פאַרשידנקייטן, נאָר אויך — צושטעלן ספרים פאַר יענע ישובים, וואָס קענען דאָס אַליין נישט דערגרײַכן, און העלפן מחברים, אַז זיי זאָלן זײַן בכּוח אַרויסצוגעבן זייערע מאַנוסקריפּטן. אַ כּתב־יד, אַ מאַנוסקריפּט, וואָס ליגט בײַ אַ מחבר, ווײַל ער האָט נישט די מאַטעריעלע מיטלען אים אַרויסצוגעבן, לאָזט דעם קהילה־ראַט נישט רוען. עפּעס דאַרף געטאָן ווערן, כּדי דאָס ווערק זאָל דערשײַנען, און דער קהילה־ראַט טיילט־צו סובסידיעס. "נישט אויף ברויט אַליין לעבט דער מענטש" — חזרט איבער ייִדיש מזרח־אייראָפּע דעם פאַרצײַטישן זאָג מיט טיפער איבערצײַגונג.

אין אָט דער וואָרעמקייט, מיט וועלכע דאָס ספר ווערט אַרומגערינגלט, אַנטוויקלט זיך אויך דער סיסטעם פון פּרענומעראַנטן. דאָס באַדײַט, אַז נאָך איידער דאָס ווערק דערשײַנט, פאַרשרײַבט מען זיך אויפן ספר, און על־פּי רוב באַצאָלט מען פאַר אים; מען וואָרט נישט, ביז דאָס בוך וועט דערשײַנען. וואָרום פונוואַנען וועט דער מחבר נעמען געלט אויסצולייגן די אויסגאַבעס ? . . .

אָן עוולה ווערט געטאָן לגבי די פאָלקס־מענטשן, ווען מ׳באַהאַנדלט דעם וואונדערלעכן אויפבלי פון דער גײַסטיקער פּראָדוקציע אין ייִדיש מזרח־אייראָפּע, אויב מען ווערט נתפּעל בלויז פון דער שאַפונגס־קראַפט פון די מחברים. אָבער דאָס איז דאָך נישט אינגאַנצן גערעכט. נישט ווייניק קרעדיט פאַרדינט דער פאָלקס־מענטש, וועלכער איז געווען דער אָפּנעמער פון די שאַפונגען, דער לייענער, דער געברויכער. אַדאַנק זײַן דראַנג צו באַרײַכערן זיך — גײַסטיק און אויך מאַטעריעל דורך באַזיצן זיי — מיט די געשאַפענע חיבורים, איז ייִדיש מזרח־אייראָפּע אין משך פון לאַנגע יאָרהונדערטער געווען דער צענטער פון אַ תּפילה־ליטעראַטור,

פּירושים־ספרים, הלכה־ספרים, רבנישע חיבורים, חסידישע ליטעראַטור, און שפּעטער פון השׂכּלה־ביכער און פון דער מאָדערנער ייִדישער און העברעאישער ליטעראַטור.

דאָס ספר און דאָס בוך האָבן נישט געדאַרפט קלאָגן אין די ווינקלען אויף זייער פאַרלאָזטקייט און עלנט. זיי האָבן פאַרנומען אַ שטאַנד פון יחוס. מען האָט זיך מיט זיי געגרויסט. זיי האָבן אַרויסגענומען דעם ייִדישן מענטש פון דער וואָך; און אַריַינגעפירט אין דער ספערע פון גייַסט.

מען דאַרף זיך נישט וואונדערן, וואָס אָפטמאָל, אין אונזער געשיכטע, האָט די שׂנאה צו אונזער פאָלק אָנגענומען דעם אויסדרוק פון שׂנאה צום ייִדישן ספר. די יידן־פייַנט האָבן באַטראַכט דאָס ספר ווי די שוץ פון ייִדישן מענטש און פון זייַן גייַסט; און אין זייער ווילדן פאַרלאַנג אויסצוראָטן דאָס "פאָלק פון ספר", האָבן זיי זיך געוואָרפן קעגן ספר. עס האָבן דאָס געטאָן די שׂונאים אין מיטל־אַלטער, אין דער נייַער צייַט. די פּויפּסטן און די מאָנאַכן פון די מאָנאַסטירן האָבן נישט איין מאָל פאַרווערט יידן צו באַזיצן ספרים. אין נאַצי־דייַטשלאַנד זענען גלייַך נאָכדעם, ווי די נאַציס זענען געקומען צו דער מאַכט, געוואָרפן געוואָרן אין עפנטלעכע שייַטערהויפנס ייִדישע ביכער. מען האָט דאָס נאָך פריער געטאָן אין צייַטן פון רדיפות און שׂנאה־אויסברוכן אין די מזרח־אייראָפּעאישע לענדער. מען האָט ייִדן באַשטראָפט פאַר אויסבאַהאַלטן ספרים.

אַזוי זענען אין צייַטן פון פּאָגראָמען און פּייַן ייִדן געצוואונגען געווען צו פאַרטיידיקן נישט בלויז זייערע לעבנס, נאָר אויך זייערע ספרים.

אָבער ביז צו די לעצטע צייַטן איז אַזאַ פאַרבליבן דער "פּייזאַזש" פון ייִדישן מזרח־אייראָפּע; אין יעדן ייִדישן הויז זענען געווען ספרים, ביכער, פון פאַר־שידענעם כאַראַקטער. וואו, אין וועלכן ייִדישן ישוב, האָט מען געקענט געפינען אַ שטוב אָן אַ ספרים־שאַנק אָדער ספרים־שענקל? וואו זענען נישט געווען קיין סידור און חומש? און וואו — בייַ די נייַע "אויפגעקלערטע" דורות — האָט מען נישט געקענט געפינען קיין באַנד פון פּרץ און פון שלום־עליכם, אָדער אַן אויסגאַבע פון קלמן שולמאַן און אברהם מאַפּו?

עס איז נישט קיין צופאַל, וואָס דער זיידע פון דער ייִדישער ליטעראַטור, שלום־יעקב אַבראַמאָוויטש, האָט אויסגעקליבן פאַר זיך דעם פּסעוודאָנים "מענדעלע מוכר ספרים". פאַרקויפן ספרים איז געווען אַ פּאָפּולערע ייִדישע באַשעפטיקונג. מען פלעגט זיי פאַרקויפן אין סאַמע בית־המדרש; צווישן איין תּפילה און דער אַנדערער האָט מען זיך אייַנגעשאַפט ספרים. אויך פאַרלאַגן, וואָס האָבן אַרויס־געגעבן העברעאישע און ייִדישע ביכער, האָבן דערוואָרבן אַן אָרט פון פּרעסטיזש אין דער ייִדישער געזעלשאַפט. די פאַרלאַגן ראָם, אַחיאָסף, תּושיה, צענטראַל, קולטור־ליגע, קלעצקין, שטיבעל, פאַרנעמען פאַרדינסטפולע פּאָזיציעס אין וועג פון ייִדישער גייַסטיקייט.

אַ ספר, אַ בוך, זענען אין יענער וועלט, וואָס האָט עקזיסטירט נאָך מיט אייניקע צענדליק יאָר צוריק, געווען אַ טײַער פאַרמעגן. ביכער האָט מען נישט פאַררוקט אין אַ ווינקל אָדער אַוועקגעשטעלט אין אַ האַלב־פינסטערן קאָרידאָר. פאַר זיי האָט מען אַוועקגעגעבן די מזרח־וואַנט, דעם שענסטן פּלאַץ אין דער וואוינונג. זענען אין אַ צײַט פון אַנגסט ספרים אַרײַנגעפאַלן צו גוייִשע שׂונאים, האָט מען זיי אויסגעלייזט, אַפילו פאַר גרויסע סומעס געלט.

מען האָט זיך אָפּגעשפּאָרט דעם ביסן פון מויל און זיך אײַנגעשאַפט אַ בוך. מען האָט זיך נישט באַגנוגנט דערמיט, וואָס מען האָט עס געקענט אויסבאָרגן פון דער ביבליאָטעק; מען האָט עס דווקא געוואָלט פאַרמאָגן, באַזיצן, באַפרידיקן די אייגענע פערזענלעכקייט: ״דאָס בוך איז מײַן אייגנס״.

ווער עס האָט געלעבט צווישן מזרח־אייראָפּעאישע ייִדן ביז זייער לעצטע שעה האָט אויסגעשלאָגן, ווייסט, אַז אין זייער גרויסער, אין זייער איבערוויגנדיקער מערהייט, זענען פאַר זיי דאָס ספר און דאָס בוך געווען דאָס סאַמע טײַערסטע פאַרמעגן.

איז אַזוי שווער זיך אײַנצולעבן מיט דער איצטיקער ווירקלעכקייט, וואו דאָס אַלץ, וואָס איז דורך אונז אויבן אָנגעגעבן געוואָרן, קלינגט ווי אַ ווײַטע, פאַנ־טאַסטישע לעגענדע.

## אַן אַדרעס, וואָס איז פֿאַרלוירן געגאַנגען

הונדערטער יאָרן איז אין ייִדישן לעבן געווען אַן אַדרעס. סײַ אין די גרויסע שטעט, סײַ אין די קליינע שטעטלעך, וואו ייִדן האָבן געוואוינט, האָט עקזיסטירט די אינסטיטוציע, וואָס צו איר האָט מען זיך געקענט ווענדן מיט כלערליי שאלות און אָנפֿראָגעס, מיט כלערליי בקשות און פּראָבלעמען, וואָס זענען נוגע דעם יחיד און דעם כּלל, און אין איר האָבן פֿאָלעמיזירט און זיך צונויפֿגערעדט, זיך מתווכּח געווען און אַנטוויקלט אַ בשותּפֿותדיקע צונויפֿאַרבעט, אַלע טיילן פֿון דער געזעלשאַפֿט, דאָס פֿאָלק אין פּילפֿאַרביקן רעגנבויגן פֿון זײַנע שטרעמונגען און ריכטונגען, פֿון זײַנע שטאַנדן און אידעאָלאָגיעס.

דאָס איז געווען די קהילה.

אירע אָנהייבן? מען דאַרף זיי זוכן אין דער ווײַטער פֿאַרגאַנגענהייט. אַזאַ מין אינסטיטוציע שפּרינגט נישט אַרויס פֿון זיך אַליין, און אַוודאי נישט מיטאַמאָל. דורות האָבן אָנגעוואָנדן מי און אָנשטרענגונג ביז וואַנען זי האָט אָנגענומען דאָס געשטאַלט און די פֿאָרם, אין וועלכער זי איז פֿאַרבליבן אײַנגעקריצט אין אונזער זכּרון. מעגלעך, אַז מען דאַרף זוכן אירע וואָרצלען אין די פּראָווינצן פֿון דער אַמאָליקער רוימישער אימפּעריע, וואוהין ייִדן האָבן אָוועקגעוואָגלט נאָך אַפֿילו איידער די ייִדישע זעלבשטענדיקייט אין ארץ־ישׂראל איז צעשטערט געוואָרן.

קאָן זײַן, אַז איר באַגינען איז פֿאַרבונדן מיטן ייִדישן ישוב אויף די ברעגן פֿון די טײַכן פּרת און חידקל אין פֿאַרצײַטישן בבל. עס איז צו פֿאַרשטיין, אַז ווען ייִדן האָבן אויסגעבויט פֿאַר זיך וואוין־ערטער אויסער ארץ־ישׂראל, האָבן זיי באַגערט, אַז אויך דאָרט זאָל אָנהאַלטן דער ייִדישער לעבנס־שטייגער, און אַז מען זאָל זיך קעגנזײַטיק פֿאַרלײַכטערן די פֿאַרהעלטעניִשן, אין וועלכע מען האָט זיך געפֿונען; האָט מען דעריבער אויפֿגעשטעלט אַן אינסטיטוציע, וואָס האָט געדאַרפֿט העלפֿן פֿאַרווירקלעכן די דאָזיקע אויפֿגאַבעס. מען האָט זי אָנגערופֿן: קהילה. שוין שפּראַכלעך האָט דאָס אָנגעוויזן, אַז אין איר האָט קהל זיך צונויפֿגעזאַמלט און געהאָפֿט דורך איר זיך צונויפֿהאַלטן צוזאַמען. כּדי עדות צו זאָגן אויף דער וויכטיקייט, וואָס מען האָט איר צוגעשריבן, האָט מען צו איר צוגעגעבן דאָס

וואָרט: "קדושה" — די הייליקע. דאָס הייסט: אַ ייִדישע קהילה איז אַ קהילה קדושה. וואָרום ווי אַנדערש קען זי דען זײַן, אויב זי שטרעבט צו פאַרנעמען זיך מיט פאַרזייען ייִדישקייט און איבערגעגעבנקייט צו ייִדישע ווערטן; אויב זי איז אָפן פאַר די געברויכן פון יחיד און כלל; אויב זי שטעלט זיך פאַר אַ ציל צו טיילן שפּײַז פאַר די הונגעריקע, צדקה פאַר די נויטבאַדערפטיקע און איז אויסן נישט צו דערלאָזן, אַז ייִדישע קינדער זאָלן פאַרבלײַבן אָן ייִדישער דערציאונג?

אַזוי איז דאָס געווען אין בבל. דאַרף מען זיך דערפאַר נישט וואונדערן, וואָס אין תּלמוד, וועלכער איז דאָרט אַנטשטאַנען, האָבן זיך אָנגעקליבן פּרטים, וועלכע דערלויבן צו וואַרפן אַ בליק אין דער טעטיקייט פון די דאָרטיקע קהילות. אַזוי איז דאָס אָנגעגאַנגען אין די געגנטן, וועלכע האָבן זיך געפונען אונטער דער מאַכט פון דער רוימישער אימפּעריע. איז עס אינגאַנצן נאַטירלעך, וואָס דער ייִדישער היסטאָריקער פון יענע צײַטן, יאָסעפוס פלאַוויוס, גיט זיך אָפּ אין זײַן כראָניק נישט בלויז מיטן שילדערן די פּאָליטישע סיטואַציע פון די צעזייַטע ישובים, נאָר ער צייכנט אויך אָן זייער אַנשטרענגונג דורך גרינדן קהילות אויפצוהאַלטן זייער ייִדישלעכן כאַראַקטער, הגם צעשפּרייטע און ווײַטע פון ייִדישן גײַסטיקן צענטער. אַזוי איז דאָס געווען אין מיטלאַלטערלעכן שפּאַניע, וואו אונטער דער מוסול־מענישער הערשאַפט, וואָס האָט זיך דאָרט אויסגעצויגן, האָבן זיך געשאַפן גינסטיקע באַדינגונגען אַריבערצוטראָגן צו די ייִדיש־שפּאַנישע ישובים די קהילה־טראַדיציע פון די ייִדישע קיבוצים אין מיטעלן מזרח.

קהילות זענען דעריבער, ווי מען קען אַרויסדרינגען, אַזוי אַלט, ווי אַלט עס איז דער ייִדישער גלות. אומעטום האָט מען פאַרשטאַנען און אָפּגעשאַצט, ווי נויטיק עס איז זיי צו פאַרוואַנדלען אין אַ באַשטאַנדטייל פון ייִדישן זײַן.

אָבער אָן אַדרעס האָבן זיי אָנגעהויבן ווערן, ווען עס האָט זיך געעפנט דאָס קאַפּיטל אַשכּנז אין אונזער ייִדישער געשיכטע. אויף די ברעגן פון רהײַן, מיט אַ טויזנט יאָר צוריק, האָבן די ייִדן, וואָס האָבן אײַנגעוואָנדערט אין די דאָרטיקע שטעט, אָדער זיך באַזעצט אין דערבײַאיקן צפון־פראַנקרײַך, געשטויסן דורך די אַזוי־פאַרשידענע באַדינגונגען, אויף וועלכע זיי האָבן זיך אָנגעטראָפן אין קריסט־לעכן אייראָפּע, זיך אַנטשלאָסן קודם־כּל צו גרינדן אַ קהילה אין יעדן אָרט, וואו זיי שטעלן אויף זייער געזעצלט. זי מוז, די קהילה, אַרומנעמען און אַרײַנבעמען אין איר טעטיקייט אַלערליי פּראָבלעמען, וואָס קענען זיך אַרויסרוקן אין דער פרישער פּאַנאָראַמע. קיין איין ווינקל טאָר נישט פאַרזען און אויסגעמיטן ווערן. מער ווי אין אַנדערע מקומות, וואו ייִדן האָבן זיך באַזעצט, האָט באַקומען וואָג און צאַפּל־דיקע אַקטועלקייט דער אוראַלטער כּלל, אַז בײַ ייִדן זענען אַלע פאַראַנטוואָרטלעך איינער פאַר די אַנדערע (כל ישראל ערבים זה בזה). דער דאָזיקער כּלל איז געוואָרן אַ וועגווײַזער, אַ ליכט־טורעם, דער אַלף און דער תּיו פון געראַנגל פאַר לעבן און איבערלעבן.

די לערער און גייַסטיקע פירער, וואָס האָבן געווירקט אין די אויפשפּראָצנדיקע אַשכּנזישע ישובים, זענען נישט מיד געוואָרן אייַנצופלאַנצן די פאַראַנטוואָרטלעכ־קייט־אידייע אין אַלגעמיינעם באַוואוסטזייַן. רבינו גרשום, רש״י, זייַנע אייניקלעך רבינו יעקב תּם און רבי שמואל בן מאיר (רשב״ם) און אין שפּעטערדיקע דורות ר' מאיר פון ראָטענבורג און אַנדערע, האָבן קלאָר און געניי באַהאַנדלט די פאַר־שידנסטע אויסדרוקן, וואָס די פאָלקס־אַחריות איז מסוגל אַנצונעמען, און ווי גע־פערלעך עס קען ווערן פאַרן פאָלקס־קיום, אויב מען וועט פּרווון אויסקומען אָן איר.

מיט וואָס האָט זיך פאַרנומען די קהילה? אויפבויען שולן. אַוודאי, אַ ייִד גייט, ווי באַקאַנט, אין שול אַרייַן. אָבער דאָס איז נישט אַלץ. מען האָט געזאָרגט, אַז אין ייִדישן לעבן זאָלן אָפּגעהיטן ווערן די פּרינציפּן פון דער עטיק. די קהילה האָט זיך אַרייַנגעמישט אין אַלצדינג. זי האָט אָנגעוויזן נישט בלויז, ווי אַזוי עס דאַרפן זיך פאַרשטעלן די באַציאונגען צווישן ייִדן, נאָר אויך צווישן ייִדן און נישט־ייִדן. זי האָט אָנגעוויזן, ווי אַזוי מען דאַרף זיך אויפפירן אין האַנדל אָדער אין וואַרשטאַט, בייַ וועלכן מען אַרבעט. זי האָט באַרירט פּראָגעס פון פאַמיליע־לעבן. עס איז אָנגעגאַנגען דעם קהילה־ראָט, וויפל פּרויען מעג אַ ייִד האָבן, און אויב עס קומט צו אַ גט, ווי אַזוי דאַרף דער גט אָדורכגעפירט ווערן מיטן הסכּם פון ביידע צדדים; מיט דער הילף פון דער אָפיציעלער מאַכט אָדער אָן איר, האָט מען אינטערווענירט יורידיש, בעת עס זענען אויסגעבראָכן סיכסוכים צווישן ייִדן. מען האָט אָפּילו אַרויפגעלייגט שטראָף אויף די, וואָס מען האָט באַטראַכט פאַר שולדיק.

די קהילה האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז זי האָט נישט קיין כּוח אַרויפצוצווינגען איר ווילן, אָבער זי האָט געהאַנדלט גלייַך ווי זי וואָלט אָט דעם כּוח פאַרמאָגט. זי האָט אָפּילו שטרענג פאַרשריבן, ווי אַזוי ייִדן דאַרפן אויפנעמען די גזירות פון רשעות, וועלכע האָבן באַדראָט די ישובים; די פאַלן, ווען עס איז דערלויבט זיך צוצופּאַסן צו די ווילדע פאָדערונגען פון די שונאים, און די פאַלן, ווען מען מוז זייַן גרייט מיט מוט און אַנטשלאָסנקייט צו גיין אויף קידוש השם... אַ געשיכט־לעכער אָפּשייַן פון ייִדישן בראשית איז געפאַלן אויף דער פאָלקס־אינסטיטוציע. נאָך אויפן באַרג סיני, אין מדבר — האָט רש״י געטייַטשט — האָבן ייִדן זיך מתחייב געווען צו פאַרבלייַבן אויף אייביקע צייַטן פאַראַנטוואָרטלעך איינע פאַר די אַנדערע... (דברים כט כח). אין ערטער און באַדינגונגען, וואו עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אייַנשטעלן דיסציפּלין איז אַן אוממעגלעכקייט, האָט מען אייַנגע־לייגט וועלטן, אַז אין דער קהילה זאָל פאַרט די אַזוי פאַראַדאָקסאַלע פרייַוויליקע דיסציפּלין נישט געבראָכן ווערן.

ווער האָט אָנגעפירט מיט די קהילות? אין דעם פעאָדאַלן סיסטעם, וואָס איז געווען אייגנטימלעך פאַר דער אייראָפּעאישער געזעלשאַפט אין מיטלאַלטער, האָט נישט געקענט זייַן קיין רייד וועגן וואַלן און אַנדערע דעמאָקראַטישע אייַנ־ריכטונגען. אָבער אין די מערסטע פאַלן האָט דער ראש־הקהל געגעבן אָנזען פון אָנזען.

דרך־ארץ האָבן אויך אַרויסגערופֿן פֿאַר זיך זייַנע ראַט־געבער, די מיטגלידער פֿון דער קהילה־פֿאַרוואַלטונג, די פּרנסים, די "טובֿי־העיר", די "חשובֿע מענטשן" פֿון שטאָט, וואָס זענען אַרייַנגעגאַנגען אין וועד. קיין צו שטאַרקן קאָפּ־ווייטיק האָבן אויך נישט געגעבן די הוצאות, מיט וועלכע די קהילה־טעטיקייט איז געווען פֿאַרבונדן. ייִדן האָבן בייַגעטראָגן. מען האָט געוואוסט, אַז ייִדישקייט, אַ שול, אַ בית־עולם, אַ חדר צי אַ ישיבֿה, דאָס אויפֿהיטן אָנגענומענע מנהגים, קאָסטן; און אויב נישט אַלע זענען בכּוח בייַצושטייערן די זעלבע סומעס, האָבן די רייַכע געטראָגן אַ גרעסערן עול. ייִדישע קעגנזייַטיקע פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט מוז זיך אָפּשפּיגלען אין די פֿאַרשידנסטע פֿאָרמען.

אָבער אַזוי ווי דאָרט, אויף די ברעגן פֿון רהייַן, האָט זיך ערשט אַרויסגעשיילט דער אָנהייב פֿון דער אַלץ־אַרומנעמענדיקער קהילה־אינסטיטוציע, און דערצו נאָך האָט די תּקופֿה פֿון גלאַנץ ברוטאַל זיך איבערגעריסן מיט די קרייצצוגן, וואָס האָבן געבראַכט פֿאַרלענד און פֿאַרניכטונג, האָבן נישט אַלע שטרעבונגען, וואָס מען האָט צונויפֿגעקניפּט מיט דער קהילה, זיך טאַקע געקענט פֿאַרווירקלעכן. דער אַדרעס איז נאָך דאָרט נישט דערשיינען אין זייַן גאַנצער דייַטלעכקייט און ווייַט נישט אין זייַן פֿולן פֿאַרנעם, אַזוי ווי ער האָט עקזיסטירט אין דער וויזיע פֿון פֿאָלק.

אָנגעלאָדן מיט באַטייַט און גרויסער נאַציאָנאַלער רייַפֿקייט — אין פּוילן זין פֿון וואָרט: אַן אַדרעס — איז די קהילה ערשט געוואָרן צווישן מזרח־אייראָפּעאישן ייִדנטום. די אַשכּנזישע ייִדן, וואָס האָבן אויסגעוואַנדערט פֿון די אין בלוטאָפּגייענדיקע ישובֿים אין מערבֿ־און צענטראַל־אייראָפּע קיין פּוילן, האָבן אין זייער אָפּגעראַטעוועטן גייַסטיקן באַגאַזש מיטגעבראַכט די דאָזיקע פֿאָלקס־אָרגאַניזאַציע; און דאָ איז זי אויסגעוואַקסן, אין לויף פֿון די יאָרהונדערטער, אין אַ וואונדער־דערשייַנונג. זי איז טאַקע געווען אַ טייל פֿון דער ייִדישער רעאַלקייט, און אין די פּנקסים־באַריכטן פֿון איר טעטיקייט וואַרפֿן זיך אַדורך פֿאַקטן און ציפֿערן, אָבער אין טיפֿן תּוך איז זי אַ מיסטעריע, איינער פֿון די סודות פֿון ייִדישן קיום.

אין אַ פּרעציזן געשיכטלעכן אַנאַליז לאָזט זיך באַשטימען, אַז מיטגעהאָלפֿן בלי־ספֿק צו איר פֿונאַנדערבלי האָבן די אויסערלעכע באַדינגונגען. מלכות, די פּוילישע מאַכט, איז געווען פֿאַראינטערעסירט, אַז אָט־די אינסטיטוציע זאָל זיך פֿונאַנדערבליִען און שטייגן אין פּרעסטיזש. מלכות האָט געגלייבט, אַז צוטייַלנדיק איר לעגאַלע פֿולמאַכטן — און אַפֿילו אויטאָנאָמיע — וועט די קהילה קענען בייַהילפֿיק זייַן די רעגירונג־אָרגאַנען אין אויפֿמאָנען די שטייַערן, וואָס ייִדן דאַרפֿן צאָלן צו דער מלוכה. אָבער פֿאַראַן היסטאָריקער — און צווישן זיי שמעון דובנאָוו — וועלכע זענען זיכער, אַז אויך אָן דער שטאַרקער אונטערשטיצונג פֿון מלכות וואָלט די קהילה־אָרגאַניזאַציע זיך אַרויסגערוקט צו אַ פֿאָדערשטער אַנט־שיידנדיקער פּאָזיציע אין ייִדישן לעבן. ייִדן האָבן אַזוי געוואָלט, ייִדן האָבן אַזוי

באַגערט. און ייִדישער פֿאָלקס־ווילן איז מסוגל אַראָפּצוּרוימען אַלע שטרויכלונגען פֿון וועג. ייִדישער פֿאָלקס־ווילן איז אַ מעכטיקע שטויס־קראַפֿט.

וואָס אַלץ האָט די אויטאָנאָמישע קהילה־אָרגאַניזאַציע נישט אַרומגענומען אין איר פֿאַרצווייַגטער אַקטיווקייט! זי האָט אַדורכגעמאַכט פֿאַרשידענע עטאַפּן. געווען אַ צייַט, ווען איר איז אַפֿילו געלונגען צו פֿאַראייניקן אַלע קהילות אין איין ראַט — דער וועד פֿון די פֿיר פּוילישע פּראָווינצן (וועד ארבע ארצות). געווען אַ תּקופֿה, ווען אויך די קהילות פֿון דער נאָענטער ליטווישער מדינה זענען צוגעשטאַנען צום פֿונקציאָנירנדיקן ראַט. געווען גינסטיקע צייַטן פֿון פֿרידן און זיכערקייט, ווען די אויטאָנאָמיע האָט געקענט ווירקן אין ייִדישן לעבן אומגעשטערט; און געווען צייַטן פֿון מהומה און שלאַכטן, ווען בייזע ווינטן האָבן געשטורעמט קעגן דער פֿירנדיקער ייִדישער אינסטיטוציע. אָבער מזרח־אייראָפּעאישער ייִדישער כאַראַקטער, געמיט, טעמפּעראַמענט, מען מעג אַפֿילו צוגעבן: דער געדאַנק און דאָס געפֿיל, זענען אין אַ באַדייַטנדיקער מאָס אויסגעפֿורעמט געוואָרן דורך די קהילות און דורך דער קהילה־־אַרבעט, וואָס איז אָנגעגאַנגען. די קהילה האָט געלייגט איר חותם אויף אַלעמען און אויף אַלצדינג. זי איז געווען דאָס געריכט, אויף וועמענס פּסק־דין מען האָט זיך פֿאַרלאָזט. זי איז געשטאַנען אויף דער וואַך פֿון דער דורות־דיקער טראַדיציע און פֿון סאָציאַלן צונויפֿלעבן. זי האָט גענומען אין שוץ דעם יחיד, ווען אים איז געשען אַן עוולה מצד פֿרעמדע אָדער אייגענע; נישט דערלאָזט, אַז צוליב מיסברויכן פֿון יחידים זאָל דער ייִדישער נאָמען באַפֿלעקט ווערן. מען האָט געהאָלפֿן מיט וואָס מען האָט געקענט, מיט וואָרט און טאַט, מיט אַן עצה אָדער מיט אַ גמילות־חסד, און צומאָל מיט אַן אינטערווענץ בייַ דער מאַכט. די קהילה האָט, ווי אַ פֿאַראייניקטער ייִדישער כּוח, רעפּרעזענטירט די ייִדישע באַפֿעלקערונג, אָנהייבנדיק פֿון איינשטעלן זיך פֿאַר לאָקאַלע באַאַמטע און דערגייענדיק ביז צום סאַמע קעניג. אַפֿילו צום פּויפּסט אין רוים האָבן זיך אַוועקגעלאָזט שליחים כּדי אָפּצושרייען גזירות אָדער אויסקוקנדיק הילף אין אויפֿדעקן בייזווילליקע בלבולים.

אייגנטלעך לאָזט זיך גאָרנישט אויסרעכענען אַלץ, וואָס דער דאָזיקער אַדרעס האָט אין זיך איינגעשלאָסן. די קהילה האָט אויפֿגעהאַלטן די ענגע צונויפֿגעבונדנקייט פֿון די ייִדן אין דער שטאָט אָדער אין שטעטל, און געשטאַרקט אויך די פֿעדים, וואָס העפֿטן זיי צונויף מיט ייִדן אין גאַר דער וועלט. זי האָט געוועקט זיך צו באַטייליקן מיט מסירת־נפֿש אין אויסלייזן ייִדישע געפֿאַנגענע — פּדיון־שבֿוים — אַן אונטערשייד אין וואָסער ווינקל פֿון דער ערד זיי שמאַכטן און דורך וועמען זיי זענען פֿאַרכאַפּט געוואָרן — דורך גזלנים, פּיראַטן, אָדער קעמפֿנדיקע אַרמייען. זי האָט גערעדט צום ייִדישן האַרץ זאַמלענדיק בייַשטייערונגען פֿאַר ייִדן, וואָס האָבן געלעבט אין ארץ־ישׂראל און זיך גענויטיקט אין שטיצע. וואו־נישט־וואו האָט מען באַשטימט אַ ספּעציעלן אָנגעשטעלטן, וואָס זאָל זיך פֿאַרנעמען

מיט שיקן הילף צום ישוב אין הייליקן לאַנד און מען האָט אַזאַ אַנגעשטעלטן אָנגערופֿן "דער גבאי פֿאַר ארץ־ישׂראל", "דער גבאי־צדקה פֿאַר ארץ־ישׂראל", אָדער גאָר "דער האַר פֿון ארץ־ישׂראל" (מרא דארעא דישׂראל). ייִדישע צונויפֿ־ברודערונג האָט נישט געטאָרט פֿאַרבלײַבן קיין הוילע פֿראַזע. די קהילה איז געווען די קוזשניע, וואו נאָענטע און ווײַטע זענען געוואָרן צונויפֿגעשמידט אין אַ קייט פֿון אחדות, וואָס קיין שום כּוח אין דער וועלט איז נישט מסוגל צו צערײַסן.

אַזוי פֿיל אויפֿטוען, אויף וועלכע דאָס מזרח־אייראָפּעאישע ייִדנטום איז געווען שטאָלץ, האָבן אַרויסגעשפּראָצט פֿון דער קהילה, פֿון איר איניציאַטיוו, ענטוזיאַזם, אויסדויער, און מיט איר זיך צונויפֿגעוואַקסן: אַ דערציִאונג־נעץ, אין וועלכער ס'איז אַרײַנגעגאַנגען אויך פּראָפֿעסיאָנעלע אויסבילדונג; פֿאַך־שולעס, וואָס זענען געווען פֿאַררעכנט צו די בעסטע; שפּײַז־צענטערס פֿאַר אָרעמע; גאַסט־הײַזער פֿאַר היימלאָזע און דורכפֿאָרער; שפּיטעלער, וואָס האָבן פֿון אַ פּרימיטיוון הקדש זיך אַנטוויקלט אין באַרימטע הייל־אַנשטאַלטן; קולטור־אָפּטיילונגען, וואָס האָבן אָפּגעשאָצט די וויכטיקייט פֿון לערנען און וויסן, און געפֿאָדערט, אַז גײַסטיקייט טאָר נישט אַוועקגעשטעלט ווערן אין קיין ווינקל. בעת די דרוק־קונסט איז נאָך נישט געווען פּאָפּולער און אין ספרים און לייען־מאַטעריאַל איז געווען אַ מאַנגל, האָט די קהילה זיך פֿאַרנומען מיט צושטעלן גײַסטיקע נאַרונג. אָפּטמאָל האָט זי אַליין אַרויסגעגעבן ספרים, זאָרגנדיק דערבײַ, אַז דאָס דרוק־פּאַפּיר זאָל נישט זײַן פֿון ביליקן סאָרט, אַז קיין דרוק־פֿעלערן זאָלן נישט פֿאַרקריפּלען דעם טעקסט, אַז די אותיות זאָלן אַרויסקומען קלאָר, און אַז די אויסגאַבע זאָל זײַן אויסערלעך עסטעטיש... מען האָט צוגעטיילט סובסידיעס צו מחברים און מען האָט זיי דער־מוטיקט, געבנדיק הסכּמות צו זייערע ווערק; הײַנט וואָלט מען זיך אויסגעדריקט: רעקאָמענדירנדיק זיי צום לייענער. אַ קהילה איז — און מוז זײַן — אַ פֿעסטונג פֿון ייִדישער גײַסטיקייט, האָט מען געזאָגט.

אַוודאי זענען בײַ אַזאַ פֿאַרצווייגטער אַרבעט די הוצאות מוראדיק געשטיגן. מלכות האָט געוואוסט צו נעמען געלט פֿון די קהילות, אָבער נישט צו געבן; און דאָך האָבן ייִדן געדעקט די גרויסע אויסגאַבעס. "עטאַט", האָט מען אין אַ סך געגנטן אָנגערופֿן דעם אָפּצאָל, וואָס ייִדן האָבן אַרײַנגעטראָגן. "דאַזאָרעס", האָט מען על־פּי־רוב אָנגערופֿן די מיטגלידער פֿון קהילה־ראָט. "גמינע", האָט מען דאָ און דאָרט אָנגערופֿן די קהילה. אַגבֿ, די דאַזאָרעס האָבן נישט באַקומען קיין שום שׂכירות פֿון דער קהילה. געצאָלט האָט מען בלויז די אָנגעשטעלטע, און דאָס אויך מאָגערע געהאַלטן. אַ מאָגערן לוין האָבן אויך באַקומען די רבנים — זיי זענען באַטראַכט געוואָרן ווי קהילה־אָנגעשטעלטע — און די לערער פֿון די גמינע־שולעס.

אַפֿילו ווען די אויטאָנאָמיע איז אַוועקגענומען געוואָרן בײַ די קהילות, און בלויז אַ שאָטן פֿון זעלבסט־פֿאַרוואַלטונג איז פֿאַרבליבן, האָט די קהילה צוליב דעם נישט אָנגעוואוירן איר שוואונג, איר פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט־באַוואוסטזײַן, און

עס זענען נישט פאַרמינערט געוואָרן דער פאַרנעם און די וואָג פון איר טעטיקייט. עס איז געפאַלן פּילפּאַכיק שווערער די לאַסט, אָבער די קהילה האָט געוואוסט צו פירן איר היסטאָרישן גראַנגל. דער גרויסער יידישער אַדרעס איז פאַרבליבן.

אַ דעמאָקראַטישן כאַראַקטער האָט די קהילה־אינסטיטוציע אָנגענומען אין היינטיקן יאָרהונדערט. אין דער איבערקערעניש, וואָס איז אַריינגעטראָטן אין יידישן לעבן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט זי אַראָפּגעוואָרפן פון זיך יעדן סימן פון אַן אָנגעוואָרפענער, פון מיוחסים־באַשטימטער עליטע, און רעפּרעזענטירט דאָס פאָלק אין אַלע זיינע שיכטן. אויב אין די פאַרלאָפענע יאָרהונדערטער האָבן נישט אַלע געפילט, אַז זייער שטימע פאַרמאָגט וואָג און דעציזיע אין די פּראָבלעמען, וואָס זענען אַרויפגעשוואומען אויפן סדר־היום, איז אין די צוויי יאָרצענדליקער צווישן די צוויי וועלט־מלחמות, אין דער קהילה, געקומען צום אויסדרוק דער ווילן פון דער גאַנצער באַפעלקערונג. זי האָט רעפּרעזענטירט אָרעם און רייך, קאַפּיטאַליסט און פּראָלעטאַריער, רעכטע און לינקע. אין געהיימע וואַלן האָבן, אין שטאָט און שטעטל, יידן אַלע פאַר יאָר אויסגעקליבן זייערע פאָר־שטייער צו דער גמינע. אין דער וואַל־פּראָפּאַגאַנדע, וואָס איז אָנגעגאַנגען לויט שטרענגע כללים, האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט די פּאָליטישע, סאָציאַלע און אידעאישע שטרעמונגען פון יידישן כלל אין זייער פולער אויטענטישקייט. באַוועגונגען און פּאַרטייען האָבן גענומען ערנסט די וואַלן צו דער קהילה; און ערנסט האָט זיי גענומען דער וויילער.

איך געדענק די וואַלן צו דער קהילה אין וואַרשע, וואו איך האָב געלעבט ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. עס האָט זיך געקענט אויס־דאַכטן, אַז דאָס קומען פאַר וואַלן צום פּאַרלאַמענט. די יידישע גאַס האָט געפיבערט מיט אַגיטאַציע, מיט וואַל־צעטלען, מיט גומערן. די קאַנדידאַטן אויף דאָזאָרעס זענען אַרויסגעטראָטן אויף מאַסן־מיטינגען, פאַרשטעלנדיק יעדער איינער זיין פּראָגראַם. שאַרפע דעבאַטעס האָבן זיך געפירט. געמיטער זענען געווען צעהיצט. די דערוואַרטונג איז געשטיגן מיטן דערנענטערן זיך פון דער אַנטשיידונג. איך געדענק דעם טאָג פון די וואַלן. פון פריִע פרימאָרגן־שעהן האָבן זיך געצויגן די רייען פאַר די וואַל־אורנעס. אין די יידישע געגנטן — און אין וואַרשע האָבן דעמאָלט געוואוינט קאַרגע פיר הונדערט טויזנט יידן, העכער דרייסיק פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג אין דער הויפּטשטאָט — הגם די אַרבעט איז נישט געוואָרן איבערגעריסן, האָט מען געשפּירט, אַז אין דאָזיקן טאָג זאָגט דער יידישער ציבור זיין ״יאָ״ אָדער ״ניין״ צו אַזוי פיל פראַגעס, וואָס האָבן געדאַרפט דעצידירן זיין מאָרגן.

אין אַן אינסטיטוציע, וואָס ווערט אויסגעבויט און אָנגעפירט דורך מענטשן, איז אוממעגלעך, אַז עס זאָל זיך נישט אָנקלייבן דאָרט אַ ביסל שטויב. אַמאָל, ווען

די קהילה האָט אויפֿגעהאַלטן איר "אַריסטאָקראַטישן" כאַראַקטער, האָט מען אין איר זיך געקענט אָנטרעפֿן אויך אויף תּקיפֿים. אין איר דעמאָקראַטישן פֿעריאָד האָבן זיך אַרײַנבאַקומען אין איר אויך דעמאַגאָגן. אָבער דאָס איז ווײַט נישט בכּוח צו מאַכן טונקעלער דאָס אימפּאָנירנדיקע בילד פֿון נאַציאָנאַלער רײַפֿקייט, וואָס די קהילה האָט מיט זיך פֿאַרגעשטעלט, און אַוועקגעמען די אומגעוויינלעך־פּאָזיטיווע ווערטן, וואָס דער דאָזיקער אַדרעס האָט אַרײַנגעטראָגן אין ייִדישן לעבן.

כאַראַקטעריסטיש איז, און עס דאַרפֿן דאָס געמען אין אַכט די, וועלכע "אַנט־דעקן" איצט "שטאַרקע אַסימילאַציע־טענדענצן" אין ייִדיש־פּוילן צווישן די צוויי וועלט־מלחמות: די אַסימילאַציע־שטרעמונג האָט כּמעט ווי נישט געקענט אַרײַנ־פֿירן אין דער קהילה קיין קאַנדידאַטן פֿון אירע וואַל־רשימות, אויב זי האָט זיי ערגעץ־וואו אַרויסגעשטעלט. אין דער וואַרשעווער קהילה, למשל, די גרעסטע אין פּוילן, איז נישט אַרײַנגעגאַנגען צומאָל איינער פֿון דער אַסימילאַציע־ריכטונג.

איצט איז פֿאַרלוירן־געגאַנגען דער וויכטיקער און אַזוי נויטווענדיקער אַדרעס. אין דער נאָך־חורבן ווירקלעכקייט איז נישטאָ מער אין דער ייִדישער וועלט קיין דעמאָקראַטיש־אויסגעוויילטע קהילה. אָרגאַניזאַציעס מיט שרײַענדיקע שילדן, אָבער גאַנץ אָפֿט אויסגעליידיקטע פֿון תּוכן, פֿיגורירן, גלײַך ווי זיי וואָלטן געווען די פֿאָרטרעטער פֿון די ייִדישע מאַסן. אַזוי איז דאָס אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן, אַזוי איז דאָס אין אַנדערע לענדער פֿון דער ייִדישער צעשפּרייטקייט; אָבער נישטאָ מער די קהילה, דער פֿאָלקס־ווילן, וואָס איז אין איר געקומען צום אויסדרוק, די פֿאָלקס־אייניקייט, וואָס זי האָט געהאַט דאָס מאָראַלישע רעכט צו רעפּרעזענטירן. אין דרום־אַמעריקע, ווי למשל אַרגענטינע און מעקסיקע, וואו אָפּשטאַמיקע פֿון מזרח־אייראָפּעאישע ישובֿים פּרובירן צין די טראַדיציע פֿון די פֿאַרגאַנגענע צײַטן, נעמען נישט די דאָרטיקע קהילות אַרום, ווי דאָס פֿלעגט זײַן אין מזרח־אייראָפּע, אַלע טיילן פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג. די ספֿרדישע ייִדן שטייען פֿונדער־ווײַטנס; און דער וואַל־פּראָצעס, די אינסטיטוציע גופֿא, זענען קוים שוואַכע אָפּקלאַנגען פֿון אַן אַרקעסטער, וואָס איז נאָך ערשט מיט עטלעכע יאָרצענדליקער צוריק, אין פֿאַרשידענע פֿאַרהעלטעניש, געווען מעכטיק און אינסטרומענטאַל פֿאַרן ייִדישן קיום.

אַן אייגנאַרטיקער און גרויסער ייִדישער אַדרעס, וואָס האָט אַראָפּגעשײַנט מיט אַלע זיבן חנען דורך הונדערטער יאָרן פֿון אונזער געשיכטע, איז געגאַנגען פֿאַרלוירן.

## מדינת-ישראל איז געגרינדעט געוואָרן אין ייִדיש מזרח-אייראָפּע

פאַר אונז, וואָס מיר שטרײַכן אונטער בײַ יעדער געלעגנהייט די איינציקאַרטי־קייט פון בײַטראָג פון ייִדיש מזרח־אייראָפּע צו דער ייִדישער געשיכטע און צו דער ייִדישער קולטור, איז דאָס נישט קיין נײַעס. אין דער אָדער אַנדערער פאָרם האָבן מיר צו יעדער צײַט געזאָגט און געשריבן, אַז אויך מדינת־ישׂראל, די גרויסע דערגרײַכונג פון אונדזער תּקופֿה, איז אויסגעטראָגן געוואָרן אין דער שטאָל־און־אײַזערנער אַנטשלאָסנקייט און אינספּירירנדיקער באַגײַסטערונג פון די ייִדישע מאַסן, וואָס האָבן געלעבט אין מזרח־אייראָפּע. אָבער איצט געפינען זיך שוין אין ישׂראל געלערנטע און שרײַבער, וועלכע קומען אַרויס מיט דער זעלבער מיינונג. אויב אין משך פון לאַנגע צײַטן האָט זעלטן בײַ עמעצן געקלעקט מוט מודה צו זײַן דערין, שטעלט מען ענדלעך צונויף אומדערשיטערטע געשיכטלעכע פאַקטן, פון וועלכע עס לאָזט זיך זען, אַז נאָך איידער די ייִדישע מדינה איז געגרינדעט געוואָרן אויף די ברעגן פון ירדן, איז זי אויפגעשטאַנען צום לעבן אין די שטעט און שטעטלעך פון דער אונטערגעגאַנגענער מזרח־אייראָפּעאישער ייִדישער וועלט. און דאָס רופט אַרויס אַ סענסאַציע.

דאָס מיינט נישט, אַז זאָגנדיק אַזוי, פּרובירט מען דערמיט פאַרמינערן די חשיבות פון בײַשטײַער פון אַנדערע ייִדישע ישובים — אייגנטלעך פון גאַנצן ייִדישן פאָלק — צו דעם ווידעראויפלעב פון דער ייִדישער פּאָליטישער זעלבשטענ־דיקייט. ווײַט נישט. זינט ייִדן זענען אַוועק אין גלות מיט קאַרגע צוויי טויזנט יאָר צוריק און איבערגעחזרט די פֿריִער־אָפּגעגעבענע שבועה נישט צו פֿאַרגעסן ירושלים און ציון, האָט מען נישט אויפגעהערט צו שטרעבן צוריק צו געווינען די צוגערויבטע נאַציאָנאַלע פרײַהייט. נישט געווען קיין דור און נישט געווען קיין קיבוץ, וואָס האָבן נישט געמאַכט קיין אָנשטרענגונג אין דער דאָזיקער ריכטונג. פאַרשידענע זענען געווען די וועגן, וואָס האָבן געדאַרפט פירן צום ציל. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן דורך תּפילות און מיסטישע באַטראַכטונגען געמיינט צו דערנענטערן די גאולה ; געווען אַנדערע, וועלכע האָבן דורך גלײַענדיקע פערזן געהאַלטן וואָך דעם

באַגער אויפצובויען די חורבות פון ציון; עס האָבן אויך נישט געפעלט אַזעלכע, וואָס האָבן אַפילו — קעגן יעדער ניכטערער אויסרעכענונג — מיט געוועזר אין האַנט פּרובירט ווידער צו דעראָבערן די צעשטערטע אומאָפּהענגיקייט. אָפּגערעדט דערפון, אַז מען האָט אין אַלע צײַטן דאָרט אַהין געצויגן; אין קלענערע אָדער גרעסערע גרופּעס זיך באַזעצט אויף דער הייליקער ערד און אין איר מיט אַלע כּוחות זיך געקלאַמערט. פּשוט, געזאָגט: מיר רירן זיך פון דאַנען נישט אַוועק. דאָ אַהער האָבן מיר דערגרייכט גובר זײַענדיק כלערליי מכשולים — און דאָ פאַרבלײַבן מיר, מיר און אונזערע קינדער!...

דאָס איז געווען דער ייִדיש־ענגלישער שרײַבער ישראל זאַנגוויל, וועלכער האָט דערקלערט, אַז הגם עס איז טאָקע אמת אַז אין משך פון לאַנגע הונדערטער יאָרן זענען ייִדן געווען פאַרטריבן פון ארץ־ישׂראל, איז דאָך נישט ווייניקער אמת, אַז אין אַלע הונדערטער יאָרן האָט ארץ־ישׂראל נישט אויפגעהערט צו לעבן אין ייִדן. דאָס לאַנד, זײַנע בערג און טאָלן, זײַנע שטעט און דערפער, זײַן פאַרגאַנגענהייט און די וויזיע פון זײַן צוקונפט, האָבן נישט אויפגעהערט זיך צו באַוועגן אין ייִדישן האַרץ; און עס איז נישט איבערגעטריבן צו באַשטימען, אַז מיט ירושלים און מיט חברון, מיט טבריה און מיט צפת, האָבן גאָר אַ סך ייִדן זיך געפילט היימישער און נענטער, ווי מיט די ערטער, אין וועלכע זיי האָבן געוואוינט.

אָבער מיט אַ דרײַ הונדערט יאָר צוריק, האָט אין מזרח־אייראָפּע — וואו עס האָט זיך דעמאָלט קאָנצענטרירט דער איבערוויגנדיקער טייל פון אונזער פאָלק (צו אַכציק פּראָצענט פון גאַנצן פאָלק איז אין פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט דער־גאַנגען די צאָל) — אָט דער דראַנג אַנגענומען נאָך שטאַרקערע פאָרמען. אויסער־לעכע אומשטענדן האָבן דערצו דערפירט. די אַלגעמיינע געדריקטע לאַגע, די רדיפות און דיסקרימינאַציעס, פון וועלכע מ׳האָט געליטן; און אויך אינערלעכע סך־הכּלען, וואָס מען האָט געמאַכט, אַדורכפירנדיק אַ דין־וחשבון מיט דעם "פון וואַנען" און "וואוהין" פון דער ייִדישער געשיכטע. פאַר די מזרח־אייראָפּעאישע ייִדישע מאַסן איז זי, ייִדישע געשיכטע, געווען אַ כּסדר־פיבערנדיקע דראַמע; און דער ווידער־אויפבוי פון לאַנד, וואו עס איז געשטאַנען דאָס וויגל פון די ייִדישע דערפאַרונגען, איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין צענטער פון ייִדישן לעבן. מען האָט זיך אַוועקגעלאָזט קיין ארץ־ישׂראל אין אַ גרעסערער צאָל.

אין יאָר 1700 האָט דער בעל־דרשן ר׳ יהודה, וועמען מ׳האָט גערופן דער חסיד, באַוויזן צו אָרגאַניזירן טויזנט ייִדן, און אפשר מער, צו דער ריזיקאַלישער און געוואַגטער עלייה קיין ירושלים. דאָס איז געווען די ערשטע מאַסן־עלייה אין די מאָדערנע צײַטן. דער היסטאָריקער בן־ציון דינור עפנט דאָס בלאַט פון דער נײַצײַטיקער ייִדישער געשיכטע מיט איר. פון וואַנען האָט ער געשטאַמט, דער פאָטער פון דער דאָזיקער אידייע? מעגלעך פון דובנאָ, מעגלעך פון שעדלעץ, מעגלעך פון שידלאָוועץ. דערנאָך זענען עולה־געווען קיין ארץ־ישׂראל אָנהענגער פון דער שיטה

פון חסידות, וואָס איז אַנטשטאַנען אויף די קאַרפּאַטן־בערג אין אוקראַיִנע, די תּלמי־דים פון בעל־שם־טוב. עס האָבן דאָרט אַהין געצויגן די קעגנער פון דער דאָזיקער שיטה, די תּלמידים פון ווילנער גאון, און עס האָבן אָט ד׳עם וועג פּאַר זיך אָפּגעקליבן סתם־ייִדן מיט זייערע משפּחות. עס האָט אויסגעקוקט ווי דאָס פֿאָלק אין רוסלאַנד, פּוילן און אין די דערבײַיִקע לענדער, איז אויפֿגעטרייסלט געוואָרן פון אַ גע־וואַלדיקער בענקעניש צו דער אַלטער ייִדישער היים. ״וואוהין מיר זאָלן נישט גיין — האָט ר׳ נחמן בראַצלאַווער אויסגעדריקט אָט די בענקעניש אויף זײַן שטייגער — גייען מיר קיין ארץ־ישׂראל״.

חיבת ציון — די באַוועגונג פון ליבשאַפט צו ציון; חובבי ציון — די ליבהאָבער פון ציון — אַזוי האָט מען אָנגערופן די שטרעמונג, און באַצייכנט די מענטשן, וואָס האָבן זיך אין איר אָנגעשלאָסן. עס איז זיך קוים פאַרצושטעלן, וואָסער ווירקונג די אַלטע באַגריפן, וואָס זענען דערשײַנען אין אַ נײַעם לבוש, האָבן געהאַט אויפן געדאַנקען־גאַנג, אויף דער פּסיכיק, אויף די פּלענער, וואָס מען האָט געשפּינט. וויכטיקע היסטאָרישע טאַטן האָבן פון די פּלענער אַרויסגעשפּראָצט. אָט ווי למשל דער אויפֿלעב פון דער שפּראַך פון תּנ״ך אין דער פּראָיעקטירטער, נײַ־אויפגע־לעבטער ייִדישער מדינה. אברהם מאַפּו, דער העברעאישער לערער פון קאָוונע, מעג הײַנט זײַן אַ האַלב־פאַרגעסענער נאָמען. אָבער וואָסער מעכטיקן רושם האָבן איבערגעלאָזט זײַנע דערציילונגען פון דער ווײַטער תּנ״ך־תּקופה, וואָס איז דורך אים געוואָרן נאָענט צו דער מזרח־אייראָפּעאישער ייִדישער באַפעלקערונג! מיט איינער פון זײַנע דערציילונגען — ״אהבת ציון״, די ליבשאַפט צו ציון — האָט מען זיך גאָרנישט געקענט שיידן. דאָס לעבן, וואָס ער האָט דאָרט געמאָלן — האָט מען געזאָגט — דאָס לעבן אין אומאָפּהענגיקן ייִדישן לאַנד, קען ווידער ווערן אַ ווירקלעכקייט, קען און מוז!... פון דער דאָזיקער באַוועגונג, וואָס איז געווען צונויפגעוועבט מער פון פאַנטאַזיע ווי פון רעאַלן שטאָף, איז אויסגעוואַקסן דער פאַרעקשנטער יונגער־מאַן, אליעזר פּערלמאַן, וועלכער איז שפּעטער באַקאַנט גע־וואָרן ווי אליעזר בן־יהודה, דער אויפלעבער פון דער העברעאישער שפּראַך, ווי דאָס לשון פון טאָג־טעגלעכן באַנוץ. פון דער דאָזיקער סביבה זענען אַרויסגעקומען אַנדערע טרוימער און קעמפער. אַפילו אַ צײַטשריפט האָט מען אַרויסגעגעבן, וואָס האָט געדאַרפט דינען ווי אַן אינסטרומענט פאַר דער פּראָפּאַגאַנדע פון די אויפֿ־וואַכונג־אידעאַלן: ״השחר״ — דער פרימאָרגן. אַ שרײַבער אַן אידעאַליסט, אַ פּראָזאאיקער, וואָס איז אין פריִען עלטער פאַרצערט געוואָרן פון זײַן פּאַטעטישן ענטוזיאַזם, איז געווען דער רעדאַקטאָר: פּרץ סמאָלענסקין. נאָך צײַטשריפטן זענען צוגעקומען מיט די יאָרן, וואו פּובליציסטישער ברען און אידעאישע האַרטנעקיקייט האָבן מיט כּוח אָנגעקגערוימט די אַזוי פאַרשידענע, ווידערשפּעניקע, נאַקעטע ווירקלעכקייט.

מען הייבט אָן געווייגלעך די געשיכטע פון פּאָליטישן ציוניזם מיט הערצלען. דאָס הייסט, אַז דאָס האָט ערשט הערצל אָנגעוויזן אויף דער נויטווענדיקייט צו פּאַרוואַנדלען די ייִדישע היימלאָזיקייט אין אַן אינטערנאַציאָנאַלער פּראָגע און אַוועקשטעלן זי אין איר פולער שאַרפקייט פאַר די מלוכה־מענער אין דער וועלט. אָבער דאָס איז דאָך נישט אינגאַנצן אַזוי. נאָך פאַר אים האָט אַ ייִד פון טאָמאַשאָוו, אין פּיעטריקאָווער געגנט, אין פּוילן, וועלכער האָט זיך באַזעצט אין אָדעס — לעאָ פּינסקער האָט ער געהייסן — פאַרעפנטלעכט אַ בראָשור, וואָס ער האָט זי אָנגערופן "אויטאָעמאַנציפּאַציע"; און דאָרט האָט ער אַרויסגעברענגט באַגריפן, אידייען, פאָדערונגען, מיט וועלכע הערצל איז שפּעטער אַרויסגעקומען. לעאָ (יהודה־לייב) פּינסקער האָט געשטעלט די אויפרודערנדיקע פראַגע: "צי וועלן מיר קיינמאָל נישט האָבן קיין לאַנד? מיר לעבן שוין אַזוי אַכצן הונדערט יאָר, און מיר טוען גאָרנישט צו ענדערן דעם מצב!"... אין זײַן ווערק "אויטאָעמאַנציפּאַציע" האָט ער געשריבן: "אונזער באַגער און פאַרלאַנג איז צו האָבן אַ היימלאַנד, פאַרמאָגן אַ שטיקל ערד, וואו מיר וועלן קענען פירן אַ מענטשלעך לעבן. מיר זענען שוין מיד און פאַרמאַטערט... מיר ווילן ענדלעך לעבן אין אונזער נאַציאָנאַלער מדינה. מיר זענען פעאיק און גרייט צו גרינדן אַ מדינה, און זאָל זי זײַן אַ קליינע! עס איז מער ווי רעכט, אַז מיר זאָלן האָבן אַן אייגן לאַנד!"... דאָס איז געווען אין דער טראַגישער און שטורמישער צײַט פון די פּאָגראָמען פון די אַכציקער יאָרן אין פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט אין רוסלאַנד; די פּאָגראָמען, בנוגע וועלכע די צאַרישע מאַכט האָט ציניש פאַרלייקנט אַז זי האָט אַ האַנט אין זייער אויסברוך, אָבער זי האָט דערבײַ געענוי געוואוסט, ווען און וואו זיי וועלן פאָרקומען און וויפל צײַט דאַרף פאַרלויפן איידער מען וועט זיי אָפּשטעלן... דאָס איז אויך געווען די צײַט, ווען עס האָט ווי אַ רעאַקציע, צווישן ייִדן זיך געשאַפן די אָרגאַניזאַציע "בילו" — ראשי־תּיבות פון דעם אויסרוף "בית יעקב לכו ונלכה", ייִדן קומט, לאָמיר גיין צו אונזער היסטאָריש היימלאַנד!

פּינסקער האָט אויסגעדריקט די געפילן און באַגערן, וועלכע האָבן זיך אָנגעזאַמלט אין מזרח־אייראָפּעאישן ייִד. ווי אַ מאָטאָ צו זײַן האַרץ־אויסגעשריי האָבן אים געדינט די אַלט־ייִדישע, אין ייִדישן געוויסן אײַנגעבאַקענע, ווערטער: "אם אין אני לי, מי לי... ואם לא עכשיו אימתי?" — אויב איך וועל נישט זאָרגן פאַר מײַנעטוועגן, ווער וועט פאַר מיר זאָרגן; און אויב נישט שוין איצט, טאָ ווען דען?... מען קען גאָרנישט אויסרעכענען אַלע מענטשן פון גײַסט, וואָס האָבן אַרום אים זיך געשטעלט און אונטערגעשטיצט זײַן רוף: משה־לייב ליליענבלום אין קיידאַן, שאול־פּינחס ראַבינאָוויטש אין קאַטאָוויץ און וואַרשע, י. ל. לעוואַנדע אין מינסק, יחיאל טשלענאָוו אין קרעמענטשוג, און אַזוי פיל אַנדערע.

ווי דערמאָנט: אומגעפער מיט די זעלבע, און אָפטמאָל געענוי מיט די זעלבע רייד, איז דערשינען הערצל. דער טעקסט פון פּינסקערס "אויטאָעמאַנציפּאַציע"

איז צו אים דערגאַנגען, ווען ער האָט שוין געהאַט אָנגעשריבן זײַן אייגענע בראַשור „יידנשטאַט". ער האָט דעם באַטײַט און ווערט פֿון פּינסקערס פּיאָנערן־ווערק טיף אָפּגעשאַצט. הגם אין מערב־אייראָפּעאישן סאָציאַלן און קולטורעלן קרײַז, אין בודאַפּעשט און ווין, האָט הערצל גוט פֿאַרשטאַנען, אַז בעצם רעדט ער צום מזרח־אייראָפּעאישן ייִד, צו אים איז זײַן רוף געוואַנדן, און פֿונעם אָפּקלאַנג, וואָס זײַן וואָרט וועט באַקומען צווישן דער מזרח־אייראָפּעאישער ייִדישער באַפֿעלקערונג, איז אָפּהענגיק דער גורל פֿון דער באַוועגונג, וואָס ער האָט געגרינדעט. בעת עס האָט געדראָט, אַז די צאַרישע רשעותדיקע רעגירונג זאָל פֿאַרווערן די ציוניסטישע טעטיקייט אין רוסלאַנד, האָט טעאָדאָר הערצל באַטראַכט די גזירה ווי אַ מוראדיקע סכּנה פֿאַר דער צוקונפֿט פֿון ציוניזם. ער האָט געזוכט אַן אוידיענץ בײַם צאַרישן מיניסטער פּלעווע זי אָפּצושרײַען. לאָמיר נישט פֿאַרגעסן, אַז אַפֿילו דער נאָמען „ציוניזם", מיט וועלכן די הערצל־באַוועגונג און די הערצל־אידייע זענען באַקאַנט געוואָרן, איז צוגעטראַכט געוואָרן דורך נתן בירנבוים, וועלכער איז כּולו אַדורכגעווייקט געווען אין מזרח־אייראָפּעאישע ייִדישע טראַדיציעס און אויסגעקנאָטן פֿון ייִדיש־מזרח־אייראָפּעאישע געפֿילן און איבערצײַגונגען.

אָבער דאָ האַנדלט זיך נישט בלויז וועגן דער אידעאָלאָגיע. אין דער פּראַקטיק איז מדינת־ישׂראל געגרינדעט געוואָרן דורכן מזרח־אייראָפּעאישן ייִדנטום. עס איז נישט צו צווייפֿלען, אַז צו דעם אַנטשטיין פֿון דער מדינה האָבן דערפֿירט קודם־כּל די אימיגראַציע־שטראָמען, וואָס זענען זינט די לעצטע יאָרצענדליקער פֿון פֿאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט אָנגעגאַנגען קיין ארץ־ישׂראל, אָדער ווי זיי ווערן אָנגערופֿן: עליות. לאָמיר בקיצור דערמאָנען, וואָסערע זענען געווען אָט־די אימיגראַציע־שטראָמען און פֿון וועמען זיי זענען באַשטאַנען. די ערשטע עלייה, וואָס איז פֿאַרגעקומען אין די יאָרן 1904־1882, און אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט ייִדן פֿון רוסלאַנד, האָט מיטגעבראַכט מיט זיך קיין ארץ־ישׂראל דעם ווייט און צער פֿון דעם איבערגעלעבטן שוידער פֿון די פּאָגראָמען, אָבער אויך דעם נאַציאָנאַלן צאָרן און די פֿעסטקייט פֿון כאַראַקטער, די אַנטשלאָסנקייט אויפֿצובויען דאָס לעבן פֿונדאַסנײַ לויט דעם פּראָגראַם פֿון דער „בילו"־אָרגאַניזאַציע. דורך זיי איז געלייגט געוואָרן דער פֿונדאַמענט פֿאַר די מושבות און ערשטע אַגריקולטורעלע ישובים. דער פּעריאָד פֿון די יאָרן 1914־1904 איז פֿאַרבונדן מיט דער צווייטער עלייה. ווידער באַגעגענען מיר אין איר עולים פֿון רוסלאַנד, און אויך פֿון פּוילן און רומעניע. מען מוז דאָך געדענקען, אַז צו יענער צײַט, ביזן אויסברוך פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז כּמעט גאַנץ מזרח־אייראָפּע געווען באַהערשט פֿון רוסלאַנד. דער קישינעווער פּאָגראָם פֿון אָנהייב הײַנטיקן יאָרהונדערט, די דער־שטיקטע פֿרײַהייט־באַוועגונגען אין דער צאַרישער אימפּעריע, האָבן נאָך שטאַרקער געטריבן צו זוכן אַ האַפֿן פֿאַרן פֿאָלק. דאָס איז געווען די עלייה פֿון די חלוצים;

פון די, וואָס האָבן געגרינדעט די אַרבעטער־באַוועגונג, די קיבוצים; פון די, וואָס האָבן אַרײַנגעשריבן אין דער געשיכטע פון זיך אויפבויענדיקן לאַנד די קאַפּיטלען פון "השומר" און ענלעכן העראָאיזם. מיטן סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה פאַנגט זיך אָן די דריטע עלייה אין די יאָרן 1919־1923. מזרח־אייראָפּע מאַכט דאַן אַדורך דעם שטורם פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע, די בושעוועדיקע פּאָגראָמען פון די קעגנערישע אַרמייען, דעם אויפקום פון די אומאָפּהענגיקע מדינות און די אַנטוישונג, וואָס זיי ברענגען פאַר די ייִדישע דערוואַרטונגען. צוזאַמען דערמיט דרינגט אַרײַן מיט נײַע אָנזאָגן די באַלפור־דעקלאַראַציע, אָנזאָגן און מעגלעכקייטן. דאָס איז אַן עלייה, וואָס איז ווידער צונויפגעלייגט פון פאַר־שידענע ווינקלען פון ייִדיש מזרח־אייראָפּע. גאָר אַ קליינער פּראָצענט ייִדן געפינען זיך דאָרט פון אַנדערע לענדער; אַן עלייה, וואָס לייגט איר טיפן חותם אויפן ישוב אין ארץ־ישׂראל.

דערנאָך קומען שפּעטערדיקע אימיגראַציע־שטראָמען. די פערטע עלייה אין די יאָרן 1924־1928. דאָס איז בעיקר אַ מיטלקלאַס־אימיגראַציע און זי טראָגט אַפילו אַ נאָמען, וואָס האָט אַ שײַכות מיט דער ייִדישער דערפאַרונג אין אומאָפּ־הענגיקן פּוילן: די גראַבסקי־עלייה. אַ פינאַנס־מיניסטער איז ער געווען, דער דאָזיקער גראַבסקי, און אין הסכּם מיט די טענדענצן, וואָס זענען דעמאָלט אָנגע־גאַנגען אין דער פּוילישער רעגירונג, האָט מען געדאַרפט עקאָנאָמיש אונטערדריקן די ייִדישע באַפעלקערונג. דער עקאָנאָמישער פּאָגראָם האָט געדאַרפט אַדורכ־געפירט ווערן אָן רחמנות. אַזוי איז טאַקע געשען, און ייִדן, וואָס האָבן געהאַט די מעגלעכקייט, האָבן אויסגעוואַנדערט. צום ייִדישן לאַנד האָט אַרײַנגעשטראָמט פרישע ענערגיע. אין דעם אויפבוי און אַנטוויקלונג פון די שטעט האָט זיך אָנגעזען דער בײַטראָג פון דער ייִדיש־פּוילישער איניציאַטיוו און דינאַמיק; געזען אַזוי אין אויפשטײַג פון האַנדל און פונאַנדערבלי פון דער אינדוסטריע און אויפקום פון פאַך־אונטערנעמונגען.

ערשט אין דער פינפטער עלייה, אין פּעריאָד פון 1936־1939, באַמערקט זיך אויך אַ באַדײַטנדיקער מערב־אייראָפּעאישער עלעמענט. דאָס זענען געווען די ייִדן, וועלכע האָבן באַוויזן אַרויסצוקומען פון דײַטשלאַנד, וואָס איז שוין דעמאָלט באַהערשט געווען דורך די נאַציס. אָבער אויך אין דער פינפטער עלייה איז נאָך אַלץ דער מזרח־אייראָפּעאישער און צענטראַל־אייראָפּעאישער עלעמענט זייער אַ פּראָמינענטער. דורך פאַרשידענע אופנים רײַסן זיך ייִדן פון פּוילן אַדורך קיין ארץ־ישׂראל, וואָס געפינט זיך אונטער דעם בריטישן מאַנדאַט. ווער עס קומט אויפן סמך פון אַ סערטיפיקאַט, וואָס צו באַקומען אים איז געווען שווער ווי קריעת ים־סוף; ווער עס קומט ווי אַ "קאַפּיטאַליסט" — אַ באַצייכענונג, וואָס האָט געקלונגען ווי אַ ביטערע איראָניע, פאַר די מיליאָנען פאַראָרעמטע ייִדן אין פּוילן.

ווען מען גיט נאָך צו — צו די אויבן־אויסגערעכנטע עליות — די שאָרית־

הפליטה, וואָס האָט זיך דערשלאָגן צו די ארץ־ישׂראל־ברעגן נאָכדעם ווי די צווייטע וועלט־מלחמה האָט זיך פֿאַרענדיקט, און די געעפֿנטע פּאַרטיליקונג־לאַגערן זענען געוואָרן קאָנצענטראַציע־פּונקטן פֿאַר דער אומלעגאַלער עלייה, ווערט קלאָר מיט וואָסער מענטשלעכן עלעמענט און מיט וואָסער באַפֿעלקערונג די ייִדישע מדינה איז געגרינדעט געוואָרן. די טיילן פֿון דער באַפֿעלקערונג, וואָס מאַכן בײַם הײַנטיקן טאָג אויס אַ מערהייט אין מדינת־ישׂראל, און וואָס שטאַמען נישט פֿון מזרח־אייראָפּעאישן און צענטראַל־אייראָפּעאישן געאָגראַפֿישן צירקל, זענען געקומען, און על־פּי־רוב געבראַנגט געוואָרן, ערשט שפּעטער, ווען די מדינה איז שוין געווען פּראָקלאַמירט. ביז דעמאָלט זענען ייִדן, וואָס האָבן נישט געצויגן זייער שורש פֿון מזרח־אייראָפּע, געווען גאָר אַ קליינער פּראָצענט. "פּסעוודאָ־היסטאָריקער" דער־ציילן איצט מעשׂהס וועגן עליות אין פֿאַרגאַנגענע יאָרהונדערטער פֿון אָריענטאַלישע ייִדישע שבטים. אָבער, אויב זיי זענען אַפֿילו פֿאָרגעקומען, און זיי זענען נישט היפּש איבערגעטריבן, זענען זיי דאָך ווי אַ טראָפּן אין ים לגבי די אימיגראַציע־שטראָמען פֿון די מזרח־אייראָפּעאישע ייִדן, אָנהייבנדיק פֿון דער ערשטער עלייה אין אָנהייב פֿון די אַכציקער יאָרן אין פֿאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט.

שוין אָפּגערעדט דערפֿון, וואָס די וועלכע האָבן גענומען אויף זיך די ממש־איבערמענטשלעכע שליחות צו שאַפֿן אַ ייִדישע מדינה און געטראָגן אירע בראשית־לאַסטן, זענען געווען איינער־ב'איינער מזרח־אייראָפּעאישע ייִדן. נחום סאָקאָלאָוו איז געקומען פֿון ווישאָגראָד, חיים ווייצמאַן פֿון מאָטעלע, בערל קאַצענעלסאָן פֿון באָברויסק, זאב זשאַבאָטינסקי פֿון אָדעס, הרב שמואל מאָהילעווער פֿון גלובאָקע, א. ד. גאָרדאָן פֿון טראָיאַנאָוו, מאיר דיזענגאָף פֿון בעסאַראַביע, פּינחס רוטענבערג פֿון ראָמאָני אין אוקראַיִנע, אחד־העם פֿון סקווירע, אין דער געגנט פֿון קיִעוו, דוד בן־גוריון פֿון פּלאָנסק, מנחם מענדל אוסישקין פֿון דובראָוונע, בער באָראָכאָוו פֿון פּאָלטאָווער אומגעגנט. אונזער רשימה וואָלט זיך געדאַרפֿט פֿאַרציִען און פֿאַרציִען, ווען מיר זאָלן וועלן טאַקע אויסרעכענען זיי אַלע. די גאַנצע אימפּאָנירנדיקע שטעטל־געאָגראַפֿיע איז אין איר פֿאַרטראַטן.

אָבער דאָ גייט נישט בלויז אין די פּערזענלעכקייטן און אין די מענטשן, וואָס האָבן געלייגט די ציגל צום בנין. אין ייִדיש מזרח־אייראָפּע איז די מדינה, אויך ווען זי איז נאָך געווען אין דער דימענסיע פֿון אַ חלום, געווען — ווירקלעכ־קייט. מען האָט וועגן איר אין די שטעט און שטעטלעך גערעדט ווי וועגן אַ פֿאַקט. מען האָט בלויז נישט געקענט אָנצייכענען גענוי די דאַטע, ווען דאָס וועט געשען. אָבער אַז אַ ייִדישע מדינה וועט אויפֿקומען, דאָס איז נישט געווען קיין ספֿק. מען האָט איבער איר דיסקוטירט, דעבאַטירט, לײַדנשאַפֿטלעך זיך געאַמפּערט. די גאַרונג צו מדינהשן אויפֿלעב האָט אָפּגעווישט יעדע מחיצה צווישן חלום און קעגנוואַרט. דאָס ייִדישע פֿאָלקס־ליד, וואָס האָט אַרויסגעבראַכט פֿון דער ייִדישער נשמה, האָט דאָס אויסגעדריקט אויפֿן סאַמע רירנדיקסטן אופֿן. אין אַ געזונגען ליד,

וואָס האָט געוואונען פּאָפּולערקייט אין די צוואַנציקער יאָרן, האָט מען טאַקע באַדויערט, וואָס "דערווײַל" באַנוצט מען זיך אין ארץ־ישׂראל מיט ענגלישע פּעסער, אָבער דאָס איז נאָר פּאַרבײַלויפיק. די טעמע אין ליד איז — אַ ייִדישע מלוכה, גלײַך ווי זי וואָלט עקזיסטירט, אַן אומווירקלעכע־ווירקלעכע, אַ נישט־דאַאיקע־פּאַראַנענע.

אויך אין דער פּרעסע איז מען מיט דער איבערצײַגונג־פּאַראַנונג באַנומען געוואָרן. דער דענקער הלל צייטלין, וועלכער איז געווען אַ מיטאַרבעטער אין דער טעגלעכער צײַטונג "דער מאָמענט", וואָס איז דערשינען אין וואַרשע, איז אין יאָר 1919 אַרויס אין "מאָמענט" מיט אַ ציון־אוטאָפּיע "די מדינה ישׂראל אין יאָר 2000". לויט אים איז אויסגעקומען, אַז אַ ייִדישע מדינה דאַרף אַנטשטיין, וועט אַנטשטיין, און איז באַשײַנפּערלעך רעאַל. הלל צייטלין האָט אַפילו צוגעקלערט פּאַר איר אַ נאָמען: מדינת ישׂראל... מער־ווייניקער אַזעלכע מאמרים האָט מען געקענט לייענען אין אַנדערע ייִדישע צײַטונגען, הגם נישט אין אַלע האָבן די מחברים זיך אונטערגענומען פּאַראויסצוזאָגן, וואָס עס וועט זײַן איר נאָמען.

לאַנגע צײַטן האָט מען אין ישׂראל מיט די אויבנדערמאָנטע עלעמענטאַרע אמתן נישט געוואָלט אַרויסקומען. עמעצער, וואָס האָט אונטערגעשטראָכן דעם איינציקאַרטיקן אומגעוויינלעכן בײַטראָג פון ייִדיש מזרח־אייראָפּע צום אויפלעב פון מדינת־ישׂראל, איז גלײַך פּאַרשריִען געוואָרן ווי אַ "שאָוויניסט", אָדער ווי, נעבעך, אַ געשלאָגענער פון קאָמפּלעקס פון נאָסטאַלגיע, פון וועלכער ער קען זיך נישט אויסהיילן.

איצט איז, ווי עס ווײַזט אויס, דער מה־יפית צו די וואָס אַנטשיידן צוליב זייער צאָל אין די וואָל־אורנעס ענדלעך דערעסן געוואָרן. ביסלעכווײַז וואָגן היסטאָריקער און פּובליציסטן אַרויסצוקומען, באַוואָפנט מיט מאַטעריאַלן און פאַקטן, און צו דערקלערן, ווי אַזוי האָט געקענט דערגיין דערצו, אַז מדינת ישׂראל האָט פּראָקלאַמירט איר אַנטשטיין אין יענעם היסטאָרישן פרײַטיק, דעם פינפטן טאָג אין חודש אייר, פון יאָר תש"ח.

אָט האָט דער היסטאָריקער שלמה אבינרי פּאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל, וואָס באַשטימט, אַז מדינת ישׂראל איז טאַקע געגרינדעט געוואָרן אין ייִדיש מזרח־אייראָפּע (דאָס אַרטיקל איז דערשינען אין דער טאָג־צײַטונג "הארץ" דעם 18טן מאי 1990).

העכער פערציק יאָר האָבן באַדאַרפט פּאַרבײַגיין זינט דער עקזיסטענץ פון דער ייִדישער מדינה, כּדי דער אמת זאָל ענדלעך אַרויסשווימען. אפשר וועט דאָס העלפן, די ישׂראל־יוגנט זאָל זיך דערוויסן, אַז די גלות־ייִדן פון די מזרח־אייראָפּעאישע שטעטלעך האָבן געגרינדעט מדינת ישׂראל נאָך איידער זי איז אַנטשטאַנען אויף די ברעגן פון ירדן.

## מערקווירדיקער בריוו, וואָס איז פאַרבליבן אַן אַן ענטפער

עס איז אוממעגלעך צו פאַרלאַנגען, אַז אין די געשיכטע־טעקסטן זאָל אָפּגעגעבן ווערן פּלאַץ פאַר דעם מערקווירדיקן בריוו, וואָס וועגן אים איז די רייד אין אונזער אָפּהאַנדלונג. סוף־כּל־סוף איז דאָך דאָס אַן עפּיזאָד, און נישט אויף איטלעכן עפּיזאָד קאָן מען זיך אָפּשטעלן אין די אַזוי אויך איבערגעלאָדענע טעקסטן. אָבער לויט אונזער מיינונג וואַרפט אָט־דער בריוו ליכט אויף דער אינערלעכער וועלט נישט בלויז פון די, וואָס האָבן אים געשריבן, נאָר אויך פון די ייִדישע מאַסן, וואָס זייער געדאַנקען־גאַנג האָט ער אָפּגעשפּיגלט. מער ווי די סאָציאָלאָגישע פאָרשונגען דערלויבט ער צו דערקענען די אידעאַלן און בענקענישן, וואָס האָבן אין זיי געלעבט. מען האָט מיט דער פולער ערנסטקייט געשריבן דעם בריוו; אין טיפער ערנסטקייט האָט האָט מען אין אים אויסגעלייגט די פּרטים; מיט מי און אָנשטרענגונג האָט מען געזוכט אַ שליח, וואָס זאָל דעם בריוו אָוועקפירן און אים איבערגעבן דאָרט אַהין, וואוהין ער איז געווען געוואָנדן; אומגעדולדיק און אין אַנגסט האָט מען אויסגעקוקט אויף אַן ענטפער. אַי, ער איז נישט געקומען און דער בריוו איז פאַרבליבן אָן אַ תּשובה? — דאָס פאַרמינערט נישט זיין ווערט. נישט צוליב דעם הערט ער אויף מיט זיך פאַרצושטעלן אַ מערקווירדיק, ממש פאַנטאַסטיש און דאָך ווירקלעך, קאַפּיטל פון דער נישט אַזוי ווייטער ייִדישער פאַרגאַנגענהייט.

אַ בריוו אַ קוריאָז? אַוודאי, אָבער איבער אַזעלכע קוריאָזן פּאַסט זיך צו זאָגן, אַז זיי זענען דער קווינטעסענץ, וואָס טראָגט אַריין אינהאַלט און באַוועגט די מענטשלעכע געשיכטע...

אָבער איידער מיר גייען אַריין אין די איינצלהייטן פון מערקווירדיקן בריוו, לאָמיר אויפמישן אַ בלאַט פון דער גאָר אַלטער ייִדישער כראָניק. מיט אומגעפער דריי טויזנט יאָר צוריק, נאָכן טויט פון שלמה המלך, האָט צוליב דער ברויזנדיקער סאָציאַלער אומצופרידנקייט, דאָס ייִדישע פאָלק, צום באַדויערן, זיך געשפּאָלטן. עס זענען אויפגעקומען צוויי ייִדישע מדינות. איינע האָט זיך גערופן מלכות

יהודה — דאָס קעניגרײַך פון יהודה — מיט דער הויפּט־שטאָט אין ירושלים. זי איז באַשטאַנען פון צוויי שבטים: יהודה און בנימין. דאַקעגן די צווייטע מדינה, וואָס האָט זיך גערופן מלכות ישׂראל — דאָס קעניגרײַך פון ישׂראל — מיט דער הויפּט־שטאָט צוערשט אין שכם און דערנאָך אין שומרון, איז באַשטאַנען פון די אַנדערע צען שבטים: ראובן, שמעון, יששכר, זבולון, דן, נפתלי, גד, אשר, אפרים, מנשה (דאָס יידישע פאָלק האָט, ווי באַקאַנט, זיך אויסגעפורעמט פון צוועלף שבטים, אָפּשטאַמיקע פון די זין פון יעקב אָבינו. וואָס שײַך שבט לוי, האָבן זײַנע מיטגלידער זיך פונאַנדערגעשאָטן איבער ביידע יידישע מדינות). די באַציאונגען צווישן די צוויי מלוכות זענען טיילמאָל געווען קאָרעקטע, און טיילמאָל נישט זייער גינסטיקע. ווען־נישט־ווען האָט מען אַפילו געהאַלטן מלחמה צווישן זיך. נאַטירלעך איז די צפון־מלוכה, מלכות ישׂראל, די מער־באַפעלקערטע, געווען די שטאַרקע און רײַכע.

אָבער מיט אַן ערך צוויי טויזנט און זיבן הונדערט יאָר צוריק (גענוי: אין יאָר 722 פאַר דער געוויינלעכער צײַט־רעכענונג) האָט מלכות ישׂראל אויפגעהערט צו עקזיסטירן. זי איז אַטאַקירט געוואָרן דורך דער דעמאָלט־דאָמינירנדיקער וועלט־אימפּעריע אַסיריע, וואָס ווערט אָנגערופן אין אונזערע אַלטע קוועלן: אַשור. ווי דאָס איז דער שטייגער פון אַ וועלט־אײַנרײַסנדיקער אימפּעריע, האָבן אירע אַמביציעס נישט געוואוסט פון קיין אָפּהאַלט. זי האָט צעשטערט די זעלבשטענדיקייט פון דער גרויסער יידישער מדינה; און כּדי צו דערשטיקן בײַ דער באַפעלקערונג יעדן פּרוּוו צו אָרגאַניזירן אַן אויפשטאַנד, זענען די אײַנוואוינער פאַרטריבן געוואָרן פון לאַנד און געצוואונגען געווען אָוועקצוּוואַנדערן צו ווײַטע, פאַרוואָרפענע געגנטן אין אַסיריע. אַזוי דערציילט דער תּנ״ך (ספר מלכים): דער קעניג פון אַשור האָט אַרויסגעיאָגט די יידן צו די פּראָווינצן פון זײַן אימפּעריע, ״און זיי באַזעצט אין חלח, חבור, אויף די ברעגן פון טײַך גוזן, און אין די שטעט פון מדי״ (מלכים־ב, יז, ו). די זעלבע פּרטים ווערן איבערגעחזרט אינעם תּנ״ך־ספר ״דברי הימים״, וואו עס איז צוגעגעבן, אַז די פאַרטריבענע יידן וואוינען נאָך אין יענע געגנטן ״ביז דעם הײַנטיקן טאָג״; דאָס הייסט, ביז צו דער צײַט, ווען די כראָניק איז געשריבן געוואָרן (דברי הימים־א, ה, כו).

אין דער פאַרבליבענער יידישער מדינה, מלכות יהודה, האָט די דערשיטערנדיקע נאַציאָנאַלע טראַגעדיע אַרויסגערופן אַ ווייטיקלעכן אָפּקלאַנג. עס זענען אַרויס פון זכרון די קריגערײַען פון אַמאָל, און מען האָט אויפריכטיק געטרויערט איבער דעם פאָלקס־אומגליק. העלפן האָט מען נישט געקענט. גיך האָט מען געהאַט צו טאָן מיט זיך אַליין. די אימפּעריע פון אַשור האָט טאַקע אַדורכגעמאַכט דעם פּראָצעס פון פונאַנדערפאַל, אָבער די פרישע אימפּעריע, וואָס איז אויפגעשטאַנען אויף איר אָרט, האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט נישט־קלענערע אַמביציעס צו ״דעראָבערן די וועלט״. דאָס איז געווען די אימפּעריע פון באַבילאָניע, וואָס ווערט אין

אונזערע קוועלן אָנגערופן „בבל". אין איר אומגעצוימטן לוסט אײַנצושלינגען לענדער און פעלקער, האָט זי זיך געוואָרפן אויך קעגן דעם קעניגרײַך פון יהודה. די לעצטע יִדישע זעלבשטענדיקייט איז צעשטערט געוואָרן. ירושלים איז פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין חורבות. דאָס האָט פּאַסירט בערך אַנדערטהאַלבן הונדערט יאָר נאָך דעם אונטערגאַנג פון מלכות ישׂראל. אַגב, ביידע אימפּעריעס, אַשור און בבל, האָבן זיך געפונען אויף דער טעריטאָריע, וואָס איז הײַנט באַקאַנט ווי איראַק.

פאַרגיסנדיק טרערן אויפן אייגענעם חורבן, האָט מען דאָך אויף די חורבות פון ירושלים דערמאָנט אויך די אומגליקלעכע ברידער און שוועסטער, וואָס האָבן נאָך פריִער אויסגעטרונקען דעם כּוס פון ביטערניש. דער נביא ירמיהו האָט איבער זיי געערדט מיט רירנדיקער צערטלעכקייט. דאָס זענען געווען טייערע קינדער — האָט ער געזאָגט — אונזער נשמה גייט אויס נאָך זיי! (ירמיהו לא, יט). אַפילו ווען מען איז אַליין געצוואונגען געווען זיך אַוועקצולאָזן אין גלות קיין בבל, האָט מען מיט ליבשאַפט און בענקשאַפט אַרויפגעבערענגט בײַ יעדער געלעגנהייט זייער אָנדענק. מיר זענען אַלע איין פאָלק; אַלע זענען מיר איין בוים! — האָט אויס־גערופן מיט פּאַטאָס דער נביא יחזקאל (יחזקאל לז, יט).

אין לויף פון די יאָרן, האָבן אַ סך פון די, וועלכע זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן קיין בבל, זיך אומגעקערט קיין ארץ־ישׂראל, און ווידער אויפגעלעבט די יִדישע זעלבשטענדיקייט. אויך די, וואָס זענען פאַרבליבן אין דער פרעמד, האָבן ווײַטער געצויגן די פאָלקס־טראַדיציע און אויפגעהיטן דעם יִדישן לעבנס־שטייגער און די אוצרות פון יִדישער גײַסטיקייט. עס איז אָנגענומען, אַז מיר, דאָס יִדישע פאָלק, זענען די אָפּשטאַמיקע פון די צוויי שבטים, פון וועלכע עס איז באַשטאַנען מלכות יהודה: פון די שבטים יהודה און בנימין, און אַביסל אויך פון שבט לוי, וואָס איז געווען אײַנגעגלידערט אין מלכות יהודה.

אָבער וואָס האָט פּאַסירט מיט די צען שבטים, נאָכדעם ווי זיי זענען פאַרטריבן געוואָרן צו די פאַרוואָרפענע מקומות פון דער אַשור־אימפּעריע?

דאָס איז מעגלעך די צומשטאַרקסטן־אינטריגירנדיקע רעטעניש אין אונזער גאַנצער יִדישער געשיכטע. די פאַרשידנסטע ווערסיעס זענען אויסגעוואַקסן. עס האָבן מיט דער הארבער פראַגע זיך באַשעפטיקט די היסטאָריקער און כראָניקער פון אַלטערטום. דער יִדישער היסטאָריקער יאָסעפוס פלאַוויוס האַלט, אַז די צען שבטים זענען פאַרבליבן אויף די ברעגן פון טײַך פּרת (עופראַטעס), וואו זיי זענען אויסגעוואַקסן אין צאָל. אָבער אויך אים האָט זיכער געוואונדערט, פאַרוואָס מ׳האָט מער נישט געהערט וועגן זיי צווישן יִדן. די טעמע איז אויפגעהויבן געוואָרן אין דער תּלמודישער ליטעראַטור: וואו זענען זיי אַהינגעקומען די צען שבטים — די עשׂרת השבטים — וואָס פון זיי איז באַשטאַנען דאָס גרויסע און רײַכע מלכות ישׂראל? אָנערקענטע אויטאָריטעטן האָבן זיך באַטייליקט אין דער

דעבאָטע. אַפֿילו איוב עמעצער האָט פּרובירט אָננעמען, אַז ירמיהו הנביא האָט זיי צוריקגעברענגט קיין ארץ־ישׂראל און זיי זענען — נאָך איידער די אומגליקן זענען אַראָפּגעפֿאַלן אויף מלכות יהודה — געוואָרן אַ טייל פֿון דער פֿאַרבליבענער ייִדישער מדינה, האָט דאָך דער ענטפֿער ווײַט נישט אַלעמען צופֿרידנגעשטעלט. מעגלעך — האָט מען געטענהט — אַז אַביסל פֿאַרטריבענע האָבן זיך אומגעקערט. אָבער עס איז דאָך נישט צו גלייבן, אַז אַ גרויסע, צאַלרײַכע מאַסע זאָל האָבן צוריקגעקומען און מען זאָל וועגן דעם נישט האָבן גערעדט און געשריבן!

האָבן אייניקע געזאָגט, אַז די צען שבטים געפֿינען זיך הינטער די הרי־חושך. דאָס הייסט, אַז ערגעץ־וואו, העט־ווײַט, זענען פֿאַראַן בערג, וואָס זענען אײַנ־געהילט אין אַ געדיכטער פֿינסטערניש און עס איז גאָר אוממעגלעך צו דערגרייכן די דאָזיקע בערג. הינטער זיי לעבן די צען שבטים.

אַנדערע האָבן גערעכנט, אַז זיי לעבן אויף יענער זײַט פֿון טײַך סמבטיון. זינט פֿאַרנעפּלטע צײַטן האָט מען זיך דערציילט, אַז עס פֿליסט אַ טײַך, וואָס מען רופֿט אים סמבטיון, זיבן מײַלן ברייט; און מען האָט אים צוגעשריבן זעלטענע אייגנשאַפֿטן: אַ גאַנצע וואָך שטורעמט ער מיט ווילדן אימפּעט און שוימיקע כוואַליעס, און וואַרפֿט אַרויס פֿון זיך שטיינער, אָבער שבת רוט ער און בלײַבט שטיין געלאָסן. דערפֿון טאָקע נעמט זיך זײַן נאָמען: שבתיאָן, סאַבאַטיאָן, אָדער סמבטיון, דער שבת־טײַך. דער אויבנדערמאָנטער היסטאָריקער פֿלאַוויוס דערמאָנט דעם לעגענדאַרן טײַך. אויך גריכישע און רוימישע כראָניקער פֿאַרצייכענען דעם נאָמען. אין תּלמוד און אין די מדרשים איז וועגן אים די רייד. ״די צען שבטים זענען פֿאַרטריבן געוואָרן צו יענער זײַט פֿון סמבטיון״ — זאָגט זיך אין בראשית רבה (עג, ה), און אויך אין אַנדערע ערטער פֿון דער תּלמודישער ליטעראַטור. אין פֿאָלק זענען אַרומגעגאַנגען מעשׂהס, פֿאַרוואָס די ייִדן פֿון יענער זײַט סמבטיון קומען דאָך קיינמאָל פֿון דאָרט נישט אַרויס; פּשוט, זיי האָבן נישט די מעגלעכקייט דאָס צו טאָן. אַ גאַנצע וואָך וואַרפֿט דער סמבטיון מיט שטיינער; און שבת איז דאָך דאָס אַריבערשפּרײַזן דעם טײַך פֿאַרבונדן מיט חילול־שבת...

אין דער תּלמודישער ליטעראַטור איז אויך אויפֿגעהויבן געוואָרן די פֿראַגע, צי וועלן נאָך די צען שבטים, זיך אַמאָל אומקערן צום פֿאָלק. די דיסקוסיע איז אָנגעגאַנגען. רבי עקיבא, רבי שמעון בן יוחאי, רבי אליעזר, האָבן אַרויסגעזאָגט קעגנזעצלעכע מיינונגען. מען האָט אויך אָנגערירט די פֿראַגע, פֿאַרוואָס איז די צוויי שבטים געראָטן גובר צו זײַן די געפֿאַר פֿון אָפּגעריסנקייט און אַסימילאַציע. דאַקעגן די צען שבטים זענען אײַנגעשלונגען געוואָרן אין שטראָם פֿון די פֿעלקער און פֿון די פּאַסירונגען. דער ענטפֿער איז געפֿאַלן, אַז פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר דעם פֿאַרשידענעם גורל פֿון די שבטים איז דער אופֿן, ווי אַזוי זיי זענען אַוועקגעגאַנגען אין גלות. די צען שבטים האָבן זיך קאָנצענטרירט אין איין לאַנד, זענען זיי געוואָרן גײַסטיק אויסגעטרוקנט און אײַנגעשרומפּן; די צוויי שבטים האָבן זיך פֿונאַנדער־

געשפּרייט איבער פאַרשידענע לענדער — און אויסשפּרייטונג העלפט, אַז אַ פאָלק און אַ קולטור זאָלן באַוויַיזן זיך אויפצוהאַלטן, און נישט פאַרלירן זייערע לעבנס־זאַפטן און ווידערשטאַנד־קראַפט...

צו אַזעלכע און אַנדערע אויספירן איז מען דערגאַנגען אין די תּלמודישע ווערק און אין די פּירושים. אויף איינער אַזאַ דעבאַטע טרעפט מען זיך אָן אין מסכת סנהדרין פּרק י, משנה ג. טאַקע דאָרט לייענט מען אין די פּירושים יענע טיפע היסטאָריאָסאָפישע באַמערקונג, פאַרוואָס אַ צעשפּרייט פאָלק איז גיכער מסוגל זיך אויפצוהאַלטן דורך יאָרטויזנטער, ווי אַ פאָלק וואָס איז קאָנצענטרירט אין איין פּלאַץ.

אָבער אומפאַרענטפערט איז נאָך אַלע דעבאַטעס און וויכּוחים פאַרבליבן די פראַגע: וואָס איז געשען מיט די צען ייִדישע שבטים?

פונאַנדערגעבליט האָבן זיך די ווערסיעס נאָך שטאַרקער אין מיטלאַלטער. רייַזנדיקע האָבן זיך געלאָזט איבער דער וועלט מיטן ציל זיי אויסצוגעפינען. מען האָט זיי געזוכט איבער פאַרשידענע קאָנטינענטן. אַ טייל האָבן פאַרזיכערט, אַז זיי זענען צו זיי דערגאַנגען. פאַנטאַזיע האָט אַריבערגעשטיגן דיווירקלעכקייט. ווילן האָט פאַרשטעלט רעאַלע פאַקטן. פאַרשטעלונג האָט צוגעדעקט דעם אמת.

ווער אַלץ איז ניט געווען צווישן די, וואָס האָבן לייַדנשאַפטלעך געזוכט די פאַרלוירענע ייִדן! די באַרימטע רייַזנדיקע פון מיטלאַלטער, מיסטיקער און פאַרשער, ערנסטע געלערנטע, און אויך — אַוואַנטוריסטן; אלדד הדני (ער האָט געזאָגט אויף זיך אַליין, אַז ער שטאַמט פון פאַרלוירענעם שבט דן), דוד הראובני (ער האָט געוואָלט, אַז מען זאָל אים גלייבן אַז ער קומט אַרויס פון פאַרלוירענעם שבט ראובן), ר׳ בנימין פון טודעלא, ר׳ אברהם אבולעפיא, ר׳ פּתחיה פון רעגענסבורג, ר׳ מנשה בן ישראל, און נאָך אַ סך אַנדערע. ווער ס׳האָט פאַרזיכערט, אַז די צען שבטים געפינען זיך אין אינדיע, און אַז דער טייַך סמבטיון איז דער טייַך גאַנגעס; ווער עס האָט באַשטימט, אַז מ׳קען זיי באַגעגענען טיף אין אַראַביע; ווער עס האָט אויפגעוויזן, אַז זיי זיצן גאָר אויף די הויכקייטן פון די קאַווקאַז־בערג. געוועזן רייַזנדיקע, וואָס האָבן דערציילט אָדער באַשריבן, וואָס זיי האָבן אַליין געזען. אָדער זיי האָבן איבערגעגעבן, וואָס אַנדערע האָבן פאַר זיי דערציילט. פון איינער אַזאַ מעשׂה איז אויסגעקומען, אַז די צען שבטים האָבן אין יענעם מיסטעריעזן ערגעץ־לאַנד אַן אייגענע ייִדישע מלוכה, מיט אַ שטאַרקער אַרמיי; און גוייִשע שכנותדיקע פעלקער מוזן זיי צאָלן צינזן און ציטערן פון מורא פאַר די ייִדישע זעלנער און מאַכטהאָבער. פון אַן אַנדערער מעשׂה האָט אַרויסגעשפּראָצט אַז זיי האַלטן אין זייערע הענט די וויכטיקע געאָגראַפישע פּאָזיציעס אַרום רויטן ים; זיי האָבן ״די שליסלען פון דער וועלט״, און צוליב זייער מאַכט איבערן רויטן ים, רופט מען זיי ״די רויטע ייִדעלעך״. גאָר אין אַ דריטער מעשׂה האָט מען

געקענט פאַרבליפט ווערן פון זייער רײַכקייט; זיי הערשן איבערן לאַנד פון גאָלד חוילה, וואָס ווערט דערמאָנט אין חומש בראשית (ב, יא), און אויך דאָס בית־המדרש איז דאָרט געבויט פון איידלשטיינער און פערל. אָט דאָס גאָלד־לאַנד געפינט זיך אין אַפריקע, נאָענט צו עטיאָפּיע. מען האָט אויפן סאָמע פאַנטאַסטישן אופן צונויפגעמישט ווירקלעכקייטן און זיי דערנענטערט אומגעריכטערהייט.

אָנהייב זיבעצנטן יאָרהונדערט איז אין פּוילן, אין לובלין, אַפילו דערשינען אַ ביכל אין ייִדיש — עברי־טײַטש, ווי מען פלעגט דעמאָלט זאָגן — וואו דער מחבר גרשון בן אליעזר פון פּראָג, האָט איבערגעגעבן פּרטים, וואָס זענען צו אים דערגאַנגען וועגן די צען פאַרלוירענע שבטים, און זייער מאַכט און אַנזען. דאָס דאָזיקע ביכל איז אויפן באַפעל פון די גלחים פאַרברענט געוואָרן אויפן שײַטער־הויפן אין וואַרשע. דאָס וואָס ווערט דאָרט דערציילט, איז אויסגעקומען צו זײַן "געפערלעך" פאַר דעם קאַטוילישן קלער.

מען קען נישט ריידן וועגן די עשׂרת השבטים, און נישט צוגעבן, אַז אויך ווערסיעס פון פאַרשידענעם כאַראַקטער האָבן אַנגעהויבן אַרומגיין. צוערשט האָט מען געזאָגט, אַז די פעלקער, וואָס קאָלאָמבוס האָט אָנגעטראָפן אויפן קאָנטינענט, וואָס ער האָט אַנטדעקט — און וועלכע ער האָט אָנגערופן אינדיער — זענען די עשׂרת השבטים. דערמיט דערקלערט זיך, וואָס זיי ווייסן פון אַ סך ייִדישע מנהגים. אַנדערע האָבן געהאַלטן, אַז די איינוואוינער פון יאַפּאַן שטאַמען פון די עשׂרת השבטים. אין ענגלאַנד האָט זיך געגרינדעט אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט אויפגעוויזן מיט פלערליי ראיות, אַז די צען שבטים דאָס זענען זיי, די ענגלענדער; אַז זיי, אין די בריטישע אינזלען, קומען אַרויס פון די פאַרלוירענע שבטים. דאָס האָבן אויך פאַרזיכערט די איינוואוינער פון דענעמאַרק וועגן זייער אייגענעם יחוס. אַ גאַר רײַכע און עקזאָטישע גענעאַלאָגישע ליטעראַטור האָט זיך אָנגעקליבן, נישט בלויז צווישן ייִדן, אויף דער דאָזיקער טעמע.

קומען מיר איצט צו צום בריוו, וואָס איז פאַרבליבן אָן אַן ענטפער. אין אָנהייב פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט האָבן זיך באַזעצט אין ארץ־ישׂראל אַ ריי תּלמידים פון ווילנער גאון. זיי האָבן געלעבט אין ירושלים, אין חברון, אין צפת, אין טבריה. הגם די, וואָס האָבן אין יענער תּקופה אויסגעקליבן צו וואוינען אין הייליקן לאַנד, האָבן זיך געגריבלט אין דער מיסטיק, לאָזט זיך דאָך נישט זאָגן, אַז אַלע — צווישן די תּלמידים פון ווילנער גאון — זענען געווען פאַרזונקען אין דער קבלה. זיי זענען נישט געווען קיין חסידים. זיי זענען געווען מתנגדים, "ליטוואַקעס". מער געניייגט צו לערנען אַ בלאַט גמרא, ווי צו זעטיקן זייער גײַסטיקן דאָרשט מיט אַנדערע ספרים.

האָבן אָט־די תּלמידים פון ווילנער גאון אין חודש חשון פון יאָר תקצ"א (1830) געשיקט אַ בריוו. זיי האָבן אים אַדרעסירט צום מלך פון די עשׂרת השבטים. דער

בריוו איז געשריבן אין לשון־קודש. צווישן די לעצטנס־אַרויסגעגעבענע דאָקומענטן, וועלכע זענען נוגע דעם מזרח־אייראָפּעאישן ייִדנטום, טרעפט מען זיך אויף אים אָן.

זיי האָבן אין בריוו געשריבן, אַז זיי זענען צופרידן צו ווענדן זיך צו די ייִדישע ברידער, "וואָס רוען אויף דער אַנדערער זײַט פון טײַך 'שבטיון', וואָס רופט זיך 'סמבטיון', און צום קעניג פון ישׂראל, וואָס זיצט אויף זײַן הויכער און דער־הויבענער שטול און געוועלטיקט איבער דער גרויסקייט פון אחינו בני ישׂראל, די צען שבטים"... "נעמט אָ פרידנס־גרוס — שרײַבן די ווילנער ייִדן — פון די געבליבענע רעשטלעך פון שבט יהודה, בנימין און לוי, וואָס זענען צעשפּרייט איבער דער וועלט... אונזער נשמה טוט גלוסטן, אונזער נשמה איז דאָרשטיק, אונזער נפש גאַרט און גייט אויס פון בענקעניש צו זען אייערע הייליקע פּנימער, אַרומצונעמען און קושן דעם שטויב פון אײַערע פיס, ווי אויך צו זען דאָס גע־לײַטערטע, שטראַלנדיקע פּנים פון אונזער האַר דעם קעניג"...

די ייִדן פון ווילנע ריידן זיך אָפּ דאָס האַרץ פאַר די צען שבטים. זיי דערציילן, אַז עס דריקט אויף זיי דער עול פון שטײַערן און אָפּצאָלונגען, און אַז "די פּרנסה ווערט קלענער און אָרעמער. אַ סך עניים ואביונים בעטן ברויט, און עס איז נישטאָ, און שווערע גזירות פאַלן". ווענדן זיי זיך דעריבער צו די ברידער־ייִדן, אַז זיי זאָלן העלפן מיט תּפילה, אַ סך תּפילה טאָן, פאַרגיסן אַ סך טרערן. זיי קענען אויך העלפן מיט שאַפן אַ סנהדרין — אַ ראַט פון גרויסע רבנישע אויטאָריטעטן — אין ארץ־ישׂראל. אַזוי שרײַבן זיי: "אַז עס וועלן קומען אַ צאָל פון אײַערע חכמים דאָ אַהער, און וועלן וויַיזן זייערע דערהויבענע, וואונדערלעכע פּנימער דאָ, און אויך אין אַנדערע ערטער, וועלן זיי אַרײַנזעצן נײַע נשמות אין די דערשלאָגענע און וועלן אויפלעבן די הערצער פון אחינו בני ישׂראל, און זיי וועלן דערקוויקן די נשמה, און עס וועלן זיך אָנגאַרטלען מיט כּוח און שטאַרקייט די שוואַכע"... זיי בעטן אויך, אַז די פאַרמעגלעכע צען שבטים זאָלן זיך בײַשטײַערן לטובת דעם ישוב אין ארץ־ישׂראל... זיי גיבן צו צום סוף: "דערפרייט אונזערע נשמות מיט אײַער שיינעם, פּרעכטיקן געשריפט, מיט אײַער הייליקער האַנט, אין אַ קלאָרער שפּראַך, אין לשון קודש. ענטפערט אויף אונזערע שאלות, לעשט אונזער דאָרשט, דערפרייט אונזערע הערצער. אויך זאָלט איר אונז לאָזן וויסן, ווי אַזוי איר טוט זיצן אין דעם לאַנד, ווי גרויס און שטאַרק איר זענט, און וועגן אײַער לערנונג אין תּורה, כּדי דערמיט צו טרייסטן אַלע אונזערע ברידער אויך אין די גלות־לענדער... דאָס זענען די רייד פון אײַערע ברידער... אין ארץ־ישׂראל, אין ירושלים, חברון און צפת"...

מען האָט דעם בריוו אונטערגעשריבן. די לערער און מנהיגים פון די ווילנער ייִדן האָבן געלייגט זייערע חתימות. מען האָט אים איבערגעגעבן אין די הענט פון אַ שליח, "אַ באַגלויבטער מאַן" — ווי זיי שילדערן אים — "וועלכער האָט זיך אונטערגענומען מיט זײַן פרייען ווילן זיך צו שטאַרקן ווי אַ לייב און צו וואַנדערן

איבער מדבריות און לענדער, און צו זוכן אַ וועג אַנצוקומען צו די עשׂרת השבטים"...

און מען האָט אויסגעקוקט אויף אַן ענטפער. איז דער ענטפער טאַקע נישט געקומען. אָבער פאַרבליבן איז דער בריוו. און דער בריוו זאָגט מער עדות ווי כּלערליי סאָציאָלאָגישע פאָרשונגען אויף דער אינערלעכער וועלט פון יענע ייִדן, וואָס מיר באַצייכענען זיי אין אונזער ייִדישער געשיכטע, ווי: מזרח־אייראָפּעאישע ייִדן. שאַרפע מוחות, ניכטערע אַנאַליטיקער, בליציקע פּיקחים — און דערביַי טרוימער, פאַרוויגטע אין פאַנטאַזיעס, פאַרשפּינטע אין אידעאַלן, אַרויסגענומענע פון אַ העכערער ווירקלעכקייט. ייִדן, וואָס האָבן זיך באַוועגט אין קרייז פון רע־אַליסטישע באַגריפן; אָבער דעם זין פאַר זייער לעבן און געראַנגל האָבן זיי געפונען אין דערהויבענעם אידעאַליזם.

אין פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט האָט אויך מענדעלע מוכר־ספרים, דער קלאַ־סיקער פון דער נייַער ייִדישער ליטעראַטור, אָנגעשריבן זיַין דערציילונג "מסעות בנימין השלישי" — די רייזעס פון בנימין דעם דריטן. דאָס איז אַ סאַטירע אויף דער טעמע פון די צען פאַרלוירענע שבטים. דאָרט ווערט דערציילט וועגן צוויי ייִדן, בנימין און סענדער'ל, פון די שטעטלעך פון דער ייִדישער אָרעמקייט, קאַב־צאַנסק און גלופּסק, וועלכע לאָזן זיך אַוועק זוכן די צען שבטים. דער טייַך פון זייער שטעטל זעט בײַ זיי אויס ווי דער גרויסער אָקעאַן; היימישע מקומות וואַקסן אויס אין זייער פאַנטאַזיע ווי ווייַטע, עקזאָטישע געגנטן. מענדעלע, פילט מען, ווייסט נישט וואָס צו טאָן מיט זייַנע צוויי פאָלקס־זוכער, און ווי אַזוי זיי צו באַהאַנדלען. צי זענען זיי טאַקע בלויז לעכערלעך און דאַרף מען וועגן זיי ריידן מיט סאַרקאַזם — אָדער פאַרדינען זיי באַוואונדערט צו ווערן, וואָס זיי האָבן אויך, אין דער חשכות און ענגשאַפט, אויפגעהאַלטן די דורשט פון זייער גײַסט און די שטראַלן פון זייער פאַנטאַזיע?

וואָס שייַך אונז, זענען מיר זיך מודה: מיר באַוואונדערן זיי. מיר באַוואונדערן יענע ייִדן מיט זייער קאָמפּליצירטער פּסיכיק. מיר באַוואונדערן יענעם בריוו, וואָס זיי האָבן געשריבן מיט פולער אמונה, הגם עס איז אויף אים נישט געקומען קיין תשובה.

# אין געשיכטלעכן אַנטרעף מיט דעם רוסישן ייִדנטום

ווען נאָך פאַרבלײַבן, נאָך דער איצטיקער מאַסן־אויסוואַנדערונג, אַ באַ־דײַטנדיקער ייִדישער ישוב אין רוסלאַנד, אָדער רוסלאַנד וועט ביסלעכווײַז אויס־געליידיקט ווערן פון איר ייִדישער באַפעלקערונג? דאָס איז אַ פראַגע וואָס מיר לאָזן איבער פאַר דער צוקונפט זי צו פאַרענטפערן. ס'איז אָבער קלאָר, אַז דווקא איצט, ווען עס קומט פאַר פאַר אונזערע אויגן אַ געוואַלטיקע ענדערונג אין דער ייִדישער דעמאָגראַפיע, דאַרף געעפנט ווערן, דאָס בלאַט, וואָס דאָס רוסישע ייִדנטום האָט אַרײַנגעשריבן אין דער ייִדישער געשיכטע.

פון דער ייִדישער געשיכטע רײַסט מען נישט אַרויס קיין בלעטער. מען האָט פון איר נישט אַרויסגעריסן דאָס בלאַט פון ייִדנטום פון בבל — דאָס לאַנד פון מיטעלן מזרח צווישן די טײַכן עופראַט און טיגריס — אויך נאָכדעם ווי דער ייִדישער ישוב אין בבל האָט פאַרלוירן זײַן באַטײַט און חשיבות. פאַרקערט, ערשט דעמאָלט האָט מען נאָך מער ווי פריִער, אָנטפלעקט דעם אומפאַרגענגלעכן ווערט פון זײַן בײַטראָג צו אונזער פאָלק און קולטור. מען האָט נישט אַרויסגעריסן דאָס בלאַט פון ייִדישן קיבוץ אין שפּאַניע, אויך נאָכדעם ווי דער ייִדישער צענטער אין שפּאַניע האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן. אַדרבא, ערשט דאַן האָט מען, אין אַ שטאַרקערער מאָס ווי אין דער פאַרגאַנגענהייט, אויסגעלייגט די וויכטיקייט פון צושטײַער פון ספרד — ווי שפּאַניע איז אָנגערופן געוואָרן דורך דורות אין דער ייִדישער וועלט — צו אונזערע גײַסטיקע פאָלקס־אוצרות. מען האָט אויך נישט אַרויסגעריסן דאָס בלאַט פון אַנדערע, אַמאָל בליִענדיקע, און מיט דער צײַט פאַרוועלקטע ישובים. אַ ייִדישער ישוב פאַרגייט, אָבער זײַן קולטור באַשטייט.

אייגנטלעך האָט אין דאָזיקן פּרט געגעבן אַ בײַשפּיל דער נביא ירמיהו. אין די טעג ווען ירושלים האָט אַדורכגעמאַכט שרעקלעכע קאַטאַקליזמען און איז צעשטערט געוואָרן ווי דער מיטלפּונקט פון ייִדישן לעבן, האָט ער אויסגערופן: "אָ, ירושלים, איך געדענק נאָך דעם גנאַד און די ליבשאַפט און דעם חן פון דײַן יוגנט!".

אונז קומט אויפן געדאַנק ירושלים, בעת עס איז די רייד וועגן רוסישן ייִדנטום; ווײַל נאָך מיט אַ טויזנט יאָר צוריק, איז דער ייִדישער ישוב אויף דער רוסישער

ערד פֿאַרגליכן געוואָרן צו ירושלים. אין ווײַטע, פֿאַרנעפּלטע צײַטן, זענען אויפֿגעקומען ייִדישע קהילות אויף די ברעגן פֿון שוואַרצן ים און דעם האַלב־אינזל פֿון קרים; אין דער געגנט פֿון דניעפּער. קיִעוו, די שפּעטערדיקע הויפּט־שטאָט פֿון אוקראַיִנע, איז געווען דער ערשטער קולטור־צענטער פֿון מזרח־אייראָפּעאישן ייִדנטום. אין דער ביבליאָטעק פֿון וואַטיקאַן איז אויפֿגעהיטן געוואָרן אַ ביז גאָר אינטערעסאַנטער מאַנוסקריפּט: תּורה־חידושים, וואָס זענען דאָרט געשריבן געוואָרן אין עלפֿטן יאָרהונדערט.

דער אמת געזאָגט, קען מען גאָרנישט באַשטימען מיט דער פּולער גענויקייט, ווען אַ ייִדישער ישוב האָט אויפֿגעשפּראָצט אין יענע מקומות. ווײַזט אויס, אַז ייִדישע רײַזנדע זענען דאָרט אַהין דערגאַנגען אין פֿריִען מיטלאַלטער. קיִעוו איז געווען דער זאַמלפּונקט פֿון גרויסן טראַנזיט־האַנדל צווישן מערב־אייראָפּע און די מזרח־לענדער פֿון פֿאָדער־אַזיע, און ייִדישע סוחרים האָבן געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל אין דער ווירטשאַפֿטלעכער אַנטוויקלונג פֿון דעם טייל וועלט. אָבער אַפֿילו נאָך איידער די כראָניק־פֿאַרצייכענונגען דערציילן וועגן אַ קהילה־אַקטיווקייט, איז די רייד וועגן אַ מאַנגאָליש פֿאָלק אויף די ברעגן פֿון דער וואָלגע, וואָס איז אַרײַנגעגאַנגען אין קאָנטאַקט מיט די ייִדישע אַדורכפֿאָרער, און דורך זייער ווירקונג אָנגענומען דעם ייִדישן גלויבן און געגרינדעט אַ ייִדישע מלוכה. דאָס איז די מלוכה פֿון די כאַזאַרן, אָדער ווי זיי ווערן אָנגערופֿן אין אונדזערע געשיכטע־קוועלן: די כּוזרים. אויב מען האָט לאַנגע צײַטן געצווייפֿלט, צי האָט טאַקע עקזיסטירט מיט צוועלף הונדערט יאָר צוריק אַ מדינה פֿון גרים, נאָענט צום שוואַרצן ים, אונטערליגט דאָס הײַנט נישט קיין ספֿק. מען קען זיך שפּאַרן אין די קרײַזן פֿון די געלערנטע, צי בלויז די רעגירנדיקע ספֿערן און די הויפּלײַט אין דער כּוזרים־מדינה, האָבן פּראַקטיצירט ייִדישע טראַדיציעס; אָדער דאָס גאַנצע פֿאָלק איז אַריבערגעגאַנגען צו ייִדישקייט. מען קען פֿירן חילוקי־דעות, ווי אַזוי איז פּאָרט געקומען דערצו, אַז ייִדישע אידייען און איבערצײַגונגען האָבן פֿאַר זיך אַדורכגעשניטן אַ וועג; צי איז גענוג געווען דער בלויזער קאָנטאַקט מיט ייִדישע אַדורכפֿאָרער, אָדער ייִדן האָבן דעמאָלט זיך פֿאַרנומען מיט אַקטיווער פּראָפּאַגאַנדע אין פֿאַרשפּרייטן צווישן געצנדינערישע פֿעלקער די ייִדישע באַגריפֿן; אָבער אַז די כּוזרים־מדינה האָט אָנגעהאַלטן ווי אַ ייִדישע מדינה אַן ערך צוויי הונדערט יאָר, ביז דער רוסישער גרויספֿירשט וולאַדימיר האָט זי פֿאַרנומען אין אַ מלחמה, איז אַ זיכערע זאַך. ייִדישע געשיכטלעכע מאַטעריאַלן באַשטעטיקן דאָס, און אויך גיִשט־ייִדישע. אין פֿאַרצײַטישן רוסישן עפּאָס ווערט די כּוזרים־מדינה אָנגערופֿן "דאָס לאַנד פֿון די ייִדן". דער דיכטער און דענקער, וועלכער האָט נישט לאַנג שפּעטער געווירקט צווישן שפּאַנישן ייִדנטום, יהודה הלוי, האָט איבער די כּוזרים און זייער אַריבערגאַנג צו ייִדישקייט אָנגעשריבן איינעם פֿון זײַנע וויכטיקסטע פּראָזע־ווערק.

מיטן שטורם פון די פּאַסירונגען איז פאַרבײַ די כּוזרים־מלוכה. רוסלאַנד, אירע ברייטע טעריטאָריעס, באַקומען אַ סלאַווישן כאַראַקטער. דער קריסטלעכער גלויבן, אין זײַן גריכיש־ביזאַנטינישער פאָרם, ווערט דער הערשנדיקער גלויבן. אָבער די צאָל ייִדן אין אַט־די מקומות שטײַגט. ייִדן גייען אָן מיט זייער פאַרצווייגטער ווירטשאַפטלעכער אַקטיווקייט, און אויך מיט זייער איניציאַטיוו און אַנטשלאָסנקייט אין דער ספערע פון גײַסט. די לערן־אינסטיטוציעס, וואָס זיי גרינדן, געווינען רום. פּערזענלעכקייטן פון וואָג און פאַרנעם וואַקסן אויס ווי למשל, ר׳ משה פון קיִעוו, ר׳ אברהם פון קרים. קאָנטאַקט ווערט אײַנגעשטעלט מיט די ייִדישע גײַסטיקע צענטערס אויפן רהײַן און אין פראַנקרײַך; און אויך אין נאָנטן מזרח. מען דריקט דאָס אויס אין דעם זאָג, וואָס דעראָבערט פּאָפּולערקייט אין דער ייִדישער וועלט: "מקיִעוו תצא תורה", פון קיִעוו, הייסט עס, שטראָמט אָנוויַז און אָריענטאַציע פאַרן פאָלק, וואָס איז צעזייט און צעשפּרייט...

ניין, די מיטלאַלטער־תּקופה אין דער ייִדישער געשיכטע איז ווײַט נישט אַזוי מאָנאָטאָן, ווי מען איז אויפן ערשטן אויגנבליק גענייגט צו רעכענען. עס דערגייען פון איר פאַראינטריגירנדיקע, ממש פאַרבליפנדיקע שטיקער כראָניק. גראָד אין די פעלדער פון אוקראַיִנע און סטעפּעס פון רוסלאַנד ווערן געצויגן די טראַדיציעס, די באַגריפן, און אַפילו די רעדנספאָרמען פון ירושלים...

צײַטן ענדערן זיך. אין רוסלאַנד ענדערן זיי זיך אומגינסטיק פאַר דער ייִדישער באַפעלקערונג. די פירשטן און שפּעטער די צאַרן, רײַסן איבער מיט דער טראַדיציע פון צונויפלעבן. פאַנאַטיזם, ענגע מחשבה — אויב בכלל וועלכע עס איז מחשבה — דעצידירן און דער מלוכה־פּירערשאַפט. אין שכנותדיקן פּוילן עפנט מען בעת די קרײַצצוגן, וואָס בושעווען אין מערב־אייראָפּע, ברייט די טויערן פאַר די ייִדישע פּליטים. נישט אַזוי אין רוסלאַנד. דאָ פאַרמאַכט מען זיי אַלץ ענגער. אַפילו קעגן די וועלכע וואוינען זינט לאַנגע צײַטן, ווערן אָנגעוואָנדן רשעותדיקע באַגרעצונגען. און נישט אין אַלע געגנטן איז זיי דערלויבט צו פאַרבלײַבן. גזירות פאַלן אַראָפּ; גירושים קומען פאַר; אַ העצע פּלייצט; שמד־פאַראָרדנונגען ווערן אַרויסגעגעבן; און אַכזריותדיקע מיטלען ווערן אָנגענומען קעגן די ווידערשפּעניקע. דער צאַר איוואַן דער גרויזאַמער, ווען ער פאַרנעמט פּאָלאָצק, באַפעלט צו דערטרינקען אין טײַך אַלע ייִדן, וואָס וועלן זיך נישט שמדן. אַנדערע צאַרן גייען אין זײַנע פוסטריט. דער ייִדישער גײַסטיקער צענטער אין רוסלאַנד ווערט צעשטערט. דאָס, וואָס די טאַטערן האָבן איבערגעלאָזט נאָך זייערע ווילדע איבערפאַלן, פאַרענדיקן די מאַכטהאָבער און דער דורך זיי אָנגערײַצטער המון. די אַמאָל פּרוכפּערנדיקע קהילות ווערן חרוב. בלויז געציילטע משפחות דרייען זיך אַרום אויף די חורבות; עדות פון דער פאַרגאַנגענער גלאָריע.

אָבער אין דער פֿינסטערניש רײַסן זיך אַרײַן שטראַלן ליכט: דער שײַנענדיקער העראָאיזם און מסירת־נפֿש פֿון די פֿאַרפֿאָלגטע און גערודפֿטע, זייער איבערגעגעבנקייט צו ייִדישע ווערטן, זייער גרייטקייט צו באַצאָלן מיט זייערע לעבנס פֿאַר דער דאָזיקער געטרײַשאַפֿט; און אויך דער טיפֿער אינטערעס, וואָס דערוועקט זיך בײַ טיילן פֿון דער קריסטלעכער באַפֿעלקערונג פֿאַר די פֿאַרבאָטענע און דערנידעריקטע ייִדישע באַגריפֿן. מער ווי אין יעדער אַנדערן לאַנד, טרעט אַרויס אין רוסלאַנד בײַ שיכטן פֿון דער אַלגעמײַנער באַפֿעלקערונג, דער באַגער אויפֿצוהייבן ברעקלעך פֿון ייִדישקייט, שטיקלעך פֿון ייִדישן לעבנס־שטייגער; דער ווילן צו דערקענען און אָפּהיטן ייִדישע טראַדיציעס און מנהגים. אויב מען קען נישט אַריבערגיין צו פֿולער ייִדישקייט, איז מען אַנטשלאָסן אָנצונעמען פֿראַגמענטן און טיילן, און אײַנפֿירן זיי אין אייגענעם לעבן. פֿאַרוואָס מען האָט זיך אָנגעטראָפֿן אין די געגנטן פֿון רוסלאַנד אויף דער דאָזיקער דערשײַנונג מער ווי ערגעץ־אַנדערש, איז אַ פֿראַגע אויף וועלכער עס איז שווער צו געפֿינען אַ צופֿרידנשטעלנדיקן ענטפֿער.

קען זײַן, אַז דאָס האָט צו טאָן מיט דער קאָמפּליצירטער נאַטור פֿון רוסישן מענטש, און מיט זײַן נייגונג אַדורכצוגעדרונגען צו ווערן מיט דער מיסטעריע; קען אויך זײַן, אַז דערצו האָבן מיטגעווירקט די נישט איינגאַנצן אויסגעלאָשענע רעמיניסצענצן פֿון דער כּוזרים־מדינה. ווי דאָס זאָל נישט זײַן, דער פּאַראַדאָקס האָט אָנגעהאַלטן. זײַט־בײַ־זײַט מיט די אַנטי־ייִדישע פֿאַרפֿאָלגונגען און רדיפֿות איז אָנגעגאַנגען (אמת, דער ווײַט נישט גלײַכער) שטראָם צו דערנענטערן זיך צו דער ייִדישער לערע און ייִדישן בליק. אין די אָפֿיציעלע קרײַזן האָט מען אָט־די „פֿאַרייִדישונג באַוועגונג" שאַרף באַקעמפֿט. אירע אָנהענגער, וואָס אויף זייערע שפּורן איז מען געפֿאַלן, האָט מען אָן רחמנות פֿאַרפֿײַניקט, און געוואָרפֿן אויף די שײַטערהויפֿנס. אָבער עס איז אוממעגלעך געווען אויסצוראָטן די שטרעמונג. ווערט איין סעקטע פֿון די „פֿאַרייִדישטע" מענער און פֿרויען אָפּגערוימט, שטייט גלײַך אויף אַ צווייטע, וואָס איז לויט דער אָפֿיציעלער ווערסיע „אָנגעשטעקט מיטן ייִדישן גײַסט". טויזנטער און טויזנטער, ווי עס פֿאַרנאָטירן רוסישע היסטאָריקער, ווערן באַנומען, טראָגן די פֿאַכנדיקע סכּנות, מיט ייִדישע טראַדיציע, און זוכן אין זיי אָנשפּאַר און אָנהאַלט.

אַפֿילו אין די יאָרהונדערטער, ווען גאָר ווייניק ייִדן זענען פֿאַרבליבן אין די רוסישע שטעט און פּראָווינצן, שוועבן דאָרט ייִדישע אידייען אין דער סבֿיבֿה, און ייִדישקייט באַקומט אַ מיסטעריעזן אַרײַנטריט אין די נשמות און הערצער פֿון הויכגעשטעלטע לײַט און פֿון די פּשוטע מאַסן.

צו אַן אויפֿרודערנדיקן נאַציאָנאַלן פֿאַרנעם וואַקסט אויס די ייִדישע דראַמע אין רוסלאַנד ערשט מיט העכער צוויי הונדערט יאָר צוריק. אין דער צווייטער

העלפט פון אַכצנטן יאָרהונדערט ווערט די רוסישע אימפּעריע פאַרוואַנדלט אין גרעסטן צונויפזאַמל־פּונקט פון ייִדישן פאָלק. רוסלאַנד געווינט דורך דעם, וואָס די גרויסמאַכטן טיילן זיך פאַנאַנדער מיט פּוילן, שטיקער פון דער פּוילישער מדינה, אוקראַיִנע, ווײַסרוסלאַנד, ליטע, רומעניע; לענדער און פּראָווינצן, וואָס זענען באַזעצט מיט אַ געדיכטער ייִדישער באַפעלקערונג. די כּמעט ייִדן־ריַינע צאַרישע מלוכה ווערט, ווי איבער נאַכט, דאָס לאַנד מיט דער גרעסטער צאָל ייִדן אין גאַר דער וועלט.

מיט די זאַכן, וואָס מען טרעפט זיך דאָרט אָן זינט דעמאָלט, קען זיך קוים אָן עצה געבן די מענטשלעכע פאַנטאַזיע, און צומאָל נישט די ייִדישע פאַנטאַזיע, וואָס איז געוואוינט צו כלערליי פאַנטאַסטישע היסטאָרישע פּראָצעסן. רשעות? זי בושעוועט אויף אַ ווילדן, נישט־געהאַמעוועטן אופן. די צאַרן און זייערע סוויטעס, און זייערע רעגירונגען, ווייסן נישט פון קיין שום אָפּהאַלט אין זייער וואַנזיניקער פּײַנטלעכער פּאָליטיק. ייִדן־שׂנאה ווערט אַ רעגירונג־סיסטעם; פּאָגראָמען ווערן אָרגאַניזירט דורך מלכות; ייִדישע פּרנסות ווערן אונטערגעשניטן אָן איַינזען; דערנידערונגען פון כלערליי אַספּעקטן; רעליגיעזע, סאָציאַלע, ווירטשאַפטלעכע ווערן אָנגעוואַנדן. אַכזריותן, וואָס אַפילו דער שׂטן — לויט ביאַליקס ווייפולן אויסדרוק — איז נישט בכּוח צו דערפינדן. ס'איז אוממעגלעך אויסצורעכענען זיי אַלע. לאָמיר אָנצייכענען בלויז אייניקע: די קאַנטאָניסטן־גזירה אין דער צײַט פון צאַר ניקאָלאַי דעם ערשטן. קליינע ייִדישע קינדער ווערן אָן רחמנות אַרויסגעריסן פון די אָרעמס פון זייערע מאַמעס און אַוועקגעשיקט אין פאַרוואָרפענע געגנטן צו פּויערן־פאַמיליעס, וואו זיי דאַרפן דערצויגן ווערן, אַדורכמאַכנדיק די טויף־צערעמאָניע, און דערנאָך ווערן זיי אײַנגעגלידערט אין דער אַרמיי אויף צענדליקער יאָרן, פאַקטיש אויפן גאַנצן לעבן; דער פאַרבאָט פאַר ייִדן צו וואוינען אין אַ גאַנצער ריי שטעט און פּראָווינצן, און דאָס באַגרענעצן זייער פאַרקער צו געביטן, וועלכע זענען דורך ייִדן אָנגערופן געוואָרן "תּחום המושב"; באַשולדיקונגען און בילבולים וואָס זענען מיט אָפענעם ציניזם פאַבריצירט געוואָרן דורך די רעגיר־אינסטאַנצן, ווי למשל דער בלוט־בילבול, אַז ייִדן נוצן קריסטלעך בלוט צו די מצות וואָס זיי עסן פּסח. הײַנטיקן יאָרהונדערט, אין יאָר 1913, איז אָרגאַניזירט געוואָרן מיט אָפיציעלער פּאָמפּע, דער ביילִיס־פּראָצעס, אין וועלכן דער ייִד מענדל ביילִיס איז באַשולדיקט געוואָרן אין דאָזיקן "פאַרברעכן"; די "פּראָטאָקאָלן פון די זקני־ציון", אַ העסלעכער פּאַסקוויל, לויט וועלכן עס קומט אויס, אַז ייִדן זענען פאַרטאָן אין אַ פאַרשווערונג צו באַהערשן די וועלט, איז דאָס אומהיימלעכע "ווערק" וואָס איז געשריבן געוואָרן אין רוסלאַנד, אינספּירירט דורך רעגירנדיקע "פּערזענלעכקייטן".

און אין דער זעלבער צײַט — וואָסער וואונדער פון ייִדישן אויסדויער, פון

ייִדישן גלויבן, פֿון ייִדישער דערהויבנקייט! וואָסער שטויגענדיקער בײַטראָג צו דעם געשיכטלעכן וועג פֿון אונזער פֿאָלק!

ווי אומגלויבלעך דאָס זאָל נישט קלינגען: עלנטע, פֿאַרחושכטע ייִדן האָבן אַנטוויקלט אַ קאַמף קעגן די אוממענטשלעכע גזירות. נישט געקוקט אויף אַלע באַגרענעצונגען און פֿאַרבאָטן, טרעפֿט מען זיך אָן אין רוסלאַנד אויף ייִדישע אַרענדאַרן, מילנער, הענדלער, בעלי־מלאכות, אַרבעטער, אַפֿילו אויף ערד־אַרבעטער. מען באַגעגנט אויך אונטערנעמער פֿון אימפּאָנירנדיקן פֿאַרנעם. ייִדן בויען באַנען; פֿאַרנעמען זיך מיט אינטערנאַציאָנאַלן טראַנספּאָרט; גרינדן פֿאַבריקן... ווי אַזוי מען טוט דאָס, איז ממש נישט צו באַגרײַפֿן, ווען מצד די רעגירנדיקע ספֿערן טראַגט מען זיך אַרום מיטן ציל צו דערפֿירן די ייִדישע באַפֿעלקערונג צום אונטערגאַנג. דאָס איז דער לעבנס־ווילן, וואָס באַזיגט שטרויכלונגען און שטיינער.

ערשט די גײַסטיקע אַקטיווקייט, וואָס גייט אָן צווישן רוסישן ייִדנטום אין אַט־דער וואַקכאַנאַליע פֿון העצע און האַס. עס קוקט אויס, ווי מען איז דאָ באמת פֿעאיק געווען אויסצובויען אַ וואונדער־שלאָס, אַן אייגענע וועלט; און אין איר צו לעבן, אין איר זיך אויסצולעבן, און אין מיטן פֿלייצנדיקן ים פֿון טרויער צו געפֿינען אין איר פֿרייד.

אַ שטאַרקע אינערלעכע פֿעסטונג בויען אויס פֿאַר זיך די, וועלכע זענען אַנטשלאָסן, קעגן אַלע בייזע זאַווערוכעס, אַנצוגיין מיט דער ייִדישער טראַדיציע פֿון דורות. די ישיבות אין רוסלאַנד ציִען צו תּלמידים פֿון נאָענט און ווײַט. וואָלאָזשין, סלאָבאָדקע, מיר, טעלז, הגם קליינע שטעטלעך, געווינען רום אין דער ייִדישער וועלט צוליב זייערע לערן־אינסטיטוציעס. ווילנע, וואָס איז אויך צוגעפּאַלן צו רוסלאַנד, וואַקסט אויס אין איר פּולן פֿאַרנעם ווי „ירושלים ד׳ליטא״, דער צענטער פֿון גאון פֿון ווילנע. אָן אַ שיעור רבנישע ספֿרים ווערן פֿאַרעפֿנטלעכט, און זייערע מחברים זענען פֿירנדיקע פּערזענלעכקייטן אין לומדות און מחשבה.

אויך חסידות, וואָס איז רײַף געוואָרן אויף די קאַרפּאַטן־בערג, בעת פּוילן איז נאָך געווען אַ זעלבשטענדיקע מדינה, ציט איר המשך אין די רוסישע טערי־טאָריעס. זי ווערט דאָ פֿאַרטיפֿט. דאָ וואַקסט אויס די שיטה פֿון ר׳ שניאור זלמן פֿון ליאַדי, דאָס חסידות פֿון חב״ד, פֿון ליובאַוויטש. עס גייט אויף דאָס חסידות פֿון בראַצלאַוו, און צו די אוצרות פֿון ייִדישער גײַסטיקייט קומען צו די געדאַנקען־אוצרות פֿון ר׳ נחמן בראַצלאַווער און זײַן תּלמיד ר׳ נתן. דאָ קייטלען זיך אַרײַן אין די שיטות פֿון חסידות די דינאַמיק און באַגײַסטערונג פֿון טשערנאָביל, פֿון קאַרלין. אוממעגלעך אונטערצושיידן צווישן רוסלאַנד און אוקראַיִנע.

די מוסר־אידייען, הגם זיי האָבן תּמיד און אומעטום געווירקט צווישן ייִדן, נעמען אָן אין די רוסישע געגנטן די פֿאָרם פֿון אַ באַוועגונג. דווקא אונטערן קאַלטן רוסישן קלימאַט וואַרעמט זיך אָן מיט זיי ר׳ ישׂראל סאַלאַנטער, און צעגליט מיט

זײַן לערע זײַנע תּלמידים. מאַראַל און עטיק ווערן אַ באַוועגנדיקער כּוח אין דערציִאונג־סיסטעם.

צוליב דער געאָגראַפישער צעמישעניש אין דער רוסישער אימפּעריע איז שווער צו באַשטימען גענוי וואו און אין וועלכער מדינה מען דאַרף אַרײַנפּאַסן די אָדער יענע מקומות, אָבער עס איז נישט איבערגעטריבן צו זאָגן, אַז רוסלאַנד איז געווען דער בליִענדיקער צענטער פון דער השׂכּלה און פון דער מאָדערנער העברעאישער און ייִדישער ליטעראַטור. אין קרעמעניץ האָט געווירקט יצחק־בער לעווינזאָן (ריב״ל), דער טריבון און ערודיט פון דער השׂכּלה, די אויפקלערונג־באַוועגונג, צו וועלכער עס זענען צוגעצויגן געוואָרן טײלן פון דער ייִדישער געזעלשאַפט; דער מחבר פון ווערק, וואָס דער שטויב פון די תּקופות איז אויף זיי נישט אַרויפגעפאַלן און זיי האָבן אויפגעהאַלטן זייער וויכטיקן באַטייט. אין קאָוונע, קאָן מען זאָגן, איז געבוירן געוואָרן די מאָדערנע העברעאישע קינסטלערישע פּראָזע. אברהם מאַפּו האָט דאָרט אָנגעשריבן דערציילונגען וועלכע שילדערן די עפּאָכע פון תּנ״ך, אויפלעבנדיק די פּערזאָנען פון דער ווײַטער פאַרגאַנגענהייט. פון אַלע גײַסטיקע צענטערס וואָס האָבן בײַגעטראָגן צום אויפלעב פון דער העברעאישער שפּראַך, דאַרף געשטעלט ווערן אין אויבנאָן דער ייִדיש־רוסישער צענטער. אויב אין דײַטשלאַנד — מענדעלסאָנס דײַטשלאַנד — האָט די השׂכּלה געשטרעבט צו באַקענען ייִדן מיט דער דײַטשער שפּראַך, האָבן די משׂכּילים אין רוסלאַנד זיך געשטעלט פאַר אַ ציל אײַנצופירן העברעאיש אין טאָג־טעגלעכן באַנוץ. פון רוסישן ייִדנטום איז אויסגעוואַקסן אליעזר בן־יהודה (פּערלמאַן), וועלכער האָט גענומען אויף זיך די דאָזיקע אויפגאַבע. פון רוסישן ייִדנטום זענען אַרײַנגעקומען אין דער העברעאישער ליטעראַטור חיים־נחמן ביאַליק, שאול טשערניכאָווסקי, זלמן שניאור, אחד־העם (אשר גינצבערג), מיכה־יוסף בערדיטשעווסקי, יוסף־חיים ברענער, יוסף קלויזנער. שוין אָפּגערעדט פון די פריִערדיקע, וואָס האָבן אויסגעבויט און צוגעגרייט פאַר זיי דעם וועג, די פּאָעטן: יהודה־לייב גאָרדאָן (יל״ג), אד״ם הכּהן לעבענזאָן, מיכה־יוסף לעבענזאָן (מיכל); דער פּראָזאַאיקער פּרץ סמאָלענסקין און אַ גאַנצע ריי אַנדערע, וועלכע האָבן זייערע נאָגנדיקע פּראָגעס און אינטימע דערוואַרטונגען אַריבערגעטראָגן צו אַלע ישובים, וואו ייִדן האָבן געליטן און געהאָפט.

מען קען אָנצייכענען פאַרשידענע ערטער, וואו עס האָט באַקומען אינהאַלט און אָנגענומען פאָרם די מאָדערנע ייִדישע ליטעראַטור, אָבער אַז צווישן די מזרח־אייראָפּעאישע לענדער מוזן אָפּגעגעבן ווערן חשיבות און אָנערקענונג צום ייִדישן קיבוץ אין רוסלאַנד, איז זיכער. מענדעלע מוכר־ספרים (שלום־יעקב אַבראַמאָוויטש), שלום עליכם (שלום ראַבינאָוויטש), ש. אַנסקי (שלמה־זײַנוול ראַפּאַפּאָרט) — זענען געווען רוסישע ייִדן. זיי זענען פאַרבליבן רוסישע ייִדן אויך ווי קינסטלער, אין זייער ייִדיש לשון, אין זייערע ספּעציפישע אויסדרוקן, אין זייערע אייגנאַרטיקע

אַפּאַריזמען און ווערטלעך. די ״אייניקלעך״, — ווי מען איז געוואוינט אָנצורופן אין דער ייִדישער ליטעראַטור די וואָס זענען געקומען נאָך זיי — אַפּילו ווען זיי זענען אויפגעוואַקסן אין אַנדערע פּייזאַזשן, האָבן איבערגענומען אַ סך פון זייערע פּסיכישע און קינסטלערישע אייגנשאַפטן. די נײַע ייִדישע ליטעראַטור איז אַ לאַנגע צײַט געשטאַנען אונטער דעם צייכן פונעם ייִדיש־רוסישן מקור. דאָס זעלבע קאָן געזאָגט ווערן בנוגע דער העברעאישער ליטעראַטור. דאַרף דאָך מענדעלען צו־געשריבן ווערן דאָס פאַרדינסט פון אײַנפירן אין דער העברעאישער פּראָזע פאָלקס־טימלעכע אויסדרוק־עלעמענטן.

אָבער שעפערישקייט באַגרענעצט זיך נישט בלויז צו ליטעראַטור. צווישן פיל־מיליאָניקן רוסישן ייִדנטום איז אויפגעגאַנגען דער אויפברויז פון די נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע שטרעמונגען און אידעאָלאָגיעס. רוסישע ייִדן האָבן אויסגעטראָגן און אַרויסגעבערענגט די אידייע פון פּאָליטישן ציוניזם, נאָך איידער זי איז אַרײַנ־געשטעלט געוואָרן אין אַ פּאַרטיי־פּראָגראַם. אין רוסלאַנד איז די אידייע פאַרצווייגט געוואָרן און אָנגענומען די פאַרשידנסטע אויסדרוקן. דאָס זעלבע לאָזט זיך זאָגן וועגן אַנדערע אידעאישע שאַטירונגען. דאָס האָבן ייִדישע אַרבעטער אין די רוסישע שטעט און פּראָווינצן אָרגאַניזירט די באַוועגונג פון ייִדישן סאָציאַליזם, דעם ״בונד״, מיט זײַנע געוואָגטע סאָציאַלע אידייען, מיט זײַן ענטוזיאַזם פאַר די דערהויבענע אידעאַלן פון מענטשלעכקייט; מיט זײַן דראַנג צום אויסלייז פון מענטש און ייִד; מיט זײַן רוף צו ווידערשטאַנד און זעלבסט־שוץ; מיט דעם ווילן צום קאַמף, וואָס ער האָט אײַנגעפּלאַנצט אין די ייִדישע מאַסן.

פאַר דעם וויגל פון דער ייִדישער פּרעסע דאַרף בלי ספק באַטראַכט ווערן רוסלאַנד. פון דאָרט האָט זי זיך פאַרשפּרייט איבער אַנדערע ייִדישע ישובים. און עס איז דאָך נישט אָפּצושאַצן מיט וואָסערע אויטענטישע פאָלקס־כּוחות די פּרעסע אין ייִדיש האָט געשפּרודלט אין צײַטן פון וויי און אָנמאַכט.

מען קען נאָך צוגעבן היסטאָרישע צושטײַערן אין אַנדערע געביטן. אין דער געשיכטע־שרײַבונג: פון די רוסישע געגנטן איז געקומען שמעון דובנאָוו. אין דער פאָרשונג, אין דער ייִדישער מחשבה: יצחק נחמן שטיינבערג, ישׂראל צינבערג, בעל־מחשבות (ישראל עליאַשעוו). אין דער פּלאַסטישער קונסט, אין דער סקולפּטור, אין דער מוזיק, אין פאָלקס־ליד, אין טעאַטער. צופיל מאָנומענטאַלע אויפטועו און שטראַלענדיקע נעמען וואַרפן זיך אָן אין געדאַנק, אַז מען זאָל זיי קענען אַלע פאַרצייכענען.

אַ סך ציטאַטן וואָלטן געקענט געבערענגט ווערן, וועלכע באַווײַזן וואָסער שטאַרקע וואָגיקייט מען האָט געגעבן אין דער ייִדישער וועלט פאַר דעם בײַטראָג פון רוסישן ייִדנטום. לאָמיר לכל הפּחות דערמאָנען, וואָס הערצל האָט געשריבן נאָכן ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס: ״דאָס דערשײַנען אויפן קאָנגרעס פון די ייִדן אין רוסלאַנד, זייער קומען קיין באַזעל, איז אין מײַנע אויגן דאָס

וויכטיקסטע. וואָס איז געשען אויפן קאָנגרעס. מיר דאַרפן זיך שעמען וואָס מיר האָבן גערעכנט, אַז מיר — מערב־אייראָפּעאישע ייִדן — שטייען העכער ווי זיי... זיי פאַרמאָגן אַן אינערלעכע אחדות״...

אמת: דערנאָך איז געקומען די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע, וואָס האָט נאָך אַ קורצן פרילינג, צעשטערט דאָס גײַסטיקע ייִדישע לעבן אין רוסלאַנד. דער סטאַלין־רעזשים האָט צוריקגעברענגט שפּעטער די רציחות און שוידערלעכע אַכזריותן פון די צאַרישע צײַטן. אָבער אויך בײַ די אומדערטרעגלעכע פאַר־העלטנישן איז נישט אויסגעלאָשן געוואָרן די אַנטשלאָסנקייט צו ווידערשטאַנד; דער כּוח פון שעפערישקייט; דער ווילן צו ציִען די גאָלדענע טראַדיציעס פון טויזנט יאָר רוסיש ייִדנטום.

צי פאַרמאַכט זיך דאָס בלאַט פון די ייִדן אין רוסלאַנד? — לאָמיר איבערלאָזן פאַר דער צוקונפט צו פאַרענטפערן די פראַגע; אָבער לאָמיר עפענען מיט רעספּעקט און ליבשאַפט דאָס בלאַט פון דער ייִדיש־רוסישער געשיכטע. צו־אימפּאָנירנדיק, צו־פילפאַרביק, צו־ווערטפול איז די דאָזיקע געשיכטע, אַז זי זאָל באַהאַנדלט ווערן ווי אַ געשיכטע פון פּליטים, וואָס עס איז נישט כדאי אין איר צו וואַרפן אַ בליק. לאָמיר געדענקען: אַ ייִדישער ישוב פאַרגייט, אָבער זײַן קולטור באַשטייט.

## די ווערטן, וואָס רוסיש ייִדנטום האָט אַרײַנגעטראָגן

באַלד נאָך נאַכט קומען זיי אָן, די רוסישע ייִדן, קיין מדינת־ישׂראל. מענער, פֿרויען, קינדער. טויזנט מיטאַמאָל, פֿופֿצן הונדערט, און אַמאָל גאָר צוויי טויזנט, און אַפֿילו נאָך מער. צענדליקער טויזנטער זענען שוין אָנגעקומען. מען טרעפֿט זיך אויף זיי אָן אין די שטעט און שטעטלעך, אין די דערפֿער און קיבוצים. רוסיש איז בײַם הײַנטיקן טאָג די פֿרעמדע שפּראַך, וואָס קלינגט צום מײַסטן אָפּ אין ארץ־ישׂראל. נאָך מיט אַ קורצער צײַט צוריק, האָט אָט־די מאַסן־עלייה פֿון ייִדן פֿון סאָוויעט־רוסלאַנד, אויסגעזען אינגאַנצן אוממגלויבלעך. צוזאַמען מיט די האַרבע פּראָבלעמען, וועלכע זי רוקט אָן, דאָס פּראָבלעם פֿון דירות פֿאַר די אָנקומענדיקע, אַרבעטס־מעגלעכקייטן, צופּאַסונג־באַדינגונגען, און אַזוי ווײַטער און ווײַטער, און צוזאַמען מיט דער פֿרייד, די פֿרייד, וואָס זי רופֿט אַרויס, די פֿרייד, וואָס ענדלעך איז די ייִדן אין ראַטנפֿאַרבאַנד געגעבן געוואָרן די מעגלעכקייט אַרויסצופֿאָרן און צו געפֿינען זייער אָרט אין דער ייִדישער מדינה, וואַקסט אויך די דערוואַרטונג: וואָס וועט אָט־די נײַעסטע עלייה ברענגען מיט זיך.

עס זענען שוין געווען עליות פֿון רוסישע ייִדן קיין ארץ־ישׂראל. דער עיקר איז געגאַנגען אָן אימיגראַציע־שטראָם נאָך די פּאָגראָמען פֿון די אַכציקער יאָרן בײַם סוף פֿון פֿאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט. אמת: דעמאָלט איז נישט געקומען אַזאַ אימפּאָנירנדיקע צאָל ווי הײַנט. אָבער אויך די באַשרענקטע צאָל, וואָס איז דער־גאַנגען פֿון צאַרישן רוסלאַנד צו די ברעגן פֿון ארץ־ישׂראל, האָט געלייגט אַ טיפֿן חותם אויפֿן אויפֿשפּראָץ און אויף דער שפּעטערדיקער אויסגעשטאַלטונג פֿון ישוב. איז מען דעריבער באַרעכטיקט צו שטעלן איצט די פֿראַגע, וואָס פֿאַרמאָגט שווערע געשיכטלעכע וואָג: וואָסערע ווערטן וועט דער אַקטועלער אָנקום פֿון רוסישע ייִדן אַרײַנטראָגן אין דער ייִדישער מדינה?

מען קען צומאָל נישט פּרובירן ענטפֿערן אויף דער פֿראַגע, אויב מען וואַרפֿט נישט פֿריער אַ בליק אין דער פֿאַרגאַנגענהייט פֿון רוסישן ייִדנטום בכלל. זינט דער צווייטער העלפֿט פֿון אַכצנטן יאָרהונדערט — דאָס הייסט: זינט העכער צוויי הונדערט יאָר — איז רוסלאַנד געוואָרן אַ פֿירנדיקער ייִדישער צענטער. אויב אין די

פריערדיקע צײַטן איז דאָרט די ייִדישע באַפעלקערונג געווען קליין אין צאָל, זענען מיטן מאָמענט, וואָס פוילן האָט אַנגעוואוירן איר זעלבשטענדיקייט, גרויסע שטיקער פון דער פוילישער טעריטאָריע צוגעפאַלן צום דעמאָלטיקן צאַרישן רוסלאַנד; און ליטע, אוקראַיִנע, ווײַסרוסלאַנד, פוילן גופא, זענען דאָך געווען געדיכט־באַפעלקערט מיט ייִדן. די גרויסע מערהייט פון מזרח־אייראָפּעאישן ייִדנטום איז ווי אַ קאָנ־סעקווענץ פון דער ענדערונג, וואָס איז אַרײַנגעטראָטן אין דער אייראָפּעאישער מאַפּע, געוואָרן צונויפגעבונדן מיט דער רוסישער אימפּעריע. רוסלאַנד איז אויס־געוואַקסן ווי די מדינה מיט דער צאָלרײַכסטער ייִדישער באַפעלקערונג אין דער וועלט. קרוב פינף און אַ האַלבן מיליאָן ייִדן האָבן אָנהייב הײַנטיקן יאָרהונדערט דאָרט געוואוינט. וואָסערע זענען זיי געווען, און זענען, די רוסישע ייִדן? וואָס לאָזט זיך וועגן זיי זאָגן, און ווי אַזוי און מיט וואָס איז מעגלעך זיי צו כאַראַק־טעריזירן? מען האָט זיך אָנגעשטרענגט אין דער ייִדישער געשיכטע־שרײַבונג און סאָציאָלאָגיע אַנצוצייכענען זייערע עיקר־שטריכן און גריבלען זיך אין זייערע אויפטוען. צווישן די, וואָס האָבן דאָס געטאָן, געפינען זיך פאַרשער פון וואָג און פאַרנעם, ווי שמעון דובנאָוו, בן־ציון דינאַבורג (דינור), אליהו טשעריקאָווער.

בײַ די איצטיקע אומשטענדן, אויג אויף אויג מיט דער מאַסן־עלייה פון רוסישע ייִדן קיין ארץ־ישׂראל, איז פון באַזונדערער אַקטועלקייט אומצוקערן זיך צו אָט־דער טעמע.

דער געדיכט־באַפעלקערטער ייִדישער צענטער אין רוסלאַנד האָט בלי־ספק זיך אויסגעצייכנט מיט זײַן אומגעוויינלעכער דינאַמיק און כסדר אַקטיווער און שטורמישער ענערגיע. אין צאַרישן רוסלאַנד זענען ייִדן געווען פּאָליטיש און סאָציאַל רעכטלאָז. די מאַכט איז געווען טראַדיציאָנעל אַנטיסעמיטיש; און דער אַנטי־ייִדישער קורס האָט זיך געשפּײַזט פון איראַציאָנעלע שטאַפּן, וואָס האָבן געהאַט אַנהאַלט אין די רוסישע מאַסן. נאָך אין דער תקופה, ווען דער ייִדישער ישוב איז געווען רעדוצירט, האָט מען דאָרט זיך אַרומגעטראָגן מיט פלענער אַריבער־צופירן ייִדן אויפן קריסטלעך־פּראַוואָסלאַוונעם גלויבן. מען האָט דאָס אָנגערופן: די שטרעבונג אָנצושליסן ייִדן אין דער רוסישער ציוויליזאַציע; און מען האָט זיך פון איר נישט אָפּגעזאָגט, ווען די צאָל ייִדן איז געשטיגן. אדרבא, די טענדענץ איז געוואַקסן. כלערליי נידערטרעכטיקייטן און אַבסורדן זענען אָנגעוואָנדן געוואָרן כדי צו דערנידעריקן און באַליידיקן די ייִדישע טראַדיציע און לעבנס־שטייגער; און די, וועלכע זענען פאַרבליבן געטרײַ צו זיי. עס זענען געווען פּעריאָדן, ווען מען האָט די שמד־גזירות אַרויפגעוואָרפן שוין אויף יונגוואַרג. קליינע קינדער זענען געוואָרן אַרויסגעריסן מיט אכזריות פון די אָרעמס פון זייערע עלטערן און אַוועקגעשיקט געוואָרן אין פאַרוואָרפענע געגנטן־קאַנטאָנען, וואו פויערים האָבן זיי באַדאַרפט דערציען און צוגרייטן צו שמד. אונטער דער באַצייכענונג "קאָנ־

טאַניסטן״ זענען אָט־די אומגליקלעכע קינדער אַרײַנגעגאַנגען אין אונזער געשיכטע.

די שׂינאה צו ייִדן איז אַרויסגעטראָטן אויף אַלע געביטן. פאַר דער ייִדישער באַפעלקערונג זענען אונטערגעהאַקט געוואָרן די צווײַגן פון פרנסה, איז אוועקגענומען געוואָרן די מעגלעכקייט זיך צו געפינען אין אַ מער לײַטישער געזעלשאַפט. ייִדן זענען געווען פאַראורטיילט צו פאַרבלײַבן אויפן נידעריקסטן סאָציאַלן און ווירטשאַפטלעכן שטאַפּל.

און דאָך איז ווײַט נישט ריכטיק צו באַשטימען, אַז די גאַנצע ייִדישע באַפעלקערונג איז באַשטאַנען פון אַן אָרעמער, געדריקטער, פון קאָמפּלעקסן־געשלאָגענער מאַסע. געווען, נאַטירלעך, אַזעלכע. מענדעלע מוכר־ספרים האָט זיי געשילדערט אין זײַן סאַטירישן קבצנים־בוך ״פישקע דער קרומער״, אָבער געווען אויך אַנדערע; און דווקא נישט אין קיין קליינער צאָל. ייִדן זענען געווען גרויסע אינדוסטריעלער אין צאַרישן רוסלאַנד, פאַבריקאַנטן, פינאַנסיסטן, דערפאָלגרײַכע עקספּאָרטערן. זיי האָבן געגעבן די איניציאַטיוו צו בויען באַנען, אָדורכפירן שאָסייען, אַנטוויקלען די טעקסטיל־אינדוסטריע, די צוקער און האָלץ־אינדוסטריעס, די נאַפט־גרובנס, טראַנספּאָרטירן סחורות אויפן ניעמאַן, אויף דער וואָלגע, אויפן דניעפּער, אויף דער ווײַסל, אויפן קאַספּישן ים. אין סאַמע מיטן פון דער מיטלאַלטערלעכער פעאָדאַלער ווירטשאַפט, אין וועלכער דאָס לאַנד האָט זיך נאָך געפונען, האָבן ייִדישע ווירטשאַפט־וויזיאָנערן און אונטערנעמער אַרײַנגעבערענגט מער פאַרגעשריטענע און מאָדערנע פאָרמען פון דער עקאָנאָמיע. זיי האָבן בײַגעטראָגן צו דער אַנטוויקלונג פון אָדעס, כערסאָן, מאָסקווע, פעטערבורג און אַנדערע שטעט: זיי אַרויסגעהויבן פון זייער פרימיטיוון צושטאַנד.

פרעגט נישט, ווי אַזוי זיי האָבן דאָס באַוויזן טראָץ די שטרענגע באַגרענעצונגען, וועלכע זענען געווען קעגן זיי אויסגעמאָסטן, און די רשעותדיקע פאַרפאָלגונגען. יעדער ענטפער, וואָס ווערט געגעבן בכדי צו דערקלערן די אויסטערלישע דערשײַנונג, דערקלערט גאָרנישט און באַלויכט גאָרנישט. מען קען אויסרעכענען אַ לאַנגע ריי פון פאַרצווײַגטע ייִדישע פאַמיליעס, וועלכע זענען אַרײַנגעדרונגען אין פירנדיקע און אַנטשיידנדיקע פאָזיציעס פון דער ווירטשאַפט אין דער אַנטיסעמיטישער אימפּעריע: די גינזבורגס פון פעטערבורג, די פּאָליאַקאָווס פון מאָסקווע, די מאַרגאָלינס פון קיִעוו, די וואַוועלבערגס און קראָנענבערגס פון וואַרשע, די וויסאָצקיס פון מאָסקווע און אָדעס. נאָך אַנדערע וואָלטן געקענט צוגעגעבן ווערן צו דער רשימה.

דאָס נײַנצנטע יאָרהונדערט האָט אַרויפגעברענגט אַ שפּאַר ביסל ייִדישע פינאַנסיסטן און אינדוסטריעלער פון שוואונג און גרויסן פאַרמאָג אין די ערטער פון דער ייִדישער צעשפּרײַטקייט. די ראָטשילד־משפּחה אין דײַטשלאַנד קען אָוועקגעשטעלט ווערן אין אויבנאָן. ייִדישע פּיאָנערן פון אויפגייענדיקן קאַפּיטאַליזם זענען אָנגעגאַנגען מיט זייער טעטיקייט, מיט אימפּעט, ברען און ענטוזיאַזם, אין

די מערב־אייראָפּעאישע לענדער. אָבער דאָס, וואָס האָט געהאַט אָן אָרט אין מזרח־אייראָפּע, וואו די רוסישע ייִדן־פּיינטלעכע אימפּעריע האָט געגעבן דעם טאָן, פאַרמאָגט נישט קיין פאַרגלייַך. דאָ האָבן, ווי דורך אַ כּישוף־שפּרונג, "די קעניגן פון די שנאָרער", לויט דעם אויסדרוק פון ייִדיש־ענגלישן שרייַבער ישׂראל זאַנגוויל, געגרינדעט קאָלאָסאַלע פאַבריקן, פאַרלייגט יעדע פאַנטאַזיע־איבער־שטייַגנדיקע אינדוסטריעס, אויפגעשטעלט אינטערנאַציאָנאַלע באַנק־סיסטעמען, פאַרוואַנדלט דערפער אין בליִענדיקע שטעט; און דאָס אַלץ קעגנאיבער כוואַליעס פון האַס, וואָס האָבן געפּלייצט מיט נישט־געהאַמעוועטער ווילדקייט.

מיר באַוואונדערן די ייִדישע וויטאַליטעט און איניציאַטיוו אין די לענדער, אין וועלכע ייִדן איז אויסגעקומען צו זוכן שוץ, און וואו זיי האָבן אויפגעבויט זייערע היימען. אָבער פאַר דער ייִדישער ענערגיע, וואָס האָט געשטראָמט אין דער צאַרישער אימפּעריע, וואָס האָט אַרומגענומען רוסלאַנד און דאָס רוב לענדער פון מזרח־אייראָפּע, שטייען מיר דערשטוינטע און פאַרגאַפטע. וואָלטן די זאַכן נישט געווען אונטערגעשטיצט מיט דאָקומענטן און ציפערן, קען זייַן, אַז מיר וואָלטן בכלל געצווייפלט אין דער ריכטיקייט פון דעם, וואָס ווערט אָנגעגעבן. מיר וואָלטן דאָס באַטראַכט ווי פון פינגער אויסגעזויגענע מעשׂהלעך.

ניין, פרעגט נישט, ווי אַזוי עס האָט געקענט קומען דערצו. אין דער ייִדישער געשיכטע אָטעמט אַפילו דאָס קאַפּיטל, וואָס האָט צו טאָן מיט דער עקאָנאָמיע, מיט — עטוואָס פון דער מיסטעריע. דאָס, וואָס לאָזט זיך פאַרשטיין און לייַכט דערקלערן אין דער אַלגעמיינער ווירטשאַפטלעכער געשיכטע, איז נישט אַזוי פּשוט, ווען עס האַנדלט זיך אין דער ייִדישער דערפאַרונג. דערפון נעמט זיך, פאַרוואָס זאָמבאַרט, מאַרקס און אַנדערע עקספּערטן אין דער עקאָנאָמישער וויסנשאַפט, האָבן געמאַכט אַזוי פיל טעותים, ווען זיי האָבן געוואָלט אינטערפּרעטירן דעם ייִדישן אַקטיוון אָנטייל אין דער אַנטוויקלונג פון די ווירטשאַפטלעכע פּראָצעסן. ייִדן האָבן באַוויזן צו פאַרבלייַבן אויף דער אויבערפלאַך, ווייַל זיי זענען געווען פעאיק צוצופּאַסן זיך צו די זיך ענדערנדיקע ווירטשאַפט־פאָרמען צו זייער גונסטן, פּסקנט אָפּ קאַרל מאַרקס. אָבער ער דעקט נישט אויף דעם אינערלעכן כּוח, אַדאַנק וועלכן זיי האָבן דאָס געקענט טאָן.

און דערבײַ — צוזאַמען מיט דעם פאַרבליפנדיקן שטראָם פון ענערגיע אין פעלד פון דער ווירטשאַפט — וואָסער פאַרוואונדערנדיקע אַקטיוויקייט אין דער ספערע פון גייַסט! אויך אין אַלץ, וואָס איז שייַך דער גייַסטיקער קולטור, האָט דער וואַנזיניקער צאַרישער האַס קעגן ייִדן, נישט געוואוסט פון קיין אָפּהאַלט. מען האָט באַגרענעצט, און צייַטנווייַז אַפילו פאַרווערט, דאָס אַרויסגעבן ספרים און ביכער, וועלכע ייִדן האָבן באַגערט צו לערנען אָדער לייענען; באַגרענעצונגען און פאַר־באָטן, וואָס האָבן, נאַטירלעך, זיך נישט באַצויגן צו טויף־פּראָפּאַגאַנדע אָדער צו

מאַטעריאַלן, וועלכע זענען צוגעפּאַלן צו דעם געשמאַק פֿון צענזאָר און האָבן האַרמאָניזירט מיט דער טענדענץ פֿון די צאַרן און זייערע הויפֿלײַט. די יסורים פֿון גיהנום האָט מען געמוזט אַדורכמאַכן איידער מען האָט אַרויסגעקראָגן אַ דער־לויבעניש אַרויסצוגעבן אַ צײַטונג אין העברעאיש אָדער ייִדיש. נישט בלויז אין מאָדערנער ליטעראַטור האָט זיך אַרײַנגעמישט די אומברחמנותדיקע שער פֿון דער צענזור, נאָר אויך אין דעם, וואָס שטייט געשריבן אין תּלמוד אָדער אין רבנישע ספרים.

דערצו האָט גראָד אין די געגנטן פֿון צאַרישן רוסלאַנד, אין די אָריגינעל־רוסישע און אין די אַנעקסירטע רוסיפֿיצירטע פּראָווינצן, אָנגעהאַלטן צווישן ייִדן אַ טיפֿער, ממש לײַדנשאַפֿטלעכער באַגער צו לערנען און באַרײַכערן זיך מיט וויסן, אַזוי ווי דאָס האָט נאָך קיינמאָל נישט פֿאַסירט פֿריער אין קיין שום ייִדישן וואוינ־אָרט און אין קיין שום פּעריאָד אין דער ייִדישער געשיכטע. מען האָט זיך דאָרט אָנגעטראָפֿן אויף אַ הונגער און דאָרשט צום געדרוקטן וואָרט. דורך דעם אינ־דוסטריאַליזירונג־פּראָצעס, וואָס איז אָנגעגאַנגען, אין אַ גרויסער מאָס, ווי געזאָגט, אַ דאַנק דער ייִדישער ווירטשאַפֿטלעכער איניציאַטיוו, איז אויפֿגעשטאַנען אַ קלאַס פֿון ייִדישע בעלי־מלאכות און אַרבעטער, וואָס אַזאַ האָט נאָך קיינמאָל פֿריִער נישט עקזיסטירט בײַ אונזער פֿאָלק. אין דער טערמינאָלאָגיע פֿון יענער צײַט האָט מען געזאָגט: אַ באַוואוסטזיניקער אַרבעטער־קלאַס. דאָס איז געווען אַן אַרבעטער־קלאַס, וועלכער איז געווען פֿאַראינטערעסירט און פֿאַרטאָן נישט בלויז אין אויס־בעסערן זײַנע מאַטעריעלע באַדינגונגען, נאָר נישט ווייניקער אין באַרײַכערן זיך מיט ייִדישער קולטור און מיט די אוצרות פֿון ייִדישן גײַסט פֿון אַלע דורות; אַן אַרבעטער־קלאַס, וואָס ייִדישע ווירדע און פֿאָלקס־כּבוד זענען פֿאַר אים געווען בילכער ווי ברויט צו דער זעט, און פֿאַר וועמען זעלבסטשוץ איז געגאַנגען האַנט־בײַ־האַנט מיט זעלבסט־בילדונג. עס זענען געווען אַזוינע, וואָס האָבן אין די ספרים פֿון פֿאַרצײַטנס געפֿונען זייער פֿולע באַפֿרידיקונג, און עס זענען געווען אַנדערע, וואָס מאָדערנע באַגריפֿן און אידייען האָבן זיי געלאָקט. די רעאַקציאָנערע מאַכט האָט אײַנגעלייגט וועלטן, אַז „שעדלעכער" דרוק־מאַטעריאַל זאָל נישט אַדורכ־ברעכן די צוימען און זיך אַרײַנגנבֿענען אין די ייִדישע קוואַרטאַלן און געסלעך. גאַנצע געגנטן זענען דערקלערט געוואָרן, ווי פֿאַרבאָטענע פֿאַר ייִדן. „תּחום המושב" האָבן ייִדן אָנגערופֿן יענע ערטער, וואו זיי איז יאָ דערלויבט געוואָרן צו שטעלן זייער פֿוס. אָבער די דאָזיקע קוואַרטאַלן און געסלעך האָבן געפֿונען די פֿאַרשידנסטע מיטלען, ווי אַזוי פֿאַרט צו האָבן בײַ זיך „אומלעגאַלע" ליטעראַטור. איך האָב נישט פֿאַר זיך, שרײַבנדיק די שורות, קיין סטאַטיסטישע טאַבעלן, אין וויפֿל עקזעמפּלאַרן די פֿאַרלאַגן אין ווילנע און זשיטאָמיר האָבן געדרוקט די מסכתּות פֿון תּלמוד, אָדער אין וויפֿל עקזעמפּלאַרן אַלעקסאַנדער צעדערבוים, דער רעדאַקטאָר פֿון דער העברעאישער אויסגאַבע „המליץ", האָט פֿאַרעפֿנטלעכט זײַן צײַטונג, צי

גאָר וואָסער ס'איז געווען דער טיראַזש פון דער ערשטער טעגלעכער צייַטונג אין יִדיש ״דער פרייַנד״, וואָס ש. ראַפּאָפּאָרט האָט אַרויסגעגעבן אין פּעטערבורג. דאָס איז אויך נישט מאָסגעבנדיק, וואָרום דער אמת איז, אַז צענדליקער און צענדליקער האָבן געלערנט פון זעלבן ספר, האָבן געלייענט דעם זעלבן עקזעמפּלאַר פון דער צייַטונג, האָבן געשלונגען דאָס זעלבע בוך; און האָבן די אותיות שוין געמעגט זייַן אָפּגעריבן פון אַזוי פיל באַנוץ.

אין קעגנזאַץ צו דעם, ווי אַזוי עס האָט זיך אויסגעפורעמט יִדיש לעבן אין מערב־אייראָפּע, האָט אין מזרח־אייראָפּע — לייען: אין דער גרויסער רוסישער אימפּעריע — זיך אַנטוויקלט אַ באַזונדערע פּעאיקייט אַרייַנצוגעבן יִדישן אינהאַלט און יִדישלעכן כאַראַקטער אין אידייען און באַוועגונגען, וועלכע זענען לכתחילה אַראָפּגעקומען פון דרויסן. דער סאָציאַליזם איז אַדורכגעדרונגען געוואָרן מיט אידעאַלן פון דער יִדישער פאַרגאַנגענהייט, מיט דער פּראָזע פון דער יִדישער קעגנוואַרט, און מיט די וויזיעס פון די יִדישע ״טעג, וואָס וועלן קומען״. דער נאַציאָנאַליזם האָט באַקומען די כאַראַקטעריסטישע צייכנס פון אַ שטרעמונג, וואָס איז אויסגעוואַקסן צו באַפרידיקן יִדישע נויטן און היסטאָרישע שטרעבונגען. דער ״בונד״, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן בייַם סוף פון פאַרגאַנגענעם יאָר־הונדערט אין ווילנע, האָט געבערענגט צום אויסדרוק די פאָדערונגען און האָפענונגען פון יִדישע אַרבעטער. דער ציוניזם, אין אַלע זייַנע שאַטירונגען, איז געווען דער המשך פון דער חיבת ציון־באַוועגונג, וואָס האָט אַנטוויקלט איר אַקטיווקייט אין משך פון גאַנצן פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, און וואָס האָט באַהויכט און אָנגע־וואַרעמט אויך די פריערדיקע דורות. רוסישע יִדן זענען געווען מייַסטער אין אַרייַנברענגען יִדישע גייַסטיקע ווערטן אין געדאַנקען־סיסטעמען, וואָס זענען, בייַ דעם גאַנצן פרעמדלעכן לבוש, וואָס זיי האָבן געטראָגן אויף זיך, געווען מסוגל עטוואָס צו זאָגן דעם יִדישן מענטש. אין די אַמאָליקע צייַטן האָט זיך אויפן דאָזיקן געביט אויסגעצייכנט דאָס שפּאַנישע יִדנטום. אין דער מאָדערנער תקופה האָט דאָס גרויס־רוסישע יִדנטום געצויגן מיט געוואַגטקייט אָט־די ליניע, אין דער פילאָסאָפיע, אין דער ליטעראַטור, און אויך אין דער סאָציאַלער און פּאָליטישער מחשבה; און עס איז נישט איבערגעטריבן צו באַשטימען, אַז זי האָט אין דעם פּרט אַפילו אַריבערגעשטיגן די יִדישע דענקער אין מיטלאַלטערלעכן שפּאַניע.

עס טאָר אויך נישט אַדורכגעלאָזט ווערן אַן אַנדערע דערשייַנונג, וועלכע איז פאַרבליבן אייגנטימלעך פאַרן רוסישן יִדנטום, און וואָס ברענגט אַרויס נאָך אַ קאָנטראַסט צו די יִדישע קיבוצים אין דער מערב־וועלט: מיט דעם אויפקום פון דער עמאַנציפּאַציע און פון דער מעגלעכקייט, וואָס האָט זיך געשאַפן פאַר יִדן צו דערגרייכן הויכע בילדונג, האָט אַן אַקאַדעמישע קאַריערע, אין דער מערהייט פאַלן, באַדייַט, דאָס דערווייַטערן זיך פון דער יִדישער געזעלשאַפט. צווישן דער

ייִדישער אינטעליגענץ אין מערב־אייראָפּע האָט טאַקע זיך אַרויסגעהויבן די נייגונג צו אַסימילאַציע. ווי אַנדערש איז דאָס געווען אין דעם רוסישן ייִדנטום! מען קען נישט זאָגן, אַז אַסימילאַציע האָט נישט צוגעצויגן צו זיך געבילדעטע רוסישע ייִדן. אַסימילאַציע איז אַ נאַטירלעכער סאָציאַלער פּראָצעס. זי האָט נאָך עקזיסטירט צווישן דער ייִדישער באַפעלקערונג אין אַמאָליקן ארץ־ישׂראל, אין אַלטערטימלעכן גריכנלאַנד, אין אַלטערטימלעכן רוים. אָבער אין צאַרישן רוסלאַנד זענען אַנטשטאַנען באַדײַטנדיקע גרופּעס פון אַקאַדעמיקער און פּראָפעסיאָנאַלן — און נישט דווקא געציילטע יחידים — וועלכע האָבן אָפּגעוואָרפן די אַסימילאַציע און זי באַקעמפט. זיי זענען געווען טעטיק אין די באַוועגונגען, וואָס האָבן געווירקט אין דער ייִדישער גאַס. ייִדישער קיום האָט באַשעפטיקט זייער געדאַנק. ייִדיש קהילה־לעבן איז זיי געווען נאָנט צום האַרץ.

אין דער צאַרישער אימפּעריע האָבן ייִדישע אַקאַדעמיקער און פּראָפעסיאָנאַלן זיך נישט געפונען צווישן די באַקלאָגער און באַוויינער פון פאָלק און די שוואַרצזעער פון זײַן צוקונפט. גראָד זיי זענען על פּי רוב געווען די וועלכע האָבן געוועקט, געמאָנט, און גערופן נישט אַרײַנצופאַלן אין יִאוש. דאָ איז נישט געשטאַנען קיין מחיצה צווישן די פאָלקסטימלעכע שיכטן און דער העכער אינטעליגענץ.

מען וועט זאָגן: אָבער אין דעם, וואָס איז אַרויסגעברענגט געוואָרן, איז אַלץ די רייד וועגן ייִדן אין צאַרישן רוסלאַנד; און זינט אָקטאָבער 1917 האָט זיך דאָך אַ סך געענדערט. די יסודות פון ייִדישן לעבן אין רוסלאַנד זענען צעשטערט געוואָרן. נישט בלויז די שווערד פון פיזישן פאַרלענד האָט זיך אויפגעהויבן קעגן ייִדן, קעגן די אינטעלעקטואַלן און מענטשן פון פאָלק, נאָר אויך ייִדישקייט, אין אַלע אירע אויסדרוקן, איז געבערענגט געוואָרן אויפן מזבח. וואָס קען מען דערוואַרטן פון אַ דור, וועלכער איז אויסגעוואַקסן אין די אומהיימלעכע פאַרהעלטנישן, וואָס האָבן זיך געשאַפן אין ראַטנפאַרבאַנד? צי קען דען געמאָלט זײַן, אַז די גרויסע און רומפולע טראַדיציע פון רוסישן ייִדנטום זאָל נאָך האָבן אַן אינהאַלט צווישן די, וואָס האָבן קוים אַן אַנונג וועגן איר?

אָבער דער אמת איז, אַז דער ייִדישער פונק איז אויך אונטער דער טיראַניע פון סטאַלין, זײַנע פאַרבינדעטע און נאָכפאָלגער, נישט אויסגעלאָשן געוואָרן. די "יעווסעקציע", וואָס איז געגאַנגען אין שפּאַן פון דער ברוטאַלער דיקטאַטור, האָט ווײַט נישט רעפּרעזענטירט די איבערצייגונגען און שטרעבונגען פון דער ייִדישער באַפעלקערונג. אונטער מאַראַנען־באַדינגונגען האָבן די רוסיש־סאָוויעטישע ייִדן אויפגעהאַלטן זייער כּלל־ישׂראל־באַוואוסטזײַן. זייער צוגעבונדנקייט צו דער ייִדישער קולטור און צו די ייִדישע באַגריפן. נאָך נישט אַלע פאַקטן זענען אונז באַקאַנט. ערשט לעצטנס איז מיר אויסגעקומען צו הערן פון די נײַ־געקומענע, מיט וואָסער מסירת־נפש און קרבנות־גרייטקייט מען האָט אויפגעהאַלטן אין יענער,

מיט זיבן ריגלען אָפּגעשלאָסענער, און מיט כלערליי געפּאַרן דראָענדיקער, וועלט, אומלעגאַלע ייִדישקייט־לימודים פֿאַר ייִדישע קינדער. מען האָט אין געהיים אויף אַ העקטאָגראַף קאָפּירט דעם אלף־בית, און די בויגנס פּאַפּיר צעשיקט אויך צו אַנדערע אומלעגאַלע קרײַזלעך. טויט־שטראָף איז געהאַנגען אויף די, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין דער "אַנטי־רעוואָלוציאָנערער" אַרבעט. אָבער מען האָט דאָס געטאָן. אין האַרץ האָט געקלאַפּט די האָפֿענונג, אַז אין איינעם אַ טאָג וועלן די קינדער פֿאַרשטיין, אַזוי ווי עס זאָגט זיך אין פֿאָלקס־ליד, "וויפֿל אין די אותיות ליגן טרערן, און וויפֿל געוויין". די שענסטע מתּנה, וואָס אַ קינד האָט געקענט באַקומען, איז געווען אַ בויגן פּאַפּיר, פֿון וועלכן ס'האָט אַראָפּגעשײַנט דער אלף־בית.

וואָסערע ווערטן וועט די מאַסן־עלייה פֿון רוסישן ייִדנטום אַרײַנטראָגן אין מדינת־ישׂראל? אויפֿן סמך פֿון די דערפֿאַרונגען פֿון רוסישן ייִדנטום, קען מען דערוואַרטן אַ שטראָם פֿון וויטאַליטעט און ענערגיע, וואָס וועט באַפֿרוכפּערן די ווירטשאַפֿט און די גײַסטיקע טעטיקייט; אַן אַנטשלאָסנקייט אַרײַנצובריינגען ייִדישן אינהאַלט אין די באַגריפֿן פֿון דער נײַער צײַט; פֿולע אידענטיפֿיצירונג מיט דעם ייִדישן היסטאָרישן וועג; און ווער ווייסט, וואָסערע נאָך אַנדערע באַהאַל־טענע כּוחות פּולסירן אין די צענער־טויזנטער זין און טעכטער פֿון אונזער פֿאָלק, וואָס קומען אָן נאַכט נאָך נאַכט צום פֿלי־פּלאַץ אין לוד.

אין דער געאָגראַפּיע האָט אוקראַיִנע, פֿאַרשטייט זיך, עקזיסטירט. זינט אַלטע צײַטן האָט מען געוואוסט, אַז אין דרום־מערב פֿון מזרח־אייראָפּע ציט זיך אויס, פֿון שוואַרצן ים ביז דעם טײַך פּריפּעט אין צפֿון און ביז די קאַרפּאַטן־בערג אין מערב, אַ שטח, וואָס ווערט באַצייכנט ווי אוקראַיִנע. אין אים גייען אַרײַן דער דניעפּער־טאָל, די דניעסטער־געגנט, די געגנטן פֿון דוניעץ, פּאָדאָליע און וואָלין. מען האָט געוואוסט, אַז דער דאָזיקער שטח איז באַוואוינט פֿון אַ סלאַוויש פֿאָלק, וועלכן מ'רופֿט אָן אוקראַיִנער. אָבער אויף דער מאַפּע, וואו עס פֿיגורירן אומאָפּהענגיקע מדינות, איז פֿאַר אוקראַיִנע זעלטן־ווען אָפּגעגעבן געוואָרן אַ פּלאַץ.

אוקראַיִנע האָט זעלטן־ווען געגאָסן פֿון זעלבשטענדיקייט. ס'זענען געווען צײַטן, ווען זי איז באַהערשט געוואָרן דורך רוסלאַנד; און טאַקע רוסלאַנד האָט דווקא דעמאָלט געוואָלט, אַז אָט־די טעריטאָריע זאָל גלײַכער באַקאַנט זײַן ווי "קליין־רוסלאַנד"; ס'זענען געווען יאָרן, ווען זי האָט זיך געפֿונען אונטער דער מאַכט פֿון די פּאָליאַקן, פֿון די טאָטערן, פֿון די ליטווינער, די עסטרײַכער, און אויך פֿון די טערקן. דערפֿון האָט זיך גענומען, וואָס מ'האָט קיינמאָל נישט געוואוסט, וואו די גרענעצן פֿון דער "היסטאָרישער" אוקראַיִנע הייבן זיך אָן, און וואו זיי ענדיקן זיך. ס'האָט זיך געוואָנדן אין די אַמביציעס, אינטערעסן, און מעגלעכקייטן פֿון די וועלכע האָבן אין יענעם מאָמענט געוועלטיקט איבער דער אוקראַיִנישער טעריטאָריע. אַן אומגעווייִנלעך־רײַך לאַנד, געבענטשט מיט פּרוכפּערדיקער ערד, גרויסע טײַכן, געדיכטע וועלדער, נאַטירלעכע אוצרות, האָט עס געבייצט די שכנים: געלאָקט, אַז מ'זאָל עס נעמען אין אייגענעם באַזיץ.

אָט־די דאָזיקע כסדרדיקע פּאָליטישע ענדערונגען, וועלכע זענען אַרײַנגעטראָטן אין מצב פֿון אוקראַיִנע, האָבן, נאַטירלעך, זיך אָפּגערופֿן אויף די ייִדן, וואָס האָבן באַוווינט אָט־די געגנטן. ס'זענען געווען תּקופֿות, ווען מען האָט זיי טאַקע באַצייכנט, ווי אוקראַיִנישע ייִדן; אָבער נאָך לענגערע צײַטן זענען געווען, ווען זיי זענען דערשינען ווי רוסישע ייִדן, פּוילישע ייִדן; אָדער גאָר ליטווישע, צי עסטרײַכישע.

איצט, פאַר אונזערע אויגן, טוישט זיך ווידער דאָס בילד. מיטן אויפשטיין פון אַן אומאָפּהענגיק אוקראַינע, קען מען ענדלעך רעדן דײַטלעך וועגן אַן אוקראַיניש יִדנטום. נישט סאָוויעט־רוסלאַנד, צי אַן אַנדערע מדינה, נאָר אוקראַינע; אויב, פאַרשטייט זיך, דער מצב, וואָס האָט זיך אײַנגעשטעלט, וועט אָנהאַלטן.

מיט די אַלע שוועריקייטן, וואָס רוקן זיך אונטער בעת מ׳רעדט וועגן אוקראַינער יִדן — און בײַ אַלע אומגענויקייטן, וועלכע ס׳איז נישט מעגלעך אויסצומײַדן באַרירנדיק די דאָזיקע טעמע — לאָזט זיך פאָרט באַשטימען, אַז די יִדישע געשיכטע אויפן אוקראַינע־שטח ציט זיך שוין זינט העכער טויזנט יאָר. דאָס איז איינער פון די עלטסטע ישובים אין מזרח־אייראָפּע. מ׳איז געקומען אַהער פון די ערטער בײַם שוואַרצן ים, פון קאַווקאַז, פון פּערסיע. אויף אָט־דער טעריטאָריע איז אויפגעקומען די מלוכה פון די כּוזרים; דאָס מאַנגאָלישע כּאַזאַרן־פאָלק, וואָס האָט אין אַכטן יאָרהונדערט אָנגענומען דעם יִדישן גלויבן און געגרינדעט אויף די ברעגן פון דער וואָלגע אַ מעכטיקע מדינה, וואָס האָט עקזיסטירט אומגעפער צוויי הונדערט יאָר. זי איז צעשטערט געוואָרן דורך די רוסישע פירשטן, וועלכע האָבן דעמאָלט אונטערגענומען זייער גרויסע עקספּאַנסיע.

אָבער נישט מיטן אונטערגיין פון דער כּוזרים־מדינה, זענען יִדן אינגאַנצן אַוועקגעגאַנגען פון דאָרט. מ׳האָט זיך אויסגעשפּרייט אין די אַרומיקע מקומות. מ׳איז אַרונטערגעפאַלן אונטער דער מאַכט פון פאַרשידענע מושלים און פעלקער. אָבער מען איז כּסדר געקומען דאָ אַהער. מ׳איז אַנטלאָפן פון מערב־אייראָפּע, וואו די יִדישע לאַגע איז געוואָרן אומדערטרעגלעך צוליב די שווערע גזירות, וואָס זענען אַראָפּגעפאַלן, און די ביטערע רדיפות, וואָס זענען אָנגעגאַנגען. אוקראַינע איז געווען אַ האַפן פאַר פּליטים, הגם זיי, די פּליטים, האָבן קוים געהאַט אַן אָנונג, צי זענען זיי באמת דערגאַנגען קיין אוקראַינע, אָדער זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין רוסלאַנד צי אין פּוילן. אוקראַינע, ווי די אײַנוואַנדערער האָבן אויסגעפונען, איז דער טײַטש ״דאָס גרענעץ־לאַנד״; און מ׳האָט זיך צוגעוואוינט צום דאָזיקן באַגריף. מ׳האָט געוואוסט, אַז דאָ ענדערן זיך גרענעצן. דאָ טוישן זיך מאַכטהאָבער. אָבער צי איז דען געווען ערגעץ אַנדערש, וואוהין צו גיין?

אין דער רבנישער ליטעראַטור, וואָס איז אָנגעשריבן געוואָרן אין יענער מיטלאַלטער־תּקופה, פּילט זיך וועלכע קווענקלענישן די מחברים, סײַ אין מזרח־אייראָפּע, סײַ אין מערב־אייראָפּע, האָבן געהאַט בײַם אָנרופן די דאָזיקע קהילות מיט אַ ריכטיקן נאָמען. צי דאַרפן זיי נישט אַרײַנגענומען ווערן אין כּלל פון די רוסישע און פּוילישע קהילות? דאַכט זיך, אַז יאָ. אָבער פאָרט זענען צווישן זיי אויסגעוואַקסן אייגנטימלעכע מינהגים; פאָרט קען מען דערקענען, אַז ס׳זענען בײַ זיי אַנטשטאַנען פאַרשידענע טראַדיציעס, באַזונדערע אייגנשאַפטן. מיט איין וואָרט: אַ באַזונדערער קיבוץ, מיט זײַנע אייגענע כאַראַקטעריסטישע שטריכן.

אָבער נישט בלויז פּראָבלעמען, ווי אַזוי צו "קלאַסיפיצירן" די אוקראַיִנישע ייִדן, זענען אַנטשטאַנען. דאָס ייִדישע לעבן אין די אוקראַיִנישע געגנטן איז צוליב אַט־די פאַרפלאָנטערטע פּאַרהעלטנישן געוואָרן פילפאַכיק שווערער. אַפילו ווען אין די שכנותדיקע טעריטאָריעס האָבן ייִדן, ווי־עס־איז געקענט אַנגיין מיט זייער עקזיסטענץ, איז אויף אוקראַיִנער ייִדן אַראָפּגעפאַלן, מיט איר גאַנצער לאַסט די פּראָגע פון "לאָיאַלקייט". יעדער דעראָבערער פון דאָזיקן שטח, האָט געפאָדערט, בײַ די ייִדישע אײַנוואוינער, אַז זיי זאָלן זײַן לאָיאַל צו אים; און יעדער מאַכט־האָבער האָט זיי באַשולדיקט, אַז זיי זענען נישט לאָיאַל. די ייִדישע פאַרזיכערונגען האָבן ווייניק־וואָס געהאָלפן. ווי "פאַרדעכטיקטע" אין אומלאָיאַלקייט זענען זיי געשטעלט געוואָרן אויסערן געזעץ. גאָר אָפט זענען זיי געווען הפקר; זיי, זייערע לעבנס, זייער האָב און גוטס.

נאָך שטאַרקער זענען קעגן זיי געשטיגן די באַשולדיקונגען, ווען זיי זענען באַשעפטיקט געוואָרן ווי אַרענדאַרן דורך די פּוילישע פּריצים און מאַגנאַטן. דאָס איז געווען בעיקר אין זיבעצנטן יאָרהונדערט. אוקראַיִנע איז דאַן געווען אַ טייל פון דער פּוילישער מלוכה. ייִדן, וועלכע האָבן ביז צו יענער צײַט זיך באַשעפטיקט מיט האַנדל און פאַרשידנערליי מלאכות, זענען דורך די פּוילישע אייגנטימער באַשטימט געוואָרן ווי די אַדמיניסטראַטאָרן פון זייערע גיטער. צו די פּריצים און מאַגנאַטן האָבן געהערט די שטעט און דערפער, און זיי זענען געווען פאַראינטערעסירט אַרויסצוציִען וואָס מער הכנסות און שטײַערן פון דער באַפעלקערונג. ייִדן האָבן באַדאַרפט אויפמאַנען די צאָלונגען. די פאַרביטערטע אוקראַיִנישע פּויערן און שטאָטישע אײַנוואוינער זענען געווען אומצופרידענע און פאַרביטערטע.

ווי אונטערדריקטע, האָבן זיי געוואָלט אויסלאָדן קעגן עמעצן דעם צאָרן. אָבער זיי האָבן נישט אַלע מאָל געהאַט קיין אַנוגג, ווער זענען די אייגנטימער, וואָס דריקן זיי אונטער. זיי האָבן געהאַט פאַר זייערע אויגן בלויז דעם ייִדישן אַרענדאַר, דעם ייִדישן אַדמיניסטראַטאָר. דערצו זענען דאָך געווען אַנדערע סיבות, צוליב וועלכע צו האָסן ייִדן. זיי האָבן אַ פאַרשידענעם רעליגיעזן גלויבן. זיי זענען נישט קיין קריסטן, קיין "פּראַוואָסלאַוונע". קעגן ייִדן זענען אויסגעבראָכן פּאָגראָמען. אויף ייִדן זענען אויסגעפירט געוואָרן שחיטות. דאָס זענען די רציחות, וועלכע זענען אַרײַן אין אונזער ייִדישער געשיכטע, ווי די "גזירות ת"ח". לויטן ייִדישן לוח זענען זיי אויסגעפאַלן אין יאָר פיגף טויזנט פיר הונדערט און אַכט (ה'ת"ח). אין אַלגעמיינעם קאַלענדאַר איז דאָס געווען אין יאָר 1648. דער העטמאַן פון די אוקראַיִנער קאָזאַקן־באַנדעס, באָגדאַן כמיעלניצקי, איז געשטאַנען בראש פון דעם מערדער־מאַרש קעגן ייִדן.

דאָס איז געווען אַ פּעריאָד פון שוידער און גרויל פאַר אוקראַיִנישע און פּוילישע ייִדן. אַן עדות פון די אויפציטערנדיקע פּאַסירונגען, נתן נטע האַנאָווער, האָט זיי פאַרשריבן אין זײַן כראָניק. הונדערטער קהילות זענען חרוב געוואָרן.

העכער הונדערט טויזנט ייִדן זענען אומגעקומען. מענער, פרויען, קינדער. מ׳האָט געהאַט די מעגלעכקייט צו ראַטעווען זיך דורך שמד; אָבער מען איז גלייַכער געגאַנגען אויף קידוש־השם.

נישט מיטן דערשטיקן דעם קאָזאַקן־אויפשטאַנד האָט די ייִדישע לאַגע זיך געבעסערט אויף לאַנג, אַנדערע קאָזאַקן־באַנדעס זענען אויפגעשטאַנען. הײדאַ־מאַקעס־קאָזאַקן. רוצחים אונטער דער אָנפירונג פון העטמאַן גאָנטאַ. דאָס אַכצנטע יאָרהונדערט איז מיט זיי פול. ייִדן אין אוקראַינע האָבן אויסגעטרונקען דעם פולן כּוס פון ביטערניש. פאַרשטייט זיך, אַז פלאַמען פון שׂנאה, וואָס האָבן זיך אָנגעצונדן אין די מדינות, וואָס האָבן געהאַלטן אוקראַינע אין זייער באַזיץ, האָבן אויפגעפלאַקערט מיט אַן אומהיימלעכן פייער אין דער טעריטאָריע פון אוקראַינע, אַזוי איז געשען אין די אַכציקער יאָרן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט. די כוואַליע פאָגראָמען, וואָס האָט פאַרפלייצט די גאַנצע דעמאָלטיקע רוסישע אימפּעריע, האָט פאַרכאַפּט אויך אוקראַינע.

ערשט די קאַפּיטלען פון בלוט און טרערן, וואָס דאָס אוקראַינישע ייִדנטום האָט אַרייַנגעשריבן אין הייַנטיקן יאָרהונדערט. מיטן אויסברוך פון דער באָלשע־וויסטישער רעוואָלוציע אין 1917 האָבן אין אוקראַינע זיך אָרגאַניזירט מיליטער־אָפּטיילונגען צו באַקעמפן די רויטע באָלשעוויסטישע אַרמיי. די אומאויפהערלעכע באַשולדיקונגען אין ״אומלאָיאַלקייט״ ווערן מיט שלאַנגען־גיפטיקייט אויפגעפרישט קעגן דער ייִדישער באַפעלקערונג. אונטער דער אָנפירערשאַפט פון די גענעראַלן פּעטליוראַ און דעניקין ווערן אויסגעפירט ווילדע רציחות קעגן ייִדן. ווידער פאַלן צענדליקער טויזנטער ייִדישע קרבנות.

אין דער מאַרטירער־געשיכטע פון אוקראַינער ייִדן דאַרפן אויך פאַרצייכנט ווערן די שפּעטערדיקע דערפאַרונגען פון הייַנטיקן יאָרהונדערט: די נאַצי־אָקופּאַציע, די באַבי־יאַר טראַגעדיע, וואָס וואַקסט אויס ווי אַ סימבאָל פון די שוידער־איבער־לעבונגען אין פינסטערן נאַצי־פּעריאָד. דערנאָך — די אויסראָטונג פון ייִדישקייט און פירנדיקע ייִדישע פּערזענלעכקייטן דורך דעם סאָוויעטישן רעזשים.

אַ סך פון דעם, וואָס עס האָט פּאַסירט מיט אוקראַינער ייִדן, ווערט אַרייַנ־געשריבן אין דער געשיכטע פון די ייִדן אין די שכנותדיקע לענדער. אָבער אַפילו ווען מ׳פאַרלירט זיך דאָ אין אומגענויקייטן, איז מעגלעך זיך צו שאַפן אַ באַגריף וועגן די לייַדן און פּייַן, וואָס ייִדן אין אוקראַינע זענען אויסגעשטאַנען אין די העכער טויזנט יאָר פון זייער געשיכטע.

דאָס איז אָבער נישט דאָס פולע בילד. אויך בלעטער פון גלאָריע און ווירדע שייַנען צו אונדז אַרויס פון דער אוקראַיניש־ייִדישער דערפאַרונג, בלעטער פון גייַסטיקן אויפשטייַג און מאָראַלישער גבורה. פּשוטע ייִדן, ווי עס זענען געווען אַ סך פון די אוקראַינער ייִדן, אַן אַנשטעל־פּאָזע און אַן יעדן פונק פון גאווה, שטראַלן צו אונדז אַרויס זייער אינערלעכע שיינקייט און זייער עכטע ייִדישע

פּערזענלעכקייט, אוקראַיניש ייִדנטום איז אַן אויטענטישער און גאָר וויכטיקער טייל פון אונזער פאָלק.

זײַט בײַ זײַט מיט די לײַדן, וואָס אוקראַינער ייִדן האָבן אַדורכגעמאַכט, אַנטפּלעקט זיך פאַר אונז זייער קרבנות־גרייטקייט. מיר האָבן דערמאָנט זייערע קידוש־השם אַקטן און דער אומהיימלעכער תּקופה פון די כמיעלניצקי־רציחות. אַט־די אַקטן שײַנען פאַר אונז אַרויס אין די שפּעטערדיקע תּקופות פון ניסיון.

לאָמיר אַרויפברענגען צוערשט דעם מוט, וואָס אוקראַינער ייִדן האָבן אַרויס־געוויזן אין שווערע צײַטן. אויב עס געפינען זיך צווישן אונז אַזעלכע, וועלכע רעדן נאָך עד היום: "ייִדן האָבן זיך געלאָזט פירן צו דער שחיטה", דאַרף מען פאַר זיי אויפמישן ייִדיש־אוקראַינישע כראָניק. אין דעם אומהיימלעכן כמיעלניצקי־פּעריאָד האָבן זיי דאָס געטאָן. אין דער כראָניק פון נתן נטע האַנאָווער לייענען מיר, אַז נישט בלויז גײַסטיק האָבן ייִדן אויפגעהיטן זייער שטאַרקייט, נאָר אויך פיזיש. "ייִדן — שרײַבט ער — זענען אַרויס באַוואָפנטע מיט כּלערליי געווער, זיי האָבן געשאָסן אויף די "יוונים" (אַזוי ווערן בײַ אים אָנגערופן די קאָזאַקן צוליב זייער אָנגעהעריקייט צו דער קריסטלעכער גריכיש־יוונישער קירך), זיי האָבן אויסגע־הרגעט אַ סך פון די, וואָס זענען אָנגעפאַלן אויף ייִדן"... אויב די רוצחים האָבן דערנאָך זיך געקענט צעיושען אין זייער ווילדקייט, איז דאָס געווען דערפאַר, ווײַל די פּוילישע פּריצים און מאַגנאַטן, די אמתע שולדיקע און פאַראַנטוואָרטלעכע פאַר דעם קאָזאַקן־אויפברויז, האָבן פאַרראַטן זייערע "פאַרבינדעטע", די ייִדישע באַפעלקערונג.

אומגעווייינלעכער מוט מצד די אוקראַינישע ייִדן האָט אַרויסגעשטראַלט אויך בעת די שפּעטערדיקע פּאָגראָמען. דאָס האָבן אוקראַינישע ייִדן אָרגאַניזירט זעלבשוץ־אָפּטיילונגען אין די וואָקכאַנאַליעס פון די אַכציקער יאָרן. אוקראַינער ייִדן האָבן נישט מסכּים געווען זיך אָפּצוזאָגן, אין קיין שום אומשטענדן, פון זייער ייִדישקייט, און אויך נישט געוואָלט אין קיין פאַל אָפּזאָגן זיך פון זייער כּבוד־געפיל. זיי האָבן זיך געשטעלט מיט קוראַזש קעגן די פּעטליורא־באַנדעס. אַפילו ווען די פּאָגראָמען האָבן אויפגעהערט, האָט שלום שוואַרצבאַרד, זײַענדיק שוין אין פּאַריז, געטראָגן אין זיך דעם אָנדענק פון פאַרגאָסענעם אומשולדיקן ייִדישן בלוט, און דאַרט געשאָסן אויף פּעטליוראַן.

דאָס מעג שוין הײַנט זײַן אַ פאַרגעסענער עפּיזאָד, אָבער עס איז כּדאַי אים צו דערמאָנען. אין דער שטאָט וועליזש, אין דער געגנט פון וויטעבסק, זענען אָנהייב פאַרגאַנגענעם יאָהונדערט, ייִדן באַשולדיקט געוואָרן, אַז זיי האָבן אומ־געבראַכט אַ קריסטלעך קינד, ווײַל זיי האָבן דאָס בלוט באַדאַרפט האָבן צו די פּסח־דיקע מצות. צווישן די אָנגעקלאָגטע האָבן זיך געפונען אַלטע און יונגע, מענער און פרויען, סוחרים און בעלי־מלאכות; די גאַנצע ייִדישע קהילה. דאָס איז געווען

אין דער צײַט פון צאַר ניקאָלאַי דעם ערשטן. דער עלילת־דם האָט געדאַרפט "באַוויזן" ווערן דורכן געריכט. צוועלף יאָר האָט געדויערט די אויספאָרשונג, די באַשולדיקטע זענען געשלאָגן און געפּײַניקט געוואָרן. מ׳האָט זיי געצוואונגען זיך מודה צו זײַן.

אָבער וואָס האָבן ייִדן אין וועליזש געטאָן? זיי האָבן צו די אויספאָרשער און ריכטער אויסגעשריגן: "איר זענט גזלנים און שווינדלער... ווען אַלע אײַערע אויסטראַכטענישן וועלן זיך שוין וואַלגערן אין מיסט, וועט אונזער אמת דאָך פאַרבלײַבן אַן אמת... טוט מיט אונז, וואָס איר ווילט!... מיר האָבן נישט קיין מורא פאַר אײַך!"... אויך דער טיראַנישער סיסטעם איז אויפגעטרייסלט געוואָרן פון אַזאַ "חוצפּה" פון אוקראַינער ייִדן. די אויספאָרשונג האָט נישט געקענט דערפירט ווערן ביז צום סוף. אָבער יאָרצענדליקער שפּעטער, איז אין דער זעלבער אוקראַינע, אין דער שטאָט קיִעוו, באַנײַט געוואָרן דער בלוט־בילבול, אַנהייב הײַנטיקן יאָרהונדערט, קעגן מענדל בייליס, און אויך ער האָט פאַרן געריכט, מיט וואונדערלעכן מוט, פאַרטיידיקט ייִדישקייט, ייִדישע טראַדיציע, ייִדישן כּבוד.

אין אָרעמקייט און עלנט האָבן זיי על־פּי רוב געלעבט, די אוקראַינישע ייִדן; אין דעם קלעם פון גילטיקע גזירות און פון דראָענדיקע גזירות, וואָס זענען איבער זיי געהאַנגען; אָבער קוואַלן פון שפּרודלענדיקער גבורה האָבן אין זיי געפּלייצט. מיט טיפער אינערלעכער איבערצײַגונג האָבן זיי געזאָגט צו זיך און צו אַלעמען: "וואָס מיר זענען, זענען מיר, אָבער ייִדן זענען מיר!"...

ווי מערקווירדיק דאָס זאָל נישט אויסקומען: אין די שטעט און שטעטלעך פון אוקראַינע, זענען אויפגעקומען באַוועגונגען, וועלכע האָבן געלייגט זייער חותם אויף דעם געשיכטלעכן וועג פון אונזער פאָלק.

נאָך אין דער מיטלאַלטערלעכער תּקופה איז געווען אין אומגאַנג דער זאָג, אַז "פון קיִעוו שפּרייט זיך אויס ייִדיש לערנען אין דער גאַנצער ייִדישער וועלט" (כּי מקיִעוו תּצא תּורה). אין קיִעוו האָבן זיך געגרינדעט רומפולע ייִדישע לערן־אינסטיטוציעס און עס האָבן געווירקט גרויסע ייִדישע פּערזענלעכקייטן. אָט־די טראַדיציע האָט זיך געצויגן אין ייִדיש אוקראַינע. פאַרן אויסברוך פון קאָזאַקן־בונט זענען ייִדישע שטעטלעך דאָרט געווען צענטערס פון ייִדישער גײַסטיקייט. די ייִדישע דרוקערײַען אין נעמיראָוו זענען געווען באַקאַנט אין דער ייִדישער וועלט. אָבער דאָס, וואָס אוקראַינישע ייִדן האָבן אַרײַנגעטראָגן אין די לעצטע יאָרהונדערטער, פאַרדינט, אַז אָט־דער ישוב זאָל אַוועקגעשטעלט ווערן צווישן די אויבנאָן־פּלעצער אין ייִדישן וועג דורך דורות.

אין ייִדיש־אוקראַינע איז געבוירן געוואָרן און אויסגעוואַקסן די חסידות־באַוועגונג. אין מעזשיבוזש — אָדער ווי ייִדן פלעגן זאָגן "מעזשבעזש" — האָט געלעבט און געווירקט דער שעפער פון חסידות, ר׳ ישׂראל בעל־שם־טוב. דאָרט

האָט ער אויסגעלייגט זײַן תּורה. אין די אַרומיקע שטעטלעך און דערפֿער, צופֿוסנס פֿון די קאַרפּאַטן־בערג, האָט ער זיך צונויפֿגעזאַמלט מיט זײַנע תּלמידים און צו זיי געברענגט זײַן וואָרט. דאָרט האָט ער, פֿאַר די קלייטן און וואַרשטאַטן, געצויגן פֿאַר די קרעמער און בעלי־מלאכות זײַנע משלים און געדאַנקען, אויפֿהייבנדיק בײַ זיי דעם מוט, און פֿאַרזייענדיק קערנער פֿון גלויבן. דאָס איז פֿון אוקראַינע זיך פֿונאַנדערגעגאַנגען די חסידות־תּורה צו אַלע ערטער, וואו ייִדן האָבן געוואוינט.

עס איז זיך גאַרנישט פֿאַרצושטעלן, וואָס אַט־די באַוועגונג האָט געמיינט פֿאַר ייִדישן אויפֿהאַלט אין יענער צײַט פֿון נידערגעשלאָגנקייט און פֿאַרלוירנקייט. נאָך די קאָזאַקן־שחיטות איז אויפֿגעקומען די באַוועגונג פֿון די פֿאַלשע משיחים. דער אויטענטישער ייִדישער געדאַנק און די אויטענטישע גאולה־בענקענישן זענען געווען באַדראָט. אַט־דער אוקראַיִנישער ייִד, וועלכער האָט געוואָגלט פֿון דאָרף צו דאָרף, פֿון שטעטל צו שטעטל, און וואָס האָט מפֿרנס געווען זײַן הויז־געזינט זייענדיק אַ בעלפֿער פֿאַר קליינע קינדער — אָדער אַ ליים־גרעבער צי גאָר אַ בעל־עגלה — און וועמען מען האָט געגומען רופֿן בעל־שם־טוב, האָט אָפּגעראַטעוועט דאָס גאַנצע פֿאָלק פֿון בלאָנדזשעניש און ייאוש. אין אוקראַינע איז חסידות אויפֿגעוואַקסן. דאָרט איז זי זיך פֿונאַנדערגעוואַקסן.

פֿון אוקראַינע איז אַרויפֿגעשטיגן ר׳ נחמן בראַצלאַווער. מיטן לויף פֿון די תּקופֿות אַנטפּלעקט זיך אַלץ שטאַרקער די אייגנאַרטיקייט פֿון זײַן געשטאַלט. אַ דענקער, איינער פֿון די טיפֿסטע אין דער געשיכטע פֿון דער ייִדישער מחשבה; אַ מיסטיקער, איינער פֿון די אָריגינעלסטע אין דער מיסטיק; אַ קינסטלער, וואָס זײַנע מעשׂהס האָבן געעפֿנט נײַע האָריזאָנטן אין דער ייִדישער קינסטלערישער ליטעראַטור; און צו דעם אַלעם, וואָסער וואונדערלעכע געשטאַלט! אין לײַדן, אין יסורים, האָט ער באַגייסטערט זיך נישט מייאש צו זײַן. ער האָט אויסגערופֿן: "די וועלט איז אַ שמאָלע בריק, אָבער דער עיקר איז זיך נישט צו שרעקן". דאָרט, אין בראַצלאַוו און אומאַן, איז רײַף געוואָרן די פֿרײַנטשאַפֿט צווישן אים און ר׳ נתן נעמיראָווער, וואָס איז פֿאַר זיך אַליין אַ טיף־רירנדיקע און הויך־מענטשלעכע דערפֿאַרונג.

פֿאַר ייִדן אין יענע געגנטן האָט געשפּינט זײַנע משלים ר׳ יעקב קראַנץ, דער מגיד פֿון דובנאָ, אוצרות פֿון פּיקחות און לעבנס־חכמה האָט מיט זיך געברענגט אַט־דער אומגעוויינלעכער מגיד. גראָד צווישן די תּמימותדיקע אוקראַיִנער ייִדן האָט ער געעפֿנט די סודות פֿון דער מענטשלעכער נאַטור און די פֿאַרפֿלאָנטערטקייט פֿון די מענטשלעכע געדאַנקען. וואו האָט ר׳ יעקב קראַנץ געלערנט די סודות פֿון דער פּסיכאָלאָגיע, און דורך וועלכע וועגן איז ער דערגאַנגען צו דער קענטעניש פֿון דער מענטשלעכער נשמה? ניין, ווײַט נישט איינפֿאַך איז די אַנטוויקלונג, וואָס אוקראַיִניש ייִדנטום האָט אַדורכגעמאַכט!

צווישן אוקראַיִנער ייִדן האָט אויפֿגעהויבן זײַנע טענות צום הימל ר׳ לוי יצחק

בערדיטשעווער. צעגליט פון פלאַמיקער אמונה, האָט דאָך ביי אים, אין אָנבליק פון יידישע צרות געקלעקט מוט אַרויסצורופן דעם רבונו־של־עולם צו משפּט. די ליבשאַפט צום פאָלק, אהבת ישׂראל, האָט ביי אים גובר געווען יעדעס אַנדער געפיל. ווי זעלטן־עמעצער אין די יאָר־טויזנטער פון דער יידישער עקזיסטענץ, האָט ער געוואָגט צו ווענדן זיך צום באַשעפער מיט ברויזנדיקע רייד: "וואָס האָסטו זיך, גאָטעניו, אָנגעזעצט אויפן פאָלק ישׂראל? וואָס ווילסטו האָבן פון פאָלק ישׂראל?"...

מ'האָט אויך געקענט ציִען ניגונים אין די ישובים אין אוקראַינע. ר' דודל טאַלנער איז געקומען פון דאָרט, און אויפגעוויזן, וואָסער כּוח דער ניגון האָט; די גלגולים פון אַ ניגון. אינעם איבערגאַנג פון י. ל. פּרץ, דעם משׂכּיל, צום באַגייסטערן זיך פון דער מיסטיק, דאַרף מען מעגלעך זוכן די אוקראַינער יידישע ניגונים, וואָס האָבן אויפגערודערט און פאַרוויגט די זוכנדיקע זין פון פּוילישן יידנטום.

אויך נייע, שטורם־אַניאַגנדיקע שיטות און מחשבות זענען אַריבערגעקומען פון אוקראַינישן יידנטום. דאָרט האָט געשריבן זיינע עפּאָכעמאַכנדיקע ווערק דער פאָטער פון דער אויפקלערונג־באַוועגונג אין מזרח־אייראָפּע, יצחק בער לעווינזאָן. באַקאַנט אונטערן נאָמען, צונויפגעלייגט פון ראשי־תּיבות, "ריב"ל", האָט ער אויך זיך פאַרדינט געמאַכט מיט זיינע ספרים, אין וועלכע ער האָט פאַרטיידיקט דעם תּלמוד קעגן די שמוציקע פּאַשקווילן, וועלכע זענען אין משך פון דורות פאַר־עפנטלעכט געוואָרן קעגן אים, און קעגן דער נידערטרעכטיקייט און בייזוויליקייט פון די בלוט־בילבולים, וועלכע זענען קעגן יידן פּראָדוצירט געוואָרן. "אפס דמים", "נישטאָ קיין בלוט", איז דער נאָמען פון לעווינזאָנס ווערק קעגן בלוט־בילבול. יידן נוצן נישט קיין קריסטלעך בלוט פאַר ריטועלע צוועקן. יידן זענען די ערשטע אַרויסגעטראָטן קעגן בלוט־פאַרגיסונג פון מענטשן — שרייט אויס דער גרויסער ערודיט. דאָס בוך איז געשריבן אין דער פאָרם פון אַ דיאַלאָג צווישן אַ יידישן און קריסטלעכן געלערנטן. עס איז איבערגעזעצט געוואָרן אין פאַרשידענע לשונות און געהאָלפן אָפּוואַרפן דעם שאַנד־פלעק.

דאָרט, אין די אוקראַינישע שטעטלעך, איז אָנגעשריבן געוואָרן איינס פון די שטורמישסטע ווערק אין העברעאיש, אין פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט: "וואוהין" (לאן?) פון מרדכי זאב פייערבערג. עס האָט אויפגעהויבן פראַגעס, וועלכע מען האָט אין אַנדערע יידישע ישובים געוואָלט פאַרהוילן. יידיש אוקראַינע האָט געוואָגט. אַ נאָוועלע פון אַ פּאָר צענדליק זייטן, איז זי אָנגעפּראָפּט מיט קשיות, אויף וועלכע מ'האָט זיך געמוזט אָנשטרענגען צו געבן אַן ענטפער. אַנדערע פראַגע־שטעלער זענען געקומען פון אוקראַינע, ווי למשל מיכה יוסף בערדיטשעווסקי, וועלכער האָט אויסגעדריקט אין העברעאיש און יידיש, וואָס עס האָט אים געעקבערט. אָבער מען האָט אַ טעות, אויב מען רעכנט, אַז פון דאָרט זענען דער־

גאַנגען בלויז קשיות אין די נײַע שטרעמונגען. אין די אוקראַיִנישע ישובים האָט מען אויך געגעבן ענטפֿערס.

דאָרט זענען אויסגעוואַקסן די חיבת־ציון באַוועגונג, און אַלע אַנדערע טרוימער־באַוועגונגען, וואָס האָבן דערפֿירט צום פּאָליטישן ציוניזם און צום אַנטשטיין פֿון מאָדערנעם ישוב אין ארץ־ישׂראל. „טויער צו ציון", האָט מען אָנגערופֿן אָדעס, די גרויסע פּאָרטשטאָט. פֿון אָדעס איז אַרויסגעגאַנגען די באַגײַסטערנדיקע לאָזונג פֿון משה לייב ליליענבלום „אויפֿצולעבן דאָס פֿאָלק אויף דער ערד פֿון אונזערע אורעלטערן" גענוי ווי פֿון דאָרט איז אַרויסגעקומען דער ענטוזיאַזם פֿאַר דער „אויטאָעמאַנציפּאַציע־אידייע" פֿון יהודה לייב פּינסקער. אין אוקראַינע איז אויפֿגעגאַנגען די פּאָעזיע פֿון חיים נחמן ביאַליק; זענען דערגאַנגען צו רײַפֿקייט די באַגריפֿן און אידייען פֿון אחד־העם; האָט אַנטוויקלט זײַן אידעאַל פֿון „פֿרייד דורך אַרבעט" אהרן דוד גאָרדאָן. דער גרויסער נאַציאָנאַלער פּאָעט, דער קלאָרסטער צווישן אונזערע מאָדערנע דענקער, און דער וועלכער האָט אינגאַנצן זיך איבערגעגעבן צום אַנטוויקלען דעם אידעאַל פֿון אַרבעט, זענען אַלע געווען אוקראַאינער ייִדן.

און אַוודאי קען מען נישט פֿאַרגעסן אַז שלום־עליכם איז געקומען צו אונדז פֿון אוקראַינע. סײַ ער אַליין, סײַ זײַנע געשטאַלטן, זענען מיטגלידער פֿון דאָזיקן ישוב. זיי שטעלן מיט זיך פֿאָר די אייגנשאַפֿטן, וואָס זענען געווען כאַראַקטעריסטיש פֿאַר אוקראַאינער ייִדן. מען קען גאָרנישט פֿאַרשטיין און פֿילן טוביה דעם מילכיקן, אויב מען ווייסט נישט עטוואָס פֿון דער אוקראַיניש־ייִדישער געשיכטע. אוקראַיניש־ייִדיש איז זײַן הומאָר, זײַן אויסדויער, זײַן ביטחון, זײַן פֿאָלקסטימלעכע פּשטות, זײַן רירנדיקע האַרציקייט.

מ׳וואָלט נאָך געקענט צוגעבן אַנדערע, וועלכע רעפּרעזענטירן ייִדיש־אוקראַינע, אָבער אין אמתן גייט דאָ נישט וועגן פּערזענלעכקייטן. אַזאַ איז געווען די מאַסע. אַזאַ איז געווען דאָס פֿאָלק, לייענט איבער ביאַליקס פּאָעמע וועגן זײַן מאַמע, וואָס האָט איר אומעט און זיפֿץ געוואַוסט צונויפֿצומישן מיט טענער פֿון גלויבן און מונטערקייט, און איר וועט זען פֿאַר זיך דאָס ייִדישע פֿאָלק פֿון אוקראַינע.

שטוינענדיק איז דערבײַ, וואָס אָט־די ייִדישע מאַסע, אַרײַנגעטאָן ווי זי איז געווען אין גײַסטיקייט, איז אויך מסוגל געווען צו מאַכן איר בײַשטײַער צו דערווירטשאַפֿט. צומאָל דער וואוקס פֿון אוקראַינע קען נישט געשילדערט ווערן, נישט אָפּגעבנדיק וויכטיקייט פֿאַרן פּלאַץ, וואָס ייִדן פֿאַרנעמען אין דאָזיקן פּרט. דורך ייִדישער איניציאַטיוו און אַרבעט זענען דאָרט אַנטוויקלט געוואָרן אין אַ באַדײַטנדיקער מאָס די גרובנס, דער פֿישפֿאַנג, דער עקספּאָרט־אימפּאָרט, דער תּבֿואה־מאַרק. אוקראַאינער ייִדן האָבן געלעבט אויף דער ערד, און געוואוסט אָפּצושאַצן דעם באַדײַט פֿון די ערדישע געברויכן; אָבער גענוי, ווי זייער טוביה דער מילכיקער, האָבן זיי נישט אַראָפּגעלאָזט זייערע אויגן פֿון די שטערן אין הימל.

מען איז אַלע מאָל אַרונטערגעפאַלן אונטער קריטיק, ווען מען האָט אַזוי, אויף אַזאַ אופן, פּרובירט באַלויכטן די טעמע: אוקראַיִנישע ייִדן. אויך מיר וועלן מעגלעך אַרונטערפאַלן אונטער דער קריטיק. מ׳וועט אונז פאַרוואַרפן: אָבער דאָס זענען דאָך נישט געווען טאַקע אוקראַיִנישע ייִדן. דאָס זענען געווען פּוילישע ייִדן, רוסישע, עסטרײַכישע, ליטווישע. ווען האָט דען עקזיסטירט אוקראַיִנע ווי אַ זעלבשטענדיקע מדינה?

אָבער אין דער ייִדישער מאָזאַאיק פון מזרח־איירָאָפּע איז פאַראַן אַ באַזונדער, אייגנאַרטיק אָרט פאַר איטלעכן קיבוץ, וואָס איז דאָרט אויסגעוואַקסן. בפרט איצט, נאָך די גרויסע פּאָליטישע ענדערונגען, וועלכע זענען אַרײַנגעטראָטן אין דער איירָאָפּעאישער מאַפּע, קען אַוודאי מער נישט זײַן קיין ספק, ווער עס זענען די אוקראַיִנישע ייִדן. ווי מען רעכנט, לעבן איצט אין אוקראַיִנע העכער אַ האַלבער מיליאָן ייִדן. ענדלעך: אוקראַיִניש ייִדנטום.

# פאַר די זינד, וואָס מיר האָבן נישט געזינדיקט...

אויף די חורבות פון דער אידעאָלאָגיע, וואָס אויף איר איז אויפגעבויט געוואָרן דער פּאָליטישער, סאָציאַלער און ווירטשאַפטלעכער סיסטעם אין סאָוויעט־רוסלאַנד, און אין די שכנותדיקע לענדער, וואָס האָבן זיך געפונען אין קרייַז פון אירע אינטערעסן, אַנטוויקלט זיך אַ גיפטיקע אַנטיסעמיטישע העצע. אין די שאָוויניסטיש־נאַציאָנאַליסטישע באַוועגונגען, וואָס הייבן אויף דעם קאָפּ, געווינט אומגאַנג די פּראָפּאַגאַנדע, לויט וועלכער עס קומט אויס, אַז די, וועלכע טראָגן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר אייַנשטעלן דעם קאָמוניסטישן סיסטעם, זענען געווען ייִדן. דאָס האָבן ייִדן — ווערט אויסגעשריִען מיט כּלערליי ליאַרמענדיקע קולות — אַרייַנגעברענגט דעם ראַדיקאַל־רעוואָלוציאָנערן אויפברויז אין דער קריסטלעכער געזעלשאַפט. ייִדן — ווערט צוגעגעבן — זענען געווען די פירנדיקע קאָמוניסטן; זיי זענען געשטאַנען אין שפּיץ פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד און פון די רעוואָלוציעס אין אַנדערע לענדער; זיי זענען געווען די טעאָרעטיקער, די אידעאָלאָגן, און אויך די, וואָס האָבן אָרגאַניזירט די רעזשימען, וועלכע פאַלן זיך איצט פונאַנדער... עס לעבט אויף די לאָזונג, וואָס איז אונז, וועלכע האָבן אַרייַנגעאָטעמט אין זיך די גיפט־אַטמאָספער אין פוילן פון פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, זייער גוט באַקאַנט: "זשידאָ־קאָמונאַ" — דאָס הייסט: ייִדנטום און קאָמוניזם זענען איין־און־די זעלבע זאַך. ייִדנטום אידענטיפיצירט זיך מיט קאָמוניזם!...

די אַנטיסעמיטישע קאַמפּאַניע, וואָס רופט ארויס אַזוי פיל אַנגסט צווישן דער ייִדישער באַפעלקערונג אין רוסלאַנד, נעמט אַוועק די פעאיקייט צו דענקען קלאָר אויך בייַ אַ סך ייִדן, וואָס געפינען זיך אויסער די גרענעצן פון ראַטנפאַרבאַנד. צווישן ייִדן אין דער וועלט טרעט אַרויס — לאָמיר עס אָנרופן — אַ געוויסער שולד־געפיל. מיר, ייִדן, זענען די שולדיקע. — הייבן זיך אויף שטימען — מיר זענען טאַקע געווען צו שטאַרק רעפּרעזענטירט אין די קאָמוניסטישע פאַרטייען. ייִדן זענען געווען די פירנדיקע רעוואָלוציאָנערן, און דערפאַר טייַטלט מען אויף אונז מיט די פינגער אין דער פלייצנדיקער העצע. עס פעלן אויך נישט אַזעלכע

צווישן אונז, וואָס שטעלן אָן אַ ״ו־צדקתך־פּנים״ (״וויי־צדקתך״ — אַ פּאָלקס־טימלעכער אויסדרוק, וואָס איז אויסן אָפּצושפּיגלען דאָס פאַרגלאָצן די אויגן, און טריפן מיט בוימל־רייד, אין אַ וויַיט נישט איבערצייגנדיקער צידקות־פּאָזע), און זאָגן: מיר האָבן דאָס פאַראויסגעזען, דער ייִדישער אָנטייל אין די לינקע באַוועגונגען האָט אונז געבראַכט אַלע צרות.

איז כּדאַי קלאָר צו מאַכן אין מיטן דעם אַנגייענדיקן טומל עטלעכע עיקר־זאַכן, פאַר אייגענע און פאַר פרעמדע.

לאָמיר אָנהייבן דערמיט, אַז דער ייִדישער אָנטייל אין דעם אויפגאַנג פון דער קאָמוניסטישער אידעאָלאָגיע און באַוועגונג איז שטאַרק איבערגעטריבן געוואָרן. עס זענען געווען ציַיטן, ווען מען האָט גראָד אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי זיך געקלאָגט, פאַרוואָס אַזוי ווייניק ייִדן זענען קאָמוניסטן. אין סוף פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, און אָנהייב הײַנטיקן, בעת עס איז אויסגעוואַקסן אין צאַרישן רוסלאַנד די אומלעגאַלע פּאָליטישע טעטיקייט, האָבן די צווישן ייִדן, וועלכע האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, דווקא אויסגעמיטן אַריַינצוטרעטן אין די קאָמוניסטישע רייען. דאָס רוב האָבן זיי זיך אָנגעשלאָסן אין דער אַלגעמיינער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער באַוועגונג אָדער אין די ייִדיש־סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, וואָס זענען דעמאָלט אָנטשטאַנען: אין ״בונד״ און אין די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע גרופּירונגען. נישט קיין אַנדערע ווי לענין און סטאַלין באַשטעטיקן דאָס. לענין האָט אין זײַנע פּאָליטישע שריפטן אויפגעהויבן אָט־די טעמע און פאַרפירט אַ שאַרפע פּאָלעמיק קעגן דער עצם־אידייע פון גרינדן אַ ייִדישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי טאַקע צוליב דעם, וויַיל דאָס האָט אָפּגעצויגן ייִדן פון דער ראַדיקאַלער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, אין וועלכער ער אַליין האָט זיך געפונען. סטאַלין האָט אויפן קאָנגרעס פון די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין יאָר 1907 אין לאָנדאָן, אָפּגעגעבן אַ דערקלערונג, וואָס וויַיזט אָן מיט קלאָרער שפּראַך, וואוהין די ייִדישע פּאָליטישע נייגונגען זענען דעמאָלט געווען געוואָנדן. מען דאַרף געדענקען, אַז אין יענער ציַיט זענען נאָך די סאָציאַל־דעמאָקראַטן געווען פאַראייניקט מיט דער באָלשעוויסטישער פראַקציע, און דער ענדגילטיקער פונאַנדערטייל איז ערשט שפּעטער געקומען. אין באַריכט, וואָס סטאַלין האָט געלייענט אויף יענעם קאָנגרעס, האָט ער דערקלערט: ״די סטאַטיסטיק האָט באַוויזן, אַז די איבערוויגנדיקע מערהייט פון דער ״מענשעוויקעס״־פראַקציע (די אויסגעשפּראָכענע קעגנער פון די קאָמוניסטן), באַשטייען פון ייִדן; און דאָס, נישט אַריַינרעכנדיק צומאָל די בונדיסטן, וואָס שטיצן אונטער די דאָזיקע פראַקציע... די איבערוויגנדיקע מערהייט פון די באָלשעוויקעס זענען רוסן... צוליב דעם האָט איינער אַ באָלשעוויק זיך אויסגעדריקט, אַז די ״מענשעוויקעס״ זענען אַ ייִדישע פראַקציע, און דאַקעגן די באָלשעוויקעס זענען אַן אויסגעשפּראָכן־רוסישע

פראַקציע; עס וואָלט דעריבער נישט געווען קיין קרומע אידייע פאַר אונז, באָלשעוויקעס, צו מאַכן אַ פּאָגראָם אויף זייער פאַרטיי״ . . .

ווי באַקאַנט, איז אין די שפּעטערדיקע פאַרהעלטענישן, אין ברען פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, און אין דעם פּאָליטישן און סאָציאַלן אויפרודער, וואָס רוסלאַנד האָט אַדורכגעמאַכט, געלונגען לענינען, און זײַנע אַנהענגער, מיט מיטלען פון געוואַלט און טעראָר, צו דערשטיקן יעדע פּאָליטישע קעגנערשאַפט, און אַרויפצוצווינגען אויף דער באַפעלקערונג די ״דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט״. ייִדן האָבן טאַקע פאַרנומען וויכטיקע אַמטן אין אויפשטייענדיקן רעזשים. עס האָט אויסגעזען, ווי ייִדן וואָלטן רעגירט. קאַמעניעוו איז געווען דער ערשטער פּרעזידענט פון דער סאָוויעטישער רעפּובליק; זינאָוויעוו איז באַשטימט געוואָרן פאַר פּרעזידענט פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל; טראָצקי האָט אָרגאַניזירט די רויטע אַרמיי; סווערדלאָוו איז געווען דער ערשטער פאָרזיצער פון דעם ״סאָוויעט־קאָנגרעס״; ראַדעק האָט געגעבן דעם טאָן אין דער פּובליציסטיק. אויך אויסער די גרענעצן פון רוסלאַנד זענען ייִדן געשטאַנען בראש פון די קאָמוניסטישע איבערקערענישן: בעלאַ קון אין אונגאַרן; קורט אייזנער אין בײַערן; ראָזאַ לוקסעמבורג אין דײַטש־לאַנד. אָבער די ייִדישע באַפעלקערונג, אין די פון באָלשעוויזם באַהערשטע לענדער, האָט אין איר אַנטשיידנדיקער מערהייט, זיך אַרויסגעזאָגט קעגן דעם נײַ־אָנגע־וואָרפענעם סיסטעם, צו אים אַרויסגעוויזן אָפענע קעגנערשאַפט; און אויב עס איז נאָר מעגלעך געווען אים באַקעמפט . . . און אַזוי האָט געטאָן נישט בלויז דער ייִדישער מיטלקלאַס. אויך די ייִדישע אַרבעטער זענען געווען שאַרפע קעגנער פון דעם קאָמוניסטישן רעזשים.

פון די פאָרשונגען, וואָס זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן דורך אַ. מענעס און ר. אַבראַמאָוויטש, וואָס אויסער ערנסטע היסטאָריקער זענען זיי געווען לעבעדיקע עדות פון יענע שטורמישע דערפאַרונגען, קען מען אַרויסלייענען, אַז אין די ערשטע חדשים פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָבן ייִדישע אַרבעטער אויסגעמאַכט אַ גאָר קליינעם פּראָצענט פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי. די פאַרטרעטער פון אַלע ייִדישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען האָבן מיט פּראָטעסט פאַרלאָזט דעם צו־זאַמענפאָר פון די ראָטן, וואָס האָט אײַנגעפירט אין רוסלאַנד די באָלשעוויסטישע דיקטאַטור. דער קאַמף קעגן דעם רעזשים האָט אָנגעהאַלטן אַ לאַנגע צײַט. מען איז נישט מיד געוואָרן צו פאָדערן דאָס צוזאַמענשטעלן אַ בשותּפותדיקע רעגירונג, אין וועלכער עס זאָלן זײַן פאַרטראָטן אַלע סאָציאַליסטישע שטרעמונגען. ערשט ביסלעכווייז און נאָך גרויסע אינעווייניקסטע קאַמפן, איז אַ טייל פון ייִדישן פּראָלעטאַריאַט אַריבערגעגאַנגען צו די קאָמוניסטן. אַז דאָס איז געווען אַ קליינער טייל, באַווײַזט דער אומשטאַנד, ווי שווער עס איז אָנגעקומען צו שאַפן ייִדישע סעקציעס בײַ דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, פּשוט: ייִדן האָבן נישט מסכּים געווען מיטצואַרבעטן. די אויבנדערמאָנטע פאָרשער, מענעס און אַבראַמאָוויטש, גיבן

איבער, אַז בעת די ראַטן־רעגירונג האָט אין יאַנואַר 1918 ענדלעך געשאַפן דעם ייִדישן קאָמיסאַריאַט, האָבן אַלע ייִדישע פּאַרטייען און די גאַנצע ייִדישע פּרעסע, זיך באַצויגן צו אים נעגאַטיוו. דאָס אַרויסגעבן אַ קאָמוניסטישע צײַטונג אויף ייִדיש האָט אַנגעטראָפן אויף אַ ווידערשטאַנד מצד ייִדישע פּען־מענטשן. עס איז נישט בלויז געווען, ווער עס זאָל שרײַבן — אַפילו קיין איבערזעצער און טעכנישע מיטאַרבעטער האָט מען נישט געקענט באַקומען. מען האָט דעריבער אין דער ייִדישער סעקציע געקלערט אָפּצוואַרפן בכלל די נייטיקייט אַרויסצוגעבן אַ ייִדישע צײַטונג. מען האָט געזאָגט: ״מיר זענען נישט קיין פּאַנאַטיקער פון דער ייִדישער שפּראַך; זי ווערט נישט פאַר אונז קיין ייִדיש־הקודש״...

ניין. נישט בלויז ליובאַוויטשער חסידים, רעליגיעזע ייִדן, ציוניסטן, בונדיסטן, זענען געווען קעגנער פון טיראַנישער דיקטאַטור. נישט געווען אויך נאָכדעם, ווי די דיקטאַטור האָט זיך באַפעסטיקט, קיין שיכט פון דער באַפעלקערונג אין סאָוויעט־רוסלאַנד, וואָס זאָל פאַרבלײַבן אומצופרידן מיט דער דאָמינירנדיקער אידעאָלאָגיע, מיט אירע מעטאָדן, מיט אירע מיטלען און צילן, אַזוי ווי ייִדן. ריידן וועגן אַ ייִדיש־קאָמוניסטישער הערשאַפט אין ראַטנפאַרבאַנד, איז אַ פעלשונג פון געשיכטלעכן אמת. דער פּעריאָד, ווען עטלעכע ייִדישע פּערזענלעכקייטן זענען אַרויפגעשטיגן צו וויכטיקע אַמטן, האָט לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. מען האָט זיי דערוויַיטערט; און עס זענען נאָר געווען פאַרשידענע פאַזעס אין דעם ליקווי־דאַציע־פּראָצעס. טראָצקי איז געווען צווישן די ערשטע, וועלכע זענען אַרויס־געשטויסן געוואָרן. וואָסער דערשיטערונג דאָס האָט פאַר אים געמיינט! עפּעס איז אים אויסגעקומען אומגלויבלעך, אַז זײַן ייִדישער אָפּשטאַם זאָל האָבן געשפּילט אַ ראָל דערין.

״איך האָב שטענדיק געאַרבעט — האָט טראָצקי געשריבן — אין דער באַוועגונג פון רוסישע אַרבעטער. מײַן מאַמע־לשון איז געווען רוסיש. ליידער האָב איך צומאָל זיך נישט געלערנט צו שרײַבן ייִדיש. די ייִדישע פראַגע האָט מיך קיינמאָל נישט באַשעפטיקט״... ער האָט זיך איבערצײַגט, אַז ער האָט געמאַכט אַ ביטערן טעות.

דערנאָך זענען געקומען די מאָסקווער פּראָצעסן, מיט זייער שוידער, אין וועלכע ייִדישע געשטאַלטן האָבן פאַרנומען אַ ״פּראָמינענטן״ פּלאַץ. שפּעטער, אין דעם מער נישט־פאַרשטעלטן אַנטיסעמיטישן קורס, וואָס איז אונטערגענומען געוואָרן מצד די אָפיציעלע ספערן, איז שוין געווען די רייד וועגן ״אַ פאַרשווערונג פון וועלט־ייִדנטום״ קעגן קאָמוניזם. נישט בלויז פּאָליטישע פיגורן זענען עלימינירט געוואָרן. נאָר אויך ייִדישע מענטשן פון גײַסט, געלערנטע, שרײַבער, אינטע־לעקטואַלן, פּראָפעסיאָנאַלן... ייִדן זענען פאַרגעשטעלט געוואָרן פון איין זײַט ווי ״קאָסמאָפּאָליטן״; און פון דער צווייטער זײַט ווי ״צוריקגעשטאַנענע״ און ״שונאים פון פּראָגרעס״.

אויב גיפט־מישער און דעמאַגאָגן שטעלן זיך נישט אָפּ פון אידענטיפיצירן ייִדן מיט קאָמוניזם, און גייען אַן מיט זייערע אויף שפּינוועב געבויטע "פאַרזי־כערונגען", אַז די באָלשעוויסטישע איבערקערעניש איז געווען אַ ווערק פון ייִדן — מילא, ווייסן מיר, אַז אַזאַ איז זייער דרך; אָבער ייִדן, איידער זיי חזרן איבער די זעלבע דיבורים, און דעמאַנסטרירן מיטן דאָזיקן "שולד־געפיל", דאַרפן זיי פריִער זיך באַקענען מיט די פאַקטן.

אין דער צעטומלעניש, וואָס איז אַריינגעדרונגען אין ייִדישע קרייזן, רעדט זיך אָבער וועגן נאָך אַן אַנדער דערשײַנונג. ייִדן — טענהט מען — זענען בכלל צו שטאַרק צונויפגעמישט מיט לינקע באַוועגונגען. אין דעם פונאַנדערפאַל, וואָס די עקסטרעמע אידעאָלאָגיע מאַכט אַדורך, פאַלן אויך שאָטנס אויפן סאָציאַליזם. ס'הייבן זיך אויף שטימען, אַז דאָס פאַרבלײַבן אידענטיפיצירט מיט סאָציאַליסטישע און מאַרקסיסטישע אידייען און ריכטונגען, איז ווײַט נישט "געזונט" און "געוואונטשן" פאַר אונזער פאָלק, און גיט נישט צו קיין פּרעסטיזש דעם ייִדישן נאָמען.

איז דאָס ווידער אַ פאַלשער צוגאַנג. צווישן סאָציאַליזם (און אַפילו מאַרקסיס־טישן סאָציאַליזם) און קאָמוניזם, זענען פאַראַן טיפע, גרינטלעכע אונטערשיידן. אויך אין צײַטן פון אַלגעמיינער צעטומלטקייט דאַרף מען זיך אויסהיטן פון מאַכן אַזאַ מישמאַש.

דערצו דאַרף מען געדענקען, וואָס אַזוינס ס'האָט געשיכטלעך דערנענטערט אַ סך ייִדן צו דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און צו איר גרעאַנקען־קרײַז. די סאָציאַליסטישע באַוועגונג — צוזאַמען מיט דער ליבעראַלער — האָבן אין פאַר־גאַנגענעם יאָרהונדערט די ערשטע אין אייראָפּע אַרײַנגעשטעלט אין זייער פּראָגראַם די אידעאַלן, וואָס די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע האָט פּראָקלאַמירט, די אידעאַלן פון דער גלײַכבאַרעכטיקונג פון אַלע מענטשן, זיי גענומען ערנסט, און זיך אַנגעשטרענגט זיי אײַנצופירן אין לעבן. ביי אַנדערע פּאָליטישע און סאָציאַלע באַוועגונגען זענען זיי פאַרבליבן הוילע פראַזן, און אָפטמאָל האָט מען זיי בכלל נישט פאַררעכנט צום אייגענעם בינטל פון אידייען. אַזוי איז דאָס געווען אין מערב־אייראָפּע, און אַוודאי אין מזרח־אייראָפּע. אין ענגלאַנד האָבן די קאָנסער־וואַטיוון אויפגענומען ד'איזראַעלין ווי דעם שעף פון זייער פּאַרטיי ווײַל ער איז געווען אַ משומד. אין דײַטשלאַנד האָט יוליוס פרידריך שטאָהל געקענט אַרויפ־שטײַגן הויך אין דער נאַציאָנאַלער פּאַרטיי, ווײַל ער האָט צוגעשטעלט דאָס טויף־צעטל. אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג האָט די פאָדערונג פון ייִדישער גלײַכבאַרעכטיקונג דאָך נישט געלאָזט ביי אַ סך פון אירע קריסטלעכע מיטגלידער צורו דאָס געוויסן. אמת: אויך דאָ איז נויטיק געווען צו מאַכן אַ גרויסע אָנ־שטרענגונג, כּדי זי זאָל נישט פאַרבלײַבן אויפן פּאַפּיר. משה העס האָט זיך געקלאָגט אויף די אַנטי־ייִדישע פאַראורטיילן, וואָס ער האָט אָנגעטראָפן אין זײַן

אייגענער דייַטשער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי; אָבער די אָנשטרענגונג איז פּאַרט געמאַכט געוואָרן אין אַ סך לענדער און אין אַ סך פאַלן, און נישט בלויז אין דער "אויפגעקלערטער" מערב־אייראָפּע. אין דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וואָס איז באַקאַנט געווען לויט אירע איניציאַלן ווי פּ. פּ. ס., האָט סטאַניסלאַוו מענדעלסאָן, נחום סאָקאָלאָוו איידעם, געקענט זיין דער טעאָרעטיקער פון דער באַוועגונג, און פעליקס פּערל, הערמאַן ליבערמאַן, און אַ רײַ אַנדערע, האָבן פּאַרנומען וויכטיקע פּאָזיציעס אין דער פּאַרטיי־פירערשאַפט.

"דער סאָציאַליזם אין פּוילן — שרייַבט דער היסטאָריקער יעקב שאַצקי — האָט פּאַרמאָגט אַ הומאַניסטישן פּאַטאָס, וואָס האָט אין יידישע קרייַזן געווירקט אַ סך שטאַרקער ווי דער נאַציאָנאַלער פּאַטאָס פון דער תקופה... די דעקלאַראַציע פון פּוילישע סאָציאַליסטן, וואָס האָט אין אָקטאָבער 1878 דערקלערט, אַז דער סאָציאַליזם וויל קעמפן פאַר פולער גלײַכהייט פון אַלע בירגער, אָן אונטערשייד פון געשלעכט, ראַסע און נאַציאָנאַליטעט, האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם, וואָס מען האָט פריִער עפּעס אַזוינס ניט געפילט"... און דער וועג צו דעם בעסערן מאָרגן, האָט געפירט נישט דורך געוואַלט און טעראָר, נאָר מען האָט געהאָפט און דערוואַרט צו דערגרייכן צו אים מיט דעמאָקראַטישע מיטלען.

אינמיטן פאַריקן יאָרהונדערט האָט דער רב פון קראָקע, ר' בעריש מייזלס, ווי אַ דעפּוטאַט צום עסטרייכישן פּאַרלאַמענט, אויסגעקליבן זיין אָרט אויף די לינקע בענק, וואו עס זענען געזעסן די פאַרשטייער פון די לינקע פּאַרטייען. אַ טייל האָבן אויסגעדריקט זייער פאַרוואונדער צוליב דעם. ווי קומט עס — האָט מען בייַ אים געפרעגט — וואָס אַן אָרטאָדאָקסישער רב זאָל פאַרנעמען אַן אָרט צווישן די לינקע?... ר' בעריש מייזלס האָט געענטפערט: איך זיץ צווישן די לינקע, ווייַל יידן האָבן "קיינע רעכטע" (האָבן נישט קיין רעכט). אָט־די צווייטייַטיקע תשובה האָט קלאָר אָנגעוויזן אויף דער יידישער לאַגע און יידישער שטעלונג.

צום סאָציאַליזם האָט דערנענטערט דעם יידישן מענטש דער בונט קעגן אומרעכט, די שטרעבונג צו אַ גערעכטער אָרדענונג, דער דראַנג צו העלפן דעם אָרעמען און נויטבאַדערפטיקן, דער גלויבן אין דער מעגלעכקייט אייַנצושטעלן די אידעאַלן פון צונויפברידערונג און פרייַהייט אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. אַפילו די, וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ רעכענונג פון דער פאַרשידנקייט, וואָס טרעט אַרויס צווישן דעם יידישן אידעאַליסטישן בליק, וואָס איז כּולו געבויט אויף עטיק און מאָראַל, און איז באַהויכט מיטן ענטוזיאַזם פון וואָרט פון די נביאים, און דעם מאַטעריאַליסטישן באַנעם, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַרן מאַרקסיסטישן סאָציאַליזם, האָבן געהאַלטן, אַז אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג איז פאַראַן אָרט פאַר פאַרשידענע פילאָסאָפישע שיטות, אויב פון זיי טראָגט זיך די אידייע פון הויכער מענטשלעכקייט. מיט סאָציאַליסטישע אידייען זענען געווען אַדורכגעדרונגען די פּיאָנערן פון דעם אויפלעב פון דער יידישער פּאָליטישער זעלבשטענדיקייט אין

ארץ־ישראל. דער ווידער־אויפבוי פון דער ייִדישער אומאָפּהענגיקייט איז בײַ זיי ענג צונויפגעבונדן מיט דעם אויפבוי פון אַ געדעכטער געזעלשאַפט, אין הסכם מיט די סאָציאַליסטישע פּרינציפּן. "איבער אַלע סאָציאַלע, עקאָנאָמישע, מאַטעריעלע מאָטיוון פון אומקער קיין ציון — האָט געשריבן נחמן סירקין אין זײַן פּרווו צונויפצופּאָרן זײַן ציוניסטישן פּראָגראַם מיטן סאָציאַליסטישן אני מאמין — שוועבט דער אידעאַלער מאָטיוו, וועלכער קומט פון די טיפענישן פון דער נשמה, און קערט זיך צו איר אום, רופנדיק און שאַפנדיק" . . .

אַפילו ווען מען איז נישט קיין איבערצײַגטער אָנהענגער פון דעם, וואָס דער סאָציאַליזם שטעלט מיט זיך פאָר אין טעאָריע און פּראַקטיק, לאָזן זיך דאָך נישט פאַרלייקענען די פּאָזיטיווע ווערטן, וואָס דער דעמאָקראַטישער סאָציאַליזם האָט אַרײַנגעטראָגן אין דער מאָדערנער מענטשלעכער געשיכטע, און אין דער מאָדערנער ייִדישער געשיכטע. די ייִדישע סימפּאַטיע פאַר די לינקע און ליבעראַלע ריכטונגען איז אינגאַנצן פאַרשטענדלעך, ווי דאָס האָט אויף אַ שאַרפזיניקן אופן געבראַנגט צום אויסדרוק ר׳ בעריש מייזלס, און די קריטיק, אונטער וועלכער מען וויל זי איצט אַרונטערוואַרפן אין באַשטימטע קרײַזן, איז אומגערעכט, אויבער־פלעכלעך, און אויסגעליידיקט פון אינהאַלט פון דער ייִדישער געשיכטלעכער דראַמע.

אָבער אין דעם גײַסטיקן ווירוואַר, פון וועלכן מיר זענען איצט עדות, הייבט מען זיך אָן באַשעפטיקן מיט נאָך אַ פראַגע, וואָס נעמט אָן באַזונדערע אַקטועלקייט בײַט אומהיימלעכן שײַן פון די באַנקראָטירנדיקע אידעאָלאָגיעס: צי איז בכלל "געזונט" פאַר ייִדן, וואָס לעבן נישט אין דער ייִדישער מדינה צו אַנגאַזשירן זיך אין דער פּאָליטיק פון די לענדער, אין וועלכע זיי וואוינען? צי איז נישט בעסער פאַר זיי, און פאַר אונזער פאָלק בכלל, אויב ייִדן שטייען פּאָליטיש "פון דער זײַט", און זיי זענען נישט קיין אַקטיווער צד אין די דעליקאַטע פּאָליטישע שטרײַטן? אָט קען דאָך פּאַסירן, און אַ פּאָליטישע אידעאָלאָגיע אָדער באַוועגונג ווענט זיך פונאַנדערפאַלן, און מען וועט דאַן קודם כּל טײַטלען מיטן פינגער אויף די ייִדן, וואָס האָבן געהאָלפן אויפבויען און אויפגעבויט דעם צעשמעטערטן אָפּגאָט פון אידייען, און זיי מאַכן פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַלדאָס־שלעכטע, וואָס איז געקומען. מאַכן פאַראַנטוואָרטלעך זיי, און אונז אַלעמען, אַלע ייִדן . . .

די פראַגע איז דורך דורות אַרויסגערוקט געוואָרן אין דער ייִדישער עפנטלעכ־קייט. אַ קרעפטיקן אויסדרוק האָט זי באַקומען אין דער היסטאָרישער דערציילונג פון ייִדיש־דײַטשן פּראָזאַאיקער ליאָן פויכטוואַנגער "ייִד זיס". דאָרט ווערט גע־שילדערט ווי דער ייִד יוסף זיס־אָפּענהיימער, וועלכער האָט געלעבט אין אַכצנטן יאָרהונדערט אין דעם דײַטשן פירשטנטום פון ווירטעמבערג, געשטויסן פון זײַנע פאַרבליצנדיקע פעאיקייטן און טיף־מענטשלעכע אַספּיראַציעס, פאַרנעמט דעם

פּרעסטיזשפולן אַמט פון ראַטגעבער צום פּירשט, און פאַרפלאָנטערט זיך אַלץ מער אין די פּראָבלעמען פון לאַנד. אים וואָרנט זיין קלוגער, דערפאַרענער ייִדישער פריינד אייבעשיץ. אַ ייִד — טענהט אייבעשיץ — דאַרף זיך נישט מישן אין די לענדער פון די גויים, אין זייערע שטרייטן און קאָנפליקטן, וואָרום סוף־כּל־סוף, ביי יעדער ענדערונג פון ווינט, וואָס בלאָזט, וועלן זיי אַלע זיך וואָרפן קעגן ייִד, און אויף אים אָנהענגען די שולד פאַר אַלץ, וואָס זיי אַליין האָבן אָפּגעטאָן... דער דיאַלאָג צווישןביידן, צווישן זיס און אייבעשיץ, נעמט אָן אַ סימבאָלישן כאַראַקטער. ער האָט נישט אָפּגעקלונגען בלויז אין ווירטעמבערג. פויכטוואַנגער איז גענייגט צו געבן רעכט אייבעשיצן. דער ייִד זיס באַצאָלט מיט זיין לעבן פאַר זיין "לייכטזין" אַריינגעצויגן צו ווערן אין מדינה־ענינים, אין וועלכע אַ ייִד דאַרף זיך נישט מישן.

אין אונזער צייט האָבן נישט בלויז די ייִדן, וועלכע זענען געווען אַקטיוו אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג, טראַגיש פאַרענדיקט. טראַגיש איז געווען אויך דער סוף פון וואַלטער ראַטענוי, דער אויסערן־מיניסטער אין דייטשלאַנד, וועלכער איז אומגעקומען פון אַ מערדערישער קויל. טראַגיש האָבן פאַרענדיקט אויך אַנדערע, אַ סך זענען געוואָרן באַשפּיגן, באַשמוצט, דערנידעריקט.

און פאַרט זענען מיר נישט איבערצייגט אַז ייִדן דאַרפן טאַקע תּמיד בלייבן די צושויער, און אויסמיידן דאָס אַנגאַזשירן זיך אַקטיוו אין די פּראָבלעמען פון די לענדער, וואו זיי לעבן. די ייִדישע כראָניק אין דער מאָדערנער צייט, סיי אין אייראָפּע, סיי אין אַמעריקע, איז רייך אין ייִדישע מלוכה־לייט, וואָס האָבן אַריינ־געשריבן בלעטער פון גלאָריע פאַר די מדינות, וואו זיי האָבן אַנטוויקלט זייער טעטיקייט, און אויך פאַר אונזער ייִדיש פאָלק.

אָבער אַפילו, ווען מען גייט נישט אַריין אין דער טיפקייט פון קאָמפּליצירטן פּראָבלעם, איז קלאָר, אַז אין געשיכטלעכע אומגענויקייטן דאַרף מען זיכער נישט געשטרויכלט ווערן, און מיר דאַרפן זיך נישט שלאָגן אין האַרץ "על חטא", פאַר די זינד, וואָס מיר האָבן נישט געזינדיקט...

# און אפשר ווידער מזרח-אייראָפּע?

אין אַנבליק פון דער דראַמאַטישער ענדערונג, וואָס קומט פאָר פאַר אונזערע אויגן אין די לענדער פון מזרח־אייראָפּע, און פון די פּאָליטישע און סאָציאַלע דערשיטערונגען, וואָס האָבן דאָרט אָן אָרט, דערוועקט זיך בײַ אונז די פראַגע: און אפשר וועט ווידער אין מזרח־אייראָפּע, אין די לענדער, וואו עס האָט לאַנגע יאָרצענדליקער נישט געקענט אָנגיין קיין קהילה־אַקטיווקייט, און במילא זיך נישט אַנטוויקלען קיין ייִדישע קולטורעלע טעטיקייט, אפשר וועלן דאָרט פונדאַסנײַ אויפלעבן צענטערס פאַר ייִדישער גײַסטיקייט, — און ווײַל מיר באַגרענעצן דאָס־מאָל אונזער טעמע צו ייִדיש לשון און צום שאַפן אין ייִדיש לשון, — אפשר וועט יענער טייל וועלט, וואָס איז אַזוי אַכזריותדיק אַרויסגעריסן געוואָרן פון דער כּלל־ישׂראל־מאַפּע, ווידער ווערן אַ וויכטיקער אַדרעס פאַר ייִדיש, און פאַר דער קולטור, וואָס זוכט איר אויסדרוק אין ייִדיש?... ייִדן זענען דאָרט פאַראַן. ייִדן, וועלכע זענען, ווי מען גיט איבער, הונגעריק און דאָרשטיק זיך צו באַוועגן אין ייִדיש־קרײַז. דערבײַ זענען זיי ניט אַלע גרייט און ווילן אויסצוואַנדערן פון זייערע וואוינערטער. נישט אַלע האַלטן בײַ עמיגרירן קיין אַמעריקע אָדער עולה זײַן קיין ישׂראל, אָבער זיי ווילן דורכאויס באַנײַען ייִדישע אַקטיוויטעט. איז אפשר שטייען מיר טאַקע פאַר אַן אויפלעב־פּעריאָד פון דער ייִדישער שפּראַך און פון דער ייִדישער קולטור אין די זעלבע מקומות, וואו זיי זענען, אין דער פינצטערער תּקופה פון היינטיקן יאָרהונדערט, פאַרטיליקט געוואָרן?

געשיכטע חזרט זיך נישט איבער מיט דער פולער גענויקייט. אָבער אַן ענלעכע זאַך האָט שוין פּאַסירט אין דער פאַרגאַנגענהייט. ייִדיש לעבן און ייִדישע גײַסטיקייט זענען צעשטערט געוואָרן אין מזרח־אייראָפּע; אַ מקום־מקלט פאַר די חרובֿ־געוואָרענע ווערטן און אוצרות איז אויפגעהיטן געוואָרן אין דער מערבֿ־וועלט; אָבער דערנאָך איז ווידער אויפגעשטאַנען דער אַלטער צענטער, און די ווערטן און די אוצרות האָבן צוריקגעוואַנדערט צו די ערטער, פונוואַנען זיי האָבן אַוועקגעוואָגלט.

לאָמיר אויפמישן דאָס בלאַט, וואָס איז כּמעט ווי פאַרגעסן געוואָרן.

אויף די ברעגן פון רהײַן איז געשטאַנען דאָס וויגל פון ייִדיש און ייִדיש־שאַפֿן. דאָרט האָבן, מיט אַן ערך טויזנט יאָר צוריק, די ייִדן, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין די שטעט אַרום דאָזיקן טײַך, אַרײַנגעהויכט ייִדישן אָטעם אין דײַטשן דיאַלעקט, וואָס זיי האָבן גערעדט. זיי האָבן אין אים אַרײַנגעפֿלאָכטן ווערטער פֿון לשון־קודש און אַראַמעאיש, אַרײַנגעלייגט האַרץ און נשמה, אויסגעשפּינטע האָפֿענונגען און איבערגעטראָגענע דערפֿאַרונגען, און ייִדיש האָט אַרויסגעשפּראָצט, געוואונען רײַפֿקייט. די קונסט פֿון דרוק איז נאָך דעמאָלט נישט געווען באַקאַנט; האָט מען מיט דער האַנט געשריבן, און אין קאָפּיעס איבערגעשריבן, תּפֿילות און תּחינות אין ייִדיש, סליחות און קינות. מען האָט איבערגעזעצט אויף ייִדיש קאַפּיטלען פֿון חומש און פֿון תּהילים, און מען האָט זיך דערציילט מעשׂהס, און צונויפֿגעהאָפֿטן גראַמען אין דער דאָזיקער שפּראַך. מען האָט אין אָנהייב צומאָל נישט געוואוסט ווי אַזוי אָנצורופֿן דאָס לשון, וואָס האָט אַרויסגעשטראָמט מער פֿון געפֿיל און געמיט, ווי פֿון מויל. מען האָט עס גערופֿן "טײַטש", "עברי־טײַטש", "לשון אַשכּנז", און אַפֿילו "לשוננו", דאָס הייסט, אונזער, אונזער שפּראַך. וואַנדערנדיקע פֿאָלקס־זינגער האָבן פֿונאַנדערגעטראָגן מעלאָדיעס, וואָס האָבן נאָך שטאַרקער און אינטימער דערנעענטערט דעם ייִד צום לשון און דאָס לשון צום ייִד.

אָבער פֿאַרהעלטעניש האָבן זיך געענדערט אין דעם שטורעם פֿון די צײַטן. גזירות האָבן זיך אַראָפּגעשאָטן. די קרייצצוגן, דאָס בייזע רשעות, די בושעוועןדיקע בילבולים צווינגען ייִדן אַוועקצוגיין פֿון רהײַן, און פֿון דער דערבײַיִקער געגנט. מען האָט געוואָגלט וואוהין די אויגן האָבן געטראָגן. און די אויגן האָבן געפֿירט קיין מזרח־אייראָפּע. אין הסכּם מיט דער לעגענדע האָט אַ סודותדיק קוויטל אָנגעוויזן די וואַנדערער, וואו זיי דאַרפֿן זיך אָפּשטעלן. העברעאישע ווערטער זענען געווען אויפֿגעשריבן אויפֿן קוויטל: "פּה לין". מען האָט זיי גלײַך איבערגעזאָגט און פֿאַרטײַטשט אויף ייִדיש: "דאָ, אָט דאָ, נעכטיק איבער די נאַכט פֿון גלות!"...
אין די פֿרישע אָפּרו־מקומות, אין פּוילן, ליטע, אוקראַינע, רוסלאַנד, האָט מען צו די עקזיסטירנדיקע עלעמענטן אין דער שפּראַך צוגעמישט סלאַווישע אויסדרוקן, און צוגעגעבן דעם וויי און דעם זיפֿץ און די דערוואַרטונגען פֿון די נײַע איבערלעבונגען, און אויך דעם אומדערשיטערטן בטחון, מיט וועלכן מען איז געווען אַדורכגעדרונגען, נישט געקוקט אויף דער פֿלייצנדיקער רשעות.

אין די מזרח־אייראָפּעאישע לענדער מאַכט ייִדיש אַדורך דעם פּעריאָד פֿון אויפֿבלי. דערצו העלפֿט אַ סך די קונסט פֿון דרוק, וואָס ווערט דאַן פּאָפּולער. אין קראָקע דרוקט זיך דאָס ערשטע ספֿר אין ייִדיש, "דער ספֿר אַנשיל", אַ מין ווערטערבוך, וואָס איז אויסן צו באַווײַזן, אַז אויף ייִדיש לאָזן זיך פֿאַרטײַטשן כּלערליי באַגריפֿן און אויסדרוקן. וואָס אַלץ ווערט נישט אין יענער תּקופֿה פֿון האַסטיקן שטורעם און דראַנג געשאַפֿן אין ייִדיש־לשון! ספֿרים פֿון מאָראַל און מוסר, פֿון מנהגים און כראָניק, פֿאַר דעם מאַן, פֿאַר דער פֿרוי, פֿאַרן יוגנטלעכן.

מיט יענעם פונאַנדערבלי־פּעריאָד איז פאַרבונדן דאָס ספר, וואָס איז עד היום פאַרבליבן דאָס צומיינסטן פאַרשפּרייטע ספר אין ייִדיש: דער צאינה וראינה, — אָדער דער טײַטש־חומש, ווי מען האָט אים געגומען רופן, — וואָס זײַן מחבר איז געווען יעקב בן יצחק אשכנזי פון יאַנאָווע, אַן אויסטײַטש און איבערטײַטש פון די פּרשיות פון חומש מיט די הפטורות, און אויך פון די פינף מגילות. אַן אַנדערער ייִד, יעקב בן אברהם, פון מעזריטש, איז דער מחבר פון "מעשׂה־בוך", וואָס הגם ער ווערט נישט פאַרשפּרייט אין דער גרויסער צאָל עקזעמפּלאַרן, ווי דער טײַטש־חומש, געהערט ער דאָך צו די שטאַרק־געלייענטע ספרים אין דער אַלט־ייִדישער ליטעראַטור; דאָס ווערק וואָס האָט צוגעשטעלט וויסן און געשפּײַזט די פאַנטאַזיע פון דורות.

מען האָט גאַרנישט געוואָלט גלייבן, אַז ייִדיש לעבן און ייִדיש שאַפן קענען זיך אײַנברעכן אין אָט די מזרח־אייראָפּעאישע לענדער. אָבער דאָס אומגעריכטע האָט אָנגערוקט. כמיעלניצקיס קאָזאַקן האָבן זיך צעבושעוועט. זיי זענען בעצם אויפגעשטאַנען קעגן די פּריצים, וואָס האָבן זיי אונטערגעדריקט, אָבער דער האַס האָט זיך אויסגעגאָסן אויף דער ייִדישער באַפעלקערונג. ייִדישע ישובים זענען צעשטערט געוואָרן. די וואָס זענען נישט פאַרצוקט געוואָרן אין די רציחות, וואָס ווערן באַצייכנט אין אונזער געשיכטע ווי די "גזירות ת״ח", — האָבן זיך דערשלאָגן קיין מערב־אייראָפּע. מען האָט זיך אומגעקערט צו די געגנטן פון וואַנען מען איז הונדערטער יאָרן פריִער אַוועק. בעיקר האָט מען זיך באַזעצט אין האָלאַנד. די הויפּטשטאָט אַמסטערדאַם ווערט די היים פאַר די מזרח־אייראָפּעאישע ייִדישע היימלאָזע אינמיטן זיבעצנטן יאָרהונדערט.

עס איז זיך גאַרנישט פאַרצושטעלן, וואָסער וויכטיקער צענטער פאַר ייִדיש און ייִדישער ליטעראַטור אַמסטערדאַם איז געוואָרן אין יענער צײַט. פּירנדיקע ייִדישע פאַרלאַגן זענען דאָרט אויסגעוואַקסן. די גרעסטע ייִדישע דרוקערײַען האָבן זיך דאָרט געגרינדעט. ייִדיש איז געווען דאָס אומגעייענדיקע לשון, די שפּראַך אין דער גאַס און אין דער היים. דער פאַרשער פון דער ייִדישער ליטעראַטור מאַקס עריק גיט אָן, אַז פופצן תּנ״ך־אויסגאַבעס אין ייִדיש זענען דעמאָלט דערשינען אין אַמסטערדאַם, פאַר אינערלעכן געברויך, און אויך פאַר עקספּאָרט. אין דער האָלענדישער הויפּטשטאָט ווערן פאַרעפנטלעכט ביידע פולע תּנ״ך־איבערזעצונגען פון יוסף וויצענהויזן און יקותיאל בליץ. דאָרט דערשײַנט די ערשטע ייִדיש־צײַטונג אין דער וועלט "פרײַטאָגישע" און "דינשטאָגישע קוראַנטין". נעמט אַ וועלכער־עס־איז קריסט אָן ייִדישקייט, ווייסט ער, אַז בכדי צו זײַן אַ ייִד, מוז מען קענען ייִדיש. אַ גר איז טאַקע דער רעדאַקטאָר פון דער ייִדישער צײַטונג. אין אַמסטערדאַם לעבן און ווירקן מנחם מאַן אַמעלאַנדער, דער מחבר פון דער כראָניק אין ייִדיש "שארית ישׂראל", — דער ייִדישער איבערבלײַב, — אַ וויכטיק געשיכטע־ספר; משה פראַנקפורט, וועלכער זעצט איבער אויף ייִדיש דאָס מוסר־ספר "מנורת המאור"

— די לײַכטנדיקע מנורה; יעקב יוסף בן מאיר סופר, וואָס גיט זיך אָפּ מיט באַ־אַרבעטן וועלטלעכע טעמעס אויף ייִדיש. שוין בלויז פון די אַנאָנסן, וואָס מען באַגעגנט אין דער ייִדישער צײַטונג, איז מעגלעך זיך צו שאַפן אַ באַגריף, ווי אימפּעטפול, שעפעריש, דינאַמיש און פאַרצווײַגט די ייִדיש־טעטיקייט איז געווען.

אָבער בײַ אַלעם, בײַם גאַנצן נײַעם לעבנס־נוסח, וואָס מען שטעלט אײַן, לייגט מען צו אַן אויער צו דער אַלטער היים: וואָס הערט זיך אין די מזרח־אייראָפּעאישע לענדער, וואָסערע ענדערונגען קומען פאָר אין אוקראַינע, פּאָדאָליע, וואָלין? וואָס גייט אָן אין פּוילן און ליטע?... בעת מען רעכנט, אַז דער מבול רדיפות האָט זיך אָפּגעשטעלט, דער הימל לײַטערט זיך אויס, און בײַ די ייִדן, וואָס זענען דאָרט פאַרבליבן, האָבן זיך פאַרהיילט די וואונדן, קערט מען זיך אום, און מען בויט אויף פונדאַסנײַ דאָס, וואָס איז חרוב געוואָרן. ייִדיש, ייִדיש שאַפן, טרעטן, נאָכן דאַזיקן עמאַנציפּאַנעלן אומקער, אַרײַן אין דער שענסטער און רײַכסטער פאַזע פון זייער עקזיסטענץ. צוערשט גיט חסידות, די פאָלקס־באַוועגונג, וואָס וואַקסט אויס, די שטויס־קראַפט. די גרינדער און לערער פון חסידות וואַרעמען אָן דאָס לשון, און ווערן פון ייִדיש־לשון דערוואָרעמט. אַ שטוינענדיקער ווערטער־אוצר פון חסידות פליסט אַרײַן אין דער שפּראַך און אירע אויסדרוקן. און דערנאָך רײַסן זיך אַרײַן די נײַע שטרעמונגען. די נײַע ייִדישע ליטעראַטור ווערט געבוירן, די קינסטלערישע ליטעראַטור. די געדאַנקען־ליטעראַטור. דאָס פאָלק, אַלע שיכטן פון פאָלק, אַלע אידייען, ריכטונגען, זענען מיטבאַטייליקט אין גרויסאַרטיקן אויפלעב פון די גײַסטיקע רײַכטימער, וואָס עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זיי פאַרמאָגן מער נישט קיין אָטעם אויף דער דאָזיקער, מיט טרויעריקע נסיונות אַדורכגעווייקטער, ערד.

אַוודאי. געשיכטע חזרט זיך נישט איבער מיט דער פולער גענויקייט. אין דער צווייטער העלפט פון זיבעצנטן יאָרהונדערט, ווען ייִדן פון אַמסטערדאַם האָבן זיך אומגעקערט קיין מזרח־אייראָפּע און דאָרט אויפגעשטעלט פונדאַסנײַ די חרוב־געוואָרענע קולטור, איז די צעשטערונג נישט געווען אַזוי טאָטאַל־שוידערלעך, ווי דער חורבן אין אונזער צײַט. דערצו האָט נישט עקזיסטירט קיין ייִדישע מדינה מיט איר געוואַלטיקן צוציאונגס־כּוח.

אָבער אין דער מיסטעריע, וואָס ייִדישע געשיכטע שטעלט מיט זיך פאָר, זענען אַלע אוממעגלעכקייטן מעגלעך. זעאונגען און וויזיעס, וואָס קומען אויס צו זײַן אומגלויבלעך און פאַנטאַסטיש, און אַפילו אויסטערליש און משונהדיק, ציִען אַרויף הויט און ביינער.

ווי עס זאָל נישט אויספאַלן דער ענטפער, אָבער די פראַגע דערוועקט זיך:
און אפשר ווידער מזרח־אייראָפּע ווי אַ ייִדיש־צענטער?...

# פון לאָדזש ביז אַדיס-אַבעבאַ

לאָדזש איז אַ שטאָט אין פּוילן. פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה איז לאָדזש געווען אַ וויכטיקער אינדוסטריעלער צענטער. די דאָרטיקע טעקסטיל־פאַבריקן האָבן פאַר זיך דערוואָרבן אַ נאָמען אויך אויסער די פּוילישע גרענעצן. לאָדזש האָט פאַרמאָגט אַ געדיכטע יידישע באַפעלקערונג. זי איז דערגאַנגען צו אַ פערטל מיליאָן, און אויסגעמאַכט קרוב פערציק פּראָצענט פון די איינוואוינער. דאָרט האָט זיך אַנטוויקלט צווישן יידן אַ פאַרצווייגטע סאָציאַלע און גייַסטיקע טעטיקייט. מער ווי אין אַנדערע שטעט אין פּוילן, האָט זיך אַרויסגעשלאָגן אַ פּילזייַטיקע אַקטיווקייט פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט. עס איז אַנגעגאַנגען אַ קולטורעלע טעטיקייט, וואָס האָט אַרומגענומען אַלע אידעאישע שטרעמונגען, און געבראַויזט מיט פאָלקס־ענערגיע. אין לאָדזש זענען דערשינען צוויי טעגלעכע צייַטונגען אין יידיש.

אַדיס־אַבעבאַ געפינט זיך אין אַפריקע, זי איז די הויפּשטאָט פון עטיאָפּיע. אַ לאַנגע צייַט האָט מען מחוץ פון דער עטיאָפּישער מדינה ווייניק־וואָס געוואוסט וועגן אַדיס־אַבעבאַ; ערשט, ווען ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה איז דאָס דעמאָלט־פאַשיסטישע איטאַליע אַנגעפאַלן אויף עטיאָפּיע — אָדער ווי מען איז אין יענע יאָרן געוואוינט געווען אַנצורופן אָט די מדינה: „אַביסיניע“ — האָבן אַנגעהויבן צו דערגייִן פּרטים וועגן דער הויפּשטאָט. זי טרינקט זיך אין וועלדער פון עקאַליפּטוס־ביימער און גרינס, און איז גיכער ענלעך צו אַ ריזיקן, פּרימיטיוון דאָרף. עס איז נישט געקומען אויפן זינען, אַז אַדיס־אַבעבאַ זאָל האָבן אַ באַזונדערן אינטערעס פאַרן יידישן פאָלק. דאָס איינציקע וואָס מען האָט זיך משער געווען, איז, אַז עס קען זייַן, אַז אין פאַרשידענע צייַטן האָבן דאָרט אַהין פאַרבלאָנדזשעט יידישע אַדורכפאָרער.

און פאָרט, נישט געקוקט אויף דער געאָגראַפישער ווייַטקייט צווישן לאָדזש און אַדיס־אַבעבאַ, און אויף דער פאַרשידנקייט פון ביידע שטעט, די פאַרשידנקייט פון זייער באַפעלקערונג און סאָציאַלן כאַראַקטער, זענען פאַראַן פעדעם, וואָס ציִען זיך צווישן ביידן, און בינדן צונויף לאָדזש און אַדיס־אַבעבאַ.

אַ ייִד פון לאָדזש האָט אַריינגעפירט אָט די אומגעריכטע נאָענטקייט. זײַן נאָמען איז געווען: יעקב פייטלאָוויטש. דאָס האָט פּאַסירט אין אָנהייב פון הײַנטיקן יאָרהונדערט.

דאָס, וואָס כאַראַקטעריזירט מזרח־אייראָפּעאישע ייִדן זינט זייער געשיכטלעכן באַגינען, איז זייער אומרו; זייער מענטשלעכער אומרו; זייער סאָציאַלער אומרו; זייער אומגעשטילטער נייגער; דער קוועקזילבער, וואָס באַוועגט זיך אין זיי. מען קען זאָגן, אַז מזרח־אייראָפּעאישע ייִדן זענען די גײַסטיקע וואָגלער פון אונזער פאָלק אין די לעצטע טויזנט יאָר. אַ גאַנצע ריי סיבות און קאָמפּליצירטע אומשטענדן האָבן זיך באַוואויגן דערצו, אַז זיי זאָלן אַנטוויקלען אין זיך אָט דעם פיבער פון אומרו. וועמען איר זאָלט נישט באַטראַכטן אין דער מזרח־אייראָפּעאי־שער ייִדישער פּאַנאָראַמע, פון אַמאָל צי פון שפּעטער, מעג זײַן פון די פירנדיקע פיגורן און מעג זײַן אַ סתם־ייִד, עס טראָגט זיך פון אים דער שטורם פון געדאַנק און געפיל. צו די ערשטע גײַסטיקע בויער פון פּוילישן ייִדנטום פאַררעכנט זיך ר׳ משה איסערליש, באַקאַנט ווי דער רמ״א, אין זעכצנטן יאָרהונדערט. ער איז געווען, און איז פאַרבליבן, דער אַנערקענטער געזעצגעבער. אָבער אַ טעות איז אַנצונעמען, אַז צוליב דעם, ווײַל ער האָט באַדאַרפט אַרויסקומען מיט גוט־דורכגעטראַכטע, פּרעציז־אויסגעבויטע געזעצן, איז ער נישט צעטראָגן געוואָרן פון אַ גרויסן און טיפן אומרו. זײַן אינטעלעקט האָט געוואַנדערט פון דורותדיקער ייִדישקייט צו דער גריכישער פילאָסאָפיע פון אַלטערטום; געוואָגלט און געוואָגלט, זוכנדיק דעם ברעג. נישט ווייניקער איז געיאָגט געוואָרן פון אינטעלעקטועלן פיבער אַ סך דורות שפּעטער י. ל. פּרץ. ער האָט געוואַנדערט פון וועלטלעכע באַגריפן צו חסידישער תּורה, און פון חסידישער תּורה צו וועלטלעכע באַגריפן, אַהין און צוריק. בלויז אויסנאָמען צווישן היסטאָרישן פילמיליאָניקן מזרח־אייראָפּעאישן ייִדנטום קענען באַצייכנט ווערן ווי ״סטאַטישע״. כמעט אַלע פון זיי האָט דער דינאַמיזם געשטויסן, געשליידערט. אַזוי ווי דאָס געשעט אין איציק מאַנגערס ליד וועגן די פֿייגל, וואָס צעפליִען זיך אין אַלע ריכטונגען, און ווער קען וויסן, וואוהין זיי וועלן דערפליִען, און צי זיי וועלן בכלל ערגעץ־וואו דערפליִען.

שוין ווי אַ ייִנגל אין זײַן געבוירנשטאָט לאָדזש, האָט יעקב פײַטלאָוויטש דערשפּירט אין זיך דעם וואַנדער־חשק. צוערשט האָט געוואַנדערט דער געדאַנק. אים האָט געצויגן צו לערנען לשונות פון ווײַטן מזרח; דיאַלעקטן און קולטורן פון פאַרוואָרפענע שבטים אין אַזיע, אין אַפריקע. דערנאָך האָט געגומען וואַנדערן דער גוף. דער אימפּעט האָט אים געטראָגן צו דער הויכשול פון אָריענטאַליסטישע וויסנשאַפטן אין פּאַריז. דאָרט איז ער אויסגעוואַקסן ווי דער געלערנטער דר. יעקב פײַטלאָוויטש. טאָקע לערנענדיק, האָט ער זיך אָנגעטראָפן אויפן באַגריף ״פאַלאַשן״, און ער האָט זיך דערוויסט, אַז אין דער באַרגיקער געגנט פון אַפריקע געפינען זיי זיך, אָט די פאַלאַשן, בנוגע וועלכע עס גייען אַרום קלאַנגען, אַז זיי זענען מעגלעך

יידן. עטיאָפּיע איז דאָס לאַנד, וואו זיי וואוינען, אין צפון־מערב פון עטיאָפּיע.

וואָס טאַקע האָט מען געוואוסט וועגן זיי? ס'האָט געשריבן וועגן די פאַלאַשן ווער־נישט־ווער אין די פאַרגאַנגענע צײַטן. עמעצער פון ייִדישע רײַזנדע. אין אַכצנטן יאָרהונדערט האָט אַפילו אַ נישט־ייִד פון סקאָטלאַנד זיי אַרויפגעבררענגט אין זײַנע רײַזע־אײַנדרוקן פון אַפריקאַנער קאָנטינענט. מען איז דערגאַנגען, אַז אין דער אַמהאַרישער שפּראַך, וואָס ווערט גערעדט אין עטיאָפּיע, איז "פאַלאַשן" דער טײַטש "פרעמדע"; אַז זיי ווערן אָנגערופן אַזוי, הגם זיי וואוינען שוין אין לאַנד זיבנט טויזנטער יאָרן; אַז זיי שטעלן מיט זיך פאָר אַן אָפּגעזונדערטע עטנישע גרופּע; און אַז עס זענען פאַראַן מיינונגען, אַז זיי זענען "איהוד", דאָס הייסט: ייִדן, ווײַל זיי היטן אָפּ באַשטימטע ייִדישע טראַדיציעס און מנהגים. זיי ציילן עטלעכע צענדליק טויזנט מיטגלידער. קען זײַן דרײַסיק טויזנט, און אפשר פופציק טויזנט.

מען קען נישט זאָגן, אַז זיי, די פאַלאַשן, זאָלן האָבן דערוועקט אינטערעס צווישן די פאָרשער. אין אַזיע און אַפריקע זענען פאַראַן אומצייליקע סעקטעס, עס שוויבלט אוןווימלט פון מערקווירדיקע שבטים און אייגנאַרטיקע רעליגיעזע גלויבנס, און ווער איז דאָס בכוח זיך צו פאַרנעמען מיט זיי אַלע? איינער פון די לערער פון דער אָריענטאַליסטישער הויכשול, דער פראַנצויזיש־ייִדישער פּראָפעסאָר יוסף הלוי, האָט גראָד יאָ זיך אָפּגעגעבן אַביסל מיט דער דאָזיקער טעמע, אָבער נאָך אַנדערע פאָרשונגען האָבן אים פאַראינטערעסירט, און ער איז נישט גרייט געווען זיך אָפּצוגעבן אינגאַנצן צו עטיאָפּיע און צו אירע שבטים. אויך אין דײַטשלאַנד האָט עמעצער פון די ייִדישע געלערנטע גערעדט איבער זיי, און אויפגעהערט. די פאַלאַשן זענען פאַרבליבן אַ רעטעניש, אַ סוד, אַ מיסטעריע. צווישן די מיסטיקער אין צפת, אין ארץ־ישראל — די מקובלים — האָט מען געזאָגט, אַז דער דאָזיקער סוד וועט שוין מוזן וואַרטן, ביז משיח וועט קומען. ערשט משיח וועט אים אויפדעקן.

יעקב פײַטלאָוויטש, געטריבן פון מזרח־אייראָפּעאישן ייִדישן אומרו, וואָס ער האָט אַרויסגעטראָגן פון לאָדזש, האָט נישט נאָכגעגעבן. ער האָט באַשלאָסן צו ווידמען די פאַלאַשן זײַן טאַלענט, זײַן קאַריערע, זיך אינגאַנצן. און ער איז אַוועק קיין אַדיס־אַבעבאַ, און דערנאָך צו די סימען־בערג, צו דער געגנט פון גאָנדאַר, אין עטיאָפּיע, דאָרט וואו זיי וואוינען, די פאַלאַשן.

לאַנגע פעריאָדן האָט יעקב פײַטלאָוויטש געלעבט צווישן די פאַלאַשן, חדשים, יאָרן. אין די פאַלאַשן־דערפער האָט זיך געפונען זײַן היים. אויב ער איז ווען־עס־איז אַרויסגעפאָרן פון דאָרט, האָט ער זיך ווידער אַהין אומגעקערט. ער האָט זיך צוגע־קוקט צו זייער לעבנס־שטייגער. ער האָט מיטגעמאַכט זייערע וואָכנטעג און זייערע שבתים און ימים־טובים. ער האָט זיך געפרייט מיט זייערע פריידן און געטרויערט

אין זייער טרויער. ער האָט זיך אײַנגעגלידערט אין זייערווירקלעכקייט און געשפּינט זייערע האָפענונגען.

וואָס אַמאָל שטאַרקער האָט ער געוואונען די זיכערקייט: זיי זענען ייִדן. בישטאָ קיין שום ספק. זיי האָבן אײַנגעוואַנדערט אין אָט די געגנטן פון אַפריקע מעגלעך אין די צײַטן פון שלמה המלך, אָבער וואָס נאָך וואַרשיינלעכער איז, נאָכן חורבן פון ערשטן בית־המקדש, ווען דאָס פאָלק איז פאַרטריבן געוואָרן פון ארץ־ישראל. זיי האָבן מיט מסירת־נפש און עקשנות אויפגעהאַלטן ייִדישקייט אין דער פאָרם, וואָס זיי האָבן מיט זיך מיטגענומען. דערפאַר איז זיי בלויז באַקאַנט דער תּנ״ך, און נישט דער תּלמוד, און אַוודאי נישט די שפּעטערדיקע ייִדישע גײַסטיקע קולטור. דעריבער ווייסן זיי בלויז פון די גאָר פריִע ימים־טובים, דאָקעגן פּורים און חנוכּה פאַרבלײַבן פאַר זיי אומבאַקאַנט. די העברעאישע שפּראַך איז אַרויסגעגאַנגען פון זייער זיכּרון, און די תּורה איז פאַר זיי צוטריטלעך אין די לשונות, וועלכע זענען געווען אין אומגאַנג אין עטיאָפּיע. אין דער צײַט, ווען עס האָט זיך פאַרשפּרייט אין עטיאָפּיע דער קריסטלעכער גלויבן, און די אומטאָלעראַנץ האָט גענומען די אויבערהאַנט, האָט מען זיי ביטער גערודפט. זיי זענען אויסגעשטאַנען צרות און לײַדן. עס איז געווען אַ תּקופה, ווען זיי זענען געצוואונגען געווען מיט וואָפן אין האַנט זיך צו פאַרטיידיקן קעגן די אָנגרײַפער. צוערשט האָבן זיי אָפּגעהאַלטן אַ נצחון, און אַפילו געגרינדעט אַ זעלבשטענדיקע מלוכה. איינער, צי גאָר עטלעכע פון די קעניגען, האָבן געטראָגן דעם נאָמען פון גידעון, דער אַמאָליקער ייִדישער שופט; די קעניגין האָט געהייסן יהודית אָדער גאָר אסתּר... אָבער דערנאָך איז די זעלבשטענדיקייט צעשטערט געוואָרן. די פאַלאַשן האָבן אַדורכגעמאַכט אַ תּקופה פון קידוש־השם אין זייער מאַרטירער־געשיכטע, אויך מאַראַנען זענען געווען צווישן זיי. מ׳איז מיט געוואַלט אָוועקגעריסן געוואָרן פון ייִדישן שטאַם, און כּדי איבערצוהאַלטן, האָט מען זיך אויסבאַהאַלטן מיטן אויפהיטן די ייִדישע טראַדיציעס. אַ סך זענען צוליב דעם אָפּגעפאַלן פון דער פאַלאַשן־געזעלשאַפט. אָבער צענדליקער טויזנטער זענען פאַרבליבן, געטרייע צום שורש. זיי זענען אָרעמע, באַשיידענע, ערלעכע מענטשן; עטיאָפּיער, און פאַרט ״פרעמדע״. פון וואָס זיי דערנערן זיך? פון אַגריקולטור, פון האַנט־מלאכות.

מיט די דאָזיקע אַנטדעקונגען האָט יעקב פײַטלאָוויטש זיך אָוועקגעלאָזט צו דער ייִדישער וועלט. ער איז געקומען קיין אַמעריקע, קיין ארץ־ישראל; ער איז דערשינען פאַר די ייִדישע ישובים אין אייראָפּע. ער האָט אויסגעשריִען דעם ווײַ־געשריי פון די פאַלאַשן; געוואָרן דער שליח־ציבור פון זייערע בענקענישן, פון זייערע געבעטן און הילפס־רופן. ער איז נישט מיד געוואָרן איבערצוחזרן: אונזער חוב איז אַרויסצוווײַזן האַרץ און מיטגעפיל צו אונזערע פאַרגעסענע ברידער און שוועסטער, אַרײַנצונעמען זיי צוריק אין דער ייִדישער מחנה, אָנשליסן זיי אין די רייען פון אונזער פאָלק. נאָכדעם, ווי מיר האָבן אויסגעפונען ווער און

וואָס זיי זענען, טאָרן מיר נישט בלייבן שטיין פונדערווײַטנס. מיר דאַרפן זיי צוטוליען צו זיך!...

נישט בלויז צו זײַן אַקטיוויקייט לטובת די פֿאַלאַשן אין דער ייִדישער וועלט האָט פֿײַטלאָוויטש אָפּגעגעבן זײַן ענטוזיאַזם און ענערגיע. ער האָט געווירקט צווישן די פֿאַלאַשן גופא. ער האָט געגרינדעט אין זייערע דערפער שולעס. ער האָט פֿאַר זיי געשריבן האַנט־ביכער אין זייער שפּראַך. ער האָט איבערגעזעצט אויף אַמהאַריש יסודותדיקע ווערק פון ייִדישן לעבנס־שטייגער. ער האָט אַרויסגעפירט יחידים און גרופּעס קיין ארץ־ישראל און צו אַנדערע ייִדישע ישובים, כּדי זיי זאָלן לערנען, וואָס ייִדישקייט איז, און דערקענען דאָס ייִדישע פֿאָלק, און דערנאָך איבערגעבן, וואָס זיי האָבן געלערנט, צו די, וועלכע לעבן אויף די איסמען־בערג, און דערציילן זיי וועגן דעם צונויפבונד מיט אַלע צעוויגן פון די בשותּפותדיקע וואָרצלען; אַ צונויפבונד, וואָס דאַרף דערגרייכט ווערן.

ער איז אויך אַרײַנגעטרעטן אין אַדיס־אַבעבאַ, די הויפּטשטאָט, אין קאָנטאַקט מיט די רעגיר־ספערן, און אינטערוועניִרט צום גונסטן פון די פֿאַלאַשן. ער האָט גוט געקענט זייערע פּראָבלעמען, און געוואוסט, ווי אַזוי זיי פּאַרצושטעלן, וואו עס איז געווען נויטיק. די פֿאַלאַשן זענען געווען דער אינהאַלט פון זײַן לעבן.

אַזוי איז דאָס אָנגעגאַנגען, ביז ער איז אין יאָר 1955 אַוועק פון דער וועלט אין תל אביב. יעקב פֿײַטלאָוויטש האָט זיך אָפּגעשיידט פון דער וועלט מיטן גלויבן, אַז קיינמאָל מער וועט נישט פּאַרקומען קיין איבעררײַס צווישן דעם שבט פון די פֿאַלאַשן און ייִדישן כּלל. וואָרום אַלע וועלן זיך צונויפקלייבן אין דער שויס פון פֿאָלק.

זײַן חלום איז פֿאַרווירקלעכט געוואָרן. אין אַן אומגעוויינלעך געוואַגטער, ממש ניסימדיקער אונטערנעמונג, זענען די פֿאַלאַשן אויף אַעראָפּלאַנען אַרויס־געפירט געוואָרן פון זייערע דערפער, קאָנצענטריט געוואָרן אויפן פלי־פּלאַץ אין דער הויפּט־שטאָט, און טראַנספּאָרטירט געוואָרן פון דאָרט, פון אַדיס־אַבעבאַ, קיין ישראל. אין אַ רעטונגס־אַקציע, וואָס האָט קוים צו זיך אַ גלײַכן, זענען זיי אײַנגעגלידערט געוואָרן אין פֿאָלק. וואו איר שטייט, און וואו איר גייט אין דער ייִדישער מדינה, טרעפט איר זיך אויף זיי אָן. אין דער געגנט אין ירושלים, וואו איך וווין, געפינט זיך אַ צענטער פֿאַר די פריש־אָנגעקומענע. יעדן פרימאָרגן, ווען איך גיי אַרויס פון מײַן הויז, באַגריסן מיך די שוואַרצהאַריקע, באַחנעוודיקע קינדער מיט אַ הויך־קלינגענדיקן "שאַלאָם". די ווייטערדיקע ווערטער, וואָס זיי רעדן אַרויס, זענען שוין אויף אַמהאַריש.

אַוודאי, פון לאָדזש ביז אַדיס־אַבעבאַ שפּרייט זיך אויס אַ געאָגראַפֿישע ווײַטקייט. אָבער עס ציט זיך אַ בריק, וואָס פֿאַראייניקט אָט די צוויי אַזוי קעגנ־געזעצטע שטעט. די בריק פון מזרח־אייראָפּעאישן ייִדישן אומרו.

# אלול, ווי ער איז אויסגעבויט געוואָרן
# אין ייִדיש מזרח-אייראָפּע

מיר זאָגן אין דער אויבערשריפֿט, אַז דער חודש אלול איז אויסגעבויט געוואָרן; וואָרום דאָס, וואָס מזרח-אייראָפּעאישע ייִדן האָבן געטאָן מיטן דאָזיקן חודש, לאָזט זיך אַנדערש נישט באַצייכענען, ווי אַ בניין. מען האָט אים אויסגעבויט מיט אויטענטישער פֿאָלקס-קונסט; מיט געדאַנק און געפֿיל; מיט איבערצײַגונג און געמיט.

נאַטירלעך; דער חודש אלול איז נישט אויפֿגעקומען ערשט אין די ייִדישע שטעט און שטעטלעך אין מזרח-אייראָפּע. אָט-דער חודש פֿון ייִדישן לוח טראָגט אין זיך יאָרטויזנטער פֿון ייִדישע עמאָציעס און דערפֿאַרונגען. שוין אין תּנ״ך, אין ספֿר נחמיה, איז די רייד וועגן אלול (ו, טו); און שוין דעמאָלט, ווי עס ווערט דערציילט, איז מיט אים פֿאַרבונדן אַ פּאַסירונג פֿון שטאַרקן געשיכטלעכן באַדײַט. די, וועלכע האָבן זיך אומגעקערט מיט אַ דריטהאַלבן טויזנט יאָר צוריק פֿון ערשטן ייִדישן גלות אין לאַנד בבל קיין ארץ-ישׂראל, און פּרובירט, אויף די חורבות, ווידער אײַנצושטעלן אָרדענונג און זיכערקייט, האָבן אין דאָזיקן חודש פֿאַרענדיקט דאָס בויען די מויערן פֿון ירושלים. אָפּגעשמועסט דערפֿון, אַז אין די שפּעטערדיקע צײַטן האָט מען אַלץ מער זיך אָפּגעגעבן אַ רעכענונג וועגן דער חשיבֿות פֿון אלול. איז ער דאָך דער לעצטער חודש פֿון ייִדישן יאָר. פּירט ער דאָך אַרײַן אין די ימים נוראים, ממש דער טויער צו ראש-השנה און יום-כּיפּור. פֿאַלט ער זיך דאָך צונויף מיט די סליחות, וואָס מען זאָגט אין די פֿרימאָרגנס, און וואָס יאָגן אָן די שטימונג פֿון די פֿאַרכטיקע טעג. אַפֿילו צערעמאָניעס, וואָס זענען ווי אָנגעגרייט געוואָרן פֿאַר די ימים נוראים, זענען אַרײַנגעדרונגען אין חודש אלול, ווי למשל, דאָס שופֿר-בלאָזן. אמת: נישט די צערעמאָניע אין איר גאַנצקייט, אָבער שוין בלויז די אייִנצלנע קלאַנגען, ברענגען אַרײַן די מיסטעריע אין די נאָך וואָכנדיקע טעג פֿון אלול.

און דאָך: דאָס, וואָס מזרח-אייראָפּעאישע ייִדן האָבן געטאָן מיטן דאָזיקן חודש, לאָזט זיך נישט באַצייכענען מיט קיין אַנדערע ווערטער, ווי אַז זיי האָבן

אים אויסגעבויט ווי אַ בנין. איינער פון די איינדרוקפולסטע בנינים אין דער מזרח־אייראָפּעאישער ייִדישער גײַסטיקער אַרכיטעקטאָניק.

לאָמיר אָנהייבן טאַקע מיטן שופר. אויב אין אַנדערע ייִדישע ישובים האָט מען זיך באַגנוגנט מיט דעם, וואָס ס'איז פון אַט־דער טראַדיציע פאַרבליבן אין ייִדיש־געשיכטלעכן זיכּרון, און וואָס האָט זיך באַצויגן צו אלול, האָט מען צווישן מזרח־אייראָפּעאישע ייִדן פאַרטיפט די מיסטעריע. איינער פון די ערשטע רעליגיעזע געזעצגעבער אין פּוילישן ייִדנטום, ר' משה איסרליש — באַקאַנט אין פאַרקירצונג ווי דער רמ"א — האָט געהאַלטן, אַז עס איז ווײַט נישט גענוג בלויז אין די פרי־מאָרגנס אַדורכגענומען צו ווערן מיט די שופר־קלאַנגען. זיי דאַרפן אויך אַרײַנ־דרינגען אין געוויסן און געמיט אין די אָוונטן. אַנדערע האָבן אָפּגעוואָגן זײַן מיינונג. דער עניין האָט אַרויסגערופן ערנסטע מיינונג־פאַרשידנקייטן. פילזאָגנדיק איז, אַז נישט דווקא אויסגעשפּראָכן־רעליגיעזע דענקער האָבן צוגעשריבן אַזאַ וויכטיקייט צו דעם אלול־שופר. אויך די וועלכע האָבן אין הײַנטיקן יאָרהונדערט פאַרטראַכטן די גײַציײַטיקע שטרעמונגען, און זיי געגעבן צום אויסדרוק, זענען, קוים האָט מען אָנגערירט דעם חודש אלול און זײַנע אייגנטימלעכקייטן, גלײַך אַרויסגעקומען מיטן שופר־מאָטיוו.

עפנט איר די שילדערונג "אַ שטעטל" פון שלום אַש, אַ שילדערונג פון מזרח־אייראָפּעאישן ייִדישן שטעטל, וואָס נעמט אויך אַרום די אלול־טעג, ווען זיי זענען דאָרט אַהין אַרײַנגעקומען. גלײַך גייען אײַך אַנטקעגן די שורות: "עס דערהערט זיך אַ שופר־בלאָזן, דאָס קול ציטערט אין דער לופט, און פאַרציטערט קליין און גרויס"... און זאָגט נישט, אַז דאָס האָט זיך אַזאַ בילד אַנטפּלעקט פאַר אשן, וועלכער איז דאָך כּידוע געווען ראָמאַנטיש און סענטימענטאַל געשטימט, בעת ער האָט געמאָלן די סביבה, וואו ער איז אויפגעוואַקסן. נישט אַנדערש זעט דאָס אויס בײַ איטשע מאיר ווײַסענבערגן, דער רעאַליסט, וועלכער איז אויסן געווען צו באַווײַזן די רויע ווירקלעכקייט פון ייִדיש־שטעטלדיקן לעבן. אָט אַזוי לייענען מיר אין זײַן שילדערונג "אַ שטעטל", וואָס איז גרונט־פאַרשידן פון שלום אַשס צוגאַנג, אָבער וואָס קומט זיך מיט אים צונויף וואָס שײַך דעם חודש אלול: "דאָס ווינטל שמעקט שוין מיט שופר־בלאָזן, פאַרטאָג וועקט מען צו סליחות, הילכט עס אין די לאַדנס... ייִדן ווערן ערנסטער, טרויעריקער... אין בית־המדרש ברענען ליכט... האַרציקע קולות, זיפצן און קרעכצן, מישן זיך צונויף מיטן זיס־האַרציקן ניגון פון צעבראָכענע הערצער"...

אויב מיר רײדן וועגן דעם בנין, וואָס איז אויסגעבויט געוואָרן מיטן חודש אלול, איז דאָס דערפאַר, ווײַל די ציטערניש און ערנסטקייט זענען נישט פאַרבליבן צו גאַרנישט פאַרפליכטנדיקע שטימונגען און געמיט־צושטאַנדן. אלול איז געווען אַ שטאַרק־באַשעפטיקער חודש. אין ניסן האָט מען געשײַערט און גערייניקט

אויסערלעך, כּדי צו קענען אַריַינגיין אין פּסח; צו די ימים־נוראים האָט מען זיך געגרייט אינערלעך. מען איז געווען פאַרנומען מיט פאַרריכטן זיך אַליין, און דאָס ייִדישע לעבן אין אַרום. תּיקון־המעשׂים, האָט מען דאָס גערופן. עס האָט אויסגעקוקט, ווי אַ גאַנץ יאָר האָט מען געוואַרט אויפן חודש אלול, און דער חודש אלול האָט געוואַרט אויפן ייִדישן מענטש. אָט־די קעגנזײַטיקע וואַרטעניש האָט אַרויסגערעדט פונעם אייגנאַרטיקן אויסטײַטש, וואָס מען האָט אַרײַנגעלייגט אין אַ פּסוק פון שלמה המלכס געזאַנג איבער אַלע געזאַנגען: „איך וואַרט אויף מײַן פרײַנד, און מײַן פרײַנד וואַרט אויף מיר" (אני לדודי ודודי לי, שיר השירים ו, ג, וואו שוין בלויז פון די ערשטע אותיות פון די ווערטער — די ראשי־תּיבות — לאָזט זיך צונויפשטעלן דער נאָמען פון חודש), פאַרשטייט זיך: אויך אַנדערע אויסטײַטשן זענען געווען אין אומגאַנג, אָבער אָט־די אינטערפּרעטאַציע האָט צומשטאַרקסטן אָפּגעשפּיגלט די האַרציק־היימישע באַציאונג, וואָס האָט זיך אײַנגעשטעלט מיטן דאָזיקן חודש.

וואָס אַלץ האָט מען נישט געטאָן, און אויפגעטאָן, אין אלול! מען האָט אַרײַנגעבויט אַ וועלט פון כּוונות אין דער תּשובה, צו וועלכער ער האָט גערופן. דער אומקער צו די כלערליי ייִדישע ווערטן; מען האָט זיך דערמאָנט אין די געבעטן פון אַלע צײַטן, פאַרצײַטישע און שפּעטערדיקע, און טאַקע זיי געזאָגט, ווען עס איז געקומען צו תּפילה; און מען האָט נישט געשפּאָרט קיין אָנשטרענגונג, כּדי מקיים צו זײַן דאָס געבן צדקה. אלול איז געווען דער חודש, ווען מען האָט אָממײַסטן געטיילט צדקה צווישן מזרח־אייראָפּעאישע ייִדן. מען האָט געגעבן פאַר אייגענע אָרעמעלייט, פאַר נאָענטע וואוילטעטיקע צוועקן; און מען האָט געהאַט אַן אָפּן אויער און האַרץ פאַר בויט־געשרייען, וועלכע האָבן דערגרייכט פון ווײַטנס. טאַקע שלום אַש אין זײַן אויבנדערמאָנטער שילדערונג פון שטעטל באַשרײַבט, ווי אין אלול פלעגט אָנקומען דער ארץ־ישׂראל־ייִד נאָך דעם ארץ־ישׂראל־געלט, וואָס האָט זיך אָנגעקליבן אין די פּושקעס, וועלכע זענען געהאָנגען אויף די טירן בײַ די מזוזות אין יעדן ייִדישן הויז, און וואו יעדע מאַמע האָט צו ליכט־צינדן אַרײַנגעלייגט צדקה. אלול זענען די פּושקעס געעפנט געוואָרן, און מען האָט נאָך צוגעלייגט צו דעם, וואָס ס׳איז אין זיי געווען אָנגעזאַמלט. ענלעכע פּרטים קען מען אַרויסלייענען בײַ אַנדערע, וואָס האָבן אויפגעוויקלט זייערע זכרונות און דערפאַרונגען. זיי זענען פריש אין זיכּרון פון אַלע, וואָס האָבן אין זייער יוגנט אַדורכגעמאַכט די מזרח־אייראָפּעאישע ייִדישעווירקלעכקייט.

מער ווי אין אַן אַנדערער צײַט פון יאָר, האָט מען דורך דעם חשבון־הנפש, וואָס האָט אַדורכגעדרונגען דעם חודש אלול, זיך אַרומגעקוקט, ווי אַזוי מען קען אַרײַנברענגען אויסבעסערונגען אין די נאָענטע און ווײַטע צדקה־אינסטיטוציעס; סײַ אין די, וועלכע האָבן זיך פאַרנומען מיט פונאַנדערטיילן שפּייז פאַר די בויטלײַדנדיקע, סײַ אין די, וואָס האָבן באַזאָרגט הילף פאַר די קראַנקע, אָדער גאָר

אין די, וואָס ייִדישע דערציאונג איז געשטאַנען אין צענטער פון זייער טעטיקייט. מען האָט צווישן אַלע אויסטייַטשונגען און אַנדייַטן, וואָס זעבען זיך צונויפגעוואַקסן מיט אלול — שוין בלויז מיטן וואָרט גופא — נישט פאַרגעסן צוצוגעבן, אַז אויף גמרא־לשון, אויף אַראַמעאיש, ווייַזט דאָס דאָזיקע וואָרט אָן אויף גאָר באַזונדערע אָנשטרענגונגען, וואָס מען דאַרף מאַכן אין אָט־דעם חודש, אָנשטרענגונגען אין דעם גוטן ווילן און אין דער אויפפירונג, כּדי זיי זאָלן ווערן אַ געוואוינהייט. איבער אַלע אַספּעקטן פון תּשובה, תּפילה, און צדקה, האָט מען טאַקע זיך אָפּגעשטעלט, מיטן מחזור אין האַנט, ראש־השנה און יום־כּיפּור. אָבער פּראַקטישע מעשׂים האָט מען אָפּגעטאָן שוין אין די טעג פון חודש אלול. ציטערן דאַך, לויט דעם אומגייענדיקן פאָלקס־וואָרט, אין אלול. אַפילו די פיש אין וואַסער; און דאָס, וואָס ווערט געטאָן אין דאָזיקן חודש, פאַרבלייַבט אַנטשיידנדיק פאַרן ווייַטערדיקן לעבנס־וועג.

אַ שטיק דערקלערט זיך די נישט־אָפּשטייענדיקע פּאָפּולערקייט פון י. ל. פּרץ דערמיט, וואָס אים איז געראָטן צו שילדערן דאָס ייִדישע פאָלק אין מזרח־אייראָפּע, אַזוי ווי עס איז געווען אין די טיפענישן פון זייַן נשמה, אונטער דעם אויבנאויפיקן מלבוש פון מאַטעריעלער אָרעמקייט, פּאָליטישע רדיפות, סאָציאַלער דערנידערונג. זייַן קורצע דערציילונג "אויב נישט נאָך העכער", וואָס איר אַקציע וויקלט זיך פונאַנדער אין די לעצטע טעג פון אלול, זאָגט דערויף עדות. דער רבי, וועלכער שטייט אויף אין סליחות־פאַרטאָג, וואַרפט אויף זיך אַרויף פּויערישע קליידער, נעמט אַ האַק אין האַנט, לאָזט זיך אַוועק אין וואַלד אַרייַן האַקן האָלץ, און גייט דערנאָך צו דער קראַנקער, אָרעמער אלמנה, אייַנהייצן בייַ איר דעם אויוון, איז אין פּרצעס דערציילונג, דער סימבאָל, דער רעפּרעזענטאַנט, פון אַ מאַסע, וואָס האָט אָט־אַזוי — אין אַ גענויער אָדער פאַרשידענער פאָרם — זיך אויפגעפירט. אין אלול האָט די עכטקייט זיך אַנטפּלעקט.

מיר זאָגן: דערציילונג. אָבער "אויב נישט נאָך העכער" איז נישט קיין פּראָדוקט פון דער פאַנטאַזיע. אַזוי טאַקע האָט געטאָן דער רבי ר׳ משה לייב פון סאַסעוו. אין אַ כראָניק פון יענער צייַט גיט דאָס איבער אַ באַגלייבטע פּערזאָן, וואָס האָט דעם רירנדיקן עפּיזאָד אַליין בייַגעוואוינט. י. ל. פּרץ האָט בלויז דעם מאָטיוו קינסטלעריש באַאַרבעט. אַפילו דאָס פאַרבאַהאַלטן זיך פאַר דער עפנטלעכקייט מיט דער איידעלער טאַט, דאָס פאַרשטעלן זיך פאַר אַ פּויער, שפּיגלט אָפּ דעם לעבנס־שטייגער, וואָס איז אָנגעגאַנגען. אין ייִדיש מזרח־אייראָפּע איז נישט געווען אָנגענומען דאָס פונאַנדעררעדן זיך הויך וועגן אייגענע גוטע מעשׂים. מען האָט געטאָן די זאַכן אין באַשיידנקייט, אָן רויש און געפילדער. "מתּן בסתר", האָט מען דאָס אָנגערופן. מתּנות פון האַרץ וועלכע מען טיילט פונאַנדער ווי אין באַהעלטעניש.

אין חודש אלול האָבן באַדאַרפט אַרויסשײַנען די געלײַטערטע ייִדישע מידות. מען האָט אַזוי־אַרום מקיים געווען אַן אַנדערן אַנדײַט, וואָס מען האָט אויסגעפונען אין אלול. די ערשטע אותיות פון דאָזיקן וואָרט קענען אויך אָנווײַזן, אַז מען דאַרף געבן צדקה אין אלול (ומשלוח מנות איש לרעהו ומתנות לאביונים, אסתר ט, כב); און לאָזט זיך דען אַזוינס טאָן אַנדערש, ווי "שטילערהייט", קיינער זאָל נישט זען און נישט וויסן, אַזוי ווי עס האָט געטאָן דער רבי אין דער שילדערונג פון י. ל. פרץ; אין פאַרטאָג, "ווען דער שטילער ימים־נוראימדיקער פחד האָט זיך געוויגט איבער די טונקעלע גאַסן"?!...

און וויבאַלד מיר האָבן שוין אָנגערירט אַ חסידישן מאָטיוו, איז אוממעגלעך נישט צו דערמאָנען, וואָסער לויטערקייט אלול האָט ד'ערגרייכט אין די באַגריפן פון חסידות. די באַוועגונג, וואָס איז אויסגעוואַקסן און רײַף געוואָרן צווישן מזרח־אייראָפּעאישן ייִדנטום. מיט אַזוי פיל האַרץ און דערוואַרטונג איז ער אַרײַנגעקומען אין ייִדישן יאָר, און מיט דערוואַרטונג און האַרץ האָט ער דאָס יאָר פאַרמאַכט. ווי אַ גאָר טייערער געשאַנק, וואָס איז געגעבן געוואָרן דעם פאָלק ישראל, איז ער באַטראַכט געוואָרן. אויב יעדער חודש איז, לויט ר' שניאור זלמן פון ליאַדי, אַ באַנייאונג, אין וועלכער דאָס לעבן הייבט אָן צו שטראָמען מיט אור־כּוחות פונדאָסנײַ, איז דאָס אָוודאי געזאָגט געוואָרן אויפן חודש אלול. אין דער ייִדישער געשיכטע האָט ער אויך געמעגט זײַן אַ חודש פון אויפשטאַנד און בונט, וואָרום מיט קאַרגע צוויי טויזנט יאָר צוריק האָט גראָד אין אלול אויסגעבראָכן דער גרויסער ייִדישער אויפשטאַנד קעגן דער רוימישער מאַכט, וואָס האָט דעמאָלט אָקופּירט ארץ־ישׂראל; אין דעם מזרח־אייראָפּעאישן ייִדישן געמיט, הגם מען האָט אין אים אויפגעהאַלטן געטרײַ די קליינע און גרויסע פּאַסירונגען פון דער פאַרגאַנגענהייט, און זיי צוגעטוליעט מיט וואַרעמקייט צום האַרץ, איז מען גיכער געווען גענייגט צו טראָגן אין זיך דעם ציטער, וואָס האָט זיך אויפגעוועקט מיטן אָנקומען פון אלול, צוזאַמען מיט דער צאַרטקייט און ווייכקייט פון סענטימענט, וואָס האָבן זיך צונויפגעגאָסן מיט דעם ציטער.

ר' נחמן בראַצלאַווער האָט גערעדט וועגן די געשלאָסענע טויערן, וואָס מען דאַרף עפענען אין אלול; און וואָס וועלן געעפנט ווערן דורך דעם ציטער, אין וועלכן עס וועלן אויך שטראָמען געפיל און פרייד. ר' חיים צאַנזער האָט אפילו די תורה, וואָס ער האָט געזאָגט אין חודש אלול, געזאָגט מיט אַן אַנדערן ניגון, ווי געוויינלעך; אַ ניגון, וואָס האָט געצופּט בײַם האַרץ, און דערבײַ ממש אויך געפלייצט מיט פריידיקן אָנזאָג און בטחון.

פאַר חסידות איז פאַרבליבן כאַראַקטעריסטיש דאָס אַרײַנברענגען אין ייִדישן מענטש אין די אלול־טעג דעם אומרו פאַר דעם יום־הדין, וואָס דערנענטערט זיך, און דערמיט אויך דעם שטאָלץ, וואָס דער ייִד מאַכט אַדורך אַזאַ אומרו. מען האָט

גערופן דעם ייִד נישט צו פאַרגעסן, אַז אַפילו ווען ער ווערט געשטעלט צום הימלישן משפּט, איז ער אַ בן־מלך, אַ פּרינץ. ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער האָט דאָס אַרויסגעזאָגט אין די שמועסן, אין וועלכע ער האָט זיך אַרײַנגעלאָזט חודש אלול מיטן עולם. מיר דאַרפן פאַרריכטן אונזערע מעשׂים — האָט ער געזאָגט, און דערציילט וועגן גויִישן שוסטער, וועלכער איז פאַרבײַגעגאַנגען פאַר זײַן פענסטער, און בײַ אים געפרעגט, צי ער האָט נישט קיין שיך צו פאַרריכטן. דער שוסטער האָט אים, דעם בערדיטשעווער, אָנגערעגט צו פרעגן בײַ זיך אַליין: צי האָב איך אַלץ פאַרראָכטן?... אָבער דאָס רעגט אים אויך אָן אויפצוהייבן די פראַגע צום הימל, צי פאַרריכט מען דאָרט אַלץ, וואָס מען טוט אָפּ לגבי ייִדן. סײַ אין הימל, סײַ אויף דער ערד — האָט ער צוגעגעבן — שטייט מען פאַר דעם יום הדין; און קעניגלעכע קינדער, וואָס דאַרפן ענטפערן אויף די פראַגעס וואָס מען שטעלט זיי, מעגן אַליין אויך שטעלן פראַגעס... פאַר ר׳ אלימלך פון ליזשענסק איז דער חודש אלול געווען אַ צוגרייטונג צו אַלצדינג. אין דאָזיקן חודש דאַרפן מיר זיך בכן אַרויסשטעלן מיט אַלע אייגנשאַפטן און מידות, וואָס שטראַלן אַרויס פון ייִדישן מענטש.

אין זײַן פאַר אלול־צוגעקליבענעם ניגון האָט ר׳ חיים צאַנזער דערציילט די מעשׂה, וואָס הגם זי איז שוין אַלט, האָט ער געהאַלטן, דאַרף זי אָפּקלינגען ווי נײַ. עס איז געווען אַמאָל אַ פּרינץ, וואָס איז דורך זײַן פאָטער, דעם מלך, פאַרטריבן געוואָרן פון קעניגלעכן פּאַלאַץ. האָט דער פּרינץ אַדורכגעמאַכט שווערע לײַדן אין דער היימלאָזיקייט. ער האָט פאַרקויפט אַלטוואַרג, געוואָרן אַ פּאַסטוך, געוואוינט אין אַ בײַדל, אויסגעשטאַנען בייזע ווינטן און שטורעם. איינמאָל פאָרט פאַרבײַ דער קעניג דאָס אָרט, וואו דער פאַרטריבענער פּרינץ האָט זיך געפונען. ער באַפעלט דאָרט יעדן איינעם פון די מענטשן אויסצושרײַבן, וואָס ער פאַרלאַנגט פון מלך. אויך דער פּרינץ האָט אויפגעצייכנט זײַן פאַרלאַנג. דער קעניג האָט דערקענט די האַנט־שריפט פון זײַן זון. דער פּרינץ האָט געבעטן, אַז דער מלך זאָל אים פאַרזאָרגן מיט אַ שטרויענעם דאַך פאַר זײַן בײַדל... ער האָט נעבעך פאַרגעסן, ווער און וואָס ער איז געווען, און זיך אַראָפּגעגעבן אַזוי טיף... דאָס טאָר נישט געשען מיט אונז — האָט אויסגעפירט דער צאַנזער.

עס וואָלט געווען אַ פאַרפלאַכונג פון חודש אלול, ווען מען וואָלט אים באַצייכנט, אַז ער איז געווען אין מזרח־אייראָפּעאישן ייִדישן קיבוץ בלויז אַ חודש פון שרעק און אימה צוליב דעם דערנענטערן זיך פון די ימים־נוראים. דער חשבון־הנפש, וואָס מען האָט געמאַכט מיטן אייגענעם געוויסן, האָט אין קאָנסעקווענץ געצויגן אַרויסצורוקן פראַגעס. דאָס אויפוועקן צו סליחות, האָט בכלל אויפגע־וועקט. מען האָט געשטעלט שווערע און האַרבע פראַגעס אין שײַכות מיטן יאָר, וואָס איז אָפּגעלאָפן, און מען האָט אָנגעוואָרפן קשיות בנוגע דעם יאָר, וואָס האַלט זיך בײַם עפענען. אויב אין דער הגדה פון פּסח האָט זיך געפונען אַ

פּאַרטיקער ענטפער אויף די קשיות, זענען אין די סליחות אַזעלכע אָפּגעטאָקטע פּאַרענטפערונגען נישט געווען. אַלץ איז דאָרט אויסגעקומען פאַרצווייגט, פּאַרטיפט, קאָמפּליצירט. אַז די ייִדישע מזרח־אייראָפּעאישע גײַסטיקע וועלט איז געווען אַ קאָמפּליצירטע, אַ ווײַט נישט איינפאַכער צונויפוועב פון מוח און האַרץ, פון גריבלעריי און סענטימענט, איז דאָס אין אלול געקומען צום אויסדרוק מער ווי אין וועלכן עס איז אַנדערן חודש פון ייִדישן יאָר.

אין דער תּקופה אין וועלכער אונזער דור איז אויפגעוואַקסן, אין די ערשטע יאָרצענדליקער פון הײַנטיקן יאָרהונדערט, האָט געגעבן אַן אָפּשפּיגלונג פאַר דעם אלול־בניין, וואָס מזרח־אייראָפּעאישע ייִדן האָבן אויפגעשטעלט, די ייִדישע פּרעסע, וואָס איז דאָרט דערשינען. בעיקר די צײַטונגען וועלכע זענען אַרויסגעגאַנגען אין ייִדיש אין פּוילן, וואו עס האָט זיך קאָנצענטרירט צו יענער צײַט די מערהייט פון דער ייִדישער באַפעלקערונג, און וואָס איז געווען דער רעזערוואואַר פון דער ייִדישער נאַציאָנאַלער ענערגיע. אָן אונטערשייד צו וועלכער אידעאישער ריכטונג די צײַטונג האָט זיך אָנגעהערט, און וואָסער שטרעמונג זי האָט פאַרטרעטן, אין אלול האָט מען געמאַכט דעם חשבון, און אַרויסגעהויבן די קשיות, און וואָס טיפער זיי האָבן געגראָבן, אַלץ שטאַרקער איז געווען זייער אָפּקלאַנג. ווי שטייט מען אין דער וועלט? וואָסער איז געווען דאָס יאָר, פון וועלכן מען איז אָפּגעגאַנגען, און וואוהין פירן די וועגן, וואָס עפענען זיך מיטן אָנקומענדיקן יאָר? אַלע פּראָבלעמען זענען אין די באַטראַכטונגען, אין די אַנאַליזן, אין די רעפלעקסן, אַרומגענומען געוואָרן. אין אַלע ווינקלען פון ייִדישן געדאַנק, און פון דער טאַט, אין וועלכער ער קומט אָדער דאַרף קומען צום אויסדרוק, איז מען אַרײַנגעדרונגען. נישט בלויז אַ כראָניק פון פּאַסירונגען, ווי דאָס איז דער שטייגער, האָט צוגעשטעלט די אלול־פּרעסע פון די מזרח־אייראָפּעאישע ייִדישע ישובים. אין איר איז פאַר־צייכנט די מעכטיקע, גײַסטיקע דראַמע, וואָס האָט זיך אויפגעוויקלט יעדן חודש אלול אין דער דערפאַרונג פון מזרח־אייראָפּעאישן ייִדנטום. און דאָ האַנדלט זיך נישט וועגן קיין איינמאַליקער דערשײַנונג. יאָר נאָך יאָר, איידער די רוצחישע האַק האָט זיך אויפגעהויבן קעגן מזרח־אייראָפּעאישן ייִדישן קיבוץ, האָט די פּרעסע אין חודש אלול געעפנט דאָס פענסטער צו דער אינערלעכער וועלט פון דער פּיל־מיליאָניקער ייִדישער מאַסע.

אין דער שילדערונג פון חודש אלול, און פון די ימים נוראים, אויף וועלכער מיר טרעפן זיך אָן בײַ מענדעלע מוכר ספרים אין זײַן אויטאָביאָגראַפישער דער־ציילונג "שלמה ר' חיימס", לייענען מיר שורות, וואָס קריצן זיך אײַן אין אונזער געדאַנק. אגב, סײַ מענדעלע מוכר־ספרים, סײַ שלום־עליכם, יעדער איינער אויף זײַן אייגענעם אופן און אין זײַן סטיל און לשון, האָבן נישט פאַרפעלט צו מאָלן אין זייערע ווערק די אייגנאַרטיקע אַטמאָספער, וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט אין

דער מזרח־אייראָפּעאישער ייִדישער גאַס אין דאָזיקן חודש. אַ סך שטעלעס אין זייערע ווערק אויף דער טעמע, פֿאַרדינען אַרויסגעבערענגט צו ווערן.

קערן מיר זיך אום צו די שורות אין "שלמה ר׳ חיימס". עס שרייבט מענדעלע: "די היסטאָריע פֿאַדערט, אַז די זאַך זאָל דאָ אַביסל מער דערקלערט ווערן... פֿאַר די שפּעטערדיקע דורות — אוי, ווער ווייסט, קען די זאַך נישט בלײַבן פֿאַרשטענדלעך"...

ווי גערעכט דער פּיקחותדיקער, ווײַטזעעוודיקער מענדעלע, דער "זיידע" פֿון דער מאָדערנער ייִדישער ליטעראַטור, איז געווען! פֿאַר די קומענדיקע דורות קען, און וועט, אויסקומען אומגלויבלעך, וואָס דער חודש אלול האָט מיט זיך פֿאַרגעשטעלט, און וואָס ער איז געווען, ערשט מיט עטלעכע יאָרצענדליקער צוריק, אין דעם אונטערגעגאַנגענעם ייִדישן קיבוץ. לאָמיר דעריבער אויפֿפרישן און פֿאַרצייכענען די זאַכן, איידער זיי ווערן בלאָס אין נאַציאָנאַלן זיכּרון, און איידער עס שפּרינגען אַרויס מכלומרשטע "פֿאָרשער", געשטויסן, ווי זיי דערקלערן, פֿון זייער רעספּעקט פֿאַר דער "אָביעקטיווער" אָפּשאַצונג, וועלכע וועלן טענהן:

— אָ, די סענטימענטאַלע אלול־באַשרײַבונגען, דאָס זענען פֿאַנטאַזיעס, פּראָדוקטן פֿון נאָסטאַלגישע געמיטער!

אונזער דור, וועלכער האָט אַליין אָדורכגעמאַכט די דערפֿאַרונג, איז נאָך בכּוח עדות צו זאָגן, אַז דאָס, וואָס מזרח־אייראָפּעאישע ייִדן האָבן געטאָן מיטן חודש אלול, לאָזט זיך נישט באַצייכענען אַנדערש, ווי נאָר, אַז זיי האָבן אויפֿגעשטעלט מיט אים אַ מערקווירדיקן בנין פֿון גײַסט און מחשבה, פֿון געפֿיל און האַרץ.

וואָס עס אימפּאָנירט נאָך שטאַרקער אין דאָזיקן בנין איז, אַז ער איז נישט געווען קיין טורעם, וואָס איז געהאָנגען אין דער לופֿט, נאָר אַז ער איז געווען געבויט פֿון דויערנדיקן מאַטעריאַל. ער איז געווען צונויפֿגעלייגט פֿון אַ ווירקלעכקייט, וואָס האָט אַרויסגערעדט, אַרויסגעשריִען, פֿון טאָג־טעגלעכן לעבן און פֿון דער טאָג־טעגלעכער אויפֿפֿירונג. די מזרח־אייראָפּעאישע ייִדישע ווירקלעכקייט.

# פינף הונדערט יאָר אַשכּנזישע געשיכטע אין סליחות

די סליחות, וואָס מען זאָגט האַלבע נאַכט אָדער פאַרטאָג אין דער וואָך פון ראש־השנה און אין די טעג צווישן ראש־השנה און יום־כּיפּור זענען, נאַטירלעך, תּפילות, וועלכע דאַרפן אַריינפירן אין דער אַטמאָספער פון די "פּאַרכטיקע טעג", און אין דער גרייטקייט צו מאַכן אַ דין־וחשבון מיטן אייגענעם געוויסן; אָבער זיי זענען דערביי אויך שטיקער כראָניק פון די דערפאַרונגען פון אַשכּנזישן טייל פון אונזער פאָלק אין מיטלאַלטער. ווילסטו באַקומען אַ טיפערן אַריינבליק אין די איבערלעבונגען פון אַשכּנזישן קיבוץ אין מערב־אייראָפּע אין צייט־אָפּשניט פון פינף הונדערט יאָר — געניי; פון דעם צענטן ביז דעם פערצנטן יאָרהונדערט — און באַגערסט אויך צו דערגיין פון די ערשטע קוועלן נישט בלויז, וואָס ייִדן האָבן דעמאָלט אַדורכגעמאַכט, נאָר אויך, וואָס זיי האָבן געדענקט און געפילט, עפן די סליחות. זיי וועלן, אויפן סאַמע רירנדיקן אופן, אַנטפּלעקן פאַר דיר די "אינערלעכע ווירקלעכקייט" פון ייִדישן לעבן אין די פאַרלאָפענע יאָרהונדערטער, און אויפדעקן די נשמה פון ייִדישן מענטש אין יענער צייַט פון טיפע דערשיטערונגען און אויפּציטערנדיקע קאַטאַקליזמען.

עס זענען אויך דאָ סליחות, וואָס ספרדישע ייִדן זאָגן אין דעם ראש־השנה און יום־כּיפּור־פּעריאָד. אָבער אויב אין נוסח פון געוויינלעכן דאַווענען לאָזן זיך אָנצייכענען זייער ווייניק אונטערשיידן צווישן ספרדישע און אַשכּנזישע תּפילות, זענען אין די סליחות די חילוקים גאָר שטאַרקע. די סליחות פון אַשכּנזישע ייִדן זענען אַ ריין־אַשכּנזישע שאַפונג. זייַט־בייַ־זייַט מיט זייערע ליטורגישע אייגנ־שאַפטן, אַנטהאַלטן זיי אויפרודערנדיקע קאַפּיטלען פון אַ תּקופה אין דער אַשכּנזי־שער געשיכטע, וואָס האָט זיך אייַנגעקריצט טיף אין אונזער נאַציאָנאַלן זיכּרון מיט איר ווייַ און הערשאַפט, און מיט די שווערע נסיונות, פאַר וועלכע דאָס פאָלק איז געשטעלט געוואָרן.

ווי געזאָגט: דאָס איז דער צייַט־אָפּשניט פון צענטן ביז דעם פערצנטן יאָר־הונדערט. אין צענטן יאָרהונדערט האָט דער ייִדישער ישוב אויף די ברעגן פון רהיין אין דייַטשלאַנד, און אין צפון־פראַנקרייַך — אָדער ווי מען האָט אים שוין

דאָן גענומען רופן: דער אַשכּנזישער ישוב — זיך געפונען אין זײַן פולן אויפבלי. ייִדן האָבן צוליב כלערליי סיבות פאַרלאָזט דעם אַזיאַטישן קאָנטינענט, וואו עס איז געשטאַנען דאָס וויגל פון ייִדישן פאָלק און פון דער ייִדישער קולטור, און גאָר אַ באַדײַטנדיקער טייל האָט זיך באַזעצט אין מערב־אייראָפּע אין דער רהײַן־געגנט. דאָס איז געווען דער ערשטער מאַסן־צונויפטרעף פון ייִדן מיט אַ קריסטלעכער באַפעלקערונג. ווי פרעמד און אומבאַקאַנט אַלץ איז געווען אין דער נײַער סביבה — מען האָט זיך צוגעוואוינט. ייִדן האָבן זיך פאַרנומען מיט מסחר, בעיקר מיט האַנדל אין גרויסן פאַרמאַט, און מען האָט אויך שטאַרק געוואָרגט פאַרן אָרגאַניזירן דאָס סאָציאַלע און גײַסטיקע לעבן. עס זענען אויפגעשטאַנען קהילות אין מײַנץ, וואָרמס, שפּײַער, מעץ, טרויאַ, קעלן. דיקטירט דורך גוטן ווילן און גלײַכן שׂכל, האָט מען, אויף וויפל מען האָט געקענט — און עס האָט זיך געלאָזט — זיך צוגעפּאַסט און אַרײַנגעפּאַסט אין די פרישע פאַרהעלטעניש. אַלץ האָט טאַקע אויסגעזען צו גיין כשורה. מען קען אַפילו באַשטימען: די זאַכן האָבן זיך אײַנגעשטעלט גוט און פיין. אין די רעגירנדיקע ספערן האָט מען אָפּגעשאַצט די ווערטפולקייט פון די אײַנוואַנדערער; די נוצן, וואָס זיי ברענגען פאַר די לענדער, פאַר זייער אַנטוויקלונג און ווירטשאַפט; אויך מיט די שכנים איז דאָס צונויפלעבן געווען צופרידנשטעלנדיק. מען האָט זיך געשעצט קעגנזײַטיק און געהאָלפן איינער דעם אַנדערן.

אָבער מיטן לויף פון די יאָרצענדליקער איז עפּעס קאַליע געוואָרן. בייזע ווינטן האָבן גענומען בלאָזן. ווײַט נישט קיין זאַוויערוכע, חלילה; אָבער דאָך נישט דאָס זעלבע, וואָס פריִער. צומערשט האָט זיך אַרײַנגעריסן די ווירטשאַפט־לעכע קאָנקורענץ. אויב עמעצער האָט זיך גענומען אין דער פרימיטיווער, דאַן אַנגייענדיקער פעאָדאַלער ווירטשאַפט, צום האַנדל, האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז דער ייִד, מיט זײַן דערפאַרונג, מיט זײַנע אינטערנאַציאָנאַלע קאָנטאַקטן, שטייט אים אין וועג. דערצו איז צוגעקומען, דער רעליגיעזער פאַנאַטיזם. פאַראורטיילן, וואָס זענען אַנטשטאַנען גלײַך מיטן אויפקום פון קריסטנטום לגבי דער ייִדישער וועלט פון באַגריפן און אידייען, האָבן צווישן דער קריסטלעכער באַפעלקערונג אין מערב־אייראָפּע אָנגענומען ווען־נישט־ווען, אויסדרוקן פון ברוטאַלקייט און גרויל. מען האָט וואו־נישט־וואו געוואָלט אַרויפצווינגען אויף די איינוואַנדערער דעם הערשנדיקן גלויבן. דאָס זענען געווען — מען טאָר נישט איבערטרייבן — איינצלנע דערשײַנונגען, ווײַט נישט אויף אַרײַנצוברענגען פּאַניק. אָבער די זיכערקייט, וואָס מען האָט געטראָגן אין האַרץ, איז פאַרשוואונדן. אַ פאַראַנונג איז אַרײַנגעטרעטן אין געמיט, ווער ווייסט — האָט מען בײַ זיך געטראַכט — צי דאָס זענען נישט קיין אומהיימלעכע, שטאַרק אומהיימלעכע, צייכנס? ...

און די אַנגסט פון דער פאַראַנונג האָט אַרויסגעפּליסטערט, אַרויסגערעדט, און טייל מאָל אַרויסגעשריגן, פון די סליחות, וואָס מען האָט געשריבן אין די אַנטשטאַנענע קהילות. מען מוז וויסן, אַז קיינמאָל, און אין קיין שום אָרט, האָט

זיך נישט אָפּגעשטעלט די גײַסטיקע שעפערישקייט בײַ אונזער פאָלק. אויך אין יענער צײַט, און אין אויפשטײַגנדיקן אַשכּנזישן קיבוץ, האָט די שעפערישקייט געזוכט פאַר זיך אַן אויסדרוק. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן בעיקר געאַקערט אין פעלד פון דער מחשבה און פון געזעץ; און געווען אַנדערע, וואָס האָבן קודם כּל באַגערט צו עפענען דעם קוואַל פון זייערע געפילן. די סליחות זענען אַ באַשטאַנד־טייל פון פּאָעטישן זשאַנער. זיי זענען געשריבן אין דער שפּראַך פון תּנ״ך, און אויך זייער פּראָזע איז באַהויכט מיט דיכטערישן שוואונג, און איז אין תּוך האַרציקע ליריק. הגם לכתּחילה אינספּירירט דורך דער כּוונה אויפצוהויבן אַ תּפילה און אויסבעטן אַ פאַרגעבונג (סליחה) אויף די זינד, וואָס מען טוט אָפּ לגבי גאָט און מענטש, האָבן זיי דאָך אָפּגעשפּיגלט דאָס געמיט פון די, וועלכע האָבן געשריבן די סליחות, און דאָס בילד פון דער תּקופה, אין וועלכער זיי האָבן געלעבט און געווירקט.

ס'איז כאַראַקטעריסטיש, אַז פון דער פאַראַנונג האָבן זיך נישט געקענט באַפרײַען אַפילו די וואָס ווערן באַטראַכט ווי אַזוינע, וועלכע האָבן באַפעסטיקט דעם פריש־געגרינדעטן אַשכּנזישן קיבוץ. אָט, למשל, רבינו גרשום. ער איז באַצייכנט געוואָרן אין די שפּעטערדיקע דורות, ווי ״דאָס ליכט פון דער ייִדישער צעשפּרייטקייט״ (מאור הגולה). דאָס האָט ער אײַנגעפירט ענדערונגען און אויס־בעסערונגען, וועלכע מען האָט אָנגערופן אין דער ייִדישער וועלט תּקנות, און וואָס האָבן באַדאַרפט פאַרלײַכטערן ייִדן דאָס אײַנלעבן זיך אין דער אייראָפּעאישער געזעלשאַפט. אָבער גראָד פון די סליחות, וואָס זענען דורך אים געשאַפן געוואָרן, יאָגט אַן אַ וויי. עס זענען שוין דעמאָלט געהאַט פאַרבײַגעגאַנגען אַן ערך טויזנט יאָר זינט דאָס פאָלק האָט פאַרלוירן זײַן פּאָליטישע זעלבשטענדיקייט, אָבער אין אים לעבט נאָך אַלץ די פאַרגאַנגענע פּראַכט פון אַמאָל; די גלאָריע פון אַ פאָלק, וואָס האָט אַמאָל פאַרמאָגט אַן אייגן לאַנד, אַן אייגענע הויפּט־שטאָט ירושלים, אַן אייגענעם גײַסטיקן צענטער, און ער פאַרגלײַכט די פאַרגאַנגענהייט מיט דער קעגנוואַרט, וואָס איז אַזוי גרונט־פאַרשידן; און אַזוי שווער איז זיך אים צו צוגעוואוינען צום דאָזיקן מצב, וואָס קומט אים אויס אומדערטרעגלעך.

דאַכט זיך: אַ דענקער, וואָס לאָזט זיך נישט פירן פון זײַנע עמאָציעס, און וועלכער ווייסט, אַז עס איז זײַן חוב, און דער חוב פון דער געזעלשאַפט, וואָס ער איז איר גײַסטיקער מנהיג, אויפצוהאַלטן די גלײַכוואָג; אָבער אין דער סליחה, וואָס ער, רבינו גרשום, האָט אָנגעשריבן, און וואָס אויף איר נאָמען ווערן אָנגערופן די סליחות פון ערב ראש השנה (זכור ברית אברהם), איז נישטאָ קיין אָפּהאַלט פאַרן שטורעם פון זײַנע געפילן. דאָרט זאָגט זיך: ״אַליין און פאַרלאָזן איז דאָס פאָלק, די הייליקע שטאָט און אירע געגנטן שטייען פאַרשעמט און געשענדעט, מיר זענען באַרויבט געוואָרן פון אונזערע אוצרות, מיר ווערן געשלאָגן און

געקוילעט״... אָן אויפגעברויזטער שטייט ער פאַר אונז אויך אין אַן אַנדערער סליחה־שאַפונג, וואָס איז אַרויס פון אונטער זײַן פּעדער. זי הייבט זיך אָן מיט אַ פראַגע, וואָס דרינגט אַדורך, ביז די טיפעניש, אים און די גאַנצע עדה אַרום: ״וואו זענען די וואונדער און די מוראס, פון וועלכע אונזערע עלטערן דערציילן זינט דורות? הײַנט ליגן מיר איבער דער וועלט צעטראָטן און צעריסן, דאָס רשעות פון דער וועלט איז גרויס, און לאָזט צו זיך נישט קומען, דער אַנרוקנדיקער טאָג איז ערגער פון דעם טאָג, וואָס איז פאַרגאַנגען״... אַפילו אַ גאָר דײַטלעכע שילדערונג פון דער רויער, אומברחמנותדיקער ווירקלעכקייט, אין וועלכער עס לעבן ייִדן, רײַסט זיך אַרײַן אין די אַלגעמיינע פראַזעס: ״דאָס גאָלד־גײַציקע פאָלק, וואָס צווישן אים לעבן מיר, האַלט אין איין שרייען: מעסט דאָס גאָלד, און ברענג וואָס מער גאָלד צו טראָגן!״...

צו די פּיאָנערן פון אַשכּנזישן ישוב האָט אויך געהערט אַן אַנדערער פון יענעם דור, ר׳ שמעון בן יצחק. ער ווערט גערעכנט צו די וויכטיקסטע רעליגיעזע פּאָעטן — אָדער ווי מען האָט זיי גערופן: פּייטנים — פון יענער בראשית־תקופה. אין ימים־נוראים־מחזור זענען אַרײַנגעגאַנגען אַ סך פון זײַנע שאַפונגען. אָבער ער פעלט נישט אין די סליחות און אויך ער קען זיך נישט באַפרײַען פון דער פאַראַנונג. אַלץ גייט נאָך, דאַכט זיך, גלײַך; און אין האַרץ טיאַכקעט דאָך... לייגט צו דאָס אויער, און אויך אַביסל האַרץ, און איר וועט הערן אָט־די האַרץ־קלאַפּעניש אין די פערזן, וואָס ער האָט געשריבן: ״לאַנג ציִען זיך אויס די טעג, אונזערע אַמאָליקע פאַלאַצן שטייען פאַרלאָזט און עלנט, די האָפענונגען פאַרשלעפּן זיך, און דער אויסלייז פאַרשפּעטיקט זיך צו קומען. די פײַנט שענדן, גזלנען, רויבן״... ״מיר גייען אויס אין אונטערדריקונג, און אונזערע קני׳ ברעכן זיך און שטרויכלען״...

אָבער די פראַגמענטן, וואָס מיר האָבן געברענגט, זענען בלויז — פראַגמענטן. נישט ייִאוש איז דער אַקאָרד צו די טענער פון אומעט, וואָס ווערן אַרויסגעברענגט. סײַ רבינו גרשום, סײַ ר׳ שמעון בן יצחק, יאָגן אָן, צוזאַמען מיט דער פאַראַנונג, זייער אומגעבראָכענעם גלויבן, אַז אויסערלעכער עלנט און אויסערלעכע שוואַכקייט אַנטשיידן נאָך נישט אין קיום פון פאָלק. צוזאַמען מיט דער מעגלעכקייט פון אַ פאַרערגערונג אין מצב, פאַרזייען זיי די איבערצייגונג, אַז אין דער פינסטערניש קען, און וועט, אַרויסשײַנען ייִדישער כאַראַקטער; און כאַראַקטער איז גובר דערנידעריקונגען, איז גובר אונטערדריקונג, איז גובר טראַגעדיעס.

די פּאַסירונגען האָבן זיך אַנטוויקלט מיט אַ האַסטיקן טעמפּאָ. סוף עלפטן יאָרהונדערט האָבן אָנגערוקט די קרייץ־צוגן. דאָס יאָר ד׳תתנ״ו (1096) איז אַ גורל־יאָר אין דער ייִדישער דערפאַרונג אין מיטלאַלטער. אַרום דאָזיקן יאָר, און די קאָנסעקווענצן, וואָס די געשעענישן אין דער דאָזיקער דאַטע האָבן געברענגט, איז אויסגעבויט די טעמע אינעם רוב פון די סליחות. אַ קריגס־אונטערנעמונג, וואָס

איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורך די קריסטלעכע פעלקער אין מערב־אייראָפּע מיטן צוועק צו באַפרײַען ארץ־ישׂראל, וואָס איז דאָך אויך פֿאַרהייליקט אין דער קריסט־לעכער רעליגיע, פון דער מאַכט פון די מוסולמענער, פאַרוואַנדלט זיך אין אַ מערדערישער אַקציע קעגן יידן. עס איז געווען לײַכטער פאַר די באַנדעס, וואָס האָבן זיך גערופן "די ריטער פון קרייץ", צו באַפאַלן די שכנותדיקע ייִדישע באַפעלקערונג איידער צו פאַרמעסטן זיך קעגן די מוסולמענער אין די מרחקים. אָנגעצונדן מיט רעליגיעזן פאַנאַטיזם דורך דעם קלער, האָבן די קרייץ־ריטער זיך נישט באַגנוגנט בלויז מיט רויב. דער ציל איז געווען אָרויפצוואָרפן די הערשנדיקע רעליגיע אויף די אַנדערשגלויביקע יידן. ווען עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז גאָר ווייניק יידן זענען וויליק אָפּצוּוואַרפן זייער אייגענעם גלויבן, האָבן די קרייצריטער זיי אָנגעגריפן מיט צעיושעטעטער אַכזריות. טויזנטער מענער, פרויען, קינדער, זענען געטויט געוואָרן. אָבער אין אַ סך ערטער האָבן יידן צומאָל נישט געוואַרט, אַז די רוצחים זאָלן בײַ זיי אַוועקנעמען דאָס לעבן. מען האָט דאָס אַליין געטאָן. עס זענען געווען אויך פיל פאַלן פון פיזישן ווידערשטאַנד, אָבער די קרייצריטער זענען געווען שטאַרק אין צאָל און אין וואָפן. אומגעפער צוויי הונדערט יאָר האָבן אָנגעהאַלטן די קרייצצוגן, זיי האָבן אַרומגענומען כּמעט גאַנץ מערב־אייראָפּע. דאָס איז געווען אַן אויפציטערנדיקע תּקופֿה, וואָס איז באַשריבן געוואָרן דורך די כראָניקער פון יענע צײַטן פון גרויל. רומפולע קהילות זענען דערטרונקען געוואָרן אין ימים בלוט.

איינער פון די דאָזיקע כראָניקער, אַ מיטצײַטלער פון די אויפטרייסלענדיקע פאַסירונגען, ר' שלמה בן שמשון, האָט פאַרצייכנט: "עס זענען אויפגעשטאַנען די ערגסטע פון די ערגסטע, אַ ביטערער נידערטרעכטיקער המון, און זיי האָבן אָרויפגעטאָן דעם צייכן פון צלם אויף זייערע קליידער, זיי זענען געווען פיל מער ווי די הײַשעריקן אין פעלד, און זיי זענען אָנגעפאַלן אויף די קהילות... און זיי האָבן אויסגעהרגעט אַלע, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען; און ווען אַנדערע האָבן דאָס געזען, האָבן זיי אויסגעשריגן: דאָס בעסטע פאַר אונז איז מקריב צו זײַן אונזערע לעבנס!... אַזוי האָבן זיי געטאָן. מענער, ווײַבער, זין, טעכטער, יונג און אַלט, קינד און קייט... מען איז געגאַנגען אויף קידוש השם"...

ווילסטו געווינען אַ טיפערן אַרײַנבליק אין דער דאָזיקער אויפשוידערנדיקער דערפאַרונג, עפן די סליחות. די מחברים פון אַט־די עלעגיעס, די שרײַבער פון אַט־די שילדערונגען און באַטראַכטונגען, האָבן געלעבט אין יענע צײַטן. זיי האָבן געהאַט זייער היים אין פאַרשידענע לענדער פון מערב־אייראָפּע, דײַטשלאַנד, פראַנקרײַך, ענגלאַנד; אין די שטעט, דורך וועלכע די קרייצריטער האָבן מאַרשירט. זיי האָבן אַדורכגעמאַכט דעם פּײַן און די לײַדן. אייניקע פון זיי זענען אומגעקומען מיט אַלע מאַרטירער. וועגן אַט־דער תּקופֿה האָבן זיי געשריבן אין די סליחות. אין קעגנזאַץ צו די ספרדישע מחברים, זענען די אַשכּנזישע מענטשן פון גײַסט

נישט אַרײַנגעפאַלן אין קיין עגאָצענטריק, און בדרך כּלל אויסגעמיטן די טענדענצן פון אינדיווידואַליזם. די אייגענע פּערזאָן איז וויכטיק אויב זי איז אײַנגעשלאָסן אין כּלל; און אייגענע איבערלעבונגען זענען כּדאַי איבערדערציילט צו ווערן, אויב דורך זיי איז מעגלעך צו זען, וואָס כּלל־ישׂראל האָט אַדורכגעמאַכט, און געדענקט, און געפילט. און אַוודאי איז זיי נישט אָנגעגאַנגען צו זאָרגן, אַז אין זייערע שאַפונגען זאָל געוואויגן ווערן דער פּערז אָדער זאָל געמאָסטן ווערן דער אויסדרוק.

צווישן די סליחות־שרײַבער געפינט זיך רש״י. ער האָט זײַן גאַנץ לעבן געשריבן פּירושים צום חומש, צו אַנדערע ספרים פון תּנ״ך, צום תּלמוד. ווער האָט זיך געקענט ריכטן, אַז ער וועט אין די לעצטע יאָרן פון זײַן לעבן דאַרפן שרײַבן וועגן אַ גרויל, וואָס שטײַגט איבער יעדע געשפּענסט־אַנוואָרפנדיקע פאַנטאַזיע?

רש״י האָט מיטגעמאַכט דעם שוידער פון ערשטן קרייצצוג. צווישן די סליחות־שרײַבער געפינט זיך זײַן אייניקל רבינו יעקב תּם; געפינען זיך אַנדערע באַקאַנטע און פאַרערטע געשטאַלטן פון דער מיטלאַלטער־עפּאָכע; ר׳ בנימין בן זרח, ר׳ אלחנן בן יצחק, ר׳ אפרים בן יצחק פון רעגענסבורג, ר׳ יואל בן יצחק, ר׳ אליהו בן שמעיה, ר׳ משה בן יוסף, ר׳ אלעזר בן יהודה, ר׳ מאיר פון ראָטענבורג, געפינען זיך אַנדערע, וועלכע האָבן צומאָל, דורך קיין שום וועגן און רמזים, נישט געוואָלט אָנגעבן זייערע נעמען, און זייערע שאַפונגען זענען פאַרבליבן אַנאָנים.

איר לייענט אין זייערע סליחות שורות, וואָס בלײַבן אײַך שטעקן אין געדאַנק און געפיל, און איר קענט פון זיי, און פון אָטעם, וואָס שלאָגט פון זיי, זיך נישט באַפרייען. בײַ איינעם לייענט איר: ״איך וועל אויסגיסן מײַן הארץ, וועט מיר אפשר לײַכטער ווערן... איך ווער דערשטיקט״... בײַ אַ צווייטן לייענט איר: ״מיר זענען איבערגעענטפערט געוואָרן צו רויב און רציחה, זיי יאָגן און שלאָגן, און פּלאָגן, און טוען די לופט אונז פאַרווערן״... בײַ אַ דריטן: ״דער בעכער פון גיפט גייט שוין איבער די ברעגן... צי איז אונזער קראַפט פון שטיין, אונזער לײַב פון קופּער, אויסצוהאַלטן די צרות?!״... בײַ אַ פערטן: ״איך שמועס זיך אויס מיט מײַן הארץ, און מײַן גייסט זוכט באַשייד, ביז וואַנען וועלן די פּײַנט אָנגיין?״... אַ פינפטער רופט אויס: ״מיר זענען געפּאַנגענע פון לעבן!״...

נישט אַלע שאַפונגען, וואָס אָט־די מחברים האָבן געשריבן, האָבן געקענט אַרײַנגיין אין די סליחות, וואָס מיר זאָגן, וואָרום זיי וואָלטן פאַרוואַנדלט די סליחות אין דיקע בענדער. אַ טייל זענען פאַרבליבן אין אַנדערע זאַמלונגען פון יענער תּקופה; אַ טייל זענען פאַרלוירן געגאַנגען. לאָמיר דערמאָנען לכל הפּחות איינע אַזאַ שאַפונג, וואָס איז נישט אַרײַנגעגאַנגען אין די סליחות, און וואָס געהערט צו די אײַנדרוקספולסטע עלעגיעס אין אונזער גײַסטיקער קולטור. איר מחבר איז דער אויבן־דערמאָנטער ר׳ אלעזר בן יהודה, באַקאַנט דורך זײַן עטיש־מיסטישן ספר ״הרוקח״. צו אים אין הויז, אין וואָרמס, האָבן זיך אין אַ פרײַטיק־צו־נאַכט

אַריינגעריסן די קרייצריטער און פֿאַר זײַנע אויגן דערהרגעט זײַן פֿרוי און צוויי טעכטער. ער אַליין און זײַן זון זענען געוואָרן פֿאַרוואונדעט. האָט ער באַשריבן די טראַגעדיע אין זײַן "קלאָג־ליד אויף מײַן ווײַב דולצע, מײַן עלטערע טאָכטער באַליטאַ, און מײַן קליינע טאָכטער חנה". די עלעגיע איז איבערגעזעצט געוואָרן אויף ייִדיש דורך דעם דיכטער י. י. שוואַרץ. אָט זענען אייניקע אויסצוגן: "ווער קען אַן אשת־חיל, קרוין פֿון איר מאַן, געפֿינען? אַ פֿרוי, אַ פֿרומע, פֿול מיט מעשים טובים, געווינען? דאָס גאַנצע הויז האָט זי אויף אירע פּלייצעס געטראָגן... כ׳וועל אויך דערציילן, וואָס מיט מײַן טאָכטער באַליטאַ איז געשען: צנועהדיק ווי אַ כלה, דרײַצן יאָר איז זי אַלט געווען, געקענט פֿון איר מאַמע אַלע תּפֿילות און געזאַנגען, פֿרום און ליב און קלוג זיך מיט מענטשן באַגאַנגען, בלויז אמת געזאָגט, פֿון שקר זיך אָפּגעהיט... איינאיינעם מיט איר מאַמע און שוועסטער אומגעקומען... צוויי רוצחים, זענען אַרײַנגעקומען, ווען מיר זענען אַרום שבת־טיש געזעסן, געזונגען זמירות, און געהאַלטן אין עסן, די מאַמע און די טעכטער געהרגעט פֿאַר מײַנע אויגן, און מיך, און מײַן זון און תּלמידים פֿאַרוואונדעט... ווי איז מיר און ווינד פֿאַר מײַן ווײַב און פֿאַר מײַנע טעכטער, מיט יסורים בין איך געשלאָגן"...

אָבער נישט די דאָזיקע עלעגיע; נישט די אַנדערע סליחות, וואָס ר׳ אלעזר בן יהודה האָט געשריבן, און וועלכע געפֿינען זיך צווישן די סליחות, וואָס מיר זאָגן, און נישט די סליחות פֿון די אַנדערע מחברים, מיט דעם שנײַדיקן ווייטיק, וואָס איז אין זיי אײַנגעגראָבן, מיט זייער צער און ברויזנדיקן צאָרן, זאָגן עדות אויף אַ צעבראָכן געמיט. איבער דעם אָפּגרונט פֿון צער הייבט זיך אויף די האָפֿענונג. קיינער פֿון די סליחות־שרײַבער איז נישט פֿאַרצווייפֿלט. זיי רופֿן עקשנותדיק אָנצוגיין מיטן לעבנס־שטייגער פֿון דורות, און אָנשטאָט גריבלען זיך אין די טיפֿענישן פֿון יאוש, פֿירן אַ רעכענונג מיטן אייגענעם געוויסן. און אַרויסקומען פֿון די טראַגעדיעס באַנײַטע, אויפֿגעפֿרישטע, געשטאַרקטע, מיט נאָך מער אַנט־שלאָסנקייט צו פֿאַרבלײַבן געטרײַ צו די אומפֿאַרגענגלעכע ווערטן פֿון ייִדישקייט.

אויך אָט־די ווערטער לייענען מיר אין די סליחות: "די נאַכט וועט פֿאַר־שווינדן... דאָס דערנידעריקטע פֿאָלק וועט ווערן אַרויפֿגעהויבן, די געפֿאַנגענע וועלן געווינען פֿרײַהייט און געפֿינען טרייסט, דאָס פֿאַרלאָשענע ליכט וועט ווידער אויפֿשײַנען"... "די פֿײַנט וועלן זען, און די בושה וועט זיי פֿאַרשטראָמען"...

עס לאָזט זיך גאָרנישט אָפּשאַצן, וואָסער באַדײַט די סליחות האָבן פֿאַרמאָגט אין די לעצטע הונדערטער יאָרן אין דער געשיכטע פֿון אַשכּנזישן ייִדנטום, וועלכע זענען דאָך, אויב נישט מער אין מערב־אייראָפּע, געווען אין מזרח־אייראָפּע אַ פּעריאָד פֿון אונטערדריקונג און פּײַן. דווקא דערפֿאַר, ווײַל מען זאָגט די סליחות האַלבע־נאַכט, אָדער אין די פֿאַרטאָגן, האָבן זיי באַוואויגן, אַז זייער השפּעה זאָל

נאָך זײַן אַ שטאַרקערע, און זייער ווירקונג זאָל זיך פאַרטיפן. די מיסטעריע פון דער אומגעבונג, די מיסטיק, האָבן דערצו מיטגעהאָלפן.

דורות האָבן זיך אויף די סליחות אויסגעוויינט, געלאָזט ביטערע טרערן; אָבער דורות האָבן דערבײַ פון זיי געשעפּט מוט און גבורה. אויך אין דער צײַט פון דער זיך אויסשפּרייטנדיקער "באָוועגונג פון אויפקלערונג", ווען פאַר די און יענע משׂכּילים האָבן די סליחות זיך אויסגעוויזן צו זײַן "אַלטפּרענקיש" און אַן "איבעריקע לאַסט" פאַרן ייִד, האָבן זיך געפונען פירנדיקע פּערזענלעכקייטן פון אָט־דער באָוועגונג, וועלכע האָבן אָפּגעשאַצט דעם באַדײַט און ווערט פון די סליחות. אינטעלעקטואַלן און פאַרשער פון פאַרנעם, ווי למשל שלמה יהודה ראַפּאַפּאָרט (שי"ר) און שמואל דוד לוצאַטו (שד"ל), האָבן זיך אויסגעדריקט, אַז די סליחות זענען דער גרויסער ווײ־געשריי, פון אונזער גאַציאָנאַלן זכּרון. שמעון בערנפעלד האָט זיי צונויפגעזאַמלט אין אַ ספר, וואָס ער האָט אָנגערופן "ספר הדמעות", דער ספר פון טרערן.

פאַר אונזער דור, וואָס האָט אַדורכגעמאַכט דעם קאָשמאַר פון נאַצי־חורבן, קומען אויס די פּאַסירונגען, וואָס ווערן אַרויסגעבערענגט אין די סליחות, גאָרנישט צו זײַן אַזוי ווײַט. די טרעגער פון האָקנקרייץ האָבן געהאַט פון וועמען זיך אָראָפּ־צולערנען. נאָענט קומען אונז אויס צו זײַן דער זיפץ און דער יאָמער; און אויך צו אונז שרייען אַריבער די סליחות: און דאָך — גלייב; און דאָך — האָף; און דאָך — צו זײַן אַ ייִד איז אַ גרויסע זאַך!...

# סאָציאַלע פאַראַנטוואָרטלעכקייט
## אין אונזער יום-כּיפּורדיקן מחזור

וואָס האָבן טויזנט יאָר אַשכּנז אַרײַנגעטראָגן אין געשיכטלעכן וועג פון אונזער פאָלק, און אין וואָס דריקט זיך אויס דער וועזנטלעכער אַשכּנזישער צושטײַער צו דער ייִדישער מחשבה? ווען מען זאָל דאַרפן געבן דעם ענטפער אין איין קורצן, תּמציתדיקן זאַץ, וואָלט — ווי עס ווײַזט זיך אונז אויס — אין אים זיך געזאָגט: טויזנט יאָר אַשכּנז האָבן אויפגעהיטן אין זײַן פולן באַדײַט דעם באַגריף פון סאָציאַלער פאַראַנטוואָרטלעכקייט אין ייִדישן לעבן. אוודאי האָט אָט-דער באַגריף עקזיסטירט אין דער ייִדישער געשיכטע זינט איר בלאָט האָט זיך געעפנט; אַוודאי האָט אין ייִדישן באַוואוסטזײַן געווירקט די אַנטשיידנקייט, מיט וועלכער עס איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן דער אַרגומענט פון קין, דער ערשטער רוצח אין תּנ״ך, אַז ער איז נישט זײַן ברודערס היטער. יאָ, דו ביסט דײַן ברודערס היטער — האָט צו אים צוריקגעשריגן דער תּנ״ך; און אָט דער אויסגעשריי האָט אָפּגעהילכט אין פאַרשידנערליי תּקופות אומעטום, וואו ייִדן זענען אָנגעגאַנגען מיט זייער לעבנס-שטייגער, און געוועבט דעם ייִדישן געדאַנקען-גאַנג.

אָבער וואָס טויזנט יאָר אַשכּנזיש ייִדנטום האָבן אַרײַנגעטראָגן, איז געווען: זיי האָבן נישט דערלאָזט, אַז דער באַגריף פון סאָציאַלער פאַראַנטוואָרטלעכקייט זאָל פאַרוואָסערט ווערן; אָדער אַז עס זאָלן אויסגעפונען ווערן וועלכע עס זאָלן נישט זײַן ״פאַרלײַכטערנדיקע״ אומשטענדן כּדי אים נישט אָנצוווענדן אין לעבן. מען האָט דעם באַגריף אַנטוויקלט, און אין אים אַרײַנגעברענגט אַלץ נײַע עלעמענטן פון געדאַנק. מען האָט דערבײַ נישט דערלאָזט, אַז עס זאָל עטוואָס געמינערט ווערן פון אָריגינעלן אויפּרודער, וואָס ער האָט אַרויסגערופן אין מענטשלעכן געוויסן. די קהילות, וואָס דאָס אַשכּנזישע ייִדנטום האָט אויסגעבויט, צוזאַמען מיט די אינסטיטוציעס פון קעגנזײַטיקער הילף; די דיסציפּלין, וואָס האָט זיך אײַנגעגע-שטעלט אין דער ייִדישער געזעלשאַפט; דער סאָציאַלער אויפבּרויז, וואָס מיט אים עטעמען דורות און דורות אַשכּנזישע ייִדן; די זאָרג פאַרן כּלל, וואָס האָט באַדאַרפט באַהערשן און באַנעמען דעם יחיד — און וואָס האָט אים ערשט פאַרוואַנדלט אין

אַ מיטגליד פון כּלל, און אַריַינגעברענגט אַ זין און אַ טעם אין זייַן לעבן — זענען אַ קאָנסעקווענץ פון דעם אַקטיוון אחריות־באַוואוסטזייַן, וואָס האָט געווירקט, און ווירקט כּסדר צומשטאַרקסטן, אין אַשכּנזישן טייל פון אונזער פאָלק, און פאַרבלייַבט זייַן עיקרדיקער כאַראַקטער־שטריך.

שוין דאָס ערשטע גרויסע ספר, וואָס איז געשריבן געוואָרן אויף די ברעגן פון רהייַן אין מיטלאַלטער דורך די, וואָס האָבן אויסגעפורעמט דאָס אַשכּנזישע ייִדנטום, האָט אָוועקגעשטעלט אין צענטער פון פאָלקס־קיום דעם געבאָט פון יעדן איינעמס און אַלעמענס מיטפאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר אַלץ, וואָס פּאַסירט. נישט בלויז אין אויסבוי פון הייַנט זענען מיר מיטבאַטייליקט, נאָר אויך אין אויסבוי פון מאָרגן, און אַפילו פון איבערמאָרגן. דער ספר פון די אַפּגעהיטענע — ספר חסידים — איז דער נאָמען פון אָט־דעם מאָנומענטאַלן ספר. אייגנטלעך וואָלט געוועזן פּאַסיק אים צו באַצייכענען ווי דאָס ווערק פון די, וואָס היטן אויף, לויט זייער אייַנזען, די יסודות פון ייִדישן זייַן. נישט אין איין קהילה, און נישט אין איין דור, איז געשריבן געוואָרן דאָס ספר. עס איז אַנטשטאַנען אין וואָרמס, אין מייַנץ, אין רעגענסבורג; און מען האָט אויף אים געלייגט דעם חותם אין לעמבערג, לובלין, קראָקע און פּראָג. דאָס איז געטאָן געוואָרן אין משך פון לאַנגע צענדליקער יאָרן. בלאָט נאָך בלאָט גייט זיך דאָרט פונאַנדער דער אויסרוף: מען וועט אויף דער אויפפירונג, און אויף דער האַלטונג, פון איטלעכן פון אונז, לגבי דעם מיט־מענטש, טייַטלען מיטן פינגער הייַנט, און אויך אין די ווייַטע, שפּעטערדיקע יאָרן. מען קען זיך נישט אָפּשאָקלען פון דער היסטאָרישער אחריות. עס איז פאַראַן אַ קייט, וואָס שמידט־צונויף תּקופות און פּאַסירונגען. עס איז פאַראַן אַ קאָנ־סעקווענץ פון מעשים און געשעענישן, וואָס דאָס מענטשלעכע אויג איז קוים מסוגל צו דערזען.

מיט אָט־דער אידייע האָט מען זיך אַרומגעטראָגן; און דיקטירט דורך דעם ווילן אייַנצופלאַנצן זי אין האַרץ פון יעדן מאַן און יעדער פרוי, איז מען געקומען צום אויספיר, אַז פון ערשטראַנגיקער וויכטיקייט וועט זייַן, אויב מען וועט די קערנער פאַרזייען גראָד אין יום־כּיפּור. וואָרום צי איז דען נישט יום־כּיפּור דער טאָג, ווען מען דרינגט אַרייַן, טיפער ווי אַלע אַנדערע טעג, אין אייגענעם געוויסן, און מען איז גענייגט זיך צו שטעלן שאַרפע, אַנטשידענע פאָדערונגען?

און אַזוי איז געקומען דערצו, אַז אין אונזער אַשכּנזישן יום־כּיפּורדיקן מחזור איז אָפּגעגעבן אָרט פאַר דער רירנדיקער רעליגיעזער פּאָעמע — פּיוט, ווי אָט אַזאַ אינספּירירטע שאַפונג ווערט אָנגערופן — וועגן די צען מאַרטירער פון די צייַטן פון דער הערשנדיקער רוימישער אימפּעריע, וועלכע זענען באַקאַנט אין דער ייִדישער געשיכטע ווי די "עשׂרה הרוגי מלכות". זי עפנט זיך מיט די ווערטער: "אָט אין זיי טו איך זיך דערמאָנען, און מייַן האַרץ גיסט זיך בייַ מיר אויס פון דער אַדורכגעמאַכטער איבערלעבונג" (אלה אזכּרה ונפשי עלי אשפּכה). אַן אָנהייב,

וואָס איז אָנגעשפּאַרט אויף אַן אויסרוף. אויף וועלכן מען טרעפט זיך אָן אין תּהילים (מב, ה).

דאָס איז אַן אויפטרייסלנדיקע כראָניק. די זאַכן האָבן פּאַסירט אין ארץ־ישׂראל מיט אומגעפער אַכצן הונדערט יאָר צוריק, אין דער צייט פון אויפשטאַנד פון בר כּוכבא, און נאָכדעם ווי דער אויפשטאַנד איז דערשטיקט געוואָרן; ווען דאָס יידישע לאַנד איז געווען אָקופּירט דורך דער מאַכט פון רוים. גזירות פון רשעות און אויפציטערנדיקער אַכזריות זענען אַרויסגעלאָזט געוואָרן. די רוימישע אָקופּאַציע־מאַכט איז געווען אָנטשלאָסן אויסצורײַסן יידישקייט מיטן וואָרצל, און זי האָט פּאַרווערט אָנצוגיין מיט יידישן לעבנס־שטייגער. די לערן־אַנשטאַלטן זענען גע־וואָרן געשלאָסן. די לערער און גײַסטיקע פירער, וועלכע זענען, טראָץ דעם שטרענגן פאַרבאָט, זיך צונויפגעקומען מיט זייערע תּלמידים אָדער מיט די, וואָס האָבן באַגערט זיך צוצוהערן צו זייער וואָרט, זענען — אויב מען איז דערגאַנגען אויף זייערע שפּורן — פאַרפײַניקט געוואָרן אין מוראדיקע יסורים. דאָס איז געווען אַ תּקופה פון ווײי און גרויל פאַר אונזער פאָלק, פון וועלכער עס האָט אויך אַרויסגעשטראַלט אומגעוויינלעכער העראָאיזם. לערער און פאָלקס־מענטשן, יונגע און אַלטע, האָבן זיך דערהויבן צו אַ מסירת־נפש, וואָס האָט באַגײַסטערט, און געוועקט צו אַלץ נײַע טאַטן פון מוט און צוגעבונדנקייט צו יידישע ווערטן. דער עיקר האָבן זיך אײַנגעקריצט אין נאַציאָנאַלן זכּרון די פּרטים, וואָס זענען טאָקע פאַרבונדן מיט די דערמאָנטע צען מאַרטירער.

אין דער תּלמודישער ליטעראַטור, וואָס איז צו אונז אַריבערגעקומען פון יענער גורל־צײַט, ווערן איבערגעגעבן אַביסל איינצלהייטן וועגן דער דערפאַרונג, וואָס דאָס פאָלק האָט דעמאָלט אַדורכגעמאַכט. מען מוז דערבײַ געדענקען, אַז דער תּלמוד — און אויך דער מדרש, וואָס איז אַ באַשטאַנדטייל פון דער תּלמודישער ליטעראַטור — זענען נישט קיין טעקסטן פון געשיכטע, די כראָניק ווערט דאָרט אַרײַנגעפלאָכטן אין אַנדערע ענייַנים, וואָס דינען ווי אַ טעמע. פאַר דער שוידער־דערפאַרונג פון די צען מאַרטירער האָט מען דאָך, אויסער דעם, וואָס זי ווערט באַרירט אין פאַרשידענע שטעלעס אין תּלמוד און אין מדרש, אָפּגעגעבן צוויי באַזונדערע העפטלעך. איינס אַזאַ העפטל רופן מיר אָן ״די צען מאַרטירער״ (מדרש עשׂרה הרוגי מלכות), און דאָס צווייטע באַצייכענען מיר מיט די ווערטער, וואָס מיט זיי הייבט זיך אָן די פּיוט־שאַפונג, וואָס איז אַרײַנגעגאַנגען אין אונזער יום כּיפּורדיקן מחזור: ״אָט אין זיי טו איך געדענקען״ (מדרש אלה אזכּרה).

ווערט דאָרט דערציילט, אַז דער ערשטער איז געפירט געוואָרן צו זײַן אומקום ר׳ שמעון, דער זון פון ר׳ גמליאל. (אַ גליד פון אַ משפּחה, וואָס איז געווען באַטראַכט צווישן יידן ווי די פירשטן־משפּחה. זי האָט געצויגן דעם יחוס פון דוד המלך, און דור נאָך דור איז אין איר איבערגעגאַנגען די ערן־באַצייכענונג פון נשׂיא.)

אויך ווען די סכּנות האָבן געדראָט, און זיך אַלץ פאַרכטיקער דערנענטערט צו אים, איז ער נישט אָפּגעשטאַנען פון זײַן ווילן צו פאַרשפּרייטן יִדיש וויסן צווישן פאָלק; דאָס, וואָס ער האָט באַטראַכט ווי זײַן הייליקע שליחות. מען האָט אים "אויסגעפונען" און מען האָט אים געקעפּט. אין יאָמער, וואָס איז זיך פונאַנדער־געגאַנגען, האָט מען וועגן אים זיך אויסגעדריקט: "וואָסער וואָרהאַפטיק מויל איז מיט אים פאַרשוויגן געוואָרן; אַ מויל, וואָס ווערטער־בריליאַנטן, געדאַנקען־פּערל, האָבן זיך פון אים געשאָטן!"... דער גורל צו זײַן דער צווייטער איז געפאַלן אויף ר׳ ישמעאל. שוין זײַן געשטאַלט, זײַן אויסזען, האָבן אַרויסגערופן באַוואונדערונג. אַפילו דעם רוימישן קייסערס טאָכטער, וואָס האָט אַרויסגעקוקט דורכן פענסטער, און געזען, ווי מען שלעפּט אים אומגעברענגט צו ווערן, האָט זיך אײַנגעשטעלט פאַר אים און געבעטן בײַ איר פאָטער אים צו באַגנעדיקן. עס האָט נישט געהאָלפן. דער קייסער האָט איר אָפּגעענטפערט: "וועגן אַלץ, וואָס דו וועסט מיך בעטן, טאָכטער מײַנע, וועל איך דיר צוליב טאָן, נאָר דאָס איז אוממעגלעך"...

וועגן אים, ר׳ ישמעאל, ווערט פאַרנאָטירט, אַז אין די ווילדע יסורים, וואָס די הענקער האָבן אים אָנגעטאָן, האָט ער אַרויסגעלאָזט אַזאַ שרעקלעך ביטערן געשריי, אַז הימל און ערד זענען אויפגעציטערט געוואָרן. עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דער אוניווערס איז אויפגעטרייסלט געוואָרן פון דער מוראַדיקער פראַגע: "אָט דאָס איז די תּורה, און דאָס איז איר לוין?!... זו תּורה, וזה שׂכרה?!"...

דערנאָך איז געקומען די ריי אויף ר׳ עקיבא. אויך ווען מען האָט געשונדן זײַן לײַב מיט אײַזערנע קאַמען, האָט ער אויפגעהאַלטן זײַן גײַסטיקע רואיקייט. ער האָט אַלע זײַנע יאָרן געלערנט מיט אַנדערע, אַז פאַר יִדישקייט טאָר מען זיך נישט אָפּהאַלטן פון אָפּגעבן די נשמה; פאַרקערט, מען דאַרף דאָס באַטראַכטן ווי אַ זכות; און ער האָט, אין זײַנע לעצטע מינוטן, געוויזן דעם בײַשפּיל. מען האָט גאַרניט אויפגעהערט רעדן צווישן פאָלק וועגן דער דויערהאַפטיקייט, מיט וועלכער ער האָט אַריבערגעטראָגן די פאַרפּײַניקונגען, און וואָס האָט אים נישט פאַרלאָזט, ביז ער האָט אויסגעהויכט זײַן לעצטן אָטעם. פאַר ר׳ חנינא בן תּרדיון האָבן די רוימישע הענקער צוגעטראַכט עטוואָס אַנדערש פון זייערע טײַוולאַנישע פּלענער. זיי האָבן אים אײַנגעוויקלט אין דעם פּאַרמעט פון דער ספר־תּורה, וואָס פון איר האָט ער געלערנט מיטן עולם, בעת מען האָט אים פאַרכאַפּט, אים אַרומ־געלייגט מיט טרוקענע צווײַגן, און זיי אונטערגעצונדן. ווי דאָס וואָלט נאָך ווייניק געווען, האָבן זיי אַרויפגעלייגט אויף זײַן ברוסט קנוילן וואָל, געווייקטע אין וואַסער, כּדי די ווייטיקן זאָלן אָנהאַלטן וואָס לענגער. ווען די תּלמידים, וואָס זענען געשטאַנען אויפן עפנטלעכן פּלאַץ, וואו דער גרויל איז אָפּגעטאָן געוואָרן, האָבן אים געפרעגט: "רבי, וואָס זעען איצט דײַנע אויגן?", האָט ער געענטפערט: "איך זע ווי דער פּאַרמעט ברענט, און די אותיות פליִען"...

מען האָט זיך דאָן גענומען צו ר׳ חוצפית. ער איז באַקאַנט געווען ווי דער איבערזעצער, דער ״מתורגמן״. זײַט בײַ זײַט מיט לשון קודש, האָט מען, אין יענער צײַט, צווישן ייִדן גערעדט אויך אַראַמעאיש און אַנדערע לשונות. ער איז געווען אַ מומחה אין איבערזעצן די ייִדישע לערע אויף די גערעדטע שפּראַכן, כּדי זי זאָל זײַן צוטריטלעך פאַר אַלעמען. אים האָט מען פאַרשטיינט, און דערנאָך אויפ־געהאַנגען; און זײַן לעצטער ווילן איז געווען מקיים צו זײַן נאָך עטלעכע געבאָטן פון ייִדישקייט, און געוויינט האָט ער, וואָס די דערהויבענע באַגריפן פון דער ייִדישער לערע ווערן געלעסטערט און געשענדט דורך די געצנדינער, די שׂונאים. דערנאָך האָט אַנגערוקט אַן רחמנות די שעה פאַר ר׳ אלעזר בן שמוע. ער איז געווען פאַרערט און געשעצט צוליב זײַן רירנדיקער באַשיידנקייט, און די גוטע און איידעלע מידות, מיט וועלכע ער האָט זיך אויסגעצייכנט. מען האָט קיינמאָל נישט געהערט, אַז ער זאָל זאָגן וועגן עמעצן אַ שלעכט וואָרט. ווי די טראַדיציע שילדערט אים, האָט ער אויך אין זײַנע לעצטע ווערטער גערעדט וועגן דער ריינקייט, צו וועלכע דער מענטש איז מסוגל זיך אויפצוהויבן און דערגרייכן, אויב ער וויל דאָס באמת. אין ריינקייט — אַזוי האָט מען געזאָגט — איז אויס־געגאַנגען די ריינע און לויטערע פּערזענלעכקייט... בעת עס איז געפירט געוואָרן צו אומקום דער, וואָס האָט אים נאָכגעפאָלגט, ר׳ חנינא בן חכינאי, איז גראָד געווען ערב שבת. ער האָט נאָך באַוויזן מקבל שבת צו זײַן, אָבער פאַרענדיקן האָט מען אים נישט געלאָזט. אינמיטן קידוש, ווען ער איז געקומען צום וואָרט ״ויקדש״ (און ער האָט געהייליקט), האָט מען זיך אויף אים געוואָרפן און געטויט. אַ הייליק לעבן האָט ער געלעבט — האָבן ייִדן צווישן זיך גערעדט — און איבער הייליקייט איז געווען די רייד, אין לעצטן וואָרט, וואָס זײַנע ליפּן האָבן געפליסטערט...

אויך ר׳ ישבב דער סופר איז געווען צווישן די, וואָס די רוימער האָבן אים אומגעבראַכט. ער האָט זיך געזעגנט מיט זײַנע תּלמידים. ער האָט זיי אָנגעזאָגט: האַלט אײַך אָן פעסט איינער אינעם אַנדערן, און געדענקט, אַז דורך אייַנשטעלן געזעכטיקייט און שלום קענען זיך ערשט פונאַנדערבלייַען די גרויסע ייִדישע האָפענונגען!... מיט ר׳ יהודה בן דמא האָט דעם קייסער זיך פאַרוואָלט פאַרפירן אַ געשפרעך, איידער מען וועט אים אַוועקנעמען צו דער פאַרטיליקונג. אַזוי ווי דעמאָלט איז אויסגעפאַלן ערב שבועות, האָט דער שמועס זיך פונאַנדערגעוויקלט איבער די צען געבאָטן, וואָס זענען געגעבן געוואָרן אויפן באַרג סיני אין שבועות. דער קייסער האָט פון זיי אָפּגעשפּאָט. פיזישער כּוח דעצידירט, האָט ער געזאָגט, מיליטערישע מאַכט!...

גערעכנט האָט ער, אַז דער פאַראורטיילטער וועט אויסדריקן באַדויערן צוליב זײַן צוגעבונדנקייט צו אַ לערע, וואָס ברענגט אויף אים אומגליק און צעשטערונג. אָבער, ער האָט אַ טעות געהאַט. דער ייִדישער געלערנטער איז נישט אָפּגעטרעטן פון זײַן איבערצייַגונג, אַז ייִדישקייט איז אַ הימלישע מתּנה, און עס איז כּדאי

פֿאַר איר צו לײַדן. אָט פֿאַר דער עקשנות האָט דער אימפּעראַטאָר באַפֿוילן אים צוצובינדן פֿאַר די האָר צום עק פֿון אַ פֿערד, און אים אַזוי אַרומשלעפּן אין די גאַסן... נישט ווייניקער אַכזריותדיק איז געווען דער אורטייל, וואָס איז געפֿאַלן אויף ר׳ יהודה בן בבא. ער איז געווען דער, וועלכער האָט געזאָרגט, אַז ייִדישע גײַסטיקע פֿירערשאַפֿט זאָל זיך נישט איבעררײַסן אין דער צײַט פֿון די גזירות און פֿאַרפֿאָלגונגען, און ער האָט מיט זײַן אויטאָריטעט אונטערגעשטיצט (אָדער ווי מען פֿלעגט זיך אויסדריקן: געגעבן סמיכה) די אויפֿוואָקסנדיקע געלערנטע. ווי עס ווערט דערציילט, האָבן די פֿײַנט זיך נישט אָוועקגערירט פֿון אים ביז זיי האָבן אין זײַן לײַב אַרײַנגעשטאָכן דרײַ הונדערט אײַזערנע שפּיזן.

אַזוי ווײַט די כראָניק, וואָס דערשיטערט און צעטרייסלט. אָבער תּלמודישע כראָניק איז אויך באַטראַכטונג, זי גראָבט אין דער טיף. זי לאָזט נישט אַדורך די אַרײַנדרינגענדיקע דערקלערונג, די היסטאָריאָסאָפֿישע אינטערפּרעטאַציע. און די אינטערפּרעטאַציע איז אַ סאָציאַלע. אין איר זאָגט זיך, אַז אויף וויפֿיל מען קען באַגרײַפֿן דעם זין און דעם גאַנג פֿון די געשעענישן, בינדט זיך די אויפֿציטערנדיקע טראַגעדיע צונויף מיט דעם באַגינען פֿון דער ייִדישער געשיכטע. דאָס, וואָס האָט פּאַסירט אין יענעם ווײַטן באַגינען, האָט געהאַט אַ המשך; וואָרום אין דער מענטש־לעכער געשיכטע קייטלען זיך די זאַכן און די טאַטן צונויף. אַן אָפּגעטאָענע זאַך ברענגט רעזולטאַטן, און מעגן זיי אַפֿילו קאָפּויער קומען לאַנג שפּעטער. די, וועלכע דאַרפֿן באַטראַכט ווערן ווי די גרינדער פֿון דער ייִדישער אומה, האָבן אָפּגעטאָן עפּעס אַזוינס, איבער וועלכן מען האָט נישט געקענט פֿאַרבײַגיין. זיי האָבן געבראָכן די עלעמענטאַרע פּרינציפּן פֿון סאָציאַלן צונויפֿלעבן.

אין באַגינען פֿון פֿאָלק זענען צען ברידער, לײַבלעכע ברידער, באַגאַנגען אַ פֿאַרברעכן לגבי זייער אייגענעם ברודער. מישט אויף דעם חומש. דאָרט ווערט דאָס אומהיימלעכע קאַפּיטל אַרויסגעבערענגט. די צען זין פֿון יעקב אבינו האָבן צוליב קנאה און שׂנאה פֿאַרקויפֿט זייער ברודער יוסף ווי אַ שקלאַף. נאָך דער דאָזיקער האַנדלונג האָבן זיי טאָקע אַדורכגעמאַכט פֿאַרשידענע עגמת־נפֿשן, אָבער קיין שטראָף — און ווער שמועסט נאָך אַ האַרבע שטראָף — איז אויף זיי נישט אַראָפּ־געפֿאַלן. מער־ווייניקער איז זייער לעבן געפֿלאָסן נאָרמאַל. און דאָס טאָר נישט פּאַסירן. דורות האָבן געוואַרט אויף אַן אָפּצאָל, וואָס מוז קומען. די צען מאַרטירער אין דער צײַט פֿון דער רוימישער אָקופּאַציע זענען אָפּגעקומען פֿאַר דער שווערער זינד פֿון די צען ברידער פֿון ווײַטן אַמאָל.

פֿאַרוואָס זיי? פֿאַרוואָס די צען איידעלע און גרויסע געלערנטע. וואָס האָבן נישט געהאַט קיין שום שײַכות מיט מכירת יוסף, מיט דעם, וואָס די צען זין פֿון יעקב אבינו האָבן אָפּגעטאָן? — אַזוי פֿרעגן מיר. אַזוי פֿרעגט איר. אַזוי האָבן אויך געפֿרעגט זיי אַליין, די מאַרטירער. אָבער לויט דעם אופֿן, ווי די תּלמודישע

אינטערפרעטאַציע באַגרייפט די פּאַסירונגען, איז פאַראַן אַ קאָנסעקווענץ אין דער מענטשלעכער געשיכטע. די צען, וועלכע האָבן באַדאַרפט באַצאָלן פאַר יענער ברידער־האַנדלונג, האָבן געמוזט זײַן וויכטיקע פּערזענלעכקייטן, גענוי ווי עס זענען געווען די זין פון יעקב אבינו, וואָס האָבן דאָך געגרינדעט די צען שבטים, פון וועלכע עס איז אַרויסגעוואַקסן אונזער ייִדישע אומה. ווי עס זאָגט זיך אין דער תּלמודישער דערקלערונג: "זינט די ברידער האָבן פאַרקויפט יוספן, האָבן זיך נישט געפונען צוזאַמען אין איין דור אַזעלכע ווי די דאָזיקע צען, וואָס זאָלן וועגן גלײַך מיט די צען שבטים".

עס איז זיך פאַרצושטעלן, אַז עס האָט געדויערט אַ שטיקל צײַט ביז וואַנען אָט אַזאַ געוואַגטער פּרוּוו צו דערקלערן די דערפאַרונגען אונטער דער רוימישער אָקופּאַציע האָט גובר געווען די קווענקלענישן, וואָס האָבן געקענט זיך אויפוועקן. אָבער לסוף האָט מען אַזוי אינטערפּרעטירט די טראַגעדיע.

אַ פּאָעטישע פאָרם האָט צו דער דאָזיקער אינטערפּרעטאַציע געגעבן אַ דענקער און דיכטער אין דער געגנט פון רהײַן, אין דײַטשלאַנד, אין די פריִע צײַטן פון אויפגאַנג פון אַשכּנזישן ייִדנטום. דאָס איז געווען אין אײַנקלאַנג מיט די גריב־לערײַען פון די ערשטע דורות אַשכּנזישע ייִדן אין די פּראָבלעמען פון מאָראַל און סאָציאַלער עטיק. ער האָט געהייסן ר׳ יהודה. לײדער זענען אונז נישט באַקאַנט קיין איינצלהייטן וועגן זײַן לעבן און ווירקן. פאַרבליבן איז זײַן שאַפונג, וואָס פון אירע ראשי־תּיבות — די אַזוי גערופענע אַקראָסטיק — איז מעגלעך אַרויסצו־לייענען זײַן נאָמען.

פאַר די, וועלכע האָבן געלייגט דעם יסוד פאַרן אַשכּנזישן ייִדנטום איז געווען וויכטיק, אַז די גרונט־אידייע פון אָט־דער אינספּירירנדיקער שאַפונג — אַז סאָציאַלע פאַראַנטוואָרטלעכקייט איז אַן אַנטשיידנדיקער באַוועגנדיקער מאָטיוו אין דער מענטשלעכער געשיכטע — זאָל אַרײַנדרינגען אין אַלעמענס געוויסן. זיי האָבן דעריבער אָפּגעגעבן פאַר איר אָרט צווישן די תּפילות אין יום־כּיפּורדיקן מחזור. זאָלן ייִדן זאָגן די דאָזיקע נשמה־דערשיטערנדיקע פּערזן! זאָלן זיי זיך פאַרטראַכטן איבער זייער אינהאַלט; זאָלן זיי זיך באַקענען מיט דער כראָניק, און אויך דערמיט, וואָס זי איז אויסן צו זאָגן און צו לערנען; זאָלן זיי אין הייליקן טאָג, ווען מען איז געבייגט אַרײַנצוקוקן אין אייגענעם האַרץ, ווערן נאָך שטאַרקער איבערצײַגט, אַז סאָציאַלע פאַראַנטוואָרטלעכקייט איז אַן ענין, וואָס מען מוז אים נעמען גאָר ערנסט, ווארום זי טראָגט און ברענגט ווײַטגרייכנדיקע און שרעקלעך־ערנסטע קאָנסעקווענצן.

בלויז אין אַשכּנזישן מחזור געפינט זיך די דאָזיקע אָנרעגנדיקע פּאָעמע־פּיוט. אין יום־כּיפּור־מחזור פון אַנדערע טיילן פון אונזער פאָלק איז ר׳ יהודהס געדאַנקען־רײַכע און מיט געפילן שפּרודלדיקע שאַפונג נישט אַרײַנגעגאַנגען. בלויז די אַשכּנזישע ייִדן זינגען אויס, זיפצן אויס, אירע ווערטער. און אַפילו ווען די אָדער

יענע אַשכּנזישע קהילה דערלויבט זיך איבער איר איבערצוהיפּערן, טוען דאָס ניט מזרח־אייראָפּעאישע ייִדן. אין באַקאַנטן גאָלדשמידט־מחזור, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין ירושלים, און וואו עס איז אָנגעצייכנט מיט פּרעציזער גענויִאיקייט דער נוסח פון די כּלערליי עדות און קהילות אין די ימים נוראים, איז אָנגעגעבן אויפן ראַנד פון אָט דער פּאָעמע־פּיוט, אַז זי איז אַ באַשטאַנדטייל פון די יום־כּיפּור־תּפילות פון מזרח־אייראָפּעאישע ייִדן.

ווער ווייסט, צי אין די קוואַלן פון סאָציאַלן אויפבּרויז און באַוואוסטזייַן פון געזעלשאַפטלעכער אחריות, וואָס שטראָמען אין דער געשיכטע פון אַשכּנזישן ייִדנטום בכלל און מזרח־אייראָפּעאישן ייִדנטום בפרט, דאַרף מען נישט זוכן אויך די פּערזן פון אָט־דער רירנדיקער יום־כּיפּור תּפילה, וואָס הייבט זיך אָן מיט די ווערטער: אלה אזכּרה — אָט אין זיי טו איך זיך דערמאָנען, און מייַן האַרץ גיסט זיך בייַ מיר אויס פון דער איבערגעליטענער איבערלעבונג...

# אַשכּנזישער בײַטראָג צו דער נעילה-מיסטעריע

נעילה איז אַן אוראַלטער באַגריף. נעילה איז דער טײַטש: אָפּשלוס. שוין אין דער תּלמודישער ליטעראַטור איז די רייד וועגן דער נעילה־תּפילה. אין תּלמוד פירט זיך אַ וויכּוח, וואָס דער באַגריף באַדײַט אין זײַן געשיכטלעכן און סימבאָלישן זין; און צי דאַרף מען צולייגן וואָג צו דער געשיכטלעכער דערמאָנונג, וואָס ער ברענגט אַרויף, אָדער צו דער סימבאָליק, וואָס ער טראָגט אין זיך. איינער פון די תּלמוד־אויטאָריטעטן איז אין דער מיינונג, אַז נעילה איז אויסן צו דערמאָנען אַ צערעמאָניע פון די צײַטן, ווען ייִדן זענען געווען אַ זעלבשטענדיק פאָלק, און געצויגן זייערע טראַדיציעס אין ירושלים: די צערעמאָניע פון פאַרמאַכן די טויערן פון בית־המקדש אין דער שעה פון זון־אונטערגאַנג, און די תּפילה, וואָס מען האָט געזאָגט אין יענער שעה; אַ תּפילה, וואָס האָט אָנגענומען טיפע ערנסטקייט און כּוונה בעת דער יום־כּיפּור־תּענית האָט זיך דערנענטערט צו זײַן סוף. אָבער אַ צווייטע תּלמודישע אויטאָריטעט האָט געהאַלטן, אַז דער נעילה־באַגריף איז אַדורכגעדרונגען מיט אַ לויטער־מיסטישן אינהאַלט. ער באַציט זיך צו די טויערן פון הימל, וואָס פאַרמאַכן זיך, לויט דעם אומגייענדיקן פאָלקס־גלויבן, מיטן אויסלאָזן זיך פון יום־כּיפּור. נעילה איז די אָנשטרענגונג, וואָס ווערט געמאַכט, אַדורכצורײַסן די מעטאַפיזישע ספּערע מיט די לעצטע הייסע געבעטן, איידער די נאַכט פאַלט צו.

איבער נעילה איז, ווי מען קען דעריבער זען, די רייד אין די ספרים פון ווײַטן פאַרצײַטנס. אָבער מיטן אויסוואוקס פון אַשכּנזישן ייִדנטום, מיט העכער טויזנט יאָר צוריק, זענען די טויערן פון בית־המקדש — שערי היכל, אין דעם אויסדרוק, וואָס איז לגבי זיי אָנגעוואָנדן געוואָרן — כּמעט ווי אָוועקגענומען געוואָרן פון צענטער פון דער יום־כּיפּור־נעילה. אַשכּנזישע ייִדן אין די ישובים, וואָס זיי האָבן געגרינדעט אויף די ברעגן פון רהײַן אין דײַטשלאַנד און אין צפון־פראַנקרײַך, זענען געווען אַדורכגעדרונגען מיט די שטרעמונגען פון דער מיסטיק. אין דער לערע פון סוד האָבן זיי געזוכט באַשייד צו דעם פאַרוואָס פון זייערע ניסיונות, פון זייערע וואַנדערונגען און וואַנדלונגען, פון זייער היימלאָזיקייט און ווײ, און

זיי האָבן אויך די נעילה פאַרהילט אין דער געדיכטקייט פון דער מיסטעריע. וואָס איז נעילה, וואָס ווערט אָפּגעריכט, ווען די לעצטע שטראַלן פון דער זון פאַרגייען אין הייליקן טאָג פון יִדישן יאָר, ווען די פלעמלעך פון די אויסגייענדיקע ליכט ציטערן און צאַפּלען, ווען די שאַטנס פון דער זיך־אָנרוקנדיקער ווירקלעכקייט לייגן זיך אויס? — האָבן זיי געפרעגט, און זיי האָבן געענטפערט: דאָס איז דער אָנגעשטרענגטער פּרווו פון יִדישן מענטש אין בין־השמשות, די שעה פון רחמים, צו האַלטן אָפן די טויערן פון הימל וואָס לענגער, און מאַכן מעגלעך, אַז נאָך תּפילות, און נאָך האַרץ־באַגערן, זאָלן זיך אַדורכרײַסן צו די הויכקייטן...

מען האָט דאָס טאַקע אַרויסגעזאָגט אין דער נעילה, אַזוי ווי זי איז צונויפגעשטעלט געוואָרן אין אַשכּנזישן מחזור: "דער טאָג האַלט בײַם פאַרגיין, די זון איז אונטערגעגאַנגען, לאָמיר נאָך באַוויַזן אַרײַנצוקומען (מיט אונזערע געבעטן) אין די טויערן". דאָס לאָזט נישט איבער קיין ספק, אַז עס האַנדלט זיך וועגן די טויערן פון הימל, די שערי־שמים...

גענוי ווי אַ סך אַנדערע דערשײַנונגען אין אַשכּנזישן יִדנטום, וועלכע וואַרטן נאָך אַלץ דערקלערט צו ווערן, איז אויך די נייגונג צו דער מיסטיק, וואָס איז געווען אייגנטימלעך פאַרן אַשכּנזישן קיבוץ זינט זײַן בראשית, נישט גענוג אונטערגעשטראָכן געוואָרן. מען ווייסט, אַז די אַשכּנזישע יִדן, וועלכע האָבן געשטראָמט צום רהײַן פון איטאַליע, זענען געווען באַשאַנקען מיט אַ חוש פאַר פּראַקטישע ענינים, אַז שוין בלויז זייער באַשעפטיקונג מיט מסחר האָט זיי געשטויסן צו זײַן באַהאַוונט אין די פראַגעס פון טעגלעכן לעבן. אָבער דאָס איז דאָך נישט אַלץ, וואָס קען וועגן זיי געזאָגט ווערן. אין דער קאָמפּליצירטקייט פון זייער נאַטור, און אין דער רײַכקייט פון זייערע דערפאַרונגען, האָט זיך בײַ זיי אַנטוויקלט אויך דער שטאַרקער באַגער זיך אָפּצוגעבן מיט דער לערע פון סוד. לאַנג איידער די מיסטישע שטרעמונגען זענען אַרײַנגעדרונגען צווישן יִדן אין שפּאַניע, האָבן אַשכּנזישע יִדן זיך פאַרפלאָכטן אין געוועב פון דער מיסטיק. מען האָט געגראָבן אין די טיפענישן פון דער קבלה, אַזוי ווי די לערע פון סוד איז באַצייכנט געוואָרן אין איר יִדישן, יִדישלעכן אויסלייג. מען האָט איבער איר געשריבן ספרים. מען האָט זי אַרײַנגעפירט אין לעבנסשטייגער. דער תּנ"ך־ספר דניאל, וואו עס ווערט געזאָגט, אַז "די זאַכן וועלן בלײַבן פאַרזיגלט ביז צו דעם סוף פון די טעג", איז געווען דער ספר, מיט וועלכן מען האָט זיך אַרומגעטראָגן. יום־כּיפּור איז געוואָרן אויסגעפּולט מיט אינטערפּרעטאַציעס, וואָס האָבן געצויגן זייער מקור פון דער אינטואיציע און מיט כּוונות, וועלכע האָבן דערגרייכט ביז צו הימלישע וויזיעס; און עס איז זיך פון אים פונאַנדערגעגאַנגען דער ניגון פון סוד. און צי איז דען געווען אַ מער־פּאַסיקע געלעגנהייט, ווען צו ברענגען צום אויסדרוק די מיסטעריע פון יִדישן קיום, ווי די נעילה, מיט וועלכער דער יום־כּיפּור שליסט זיך אָפּ?

מען קען זיך לײַכט פאָרשטעלן, פאַרוואָס דאָס איז געווען אַזוי, אין זײַן

באַגינען, איז דאָס אַשכּנזישע ייִדנטום, אין די קריסטלעכע אייראָפּעאישע לענדער, געווען אויסגעשטעלט אויף לײַדן און פּײַן, וואָס האָבן זיך מיט דער צײַט אַלץ שטאַרקער פאַרשאַרפט; אַ סך מער ווי די ייִדן אין שפּאַניע, וועלכע זענען אַרונטערגעפאַלן אונטער דער מאַכט פון די פעלקער פון איסלאַם. רדיפות, דערנידערונגען, באַליידיקונגען, האָבן זיך אויף זיי אַראָפּגעשאָטן. אין דער פאַרהוילענער ספערע פון די געהיימענישן האָט דער ייִד דער אָפּגעפונען זײַן חשיבות, זײַן נאַציאָנאַלע און מענטשלעכע פּערזענלעכקייט. אין דער לערע פון די "באַהאַלטענע דערשײַנונגען" איז צו אים געזאָגט געוואָרן, אַז ער בלײַבט ווערטפול אויך אין זײַנע צרות און לײַדן, און אַז ער איז ווערטפול אַפילו פאַרן קאָסמאָס, וואָרום ער שפּרייט אויס זײַן השפעה אויפן גאַנצן אוניווערס. יאָ, אויך דאָס האָט מען געקענט אַרויסלערנען פון דער מיסטיק: דער ייִד בלײַבט אין אַלע צײַטן פאַראייניקט מיט די "העכערע וועלטן", אַפילו ווען אויף דער ערד, אין "דער נידעריקער וועלט", ווערט ער אָפּגעוואָרפן אַן וועלכער־עס־איז אָנערקענונג...

אויב אין אַלטערטימלעכן ייִדישן ישוב אין אַלעקסאַנדריע, אין עגיפּטן, האָט מען געזאָגט, אַז יעדער ייִד איז אַ שטיק פילאָסאָף, וועלכער אָפּערירט מיט קאַטעגאָריעס פון שׂכל און איז אַ בריה צו אַנאַליזירן די זאַכן, האָט מען אין די אַשכּנזישע ישובים אין מיטלאַלטער געקענט פאַרזיכערן, אַז דאָרט באַוועגט זיך יעדער ייִד אין קרײַז פון דער מיסטעריע, וואָס לאָזט זיך גאָרנישט דערקלערן מיט די באַגריפן פון פאַרשטאַנד.

יאָרהונדערטער שפּעטער, אין זעכצענטן יאָרהונדערט, האָט איינער פון די גרויסע ייִדישע מיסטיקער, ר' יצחק לוריא אַשכּנזי — באַקאַנט צווישן פאָלק ווי דער הייליקער אר"י — זיך אויסגעדריקט אײַנדרײַטיק, אַז נעילה איז דאָס שליסן די טויערן פון הימל, און די נעילה־תּפילה איז אויסן צו האַלטן זיי אָפן וואָס לענגער פאַר די ייִדישע געבעטן און תּחינות. אין תּוך האָט אין זײַנע ווערטער אָפּגעקלונגען אַן איבערצײַגונג, וואָס איז פאַרן אַשכּנזישן ייִדנטום געווען אייגנטימלעך זינט דורות און דורות.

מען האָט דעריבער אין יום־כּיפּור־מחזור, אין דעם טייל, וואָס איז אָפּגעגעבן פאַר נעילה, און וועלכער איז צונויפגעשטעלט געוואָרן טאַקע אין דער בראשית־תּקופה פון אַשכּנזישן קיבוץ, אַרויסגעהויבן די שאַפונגען, וואָס האָבן אונטערגעשטראָכן דעם באַדײַט, וואָס דער יום־כּיפּורדיקער בין־השמשות האָט באַקומען אויף די ברעגן פון רהײַן און אין צפון־פראַנקרײַך. מען האָט זיך נישט באַנוגנט מיט די תּפילות און באַטראַכטונגען, וואָס האָבן זיך שוין דאָרט געפונען פון די פריִערדיקע צײַטן, און וועלכע האָבן אַרויסגעבראַכט די מאָראַלישע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון מענטש פאַר זײַנע מעשׂים, און דעם כּוח, וואָס ער פאַרמאָגט, דורך זײַן אַנטשלאָסנקייט, אַרײַנצופירן אַ ראַדיקאַלע ענדערונג אין זײַן כאַראַקטער און

פּערזענלעכקייט, און אויסווײלן צווישן גוטס און שלעכטס. מען האָט צוגעגעבן פּרישע.

מען האָט אָפּגעגעבן פּלאַץ פאַר די שאַפונגען פון אלעזר הקליר. ער האָט געלעבט אין ארץ־ישׂראל, בײַם סוף פון זיבעטן יאָרהונדערט. אַן ערודיט, אַ דיכטער, איז ער געווען אַדורכגענומען מיט דער תּורה פון דער מיסטיק. אין דער ייִדישער וועלט האָט מען דעמאָלט נישט אַרויסגעוויזן קיין שטאַרקן ענטוזיאַזם צו ברענגען זײַן שאַפן צום פאָלק. מען האָט געטענהט, אַז בײַ אים פאַרלירט ייִדישקייט איר קלאָרקייט און פּשטות, זי ווערט פאַרצווײַגט און פאַרהוילן, און עס איז אוממעגלעך צו דערגיין אין איר צו אַ באַשטימטן ברעג. גאָר שאַרפע קעגנערשאַפט האָט זײַן שאַפן אַרויסגערופן אין ספרד, צווישן שפּאַנישן ייִדנטום. אים פעלט די גראַציע, די דורכזיכטיקייט פון די ספרדישע פּאָעטן, האָבן געשריבן די קריטיקער. אַן אַנט־שידענער קעגנער, למשל, איז געווען אברהם אבן עזרא, דער פּירנדיקער פאָרערער פון דער חקירה און פון קריטישן אַנאַליז אין ייִדיש־שפּאַנישן ישוב. אָבער די אַשכּנזישע פּיאָנערן־משפּחות האָבן גראָד געפילט אַ נאָענטקייט צו אלעזר הקליר. ערשטנס, האָט זיי געצויגן צו אים דאָס, וואָס ער איז אַן ארץ־ישׂראלדיקער. מער ווי אַלע אַנדערע ייִדישע ישובים, האָבן אַשכּנזישע ייִדן אָנגעהאַלטן פאַר גאָר לאַנגע צײַטן דעם ענגן קאָנטאַקט מיט ארץ־ישׂראל, אַן אונטערשייד דורך וועמען דאָס לאַנד איז געווען אָקופּירט. זיי האָבן זיך אַרומגעטראָגן מיט די גײַסטיקע שאַפונגען, וועלכע זענען דאָרט רײַף געוואָרן. אַפילו די אויסשפּראַך פון לשון־קודש, די אַשכּנזישע, איז, ווי מען ווערט וואָס אַמאָל זיכערער, געווען די, וואָס איז אָנגעגאַנגען אין ארץ־ישׂראל. און צווייטנס, דווקא דער שלײַער פון דער מיסטעריע, וואָס איז פאַרצויגן אויף די שאַפונגען פון הקליר, האָט זיי דערנענטערט צו דער אַשכּנזישער פּסיכיק. ווער האָט עס געזאָגט, אַז עס איז מעגלעך ייִדישקייט, ייִדישע באַגריפן, ייִדישע געשיכטע, משׂיג צו זײַן מיטן שׂכל? ייִדישער זײַן, ייִדישע פאַרגאַנגענהייט, קעגנוואַרט און צוקונפט, ייִדישער גורל, איז אַ פאַרדעקטער סוד; און עטוואָס פון פאַרבאַהאַלטענעם סוד דאַרף זיך שפּירן אין ייִדישן גײַסטיקן שאַפן.

אין דער נעילה־צערעמאָניע איז אַרײַנגעגאַנגען אַ באַטראַכטונג פון אלעזר הקליר וועגן דעם בראשית פון דער ייִדישער אומה און וועגן דעם חותם, וואָס די ערשטע פּערזענלעכקייטן, די גרינדער פון פאָלק, האָבן געלייגט אויפן ייִדישן געשיכטלעכן וועג, אברהם, יצחק, יעקב. זייערע נסיונות ווערן דערמאָנט, זייערע וויזיעס, זייערע גערײַנגלען. דער עקידה־מאָטיוו, די גרייטקייט זיך צו ברענגען פאַר אַ קרבן, איז טאַקע צונויפגעבונדן מיטן צווייטן פון די אָבות, מיט יצחק. אָבער לויט דעם מיסטיקער פון ארץ־ישׂראל איז מעגלעך צו געפינען דעם פאַדעם פון דער עקידה אין אַלע דרײַ. אַזוי האָט זיך אָנגעפאַנגען די ייִדישע געשיכטע. אַזוי ציט זי זיך כּסדר. מסירת־נפש, קידוש־השם, זענען די קייט, וואָס פאַרבינדט תּקופות און דורות. אין אָט אַזאַ גורלקייט איז נישט שײַך אַדורכצופירן קיין אַנאַליז. אַלץ

איז סוד. אין דער שקיעה פון יום־כּיפּור, אין דער שעה פון נעילה, שטייט די ייִדישע עדה, מער, ווי אין אַנדערע צײַטן פון יאָר, פאַר די פאַרבאָרגענישן פון ייִדישן זײַן, וואָס זענען דאָך דער תּוך פון דער טויזנט יעריקער ייִדישער דראַמע.

מען האָט אַרײַנגענומען אין דער נעילה־תּפילה אויך די שאַפונג פון אַ ייִדישן באַגײַסטערטן פּאָעט פון איטאַליע: אמיתּי, דער זון פון שפטיה. ער האָט געלעבט אין נײַנטן יאָרהונדערט; און ער איז געווען פאַרוועבט אין דער מיסטיק. די גרינדער פון אַשכּנזישן ישוב אין דײַטשלאַנד און צפון־פראַנקרײַך זענען געקומען פון איטאַליע; און דאָס שאַפן פון די דאָרטיקע ייִדישע גײַסט־מענטשן איז געווען אײַנגעבאַקן אין זייער האַרץ. מעגלעך, אַז מער ווי אין אַן אַנדער לאַנד האָט מען אין איטאַליע געפילט, אַז דער באַשייד פאַרן ייִדישן וואַנדערן אויף די וועלט־שליאַכן מוז נאָך לאַנג וואַרטן, אַז ער זאָל אויסגעלייגט ווערן. ירושלים און רוים, זייער צונויפטרעף, זייער פאַרשידנקייט, די אַנדערשקייט פון זייער בליק אויף וועלט און לעבן, האָבן אויפגעוועקט עמאָציעס, שפּאַנונג, דראַמע. אין דעם שאַפן פון אמיתּי, דער זון פון שפטיה, הערט זיך דער זיפץ פון דורות, דאָס געוויין; און עס שטראָמט אויך דער הייסער גלויבן. זײַן תּפילה, וואָס איז אײַנגעגלידערט געוואָרן אין נעילה, ווערט באַטראַכט ווי אַ פּערל פון דער ליטורגישער פּאָעזיע. מען קען זיך באַקענען מיט איר אינהאַלט אין דער איבערזעצונג אויף ייִדיש פון אברהם שמואל שוואַרץ:

„עס ברויזט אויף דאָס האַרץ אין מיר, ווען איך דערמאָן, מײַן גאָט, אַז אויפגעריכט און שטאָלץ, און רײַך, איז יעדע שטאָט, נאָר דײַן שטאָט ליגט אין אָפּגרונט טיף, אין טיפן שטויב... דו, באַרעמהאַרציקייט, נעם דו פאַר אונז זיך אָן, נעם אונזער תּפילה, טראָג זי צו דײַן בוראס טראָן, בעט רחמים פאַר דײַן פאָלק ישׂראל, בעט, ווײַל קראַנק איז יעדן איינעמס האַרץ, פאַרפינסטערט איז דער געדאַנק... אין טרערן־לאָגל טו אַרײַן אָט־די טרערן אויך, באַשיץ פון בייזע גזירות און פאַרהיט פון צער"...

עס האָט אויך נישט געקענט פעלן צווישן די מיטבאַטייליקטע אין דעם נעילה־טייל דער, וועלכער האָט אַזוי ווי קיינער אין באַגינען פון אַשכּנזישן ייִדנטום, געפירט מיט אחריות, וואָרעמקייט און ליבשאַפט ז'עם אויפשפּראָצנדיקן קיבוץ איבער שטרויכלונגען און שטיינער, און אַרײַנגעגאָסן אין אים מוט אויפצוהאַלטן געטרײַשאַפט צו דער טראַדיציע פון סוד: רבינו גרשום פון מײַנץ. ער איז, וואָס אַן אמת, בעיקר געווען דער געזעצגעבער פון די אויפוואַקסנדיקע קהילות, אָבער זײַן געמיט האָט געזוכט אויסדרוק אין דער פּאָעזיע, וואָס ער האָט געשריבן. פּיוט, האָט מען אָט־די פּאָעזיע אָנגערופן. זי איז געווען מער ווי דיכטונג. אין איר טעמאַטיק האָט זיך אָפּגעווישט יעדער פונאַנדערטייל צווישן הימל און ערד, צווישן יחיד און כּלל, און זי האָט איבערגעלאָזט אַן אומגעווייִנלעכע ווירקונג. די שאַפונג פון רבינו גרשום איז אייגנטלעך אַ סליחה. מען האָט זי געזאָגט אין סליחות־

פֿאַרטאָג ערב ראש־השנה. אָבער מען האָט באַגערט זי איבערצוחזרן אין דער שעה פֿון נעילה. עס איז אין איר די רייד וועגן דער פֿאַריתומקייט פֿון דור, וועגן דעם שווערן נאַציאָנאַלן אומעט, און אויך וועגן דער נישט־אויסגעלאָשענער פֿריידיקער דערוואַרטונג פֿון דער גאולה; און וועגן דעם, ווי אומדערשיטערט ייִדישע גײַסטיקייט איז פֿאַרבליבן טראָץ אַלע שוידערלעכע קאַטאַסטראָפֿעס. זי איז, נאָך דעם גרויל פֿון די טראַגעדיעס, נאָך שטאַרקער פֿאַרטיפֿט געוואָרן. פֿאַרבאָרגן איז דער אויסלייז, אָבער נישט צוליב דעם הערט מען אויף אים אויסצוקוקן.

מען האָט אויך אין דער נעילה־צערעמאָניע אַרײַנגענומען שאַפֿונגען־תּפֿילות פֿון מיטצײַטלער, וועלכע זענען געווען טעטיק און אַקטיוו אין די אויפֿבליִענדיקע אַשכּנזישע קהילות: משולם בן קלונימוס, בנימין בן שמואל, יוסף בן יצחק, שלמה בן שמואל, שלמה הקטן, מאיר פֿון ראָטענבורג... וועגן וואָס זיי רעדן אין זייער פּראָזע, אין זייער פּאָעזיע? וואָס באַרירן זיי? די באַדערפֿענישן פֿון פֿאָלק ישׂראל, וועלכע זענען גרויס, און אין דער אומהיימלעכקייט, וואָס שפּרייט זיך אויס, פּעלט אָפּט דאָס געדולד אין די האַנדלונגען און טאָטן; די "נאַקעטקייט פֿון פֿאָלק", וואָס טאָר אָבער נישט ווערן קיין גײַסטיקע און עטישע נאַקעטקייט; די אַלייניקייט פֿון ייִדישן מענטש, זײַן עלנט, און די מוראדיקע בענקעניש, וואָס עקבערט אין זײַן געמיט; די זיפֿצן, וואָס ווײַזן זיך אויס, ווי זיי וואָלטן געקומען פֿון אָפּגרונט פֿון יסורים, און וועלכע קענען אָבער נישט דערשטיקן דעם גלויבן בײַ דעם "עם עני ואביון"; נישט פֿאַרגעסנדיק דערבײַ צוצוגעבן, אַז די אינעווייניקסטע אינטואיציע זאָגט דאָך אונטער, אַז דאָס וואָס שפּילט זיך אָפּ און קומט פֿאָר, איז נאָר אַן אַרײַנפֿיר, אַ הקדמה צו דער שעה פֿון אויפֿריכטונג, וואָס וועט אויסשלאָגן, און איבער וועלכער עס איז די רייד אין דער לערע, וואָס איז פֿאַרהוילן און פֿאַר־באָרגן...

אָבער מען האָט זיך דערמיט נאָך אַלץ נישט באַגנוגנט. מען האָט באַגערט, אַז די שקיעה אין יום־כּיפּור זאָל זיך אײַנקריצן אין דער נשמה ווי אַן אומפֿאַר־געסלעכע איבערלעבונג, און פֿאַרבלײַבן אַן אויסדרוק פֿון פֿאָלקס־פּאַטאָס. מען האָט דעריבער בײַם סאַמע סוף פֿון נעילה אַרײַנגעשטעלט אייניקע פֿאַרהייליקטע פּסוקים; אויסרופֿן, וואָס זענען דער קווינטעסענץ פֿון ייִדישן בליק, פֿון דער ייִדישער אייגנאַרטיקייט, און וועלכע האָבן אויסגעשמידט, און שמידן אויס, דעם ייִדישן גורל. איין מאָל, דרײַ מאָל, זיבן מאָל, זאָלן אָט־די אויסרופֿן־אָפּרופֿן אָפּהילכן אומעטום, וואו ייִדן לעבן, לײַדן און האָפֿן. אַשכּנזישע ייִדן אין צפֿון־פֿראַנקרײַך האָבן אינספּירירט צו פֿאַרוואַנדלען די דאָזיקע היסטאָריש־ייִדישע אויסרופֿן אין באַשטאַנדטייל פֿון דער נעילה. דאָס האָבן זיי אַזאַ פֿאַרענדיקונג אויסגעבויט צו דער תּפֿילה, וואָס מיט איר שליסט זיך אָפּ די דערהויבנקייט פֿון טאָג.

מען דאַרף געדענקען, אַז אין די דאָזיקע שטעט און פּראָווינצן פֿון פֿראַנקרײַך

האָט צו יענער צײַט געלעבט און געווירקט רש״י, האָבן געלעבט און געווירקט זײַנע אייניקלעך ר׳ שמואל בן מאיר (דער רשב״ם) און רבינו יעקב תּם, האָבן געווירקט דורות פון ייִדישער הארציקייט און פּאַרטיפונג. אין אָט־די פּראָווינצן זענען אַנטשטאַנען די ראַנד־באַמערקונגען צום תּלמוד, וואָס ווערן אָנגערופן ״תּוספות״, און וואָס אין דער חריפות פון זייער שיטה זענען אַרײַנגעשפּינט יסודות פון דער סודותדיקייט פון דער ייִדישער עקזיסטענץ. אין אַנדערע ייִדישע ישובים האָט ביז דעמאָלט די יום־כּיפּור־נעילה זיך נישט פּאַרענדיקט מיט אַזאַ הימלען־שפּאַלטנדיקן אַקאָרד. ערשט דער נוסח־אשכּנז האָט אָט־די אויסרופן, און אָט־דעם פּאַטאָס, און אָט־די פּאָלקס־התלהבות, אַרײַנגעטראָגן אין דער נעילה־שטימונג; און זי איז אָנגענומען געוואָרן אין דער ייִדישער וועלט.

מען האָט נאָך צוגעגעבן דעם אויסרוף אַז ״איבעראַיאָר״, לשנה הבאה, זאָלן מיר אַלע אָפּריכטן די נעילה־וויזיע אין ירושלים. די שופר־קלאַנגען, וועלכע שליסן אָפּ, לויט אַן אָנגענומענער טראַדיציע, דעם תּענית, האָבן נאָך אַזאַ פאָלק־התחייבות באַקומען נאָך אַ מער עמקותדיקן זין. די מיסטיק באַוועגט אײַנצוקריצן די נעילה־דערפאַרונג אין געמיט.

דער אשכּנזישער בײַטראַג צו נעילה האָט דעם יום־כּיפּור־אָפּשלוס אויפגעהויבן צו אַ זעלטן־אײַנדרוקספולער איבערלעבונג. פאַר לאַנגע צײַטן האָט אין די ספרדישע קהילות געפעלט פאַרשטענדעניש פאַרן אַשכּנזישן דרך. ביסלעכווײַז איז אַרײַנגעטראָטן אַן ענדערונג אין דער אָפּשאַצונג. קען זײַן, אַז אויך די יום־כּיפּור־נעילה אין איר אשכּנזישן נוסח האָט דערצו מיטגעווירקט. ר׳ משה בן נחמן — דער רמב״ן — באַהויכט מיט דעם אָטעם פון דער מיסטיק, האָט זיך אויסגעדריקט: ״זיי, די אַשכּנזים, זענען די לערער; זיי אַנטפּלעקן פאַר אונז דעם תּוך פון די זאַכן״...

פאַרן נאַצי־פּעריאָד אין דײַטשלאַנד האָט דער לעצטער פון די ייִדישע דענקער, פראַנץ ראָזענצווײַג, אָנגעוויזן אויף דער מיסטעריע, מיט וועלכער מען ווערט באַנומען אין דער נעילה־צערעמאָניע, ״וואָס רירט און דערשיטערט דאָס האַרץ״. פאַר אים האָט אַן אַנדערער פון די ייִדיש־דײַטשע דענקער, הערמאַן קאָהען, דער שעפער פון אַ פילאָסאָפישער שולע, וואָס הייבט גראָד אַרויס דעם אַנאַליטישן כּוח פון שׂכל, נישט געקענט בײַשטיין מיט גלײַכגילטיקייט דעם אויסדרוק, וואָס נעילה נעמט אָן דורך דעם אשכּנזישן בײַטראַג. און י. ל. פּרץ, וועלכער האָט אין זײַן שאַפן זיך געפונען אין אַ פּערמאַנענטן גראַאַנגל צווישן די עקסטרעמען פון פאַרשטאַנד און געפיל, פון מוח און האַרץ, דערציילט, ווי אַזוי ער האָט זיך אַרומגעדרייט אין דער שעה פון נעילה אויפן שול־הויף; און סײַ ער, סײַ זיינער אַ באַקאַנטער, וועלכער האָט זיך אויך דאָרט געפונען מיטן זעלבן געשפּאָלטענעם געמיט, האָבן איינער צום אַנדערן געזאָגט: ״זי ציט די מיסטעריע, פון די טיפענישן ציט זי״...

יאָ, צווישן די אויפטועו און בײַטראָגן, מיט וועלכע דאָס אַשכּנזישע ייִדנטום האָט באַרײַכערט ייִדיש לעבן און ייִדישע גייסטיקייט, איז כּדאַי צו פאַרצייכענען דעם וואָגיקן בײַטראָג, וואָס אַשכּנזישע ייִדן האָבן געמאַכט צו דער יום־כּיפּור־נעילה.

ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער, אינגאַנצן פאַרזונקען אין די טיפענישן פון דער מיסטישער דערפאַרונג, האָט געזאָגט: נישטאָ קיין גרעסערער תּענוג ווי נעילה. מען לעבט אין איר איבער די דביקות, דאָס צונויפהעפטן זיך, מיט די העכערע וועלטן. די נעילה באַגלייט דעם ייִד אַ גאַנץ יאָר.

# מיסטיק און לעבנסשטייגער אין דער סוכּה

עס איז ווײַט נישט איבערגעטריבן צו באַשטימען, אַז הגם די סוכּות, וואָס ייִדן האָבן געשטעלט אין די טויזנטער יאָרן פון ייִדישער געשיכטע אין כּלערליי ערטער פון דער ייִדישער צעשפּרייטקייט, זענען אַלע געווען געבויט לויט דעם זעלבן מאָדעל און די זעלבע אָנגענומענע דינים, איז פּאַרט אין יעדער תּקופה און אין איטלעכן ייִדישן ישוב, אַרויסגעהויבן געוואָרן אַ פֿאַרשידענער אַספּעקט, וואָס האָט געדאַרפט זײַן כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דער סוכּה.

עס זענען געווען צײַטן און מקומות, וואָס אין זיי זענען דער עיקר אונטער־געשטראָכן געוואָרן די נאַציאָנאַלע מאָטיוון, וועלכע זענען צונויפגעבונדן מיט דער סוכּה, די נאַציאָנאַל־היסטאָרישע. ז׳ איז, הייסט עס, באַשטימט קודם־כּל צו דער־מאָנען פֿאַר דורות און דורות די אומשטענדן, ווען אונזערע אורעלטערן האָבן — נאָכדעם ווי זיי זענען אַרויסגעגאַנגען פון מצרים — געוואַנדערט אין מדבר; און זייענדיק אויסגעשטעלט אויף די אומבאַקוועמלעכקייטן פון דער רויער נאַטור, האָבן זיי געזוכט שוץ אין די בײַדלעך, וואָס זיי האָבן אויפגעשטעלט פֿאַר זיך און זייערע פֿאַמיליעס. אָבער עס זענען אויך געווען עפּאָכעס און ערטער, ווען אין דער ערשטער רײי זענען אַרויסגערוקט געוואָרן די רעפלעקסן, וואָס די סוכּה איז מסוגל אָנצואָגן; רעפלעקסן און באַטראַכטונגען, רעליגיעזע, סאָציאַלע, פילאָסאָ־פישע. אפילו שפּראַכלעך זענען אין דער סוכּה אַרײַנגעלייגט געוואָרן ווײַט נישט איינהייטלעכע אויסטײַטשונגען. נישט אַלע זענען גרייט געווען אָנצונעמען, אַז דער סוכּה־באַגריף איז פֿאַרוואָרצלט אין ווילן זיך צו באַשיצן און אויסציען איבער זיך אַן איבערדעק פון צווײַגן און געדיכטע בלעטער. געווען אַזעלכע, וואָס זענען פֿאַרבליבן געניייגט צו באַווײַזן, אַז שוין דער אויסדרוק אַליין באַוועגט אַרײַנצוקוקן אין זיך, און שפּינען געדאַנקען מכּוח גאָט און מענטש, אוניווערס און גורל, ייִד און וועלט.

ס׳איז מערקווירדיק, וואָס עס האָבן אויך נישט געפֿעלט קיין ייִדישע קיבוצים, וואו פון אַלע דערפֿאַרונגען און כּוונות, וואָס זענען צונויפגעקניפּט געוואָרן מיט דער סוכּה, האָט מען אַוועקגעשטעלט אין מיטלפונקט דווקא די האַלב־מיסטישע,

האַלב־סאָציאַלע טראַדיציע פון פאַרבעטן געסט צו די יום־טובדיקע סעודות. מען האָט די געסט פאַרבעטן, נאַטירלעך, אין דער סוכּה אַריַין, און די צערעמאָניע האָט צו טאָן מיט סוכּות. אָבער אין דער אמתן איז דאָס געווען אַן אָפּשפּיגלונג פון אַ לעבנס־שטייגער.

ס׳איז שווער צו באַשטימען מיט דער פולער גענויקייט ווי אַזוי דאָס האָט זיך אָנגעהויבן. מיר קענען בלויז זאָגן, אַז אַ דעפינירטן אויסדרוק האָט די טראַדיציע באַקומען אין עיקר־ספר פון דער ייִדישער מיסטיק, אין ספר הזוהר. דאָ שטייט געשריבן, אַז ווען עס פאַלט צו דער יום־טוב סוכּות, און עס איז צײַט זיך אוועקצוזעצן אין דער סוכּה צו דער יום־טובדיקער סעודה, שטעלט מען זיך אַוועק אינעווייניק, בײַ דער טיר, און מען פאַרבעט אַרײַן אורחים. מען פאַרבעט זיי אין לשון פון דער מיסטיק, אין לשון אין וועלכן דער זוהר איז געשריבן, אין אַראַמעאיש. מען ווענדט זיך צו זיי מיט צאַרטע און ליבלעכע ווערטער: קומט אַרײַן צו אונז, געהויבענע, ליבע געסט; זעצט זיך בײַ אונזער טיש! מיר ווילן גערן, אַז איר זאָלט מיט אונז פאַרבלײַבן ביז איבער דער סעודה...

ווער זיי זענען די געסט? אין זוהר זענען אויסגערעכנט זייערע נעמען. ליכטיקע פערזענלעכקייטן פון דער ייִדישער געשיכטע, די סאַמע־ליכטיקסטע און וויכטיקסטע. די שעפער פון פאָלק, פון זײַן לערע: אַברהם, יצחק, יעקב, יוסף, משה, אהרן, דוד המלך... זיבן זענען זיי; אַנטקעגן די זיבן טעג סוכּות. יעדן טאָג פאַרבעט מען אַן אַנדערן גאַסט. און ווי עס וויל האָבן די מיסטיק, וואָס אין ייִדישער גײַסטיקייט ווערט זי באַצייכנט ווי קבלה, קומען זיי טאַקע אַרײַן, זייערע נשמות דרינגען אַרײַן אין אונזערע סוכּות...

צי האָט זיך די צערעמאָניע טאַקע אָנגעפאַנגען מיטן זוהר, איז נאָך אַ פראַגע. ווי אַלץ, וואָס ווערט געזאָגט אין דאָזיקן ספר, האָט אויך זי אירע וואָרצלען אין דער ווײַטער, אויב נישט פאַרנעפּלטער, פאַרגאַנגענהייט פון פאָלק. מען וואָלט געקענט זאָגן: אין איר אורקולטור. דאָס איז דאָך טאַקע דער טײַטש פון באַגריף ״קבלה״: טראַדיציע. די לערע, וואָס איז איבערגעגאַנגען פון דור צו דור. האָט מען דאָך געוואוסט צו דערציילן זיך, אַז גלײַך דער ערשטער ייִד, אברהם אָבינו, פלעגט פאַר דער טיר פון זײַן געצעלט פאַרבעטן די דורכגייער, אַז זיי זאָלן צו אים אַרײַנקומען און ״אונטערלענען דאָס האַרץ״. און וואָס האָט ער אַלץ נישט צוגעגרייט פאַר זייערטוועגן? וויפל מי און אָנשטרענגונג האָט ער אָנגעלייגט, אַז דאָס עסן זאָל זיי צופאַלן צום טעם, און אַז זיי זאָלן זיך פילן ״ווי בײַ זיך אין דערהיים״! אין חומש ווערן איבערגעגעבן די ממש רירנדיקע איינצלהייטן. מען האָט אַפילו געוואוסט זיך צו דערציילן, אַז אין זײַן געצעלט איז בכלל נישט געווען קיין פאַרצוימטער אַרײַנגאַנג. מען האָט געקענט אַרײַנגיין פון אַלע זײַטן. און

שוין בײַ אים, בײַ דעם ערשטן ייִד, איז די גאַסטפֿרײַנטלעכקייט געווען צונויפֿ־געפֿלאָכטן מיט דעם סוד, דאָס באַגרײַפֿלעכע מיט דעם אומבאַגרײַפֿלעכן.

נישט אַנדערש איז דאָס מיט דער געסט־פֿאַרבעטונג אין סוכּה. אין זוהר ווערט געזאָגט, אַז די, וועלכע האָבן באַרײַכערט די גײַסטיקע אוצרות פֿון אונזער פֿאָלק מיט דעם תּלמוד, האָבן אַזוי זיך געפֿירט. רב המנונא, רבי אבא, טאַקע די חכמי־התּלמוד פֿלעגן זיך אַוועקשטעלן אין דער טיר פֿון דער סוכּה און מיט האַרץ און געפֿיל פֿאַרבעטן די אורחים. דאָס האָבן זיי געזאָגט: אזמין לסעודתי, מיר פֿאַרבעטן אײַך צו דער סעודה... במטו מינך, טוט אונז צוליב...

אָבער אַזוי ווי פֿיל אַנדערע מאָטיוון, וואָס ווערן אַרויסגעברענגט אין דער ייִדישער מיסטיק, איז אויך אין דאָזיקן פֿאַל די מעטאַפֿיזיק נישט פֿאַרבליבן אינגאַנצן אָפּגעריסן פֿון די דערשײַנונגען אויף דער ערד. די נישט־דאָאיקע געשטאַלטן וואָס מיר פֿאַרבעטן זיי אין אונזער סוכּה, שטייען צו אונז צו, אַז מיר זאָלן אויף זייער אָרט אַוועקזעצן צו דער יום־טובֿדיקער סעודה אָרעמעלייט. אומעטום און שטענדיק זענען פֿאַראַן מענטשן, וואָס האָבן נישט קיין היים, וואָס זענען הונגעריק, וואָס פֿילן דעם עלנט פֿון זייער עקזיסטענץ נאָך ווייטיקלעכער אין אַ יום־טובֿ. זיי טאָרן נישט פֿאַרבלײַבן אַליין און פֿאַרלאָזן. און בײַ זיי האַנדלט זיך נישט בלויז וועגן גײַסטיקייט. זיי דאַרפֿן טאַקע ממש עסן.

אָט אַזוי ווערט בפֿירוש אונטערגעשטראָכן אין ספֿר הזוהר (ויקרא, פּרשת אמור): די ליכטיקע געשטאַלטן פֿון דער ייִדישער געשיכטע פֿאָדערן, אַז אָרעמע מענטשן זאָלן אַרײַנקומען צו יעדן ייִד אין דער סוכּה אַרײַן; אַז מען זאָל זיי אָפּגעבן דעם סאַמע בכּבֿודיקסטן פּלאַץ; אַז מען זאָל פֿאַר זיי אַוועקשטעלן די פֿײַנסטע מאכלים; אַז מען זאָל זיי לאָזן די ערשטע זיך אָפּכאַפּן דאָס האַרץ — זיי זענען דאָך אַוודאי שטאַרק הונגעריק — און אַז וואָס מער אָרעמעלייט מען וועט האָבן אין דער סוכּה, אַלץ שענער וועט זײַן דער יום־טובֿ, און אַלץ צופֿרידענער וועלן זײַן אברהם אָבינו, יצחק אָבינו, יעקב אָבינו און די אַנדערע גרויסע לערער פֿון פֿאָלק. נאָך מער: זיי וואָרענען אונז גלײַך, אברהם, יצחק ויעקב און די אַנדערע, אַז אויב מיר וועלן נישט אַרײַננעמען די אָרעמעלייט אין דער סוכּה, זיי אויסזעצן אַרום טיש, און זיי אויפֿנעמען ווי עס דאַרף צו זײַן, וועלן זיי אַליין צו אונז נישט אַרײַנקומען אַפֿילו אויף אַ רגע; זיי וועלן אונז פֿאַרלאָזן באַליידיקטע, אומצופֿרידענע, פֿאַרביטערטע... מיסטיק האָט זיך צונויפֿגעוואַקסן מיט סאָציאַלער מאַנונג און דערמאָנונג. גאָר אָפֿט גייט אויף אין דער צעפֿלאָסענער מיסטיק אַ קאָנקרעטע פֿאָדערונג, און ווער ווייסט, צי זי איז נישט בכלל קיין גרויסע, ערנסטע אָנצוהערעניש.

אושפּיזין — ווערט די צערעמאָניע אָנגערופֿן אין דער מיסטיק. אַן אַראַמעאיש וואָרט וואָס איז דער טײַטש: געסט. פֿון זוהר זענען די פּרטים אַרײַנגעדרונגען

אין סוכּותדיקן מחזור, געוואָרן אַ באַשטאַנדטייל פון יום־טוב. און די צערעמאָניע איז אי מיסטיש, אי לעבנסשטייגער.

נישט אַוועקנעמענדיק בײַ אַנדערע ייִדישע ישובים דאָס חשיבות וואָס איז דער אושפּיזין־צערעמאָניע אָפּגעגעבן געוואָרן און ווערט כּסדר אָפּגעגעבן, אין אופן ווי מען האָט אָפּגעריכט און מען ריכט אָפּ סוכּות, מוז דאָך געזאָגט ווערן, אַז אין די שטעט און שטעטלעך פון ייִדיש מזרח־אייראָפּע, האָט זיך אויסגעוויזן אַז אַ שטיק דורך דער דאָזיקער טראַדיציע ווערט ערשט סוכּות אַ היימישער, האַרציקער פאָלקס יום־טוב. אָפּגערוקט פון דער וועלט, וואָס האָט עקזיסטירט — הגם עס זענען פאַרבײַ קוים אייניקע צענדליק יאָר זינט זי איז אונטערגעגאַנגען — און ווײַט פון די באַגריפן וואָס זענען דאָרט געווען גילטיק, זענען מיר הײַנט נישט מסוגל אָן אַן אָנשטרענגונג קלאָר צו מאַכן פאַר זיך, וואָסער פאַרשידענער לעבנס־שטייגער דאָרט איז געווען אײַנגעשטעלט. סוכּות האָט מען די אָרעמעלייט, וואָס זענען געזעסן אַרום טיש צו די יום־טובדיקע מאָלצײַטן, אָנגערופן: אושפּיזין. אַ גאַנץ יאָר, אין יענעם באַחנטן ייִדיש־לשון, וואָס האָט אָנגענומען אינהאַלט און צורה ווי אַן אויסדרוק פון דער ייִדישער נשמה און דער טראַדיציע פון דורות, האָט מען זיי אָנגערופן: אורחים. און הכנסת אורחים — ווי עס איז באַצייכנט געוואָרן דאָס אַרײַננעמען אָרעמע מענטשן צום עסן, און אָפּטמאָל אויך צום שלאָפן — איז געווען אַ יסוד אין דער ייִדישער עקזיסטענץ. אַ יסוד פון שבת און פון יום־טוב, און אַ יסוד פון די טעג פון דער וואָך. דער אורח האָט געקענט זײַן אַ ייִד, וואָס איז פאַרוואָגלט געוואָרן אין דער פרעמד; וואָס שלעפּט זיך צופוס איבער די דערפער; אַ וואַנדערנדיקער מגיד; אַ ישיבה־בחור, וועלכער עסט "טעג"; אַ משולח; אַ ייִד, וואָס מען האָט אים אָנגעטראָפן אויפן מאַרק אָדער אין שול בײַם דאַווענען; אַ בעטלער, וועלכער האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר; אַ מלמד. אין די לעצטע צײַטן האָט ער געקענט גאָר זײַן אַ לערער פון ייִדישקייט, אָדער פון ייִדישע לימודים, וואָס איז אַראָפּגענומען געוואָרן אין שטעטל דורך דער קהילה.

מען האָט, פאַרשטייט זיך, אָט־די מידה אַרויסגעלערנט פון חומש, פון דער גמרא, פון די פאַרהייליקטע ספרים. שוין אין תּנ"ך איז געוואָרן אָנגעזאָגט, אַז מען דאַרף די אָרעמע מענטשן נעמען צו זיך אין הויז (ישעיה נח). אין תּלמוד האָט מען צוגעגעבן, אַז זיי מוזן פאַררעכנט ווערן ווי מיטגלידער פון דער פאַמיליע, טאַקע ווי בני־בית (אָבות א). מער: עס איז אונטערגעשטראָכן געוואָרן, אַז אויפנעמען אַן אורח איז נאָך וויכטיקער ווי מקבל פּנים זײַן די געטלעכקייט (גדולה הכנסת אורחים מהקבלת פּני שכינה, מסכת שבת קכז). מען האָט אויך די מידה מיט־געבערענגט פון די אַשכּנזישע ישובים אויף די ברעגן פון רהײַן, פונוואַנען אַ סך זענען געקומען קיין מזרח־אייראָפּע. אין די ספרים וואָס זענען געשריבן געוואָרן בײַם רהײַן, אָדער אין צפון־פראַנקרײַך, האָט מען — לאַנגע יאָרהונדערטער איידער

דער ספר הזוהר איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אין שפּאַניע — צונויפגעמישט מיסטיק מיט סאָציאַלער עטיק. עס האָט דאָס געטאָן רש״י; עס האָט דאָס געטאָן רבינו תּם; עס האָט דאָס געטאָן ר׳ אלעזר רוקח אין זײַנע באַטראַכטונגען און פּאָעטישע שאַפֿונגען, וואָס זענען אַרײַנגעגאַנגען אין מחזור וואו ייִדישעווירקלעכקייט איז באַהויכט מיט דעם אָטעם פֿון הויך־מענטשלעכער וויזיע. נישט גענוג — האָט מען דאָרט געזאָגט — אָנצוזעטיקן דעם הונגעריקן, נאָר מען דאַרף אים אַליין באַדינען און באַציִען זיך צו אים מיט דער העכסטער מדרגה פֿון פֿרײַנטלעכקייט... אָבער אין דער אייגנטימלעכער אַטמאָספֿערע פֿון ייִדיש מזרח־אייראָפּע. אין דער ייִדיש־לעכער סביבה, וואָס האָט אַלעמען אָנגעוואָרעמט און אַלעמען אַרײַנגענומען אין געוועב פֿון די גרויסע ייִדישע האָפֿענונגען און דערוואַרטונגען, זענען די באַגריפֿן געוואָרן נאָך מער פֿאַלקסטימלעך; און צווישן אַלע עלעמענטן, וואָס האָבן זיך אויסגעוויזן אַזוי וויכטיק און נייטיק פֿאַר דער ייִדישער מאַסע, ווי עס איז לופֿט צו אָטעמען, איז געווען — האָבן אַן אורח בײַם טיש, אַן אורח אויף שבת, און אויך אין אַ פּראָסטן מיטוואָך.

שוין אין דער ערשטער גרויסער כראָניק, וואָס איז אָנגעשריבן געוואָרן וועגן אינערלעכן לעבן פֿון ייִדן אין מזרח־אייראָפּע — און צו יענער צײַט, מיט הונדער־טער יאָרן צוריק, האָט זיך אין פּוילן קאָנצענטרירט די צאָלרײַכסטע ייִדישע באַפֿעלקערונג — האָט דער מחבר, ר׳ נתן־נטע האַנאָווער — אַליין אַ מענטש, וואָס האָט זיך גוט אָריענטירט אין וועלט־זאַכן און פּראַקטישע ענינים, און דערבײַ זיך באַוועגט אין דער ספֿערע פֿון דער מיסטיק — פֿאַרצייכנט, אַז ״עס איז גאָרנישט דאָ קיין שיעור און קיין גרענעץ צו דער מצווה פֿון הכנסת אורחים״, וואָס איז אָפּגעהיטן געוואָרן אין יענע קהילות. דאָס זעלבע קען מען אַרויסלייענען פֿון אַנדערע ווערק און דאָקומענטן, וואָס שטאַמען פֿון די אַלטע צײַטן. אין אַ מוסר־ספֿר, וואָס איז דערשינען אינמיטן זעכצנטן יאָרהונדערט אין קראָקע אין ייִדיש — עברי־טײַטש, ווי מען פֿלעגט דעמאָלט זאָגן — ווערט אָנגעוויזן מיט וואָסער ברייט־האַרציקייט מען דאַרף באַהאַנדלען אורחים. און ייִדן האָבן דעם אָנווײַז גענומען ערנסט. ר׳ ישעיה הורוויץ, מער באַקאַנט צוליב דעם נאָמען פֿון זײַן ספֿר ״שני לוחות הברית״ ווי דער של״ה, האָט געשריבן, אַז מיטן אַרײַנקומען פֿון אַן אורח ווערט עפּעס בכלל שענער און ליכטיקער פֿאַר אַ ייִד אין שטוב... דער דאָזיקער לעבנס־שטייגער האָט אָנגעהאַלטן דורך דורות און תּקופֿות. מלחמות און קאַטאַסטראָ־פֿעס, קריזיסן און רדיפֿות, האָבן געקאָנט צעשטערן אַ סך אינסטיטוציעס און אײַנברעכן אַ סך מנהגים; זיי זענען אָבער נישט בכּוח געווען אײַנצוברעכן די טיף־פֿאַרוואָרצלטע מידה פֿון הכנסת אורחים.

אַפֿילו קריטיקער פֿון ייִדישלעכן לעבנס־שטייגער האָבן דאָס געמוזט אָנער־קענען. אין זײַן אויטאָביאָגראַפֿיע, האָט שלמה מיימון זיך באַנוצט מיט אַ שאַרפֿן און בײַסיקן טאָן בעת ער האָט געשילדערט דאָס ייִדישע לעבן אין די שטעטלעך פֿון

זײַן תקופה. געפּאַנגען פון די שטרעמונגען פון דער השׂכּלה־באַוועגונג, און אויפ־גענומען מיט באַגײַסטערונג אין די קרײַזן פון די "אויפגעקלערטע", אַפילו דורך קאַנט און די אַנדערע דײַטשע פילאָסאָפן, איז בײַ אים אויסגעקומען, אַז די ייִדישע גאַס איז "ענג, פינסטער און צוריקגעשטאַנען". און דאָך קען ער זיך נישט אָפּהאַלטן פון לויבן די וואַרעמקייט און האַרציקייט, מיט וועלכע מען באַציט זיך אין דער "אָפּגעשטאַנענער ייִדישער גאַס" צו די היפּלאָזע און נויטבאַדערפטיקע. נישט דווקא די "קנאַפּסטע פון המון", נאָר אויך די אָנגעזעענע באַלעבאַטים און מיוחסים נעמען אַרײַן קבצנים אין זייערע הײַזער, און רינגלען זיי אַרום מיט רחמנות און מיטגעפיל...

דער גרויסער ערודיט יצחק־בער לעווינזאָן — ריב"ל פלעגט מען אים רופן — איז נישט אַוועק פון דער ייִדישער גאַס אַזוי ווי דאָס האָט געטאָן שלמה מיימון. ער איז פאַרבליבן צווישן פאָלק און געשריבן זײַנע וויכטיקע ווערק אין העברעאיש. אָבער ווי דער טריבון פון די אויפקלערונג־אידייען, האָבן אַ סך דערשײַנונגען אין דער ייִדישער געזעלשאַפט אַרויסגערופן זײַן בפירושן ווידערווילן. און פאַרט, ווען עס קומט אויסצולייגן דאָס ייִדישע האַרץ, וואָס האָט זיך באַוועגט אין יענער סבֿיבֿה פון פײַן און פאַרפאַלגונגען, גייט זיך יצחק־בער לעווינזאָן פונאַנדער אין התפעלות. ער שרײַבט, אַז דאָס גאַנצע גײַסטיקע און סאָציאַלע לעבן פון דער ייִדישער קהילה איז באַהערשט פון דער אידייע פון ברודערלעכער שותפות. אָט־די אידייע געפינט איר אויסדרוק אין פאַרשידענע פעלדער פון טעטיקייט. דער עיקר טרעפט מען זיך אָן אויף איר אין דער גרייטקייט צו באַזאָרגן די אורחים מיט עסן יעדן שבת און יום־טובֿ. אין דעם ווילן זיך צו פאַרנעמען מיט די נויטבאַדערפטיקע און לײַדנדיקע גלײַך ווי זיי וואָלטן געווען מיטגלידער פון אייגענעם הויזגעזינט.

אַז אָט דער דאָזיקער צוגאַנג און לעבנס־שטייגער האָבן זיך נישט געענדערט אין לויף פון יאָרהונדערטער, און האָבן אָנגעהאַלטן ממש "ביז צו דער לעצטער שעה", קענען מיר אַליין, די פאַרבליבענע פון יענער צעשטערטער אומגעווײנלעכער ציוויליזאַציע, עדות זאָגן. אין דעם שווערן פּעריאָד צווישן די צוויי וועלט־מלחמות, ווען אַזוי פיל ווערטן האָבן אין דער צײַט פון קריזיס און אַנגסט זיך געקרישלט, איז נישט איינמאָל די אָדער יענע קהילה געשטעלט געוואָרן פאַר דעם פּראָבלעם פון "היימלאָזע", וואָס האָבן זיך פּלוצלונג אַרײַנגעשאָטן; פאַר דעם פּראָבלעם פון אַרויסגעיאָגטע פון אַנדערע מדינות אָדער פון שכנותדיקע געגנטן; פאַר דעם פּראָבלעם פון "אָפּגעברענטע", נשׂרפֿים, וואָס זענען פאַרבליבן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ אין די אָרעמיקע מקומות. קליינע, אָרעמע קהילות האָבן פונדעסטוועגן מיט וואונדערלעכער מסירת נפש זיך אַרײַנגעוואָרפן אין דער הילפס־אַרבעט.

מיר געדענקען נאָך די אינסטיטוציעס, וואָס האָבן אונטער היסטאָרישע ייִדישע נעמען געטראָגן רעטונג און געפיל. מיר געדענקען נאָך די אינסטיטוציעס וואָס האָבן צוגעשטעלט צו פאַמיליעס אָן מיטלען דאָס, וואָס זיי האָבן באַדאַרפט האָבן

אויף אַ יום־טוב: בית לחם — דאָס הויז פון ברויט; תּומכי עניים — די וואָס שטיצן די אָרעמע... מיר געדענקען נאָך וויפל מי איז אַנגעלייגט געוואָרן כּדי געפּאַלענע זאָלן זיך קענען ווידער שטעלן אויף די פיס. דאָס אייגנטימלעכע פאַר יענעם געדאַנקען־גאַנג און פאַר יענער אויפפירונג איז געווען, וואָס די רעטונג איז נישט דערלאַנגט געוואָרן מיט דעם אָנשטעל פון ״העכערקייט״. מען האָט געעפנט דאָס אייגענע הויז; מען האָט די פרעמדע אויסגעזעצט אַרום אייגענעם טיש; מען האָט די ביז נעכטן אומבאַקאַנטע באַטראַכט ווי אייגן בלוט און פליישׁ.

אין סוכּות האָט אָט־דער לעבנס־שטייגער זיך ענג פאַרבונדן מיט דער מיסטיק. געגנוי ווי די גאַנצע קהילה, איז אויך די סוכּה וואָס ייִדן האָבן דאָרט געשטעלט, על־פּי־רוב געווען אַן אָרעמע. סוף כּל סוף איז דאָך די צאָל פאַרמעגלעכע ייִדן אין דער מזרח־אייראָפּעאישער וועלט געווען אַ נישטיקע. דער רוב פון די ייִדישע מאַסן האָט דאָך געלעבט אין דחקות און נויט, קוים געהאַט צו לעבן. די ווירקלעכקייט איז בלי ספק אָפּגעשפּיגלט אין אַ שילדערונג פון דער סוכּה בײַ מענדעלע מוכר ספרים. ״די סוכּה — שרײַבט מענדעלע — צוויי ברעטער אויף קרומע קלעצלעך האָבן געדינט פאַר בענק; זיצן האָט מען געדאַרפט, נישט צו טאָן זיך דאָס מינדסטע רירעלע. אַ גרויס לאָקשנברעט איז געלעגן אויף אַ פעסל פון אוגערקעס און געדינט פאַר אַ טיש״...
און דאָך, אין די דאָזיקע קוים זיך האַלטנדיקע בײַדלעך, האָט מען זיך אָוועקגעשטעלט בײַ דער טיר, און דאָרט אַהין האָט מען פאַרבעטן די מיסטישע געסט, די אושפּיזין, אברהם, יצחק, יעקב און די אַנדערע; און אויך די הויט און בײַנערדיקע אורחים, וואָס האָבן געוואַרט אויף אַ לעפל עסן. יום־טוב איז יום־טוב, און ייִדן זענען ייִדן...

פון די פאַרלאָפענע תּקופות איז פאַרבליבן אַ סאַטיריש ליד אין אַלט ייִדיש איבער דעם אונטערשייד, וואָס לאָזט זיך באַמערקן, וויאַזוי מען נעמט אויף אַ וואַנדערנדיקן אָרעמאַן צווישן די אויפגעקלערטע ייִדן אין די מערב־אייראָפּעאישע לענדער, און וויאַזוי מען נעמט אים אויף אין די קהילות פון מזרח־אייראָפּע. דאָס ליד שטאַמט פון זיבעצנטן יאָרהונדערט. אין מערב־אייראָפּע קוקט מען אויף אים ווי אַ שנאָרער, מען באַציט זיך צו אים שטייף: ״מען שפּילט זיך מיט אים אין קאָץ מיט דער מויז, מען טוט אים האַלב שלום עליכם געבן פון ווײַטן״... נישט אַזוי גייט דאָס צו אין דער וואַרעמער פאָלקס־סביבה אין מזרח־אייראָפּע. דאָ איז מען געהיטן אים נישט צו פאַרשעמען.

אין ר׳ נחמן בראַצלאַווערס אַ מעשׂה קומט אַמאָל אויס אַפילו אַ פּרינץ צו וואַגלען איבער דער וועלט ווי אַ בעטלער. נו, איז וואָס? הערט ער דערפאַר אויף צו זײַן אַ פּרינץ?

דערמאָנען מיר שוין ר׳ נחמן בראַצלאַווער, לאָזט זיך צוגעבן, אַז די חסידות־באַוועגונג, מיט די קוואַלן געפיל וואָס זי האָט געעפנט, מיט דעם פאָלקס־אויפבראַוז,

וואָס זי האָט מיט זיך געברענגט, האָט מיט ברען און התלהבות אויפגעהאַלטן און אַנטוויקלט די טראַדיציע פון פאַרבעטן די אושפּיזין אין דער סוכּה. אָט־דער גאַנצער צונויפפּאָר פון מיסטיק און לעבנס־שטייגער, פון גייַסט מיט מאַטעריע, פון נשמה מיט גוף, האָט אויסגעזען ווי צוגעמאָסטן צו דער שיטה פון חסידות. ר׳ פּנחס פון קאָרעץ האָט אויסגערופן: וואָסער טייַערע מצווה די סוכה איז! זי בינדט צונויף דאָס אָפּענע און באַהאַלטענע, דאָס אָנטפּלעקטע און דאָס פאַרבאָרגענע!...

ווענן ר׳ חיים צאַנזער דערציילט מען, אַז ער האָט דאָס גאַנצע געלט וואָס ער האָט געהאַט בייַ זיך ערב סוכּות אויסגעגעבן אויף אייַנצוקויפן עסן פאַר די מאַלצייַטן פאַר די אָרעמעלייט. ווען זייַן טאָכטער האָט אים מיט באַדויער געפרעגט, וואָס וועט זייַן מיט דעם באַצירן די סוכּה, וואָס מען וועט שוין איצט נישט קענען מאַכן, האָט ער געענטפערט: די שענסטע באַצירונג פאַר דער סוכּה איז, אַז די אָרעמעלייט זאָלן יום־טוב נישט הונגערן...

ענלעכע געדאַנקען האָבן אַרויסגעזאָגט אַנדערע גדולים פון חסידות. ר׳ בונים פון פּשיסכע פלעגט זיך אויסדריקן, אַז פון אַלע מצוות איז אים ליבער די מצווה פון סוכּה, ווייַל מען גייט אין איר אַרייַן מיט אַלע אברים, מיט אַלץ מיט אַנאַנדער, מיט לייַב און נשמה, אַפילו מיט די שטיוול.

מיט שאַרפער קלאָרקייט האָט די סוכּה — און גאָר באַזונדערס די, וואָס איז געשטאַנען אין יידיש מזרח־אייראָפּע — באַוויזן, אַז פון אייגפאַכער, האַרציקער, מענטשלעכער אויפפירונג שייַנען אַרויס שטראַלן פון דערהויבענער מיסטיק.

# קהלת צווישן מזרח-אייראָפּעאישע ייִדן

**א**יך ווייס נישט צי קהלת איז דאָס תּנ״ך־ספר, וואָס איז צומייַנסטן איבער־געזעצט געוואָרן אויף ייִדיש צווישן מזרח־אייראָפּעאישע ייִדן; אָבער אַז קהלת איז דאָס ספר, וואָס אין זייַן איבערזעצונג האָט מען אַרייַנגעלייגט גרויסע אָנ־שטרענגונג, כּדי אַרויסצובריינגען זייַן אינהאַלט און כּוונות פאַרן ייִד, וועלכער האָט גערעדט און געלייענט ייִדיש, אונטערליגט נישט קיין ספק. י. ל. פּרץ האָט, ווי מען גיט איבער, זייַן איבערזעצונג פון קהלת איבערגעאַרבעט 67 (זיבן און זעכציק!) מאָל, געשריבן און געשטראָכן, געמעקט און געשריבן. נישט אַלע, וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן מיטן אַריבערפירן קהלת אויף ייִדיש, זענען דערגאַנגען צו אַזאַ, ממש אומגלויבלעכער, צאָל פון איבעראַרבעטונגען; אָבער מען האָט געטאָן אַ מיפולע אַרבעט, וואָס איז ווערט באַוואונדערט צו ווערן.

קהלת איז געווען אַ שטאַרק־פּאָפּולער ספר צווישן מזרח־אייראָפּעאישע ייִדן. אַ סך פון דעם, וואָס שטייט דאָרט געשריבן, האָט זיך געטראָגן פון מויל צו מויל, איז אַרייַן אין פאָלקס־וואָרט און איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מאָטיוו פאַרן פאָלקס־ליד. פאַרשטייט זיך, אַז די, וועלכע האָבן זיך געקענט פונאַנדערקלייַבן אין אָריגינאַל, האָבן ליבערשט געהאַט פאַר זיך דאָס ספר טאַקע אין תּנ״ך־לשון. אָבער אַזוי ווי נישט אַלע זענען געווען מסוגל דאָס צו טאָן, זענען די איבער־זעצונגען אויף ייִדיש פּשוט געוואָרן אַ נויטווענדיקייט. מען האָט קהלת אויף ייִדיש געקענט געפינען אין די אַלגעמיינע תּנ״ך־איבערזעצונגען. מען האָט זיך אויף אים אָנגעטראָפן אין מחזור פון סוכּות — דער יום־טוב ווען מען לייענט קהלת — וואו צו דער איבערזעצונג זענען געווייִנלעך צוגעגעבן געוואָרן דער־קלערונגען אויף עברי־טייַטש. מען האָט אויך אָפּגעדרוקט קהלת אויף ייִדיש אין באַזונדערע און פּאָפּולערע אויסגאַבעס. פאַרוואָס דאָס איז געווען אַזוי, איז נישט שווער צום פאַרשטיין. קהלת האָט אויסגעדריקט אַ געמיט־צושטאַנד, וואָס איז געווען נאָענט דעם מזרח־אייראָפּעאישן ייִד. מען קען זאָגן: דאָס איז געווען זייַן אייגענער געמיט־צושטאַנד. די ביטערע לאַגע, אין וועלכער דער מזרח־אייראָפּע־אישער ייִד האָט געלעבט, האָט אויף אים גאַנץ אָפט אָנגעוואָרפן די טריבע שטימונג,

וואָס האָט באַוועלטיקט קהלתן. אַפילו אין די מכלומרשט־גוטע צײַטן, איז דאָך נישט געווען אײנגאַנצן גוט; און עס איז אײגנטלעך שווער צו געפינען אַ תקופה, ווען מען האָט פריי אָפּגעאָטעמט. אויב מען איז נישט אויסגעשטאַנען די פּלאָגן פון גזירות און רדיפות, איז געווען קאַלאַמוטנע אויף דער נשמה צוליב די דאגות אויף פּרנסה, וואָס האָבן פאַרקלעמט און צונויפגעדריקט. עס איז עפּעס לײַכטער געווען אַריבערצוטראָגן די שווערע לאַסטן וויסנדיק, אַז אין קהלתן האָט מען אַ שותּף צו דער פּאַראומערטער שטימונג. איז ער דאָך געווען, ווי עס איז אָנגעגעבן געוואָרן אין די איבערזעצונגען, נישט קיין אַנדערער ווי שלמה המלך "דער קלוגסטער פון אַלע מענטשן" — און דער נאָמען "קהלת" איז זיך מיט אים צונויפגעוואַקסן, ווײַל ער האָט אַרום זיך צונויפגעזאַמלט קהל, דאָס פאָלק, פאַר וועמען ער האָט זיך אַראָפּגערעדט פון האַרץ; אָדער גאָר ווײַל ער האָט אין זיך צונויפגעזאַמלט אומגעוויינלעך אַ סך קענטענישן און דערפאַרונגען — און פונדעסטוועגן האָט ער אַדורכגעמאַכט צײַטן, ווען מחשבות, שווערע ווי בלײַ, האָבן זיך אויף אים אַנגעלייגט...

טאַקע דער דאָרשט צו וויסן, וואָס איז אייגנטימלעך פאַר קהלתן, איז געווען כאַראַקטעריסטיש אויך פאַרן מזרח־אייראָפּעאישן ייִדישן קיבוץ. אין דער שרעקלעכער אָרעמקייט און רעכטלאָזיקייט, פון וועלכע מען האָט געליטן, האָט נישט נאָכגעלאָזט דער ווילן צו לערנען און פאָרשן. גענוי ווי קהלת האָט מען געוואוסט, אַז דאָס גראָבן אין די קוואַלן פון וויסן איז עלול נאָכמער צו פאַרשטאַרקן די האַרץ־ערגערניש און פאַרגרעסערן דעם פאַרדרוס. אָט טאַקע אַזוי ווי עס ווערט געזאָגט אין זײַן ספר: "וואָס מער וויסן, אַלץ מער ווייטיק" (יוסיף דעת יוסיף מכאוב). אָבער מען איז צוליב דעם נישט אָפּגעשטאַנען אין באַגער צו שטײַגן אין קענטענישן, צו פאַרשטיין און באַגרײַפן די זאַכן, און מען האָט נישט אויפגעהערט זיך צו גריבלען אין תּוך פון די דערשײַנונגען. דאָס איז מעגלעך געקומען צום־שאַרפסטן צום אויסדרוק אין שנײַדיקן אַפאָריזם פון רבי פון קאָצק: נו, טאָ איז וואָס — האָט ר' מענדעלע געזאָגט — אויב וויסן פאַרשאַפט עגמת־נפש און ווייטיק? זאָל אַפילו ווי טאָן, אָבער וויסן זאָל מען!...

אַפילו דאָס פרעגן קשיות, וואָס איז איינער פון די עיקר־שטריכן אין קהלת, איז ווײַט נישט געווען פרעמד פאַרן מזרח־אייראָפּעאישן ייִדישן געדאַנקען־גאַנג, אדרבא, קשיות, שאלות, האָבן זיך כּסדר אַרויסגערוקט און פאַרנומען דעם סאַמע צענטער פון זײַן. אין קיין שום ייִדישן ישוב האָט מען נישט אויסגעבויט אַזעלכע שטוינענדיקע טורעמס פון פראַגעס, אַזוי ווי אין די מזרח־אייראָפּעאישע שטעטלעך. בעת מען האָט דאָרט, פונאַנדערשמועסנדיק זיך, געזאָגט, אַז די וועלט פרעגט — מקשין העולם — איז מען געווען באַשײַנפּערלעך איבערצײַגט, אַז די וועלט טוט טאַקע נישט עטוואָס אַנדערש, ווי נאָר זי פרעגט; וואָרום איז דען נישט איין גרויסער פראַגע־צייכן

די וועלט, און איז נישט איין גרויסער פראַגע־צייכן דער מענטש ? שוין דער גײַסטי־קער פונאַנדערבלי פון ייִדיש מזרח־אייראָפּע האָט זיך אָנגעהויבן מיט שטעלן קשיות. די שיטה פון פּילפּול, וואָס איז דאָך אייגנטלעך אַ סיסטעם פון אָנקלייבן קשיות אויף קשיות, און וואָס איז דאָרט אײַנגעפירט געוואָרן אין לערנען אין די ווײַטע, פאַרלאָפענע יאָרהונדערטער, האָט זיך נישט באַגרענעצט צו די ישיבות, און אַרומגענומען נישט בלויז לומדים און קאָפּ־מענטשן. אָט דער סיסטעם איז אַרײַנ־געדרונגען אין לעבן, אין אַלע זײַנע אויסדרוקן; געוואָרן אַ טייל פון דער נאַטור פון פאָלק, פון זײַן צוגאַנג און וועג. מען האָט גערעדט פראַגנדיק. מען האָט געענטפערט מיט פראַגעס. די ניגונים האָבן זיך פאַרצויגן אין טאָן פון אַ פראַגע. די תירוצים, וואָס מען האָט געגעבן, האָבן אין תוך באַדאַרפט אָנרעגן צו ווײַטער־דיקע קשיות. אַוועקזעצנדיק זיך איבער קהלת, און אָנטרעפנדיק זיך אויפן באַרג שאלות, וואָס הייבט זיך דאָרט אויף, האָט דער מזרח־אייראָפּעאישער ייִד געפילט, אַז דאָס איז זײַן ספר, זײַן האַנט־ספר. דאָס איז זײַן סטיל, זײַן לעבנס־סטיל.

אָפּגערעדט דערפון, אַז די סאָציאַלע קריטיק, וואָס מען באַגעגנט אין קהלת, האָט צוגערוקט דעם מזרח־אייראָפּעאישן ייִד צום מחבר און זײַן ווערק. זינט דעם באַגינען פון ייִדיש לעבן אין מזרח־אייראָפּע איז זיך דאָרט פונאַנדערגעגאַנגען אַ פּראָטעסט קעגן אומרעכט און עוולות, און עס האָט זיך פונאַנדערגעטראָגן דער רוף צו פאַרלײַכטערן דעם מצב פון די געדריקטע און באַליידיקטע. די קהילה־אינסטיטוציעס, וואָס זענען געגרינדעט געוואָרן, מיט זייערע פאַרשידענע וואויל־טעטיקע אינסטיטוציעס, מיט די כלערליי הילפס־פאַראייניקונגען, אָנהייבנדיק פון דעם צענטראַלן קהילות־ראַט, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן מיט לאַנגע הונדער־טער יאָרן צוריק, ביז צו די צדקה־חברות, וועלכע זענען געווען טעטיק אין די לעצטע דורות — דאָס אַלץ זאָגט עדות אויפן שטאַרק־אַנטוויקלטן סאָציאַלן חוש פון דאָזיקן קיבוץ. און אין קהלת איז דער סאָציאַלער אומרעכט, וואָס דערוועקט דעם שטאַרקסטן צאָרן אין האַרץ פון מחבר. ווי שאַרף עס רעגט אים אויף די גלײַכגילטיקייט, מיט וועלכער מען באַציט זיך צו די עלנטע און נויטבאַדערפטיקע! אין וואָסער פאַרביטערונג ער פאַלט אַרײַן זעענדיק, אַז "עס איז צומאָל נישטאָ קיין טרייסט פאַר די באַעוולטע" !...

איבער אַלץ אין דער וועלט, גיט ער אָנצוגעהערן, איז ער מסוגל צו "פילאָ־סאָפירן" און ציִען זיינע רעפלעקסן; אָבער קוים קומט ער צו די טרערן, וואָס עס פאַרגיסן די באַרויבטע און דערנידעריקטע — דמעת העשוקים — פילט ער, אַז ער קען קיין רו נישט געפינען. אַלץ אין אים בונטעוועט זיך, און ער קאָכט פון צער און אויפרעגונג... הגם עס איז אמת, אַז מיט אַזעלכע שטורמישע ווענדונגען קעגן אומרעכט איז פול דער גאַנצער תנ"ך, האָט דאָך דווקא דער אויסגעשריי פון קהלת — ווײַל ער איז אַרײַנגענומען אין דער ראַם פון באַטראַכטונגען, און פאַרמאָגט נישט די פאָרם פון אַ געבאָט — איבערגעלאָזט אַ טיפן אײַנדרוק. אַ קליין

ספרל, מיט געציילטע קאַפּיטלען — אין סך הכל צוועלף! — וואו אַלץ רעדט זיך און ווערט באַטראַכט אויף אַ געלאַסענעם אופן און אין אַ געצוימטן טאָן, אָבער וועגן אומרעכט און עוולות איז אוממעגלעך צו רעדן געלאַסן. מיט די ווערטער פון קהלת, אײַנגעקריצטע אין גערדאַנק און געפיל, האָט מען שטאַרקער זיך דער־מוטיקט אָנצוגיין מיטן סאָציאַלן אויפברויז, וואָס מיט אים אָטעמען אַלע תּקופות פון דער מזרח־אייראָפּעאישער ייִדישער געשיכטע.

ערשט די סתירות, וואָס מען באַגעגנט אין קהלת! שוין אין די אַלטע צײַטן האָט מען זיך אָפּגעשטעלט אויף זיי, און צווישן די גרינדער און באַגרינדער פון אונזער טראַדיציאָנעלער קולטור, זענען צוליב דעם געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך שטאַרק געקווענקלט, צי דאַרף מען בכלל אַרײַנגעמען קהלת צווישן די ספרים פון תּנ״ך. אין תלמוד ווערט דערציילט, אַז פּאַר אַ צײַט האָט מען ערנסט וועגן דעם געטראַכט. מען האָט געוואָלט ״אויסבאַהאַלטן״ פון דער עפנטלעכקייט דעם ספר קהלת, ווײַל זײַנע רייד זענען סותר איינע די אַנדערע — ווערט געזאָגט אין תלמוד (מסכת שבת ל).

מען האָט נישט באַדאַרפט לאַנג זוכן און נישטערן כּדי אויסצוגעפינען די קעגנזאַצן. זיי וואַרפן זיך אין אויג. אָט שרײַבט ער, אַז עס איז בעסער אַרומצוגיין פאַרזאָרגט איידער צו זײַן אויפגעהייטערט; אַז אויך דאָס מענטשלעכע געלעכטער דאַרף זײַן אויסגעמישט מיט טרערן (ז, ג־ד); אָט פאַרצייכנט ער, אַז כּדי צו קענען לאַכן אין דער דאָזיקער טרויעריקער וועלט דאַרף מען פריער אַראָפּ פון זינען, און ווען מען טרעפט זיך אָן אויף אויסברוכן פון פרייד, איז כּדאַי אַ פרעג צו טאָן; ווי אַזוי קענען זיך דאָס מענטשן פאַרגינען צו זײַן פריילעך? (ב, ב); אָבער אָט זאָגט ער אויך, אַז מיר דאַרפן אַלע זײַן לוסטיק און פריילעך, טאַקע בפירוש אַזוי: עסן און טרינקען, לאָזן זיך וואוילגיין, און זײַן מונטער און אויפגעלייגט (ח, טו)... אָט באַשטייט ער, אַז אַלץ איז זינלאָז, אָן אַ טעם, און פאַרמאָגט נישט קיין ציל און קיין תּכלית (א, יד); און אָט דערקלערט ער, אַז עס איז אַ פאַרגעניגן זיך אָנצוקוועלן מיט דער זון, און מחיהדיק־זיס איז זיך אָנצוזעטיקן מיט דער ליכטיקייט (יא, יז). מען קען אָנווײַזן אויף נאָך אַ סך אַזעלכע ווידערשפּרוכן. עס האָט גובר געווען די מיינונג יאָ אײַנצושליסן דעם ספר אין תּנ״ך, אָבער די סתּירות זענען פאַרבליבן. און טאַקע זיי האָבן נאָך טײַערער געמאַכט דאָס ספר צווישן מזרח־אייראָפּעאישן ייִדישן קיבוץ. מען האָט אין קהלת אָנגעטראָפן אַן אָפּשפּיגלונג פון די אייגענע שאַרפע קעגנזאַצן.

עס איז קוים צו געפינען נאָך אַ קיבוץ אין אונזער טויזנטיעריקער עקזיסטענץ, פון וועלכן עס האָבן אַרויסגעשריגן אַזוי פיל ווידערשפּרוכן. אין ייִדיש מזרח־אישער פּסיכיק זענען נישט געווען קיין פלאַכקייטן, נאָר בערג און טאָלן. דאָרט האָבן די, וועלכע זענען געווען באַגײַסטערט פאַר די מעגלעכקייטן פון

מענטשלעכן פאַרשטאַנד, גלײַכצײַטיק באַדויערט זײַנע מוראדיקע באַגרענעצונגען. דאָרט זענען די, וועלכע זענען עקזאַלטירט געוואָרן פון דער מיסטיק, אין דער זעלבער צײַט געווען אַנטשידענע קעגנער פון באַטראַכטן די מיסטעריע ווי אַ וויכטיקן עלעמענט אין וועג פון יחיד און כּלל. עס איז אוממעגלעך געווען זיך פונאַנדערצוקלייבן אין אַ סך פון די שיטות און באַוועגונגען, וואָס האָבן זיך אַנט־וויקלט צווישן מזרח־אייראָפּעאישן ייִדנטום. עס האָט אויסגעקוקט, ווי זיי וואָלטן לכתּחילה געבויט געוואָרן אויף סתּירות. מען האָט זיך אָנגעטראָפן אויף ווידער־שפּרוכן בײַ די בויער פון דער רעליגיעזער קולטור, און אויך בײַ די באַגרינדער פון דער וועלטלעכער קולטור. מיט קעגנזאַצן איז געווען פּאַרזייט דאָס לעבן, און אויך די ליטעראַטור. ניין. דעם מזרח־אייראָפּעאישן ייִד האָבן נישט אָפּגעשראָקן די אומגלײַכקייטן, וואָס ווימלען און שווימלען אין קהלת. גראָד צוליב דעם האָט מען גאָרנישט זיך געקענט אָפּרײַסן פון ספר. זיבן און זעכציק מאָל האָט, ווי געזאָגט, י. ל. פּרץ — אַליין פול מיט שאַרפע און שרייענדיקע סתּירות, אַליין צווישן עקסטרעמען פון אידייען און איבערצײַגונגען — איבערגעאַרבעט זײַן איבער־זעצונג פון קהלת...

שוין ניט רעדנדיק דערפון, אַז אידענטיש מיט די אויספירן, צו וועלכע עס איז לסוף, נאָך לאַנגע און שווערע גריבלענישן און אינערלעכע געראַנגלען געקומען קהלת, זענען געווען די אויספירן, וואָס צו זיי איז דערגאַנגען דער מזרח־אייראָפּע־אישער ייִד. קהלת האָט אָפּגעוואָרפן דעם ייִאוש; ער האָט באַוויזן זיך אויפצוהייבן איבער דעם פּעסימיזם און צווייפל; ער האָט אַוועקגעטריבן פון זיך די מעלאַנכאָליע און זיך אָפּגעשאָקלט פון די זלידנע מחשבות, וואָס האָבן אים געפּײַניקט. גענוי אַזוי האָט געטאָן דאָס מזרח־אייראָפּעאישע ייִדנטום. כוואַליעס פון גלויבן און פרייד האָבן געפּלייצט אין דאָזיקן פאַרחושכטן, פאַרדאַגהטן קיבוץ, אַזוי ווי אין קיין שום אַנדערן טייל פון אונזער פאָלק. התלהבותדיקע לעבנס־שׂמחה האָט געשפּרודלט אין דער חסידות־באַוועגונג, וואָס איז אויסגעוואַקסן אין אַ שרעקלעך־פאַראומערטער צײַט פאַרן ייִדישן כּלל. קוואַלן פון מוט און זיכערקייט האָבן געשטראָמט אין די מאָדערנע גײַסטיקע און סאָציאַלע באַוועגונגען, וואָס זענען אַנטשטאַנען אין תּקופות, וואָס האָבן געפּאָדערט דעציזיע. ייִדן, זײַט זיך נישט מייאש! — אין די פאַר־שידנסטע טענער איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען דער רוף, פון וועלכן עס האָט אַרויס־געשריגן דער געוואַלטיקער לעבנס־ווילן פון אַלע שיכטן פון דער געזעלשאַפט. אַ, מענטש, לאָז זיך נישט פאַרצערן פון דער פאַרצווייפלונג, זאָג דײַן "יאָ" צום לעבן, גאַרטל זיך אָן מיט דער פעסטער אַנטשלאָסנקייט, טראָג אַלץ און אַלעמען, אַרײַנצוברענגען אַביסל ליכט, זון און זין, אין טאָל פון טרערן! דאָס איז דאָך סוף־כּל־סוף די עצה, וואָס קהלת טיילט צו. דאָס איז די ווענדונג, מיט וועלכער ער פאַרמאַכט דאָס טיף־גראַבנדיקע ווערק פון זײַנע באַטראַכטונגען.

האָט מען אין די שטעט און שטעטלעך אין ייִדיש־מזרח־אייראָפּע געהאַלטן

פאַר זיך אָפּן דאָס פּעסעמיסטיש־אָפּטימיסטישע, פּאַראומערט־פרייִדיקע, מיט וואַקלע־נישן אַדורכגעדרונגענע און דערביי מיט אַנטשלאָסנקייט אָטעמענדיקע, ספר. מען האָט אין אים אַריינגעלייענט און אַריינגעלערנט; מען האָט דאָס ספר ציטירט און אויסגעזונגען. מען האָט זיך אין אים פאַרטיפט אין אָריגינאַל, און געגאַרט צו דערקענען אויף אַ מער צוטריטלעכן אופן. מען האָט קהלת איבערגעזעצט אויף ייִדיש אין די פאַרגאַנגענע יאָרהונדערטער, און אויך אין הייַנטיקן יאָרהונדערט. מען האָט אים איבערגעזעצט אין פּראָזע און אין פערזן; אין זייַן פולן אינהאַלט אָדער אויסגעקליבן פון אים קאַפּיטלען; וואָרט ביי וואָרט אָדער אַריינגעפלאָכטן פּירושים און דערקלערונגען. ווער אַלץ האָט זיך נישט אונטערגענומען אַריבער־צופירן קהלתן אויף ייִדיש־לשון! רבנים, מגידים, פילאָסאָפן, דיכטער, פּראָזאַאיקער, און אויך מענטשן פון פאָלק. אַלע שיכטן זענען רעפּרעזענטירט אין דער אינטע־לעקטועלער אונטערנעמונג, וואָס האָט, אין געוואַלטיקן גייַסטיקן אומרו פון יענעם ייִדישן קיבוץ, אָנגענומען דעם כאַראַקטער פון אַ רירנדיקן פאָלקס־פאַרמעסט.

ווי אַ באַווייַז פון דער אָנשטרענגונג אַרייַנצודרינגען אין די דינסטע ניואַנסן פון קהלת, און זיי אַרויסברענגען פאַרן ייִדיש־לייענער, לאָמיר אָנגעבן ווי אַזוי אייניקע פון די איבערזעצער — אייניקע פון אַ סך — האָבן, דורך דורות, אַריבער־געפלאָנצט דעם באַקאַנטן רעפריין פון אָט־דעם ספר: הבל הבלים, הכל הבל, מה יתרון לאדם בכל עמלו שיעמול תחת השמש (א, ב־ג).

אין טייַטש־חומש, וואָס זייַן מחבר איז געווען יעקב בן יצחק אַשכּנזי פון יאַנאָווע, אין אָנהייב פון זיבעצנטן יאָרהונדערט, זאָגט זיך אין די דאָזיקע פּסוקים אָט וואָס: אַלץ, וואָס איז באַשאַפן אין דער וועלט, און אַלץ, וואָס איז דאָ אין דער וועלט, איז אייטל, נאַרהייט. וואָסער לוין און ריווח קומט אַרויס פאַרן מענטש אויב ער לערנט נישט קיין תּורה, און טוט נישט קיין מצוות ? ! . . .

(כּדי צו מאַכן פאַרשטענדלעך אָט־די איבערזעצונג, און אויך עטלעכע ווייַטער־דיקע איבערזעצונגען, האָבן מיר אַרייַנגעפירט ענדערונגען אין דער אָרטאָגראַפיע און אין אייניקע אויסדרוקן).

ביי יקותיאל בליץ, אין זעלבן יאָרהונדערט, קלינגען די קהלת־פּראָזעס אָט אַזוי: נאַרהייט פון נאַרהייטן, עס איז אַלץ נאַרהייט; וואָס פאַר אַ געווינס האָט דער מענטש פון אַלע זייַנע אַרבעטן, וואָס ער אַרבעט אונטער דער זון . . .

אין דער קהלת־אויסגאַבע פון אליקום בן יעקב, אַ יאָרהונדערט שפּעטער, ווערט אַרייַנגעברענגט דער דאָזיקער אויסטייַטש: נאַרהייט נאַרהייטן, וואָסער געווינס האָט דער מענטש פון זייַן מידיקייט, וואָס ער טוט, אַנשטאָט דער תּורה, וואָס איז געגליכן צו דער זון . . .

גדליהו טייקי, אַ פּאָר צענדליק יאָר שפּעטער, וויל גלייַכער אַרויסברענגען

דעם פּשט: אייטלהייט, אייטלהייטן, אַלץ איז אייטלהייט. וואָס קומט אַרויס דעם מענטש פון זײַן אַרבעט, וואָס ער אַרבעט אונטער דער זון...

אין גאָר אַ פאַרקערטער ריכטונג לאָזט זיך אָוועק אַן איבערזעצער אין ווילנע אין פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט. ניין, גאָרנישט איז, לויט אים, איינפאַך און פּשוט אין קהלת, אַזוי ווי דאָס קען זיך אויסדאַכטן. אָט דאָס איז קהלת אויסן צו זאָגן: אַלע זאַכן זענען נישט. אפילו די בעסטע זאַכן, וואָס זענען נאָר דאָ אויף דער וועלט, זענען אַלץ נישט. וואָס פאַר אַ גוטס קומט אַרויס צום מענטש אין אַלע זײַנע מידקייטן, וואָס ער מיט זיך אויף דער וועלט, וואָס איז אונטער דער זון. נישט מער, מען דאַרף זיך מיִען אין תּורה און מעשׂים טובים. מען זעט דאָך ווי די וועלט פירט זיך. מען זעט דאָך דעם סוף פון די רשעים, וואָס זאַמלען איין געלט מיט גזילה...

אין דער איבערזעצונג פון מנחם מענדל לעפין פון סאַטאַנאָוו לייענען מיר: הבל הבלים, אַלצדינג איז הבל. וואָס קומט דעם מענטשן אַרויס מיט אַלע זיינער האָרעוואַניע, וואָס ער דערהאָרעוועט זיך נאָר אונטער דער זון...

אָבער אריה לייב בראַנדעס פון לעמבערג קלייבט בעסער אויס אַזוי צו דערקלערן, וואָס קהלת איז אויסן צו זאָגן: איין נאַרישקייט ברענגט פיל נאַריש־קייטן. הייבסטו אָן צו טאָן עבירות, ווערסטו שוין אַלע מאָל טיפער קומען אין עבירות, דערנאָך וועט שוין אַלץ בײַ דיר זײַן לויטער נאַרישע עבירות. דען אַזוי איז דאָך, וויבאַלד דער מענטש זינדיקט עטלעכע מאָל, ווערט ער שוין דערמיט געוואוינט, און עס שײַנט אים, אַז ער טוט גאַנץ רעכט...

אין דער מאָדערנער יִדישער ליטעראַטור באַקומען די קהלת־פערזן נײַעם קלאַנג, און נעמען אָפּטמאָל אָן אַ נײַע צורה. אָט ווי זיי גייען בײַ י. ל. פּרץ: ״אייטל נישטיקייט, אַלץ איז נישטיק, נישט! דען וואָס־פאַר־אַ גוטס דערווישט, און וואָס האָט דער מענטש דערפון, וואָס ער מיט זיך אונטער דער זון?״... אומצופרידן, ווײַזט אויס מיטן דאָזיקן נוסח, האָט י. ל. פּרץ אויך אויף אַן אַנדערן אופן געוואָלט אַריבערטראָגן דעם לייענער צו דער אידייען־וועלט פון קהלת: ״דום, דום, אַלץ אַרום איז אייטל נישטיקייט, נאָר פאַרגענגלעכקייט. מיט זיך דער מענטש אונטער דער זון — וואָס האָט ער דערפון?״...

צום אָריגינעלן טעקסט פּרוּווט זיך דערנענטערן נפתּלי גראָס: ״נישטיקייט פון נישטיקייטן, אַלץ איז נישטיקייט. וואָס קומט אַרויס דעם מענטשן מיט זײַן גאַנצער מי, וואָס ער טוט זיך מיִען אונטער דער זון?״...

געטרײַ צו זײַן שיטה וואָס געטרײַער אַרויסצוברענגען אין יִדיש דאָס וואָרט פון תּנ״ך, בלײַבט אויך יהואש אין זײַן קהלת־פאַריִדישונג: ״נישטיקייט פון נישטיקייטן, אַלץ איז נישטיקייט. וואָס פאַר אַ נוץ האָט דער מענטש פון זײַן גאַנצער מי, וואָס ער מיט זיך אונטער דער זון?״...

אַרײַנפירן אַ פאַלקסטימלעכן טאָן אין דער פילאָסאָפיע פון קהלת איז, אַן שום

ספק, געווען די שטרעבונג פון הרב יהודה לייב זלאָטניק, איבערזעצנדיק אַט אַזוי די פּסוקים: ״בישטיק און נאַריש, אַלץ איז נאַריש! וואָס מישטיינס־געזאָגט, האָט דער מענטש פון זייַן גאַנצער פּראַצע און האָרעוואַניע, וואָס ער פּראַצעוועט און האָרעוועט זייַנע גאַנצע פֿאַר יאָר, נעבעך?״...

דאָס ספּעציפֿישע לשון פון שלום עליכם שפּרודלט, נאַטירלעך, אַרויס אויך פון זייַנע קהלת־פּראָזעס. בלאָטע שבבלאָטע — שרייַבט שלום עליכם — ס׳איז אַלצדינג בלאָטע, אַ נעכטיקער טאָג. וואָס קומט אַרויס דעם מענטשן פון זייַן גאַנצן טאַראַראַם, וואָס ער שלאָגט זיך קאָפּ אין וואַנט? אין זייַן גאַנצער מאַטערניש, יוואָס ער מאַטערט זיך אונטער דער זון?...

אין דער מזרח־אייראָפּעאישער ייִדישער וועלט, וואָס איז פֿאַרשניטן געוואָרן, איז קהלת געווען אַן אייגענער מענטש, אַ נאָענטע און היימישע געשטאַלט. מען האָט זיך מיט אים אויסגעשמועסט, אויסגעטענהט. מען האָט מיט אים, האָנט בייַ האַנט, געשפּאַנט אויף די וועגן און שטעגן פון לעבן. צוזאַמען האָט מען געשפּרייזט איבער שטיינער און שטרויכלונגען, צוזאַמען אַדורכגעמאַכט אַנטוישונגען, און אויך צוזאַמען אָנגעצונדן פונקען פון האָפענונג און זיכערקייט.

און עס האָט גאָרנישט געקענט אויסקומען אַנדערש, ווי נאָר אַז ייִדיש האָט ער גערעדט, קהלת. וואָרום אין וועלכן אַנדערן לשון קען מען נאָך אַזוי אויסדריקן, וואָס די נשמה לעבט איבער, ווען עס איז איר קאַלאַמוטנע, און וואָס דאָס האַרץ מאַכט אַדורך, ווען עס נעמט זיך באַוועגן מיטן ציטער פון גלויבן און פרייד?

# קהלת אין ייִדישן שטעטל

אַ קליין ספֿרל פֿון תּנ״ך איז קהלת. בסך־הכּל באַשטייט עס פֿון צוועלף קאַפּיטלען. אָבער זינט דער ספֿר איז אָנגעשריבן געוואָרן, ליפֿערט ער גרויסע און האַרבע פּראָבלעמען. שאַרפֿע סתּירות שרייען פֿון אים אַרויס. שוין אין די תּלמודישע צײַטן האָט מען זיך אָפּגעגעבן אַ רעכענונג פֿון זיי. עס זענען דעריבער אויס־געדריקט געוואָרן מיינונגען, אַז עס וואָלט בכלל גלײַכער געווען נישט אַרײַנצו־נעמען קהלת צווישן די תּנ״ך־ספֿרים. אמת: דערצו איז עס נישט געקומען, אָבער נישט צוליב דעם האָבן די סתּירות אויפֿגעהערט פֿאַראינטריגירן און אַרויסרופֿן שטוינונג.

ווי מערקווירדיק דאָס זאָל נישט אויסקומען, עס איז נישט געווען קיין דור, אין וועלכן מען האָט נישט דעבאַטירט — ממש זיך געאַמפּערט — איבער קהלת. צו־שאַרף זענען געווען די ווידערשפּרוכן, אַז זיי זאָלן נישט אָנרעגן צו אַ פֿאַר־שידענער אײַנשטעלונג און קעגנגעזעצטן צוגאַנג. אָט ווערט געזאָגט אין קהלת, אַז אַלצדינג, טאַקע אַלצדינג, איז נישטיק און אָן באַדײַט, הכּל הבל — אָדער ווי דאָס ווערט אויסגעדריקט אין דער איבערזעצונג פֿון שלום־עליכם ״אַלץ איז בלאָטע שבבלאָטע״ — אָדער אין דער פֿאַרייִדישונג פֿון דוד פֿרישמאַן ״אַלץ איז נאַרישקייט איבער אַלע נאַרישקייטן״, ס׳איז גאַרנישט כּדאַי געבוירן צו ווערן און צו לעבן אויף דער דאָזיקער ערד. אָבער אָט ווערט פֿאַרזיכערט, אַז דאָס לעבן איז פֿאַרט שיין, רײַצנדיק און מלא חן. דאָס בלויזע קוקן אין דער זון, וואָס שײַנט, איז אַ פֿאַרגעניגן, דערקוויקנדיק פֿאַרן אויג, און אַ פֿרייד פֿאַרן האַרץ.

אָט ווערט דערקלערט, אַז עס איז נישטאָ בעצם גאַרנישט אין דער נאַטור, וואָס איז נײַ, ס׳זענען נישטאָ קיין נײַע זאַכן און דערשײַנונגען. דאָס וואָס איז געווען, דאָס וועט זײַן, דור הולך ודור בא, אַ דור קומט און אַ דור פֿאַרגייט; נישטאָ קיין זין אין דער מי און אָנשטרענגונג, וואָס מיר מאַכן, נישטאָ קיין זין אין דעם זיך־דרייענדיקן ראָד פֿון די פּאַסירונגען. נאָר אָט ווערט געגעבן די עצה נישט אַרײַנצופֿאַלן אין אומעט, און אַוודאי נישט אין ייִאוש, וואָרום אין דער מכלומרשט־אינהאַלטלאָזער באַוועגונג פֿון די געשעענישן איז גראָד יאָ דאָ אינהאַלט, און עס איז פֿאַראַן כּוונה, הגם זיי אַנטפּלעקן זיך נישט גלײַך פֿאַר אונזער אויג.

אָט עפּנט פֿאַר אונז דער ספר די קוואַלן פֿון פֿאַרשטאַנד, און איז אויסן אונז צו באַווייַזן, אַז אונזער וועלטל איז — דורך די שווערע עוולות, וואָס ווערן דאָ אָפּגעטאָן פֿון מענטש צו מענטש — אַ טאָל פֿון טרערן; מיט אומרעכט זענען אַדורכגעדרונגען די אינסטיטוציעס; דער שוואַכער ווערט אונטערגעדריקט און באַרויבט אָן וועלכן־עס־איז אייַנזען; נישטאָ קיין רחמנות, קיין גערעכטיקייט, קיין משפּט, די רשעות גייט אַרום מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ און פֿאַרשייַטער חוצפּה; און אָט ווערן אָנגעוואָנדן אַלערליי אַרגומענטן אַרייַנצוברענגען אין אונז דעם גלויבן, אַז דער טאָג פֿון אָפּצאָל קעגן די רשעים איז נאָענט, אויף די געמיינע און נידערטרעכטיקע וועט אַראָפּפֿאַלן די פֿאַרדינטע שטראָף. וואָרום די וועלט איז ווייַט נישט הפקר, אָדער ווי דאָס קלינגט בייַ י. ל. פּרץ: "מיין נישט, די וועלט איז אַ קרעטשמע"...

מען קען גאָרנישט אָפּציילן די פּירושים, וועלכע זענען אָנגעשריבן געוואָרן אויפֿן דאָזיקן ספר. תּנ"ך־קענער, לומדים, ערודיטן, פֿילאָסאָפֿן און סתּם אַזוינע, וואָס זענען געוואָרן אָנגערעגט און אינספּירירט צו דערקלערן די קעגנזאַצן, האָבן זיך באַמיט אָנצוצייכענען סטעזשקעס אין די לאַבירינטן פֿון דער קהלת־מחשבה. דער ערודיט אברהם אבן עזרא, וועלכער האָט געלעבט אין שפּאַניע אין דער מיטלאַלטער־תּקופֿה, האָט זיך אונטערגענומען אייַנצופֿירן אַ סדר אין די סתּירות, מיט וועלכע עס פּרוכפּערט דער ספר און זיי אָנגעבן אייגנע נאָך דער אַנדערער.

ער האָט בלויז אָנגעפּאַנגען די רשימה, אָבער ער האָט זי נישט פֿאַרענדיקט. ווי ער וואָלט געזאָגט: וואָס איז דאָ פֿאַראַן לאַנג צו ברייַען? ס'איז גענוג צו וואַרפֿן אַ בליק אינעווייניק, און מען קען זיי פּשוט אָנשאַרן, אַזוי גרויס איז זייער צאָל!... פֿאַר היינריך הייַנע איז קהלת דער שיר־השירים פֿון סקעפּטיציזם. דאָ צווייפֿלט מען אַפֿילו אין צווייפֿל גופֿא. אויך אויף די ספֿיקות פֿאַלן ספֿיקות. ווידער אויב מען רעכנט, אַז מען קען זיך עטוואָס דערוויסן און באַגרייַפֿן דורך דעם וואָס מען פֿאַרטיפֿט זיך אין וויסן, איז דאָס אַן אילוזיע, אַ פּוסטע אייַנרעדעניש. דאָס איינציקע, וואָס מען שאַפֿט זיך איין, גראָבנדיק אין פֿאָרשן און וויסן, איז קרענקע־ניש און ערגערניש. אָבער דאָס, וואָס איבעררּאַשט איז, אַז נאָך אַזאַ בייַסיקער קריטיק פֿון יעדער מענטשלעכער טעטיקייט און פֿון יעדער אַקטיווקייט, קומט דער רוף יאָ צו טאָן, יאָ צו זייַן טעטיק, "צו זייען און פֿלאַנצן", אַרבעטן און בויען...

אין אַלע יִדישע גייַסטיקע צענטערס, אין די יאָרטויזנטער פֿון אונזער פֿאָלקס־עקזיסטענץ, האָט די קהלת־פֿילאָסאָפֿיע געוועקט צו קאָמענטאַרן. זי האָט צוגעצויגן און גלייַכצייַטיק דערווייַטערט. עס זענען געווען אַזוינע, וועלכע האָבן זי פֿאַרגליכן צו דער אין טונקלקייט פֿאַרזונקענער פֿילאָסאָפֿיע פֿון הערַאקליט, דער סתּירות־פֿולער דענקער פֿון אַלטערטימלעכן גריכנלאַנד. אָבער גראָד נחמן קראָכמאַל, וועלכער האָט אַרייַנגעטראָגן געוואָגטע באַגריפֿן אין פֿעלד פֿון דער יִדישער

קולטור, האָט אָפּגעוואָרפן די דאָזיקע הנחה. נישטאָ קיין ענלעכקייט צווישן קהלת און דעם דאָזיקן גריכישן נעגאַטיוון בליק אויף וועלט און לעבן.

וואָס אַמאָל שטאַרקער איז מען געוווען געניי̈גט צו דענקען אין די אויס־טײַטשונגען פון קהלתן און פון זײַן מחשבה, אַז אָט־דאָס ספרל איז אין תּוך אַן אָפּשפּיגלונג פון די פּאַרבײַלויפיקע געמיט־צושטאַנדן, אין וועלכע דער מענטש פאַלט אַרײַן. קהלת איז נישט געקומען אָפּצופּסקענען זאַכן און אַרויסזאָגן אָנט־שלאָסענע מיינונגען. ער האָט בלויז באַגערט אַרויסצוברענגען שטימונגען; און די מענטשלעכע שטימונג טוישט זיך. אָט זענען מיר לוסטיק און פריילעך; און אָט ווערן מיר באַהערשט פון מעלאַנכאָליע. אָפּילו אין די אָפּטימיסטן גנבענען זיך אַרײַן זלידנע מחשבות. וויכטיק און אַנטשיידנדיק איז, וואָס קהלת פּאַרענדיקט פּאָרט זײַן מעדיטאַציע פון צווייפל מיט אַ „יאָ" צו דעם זין פון מענטשלעכן זײַן. דער סוף־פּסוק, דער עפּילאָג פון ספר, האָט דעצידירט, אַז עס זאָל אײַנגעשלאָסן ווערן אין תּנ"ך. נאָך אַלע פּראַגעס און ביטערע קשיות איז אין קהלת גובר דער פּאָזיטיווער, גלויביקער בליק. די העלקייט שלאָגט זיך אַדורך דורך די אַנגעקליבענע געדיכטע וואָלקנס; דער צוגאַנג, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער אויטענטישער ייִדישער השקפה.

דאָס מיינט אָבער נישט צו זאָגן, אַז דער ענטפער האָט אַלעמען באַפרידיקט. מען האָט אָנגעוויזן, אַז דער טאָן וואָס הייבט זיך אַרויס, איז אין ספרל דער, וואָס יאָגט אָן ספיקות און טיפן אומעט; און סוף־כּל־סוף איז דער טאָן, וואָס מאַכט די מוזיק.

די פּראָבלעמען, וועלכע קהלת רוקט אָן, זענען נאָך שטאַרקער געשטיגן, ווען מען האָט זיך אַרײַנגעטאָן אין גריבלערײַען מכּוח דער פּערזאָן פון מחבר. ווער איז ער געוווען, אָט דער אייגנאַרטיקער ייִדישער פילאָסאָף פון אַלטערטום? פון טעקסט גופא לאָזט זיך טאַקע זען, אַז דאָס איז געוווען שלמה המלך, און אַז ער האָט צוגעקליבן פאַר זיך דעם נאָמען „קהלת", ווײַל ער האָט צונויפגעזאַמלט דאָס פאָלק, כּדי עס זאָל זיך צוהערן צו זײַנע רייד. „קהלת", ציט זײַנע וואָרצלען פון „קהל", וואָס באַדײַט: צונויפזאַמל, אַזוי איז אָנגעגעבן גלײַך אין אָנהייב: „די רייד פון קהלת, דער זון פון דוד, דער קעניג פון ירושלים".

אָבער ווידער האָט אַזאַ דערקלערונג נישט אַלעמען צופרידנגעשטעלט. די ספיקות, די פּראַגעצייכנס, מיט וועלכע דאָס ספר איז איבערגעפּולט, האָבן זיך אַריבערגעטראָגן צום מחבר און צו זײַן פּערזענלעכקייט.

אויך דער נוסח, די פאָרם, וואָס אין איר איז דאָס ספר געשריבן, האָט נישט געלאָזט צו רו דור נאָך דור. קהלת דערציילט זײַנע אייגענע איבערלעבונגען. ער שמועסט זיך אויס מיט זיך אַליין. אויב אין ספר „משלי", וואָס ווערט אויך צוגעשריבן צו שלמה המלך, ווערן אָנגעוואָרפן אַפאָריזמען, אָביעקטיווע באַ־מערקונגען, און זיי פאַרוואַנדלען זיך צײַטנווײַז אין אַ דיאַלאָג, איז קהלת פון

אָנהייב ביזן סוף אַ מאָנאָלאָג. שלמה המלך וויקלט אויף זײַנע דערפֿאַרונגען, זײַנע דערגרייכונגען און דורכפֿאַלן, זײַנע דערוואַרטונגען און אַנטוישונגען, זײַן גײַעג צו געפֿינען "די חכמה פֿון לעבן", און די רעזולטאַטן פֿון דאָזיקן גײַעג; דאַכט זיך, אַן אויסגעשפּראָכן־אינדיווידואַליסטישער צוגאַנג. אָבער אין דאָזיקן אינדיווידואַליסטישן נוסח רײַסט זיך גראָד אַרײַן דער סאָציאַלער מאָטיוו. ער איז עלנט און אַליין; אָבער אינטים, אין זײַן נשמה, ווייסט ער און פֿילט, אַז זײַן אין צווייען איז בעסער ווי צו זײַן אַליין, און אַז אין אַלייניקן שפּאַנען פֿעלט וואַרעמקייט, פֿעלט די נאָענטקייט, וואָס אין איר נויטיקן זיך מיר, מענטשן... קהלת האָט געלאָקט דעם נײַגער; און דערמיט דערקלערט זיך, וואָס אַ רײי שעפֿערישע פּערזענלעכקייטן אין אונזער געשיכטע האָבן זיך אַליין אָדער זייערע חיבורים אָנגערופֿן "בן קהלת". דאָס מיינט צו זאָגן: מיר באַוועגן זיך אין דעם מחשבה־קרײַז פֿון אָט־דעם מערקווירדיקן מענטש און דענקער. מיר זענען פּראָדוקטן פֿון זײַן אומרואיקן גײַסט, צוזאַמען מיט אים באַגערן מיר צו דערגרייכן אַ ברעג, אויב עס איז בכלל מעגלעך צו אים זיך צו דערנענטערן.

עס איז ווײַט נישט איבערגעטריבן צו באַשטימען, אַז צו פֿאָלקס־פּאָפּולערקייט איז בעיקר קהלת דערגאַנגען אין די מזרח־אייראָפּעאישע ייִדישע ישובים. מען האָט צום ספֿרל געשריבן פּירושים צווישן די פֿאַרשידנסטע שיכטן פֿון דער געזעלשאַפֿט. מען איז צוערשט געווען באַנומען, עפּענענדיק דאָס ספֿר, מיט אומזיכערקייט, אָבער ביסלעכווײַז איז די מויער אײַנגעפֿאַלן, און מען האָט זיך געשפּירט צונויפֿגעוואַקסן מיט קהלתן. אייגנטלעך האָט אָט־די קאָמפּליצירטע באַציאונג אָפּגעשפּיגלט אין זײַנע ווערטער שמואל דוד לוצאַטו (שד״ל). דער איטאַליענישער ייִדישער דענקער און ערודיט, וועלכער איז געווען אַדורכגעזאַפּט מיט דער מזרח־אייראָפּעאישער ייִדישער קולטור און באַגריפֿן. ער דערציילט, אַז ווען ער איז אַלט געווען צוואַנציק יאָר, איז ער פֿון קהלתן נישט פֿאַרבליבן באַגײַסטערט, און ער האָט קעגן זײַן אינהאַלט אויסגעמאָסטן אַ שאַרפֿע קריטיק. ווער האָט עס אַרײַנגעבערענגט אַזאַ סקעפּטישן טאָן אין אונזער גײַסטיקער קולטור? האָט ער געפֿרעגט. וואָס איז דאָס נויטיק געווען?... אָבער ווען ער איז עלטער געוואָרן מיט פֿערציק יאָר, האָט ער זיך געקלאַפּט אין האַרץ און דערקלערט, אַז פֿון אַלע ספֿרים און ביכער, וואָס ער האָט אין זײַן לעבן געלערנט און געלייענט, האָט אים קיין שום ווערק נישט געבערענגט אַזוי פֿיל נוצן, ווי דאָס ספֿר קהלת. דאָ האָט ער געלערנט נישט צו זײַן אייבזײַטיק, אַרײַנצודרינגען אין תּוך פֿון די זאַכן, נישט פֿאַרשיכורט צו ווערן פֿון דערפֿאָלגן, און נישט צו פֿאַרצווייפֿלען פֿון דורכפֿאַלן. דאָ האָט ער זיך אויסגעלערנט "נישט יאָגן זיך נאָכן ווינט", נאָר זוכן די אויטענטישע ווערטן אין לעבן. דווקא קהלת איז געווען איינער פֿון די קלוגסטע לערער בײַ ייִדן. די צרה איז נאָר, וואָס מען ווייסט נישט געננוג, ווי אַזוי אים אָפּצושאַצן...

מיטן אויפקום פון ייִדיש, און מיט דעם שטײַגנדיקן ווילן, אַז אויך די, וועמען עס איז שווער צו צעקײַען דאָס ספרל אין העברעאישן אָריגינאַל, זאָלן באַגרײַפֿן, וואָס אין אים שטייט געשריבן, זענען געמאַכט געוואָרן איבערזעצונגען אויף מאַמע־לשון. זיי זענען אַרײַנגעגאַנגען אין מחזור, אין טײַטש־חומש, און אַרײַנגעשפּרײַזט אויך אין דער קינסטלערישער ייִדישער ליטעראַטור. די פֿירנדיקע געשטאַלטן צווישן די שעפֿער פֿון דער מאָדערנער ייִדישער ליטעראַטור געפֿינען זיך צווישן די איבערזעצער. מי און האָרעוואַניע, אחריות און טאַלאַנט, זענען אַרײַנגעלייגט געוואָרן, כּדי איבערצוגעבן פֿאַרן ייִדיש־לייענער די מחשבות פֿון קהלת. דאָס ערשטע אָרט פֿאַרנעמט צווישן זיי בלי ספק י. ל. פּרץ. ווי ש. אַנסקי און אַלטער קאַציזנע, אײַנגייער בײַ י. ל. פּרץ אין וואַרשע אין לעצטן פּעריאָד פֿון זײַן לעבן, גיבן איבער, איז פּרץ דעמאָלט מיט האַרץ און נשמה געווען אַרײַנגעטאָן אין קהלת און אין דער איבערזעצונג פֿון ספֿר. צענדליקער און צענדליקער מאָל האָט ער איבערגעאַרבעט די איבערזעצונג. ער האָט ממש אַדורכגעלעבט די דינסטע און פֿײַנסטע ניואַנסן פֿון די פּערזן.

דאָס, וואָס מען האָט אין דער ייִדישער טראַדיציע אײַנגעשטעלט צו לייענען קהלת אין די שולן אין סוכּות, האָט נאָך שטאַרקער באַוואויגן צו פֿאַרטיפֿן זיך אין דעם, וואָס דאָרט ווערט געזאָגט. דאָס האָט אַרויסגעהויבן פֿרישע קשיות: פֿאַרוואָס גראָד סוכּות? וואָסער שײַכות איז פֿאַראַן צווישן יום טוב סוכּות און די פֿילאָסאָפֿישע באַטראַכטונגען פֿון שלמה המלך? מען האָט געזאָגט, אַז דאָס דערקלערט זיך דערמיט, ווײַל אין די אַלטע צײַטן האָבן ייִדן אין ארץ־ישׂראל בעיקר זיך באַשעפֿטיקט מיט אַגריקולטור; און אין סוכּות, נאָכן צונויפֿקלייבן די תּבֿואה, און מיטן אָנקומען פֿון האַרבסט, האָט געקלעקט צײַט צו עפֿענען דאָס ספֿר און גראָבן אין דער טיפֿקייט פֿון זײַנע געדאַנקען. אָבער ווי אַלע איבעריקע דערקלערונגען און אויפֿקלערונגען בנוגע אַנדערע טעמעס, וואָס זענען פֿאַרבונדן מיט קהלת, האָט אויך אָט־די דערקלערונג נישט אַלעמען צופֿרידנגעשטעלט. מ'האָט צוגעגעבן די פֿראַגע: וואָסערע איז בכלל געווען די כּוונה אַרײַנצורעכענען די קהלת־גריבלערײַען צווישן די מגילות, וועלכע זענען אַ באַשטאַנדטייל פֿון יום־טובֿ־צערעמאָניעס?...
רמזים און כּוונות זענען געבוירן געוואָרן, געשיכטלעכע, מיסטישע.

עס קומט אויס, ווי די פּראָבלעמען, וואָס האָבן זיך פֿאַרוויקלט אַרום קהלת, האָבן גאָרנישט בדעה זיך אויפֿצוּוויקלען. צו די פּראָבלעמען, וואָס אָט־דאָס ספֿר רוקט אָן, נעמט גאָרנישט קיין עק.

די, וועלכע האָבן געלעבט אין ייִדיש־פּוילן ביז צום אויסברוך פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה, געדענקען נאָך זייער גוט, ווי אַזוי די טעג פֿון חול־המועד־סוכּות זענען דאָרט אויסגענוצט געוואָרן, נישט בלויז כּדי צו מאַכן אין זיי באַזוכן בײַ קרובים און פֿרײַנט, „פֿאָרן צוגאַסט צו משפּחה", און דאָס גלײַכן, נאָר זענען

אָפּגעגעבן געוואָרן אויך פאַר באַרייכערן זיך מיט וויסן און אַנטוויקלען די נייגונג צו מחשבה. דאָס זענען געווען די טעג, ווען מגידים פלעגן אַרומפאָרן מיט דרשות, לעקטאָרן מיט רעפעראַטן, איבער די פּראָווינץ־שטעטלעך, און ברענגען זייער וואָרט צו די וויסן־דאָרשטיקע מאַסן. די טעמעס, וועלכע זענען באַהאַנדלט געוואָרן האָבן על פּי רוב געהאַט צו טאָן מיט סוכּות; און קהלת, די מגילה, וואָס מען לייענט סוכּות, איז געווען צווישן זיי. ווער עס האָט אויפגעמישט פון דער אַלטער טראַדיציאָנעלער ליטעראַטור דעם מדרש־קהלת און ענלעכע ספרים; און ווער עס האָט געעפנט די שאַפונגען אין דער מאָדערנער העברעאישער און יידישער ליטעראַטור, וואו קהלת איז דערשינען אין די פאַרשונגען און שילדערונגען.

איינער פון די טאַלאַנטפולסטע פּאָעטן אין דעם השׂכּלה־פּעריאָד, מיכה יוסף לעבענזאָן, האָט איבער קהלתן אָנגעשריבן אַ פּאָעמע, וואָס איז נאָך ווייט נישט פאַרעלטערט. דאָרט ווערט געשילדערט, ווי שלמה המלך, אין זיין גרויס־אַרטיקן פּאַלאַץ, אויף דער עלטער, אַ גרייז־גרויער, איינגעבויגענער, פיזיש־איינגעבראָכענער, ברענגט אַרויף אין זיין זכּרון די דראַמאַטישע פּאַסירונגען, וועלכע ער האָט אַדורכגעמאַכט אין זיין לעבן. דער גרויסער פאַרן טראָן. לסוף: דער שלום, וואָס האָט זיך איינגעשטעלט אין דער יידישער מדינה אין אַלע יאָרן פון זיין קעניגרייך. די שאַפונג פון העברעאישן דיכטער פאַרוואַנדלט זיך אין אַ הימן פאַרן שלום. נישט אַלץ, פאַרשטייט דער קעניג, איז געווען אידעאַל אין זיין תּקופה. דאָס בויען פון בית־המקדש האָט געעפנט די טויערן פון לאַנד פאַר אַרבעטער פון דער פרעמד. אָבער דער פרידן, דאָס איז דאָך דער ביישפּיל, וואָס ער לאָזט איבער פאַר די קומענדיקע דורות; דער שלום. און נאָך עטוואָס: דער דאָרשט צו פאַרשאַפן זיך חכמה, פאַרשטאַנד; וויסן, באַגרייפן, דערגרונטעווען די דערשיינונגען. די פּסוקים פון קהלת נעמען אָן אַקטועלן באַדייט. פראַגעס, וואָס האָבן דעם קעניג געעקבערט אַלע יאָרן, נעמען אָן, אין אונטערגאַנג פון זיין לעבן, אימפּעט און דראַנג. נאָך עפּעס שטרעבט ער צו דערגרייכן, עס ווערט צו שפּעט.

אויך דאָס, וואָס פאַרשער האָבן צוגעגעבן צו דער קהלת־געשטאַלט און קהלת־חיבור, האָט אָפּגעקלונגען אין די שטעט און שטעטלעך. פאַרגלייכן זענען אין זייערע ווערק אַדורכגעפירט געוואָרן צווישן דער פילאָסאָפישער ליטעראַטור פון די אַלטערטום־פעלקער און דער שיטה פון קהלת. ווער אויף וועמען האָט איבערגעלאָזט אַן השפּעה? דער אָביעקטיווער אַנאַליז האָט אויפגעוויזן, אַז קהלת איז אַן אָריגינעלע יידישע שאַפונג. מיט אַלע רעמיניסצענצן, וואָס קענען זיך אָנרוקן, און כּלערליי אַסאָציאַציעס מיטן געדאַנקען־גאַנג פון די דענקער פון אַלטערטימלעכן עגיפּטן אָדער גריכנלאַנד, לאָזט זיך פאַרט נישט פאַרטושן די עכטקייט פון דער קהלת־מחשבה. עס איז אמת, אַז אין יענע ווייטע יאָרהונדערטער האָט שוין עקזיסטירט אין עגיפּטן, מיט וועמען שלמה המלך האָט אָנגעקניפּט ענגע פּאָליטישע אוןווירטשאַפטלעכע באַציאונגען, אַן אינטערעסאַנטע חכמה־ליטעראַטור, "שריפטן

און רעדעס״, ווי מען האָט דעמאָלט זיך אויסגעדריקט ״צום לערנען פון זיי״. דאָס זעלבע האָבן זיך געפונען אין בבל (מעסאָפּאָטאַמיע), אַפאָריזמען, משלים, אומגייענדיקע ווערטלעך. אָבער אין זיי טרעט אַרויס דער קאָנפליקט צווישן די מאָראַלישע פּרינציפּן און דער ניכטערער ״חכמה פון לעבן״. ביי קהלתן, אַפילו ווען פון אים רעדט אַרויס די סאַמע ניכטערקייט, איז פאַר אים די מאָראַל דער העכסטער פּרינציפּ. די ״טרער פון די באַרויבטע״ — דמעת העשוקים — רויבט זיין רו. טרייסט פאַר די עלנטע און באַוועלטע, פאַר די אָרעמע און פאַרפאָלגטע, שטייט ביי אים העכער ווי וועלכער עס איז פּערזענלעכער דערפאָלג. שפּאַנען איבער די אָראָפּגענידעריקטע, לייַדנדיקע מאַסן צו אַן עגאָאיסטישן ציל — אַן אַמביציע, וואָס ווערט פאַרהערלעכט פון פּרעה ביז מאַקיאַוועלי — ווערט מיט דער גאַנצער אַנטשיידנקייט אָפּגעוואָרפן דורך קהלת.

בעת איך שרייַב די דאָזיקע שורות, ליגט פאַר מיר אַ ליטעראַרישע זאַמלונג, וועלכע איז דערשינען אין יידיש לכבוד סוכּות אין יאָר 1912 (תרע״ב) אין וואַרשע. זי האָט טאַקע געטראָגן דעם נאָמען ״קהלת״, און איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דורך דער ״בוכהאַנדלונג צענטראַל״, ווי עס ווערט אַנגעגעבן אויפן שער־בלאַט. די נעמען פון די באַטייליקטע זענען שפּעטער שטאַרק פּאָפּולער געוואָרן אין אונזער גייַסטיקן שאַפן: מיכה יוסף בערדיטשעווסקי; שלום אַש; אברהם רייזען; דוד שמעונוביטש; ש. גאָרעליק; א. ריקליס; י. בערשאַדסקי. וועגן וואָס שרייַבן זיי? נישט דווקא וועגן קהלת. די מגילה, וואָס מען לייענט סוכּות, גיט די געלעגנהייט צו פאַרטיפן זיך אין פּראָגעס פון יידישן קיום און פון דער יידישער קולטור. בערדיטשעווסקי, וועלכער איז שוין דעמאָלט געווען אַנערקענט, ווי עס גיט אַן די רעדאַקציע, ווי ״אַ גייַסטרייַכער און באַרימטער שריפטשטעלער״ באַהאַנדלט די באַציאונג צו יידיש. ער שרייַבט: ״די לעצטע צייַט האָט זיך דער קורס פון דער יידישער שפּראַך אַביסל געהויבן. מענטשן, וואָס האָבן ביז אַצינד געהאַלטן יידיש פאַר אַן ערב־רב, און גאָרנישט פאַר אַ לשון, האָבן אָנגעהויבן צו טראַכטן, אַז דאָס איז פאָרט אַ שפּראַך... און איז שטאַרק צונויפגעוואַקסן מיט דער יידישער נשמה... יידיש רעדט דער המון, דאָס גאָרע פאָלק, און פאַר זיי מוז מען האָבן דרך־ארץ, און מען מוז אַרייַנזען אין זייער האַרץ, וואָס זיי טראָגן דאָרט... עס ליגט אין יידיש אַ שטיק פון דער יידישער נשמה״... מען וויל ביי אונז אָוועקנעמען יידיש לשון... אָבער יידיש ״צערודערט דאָך די נשמה, רייַסט אויף דאָס האַרץ, און עס ווייַנט זיך אַזוי גוט ווי ביי דער מאַמען אין פאַרטוך אַרייַן... ווי אַזוי וואָלט דאָס גאַנצע יידישקייט געקענט האָבן אַ קיום אָן דעם? און דאָס וויל מען ביי אונז אָוועקנעמען... זאָל דאָס טאַקע זייַן אמת? ניין, איך קאָן דאָס גאָרנישט גלייבן, ס׳זאָל טאַקע זייַן אַזוי; דאָס הייסט דאָך פּשוט נעמען אַ מעסער, און אונז איבערשנייַדן דעם האַלז״...

גאָטירלעך: דאָס זענען ווייַט נישט די רייד פון קהלת, אָבער דאָס איז זייַן

פֿאַרדינסט; ער שטויסט צו טראַכטן. שלום אַש גייט אויך אויפֿן זעלבן וועג. ער קומט אַרויס מיט זײַן קינסטלערישער באַאַרבעטונג פֿון אייניקע מעשׂהס פֿון תּלמוד. אברהם רייזען דערשײַנט מיט אַ דערציילונג פֿון יִדישן לעבן. ש. גאָרעליק שרײַבט וועגן האַרבסט און וועגן דער שטימונג, וואָס ער יאָגט אָן אין דער יִדישער נשמה. א. ריקליס (שפּעטער באַקאַנט געוואָרן אונטערן פּסעוודאָנים א. ס. ליריק) באַהאַנדלט פּראָבלעמען פֿון דער יִדישער ליטעראַטור. בקיצור: אַן איינמאָליקע סוכּות־אויס־גאָבע אונטערן נאָמען ״קהלת״, וואָס מיינט צו זאָגן, אַז דאָס אוראַלטע ספֿרל דאַרף וועקן דעם יִיד צו טראַכטן, צו פֿאַרטיפֿן זיך... אַזוי האָבן דורות נאָך דורות באַנומען די אויפֿגאַבע, וואָס קהלת דאַרף אויספֿולן אין יִדישן זײַן. אָן שום ספֿק האָבן מזרח־אייראָפּעאישע יִדן אַזוי פֿאַרשטאַנען. אַליין פֿול מיט סתּירות און קעגנזאַצן, אַליין צווישן די עקסטרעמען פֿון באַגריפֿן און געפֿילן, איז קהלת פֿאַר זיי אויסגעקומען צו זײַן אַ האַנט־ספֿר. איך האָב פֿאַר די אויגן די סוכּות־אויסגאַבע ״קהלת״ פֿון פֿאַר אַכציק יאָר, און איך טראַכט: בלויז אין מזרח־אייראָפּעאישן גײַסטיק־אומרואיקן, גײַסטיק־דאַרשטיקן יִדישן קיבוץ האָט אַזאַ אויסגאַבע געקענט דערשײַנען לכּבוד יום טוב!...

מען ווערט גאָרנישט מיד אַרײַנצוקוקן אין די קאַפּיטלען פֿון קהלת און אַרויסצושעפּן די פּערל, וואָס פֿינקלען אַרויס פֿון דאָזיקן אייגנאַרטיקן ספֿר. אין אונזער צײַט ווערן אויסגעשפּינט פֿרישע שיטות אַרום קהלת. מען וויל פֿאַרגלײַכן אים צו די עקזיסטענציאַליסטן־דענקער פֿון הײַנטיקן יאָרהונדערט: אַלבערט קאַמי, סעמועל בעקעט און זשאַן־פּאָל סאַרטר. מילא, פֿאַרגלײַכן קען מען מאַכן. אָבער זיי זענען נישט ריכטיק און ווײַט נישט געענוי. קהלת לאָזט טאַקע נישט אַראָפּ פֿון זײַן אויג די מאָטיוון וואָס זענען פֿאַרבונדן מיט דער מענטשלעכער עקזיסטענץ, און וואָס לייגן אַ חותם אויף אונזער לעבן און שטרעבן. אָבער ער גיט זיי נישט די אַנטשיידנדיקע ראָל. קהלת, בײַ אַלע ווידערשפּרוכן, וואָס ריידן אַרויס פֿון אים, פֿאַרזעט נישט, אַז בײַ דער גאַנצער זינלאָזיקייט פֿון די דערשײַנונגען, אויף וועלכע מיר טרעפֿן זיך אָן, איז דאָך פֿאַראַן אַ זין אין אונזער לעבן. איז דעריבער, ווי ער זאָגט אין זײַן בײַנטן קאַפּיטל: ״גיי עס מיט שׂמחה דײַן ברויט!״...

# די אײביקע פֿראַגע: וואָס איז חנוכּה?

אין ליטעראַטן־פֿאַראײן אין וואַרשע, אויף טלאָמאַצקע דרײַצן, אין די צוואַנציקער יאָרן, האָט הירש־דוד נאָמבערג, דער שאַרפֿזיניקער שרײַבער, דעבאַטירט איבער דעם זין פֿון יום־טובֿ חנוכּה. דאָס איז טאַקע געווען אין חנוכּה. אַ געדיכטער שניי איז געלעגן אויף די גאַסן. אין די ביינער האָט זיך אײַנגעגעסן אַ שטאַרקער פֿראָסט. אָבער דאָ, אין ליטעראַטן־פֿאַראײן, איז די שטימונג געווען אַ וואַרעמע, מען קען זאָגן: אַ צעוואַרעמטע.

ה. ד. נאָמבערג האָט צו יענער צײַט געהאַט זײַנע הייסע אָנהענגער אין קרײַז פֿון שרײַבער און צווישן די לייענער. מען האָט פֿאַרערט זײַן שאַרפֿזין, זײַן פּיקחות, די בליציקייט פֿון זײַן געדאַנק און דורכדרינגלעכקייט פֿון זײַן וואָרט. אָבער ער האָט אויך געהאַט אַנטשידענע קעגנער. זיי האָבן אים פֿאַרגעוואָרפֿן, אַז זײַן בליק אויף ייִדישע פֿראַגעס און פּראָבלעמען איז דורכאויס אַ סקעפּטישער, און אַז ייִדישקייט קומט בײַ אים אַרויס אָן יעדן שפּור פֿון גאַנצקייט און אָן יעדער אויסזיכט צו דערגרייכן ווען עס איז צו גאַנצקייט.

נאָמבערג איז דער מחבר פֿון אַ דערציילונג, וואו דער העלד, פֿליגעלמאַן, פֿאַרקערפּערט טאַקע די צעשפּאָלטנקייט פֿון ייִדישן מענטש, די צעשפּאָלטנקייט פֿון באַגריפֿן, פֿון סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע איבערצײַגונגען. אין יענער תּקופֿה פֿון שווערע דערפֿאַרונגען, ווען ייִדן אין מזרח־אייראָפּע האָבן אויסגעקוקט, אַז מען זאָל זיי אָריענטירן און אָנווײַזן אַ וועג און אַן אויסוועג, איז בײַ אַ סך געוואַקסן דער פֿאַרדרוס, פֿאַרוואָס אַזאַ קלאָרער מוח, מיט וועלכן עס איז באַשאָנקען נאָמבערג, מאַכט נישט די אָנשטרענגונג אַרויסצופֿירן דעם ייִדישן מענטש פֿון זײַן פֿאַרלוירנקייט. צווישן די וועלכע האָבן נאָמבערגן שאַרף קריטיקירט, האָט זיך געפֿונען דער דעמאָלט יונגער אהרן צייטלין.

אין דער דיסקוסיע, וואָס איז יענעם אָוונט אָנגעגאַנגען אין לאָקאַל, וואָס האָט געדינט ווי אַ צונויפֿטרעף־פּונקט פֿאַר ייִדישע אינטעלעקטואַלן און קינסטלער, האָט נאָמבערג זיך באַנוצט מיט חנוכּה ווי אַן אַרגומענט, כּדי צו באַווײַזן ווי גערעכט ער איז, בעת ער רוקט אַרויס אין פֿאָדערגרונט די ייִדישע גײַסטיקע און

אידעאישע צעשפּאָלטנקייט. אַדרבא, דערקלערט מיר — האָט ער אויסגערופן — זאָגט מיר, וואָס איז חנוכּה און צוליב וואָס צינדן מיר אָן די חנוכּה־ליכטלעך?... נישט מיר, אין אונזער דור, זענען די ערשטע — האָט ער צוגעגעבן — וועלכע שטעלן אָט די פראַגע. שוין אין תּלמוד איז זי אַרויסגערוקט געוואָרן. ווי אויס־טערליש, ווי מאָדנע! דער תּלמוד איז אַנטשטאַנען אין אַ תּקופה, ווען די פּאַסי־רונגען, וואָס האָבן דערפירט צו דער חנוכּה־פייערונג, זענען געווען נאָענט און פריש אין זכרון. און פּאָרט פרעגט דער תּלמוד מיט דער פולער ערנסטקייט, גלייך ווי דאָ וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן זאַכן, וואָס זענען פאַרלאָפן אין אַ זייער ווייטער פאַרגאַנגענהייט און פאָדערן אָן אויפקלערונג: "מאי חנוכּה?"... וואָס איז חנוכּה און וואָס לאָזט אונז דער יום־טוב צו הערן?...

נאָמבערג, דער עילוי און געוועזענער ישיבה־בחור פון שטעטל אַמשינאָוו אין קאָנגרעס־פּוילן, האָט אַפילו געדענקט אַנצוגעבן גענוי די שטעלע, וואו די גמרא שטעלט די דאָזיקע שאלה: מסכת שבת כ"א.

מען מוז מודה זיין, אַז אין יענער צעהיצטער דיסקוסיע איז נאָמבערגן געלונגען צו באַווייזן אַז נישט ווייניק קאַפּיטלען אין דער יידישער געשיכטלעכער דערפאַרונג זענען אויף אָן אמת קאָמפּליצירט, און דורות נאָך דורות פון אָנגעשטרענגטער דיאַלעקטיק און מחשבה זענען דאָך נישט מסוגל אַרויסצוברענגען אַן איינהייטלעכע, פון אַלעמען אָנגענומענע, אָפּשאַצונג.

דאַכט זיך: קיין שום פראַגע האָט זיך נישט באַדאַרפט אויפוועקן לגבי חנוכּה. אמת: דער יום־טוב חנוכּה ווערט נישט דערמאָנט אין תּנ"ך. דער תּנ"ך איז שוין געווען אָפּגעשלאָסן, ווען חנוכּה האָט זיך איינגעשטעלט אין דער יידישער טראַדיציע, אָבער עס זענען פאַרבליבן צוויי כראָניק־ספרים, וואָס דערציילן גאַנץ גענוי, ווי אַזוי דער יום־טוב איז אויפגעקומען — דאָס זענען די חשמונאים־ספרים. זיי געהערן, אין אונזערע גייסטיקע אוצרות, צו די ספרים חיצונים, צו די אַפּאָקריפן, דאָס הייסט, צו די שריפטן וועלכע זענען פאַרבליבן אויסער דעם פאַרהייליקטן תּנ"ך. אָבער דאָס פאַרמינערט ניט זייער געשיכטלעכן ווערט. זיי זענען געשריבן געוואָרן מעגלעך אין העברעאיש. בנוגע דעם ערשטן באַנד פון די חשמונאים־ספרים איז נישטאָ קיין ספק, אַז ער איז געשריבן געוואָרן אין העברעאיש. אָבער דער העברעאישער אָריגינאַל איז פאַרלוירן געגאַנגען, אויפגעהיטן האָט זיך די גריכישע איבערזעצונג.

אין די דאָזיקע כראָניק־דאָקומענטן, וואָס שטאַמען פון יענער צייט, ווען די חנוכּה־געשעענישן האָבן זיך אָפּגעשפּילט און וואָס זייערע מחברים זענען אומ־באַקאַנט, ווערט דערציילט, אַז נאָכדעם ווי די גריכישע ציוויליזאַציע האָט בעת דער הערשאַפט פון אַלעקסאַנדער פון מאַקעדאָניע (וועלכער ווערט אין אונזערע פאַרצייטישע קוועלן אָנגערופן אַלכּסנדר מוקדון) זיך פאַרשפּרייט איבער דער

וועלט פון אַלטערטום, איז זי אַרײַנגעדרונגען אויך קיין ארץ־ישׂראל. און דאָ, אין יִדישן לאַנד, איז זי מיט דער צײַט אויסגעוואַקסן ווי אַ דראָאונג פאַר דער גײַסטי־קער און פּאָליטישער זעלבשטענדיקייט פון אונזער פאָלק. די קעניגן פון דער גריכיש־סירישער אימפּעריע, וואָס אונטער זייער מאַכט איז אַרונטערגעפאַלן ארץ־ישׂראל, האָבן אונטערגעדריקט די לעצטע רעשטן פון אומאָפּהענגיקייט, און נישט באַגנוגנדיק זיך דערמיט, האָבן זיי געהאַט די אַמביציע אײַנצופירן צווישן ייִדן דעם גריכישן לעבנס־שטייגער, וועלכער איז דעמאָלט באַקאַנט געווען ווי דער העלעניסטישער לעבנס־שטייגער, און איז פּאַקטיש געווען אַ דעמאָראַליזירטע ירושה פון דער אַמאָליקער קלאַסישער קולטור פון דער דעמאָקראַטישער רעפּובליק פון אַטען. ס׳זענען דערשינען פאַרבאָטן קעגן אָפּהיטן דעם ייִדישן גלויבן; פאַרשוואונדן איז יעדער סימן פון רעליגיעזער טאָלעראַנץ. אין בית־המקדש אין ירושלים איז אַרײַנגעשטעלט געוואָרן די סטאַטוע פון אַ גריכישן אָפּגאָט.

אין די חשמונאים־ספרים ווערט דערציילט, אַז עס זענען געווען צווישן ייִדן אַזעלכע, וואָס זענען מיטגעריסן געוואָרן מיטן שטראָם פון דער טריאומפירנדיקער פרעמדער ציוויליזאַציע. אָבער עס האָט זיך געפונען אַ גרופּע, וואָס האָט נישט געקענט מער צוקוקן גלײַכגילטיק, ווי דאָס ייִדישע לאַנד פאַלט אַרונטער אונטערן יאָך פון דער גריכיש־סירישער אָקופּאַציע און ווי די ייִדישע אייגנאַרטיקייט ווערט ברוטאַל אויסגעראָטן. אין שטעטל מודיעין האָט זיך אָנגעהויבן דער ווידערשטאַנד. דער אַלטער מתתיהו, וועלכער האָט געהערט צו דער חשמונאים־פאַמיליע, מיט זײַנע פינף זין, האָבן אָנגעפירט מיטן קאַמף, וואָס האָט זיך פאַרצויגן עטלעכע יאָר, און אין וועלכן עס האָבן זיך אָנגעשלאָסן די אַלע, וואָס ייִדישער כבוד, ייִדישע פרײַהייט, ייִדישע טראַדיציע און אידעאַלן, זענען זיי געווען נאָענט צום האַרץ.

אויספירלעכע פּרטים, וואָס פירן אונז אַוועק צו יענער ווײַטער פאַרגאַנגענ־הייט — צוויי טויזנט און צוויי הונדערט יאָר אַן ערך טיילן אונז אָפּ פון די חנוכה־פּאַסירונגען — ווערן אָנגעגעבן אין דער חשמונאים־כראָניק. אויך דער ייִדישער היסטאָריקער יאָסעפוס פלאַוויוס, וועלכער האָט געלעבט אַ צוויי הונדערט יאָר שפּעטער און געשריבן זײַנע ווערק אין גריכיש, באַרײַכערט אונזער וויסן וועגן דער אָנטשיידנדיקער תּקופה, מיר ווייסן דעריבער ווי שווער די קאַמפן זענען געווען, וויפיל מסירת־נפש און קרבנות־גרייטקייט האָבן זיך געפּאָדערט אין דעם אומ־גלײַכן פאַרמעסט, און ווי שטאַרק עס איז געווען די באַטייליקונג אויך פון דער ייִדישער פרוי און פון ייִדישע קינדער אין דאָזיקן געראַנגל. די רירנדיקע דער־פאַרונג פון דער ייִדישער מאַמע און אירע זיבן קינדער, וועלכע האָבן מיט זייערע לעבנס באַצאָלט פאַר זייער געטריישאַפט צו ייִדישקייט, איז בלויז איין קאַפּיטל, מעגלעך דאָס צום מײַנסטן באַקאַנטע, פון דער דערשיטערנדיקער עפּאָפּייע פון מאַרטירערטום און העראָאיזם.

די כראָניק באַציט זיך אויך צום זיג, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן. מען האָט

פּאַריאָגט די אָקופּאַנטן. מען האָט אויסגערייניקט דעם בית־המקדש, וועלכער איז פּאַראומרייניקט געוואָרן דורכן שׂונא. מען האָט אים ווידער באַנײַט. דער נאָמען "חנוכּה", וואָס די פּייערלעכע דאַטע האָט באַקומען, זאָגט דערויף עדות. חנוכּה באַדײַט: ווידער־באַנײַאונג. מען האָט אָנגעצונדן ליכט אין דער מנורה. יאָסעפוס פלאַוויוס באַצייכנט דעם יום־טוב ווי "דער יום־טוב פון די ליכט", וואָרום, שרײַבט ער, "אין דער פינסטערניש האָט אויפגעשײַנט ליכט צו די גערעכטע".

אָבער גלײַך דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן דער לײַדנשאַפטלעכער וויכּוח, וואָס ציט זיך די גאַנצע צײַט אין אונזער געשיכטע: וואָס איז געווען וויכטיק אין יענעם היסטאָרישן געראַנגל, און וואָס איז געווען וויכטיק און דויערהאַפטיק אין נצחון, צו וועלכן ער האָט דערפירט?

געווען היסטאָריקער און געלערנטע, וועלכע האָבן אַרויסגעהויבן דווקא דעם נאַציאָנאַלן מאָטיוו אין אויפשטאַנד פון די חשמונאים. די מענטשן זענען, הייסט עס, אַרויסגעגאַנגען צו דער מלחמה ווײַל זיי האָבן מער נישט געקענט פאַרטראָגן ווי דאָס ייִדישע לאַנד קרעכצט אונטער פרעמדער הערשאַפט און ווי די פּאָליטישע אומאָפּהענגיקייט ווערט צעשטערט דורך די טיראַנען. פאַר די זין פון מתּתיהו איז געווען קלאָר, אַז יעדע אָנשטרענגונג מוז געמאַכט ווערן כּדי צו דערגרייכן אַ מיליטערישן נצחון. יהודה המכּבי, וואָס מיט אים איז צונויפגעבונדן דער זיג, האָט שוין מיטן נאָמען, וואָס ער האָט פאַר זיך דעראָבערט אין דער ייִדישער געשיכטע און מיט וועלכן ער ווערט אָנגערופן דורכן פאָלק, יהודה המכּבי, נישט איבערגעלאָזט קיין ספק, וואָסער אָנווײַז ער גיט צו די קומענדיקע דורות. מכּבי האָט צו טאָן מיטן וואָרט מקבת, וואָס איז דער טײַטש אַ האַמער. ווילן מיר ייִדן אָנגיין מיט אונזער עקזיסטענץ, מוזן מיר זײַן ווי אַ האַמער — שטאַרק, באַוואָפנט, גרייט צו דער־לאַנגען קלעפּ די וואָס גרייפן אונז אָן.

אָבער געווען אויך אַנדערע, וואָס האָבן אויף אַ פאַרשידענעם אופן אינטער־פּרעטירט די חנוכּה־פּאַסירונגען. לויט זייער מיינונג, וואָלט דער אידעאַל פון פּאָליטישער זעלבשטענדיקייט נאָך ניט מסוגל געווען אַרויסצורופן די בייטיקע באַגײַסטערונג אין דער ייִדישער גוזעלשאַפט, און אוודאי איז נישט די גבורה אויפן שלאַכט־פעלד אַרויסגעוואַקסן פון ווירקלעכער ייִדישער פיזישער איבערמאַכט, וואָרום די ייִדישע קעמפער זענען געווען ווייניק אין צאָל, און ווײַט נישט באַוואָפנט און צוגעגרייט צום פאַרמעסט, אַזוי ווי זייערע קעגנער. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן באַגריפן און אידייען, וואָס זענען אַ סך טיפער און זענען נענטער דעם ייִדישן מענטש. ירושלים, און אַלץ וואָס ירושלים שטעלט מיט זיך פאַר פאַר ייִדן און ייִדישקייט, ירושלים פון ייִדישער גײַסטיקער פאַרוואָרצלטקייט און דורותדיקער הייליקייט, האָט זיך פאַרטיידיקט קעגן אַ לעבנס־שטייגער, וואָס איז פאַר איר געווען פרעמד און אָפּשטויסנדיק. אויב ייִדן וואָלטן נישט געפילט, אַז דער געראַנגל גייט פאַר דער נשמה פון פאָלק, פאַר אַלץ וואָס איז זיי הייליק און טײַער, וואָלט

בײַ זיי נישט געקלעקט קיין מוט אונטערצונעמען דעם ביטערן קאַמף. און דער אויסדרוק "מכּבי" האָט גאָרנישט צו טאָן מיט האַמער, מיט דערלאַנגען קלעפּ, מיט מיליטערישער מאַכט. מכּבי איז אַ פאַרקירצונג פון ווערטער, וואָס זענען צו ייִדן אַריבערגעקומען פון חומש. דאָס האָט משה רבינו אויסגערופן אין רע־ליגיעזער עקזאַלטאַציע: "מי כּמוך באלים ה׳" — ווער איז אַזוי ווי דו צווישן די מעכטיקע, אַ גאָט! (שמות טו, יא)...

נישט צומאָל מיט אַזאַ אינטערפּרעטאַציע איז פאַרבליבן צופרידן דער תּלמוד. פאַר די, וועלכע האָבן אויפגעבויט דעם בנין פון תּלמוד, לאָזט זיך דער קיום פון אונזער פאָלק בכלל נישט אַנאַליזירן און דערקלערן מיט אַנגענומענע קאַטעגאָריעס פון פאַרשטאַנד. אַלץ איז אין ייִדישן כּוח צו ווידערשטאַנד — מיסטעריע. אַלץ איז סוד. אַלץ איז דאָ מעטאַפיזיק, איבערנאַטירלעך. חנוכּה, האָבן די שעפער פון תּלמוד געזאָגט, איז אַ טייל פון דער ייִדישער מעטאַפיזיק. און זיי האָבן דערציילט: בעת די גריכן זענען אַרײַנגעגאַנגען אין בית־המקדש, האָבן זיי פאַראומרייניקט אַלע בוימלען, וואָס זיי האָבן דאָרט געפונען. שפּעטער, ווען די חשמונאים זענען זיי בײַגעקומען, האָבן זיי געזוכט ריינעם בוימל אויף אָנצוצינדן די מנורה, און נישט געקענט געפינען מער ווי איין קריגעלע בוימל, וואָס איז געווען פאַרזיגלט מיטן חותם פון כּהן־גדול. געווען איז דאָרט בוימל אויף איין טאָג. האָט געטראָפן אַ נס און דאָס ביסעלע בוימל האָט געברענט אַכט טעג. אָט דערפאַר צינדן מיר אָן ליכטלעך די אַכט טעג חנוכּה. אַלזאָ: נס, נס, וואונדער!...

צוליב אַ מיליטערישן זיג, מיינט דאָס צו זאָגן, וואָלט נאָך נישט כּדאַי געווען אײַנצושטעלן אַ יום־טוב. מיליטערישע אָדער פּאָליטישע נצחונות, ווי באַצויבערנדיק זייער גלאַנץ זאָל נישט זײַן און ווי שטאַרק זיי זאָלן נישט וועקן דאָס געפיל פון נאַציאָנאַלן שטאָלץ, פאַרזיכערן ניט דעם ייִדישן קיום. אפילו אין ייִדישן לאַנד קען פּאַסירן, אַז די ייִדישע געזעלשאַפט זאָל אַראָפּגיין פון די רעלסן און פאַרלירן איר גײַסטיקע אייגנאַרטיקייט. פון פאַרשידענע שטעלעס פון תּלמוד, און נאָך מער פונעם אומווילן וואָס די שעפער פון תּלמוד האָבן אַרויסגעוויזן צו רעדן בכלל וועגן דעם, וואָס איז פאָרגעקומען אין ארץ־ישׂראל נאָך די מכּבים־נצחונות, לאָזט זיך אַרויסדרינגען, ווי שטאַרק אומצופרידן זיי זענען פאַרבליבן פון דער ווענדונג, וואָס איז אַרײַנגעטראָטן אין ייִדישן לעבן. צי האָבן נישט די שפּעטערדיקע קעניגן, וואָס האָבן געהערט צו דער דינאַסטיע פון די חשמונאים, אַרײַנגעברענגט פרעמדע שטרע־מונגען אין ייִדישן לאַנד? צי זענען זיי נישט אַוועק פון די טראַדיציעס, פאַר וועלכע זייערע אורעלטערן האָבן געקעמפט, און האָבן זיי זיך נישט דערווײַטערט פון ייִדישער גײַסטיקייט? צי האָבן זיי אַליין נישט אָנגעהויבן אויפפירן זיך ווי די נישט־ייִדישע הערשער און, פאַרכּליניעט פון מיליטערישע נצחונות, האָבן קליינ־לעכע פּערזענלעכע אַמביציעס דען נישט פאַרשטעלט פאַר זיי די מער־ערנסטע

אויפגאַבעס? די אינעווייניקסטע שטרײַטן האָבן סוף־כּל־סוף געברענגט דעם אונטערגאַנג פון דער זעלבשטענדיקייט.

כּדי נאָך מער אויפצופּעפּענען די אויגן פון ייִדישן מענטש אויף די געפאַרן, וואָס לויערן פאַר ייִדישער אייגנאַרטיקייט און ייִדישער צוקונפט אַפילו אין אַ ייִדישער מדינה וואָס איז מיליטעריש שטאַרק, האָבן די שעפער פון דער תּלמודישער טראַדיציע אײַנגעפירט, אַז גראָד שבת חנוכּה דאַרפן ייִדן לייענען דאָס קאַפּיטל פון נביא זכריה, וואו עס ווערט קלאָר געזאָגט, אַז נישט פיזישע קראַפט און נישט מיליטערישע מאַכט קענען פאַרזיכערן ייִדישן המשך און אַנטשיידן אין דער געשיכטע פון אונזער פאָלק („לא בחיל ולא בכוח, כי אם ברוחי, אמר ה׳ צבאות״, זכריה י׳, ו׳).

אויך ייִדיש מזרח־אייראָפּע איז נישט געבליבן שטיין פונדערווײַטנס אין דאָזיקן וויכּוח. פאַרשידענע שולעס פון געדאַנק זענען אויפגעשטאַנען. עס האָט זיך באַקומען דער אײַנדרוק, אַז צוזאַמען מיט די ליכטלעך, וואָס האָבן געפינקלט אין די פענסטער פון די וואוינונגען אין די ייִדישע שטעט און שטעטלעך אין מזרח־אייראָפּע, האָבן זיך באַוועגט דורות, וואָס האָבן געזוכט באַשייד צום סימבאָל פון די ליכטלעך. אין כּלערליי נוסחאות און וואַריאַנטן איז איבערגעחזרט געוואָרן די אַלטע שאלה: מאי חנוכּה — וואָס איז חנוכּה?...

נישט בלויז אין דער רבנישער ליטעראַטור איז דער ענין באַהאַנדלט געוואָרן אין זײַן פולן פאַרנעם. אויך אין דער תּקופה פון דער השׂכּלה און אויפקומענדיקער נײַער העברעאישער ליטעראַטור איז די חנוכּה־מנורה אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין צענטער פון די פאַרשונגען און באַטראַכטונגען, פון די דערציילונגען און פּאָעטישע שאַפונגען. ווער האָט אַלץ נישט געפּרוּווט בעמען שטעלונג אין דער פאַרצוויגענער דיסקוסיע: שמואל־יוסף פין, אייזיק־הירש ווײַס, שלמה־יהודה ראַפּאַ־פּאָרט, יהודה־לייב גאָרדאָן, מיכה־יוסף בערדיטשעווסקי, יוסף קלויזנער, שאול טשערניכאָווסקי, און אַזויפיל אַנדערע.

אָפּגערעדט דערפון, אַז אין דער נײַער ייִדישער ליטעראַטור איז קענטיק דער געראַנגל, וואָס איז אַנגעגאַנגען אין דער ייִדישער פאָלקס־נשמה, ווען זי איז געקומען אין באַריר מיטן פאַרוואָס און צו וואָס פון יום־טוב. אין פאָלקס־ליד האָט מען טאַקע באַזונגען די חנען פון די חנוכּה־ליכטלעך, אָבער אין אַנדערע שאַפונגען, אין פּראָזע, אין דער דראַמע און אין ליד, האָט מען געגראָבן טיף אין די אַנגעזאַמלטע הארבע פראַגעס.

און אויך דאָ איז אַרויסגעטראָטן די רײַכקייט פון די ניואַנסן, און ווי נאָמבערג האָט זיך אויסגעדריקט, די צעשפּאָלטנקייט פון די שיטות, די צעריסנקייט פון ייִדישן געמיט.

גראָד י. ל. פּרץ, דער באַזינגער סון ייִדישער גײַסטיקייט און פון די „שבת־

יום־טובדיקע ייִדן", ווערט באַגײַסטערט פון דער מיליטערישער גבורה, וואָס האָט אויפגעשײַנט אויפן שלאַכטפעלד פון די מכבים. אָט איז אַ פראַגמענט פון זײַן ליד "דאָס חנוכּה־ליכטל":

עס פאַלט צו די נאַכט, די פינסטערע נאַכט,
און שאָטן באַדעקט די ווענט,
נאָר אומעטיק, מילד, פאַרציטערט און זאַכט,
אַ ליכטל אין פענסטערל ברענט.

און עס דערציילט די טרויעריקע מעהר (מעשׂה):
אַמאָל איז געווען אַ שווערד,
אַ שווערד און אַ שאַרפע... הײַנט גלאַנצט זי נישט מער..
הײַנט ליגט זי צעבראָכן אויף דער ערד!...

און דאָך, וויפיל הונדערטער, טויזנטער יאָר
פעלן די האַנט און די שווערד...
טייל דריקן די אַקסלען און פרעגן: איז וואָר,
דער נס, וואָס מיר האָבן געהערט?...

צו אברהם רייזען רעדט דווקא שטאַרק דער טראַדיציאָנעלער מאָטיוו פון חנוכּה. נישט עטוואָס אַנדערש, נאָר זי, די מיסטעריע, די מיסטיק פון קייט פון דורות, די פאַרהוילענע און סודותפולע, ווינקט צו אונז אַרויס פון די חנוכּה־ליכטלעך. אָט אַזוי גייט עס בײַ אברהם רייזען:

ברוך אתה!
זינגט דער טאַטע,
און ער צינדט ליכט,
און די שטראַלן
מילדע, פאַלן
אויף זײַן בלאַס געזיכט.

אַלטע קלאַנגען
לאַנג פאַרגאַנגען,
ניין! עס קלינגט נאָך אַצינד,
זינג מיר, טאַטע:
ברוך אתה —
און איך בלײַב דײַן קינד!

גאָר נאָענט צום בליק אויף חנוכּה פון תּלמוד רוקט זיך צו אברהם מענעס. פאַר אים זענען נישט דער מיליטערישער זיג און צומאָל נישט די נאַציאָנאַלע זעלבּ־שטענדיקייט, וואָס איז דעראָבערט געוואָרן דורך די חשמונאים, די עלעמענטן וואָס פאַרוואַנדלען חנוכּה אין אַ ווינקל־שטיין פון ייִדישן קיום. אברהם מענעס שרײַבט אין זײַן עסיי "דער יום־טוב פון ליכט, געשיכטע און לעבן": "דערפאַר האָט די ייִדישע טראַדיציע אַזוי' ווייניק באַטאָנט די גבורות פון די חשמונאים... ייִדישע גבורה איז קדושה... די קדושה פון גאַנצן פאָלק, די גרייטקייט פון יעדן ייִדישן יחיד צו פירן אַ הייליק לעבן"... און אין זײַן עסיי "דער נס פון חנוכּה" גיט צו אברהם מענעס: "אין פּרט פון מיליטערישע דערפאָלגן האָבן ייִדן כּמעט קיינמאָל נישט פאַרנומען דעם ערשטן פּלאַץ. מיר האָבן געזען גענוג וועלט־אימפּעריעס, ווי זיי זענען גרויס געוואָרן און ווי זיי זענען זיך צעפאַלן. מיר האָבן געזען גענוג הערשער קומען און פאַרגייען. וואָס באַדײַט פאַר אַזאַ אויסגעפּרוווט פאָלק מענטש־לעכע גבורה! ס'איז נישטאָ מיט וואָס זיך גרויס צו האַלטן און ס'איז נישטאָ וואָס צו יום־טובן!... אין דער תּלמודישער ליטעראַטור פאַרנעמען דעם ערשטן פּלאַץ די העלדן פון שלום: הלל הזקן, רבי יוחנן בן זכּאי, רבי שמעון בן יוחאי... ניט גבורה, נאָר קדושה איז געוואָרן דער העכסטער אידעאַל פון דער ייִדישער דער־ציאונג"...

אײַנדרוקספול ביז גאָר זענען די פּאָעטישע שאַפונגען אויף דער חנוכּה־טעמע בײַ לייב נײַדוס. דאָס איז בײַם הײַנטיקן טאָג כּמעט אַ פאַרגעסענער נאָמען אין דער ייִדישער ליטעראַטור. אָבער לייב נײַדוס איז אייגער פון די וואונדערלעכע פּאָעטן, וואָס זענען אויסגעוואַקסן צווישן פּוילישן ייִדנטום אויף דער שוועל פון איצטיקן יאָרהונדערט. געוועזן איז ער פון גראָדנע, און ער איז אַוועק פון דער וועלט אין בליִענדיקן עלטער פון אַכט און צוואַנציק יאָר בײַ דער ענדע פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. מיט רעכט איז ער באַצייכנט געוואָרן ווי דער ווירטואָז פון ייִדישן ליד. די צײַט אין וועלכער ער האָט געלעבט, אַ ביטערע צײַט פאַר ייִדן אין מזרח־אייראָפּע, אַ צײַט פון פּאַגראָמען, ווען היימלאָזע האָבן געבלאָנקעט אויף די וועגן און ייִדיש לעבן איז געווען הפקר, האָט, ווײַזט אויס, געווירקט אויפן דיכטער, אַז חנוכּה זאָל אין אים דערוועקן בענקענישן צו דער תּקופה, ווען ייִדן האָבן געקענט פאַרטיידיקן זייער געשענדעטע מענטשלעכע און נאַציאָנאַלע ווירדע מיט וואָפן אין האַנט. אָט זענען אויסצוגן פון זײַן ליד "חנוכּה־ליכט":

נשמות ווימלען שטויביקע,
דער נעפּל איז געדיכט —
צינדט אָן די ליכט, די אייביקע,
די חשמונאים־ליכט!

וועז בלוטיקע געוויטערן
צעטרייסלען אונזער גאַס,
וועז אָרעמע הערצער ציטערן,
פון אָנמאַכט און פון האַס,

וועז אונזערע שיפן טרויערן
און בענקען נאָך אַ ברעג,
וועז וויסטע אומות לויערן
אויף אונזער אַלטן וועג, —

צינדט אָן דעם שיין דעם ליכטיקן...
צינדט אָן דעם שיַין דעם ליכטיקן...
זאָל לייַכטן ער, דערמאָנען דיך
אין גבורות און אין מוט!...

דער זעלבער טאָן שלאָגט אויך אַרויס פון זייַן פּאָעמע "יהודה":

אָ שטילע, באַשיידענע, הייליקע עדות
פון וויַיטע, געבענטשטע, פאַרשוואומענע טעג,
פון אונזערע שטאָלצע, מוטיקע זיידעס,
וואָס האָבן געוויילט דעם געפערלעכסטן וועג...

אָ ברידער, קערט ווידער אום די לידער פון שטאָלענעם מוט,
צעברויזט אין אַ פלאַם אונזער אַלטע ירושה,
וואָס טליִעט באַהאַלטן ביַי אונז אין דעם בלוט...

נאָך מער בייַשפּילן וואָלטן געקענט געברענגט ווערן וועגן די קעגנזעצלעכע געדאַנקען און עמאָציעס, וואָס חנוכּה האָט אַרויסגערופן אין דער ייִדישער ליטע־ראַטור.

יענעם חנוכּה־אָוונט, אין די צוואַנציקער יאָרן, אין ליטעראַטן־פאַראיין אין וואַרשע, האָבן אַפילו קעגנער פון ה. ד. נאָמבערג געמוזט אָנערקענען, אַז ער איז דאָך נישט געווען אינגאַנצן אומגערעכט, ווען ער האָט אונטערגעשטראָכן, ווי שווער עס איז צו דערגיין צו אַן איינהייטלעכער מיינונג, בעת מען באַהאַנדלט פּראָבלעמען פון ייִדישער געשיכטע און ייִדישן קיום.

אונז האָט זיך נאָר אויסגעוויזן, אַז הגם דער חריפותדיקער נאָמבערג האָט זיך באַנוצט מיט די אויסדרוקן "צעשפּאָלטנקייט", "צעריסנקייט", האָט ער אין תּוך געמיינט צו זאָגן: געדיכטער סוד, מיסטעריע.

# וואָס דערציילן די חנוכּה-ליכטלעך?

בלויז די, וועלכע האָבן נישט געקענט די ייִדישע וועלט, וואָס האָט נאָך עקזיסטירט מיט וועלכע פופציק יאָר צוריק, זענען געניי׳גט אָנצונעמען, אַז צווישן יענע געדיכטע ייִדישע פאָלקס־מאַסן איז חנוכּה געווען אויסשליסלעך דער יום־טוב, ווען מען האָט געגעסן לאַטקעס, געשפּילט אין ״קוויטלעך״, געאיבט זיך אין איבערדרייען דאָס דריידל, זיך פונאַנדערגעזונגען אין מעלאָדישע געזאַנגען, און, פאַרשטייט זיך, אָנגעצונדן ליכטלעך. דאָס הייסט, אַז די אַכט חנוכּה־טעג זענען געווען לײַכטע, געמיטלעכע אין ייִדישן יאָר; אויסגעטוענע לגמרי פון דער ערנסט־קייט פון די פּראָבלעמען, אין וועלכע עס זענען פאַרוויקלט אַלע אַנדערע ייִדישע אָנדענק־טעג. אָבער דאָס איז דאָך ווײַט נישט געווען אַזוי. חנוכּה האָט מען גראָד אַרויפגענומען אויפן סדר־היום האַרבע פראַגעס, קאָמפּליצירטע ענינים, וואָס האָבן געהאַט צו טאָן מיט דעם ייִדישן וועג דורך דורות, מיטן ייִדישן קיום, מיטן ייִדישן פונוואַנען און וואוהין.

וואָס דערציילן די חנוכּה־ליכטלעך? דאָס איז געווען אַ פראַגע, וואָס האָט אינטריגירט. זיי דערציילן, נאַטירלעך, די געשיכטע פון חנוכּה. אָבער נישט אינגאַנצן קלאָר אין דאָך, וואָס אַזוינס ס׳איז געווען די געשיכטע און וואָס איז דער עיקר אין איר. אפשר איבער קיין שום יום־טוב האָט מען נישט געשטעלט אַזוי פיל קשיות, ווי איבער חנוכּה, ריכטיק, מיט קשיות הייבט זיך אָן דער יום־טוב פּסח, מיט אַ ״מה נשתּנה״, אָבער בײַ די פּסח־קשיות שטייט גלײַך און בפירוש דער ענטפער. פאַר די פראַגעס, וואָס חנוכּה רופט אָן, האָט מען ערשט באַדאַרפט זוכן דעם תּירוץ; און אין יענער ייִדישער געזעלשאַפט, וואָס האָט עקזיסטירט אין מזרח־אייראָפּע, האָבן די שאַרפסטע מוחות זיך געגריבלט אין די גרויסע ״פאַרוואָסן״, וועלכע זענען פאַרבונדן מיט חנוכּה.

עס איז קודם־כּל אויסגעקומען מאָדנע, וואָס מיט די חנוכּה־פּאַסירונגען פאַר־נעמען זיך גאָר ווייניק די ספרים, וואָס זענען גרונט־ווערק אין דער ייִדישער טראַדיציע. אמת איז, אַז די דאָזיקע פּאַסירונגען האָבן זיך אָפּגעשפּילט אין דער צײַט, ווען דער תּנ״ך איז שוין געווען אָפּגעשלאָסן. אין צווייטן יאָרהונדערט פאַר

דער אָנגענומענער צײַט־רעכענונג, ווען חנוכּה איז אײַנגעפירט געוואָרן אין ייִדישן לעבנס־שטייגער איז שוין די רעדאַקציע פון תּנ״ך געווען פאַרענדיקט. דאָס שליסט אָבער נישט אויס, אַז אין תּלמוד, וואָס האָט דעמאָלט ערשט זיך געפונען אין זײַנע אָנפאַנג־פאַזעס, האָט געקענט אַ באַנד, אַ מסכתּא, באַהאַנדלען די אַספּעקטן, וואָס האָבן אַ שײַכות צום יום־טוב. פאַר אַנדערע דאַטעס, וועלכע זענען פאַרבונדן מיט אונזערע געראַנגלען פאַר פרײַהייט און פאָלקס־זיכערקייט אין דער פאַרגאַנגענהייט, האָבן דאָך די שעפער פון תּלמוד אָפּגעגעבן אַ סך אָרט און אויפמערקזאַמקייט. פאַר פּסח איז אָפּגעגעבן דער באַנד "פּסחים". מיט פּורים פאַרנעמט זיך די מסכתּא "מגילה"; דאַקעגן איבער חנוכּה טרעפט מען זיך אָן בלויז אין פונאַנדערגעוואָרפענע שטעלעס אין דער תּלמודישער ליטעראַטור. אין קאַרגע שורות קומט מען אָפּ מיט דעם געשיכטלעכן הינטערגרונט; און אַפילו פאַר דער טראַדיציע, וואָס האָט זיך אײַנגעשטעלט, האָט מען געשפּאָרט רייד.

אין דער וויסן־דאַרשטיקער געזעלשאַפט אין די מזרח־אייראָפּעאישע ישובים, האָבן פאָרשער און ערודיטן זיך אָנגעשטרענגט צו געבן זייערע דערקלערונגען.

פון איין געדאַנקען־ריכטונג איז געקומען די אויפקלערונג, אַז דערפאַר האָט מען צווישן די שעפער פון תּלמוד נישט געהאַט קיין חשק אַנצוווענדן צופיל רייד אויף דער חנוכּה־טעמע, ווײַל זיי זענען געווען טיף אומצופרידן מיטן וועג, אויף וועלכן עס האָבן זיך אַוועקגעלאָזט די קעניגן פון דער חשמונאים־דינאַסטיע. מיטגלידער פון דער חשמונאים־פאַמיליע זענען געווען מתּתיהו און זײַנע זין, וואָס האָבן אונטערגענומען דעם אויפשטאַנד קעגן דער סיריש־גריכישער מאַכט, וואָס האָט אָקופּירט ארץ־ישׂראל. אָבער זייערע נאָכפאָלגער, וועלכע האָבן געשטאַמט פון דער זעלבער פאַמיליע, האָבן נישט געוואָלט פאַרשטיין, אַז צוזאַמען מיט דער צוריק־געוואונענער פּאָליטישער זעלבשטענדיקייט, מוזן אין דער ייִדישער מדינה אָנהאַלטן די דערהויבענע גײַסטיקע און עטישע אידעאַלן, פאַר וועלכע דער קאַמף איז געפירט געוואָרן. זיי, די נאָכפאָלגער, זענען פאַרשיכּורט געוואָרן פון די מיליטערישע ניצחונות; זיי זענען באַהערשט געוואָרן פון דער אַמביציע אויסצוברייטערן די טעריטאָריע און דערפירן צו אַן עקספּאַנסיע פון די גרענעצן פון ייִדישן לאַנד; זיי האָבן פאַרנאַכלעסיקט דעם עיקר, צוליב וואָס די נאַציאָנאַלע זעלבשטענדיקייט איז דעראָבערט געוואָרן... דאַרף מען זיך דען וואונדערן, וואָס אַזוי פיל צווישן פאָלק האָבן זיך געפילט אַנטוישט און פאַרביטערט?

אין הסכּם מיט דער דאָזיקער אויפקלערונג איז טאַקע דערפאַר אַרויסגעהויבן געוואָרן אין דער תּלמודישער ליטעראַטור גראַד די מיסטעריע פון די חנוכּה־פּאַסירונגען, די מיסטעריע מיטן קריגל בוימל. אין פאַראומרייניקטן בית־המקדש אין ירושלים האָט מען נאָך דעם אָפּגעהאַלטענעם זיג געפונען אַ קריגל בוימל מיט וועלכן מען האָט יאָ געקענט אָנצינדן די ליכט אין דער מנורה. עס האָט אָבער בלויז געקלעקט אויף איין טאָג. ווי וואונדערלעך איז געווען וואָס טראָץ די דערוואַרטונגען,

האָט מען מיטן קליינעם ביסל בוימל זיך פאַרט באַנוצט גאַנצע אַכט טעג. פאַרוואָס דער תּלמוד האָט געשטעלט דעם טראָפּ אויפן דאָזיקן וואונדער, האָט אַ קלאָרן און דײַטלעכן אויסדרוק. אין ייִדישן וועג פון דורות, הייסט עס, דעצידירט נישט סתּם דער רויער איבערוועגנדיק־מיליטערישער כּוח. ייִדישע געשיכטע, ייִדישער אויס־דויער, געהערן צו דער ספערע פון דער מיסטעריע. ערשט ווען מען לייגט צו אויער און האָרץ צום פּליסטער פון סוד, קען מען דערהערן דעם אייגנטלעכן רוף, וואָס דערגייט פון דאָרט, און וואָס איז דער רוף צו די געטלעכע און מענטשלעכע ווערטן, וואָס די ייִדישע לערע טראָגט פונאַנדער. ערשט אַזוי־אַרום דערגרונטעוועט מען זיך צום תּכלית און זין פון ייִדישן זײַן.

אָבער אין דער אַנדערער געדאַנקען־שטרעמונג, וואָס האָט אויך געפונען אירע אָנהענגער אין דער מיט קעגנזעצלעכע באַגריפן זידנדיקער און קאָכנדיקער מזרח־איראָפּעאישער ייִדישער גאַס, האָט זיך אַרויסגעשלאָגן אַ פאַרשידענער אויס־טײַטש. לויט אָט דער אינטערפּרעטאַציע איז אויסגעקומען, אַז דערפאַר האָט מען אין תּלמוד כּמעט ווי פאַרשוויגן דעם מיליטערישן ניצחון פון די חשמונאים, און זיך גלײַכער צערעדט וועגן קריגל בוימל, ווײַל מען האָט נישט געוואָלט פּראָוואָצירן די רוימישע הערשער, וואָס האָבן דעמאָלט אין דער צײַט, ווען מען האָט געשריבן די דאָזיקע שורות, אָקופּירט ארץ־ישׂראל, און אַזוי אַרום זיי געבן אַ סיבה נאָך שטאַרקער צו פאַרשאַרפן זייערע פאַרפאָלגונגען קעגן דער ייִדישער באַפעלקערונג. בעת דעם אַנטשטיין פון די פּריִע טיילן פון תּלמוד איז שוין תּלמוד מער נישט געווען קיין זעלבשטענדיקייט אין ייִדישן לאַנד; רוימישע גאַרניזאָנען האָבן פאַרנומען די שטעט און דערפער, און די רוימער האָבן זיך באַצויגן מיט פאַרדאַכט צו יעדן אָנדײַט פון אַ ייִדישן אויפשטאַנד. זיכער איז געווען געפערלעך צו דערמאָנען דעם אָרגאַניזירטן בונט, וואָס האָט געגעבן דעם אָנהייב צום חנוכּה־יום־טוב. מען האָט דערבײַ אין די פאַראַנטוואָרטלעכע ייִדישע קרייזן אײַנגעהילט דעם יום־טוב אין דער מיסטעריע פון קריגל בוימל. דאָס אין אויך די סיבה — האָבן צוגעגעבן די, וועלכע האָבן אויפן דאָזיקן אופן אויסגעטײַטשט דעם אין פּלוג אומפאַרשטענדלעכן תּלמודישן צוגאַנג צו די חנוכּה־פּאַסירונגען, — פאַרוואָס מען טרעפט זיך אָן אין דער ליטעראַטור פון תּלמוד אויף זייער ווייניק פּרטים וועגן דעם שפּעטערדיקן אויפשטאַנד פון בר־כּוכבא. די זעלבע מעשׂה: דאָס האָט געקענט, חלילה, ברענגען נאָך מער אומגליקן און רדיפות... מען דאַרף זיך אַריבערטראָגן אין יענער מיט סכּנות אָנגעלאָדענער תּקופה און אין יענע שווערע פאַרהעלטענישן, כּדי צו פאַרשטיין, אַז נישט קיין ווידערווילן צו נאַציאָנאַלע אויפשטאַנדן דאַרף אַרויס־געלייענט ווערן פון די תּלמודישע בלעטער, נאָר די צוואַנג־פאַרבאָטן, וואָס זענען דאַן געווען גילטיק אין אָקופּירטן ארץ־ישׂראל האָבן דיקטירט אַזוי און נישט אַנדערש צו באַלײַכטן די דראַמאַטישע פרײַהייט־קאַמפן פון ייִדישן פאָלק.

חנוכּה נאָך חנוכּה זענען אַנגעגאַנגען די הייסע, לײַדנשאַפטלעכע דעבאַטעס

אין דער ייִדישער וועלט, וואָס האָט נאָך עקזיסטירט מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק. עס האָבן איבער זיי געשריבן די קלאַסיקער פון דער ייִדישער ליטעראַטור: מענדעלע מוכר־ספרים, שלום־עליכם, י. ל. פרץ; עס האָבן צוגעטראָגן זייערע וואָגיקע אַרגומענטן צו די קעגנזעצלעכע טעאָריעס די היסטאָריקער זאב יעבץ און שמעון דובנאָוו. אַפילו אין די צײַטונגען זענען דערשינען פֿאַלעמישע אַרטיקלען איבער דעם עניין. פֿאַרבײַלויפיקע ענייִנים זענען אָפּגערוקט געוואָרן אין אַ זײַט; צום אויבנאָן האָט זיך אַרויפגעשלאָגן די קשיא: וואָס איז חנוכּה? מאי חנוכּה?

אין אַזאַ פירנדיקן ייִדישן צענטער ווי וואַרשע האָט מען אין די פרירנדיקע חנוכּה־אָוונטן זיך געקענט צוהערן צו לעקציעס און רעפעראַטן, אין וועלכע חנוכּה איז געמאָלט און אינטערפּרעטירט געוואָרן אויפן פאַרשידנסטן שטייגער. גאָר באַזונדער האָט זיך אין מײַן זיכּרון אײַנגעקריצט אַ לעקציע אויף אָט־דער טעמע פון דוב־בער מאַלקין. אַ שרײַבער, אַ ליטעראַטור־קריטיקער, איז מאַלקין פאַררעכנט געוועזן צו די גלענצנדיקסטע לעקטאָרן צווישן די צוויי וועלט־מלחמות. בײַ אים זענען טיפע קענטענישן געגאַנגען צונויפגעפּאָרט מיט באַצווינגנדיקער אָראַטאָרישער קונסט. אין זײַן רעפעראַט איבער חנוכּה האָט מאַלקין פאַרטיידיקט די טעזע, אַז דער תּלמוד האָט דערפאַר געשטעלט אין מיטלפּונקט פון יום־טוב דעם וואונדער מיטן קריגל בוימל, ווײַל ער איז אויסן געוועזן אַרײַנצוציִען דאָס פאָלק אין גײַסטיקן געוועב פון דער ייִדישער געשיכטע; באַווײַזן, אַז נישט אויף דער שווערד ווערן געבויט דויערנדיקע פאָלקס־עפּאָפייען, און אַוודאי נישט ייִדישע עפּאָפייען, נאָר אויף דער איבערגעגעבנקייט און געטרײַשאַפט צו דערהויבענע אידייען, וואָס זענען אין דעם פאַל פאַרקערפּערט אין וואונדער מיטן קריגל בוימל. מיט זײַן סאַמעט־ווייכער שטימע, וואָס האָט זיך אײַנגעגראָבן טיף אין צוהערער, האָט מאַלקין אויס־גערופן:

— קוקט זיך איין אין די ציטערנדיקע חנוכּה־ליכטלעך און איר וועט דערזען דעם פלאַם פון די אומפאַרגענגלעכע מאָראַלישע און גײַסטיקע ווערטן, וואָס יהודה המכּבי האָט אין זיי אָנגעצונדן!

אויך איבער די חשמונאים־ספרים זענען אָנגעגאַנגען די וויכּוחים. זיי ווערן אויך אָנגערופן די מכּבים־ספרים, און זיי געהערן צו דער ליטעראַטור, וואָס איז בײַ אונז פאַרבליבן מחוץ דעם תּנ"ך. מיר באַצייכענען אָט די ווערק, וואָס זענען דאָך געשאַפן געוואָרן דורך ייִדן אין דער צײַט, ווען דער תּנ"ך איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן און נישט לאַנג דערנאָך, ווי — "ספרים חיצונים" — דאָס הייסט, ווערק וואָס זענען פאַרבליבן אינדרויסן; אָפּאָקריפן, אויסבאַהאַלטענע ביכער. צוויי חשמונאים־ספרים באַהאַנדלען די דראַמאַטישע חנוכּה־פּאַסירונגען. דאָרט זענען יאָ באַשריבן די אייִנצלהייטן פון אויפשטאַנד, ווי אַזוי ער האָט זיך אָנגעהויבן אין שטעטל מודיעין, נישט ווײַט פון ירושלים, און די אַנטוויקלונג וואָס די קאַמפן

האָבן אָנגענומען. ווי מען נעמט אָן, איז דער ערשטער חשמונאים־ספר געשריבן געוואָרן אין אָריגינאַל אין העברעאיש און דער צווייטער אפשר אין העברעאיש, אפשר אין גריכיש, די שפּראַך פון די אינטעלעקטואַלן אין יענע צײַטן. צו אונז איז נישט דערגאַנגען קיין שום העברעאישער טעקסט. ער איז, ווײַזט אויס, פאַרלוירן געגאַנגען אין לויף פון די יאָרטויזנטער. מיר קענעןביידע ספרים בלויז אין זייער גריכישער ווערסיע. דער נאָמען פון מחבר איז פאַרבליבן אומבאַקאַנט.

אַ גענויע וויסנשאַפטלעכע איבערזעצונג אויף העברעאיש פון ביידע חשמונאים־ספרים (און אויך פון אַנדערע אַפּאָקריפן־ווערק) האָט געמאַכט אין אָנהייב פון הײַנטיקן יאָרהונדערט דער געלערנטער אברהם כּהנא. אין די צוואַנציקער יאָרן האָט אברהם כּהנא געלעבט אין וואַרשע, וואו ער האָט זיך געפונען אויפן וועג פון רוסלאַנד קיין ארץ־ישׂראל, און עס איז געווען צו דערוואַרטן, אַז די טעמע פון זײַנע רעפעראַטן וועלן זײַן די חשמונאים־ספרים, אין וועלכע ער איז געווען אַזוי בקי. אַ גרויסער עולם איז געקומען זיך אײַנהערן אין זײַנע רייד.

נישט בלויז דער אינהאַלט פון די ווערק איז אויסגעקומען לויט אברהם כּהנא כאַראַקטעריסטיש און וויכטיק פון געשיכטלעכן שטאַנדפּונקט, נישט בלויז דער נוסח, דער סטיל; דער געלערנטער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף דער הקדמה, גענויער אויף די צוויי הקדמות, מיט וועלכע עס פאַנגט זיך אָן דער צווייטער חשמונאים־ספר. דאָס זענען בריוו וואָס יהודה המכּבי, די פירנדיקע געשטאַלט אין די זעלבשטענדיקייט־קאַמפן, האָט געשריבן; און ווי ער גיט אָן, שרײַבט ער אויך אין נאָמען פון זײַנע נאָענטע ראַטגעבער און פון "די מענטשן פון ירושלים". די בריוו זענען געוואַנדן צו דער ייִדישער קהילה אין אַלעקסאַנדריע, אין עגיפּטן. עס האָט שוין דעמאָלט עקזיסטירט אַ ייִדישע צעשפּרייטקייט; ייִדן האָבן אויך געוואוינט אויסער ארץ־ישׂראל; און אין אַלעקסאַנדריע האָט געלעבט אַ צאָלרײַכע ייִדישע באַפעלקערונג. זי האָט פאַרנומען אַ וויכטיקע ראָל אין דער ווירטשאַפט, און אַרויסגעגעבן דערצו באַדײַטנדיקע אינטעלעקטואַלן, וועלכע האָבן גענאָסן פון גרויסן פּרעסטיזש אין דאָזיקן העלעניש־גריכישן קולטור־צענטער. איז דאָך נאָך פאַר די חנוכה־פּאַסירונגען איבערגעזעצט געוואָרן אין אַלעקסאַנדריע דער תּנ"ך אויף גריכיש דורך זיבעציק ייִדישע געלערנטע, — דער באַרימטער תּרגום השבעים, אָדער ווי ער ווערט גערופן לויט דעם גריכישן אויסדרוק: "סעפּטואַגינטאַ". אין דער צײַט ווען די חשמונאים האָבן געפירט די מלחמה פאַר דער זעלבשטענדיקייט אין ארץ־ישׂראל, איז דער ראַטגעבער פון דעמאָלטיקן עגיפּטישן קעניג פּטאָלאָ־מעאוס־פילאָמעטאָר געווען דער ייִדישער פילאָסאָף אַריסטאָבולוס, דער מחבר פון אַן אַלעגאָרישן פּירוש צו דער תּורה, וואָס האָט געדאַרפט מאַכן פאַרשטענדלעך די ייִדישע לערע פאַר די גריכישע אינטעלעקטואַלן. ווי באַקאַנט איז יאָרצענדליקער שפּעטער דערגאַנגען צו מײַסטערשאַפט אויפן דאָזיקן געביט אַן אַנדערער ייִדישער דענקער פון אַלעקסאַנדריע, דער באַרימטער פילאָן.

ווי מען קען אַרויסדרינגען פון די בריוו, האָבן ייִדן אין עגיפּטן גענומען אַ וואַרעמען און האַרציקן אינטערעס אין גאַנג פון דעם געראַנגל, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט אין ארץ־ישׂראל קעגן דער סיריש־גריכישער אָקופּאַציע־מאַכט, און יהודה המכבי און זײַנע ראַטגעבער האָבן געהאַלטן פאַר נייטיק צו אינפאָרמירן דעם ישוב אין אַלעקסאַנדריע די איינצלהייטן פון זייערע אָנשטרענגונגען און קאַמף. די בריוו הייבן זיך אָן מיט די ווערטער: "צו די ברידער אין מצרים מיט די ברכות פון די ייִדן אין ירושלים און אין לאַנד יהודה, שלום רב... מיר בעטן דאָ פאַר אײַך, אַז איר זאָלט געניסן פון פרידן"... דער חשמונאים־פירער באַגערט, אַז די ייִדן אין דער וועלט זאָלן וויסן, אַז צוזאַמען מיט דער זעלבשטענדיקייט וואָס איז אויסגעקעמפט געוואָרן, און מיט דעם מיליטערישן ניצחון וואָס מען האָט דער־גרייכט, איז מען אין ייִדישן לאַנד פאַראינטערעסירט אין אַ מאָראַלישן און גײַסטיקן אויפלעב. צו דעם צוועק איז טאַקע אײַנגעשטעלט געוואָרן דער יום־טוב חנוכּה; צו דעם ציל דינען די ליכט, וואָס זענען געוואָרן אָנגעצונדן. דאָס איז געווען אַ קאַמף פאַר גערעכטיקייט — פאַרזיכערן די בריוו־שרײַבער — און מען מעג זײַן זיכער, אַז די געבאָטן און באַפעלן וואָס וועגן זיי איז די רייד אין דער ייִדישער לערע פון גערעכטיקייט, וועלן אָנטשיידן אין דער ענדלעך־אומאָפּהענגיקער און באַפרײַטער ייִדישער מדינה.

אין דער באַלויכטונג וואָס אברהם כהנא, דער איבערזעצער פון די חשמונאים־ספרים האָט געגעבן צו די בריוו פון יהודה המכבי, האָט ער אונטערגעשטראָכן, ווי שטאַרק עס איז אָנגעגאַנגען די ייִדן אין יענער צײַט אין ארץ־ישׂראל, אַז די "גלות־ייִדן" זאָלן אָנהאַלטן זייער האַרציקן צונויפבונד מיטן ייִדישן לאַנד און מיט זײַנע נויטן און פּראָבלעמען; און דערצו, אַז זיי זאָלן בלײַבן איבערצייגט, אַז אין ייִדישן לאַנד איז מען פאַרבליבן געטרײַ צו די אומפאַרגענגלעכע ייִדישע ווערטן. אַן אומגעוויינלעכע פּאָליטישע און נאַציאָנאַלע רײַפקייט רעדט אַרויס פון די דאָזיקע חנוכּה־בריוו.

אין יענער תּקופה, ווען מיר האָבן זיך צוגעהערט צו אברהם כהנאס רעפעראַט, קוים עטלעכע יאָר נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע און אויפשפּראָץ פון נײַעם ישוב אין ארץ־ישׂראל — האָבן, די אָנוויַיזן, וועלכע האָבן זיך געלאָזט אַרויסדרינגען פון די צוויי חשמונאים־בריוו, אָנגענומען אַ ביז גאָר אַקטועלן באַדײַט.

זיי האָבן אוודאי נישט פאַרלוירן זייער אויסדרוק אין די הײַנטיקע פאַרהעל־טענישן, העכער פירצענדליק יאָר נאָכן אַנטשטיין פון דער ווידער אויפגעלעבטער ייִדישער מדינה.

אָבער איז דען דאָס אַלץ, וואָס די חנוכּה־ליכטלעך דערציילן? דורות און דורות האָבן פון זיי דערהערט נאָך פיל אַנדערע זאַכן. ייִדישע פּאָעטן פון די מאָדערנע צײַטן האָבן געהאַט זייערע פאַרגייער אין ווײַטע, פאַרלאָפענע תּקופות.

אין די פּיוטים — די רעליגיעזע פּאָעמעס, וואָס געהערן צום אַשכּנזישן תּפילה־נוסח אין די חנוכּה־שבתים — געפינען זיך פערזן, וואָס זוכן צו דערגרונטעווען דעם אינהאַלט פון די ליכטלעך (תּוכן נרות). סוף־כּל־סוף גייט דאָך אויף דער דאַזיקער באַגער אויך ביַי מאָריס ראָזענפעלד, ווען ער רופט אויס: ״אָ, איר קליינע ליכטעלעך, איר דערציילט געשיכטעלעך, מעשׂהלעך פון אַמאָל אָן אַ צאָל...״

עס איז פאַר די חנוכּה־ליכטלעך געשטאַנען אין פּאַרטיפסטע מחשבות דער מהר״ל — ר׳ יהודה ליוואַ פון פּראָג. ער האָט דערמאָנט, אַז אין די תּלמודישע צייַטן האָבן די געדאַנקען־שולעס פון הלל און שמאַי געפירט דעם אידעאישן שטרייַט, צי הייבט מען אָן די חנוכּה־נעכט מיט איין ליכטל צוערשט און דערנאָך גייט מען אַריבער צו אַכט, אָדער פאַנגט מען אָן מיט אַכט און מען פאַרענדיקט מיט איין ליכטל (די סוגיא פון ״מוסיף והולך״, אָדער ״פּוחת והולך״); און ער האָט אונטער־געשטראָכן, אַז דער שטייגער וואָס עס האָט זיך ביַי יידן איַינגעשטעלט אין וואָסער סדר מען צינדט די ליכטלעך, באַווייַזט דאָך, אַז זיי, די חנוכּה־ליכטלעך, דערציילן ווי וויכטיק עס איז אין אונזערע טאָטן דער אָנהייב, דער בראשית. אוי, דער אָנהייב! ר׳ נחמן בראַצלאַווער האָט געהאַלטן, אַז די ליכטלעך דערציילן וועגן אינערלעכן ליכט, וואָס פלאַקערט אין דער יידישער נשמה. און ביַי ר׳ לוי־יצחק בערדיטשעווער איז אויסגעקומען, אַז די ליכטלעך ריידן צו אונז, אַז טאָקע אָנצינדן, התלהבות, ברען, איז דער געבאָט. זיי דערציילן אונז, אַז מיר דאַרפן זייַן וואַרעמע, הייסע יידן.

ערשט דער שמש צווישן די ליכטלעך! אין דער יידישער וועלט, וואָס האָט נאָך פּולסירט מיט אייניקע צענדליק יאָרן צוריק, האָט מען זיך אָנגעשטרענגט צו דערגיין נישט בלויז וואָס די ליכטלעך זאָגן, נאָר אויך וואָס ווייַזט אָן דאָס שמש־ליכטל, וואָס מיט אים צינדט מען אָן די חנוכּה־ליכטלעך. צי זאָגט ער אונז נישט אָן ווי וויכטיק עס איז טאָקע צו זייַן אַ שמש, אַ דינער, אַ באַדינער, דינען דעם מיטמענטש, דעם כּלל, דעם פאָלק? ר׳ משה איסערליש פון קראָקע, באַקאַנט ווי דער רמ״אַ, איינער פון די גרויסע גייַסטיקע בויער פון פּוילישן יידנטום אין זייַן באַגינען־פּעריאָד, האָט געשריבן אין דער זאַמלונג פון זייַנע דינים, אַז מען דאַרף שטעלן דעם שמש אויף אַ העכערן פּלאַץ אין דער חנוכּה־מנורה ווי די אַנדערע ליכטלעך.

ניין, נישט דווקא לאַטקעס און ״קוויטלעך״ האָבן געהאַט אַ שייַכות מיט חנוכּה. דער דאַזיקער יום־טוב איז באַטראַכט געוואָרן אין דער וועלט וואָס יידישקייט איז געווען פאַר איר אַן אַקטיווער ווירקנדיקער עלעמענט, ווי אַן אָנדענק־דאַטע וואָס רעגט אָן צו טראַכטן און פאַרטראַכטן זיך. אין דער רירנדיקער אָנשטרענגונג צו דערוויסן זיך וואָס די חנוכּה־ליכטלעך דערציילן, האָט מען נישט אַדורכגעלאָזט גאָרנישט פון די פאַרוויקלטע יידישע פּראָבלעמען, וואָס זענען נוגע אונזער נעכטן, אונזער הייַנט און אונזער מאָרגן.

## לעקציעס, וועלכע מ׳האָט אַרויסגעלערנט פֿון פּורים

„פּורים איז נישט קיין יום־טובֿ", זאָגט דאָס פֿאָלקס־וואָרט. אין דער מגילה, וואָס מען לייענט פּורים — מגילת אסתּר — ווערט, וואָס אַן אמת, יאָ אָנגעוואָנדן דער באַגריף יום־טובֿ לגבי פּורים. אָבער דאָס האָט נישט געקענט ענדערן די אײַנשטעלונג פֿון פֿאָלק. טיפֿער האָט זיך אײַנגעבאַקן אין נאַציאָנאַלן באַוואוסטזײַן דער אויסדרוק „ימי הפּורים" — די טעג פֿון פּורים — וואָס געפֿינט זיך אויך אין דער מגילה. סתּם טעג, אַן פֿײַערלעכער באַצייכענונג. פּורים איז, הייסט עס, אַ יום־טובֿ אינדערוואָכן. טאַקע מיט לייענען די מגילה, מיט שיקן שלח־מנות; מען דאַרף מאַכן מאַלצײַטן, עסן און טרינקען און פֿריילעך זײַן; אָבער אָן ליכט־פֿײַערלעכקייט, אָן אָנצינדן ליכטלעך, אָן אַ ספּעציעלער טראַדיציאָנעלער צערעמאָניע.

און פֿאַרט, יאָ יום־טובֿ, נישט יום־טובֿ — אין דער מגילה איז אונטערגעשטראָכן געוואָרן, אַז כּל־זמן ייִדן וועלן לעבן ווי אַ פֿאָלק, „וועלן די טעג פֿון פּורים נישט אָפּגעשאַפֿט ווערן, און זייער אָנדענק וועט נישט פֿאַרגעסן ווערן בײַ די ייִדישע קינדער" (מגילת אסתּר ט, כח). די תּלמודישע ליטעראַטור האָט דערויף צוגעגעבן, אַז אַפֿילו ווען אַלע ימים־טובֿים וועלן בטל ווערן און פֿאַרשווינדן פֿון ייִדישן לעבנס־שטייגער, וועט פּורים ניט בטל ווערן און קיינמאָל ניט פֿאַרשווינדן (ירושלמי תּענית ב, ב). אין ייִדיש מזרח־אייראָפּע האָט מען זיך דאָס גענומען גוט אין זינען אַרײַן.

דאַכט זיך, אַ שטיפֿערישער, רוישיקער אָנדענק־טאָג. אָבער מען קען דורך אים אַרײַנדרינגען אין דער ייִדישער פּסיכיק; מען קען דורך אים זיך דערגרונטעווען צו די פֿאָלקס־אייגנשאַפֿטן, וואָס זענען וועזנטלעך־ייִדיש, היסטאָריש־ייִדיש; מען קען דורך אים דערגיין צום „פּינטעלע ייִד". אין די מזרח־אייראָפּעאישע שטעט און שטעטלעך האָט מען פֿון פּורים אַרויסגעלערנט לעקציעס.

אויפֿן ערשטן אָרט האָט זיך אַרויסגערוקט דער ייִדישער מוט צו פֿאַרבלײַבן אין אַלע צײַטן אַ מינדערהייט, און שפּאַנען עלנט און אַליין, פֿאַרבלײַבנדיק

צוגעבונדן צו די אייגענע באַגריפן און אידייען. אַזוי האָט דאָס פּאַסירט אין דער צײַט פון דער מגילה: המן איז דערהויבן געוואָרן דורך דעם מלך אחשורוש צום העכסטן אַמט אין קעניגלעכן ראַט פון פּערסיע. אַלע דינער פון קעניג האָבן געקניט און זיך געבוקט צו המנען (וועלכער האָט, ווי עס גיבן צו די קאָמענטאַרן, זיך דערקלערט פאַר אַן אָפּגאָט), וואָרום אַזוי האָט דער קעניג באַפוילן. איין מרדכי האָט דאָס נישט געטאָן: די דינער פון קעניג — דערציילט אין אַלע פּרטים די מגילה — האָבן געזאָגט צו מרדכי: פאַרוואָס טוסטו נישט אָפּהיטן די באַפעלן פון קעניג? אָבער ער האָט זיך צו זיי נישט צוגעהערט. ער האָט צו זיי געזאָגט, אַז ער איז אַ ייִד און ער האָט זיך נישט געבוקט; נישט געפאַלן אויף די קני פאַר המנען. און המן איז פול געוואָרן מיט גרימצאָרן. מרדכי ווייסט, אַז זײַן אַנט־שלאָסנקייט קען אים ברענגען צרות און פּײַן; אָבער ער בויגט זיך נישט אָפּ פון וועג, וואָס ער האָט פאַר זיך אָפּגעקליבן. די ווירדע פון דער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט, האַלט ער, מוז אָפּגעהיטן ווערן בײַ אַלע אומשטענדן.

אין דער קורצער מגילה, אין אירע צען קאַפּיטלען, איז נישטאָ קיין פּלאַץ צו דערציילן, וואָס ייִדן האָבן אַדורכגעמאַכט אין יענעם טייל וועלט, בעת זיי זענען פאַרטריבן געוואָרן פון ארץ־ישראל קיין בבל, און איידער עס האָט זיך אײַנגע־שטעלט די פּאָליטיק פון טאָלעראַנץ דורך דער אויפשטייגנדיקער אימפּעריע פון פּערסיע. בלויז דער אָפּשטאַם פון מרדכי איז אָנגעגעבן און די תקופה איז אָנגעצייכנט: ״מרדכי דער זון פון יאיר, דער זון פון שמעי... וועלכער איז פאַרטריבן געוואָרן צוזאַמען מיט יכניה, דעם מלך פון יהודה, דורך נבוכדנאצר, דעם קעניג פון בבל״... אָבער פון די תנכישע ספרים, וועלכע באַהאַנדלען יענע צײַט — ווי למשל דער ספר דניאל — קען מען זיך דערוויסן וועגן די לײַדן, וואָס ייִדן זענען דעמאָלט אויסגעשטאַנען, אויב זיי האָבן נישט מסכים געווען אָפּצוּוואַרפן זייערע טראַדיציעס און נישט געוואָלט ענדערן זייער לעבנס־שטייגער.

דניאל, און זײַנע חברים חנניה, מישאל און עזריה, זענען מוראדיק געפּײַניקט געוואָרן. מען האָט זיי אַרײַנגעוואָרפן אין פלאַקערנדיקן פײַער פון אויוון, וואו עס האָט זיי געדראָט פאַרברענט צו ווערן. מען האָט זיי אַרײַנגעשליידערט אין אַ גרוב מיט לייבן, כּדי זיי זאָלן ווערן פאַרצוקט. אָבער עס האָט נישט געהאָלפן. זיי האָבן זיך געהאַלטן בײַ זייערס און זיך נישט געבראָכן. ייִדישע געשיכטע איז נאָך דאַן געווען פאַרהעלטניסמעסיק יונג. זי איז ״ערשט״ אַלט געווען אומגעפער פופצן הונדערט יאָר. אָבער שוין דעמאָלט איז אַרויסגעטראָטן די ייִדישע האַרט־נעקיקייט, די אַנטשלאָסנקייט. דאָס לעבן האָט אַ ווערט, אויב מען קען פאַרבלײַבן געטרײַ צו זיך און צו די ווערטן, וואָס גיבן דעם לעבן אַ זין.

דעם אמת זאָגנדיק, האָט די דאָזיקע אייגנשאַפט אויפגעשפּראָצט גלײַך מיט דעם ערשטן ייִד. זי איז געוואָרן, אַזוי צו זאָגן, אײַנגעקנאָטן אין ייִדישקייט. וועגן אברהם אָבינו ווערט געזאָגט אין אונזערע אַלטע קוועלן, אַז ער האָט זיך געפונען

איינער אַליין, אויף איין זײַט, מיט זײַנע אידייען און איבערצײַגונגען; דאַקעגן אויף דער צווייטער זײַט האָט זיך געפונען די וועלט מיט אירע אינגאַנצן־פאַרשידענע איבערצײַגונגען און אידייען. אַזוי־אַרום ווערט דערקלערט, פאַרוואָס ער איז באַקאַנט געוואָרן ווי אברהם העברי, אברהם דער עברי. אין דאָזיקן וואָרט איז געוואָרן אויסגעדריקט זײַן פולשטענדיקע איינזאַמקייט (כל העולם כולו מעבר אחד, והוא, אברהם, מעבר אחד. — בראשית רבה ב, יג). נישט אַנדערש איז דאָס געווען שפּעטער, מיטן אויסוואוקס פון פאָלק. בעת ייִדן האָבן געוואַנדערט אין מדבר, האָט אַפילו אַ נישט־ייִד, בלעם — דער געצנדינערישער וויזיאָנער און פּאָעט — אויסגערופן אין פּאַטאָס: אָ, וואָסער אַלייניק פאָלק דאָס איז! (במדבר כג, ט). מען האָט מיטן דאָזיקן שטריך זיך אָנגעהאַלטן אין דער תּקופה פון זעלבשטענדיקייט, און מען האָט מיטגעטראָגן מיט זיך, ווען מען איז אַוועק אין גלות, די גרויסקייט און שיינקייט פון זײַן אַליין.

דאַכט זיך, אַ שטיפערישער, אויפגעהײַטערטער טאָג איז פּורים. אָבער אין זײַן שטיפערישקייט און אויפגעהײַטערטקייט איז אײַנגעגראָבן טיף דאָס פּינטעלע ייִד. דער ייִדישער מוט און כּוח צו שפּאָגען אַליין, פאַר יעדן פּרײַז, קוקן פון אים אַרויס, רעדן פון אים אַרויס; עס בעט זיך צו זאָגן: גרעגערן פון אים אַרויס. אַרום אָט דער אָנטשלאָסנקייט דרייען זיך די פּאַסירונגען, וואָס האָבן דערפירט צום אויפקום פון פּורים. אַזוי האָט מען אין ייִדיש מזרח־אייראָפּע אײַנגעטײַטש און באַנומען דעם פּורים. דאָס איז געווען איינע פון די לעקציעס, וואָס מ׳האָט פון אים אַרויסגעלערנט.

אַ צווייטע פאָלקס־כאַראַקטעריסטיק, וואָס איז צונויפגעפּאָרט מיט פּורים, איז אין מזרח־אייראָפּעאישן ייִדישן באַנעם געווען דער באַוואוסטזײַן פון דער ייִדישער גורל־צונויפגעבונדנקייט. טאַקע אַ צעזייט און צעשפּרייט פאָלק, ווי המן האָט דערקלערט, אָבער פאַרט זענען אַלע טיילן צונויפגעהאָפטן. מיט אָט־דעם אַרגומענט האָט זיך באַנוצט מרדכי, ווען ער וויל איבערצײַגן די קעניגין אסתּר, אַז זי זאָל זיך אײַנשטעלן בײַם קעניג אָפּצושרײַען די אויסראָטונג־גזירה קעגן דער ייִדישער באַפעלקערונג. רעד זיך נישט אײַן — לאָזט ער איר וויסן — און מײַן נישט בײַ זיך, אַז אין טאָג פון פּײַן וועסטו זיך אָפּראַטעווען פון דעם גורל פון אַלע ייִדן דערפאַר, ווײַל דו געפינסט זיך אין דעם קעניגלעכן הויז. אויב דו וועסט שווײַגן אין דער איצטיקער צײַט, וועט אַ הילף און אַ רעטונג קומען צום פאָלק פון אַן אַנדער אָרט, און דו און דײַן פאָטערס הויז וועלן אונטערגיין... דעם אַרגומענט פון פאָלקס־אייניקייט ברענגט לסוף אַרויס אויך די קעניגין, ווען זי שיקט צו מרדכין די ווענדונג, אַז ער זאָל צונויפזאַמלען אַלע ייִדן אין דער הויפּטשטאָט, אין שושן, און אָט־דער צונויפקום פון אַחדות, תּפילה און אינערלעכער לײַטערונג, וועט אַרײַנגעבן אין איר די שטאַרקייט און געוואַגטקייט, אין וועלכע זי נויטיקט זיך...

מיט דעם אַלץ שטײַגנדיקן באַוואוסטזײַן פון פֿאָלקס־בשותּפֿותדיקייט טרעפֿט מען זיך אָן אין די ווײַטערדיקע קאַפּיטלען פון דער מגילה, ממש ביז די לעצטע ווערטער. מרדכי איז אַרײַנגעטאָן אין דער זאָרג פֿאַר דער סיטואַציע פון פֿאָלק.

מערקווירדיק קומט אויס, אַז אָט דער צונויפֿברודערונג־באַוואוסטזײַן, וועלכער איז געוואָרן דער ייִדישער אייגנטימלעכער שטריך אין די דריטהאַלבן טויזנט יאָר, וואָס טיילן אונז אָפּ פון די פּורים־פּאַסירונגען, איז שוין אַרויסגעטראָטן מיט אַזוי פיל קלאָרקייט און שאַרפֿקייט דעמאָלט, אין דער באַגינען־עפּאָכע. דערצו מוז מען דאָך געדענקען, אַז אין דער ייִדישער געזעלשאַפֿט אין פּערסיע זענען געווען שטאַרק קענטיק די אַסימילאַציע־טענדענצן. די קעניגין האָט געהאַט אַ ייִדישן נאָמען פון דער היים: הדסה. אָבער זי איז דערשינען אונטערן פרעמדן נאָמען: אסתּר. בעת זי האָט פּרעטענדירט געקרוינט צו ווערן ווי קעניגין, האָט איר מרדכי אָנגעזאָגט, אַז זי זאָל, חס וחלילה, נישט אויסגעבן, אַז זי איז אַ ייִדישע טאָכטער. אויך דער נאָמען מרדכי איז פֿאַרוואָרצלט אין פּערסישע באַגריפֿן. שוין אָפּגעשמועסט דערפֿון, אַז ״פּורים״ איז אַרויסגענומען פון פּערסישן ווערטער־בוך. אַזוי האָט מען באַצייכנט אויפֿן פּערסישן לשון דאָס וואָרפֿן גורל.

אָבער די פּורים־מגילה באַווײַזט, אַז אויך אין גלות פּולסירט צווישן ייִדן דאָס געפֿיל פון בשותּפֿותדיקייט. פּורים איז דער יום־טוב, וואָס אין אים האָבן אָנגעהויבן רײַף צו ווערן די אייגנשאַפֿטן, וועלכע האָבן אַרויסגעשטראַלט — און שטראַלן כּסדר אַרויס — פון דער ייִדישער צעשפּרייטקייט אין די סאַמע־אומהיימלעכסטע תּקופֿות. פּסח, שבֿועות, סוכּות, האָבן נישט צו טאָן מיט דער גלות־דערפֿאַרונג. אויך ראש־השנה און יום־כּיפּור פֿאַרמאָגן ניט קיין גלותדיקן אָפּשטאַם. תּשעה־באָבֿ דערמאָנט דעם חורבן. חנוכּה איז אַנטשטאַנען אין ארץ־ישׂראל. פּורים דערגרונטעוועט זיך צום ייִדישן כּאַראַקטער און צום ייִדישן האַרץ, אַזוי ווי זיי זענען אויסגעבויט געוואָרן אין גלות.

וואו שטעקן די פֿעדעם, וואָס קניפּן צונויף ייִדן פון אַלע טיילן פון דער וועלט אין איין גאַנצקייט? צי זענען זיי רעליגיעזע, נאַציאָנאַלע, אַטאַוויסטישע? צי דאַרף מען זיי דערקלערן מיטן באַגער זיך אויפֿצוהאַלטן און זײַן מסוגל צו פֿירן אַלע צוזאַמען דעם געראַנגל פֿאַר קיום? אָדער זענען די פֿעדעם מיסטעריעזע, מיסטישע? מען האָט אויף דער טעמע זיך געחקרנט אין ייִדיש מזרח־אייראָפּע; אין אַלטע ספֿרים, אין מאָדערנע ביכער. אין פֿאָלקס־געדאַנק האָבן זיך אײַנגעקריצט דווקא די שנײַדיקע אַפֿאָריזמען, וואָס האָבן געגעבן אויסדרוק צו דעם ווילן זיך אײַנצוגלידערן אין כּלל־ישׂראל, ווי למשל: ״אַלע ייִדן זענען פֿאַראַנטוואָרטלעך איינער פֿאַר דעם אַנדערן״ (כּל ישׂראל ערבֿים זה בזה — שבֿועות לט). אָדער גאָר: ייִדן זענען ווי די ניס. פּונקט ווי ניס, בשעת דו נעמסט אַראָפּ איינעם פון אַ קופּע, באַוועגן זיך אַלע איבעריקע און רירן זיך פון אָרט; אַזוי איז אויך מיטן פֿאָלק

ישׂראל: אַז מען שלאָגט איין ייִד, דערשפּירן מיטאַמאָל אַלע דעם ווייטיק (שיר השירים רבה, ו).

אין די פּורים־מנהגים און טראַדיציעס, וואָס זענען צוגעקומען אין לויף פון דורות, איז אויפגעהיטן געוואָרן דער אויסדרוק פון דער בשותּפותדיקייט פון פאָלק. נישט בלויז שלח־מנות צו אָרעמע לײַט דאַרף מען שיקן, נאָר סתּם איינער צום צווייטן (איש לרעהו). אַלע זענען צונויפגעקייטלט אין איין רינג. אין די פּורים־פאַרווײַלונגען, וואָס האָבן צוגעגעבן פרייִלעכקייט און קאָליר, איז אָפּגעווישט געוואָרן יעדער אונטערשייד, צווישן אָרעם און רײַך, למדן און עם־הארץ, סוחר און בעל־מלאכה, באַלעבאָס און אַרבעטער. אויך דער רב איז פּורים אַראָפּ פון זײַן מדרגה און געוואָרן איינער פון המון. ווען אַפילו ער האָט זיך אַליין נישט באַטייליקט אין פּורימדיקן פאָלקלאָר, איז זײַן לערנען אַרײַן אין דער פאָלקלאָר־תּורה. אפשר האָבן דאָס געוואָלט אין תּוך דערגרייכן די פּורים־פאַרשטעלטע: אַדורכפירן אַ דעמאָנסטראַציע פון פאָלקס־צונויפגעבונדנקייט. אַלע מישן זיך אויס אין אַ מאַזאַאיק פון ייִד און זײַן קליידונג, פון ייִד און זײַן געזאַנג. ווי דאָס אַלץ וואָלט נאָך נישט געווען גענוג, און עס פאַרבלײַבט נאָך עמעצער, אַ מאַן אָדער אַ פרוי, אויסער דעם פּורים־ראָד ווײַל דאָס געפיל פון גורל־סאָלידאַרישקייט איז נישט אין יעדן איינעם טיף אַרײַנגעדרונגען — קומט די צוקונפט־וויזיע אין דער תּלמודישער ליטעראַטור: כּל ישׂראל, אַלע ייִדן וועלן זיך נאָך צונויפזאַמלען און אָפּריכטן פּורים אַלע צוזאַמען (פּסיקתא זוטרתי, אסתר ט).

טאָמער איז נישט גענוג אַרויסגעהויבן געוואָרן אַלץ, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער ייִדישער צעשפּרייטקייט, אינספּירירט פּורים צו דערמאָנען זאַכן, וואָס האָבן פּאַסירט און פּאַסירן. אַט למשל: די הערָאָאישע אָנשטרענגונגען, וואָס זענען אין פאַרשידענע תּקופות אונטערגענומען געוואָרן, כּדי אויסצולייזן ייִדן, וואָס זענען "געכאַפּט" אָדער געפאַנגען געוואָרן דורך געוויסנלאָזע מאַכט־האָבער, גזלנים אָדער פּיראַטן; ייִדן פון פרעמדע מקומות, פון העט־ווײַט. פּדיון שבויים — אויס־לייזן געפאַנגענע — אַזוי האָט מען אָנגערופן אָט־די מסירת־נפשדיקע אָנ־שטרענגונגען. מען האָט דאָס געטאָן אין דער אַמאָליקער רוימישער אימפּעריע; מען האָט דאָס געטאָן אין די קהילות אין מיטלאַלטער, אין דער נײַער צײַט. אַ סך ביישפּילן פון קרבנות־גרייטקייט פון און אַרום מזרח־אייראָפּעאישן ייִדנטום, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן פּדיון שבויים, קענען אַרויסגעברענגט ווערן. ייִדן פון די שטעט און שטעטלעך האָבן אַרײַנגעשריבן אַ וואונדערפול בלאַט פון סאָלידאַרישקייט, ווען ייִדן־ברידער האָבן זיך געפונען אין דער קלעם. מ'האָט אויך זיך אָנגעטראָפן אויף קעגנזײַטיקער ברודערלעכקייט. מיר, וועלכע האָבן געלעבט אין מזרח־אייראָפּע צווישן די צוויי וועלט־מלחמות, געדענקען נאָך וואָסער פאַרלײַכטערונג פאַר אונזער שווערן געמיט עס האָבן אַרײַנ־געטראָגן די דעלעגאַציעס, וועלכע פלעגן קומען מצד די ענגלישע און אַמע־

ריקאַנער ייִדן כּדי צו אינטערוועניִרן בײַ די מזרח־אייראָפּעאישע רעגירונגען לטובֿת דער גערודפֿטער ייִדישער באַפֿעלקערונג. אמת: אויך קריטיק פֿלעגן מיר האָבן קעגן די דאָזיקע דעלעגאַטן. אונדז האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זיי טוען נישט גענוג; אַז זיי באַנוצן זיך ניט מיט דעם שטרענגען לשון, וואָס מיר האָבן געהאָפּט צו הערן פֿון זיי. אָבער מיר האָבן געפֿילט, אַז מען האָט אונדז נישט פֿאַרלאָזט און אַז מיר האָבן ברידער און שוועסטער אין גאָר דער וועלט. נישט בלויז פּאָליטישע הילף האָט דערגרייכט, נאָר אויך מאַטעריעלע. אָרגאַניזאַציעס זענען אַנטשטאַנען אין צוויי עק וועלט מיט דער אויפֿגאַבע צו פֿאַרלײַכטערן די נויט אין אונדזערע מקומות. אַט די אָרגאַניזאַציעס פֿונקציאָנירן כּסדר אין דער ייִדישער צעשפּרייטקייט. ס׳איז אוממעגלעך צו געפֿינען אַ פֿאָלק, וואָס קען זיך פֿאַרגלײַכן אין דעם פּרט פֿון אַנטוויקלטער, וואַרעמער סאָלידאַריטעט, צום ייִדישן פֿאָלק.

צום ערשטן מאָל אין דער ייִדישער געשיכטע האָט דאָס צוזאַמענדיק־ייִדישע הארץ אַנגעהויבן הויך קלאַפּן אין די דראַמאַטישע געשעענישן, וואָס האָבן דערפֿירט צום פּורים־יום־טובֿ. אויף דעם מאָטיוו פֿון "פּינטעלע ייִד" איז געבויט די מגילה. פֿון איר גייט זיך פֿונאַנדער דער רוף: חברים כּל ישׂראל. אַלע זענען מיר צווישן זיך צונויפֿגעבונדן און צונויפֿגעקניפּט. אין ייִדיש מזרח־אייראָפּע איז מען געווען באַוווסטזיניק פֿאַר אַט דער געשיכטלעכע טראַדיציע. פּורים האָט נאָך מער פֿאַר־שטאַרקט איר כּסדרדיקע אַקטועלקייט.

נאָך אַ דריטער פֿאָלקס־שטריך איז אַנטקעגן געקומען פֿון פּורים: ייִדישער אָפּטימיזם, אָדער ווי ער ווערט אויסגעדריקט אין ייִדישלעכן באַגריף: ביטחון.

אין די פֿאַרשידנסטע פֿאָרמען איז אין אונדזער עקזיסטענץ דורך דורות אַרויסגעבראַנגט געוואָרן דער אומדערשיטערטער גלויבן, אַז ליכטיקע טעג וועלן נאָך אויפֿשײַנען. דער רעפֿריין "כּי טובֿ" — אַלץ איז גוט, און קען ווערן נאָך בעסער — איז אַרײַנגעדרונגען אין ייִדישקייט גלײַך מיטן וועלט־באַשאַף. די נביאים, וועלכע האָבן מיטגעמאַכט דעם אונטערגאַנג פֿון דער נאַציאָנאַלער זעלבּ־שטענדיקייט, האָבן גלײַכצײַטיק געבראַנגט צום פֿאָלק דאָס וואָרט פֿון טרייסט און דעם אָטעם פֿון אויפֿמונטערונג. מען איז געוואוינט צו באַצייכענען דעם נבֿיא ירמיהו ווי דעם באַווײַנער און באַקלאָגער פֿון חורבן. אָבער דאָס איז דאָך נישט אינגאַנצן אַזוי. פֿון די קאַפּיטלען אין זײַן ספֿר גייט אויך אויף געזאַנג, שלאָגט פֿרייד, יאָגט זיכערקייט. בלויז מיט ביטערע טרערן גיסט די פֿאַרצײַטישע גריכישע יאָמער־דיכטערין קאַסאַנדראַ. ייִדישע פּאָעטן פֿון טרויער פֿאַלן נישט אַרײַן אין שוואַרצן יאוש, נאָר מישן צונויף געוויין מיט האָפֿענונג. אַפֿילו ווען אַ שאַרפֿע שווערד ליגט אויפֿן האַלדז פֿון מענטש, טאָר ער נישט פֿאַרצווייפֿלען, דערקלערט דער תּלמוד (ברכות י). אין דער אומהיימלעכקייט פֿון זײַן צײַט, האָט ר׳ נחמן בראַצלאַווער אויסגעשריגן: געוואַלט, ייִדן, זײַט זיך נישט מייאש! אין שווידער און

גרויל פון נאַצי־חורבן, האָט מען אין פּאַרטיזאַנער־הימן געזונגען: "זאָג נישט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג!"... אפשר קיינער פון די שרײַבער פון לעצטן חורבן האָט נישט אַרויסגעבּרענגט אַזעלכע יאוש־טענער ווי יצחק קאַצענעלסאָן; אָבער אויך זײַן פאַרצווייפלונג איז אַדורכגענומען מיטן צווייפל, אויב מען דאַרף טאַקע פאַרצווייפלען.

נישט אַלעמען אין דער וועלט־פילאָסאָפיע און וועלט־ליטעראַטור איז געלונגען צו דערגרונטעווען צו דער ייִדישער נשמה. זיכער איז דאָס נישט געראָטן די, וועלכע זענען גלײַך צוגעגאַנגען מיט אַנטיסעמיטישע פאַראורטיילן. דער פילאָסאָף אַרטור שאָפּענהויער איז געווען איינער פון זיי. אָבער ער איז געווען גערעכט, ווען ער האָט דעם ייִדישן באַנעם באַצייכנט ווי אַן אָפּטימיסטישן. אַזוי איז דאָס טאַקע. אויך די אַזוי־גערופענע פּעסימיסטישע ספרים אין תּנ"ך, איוב און קהלת, פאַרענדיקן זיך מיט אַן אָפּנויג פון פּעסימיזם און שטרײַכן אונטער דאָס פּאָזיטיווע אין לעבן און זײַן. אין די תּפילות פון ייִדישן נײַעם יאָר ווערט כּסדר אַרויסגעהויבן די דערמוטיקנדיקע האָפענונג, אַז דאָס שלעכטע וועט פאַרשווינדן, ווי דער רויך, און די מאַכט פון רשעות וועט זיך אָפּטאָן פון דער ערד.

אַן ענטוזיאַסטישע אָדע צו דעם גלויבן אין ליכטיקע טעג איז די פּורים־מגילה. אַלץ האָט אויסגעזען צו זײַן געדיכט פאַרוואָלקנט; דער רשע און די רשעות האָבן געוועלטיקט אין דער פּערסישער מדינה; די דעקרעטן פון אויסראָטונג זענען געוואָרן אונטערגעשריבן, פאַרזיגלט, פונאַנדערגעשיקט צו אַלע פּראָווינצן; ייִדן זענען הפקר! אָבער דאָך האָבן די געשעענישן זיך אַנטוויקלט אין אַ פאַרקערטער ריכטונג. פון קיין אַנדערן ייִדישן אָנדענק־טאָג פּלייצט נישט דער אָפּטימיזם אַרויס אַזוי סטיכיש, מיט אַן אימפּעט וואָס איז ווײַט פון צו זײַן געהאַמעוועט און געצוימט, ווי פון פּורים.

די געפאַנגענע פון דער האָפענונג — אַזוי האָט דער גרויסער דיכטער פון מיטלאַלטערלעכן שפּאַניע, ר' יהודה הלוי, כאַראַקטעריזירט אונזער פאָלק. ווי אַזעלכע ווערן ייִדן געשילדערט אין די פּאָעטישע פראַגמענטן — די פּזמונים — וואָס געפינען זיך אין סידור און וועלכע מען דאַרף זאָגן נאָכדעם ווי מען האָט פאַרענדיקט לייענען די מגילה. געוויינלעך, כאַפּט מען זיי אָפּ אויף דער גיך. זיי פאַרדינען געלייענט צו ווערן מיט קאָפּ. דאָרט ווערט געזאָגט: אין דער וועלט האָבן די מענטשן געגאַפט, געעפנט מויל און אויערן: ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך געווען? ווי אַזוי איז געקומען דערצו, אַז פון דעם בוים, וואָס פון אים האָט געזאָלט אַראָפּהענגען מרדכי, האָבן גאָר אַראָפּגעהאָנגען המן און זײַנע צען זין?! ניסים, וואונדער, זענען אַ וועזנטלעכער טייל פון דער ייִדישער דערפאַרונג. די רויז, צו וועלכער דאָס ייִדישע פאָלק איז צוגעגליכן — שושנת יעקב — בליט זיך פונאַנדער מיט שטוינענדיקע וואונדער. ייִדן פאַלן און שטעלן זיך ווידער אויף — איז מען געקומען צום אויספיר אין די תּלמודישע ווערק (תּנחומא, נצבים).

אָט דער אויספּיר האָט, ווײַזט אויס, געדינט ווי אַ מאָטיוו פאַר ה. לייוויק אין זײַנע באַקאַנטע פּערזן וועגן ייִד, וואָס פאַלט, הייבט זיך אויף, און שפּאַנט אַוועק ווײַטער. אויך אין דער וועלט־ליטעראַטור, אין דער קונסט, אין דער מוזיק, איז אַנטשטאַנען דער באַגער זיך אַנצווואַרעמען אין דעם גלויבן, וואָס שטראָמט אַרויס פון דער פּורים־מגילה. עס זענען מיטגעצויגן געוואָרן מיט דעם פּורים־וואונדער ראַסין אין זײַן דראַמע וועגן אסתּר המלכּה, רעמבראַנדט אין זײַנע מגילה־בילדער, הענדעל אין זײַן מוזיק. אַ גלות־פּאַסירונג פון דריטהאַלבן טויזנט יאָר צוריק, אין אַ ייִדישער קהילה, ערגעץ־וואו אין פּערסיע, איז דערהויבן געוואָרן און אינטער־פּרעטירט געוואָרן ווי אַ געמיט־אויפשטורעמענדיקע, מיט סימבאָלן אַדורכגעדרונ־גענע, אומגעווייגלעכע געשיכטלעכע עפּאָפּייע.

דאַכט זיך: אַ שטיפערישער, שפּילעוודיקער יום־טובֿ איז פּורים, אָבער ערשט דורך דער פּורים־פּריזמע איז מעגלעך זיך צו דערנענטערן צום "פּינטעלע ייִד", באַטראַכטן די עיקר־אייגנשאַפטן פון אונזער פאָלק, פאַרטראַכטן זיך איבער דעם אייגנאַרטיקן בײַטראָג פון דער גלות־דערפאַרונג. אין דעם ייִדישן לעבנס־שטייגער וועקן אַפילו די פּורים־שפּילערייען, די גרעגערס און די פאַרשטעלטע, צו פאַרטיפטע מחשבות. אין די מזרח־אייראָפּעאישע שטעט און שטעטלעך האָט מען אַרויסגעלערנט פון פּורים וויכטיקע, באַדייטפולע לעקציעס.

# מה נשתנה, פאַרוואָס איז די נאַכט פון פסח אַנדערש...

גאָר אַ סך אויסדרוקן און כוונות האָט אָנגענומען פסח, דער עלטסטער ייִדישער יום־טוב, אין די טויזנטער יאָרן פון אונזער געשיכטע. מען האָט טאַקע אויפגעהיטן און אויפגעהאַלטן, דור נאָך דור, די אָריגינעלע כאַראַקטעריסטיק פון יום־טוב; אָבער יעדער ייִדישער קיבוץ האָט אַרײַנגעגעבן אין פסח אויך עטוואָס פון דער אייגענער דערפאַרונג, אַרויסהייבנדיק די שטריכן, וואָס האָבן אים צומײַנסטן אימפּאָנירט. פסח איז דעריבער פאַר אַלע ייִדן, וואו זיי זאָלן זיך נישט געפינען — און וואָסערע עס זאָלן נישט זײַן זייערע געשיכטלעכע איבערלעבונגען — דער יום־טוב פון דער באַפרײַאונג פון עגיפּטישן יאָך, דער יום־טוב פון גלויבן און האָפענונג; אָבער פון אים שײַנט אויך אַרויס דאָס, וואָס די און יענע ייִדישע ישובים האָבן אין אים אַרײַנגעטאָטעמט און אַרײַנגעטייטשט.

אויב עס גייט אין דעם לעבנס־שטייגער און אין די צערעמאָניעס, וואָס האָבן זיך אויסגעפורעמט אין ייִדיש מזרח־אייראָפּע, ווײַזט זיך אונז אויס, אַז דאָרט זענען בעיקר אונטערגעשטראָכן געוואָרן די פראַגעס און קשיות, מיט וועלכע אָט־דער יום־טוב איז צונויפגעבונדן זינט די אור־צײַטן, און צו וועלכע עס זענען צוגעגעבן געוואָרן אייגענע און נײַצײַטיקע.

מען מוז געדענקען, אַז פון אַלע ייִדישע קיבוצים, וואָס האָבן זיך אויסגע־שטאַלטיקט, איז בײַם מזרח־אייראָפּעאישן ישוב, דאָס פרעגן געווען — און מיטן לויף פון די יאָרהונדערטער אַלץ מער געוואָרן — אַ טייל פון זײַן עקזיסטענץ, אַ באַשטאַנד־טייל פון זײַן פּסיכיק. ווען מען האָט אין די שטעט און שטעטלעך פון יענער אונטערגעגאַנגענער וועלט געפרעגט בײַ אַ ייִד, וואָס ער מאַכט, האָט ער מיט דער פולער נאַטירלעכקייט געענטפערט: וואָס זאָל איך מאַכן? ווען מען האָט בײַ אַ ייִד געפרעגט, וואוהין ער גייט, האָט ער אויטאָמאַטיש אָפּגעענפערט: וואוהין זאָל איך גיין?

דערצו, אַז עס זאָל זיך אויסבויען אַזאַ פּסיכיק, האָט, פאַרשטייט זיך, אין אַ שפּאַרער מאָס, מיטגעווירקט דער תלמוד, וואָס מען האָט דורך יאָרהונדערטער געשמאַק געלערנט, און וואו דאָס אָפּשלאָגן אַ פראַגע מיט אַן אַנדער פראַגע איז

דער געוויינלעכער נוסח. אָבער אין ייִדיש מזרח־אייראָפּע איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ געדאַנקען־סיסטעם, וועלכער האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט אָט־די נייגונג זיך צו פאַרוויקלען אין ענדלאָזע קשיות. עס איז אײַנגעשטעלט געוואָרן די דיאַ־לעקטיק, וואָס איז באַצייכנט געוואָרן ווי "פילפול", און וואָס האָט פאַרוואַנדלט דאָס פרעגן אין עטוואָס אַזוינס, אַן וועלכן מען קען זיך גאָר אײַנגאַנצן נישט באַגיין. אַפילו ווען מיטן לויף פון די צײַטן איז די גמרא מער נישט געווען אַלעמענס האַנט־ספר, איז דאָך צוליב דעם נישט אַרײַנגעטראָטן קיין ענדערונג אין דעם צוגאַנג צו זאַכן און דערשײַנונגען. די זעלבע איז פאַרבליבן די פּסיכיק. דער נײַצײַטיקער העברעאישער שרײַבער מרדכי זאב פייערבערג האָט אין אַ פראַגע־צײַכן — "וואוהין ?" — איבערגעגעבן דעם אינהאַלט און די טענדענץ פון זײַנער אַן עפּאָכע־מאַכנדיקער דערציילונג ; אחד העם, דער אידעאָלאָג פון די מאָדערנע נאַציאָנאַלע שטרעמונגען — וועלכע זענען אַרײַנגעדרונגען אין דער ייִדישער גאַס — האָט צוגעקליבן פאַר זײַנע באַטראַכטונגען דעם נאָמען "אויפן שיידוועג" ; און אין ייִדישן ליד, וואָס האָט זיך געטראָגן פון מויל צו מויל, האָט געוואונען פּאָפּולערקייט דער רעפריין : "וואוהין זאָל איך גיין ?".

אַזוי איז אויך געווען מיטן פסח. מען האָט געלייגט דעם טראָפּ אויף די קשיות און פראַגעס. פון די שטעלעס אין חומש, וואו דער פסח ווערט באַהאַנדלט, האָט מען אַרויסגעהויבן די פראַגעס, וועלכע ווערן דאָרט אַרויסגערוקט, און פאַר וועלכע עס דאַרפן שטיין אַלע דורות, ווי למשל : וואָס באַדײַט די דאָזיקע צערעמאָניע פאַר אײַך ? — מה העבודה הזאת לכם — אָדער גאָר די איינפאַכע פראַגע, וואָס באַשטייט סך הכל פון צוויי ווערטער, אָבער וואָס פאַרלירט דאָך צוליב דעם גאָרנישט פון איר טיפקייט און קאָמפּליצירטקייט : מה זאת — וואָס איז דאָס ? . . . מען האָט מיט שטרענגער גענויקייט זיך אָנגעהאַלטן אין דעם אָנגענומענעם אָנווײַז, אַז שוין דרײַסיק טעג פאַר פסח דאַרף מען זיך גריבלען און גראָבן אין אַלערליי סאָרטן פראַגעס, וואָס האָבן אַ שײַכות צו פסח (שואלים ודורשים) . . . טאַקע דאָס פאַרברענען דעם חמץ, דאָס אויסראָמען די קרישקעס פון חמץ.

אין די שטעט און שטעטלעך פון ייִדיש מזרח־אייראָפּע איז דאָס ווײַט נישט געווען אַזוי פּשוט. חמץ איז דאָרט נישט געווען סתּם ברויט, אָדער וועלכע עס איז חמצדיקע שפּײַז, וואָס מען טאָר נישט, לויט דעם דין, האָבן אין שטוב אין פסח. חמץ איז אויך דאָס זויערע און קאַליעדיקע, וואָס זאַמלט זיך אָן אין דער אייגענער נשמה און האַרץ, און פון וועלכן מען דאַרף אַזוי דרינגענדיק זיך באַפרײַען. "שאור שבעיסה" — דאָס זויערע אין טייג — האָט מען עס אָנגערופן אין די אַלטע ספרים. פאַר מזרח־אייראָפּעאישע ייִדן איז דאָס נישט געווען קיין הוילער זאָג. מען האָט ערנסט זיך פאַרנומען מיטן אַרומזוכן אין זיך אָט־דאָס דאָזיקע "זויער־געוואָרענע", און זיך אָנטשלאָגן דאָס אויסרוימען, און נישט איבערצולאָזן דערפון קיין איבער־בלײַב. אויב עס איז נויטיק געווען כּדי צו דערגרײַכן דעם ציל אונטערצונעמען אַ

מלחמה מיט זיך אַליין, איז מען גרייט געווען אַרויסצוגיין צו דער מלחמה קעגן זיך אַליין אין סאַמע ערב פּסח.

אין דער חסידישער טראַדיציע ווערט דערציילט, אַז דער רבי, ר׳ הירש רימאַנאָווער פלעגט יעדעס יאָר, איידער מען האָט בודק געווען דעם חמץ, אַזוי אַרום געבן צו פאַרשטיין, וואָס בדיקת־חמץ באַדײַט. אויב מען רוימט נישט אויס דאָס שלעכטס פון זיך אַליין, און מען זאָגט זיך נישט אָפּ פון די זינד, וואָס מען באַגייט לגבי דעם מיטמענטש, איז מען גאָרנישט יוצא מיטן אויסרייניקן דאָס הויז פון חמץ, און מען איז אינגאַנצן נישט מסוגל צו דערפילן דעם טעם פון פּסח — פלעגט ער זאָגן.

מיט אַ טורעם פון האַרבע קשיות האָט זיך אַרײַנגעשטעלט דער יום־טוב. מען האָט דאָס באַשײַנפּערלעך געקענט באַמערקן דעם שבת פאַר פּסח, שבת הגדול. אומצאָליקע זענען די דערקלערונגען, וואָס ייִדן אין מזרח־אייראָפּע האָבן געגעבן, פאַרוואָס אָט־דער שבת, וואָס עפנט די טויערן צו פּסח, ווערט אַזוי אָנגערופן. אַלע אידעאישע ריכטונגען האָבן זיך אַרײַנגעלאָזט אין אָט־דער איני־טעלעקטועלער איניציאַטיוו. פאַרצײַטישע און מאָדערנע. פון די הלכה־אויס־טײַטשער אין זעכצנטן יאָרהונדערט ביז צו די פאָרשער און מלומדים אין פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, און אַפילו ביז צו די פּובליציסטן און פּאָפּולערע שרײַבער, וועלכע האָבן נאָך געווירקט מיט עטלעכע יאָרצענדליק צוריק. ווער עס האָט אַרויסגעפירט איינצלהייטן וואָס זענען צונויפגעקניפּט מיטן נס פון פּסח, און פאַרזיכערט, אַז זייער אָנהייב דאַרף מען זוכן אין פאַר פּסחדיקן שבת; ווער עס האָט באַשטימט, אַז נישט דווקא מיט דער ווײַטער פאַרגאַנגענהייט איז אינספּירירט דער דאָזיקער שבת, וועלכער ווערט אָנגערופן "דער גרויסער שבת", נאָר גראָד מיט דער צוקונפט, און מיט דער גאולה, וואָס איז אָנגעברייט צו קומען. אָבער בעצם באַקומט זיך דער אײַנדרוק, אַז מען איז נישט געווען אַזוי שטאַרק פאַרטאָן אין אויסגעפינען דעם תירוץ, ווי אין אַרויסרוקן אין איר פולער שאַרפקייט די פראַגע. אייגנטלעך: די פראַגעס...

וואָרום מען איז געווען זיכער, אַז עס איז נישט גענוג צו וויסן, וואָס ייִדן האָבן אַלץ אַדורכגעמאַכט אַמאָל אין לאַנד פון די פּיראַמידן, און ווי אַזוי זיי האָבן דערגרייכט באַפרײַט צו ווערן, נאָר וויכטיק איז איבערצולעבן די זאַכן. מען איז אַדורכגעדרונגען געוואָרן מיטן היסטאָרישן אָנזאָג, אַז אין יעדן דור מוז דער ייִדישער מענטש זען און באַטראַכטן זיך אַליין גלײַך ווי ער וואָלט געווען אַ שקלאַף אונטער די פּרעהס; און גלײַך ווי ער וואָלט אַרויסגעגאַנגען פון מצרים. מען האָט געמאַכט די גרעסטע אָנשטרענגונג אַדורכצענומען צו ווערן מיט לײַב און נשמה מיט אָט־דער איבערלעבונג. דאָס פרעגן האָט געהאָלפן דאָס צו פאַרווירקלעכן. דאָס פרעגן האָט אָפּגעווישט די ווײַטקייטן און דערנענטערט די פּאַסירונגען, האָט

אַרײַנגעברענגט אין געמיט די אײַנשטעלונג, אַז מען איז דאָרט אויף אַן אמת געווען, און אַקטיוו זיך באַטייליקט אין יענער שפּאַנענדיקער דראַמע.

איטלעכן טאָג מוז אַ ייִד אַרויסגיין פון מצרים — האָט אויסגערופן ר׳ ישׂראל, דער מגיד פון קאָזשעניץ. דאָס פאַרוועבן זיך אין פסח־פראַגעס אפילו נאָך איידער דער יום־טוב איז צוגעפאַלן, האָט באַוואויזן, אַז צווישן פאַרשטעלונג און ווירק־לעכקייט, צווישן פאַרגאַנגענהייט און קעגנוואַרט, זאָל זיך פאַרווישן וועלכע־עס־איז גרענעץ.

ערשט דער סדר, ערשט די הגדה! נישט בלויז דאָס געזאַנג פון דער ייִדישער געשיכטע האָט מען אין דער פסח־נאַכט דערהערט און געצויגן, נאָר גאָר שטאַרק האָט מען זיך פאַרוויקלט אין די פראַגעס, וואָס הגם זיי חזרן זיך איבער פון יאָר צו יאָר, קומט דאָך אויס, אַז זיי וואַרטן נאָך אַלץ אויף אַן ענטפער. מיט די פיר קשיות, וואָס עס פרעגט דער יונגסטער פון דער פאַמיליע, האָבן זיך באַשעפטיקט נישט דווקא קינדער. זיי האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין פאַלקס־קשיות. געדיכטע פירושים זענען אויף זיי אָנגעשריבן געוואָרן פון דענקער און ערודיטן; און הגם אויך אין אַנדערע ישובים זענען צו זיי צוגעגעבן געוואָרן פירושים, און ייִדן אין מזרח־אייראָפּע האָבן זיך געקוויקט מיט די דערקלערונגען פון דון יצחק אַברבנאל, למשל, דער גדול פון שפּאַנישן ייִדנטום, און זײַן הגדה האָט געוואונען פּאָפּולערקייט אויפן סדר־טיש, האָבן זיי דאָך געפילט, אַז נאָך נישט אַלץ איז דורך אים אויס־געלייגט געוואָרן, און עס איז נויטיק נאָך טיפער זיך צו פאַרפלעכטן אין דעם ״מה נשתנה״. ״פאַרוואָס איז די דאָזיקע נאַכט אַנדערש ווי די נעכט פון אַ גאַנץ יאָר?״. ס׳איז אוממעגלעך אָנצורופן עמעצן פון די גײַסטיקע פערזענלעכקייטן פון מזרח־אייראָפּעאישן ייִדנטום, פון פאַרצײַטנס און פון די לעצטע צײַטן, וואָס האָט נישט אויף די פיר קשיות עפּעס מחדש געווען, און אויף זיי אויסגעבויט פרישע קשיות. אַלץ, וואָס מען האָט געזאָגט און געטאָן בײַם סדר, איז פאַרבליבן אָנגעלאָדן מיט דער ערנסטער כוונה, אַז מען זאָל אָנשטעלן מויל און אויערן אין פאַרוואונדער, און ממש נישט מיד ווערן צו שטוינען.

האָבן זיך דאָך פאַרטיפט אין די פסח־שאלות און פּראָבלעמען די, וואָס האָבן אָפּגעריכט מיט טויזנטער יאָרן צוריק דעם סדר אין בני־ברק, ווי עס דערציילט די הגדה; האָט דאָך נאָך געשטעלט פראַגעס אברהם אָבינו, ווען ער האָט קוים פאַר־געאַנט, וואָס ייִדן וועט באַשערט זײַן איבערצולעבן אויף דער עגיפּטישער ערד; זענען דאָך אַרויסגעקומען מיט זייערע אייגענע קשיות די פיר זין, וואָס וועגן זיי איז די רייד, און אויב אײנער פון זיי האָט נישט געוואוסט ווי אַזוי צו פרעגן, האָט מען אים אויסגעלערנט דאָס צו טאָן; זענען דאָך נישט אויסגעמיטן געוואָרן כּלערליי פראַגעס, ווען מען האָט זיך מתווכּח געווען איבער די מכּות, וואָס זענען אַראָפּגעפאַלן אויף די מצרים; מיט אַ ״פאַרוואָס״ און ״צוליב וואָס״ האָט געעפנט

ווײַנע ווערטער רבי גמליאל, בעת ער האָט געוואָלט דערקלערן דעם זין פון די מאכלים, וואָס זענען אָגעשטעלט אויפן פסח־טיש, דעם "פאַרוואָס" פון דער מצה, דעם "פאַרוואָס" פון מרור; מיט פראַגעס איז מען דאָך פאַרוואָרפן ביז צום סאַמע־סוף: וואו איז דער אַפיקומן, און וואָס מיינט ער אַנצוווײַזן? וואָסערע גוטע בשׂורות ברענגט אליהו הנביא, און וואָס איז דער רמז פון בעכער ווײַן, וואָס מען גיסט אָן פאַר אים, און וואָסערע צייכנס זאָגט אָן זײַן דערשײַנען אין דער נאַכט פון פסח?...
עס איז אָ טעות אָנצונעמען, אַז בלויז קינדער האָבן זיך געלאָזט פאַנגען פון דאָזיקן סוד; אויך דערוואַקסענע האָבן געגראָבן און זיך געגריבלט אין דער געדיכטקייט פון ענין. אָפילו די געזאַנגען, וואָס מיט זיי פאַרענדיקט זיך דער סדר, זענען איבערפולט מיט פראַגעס, און דערלאָזן נישט, אַז דער טורעם פון קשיות, וואָס איז אויפ־געשטעלט געוואָרן, זאָל לײַכט זיך פונאַנדערפאַלן: "ווער ווייסט איינס? — אחד מי יודע — ווער ווייסט צוויי?"; אָדער גאָר דאָס ציגעלע — דער חד גדיא־געזאַנג — וואָס דערוועקט פונדאַסניי סברות אויף סברות, ווען אַלץ האָט שוין, דאַכט זיך, באַדאַרפט זײַן קלאָר און פאַרשטענדלעך.

אָבער מזרח־אייראָפּעאישע ייִדן האָבן זיך נישט באַגנוגנט מיט די פראַגעס, וואָס זענען שוין געשטעלט געוואָרן. אויסגעוואַקסענע, דערצויגענע, אין זייער היימישער פראַגע־אַטמאָספער, האָבן זיי צוגעגעבן צו די שוין־עקזיסטירנדיקע, פרישע הויכע בערג מיט שאלות, וועלכע האָבן יעדן פסח געאָטעמט מיט ממש צאַפּלדיקער פרישקייט.

מען וואָלט געקענט אָנרופן אַ גאַנצע ריי שאַפונגען פון דער מאָדערנער העברעאישער און ייִדישער ליטעראַטור, וואָס איז אַנטשטאַנען אין מזרח־אייראָפּע, וואו אָט דער פראַגע־עלעמענט אין שײַכות צום פסח ווערט אַרויסגעברענגט אין די פאַרשידנסטע פאָרמען. די ווערק פון מענדעלע מוכר־ספרים, שלום־עליכם, דוד פרישמאַן, פיגורירן צווישן זיי. אָבער לאָמיר דערמאָנען שוין בלויז די פאָלקס־טימלעכע דערציילונג פון י. ל. פרץ וועגן דעם וואונדער־טוער — בעל נפלאות — וואָס שפּאַנט אַרײַן אין דער סדר־נאַכט אומגעריכטערהייט, צו אַן אָרעמער משפּחה. אַלץ איז דאָרט געהיימעניש. איבער אַלץ פלאַטערט דער פאַרוואונדער. אַנדערש קען דאָס גאַרנישט זײַן אין דער נאַכט פון פסח. פון וואַנען איז ער געקומען, דער וואונדער־טוער, ווער האָט אים אַראָפּגעברענגט, און וואוהין וועט ער פאַר־שווינדן?... דער תּירוץ "עבדים היינו" — "קנעכט זענען געווען אונזערע אור־עלטערן אין מצרים" — וועלכער ווערט געוויינלעך אָנגעגעבן אין דער הגדה, קען, און קען נישט פאַרענטפערן אַלע הארבע קשיות, וואָס זאַמלען זיך אָן בײַ אַ ייִדישער משפּחה אין שטעטל אין דער נאַכט פון פּסח. סוף־כּל־סוף, און נאָך אַלעמען, פאַרבלײַבט דער "מה נשתּנה" אין צענטער פון דער פאָלקסטימלעכער דערציילונג, גענוי ווי דער "מה נשתּנה" בלײַבט שטיין אין צענטער פון ייִדישן שטעטל, און עס לאָזט זיך זאָגן: אין צענטער פון ייִדישן לעבן.

אויך אין דער איבערזעצונג אויף ייִדיש, וואָס י. ל. פּרץ האָט געמאַכט פון חד־גדיא־געזאַנג, איז אַרײַנגעדרונגען אַ־דער פראַגע טאָן. מיט לײַכטע, שפּילעוו־דיקע פערזן הייבט זיך טאַקע אָן דאָס געזאַנג: "דער טאַטע האָט אַ ציגעלע פון ערגעץ־וואו געבראַכט, פאַר צוויי גילדן אַ ציגעלע די קינדערלעך געשענקט, פאַר צוויי גילדן, פאַר צוויי גילדן, פאַר צוויי גילדן דאָס ציגעלע". אָבער די האַרבע און טיפע קשיא קען נישט אויסגעמיטן ווערן. אין הגדה־אָריגינאַל איז זי נישטאָ בפירוש. אָבער אין דער חד־גדיא־פאַריידישונג טרעפט מען זיך אויף איר אָן. זי שרײַט פון דאָרט אַרויס, און פאָדערט דווקא זיך אײַנצוגראָבן אין געמיט און געוויסן: "אוי, וואָס האָסטו דו, מענטש, געטאָן?" צי זעסטו נישט, מענטש, צו וואָס די קייט פון אָפּגעטאָענער אומרעכט דערפירט? . . .

אויב די פּסח־נאַכט איז ווי באַשטימט געוואָרן, אַז מען זאָל אין איר פרעגן קשיות, האָט מען שוין אויף קיין שום פראַגע, ווי קאָמפּליצירט און פאַרפּלאָנטן זי זאָל נישט זײַן, נישט אַריבערגעהיפּערט. מען האָט אין איר אויסגעלייגט וועלט־קשיות, מענטש־קשיות, ייִד־קשיות.

טיף־עקבערנדיקע, האַרבע קשיות האָט מען געפרעגט. איינע אַזאַ מוטיקע פראַגע האָט אַרויסגערוקט ר׳ יהודה ליוואַ פון פּראָג — בעסער באַקאַנט ווי דער מהר״ל — וועלכער געפינט זיך צווישן די וויכטיקסטע דענקער, וואָס האָבן געווירקט צווישן מזרח־אייראָפּעאישן ייִדנטום. אין דער פאָלקס־לעגענדע איז ער צונויפ־געוועבט מיט דעם גולם, וואָס ער האָט באַשאַפן אין דער האָפענונג, אַז דער גולם וועט אָפּראַטעווען ייִדן אין דער צײַט פון אַנגסט. צי איז ווירקלעך יציאת־מצרים, די באַפרײַאונג פון אונזערע עלטערן פון דער עגיפּטישער פאַרשקלאַפונג, אַ פּאַסי־רונג, איבער וועלכער עס איז כּדאי אַזוי פיל צו ריידן און דערציילן? צי האָט זי דען אַרײַנגעברענגט אַ פּערמאַנענטע ענדערונג אין דער לאַגע פון פאָלק? צי זענען דען נישט ייִדן כּסדר פאַרשקלאַפט, אונטערגעדריקט, דערנידעריקט? — דער מהר״ל האָט זײַן ווייטיקלעכע פראַגע געשטעלט אין דער ביטערער צײַט, וואָס ייִדן האָבן דאָן אַדורכגעמאַכט. זעכצנטער יאָרהונדערט, גזירות, רדיפות, גירושים, בלוט־בילבולים, וואָס האָבן אויך דעם יום־טוב פּסח פאַרוואַנדלט אין טעג פון שרעק און ווילדע אַנפאַלן. מיר פאַרזיכערן — האָט ער געשריבן — אַז מיר זענען אויסגעלייזט געוואָרן פון דער קנעכטשאַפט, אָבער צי לײַדן דען מיר נישט עד היום אונטער דעם יאָך פון די פעלקער פון דער וועלט? וואָס איז בכן דער נוצן, און דאָס גוטס, וואָס שפּראָצן אַרויס פון יענער אור־אַלטער איבערלעבונג, וועלכע אונזער פאָלק האָט צוגעגעבן צו זײַנע נאַציאָנאַלע דערפאַרונגען?

אין ענטפער, וואָס ער האָט געגעבן, האָט זיך געזאָגט, אַז דערפאַר פאַר־בלײַבט דאָך פאָרט יציאת־מצרים אַ פּאַסירונג פון געוואַלטיקן באַדײַט אין אונזער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ, ווײַל זי האָט אונז געלערנט אָפּצושאַצן ווערטן. אין

אונזער נאַטור און אין אונזער אינערלעכער וועלט, זענען מיר, ייִדן, מער נישט קיין שקלאַפן. אין אונזער אינערלעכער וועלט זענען מיר פרייַע מענטשן. גייַסטיק און מאָראַליש גיבן מיר זיך נישט אונטער אונזערע שׂונאים; וואָרום מען קען זייַן שקלאַפן און דאָך זייַן פרייַע מענטשן, און מען קען זייַן פרייַע מענטשן מכלומרשט, און בעצם זייַן שקלאַפן.

דאָס איז געווען אַ פראַגע, און דאָס איז געווען אַן ענטפער, צו וועלכע מען האָט זיך דורך יאָרהונדערטער אומגעקערט אין ייִדיש מזרח־אייראָפּע, פּסח האָט געגעבן אַ געלעגנהייט זיך אָוועקצולאָזן אין די סטעזשקעס פון דער ייִדישער מחשבה, צו וועלכע עס איז נישט אַלע מאָל געווען לייַכט צו דערגייַן.

אַן אַנדער פראַגע, אין וועלכער דורות האָבן זיך דאָרט פאַרטיפט, איז געווען, פאַרוואָס משה רבינו ווערט בלויז פאַרבייַלויפיק, און דרך אגב, דערמאָנט אין דער הגדה. האָט דאָך משה אָנגעפירט מיטן פאָלק אין דער תּקופה פון אַנטשיידונג, האָט ער זיך דאָך געשטעלט פאַר פרעה, האָט ער דאָך מיטגעצויגן מיט זיך די אויס־געמאַטערטע, אומגעדולדיקע מאַסן און פאַר זיי אָנגעצונדן דעם אידעאַל פון אויסלייז. הלמאי דעריבער ווערט אים, צו וועמען עס איז גאָרנישט דאָ קיין גלייַכער אין דער ייִדישער געשיכטע — "לא קם בישראל כמשה עוד", נישט געווען נאָך אַזאַ איינער ווי ער — נישט אָפּגעגעבן בייַם סדר די אָפּשאַצונג, וואָס ער פאַרדינט?

מען האָט געענטפערט, אַז דאָס איז דערפאַר, ווייַל די ייִדישע טראַדיציע איז אַזוי־אַרום אויסן געווען אויסצומייַדן, אַז משה רבינו זאָל פאַרהערלעכט ווערן אויפן פרימיטיוון געצנדינערישן שטייגער; אַזוי ווי די פעלקער זענען געוואוינט דאָס צו טאָן מיט זייערע נאַציאָנאַלע העלדן. ווען נישט אַלע זענען פאַרבליבן אינגאַנצן צופרידן מיט דער דאָזיקער דערקלערונג, איז מען דערגאַנגען צו אַנדערע באַלויכטונגען. מען האָט געזאָגט, אַז דאָס וויל ייִדישקייט באַווייַזן, אַז נישט דער יחיד, ווי גרויס און וויכטיק ער זאָל נישט זייַן, מאַכט געשיכטע, נאָר דאָס פאָלק. נישט משה האָט אין לעצטן סך־הכּול אינספּירירט דאָס פאָלק, נאָר, אין תּוך, האָט דאָס פאָלק אים אינספּירירט. מיד און ווידערשפּעניק ווי די מענטשן זענען געווען, זייער דינאַמיק און זייערע אייגנשאַפטן האָבן דעצידירט אין דעם אימפּעט, וואָס די גרויסע געשיכטלעכע דראַמע האָט אָנגענומען. און איינע פון די דאָזיקע אייגנ־שאַפטן איז געווען, וואָס זיי זענען נישט אָפּגעשטאַנען פון פרעגן, פון אַרויסרוקן שטויסנדיקע, מוראדיקע פראַגעצייכנס, וואָס האָבן אויפגעציטערט די הימלען, אַדורכגעריסן מיסטעריעס, און געמאַכט ציטערן פרעהן און זייַנע הויף־לייט. די גרויסקייט פון משה באַשטייט דערין, וואָס ער האָט געטראָגן אין זיך דעם באַוואוסטזייַן, אַז אים איז אָנגעטרויט געוואָרן אַ שליחות, און די שליחות מוז ער אויספירן. אַקטועלע נייַצייַטיקע רעפלעקסן, וואָס זענען נוגע דער ייִדישער עקזיס־טענץ, און רירן אָן די גרונט־טעמעס פון דערוואַרטונג און אויסדויער, פון האָפענונג

און גאולה, האָבן ווי פֿון זיך אַליין אַרויסגעשפּראָצט, ווען מען האָט באַהאַנדלט אָט־דעם פּסח־מאָטיוו.

מה נשתנה — פֿאַרוואָס איז די נאַכט פֿון פּסח אַנדערש ווי אַלע נעכט פֿון אַ גאַנץ יאָר — בלויז קליינע קינדער האָבן געמיינט, אַז זיי קומען אָפּ מיט די פֿיר קשיות. די גרויסע ייִדישע מאַסן אין די מזרח־אייראָפּעאישע שטעט און שטעטלעך האָבן גוט געוואוסט, אַז עס זענען פֿאַראַן אַ סך, אַ סך מער פֿראַגעס און קשיות, און אַז פּסח איז אַ געלעגנהייט זיי צו שטעלן. דער סדר און די הגדה באַוועגן אויפֿצוּוועקן נאָך שטאַרקער דעם אומרו און דעם בײַגער, די עמאָציע און די בענקשאַפֿט, דעם ווילן און די מחשבה, די ענערגיע און די דינאַמיק. און מען האָט געפֿרעגט. מען האָט געפֿרעגט . . .

# דערפֿאַרונגען פֿון טויזנט יאָר אַשכּנז אין שבועות

באַטירלעך: שבועות איז פֿאַרוואָרצלט אין באַגינען פֿון דער ייִדישער געשיכטע און פֿון ייִדישן לעבנס־שטייגער. שבועות ברענגט אַרויף אין געדאַנק די שניט־צײַט אַמאָל, אין ארץ־ישׂראל; די געמיטלעכקייט, וואָס איז געווען אײַנגעשטעלט אין די באַציאונגען צווישן מענטשן; דער גוטער ווילן, וואָס מען האָט אַנטקעגנ־געטראָגן דעם עלנטן און נויטבאַדערפֿטיקן. שבועות איז אין פֿאָלקס־זכּרון אויך צונויפֿגעבונדן מיט דער אַנטפּלעקונג אין סיני. דער יום־טובֿ פֿון תּבֿואה־שניט — חג הקציר — פֿון תּבֿואה־און פּירות־רײַפֿקייט — יום הבּיכּורים — איז גלײַכצײַטיק דער יום־טובֿ פֿון די צען געבאָט, זמן מתּן תּורתנו. מיטן לויף פֿון די יאָרטויזנטער זענען נאָך אַנדערע פּאַסירונגען, וואָס האָבן זיך אײַנגעקריצט אין דער נשמה פֿון פֿאָלק, זיך צונויפֿגעוואָקסן מיט שבועות. דוד המלכּס יאָרצײַט פֿאַלט דעמאָלט אויס. די מגילה רות, וואָס מען לייענט שבועות, איז די כראָניק וועגן דעם אָפּשטאַם פֿון גרויסן און פֿאַרהערלעכטן קעניג.

אָבער גענוי ווי אין אַנדערע ימים־טובֿים און אַנדענק־טעג, האָט דער אַשכּנזי־שער טייל פֿון אונדזער פֿאָלק אויך אין שבועות אַרײַנגעטראָגן זײַנע אייגענע דערפֿאַרונגען. צו די געשיכטלעכע רעמיניסצענצן פֿון אַמאָל זענען צוגעקומען אַזעלכע, וואָס האָבן צו טאָן מיט דער אַשכּנזישער תּקופֿה. פֿאַר טויזנט יאָר אומגעפֿער, ווען באַדײַטנדיקע טיילן פֿון אונדזער פֿאָלק האָבן זיך באַזעצט אין דער רהײַן־געגנט פֿון דײַטשלאַנד, האָט זיך געעפֿנט דאָס אַשכּנזישע בלאַט אין אונדזער געשיכטע; און אויף אַלטע טראַדיציעס פֿון דורות האָבן זיך גענומען אַרויפֿלייגן פֿרישע איבערלעבונגען. וואָך און יום־טובֿ, הגם זיי האָבן, פֿאַרשטייט זיך, אויפֿ־געהאַלטן דעם אינהאַלט און דעם נוסח פֿון פֿריִער, האָבן ביסלעכווײַז באַקומען אויך אַן אייגנטימלעכן, אַשכּנזישן חותם. שבועות דאַרף גערעכנט ווערן צו די ערשטע ימים־טובֿים, וואָס האָט, צווישן דאָזיקן קיבוץ ייִדן, אַנגעהויבן עטעמען מיט דער אַשכּנזישער דערפֿאַרונג.

מען האָט, קודם־כּל, צונויפֿגעפּאָרט שבועות מיט אַ מיסטישער פּאָעמע, וועלכע איז געוואָרן אַ באַשטאַנדטייל פֿון דער יום־טובֿ־צערעמאָניע. דאָס איז די פּאָעמע

"אַקדמות", וואָס ווערט אויסגעזונגען שבועות אינדערפֿרי בײַם דאַווענען, בעת מען עפֿנט די ספֿר־תּורה כּדי צו לייענען דאָס קאַפּיטל וועגן דער אַנטפּלעקונג אין סיני.

נאָענט צו טויזנט יאָר זענען שוין פֿאַרבײַגעגאַנגען זינט די פּאָעמע איז אָנגעשריבן געוואָרן; און זינט די פֿערזן און די מעלאָדיע, וואָס איז געוואָרן פֿאַר איר אייגנטימלעך, טראָגן זיך פֿאַנאַנדער אין די אַשכּנזישע קהילות. הגם אַ סך פֿאָרשונגען זענען געמאַכט געוואָרן, פֿלאַטערט נאָך אַלץ איבערן געזאַנג פֿון "אַקדמות", און איבער זײַן מחבר, דער סוד. עס זענען פֿאַרבליבן פּרטים, וואָס זענען פֿאַרצויגן מיט אַ נעפּל.

ווי מען רעכנט, איז די אַנטשטייאונג פֿון דער פּאָעמע צונויפֿגעבונדן מיט די פֿאַרהעלטענישן, אין וועלכע די אַשכּנזישע ייִדן האָבן דעמאָלט געלעבט. די פּרײַנט־לעכקייט, מיט וועלכער די קריסטלעכע אײַנוואוינער אויף די ברעגן פֿון רהײַן, האָבן צוערשט אויפֿגענומען די ייִדישע אײַנוואַנדערער, האָט לאַנג נישט אָנגע־האַלטן. אין די אויפֿשטײַגנדיקע קהילות אין וואָרמס, אין מײַנץ, אין שפּײַער, האָט זיך אַנטוויקלט צווישן דער דײַטשער באַפֿעלקערונג דער רעליגיעזער פֿאַנאַטיזם. אויך ווירטשאַפֿטלעכע קאָנקורענץ האָט גענומען אַרויסשפּראָצן. ווי עס איז געווען אָנגענומען אין מיטלאַלטער, האָט מען די ייִדן אַרויסגערופֿן אויף עפֿנטלעכע "טעאָלאָגישע" וויכּוחים. אין די דיספּוטן, אין וועלכע דער קריסטלעכער צד איז געווען רעפּרעזענטירט דורך גלחים, האָבן די ייִדישע אָנטיילנעמער באַדאַרפֿט דיסקוטירן אויף דער טעמע: "וואָסער רעליגיע איז די ריכטיקע?" ייִדן האָבן נישט געהאַט קיין חשק זיך צו באַטייליקן אין די אײַנסצעניזירטע דעבאַטעס. זיי האָבן דאָך נישט געהאַט קיין פֿרײַהייט אויסצודריקן קלאָר, וואָס זיי דענקען, און זענען נישט באַטראַכט געוואָרן ווי גלײַכע אין אידייען־פֿאַרמעסט. אָבער זיי האָבן נישט געקענט זיך אָפּזאָגן פֿון אָנטיילנעמען. זיי זענען דערצו געצוואונגען געוואָרן. נישט דערשײַנען אויף אַזאַ דיספּוט, האָט געדראָט מיט גרויסע סכּנות פֿאַר דער גאַנצער קהילה.

"אַקדמות" (דער טײַטש פֿונעם דאָזיקן וואָרט איז: "אין אָנפֿאַנג". אין אַרײַנפֿיר־פֿערז זאָגט זיך: אין אָנפֿאַנג, איידער איך הייב אָן ריידן, בעט איך דערלויבעניש צו קענען אַרויסזאָגן מײַנע ווערטער...), די מיסטישע שבועות־פּאָעמע, פֿירט אונדז אַריבער אין דער שווערער, מיט סכּנות אָנגעלאָדענער אַטמאָ־ספֿער, פֿון אַזאַ מיטלאַלטערלעכער דעבאַטע.

דער מחבר פֿון דער דאָזיקער פּאָעמע איז געווען ר' מאיר, דער זון פֿון יצחק. ער גיט אָן זײַן נאָמען אין אַן אַקראָסטיק, אין די אותיות מיט וועלכע די פֿערזן הייבן זיך אָן. ער איז געווען אַן אָנגעזעענער מיטגליד פֿון די אויפֿשטײַגנדיקע רהײַן־קהילות. אַ שטיק צײַט האָט ער געלעבט אין מײַנץ. ער האָט זיך אַריבער־געטראָגן קיין וואָרמס. אַ רעליגיעזער דיכטער (פּייטן — פֿלעגט מען דעמאָלט אָנרופֿן אַ רעליגיעזן פּאָעט) און דענקער, איז ער אויך געווען דער חזן אין די

קהילות. רש״י, דער שפּעטער־באַרימטער פּירושים־שרײַבער צום תנ״ך און תלמוד, איז געווען זײַן תּלמיד, און ער דערמאָנט אים מיט פאַרערונג. בעת ייִדן האָבן געטראַכט וועמען אויסצוקלײַבן, אַז ער זאָל זיי רעפּרעזענטירן אין די רעליגיעזע דעבאַטעס, האָט נישט געקענט זײַן קיין מער פּאַסיקער קאַנדידאַט, ווי טאַקע ר׳ מאיר. אויסער קענטענישן און רעדנער־קונסט, האָט אַזאַ איינער אויך באַדאַרפט זײַן באַשאָנקען מיט פּיקחות; מען קען זאָגן: מיט דיפּלאָמאַטישן טאַלאַנט. אַרויס ווי אַ זיגער האָט ער נישט ״געטאָרט״. דאָס וואָלט דאָך אויסגעשטעלט אויף געלעכטער די גלחים. אָבער פאַרשפּילן האָט ער נישט געוואָלט. דער ייִדישער כבוד האָט דערצו נישט געקענט דערלאָזן.

ווי מען קען אַרויסדרינגען, איז ״אַקדמות״ אַ דיכטערישע פאַרצייכענונג פון דער לעצטער דעבאַטע, אין וועלכער ר׳ מאיר האָט זיך באַטייליקט. אין פערזן פון מיטרײַסנדיקן אינהאַלט און דערהויבנדיקער באַגײַסטערונג שטעלט ער פאָר, וואָס ייִדישקייט איז; די גײַסטיקייט און לויטערקייט, וואָס שיינען אַראָפּ פון ייִדישן וועלט־בליק; דאָס נײַע און גרויסאַרטיקע, וואָס ייִדישקייט האָט אַרײַנגעטראָגן אין מענטשלעכן געדאַנק. ייִדן — גיט ער צו — דאָס פאָלק, וואָס האָט באַקומען אָט־די לערע פון געטלעכקייט און מענטשלעכקייט — זענען גרייט זיך מוסר־נפש צו זײַן, און זייערע לעבנס אָוועקצוגעבן, פאַר די ווערטן, וועלכע זענען זיי טייער און הייליק. אָבער די, וועלכע פירן מיט ר׳ מאירן דעם דיספּוט, לאָזן אים נישט ציִען זײַנע רייד. זיי שטעלן אים אָפּ. זיי רײַסן אים איבער מיט גיפטיקע, שפּאָטיקע פראַגעס: ״ווער איז ער דאָס אײַער געליבטער, פאַר וועמען איר זענט זיך אַזוי מקריב און גייט אָפּ אין בלוט פאַר זײַנעטוועגן?״. צי איז כּדאַי אַזויפיל קרבנות צו ברענגען און אויסצושטיין לײַדן און פּיין צוליב אים? . . .

ווי מען קען אַרויסלייענען פון דער פּאָעמע, האָט אין יענעם מאָמענט בײַם ייִדישן רעפּרעזענטאַנט אויפגעפלאַקערט זײַן ייִדישער שטאָלץ. ער איז אַרײַנ־געגאַנגען אין מצב פון עקזאַלטאַציע. אַרויסהייבנדיק די אומפאַרגענגלעכקייט פון די ייִדישע רעליגיעזע און עטישע באַגריפן, האָט ער אויסגעדריקט זײַן זיכער־קייט, אַז ליכטיקע צײַטן וועלן נאָך אָנרוקן פאַרן פאָלק, וואָס קלאַמערט זיך מיט האַרץ און נשמה אין דער לערע, וואָס זײַנע אור־עלטערן האָבן באַקומען; ירושלים וועט ווידער אַרויפציִען אויף זיך איר פּראַכט; דער טאָג פון פרייד און לוין וועט זיך דערנענטערן. שטראָף וועט אַראָפּפאַלן אויף די, וואָס פאַרפּײַניקן די ייִדישע אומה . . .

נאָענט צו טויזנט יאָר טײַלן אונז אָפּ זינט די שורות פון גליִענדיקן גלויבן און מיטרײַסנדיקער התלהבות זענען געשריבן געוואָרן. אָבער זיי האָבן גאָרנישט פאַר־לוירן פון זייער באַצווינגנדיקער קראַפט. זיי טראָגן אונז אַריבער אין יענעם טונקעלן אומהיימלעכן זאַל, וואו דער דיספּוט האָט זיך געפירט און וואו אָט־די

ווערטער זענען געשליַידערט געוואָרן אין פּנים פֿון די, וועלכע האָבן געוואַגט צו שענדן און באַליידיקן די לערע פֿון סיני...

אָבער ר׳ מאיר איז זיִנט דעמאָלט פֿאַרשוואונדן פֿון דער עפֿנטלעכקייט. מען ווייסט נישט, וואָס מיט אים האָט שפּעטער פּאַסירט. לויט אייניקע ווערסיעס, האָט ער זיך פֿאַר אַ צײַט אויסבאַהאַלטן, אָבער לסוף זענען די הענקער געפֿאַלן אויף זײַנע שפּורן און ער איז אומגעקומען אויף קידוש השם, געגנוי ווי זײַן זון, וועלכער איז אומגעבראַכט געוואָרן אין דער צײַט פֿון ערשטן קרייצצוג (אין יאָר 1096). אַנדערע רעכענען, אַז אים איז יאָ געלונגען צו אַנטלויפֿן. ער איז אָנגעקומען קיין ארץ־ישׂראל און ער האָט זיך באַזעצט אין טבריה, וואו זײַן רום איז זיך פֿונאַנדער־געגאַנגען, ווי אַ הייליקער מאַן און וואונדער־טוער. ער זאָל דאָס האָבן געווען ר׳ מאיר בעל הנס, וואָס זײַן קבֿר געפֿינט זיך אין טבריה, און צדקה־פּושקעס אין גאָר דער יִדישער וועלט טראָגן זײַן נאָמען. עס פֿעלן אויך נישט קיין מיינונגען, אַז אַנטלויפֿנדיק פֿון דײַטשלאַנד, איז ער צוזאַמען מיט אַנדערע פּליטים אָנגעקומען קיין פּוילן און זיך באַזעצט אין לובלין.

אין דער ביטערער צײַט פֿון רדיפֿות און ווײ, וואָס האָט זיך אָנגערוקט פֿאַר די אַשכּנזישע יִדן מיט די קרייצצוגן, האָט דאָס געזאַנג פֿון ״אַקדמות״ — דער פּאַטאָס, וואָס הייבט זיך פֿון אים — באַקומען נאָך מער באַטײַט. דאָס געזאַנג איז אַרײַן אין מחזור פֿון שבֿועות. ״אַקדמות״ עפֿנט דאָס יִדישע געמיט פֿאַר די קאַפּיטלען פֿון דער איבערלעבונג בײַם באַרג סיני, וואָס ווערן געלייענט.

״אַקדמות״ איז געשריבן אין אַראַמעאיש, די שפּראַך פֿון תּלמוד, די שפּראַך פֿון דער מיסטיק. מען דאַרף געדענקען, אַז אין יענער תּקופֿה, אין עלפֿטן יאָר־הונדערט, האָבן נאָך אַשכּנזישע יִדן, צוזאַמען מיטן אויפֿשפּראָצנדיקן יִדיש־לשון, אויך זיך באַנוצט טיילווײַז מיט אַראַמעאיש; די שפּראַך, וואָס יִדן האָבן פֿריִער, אין משך פֿון הונדערטער יאָרן, גערעדט אין בבֿל און ארץ־ישׂראל. מען האָט ״אַקדמות״ איבערגעזעצט אויף פֿאַרשידענע לשונות. אויף יִדיש האָט, צווישן אַנדערע, י. ל. פּרץ איבערגעדיכטעט די פּאָעמע. ער האָט אין דער איבערזעצונג אַרײַנגעלייגט אַ סך מי און ליבשאַפֿט. עס זענען פֿאַרבליבן עטלעכע וואַריאַנטן און זיי זאָגן עדות, אַז י. ל. פּרץ האָט די פּערזן געשריבן און איבערגעשריבן עטלעכע מאָל, אין זײַן אָנשטרענגונג איבערצוגעבן די געפֿילן און עמאָציעס, מיט וועלכע עס איז געווען אַדורכגענומען דער שווער־געפּרוּווטער שליח פֿון די קהילות אין רהײַן־לאַנד.

נאָטירלעך: שבֿועות איז פֿאַר אַשכּנזישע יִדן דאָס, וואָס דער יום־טובֿ איז פֿאַר אַלע יִדן — דער יום־טובֿ ווען די פּרוכטן און די תּבֿואה ווערן רײַף אין ארץ־ישׂראל — חג־הביכּורים — דער יום־טובֿ פֿון שניט — דער אָנדענק־טאָג פֿון סיני. אָבער ער איז נאָך עטוואָס: דער יום־טובֿ פֿון אַקדמות־געזאַנג, פֿון אַקדמות־ניגון; פֿון דער מעכטיקער אַקדמות־דערפֿאַרונג.

באַרייַכערט מיט דער אַשכּנזישער דערפאַרונג איז אויך געוואָרן דער מאָטיוו, וואָס ווערט פונאַנדערגעוויקלט אין דער מגילה, וואָס מען לייענט שבועות, מגילת רות. דאָרט ווערט דערציילט וועגן רות, די פּרוי פון לאַנד מואב, וואָס האָט זיך געלאָזט פירן פון איר אידעאַליסטישער צוגעבונדנקייט צו ייִדישקייט, און האָט פאַרלאָזט איר געבוירנלאַנד; זיך אָפּגעזאָגט פון לעבנס־שטייגער, אין וועלכן זי איז געוואָרן דערצויגן; און נישט געקוקט דערויף, וואָס איר שוויגער נעמי האָט זי אָפּגערעדט פון מאַכן דעם אומבאַרעכנטן, ריזיקאַלישן שריט, האָט זי אין פולער איבערצייַגונג אויסגערופן: „וואו דו וועסט גיין, וועל איך גיין; דייַן פאָלק, איז מייַן פאָלק, און דייַן גאָט, איז מייַן גאָט"...

ווי אומגלויבלעך דאָס זאָל נישט קלינגען: טאַקע אין יענער שווערער תּקופה פון אויפשפּראָץ פון אַשכּנזישן ישוב — די צייַט פון די קרייצצוגן — האָבן זיך געפונען קריסטן, וואָס זענען אַריבערגעגאַנגען צו ייִדישקייט און צום ייִדישן פאָלק. שטרענגע פאַרבאָטן האָבן פאַרוועערט דאָס צו טאָן. פאַר אָננעמען דעם ייִדישן גלויבן איז מען געוואָרפן געוואָרן אין די פלאַמען פון די שייַטערהויפנס. און דאָך האָט מען דאָס געטאָן. אין דייַטשלאַנד, אין פראַנקרייַך, אין ענגלאַנד, נישט אַלע נעמען פון די גרים און מאַרטירער זענען צו אונז דערגאַנגען. אין די געפאַרן, וואָס האָבן געלויערט, האָט מען, ווי לאַנג דאָס האָט זיך נאָר געלאָזט, פאַרבאַהאַלטן דעם „מוראדיקן" סוד. אָבער אַפילו די קאַרגע מאַטעריאַלן, וואו טייל פאַלן זענען פאַרצייכנט געוואָרן, רופן אַרויס שטוינונג, און גיבן צו אַ באַרעדעוודיקע בייַלאַגע צו דער שבועות־מגילה.

ווי דראַקאָניש עס זענען דערשטיקט געוואָרן די אַרגומענטן, מיט וועלכע ייִדן האָבן זיך באַנוצט בעת די עפנטלעכע „טעאָלאָגישע" וויכּוחים, זענען זיי דאָך אַרייַנגעדרונגען אין געוויסן פון די און יענע, וואָס האָבן אין די דיספּוטן זיך באַטייליקט, אָדער צו זיי זיך צוגעהערט. אין יענעם יאָרהונדערט, ווען דער פּאָעט פון „אַקדמות" האָט געפירט זייַנע דעבאַטעס מיט די גלחים, האָט אין מייַנץ אָנגענומען דעם ייִדישן גלויבן דער גלח וועצעלינוס און געוואָגט אין זייַנע שריפטן צו פאַרטיידיקן דעם שריט, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן. אין די זעלבע קריסטלעכע געגנטן האָט דער גלח יאָהאַנעס זיך מגייר געווען און אָנגענומען דעם נאָמען עובדיה; דער בישאָף אַנדרעאָס איז אַריבער אויפן ייִדישן גלויבן. דער דאָזיקער ווילן האָט באַהערשט אויך אַנדערע אין די קריסטלעכע אייראָפּעאישע מדינות, מענער און פרויען. איינער, אברהם דער גר, האָט זיך באַטייליקט אין שרייַבן די ראַנד־באַמערקונגען צום תּלמוד, וואָס ווערן אָנגערופן „תּוספות", און ער, און אויך אַנדערע, האָבן אַרויסגערופן צו זיך פאַרערונג צוליב זייער לומדות און ערנסטן צוגאַנג צו ייִדישע פראַגעס און פּראָבלעמען. ווידער אַן אַנדערער האָט געשריבן רעליגיעזע פּאָעזיע און איז באַקאַנט מיטן נאָמען יוספיה. דער פירער פון אַ מאָנאַסטיר, דער עלטסטער פון די „באָרוועסע מאָנאַכן", ווי מען פלעגט זיי

אָנרופן, איז אַרומגעכאַפּט געוואָרן פון דאָזיקן שטראָם און געוואָרן אַ ייִד. אין אויגסבורג איז פאַרברענט געוואָרן אויפן שײַטערהויפן אברהם דער גר, און די גדולים פון יענעם דור האָבן זײַן קידוש־השם־טויט באַוויינט אין קינות, וואָס זענען ספּעציעל אָנגעשריבן געוואָרן. ער איז נישט געווען דער איינציקער, וואָס האָט אַזוי פאַרענדיקט. בלויז אַ קליינער טייל האָט באַוויזן זיך אָפּצוראַטעווען. דער איבערוויגנדיקער רוב זענען אויסגעשטאַנען פּײַן און יסורים, און מקריב געווען זייערע לעבנס פאַר זייער געטריישאַפט צו ייִדישקייט.

ווען אַשכּנזישע קהילות האָבן געלייענט שבועות די מגילה וועגן רות, די פרוי פון מואָב, וואָס האָט פאַרבונדן איר גורל מיטן ייִדישן פאָלק, איז דאָס פאַר זיי נישט געווען קיין כראָניק פון פאַרצײַטנס. דאָס איז געווען אַ שטיק פון דער צאַפּלדיקערווירקלעכקייט. אין מיטן דער פינסטערניש פון גזירות און רדיפות, וואָס איז איבער זיי געהאָנגען, האָבן זיי געהערט די מיסטישע קולות, וואָס האָבן צו זיי אַרויס־געשריִען אויך פון דער ייִדישער קעגנוואַרט: "אייער גורל איז אונזער גורל, אייער פאָלק איז אונזער פאָלק!".

נאָך גרעסער איז געוואָרן די מיסטעריע, ווען איינער פון די, וואָס זענען נאָכגעגאַנגען דעם רוף פון רות — דער פּוילישער גראַף וואַלענטין פּאָטאָצקי — איז געגאַנגען אויף קידוש־השם אין ווילנע גראַד אין שבועות.

די אַשכּנזישע דערפאַרונג האָט צוגעגעבן אַן אומגעוויינלעך־אַקטועלן קלאַנג צו דער עפּאָפּײַ, וואָס וויקלט זיך אויף אין דער שבועות־מגילה און נאָך שטאַרקער פאַרטיפט דעם ייִד־סוד.

אויך אינטערפּרעטאַציע איז צוגעגעבן געוואָרן צום יום־טוב. געדאַנקען־אויפבליץ פון דער אַשכּנזישער דערפאַרונג האָט אויף אַן אייגנאַרטיקן אופן באַלויכטן דעם באַטײַט פון דער לערע, וואָס דער אָנדענק־טאָג טראָגט צו דעם ייִדישן מענטש.

עס קוקט אויס, ווי די ריזן פון גײַסט פון פאַרשידענע תּקופות האָבן געפילט, אַז גראַד שבועות גיט אַ געלעגנהייט אַ פינקל צו טאָן מיט אַפאָריזמען, מיט שנײַדיקע ווערטער. אויפן פאַרבאָט נישט צו גנבענען — לא תּגנוב — וואָס האָט אָפּגעהילכט אויפן באַרג סיני, האָט ר' מענדעלע, דער רבי פון קאָצק, באַמערקט: דער דאָזיקער פאַרבאָט פאַרווערט נישט בלויז צו גנבענען בײַ יענעם, אויך זיך אַליין טאָר מען נישט באַגנבענען, אויך זיך אַליין טאָר מען נישט אָפּנאַרן...

וועגן שבת פאַר שבועות האָט ר' איטשע־מאיר אַלטער פון גער געהאַט עטוואָס צו זאָגן. דער דאָזיקער שבת, האָט ער געהאַלטן, דאַרף אָנגערופן ווערן מיט אַ ספּעציעלן נאָמען: שבת דרך־ארץ, דאָס הייסט: דער שבת פון גוטע מידות. וואָרום איידלקייט, גוטע מידות, מענטשלעכקייט, קומען נאָך פריִער פאַר תּורה, פאַר לערנען, פאַר בילדונג ("דרך ארץ קדמה לתּורה")...

אויב אין די אַלטע קוועלן פירט זיך אַ שטרײַט, צי די אַנטפּלעקונג אין סיני האָט פּאַסירט דעם זעקסטן טאָג אין חודש סיוון אָדער דעם זיבעטן טאָג אין חודש, האָט ר׳ ישראל סאַלאַנטער געהאַלטן, אַז די דאַזיקע אומגענויקייט איז אַרײַנגעפירט געוואָרן אין אונזער אוראַלטער כראָניק מיט אַ כּוונה. דאָס איז אויסן אונז צו ווײַזן, אַז ייִדישקייט, ייִדישע פּרינציפּן, זענען נישט אָפּהענגיק פון צײַט. אין אַלע צײַטן, אין אַלע דאַטעס, האַלטן זיי אויף זייער גילטיקייט...

אַפילו סאָציאַלע קריטיק האָבן אַשכּנזישע דענקער באַגערט אַרײַנצופלעכטן אין שטייגער, וואָס האָט זיך אויסגעבויט אין שבועות. מען פירט זיך צו עסן שבועות מילכיקס — האָבן זיי געזאָגט — ווײַל מילך קאָן זיך האַלטן נאָר אין ערדענע, און ווײַט נישט אין קיין חשובע, כּלים. דאַקעגן ווערט זי גיך קאַליע אין גאָלדענע און זילבערנע געשיר. דאָס זעלבע איז אויך מיט די ייִדישע באַגריפן און ווערטן. זיי האַלטן זיך בײַ עמך, בײַם אָרעמען פאָלק. ווערט איינער רײַך, קערט ער זיך, ליידער, אָפּ קודם־כּל פון דער ייִדישע גײַסטיקייט און פון דער באַחנטקייט פון ייִדישן לעבנס־שטייגער. דער שטייגער, וואָס האָט זיך אויסגעפורעמט אין שבועות, איז אויסן צו ווענדן אונזער אויפמערקשאַפט אויף דער דאָזיקער דער־שײַנונג...

דורך אַלערליי וועגן איז אשכּנזישע דערפאַרונג אַרײַנגעדרונגען אין טראַדי־ציאָנעלן ייִדישן יום־טוב. טויזנט יאָר אַשכּנז האָבן אין אים אַרײַנגעטראָגן געזאַנג און ניגון; פּאַטאָס און דערהויבונג, פרייד, וואָס איז געווען שטאַרקער ווי דער וויי, און אים געקענט באַזיגן. טויזנט יאָר אַשכּנז האָבן אויך געגעבן אָנווײַז און ריכטונג.

דאָס ייִדישע פאָלקס־ליד האָט נישט געקענט פעלן צווישן די, וואָס טראָגן צו זייער קראַנץ צום יום־טוב. שמעון־שמואל פרוג, וועלכער האָט אין זײַנע לידער, וואָס זענען אַרײַנגעגאַנגען אין פאָלקס־אוצר, אויסגעזיפּצט דעם פאָלקס־צער פון דורות, און געפרעגט די עקבערנדיקע פראַגעס פון דורות, האָט אין שבועות אַרײַנ־געברענגט אויפגעהייטערטקייט פון געמיט, און די פרייד, פון וועלכער עס זענען דאָ געווען מאָטיוון צו שפּרודלען גראָד שבועות אין דער ייִדישער נשמה. אָט אַזוי גייט עס אין ליד פון פרוג:

„שבועות, ליבע קינדערלעך,
שבועות איז געקומען,
באַפּלאַכטן מיט גירליאַנדעס גרינס,
באַקראַנצט מיט פרישע בלומען...
דער ליבער גרינער יום־טוב גייט,
זמן מתן תורתנו!״...

# אַשכּנזישע איבערלעבונגען אין די תּשעה באָב־קינות

ניִשט בלויז וועגן חורבן פון ירושלים איז די רייד אין די קינות פון תּשעה־באָב; ניִשט בלויז דער חורבן פון בית המקדש און דער אונטערגאַנג פון דער יידישער זעלבשטענדיקייט זענען די טעמע פון די תּפילות־עלעגיעס, וואָס מיר זאָגן אין תּשעה־באָב; אויך שפּעטערדיקע איבערלעבונגען פון אַשכּנזישן יידנטום ווערן אַרויפגעבררענגט אין די קינות.

תּשעה־באָב איז טאַקע דער טאָג, וואָס פירט אָוועק דעם געדאַנק צו די טראַגישע געשעענישן, וואָס האָבן אַמאָל פּאַסירט מיט אונזער פאָלק אין ארץ־ישׂראל. סײַ די מגילה, וואָס מען לייענט תּשעה־באָב — מגילת איכה — סײַ די קינות, אין זייער איבערוויגנדיקער מערהייט, פרישן אויף אין פאָלקס־זיכּרון דעם פונאַנדערפאַל פון דער יידישער אומאָפּהענגיקייט אין די אַלטערטום־תּקופות. אָבער אין אייניקע קינות פאַלן דאָך אַראָפּ ביטערע טרערן אויף צוויי שוידערלעכע דערפאַרונגען פון אַשכּנזישן יידנטום אין פריִען פעריאָד פון זײַן געשיכטע.

די אַשכּנזישע גײַסטיקע פירער אין מיטלאַלטער האָבן געוואָלט, אַז לכל הפּחות צוויי פון זייערע איבערלעבונגען זאָלן אײַנגעשלאָסן ווערן אין נוסח פון תּשעה־באָב, דער טראַדיציאָנעלער פאָלקס־טאָג פון יידישן טרויער. און אַזוי איז געשען. עד־היום דערמאָנען מיר די דאָזיקע צוויי פּאַסירונגען אין אונזערע תּשעה־באָב־קינות.

די ערשטע פּאַסירונג איז — די קרייצצוגן. בײַם סוף פון עלפטן יאָרהונדערט איז פאָרגעקומען דער ערשטער קרייצצוג. אין פאַרהעלטניסמעסיק רויִקן לעבן, וואָס איז געפלאָסן אין די אַשכּנזישע קהילות, וועלכע זענען געהאַט אַנטשטאַנען אויף די ברעגן פון רהײַן אין דײַטשלאַנד, איז אַרײַנגעטראָטן די טראַגעדיע. די קירך, וואָס איז געווען די דעה־זאָגערין אין אייראָפּע, האָט אָרגאַניזירט די קריסטלעכע מערב־אייראָפּעאישע פעלקער אונטערצונעמען אַ מיליטערישן מאַרש קיין ארץ־ישׂראל, כּדי צו באַפרײַען דאָס לאַנד, וואָס איז דאָך הייליק אויך פאַר קריסטן, פון דער האַנט פון די מוסולמענער, וועלכע האָבן דאָרט אויסגעשפּרייט זייער מאַכט. אויפן וועג צו זייער ציל, האָבן די קרייצריטער (מ׳האָט זיי אַזוי

גערופן, ווײַל דער קרייץ איז געווען דער צייכן אויף זייערע קליידער, און דער סימבאָל און אויסדרוק פון דער גאַנצער אונטערנעמונג), דערווײַל זיך "פאַרנומען" מיט די ייִדן, וועלכע האָבן געוואוינט אין די מערב־אייראָפּעאישע מדינות. זיי האָבן פּרובירט אַרויפצווינגען אויף זיי דעם קריסטלעכן גלויבן. ייִדן האָבן אָבער בשום־אופן נישט מסכּים געווען זיך צו שמדן. האָט אָנגערוקט פאַר זיי אַ צײַט פון אויפּציטערנדיקן ווײ. צוליב זייער "ווידערשפּעניקייט" האָבן זיי געמוזט אויסשטיין מוראדיקע לײַדן. עס זענען אויף זיי אויסגעפּירט געוואָרן שרעקלעכע אַכזריותן. פאַר זייער געטריישאַפט צו ייִדישקייט האָבן זיי געמוזט באַצאָלן מיט זייערע לעבנס. גאַנצע קהילות זענען אומגעקומען אויף קידוש השם. אין אַ סך פאַלן, האָבן ייִדן אַפילו נישט געוואָלט געבן די רוצחים קיין געלעגנהייט אַוועקצונעמען בײַ זיי דאָס לעבן. זיי האָבן אַליין, מיט אייגענע הענט, אומגעבראַכט זייערע פאַמיליעס, און זיך אַליין, כּדי נישט אַרײַנצופאַלן צו די פאַנאַטישע, צעווילדעוועטע מערדער.

אַ כראָניק, וואָס איז פאַרבליבן פון יענער פאַרכטיקער צײַט, און וואָס איז געשריבן געוואָרן דורך איינעם, וואָס האָט אַדורכגעמאַכט די טראַגעדיע, און באַוויזן זיך אָפּצוראַטעווען — ר' שלמה בן שמשון — באַקענט אונז מיטן דערשיטערנדיקן קאַפּיטל פון ייִדישן מאַרטירערטום. "די שׂונאים זענען באַפאַלן די קהילות — לייענען מיר אין דער כראָניק — און אַרויפגעוואָרפן די גזירה פון שמד, אָבער ייִדן האָבן נישט געוואָלט זיך אָפּטונקען אין זייער וואַסער... דעמאָלט האָט בײַ די שׂונאים זיך צעקאָכט די רציחה, זיי האָבן נישט געהאַט קיין רחמנות אויף אַלטע לײַט, אויף מיידלעך, אויף זויגנדיקע עופהלעך... זיי האָבן נישט געשוינט פרויען און קראַנקע... אין אָנהייב האָבן ייִדן זיך אַוועקגעשטעלט מיט געווער אין האַנט אין קאַמף קעגן די צלמים־טרעגער, אָבער יענע זענען געווען אין אַ גרויסער צאָל, און עס איז אוממעגלעך געווען זיי אָפּצושטויסן... די פײַנט האָבן זיך צונויפגענומען מיט דער בייזער כּוונה אונז צו פאַרטיליקן און אָפּמעקן דעם ייִדישן נאָמען"...

אין די קינות פון תּשעה־באָב זענען פאַראַן פיר עלעגיעס, וואָס גיבן אַן גרויליקע פּרטים פון די קרייצצוגן. גענויער געזאָגט: פון ערשטן קרייצצוג, פון וועלכן די מחברים זענען אַליין געווען עדות. אין זייער געבראַכענעם געמיט האָט זיך אײַנגעקריצט דער באַגער, אַז תּשעה־באָב זאָלן ייִדן אין אַלע צײַטן זיך אומקערן אין זייערע געפילן און האַרץ צום מוראדיקן אומגליק, וואָס האָט געטראָפן דעם אַשכּנזישן ייִדנטום אין באַגינען פון זײַן אַנטשטיין. דער אומקום אויף קידוש־השם פון די דאָזיקע קהילות לאָזט זיך פאַרגלײַכן צום חורבן פון בית־המקדש — זאָגט זיך אין אָט־די קינות.

צוויי פון די עלעגיעס זענען געשריבן געוואָרן דורך קלונימוס בן יהודה. אַ מיטגליד פון אַן אָנגעזעענער משפּחה, וואָס איז געקומען קיין דײַטשלאַנד מיט

דעם שטראָם אימיגראַנטן פון איטאַליע. פון שויס פון אָט־דער פאַמיליע זענען אַרויסגעוואַקסן דענקער, מיסטיקער און אָנפירער פון כּלל. זייערע נעמען זענען איינגעקריצט אין בראשית פון אַשכּנזישן טייל פון אונזער פאָלק.

מיט די ווערטער "ווער וואָלט פאַרוואַנדלען מיין קאָפּ אין וואַסער, און מיינע אויגן אין אַ קוואַל פון טרערן", וואָס עס האָט זיי געזאָגט אַמאָל, אַ געשלאָגענער פון ווייטיק, דער נביא ירמיהו, און וואָס זענען פאַרשריבן אין זיין ספר (ח, כג). עפנט קלונימוס בן יהודה די ערשטע פון זיינע טרויער־פּאָעמעס; אַ וויי־אויסגעשריי נאָך די, וועלכע זענען דערמאָרדעט געוואָרן דורך די קרייצטרעגער אין די שטעט וואָרמס, שפּייער, מיינץ. מען פילט, ווי שטאַרק דער מחבר שטרענגט זיך אָן צו צוימען זיין אויפבראויז פון צער און צאָרן. אָבער די עמאָציעס רייסן זיך אַרויס פון די ברעגן. דאָס איז איינע פון די אויפּציטערנדיקע קינות, וואָס ווערן אויסגעוויינט אין תּשעה־באָב. זי איז איבערגעדיכטעט געוואָרן אויף ייִדיש דורך י. י. שוואַרץ, און איז אַריינגעגאַנגען אין זיין "אַנטאָלאָגיע פון דער העברעאישער פּאָעזיע". אָט זענען אייניקע פראַגמענטן: "וויינט און קלאָגט אַ גרויס געוויין אויפן הויז פון ישׂראל, וואָס איז געפאַלן דורך דער שווערד... ענטפערט "וויי און ווינד און וויי" אַלע אינאיינעם!... כ׳וועל גיין צום פעלד פון געוויין, און באַוויינען די לעבנס, וואָס זענען צעפליקט און צעריסן, די שיינהייטן־מיידלעך, און ליכטיקע קינדער, איידעלער פון פּערל, סאַפּירן און טייערסטע שטיינער; אין שמוץ פון די גאַסן האָבן זיך געוואַלגערט זייערע ביינער... שיט אַש אויף די קעפּ, און זעק זאָלט איר טראָגן!... עס זענען אומגעקומען יונגע בחורים און פּרעכטיקע זקנים, וואָס האָבן אָפּגעגעבן זייערע לעבנס אַלע אינאיינעם מיט פרייד און גבורה פאַר דער אייניקייט פון גאָטס נאָמען... מיט קרענץ פון מאַרטירער טו איך זייערע קעפּ באַקרוינען; זיי זענען געווען פון אַדלערס פלינקער, פון לייבן שטאַרקער"...

ר׳ קלונימוס בן יהודה שטעלט זיך נישט אָפּ פון אַרויסרוקן מוראדיקע פראַגעס, וואָס דאַרפן אַדורכרייסן די הימלען. "זאָלן קומען די קלאָגערינס — רופט ער אויס — און זאָלן זיי קלאָגן. צי איז וואו אָן אומגליק ווי מיינס דען פאַראַן?... די הרוגים אין גאַסן זענען נאַקעט געלעגן, פאַר היגנט און חיות הפקר זייערע לייבער, אויף שאַנד און אויף שמאָך צו די ביטערע שׂונאים... דו, שטאַרקער גאָט, וואָס איז מיט דיר אין טאָג פון שטראָף געוואָרן? דו שווייגסט, דו האַלטסט זיך איין, און צינדסט זיך נישט אין צאָרן פון זייער שפּאָט"...

מיט דער ווענדונג אים צו לאָזן אַליין, כּדי ער זאָל אין זיין אַליינקייט זיך פאַרגראָבן, און פאַרטיפן זיך אין אומעט, פאַרענדיקט זיך די האַרצרייסנדיקע עלעגיע; "גייט אָוועק, און לאָזט מיך וויינען, און זאָל מיין פּנים שמאַרצן פון דער פלאַמענדיקער טרער אויפן הויז פון ישׂראל"...

מיט דער זעלבער רירנדיקער בקשה צו לאָזן אים אַליין, הייבט זיך אָן זיין צווייטע טרויער־פּאָעמע, וואָס איז אַריין אין די קינות פון תּשעה־באָב. זי שפּאָרט

זיך אָן אויף אַ פּראָזע פון ספר פון נביא ישעיהו. ״קערט זיך אָפּ פון מיר, און איך וועל אָנגיין מיט אַ ביטערן געוויין״ (שעו מני, אמרר בבכי, ישעיה כב, ד). ״ווער האָט אַזוינס געהערט?! — פרעגט ער אין פאַרוואונדער — ווער האָט זיך אַזוינס געקענט פאָרשטעלן? די אויפשווידערנדיקע אַכזריותן, וואָס זענען אָפּגעטאָן געוואָרן, גיבן נישט קיין רו, זיי יאָגן נאָך ווי געשפּענסטער... די פּאַרכטיקע גבורה פון די, וואָס האָבן זיך אַליין אומגעברענגט, און געפירט צו דער עקידה זייערע ליבסטע און נאָענטסטע, ברענגט אַריַין אַ ציטער און אויפציטער, און צווינגט אויסצושריַיען: ביז וואַנען, אָ, ביז ווען וועלן זיך ציִען אונדזערע לײַדן?... מיר זענען שוין אַזוי מיד אָנצוגיין מיט אונזערע צרות!...״ אָבער אויך אין שטורעם פון די פּראָגעס, וואָס עקבערן אין זײַן געמיט, איז דער מחבר זיכער, אַז אין פײַער פון יסורים וועלן ייִדן זיך אָנהאַלטן געטרײַ אין ייִדישקייט, און שפּינען כּסדר די האָפענונג פון אויסלייז. ״די טרערן רינען — זיפצט אויס אַ צעוווייטיקטער ר׳ קלונימוס בן יהודה — טרויער זענען מײַנע געזאַנגען, געוויין איז מײַן האַרפע״, אָבער ער וועט דאָך נישט אויפהערן גלויבן און האָפן, האָפן און גלויבן. ייִדישע כאַראַקטער־שטאַרקייט שײַנט אַרויס אין דער געדיכטער פינסטערניש.

אויך די דריטע עלעגיע, וואָס איז איַינגעגלידערט געוואָרן אין די קינות פון תשעה־באָב, האָט צו טאָן מיטן ערשטן קרייצצוג. אָבער איר מחבר איז פאַרבליבן אומבאַקאַנט. נישט ער אַליין האָט אָנגעגעבן אין דער שאַפונג זײַן נאָמען, נישט די כראָניקער פון יענער צײַט דערמעגלעכן צו דערגיין, ווער ער איז געווען. ער קווענקלט זיך, דערקלערט מיט דער פולער אויפריכטיקייט דער אַנאָנימער מחבר אין זײַנע אַרײַנפיר־רייד, און ווייסט נישט, וואָס זאָל ער גלײַכער טאָן; שווײַגן אָדער דערציילן?... אָבער ער אַנטשליסט זיך דאָך ניט צו בלײַבן שטיל. ״שווײַגט איר — זאָגט ער אַזוי ווי דער אומבאַשרײַבלעכע־יסורים־לײַדנדיקער איוב פון די תנ״ך־צײַטן (איוב יג, יג) — און איך וועל רעדן״... און צו דערציילן איז פאַראָן וואָס. ער האָט בײַגעוואוינט, ווי קליינע און גרויסע, מענער און פרויען, יונגע און אַלטע, האָבן אויסגעהויכט אין פּײַן זייערע נשמות, ווײַל זיי האָבן נישט געוואָלט קניִען צו אָפּגעטער; ער האָט געזען, ווי עלטערן האָבן זיך אָנגעגאַרטלט מיט מוט און שטאַרקייט, און ער האָט געהערט ווי זיי האָבן געזאָגט צו זייערע קינדער: ״מיר וועלן אײַך ברענגען פאַר אַ קרבן עולה!״... אָ — לייענען מיר אין זײַנע פערזן — קלאָגט איר הימלען; לאָז אַרויס דײַן וויי־געשריי, ערד!...

וואָס שײַך דער פערטער פון די עלעגיעס, וואָס זייער טעמע איז דער אויפ־טרייסלענדיקער גרויל פון קרייצצוג, איז איר מחבר מנחם בן מכיר פון רעגנסבורג. אויך ער איז געווען צווישן די, וואָס אויף זיי האָט געפּאַכעט דער אומקום אין יענעם יאָר פון שוידער ד׳ תתנ״ו (1096). ער איז ווי דורך אַ וואונדער אַרויסגעקומען פון אונטערן מעסער פון די רוצחים. מיט די ווערטער ״איך דערוועק מײַן אבלות״, לייגט ער אויס פאַר זײַן דור, און פאַר די שפּעטערדיקע דורות, זײַן פאַראומערטע

שטימונג. די דערפּאַרונגען שטייען כּסדר פאַר זײַנע אויגן; "די חיילות, די מערדער־באַנדעס, וואָס האָבן געהרגעט און פּאַרטיליקט; די טײַכן בלוט, וואָס זענען געפלאָסן; דער געמיינער המון, וואָס האָט אָנגעגריפן די ייִדן און זייערע וואוי־נונגען"... מיר ווייסן, ווער דער דאָזיקער מנחם בן מכיר איז געווען. אַ ברודערן־זון פון רבינו גרשום, די ערשטע גרויסע פּערזענלעכקייט פון אויפגייענדיקן אַשכּנזישן ייִדנטום. דער פעטער, רבינו גרשום, איז אַוועק פון דער וועלט, איידער די אומגליקן זענען אַראָפּגעפאַלן. אָבער ער, דער ברודערן־זון, האָט אַלץ מיטגע־מאַכט, אַלץ געזען, דעם שרעקלעכן פּײַן מיטגעליטן. איז זײַן אין ווי אויסגע־טראָגענער ווילן, אַז אין דער נאַכט פון תּשעה־באָב זאָלן ייִדן אין זייערע קינות, צוזאַמען מיט אים, אויסוויינען דעם טרויער פון זײַנע דערפאַרונגען, און אויך דערמאָנען אין ערפורכט און הייליקן ציטער די דערהויבענע גבורה פון די, וואָס האָבן געהייליקט דעם ייִדישן קיום אויף די ברעגן פון רהײַן.

פאַראַן אויך אַ פינפטע עלעגיע, וואָס האָט צו טאָן מיט די פּריַע דערפאַרונגען פון אַשכּנזישן ייִדנטום, און איז אַרײַנגעגאַנגען אין די קינות פון תּשעה־באָב. אין איר איז די רייד וועגן שײַטערהויפן, אין וועלכן עס איז אַרײַנגעוואָרפן געוואָרן אין מיטלאַלטער דער תּלמוד אין פּאַריז.

דאָס איז געווען אומגעפּער אינמיטן דרײַצנטן יאָרהונדערט. אַ שענדלעכע העצע איז דעמאָלט אָנגעגאַנגען קעגן תּלמוד. מיט בייזוויליקער רשעות און בייז־וויליקער עם־הארצות זענען אויסגעטראַכט געוואָרן געמיינע ליגנס קעגן דער פאַרהייליקטער ייִדישער שאַפונג. אין דער קריסטלעכער אייראָפּע האָט מען אַרויס־געלאָזט נידערטרעכטיקע בילבולים, אַז אין תּלמוד ווערן מכלומרשט ייִדן גערופן זיך צו שטעלן קעגן די קריסטלעכע פעלקער, און אַז פון דאָרט שפּריצט גיפט קעגן אַנדערשגלויביקע. ייִדישע אויטאָריטעטן האָבן באַוויזן דעם אומזין פון די באַ־שולדיקונגען, אָבער עס האָט נישט געהאָלפן. די העצע האָט געפלייצט. דער האָס האָט געבושעוועט.

אין פראַנקרײַך, אין פּאַריז, איז דער דאָרטיקער רב, ר' יחיאל, אַרויסגערופן געוואָרן צו אַן עפנטלעכער "טעאָלאָגישער דעבאַטע", לויט דעם שטייגער פון יענע צײַטן. מיט קענטעניש און טאַלאַנט האָט ער אָפּגעוואָרפן די ליגנס, וואָס האָבן זיך אָנגעקליבן אַרום דעם תּלמוד. אָבער דער פּויפּסט גרעגאָריוס דער נײַנטער, זײַנע ראַטגעבער און "עקספּערטן", און דער פראַנצויזישער קעניג, האָבן זיך נישט געלאָזט איבערצײַגן. דער אורטייל איז געפאַלן: דער תּלמוד, אַלע זײַנע בענדער, אַלע זײַנע מסכתּות, אויף וועלכע מען האָט נאָר געקענט לייגן אַ האַנט, וואָס האָבן זיך געפונען ערגעץ־וואו, דאַרפן געוואָרפן ווערן אויפן שײַטערהויפן, וואָס וועט אָנגעצונדן ווערן אין צענטראַלן פּלאַץ אין פּאַריז.

אין אַ זומערדיקן פרײַטיק, דעם זעקסטן טאָג אין חודש תּמוז, פון יאָר ה' ב',

פינף טויזנט און צוויי, לויטן ייִדישן לוח (1242), זענען צוגעפֿאָרן צום דאָזיקן פּלאַץ פיר און צוואַנציק וועגענער. אין זיי האָבן זיך געפונען די תלמוד־בענדער, וואָס מען האָט קאָנפיסקירט אין ייִדישע הײַזער, אין שולן, אין ביבליאָטעקן. זיי זענען געוואָרפן געוואָרן אין פלאַקערנדיקן פײַער. ווילדע פלאַמען האָבן פאַרצוקט דעם וואונדערלעכן אוצר פון ייִדישער גײַסטיקייט.

אַ יונגער תלמיד פון ר׳ יחיאל, וועלכער איז געקומען פון דײַטשלאַנד כּדי צו לערנען אין זײַן ישיבה, דער שפּעטער באַרימט־געוואָרענער גײַסטיקער פירער פון אַשכּנזישן ייִדנטום ר׳ מאיר — אָנגערופן געוויינלעך דער מהר״ם (מורינו הרב ר׳ מאיר) פון ראָטענבורג — האָט בייגעוואוינט די קאַטאַסטראָפאַלע סצענע, און ער האָט אָנגעשריבן אַ פּאָעמע, אין וועלכער ער האָט געבראַכט צום אויסדרוק זײַן דערשיטערונג, זײַן ווייטיק, זײַן אומגעשטילטן צער, זײַן זודיקן צאָרן. אַן אויפֿ־ציטערנדיקע עלעגיע אין אירע באַצווייפלנדיקע פערזן. זי עפנט זיך מיט די ווערטער: ״שאלי שרופה באש״... אַ, פרעג, דו פאַרברענטע אין פײַער!״... זי איז איבער־געזעצט געוואָרן אויף ייִדיש, צווישן אַנדערע, דורך אברהם רייזען. דאָרט זאָגט זיך:

״אַ ווענד זיך און פרעג, דו פאַרברענטע אין פײַער, אויף דײַנע אבלים, וואָס דו ביסט זיי טײַער... וואָס וואַנדלען אַרום ווי די שאָטנס, און זענען מיט האָפענונג פול, אַז די זון וועט נאָך שײַנען... כ׳וועל לאַנג אַזוי וויינען און גיסן די טרערן, ביז וואַנען אַ טײַך פון די טרערן וועט ווערן... ווי קען דאָס עסן זײַן זיס צו מײַן גומען, ווען איך האָב געזען, ווי מען האָט דיך פאַרנומען אין ערגעץ אַ געסל, דורך פינסטערע וועגן, און האָבן פאַרשעמט דיך, פאַרברענט גאָטס פאַר־מעגן!... עס וועט דיך נאָך טרייסטן דער באַשעפער, די שבטים אויפקלייבן, די געפאַלענע דערהייבן, דו וועסט זיך פאַרצירן, אין זיידנס באַקליידן, אַ פויק וועסט דו נעמען, און טאַנצן אין פריידן, און שטאָלץ וועל איך ווערן, ווען גאָט וועט אָנצינדן זײַן ליכט אויף דאָס נײַ — און די נאַכט וועט פאַרשווינדן!״...

אָט די עלעגיע, וואָס באַוויינט דעם תלמוד, וואָס איז פאַרברענט געוואָרן, און איז גלײַכצײַטיק אַ געזאַנג פון אויפמונטערנדיקער טרייסט און זיך דורכרײַסנדיקער האָפענונג, איז די פינפטע שאַפונג, וואָס האָט צו טאָן מיט די איבערלעבונגען פון אַשכּנזישן ייִדנטום; און איז אַ באַשטאַנדטייל פון אונזערע קינות אין תשעה־באָב.

מעגלעך טאַקע, אַז אויסער דאָס באַקענען זיך מיט דער עלעגיע, האָבן די וועלכע האָבן אײַנגעשטעלט דעם שטייגער און די טראַדיציע אין ייִדיש־אַשכּנזישן לעבן, אַזוי־אַרום באַגערט, אַז פון דור צו דור זאָל אין נאַציאָנאַלן יאָרטאָג פון טרויער שטיין פאַר אונז דאָס אומגעוויינלעכע געשטאַלט פון איר מחבר, דער מהר״ם פון ראָטענבורג.

אויפגעוואַקסן אין דער קהילה אין וואָרמס, האָט ער אין זײַן יוגנט אָוועק־

געוואַנדערט צו די לערן־צענטערס אין פאַלעיס (אין נאָרמאַנדיע) און פּאַריז. אומקערנדיק זיך אַהיים, האָט ער צוערשט זיך באַזעצט אין זײַן געבורטשטאָט. ער האָט אויך געדינט ווי אַ גײַסטיקער פירער אין אַנדערע קהילות אויפן רהײַן. דערנאָך איז ער אַוועק קיין ראָטענבורג, אין בײַערן. פון אַלע מקומות האָט מען צו אים אויפגעהויבן די בליקן נאָך אָנווײַז און ריכטונג. ער איז געשעצט געוואָרן נישט בלויז צוליב זײַן גאונות, נאָר אויך ווי אַ לויכטנדיקע עטישע פּערזענלעכקייט. ווען אין דער צײַט פון קײַזער רודאָלף דעם ערשטן, האָט זיך די ייִדישע לאַגע פאַרערגערט, האָט ער געראָטן ייִדן צו פאַרלאָזן דײַטשלאַנד. וואוהין פאָרן? פּוילן האָט דאַן געעפנט די טויערן, און צוגעזאָגט צו באַהאַנדלען ייִדן מיט טאָלעראַנץ. אויך קיין ארץ־ישׂראל האָבן זיך אויסגעדאַכט צו זײַן מעגלעכקייטן צו פאָרן דאָרט אַהין. ער אַליין האָט מיט זײַן פאַמיליע אַוועקגעלאָזט זיך צו דער גרענעץ מיט דעם ציל אויסצוּוואַנדערן.

אָבער דער דײַטשער קייזער איז נישט געווען צופרידן דערפון, וואָס ייִדן עמיגרירן. ער וועט דאָך פאַרלירן די הכנסות פון די שטײַערן, וואָס זיי ברענגען אַרײַן אין זײַן מלוכה־אוצר. ער האָט דעריבער אַרויסגעלאָזט אַ שטרענגען באַפעל, אַז אַלע ייִדן, וואָס האָבן "אומלעגאַל" אַריבערגעשפּרייזט די גרענעץ, מוזן מיט געוואַלט צוריקגעבּרענגט ווערן. אויך ר׳ מאיר איז גענומען געוואָרן אין געפאַנגענ־שאַפט. ער איז געשטעלט געוואָרן אונטער דער שווערער באַשולדיקונג, אַז דאָס האָט ער אָרגאַניזירט די ייִדישע עמיגראַציע. ער איז אײַנגעזעצט געוואָרן אין תּפיסה, און דער קייזער האָט פאַרלאַנגט אַ גרויסע סומע אויסלייז־געלט פאַר אים. די קהילות זענען גרייט געווען צו באַצאָלן די סומע, אָבער דאַן האָט זיך אָוועק־געשטעלט ר׳ מאיר, און זיי נישט געלאָזט דאָס טאָן. ער האָט געזאָגט אַז אויב זיי וועלן נאָכקומען דעם ווילדן פאַרלאַנג, וועט נאָך שטאַרקער צערייצט ווערן בײַ די הערשער דער אַפּעטיט אויסצופּרעסן געלט פון ייִדן, און ייִדישע עקזיסטענץ וועט נאָך ווערן מער הפקרדיק . . .

פאָרשטייער פון קהילות האָבן געפּרווט אַרגומענטירן מיט אים. אָבער ער, דער מהר״ם, האָט זיך געהאַלטן בײַ זײַנס, ער איז נישט אָפּגעטראָטן פון זײַן שטרענגען פאַרוּוער. זיבן יאָר האָט ער אָפּגעשמאַכט אין דער פעסטונג פון ענסינגהיים, און אויבערשטן עלזאַס, אַפילו צו קבר ישׂראל איז ער געקומען ערשט אַ סך יאָרן נאָכדעם ווי ער איז אַוועק פון דער וועלט. דורך לאַנגע תּקופות האָט זײַן פּער־זענלעכקייט אין דער ייִדישער וועלט זיך פונאַנדערגעטראָגן ווי אַ בײַשפּיל פון הויכער מאָראַל און סאָציאַלער פאַראַנטוואָרטלעכקייט. הונדערטער יאָרן שפּעטער האָט ר׳ שלמה לוריא, אין לובלין — באַקאַנט ווי דער רש״ל, אַן אויטאָריטעט אין דער גײַסטיקער ספערע פון אויפשטײַגנדיקן ייִדיש־פּוילישן קיבוץ — געהאַלטן פאַר נויטיק צו פאַרצייכענען אָט־די אומבויגעוודיקע האַלטונג. אַ סך יאָרן איז דער מהר״ם פאַרבליבן געפאַנגען אין טורמע — האָט געשריבן ר׳ שלמה לוריא —

דער קייזער האָט געפאָדערט ביי די קהילות אַ גרויסע סומע געלט; זיי זענען געווען גרייט אים אויסצולייזן; אָבער ער האָט נישט געלאָזט...

אין דער מאָדערנער ייִדישער ליטעראַטור איז אַרויסגעהויבן געוואָרן דער העראָאיזם. ה. לייוויק האָט אונטערגעשטראָכן דעם פּאַטאָס, וואָס דערגייט פון זיין לעבן און ווירקן, אין דער דראַמאַטישער פּאָעמע "דער מהר"ם פון ראָטענבורג". די לערע, וואָס דער מהר"ם האָט פאַרזייט, ווערט דאָרט אויסגעדריקט אין די פערזן: "זיין אין כּלל ישׂראל איז אַ גרויסע זכיה, און אַ חיוב, היטן דעם כּבוד פון פאָלק ישׂראל איז אַ חוב"... אַברהם ליעסין האָט זיך פאַרטיפט אין זיין געשטאַלט אין אַ פּאָעמע, וואָס ער האָט אים געווידמעט. אויף זיין אויסבעט פון שטרוי — שילדערט ליעסין — אין דער פינסטערער תּפיסה־צעל, די הענט אין קייטן, רופט אויס דער גרייז־גרויער געפאַנגענער צו די קהילה־שליחים וואָס זענען געקומען צום ווייפלטן מאָל ביי אים אַרויסבאַקומען זיין הסכּמה אים אויסצולייזן: "איך פאַרוועהר אייַך, איך פאַרוועהר צו צאָלן פאַר מיר אויסלייז־געלט!"...

מען זאָגט די קינות אין תּשעה־באָב אויפן חורבן פון בית־המקדש און אויף דער פאַרוויסטונג פון ירושלים; אָבער פון פינף פון די קינות גייט זיך פונאַנדער דער יאָמער אויף צוויי דערשיטערנדיקע איבערלעבונגען פון אַשכּנזישן ייִדנטום. געגנוי ווי פון די איבעריקע קינות, טראָגט זיך אויך פון אָט־די פינף עלעגיעס די אומאויסגעלאָשענע האָפענונג, און דאָס דערמוטנדיקע וואָרט פון דער גרויסער ייִדישער טרייסט.

קרוב צו אַ האַלבן יאָרהונדערט איז שוין פאַרבײַ זינט דעם נאַצי־חורבן, און מען וויל גאָרנישט בײַ אונז אויפהערן זיך צו באַנוצן מיט דער פראַזע ״אַזוי ווי שאָף צו דער שחיטה״. אַ פראַזע, וואָס מיינט צו זאָגן, אַז די ייִדן, וועלכע האָבן געליטן און זענען אומגעקומען אין די יאָרן פון דער נאַצי־הערשאַפט, האָט פאַרפעלט מוט צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד; אַז בלויז געציילטע יחידים אָדער קליינע גרופּעס האָבן פאַרמאָגט די געוואַגטקייט זיך אַנטקעגנצושטעלן דעם אָנגרײַפנדיקן שונא. אַ פראַזע, וואָס איז אייגנטלעך אַ באַשולדיקונג־אַקט קעגן דער ייִדישער האַלטונג אין אַנטרעף מיטן געפּערלעכסטן פײַנט, וועלכער איז ווען־עס־איז אַרויסגעטראָטן קעגן אונזער פאָלק.

דאָס איז אַ פראַזע, וואָס איז אין תּוך אַרויסגענומען פון אַן אוראַלטער תּפילה, וואָס שטיצט זיך אויף אַ קאַפּיטל תּהילים (מד, כג). אָבער דאָרט, אין דער תּפילה פון פאַרצײַטנס, זענען צוגעגעבן אין אָנהייב די ווערטער: ״מען באַטראַכט אונז ווי אַזעלכע״. דאָס הייסט: מען קוקט אויף אונז גלײַך ווי מיר וואָלטן זיך געלאָזט פירן ווי שאָף צו דער שחיטה, — נחשבנו כצאן לטבח יובל. — אָבער עס איז נאָך אַ פראַגע, צי מען האָט רעכט אונז צו באַטראַכטן ווי אַזעלכע. אין אונזער צײַט איז דער אַרײַנפיר צום זאַץ אָוועקגענומען געוואָרן, וואָס דאָס מיינט צו זאָגן, אַז עס אונטערליגט נישט קיין ספק, אַז אַזוי איז דאָס געווען. מיר אַליין דריקן זיך אַזוי אויס וועגן דער ייִדישער אויפפירונג און וועגן דער פערזענלעכקייט פון ייִדישן מענטש, אין לעצטן חורבן.

אָבער צי האָט דאָס טאַקע אַזוי פּאַסירט?

אין די קאָרגע פינף יאָרצענדליקער, וואָס טיילן אונז אָפּ פון דעם פעריאָד פון שוידער און אומקום, זענען אויסגעגראָבן געוואָרן פון אונטער די חורבות און פאַרפּנטלעכט געוואָרן מאַטעריאַלן, וואָס לאָזן נישט איבער קיין גרונט צו צווייפלען, אַז גאָר אַנדערש האָבן זיך פאַרגעשטעלט די זאַכן אין דער ווירקלעכקייט. לאָמיר פאַרצייכענען עטלעכע פון זיי.

עס איז קלאָר געוואָרן די פֿאַלשקייט פֿון יעדער טענה, אַז עס האָט עקזיסטירט עפּעס אַ מעגלעכקייט צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד די נאַציס. די דײַטשן האָבן אײַנגעשטעלט אַן אונטערדריקונג־סיסטעם, צו וועלכן עס איז שווער צו געפֿינען אַ פֿאַרגלײַך אין דער גאַנצער מענטשלעכער געשיכטע. דער טײַוול, וואָס וועגן אים איז די רייד אין ביאַליקס פּאָעמע ״אין דער שחיטה־שטאָט״ — וואָס שילדערט דעם גרויל פֿון די פּאָגראָמען אין די צאַרישע צײַטן — קומט אויס נאַאיוו און מילד, אין פֿאַרגלײַך מיט דעם וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אין די לענדער, וועלכע זענען געווען אָקופּירט דורך די נאַציס. געוויסן איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ ייִדישע דערפֿינדונג; רחמנות און מיטלײַד זענען געסטעמפּלט געוואָרן ווי אַ ייִדישער פּראָדוקט. אַן אַכזריות, וואָס מען קען זיך גאָרנישט שאַפֿן קיין אָנונג וועגן איר, האָט גלײַך כאַראַקטעריזירט די דײַטשן, מיטן מאָמענט ווען זיי זענען געוואָרן די אומבאַגרענעצטע הערשער איבער די ייִדישע מאַסן.

איך געדענק, אַז ווען שמואל זיגעלבוים איז אין די מלחמה־יאָרן געקומען קיין לאָנדאָן, האָט ער אויף אַ פּרעסע־קאָנפֿערענץ דערציילט וועגן די דערפֿאַרונגען, וואָס ער האָט אַדורכגעמאַכט אין די פּאָר חדשים, וואָס ער האָט זיך געפֿונען אונטער דער נאַצי־מאַכט אין אָקופּירטן פּוילן. אָבער די פֿאַרזאַמלטע ענגלישע זשורנאַליסטן זענען נישט אינגאַנצן זיכער געווען, צי דאָס וואָס ער גיט איבער איז פֿולשטענדיק גענוי. זיי האָבן זיך געפֿרעגט, אויב עס רעדט נישט פֿון אים אַרויס די פּאַניק, פֿון וועלכער ער קען זיך נישט באַפֿרײַען.

זיגעלבוים האָט דערציילט, אַז ווי נאָר די נאַציס האָבן אַרײַנמאַרשירט קיין וואַרשע, האָבן זיי אויסגעהרגעט אַלע ייִדישע מענער, וואָס האָבן געוואוינט אין אַ הויז אויף דער נאַלעווקי־גאַס — עטלעכע פֿופֿציק אין צאָל — ווײַל איינער, אַן אײַנוואוינער פֿון יענעם הויף, האָט צוריקגעשלאָגן אַ נאַצי־פּאָליציאַנט, וועלכער איז אים באַפֿאַלן; הגם די אַנדערע זענען בכלל נישט געווען אָנוועזנדיק בעת דעם אינצידענט. די רעאַקציע פֿון די זשורנאַליסטן איז געווען, אַז מסתּמא זענען זיי יאָ געווען פֿאַרמישט אין דעם אומבאַרעכנטן אויסברוך פֿון צאָרן . . .

קאָלעקטיווע שטראָף איז אונטער דער דײַטשער רשעותדיקער מאַכט געווען אַ סיסטעם. דער, וועלכער האָט זיך דעצידירט אויף אַ פֿאַרצווייפֿלטער האַנדלונג און געשטעלט עפּעס אַ ווידערשטאַנד, אָפּגעגאָסן מיט אַ פֿלאַש וויטריאָל אַ דײַטשן אָפֿיציר, האָט געוואוסט, אַז דערמיט שטעלט ער אין סכּנה נישט בלויז זײַן נאָענטע פֿאַמיליע, נאָר די גאַנצע קהילה. מען דאַרף זיך דעריבער נישט וואונדערן, וואָס אין אַ סך פֿאַלן האָבן זיך אַליין איבערגעגעבן צו די הענקער די געוואַגטע ייִדישע מענער און פֿרויען, נאָכדעם ווי עס האָט זיי דערגרייכט דער טעקסט פֿון די דראָאונגען, וואָס די נאַציס האָבן אַרויסגעלאָזט, אומצוברענגען הונדערטער און טויזנטער ייִדן, אויב דער, וועלכער איז באַגאַנגען אַ סאַבאָטאַזש־אַקט — אָדער סתּם אָפּגעענטפֿערט דרייסט די נאַצי־אויטאָריטעטן — וועט זיך נישט מעלדן אין די

פונקציאָנירנדיקע אַמטן. מען האָט נישט געוואָלט נעמען די אחריות פאַרן צואײַלן די פאַרטיליקונג. אַזוי האָבן געהאַנדלט נאָך אַ שווערן אינערלעכן געראַנגל איציק וויטענבערג אין ווילנע, יעקב מאַלמעד אין ביאַליסטאָק; אַזוי האָבן געהאַנדלט אַנדערע, וועלכע זענען געווען די מוטיקסטע צווישן די פּאַרטיזאַנער, פון יעדן פּחד אויסגעטוענע קעמפער. וויַיט פון אמת איז לגבי זיי זיך צו באַנוצן מיט דער פראַזע: "זיי זענען געגאַנגען ווי שאָף צו דער שחיטה". זיי האָבן אויסגעקליבן דאָס פאַרפּײַניקט ווערן, כּדי אָפּצוראַטעווען דעם כּלל.

אין די יאַרצענדליקער, וואָס טיילן אונז אָפּ פון יענער פינסטערער צײַט, ווערט אויך אַלץ קלאָרער, אַז דער אויפשטאַנד, וועלכער איז אויסגעבראָכן ערב פסח פון יאָר תש"ג — דער נײַנצנטער אַפּריל 1943 — האָט געהאַט אַ מער־ערנסטן פאַרנעם און אָפּגעהילכט מיט אַ מער ערנסטן אָפּקלאַנג ווי מען האָט לכתחילה געמיינט. די פּוילישע אונטערערדישע פּרעסע האָט געשריבן, אַז אַלע אונטער־דריקטע פעלקער, אויך די פּאָליאַקן, דאַרפן אַראָפּנעמען אַ בײַשפּיל פון די ייִדן אין געטאָ פון וואַרשע. "אַלע קענען מיר אָפּלערנען אַ לעקציע פון דאָזיקן קאַמף — איז דאָרט געזאָגט געוואָרן. — דאָס וואָס ס'קומט פאָר אין די דאָזיקע טעג אין געטאָ באַווײַזט, אַז עס איז פאָרט מעגלעך צו קעמפן קעגן נאַצי־טעראָר, אַז עס איז מעגלעך צו פאַרוואַנדלען יעדעס הויז אין אַ פעסטונג. דער בונט אין געטאָ לערנט אונז, אַז עס איז מעגלעך צו פאַרפירן אַ קריג קעגן די דײַטשן"... אין דער אונ־טערערדישער באַוועגונג האָט מען געשריבן: "אין וואַרשעווער געטאָ האָט זיך געעפנט אַ נײַע מלחמה, די מלחמה פון ייִדן קעגן דײַטשלאַנד. עס האָט זיך געעפנט אַ פרישער פראָנט, אויסער דעם אַנטי־דײַטשן פראָנט אין רוסלאַנד און צפון־אַפריקע"...

אָבער נישט בלויז צו די אונטערדריקטע איז דערגאַנגען דער אָפּקלאַנג. פון די דאָקומענטן, וואָס זענען פאַרבליבן נאָך די נאַצי־פירער, ווייסט מען, אַז אויך די רוצחים זענען געוואָרן צעטומלט. אין די באַריכטן, וואָס דער נאַצי־גענעראַל סטראָפּ, וועמען די דײַטשע מאַכט האָט אַנגעטרויט דאָס דערשטיקן דעם אויפשטאַנד, האָט געשיקט קיין בערלין, איז די רייד וועגן זײַן אַנטוישונג אין אַנבליק פון דער ייִדישער געוואַגטקייט און קרבנות־גרייטקייט. "מיר טוען אַלץ וואָס מיר קענען — האָט ער געשריבן צומערשט — כּדי צו באַקעמפן די ייִדישע באַנדיטן. מיר טוען דאָס טאָג און נאַכט... זיי פאַלן אַרײַן אין אונזערע הענט ערשט ווען זיי האָבן שוין אינגאַנצן פאַרלוירן זייער קראַפט זיך אַנטקעגנצושטעלן... עס לאָזט זיך באַמערקן, אַז זיי קלײַבן אויס גלײַכער צו פאַרבלײַבן אין די ברענענדיקע פײַערן איידער איבערצוגעבן זיך... נאָך אייניקע טעג וועלן מיר זיי פאַרלענדן"...

אָבער עס זענען פאַרבײַ מער ווי עטלעכע טעג און זײַן צוזאָג איז נישט פאַרווירקלעכט געוואָרן. דער גענעראַל איז געצוואונגען געוואָרן צו שיקן פרישע דערקלערונגען קיין בערלין און פאַרענטפערן זיך, פאַרוואָס צו די קאַמפן אין געטאָ

האָט נאָך נישט גענומען קיין סוף. ״קיינער פון זיי — אינפאָרמירט ער — פאַרלאָזט נישט זײַן פּאָזיציע״... מיט דעם געטאָ־אויפשטאַנד האָט אָנגעהויבן זיך צו פּאַראינטערעסירן געבעלס אַליין. דעם ערשטן מאַי, צוועלף טעג נאָכן אויסברוך פון ווידערשטאַנד, פאַרצייכנט געבעלס אין זײַן טאָגבוך: ״אין די גאַסן פון וואַרשע קומען פאָר שווערע קאַמפן צווישן אונזערע באַוואָפנטע כּוחות און די צעבונטעוועטע ייִדן״... דעם 22טן מאַי, העכער אַ חודש נאָכדעם ווי דער אויפשטאַנד האָט זיך אָנגעהויבן, נאָטירט ווידער געבעלס אין זײַן טאָגבוך: ״דער קריג אין געטאָ פאַרציט זיך כּסדר, די ייִדן שטעלן נאָך אַלץ אַ ווידערשטאַנד, זיי ווילן זיך נישט אונטער־געבן״... דעם צווייטן יוני באַפעלט גענעראַל סטראָפּ, אויף דער פאַראָרדענונג וואָס ער באַקומט פון הימלערן ״אויסצוגלײַכן דעם געטאָ מיט דער ערד״... אײַכמאַן, וועלכער האָט באַזוכט דעם געטאָ נאָכדעם ווי דער אויפשטאַנד איז דער־שטיקט געוואָרן, דערקלערט: ״קיינמאָל אין מײַן לעבן האָב איך נישט געזען אַזאַ טאָטאַלע צעשטערונג. איך האָב נישט געגלייבט, אַז ייִדן אין די געטאָס וועלן פעאיק זײַן צו קעמפן אויף אַזאַ אופן״...

צום ערשטן מאָל זינט דעם אָנהייב פון דער מלחמה אין סעפּטעמבער 1939 האָט די דײַטשע אַרמיי זיך אָנגעטראָפן אין די אָקופּירטע לענדער אויף אַן אָרגאַני־זירטן ווידערשטאַנד. ווי שווער און ביטער עס איז געווען דער גורל פון די פעלקער, וועלכע זענען באַהערשט געוואָרן דורך די נאַציס, לאָזט זיך נאָך אַלץ נישט פאַר־גלײַכן זייער סיטואַציע מיט דער ייִדישער. פאַראורטיילטע אויף ״טאָטאַלער פאַר־ניכטונג״ זענען ייִדן געווען עלנט און אַליין, אָן פרײַנד און פאַרבינדעטע. זיי האָבן נישט געהאַט בײַ וועמען זיך צו פאַרשאַפן געווער. זיי זענען געווען אַרומגערינגלט מיט שפּיאָנען און שונאים, נישט דווקא מצד די דײַטשן; און פאַרט איז קיין שום אַנדער פאָלק אין מזרח־ צי אין מערב־אייראָפּע נישט אַרויסגעטראָטן צו אַן אָפענעם ווידערשטאַנד קעגן דער דײַטשער מאַכט. די פּאָליאַקן האָבן אָנגע־הויבן זייער אויפשטאַנד ערשט ווען די רוסן זענען שוין געשטאַנען בײַ די טויערן פון וואַרשע, און דאָס פּוילישע פאָלק האָט זיך געקענט ריכטן אויף זייער הילף. מען דאַרף לייענען די מלחמה־זכרונות פון ווינסטאָן טשערטשיל כּדי זיך איבער־צייַגן ווי שוואַך עס זענען בכלל געווען בײַ די און יענע אייראָפּעאישע פעלקער — צוליב דעם טעראָר, וואָס איז אויף זיי אָנגעוואָרפן געוואָרן — דער כּוח און דער ווילן צוצוגרייטן אַן אָפּווער־אַקט קעגן די דײַטשן, וואָס האָבן פאַרנומען זייערע לענדער.

נישט בלויז אין וואַרשעווער געטאָ איז געקומען צום אויסדרוק דער ייִדישער מוט. ייִדן האָבן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד אויך אין אַנדערע ערטער. אַפילו אין די קאָנצענטראַציע־ און פאַרטיליקונג־לאַגערן האָט זיך אַנטפּלעקט די אומגעווייגלעכע געוואַגטקייט. וויבאַלד מען האָט נישט געהאַט קיין וואָפן, קיין אויפרײַס־מאַטעריאַלן, האָט מען זיך אַנטקעגנגעשטעלט מיט הענט און פויסטן; מיט שטעקנס און מעסערס.

ביין, ייִדן זענען נישט געגאַנגען ווי שאָף צו דער שחיטה, אין דער אימה־אַנוואַרפּנ־דיקער נאַצי־נאַכט, וואָס האָט זיך אויסגעצויגן איבער זיי!

אָבער עס האָט אויך אַרויסגעשטראַלט אַן אַנדערע גבורה: אַ גײַסטיקע, אַ מאָראַלישע, און זי טאָר נישט קלאַסיפיצירט ווערן ווי אַ "פּאַסיווע", ווי טייל צווישן אונז פּרובירן דאָס טאָן. דאָס איז געווען אַ שטויגענדיק־אַקטיווער און דינאַמישער ווידערשטאַנד, אין ניט קיין קלענערער מאָס ווי דער פיזישער. איבער אים דערוויסן מיר זיך אַלץ פרישע איינצלהייטן. נישט אַלע מאַטעריאַלן, וואָס וואַרפן ליכט אויף דער דאָזיקער גבורה, זענען שוין פאַרעפנטלעכט געוואָרן. אין "יד ושם" אין ירושלים זענען אָנגעזאַמלט דאָקומענטן, וואָס דאַרפן ערשט דער־שײַנען. אָבער שוין דאָס וואָס איז צו אונז דערגאַנגען וואַרפט אַן די פראַגע — נישט פאַרוואָס מען האָט אין די געטאָס נישט געשטעלט קיין ווידערשטאַנד — נאָר ווי אַזוי האָט מען באַוויזן אַזוי פיל און אַזוי שטאַרק זיך אַנטקעגנצושטעלן. עס איז געווען פאַרבאָטן אַנצוגיין מיט אַ דערציאונג־טעטיקייט. עס איז געווען פאַרווערט אויפצוהאַלטן חדרים און שולעס. פאַר אַ "פאַרברעכן" איז געוואָרן באַטראַכט דאָס צונויפקומען זיך אין שולן. מען האָט אונטערגעצונדן ביבליאָטעקן. מ'האָט מיטן כּוח פון געזעצלאָזן געזעץ אָפּגעשטעלט יעדע סאָציאַלע טעטיקייט. און דאָך איז דורך די גזירות און דראַקאָנישע פאַרבאָטן נישט אַרײַנגעטראָטן קיין אָפּהאַלט אין דער מסירת־נפש מיטן לעבנסשטייגער פון דורות. מיר באַוואונדערן די געטרײַשאַפט צו ייִדישע ווערטן, וואָס איז אַרויסגעוויזן געוואָרן אַמאָל, ווען די סאָלדאָטן פון דער רוימישער אימפּעריע האָבן אָקופּירט ארץ־ישׂראל. נישט קלענער דאַרף זײַן אונזער פאַרערונג פאַר דער טיפער צוגעבונדנקייט צו ייִדישע אידייען און אידעאַלן, צו דער ייִדישער קולטור אין אַלע אירע אויסדרוקן, וואָס האָט אָנגעהאַלטן אין די נאַצי־געטאָס אין הײַנטיקן יאָרהונדערט, פאַר וועלכער מען איז גרייט געווען צו באַצאָלן — און באַצאָלט מיטן לעבן.

פאַרשטייט זיך, אַז דער עיקר שעפּן מיר אונזערע ידיעות וועגן דער דאָזיקער מסירת־נפש פון די נאָטיצן און טאָג־ביכער, וואָס זענען פאַרבליבן נאָך דר. עמנואל רינגעלבלום. אָבער נאָך אַנדערע כּתבים, אָפּגעראַטעוועטע פון יענעם גיהנום, זענען ווי פאַרמעטן, וואָס פאַרן דערנענטערן זיך צו זיי האָבן די סופרים אין די פאַר־גאַנגענע צײַטן געפילט, אַז זיי דאַרפן זיך אויסטאָן פון יעדער וואָכעדיקייט, וואָרום דאָס וואָס זיי וועלן האָבן פאַר זייערע אויגן, איז באַהויכט מיט הייליקייט. דער פאַרשער און שרײַבער זעליג קאַלמאַנאָוויטש האָט פאַרצייכנט, מיט וואָסער דער־הויבענער התלהבות ייִדן האָבן אויף די חורבות פון די שולן זיך צונויפגעזאַמלט אין אַ יום־טוב, און וויפל שטרויכלונגען מען האָט גובר געווען כּדי דאָס צו טאָן. יצחק קאַצענעלסאָן, וועלכער צעברעכט אונזער געמיט מיט זײַנע פּערזן וועגן "אויסגעהרגעטן ייִדישן פאָלק", ברענגט אין אונז גלײַכצײַטיק אַרײַן אַ ציטער פון

דערמונטערונג מיט זייַן שילדערונג, ווי אַזוי מען האָט אין יענער געשפּענסטפולערווירקלעכקייט, קעגן כּלערליי סכּנות, געברענגט די קדושים און גבורים צו קבר־ישׂראל. אויב מען האָט זיי נישט געקענט העלפן צו לעבן, זאָלן זיי דאָך געפינען רו אין זייער אייביקן שלאָף... נאָענט צו די גרוילפולע פּאַסירונגען, אָן דער נויטיקער פּערספּעקטיוו, זענען מיר גאָרנישט בכּוח אָפּצושאַצן ווי געהעריק די אומגעווייַנלעכקייט פון די שמועסן, וואָס דער פּיאַסעטשנער רבי ר׳ קלונימוס־קלמן האָט געפירט מיטן עולם, וואָס פלעגט אַרום אים זיך צונויפזאַמלען אין געטאָ, און וועלכע זענען אויפגעגראָבן געוואָרן פון אונטער דעם צעשטערטן הויז, וואו די שמועסן זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן; אָדער די הויכע מענטשלעכקייט, וואָס הייבט זיך אַרויס פון די זכרונות פון בערנאַרד גאָלדשטיין, וואו עס ווערן מיט רירנדיקער פּשטות אַרויסגעבראַכט אַלטרואיסטישע טאָטן און דערפאַרונגען, צוליב וועלכע דער טאָל פון טרערן ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ קוואַל, פון וואַנען עס שפּרודלען טרייסט און גלויבן; צי גאָר דער אומדערשיטערטער אויסדויער, וואָס רעדט צו אונז אַרויס פון דער כראָניק, וועלכע איז פאַרצייכנט געוואָרן דורך יוגנטלעכע, ווי אַזוי זיי האָבן ערגעץ אין אַ געטאָ — נאָכדעם ווי די ייִדישע ביבליאָטעק איז אַוועק אין פלאַמען — געגרינדעט אַ געהיימע, אָן אומלעגאַלע; זיך פאַרשאַפט ספרים און ביכער, אייַנגעפירט אַ קאַטאַלאָג, אַנטוויקלט אַ לייַ־סיסטעם און פונאַנדערגעטראָגן, ריזיקירנדיק אַנטדעקט צו ווערן דורך די לויערנדיקע געסטאַפּאָ־אַגענטן, ספרים און ביכער צו די, וואָס זענען געווען פאַראינטערעסירט צו לערנען און לייענען. אַפילו אין די סאַמע דערנידעריקנדיקע פאַרהעלטענישן מוז דער „עם הספר", דאָס פאָלק פון ספר, אַזאַ פאַרבלייַבן... אמת: יאַנוש קאָרטשאַק, דער דערציִער און דענקער, איז נישט אַרויסגענומען פון קיין לעגענדע. ער איז געווען אַ מענטש פון הויט און ביינער. מיר געדענקען אים נאָך פון פאַר־מלחמהדיקן פּוילן. אָבער ער איז אין דער זעלבער צייַט אַ סימבאָל. דער אויסדרוק און בייַשפּיל פון אַ פאָלק, וואָס איז נישט געבראָכן געוואָרן גייסטיק און מאָראַליש, ווען אַלץ אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט האָט זיך געקרישלט און פונאַנדערגעפאַלן.

מען האָט אָנגעהויבן אַרויסגעבן אין ישׂראל זאַמלונגען פון די אומלעגאַלע פּעריאָדישע אויסגאַבעס, וואָס זענען דערשינען אין דעם נאַצי־פּעריאָד אין די געטאָס. די פאַרשידנסטע אידעאָלאָגישע ריכטונגען זענען פאַרטראָטן אין די דאָזיקע אויסגאַבעס; און עס זענען פאַראַן הייַנט אַזעלכע, וואָס זיי איז נישט צום האַרץ, וואָס מען האָט דעמאָלט און דאָרט צופיל דיסקוטירט, צופיל פּאָלעמיזירט, צופיל זיך אַרייַנגעלאָזט אין אידעאישע שטרייַטן. אָבער דאָס איז דאָך אַן אומבארעכטיקטע קריטיק. פון די אידעאָלאָגישע ויכּוחים, אויף וועלכע מען טרעפט זיך אָן אין די אונטערערדישע צייַטונגען און זשורנאַלן, שפּראָצט אַרויס וויטאַליטעט, פליצט גייַסטיקע שעפערישקייט, שטראָמט אַקטיווע אידענטיפיצירונג מיט אידייען און השקפות.

ייִדן אין מזרח־אייראָפּע זינט דעם בראשית פון זייער ישוב, האָבן געפירט שאַרפע אידייאישע און אינטעלעקטועלע וויכּוחים צווישן זיך. שוין ר' משה איסרליש — דער רמ"א — האָט מיט איבער פיר הונדערט יאָר צוריק, אין דור פון די ערשטע גרויסע גײַסטיקע אויטאָריטעטן, זיך אַרײַנגעלאָזט אין אַ פּאָלעמיק מיט ר' שלמה לוריא — דער רש"ל — איבער גרונט־פּראָבלעמען פון ייִדישקייט. דאָס איז אייגנטלעך אַ שטריך פון דער אַשכּנזישער פּסיכיק בכלל. די ערשטע משפּחות אויף די ברעגן פון רהײַן, מיט העכער טויזנט יאָר צוריק, האָבן זיך אַרײַנ־געלאָזט אין דעבאַטעס איבער ייִדישע פראַגעס און דערשײַנונגען. די אומלעגאַלע אויסגאַבעס פון דער נאַצי־תּקופה צײַגן דעם המשך פון אַשכּנז, דעם דינאַמישן המשך פון ייִדיש מזרח־אייראָפּע. צווישן געשפּענסטער, אין סאַמע אַנבליק פון טײַוול, איז מען פאַרבליבן געטרײַ צו זיך און צו דעם אייגענעם תּוך. נישט ווי אַ באַווײַז פון פאַנאַטישער אײַנגעשפּאַרטקייט און האַר־שפּאַלטנדיקער דיאַלעקטיק דאַרף דעריבער דינען אָט די שאַרפע פּאָלעמיק. ייִדישער קיום איז יענע ייִדן שטאַרק און טיף אָנגעגאַנגען, און איבער ענינים, וואָס גייען אָן, שפּאַרט מען זיך, אַמפּערט מען זיך . . .

וואָס אַלץ איז דען נישט באַהאַנדלט געוואָרן און איבער וואָס אַלץ האָט מען נישט דיסקוטירט, אין די אומלעגאַלע צײַטשריפטן: איבער דעם זין פון דער ייִדישער טראַדיציע, איר באַדײַט אין אַלע באַדינגונגען און צײַטן, און גאָר באַזונדער אין דער צײַט פון צרות און רדיפות; איבער דער ייִדן־פראַגע אין אַלגעמיינעם קאָמפּלעקס פון פּראָבלעמען, וואָס זוכן אַ לייזונג; איבער ארץ־ישׂראל ווי דער צענטער פון פאָלק, און די יסודות אויף וועלכע ער דאַרף געבויט ווערן; איבער די אויפגאַבעס וואָס שטייען פאַר ייִדן צומאָרגנס נאָך דער מלחמה. אויג אויף אויג מיטן אָנגייענדיקן פאַרלענד האָבן געדויערט די וויכּוחים. אויב נתן־נטע האַנאָווער, וועלכער האָט געלעבט אין דער תּקופה פון די קאָזאַקן־שחיטות אין זיבעצנטן יאָרהונדערט, האָט אין זײַן כראָניק אונטערגעשטראָכן דעם כּסדר־אָנהאַלטנדיקן ווילן און ענטוזיאַזם צום לערנען אין די מזרח־אייראָפּעאישע קהילות, קומט צו בײַ אונז, די לייענער פון די אומלעגאַלע אויסגאַבעס פון נאַצי־פּעריאָד, צו דער דאָזיקער באַוואונדערונג, אויך דאָס שטוינען איבער דער אַנטשלאָסנקייט זיך צו פאַרטיפן אין ייִדישע עקזיסטענץ־פראַגעס, ווען ייִדישע עקזיסטענץ איז געוועזן באַדראָט, ווי נאָך קיינמאָל פריִער אין די פאַרגאַנגענע יאָרטויזנטער.

מען האָט זיך אויך צוגעוואוינט אָנצונעמען, ווי נאַטירלעך, דעם בטחון, וואָס האָט זיך נישט אָפּגעשיידט פון די ייִדישע מאַסן אין דער צײַט פון דער נאַצי־הערשאַפט. אָבער דאָס איז דאָך ווײַט נישט אַזוי פּשוט ווי עס דאַכט זיך אויס. דער גיהנום האָט געפלאַקערט. דער הונגער און די עפּידעמיעס האָבן געבושעוועט. די דײַטשע אַרמייען האָבן זיגרײַך מאַרשירט איבער לענדער און קאָנטינענטן. צווישן

די קריסטלעכע פעלקער, מיט וועלכע מען האָט געוואוינט בשכנות זיבט יאָר־הונדערטער, זענען פאַרבליבן קוים געציילטע פרײַנד, און די רשעות האָט גענומען די אויבערהאַנט. נישט געווען קיין רעטונג פון טרויער און פון אומקום. אַזוי געטרײַ איז אָפּגעשפּיגלט געוואָרן די שוידערפולעווירקלעכקייט אין די שורות פון יצחק קאַצענעלסאָן: "נישטאָ שוין קיינער, געווען אַ פאָלק, געווען, און שוין נישטאָ", אָדער אין די ווערטער פון הלל צייטלין: "וועלטן קורטשען זיך אין ווייען, דאָס פאָלק שטייט וואַקלענדיק בײַם ראַנד פון יאוש"; און דאָך איז דאָס פאָלק נישט אַראָפּגעפאַלן אין אָפּגרונט פון יאוש. ייִדן האָבן כסדר געגלייבט, אַז דאָס ייִדישע פאָלק וועט איבערלעבן דעם שונא. נישט בלויז זײַן אייגענעם אני־מאמין האָט אויסגעשריִען הירש גליק מיט זײַן אויסרוף: "זאָג נישט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג... עס וועט אַ פּויק טאָן אונזער טריט, מיר זענען דאָ"; דאָס איז געווען דער אני־מאמין פון פאָלק, קעגן דער אומבארחמנותדיקער ווירקלעכקייט. אויף זײַן אייגנאַכן, פאָלקסטימלעכן אופן האָט דאָס אויסגעדריקט מרדכי געבירטיק: "ייִדן, עס עקט באַלד די מלחמה, עס קומט זייער סוף, נאָר נישט זאָרגן"... די פאַרצווייפלונג האָט נישט באַוויזן אומצוברעכן די ייִדישע נשמה, אויסצורײַסן די היסטאָרישע ייִדישע האָפענונגען. אין די געטאָס זענען פאַרגעקומען חתונות. קינדער זענען געבוירן געוואָרן. מיט די לעצטע כוחות, וואָס האָבן געקלעקט, האָט מען אָנגעקעטריבן דעם זיך אויסשפּרייטנדיקן, אין קינד און קייט אַרײַנדרינגענדיקן, טרויער.

נאָך אַנדערע זאַכן קומען אַרויס פאַר אונז אין דעם קרוב צו אַ האַלבן יאָר־הונדערט, וואָס טיילט אונז אָפּ פון דעם פּײַן פון דער נאַצי־דערפאַרונג. אַ רעוויזיע ווערט אַדורכגעפירט אין דער באַציאונג צו די ייִדן־ראַטן; די אינסטיטוציע, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן דורך דער נאַצי־מאַכט, און וואָס האָט באַדאַרפט אָננעמען שווערע דעציזיעס אין פּראָגעס פון "זײַן אָדער נישט זײַן" פאַר דער ייִדישער באַפעלקערונג. מען דערגייט צום אויספיר, אַז פּנים אל פּנים מיט אויסערגעוויינלעך־פאַרפלאָנטערטע און טראַגישע נסיונות, זענען דאָך די ייִדן־ראַטן געווען אַדורכגענומען מיטן ווילן צו ראַטעווען די קהילות פון אונטערגאַנג, און יעדנפאַלס אָפּציִען דעם אויסראָט. שײַנט דאָך אַרויס פון די ייִדן־ראַטן די מסירת־נפש פון אַדאַם טשערניאַקאָוו. אויך אַנדערע הגם ווייניקער באַקאַנטע, פאַרדינען פאַרשטענדעניש. אַפילו די וואָס האָבן בלויז געהאַט קריטיק פאַר דער דאָזיקער אינסטיטוציע און פאַרמשפּט אירע טאָטן, ענדערן זייער מיינונג. לאָמיר לכל הפּחות דערמאָנען די רעוויזיע, וואָס עס האָט אַדורכגעמאַכט אין זײַן בליק איבער די ייִדן־ראַטן נתן אַלטערמאַן, אַ פירנדיקע פּערזענלעכקייט אין דער העבּרעאישער ליטעראַטור.

און די "קאַפּאָס", די מוסרים, וועלכע האָבן זיך געפונען אין די געטאָס? זייער צאָל דאַרף נישט איבערגעטריבן ווערן. אַז אַנדער פאָלק אין אַן ענלעכן מצב פון שוידער און גרויל — אונטער דעם אַלץ־מעכטיקן אַנגייענדיקן טעראָר און

אַנטקעגנאיבער דער שווערד פון פאַרלענד — וואָלט ממש פאַרפלייצט געוואָרן פון מענטשלעכן אָפּפאַל. אין דער געשפּענסטפולערווירקלעכקייט פון די נאַצי־געטאָס, קען די געפאַלנקייט פון איינצלנע נישט פאַרטונקלען דאָס גרויסע ליכט, וואָס איז אויפגעגאַנגען ״צווישן די פאַלנדיקע ווענט״.

דערשיטערנדיק־טראַגיש איז דער נאַצי־פּעריאָד אין אונזער געשיכטע; אָבער ער איז אויך דערהויבנדיק־הערואיש. אָט פאַר יענע יאָרן, וועגן וועלכע עס ווערט איצט מיט אומרעכט געזאָגט, אַז דאַן זענען ״ייִדן געגאַנגען ווי שאָף צו דער שחיטה״, וועלן דורות און דורות שטיין מיט באַוואונדערונג צוליב דעם מוט, גבורה, און אַנטשלאָסנקייט צו ווידערשטאַנד, וואָס האָבן פון זיי אַרויסגעשטראַלט.

# צי איז גערעכט דאָס פונאַנדערטיילן זיי
# אין ״אַקטיווע״ און ״פּאַסיווע״?

עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ דעבאַטע אין מדינת ישׂראל: צי איז גערעכט און רעכט צו קלאַסיפיצירן די מיליאָנען ייִדן, וועלכע האָבן אַדורכגעמאַכט אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה דעם נאַצי־גיהנום, און פונאַנדערטיילן זיי אין ״אַקטיווע״ און ״פּאַסיווע״? צי איז ריכטיק אַנצוהענגען אַלערליי צייכנס פון פאַרערונג אויף די, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין די געטאָ־אויפשטאַנדן אָדער זיך געפונען אין די רייען פון די פּאַרטיזאַנער — און ווענדן דאַקעגן אונזער שאַרפע קריטיק קעגן יענע, וואָס זענען נישט אַרײַנגעטראָטן אין די אונטערגרונט־באַוועגונגען; נישט געשטעלט קיין פיזישן ווידערשטאַנד די רוצחים, נאָר געדולדיק אַריבערגעטראָגן די פּײַן און מוראדיקע דערנידערונגען?

פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער לײַדנשאַפטלעכער דעבאַטע, וואָס גייט אָן — הגם עס זענען שוין פאַרבײַ צענדליקער יאָרן נאָך דער שוידער־תּקופה — איז דער גײַסט פון אַ פאַרשטאָרבענעם דיכטער. עס האַנדלט זיך וועגן נתן אַלטערמאַן. אַ וויכטיקער רעפּרעזענטאַנט פון דער מאָדערנער העברעאישער ליטעראַטור, וואָס האָט זיך פונאַנדערגעבליט אין ארץ־ישׂראל, פלעגט אַלטערמאַן אויך רעאַגירן אויף אַקטועלע געשעענישן. ער האָט דאָס געטאָן אין זײַנע פּערזן, וואָס זענען דערשינען רעגלמעסיק אין דער צײַטונג ״דבר״, אָרגאַן פון דער הסתּדרות, אין אַ רובריק, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען ״הטור השביעי״, די זיבעטע רובריק, און וואָס האָט דערוואָרבן שטאַרקע פּאָפּולערקייט צווישן די לייענער. אַגב, נתן אַלטערמאַן האָט געשטאַמט פון וואַרשע, וואו זײַן פאָטער איז געווען דער גרינדער פון די ערשטע העברעאישע קינדער־שולעס. אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט נתן אַלטערמאַן שוין געוואוינט אין ארץ־ישׂראל.

נאָך בײַ זײַן לעבן, אין יאָר 1954, האָט אַלטערמאַן פאַרעפנטלעכט אין זײַן אויבנדערמאָנטער פּאָעטיש־פּובליציסטישער רובריק פּערזן, וואָס האָבן אַרויסגערופן אַ הייסע דיסקוסיע. ער האָט געשריבן, אַז עס איז ווײַט נישט אויפן אָרט אַרויפצוואַרפן די גאַנצע נאַציאָנאַלע גלאָריע אויף די גרופּעס, וועלכע האָבן

אָרגאַניזירט און אָנטיילגענומען אין די באַוואָפֿנטע קאַמפֿן קעגן די נאַציס, און אַרויסווײַזן אַ פֿאַרשידענע באַציאונג צו די, וועלכע האָבן זיך נישט אָנגעשלאָסן אין די ווידערשטאַנד־באַוועגונגען. אויך די, וועלכע מיר באַטראַכטן ווי ״פּאַסיווע״ און איבער וועלכע מיר זאָגן, אַז אין זיי האָט זיך נישט דערוועקט דאָס געפֿיל פֿון ״נאַציאָנאַלן כּבוד״, זענען ווערט באַוואונדערט צו ווערן. נישט בלויז פֿיזישער ווידערשטאַנד קען אַרויסגעהויבן ווערן; אויך גײַסטיקער ווידערשטאַנד, מאָראַלישער רעוואָלט, נאַציאָנאַלע פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט, זענען וויכטיקע עלעמענטן אין דעם געראַנגל פֿון אַ פֿאָלק. אויך די מיטגלידער פֿון די יודנראַטן בעת דער נאַצי־אָקופּאַציע, וואָס זייער כּוונה איז געווען אָפּצוציִען וואָס לענגער די טאָטאַלע אויסראָטונג פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג, דאַרפֿן אַרויסרופֿן אונזער רעספּעקט.

דאָס, וואָס האָט פּאַסירט מיט אונזער פֿאָלק אונטער דער טײַוולאָנישער נאַצי־מאַכט איז געווען — חורבן; אויפֿציטערנדיקער חורבן. עס איז דעריבער אויבער־פֿלעכלעך צו זוכן אין דער טראַגעדיע, וואָס שטײַגט איבער יעדע מענטשלעכע פֿאָרשטעלונג, ״מוט״ און ״גבֿורה״ לויט די געוויינלעכע באַגריפֿן. פֿאַלש איז צו האַלטן פֿאַר ״בילכערע״ די, וועלכע האָבן געוואַגט צו שטעלן אַ באַוואָפֿנטן ווידער־שטאַנד, און צו קוקן פֿון אויבן אַראָפּ אויף די, וואָס האָבן אונטערטעניק אויס־געפֿירט די בעסטיאַלישע באַפֿעלן פֿון די מערדער. שוין בלויז לעבן אויף צו להכעיס די שׂונאים איז געווען — גבֿוראַגטקייט... ווי געזאָגט, האָבן אַלטערמאַנס פֿערזן, וועלכע זענען דערצו געווען געשריבן מיט באַצווינגענדיקן טאַלאַנט, אַרויסגערופֿן וויכּוחים, וועלכע האָבן מיט דער צײַט אויפֿגעהערט.

נאָך איבער פֿערציק יאָר, האָט די דעבאַטע אויפֿגעלעבט, און נאָך אין אַ פֿיל שאַרפֿערער פֿאָרם. צווישן די אומפֿאַרעפֿנטלעכטע כּתבֿים, וואָס זענען פֿאַרבליבן אין אַלטערמאַנס אַרכיוו, און וועלכע דערשײַנען אין דרוק, האָבן זיך אָפּגעפֿונען נאָטיצן, פֿון וועלכע מען קען זען, אַז דער דיכטער האָט כּסדר זיך אומגעקערט צו אָט־דער טעמע, וואָס האָט אים נישט געגעבן קיין רו; אים געעקבערט און גע־מאַטערט. באַקענענדיק זיך מיט אַלץ מער מאַטעריאַלן, וואָס האָבן צו טאָן מיט דעם אומהיימלעכן פּעריאָד, רוקט זיך פֿאַר אים אָן די פֿראַגע: פֿאַרוואָס גייט מען אָן בײַ אונדז מיט דערקלערונגען, אַז ערשט די אַקטן פֿון העלדישקייט, וואָס שײַנען אַרויס פֿון די אויפֿשטאַנדן, נעמען בײַ אונזער פֿאָלק אַראָפּ דעם פֿלעק פֿון ״פּחדנות״, מיט וועלכן מיר וואָלטן זיך באַדאַרפֿט שעמען? ... מיר דאַרפֿן אויפֿ־הערן צו טאַדלען די, וואָס האָבן אין די פֿינסטערע יאָרן זיך אַרויסגעזאָגט קעגן אַנטקעגנשטעלן זיך די רוצחים. שטעלן אַ פֿיזישן ווידערשטאַנד האָט באַדײַט: דערנענטערן די אויסראָטונג, דערנענטערן דעם פֿאַרלענד פֿון די קהילות. אויב שוין יאַ קריטיקירן, האַלט אַלטערמאַן, וואָלט מען גיכער באַדאַרפֿט קריטיקירן די וואָס האָבן נישט געוואָלט אָפּשאַצן זאַכלעך די סיטואַציע; פֿאַרמאַכט די אויגן אויף דער שרעקלעכער אומגלײַכקייט אין אַ ייִדיש־דײַטשן פֿאַרמעסט. אַפֿילו קליינע

קינדער האָבן דאָך געקענט אײַנזען, אַז עס זענען נישטאָ צומאָל די מינדסטע מעגלעכקייטן "צו באַזיגן" די נאַצי־אַרמיי; טאָ וואָס פאַר אַ זין האָט געהאַט דאָס שטויסן צו אַ ווידערשטאַנד, דאָס אײַנשאַפן זיך געווער צו אַ ווידערשטאַנד? צי איז דאָס נישט געווען קיין אומבאַרעכנטער שריט?

בײַ אַלטערמאַנען פאַרשטאַרקט זיך אַלץ מער זײַן מיינונג, אַז די, וואָס האָבן זיך באַגײַסטערט פאַר דער אידייע פון אַ "באַוואָפנטן ווידערשטאַנד", האָבן זיך געלאָזט פאַרפירן פון הוילע פראַזעס, וואָס האָבן נישט פאַרמאָגט קיין אַנהאַלט אין דער גרוילקער ווירקלעכקייט. אין דעם געריידעריַי וועגן "באַשיצן דעם ייִדישן כבוד" זענען נישט גענומען געוואָרן אין חשבון די פאַטאַלע קאָנסעקווענצן, צו וועלכע אַ פאַרצווייפלטער באַוואָפנטער געראַנגל וועט פירן. מען האָט אויך נישט אָפּגעשאַצט די מסירת־נפש, וואָס האָט אַרויסגעשטראַלט טאָג נאָך טאָג, שעה נאָך שעה, פון דער מכלומרשט פּאַסיווער האַלטונג פון די ייִדישע מאַסן.

די פאַרעפנטלעכטע נאָטיצן האָבן אַרויסגערופן אַ שטורעם אין דער ישׂראל־דיקער עפנטלעכקייט. נתן אַלטערמאַן איז אַ פאַרהערלעכטע פיגור, און זײַן אידע־אישע נאָענטקייט מיט דער אַרבעטער־באַוועגונג, האָט נישט געלאָזט זיך ריכטן, אַז גראָד ער וועט אָפּוואַרפן דעם פונדאַמענטאַל אין "אַקטיווע" און "פּאַסיווע", בעת עס האַנדלט זיך וועגן פרײַהייט־שטרעמונגען. פעלן נישט אַזעלכע, וואָס וואַרפן אָפּ מיט דער פולער אַנטשיידנקייט זײַנע אויספירן; אָבער פאַראַן אַנדערע, וואָס רופן זיך צו פאַרטיפן אין די ווייען און וואונדן פון דעם נאַצי־פּעריאָד, און רעווידירן, צי האָבן ריכטיק געדענקט די, וועלכע האָבן אין דער אויסגעשפּרייטער, געדיכטער פינסטערניש זיך נישט געוואָלט אָפּזאָגן פון דער נאַציאָנאַלער ראָמאַנטיק, וואָס איז לויט זיי, אַ נויטווענדיקייט אין קיום פון אַ פאָלק, און אַוודאי פון ייִדישן פאָלק.

אָבער קוים האָט מען אַרויסגעבערענגט דעם מאָטיוו פון נאַציאָנאַלער ראָמאַנטיק, איז צום פאַרשטיין, אַז עס ווערן אויך דערמאָנט עפּאָכעס אין דער ייִדישער פאַר־גאַנגענהייט, וואָס הגם נישט אײַנגאַנצן ענלעכע צו דער נאַצי־תּקופֿה, איז אויך אין זיי דערשײַנען אין זײַן פולער ערנסטקייט דאָס פּראָבלעם פון דער באַגײַסטערונג, וואָס שטעלט זיך אַנטקעגן דער רויער ווירקלעכקייט; און אין מיטרײַסנדיקן שטורעם פון די פּאַסירונגען, האָט אויך דעמאָלט זיך אַרויסגערוקט פאַר ייִדן די פּראַקטיקע פראַגע: וואָס דאַרף דאָך, אין לעצטן אַדורכנעמענדיקן חשבון, דעצידירן אין גורל־וועג פון פאָלק, די ניכטערע אָפּשאַצונג אָדער די לאָזונגען, וואָס צינדן אָן די פאַנטאַזיע?...

ווערן אין צוזאַמענהאַנג מיט די וויכוחים אַרום דער ייִדישער דערפאַרונג אונטער דער נאַצי־אָקופּאַציע אויפגעפרישט פּרטים וועגן לעצטן ייִדישן באַוואָפנטן פאַרמעסט קעגן דער מיליטערישער מאַכט פון דער רוימישער אימפּעריע, וואָס

האָט דעמאָלט אָקופּירט ארץ־ישׂראל. מען מוז געדענקען, אַז אַלע מאָל דערוויסן מיר זיך נײַע זאַכן וועגן יענער צײַט און יענעם קאַמף. די אַרכעאָלאָגישע אויס־גראַבונגען — און די פֿאַרשונגען, וואָס גייען אָן — דערלויבן אַרײַנצודרינגען מיט מער איינצלהייטן אין די געשעענישן.

בקיצור האָבן זיך די זאַכן פֿאַרגעשטעלט אַזוי: עטלעכע און זעכציק יאָר נאָכדעם, ווי די רוימישע אימפּעריע האָט צעשטערט די ייִדישע פּאָליטישע זעלבּ־שטענדיקייט און פֿאַרנומען ארץ־ישׂראל, האָט אַ גרופּע ייִדן זיך אַנטשלאָסן צו אָרגאַניזירן אַן אויפֿשטאַנד און דעראָבערן די פֿאַרלוירענע פֿרײַהייט. געגוי איז דאָס געוועזן אין יאָר 132. סיבות פֿאַר דער אומצופֿרידנקייט האָבן נישט געפֿעלט. הגם דאָס פֿאָלק האָט געקענט אָנגיין מיט זײַנע געוויינלעכע מאַטעריעלע און גײַסטיקע אַקטיווקייטן, און בלײַבן וואוינען אין לאַנד, האָט מען פֿאַרט געפֿילט, אַז מען איז מער נישט קיין פֿרײַ פֿאָלק. הויכע שטײַערן זענען אַרויפֿגעלייגט געוואָרן אויף פֿאַרשידענע שיכטן פֿון דער באַפֿעלקערונג. ייִדישע ישובֿים זענען פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין געצנדינערישע צענטערס. דער עיקר האָט דאָס ייִדישע געמיט זיך געשפּירט אָנגעווייטיקט אין ירושלים. דער רוימישער קייסער אַדריאַנוס האָט זיך געוואָרפֿן מיט צוזאָגן אויסצובעסערן די סיטואַציע, וועלכע האָבן זיך אַרויסגעוויזן צו זײַן פֿאַלשע.

דערצו האָט באַוויזן צו צעפֿלאַקערן די עמאָציעס פֿון פֿאָלק אַ יונגער מענטש, וועלכער — ווי עס ווײַזט זיך אַרויס אַלץ קלאָרער פֿון די נײַעסטע אַנטדעקונגען — איז געווען באַשאַנקען מיט אומגעוויינלעכן, צוציענדיקן חן. שטאַרק פֿיזיש, האָט ער פֿאַרמאָגט דעם טאַלענט זיך צו באַדינען מיט אידייען, וואָס האָבן צו אים צוגע־צויגן די מאַסן. ער האָט גערעדט בײַ יעדער געלעגנהייט וועגן דער פֿאַרלוירענער פֿרײַהייט און אַז זי איז וויכטיק ווי לופֿט צום אָטעמען. ווען ער האָט נאָר געהאָט די מעגלעכקייט, האָט ער אויסגעקריצט פֿאַרן פֿאָלק די ווערטער: פֿאַר דער פֿרײַהייט פֿון ירושלים! אין די אַרכעאָלאָגישע אויסגראַבונגען געפֿינט מען אַלץ אַ גרעסערע צאָל מטבעות, וועלכע שטאַמען פֿון יענע יאָרן, מיט דער אויפֿשריפֿט: ״לחרות ירושלים״ — פֿאַר דער באַפֿרײַאונג פֿון ירושלים!

גערופֿן האָט מען דעם דאָזיקן צוציענדיקן פֿאָלקס־העלד: שמעון. אַזוי האָט ער זיך אונטערגעשריבן אויף די בריוו און באַפֿעלן, וואָס מען האָט אַנטדעקט אין די זאַמדן און שטויבן אין פֿאַרשידענע ערטער פֿון לאַנד. אָבער מען האָט אים צוגעגעבן נאָך אַ נאָמען. און שוין דער צוגעגעבענער נאָמען באַווײַזט, ווי קעגנ־זײַטיק עס איז געווען די באַציִאונג צו אים. טייל האָבן אים גערופֿן: דער זון פֿון די שטערן, געבנדיק דערמיט אָנצוגעהערן, אַז ער איז ווי אַ לײַכטנדיקער שטערן פֿאַר דער ייִדישער אומה, און זײַן שליחות אויסצולייזן דאָס פֿאָלק פֿון דער פֿאַרשקלאַפֿונג, דאַרף פֿאַרגליכן ווערן צום ליכט, וואָס די שטערן פֿאַרזייען אין דער פֿינסטערניש פֿון דער נאַכט — בר כוכבא. מען רופֿט אים אויך: קעניג,

פּירשט — מלך, נשיא. אָבער אַנדערע באַצייכענען אים, ווי אַ פּאַרשוין, וואָס נאַרט אָפּ, פאַרפירט די מענטשן מיט פּוסטע אילוזיעס און פאַלשע האָפענונגען, און סוף־כּל־סוף וועט ער ברענגען ביטערע אַנטוישונגען — בר כּוזבא. דער דאָזיקער נאָמען קלעפּט זיך נאָך לײַכטער צו אים, ווײַל ער האָט געשטאַמט פון אָרט כּוסבה; אַ וואָרט, וואָס איז אין קלאַנג ענלעך צו כּוזבא.

ווי עס לאָזט זיך אַרויסדרינגען, האָט דער פאָלקס־העלד זיך אַרומגעטראָגן מיט ווײַט־גרייכנדיקע אַספּיראַציעס. ער האָט געחלומט וועגן אַרויסטרײַבן די רוימער פון ארץ־ישׂראל, וועגן באַנײַען די צעשטערטע זעלבשטענדיקייט, וועגן אויפבויען דעם חרוב־געוואָרענעם בית־המקדש. ווידער וועלן ייִדן זײַן אַ פרײַ פאָלק אין זייער לאַנד.

עס אונטערליגט נישט קיין ספק, אַז אים איז געלונגען צו צעגליִען גרויסע מאַסן. אַזאַ באַליבטער גײַסטיקער פירער פון פאָלק ווי ר׳ עקיבא, וועלכער האָט דערצויגן טויזנטער תּלמידים, איז געווען צווישן זײַנע באַגײַסטערטע אַנהענגער; און ער האָט גערופן די תּלמידים אַרײַנצוטרעטן אין בר־כּוכבאס אַרמיי. ווי מען רעכנט, איז ער, ר׳ עקיבא, אַפילו אַרומגעפאָרן איבער ייִדישע ישובים אויסער ארץ־ישׂראל כּדי צו זאַמלען פרײַוויליקע און געלט־שטיצע פאַר דער פרײַהייט־באַוועגונג. דאָס האָט טאַקע ר׳ עקיבא, אין זײַן ענטוזיאַזם, פאַרגליכן בר כּוכבאן צו אַ שטערן; צופּאַסנדיק צו אים און צו זײַן שליחות דעם פּסוק פון חומש: ״אַ שטערן איז אַרויסגעקומען פון ייִדישן פאָלק״ (דרך כּוכב מיעקב, במדבר כד, יז).

דאָך זענען געווען אַנדערע, וועלכע זענען נישט געווען באַהערשט פון דער דאָזיקער איבערצײַגונג. זיי האָבן באַטראַכט ניכטער דעם מצב, און געהאַלטן, אַז עס איז לײַכטזיניק זיך צו פּרובירן פאַרמעסטן קעגן דער מעכטיקער מאַכט פון רוים. דאָס וועט נאָר פאַרערגערן פּילפאַכיק דעם גענוג־טרויעריקן מצב, און פאַרגרעסערן די ייִדישע טראַגעדיע. אין תּלמוד ווערט דערציילט, אַז צווישן די גײַסטיקע פירער האָט איינער שאַרף פאָלעמיזירט מיט ר׳ עקיבאן, און אים געמאַכט פאַרוואָרפן, הלמאַי אויך ער ווערט מיטגעצויגן מיט דער ריזיקאַלישער אונטערנעמונג (ירושלמי, תּעניות פ״ד). אַנדערע האָבן געפונען חסרונות אין בר כּוכבאן אַליין, און נישט בלויז אין זײַנע אילוזיעס. זיי האָבן געטענהט, אַז ער איז צו שטאַרק פאַרבלענדט אין זײַן פיזישער קראַפט, אַז ער איז ברוטאַל, אַז אים איז אין תּוך פרעמד דאָס אייגנאַרטיקע אין ייִדישן פאָלקס־קיום.

די לעצטע פאָרשונגען פאַרזיכערן, אַז בר־כּוכבא האָט טאַקע אָפּגעהאַלטן שטוינענדיקע נצחונות אין דער ערשטער צײַט. אים איז ווירקלעך געלונגען צו באַפרײַען ירושלים. ער האָט פאַרטריבן די רוימער פון אַ גאַנצער רײי ערטער, וואו זיי האָבן זיך באַפעסטיקט. פאַרוואָס דאָס איז אַזוי געשען? די רוימער האָבן אים, זײַן געוואַגטקייט, און זײַן מיליטער, אין אָנהויב נישט גענומען ערנסט. זיי האָבן זיך נישט צוגעגלויבט, אַז אין דער אונטערדריקונג וועט אַנטשטיין אַ

גלענצנדיק אָרגאַניזירטער ייִדישער אָנגריף־כּוח. די זאַכן האָבן זיך געענדערט, ווען די רוימער האָבן קאָנצענטרירט זייערע זעלנער, און אָוועקגעשטעלט בראש איינעם פון זייערע פעאיקסטע קאָמאַנדירן, וועמען זיי האָבן אַראָפּגעבערענגט פון די בריטישע אינזלען, וואָס זענען דאָן אויך אָקופּירט געווען דורך די רוימער. לסוף איז דער ניצחון געווען אויף זייער זײַט. אַדורכגעפאַלן איז דער לעצטער ייִדישער אויפ־שטאַנד קעגן רוים. דרײַ יאָר האָבן זיך געצויגן די שלאַכטן, וואָס האָבן זיך פאַר־ענדיקט מיט דעם אײַנברוך אין ביתר, בר־כּוכבאס לעצטער ווידערשטאַנד־פּונקט.

עס איז געקומען די צײַט אונטערצוציִען דעם סך־הכּול. די רוימישע אימפּעריע האָט טײַער באַצאָלט פאַר איר נצחון, ווי עס גיבן איבער די רוימישע היסטאָריקער, האָט דער זיגרײַכער מיליטערישער קאָמאַנדיר פונדעסטוועגן נישט געקענט, אין באַריכט, וואָס ער האָט צוגעשיקט צו דעם קייסער און צו דעם סענאַט, מעלדן דאָס מאָל, אַז דאָס רוימישע מיליטער געפינט זיך אין אַ גוטן צושטאַנד — אַ נוסח, וואָס איז געווען אָנגענומען און פּאָפּולער אין דער אימפּעריע. די רוימישע אַרמײ האָט דאָס מאָל געליטן גרויסע פאַרלוסטן.

אָבער וואָס האָט דאָס באַדײַט לגבי דער דערשיטערנדיקער טראַגעדיע פון ייִדישן פאָלק! העכער אַ האַלבער מיליאָן ייִדן זענען אומגעקומען אין די שלאַכטן און רציחות. מען קען גאָרנישט וויסן, וויפיל ס׳זענען געשטאָרבן פון הונגער און אין די עפּידעמיעס. בלוט האָט געשטראָמט, ווי דאָס וואַסער אין ים — גיבן איבער די תּלמודישע קוועלן. דער פּרײַז פון שקלאַפן אין דער רוימישער אימפּעריע איז געפאַלן צוליב דער גרויסער צאָל ייִדישע שקלאַפן, וואָס מען האָט אָנגעבאָטן אויפן מאַרק. פאַר אַביסל היי פאַר פערד איז מעגלעך געווען זיך אײַנצושאַפן אַ שקלאַף, פאַרצייכענען די כראָניקער. ייִדן איז פאַרווערט געוואָרן צו וואוינען אין גרויסע טיילן פון לאַנד. אין ירושלים האָבן זיי נישט געטאָרט צומאָל באַזוכן; צומאָל זיך דערנענטערן צו דער שטאָט. אַפילו אַן אַנדערן נאָמען האָט באַקומען ירושלים, אַ רוימישן, אַ געצנדינערישן. גאַנצע געגנטן פון ארץ־ישׂראל זענען געוואָרן פאַרוויסט. ווירטשאַפטלעך האָט דאָס לאַנד זיך געפונען אין חורבות, און אַזוי אויך גײַסטיק. גזירות פון שמד זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן. ייִדן איז שטרענג פאַרבאָטן געווען צו האַלטן אָפן שולן, בתּי־מדרשים, אָנצוגיין מיט שולעס פאַר קינדער. מען האָט נישט געטאָרט לערנען, דאַווענען, אָפּהיטן ייִדישקייט. די לערער און גײַסטיקע פירער זענען פאַרשפּאַרט געוואָרן אין תּפיסות און פאַרפּײַניקט אויף אַן אַכזריותדיקן אופן. עס האָט אָנגערוקט איינע פון די מוראדיקסטע תּקופות אין דער געשיכטע פון ייִדישן מאַרטירערטום, דעמאָלט איז, ווײַזט אויס, אַנטשטאַנען דער באַגריף פון קידוש השם. נאָכן דערשטיקטן אויפשטאַנד ווערט ארץ־ישׂראל אויסגעליידיקט פון ייִדישע אײַנוואוינער. עס הייבט זיך אָן דער גלות, און אַלע אומגליקן, וואָס זענען מיט אים אַראָפּגעפאַלן.

און די דענקער פון פאָלק האָבן פאַר זיך, און פאַרן פאָלק, וואָס האָט זיך

געקנוילט אין ווייטיק, געשטעלט אין איר פולן שרעקלעכן באַדײַט די פראַגע: צי איז כּדאי געווען פאַר דער נאַציאָנאַלער ראָמאַנטיק צו באַצאָלן אַזאַ פאַרכטיקן פרײַז ?...

די פראַגע האָט אָפּגעהילכט אין די תּקופות, וואָס האָבן שפּעטער אָנגערוקט. זי האָט אַרויסגערופן לײַדנשאַפטלעכע וויכּוחים אין צײַטן פון נסיון. מען האָט זיך אין איר אָנגעשטויסן אין דעם נאַצי־פּעריאָד. זי איז אויך די עיקרדיקע פראַגע אין דער דעבאַטע, וואָס גייט אָן אַרום די פאַרעפנטלעכטע נאָטיצן פון נתן אַלטערמאַן. צי איז טאַקע "אַקטיווקייט" דער חוב, וואָס ליגט אויף אונזער פאָלק אין באַשטימטע סיטואַציעס, הגם דער פרײַז, וואָס דראָט דעם פאָלק צו באַצאָלן פאַר אָט דער "אַקטיווקייט", איז מוראדיק אין זײַנע קאָנסעקווענצן ? און וואָס דאַרף פאָרט גובר זײַן אין דער האַלטונג פון פאָלק, די זאַכלעכע אָפּשאַצונג פון די רעאַלע פאַרהעלטעענישן, אָדער דער ענטוזיאַזם, וואָס די נאַציאָנאַלע עמאָציעס דערוועקן ?

אויב אָפילו די מיינונגען, וואָס ווערן אַרויסגעזאָגט בנוגע דעם הארבן פּראָבלעם, פליסן אַרויס פון אינערלעכע איבערצײַגונגען און נייגונגען, איז דאָך אָבער קלאָר פון דער ייִדישער געשיכטלעכער דערפאַרונג, אַז מען האָט, בײַ דער גרויסער מערהייט פון אונזער פאָלק, אַלע מאָל זיך געבונטעוועט קעגן דעם עצם ווילן פונאַנדערצוטיילן יענע, וואָס טרינקען אויס דעם ביטערן כּוס פון לײַדן ווי ייִדן, אין "העלדן" און "פּחדנים", אין "מוטיקע" און "צעשראָקענע", אין "אַקטיווע" און "פּאַסיווע". עס האָט דאָס קלאָר אַרויסגעזאָגט דער רמב״ם. ער האָט געשריבן: "אויב אַ ייִד איז אומגעברענגט געוואָרן בלויז דערפאַר, וואָס ער איז אַ ייִד, און ווען ער זאָל נישט האָבן געווען קיין ייִד, וואָלט ער געבליבן לעבן, מיינט עס, אַז ער איז אומגעקומען על קידוש השם".

אָבער אויך נאָכן אָננעמען אָט־דעם כּלל, פאַרבלײַבט אָן לעזונג דער צו־זאַמענשטויס צווישן דער רעאַליסטישער אָפּשאַצונג און דער פלייצענדיקער נאַציאָ־נאַלער ראָמאַנטיק, פון וועלכן מיר זענען עדות אין אַ סך פאַלן און סיטואַציעס אין דער ייִדישער געשיכטע. מען האָט נישט באַוויזן צו געפינען דעם באַשייד, ניט אין דער ווײַטער, נישט אין דער נאָענטער פאַרגאַנגענהייט ; און מען קען אים אויך נישט געפינען אין דער קעגנוואַרט. נישט נתן אַלטערמאַן, און נישט די וואָס באַטייליקן זיך אין די וויכּוחים, גיבן דעם ענטפער. אויב בנוגע וועלכן עס איז ייִדישן גע־שיכטלעכן פּראָבלעם, איז גילטיק דער תּיקו — דאָס הייסט, אַז מיר ווייסן נישט דעם ענטפער — איז דאָס בנוגע דעם קאָנפליקט צווישן דעם ניכטערן שׂכל און דער ראָמאַנטישער עמאָציע, אין וועלכן מיר שטויסן זיך אָן שוין זינט טויזנטער יאָרן.

# דער ווידערשטאַנד פֿון דער ייִדישער נשמה

מען דאַרף איבערשרײַבן אַ קאַפּיטל ייִדישע געשיכטע פֿון הײַנטיקן יאָרהונדערט: דאָס קאַפּיטל פֿון נאַצי־חורבן. דער יאָרטאָג פֿון וואַרשעווער געטאָ־אויפֿשטאַנד גיט אַ באַזונדערע אַקטועלקייט דערצו.

ווי זעלטן־וועלכער פּעריאָד אין דער ייִדישער געשיכטע, איז דער נאַצי־פּעריאָד פֿאַרגעשטעלט געוואָרן — און ווערט כּסדר פֿאַרגעשטעלט — אין אַ פֿאַלשן ליכט. אין אַלערליי ווערסיעס חזרט מען איבער, אַז די ייִדישע האַלטונג אין דער צײַט פֿון שוידער און גרויל איז נישט געווען אַזאַ, ווי זי האָט געדאַרפֿט זײַן. ייִדן האָבן נישט רעאַגירט אין אַנטרעף פֿון אומגליק, אַזוי ווי מ׳האָט זיך געקאָנט ריכטן. מ׳האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין מוט. ס׳האָט געפֿעלט כאַראַקטער, מ׳איז געווען פּאַסיוו. די אַקטיווקייט, וואָס האָט זיך אַרויסגעהויבן אין וואַרשעווער געטאָ־אויפֿשטאַנד, קען נישט ענדערן דאָס בילד פֿון דער ייִדישער האַלטונג אין משך פֿון אַלע אומהיימלעכע נאַצי־יאָרן.

דאָס נעמט, נאַטירלעך, נישט אַוועק — גיט מען צו — די שולד פֿון די נאַצי־רוצחים; פֿון די, וואָס האָבן אויסגעפֿירט דעם מאָרד אויף אונזער פֿאָלק. זייער אַכזריות רופֿט אַרויס אויפֿטרייסל און ציטער. אָבער אויך נאָכדעם, ווי מען טאַדלט מיט דער גאַנצער שאַרפֿקייט די נאַצי־בעסטיאַלישקייט, קען מען זיך פֿאַרט נישט אָפּהאַלטן פֿון אָנווײַזן אויף דער פּעלערהאַפֿטיקייט פֿון דער ייִדישער אויפֿפֿירונג...

מען איז אַרויסגעטראָטן צווישן אונז מיט אַזעלכע דיבורים גלײַך נאָכן חורבן; און מען האַלט זיי אין איין איבערחזרן אין די פֿאַרשידנסטע נוסחאות.

רוקט זיך אָן דער יאָרטאָג פֿון וואַרשעווער געטאָ־אויפֿשטאַנד, און מען פֿרעגט בײַ זיך, האָבנדיק פֿאַר זיך די מאַטעריאַלן וועלכע זענען געוואָרן אויסגעגראָבן און אַנטדעקט אין די קרוב פֿופֿציק יאָר, וואָס זענען פֿאַרבײַגעלאָפֿן זינט דער אויפֿשוידערנדיקער ייִדישער טראַגעדיע: צי איז דאָס טאַקע אַזוי?

אויב מען באַפֿרײַט זיך פֿון די פֿאַראורטיילן, וואָס האָבן זיך אָנגעקליבן אַרום דער ייִדישער האַלטונג אין דעם נאַצי־פּעריאָד, און מען מאַכט די אָנשטרענגונג

צו דערקענען דיווירקלעכקייט פון יענער פינסטערער צײַט, די ווירקלעכקייט, אַזאַ ווי זי איז געווען, באַקומט מען גאָר אַ פאַרשידן בילד. מען טרעפט זיך דווקא יאָ אָן אויף אַן אַנטשידענעם ווידערשטאַנד קעגן די שונאים פון אונזער פאָלק מצד דער יידישער באַפעלקערונג, וואָס האָט זיך געפונען אין קלעם פון דער נאַצי־הערשאַפט. די זאַך איז נאָר, וואָס אויפן דאָזיקן אַנטשידענעם ווידערשטאַנד שטעלט מען זיך כמעט ווי נישט אָפּ אַפילו אין די אָפּשאַצונגען, וואָס באַהאַנדלען די יידישע אַנטי־נאַצי אויפשטאַנדן. מען רעדט, געוויינלעך, וועגן די העראָאישע קאַמפן, וועלכע האָבן זיך אַנטוויקלט קעגן די רוצחים אין די געטאָס, אין די לאַגערן, אין די וועלדער; מען רעדט וועגן דער גײַסטיקער יידישער גבורה, וואָס האָט זיך נישט אויסגעלאָשן אין דער געדיכטער פינסטערניש; און דערבײַ בלײַבט מען שטיין. אָבער עס איז דאָך געווען נאָך אַ בונט, וועלכער האָט ערשט מעגלעך געמאַכט, אַז די אַנדערע אויפשטאַנדן און ווידערשטאַנדן זאָלן קענען ווערן אָרגאַניזירט און אָנגיין. דאָס איז דער יידישער פסיכישער בונט. ווען מיר וואָלטן אויסגעקליבן צו באַנוצן זיך מיט אַן אויסדרוק פון דער יידישלעכער פאָלקס־טראַדיציע, וואָלטן מיר אים געדאַרפט אָנרופן: דער בונט פון דער יידישער נשמה.

מען האָט אויפן דאָזיקן מערקווירדיקן און אייגנאַרטיקן בונט זיך אָנגעטראָפן אין די טאָלן פון בלוט און טרערן. ס'האָבן אין זיי זיך געקורטשעט אין ווייען דער יידישער גוף און די יידישע נשמה. אָבער אויב דער גוף האָט זיך געבראָכן אונטער דער אומדערטרעגלעכקייט פון די פאַרהעלטענישן, איז די נשמה אָנגעגאַנגען מיט איר ווידערשטאַנד, זי האָט אָנגעהאַלטן מיט איר אויסדויער און בונט.

מ'האָט דעם בונט פון דער יידישער פסיכיק געקענט באַמערקן שוין בלויז אין יידישן בליק אויפן עצם־גאַנג פון דער מלחמה. אין די אייראָפּעאישע פעלקער וועלכע זענען געוואָרן באַזיגט אין די ערשטע קריגס־יאָרן דורך דער דײַטשער אַרמיי, האָט זיך אײַנגעגעסן דער וואָרעם פון ספיקות. אין מײַן זכרון האָט זיך אײַנגעקריצט אין זײַן פולער ביטערקייט דער צווייפל, וואָס איז אַרײַנגעדרונגען אין באַדײַטנדיקע טיילן פון דער באַפעלקערונג אין דער נאַצי־אָקופּירטער אייראָפּע נאָך די נאַצי־נצחונות אין בליץ־קריג, וואָס דײַטשלאַנד האָט געעפנט. איך האָב זיך דעמאָלט געפונען אין די רייען פון דער פּוילישער אַרמיי, וואָס האָט, נאָכדעם ווי די דײַטשן האָבן אָקופּירט פּוילן, געקעמפט אויף די שלאַכט־פעלדער פון מערב־אייראָפּע; און איך האָב זיך געקענט איבערצײַגן, וואָסערע ס'איז דאָרט געווען די רעאַקציע צום דײַטשן מאַרש פאָראויס. מ'האָט פאַרלוירן דעם גלויבן אין דער מעגלעכקייט פון אַן ענדערונג אויפן מלחמה־פראָנט. מ'האָט זיך געלאָזט מיטציִען מיט דער ליאַרעמדיקער דײַטשער פּראָפּאַגאַנדע, אַז קיינער וועט נישט בכוח זײַן אָפּצושטעלן די דײַטשן אין זייער אַנטשלאָסנקייט צו דעראָבערן די וועלט... אָט דער צווייפל, וועלכער האָט ווי אַ געפערלעכע עפּידעמיע זיך פאַרשפּרייט אין די באַזיגטע מדינות, דערקלערט די לײַכטקייט, מיט וועלכער דאָס זיגערישע דײַטש־

לאַנד האָט געפונען מיטאַרבעטער און "קוויסלינגס" צווישן דער אַלגעמיינער באַ־פעלקערונג. מ'האָט זיך געריסן צו זײַן מיטן זיגער.

כּמעט דער איינציקער אויסנאַם אין דער דאָזיקער אַטמאָספער, וואו די דײַטשע טריאומפן האָבן געשלעפּט אַלץ גרעסערע מאַסן נאָך זיך, זענען געווען ייִדן. דער ייִדישער מענטש האָט נישט צוגעלאָזט צו זיך קיין ספקות אין דער ענדגילטיקער דײַטשער מפּלה. דער עיקר האָט מען אָט די ייִדישע זיכערקייט באַגעגנט אין די מזרח־אייראָפּעאישע לענדער, וואו עס זענען געווען קאָנצענטרירט די ייִדישע מאַסן; און די ייִדישע פּסיכיק האָט אויפגעהאַלטן איר אויטענטישקייט, און די ייִדישע נשמה האָט גאָרנישט פאַרלוירן פון איר עכטקייט. אַפילו די שטוינענ־דיקע כּסדר־אָנגייענדיקע נצחונות פון דײַטשן מיליטער, און די אַלץ־מער אַראָ־גאַנטישע, פאַרריסענע חוצפּה פון די געסטאַפּאָ־לײַט, האָבן בײַ ייִדן נישט געקענט אָוועקנעמען, און צומאָל אָפּשוואַכן, זייער גלויבן, אַז סוף־כּל־סוף וועלן געווינען די אויבערהאַנט די, וועלכע האָבן זיך פאַרמאָסטן קעגן נאַצי־דײַטשלאַנד; און דאָס נישט צוליב דעם, ווײַל ייִדן זענען געווען בעסער באַהאַוונט אין דער מילי־טערישער סטראַטעגיע, און מער געגלויבט אין דעם מיליטערישן טאַלאַנט פון מאַרשאַל מאָנטגאָמערי, ווי אין דעם טאַלאַנט פון פעלדמאַרשאַל ראָמעל. ניין, נישט דאָס איז געווען די סיבה, פאַרוואָס ייִדן האָבן אויפגעהאַלטן עקשנותדיק זייער זיכערקייט, אַז דײַטשלאַנד וועט פאַרשפּילן די מלחמה, און בכלל נישט צוגעלאָזט צו זיך קיין אַנדערע מעגלעכקייט.

דאָס האָט די געשיכטלעכע ייִדישע איבערצײַגונג, אַז רשעות מוז ווערן צעשטערט, אַז געמיינקייט קען נישט האָבן קיין דויערנדיקן אָנהאַלט, און אַז די וועלט קען נישט אַנדערש עקזיסטירן, ווי נאָר אויפן יסוד פון רעכט און גערעכטי־קייט, אַרויסגערעדט פון די טיפענישן פון די ייִדישע מאַסן.

ס'איז אין דעם פּרט נישט געווען קיין אונטערשייד צווישן רעליגיעז־גלויביקע און די, וועלכע זענען ווײַט פון רעליגיעזן גלויבן. אין ייִדישן באַוואוסטזײַן, און אויך אין אונטער־באַוואוסטזײַן, קלינגען אָפּ דורך יאָרטויזנטער די ווערטער פון די נביאים אַז שלעכטס און פאַלשקייט קענען נישט האָבן קיין דויערהאַפטיקן קיום אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. זיי זענען אַרײַנגעגאַנגען אין די טעגלעכע תּפילות ("די גאַנצע רשעות וועט אויסגעראָטן ווערן"); מען שטרײַכט דאָס אונטער מיט ספּעציעלן נאָכדרוק אין מחזור פון ראש־השנה ("דאָס שלעכטס וועט פאַר־שווינדן ווי דער רויך"). דער עכאָ פון די נביאישע אידייען רופט זיך אָפּ אין דער ייִדישער פּסיכיק אַפילו ווען דער אָדער יענער ייִד האָבן זיי קיינמאָל נישט געלערנט. דורך כלערליי באַהאַלטענע, מיסטעריעזע וועגן דרינגט אַרײַן דאָס היסטאָרישע ייִדישע וואָרט אין דער ייִדישער נשמה. ווי פאַרטיפט און שאַרפזיניק איז די באַמערקונג, וואָס איז צו אונז אַריבערגעקומען פון דער תּלמודישער ליטעראַטור: "לאָז אָפּ די ייִדן, און לאָז זיך נישט אַרײַן מיט זיי אין פאַרוויקלטע חקירות;

אויב זיי זענען נישט טאַקע אַלע קיין נביאים, זענען זיי דאָך קינדער פון די נביאים!״
(פסחים סו)...

אויך אין די יסורימפולע יאָרן פון נאַצי־חורבן, ווען אַלע האָפענונגען אויף מענטשלעכער לייטערונג אין די אידעאַלן פון דערהויבנקייט האָבן זיך געוואַלגערט צעבראָכענע און צעשמעטערטע, האָבן ייִדן זיי צוגעטוליעט צו זיך. מ׳האָט זיי אויסגעוואָרעמט אין דער אינטימקייט פון הארץ. ס׳איז נישט קיין צופאַל, וואָס פון אַלע פראַזעס, פערזן און געזאַנגען, וועלכע זענען אײַנגעגלידערט אין דער דורותדיקער ייִדישער קולטור, האָט דאָס פאָלק, געשטויסן, קען זײַן, דורך זײַן אינטואיציע, אָדער גאָר דורך זײַן געשיכטלעכער דערפאַרונג, אויסגעקליבן, אין שאָטן פון אונטערגאַנג, גראָד די פערזן פון ״אני מאמין״, וואו עס ווערט אַרויס־געברענגט דער אומדערשיטערטער, פעלזן־שטאַרקער גלויבן אין אַ בעסערער און שענערער תקופה, וואָס איז אָנגעברייט צו קומען. אין דרײַצן פּרינציפּן האָט דער רמב״ם אויסגעדריקט דאָס, וואָס איז וועזנטלעך אין דער ייִדישער אמונה. מיט די ווערטער ״אני מאמין״, ״איך גלייב״, הייבט זיך אָן יעדער פּרינציפּ. אין דעם ״אני מאמין״, וועלכער איז געזונגען געוואָרן אין די געטאָס און פּאַרטיזאַנער־לאַגערן, דער צוועלפטער פּרינציפּ, איז די רייד וועגן דער אמונה אין דעם אָנקומען פון משיחס צײַטן, וואָס וועלן דערפירן צום אויפשײַנען פון אַ נײַער, ליכטיקער תּקופה אין די באַציאונגען צווישן פעלקער און מענטשן. דאָרט ווערט געזאָגט, אַז אפילו ווען אָט דאָס אָנקומען וועט זיך פאַרזוימען, הער׳ן מיר דאָך נישט אויף דערויף צו וואַרטן, און צו דערוואַרטן. ווי מען קען אַרויסלייענען פון די נאָטיצן און טאָג־ביכער, וועלכע זענען געשריבן געוואָרן אין די נאַצי־יאָרן דורך מענטשן פון די פאַרשידנסטע אידעאישע ריכטונגען, איז אָט דער ״אני מאמין״ געווען צווישן די פּאָפּולערסטע געזאַנגען פון די ייִדן, בעת זיי זענען געגאַנגען זייער לעצטן וועג, דער וועג צו די גאַז־קאַמערן. אין די לעצטע מינוטן האָט די ייִדישע נשמה אַרויסגעשריִען דאָס געשרײַ פון בונט קעגן דעם אַבסורד פון רשעות, אין וועלכן די נאַצי־מערדער האָבן אַרײַנגעשליידערט וועלט און מענטש.

אַן אַנדער פּאָפּולער געזאַנג איז דעמאָלט, אין דער צײַט פון וויי און צער, געווען אַ זאָג פון רבי עקיבא. דער דאָזיקער באַליבטער לערער און פאַרהערלעכטער פאָלקס־טריבון פון דער תּלמודישער תּקופה — אַ מאַרטירער, וועלכער איז אומ־געברענגט געוואָרן מיט ווילדן סאַדיזם דורך די רוימער, ווען זיי האָבן אָקופּירט ארץ־ישׂראל — האָט צוגעגעבן זײַנס אַ באַמערקונג צו דעם באַפעל, וואָס געפינט זיך אין חומש: ״ואהבת לרעך כמוך — זאָלסט ליב האָבן דעם מיטמענטש ווי זיך אַליין״ (ויקרא יט, יח). רבי עקיבא האָט דערויף אונטערגעשטראָכן: ״אָט דער באַפעל איז אַ פונדאַמענטאַלער כּלל אין דער תּורה״ — זה כּלל גדול בתּורה (ירושלמי נדרים ט, ד). ווידעראַמאָל: פון אַלע וויי און טרייסט־געזאַנגען, מיט וועלכע מען האָט געקענט אַרויסקומען אין די אַנגסטפולע נאַצי־יאָרן, פון אַלע

דערמוטיקנדיקע אויסדרוק־שטאַרקע און געדאַנקען־רײַכע פּראָזעס, מיט וועלכע אונזערע גײַסטיקע אוצרות זענען איבערגעפֿולט, האָבן גראָד אָט די ווערטער, באַגלייט מיט אַ דורכנעמענדיקן ניגון, זיך געטראָגן פֿון די ייִדישע ליפּן.

אַרום האָט געבושעוועט שׂנאה, האָט געפּלייצט גיפֿט; אָבער אין דער וויזיע, וואָס איז אויפֿגעגאַנגען אין דער ייִדישער נשמה, האָט געשטראַמט מענטשן־ליב־שאַפֿט. אַפֿילו אין דער אָנמאַכט פֿון אויסוויץ און טרעבלינקע, איז די ייִדישע נשמה פֿאַרבליבן מעכטיק אין איר שטרעבונג, אין איר בענקשאַפֿט, אין איר איבערצײַגונג, אין איר בונט. דאָס האָט זי געוועקט און גערופֿן צו כּלערליי אויסברוכן און מאַניפֿעסטאַציעס פֿון ווידערשטאַנד. פֿון איר זענען זיי אינספּירירט געוואָרן. דר. מ. דוואָרזשעצקי, וועלכער האָט מיטגעמאַכט דעם גאַנצן נאַצי־גיהנום, דערציילט אין זײַנע חורבן־אָפּהאַנדלונגען, אַז אַלע, אין די געטאָס און לאַגערן, האָבן געזונגען, אָדער אונטערגעברומט, די אויבנדערמאָנטע פּראָזעס פֿון רמב״ם און רבי עקיבא.

דער אָנטשידענער בונט פֿון דער ייִדישער נשמה איז געקומען צום אויסדרוק אויך אויף אַנדערע וועגן. אַ כאַראַקטעריסטיש קאַפּיטל פֿון חורבן־פּעריאָד זענען די אומלעגאַלע פּעריאָדישע אויסגאַבעס, וואָס די פֿאַרשידענע אידעאישע און פּאָליטישע ריכטונגען האָבן פֿאַרעפֿנטלעכט און פֿאַרשפּרייט אין די יאָרן פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה אין די לענדער, וועלכע זענען געווען אָקופּירט דורך דער נאַצי־מאַכט. זיי זענען דערשינען אין פֿאַרשידענע לשונות, בעיקר אין ייִדיש, וואָס איז דעמאָלט, אין דער פֿאַר־מבול־תּקופֿה, געווען די שפּראַך פֿון דער גרויסער מערהייט ייִדן, וועלכע זענען אין מזרח־אייראָפּע אַרײַנגעפֿאַלן אין נאַצי־גיהנום. אין די אומלעגאַלע אויסגאַבעס, וואָס דאָס אַרויסגעבן זיי איז געווען פֿאַרבונדן מיט לעבנס־געפֿאַר, זענען געוואָרן אָפּגעדרוקט אידעאָלאָגישע אָפּהאַנדלונגען, אַרטיקלען, נאָטיצן, וואָס גיבן די מעגלעכקייט צו וואַרפֿן אַ בליק נישט בלויז אויפֿן לעבן אין יענער אומהיימלעכער צײַט, נאָר אויך אין דער ייִדישער נשמה, אַזוי ווי זי האָט זיך דאַן אַנטפּלעקט, אין אַלע אירע וויבראַציעס.

אין דער קריטיק, וואָס ווערט אויסגעמאָסטן איצט, נאָכן חורבן, קעגן אָט דער אונטערערדישער פּרעסע, זאָגט זיך, אַז זי איז געווען צו פֿיל פּאַרטייאיש, און נישט אויסגעמיטן, אַפֿילו ווען די שווערד פֿון פֿאַרטיליקונג האָט געפֿאָכעט, זיך אַרײַנצולאָזן אין בפּרטותדיקע, האַרשפּאַלטנדיקע אידעאישע וויכּוחים, וואָס האָבן פֿאַרמאָגט אַ שאַרפֿן, קעמפֿערישן טאָן. דאָס קען זײַן אמת, אָבער די לײַדנשאַפֿטלעכע דעבאַטעס זאָגן עדות, ווי טיף מען איז געווען איבערצײַגט אין דער ייִדישער גאָס, אַז די דײַטשע טריאומפֿן זענען פֿאַרבײַלויפֿנדיקע, וואָרום געווינען מוזן דאָך די פּרינציפּן פֿון דער גערעכטיקייט, און די וועלט איז נישט הפֿקר. מען האָט גערעדט וועגן דער וועלט־אָרדענונג, וואָס וועט זיך אײַנשטעלן און זיך אויסבויען אויף די חורבות, מיט אַ שטאָל־און־אײַזערנער זיכערקייט, אַרײַנגייענדיק אין אַלע פּרטים

און פּיטשעווקעס. דער מאָרגן, און דער סיסטעם, וואָס וועט מיט אים קומען, זענען נישט באַהאַנדלט געוואָרן ווי אַ ווײַטע פֿאַנטאַזיע, און צומאָל נישט ווי אַ מעגלעכקייט, נאָר ווי אַ ממשותדיקע רעאַלקייט. מען האָט גאָרנישט אַרונטערגעלאָזט פֿון די טעאָרעטישע פּראָגראַמען, וואָס זענען אָנגעצייכנט געוואָרן מיט דער פֿולער פּרעציזקייט.

אויך אידעאישע גרופּירונגען פֿון אַנדערע פֿעלקער, וועלכע האָבן אויסגעזיפּצט און געשפּינט זייערע האָפֿענונגען און חלומות אונטער דער נאַצי־אָקופּאַציע, האָבן פֿאַרעפּנטלעכט זייערע אומלעגאַלע אויסגאַבעס. אָבער די ייִדישע אונטערערדישע פּרעסע, שוין נישט רעדנדיק דערפֿון, וואָס זי האָט אָפּגעשפּיגלט די ייִדישע לײַדן, וועלכע זענען געווען אומפֿאַרגלײַכלעך־מוראדיקער און שוידערלעכער, האָט געאָטעמט מיט אַ פּאַטאָס און ענטוזיאַזם פֿון גלויבן, וואָס איז ווי נישט געווען בנמצא אין אַנדערע פּעריאָדישע אויסגאַבעס. די פּראָזע, וואָס איז דאָ געווען געשריבן, איז געווען התלהבותדיקע פּאָעזיע. ס'האָבן אין איר אָפּגעהילכט די פֿערזן פֿון פּאַרטיזאַנער־מאַרש: "זאָג נישט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג... עס וועט אַ פּויק טאָן אונזער טראָט, מיר זענען דאָ!"... מ'האָט פֿון די פּעריאָדישע אויסגאַבעס אַרויסגעלייענט און אַרויסגעפּילט די שורות פֿון פֿאָלקס־געזאַנג, וואָס האָט אָנגעזאָגט, אַז "מיר וועלן נאָך היטלערן שבעה זיצן". זיי האָבן אויסגעדריקט די פּסיכישע שטימונג, וואָס לאָזט זיך תּופֿס זײַן אין די דעמאָלט אומגייענדיקע פֿאָלקס־שפּרוכן: "עס שלאָגט די שעה, ס'קומען נײַע צײַטן", אָדער: "משה האַלט זיך, געדענק מ'וועט אַרויס פֿון די צרות!"...

אויב אין דער ייִדישער גאַס איז אָט דער אומגעבראָכענער גלויבן, אָט דער טאַלאַנט צו פֿאַרוואַנדלען פֿאַנטאַזיע אין רעאַלקייט פֿון געמיט, אָט דער פּאַטאָס, וואָס דורך אים מעקט זיך אָפּ די גרענעץ צווישן דער קעגנוואַרט און דער צוקונפֿט, אויפֿגענומען און באַנומען געוואָרן אינגאַנצן נאַטירלעך, האָט ער אָבער אַרויסגערופֿן שטאַרקן פֿאַרוואונדער צווישן פֿרעמדע; און ער, דער פֿאַרוואונדער, האָט פֿאַרנומען דאָס אָרט פֿון דעם חוזק און שפּאָט, מיט וועלכע מען האָט זיך צוערשט באַצויגן צו דער צוגעבונדנקייט פֿון ייִדן צו זייערע נשמה־ווערטן. מען טרעפֿט זיך אָן אויפֿן דאָזיקן פֿאַרוואונדער אין די נאָטיצן פֿון דײַטשן גענעראַל סטראָפּ, וועלכער האָט געהאַט די אויפֿגאַבע צו דערשטיקן דעם געטאָ־אויפֿשטאַנד אין וואַרשע. פֿון וואַנען — פֿרעגט ער — נעמען די ייִדן אַזאַ אײַנגעשפּאַרטע באַגײַסטערונג אָנצוגיין מיט זייער ווידערשטאַנד?... מען באַגעגנט אָט דאָס דאָזיקע שטוינען אין דער אויטאָביאָגראַפֿיע פֿון קאָמענדאַנט פֿון פֿאַרטיליקונגס־לאַגער אין אוישוויץ, העס, וואָס איז דערשינען נאָך דער מלחמה אין שטוטגאַרט. אַן אַלטער ייִד, אויפֿן וועג צום אומקום, האָט צו אים אויסגערופֿן: "דײַטשלאַנד וועט נאָך טײַער באַצאָלן פֿאַר איר אויסמאָרדן ייִדן", און נישט אומקוקנדיק זיך אויף קיינעם, האָט דער ייִד ווײַטער, מיט אַ זעלטענער פֿעסטקייט, געשפּאַנט אין דער סטעזשקע... אַפֿילו

דער טײַוואָלאַנישער פּראָפּאַגאַנדע־מיניסטער פון נאַצי־דײַטשלאַנד, געבעלס, וועלכער האָט זיך אַלע מאָל באַרימט, אַז ער קען אַלע ייִדישע סודות, און פאַר אים איז גאָרנישט פאַרבאָרגן אין דער ייִדישער פסיכיק, איז דאָך אין די טעג פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד געבליבן שטיין אַ געפּלעפטער. ער האָט מודה געווען, אַז עפּעס אין דער ייִדישער האַלטונג בלײַבט פאַר אים ״אומפאַרשטענדלעך״ און פאַרהוילן...

אַן אַלטער פסוק פון תּהילים ״איך וועל נישט שטאַרבן, נאָר לעבן״ (לא אָמות כּי אחיה, תּהילים קיח, יז), איז געוואָרן אַ דעוויז, אַ לאָזונג. דר. עמנואל רינגעלבלום שרײַבט אין זײַן טאָגבוך, אַז די צאָל זעלבסטמאָרדן צווישן דער ייִדישער באַפעלקערונג אין מזרח־אייראָפּע איז געווען אַ רעדוצירטע. ״די ברייטע מאַסן און די איבערוויגנדיקע מערהייט פון דער ייִדישער אינטעליגענץ האָבן זיך נישט אײַנגעבראָכן, דער לעבנס־ווילן האָט אָנגעהאַלטן״... ווי אומגלויבלעך און אויסטערליש דאָס זאָל נישט קלינגען, מען האָט זיך געפילט אינערלעך פרײַ און שטאָלץ. די געלע לאַטע האָט אָנגעיאָגט דעם גײַסט פון די פאַרגאַנגענע דורות אין מיטלאַלטער, ווען מען איז אויך דעמאָלט געווען געצוואונגען זי צו טראָגן; אָבער מען האָט דאָס געטאָן מיט דעם באַוואוסטזײַן פון כּבוד. די נאַציס האָבן געוואָלט מאַכן ייִדן פאַר נידעריקע באַשעפענישן, אַרײַנברענגען אין זיי דעם אָפּשטויסנדיקן מינדערווערטיקייט־קאָמפּלעקס. דאָס איז זיי נישט געלונגען. די ייִדישע נשמה האָט אָוועקגעיאָגט די שפּלות, דאָס נישטיקייט־געפיל. פאַרקערט, מען האָט געטראָגן אַן עקל צו די אונטערדריקער, אַ בפירושע פאַראַכטונג. מען האָט אין האַרץ מבטל געמאַכט די אָנגעבלאָזנקייט פון די פאַרפאָלגער, זייער טופען מיט די שטיוול, זייער טעמפּע פאַרריסנקייט. מען האָט צו זיך געזאָגט: נישטאָ קיין ווזנטלעכע סיבה צו פילן זיך פאַרשעמט און באַליידיקט. צי קען מען זיך באַליידיקן פון אַ חיה־רעה? אַ ווילנער ייִדישער זייגערמאַכער האָט אויסגערופן: ״איך לייג מײַן וועטאָ אויפן גאַנצן עניין געטאָ!״; און מ׳איז געווען איבערצײַגט, אַז דער וועטאָ, וואָס הייבט זיך אויף פון דער ייִדישער נשמה, איז מער אַנטשיידנדיק אין ענדגילטיקן חשבון, ווי די גאָוווהדיקע אײַנריידעניש פון די נאַצי־הערשער. באַגלויבטע כראָניק־שרײַבער פון יענער צײַט גיבן איבער, אַז ס׳זענען געווען נישט ווייניק פאַלן, ווען ייִדן האָבן געשפּיגן די נאַציס אין פּנים אַרײַן. אין איר שוויַגעניש האָט די ייִדישע נשמה געשריִען מיט קולי־קולות.

בלעטערט מען די ייִדישע געשיכטע, איבערצײַגט מען זיך, אַז די ייִדישע נשמה האָט אַרויסגערופן פאַרוואונדער שוין בײַ די שונאים פון אַמאָל. עס האָבן אויף אירע פאַרבאָרגענישן, און אויף די כּוחות, וועלכע זענען אין איר פאַרבאַהאַלטן, געשטוינט פּרעה און המן; נבוכדנאצר, דער מלך פון בבל, און אַדריאַנוס, דער אימפּעראַטאָר פון רוים; אין די מאָדערנע צײַטן האָט אַ פאַרביסענער פּוילישער אַנטיסעמיט, ניעמאָיעווסקי, אַפילו אָנגעשריבן אַ פּאַשקוויל אונטערן נאָמען ״די ייִדישע נשמה״. דאָס העצערישע בוך איז גראָד דערשינען אין יאָר, ווען עס איז אויסגעבראָכן די

ערשטע וועלט־מלחמה, אין 1914, און האָט געהאַט פאַר אַ ציל צו באַקעמפן פּוילן און די וועלט מיט דער ייִדישער נשמה "אין ליכט פון תלמוד". דער פּאַשקוויל שפּריצט מיט גיפט און בייזווילוקייט און וואָרנט די מענטשהייט קעגן די געשפּענסטער, וואָס שפּרינגען איר אַנטקעגן פון די "געהיימענישן" פון דער ייִדישער נשמה. אָבער נאָך אַלע "דערקלערונגען" און "אויפקלערונגען", וואָס דער פּאַנאַטישער פּוילישער שונא־ישראל האָט צונויפגעקליבן, איז נאָך אַלץ פאַרבליבן פאַרן פאַרלוירענעם, פאַרפירטן לייענער דער גרויסער פראַגע־צייכן: וואָס איז אַזוינס די ייִדישע נשמה, וואָסערע זענען די סובסטאַנצן, פון וועלכע זי באַשטייט, און ווי אַזוי באַוויַיזט זי צו פאַרבלייַבן מעכטיק, אויך ווען זי דערשיַינט שוואַך און איינגאַנצן מאַכטלאָז? ...

אומקערנדיק זיך צום נאַצי־חורבן, פאַרבלייַבט אייגנטימלעך פאַר יענעם פּעריאָד דער ייִדישער אומווילן אָפּצוריַיסן זיך פון פאַמיליע־קרייַז אָדער פון צירקל, אין וועלכן מען האָט זיך געשפּירט איַינגעשלאָסן, הגם עס זענען געווען מער מעגלעכקייטן, אין אַ ריי פאַלן, צו ראַטעווען זיך, אויב מען איז פאַרבליבן אַליין. קינדער האָבן בשום אופן, אויסער אין איינצלנע פאַלן, נישט געוואָלט זיך אָפּשיידן פון עלטערן, מענער פון פרויען, לערער פון תּלמידים. ביז צו דער לעצטער מינוט האָט מען זיך געקלאַמערט צוזאַמען, סיַידן מען איז אָוועקגעשלעפּט געוואָרן מיט געוואַלט. דער רירנדיקער סימבאָל פון אָט דער אַנטשלאָסנקייט צו זיַין, גיין, און אויסגיין צוזאַמען, איז דער פּעדאַגאָג און דירעקטאָר פון יתומים־הויז אין וואַרשע, יאַנוש קאָרטשאַק, וועלכער האָט נישט מסכּים געווען זיך צו שיידן מיט די קינדער, און זיי באַגלייט ביז צו דער לעצטער סטאַנציע פון זייער לעצטן וועג. אָבער אַזוי ווי ער, האָבן געהאַנדלט אויך אַנדערע דערציִער און לערער. אַזוי האָבן געהאַנדלט ווילטשינסקאַ, בראַניאַטאַווסקאַ, שטערנפעלד און אַנדערע. ווער ווייסט, צי צווישן אַלע איבערצייגונגען און געפילן, וועלכע האָבן געשטויסן אָט־די מאַרטירער און קדושים צו פאַרבלייבן צונויפגעבונדן מיט די זייעריקע ביז צום נשמה־אויסגאַנג, דאַרף נישט צוגעשריבן ווערן דער ייִדישער נשמה די דאָזיקע טראַגישהעראָאישע דעציזיע! ...

ביַי דער גאַנצער אינדיווידועלקייט, וואָס ווערט נישט אָוועקגענומען אין דער ייִדישער מיסטיק ביַי יעדער ייִדישער נשמה, ווערט גליַיכציַיטיק אונטערגעשטראָכן, אַז זי ציט איר שורש פון כּלל, איז מיט אים צונויפגעהאָפטן, צונויפגעקייטלט אין דער מסירת־נפש און קרבנות־גרייטקייט פון דורות, צונויפגעשפּינט אין די בענקענישן צום אויסלייז. צוזאַמען מיט דער נשמה פון ייִדישן יחיד, רעדט זיך אין דער מיסטיק וועגן דער נשמה פון ייִדישן כּלל, מיט וועלכער דעם יחידס נשמה שטרעבט זיך צונויפצוגיסן.

אין שוידער פון דער נאַצי־תּקופה האָט דער כּלל־עלעמענט אין דער ייִדישער

נשמה זיך אויפֿגעדעקט אין די כּלערליי פֿאָרמען, וואָס איר ווידערשטאַנד האָט אָנגענומען.

ווײַט נישט בכּוח צו וואָרפֿן וועלכן־עס־איז שאָטן אויפֿן ווידערשטאַנד פֿון דער ייִדישער נשמה אין נאַצי־פּעריאָד, איז די עקזיסטענץ פֿון פֿאַרשוינען, וועלכע האָבן דאָן נישט אַלע מאָל געווירקט צום גונסטן פֿון דער ייִדישער געזעלשאַפֿט. מ׳האָט זיי געקענט ווי די ייִדישע פּאָליציאַנטן אין די געטאָס, ווי די ייִדישע "אויפֿזעער" אין די לאַגערן, "קאַפּאָס", און זייערס גלײַכן. מען דערוויסט זיך וועגן זייער שענדלעכער טעטיקייט פֿון די טאָגביכער, וואָס זענען געשריבן געוואָרן אין יענער צײַט, פֿון די כראָניק־פֿאַרצייכענונגען. אויך רינגעלבלום מײַדט נישט אויס צו ריידן וועגן זיי. מיט צער און צאָרן דערמאָנט זיי יהושע פּערלע אין זײַנע נאָטיצן, וואָס זענען אויסגעגראָבן געוואָרן נאָכן חורבן.

אין דעם קרוב האַלבן יאָרהונדערט, וואָס טיילט אונדז אָפּ פֿון יענעם אין נסיונות־איבערפֿולטן פּעריאָד, ווערן אָבער קלאָר פֿאַר אונדז צוויי אויספֿירן. ערשטנס: די צאָל פֿון די, וועלכע האָבן געטאָן די שענדלעכע אַרבעט אין זייערע פֿון די נאַציס באַשטימטע פֿונקציעס, איז שטאַרק איבערגעטריבן געוואָרן. און צווייטנס: מען האָט אין דער צײַט פֿון די טרויעריקע פּאַסירונגען אַזוי ברייט און גענוי זיך צעשריבן וועגן דעם אָפּפֿאַל פֿון דער ייִדישער געזעלשאַפֿט, ווײַל ס׳האָט טיף פֿאַרדראָסן און וויי געטאָן, הלמאי עס געפֿינען זיך אין דער ייִדישער מחנה בכלל נעגאַטיווע עלעמענטן. מ׳האָט געוואָלט, אַז קיינער — אָן אויסנאַם — זאָל נישט אַרײַנברענגען אומריינקייט אין דער ייִדישער גאַס, וואָס דאַרף אויך אין דער פֿינסטערניש פֿאַרבלײַבן פֿאַרזייט מיט לויטער ליכט. וועגן "ליכטיקע ייִדן" האָט געשריבן יצחק קאַצענעלסאָן אין זײַנע פּאָעמעס וועגן אויסגעהרגעטן ייִדישן פֿאָלק. מ׳האָט געגאַרט צו האָבן צווישן זיך בלויז ליכטיקע ייִדן. מ׳האָט געשטרעבט, אַז אין דער ייִדישער נשמה זאָל נישט אַרײַנטרעטן קיין גרילץ; אַז זי זאָל פֿאַרבלײַבן גאַנץ, ריין, הייליק; דער מינדסטער פֿלעק האָט גלײַך אַרויסגערופֿן אַ געוואַלט, אַ הימל־געשרײַ; האָט אויפֿגערודערט דאָס געמיט; האָט אויפֿגעטרייסלט די פּסיכיק; האָט אויפֿגעציטערט דאָס געוויסן.

אויך אינעם שטורמישן טײַטלען מיטן פֿינגער אויף יעדער נעגאַטיווער דער־שײַנונג און אויף איטלעכן פֿאַרדעכטיקטן טיפּ, לאָזט זיך דערקענען דער בונט פֿון דער ייִדישער נשמה.

אין דער ייִדישער מיסטיק רעדט זיך גאָר אַ סך וועגן דער ייִדישער נשמה און אירע אומגעווייינלעכע אייגנשאַפֿטן. ס׳רעדט זיך וועגן איר אין גרונט־ספֿר פֿון דער קבלה, דער זוהר; אין די באַטראַכטונגען פֿון ר׳ יצחק לוריא־אשכּנזי, דער אר״י; אין די ספֿרים פֿון ר׳ חיים וויטאַל. ס׳האָט געגראָבן אין אירע טיפֿענישן ר׳

משה בן נחמן, דער רמב"ן. ס'האָבן זיך דערנענטערט צו איר מיטן אינערלעכן ציטער ר' ישׂראל בעל־שם־טוב און ר' נחמן בראַצלאַווער.

אויך די נײַע העברעאישע און ייִדישע ליטעראַטור, מיט אַלע ראַציאָנאַליסטישע טענדענצן, וועלכע טרעטן אין איר אַרויס, האָט נישט געקענט אַוועקגיין פון דער מיסטעריע פון דער ייִדישער נשמה. ס'האָט זי אַרויסגעבערענגט אין איר פולער ווירקונג ביאַליק אין זײַן ליד וועגן דער ייִדישער מאַמע, וואָס דעצידירט זיך צו קויפן פאַר די לעצטע גראָשנס, וואָס זענען בײַ איר פאַרבליבן פרײַטיק פאַרנאַכט, ליכט אויף שבת, און נישט ברויט. אויפן נשמה־יסוד האָט ש. אַנסקי אויסגעבויט זײַן דראַמע "דער דיבוק", וואו די ירידות און עליות פון דער נשמה דינען ווי דער עיקר־מאָטיוו. אָן דער טעמע פון דער ייִדישער נשמה, און איר קידוש־השם־גרייטקייט, וועט בלאָזן אַ פוסטקייט פון שאַפן פון י. ל. פרץ, און אויך פון די שריפטן פון חיים גרינבערג און אברהם מענעס.

מ'האָט געמיינט: ייִדישע נשמה איז בלויז מיסטיק, זי שוועבט בלויז אין די העכערע וועלטן. אין דער נאַצי־מלחמה האָט זי, ווי אין אַ פאַרגרעסער־גלאָז, זיך אַנטפּלעקט, אין דער פּראָזע פון טאָגטעגלעכן לעבן. און גענוי ווי אין די אַנט־שיידנדיקע שלאַכטן, וואָס זי האָט געפירט אין די טויזנטער יאָרן פון דער ייִדישער געשיכטע, איז זי אויך פון דער דאָזיקער שווערער שלאַכט אַרויסגעגאַנגען די געווינערין.

# אויך די טרער איז אויפגעזאַמלט אין ייִדישן פֿאָלקס-אוצר

צווישן אַלץ, וואָס האָט זיך צונויפגעלייגט, אַז אונזער ייִדיש פֿאָלק זאָל קענען אָנגיין מיט זײַן עקזיסטענץ דורך יאָרטויזנטער, טאָר נישט אַדורכגעלאָזט ווערן די טרער. מיר האָבן זיך אָנגעשטרענגט אויפֿצוהאַלטן נישט בלויז דעם אָנדענק פֿון דער פֿרייד, וואָס האָט פּולסירט אין אונזער געשיכטע אין לויף פֿון די תּקופֿות, נאָר אויך דעם אָנדענק פֿון דעם טרויער, וואָס האָט זיך אין זיי אײַנ־געגראָבן. מיר זענען דאָס איינציקע פֿאָלק אין דער וועלט, וואָס האָט אויפֿגעזאַמלט טרערן, און באַין־אופֿן נישט דערלאָזט, אַז זיי זאָלן זיך אויסטרוקענען. אַנדערע פֿעלקער האָבן אין זייערע נאַציאָנאַלע אָנדענק־טעג זיך בלויז אומגעקערט צו די פּאַסירונגען, וואָס הײַטערן אויף דאָס געמיט און פֿרישן אויף די דעראינערונגען פֿון שטאָלץ און גלאָריע; דאָס ייִדישע פֿאָלק האָט אַרײַנגענומען אויך דעם נאַציאָ־נאַלן ווייַ אין זײַן אינערלעכער וועלט, און אויסגעפֿורעמט זײַן לעבנסשטייגער אויך מיט די סובסטאַנצן פֿון צער. ייִדן האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז אויפֿגעהיטענע טרערן זענען וויכטיק און נויטווענדיק, אויב מען וויל, אַז דער היסטאָרישער זיכּרון זאָל פֿאַרבלײַבן גאַנץ און אויפֿהאַלטן זײַן כּוח צו אינספּירירן און אָנרעגן; נישט אָפּצושטיין אין די גרענאַנגלען וואָס דאָס פֿאָלק איז געצוואונגען צו פֿירן.

איצט קוקט אויס, אַז מיר האַלטן בײַם פֿאַרלירן דעם דאָזיקן ווילן און דעם דאָזיקן טאַלאַנט.

עס זענען נאָך צומאָל נישט אַריבער קיין פֿינף יאָרצענדליקער נאָכן מוראדיקן חורבן, וואָס אונזער פֿאָלק האָט אַדורכגעמאַכט. מיליאָנען ייִדישע מענער, פֿרויען און קינדער זענען אומגעקומען; הונדערטער און הונדערטער קהילות זענען אויס־געריסן געוואָרן מיטן וואָרצל. אַ ייִדישע ציוויליזאַציע איז מיט ווילדער אַכזריות אויסגעראָטן געוואָרן. די שׂינאה צו אונזער פֿאָלק האָט אָנגענומען פֿאָרמען, וואָס זענען אַפֿילו אַ נײַעס אין אונזער געשיכטע פֿון ביטערע ניסיונות, און די פֿאָלקס־טרער, הגם זי פֿאַלט נאָך כּסדר, הערט פֿאָרט אויף צו פֿאַרנעמען אין ייִדישן באַוואוסטזײַן דעם פּלאַץ, וואָס זי וואָלט געדאַרפֿט פֿאַרנעמען. צווישן אונזערע

יוגנטלעכע איז גאָר גרויס די צאָל פון די, וועלכע האָלטן אַז ״דאָס״ איז זיי נישט נוגע. די טראַגעדיע האָט בלויז אַ שייכות צום עלטערן דור; און דערצו בלויז צו די, וואָס ציִען זייערע וואָרצלען פון דער פאַרשוואונדענער וועלט פון מזרח־אייראָפּע.

און דער עלטערער דור? מען קומט זיך צונויף אין דער דאָזיקער צייט פון יאָר, וואָס ברענגט אַרויף דעם אָנדענק פון טראַגישן פאַרגיין פון וואַרשעווער געטאָ, אויף די אַזוי־גערופענע הזכרה־פאַרזאַמלונגען, וואָס הגם זיי זענען ״פייער־לעך״ און ״איינדרוקספול״ — ווי עס ווערט געזאָגט אין די באַריכטן, וואָס דערשיינען דערנאָך ווי זיי ווערן אָפּגעהאַלטן — פעלט אין זיי די געבראָכנקייט, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אַ ייִדישן יאָרצייט. עס פעלן אין זיי די צייכנס, וועלכע זענען אייגנטימלעך פאַר אָבלות ביי ייִדן. נישט מען קומט דאָרט אַהין אין דעם הילוך פון אָבלות, נישט מען האָט דאָס געפיל, אַז מען געפינט זיך צווישן אַן עדה, וואָס איז פאַריתומט און אין דערשיטערנדיקן טרויער. דאָס וואָס ווערט יאָ מוראדיק־קלאָר אויף די דאָזיקע פאַרזאַמלונגען איז, אַז קוים אַ שוואַכער עכאָ איז אין זיי פאַרבליבן פון דעם האַרציקן, ייִדישלעכן ״אוי־וויי״, און עס דראָט, אַז די ייִדישע פאָלקס־טרער נאָך דעם לעצטן גרויליקן חורבן זאָל גיין פאַרלוירן.

נישט אַזוי איז דאָס געווען אין די פאַרלאָפענע צייטן. מיט העכער דריטהאַלבן טויזנט יאָר צוריק, האָט אונז געטראָפן דאָס ערשטע נאַציאָנאַלע אומגליק; דער ערשטער חורבן פון דער ייִדישער זעלבשטענדיקייט. דער שונא האָט אָנגעגריפן דאָס ייִדישע פאָלק, וואָס איז נאָך דעמאָלט געזעסן אין אייגענעם לאַנד; צעשטערט ירושלים, פאַרברענט דעם בית המקדש. פון תנ״ך, פון אַ וואונדערלעך קאַפּיטל אין תהילים, קען מען זיך דערוויסן וועגן דער האַלטונג פון פאָלק אין דער צייט פון פּיין און שוידער. דאָס פאָלק האָט געוויינט. אַזוי דערציילן זיי אַליין, די מענטשן פון פאָלק (אין פּרק קלז): ״על נהרות בבל״ — אויף די ברעגען פון די טייכן פון בבל זענען מיר געזעסן און געוויינט... מיר האָבן אויפגעהאַנגען אונזערע האַרפעס אויף די ווערבעס, און אין צער און צאָרן צונויפגעדריקט די ליפּן...

אָבער שוין דעמאָלט, ווען די וואונדן זענען נאָך געווען פריש, און דער ווייטיק האָט געבריט, איז געקומען צום אויסדרוק די זאָרג, אַז די טרערן וואָס ווערן פאַרגאָסן ביי די טייכן פון בבל, זאָלן אויפגעזאַמלט ווערן אין נשמה־אוצר, וואָס פאָלט נישט אַרונטער די געזעצן פון די זיך־טוישנדיקע צייטן. די פאַרגאַנגענהייט און קעגנוואַרט, וואָס מיט זיי האָבן צו טאָן די פלייצנדיקע געפילן און עמאָציעס, טרעטן אָפּ זייער אָרט פאַר דער צוקונפט. זי, די צוקונפט, ווערט אַרויסגעהויבן ווי דער צענטראַלער מאָטיוו. צו איר באַציט זיך די שבועה, וואָס ווערט אָפּגעגעבן: ״אויב איך וועל דיך פאַרגעסן, אַ ירושלים, זאָל פאַרטרוקנט ווערן מיין רעכטע

האַנט; זאָל מײַן צונג זיך צוקלעפּן צום גומען, אויב איך וועל דיך נישט געדענקען; אויב איך וועל נישט דערמאָנען ירושלים אויף מײַן העכסטער שׂמחה"...

מען קען אָט די באַזאָרגטקייט, אַז אויך בײַ געענדערטע אומשטענדן, זאָלן די טרערן אויפהיטן זייער ווענדונג און ווירקונג, אַרויסלייענען פון די אַנדערע ספרים און מגילות, וואָס זענען צו אונדז אַריבערגעקומען פון יענער צײַט. דער נביא ירמיהו — אַן עדות פון חורבן — וועלכער איז געווען, ווי די טראַדיציע פאַרזיכערט, דער מחבר פון מגילת איכה — די מגילה פון דער אויפשווידערנדיקער דערפאַרונג — עפנט טאַקע זײַן שריפט מיט דער שילדערונג פון די אויפציטערנדיקע פּאַסירונגען, וואָס זענען זיך פאַרלאָפן; אָבער גלײַך ווערט מיט דער אַנגסט פון דער אַדורכגעמאַכטער איבערלעבונג אַרומגענומען די צוקונפט. עס טאָרן אפילו שפּעטער נישט אויפהערן צו טרייסלען די געוויסנס, די הערצער. "וויינען וועט טאָן וויינען די שטאָט, דאָס לאַנד, דאָס פאָלק, — שרײַבט ירמיהו אין נוסח, ווי ער וואָלט זיך געוואָנדן צו די דורות וואָס וועלן קומען — עס וועט זיך גאָרנישט באַרואיקן דער ווייטיק... טײַכן טרערן וועלן אַראָפּנידערן, און זיי וועלן זיך נישט אָפּשטעלן"...

מען טרעפט זיך אָן אויפן דאָזיקן באַנעם אין ספר, וואָס אָט־דער נביא פון יאָמער און טרייסט האָט אָנגעשריבן: דער ספר ירמיהו. נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל דערשײַנט ער מיטן ווילן צו פאַרזייען דעם צאַפּלדיקן אָנדענק פון דער טראַגעדיע אין געדאַנק און געפיל פון פאָלק פאַר אַלע צײַטן. אויך די געשטאַלטן פון דער בראשית־תּקופה פון פאָלק, וועלכע ער רופט אַרויס אין זײַן וויזיע, מיט דעם שטורעם פון זײַן וואָרט, פון דער נישט־דאָאיקער ספערע, כּדי זיי זאָלן באַגלייטן די אומגליקלעכע אין זייער עלנט און ווײ, זענען זיכער, אַז דורך דער אָנהאַלטנדיקער אָבלות קענען די מענטשן דערגיין צו די ברעגן פון אויסלייז.

בעת עטלעכע יאָרצענדליקער נאָך דעם חורבן טרעט אַרײַן אַ ראַדיקאַלע ענדערונג אין דער לאַגע; און דאָס מאָל צום גוטן, ייִדן באַקומען די מעגלעכקייט ווידער צו באַנײַען די גײַסטיקע און פּאָליטישע זעלבשטענדיקייט, אויפבויען פונדאַסנײַ דאָס צעשטערטע לעבן — הערן זיך שטימען, אַז אפשר דאַרף מען שוין אָפּווישן פון זיכּרון די פאַרגאַנגענע טראַגישע פּאַסירונגען און "אָפּרופן" דעם טרויער, "אָפּשאַפן" די צער־עלעמענטן, וואָס זענען אַרײַנגעגאַנגען אין לעבנס־שטייגער. צום נביא זכריה דערגייען די אָנפראַגעס. ער דערציילט וועגן דעם אין תּנ"ך־ספר, וואָס טראָגט זײַן נאָמען. מען האָט זיך צו אים געוואָנדן און געוואָלט וויסן: צי דאַרף מען נאָך אַלץ אָנהאַלטן מיט דעם תּענית פון תּשעה־באב, דער טאָג, וואָס איז אײַנגעשטעלט געוואָרן ווי דער אָנדענק פון דעם שרעקלעכן נאַציאָנאַלן אומגליק? צי קען מען שוין איצט, ווען בעסערע טעג האָבן אָנגערוקט פאַרן פאָלק, אויפהערן וויינען און קלאָגן אויפן חורבן? (האבכה בחודש החמישי — צי דאַרפן מיר כּסדר וויינען אין חודש אב? — זכריה ז, ג).

אָבער אָדורכגעשלאָגן האָט זיך די גײַסטיקע רײַפקייט פון פאָלק. ביטערע זכרונות, ווי אומהיימלעך זיי זאָלן נישט זײַן, און ווי שטאַרק זיי זאָלן נישט פאַראומערן דעם געמיט, זענען אויך אַ קוואַל פון דערמוטיקונג. טרויער טאָר נישט פירן צו פאַרצווייפלונג און איז נישט מעלאַנכאָליע. פאַרקערט, טרויער איז דינאַמיש. ער וועקט צו באַטראַכטונג. ער רופט צו חשבון־הנפש. דורך דעם אַקטיוון באַוואוסטזײַן פון טרויער איז מעגלעך אויפצובויען די ווערטן, וואָס אָן זיי קען אַ פאָלק זיך נישט באַגיין. ווירקנדיקער צער לאָזט נישט אַטראָפירן די געפילן. ער איז אַ סימן פון גבורה.

נישט אומזיסט האָט אין די טעג פון חורבן דער נביא יחזקאל אַרײַנגענומען אין זײַן מויל — ווי ער גיט דאָס אַליין איבער אין זײַן ספר — אַ פאַרמעט אויף וועלכן עס זענען געווען באַשריבן די פּרטים פון די לײַדן און פּײַן, וואָס דאָס פאָלק מאַכט אַדורך; אַ פאַרמעט פון יאָמער און געוויין, באַשריבן פון ביידע זײַטן, און גלײַך ווי מען וואָלט דאָס געקענט עסן, האָט ער אַראָפּגעשלונגען דעם פאַרמעט (יחזקאל ג, א־ג). די אויפשוידערנדיקע איינצלהייטן האָבן באַדאַרפט אַרײַנגיין אין זײַן אינגעווייד; ווערן אַ טייל פון זײַן פערזענלעכקייט. אַ סימבאָל? אוודאי. אָן אַנווײַז אַז אַ פאָלק טאָר נישט אַרויסרײַסן פון זײַן מוח און האַרץ די דערפאַרונגען פון אומעט, נאָר זיי אײַנגראָבן טיף אין זיך. וואָרום אָט די דערפאַרונגען, וואָס זייער אָנדענק וואָלט מען אפשר באַגערט אָפּצושטויסן, זענען אָנגעלאָדן מיט ערנסטע אויפגאַבעס. זיי סטימולירן, זיי מאָנען. אויך טרערן זענען אַן אוצר. מען קען זאָגן: אַ טײַערער, הייליקער פאָלקס־אוצר.

נאָך שאַרפער און דײַטלעכער איז אַרויסגעטרעטן די אָנטשלאָסנקייט אויפצוהיטן די פאָלקס־טרערן נאָך דעם צווייטן חורבן. אין אַ שנײַדיקער פראַזע האָט דאָס אויסגעדריקט אײנער פון זײַנע רעליגיעזע פּאָעזיעס דער ייִדישער דיכטער פון מיטלאַלטערלעכן איטאַליע אַמיתי: "דער לאָגל פון טרערן איז אין ייִדישן זײַן"...

ווייטיקלעכער איז דאָס מאָל געווען די איבערלעבונג. די רוימער, וואָס האָבן מיט זייערע באַוואָפנטע כּוחות זיך געוואָנדן קעגן ייִדישן פאָלק, זענען אין זייערע רציחות געווען נאָך גרויזאַמער, ווי די אַנגרײַפער פון פריִער. שטאַרקער איז אויך אויסגעוואַקסן צווישן ייִדן דער באַנעם, אין וועלכן דער ווייי פאַרוואַנדלט זיך אין דער מיסטעריע פון ייִדישן קיום.

טרויער איז געוואָרן אַ באַשטאַנדטייל פון ייִדישן לעבן. אַזוי פיל ווילן און טאַלאַנט זענען אַרײַנגעלייגט געוואָרן אין דער אָנשטרענגונג צונויפצוהעפטן דעם יחיד און דעם כּלל מיט דער חורבן־דערמאָנונג, אַזוי אַז זי זאָל איבערגיין פון דור צו דור. מיטן קאַלענדאַר־טאָג פון נײַנטן אין חודש אב פאַלן זיך צונויף ביידע נאַציאָנאַלע קאַטאַסטראָפעס; דער דאָזיקער טאָג מוז דעריבער אין אַלע צײַטן

אַרײַנפּליסטערן אין ייִדישן אויער דעם עפּאָס און די טראַדיציע פֿון טרויער. הגם ניִשט קיין אָנדענק־דאַטע, וואָס וועגן איר האָט נאָך געקענט זײַן די רייד אין חומש, איז זי באַטראַכט און באַהאַנדלט געוואָרן מיט אורשפּרינגלעכער ערנסטקייט.

אַן אַרײַנפּיר־פּעריאָד האָט באַדאַרפֿט צוגרייטן דעם ייִדישן מענטש פּסיכיש און גײַסטיק צום "זכר לחורבן", צו דער חורבן־דערמאָנונג, וועלכע האָט פֿאַר קיין פֿאַל ניִשט געטאָרט בלאַסער ווערן; אַן אַרײַנפּיר־פּעריאָד פֿון דרײַ וואָכן, פֿון נײַן טעג. פֿאַרבאָטן זייִנען אָנגעצייכנט געוואָרן מיט דער פֿולער גענויקייט: חתונות, ווי בכלל אָנטפּלעקונגען פֿון פֿרייד און אויפֿגעהײַטערטן געמיט, מוזן אָפּגעשטעלט ווערן. עס איז פֿאַרווערט זיי אָפּצוריכטן; אין דער האַלטונג און אַפֿילו אין אויסזען, מוז זיך אָפּשפּיגלען דער אומעט; ניִשט עסן קיין פֿלייש; ניִשט טרינקען קיין ווײַן; ניִשט אָנטון קיין נײַעם מלבוש; ניִשט אַרײַנגיין אין רייד וואָס קענען אָנרעגן צום לאַכן; און אויב ברומען אַ ניגון, מוז ער זײַן אַ ניגון פֿון טרויער. ווי נאָר עס פֿאַנגט זיך אָן דער חודש מוז פֿאַרמינערט ווערן דער אויסדרוק פֿון פֿריילעכקייט. טאָרסט זיך ניִשט אויספּוצן, ניִשט מאָלן דײַן הויז, ניִשט אַדורכפֿירן קיין בוי־אַרבעט, ניִשט אויפֿפֿרישן דײַן וואוינונג. אַן אומעט וועט זיך אויסלייגן אויפֿן פּנים; אויפֿן טיש, אַרום וועלכן מען קומט זיך צונויף; אויף דער שטוב; אויף דער גאַס...

ערשט דער טאָג, אין וועלכן דאָס פֿאַראומערטע געמיט פֿון יעדן איינעם, מאַן און פֿרוי, דערוואַקסענעם און יוגנטלעכן, לייגט זײַן סטעמפּל; דער טאָג, "ווען עס וויינען די קינדער פֿון ישׂראל", ווי עס זאָגט זיך אין איינעם פֿון די קלאָג־קאַפּיטלען; אייגנטלעך ניִשט אַ טאָג נאָר אַ מעת־לעת, פֿון אָוונט ביז אָוונט, ציִט זיך דער תּענית. געגנוי ווי יום־כּיפּור, גענוי ווי דער הייליקסטער טאָג פֿון ייִדישן יאָר. דו טאָרסט אויך ניִשט זיצן אויף קיין באַנק, אויף קיין שטול, נאָר אויף אַ נידעריק בענקל, אויף אַן איבערגעקערטער באַנק, צי גאָר אויף דער ערד. און טאָרסט ניִשט אָנצינדן קיין ליכט, וואָס גיבן אַ שטאַרקע העלע שײַן. טונקל דאַרף זײַן אין דײַן וואוינונג, אין דער שול, וואו דו וועסט אויסיאָמערן די קינות, וואָס וועלן צוריקברענגען אין דײַן געדאַנק די טראַגעדיע אין איר דערשיטערנדיקן שוידער; האַלב פֿינסטער דאַרף זײַן. דו קענסט ניִשט שלאָפֿן אין דער נאַכט פֿון דער ווייטיקלעכער דערמאָנונג מיט דער באַקוועמלעכקייט פֿון אַלע מאָל. אויב דו ביסט, למשל, געוואוינט צו שלאָפֿן אויף צוויי קישנס, שלאָף בלויז אויף איינעם. גלײַכער איז, אַז דו זאָלסט אויסבעטן דײַן געלעגער אויף דער הוילער ערד. דו טאָרסט אין דאָזיקן טאָג זיך ניִשט באַגריסן מיט די פֿרײַנד, וואָס דו וועסט באַגע־גענען, ניִשט אויסשטרעקן צו זיי דײַן האַנט, צומאָל ניִשט זאָגן דעם געוויינלעכן "גוט־מאָרגן". אויך אַזעלכע, אין פֿלוג איינפֿאַכע זשעסטן זענען אַ דיסאָנאַנס פֿונעם צער, וואָס דאַרף דיך אַרומנעמען און אַרײַננעמען אינגאַנצן. אַפֿילו פֿון די ספֿרים, אין וועלכע דו וועסט וועלן אַרײַנקוקן, דאַרף אַניאָגן דער אָנדענק פֿון די

ליַידן, וואָס דאָס פֿאָלק האָט געליטן; דאַרף זיך אויף דיר אָנוואַרפֿן דער אומעט. דער זעלבער אומעט וואָס טראָגט זיך פֿון דער חורבן־מגילה, וואָס דו וועסט לייענען מיט דעם טראַדיציאָנעלן מיטריַיסנדיקן, האַרצרייַסנדיקן ניגון; אָדער פֿון רירנדיקן פּירוש וואָס איז צו אָט דער מגילה צוגעגעבן געוואָרן דורך די שעפֿער פֿון תּלמוד, און וועלכער איז בעצם אַן עלעגיע אָנגעזאַפּט מיט צער און וויי — דער מדרש איכה.

זאָגט נישט, אַז דאָס זענען געבאָטן און פֿאַרבאָטן, וועלכע זענען אַרויפֿ־געוואָרפֿן געוואָרן אויפֿן ייִדישן מענטש; אַרויפֿגעוואָרפֿן געוואָרן מיט צוואַנג, דורך אַ רעליגיעזן אימפּעראַטיוו. דאָס איז נישט אמת. ס'איז געשיכטלעך־געניי, אַז דאָס האָבן די געזעצגעבער פֿון פֿאָלק אַרויסגעפֿילט זיַין ווילן און אים אָנגעוואָנדן אין דערווירקלעכקייט פֿון דער אויפֿפֿירונג. דאָס פֿאָלק האָט געזוכט די פֿאָרם, ווי אַזוי צו ברענגען צום אויסדרוק זיַין אומעט; וואָרום — ווי דאָס איז אַרויסגעדרונגען פֿון פּאָפּולערן פֿאָלקס־זאָג: "צי איז דען ערשט נייטיק אונז צו באַפֿעלן צו טרויערן?" ווער קען עסן, ווען עס איז אָנגעלייגט אויף דער נשמה? ווער קען זיַין פֿריילעך, ווען דאָס הארץ איז פֿאַרקלעמט?

דאָס פֿאָלק האָט דערביַי געוואוסט אונטערצושטריַיכן, אַז טרויער איז נישט האָפֿענונגסלאָזיקייט, און צומאָל נישט פּאַסיווקייט. ערשט דורך דער עצבֿות באַקומען ייִד און ייִדישקייט זייער שלימות. דער ייִדישער קרעכץ מאַכט ערשט דאָס ייִדישע לעבן פֿול. נישטאָ קיין מער גאַנצע זאַך, ווי אַ צעבראָכן ייִדיש האַרץ, האָט געזאָגט ר' מענדעלע, דער רבי פֿון קאָצק.

מיר גיבן זיך גאָרנישט אָפּ קיין חשבון, וואָסער טיפֿע השפּעה דער דורך תּקופֿות פֿון האַרץ־שטראָמענדיקער פֿאָלקס־צער האָט איבערגעלאָזט אין דער ייִדישער נשמה. דער פֿאָלקס־זשעני — אָדער ווי דער דענקער נחמן קראָכמאַל וואָלט אים אָנגערופֿן — דער "שׂר האומה", דער פֿאָלקס־גייַסט, האָט אויסגעבויט אין ייִדישן לעבן אַן עמאָציאָנעלע נאַציאָנאַלע דערפֿאַרונג, וואָס האָט נישט צו זיך קיין גליַיכן אין דער געשיכטע פֿון די פֿעלקער. אַ מאָנומענט, וואָס איז אויסגעבויט נישט פֿון מאַרמאָר און שטיין — מיר האָבן קיינמאָל פֿאַר די זאַכן נישט אַרויס־געוויזן קיין ענטוזיאַזם — נאָר פֿון האַרץ און געפֿיל.

אין ייִדישן פּעריאָד פֿון טרויער רייַסט זיך נישט איבער דער הו־האַ פֿון דער וואָך; איז נישטאָ גאָרנישט פֿון דער "פֿיַיערלעכקייט", וואָס איז אין תּוך כּולה־שאַבלאָן און באַנאַל. מיט דעם ייִדישן פּעריאָד פֿון צער פֿאַרט זיך נישט קיין "פּאָמפּע"; בינדט זיך נישט צונויף קיין "צערעמאָניע". די וואָכנדיקייט דרינגט אַרויס פֿון דער עכטקייט פֿון אומעט. מען קומט נישט זאָגן קינות אין גאַלאַ־קליידונג, און מען זעצט זיך נישט אויף דער ערד וויינען, בעת מען איז אויס־געשלייערט "אין עסיק און אין האָניק". אין דער ייִדישער טראַדיציע פֿון טרויער זיַינען יאָרציַיט און אבֿילות אַן איבערלעבונג, און נישט קיין אינסצעניזאַציע.

אַפילו בונטאַרן, וועלכע האָבן זיך אַרויסגעלאָזט מיט שטורעם קעגן אַנגענומענע ייִדישע לעבנס־פאָרמען, האָבן נאָך אַ פאַרטיפטער באַטראַכטונג זיך אָפּטמאָל צוריק־געצויגן פון דער קריטיק, וואָס זיי האָבן אַרויסגערוקט קעגן דער עקשנות זיך אָנצוהאַלטן אין דער אייגנאַרטיקייט פון ייִדישן צער. איר וועט מיט אַט דער דערשײַנונג זיך אָנטרעפן אין דעם ווערק פון משה העס "רוים און ירושלים", וואו עס ווײַזט זיך אַרויס, אַז גראָד די דורותדיקע לאָיאַלקייט צום צער, וואָס ער האָט אָבסערווירט אין ייִדישן לעבנס־שטייגער, האָט דעם דענקנדיקן העס דער־נענטערט צו זײַנע וואָרצלען. איר וועט דאָס אַרויספילן פון דעם ליידנשאַפטלעכן ווידוי פון דעם העברעאישן שרײַבער פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט מרדכי זאב פײַערבערג "וואוהין". איבער אַלץ אין ייִדישן זײַן פאַלט זײַן קריטישע באַמערקונג, אָבער די טרער וואָס גיסט זיך פון ייִדישן אויג, די טרער אויף צרות און ליידן, ווי אַזוי קען זי באַטראַכט ווערן? פײַערבערג קריטיקירט, בונטעוועט זיך; אָבער מען פילט אַז דער פּראָטעסט, וואָס ער וואַרפט, פאַרשאַפט יסורים אים גופא. די ייִדישע טרער, צי לאָזט זיך גאָר אָפּשאַצן איר באַדײַטונג און בײַטראָג?

אויב ווען־נישט־ווען האָט עמיצער געפּרוווט אָװעקנעמען בײַם ייִדישן טרויער זײַן ייִדישלעכקייט, אים "מאָדערניזירן", אָדער גאָר אינגאַנצן מבטל מאַכן, האָט דאָס פאָלק אָפּגעוואָרפן מיט דער פולער אַנטשיידנקייט דעם שיגעון. מען האָט גאָרנישט געדאַרפט וואָרטן אויף אויטאָריטעטן, אַז זיי זאָלן אַרויסזאָגן זייער מיינונג. מען האָט דעם אַרויסטריט קעגן ייִדישע טרערן באַטראַכט ווי אַ פאַר־שווערונג און שענדונג. צי שעפּט דען נישט די ייִדישע אומה פון די קוואַלן פון טרויער, שטאַרקייט און ביטחון? אויב אַזוי, צי איז נישט יעדער פּרווו אַרײַנצופירן אין זיי ענדערונגען, ממש לײַכטזין און שיגעון?

בײַ דעם גאַנצן אומווילן צו מעסטן און וועגן נאַציאָנאַלע אומגליקן, איז פאָרט נישטאָ קיין ספק, אַז דער לעצטער חורבן — די אויסראָטונג פון אַ דריטל פון אונזער פאָלק, וואָס איז אויסגעפירט געוואָרן דורך די נאַציס — איז איינער פון די גרויליקסטע, וואָס ייִדן האָבן אַדורכגעמאַכט. און פאָרט טרעפן מיר זיך נישט אָן, אין דערמאָנונג פון דאָזיקן חורבן, אויף דער אײַנשטעלונג און גרייטקייט צו טרויערן דעם גרויסן און טיפן ייִדישן טרויער.

נאָך דעם פאָגראָם אין קישינעוו, אין אָנהייב פון הײַנטיקן יאָרהונדערט, וואָס איז געווען אַן עפּיזאָד אין פאַרגלײַך מיט דער לעצטער מוראדיקער טראַגעדיע, האָט חיים־נחמן ביאַליק געשריבן אין זײַן מיט יסורים אַדורכגעדרונגענער פּאָעמע "אין שחיטה־שטאָט": "רײַס אויס פון זייער האַרץ אַן "אוי", שיס אויס פון זייער אויג אַ טרער, און שווער זאָל זײַן די טרער און ביטער"...

איצט קוקט אויס, אַז צווישן די חורבות פון די ווערטן, וואָס גייען פאַרלוירן

אין אונזער צײַט פון צעטומלעניש, געפינען זיך אויך אין רואינען די קולטור און טראַדיציע פון דעם ייִדיש־געשיכטלעכן טרויער . . .

וויינט איצט טאָפּלט די ייִדישע טרער. זי וויינט אויפן לעצטן חורבן; און זי וויינט, פאַרוואָס זי ווערט נישט אויפגעזאַמלט אין פאָלקס־אוצר, אַזוי ווי מען האָט דאָס אַלע מאָל געטאָן מיט פאַרגאָסענע ייִדישע טרערן.

# איך, דער בעל פחדן...

אַזוי דרינגט אַרויס פון די אַרטיקלען, וואָס מיר קומט אויס צו לייענען אין די צײַטונגען און זשורנאַלן אין ישׂראל; פון די רעדעס, צו וועלכע איך הער זיך צו בײַ פאַרשידענע געלעגנהייטן; צו די פּראָגראַמען, וואָס דערשײַנען אין ראַדיאָ און טעלעוויזיע: איך, דער גלות־ייִד, בין אַ בעל־פּחדן, אַ שרעקעוודיקער און צעשראָקענער; עס פעלט מיר אויס מוט צו פאַרטיידיקן זיך, ווען מען פאַלט אויף מיר אָן; איך ווער צעטראָגן פון מורא, בעת מען באַליידיקט מיך, און דאָס געפיל פון ווירדע איז מיר פרעמד...

איך פיל נישט, אַז עמעצער זאָל האָבן דאָס רעכט אַזוי צו רעדן וועגן מיר. סײַ ווען איך בין געווען אַ ייִנגל, און כוליגאַנעס פלעגן באַפאַלן די ייִדישע פאַרבײַגייער אין "זאַקסישן גאָרטן" אין וואַרשע; סײַ ווען איך בין געווען אַ סטודענט, און אויף די פּוילישע הויכשולן איז געווען אין דער מאָדע צו אַטאַקירן די ייִדישע סטודענטן, וועלכע האָבן נישט געוואָלט פאַרנעמען זייערע ערטער אויף דער לינקער זײַט פון זאַל, וואו עס זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן די אַזויגערופענע געטאָ־בענק; סײַ ווען איך האָב אין דער צווייטער וועלט־מלחמה געדינט אין דער פּוילישער אַרמיי אויפן מערב־פראָנט, בעת קעגן אונז האָט זיך געוואָרפן דאָס ביז־די־ציין־באַוואָפנטע, פון נצחונות־פאַרשיכּורטע, דײַטשע מיליטער, האָב איך נישט אין די מאָמענטן פון געפאַר זיך אויפגעפירט ווי אַ בעל־פּחדן.

אָבער מען זאָגט מיר, אַז דאָס מיינט מען נישט מיך פּערזענלעך. מען מיינט גלות־ייִדן בכלל. דאָס הייסט: מײַנע זיידעס; עלטער־זיידעס, צי גאָר עלטער־עלטער־זיידעס, וועלכע האָבן דור נאָך דור געלעבט אין גלות, און פון דור צו דור איבערגעגעבן די גײַסטיקע אייגנשאַפטן און פּסיכישע שטריכן, וואָס זענען אייגנטימלעך פאַר גלות־ייִדן. די לעצטע קאַמפן, פון וועלכע עס האָט אַרויסגעשטראַלט בײַ ייִדן מוט — זאָגט מען מיר — האָבן זיך געפירט, מיט אַן ערך נײַנצן הונדערט יאָר צוריק. דאָס איז געווען אין ארץ־ישׂראל, און דאָס זענען געווען די שלאַכטן פאַר אויפהאַלטן די פּאָליטישע זעלבשטענדיקייט. זינט דעמאָלט איז אַרײַנגעקומען אַ בלויז אין דער ייִדישער געשיכטע, און אין ייִדישן כאַראַקטער איז פאַרגעקומען

אַ ראַדיקאַלע ענדערונג. מען האָט מער נישט געקעמפּט. מען האָט זיך מער נישט פאַרטיידיקט. ערשט אין הײַנטיקן יאָרהונדערט, אין דעם פאַרמעסט אויפצולעבן די ייִדישע אומאָפּהענגיקייט אין היסטאָרישן ייִדישן לאַנד, האָט פונדאַסנײַ אויפגעבליצט דער מוט פון אַמאָל . . .

איך בין זיך מודה, אַז שוין דאָס עצם־אוועקשטעלן דעם קאָמפּליצירטן פּראָבלעם פון ווידערשטאַנד און ווירדע אויף אַזאַ איבערפלעכלעכן שטייגער, פאַרשאַפט מיר שטאַרקן פאַרדראָס. מיך ערגערט, פאַרוואָס מען פאַרמאַכט די אויגן אויף דער גבורה, וואָס שײַנט אַרויס פון די קידוש־השם־אַקטן, מיט וועלכע די גלות־געשיכטע איז דאָך פול. מיך פאַרדריסט, פאַרוואָס עס ווערט באַצייכנט ווי הערצאָיש די אויפפירונג פון די, וואָס האָבן אין לעצטן פּעריאָד פון דער ייִדישער זעלבשטענדיקייט, אין מצדה, באַטראַכט ווערטלאָז אַ לעבן, אין וועלכן מען קען נישט אַנגיין מיט די אייגענע אויסגעוואָרעמטע אידייען און אידעאַלן. דאַקעגן ווערט דער אָרעאָל פון הערצאָיזם אַוועקגענומען בײַ די, וואָס האָבן אין גלות, געפינענדיק זיך אין ענלעכע סיטואַציעס, געענוי אַזוי געדענקט און געענוי אַזוי זיך אויפגעפירט. צי איז דען, פרעג איך, פאַראַן אַ וועזנטלעכער אונטערשייד צווישן דער מסירת־נפש, געוואַגטקייט און הויכן ייִדישן אידעאַליזם פון די און פון יענע?

אָבער איך בין גובר מײַן פאַרדרוס, און וויל דאָך, מיט געשיכטלעכער גענויקייט באַרירן דאָס פּראָבלעם, פאַר וועלכן איך ווער אַוועקגעשטעלט: צי איז טאַקע די גלות־דערפאַרונג אויסגעלײדיקט לגמרי פון פיזישן אָפּווער און פון יעדער אָנ־שטרענגונג צו זעלבשוץ? צי איז אמת, אַז איך, מײַנע זיידעס — מיר אַלע, גלות־ייִדן — זענען פּחדנים, אַרומגענומענע פון מורא און שרעק? . . .

אַוודאי זענען אין די כראָניק־פאַרצייכענונגען פון דער גלות־דערפאַרונג, אויפן ערשטן פּלאַץ, אונטערגעשטראָכן די לײַדן, וואָס אונזער פאָלק האָט אַדורכגעמאַכט; די רדיפות און פאַרפאָלגונגען, וואָס ייִדן זענען אויסגעשטאַנען. עס ווערט אויך אַרויסגעבראַנגט דער אומשטאַנד, אַז ייִדן זענען אין די לענדער, וואו זיי זענען פאַרפאָלגט געוואָרן, געווען אַ מינדערהייט, און דער צעשטורעמטער ים פון רשעות האָט געפלייצט קעגן זיי. דערצו האָבן זיי מערסטנטייל נישט געהאָט קיין געווער, מיט וואָס אָפּצושטויסן די אָנגריפן. דאָס פאַרשאַפן זיך געווער איז געווען אומגעוויינלעך שווער, און אין דער מערהייט פאַלן, אינגאַנצן אוממעגלעך. אָבער פאָרט האָבן נישט געקענט אַדורכגעלאָזט ווערן די פּרטים, אַז אויך, אין אַזעלכע אומגינסטיקע אומשטענדן, האָט אַרויסגעפינקלט, ווי אַ וואונדער, צוזאַמען מיט דער כאַראַקטער־שטאַרקייט און גײַסטיקער אַנטשלאָסנקייט, טאַקע בפירוש די גרייטקייט צו פיזישן פאַרמעסט, הגם מען האָט גאַנץ גוט געוואוסט, ווי אוממעגלעך ס'איז דער פאַרמעסט.

לאָמיר דערמאָנען די ערשטע שווערע קאַטאַסטראָפע, וואָס איז אַראָפּגעפאַלן

אויף ייִדן אין דער קריסטלעכער אייראָפּע: די קרייַצצוגן. בײַם סוף פון עלפטן יאָרהונדערט זענען ייִדישע לעבנס אין אַ סך שטעט און שטעטלעך אין דײַטשלאַנד, פראַנקרײַך, בעמען־באָהעמיע (טשעכיע), געשטעלט געוואָרן אין געפאַר. דאָס הייסט: אין אונטערשייד צו די נאַצי־גזירות פון הײַנטיקן יאָרהונדערט האָבן ייִדן דעמאָלט געהאַט די מעגלעכקייט זיך צו ראַטעווען פאַרן פרײַז פון אָפּוואַרפן דעם ייִדישן גלויבן און פאַלן אין די אָרעמס פון דער קירך. דעמאָלט האָט מען נאָך נישט געוואוסט פון דער ראַסן־טעאָריע. ווירטשאַפטלעכע אַרגומענטן און לוסט צו רויב זענען אין יענער צײַט צביעותדיק פאַרשלייערט געוואָרן מיט פאַנאַטיש־רעליגיעזע אויסריידן. אויב ייִדן האָבן אויפגעהערט צו זײַן ייִדן, איז זיי די קריסטלעכע געזעלשאַפט געווען גרייט אָרײַנצונעמען. אָבער ייִדן האָבן בשום־אופן ניט מסכּים געווען אויסצוקלײַבן די ברירה, וואָס איז זיי געגעבן געוואָרן. זיי האָבן זיך אַנטשלאָסן אויף מוטיקע טאָטן, פאַר וועלכע עס פעלט אויס אַ באַצייכענונג אין די אַנגענומענע ווערטער־ביכער. זיי — קליינע, צעשאָטענע גרופּעס — האָבן באַשטימט צו פאַרטיידיקן זיך קעגן די צעווילדעוועטע המונים, וואָס זענען באַפאַלן זיי און זייערע פרויען און קינדער, מיט צעיושעטער רציחה.

אַזוי דערציילט אָן עדות פון די אויפציטערנדיקע פּאַסירונגען, ר׳ שלמה בן שמשון. ער האָט איבערגעלאָזט אַ געננג בפרטותדיקע כראָניק פון יענער תקופה פון שוידער און גרויל: ״ווען ייִדן האָבן דערזען די גרויסע חיילות פון די שונאים, זייערע פּילצאָליקע אַרמייען, האָבן זיי אָנגעטאָן אויף זיך פּאַנצערס, און זיך אָנגעגורט מיט זייערע שווערדן, פון גרויס ביז קליין... אַזוי ווי די שטראָמען פון אַ טײַך זענען אָנגעקומען גאַנצע מחנות פון די פּײַנט; מײַנץ איז ממש פאַרפלייצט געוואָרן פון זיי... די ייִדן, מיט געוועער אין די הענט, האָבן זיך אַלע אויסגעשטעלט אין בישאָפס אינערלעכן הויף, בײַם טויער, צו באַקעמפן די קרייץ־ריטער, און די שטאָט־לײַט וואָס האָבן זיך פאַראייניקט מיט זיי... אַ מלחמה איז אָנגעגאַנגען פון איינע קעגן די אַנדערע... אין דער מדינה בעמען אין דער שטאָט סאַלאַ, האָבן פינף הונדערט ייִדישע יוגנטלעכע אויסגעצויגן זייערע שווערדן קעגן די קרייץ־ריטער, וועלכע זענען זיי באַפאַלן, און אַ סך פון די שונאים זענען אומגעקומען״...

דאָס זענען פאַרצייכענונגען, וואָס באַציִען זיך צום ערשטן קרייץ־צוג. ווי מיר ווייסן, האָט די העלדישקייט פון די ייִדישע קעמפער נישט געקענט ענדערן דעם אויסגאַנג פון די שלאַכטן. דער ערשטער קרייץ־צוג האָט געעפנט דאָס בלאַט פון ייִדישער מאַרטירערשאַפט אין אייראָפּע, אָבער נישט צוליב דעם איז ביי ייִדן אָפּגעשוואַכט געוואָרן דער ווילן צו ווידערשטאַנד. עטלעכע יאָרצענדליקער שפּעטער האָבן די קריסטלעכע אייראָפּעאישע פעלקער אָרגאַניזירט דעם צווייטן קרייצצוג. וועגן דער ייִדישער האַלטונג אין דאָזיקן טראַגישן פאַרמעסט דערוויסן מיר זיך פון דער כראָניק, וואָס ר׳ אפרים, דער רב פון באָן האָט אָנגעשריבן. מען האָט אים גערופן ר׳ אפרים מבאָנאַ, און ער האָט געלעבט אין יענער גורל־צײַט: ״איינער

אַ ייִד פון וואָרמס, אַ טײַערער העלדישער מענטש, ר׳ שמואל בן יצחק, האָט געפונען זײַן טויט אויפן וועג צווישן מײַנץ און וואָרמס. די מערדער זענען אים באַפאַלן און דערהרגעט. אָבער איידער די נשמה איז בײַ אים אויסגעגאַנגען, האָט ער פאַרוואונדעט דרײַ פון זיי... אין קאַרענטאַן, פראַנקרײַך, זענען די שונאים אָנגעקומען אומגעריכט, ווען אַלע ייִדן האָבן זיך געפונען אין איין הויף. זענען דאָרט, צווישן די ייִדן, געווען צוויי העלדישע ברידער, וואָס האָבן מוטיק געקעמפט פאַר זיך, און פאַר די אַנדערע, וואָס זענען מיטגעצויגן געוואָרן מיט זיי; און זיי האָבן פאַרוואונדעט און דערהרגעט אַ גרויסע צאָל פון די שונאים״...

וואָס עס האָט פּאַסירט אין דריטן קרייץ־צוג, שילדערט גראַד אַ כראָניק, וואָס איז געשריבן געוואָרן דורך אַ קריסט, ווילהעלם פון ניו־בערי אין ענגלאַנד. דאָס מאָל האָט דער כוס פון ביטערניש זיך אויסגעגאָסן אויף די ענגלישע ייִדן. דער מחבר פון דער כראָניק איז ווײַט נישט באַהערשט פון ליבשאַפט־געפילן צו דער ייִדישער באַפעלקערונג. דאָך קען ער זיך ביט אָפּהאַלטן פון דערציילן, אַז די אָנגרײַפער האָבן געמוזט זיך באַנוצן מיט פאַר יענער צײַט מאָדערנע און ראַפינירטע אינסטרומענטן כדי אַרײַנצודרינגען אין דער פעסטונג פון יאָרק, וואָס די באַלאַגערטע ייִדן האָבן פאַרטיידיקט מיט אומגעוויינלעכער מסירת־נפש. ״דאָס איז אַן אויפפירונג, וואָס שטײַגט אַריבער אונזער שׂכל — גיט צו דער כראָ־ניקער — בלויז דער, וואָס האָט געלייענט דאָס געשיכטע־בוך פון יאָסעפוס פלאַוויוס וועגן די ייִדישע מלחמות פאַרצײַטנס, קען אײַנזען, אַז אין ענלעכע פּאַסירונגען, וועקט זיך אויף דער זעלבער ייִדישער גײַסט״...

מיטן אָפּשלוס פון קרייצצוגן האָט זיך די לאַגע נישט פאַרבעסערט. איצט האָט אַ מבול פון בלבולים, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין גרענעץ צו זייער בייזוויליקייט און שענדלעכקייט, זיך אַראָפּגעשאָטן אויף ייִדישע ישובים. ייִדן זענען באַשולדיקט געוואָרן, אַז צוליב זיי פאַרשפרייט זיך ״די שוואַרצע פעסט״, די עפּידעמיע, צו וועלכער עס האָט גאָרנישט געגומען קיין עק אין אייראָפּע. אין זײַן כראָניק, וואָס גיט איבער איינצלהייטן פון יענעם טראַגישן פּעריאָד, דערציילט דער מחבר, ר׳ יוסף הכהן, אַז נישט באַקומענדיק קיין הילף פון די אויטאָריטעטן, האָבן ייִדן אַליין זיך פאַרטיידיקט קעגן פאַרלענד. אין פּראָוואַנס, אין דרום־פראַנקרײַך, אין דער שטאָט מאַנסאָן, האָבן זיי אויפגעשטעלט אַן אייגענע וואַך אין די גאַסן, אין די הויפן, אין די שלעסער, און אין די שווערע שעהן פאַרטיידיקט זיך און זייערע פאַמיליעס, און אַזוי האָבן זיי געטאָן אויך אין אַנדערע שטעט...

אין אַ מיטלאַלטערלעכן דאָקומענט, וואָס איז פאַרבליבן אין עסטרײַך — ״גזירה ממדינת עסטרײַך״ — ווערט אין דער שילדערונג פון צער און צאָרן איבערגעגעבן, אַז אין פופצנטן יאָרהונדערט האָט דער עסטרײַכישער פירשט אַלבערט דער פינפטער באַשולדיקט ייִדן אין זײַנע פאַרשפילטע מלחמות. ער האָט פאַרשפאַרט ייִדישע קינדער אין דער שול מיט דער געמיינער כוונה זיי צו פאַרקויפן

פּאָר שקלאַפֿן. האָבן די קינדער פֿעסט פֿאַרהאַקט די טירן פֿון דער שול, און נישט אַרײַנגעלאָזט די שקלאַפֿן־הענדלער, וועלכע זענען געקומען זיי אָוועקצופֿירן. ווען די טירן זענען אויפֿגעבראָכן געוואָרן, האָבן די קינדער זיך געוואָרפֿן אויף זיי, און אַ טייל פֿאַרוואונדעט . . .

מיטן אויפֿשטעלן די געטאָס פֿאַר ייִדן אין איטאַליע, זענען געוואָרן מיטגלידער פֿון די קהילות, וואָס האָבן אָפּגעהיטן, אַז פֿינסטערע פֿאַרשווינען זאָלן נישט אַרײַנדרינגען אין די געטאָ־מויערן פֿון דרויסן. נישט איינמאָל האָט די ייִדישע וואַך, לויט ייִדישע און נישט־ייִדישע כראָניק־שרײַבער, אָפּגעראַטעוועט די געטאָ־אײַנוואוינער פֿון אָנגריפֿן. פֿאַרשטייט זיך — שטרײַכט אונטער דער פּנקס פֿון ווערעאָנאַ — אַז די וואַך האָט געטראָגן כּלערליי מיגים געווער.

גאָר ליכטיקע קאַפּיטלען פֿון דער ייִדישער אַנטשלאָסנקייט זיך צו פֿאַרטיידיקן שײַנען צו אונדז אַרויס פֿון דער תּקופֿה פֿון די קאָזאַקן־אויפֿשטאַנדן אין פּוילן און אוקראַיִנע אין זיבעצנטן יאָרהונדערט, וואָס האָבן זיך אײַנגעקריצט אין אונדזער נאַציאָנאַלן זכּרון ווי די גזירות ת״ח. אַ כראָניק איז פֿאַרבליבן פֿון יענער גרויליקער צײַט; איינע פֿון די געניויסטע צווישן אונדזערע פֿאַרצייכנונגען־ספֿרים. איר מחבר איז געווען נתן נטע האַנאָווער. וואָסער בילד פֿון העראָאיזם ווערט דאָרט אויסגעמאָלט, וואָסערע אַקטן פֿון געוואַגטן פֿאָלקס־ווידערשטאַנד!

אין נעמיראָוו האָבן זיך ייִדן באַפֿעסטיקט אין זייער גרייטקייט צו מלחמה קעגן די קאָזאַקן־באַנדעס; אין טולטשין האָבן צוויי טויזנט ייִדן זיך פֿאַרשאַפֿט פֿאַרשידענע סאָרטן געווער; אין בראַד, אין קאַמעניעץ־פּאָדאָלסק, בוטשאַטש, קאָמאַרנע, בעלז, פּאָלאָנאַי, זאַסלאַוו, האָבן ייִדן זיך אויפֿגעפֿירט ווי "גיבורי־חיל", לויט דעם אויסדרוק פֿון כראָניק־שרײַבער — העלדישע קעמפֿער; אויב נישט אומעטום האָט געקאָנט קומען צו דעם פֿאַרמעסט, צו וועלכן ייִדן אין פּאָדאָליע און וואָלין האָבן זיך געגרייט, איז דאָס געווען ווײַל די פּריצים האָבן פֿאַרראַטן, די שטאָט־אײַנוואוינער האָבן פֿאַרראַטן. זיי, וואָס האָבן באַדאַרפֿט זײַן די ייִדישע פֿאַרבינדעטע, האָבן זיך אַריבערגעוואָרפֿן אויף דער זײַט פֿון די שונאים, און ייִדן זענען געוואָרן אַרומגערינגלט פֿון אַלע זײַטן.

דאָס איז, אַגבֿ, נישט געווען דער איינציקער פּעריאָד, ווען פּוילישע ייִדן האָבן זיך געפֿונען אין קאַמף. זינט דעם באַגינען פֿון ייִדישן ישובֿ אין פּוילן, זענען דאָרט אַ סך שולן געבויט געוואָרן ווי פֿעסטונגען. אין די גאַלעריעס פֿון די שולן האָבן זיך געפֿונען לעכער, כּדי מען זאָל קענען פֿון דאָרט שיסן בעת אַן אָנפֿאַל. אין לעמבערג, ווען אַ בלוט־בלבול איז אויסגעבראָכן אין זיבעצנטן יאָרהונדערט, און אַ דעמאַגאָגישע העצע האָט זיך צעבושעוועט, האָבן ייִדן זיך באַוואָפֿנט מיט שפּיזן, האַמערס, העק, שווערדן, און פּולווער. ממש אַ "ייִדישע מלחמה". מען קען וועגן די אָפּוועער־געראַנגלען לייענען בײַ די היסטאָריקער פֿון פּוילישן ייִדנטום, בײַ

מאיר באַלאַבאַן, ע. נ. פרענק, נחום־משה געלבער, יצחק שיפּער. פון אַ פּנקס פון דער קהילה אין פּויזן דערגייען אייגצלהייטן וועגן אַ שלאַכט, וואָס האָט זיך געצויגן דרײַ טעג צווישן דאָרטיקע ייִדן און די שילער פון די יעזואיטישע שולעס, וואָס האָבן זיך געוואָלט "לוסטיק מאַכן" איבער דער קהילה, און מאָרדן און רויבן...

דער גולם, וואָס דער מהר"ל פון פּראָג האָט אים באַשאַפן כּדי צו באַשיצן ייִדן, מעג זײַן אַ לעגענדאַרע געשטאַלט. אָבער אויך לעגענדעס זענען געבויט אויף שטיקער לעבן. און אין פּראָג האָט געאָטעמט די טראַדיציע פון דרייסטן ווידער־שטאַנד, סײַ פאַר דעם מהר"ל, סײַ נאָך אים. אין זײַן כראָניק דערציילט בצלאל בן משה, אין אַכצנטן יאָרהונדערט, אַז ווען אַ המון האָט זיך געלאָזט צו אַ "רויב־אַקציע" אויף דער ייִדן־גאַס, זענען ייִדן אַרויס קעגן זיי מיט שפּיזן און שטעקנס...

אין אומאַן, די שטאָט פון ר׳ נחמן בראַצלאַווער, האָט אין דער צײַט פון קאָזאַקן־פירער גאָנטאַ זיך אויסגעדוכט די הוליענדיקע באַנדעס, אַז ייִדיש בלוט איז הפקר. אָבער ייִדן האָבן זיי אַרויסגעפירט פון טעות. מיט געווער אין האַנט האָבן זיי זיך געשלאָגן קעגן זיי. לייבוש פון שאַראַגראַד האָט מיט זײַן שווערד דערהרגעט צוואַנציק פון די אָנפאַלער. אַנדערע זענען נישט פאַרבליבן הינטער־שטעליק. אַ ריירנדיקע כראָניק, "מעשׂה גדולה מן אומאַן ומן אוקראַינע", דערציילט דאָס מיט אַלע פּרטים.

וואָס שייך די אַקטן פון ייִדישער זעלבסטפאַרטיידיקונג אין פאַרגאַנגענעם יאָר־הונדערט, בעת די פּאָגראָמען אין די אַכציקער יאָרן אין צאַרישן רוסלאַנד, זענען זיי פאַראַן אין אַזאַ שטוינענדיקער צאָל, אַז מען וואָלט מעגלעך באַדאַרפט אינגאַנצן איבערשרײַבן די דערפאַרונגען פון יענער תּקופֿה. מען ווייסט, אַז דעמאָלט, אין די אַכציקער יאָרן, זענען ייִדן באַהערשט געוואָרן פון פיבער אויסצוואַנדערן, אַז דאַן האָט זיך אַנטוויקלט דער עמיגראַציע־שטראָם קיין צפון־אַמעריקע, קיין דרום־אַמעריקע, קיין ארץ־ישׂראל. אָבער דאָס איז דאָך נישט אַלץ. אויב מען בלעטערט אין דער ייִדישער פּרעסע, וואָס איז דעמאָלט דערשינען, באַקומט מען אַ מער גענויען באַגריף פון די געשעענישן, בעיקר ווען מען בלעטערט דעם "המליץ", וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אין רוסלאַנד, און די צײַטשריפטן, וואָס ייִדן האָבן אַרויסגעגעבן אין ענגלאַנד און דײַטשלאַנד.

מען דערוויסט זיך, אַז אין יעליסאַוועטגראַד האָבן ייִדן געשאָסן אויף די אָנגרײַפער. אין אַן אָפיציעלן רעגירונג־באַריכט איז געמאָלדן געוואָרן, אַז ווען עס האָבן זיי אויסגעפעלט קוילן, האָבן זיי זיך באַנוצט מיט העק; אַז אין קישינעוו זענען ייִדן אַרויסגעגאַנגען מיט האַמערס און מעסערס און העק אויפן מאַרק, אַנט־קעגנצושטעלן זיך דעם צעווילדעוועטן המון, און צעבדליקער פון די אָנגרײַפער זענען געפאַלן; אַז אין קיִעוו האָבן ייִדישע זעלנער פון דער רוסישער אַרמיי, נישט קוקנדיק אויפן פאַרווער צו אינטערווענירן אין די עקסצעסן, געשלאָגן די

כוליגאַנעס מיט זייערע ביקסן; אַז אין בערדיטשעוו האָבן ייִדן אָרגאַניזירט אַ וואַך, און זיך אָוועקגעשטעלט נעבן די טויערן פון די הײַזער, וואָס זענען געווען באַוואוינט פון ייִדישע פאַמיליעס; אַז אין אָדעס האָט די ייִדישע זעלבשוץ פאַרטיילט די שטאָט אין געגנטן, וואָס זענען געהיטן געוואָרן דורך די מיטגלידער פון דער זעלבשוץ, און מענער האָבן זיך פאַרזאָרגט מיט רעוואָלווערן, און פרויען מיט וויטריאָל אַרויפצוגיסן אויף די קעפּ פון די פּאָגראָמשטשיקעס; אַז אין וואַרשע האָבן ייִדן, נאָכדעם ווי די מאַכט האָט בײַ זיי קאָנפיסקירט דאָס געווער, זיך פאַרשאַפט און פאַרשאַרפט מעסערס מיט זיי צו באַגעגענען די שׂונאים.

דער היסטאָריקער שאול פּנחס ראַבינאָוויטש (שפ״ר), וועלכער האָט דעמאָלט געוואוינט אין וואַרשע, דערציילט אין ״המליץ״, אַז אויפן גזשיבאָוו־פּלאַץ איז אָנגעגאַנגען אַ ביטערע שלאַכט צווישן די ייִדן און די רוצחים, און אַז ייִדן האָבן זיך פאַרטיידיקט מיט אײַזערנע שטאַבעס. דער שרײַבער יעקב מהרש״ק איז פול מיט באַוואונדערונג פאַר די ייִדן, וואָס האָבן געפירט אַן אָפּוועהר־קאַמף אין ייִדישן צענטער פון וואַרשע, די נאַלעווקעס־גאַס. נחום סאָקאָלאָוו פאַרצייכנט אין זײַנע זכרונות, אַז וואַרשעווער ייִדן האָבן לגבי די כוליגאַנעס אָנגעוואַנדן די זעלבע טאַקטיק וואָס די רוסן האָבן אַמאָל אָנגעוואַנדן לגבי נאַפּאָלעאָנען, פאַרציִענדיק אים טיף קיין רוסלאַנד, כּדי אים דאָרט צו דערלאַנגען אַ מפּלה; ייִדן האָבן פאַרשלעפּט די פּאָגראָמשטשיקעס צו דעם קרייצוועג פון דער ייִדישער געגנט — דער גאַסן־עק פון נאַלעווקעס־פראַנציסקאַנער, און גענשע — וואו די זעלבשוץ איז געווען פעאיק זיי צו געבן אַ מוראדיקן קלאַפּ. אַן אַנדערע זאַך איז, אַז די ייִדן, וואָס האָבן אויסגעפירט די פאַרטיידיקונג־אַקציע, זענען דערנאָך אַרעסטירט געוואָרן, און באַקומען שטרענגע אורטיילן פאַר זייער געוואַגטקייט. אברהם ליעסין שילדערט אין זײַנע זכרונות, וועלכע זענען דערשינען אין די ״היסטאָרישע שריפטן פון ייִוואָ״, וואָס עס האָט זיך געטאָן אין זײַן שטאָט, אין מינסק, אין יענעם פּעריאָד פון מהומה און אויפרודערונג: קצבים און בעלי־עגלות האָבן זיך געגרייט; חדר־ייִנגלעך האָבן אַרײַנגעשטעקט לאַנגע מעסערס אין זייערע שטיוול; זײַן יוגנט־חבר אברהמלע קאַפּלאַן האָט מיט בליציקער גיכקייט אָרגאַניזירט אַ זעלבשוץ, וואָס האָט צעשלאָגן די, וועלכע זענען אָנגעפאַלן אויף ייִדן . . .

אויף אַ קאָנפערענץ פון ייִדישע עסקנים אין צאַרישן רוסלאַנד, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין פּעטערבורג, האָט טאַקע באַראָן גינזבורג דערקלערט, אַז דאָרט וואו מען האָט געלאָזט ייִדן זיך פאַרטיידיקן, און די מאַכט האָט זיך נישט ״אַרײַנגעמישט״, זענען נישט פאָרגעקומען קיין פּאָגראָמען. לײדער, האָט זיך די מאַכט יאָ, ווי מיר ווייסן, אַרײַנגעמישט, און אָפט געהאָלפן די רוצחים . . .

פאַרטיפנדיק זיך אין די מאַטעריאַלן, וואָס באַציִען זיך צו יענער תּקופה פון פּײַן און שטורעם, טרעפט מען זיך אָן אויף אַ דערשיטערנדיקן — צום באַדויערן — פאַרגעסענעם אַרטיקל פון דוד פרישמאַן אין העברעאישן זשורנאַל ״השבוע״.

דער נאָמען פון אַרטיקל איז: "מיט אײַער שטעקן אין האַנט" (מקלכם בידכם). אַט אַזוי, מיט שטעקן אין האַנט, זענען ייִדן, לויט דעם חומש, באַפוילן געוואָרן אין ווײַטן פאַרצײַטנס, אַרויסצוגיין פון מצרים. דער באַפעל איז פאַרבליבן גילטיק אין די פאַרשידענע אומשטענדן. אויב ייִדן קענען זיך ניט פאַרשאַפן קיין געווער, "טאָ זאָלן מיר מיט שטעקנס זיך באַשיצן, אָבער שלאָגן, אָפּשטויסן, זיך פאַרטיידיקן!"...

און דאָס, וואָס מיר האָבן אָנגעגעבן פון דעם, וואָס איז זיך פאַרלאָפן בײַם סוף פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, איז דאָך נאָר אַ קלײנער פראַגמענט פון אַן אויפרײַסנדיקער, מיטרײַסנדיקער פאָלקס־דראַמע. אין ווילנע, למשל — גיבן איבער די כראָניקער — אַז יעדעס ייִדיש הויז איז געווען אַ פעסטונג, יעדער שמיד און סטאָליער איז געוואָרן אַ מיליטערישער אינזשיניער, און יעדער ייִדישער אײַנוואוינער — אַ זעלבשוץ־מיטגליד. און דאָס זעלבע לאָזט זיך זאָגן וועגן אַזויפיל אַנדערע ייִדישע שטעט און שטעטלעך.

ערשט אונזער אייגענע תקופה: די ייִדישע זעלבסט־פאַרטיידיקונג־גרופּעס אין די יאָרן צווישן די צוויי וועלט־מלחמות, דער אַקטיווער אָפּווער פון ייִדישער זעלבשוץ בעת די פּאָגראָמען אין פּוילן; אין זכרון שווימען אַרויף דער מוט און די מסירת־נפש פון די ייִדן אין פּשיטיק, אין בריסק, אין מינסק־מאַזאָוויעצק, אין ביאַליסטאָק, אין אַנדערע ישובים, אין די אומהיימלעכע טעג פון פּאָגראָמען!

צאַפּלדיק־פריש באַוועגט זיך נאָך אין אונזער געדאַנק דער ייִדישער ווידערשטאַנד אונטער דער נאַצי־אָקופּאַציע. עס לעבן נאָך אַ סך פון די, וואָס האָבן אַליין זיך באַטייליקט אין די אויפשטאַנדן אין די געטאָס, אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן; עס לעבן נאָך מיטגלידער פון די פּאַרטיזאַנען־גרופּעס אין די וועלדער; כּלערליי אויסדרוקן פון גבורה און העראָאיזם האָט אָנגענומען די ייִדישע האַלטונג אין שרעקלעכן גהינום, וואָס אונזער פאָלק האָט אַדורכגעמאַכט.

ניין. וויפיל מען זאָל מיר נישט דאָס וועלן אַרײַנשלאָגן אין קאָפּ, האַלט איך נישט, און פיל נישט, אַז איך, דער גלות־ייִד, בין אַ בעל־פּחדן. איך האַלט אויך נישט, אַז מײַנע זיידעס און עלטער־זיידעס, גלות־ייִדן דור נאָך דור, זענען געווען פּחדנים. איך האַלט אָבער, אַז אַ גרויסע חוצפּה און אַ מוראדיקער אַנטי־היסטאָרישער צוגאַנג זענען נויטיק כּדי מיט כּוח, און קעגן דעם אמת, מיך צו באַצייכענען פאַר אַזוינעם.

# די לעגענדע וועגן אַן אַנדער דײַטשלאַנד

אַ לעגענדע וואַקסט אויס אין אונזערע טעג. די לעגענדע, אַז עס האָט עקזיסטירט אַן אַנדער דײַטשלאַנד, אַ דײַטשלאַנד, וואָס איז געווען גוט און פרום, וואָס האָט נישט פאַרטראָגן די טיראַניי פון די נאַציס, און האָט זיי אַפילו געשטעלט אַ ווידערשטאַנד.

איך האָב זיך אויף דער לעגענדע אָנגעטראָפן אויף דער קאָנפערענץ איבער דער דײַטשער געשיכטע פון דער נײַער צײַט, וואָס איז צונויפגערופן געוואָרן אין ירושלים דורך דער איניציאַטיוו פון דער העברעאישער אוניווערסיטעט, פון פאַקולטעט פאַר געשיכטע, און אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט דײַטשע היסטאָריקער, מער באַרימטע און ווייניקער באַרימטע, פון פאַרשידענע פאָרשונג־צענטרען אין דײַטשלאַנד.

די צענטראַלע פראַגע, מיט וועלכער מען האָט זיך באַשעפטיקט אין די סעסיעס, וואָס האָבן אָנגעהאַלטן אייניקע טעג, איז געווען דאָס פראָבלעם, וואָס הערט אייגנטלעך נישט אויף צו עקבערן אונז אַלעמען: ווי אַזוי איז מעגלעך געווען, אַז אין דײַטשלאַנד, אין ״לאַנד פון פילאָסאָפן און דיכטער״, ווי דײַטשלאַנד פלעגט באַצייכנט ווערן, האָט אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט זיך אײַנגעשטעלט דער רעזשים פון ווילדקייט און מאָרד? דער ענטפער, וואָס ווערט געוויינלעך געגעבן, און וואָס פרובירט דערקלערן, אַז דער נאַצי־רעזשים איז אַנטשטאַנען אין די פאַרהעלטנישן, וועלכע האָבן זיך געשאַפן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, וואָס דײַטשלאַנד האָט פאַרשפּילט; אין די פאַרהעלטנישן פון דער הערשנדיקער אַר־בעטסלאָזיקייט, אינפלאַציע, פאַרלוירנקייט פון ווערטן; באַפרידיקט נישט אונז, און האָט אויך נישט באַפרידיקט די פאַרזאַמלטע היסטאָריקער. אויך אַנדערע מדינות האָבן אין פריִערדיקע פעריאָדן אָדער אין דער זעלבער צײַט פאַרשפּילט מלחמות און אַדורכגעמאַכט פראָצעסן פון ווירטשאַפטלעכן קריזיס און סאָציאַלן פונאַנדערפאַל; און פאָרט האָבן זיי זיך אין אַזאַ אָפגרונט נישט אַראָפגעקײַקלט. דאָס, וואָס איז אָפּגעטאָן געוואָרן דורך די דײַטשן קעגן דעם ייִדישן פאָלק, האָט דאָך נישט קיין פאַרגלײַך. אין דער נאַצי הויפטשטאָט, אין בערלין, איז געפאַלן דער

"פייערלעכער" נאַציאָנאַלער באַשלוס אויסצוראָטן אַלע ייִדן, וואו זיי זאָלן זיך נישט געפינען, און צו וועלכער נאַציאָנאַליטעט אָדער גרופּע זיי זאָלן נישט געהערן. נישט בלויז די קריגספעיקע מענער, נאָר אויך זקנים, פרויען און קינדער. און דערצו נאָך ביזן דריטן דור; "דאָס אינטערנאַציאָנאַלע ייִדנטום".

אַפילו דער ענטפער, וואָס ווערט געגעבן, אַז דאָס איז דעם אבי׳ אבות הטומאה, דעם נאַצי־פירער, מיט זיין טייוואָלנישער דעמאַגאָגיע, געלונגען צוצופּלאָקערן דאָס ווילדע פייער, אָנצינדן די האָס־אינסטינקטן פון המון, און אויך אויפוועקן דעם בעסטיע־עלעמענט, וואָס דרימלט אין דער אַזוי־גערופענער אינטעליגענץ, פּאַלט נישט צו צו אונזער איבערציינגונג, און איז אויך נישט צוגעפּאַלן צו דער איבער־צייגונג פון די געלערנטע, וועלכע זענען זיך צונויפגעקומען אויף דער קאָנפערענץ קיין ירושלים. די היסטאָריקער פון עלטערן דור, וועלכע האָבן פּערזענלעך געקענט דעם נאַצי־פירער, האָבן איבערגעגעבן, אַז קומענדיק מיט אים אין קאָנטאַקט, האָט מען גלייך באַמערקט, אַז מען האָט צו טאָן מיט אַ פינסטערן טיפּ, אַ פּסיכאָפּאַט, נישט נאָרמאַל, געשטויסן צו טאָט דורך טונקעלע קאָמפּלעקסן. קאָנראַד היידן און הערמאַן ראַאושנינג, וועלכע האָבן געשריבן זיינע ביאָגראַפיעס נאָך אין די דרייסיקער יאָרן, האָבן אַבסאָלוט נישט איבערגעטריבן, ווען זיי האָבן אים כאַראַקטע־ריזירט, ווי אַ "מענטשלעכן און פּאָליטישן אַבסורד". שוין זיין פיזישער אויסזען האָט עדות געזאָגט אויף זיין גייסטיקער צוריקגעשטאַנענקייט. נישט בלויז זיינע קעגנער האָבן געהאַט אַזאַ מיינונג וועגן אים. אויפן קאָנגרעס האָט מען דערציילט, אַז אַפילו אַ סך פון זיינע אָנהענגער האָבן נישט אַנדערש געטראַכט. מען איז צוגעשטאַנען צו אים און זיין באַוועגונג, און מען האָט פאַרייניקט מיט אים דעם אייגענעם גורל, ווייל מען האָט אַזוי־אַרום גערעכנט צו באַפרידיקן די אייגענע קרענקלעכע אַמביציעס, אָבער נישט, ווייל מען האָט באמת אָנערקענט, מישטיינס געזאָגט, אים און זיין "וויזיע".

האָבן זיך אויף דער קאָנפערענץ אין ירושלים, בכדי צו געפינען באַשייד צו דער מוראדיק שווערער און פּיינלעכער פראַגע אַרויסגעשיילט צוויי ריכטונגען, צוויי שולעס פון געדאַנק.

די טעזע, וואָס איז אַרויסגערוקט געוואָרן דורך איין גרופּע פּראָפעסאָרן, לאָזט זיך אויסדריקן אין זאַץ: דאָס, וואָס האָט זיך אָפּגעטאָן אין דייטשלאַנד, באַציט זיך נישט אויסשליסלעך צו דייטשלאַנד, און נישט דווקא צום דייטשן פאָלק.

דאָס הייסט: נישט בלויז די דייטשע געשיכטע פון דער ערשטער העלפט פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, נאָר די מענטשלעכע געשיכטע, אין אַלע אירע עפּאָכעס, איז באַפלעקט מיט בלוט, אָן אונטערשייד, צי איר אַרענע איז דער אייראָפּעאישער קאָנטינענט אָדער אַן אַנדערער קאָנטינענט. מיטן וועג פון בלוט און מאָרד האָט מאַרשירט דער מענטש אין דער פאַרגאַנגענהייט, און מיטן זעלבן וועג מאַרשירט

ער אין דער נײַער צײַט: דער וועג פון געוואַלט און פאַרניכטונג. לויט דעם תּנ״ך האָט זיך דאָס אָנגעהויבן מיט קין, וועלכער האָט דערמאָרדעט זײַן אייגענעם ברודער. אין דער מיטאָלאָגיע פון אַנדערע פעלקער און שבטים פאַנגט זיך אָן דער רציחה־לוסט מיט אַנדערע העלדן. די, וועלכע ווילן דאָס נישט אײַנזען, לעבן מיט אילוזיעס. אַפילו אויסראָטונג פון פעלקער איז נישט קיין נײַעס. דער אונטער־שייד באַשטייט בלויז דערין, וואָס אין אַמאָליקע תּקופות האָט מען נישט געקענט דענקען וועגן אויסראָטן גאַנצע פעלקער; אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָט די מאָדערנע טעכנאָלאָגיע דאָס געמאַכט מעגלעך.

לויט דער דאָזיקער געדאַנקען־שולע, זענען אין דײַטשלאַנד אויפגעשטעלט געוואָרן אויסראָטונג־לאַגערן, און עס זענען צו די צוועקן פון פאַרניכטונג געוואָרן אויסגעבויט קרעמאַטאָריעס און גאַז־אויוונס, נישט דערפאַר, ווײַל די דײַטשן זענען געווען אָדער זענען מענטשלעכע פאַרזעענישן, ״מאָנסטערס״, מחבלים, נאָר ווײַל דורך דער אַנטוויקלטער טעכניק אָפּערירט אַ מאָדערן־אָרגאַניזירטע מדינה מיט די מיטלען, וואָס זענען נויטיק צו אַ מאַסן־אויסראָטונג. מאַסן־פּראָדוקציע און מאַסן־פאַרניכטונג זענען ביידע אַ פּועל יוצא פון דער מאָדערנער צײַט. מען באַדאַרף דעריבער נישט טײַטלען מיטן פינגער אויף די דײַטשן, ווי אויפן פאָלק פון רוצחים. די נײַע טעכנישע דערפינדונגען זענען פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן אויסדרוק, וואָס די ״אַלטע״ מאָרד־פּראָפּעסיע האָט אָנגענומען אין אונזער תּקופה; זענען פאַראַנט־וואָרטלעך פאַר אוישוויץ און טרעבלינקע. ייִדן זענען געפאַלן אַ קרבן, נישט צוליב דעם, ווײַל אַנטיסעמיטיזם איז טאַקע געווען דאָס צענטראַלע פּראָבלעם אין דײַטש־לאַנד, און די דײַטשן זענען געווען אַדורכגענומען מיט שׂנאה צו ייִדן, נאָר ווײַל אין פיבער, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט דאָס לאַנד אין דער פונאַנדערגעפלאַקערטער מלחמה, איז די העצע אויפגעהויבן געוואָרן קעגן ייִדן, און די מאָרד־מאַשין האָט זיך געשטעלט קעגן זיי. וואָרום וואָס איז דער נאַציזם? אַ ביוראָקראַטישער טאָטאַ־ליטאַרער סיסטעם, וואָס באַדראָט דעם יחיד אין אַ געזעלשאַפט פון מאָדערנער פּראָדוקציע. אָבער פאַשיזם און אונטערדריקונג פון יחיד זענען אייגנטימלעך נישט דווקא פאַר דײַטשלאַנד, ענלעכע סיסטעמען האָבן זיך אַנטוויקלט אויך אין אַנדערע לענדער. טאָ פאַרוואָס אַרויפוואַרפן די שולד פאַר די פאַרברעכנס, וואָס זענען אָפּגעטאָן געוואָרן, אויפן דײַטשן פאָלק?...

אַן אייגנאַרטיקער אופן פון ״רײַנוואַשן״ דײַטשלאַנד דורכן אַרײַננעמען אַלעמען אין דער פאַרברעכער־באַנדע, און אײַנשליסן די אַנטוויקלטע טעכנאָלאָגיע אין קרײַז פון די פאַראַנטוואָרטלעכע...

פאַר די פּראָפעסאָרן פון דער צווייטער געדאַנקען־שולע איז דער נאַצי־רעזשים, — דער פּעריאָד פון זײַן טיראַניי, — יאָ געווען אַן אויסטערלישע דערשײַנונג אין דער מענטשלעכער געשיכטע, און ווי מען זאָל זיך נישט אָנ־שטרענגען אויסצוטײַטשן זײַנע רציחות און בעסטיאַלישקייטן, לאָזן זיי זיך נישט

פאַרגלייַכן צו קיין שום אַנדערן בלוטיקן פּעריאָד אין דער געשיכטלעכער דער־פאַרונג. קיינמאָל פריִער האָט נישט פּאַסירט, אַז אין וועלכן עס איז לאַנד זאָל מיט דער אויטאָריטעט און באַפעל פון זייַן לעגאַלער רעגירונג אויסגעשטעלט ווערן צו טאָטאַלער פאַרניכטונג אַ טייל פון דער באַפעלקערונג, און אַז די פאַרניכטונג זאָל אָנגיין מיט אַלע מיטלען, מיט וועלכע די רעגירונג אָפּערירט. אָבער ווער זאָגט עס, אַז ייִדן האָבן אַממייסטן געליטן אין אָט דער פינסטערער תּקופה ? די, וועלכע האָבן צומייסטן געליטן, — געליטן מאָראַליש, — זענען געווען די דייַטשן...

לויט אָט דער געדאַנקען־שולע האָט די נאַצי־קליקע אָנגעוואָרפן איר טעראָר אויפן דייַטשן פאָלק. דער נאַצי־פירער און זייַן רוצחים־באַנדע זענען געווען פאַרהאַסט אין דייַטשלאַנד. אין די וואַלן פון חודש מערץ אין יאָר 1933 האָט די נאַצי־פאַרטיי נישט באַקומען קיין אויסדרוק פון צוטרוי מצד דעם דייַטשן פאָלק. בערך דרייַ און פערציק פּראָצענט דייַטשן האָבן זיך אַרויסגעזאָגט אין די דעמאָקלטיקע וואַלן צום פּאַרלאַמענט לטובת די נאַצים. צומאָל נישט קיין העלפט. בעת דער פּרעזידענט הינדענבורג האָט געהאַט איבערגעגעבן דעם נאַצי־פירער די מאַכט, איז דאָס געווען אַ פּאָליטישער מאַנעוור, אָבער נישט קיין קאָנסעקווענטער באַשלוס צו דערלאָזן אים רעגירן איבערן לאַנד. אַלע יאָרן, וואָס די נאַצים זענען געשטאַנען בייַ דער מאַכט, האָט עקזיסטירט אין דייַטשלאַנד אַן אומצופרידנקייט מיטן רעזשים. עס איז אַפילו געווען טעטיק אַ קעגנערישע באַוועגונג. וואָס, איר גלויבט נישט דערין ? ביטע, באַקענט אייַך מיט די פאַקטן.

אויף דער קאָנפערענץ אין ירושלים, זענען אויפגעדעקט געוואָרן מיט "וויסנ־שאַפטלעכער גענויקייט", ווי עס פּאַסט פאַר די הערדן פּראָפעסאָרן, די פּרטים פון אויפשטאַנד, וועלכער איז פאָרגעקומען קעגן נאַצי־פירער דעם צוואַנציקסטן יולי 1944, דער אָפיצירן־אויפשטאַנד, וואָס אין זייַן שפּיץ איז געשטאַנען דער פירשט פאָן שטאַאופענבערג. איינער נאָכן אַנדערן זענען אויפגעשטאַנען פון זייערע ערטער די היסטאָריקער פון דער דאָזיקער ריכטונג, און געשילדערט דעם ענטוזיאַזם, מיט וועלכן עס זענען געווען באַהערשט די אָפיצירן, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין אַנטי־היטלער אויפשטאַנד, דעם גרימצאָרן, וואָס האָט אין זיי געברויזט, און דעם פּרייַז, וואָס זיי האָבן באַצאָלט פאַר זייער בונט: זיי האָבן מיט זייערע לעבנס באַצאָלט פאַר זייער פאַרמעסט צו באַפרייַען דאָס לאַנד פון אָנגעוואָרפענעם רעזשים. יאָ, אָנגעוואָרפענער רעזשים, האָבן מיט נאָכדרוק איבערגעחזרט די היסטאָ־ריקער. מען קען זאָגן, האָבן זיי אונטערגעשטראָכן, אַז דייַטשלאַנד איז געווען דאָס ערשטע לאַנד, וואָס איז געוואָרן אָקופּירט דורך די נאַצים.

אויך דער אַנטיסעמיטיזם איז, אין הסכּם מיט אָט דער טעאָריע, אָנגעוואָרפן געוואָרן דעם דייַטשן מענטש. אין דייַטשלאַנד איז געווען ווייניקער שׂנאה צו ייִדן ווי אין אַנדערע אייראָפּעאישע לענדער. נישט געווען דאָרט קיין פּאָגראָמען. נישט געווען קיין דרייַפוס־פּראָצעס. דער נאַצי־רעזשים איז געווען אַ קאַטאַסטראָפאַלער

פּאַרפּאַל אין דער דײַטשער געשיכטע. ער לאָזט זיך פאַרגלײַכן צו אַ פּאַטאַלן פּאַרפּאַל, פון וועלכן עס ווערט אַמאָל צושטערט אַ פאַבריק. מען קען דאָס באַצייכענען, ווי אַן איראַציאָנעלע קאַטאַסטראָפּע. און מען דאַרף אויסדריקן באַדויערן דער דײַטשער נאַציע, וואָס גראָד אין דײַטשלאַנד איז פאָרגעקומען דער קאַטאַסטאָפּאַלער פּאַרפּאַל. נישט קריטיקירן. נישט באַשולדיקן. נאָר אויסדריקן מיטגעפיל.

בלויז אַ קליינע צאָל פון די פאַרזאַמלטע דײַטשע היסטאָריקער האָבן זיך געהאַלטן בײַם אמת.

וואָרום דעם אומגעפעלשטער אמת איז דאָך, אַז וואָס שײַך דעם אָפּיצירן־אויפשטאַנד, וועלכער ווערט איצט אַזוי גלאָריפיצירט, איז ער נישט אָרגאַניזירט געוואָרן קעגן דעם נאַצי־רעזשים, נאָר קעגן דעם נאַצי־פירער. די אָפיצירן, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין בונט, זענען דעמאָלט, אין יולי 1944, געקומען צו דער איבערצײַגונג, אַז היטלער פירט נישט אָן מיט דער מלחמה, אַזוי ווי ער וואָלט באַדאַרפט מיט איר אָנפירן, אַז ער פאַרבלײַבט בלינד צו דעם, וואָס עס קומט פאָר אויף די פראָנטן, און וויל נישט פאַרשטיין, אַז ראַדיקאַלע ענדערונגען אין דער טאַקטיק זענען נויטיק, כדי אויסצומײַדן די מפּלה, אָדער לכל הפּחות זי פאַרמינערן. דער פירשט פאָן שטאַאופענבערג, וועלכער ווערט איצט געמאָלן ווי אַ מאַרטירער, האָט באַגריסט היטלערן צו זײַן איבערנעמען די מאַכט, און אים פאַרערט און אונטערגעשטיצט אַלע יאָרן. מען האָט נישט בײַ אים געקענט באַמערקן דעם מינדסטן פּרווו זיך אַנטקעגנצושטעלן דעם נאַצי־אָפּגאָט. ערשט ווען די דײַטשע אַרמיי איז געשטאַנען ערב איר דורכפאַל, און די, וועלכע האָבן זיך אָריענטירט אין דער לאַגע, האָבן דאָס געזען, האָט דער פירשט, מיט אייניקע אָפיצירן, געוואַגט אַרויסצוטרעטן קעגן "פירער". מאָראַליש איז דער דאָזיקער "פּוטש" נישט געווען מער ווערטפול ווי דער פּוטש אין יאָר 1938, ווען עס איז געקומען צו אַ בלוטיקער אינערלעכער אָפּרעכענונג צווישן די אונטערוועלט־לײַט, וואָרום אַזעלכע זענען דאָך געווען די נאַצי־גדולים. דער אויפשטאַנד פון די אָפיצירן איז נישט געווען קיין פּראָטעסט קעגן דער נאַצי־אידעאָלאָגיע, קעגן דער מאַשין פון מאָרד און טעראָר, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן, קעגן די קרעמאַטאָריעס און גאַז־קאַמערן, וואָס זענען געוואָרן אויפגעבויט, און קיין שום "באַפאַרבונגען" זענען נישט מסוגל צו ענדערן דעם אמת.

נישט מער איבערצײַגנדיק איז דער אַרגומענט, אַז דער נאַצי־רעזשים איז מיט געוואַלט אַרויפגעוואָרפן געוואָרן אויפן דײַטשן פאָלק. צי איז דאָס ערנסט צו באַצײַכענען די דרײַ און פערציק פּראָצענט, וועלכע האָבן געשטימט אין די פּאַרלאַמענט־וואַלן אין 1933 לטובת דער נאַצי־פּאַרטיי, ווי אַ מינדערהייט ? דערצו דאַרף צוגעגעבן ווערן, אַז וואָס נעענטער מען האָט זיך צוגערוקט צום אויסברוך פון קריג אין סעפּטעמבער 1939, אַלץ שטאַרקער איז געשטיגן, און נישט געפאַלן,

די צאָל נאַצי־אָנהענגער. אַזאַ אײַנדרוק האָבן באַקומען די, וואָס האָבן באַזוכט דײַטשלאַנד אין יענעם פּעריאָד. אין מײַן זיכּרון זענען פאַרבליבן אײַנגעקריצט די מאַסן־פּאַראַדן, וועלכע איך האָב בײַגעוואוינט אין בערלין, אין נירענבערג. נישט בלויז די, וואָס האָבן מאַרשירט, האָבן אויסגעשטרעקט די פויסטן און געהילכט מיט די "הייל"־אויסרופן; אויך די, וועלכע האָבן זיך צוגעקוקט, שטייענדיק אויף די טראָטואַרן, האָבן מיטגעמאַכט די ווילדע מאַניפעסטאַציעס. עס לאָזט זיך זיכער נישט אָפּמעקן די האַלטונג פון די דײַטשע געלערנטע, אינ־טעלעקטואַלן, פּראָפעסאָרן. נישט קיין מינדערהייט האָט אַנידערגעקניט פאַר די נאַציס. דער "פירער" איז געווען דער אָפּגאָט פון דער מערהייט. דער נאָבל־לאַורעאַט פאַר ליטעראַטור גערהאַרט הויפּטמאַן האָט אָנערקענט זײַן "גרויסקייט". דער פילאָסאָף פון עקזיסטענציאַליזם היידעגער איז געווען וויליק מיטצואַרבעטן. אַזוי פיל אַנדערע אין "לאַנד פון די פילאָסאָפן און דיכטער" זענען מיטגעגאַנגען דעם וועג פון נאַציזם.

נישט פון קליינער וויכטיקייט איז אונטערצושטרײַכן, אַז דער נאַצי־פירער האָט קיינמאָל נישט געמאַכט קיין סוד אין זײַן פּראָגראַם, ווי אַזוי ער האָט בדעה צו לייזן די סאָציאַלע און עקאָנאָמישע פּראָבלעמען, און אויך, ווי אַזוי ער איז אַנטשלאָסן ענדגילטיק צו "ערליידיקן" די ייִדן־פּראָגע. זינט די צוואַנציקער יאָרן האָט זײַן בוך "מײַן קאַמף" זיך געפונען אין די בוכהאַנדלונגען און פאַרשפּרייט געוואָרן צווישן פאָלק. דער דײַטשער לעזער האָט זיך פאַרקליניעט פון די פּראָזעס, וואָס ער האָט דאָרט אָנגעטראָפן, וועגן דער העכערקייט פון דער בלאָנדער נאָרדי־שער ראַסע, וועגן "לעבנסרוים", וואָס די נאַצי־באַוועגונג וועט עפענען פאַרן דײַטשן פאָלק, און וועגן דער "פרײַהייט", וואָס די נײַע עפּאָכע וועט ברענגען, פרײַהייט פון די קייטן פון דער ייִדישער מאַראַל ...

אויף דער קאָנפערענץ פון די דײַטשע היסטאָריקער האָבן יעדע געדאַנקען־שולעס זיך געאייניקט אַרום דער טעזע, אַז דער נאַצי־מיקראָב דאַרף נישט קלאַסיפיצירט ווערן ווי אַ דײַטשער פּראָדוקט, און אַז ווייניקער ווי אַנדערע אייראָפּעאישע לענדער האָט דײַטשלאַנד אויסגעהאָדעוועט דעם דאָזיקן מיקראָב. אָבער דאָס איז דאָך נישט אַזוי. נישט אָוועקנעמענדיק בײַ אַנדערע פעלקער דעם חלק, וואָס זיי האָבן אין אויפשטעלן דאָס נאַצי־געשפּענסט, פאַרנעמט פאָרט דײַטשלאַנד איינעם פון די פאָדערשטע פּלעצער צווישן די, וועלכע האָבן צוגעגרייט דעם קלימאַט און באָדן פאַר דער נאַצי־וואַקכאַנאַליע. דײַטשע אינטעלעקטואַלן און פּאָליטישע דענקער, וועלכע ווערן אָנערקענט ווי דער שטאָלץ פון דער דײַטשער קולטור, זענען נאָך אין פאָריקן יאָרהונדערט אַרויסגעטרעטן מיט באַגריפן, וואָס זענען שפּעטער אַרײַנגענומען געוואָרן אין דער נאַצי־לערע. דער פילאָסאָף פיכטע, וואָס איבער זײַנע ווערק היפּערט מען נישט אַריבער אין קיין שום דײַטשער אוניווערסיטעט, האָט פאַרזיכערט, אַז די דײַטשע נאַציע, אָדער ווי ער באַצייכנט זי:

די פּרייסישע נאַציע, שטײַגט אַריבער מיט אירע קוואַליטעטן אַלע נאַציעס, און פאַרדינט דעריבער אַרויפצושטײַגן צום אויבנאַן פון אַלע פעלקער. העגעל, וועלכער ווערט באַטראַכט ווי דער העכסטער רעפּרעזענטאַנט פון דײַטשן פּאָליטישן געדאַנק אין נײַנצנטן יאָרהונדערט, האָט געשריבן, אַז אַלץ, וואָס דער שטאַט טוט אין נאָמען פון די מלוכה־אינטערעסן, איז ריכטיק און גערעכט, וואָרום "דער שטאַט איז די פאַרווירקלעכטע מאָראַל". דער יחיד מוז טאָן אַלץ, וואָס די מלוכה פאָדערט פון אים. מיט דער אָרגאַניזאַציע פון שטאַט מוז מען זיך רעכענען, און פאַרשטייט זיך, אַז דער מוסטער פון אַ שטאַט פון אַ שטאַט איז נישט קיין אַנדערע, ווי פּרײַסן, ווי דײַטשלאַנד...

איינער פון די וויכטיקסטע דײַטשע היסטאָריקער אין פאַרגאַנגענעם יאָר־הונדערט, טרייטשקע, האָט מיט דער גאַנצער שאַרפקייט אָפּגעוואָרפן די אידעע פון אַ פרידלעך צונויפלעבן צווישן מענטשן און פעלקער. דעם שלום איז נישט בלויז אוממעגלעך צו פאַרווירקלעכן, — האָט ער געזאָגט, — מען דאַרף גאָרנישט שטרעבן אים צו פאַרוואַנדלען אין אַ ווירקלעכקייט. מלחמה הייבט אויף די ענערגיע בײַם מענטש, זי מאַכט ערשט אַ פאָלק "איידל", "געזונט"...

אָפּגערעדט דערפון, אַז וואָס שײַך שׂנאה צו ייִדן, קען דײַטשלאַנד זיך נישט אַוועקשטעלן אין אַ נעבעכדיקער ראָל, און מאַכן דעם אָנשטעל, אַז "בלויז" אין נאַצי־פּעריאָד האָט דאָרט אויסגעבראָכן דער אַנטי־ייִדישער האַס. גענוג צו עפענען דאָס בלאַט פון דער ייִדישער פאַרגאַנגענהייט אויף דער דײַטשער ערד, כּדי זיך איבערצוצײַגן, ווי פאַלש אַזאַ באַהויפּטונג איז. אין מיטלאַלטער זענען דאָרט צענדליקער קהילות צעשטערט געוואָרן, און ייִדן זענען געגאַנגען אויף קידוש השם, ווײַל זיי האָבן נישט געקענט לעבן ווי ייִדן. אין נירענבערג האָט שטרײַכער, דער "ספּעציאַליסט" פאַר ייִדישע פראַגן אין דער נאַצי־פּאַרטיי, געהאַט אַ פאָר־גייער מיט פינף הונדערט יאָר צוריק. רינדפלייש האָט יענער זיך גערופן. אַ "ייִדן־קענער" פון דער זעלבער נידעריקער קאַטעגאָריע. גענוי ווי שטרײַכער, האָט רינדפלייש געהעצט קעגן "פאַלק פון תּלמוד". מען האָט אים גערופן "דער ייִדן־שוחט", ער האָט געלאָזט אויסשרײַען, אַז ער איז געשיקט געוואָרן צו נעמען נקמה אין ייִדן. און דער המון איז אים נאָכגעגאַנגען, און אַזעלכע ווי ער זענען געווען אַ סך אין דײַטשלאַנד, פאַר אים, אין דער זעלבער צײַט ווי ער. און שפּעטער, אין דער מאָדערנער צײַט. דער רעזולטאַט איז געווען דער זעלבער אין אַלע תּקופות. "נהרסו קהילות הקודש", — עס זענען פאַרניכטעט געוואָרן הייליקע קהילות, — אַזוי ווערט געזאָגט אין די קינות, אין די קלאָג־קאַפּיטלען, וואָס זענען געוואָרן געשריבן צווישן דײַטשן ייִדנטום. "קדושים זענען געוואָרן געקוילעט, און דער אַכזר האָט צומאָל אויף די זויג־קינדער נישט געהאַט קיין מיטלײַד"... אויך אין דער אַזוי גערופענער עמאַנציפּאַציע־תּקופה איז אָנגעגאַנגען אַ העצע קעגן ייִדן. ביין. דײַטשלאַנד איז ווײַט נישט געווען קיין אויסנאַם. מ'האָט דאָרט געמישט דעם גיפט אַזוי גוט ווי אַנדערע.

אמת: מען האָט דעמאָלט נישט געזאָגט: דאָס ייִדישע בלוט איז פון אַ געמיינעם סאָרט. אין דער נאַצי־תּקופה האָט די בלוטדאָרשטיקייט זיך באַנוצט מיט דער פראַזע וועגן דער "ריינער ראַסע", אַן אַרגומענט, וואָס האָט אין די פריִערדיקע צײַטן נישט עקזיסטירט. אָבער דערקלערן, אַז דער אַנטי־ייִדישער גיפט פאַרמאָגט נישט קיין טראַדיציע פון שאַנד אין דײַטשלאַנד, איז אַ פאַרלייקענונג פון געשיכט־לעכע פאַקטן.

אויף דער קאָנפערענץ פון דײַטשע היסטאָריקער אין ירושלים איז געמאַכט געוואָרן די אַנשטרענגונג אויפצובויען אַ לעגענדע. אַ לעגענדע וועגן אַ דײַטש־לאַנד, וואָס איז אָדער געפאַלן אַ קרבן פון דער מאָדערנער טעכנאָלאָגיע אָדער פון אַן אָקופּאַציע, וואָס זי האָט נישט פאַרטראָגן, און קעגן וועלכער זי האָט געשטעלט אַ ווידערשטאַנד.

אַפילו ווען מיר פאַרלייקענען נישט, אַז אין דײַטשלאַנד, אין איר פינסטערן פעריאָד, זענען אויך געווען דײַטשן, וועלכע זענען נישט געווען קיין נאַציס (אַ קליינע צאָל, פאַרשטייט זיך), און אַפילו ווען מיר גיבן צו, אַז עס זענען אויך געווען דײַטשן, וואָס זייערע הענט און געוויסן זענען נישט געווען באַפלעקט מיט ייִדיש בלוט (אַ גאָר קליינע מינדערהייט, פאַרשטייט זיך), איז דאָך דאָס דײַטשע פאָלק, אין זײַן גרויסער מערהייט, שולדיק און פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די נאַצי־פאַרברעכנס, פאַרן אומקום פון מיליאָנען ייִדן, און פאַרן חורבן פון אַ בליִענדיק ייִדיש לעבן.

אַנשטאָט ריינוואַשן די דײַטשע ערד מיט לעגענדעס, וואָלטן די דײַטשע היסטאָ־ריקער גלײַכער געטאָן, ווען זיי דערקלערן, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ פון בושה, אַז אויפן דײַטשן פאָלק ליגט אַ מוראַדיקער שאַנדפלעק.

ווי שטאַרק גערעכט איז אברהם סוצקעווער אין זײַנע פערזן מכּוח די "גוטע דײַטשן":

"דערציי֞ל מיר נישט פון גוטע דײַטשן, ס'קערט פון דעם די גאַל...
איך האָב געזען ווי גוטע דײַטשן מאָרדן ווויל און גוט,
און שפּילן אויף אַ זילבערפלייט אין זעלביקער מינוט,
און שפּילן פוטבאָל מיט אַ ייִדיש קינד. זאָל אייביק, אייביק,
זיי הויערן אין טעמפּן שאַרבן זײַן פאַרגאָסן בלוט"...

# די וואונדער-כּוחות, וואָס שפּרודלען אין אונזער פאָלק

זעלבסטקריטיק איז, בלי ספק, אַ פּאָזיטיווער שטריך. דורך זעלבסטקריטיק האַלט מען אָפן די אויגן אויף די אייגענע פעלערן, און מען דערוויטערט זיך פון דער אַזוי "באַקוועמער" נייגונג צו וואַרפן פאַר פאַלש באַגאַנגענע שריט די שולד אויף אַנדערע. אַזוי איז דאָס בעת עס האַנדלט זיך וועגן אַ יחיד; און אַזוי איז דאָס, אויב עס איז די רייד וועגן כּלל.

זינט דעם סאַמע באַגינען פון אונזער געשיכטע ווי אַ פאָלק, איז זעלבסט־קריטיק בײַ אונז גענומען געוואָרן ערנסט. מיר האָבן נישט געקאַרגט קיין פאַר־וואורפן קעגן זיך אַליין. בלעטערט מען די כראָניק פון פאַרצײַטנס, בלײַבט מען ממש דערשטוינט פון דער שאַרפקייט פון די ווערטער, וואָס מען האָט אין אונזערע אייגענע רייען געשלײַדערט קעגן ייִדישן מענטש. די דאָזיקע אייגנשאַפט האָט אָנגעהאַלטן אויך אין די שפּעטערדיקע צײַטן. שווער צו געפינען אַן אַנדער פאָלק, וואו מען האָט אַזוי ערנסט און שטרענג געזאָגט זיך אַליין מוסר, און וואָס האָט אין פאַרלויף פון די דורות אַרויסגעגעבן אַזוי פיל בעלנים אויפצוהייבן אַ געוואַלט־געשריי, און אָנווײַזן אויף די באַגאַנגענע, אינדיווידועלע אָדער נאַציאָנאַלע, פעלערן, ווי אונזער ייִדיש פאָלק. די דאָזיקע אייגנשאַפט פאַרציט זיך עד היום.

אפשר דערפאַר האָבן מיר פאַרזען — און זענען געניגט צו פאַרזען כּסדר — אַז ווי ריכטיק און גערעכט די שטראָף־רייד זאָלן ניט זײַן, דאַרפן זיי דאָך נישט פאַרשטעלן אַן אַנדערן אמת: אין אונזער פאָלק שפּרודלען וואונדער־כּוחות. מיר פאַרמאָגן ממש אַן אומגלויבלעכן טאַלאַנט אויפצובויען חורבות און צו שטעלן זיך פונדאַסנײַ אויף די פיס. ייִדישע געשיכטע ליפערט זייער אַ סך בײַשפּילן, וואָס באַשטעטיקן דאָס, וואָס מיר זאָגן.

שמואל דוד לוצאַטו — באַקאַנט אין פאַרקירצונג ווי שד"ל — איינער פון אונזערע אָריגינעלסטע און טיפסטע דענקער (און ווי עס איז דער גורל פון דאָזיקן שטייגער דענקער, אויך האַלב־פאַרגעסענער), האָט אויפן ראַנד פון אָט־דער דער־שײַנונג געמאַכט די שאַרפזיניקע באַמערקונג: עס איז ריכטיק, אַז דאָס אַנערקענען אייגענע חסרונות איז אַ גרויסע מעלה; אָבער דאָס נישט אַנערקענען אייגענע מעלות איז אויך אַ גרויסער חסרון...

אַט נעמט דאָס ערשטע נאַציאָנאַלע אומגליק, וואָס איז אויף אונז אַראָפּגע־פאַלן; דער חורבן פון דער ערשטער ייִדישער זעלבשטענדיקייט. דאָס איז געווען אַ קאַטאַסטראָפע פון מוראדיקן פאַרנעם. די אימפּעריע פון בבל, וואָס האָט דעמאָלט, מיט העכער דריטהאַלבן טויזנט יאָר צוריק, צעשטערט די ייִדישע אומאָפּהענגיקייט, האָט געהאַט אַ באַזונדער בייז האַרץ קעגן דער ייִדישער מדינה און אירע הערשער, און זי איז געווען אַנטשלאָסן צו רואינירן דאָס לעבן און דעם לעבנסשטייגער, וואָס זענען געפלאָסן. די פאַרטריבענע און היימלאָזע האָבן גאַרנישט זיך געקענט באַפרייַען פון דער געדריקטער שטימונג, וואָס האָט זיי געפרעסט, די קאַפּיטלען פון תּנ״ך דערציילן דאָס גאַנץ גענוי. אַט למשל, דאָס קאַפּיטל, וואָס הייבט זיך אָן מיט דער פראַזע ״אויף די טייַכן פון בבל״. על נהרות בבל. ״וואויל וועט טאָן דער, וואָס וועט צוריקצאָלן די פייַנט, וואָס זיי האָבן אָפּגעטאָן צו אונז״ — ווערט דאָרט געזאָגט.

אָבער טאַקע דעמאָלט, טאַקע דאָרט, בייַ די ברעגן פון יענע טייַכן, האָבן אויך אָנגעהויבן שפּרודלען די כּוחות, די אינערלעכע כּוחות, וואָס האָבן זיך קעגנגעשטעלט דעם ווייטיק, וואָס האָט געדריקט; און אַט־די כּוחות האָבן זיך אונטערגענומען צו פאַריאָגן די אומהיימלעכקייט, וואָס האָט זיך צעלייגט אויף דער נשמה. וויזיעס זענען רייַף געוואָרן. וויזיעס־סימבאָלן וועגן אָפּגעטרוקנטע ביינער, פאַרדאַרטע און פאַרפוילטע, וואָס קלייַבן זיך צונויף, ווערן פול און זאַפטיק, און באַדעקן זיך מיט הויט, און אָטעמען פונדאַסנייַ מיט לעבן. וואָס אַמאָל שאַרפער און דייַטלעכער האָט אַרויסגעשפּראָצט דער דראַנג צו ווידעראויפבוי. פּערזענלעכקייטן זענען אויפגעשטאַנען, וועלכע האָבן גערופן נישט אָפּצושטעלן זיך פאַר שטרויכלונגען און שטיינער: יחזקאל, זרובבל, עזרא, נחמיה... מען האָט טאַקע נישט אויפגעהערט צו טייַטלען מיטן פינגער אויף די אָפּגעטאָנענע פעלערן; אָבער צוזאַמען דערמיט האָט געשטראָמט מיט אומגעוויינלעכער ענערגיע די דעציזיע ווידער אויפצופרישן דאָס לעבן, וואָס איז אָפּגעבראָכן געוואָרן. אינמיטן דער כּסדר אָנגייענדיקער זעלבסטקריטיק, זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען די אויסרופן פון התפּעלות: ווי אַ צויבער־חלום קומט דאָס אונז אויס! ווער האָט זיך געקענט ריכטן, אַז מיר, ״די פאַרטרוקנטע ביינער״, וועלן אַרויסווייַזן אַזאַ מעכטיקן לעבנס־ווילן?!... ווידער ווערט דאָס אויסגעדריקט אין תּנ״ך־קאַפּיטל: מיר באַוועגן זיך ווי אין חלום. היינו כּחולמים...

אַן ענלעך בילד פון אַ געוואַלטיק פּולסירנדיקן דינאַמיזם אַנטפּלעקט זיך פאַר אונז בעת דעם אונטערגאַנג פון דער צווייטער ייִדישער זעלבשטענדיקייט. דאָס מאָל איז דער שׂונא געווען נאָך געפערלעכער, זייַן רשעות נאָך מער שרייַענדיק, זייַן פאַרניכטונג נאָך מער שווידערלעך. די רוימישע אימפּעריע האָט דעמאָלט געוואָרפן איר באַוואָפנטע מאַכט קעגן ייִדישן לאַנד; און זעלטן עמעצער, צווישן די באַזיגטע פעלקער, איז מסוגל געווען צוריק צו געווינען זייַן גלייַכוואָג נאָך אַזאַ

פאַרמעסט. אין דער אַטמאָספער פון פונאַנדערפאַל און צעשטערונג זענען די פאַר־וואורפן קעגן זיך אַליין נאָך מוראדיקער געשטיגן. מען האָט זיך פאַרגעוואָרפן, אַז מען האָט פאַרטאַכלעוועט צײַט און ענערגיע אויף אומזיניקע אַרומרײַסעניש, אַז מען האָט פאַרלוירן די פעאיקייט צו לעבן צווישן זיך אין האַרמאָניע, אַז צווישן פאָלק, צווישן ייִדן, דרייט זיך אַרום דאָס געשפּענסט פון שׂנאת חינם...

אָבער אין דער דאָזיקער צעטומלעניש און צעטראַגנקייט הייבן דאָך אָן צו ווירקן, אויפן סאַמע אומגעריכטן אופן, די וואונדער־כוחות; און ווי אַלץ ענדערט זיך מיטאַמאָל! דאָס פאָלק געווינט צוריק זײַן גלויבן, אַז אַ נײַער מאָרגן וועט אויפשײַנען. אַפילו די חורבות שרעקן מער נישט אַפּ. מען טראָגט זיך אַריבער צו די צפונדיקע טיילן פון ארץ־ישׂראל. מען עפנט פרישע פּרנסה־קוואַלן. אַ נישט געאָנטע מאַטעריעלע ווירקלעכקייט ווערט אויסגעבויט; און אָן אימפּאָנירנדיקע גײַסטיקע ווירקלעכקייט, אַ דערציאונג־נעץ ווערט אויסגעשפּרייט, אַ טורעם פון מחשבה ווערט אויפגעשטעלט מיט אַ שוואונג און פּרעציזקייט, וואָס וואָלטן געוועזן שטוינענדיק אַפילו אין „נאָרמאַלע" צײַטן: דער תּלמוד. נישטאָ מער קיין אָרט פאַר דער הילפלאָזיקייט און פאַרן צווייפל. מען איז זיכער, אינגאַנצן זיכער, אַז צוזאַמען מיטן חורבן, קומט אויך די טרייסט, קומט אויך דער אויסלייז.

אָט־די קורצזיכטיקייט לגבי דעם שטוינענדיקן לעבנסשטראָם, וואָס ווירקט אין אונזער פאָלק, האָט פון אונז אַוועקגענומען דעם באַלאַנסירטן צוגאַנג צו די ווײַטערדיקע אַקטן פון דער ייִדישער דראַמע. אַ גרויסע ביבליאָטעק וואָלט מען געקענט אָנזאַמלען פון די כראָניק־ספרים און פאָרשונגען, וואָס זענען בײַ אונז אָנגעשריבן געוואָרן וועגן גירוש שפּאַניע. פּרטים אויף פּרטים זענען צונויפּ־געקליבן געוואָרן מכּוח דעם פּײַן פון דער אינקוויזיציע, די יסורים פון די מאַראַנען, די גרוילעכע איבערלעבונגען פון די, וועלכע האָבן געוואָגלט אין די וועלדער און וויסטענישן, זוכנדיק אַ נײַע היים, און באַטירלעך, די חסרונות, וואָס דער ייִדיש־שפּאַנישער ישוב האָט פאַרמאָגט. אָבער צי גיבן אָט־די פּרטים דאָס פולע בילד פון דער ייִדישער דערפאַרונג נאָך דער רשעותדיקער גזירה? קוים עטלעכע צענדליק יאָר זענען פאַרבײַ, און וואָסער אומגלויבלעכער צומאַרגנס ווערט אַרײַנגעוועבט אין דער ייִדישער געשיכטע דורך די פּסיכיש־צעריסענע, וואָגלענדיקע רעשטן פון דער קאַטאַסטראָפע! בלײַענדיקע קהילות ווערן אויפגעשטעלט אין איטאַליע, האָלאַנד, טערקײַ; ייִדישע איניציאַטיוו און אויסווירקונג גרײַכן אַזוי ווײַט, אַז מען דערגייט אַפילו קיין ארץ־ישׂראל. מען באַגנוגנט זיך נישט צומאָל מיט גרינדן אַ געדיכטן מיסטישן צענטער אין צפת, נאָר מען ציט זיך אויך אַוועק קיין טבריה און אומגעגנט; און אין די מקומות, וואָס זענען געשטאַנען וויסט פאַר דורות, אָרגאַניזירט מען אָן אינדוסטריע, רוישיקע אַרבעטס־וואַרשטאַטן, גרויסע דערנערונג־מעגלעכ־קייטן פאַר ברייטע מאַסן. אַ רוף, אַדורכגעדרונגען מיט פּאַטאָס און התלהבות, ווערט אַרויסגעלאָזט צו ייִדן פון נאָענט און ווײַט צו קומען קיין ארץ־ישׂראל און

עפּענען אַ נײַ בלאַט אין ייִדישן לעבן. אַט־אַזאַ רוף האָט געדאַרפט זײַן דאָס געזאַנג פון "לכה דודי", וואָס איז דאַן אָנגעשריבן געוואָרן. אויסער אַ באַגריסונג צום שבת, האָט דער הימן אײַגנטלעך באַדאַרפט אָנפילן דאָס פאָלק מיטן ווילן און גרייטקייט אויפצובויען אַ נײַע ייִדישע ווירקלעכקייט. דאָרט איז געזאָגט געוואָרן: "אַ, שאָקל פון זיך אָפּ דעם שטויב, וועק זיך אויף, וואַרף אויף זיך אַרויף די קליידער פון דײַן פאַרגאַנגענער פּראַכט, וואָרום, פאַרבײַ איז די צײַט פון דײַן אָנמאַכט און דערשלאָגנקייט"...

נישט אַנדערש איז דער אײַנזײַטיקער צוגאַנג, וואָס האָט זיך אײַנגעשטעלט בײַ אונדז צו די גזירות ת"ח, אַזוי ווי עס ווערט אָנגערופן אין דער געשיכטלעכער כראָניק די תּקופה פון די קאָזאַקן־רציחות אין זיבעצנטן יאָרהונדערט אין פּוילן און אין אוקראַינע. וואָס אַלץ איז נישט געשריבן געוואָרן מכּוח דער אויפּציטערנ־דיקער טראַגעדיע, וואָס דאָס פּוילישע ייִדנטום האָט דעמאָלט אַדורכגעמאַכט! די איינצלהייטן פון דער דערפאַרונג זענען געוואָרן פאַרצייכנט, און נאַטירלעך: די זעלבסטקריטיק האָט נישט געפעלט. ייִדן אַליין — האָט מען געטענהט, און מען טענהט עד היום אין די פאַרשער־קרײַזן — זענען נישט ווייניק פאַראַנטוואָרטלעך געווען פאַר די צרות, וואָס האָבן זיי געטראָפן: זיי האָבן צופיל זיך אָנגעטרויט די אַדל־לײַט, און פאַרנאַכלעסיקט אָנצוהאַלטן גוטע באַציאונגען מיטן פּראָסטן גויאישן המון... אָבער צי איז דען טאַקע דאָס אַלץ, וואָס לאָזט זיך זאָגן מכּוח יענער עפּאָכע פון בלוט און טרערן? צי האָט זיך נישט אויפגעדעקט אויך אַ פאַרכאַפּנ־דיקע, פּשוט אָטעם־אָפּשטעלנדיקע פּאַנאָראַמע פון דער מערקווירדיקער פעאיקייט פון אונדזער פאָלק צו פאַרוויקלען די וואונדן, אָפּווישן די טרערן, און הילכיק אויס־שרייען: מיר זענען ווידער דאָ מיט אונדזער גלויבן, מיט אונדזער עקשנות, מיט אונדזער אַנטשלאָסנקייט?!

אַ פּאָר יאָר זענען אַריבערגעגאַנגען, און הגם דער שטורעם האָט זיך נאָך נישט אינגאַנצן אײַנגעשטילט, רעאָרגאַניזירט מען די קהילות־טעטיקייט, מען שטיקעווײַז צונויף די קהילה־אויטאָנאָמיע, מען בלאָזט אַרײַן אָטעם אין פאַרלאָשענעם ייִדישן לעבן, מען עפנט די לערן־אַנשטאַלטן, מען שטעלט זיך ווידער אַרײַן אין די קלײַטן. און אויב קיין סחורה איז נאָך נישט פאַראַן אויף די פּאָליצעס — פאַרקויפט מען לעת־עתּה צו די קונים בטחון, דורותדיקן ייִדישן בטחון...

דאָס זעלבע האָט זיך איבערגעחזרט אין די שפּעטעדיקע דערפאַרונגען פון אונדזער פאָלק. מען קערט זיך כּסדר אום אין אונדזער נאַציאָנאַלער טעמאַטיק צו די פּאָגראָמען, וואָס האָבן געבושעוועט אין צאַרישן רוסלאַנד, צו די לײַדן, וואָס ייִדן זענען אויסגעשטאַנען אין פּוילן צווישן די צוויי וועלט־מלחמות. אויך קריטיק ווערט, נאַטירלעך, נישט אויסגעמיטן. קריטיק קעגן דער ייִדישער האַלטונג, קעגן מכלומרשטער ייִדישער פּאַסיווקייט. אָבער גענוי ווי מיט אַ נעפּל ווערט פאַרהאַנגען, וואָס די דאָזיקע ייִדן האָבן אויסגעבויט בעת, און נאָך, די אַדורכגעמאַכטע לײַדן

און פֿאַגראָמען. דער בלײַבנדיקער ייִדישער ישוב אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן איז דאָס שטויגנדיקע ווערק, וואָס אַט־די עמיגראַנטן־מאַסן האָבן אַרײַנגעשטעלט אין ייִדישן לעבן. די גרויסע און אַקטיווע ייִדישע ווירטשאַפֿטלעכע און גײַסטיקע צענטערס אויפֿן אַמעריקאַנער קאָנטינענט. מען קען לייענען למשל, בײַ שלום־עליכמען, מיט וואָסער צעבראָכענעם געמיט דער אַנגעוויטיקטער טוביה דער מילכיקער, צוזאַמען מיט זײַן זיפּצנדיקן הויזגעזינט, פֿאַרפּאַקן די "בעבעכעס", דאָס ביסל אָרעמקייט, וואָס איז זיי פֿאַרבליבן, און לאָזן זיך צו די אומבאַקאַנטע ברעגן, קיין אַמעריקע. אָבער עפּעס ווערט פֿאַרטושט דאָס בילד, וואָס האָט דערנאָך אַנגערוקט. אַט־די טוביהס, אַט־די מנחם־מענדלס, זענען ווײַט נישט באַנומען געוואָרן פֿון אַנמאַכט נאָך די שווערע קלעפּ פֿון גורל. די "נײַע וועלט", צו וועלכער זיי זענען דערגאַנגען, איז פֿאַרפֿלייצט געוואָרן פֿון זייער וואונדער־ענערגיע, פֿון זייער לעבנס־ווילן, פֿון זייער שעפֿערישקייט.

אויך אין לעצטן חורבן, אין נאַצי־חורבן, טרעפֿן מיר זיך אָן אויף דער אייגענער כאַראַקטעריסטישער דערשײַנונג. צו אָפֿט פֿאַרגעסן מיר צוצוגעבן, אַז אַפֿילו אין די געטאָס און אומקום־לאַגערן זענען נישט אויסגעטרוקנט געוואָרן די לעבנס־זאַפֿטן פֿון אונזער פֿאָלק. אויך דאָרט האָבן פּולסירט די וואונדער־כּוחות. און אויב נישט אַלע זענען געווען פֿעאיק דאָס צו ברענגען צום אויסדרוק אין טאָטן, האָט זיך דער נאַציאָנאַלער פּענאָמען אײַנגעקריצט אין ליד, אין פֿאָלקסליד, אין דער תּפֿילה. עס איז כּדאַי צו דערמאָנען אַט־דאָס כּמעט אומבאַקאַנטע קאַפּיטל פֿון דער נאַצי־תּקופֿה.

אין געטאָ פֿון ווילנע האָט מען געזונגען: "עס קען זײַן, אַז שוין מאָרגן זאָל אויפֿשײַנען די זון פֿונדאָסנײַ"... אין געטאָ אין קאָוונע האָט זיך אין פּערז געזאָגט: "דו, אייביקער ייִד, פֿאַרליר נישט די האָפֿענונג און גלויבן, נישט אייביק איז שלעכט, נישט אייביק איז קנעכט"... אין שאַוולער געטאָ איז געוואָרן פּאָפּולער דער רעפֿריין: "דער ייִד איז געווען, און וועט ווײַטער אויך זײַן; מען וועט אים סײַווי קיינמאָל נישט אויסראָטן"... אין די רומענישע לאַגערן האָט מען אויף די פֿאַרשמאַכטע ליפּן געטראָגן די ווערטער: "מײַן גײַסט קענט איר נישט טויטן, ווײַל ער איז שטאַרקער פֿון שטאָל"... פֿון קראָקעווער געטאָ איז זיך פֿונאַנדער־געגאַנגען דער רוף: "עס וועט קומען דער טאָג, איך האָף און גלייב, איך זע, ברודער, זײַן אַנקום פֿון ווײַטן, און ברענגען וועט ער אונז, ווי נחס טויב, אַ בשׂורה פֿון פֿרידלעכע צײַטן"... פֿון דער סאַמע פֿינסטערניש, פֿון בוכנוואַלד, האָט זיך אַרויפֿגעהויבן די שטימע פֿון דערמונטערונג און פֿאַטאָס: "יעדע געשיכטע האָט איר ענדע, אויב זי איז וואָר, אויב זי איז לעגענדע. אויך אונזער קאַשמאַר וועט געענדיקט ווערן, דער הימל וועט גלאַנצן מיט ליכטיקע שטערן"...

מרדכי געבירטיק, דער פֿאָלקס־דיכטער, האָט אין זײַן ליד אויסגעזונגען

נישט בלויז דעם וויטיק פון שטעטעלע, וואָס ברענט און גייט אָוועק אין די פלאַמען; ער האָט אויך אָנגעצונדן אמונה אין יענער צײַט, ווען יאוש האָט געדראָט אויסצובויען אַ נעסט, ער האָט געשריבן: "געווען אַמאָל אַ המן, עס וואָרט אויף אים זײַן סוף"...

אַ ברייט־אומגייענדיק געטאָ־ליד האָט אַרײַנגעלייגט אין מויל פון אַ יִדישער מאַמע, וואָס געזעגנט זיך מיט איר קינד, ווען עמען די הענקער פירן אַוועק, די ווערטער: "מיר ווייסן פון דײַן צעבראָכן האַרץ, מיר פילן דײַנע לײַדן און שמערצן — לאַנגזאַם וועט זיך צוריקקערן דײַן רו, און וועסט די גאָלדענע פאַמיליע־קייט ווידער שפּינען"...

מיט וואָסער רירנדיקער זיכערקייט קלינגען אָפּ די טענער פון האָפענונג און אָפּטימיזם אין פּאַרטיזאַנער־ליד: "קומען וועט דאָך אונזער אויסגעבענקטע שעה, עס וועט אַ פּויק טאָן אונזער טראָט — מיר זענען דאָ"... דער זעלבער מאָטיוו פון עקשנותדיקן גלויבן דערגייט פון אַן אַנדער שאַפונג, וואָס איז אויסגעטראָגן געוואָרן אין שאָטן פון אומקום: "עס וועלן ווידער וואַקסן קינדער, קינדער וועלן שפּילן, רוישן, אויף די קברים פון די קדושים"...

שטאַרק באַשעפטיקט מיט דער זעלבסטקריטיק, צי מען האָט אין די געטאָס, אין אַ געבנוגענדיקער מאָס, זיך אַנטקעגנגעשטעלט די נאַציס אָדער נישט, האָט מען נישט אָפּגעשאַצט, נאָכן חורבן, די שטוינענדיקע, יעדע פאַנטאַזיע איבערשטייגנדיקע, וויטאַליטעט, וואָס האָט געשטראָמט אין אונזער פאָלק אין אָפּגרונט פון שוידער. שוין נישט רעדנדיק דערפון, וואָס אויף אָט־די וואונדער־כּוחות זאָגט עדות די גלײַכוואָג, וואָס די איבערגעבליבענע רעשטן פון די געפּײַניקטע — וועלכע מיר זענען געוואוינט אָנצורופן: די שארית הפּליטה — האָבן באַוויזן צוריקצוגעווינען מיט אומגעווייינלעכער גיכקייט. אַ סך פון דער שארית הפּליטה האָבן בײַגעטראָגן צום אויפקום און וואוקס פון דער יִדישער מדינה. דער ענטוזיאַזם פון אַנדערע האָט געעפנט אַ נײַ בלאַט אין דער יִדישער אַקטיווקייט אין אַ ריי ישובים אין גאַר דער וועלט. יאָ, אויך דער נאַצי־חורבן באַווײַזט, אַז די קוואַלן פון יִדישער ענערגיע און התלהבות לאָזן זיך גאַרנישט אויסשעפּן, און קיין שום דערפאַרונג, ווי שווער און ביטער זי זאָל נישט זײַן, איז נישט בכּוח מיט זיי זיך צו פאַרמעסטן.

ווען מיר יִדן, פאַרטראַכטן זיך אויף דער דאָזיקער דערשײַנונג, פאַררעכענען מיר זי צו די מיסטעריעס פון יִדישן זײַן. נצח ישׂראל, ווי דאָס זאָגט זיך אין תּנ"ך. יִדישע אייביקייט. שווערער קומט אָן צו דערקלערן דאָס אומגלויבלעכע פאַר נישט־יִדן, וועלכע ווילן זיך נישט לאָזן איבערצײַגן פון דער אייגנאַרטיקייט, וואָס טרעט אַרויס אין יִדישן וועג דורך דורות. זענען טאַקע, דער עיקר אין דער קריסטלעכער וועלט, אַנטשטאַנען די פאַרשידנסטע ווערסיעס, ווי אַזוי אויסצוטײַטשן די משונהדיקע "וואונדער־כּוחות", וואָס באַוועגן זיך אין אונזער פאָלק.

מען קען פֿון איינער אַזאַ טעאָריע אַרויסדרינגען, אַז ייִדן זענען געוואָרן ״פֿאַראורטיילט״ צו דער אייביקער עקזיסטענץ. דאָס איז, הייסט עס, נישט קיין וואונדער, נאָר אַ האַרבער אורטייל. אַ צווייטע טעאָריע גיט אָנצוהערן, אַז דער פּערמאַנענטער פֿאָלקס־קיום איז ענג צונויפֿגעבונדן מיט דעם כּסדרדיקן וואַנדערן, וואָס ייִדן מוזן אַדורכמאַכן. ״דער ייִד, דער אייביקער וואַנדערער״ איז אַ טעמע, וואָס האָט אינטריגירט אַ סך נישט־ייִדישע פֿאָרשער און שרײַבער, אין מיטל־אַלטער און אין דער מאָדערנער צײַט, פֿון פֿאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן און לשונות, און נישט מיט קיין פּאָזיטיוון צוגאַנג. עס קומט אויס, אַז ״דער ייִד דער אייביקער וואַנדערער״ איז די פֿאַרקערפּערונג פֿון פּערמאַנענטן צעשטערערישן אומרו, אָדער ער איז דער שטענדיקער בונטאַר, וועלכער שטייט אויף קעגן אָנגע־נומענע סיסטעמען און אָרדענונגען. ער שפּריצט מיט סאַטירע און איראָניע; ער דערוועקט אַנגסט און שרעק; און מען קען צערודערט ווערן פֿון די מוראדיקע שאַדנס, וואָס ער איז מסוגל אָפּצוטאָן אין זײַן אומאויפֿהערלעכן בלאָנדזשען און וואָגלען.

אַפֿילו אַ ספּעציעלער אויסטערלישער צונאָמען איז צוגעקלעפּט געוואָרן צו דעם ״אייביקן ייִד״: אַהאַספֿער אָדער אַסוערוס. ס׳איז ניט מעגלעך זיך צו דער־גרונטעווען צום אָפּשטאַם פֿון צונאָמען. אַ פֿלאַנטער פֿון דערקלערונגען איז אויס־געוואַקסן. צווישן זיי געפֿינט זיך דער מאָדנער אויסטײַטש, אַז די וואָרצלען פֿון דאָזיקן באַגריף שטעקן אין נאָמען ״שׂרח״ (סאַראַך), אַזוי האָט געהייסן די טאָכטער פֿון אָשר, וועלכער איז געווען דער זון פֿון יעקב אָבינו (במדבר כו, מו). לויט דער לעגענדע, האָט זיך איר לעבן קיינמאָל נישט איבערגעריסן. זי איז לעבעדיקערהייט אַריבער אין דער מעטאַפֿיזישער אַטמאָספֿער. די צונעמען, וואָס זענען אונדז אָנגעהאָנגען געוואָרן, זענען, אַלזאָ, אַ פֿאַרגרײַזטער קלאַנג פֿון שׂרח. געגנוי ווי זי, דאָס אייניקל פֿון יעקב אָבינו, זענען מיר, הייסט עס, אַ רעטעניש, מוראדיק פֿאַרוויקלט, און עס איז אוממעגלעך צו באַשטימען, צו וועלכער קאַטעגאָריע פֿון באַשאַף מען קען אונדז פֿאַררעכענען.

אַנטקעגן וואָס האָבן מיר אַרויסגעברענגט אַט־די טעמע? איך לעב די לעצטע פֿאַר יאָר אין ישׂראל, און טאָג־אײַן טאָג־אויס, קומט מיר אויס זיך אָנצוטרעפֿן אויף דער אומברחמנותדיקער קריטיק, וואָס ווערט דאָ אויסגעמאָסטן דורך אונזערע אייגענע מענטשן קעגן דער מדינה. מען האַלט אין איין אויסגעפֿינען פֿעלערן און חסרונות. גאַרניט ווערט דאָ געפֿירט ווי געהעריק, לויט די קריטיקער. סײַ אויפֿן מאַטעריעלן געביט, סײַ אין גײַסטיקן. די קולטור זינקט באַרג אַראָפּ. ייִדישקייט פֿאַרלירט איר עכטן אויסדרוק. ווער שמועסט נאָך, ווען די וואַלן צו דער כּנסת פֿאַרענדיקן זיך מיט אַ רעזולטאַט, וואָס שטעלט נישט אַלעמען צופֿרידן, זענען די

פאַרוואורפן קעגן לאַנד און זײַנע פירער נאָך שטאַרקער. דאָס, וואָס קומט פאַר איז אַן אַנטוישונג, אַ דורכפאַל — האַלט מען זיך נישט אָפּ פון באַמערקן.

אין מבול פון דער קריטיק ווערט צוגעדעקט דאָס גרויסע וואונדער, וואָס איז געבוירן געוואָרן פאַר אונזערע אויגן: די איבערגעבליבענע רעשטן פון שרעק־לעכסטן חורבן, וואָס האָט אונז געטראָפן, האָבן באַנײַט, נאָך צוויי טויזנט יאָר, די ייִדישע פּאָליטישע זעלבשטענדיקייט. די מדינה, הגם זי איז אַרומגערינגלט מיט שׂונאים, און מוז שווער זיך ראַנגלען פאַר איר עקזיסטענץ, קען אָנווײַזן אויף אומגעוויינלעכע דערגרייכונגען אין דערווירטשאַפט, אין דער טעכניק, אין סאָ־ציאַלע רעפאָרמען, אין גייסטיקע אויפטוען, אין אַרײַננעמען כוואַליעס עולים פון פאַרשידענע ווינקלען פון דער ערד. אַפילו שטאַרקע און גרויסע מדינות, וואָלטן געוועזן שטאָלץ אויף אַזאַ פאַרשריט, וואָס איז דאָך אַדורכגעמאַכט געוואָרן אין אייניקע צענדליק יאָר. שוין דער אויפלעב פון דער העברעאישער שפּראַך, איז אַ קולטורעלע דערגרייכונג פון געשיכטלעכן פאַרנעם. אין אַ טייל וועלט, וואָס איז קאַרומפּירט און פאַרדאָרבן, אַנטוויקלט זיך דאָס ייִדישע לאַנד מיט דער שטרעבונג צו מאָראַלישן אויפשטײַג. און אויב אַפילו חסרונות זענען פאַראַן, און עס איז דאָ אָרט פאַר קריטיק, און די קריטיק דאַרף און מוז אָנגיין, טאָרן זיי דאָך נישט פאַרטונקלען דאָס פולע אימפּאָנירנדיקע בילד.

מען דאַרף בכלל נישט זײַן קיין שאָוויניסט, כּדי אינמיטן פון דער זעלבסט־קריטיק, וואָס גייט איבער יעדע מאָס, באַהערשט צו ווערן פון ווילן אַרויסצוברענגען די ווערטער, וועלכע דוד המלך האָט געזאָגט מיט דרײַ טויזנט יאָר צוריק, און וואָס זענען פאַרצייכנט אין זיבעטן קאַפּיטל פון ספר שמואל־ב׳: ״ומי כעמך ישראל גוי אחד״ — פאַרט אַן איינציק, אייגנאַרטיק פאָלק; וואָרום אין וועלכן אַנדערן פאָלק שטראָמען נאָך אַזעלכע וואונדער־כּוחות, ווי אין אונזער ייִדיש פאָלק?

# „דער יחוס פון ייִדיש"

די אויבערשריפט אויף דער דאָזיקער עסיי איז גענומען ביי דר. נתן בירנבוים. עס איז כּדאי צו דערמאָנען, אַז נתן בירנבוים האָט בייגעטראָגן זייער אַ וויכטיקן צושטייער צו דער מחשבה און גייַסטיקער קולטור אין דער ביינצייטיקער ייִדישער געשיכטע. „ער איז געווען דער איידעלער ריטער פון מזרח־אייראָפּעאישן ייִדנטום" — האָט וועגן אים געזאָגט שמעון דובנאָוו, „אַ מאַן פון גלייִענדיקן טעמפּעראַמענט, גרויסן פּאַטאָס, און שאַרפער אַנאַליטישער קראַפט פון דענקען" — אַזוי כאַראַקטעריזירט אים זלמן רייזען.

מעגן זייַן באַקאַנט די פּרטים פון זייַן לעבן און ווירקן; פונדעסטוועגן, יעדעס מאָל ווען זיי ווערן פונדאָסנייַ אַרויפגעברענגט, בלייַבט מען שטיין אין באַוואונדערונג פאַר דעם געוואַלטיקן גייַסטיקן אומרו, וואָס האָט אים געשטויסן צו זייַנע רירנדיקע זוכענישן און אימפּאָנירנדיקע דערגרייַכונגען. אויסגעוואַקסן אין דער צווייטער העלפט פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט אין ווין, ווען זי איז געווען די הויפּט־שטאָט פון דער דעמאָלט עקזיסטירנדיקער עסטרייַכיש־אונגאַרישער אימפּעריע, האָט ער אונטער דער השפּעה פון זייַנע עלטערן, וואָס האָבן געצויגן זייער שורש פון די געדיכטע ייִדישע צענטערס אין גאַליציע און קאַרפּאַטן־רוסלאַנד, געטראָגן אַ וואַרעמען און האַרציקן אינטערעס פאַר דער פאַלקסטימלעכקייט פון די ייִדישע ישובים אין מזרח־אייראָפּע. וואָס קען און דאַרף געטאָן ווערן כּדי צו פאַרלייַכטערן זייער מצב, אַרייַנברענגען אַ פאַרבעסערונג אין די באַדינגונגען, אין וועלכע זיי לעבן, און אויך, וואָס קען און דאַרף געטאָן ווערן כּדי ייִדן אין אַנדערע טיילן פון דער וועלט, זאָלן דערקענען און אָפּשאַצן די גייַסטיקע אוצרות, וואָס שייַנען אַרויס גראָד פון דער אָרעמקייט און חשכות, אין וועלכע עס קומען אָפּ זייערע יאָרן די מזרח־אייראָפּעאישע ייִדן?

גלייַך אין פעריאָד, ווען נתן בירנבוים איז נאָך געווען אַ סטודענט, זעען מיר אים אין זייַן ראָל פון אַ קעמפּער קעגן דער אַסימילאַציע. ער האָט דער ערשטער געגרינדעט אַ ייִדישן נאַציאָנאַלן פאַראיין פון אַקאַדעמיקער אין צענטראַל־אייראָפּע,

און אַרײַנגעפּירט אין די דאָזיקע אינגאַנצן אָדער האַלב־אַסימילירטע קרײַזן די אידייע פון ווידעראויפבוי פון ארץ ישׂראל. הערצל איז נאָך דאַן נישט געהאַט דערשינען אין דער ייִדישער עפנטלעכקייט. קיין ציוניזם ווי אַן אָרגאַניזאַציע האָט נישט עקזיסטירט. אָבער נתן בירנבוים האָט שוין דעמאָלט אָפּערירט מיט אָט דעם באַגריף. דאָס איז ער דער פּאָטער פון די אויסדרוקן: ״ציוניזם״, ״פּאָליטישער ציוניזם״. ראָמאַנטיש־אַבסטראַקטע אידעאַלן פון חיבת ציון, מיט וועלכע ס׳האָבן זיך אַרומגעטראָגן אין רוסלאַנד און פּוילן יהודה לייב פּינסקער, פּרץ סמאָ־לענסקין, אחד־העם, משה־לייב ליליענבלום, און אַנדערע, האָבן גראָד בײַ אים אָנגענומען אַ מער רײַפע און קאָנקרעטע פאָרם. ער האָט איבער דער בייטיקייט צו רעאַליזירן די דאָזיקן אידייען אין לעבן, גערעדט, געשריבן, געפירט פּראָפּאַגאַנדע. פאַרשטייט זיך, אַז ער איז געווען צווישן די ערשטע, וואָס זענען צוגעשטאַנען צו הערצלען, ווען נאָך דעם דרײַפוס־פּראָצעס איז הערצל באַגײַסטערט געוואָרן פאַר דער וויזיע פון אַ ייִדישער מדינה. נתן בירנבוים איז געווען פון די הויפּט־רעדנער אויפן ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל אין יאָר 1897. ער איז געוואָרן אויסגעקליבן פאַר גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער נײַ־געגרינדעטער ציוניסטישער באַוועגונג. דער מיט אַ סך טאַלאַנטן באַשאָנקענער, און מיט אומגעוויינלעכן פּערזענלעכן צויבער געבענטשטער פאָלקס־טריבון, איז געשטאַנען אין מיטל־פּונקט פון דער ייִדישער כּלל־טעטיקייט בײַם סוף פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט. ער האָט אַפילו קאַנדידירט ווי אַ דעפּוטאַט צום עסטרײַכישן פּאַרלאַמענט.

אַן אַנדערע זאַך איז אָבער, אַז נתן בירנבוים איז נישט לאַנג פאַרבליבן אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. פאַרוואָס? — מען קען די מאָטיוון אַרויסלייענען פון זײַנע שריפטן, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט אין דײַטש, אין ייִדיש. ער האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן, ווי ער זאָגט, דאָס פאַרנייִנען דעם גלות; דאָס, וואָס ווערט באַצייכנט אין העברעאיש ווי ״שלילת הגלות״. אין דער צײַט, ווען מען האָט נאָך אויף דער טעמע וויניק געשריבן, איז ער אַרויסגעטרעטן מיט התלהבות־דיקע אָפּשאַצונגען וועגן די דויערנדיקע ווערטן, וואָס ייִדן האָבן אין דער גלות־תּקופה געשאַפן און אַרײַנגעבראַכט אין דער ייִדישער געשיכטע. נישט אַלץ איז געווען אָפּשטויסנדיק אין די הונדערטער יאָרן גלות. אין פּײַן און אין פּלאָג זענען אויסגעוואַקסן וויכטיקע מאָנומענטן פון כאַראַקטער, גײַסט און קולטור; צי קען אַ פאָלק זיך פון זיי אָפּזאָגן, צי איז מעגלעך זיי לײַכטזיניק אָפּצוואַרפן? אין זײַן אָפּשאַצונג פון די אומגעוויינלעך־פּאָזיטיווע ווערטן, וואָס זענען אַנטוויקלט געוואָרן אין גלות, דערנענטערט זיך נתן בירנבוים וואָס אַמאָל שטאַרקער צו דער ייִדישער שפּראַך, צו איר ליטעראַטור; און עס ווערט פאַר אים אַלץ קלאָרער די ראָל, וואָס דאָס לשון פאַרנעמט, אין אויפהאַלטן דאָס פאָלק און אויפהיטן זײַן לעבנס־שטייגער. אויב אויך פריִער האָט בירנבוים געשריבן ייִדיש, ווערט איצט ייִדיש־לשון דער פּיבער פון זײַן נשמה. ער לאָזט זיך אַרויס איבער דער וועלט מיט לעקציעס. פאַר

מזרח־אייראָפּעאישע ייִדן רעדט ער וועגן דעם טײַערן אוצר, וואָס זיי פּאַרמאָגן, און וואָס זיי טאָרן אים נישט פּאַרוואַרלאָזן; און פאַר מערב־אייראָפּעאישע ייִדן אַנטפּלעקט ער די גרויסאַרטיק־וואונדערלעכע, פאַר זיי אומבאַקאַנטע, וועלט פון ייִדיש און ייִדיש־שאַפן, און רופט אין איר אַרײַנצודרינגען. ער קומט אויך קיין אַמעריקע, וואו ער רופט דעם דור עמיגראַנטן נישט צו פאַרטאַכלעווען די פאָלקס־רײַכטימער, וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט פון דער אַלטער היים. ער זעצט איבער די פּערל־שאַפונגען פון ייִדיש אויף דײַטש. ער איז ווײַט פון גרינגשעצן דעם נאַציאָנאַלן ווערט פון העברעאיש. איז ער דאָך געווען צווישן די גרינדער אין ווין פון דער העברעאישער אָרגאַניזאַציע "שפה ברורה" — דאָס קלאָרע לשון — מיט דער אויפגאַבע צו פאַרשפּרייטן די קענטעניש פון דער תּנ"ך־שפּראַך אין די יוגנט־קרײַזן. אָבער צי איז דען נישט דאָ אין ייִדישן האַרץ און ייִדישן באַוואוסטזײַן פּלאַץ פאַר ביידע לשונות? ... בירנבוימען באַוועגט די אַנטשלאָסנקייט אויפצוהייבן די חשיבות פון ייִדיש; אַראָפּנעמען פון איר די באַצייכענונג "זשאַרגאָן", וואָס האָט זיך אויף אַן אומגערעכטן אופן צו איר צוגעקלעפּט. וואָס הייסט עס, ייִדיש איז אַ געמישט לשון? צי איז דען פראַנצויזיש אַ שפּראַך, וואָס איז נישט געמישט? צי זענען דען נישט ענגליש און פראַנצויזיש "מיש־לשונות"? פרעגט ער, נישט ווערנדיק מיד איבערצוחזרן, די ריכטיקייט פון זײַנע אַרגומענטן.

אָבער נתן בירנבוים באַגנוגנט זיך נישט מיט דער דאָזיקער טעטיקייט, וואָס ער אַנטוויקלט. זײַן שטרעבונג איז: צונויפרופן אַ קאָנפערענץ פאַר ייִדיש. ער איז דער איניציאַטאָר פון דער קאָנפערענץ פאַר ייִדיש, וואָס קומט פאָר אין טשערנאָוויץ, אין יאָר 1908. י. ל. פּרץ, אין זײַנע באַגריסונג־ווערטער אויף דער קאָנפערענץ, האָט אונטערגעשטראָכן בירנבוימס פאַרדינסטן, וואָס זי האָט געקענט צושטאַנד־קומען. "מיר דאַנקען — האָט ער געזאָגט — דעם דר. בירנבוים, וואָס ער האָט אונז צונויפגערופן"... אָט זענען אייניקע זאַצן פון דער דערעפענונג־רעדע, וואָס בירנבוים האָט געהאַלטן: "רעדן אויף אַן אַנדער לשון, ווי דאָס פאָלק רעדט, און אין וועלכן עס דענקט און פילט, קלאָגט און פרייט זיך, וויינט און לאַכט, הייסט: פאַרלאָזן דאָס פאָלק, צו וועלכן מען געהערט; הייסט: אַליין גיין אויף אַן עולם התוהו, זיך אַליין מאַכן פאַר אַ פאַרוואַגלטן, פאַר אַ פאַרבלאָנדזשעטן פון זײַן היים און פון זײַן פאָלק"... אין די ווײַטערדיקע ווערטער קריטיקירט ער שאַרף די, וואָס שעצן גרינג די שפּראַך, אין וועלכער ייִדן האָבן דורך הונדערטער יאָרן אײַנגעגראָבן "אונזער גײַסט, אונזער הומאָר, אונזער פרייד און אונזער טרויער"...

דאָס איז נתן בירנבוים, אויף דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ, צוגעשטאַנען, אַז אין די רעזאָלוציעס, וואָס זענען אָנגענומען געוואָרן זאָל ייִדיש באַצייכנט ווערן ווי אַ "נאַציאָנאַלע שפּראַך פון אונזער פאָלק". פּרץ האָט זיך באַגנוגנט, אַז מען זאָל ייִדיש כאַראַקטעריזירן ווי אַ "פאָלקס־שפּראַך". אָבער נישט ער, נתן בירנבוים.

אין די רעזאָלוציעס איז בכן געזאָגט געוואָרן: "די קאָנפערענץ אָנערקענט ייִדיש פאַר אַ נאַציאָנאַלע שפּראַך פון ייִדישן פאָלק, און פאָדערט איר פּאָליטישע, קולטורעלע און געזעלשאַפטלעכע גלײַכבאַרעכטיקונג"... ער איז אויך אויסגעוויילט געוואָרן פאַר פּרעזידענט פון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט.

לאָמיר צוגעבן, אַז נאָכדעם, ווי די קאָנפערענץ האָט זיך פאַרענדיקט, באַזעצט זיך בירנבוים מיט זײַן פאַמיליע אין טשערנאָוויץ, און גיט דאָרט אַרויס אַ וואָכנשריפט "דר. בירנבוימס וואָכנבלאַט". זי פאָרדינט צו פאַרנעמען אַ בכבודיק אָרט צווישן די פּעריאָדישע אויסגאַבעס אין ייִדיש; און הגם זי איז דערשינען בלויז אַ קורצע צײַט — צוליב מאַנגל אין געלט־מיטלען — האָט זי דאָך אָנגעזאָגט אויפפרישנדיקע שטרעמונגען און אַ פרישן צוגאַנג צו פּראָגן, וועלכע זענען דעמאָלט געשטאַנען אויפן סדר־היום. ווען איך בלעטער איצט אין די אייניקע נומערן, וואָס האָבן זיך אויפגעהיטן — און צומאָל נישט אַלע געפינען זיך אין דער נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק אין ירושלים — דערמאָנט זי מיר מיט איר ניוואָ דעם העבּרעאישן וואָכנבלאַט "הדור", וואָס דוד פרישמאַן האָט אין אָנהייב פון הײַנטיקן יאָרהונדערט אַרויסגעגעבן אין קראָקע. עס האָבן אין בירנבוימס זשורנאַל זיך באַטייליקט: ה. ד. נאָמבערג; י. ל. פּרץ; אברהם רייזען; ש. י. אימבער; ז. סעגאַלאָוויטש, און אַנדערע פון די, וואָס זענען זיך צונויפגעקומען אויף דער ייִדיש־קאָנפערענץ. אין זײַן אַרײַנפיר־וואָרט צום ערשטן נומער שרײַבט דער רעדאַקטאָר: "איך גיב אַרויס אַ ייִדיש בלאַט, ווײַל איך וויל זײַן צווישן מײַן פאָלק"...

מיטן לויף פון די יאָרן, און בלי־ספק אונטערן אײַנדרוק פון די ווייפּולע דערפאַרונגען, וואָס ייִדן האָבן אַדורכגעמאַכט אין דער צײַט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אַנטשליסט זיך בירנבוים צו אידענטיפיצירן זיך, נישט בלויז מיטן אמת פון די נאַציאָנאַלע און קולטורעלע באַגריפן פון פאָלק, נאָר אויך בפירוש מיט דער ייִדישער רעליגיעזער טראַדיציע. ער שליסט זיך אָן אין דער רעליגיעזער באַוועגונג, אין אגודת ישׂראל. אין די ווערק, וואָס ער פאַרעפנטלעכט אין ייִדיש, העברעאיש, דײַטש, באַהאַנדלט ער די טיפע גײַסטיקע איבערקערעניש, וואָס איז אין אים פאָרגעקומען. "אין גלות בײַ ייִדן", "גאָטס פאָלק", "פון אַן אומגלויביקן אַ גלויביקער", זענען די נעמען פון אייניקע פון זײַנע באַטראַכטונגען־עסייען, וואו דאָס פּראָבלעם פון תּשובה, פון אומקער צו טראַדיציאָנעלער ייִדישקייט, ווערט אַרויסגעבראַנגט. פאַר אַ שטיקל צײַט איז ער דער גענעראַל־סעקרעטאָר פון אגודת ישׂראל. אויך ווען ער זאָגט זיך אָפּ פון זײַן אַמט פאַרבלײַבט ער אַקטיוו אין דער רעליגיעזער באַוועגונג. עס איז נישט גענוג — דערקלערט ער — צו ענדערן זיך אינטעלעקטועל; "מען מוז אַדורכמאַכן אויך די ענדערונג אין דער אויפפירונג, אין דעם לעבנס־שטייגער"... ווי אַלע מאָל, ווי אין זײַן גאַנצער געזעלשאַפטלעכער און קולטורעלער טעטיקייט, וויל אויך אין איצטיקן פאַל בירנבוים נישט וויסן פון קיין פּשרות, דער האַלבער וועג איז נישט זײַן וועג.

מיטן אויפקום פון די נאַציס, פאַרלאָזט ער דײַטשלאַנד, וואו ער האָט אין די דרײַסיקער יאָרן געהאַט זײַן וואוינאָרט, און וואַנדערט אויס קיין האָלאַנד. גענוי ווי אין זײַן יוגנט, פיבערט ער אויך אין אָוונט פון זײַן לעבן מיט די פּראָבלעמען פון פאָלק; מיט די גורל־פּראָגעס, מיט וועלכע עס איז פאַרבונדן דער ייִדישער קיום; מיט די אויסדרוקן פון ייִדישער גײַסטיקייט. און ער לאָזט נישט אַרויס פון האַנט די פעדער, וואָס איז פאַר אים אַן אינסטרומענט פון קאַמף, ביז זײַן לעבן פאַרענדיקט זיך נאָענט צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

די פּערזענלעכקייט נתן בירנבוים, דער אידייען־זוכער, דער באַגריפן־בויער, האָבן געשטעלט, און שטעלן כּסדר אין שאָטן בירנבוימען, דעם ייִדיש־שרײַבער, און דאָס איז אומגערעכט. איבער נתן בירנבוים דעם שרײַבער האָט זיך אויסגעדריקט ה. ד. נאָמבערג: ״איטלעך אַרטיקל פון נתן בירנבוים איז סטיל... ער פאַרמאָגט אַ מוזיקאַלישן סטיל אין ייִדיש, וואָס האָט נישט זײַן גלײַכן, אַ גלות־ליריזם, באַווײַכט און פאַרפײַנט, וואָס באַצויבערט מיט זײַן אייגנטימלעכן חן״...

נישט ווייניק כאַראַקטעריסטיש איז דערבײַ: אין די שריפטן, וואָס זענען אַרויס פון אונטער בירנבוימס פעדער אין דײַטש, איז דער אינהאַלט קאָמפּליצירט, און ווײַט נישט לײַכט צום פאַרדייען, דאַקעגן דאָס, וואָס בירנבוים האָט געשריבן אין ייִדיש, לייגט זיך ממש אין מויל אַרײַן. זײַנע כּתבים אין ייִדיש זענען צוגענגלעך און פאַרשטענדלעך, מעגן זיי באַהאַנדלען שווערע און פאַרפּלאָנטערטע ענינים. אין דעם זין לאָזט זיך פאַרגלײַכן בירנבוימס קלאָרקייט און צוטריטלעכקייט אין דערקלערן זײַנע געדאַנקען, צום דורכזיכטיקן נוסח שרײַבן פון דר. חיים זשיטלאָווסקי — אַן אַנדערער באַטייליקטער אין דער ייִדיש־קאָנפערענץ אין טשערנאָוויץ — אויך ווען ער גראָבט אין די טיפענישן פון דער מחשבה.

צי איז נישט אָט דער, אין די אויגן זיך וואַרפנדיקער, אונטערשייד אין שרײַבן פון נתן בירנבוים נאָך אַ שטריך, וואָס דערלויבט צו וואַרפן אַ בליק אין זײַן פּסיכיק?

איך האָב דאָס מאָל אַרויפגעברענגט די פּערזענלעכקייט פון דר. נתן בירנבוים, ווײַל איך האָב פאַר זיך אַן אָפּהאַנדלונג, וואָס ער האָט מיט יאָרן צוריק פאַרעפנטלעכט, און וואָס טראָגט טאַקע דעם נאָמען ״דער יחוס פון ייִדיש״. זי איז דערשינען אין בערלין, אין דער צײַט, ווען מען האָט דאָרט אַרויסגעגעבן ביכער אין ייִדיש: אין יאָר 1913. אַ דינע בראָשור, איז זי הײַנט־צו־טאָג אַ ביבליאָגראַפישע יקר־המציאות. ווי בירנבוים צייכנט אָן אין זײַן הקדמה, איז דאָס אייגנטלעך געווען אַ פאָרטראָג, וואָס ער האָט געהאַלטן אין ״פאַראיין פאַר ייִדישער ליטעראַטור און קונסט״ אין קעניגסבערג און אין דער ״ייִדישער קולטור־געזעלשאַפט״ אין בערלין. האָב איך זיך אַרײַנגעלייענט אין דער אָפּהאַנדלונג. וואָסער מיטרײַסנדיקע פּראָזע! ווי געוואָגט זענען געווען די געדאַנקען, ווען עס האָט זיי באַדאַרפט אויפנעמען

זייַן דור! ווי אומגעוויינלעך־געוואַגט זענען זיי אויך פאַר אונז, יאַרצענדליקער שפּעטער!

דאָס איז געווען, פאַרשטייט זיך, אַ גאָר פאַרשידענע צייַט. יידיש מזרח־אייראָפּע האָט דעמאָלט אַדורכגעמאַכט זייַן וואונדערלעכן שטורעם און דראַנג. עס האָט געזידט און געקאָכט, מיט סאָציאַלער אַקטיווקייט, מיט פּאָליטישן אויפֿברויז, מיט גייַסטיקער שעפּערישקייט, מיט עטישן אומרו. אַפילו אין פעלד פון דער ווירטשאַפט, וואו כּלערליי רשעותדיקע באַגרענעצונגען האָבן געהאַט דעם ציל צו פּאַראַליזירן יידישע איניציאַטיוו, האָט זיך אַדורכגעבראָכן די יידישע מאַסן־ענערגיע. צווישן נייַן און צען מיליאָן יידן האָבן דעמאָלט גערעדט יידיש. אין רוסלאַנד און פּוילן האָבן נישט ווייניקער ווי פינף און אַ האַלבער מיליאָן אָנגעגעבן אין אַ סטאַטיסטיק, אַז זיי זענען יידיש־ריידנדיקע — פאַרצייכנט בירנבוים, הייַנט וואו בלייַבט גאַליציע און בוקאָווינע — באַמערקט ער — וואו דער רוב רעדט יידיש, וואו בלייַבן ענגלאַנד, רומעניע, און צפון־מזרח־אונגאַרן, וואו איז צפון־אַמעריקע, און וואו פאַרשידענע מזרח־יידישע ישובים, וואָס זענען צעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט?... אַ פאַרשידענע וועלט! עס בעט זיך צוצוגעבן: אַן אַנדערער פּלאַנעט!

דאָס, וואָס טוט ווייַ בירנבוימען איז, אַז זייַט בייַ זייַט מיט דער דאָזיקער אימפּאָנירנדיקערווירקלעכקייט, געפינען זיך צווישן יידן אַזעלכע, וואָס שעצן גרינג דאָס יידישע לשון, און באַציען זיך צו דער שפּראַך אַפילו מיט פאַראַכטונג און האַס. פאַראַן אַזעלכע, וואָס אַרויסהייבנדיק העבּרעאיש, האָבן זיי די כּוונה אויסצורייַסן יידיש מיטן וואָרצל, און זיי מאַכן רוסישקע, ביליקע פּראָפּאַגאַנדע פאַר דער לאָזונג: העבּרעאיש אָדער רוסיש, אָדער וועלכע־עס־איז אַנדערע גוייִשע שפּראַך, אַבי ניט יידיש!... מען האָט געטריבן די דאָזיקע פּראָפּאַגאַנדע אין דער יידישער צעשפּרייטקייט, און אויך אין אויפשפּראָצנדיקן ישוב אין ארץ־ישראל. ווער זענען זיי אָט די, וואָס פירן אַזאַ משונהדיקע אַגיטאַציע? לויט אים זענען דאָס „משׂכּילים־אינטעליגענטן, וואָס זענען זייער, זייער ווייַט פון פאַרשטיין די יידישע געשיכטע, און זייער, זייער נאָענט צו באַליידיקן דאָס יידישע פאָלק". „אינערלעך־דערווייַטערטע" אינטעליגענטן און כּלל־טוער.

לאָזט זיך בירנבוים אַרייַן אין אַ וויכּוח. ער וויקלט פונאַנדער פעריאָדן פון דער יידישער פאַרגאַנגענהייט מיטן ציל צו באַווייַזן, אַז נישט ערשט אין גלות האָבן יידן צוגעטוליעט צו זיך אַנדערע לשונות אויסער לשון־קודש. לאַנג איידער יידן זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון זייער לאַנד האָבן זיי גערעדט אַראַמעאיש, און געשריבן ווערק אין אַראַמעאיש אין ארץ־ישראל. אָבער נישט דאָס איז דער עיקר אין בירנבוימס באַטראַכטונג. אים אינטערעסירט אין דער ערשטער ריי אויפצודעקן דעם יחוס פון יידיש. און אָט דער יחוס נעמט זיך דערפון, ווייַל יידיש

לשון איז דאָס פֿאָלקס־ווערק פון מזרח־אייראָפּעאישע ייִדן, און מזרח־אייראָפּעאישע ייִדן זענען יחסנים, די יחסנים פון דער ייִדישער אומה.

אָט־אַזאָ איז דער געדאַנקען־גאַנג פון נתן בירנבוים, און דאָס איז די טעזע, וואָס ער אַנטוויקלט: ייִדיש האָט טאַקע געהאַט זײַן בראשית צווישן די ייִדן, וואָס האָבן געוואוינט אין דער מיטלאַלטער־תּקופה אויף די ברעגן פון רהײַן אין דײַטש־לאַנד. אָבער אויסגעוואַקסן איז די שפּראַך, ווי אַ באַשטאַנדטייל פון ייִדישקייט, און פון דער ייִדישער פּערזענלעכקייט, ערשט צווישן ייִדן אין מזרח־אייראָפּע. ווי קיין שום אַנדער טייל פון אונזער פֿאָלק, האָבן מזרח־אייראָפּעאישע ייִדן אויפֿ־געהאַלטן אין זיך דורך לאַנגע הונדערטער יאָרן לעבנס־כּוחות און לעבנס־זאַפֿטן. מיט ייִדישקייט עטעמען זייער שבת און יום טוב, און מיט ייִדישקייט איז באַהויכט די וואָך. אין אָט־אַזאַ מיט ייִדישקייט אַדורכגעווייקטן קיבוץ האָט ייִדיש לשון אַרײַנגעזויגן אין זיך ייִדישן געדאַנק און געפֿיל, און באַקומען אַ ייִדיש פּנים. ייִדיש איז אַן אויסדרוק פון אַ פֿאָלק, וואָס האָט באַין אופן נישט געוואָלט פֿאַרלירן זײַן עכטקייט, און זיך אַנטשלאָסן צו פֿאַרבלײַבן געטרײַ צו זײַן שורש. ייִדיש האָט געהאָלפֿן אָם־דעם קיבוץ נישט אַרויפֿצוגיין אויפֿן וועג פון אַסימילאַציע. דאָס פֿאָלק האָט געזוכט קיום און תּיקון, און פֿאַרשטאַנען, און געפֿילט, אַז שפּראַך איז מוראדיק וויכטיק כּדי צו פֿאַרבלײַבן געטרײַ צו זיך. אין אַנדערע ייִדישע קיבוצים האָט מען דאָס נישט פֿאַרשטאַנען גענוג.

"איך האָב גאָרנישט — זאָגט בירנבוים — צו די אַנדערע גרופּעס פון ייִדישן פֿאָלק; איך האָב זיך קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט פון זיי; איך האָב קיינמאָל נישט פֿאַרלאַנגט, אַז מזרח־אייראָפּעאישע ייִדן זאָלן זיך אָפּזאָגן פון זיי, נישט באַטראַכטן זיי ווי ברידער; אָבער מען מוז געדענקען, אַז מזרח־אייראָפּעאישע ייִדן זענען נישט פֿאַרוועפּט און פֿאַרדרימלט געוואָרן, זיי זענען נישט קיין פֿאַרגוייִשטע איי־ראָפּייער און נישט קיין פֿאַרוויאַנעטע אָריענטאַלן, נאָר טאַקע לעבעדיקע ייִדן, וואָס דאָס ייִדישע לעבן שפּראָצט און שפּריצט אַרויס פון זייערע ווערטער און פון זייערע מעשׂים. ווען מען וועט אָנהייבן זען די אמתע מיוחסים פון פֿאָלק, וועט אַרײַן אין קאָפּ, אַז די שפּראַך פון די מיוחסים, איז אַליין אויך אַ מיוחסת".

צוזאַמען מיט דער איבערצייגונג, אַז די שפּראַך פון תּנ"ך איז, ווי ער דריקט זיך אויס, "דערהויבן און אייביק ווי די הימלען, אַ באַזונדערער חסד, וואָס איז געטאָן געוואָרן מיטן ייִדישן פֿאָלק", ווייסן מזרח־אייראָפּעאישע ייִדן, אַז ייִדיש איז "די שטאַרקייט און אינטימקייט פון זייער לעבן".. "די תּפילה 'גאָט פון אברהם', וואָס ייִדישע מאַמעס פּליסטערן, קומט אַרויס אַזוי צאַרט, ווייך און חנעוודיק; די ייִדישע ווערטער, וואָס קינדער רעדן, קלינגען אָפּ אַזוי פֿײַן און האַרציק; די רייד פון די מגידים גלעטן און וואַרעמען; אין די ייִדישע לידער עפֿנט זיך אַ וועלט מיט שיינקייט און קדושה"... אַנדערע טיילן פון פֿאָלק זענען אויסגעטרוקנט געוואָרן, מזרח־אייראָפּעאישע ייִדן האָבן אויפֿגעהאַלטן זייער ענטוזיאַזם אין נחת

און אַנגסט. אויסגעטראָגן און אויסגעוואָרעמט צווישן יחסנים, איז ייִדיש אָנגעפּראָפּט מיט פּאָלקס־יחוס.

דאָס איז, בקיצור, די טעזע, וואָס נתן בירנבוים האָט אויסגעלייגט. אָן עכאָ פון ווייַט־ווייַטע צייַטן. ווער וועט זיך אונטערנעמען הייַנט אַרויסצוקומען מיט אַזעלכע קלאָרע און שאַרפע דיבורים? ווער וועט הייַנט זיך אונטערגאָרטלען מיט מוט אויפצוהייבן אַט אַזאַ געזאַנג פון פּאַטאָס וועגן דעם פאַרשניטענעם ייִדישן קיבוץ, און וועגן די קולטורעלע ווערטן, וואָס ער האָט געשאַפן, זייַן שפּראַך אייַנשליסנדיק?

אַפילו מזרח־אייראָפּעאישע ייִדן, זענען, בייַ דער רעדוצירטער צאָל, אין וועלכער זיי זענען פאַרבליבן נאָכן נאַצי־חורבן, אַרייַנגעפאַלן אין אַ מוראדיקן מינדערווערטיקייט־קאָמפּלעקס. מען טרעפט זיך אויפן קאָמפּלעקס אָן אין מדינת ישראל. מען באַגעגנט אים אין גאָר דער ייִדישער וועלט.

איז דערפאַר אַזוי אויפפרישנדיק צו שפּאַצירן אין גאָרטן פון געדאַנקען פון נתן בירנבוים. ווי טרעפלעך זענען די ווערטער, וואָס שמעון דובנאָוו האָט געזאָגט וועגן אים: ער איז געווען דער איידעלער ריטער פון מזרח־אייראָפּעאישן ייִדנטום.

# דער געשיכטלעכער דערנער־וועג פון ייִדיש

עס איז אַ טעות צו רעכענען, אַז אויפֿן דערנער־וועג איז ייִדיש אַרויפֿגעגאַנגען ערשט אין אונזער צײַט. שוין אין די טעג פֿון איר בראשית, האָט ייִדיש זיך אָנגעטראָפֿן אויף שטיינער און מכשולים; און זיי זענען אויך נישט אַוועקגענומען געוואָרן בעת דער וואונדערלעכער אַנטוויקלונג פֿון דער שפּראַך און איר קולטור. אויב עס האָט זיך אויסגעוויזן אין פֿאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, אַז צוזאַמען מיט די נײַע קולטור־באַגריפֿן, וועט אין אַלע ספֿערן אַרײַנטרעטן פֿאַרשטענדעניש פֿאַר ייִדיש־לשון, האָט מען זיך שנעל איבערצײַגט, אַז אַזוי איז נישט געשען. ייִדישע געלערנטע, יעדנפֿאַלס אַ גאַנץ שפּאַרער טייל פֿון זיי, האָבן נישט אויפֿגעהערט איבערצוחזרן די באַשולדיקונגען, וועלכע עס האָט אַרויסגערוקט וואַגענזייל, דער דײַטשער פֿאַרשער פֿון זיבעצנטן יאָרהונדערט. ייִדן, האָט ער געזאָגט, האָבן "געלעסטערט" די דײַטשע שפּראַך; זיי האָבן זי פֿאַרדאָרבן; זיי האָבן געמאַכט פֿון איר אַ "פֿאַרזועניש"...

עס קומט ממש אויס אומגלויבלעך, ווער פֿון די ייִדישע ערודיטן און היסטאָריקער ס'האָט זיך אַלץ געשטעלט אין קעגנערשאַפֿט צו ייִדיש. צונץ, וועלכער ווערט מיט רעכט באַטראַכט ווי דער פֿאָטער פֿון דער מאָדערנער קולטור־וויסנשאַפֿט צווישן אונזער פֿאָלק, האָט געהאַלטן, אַז ייִדיש איז אַ "צעקאַליעטשעטער דײַטש", און מען דאַרף פֿון דער דאָזיקער שפּראַך וואָס גיכער פּטור ווערן. דער גרויסער היסטאָריקער גרעץ האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט פֿון אויסדריקן זײַן מיינונג, אַז ייִדיש איז "מיאוס", "אַ נמאסדיקער דיאַלעקט", ממש "אַ האַלב־סירישע שפּראַך" אַ נעגאַטיווע דערשײַנונג; געננוי ווי עס זענען אין די אויגן פֿון גרעצן נעגאַטיווע דערשײַנונגען אין אונזער קולטור־געשיכטע די מיסטישע שטרעמונג און די חסידות־באַוועגונג. דער אַזוי פֿאַרדינסטפֿולער ביבליאָגראַף שטיינשנײַדער האָט דערקלערט, אַז דער "ייִדישער זשאַרגאָן" איז אים "דערווידער". צו דעם זעלבן אויספֿיר איז דערגאַנגען אין זײַנע פֿאָרשונגען גייגער. ייִדיש, ייִדישע ליטעראַטור, זענען, לויט זײַן באַצייכענונג, "אַ געשמאַקלאָזיקייט".

מען איז אָפּילו אַרויסגעקומען מיט אַ מכלומרשט־וויסנשאַפֿטלעכער טעאָריע, וואָס איז פּאַקטיש געווען פֿאַלש פֿון אָנהייב ביזן סוף. לויט אָט־דער טעאָריע

האָט דער „ייִדיש־זשאַרגאָן" בכלל זיך נישט אויסגעפורעמט אין דײַטשלאַנד, נאָר מחוץ די דײַטשע גרענעצן. דאָס איז אַ ווילדער געוויקס, וועלכער איז אימפּאָרטירט געוואָרן פון דער פרעמד. געמיינט האָט דאָס צו זאָגן, אַז אין משך פון דער מיטלאַלטער־תקופה האָבן ייִדן אין דײַטשלאַנד גערעדט די דײַטשע דיאַלעקטן, געננוי אַזוי ווי אַלע דײַטשן. ערשט מזרח־ייִדן, פון פּוילן און אוקראַינע, האָבן אַרײַנגעפירט קיין דײַטשלאַנד דעם „זשאַרגאָן". דאָס האָט פּאַסירט אין מיטן זיבעצנטן יאָרהונדערט, ווען זיי זענען אַנטלאָפן פון די שחיטות פון כמיעלניצקיס קאָזאַקן — אין דער צײַט פון די גזירות ת״ח, אַזוי ווי זיי ווערן אָנגערופן אין דער ייִדישער כראָניק — און געזוכט רעטונג אין דײַטשלאַנד, דעמאָלט איז אַרײַנגעדרונגען דער „ייִדיש־פּאָלנישער זשאַרגאָן"...

עס האָט נישט געהאָלפן, וואָס גראָד איינער פון די פּרעסטיזשפולע ייִדיש־דײַטשע געלערנטע, מאַרקוס יאָסט, האָט אין נאָמען פון געשיכטלעכן אמת אויפגעוויזן, אַז שוין לאַנגע יאָרהונדערטער פריִער האָבן ייִדן אויף די ברעגן פון רהײַן, און אין שכנותדיקן פראַנקרײַך, גערעדט לשון־אשכּנז, ווי מען האָט אָנגערופן צווישן ייִדן דאָס ייִדישע לשון, און אַז ייִדיש דאַרף דעריבער באַטראַכט ווערן ווי אַ ייִדיש־דײַטשער פּראָדוקט אין זײַן אָנהייב־פּעריאָד. מען האָט מיט אַ בפירושער אַנטי־ייִדיש טענדענץ נישט אויפגעהערט איבערקײַען די פּרוכנע טעאָריע, אַז דאָס לשון איז נאָך אַן „אָסט־ייִדישע" פּרוכט, וואָס איז אַדורכגעוועלקט דורך און דורך!...

זיי זענען נישט געווען די איינציקע. נאָך פריִער האָט דער פילאָסאָף משה מענדעלסאָן, דער גרינדער פון דער באַוועגונג פאַר אויפקלערונג, אָדער ווי זי ווערט באַצייכנט אין דער ייִדישער געשיכטע: די השׂכּלה — איבערגעזעצט דעם חומש אויף דײַטש (געשריבן מיט ייִדישע אותיות), כּדי אָפּצורײַסן ייִדן פון די תּנ״ך־איבערזעצונגען אויף ייִדיש, וועלכע זענען דאַן געווען שטאַרק פּאָפּולער צווישן עולם. אַזוי ווי דער חומש אויף ייִדיש איז געווען מער באַליבט צווישן די לייענער, ווי דער חומש אויף דײַטש, האָבן מענדעלסאָנס נאָכפאָלגער זיך נישט אָפּגעהאַלטן פון אַ ווײַט נישט־עטישן שריט. זיי האָבן די דײַטשע איבערזעצונג פאַרעפנטלעכט אין באַזעל מיטן שער־בלאַט פון טײַטש־חומש, רעכענענדיק, אַז אַזוי אַרום וועט געלונגען אָפּצוציִען ייִדן פון „זשאַרגאָנישן" פאָלקס־ספר.

די זאַך איז אָפּגעטאָן געוואָרן. אָבער קיין רעזולטאַטן האָט דאָס נישט געבערענגט. ייִדן זענען נישט אָוועקגעגאַנגען פון חומש אויף ייִדיש... צומאָל אַן אַנדערער שריט, וואָס מענדעלסאָן איז באַגאַנגען, האָט נישט געווירקט, אַז מען זאָל טאַקע זיך צונויפבינדן מיט דײַטש. אין נאָמען פון די אויפקלערונג־אידייען האָט מענדעלסאָן זיך געוואָנדן צו די מאַכט־אָרגאַנען, נישט צו דערלויבן ייִדן אָפּצוגעבן אַ שבועה פאַרן געריכט אין ייִדיש. עס האָבן נישט געפעלט קיין ענטו־

זיאַסטישע אָנהענגער פון דער אויפקלערונג־באַוועגונג, וועלכע האָבן אים אונטער־געשטיצט אין זײַן אינטערוועניץ. פון אַלע זײַטן האָט מען געלייגט שטיינער אויפן וועג פון ייִדיש.

צײַטן האָבן זיך געענדערט, און מיט זיי פאַרהעלטענישן און אומשטענדן; אָבער די דערנער, וועלכע זענען זיך צונויפגעוואַקסן מיט ייִדיש, האָבן נישט אויפגעהערט באַגלייטן די שפּראַך און איר קולטור. בעת דער שרײַבער און משׂכּיל מענדל לעפין־סאַטאַנאָווער האָט אין אָנהייב נײַנצנטן יאָרהונדערט איבערגעזעצט דעם תּנ״ך־ספר משלי אויף אַ פאָלקסטימלעכן ייִדיש, איז אויף אים אָנגעפאַלן אַן אַנדערער שרײַבער, טוביה פעדער, מיט אַ שאַרפער און בײַסיקער קריטיק. טוביה פעדער האָט געשריבן אין זײַן העברעאישן פאַמפלעט: ״שפּאָט און שאַנד צו דער נײַער איבערזעצונג פון ספר משלי, וואָס איז פול מיט שמוץ און עקל... אויף שטיקער דאַרף זי צעשניטן ווערן, אויפן פײַער דאַרף זי צעברענט ווערן, איר נאָמען זאָל מער נישט דערמאָנט ווערן. די פאַרעיפּושטע מגילה, וואָס דער אויף דער עלטער פאַרנאַרישטער מענדל סאַטאַנאָווער האָט געשאַפן, האָט נישט קיין טעם, און נישט קיין ריח. זי וויל רק געווינען חן אין די אויגן פון קעפּס־ווײַבער און מיידן. אָבער אויך זיי ווײַכן פון אים און דערקלערן: קאַרג פאַרמאָגן מיר משוגעים. איז נאָך דער דאָזיקער מאַן געקומען זיך משוגע מאַכן״...

אמת, מענדל לעפין־סאַטאַנאָווער האָט געפונען עמעצן, וואָס האָט זיך פאַר אים אָנגענומען. יעקב שמואל ביק, אַ געלערנטער און אָנגעזעענער אין די משׂכּילים־קרײַזן, האָט גראָד יאָ אָפּגעשאַצט די ווערטן פון ייִדיש. אין אַ מוטיקן אָפּרוף האָט ער דערמאָנט די קעגנער פון ייִדיש־לשון, אַז אויף דער דאָזיקער שפּראַך ריידן שוין ייִדן זינט הונדערטער יאָרן, ייִדיש האָבן גערעדט און אויף ייִדיש האָבן געדענקט גרויסע פּערזענלעכקייטן, ייִדישע גײַסטיקייט האָט אין ייִדיש געפונען אַן אויסדרוק. ער האָט געפרעגט: פאַרוואָס מעגן אויף כּלערליי שפּראַכן איבער־געזעצט ווערן ספרים פון תּנ״ך; און צי איז נישט רעכט, אַז אויך אין ייִדיש זאָלן זיי דערשײַנען?

דאָס האָט נישט אָפּגעשטעלט די אַרויסטריטן קעגן ייִדיש. אין אונזער דור זענען זיי דערגאַנגען ביז צו דער משונהדיקער, אַבסורדאַלער לאָזונג: העברעאיש אָדער רוסיש, אַבי נישט ייִדיש!... כּל המיני מיטלען האָט בײַגעוואויגט אונזער דור, וואָס זענען אָנגעוואַנדן געוואָרן, כּדי אַראָפּצונידערן די חשיבות פון ייִדיש, פאַרמינערן אירע פאַרדינסטן, אָפּרײַסן פון איר די ייִדישע מאַסן...

יאָ, אַ וועג פון דערנער האָט אַדורכגעמאַכט ייִדיש אין די קרוב טויזנט יאָר פון איר עקזיסטענץ.

און דאָך איז ייִדיש אַרײַנגעדרונגען אין דער געשיכטע פון אונזער פאָלק. זי האָט זיך צונויפגעפלאָכטן מיט דער ייִדישער נשמה און געגעבן אויסדרוק צום

יִדישן האַרץ אין מזרח־אייראָפּע, און אויך אין באַדײַטנדיקע טיילן פון מערבֿ־אייראָפּע. מען רעכנט אויס, אַז אָנהייב הײַנטיקן יאָרהונדערט האָבן אַכציק פּראָצענט פון אונזער פאָלק גערעדט יִדיש. די שפּראַך האָט אײַנגעזאַפּט אין זיך פאָלקסטימלעכע וואַרעמקייט, און דער יִדישער מענטש האָט געפילט די וואַרעמקייט, מיט וועלכער זי אָטעמט. זי האָט זיך באַרײַכערט מיט באַגריפן און אויסדרוקן פון העבּרעאיש און פון די סלאַווישע לשונות. זי איז די איינציקע שפּראַך אין אונזערע לשונות־דערפאַרונגען, וואָס דאָס פאָלק האָט זי אָנגערופן "יִדיש", אָן שום זײַט־באַמערקונגען. מען האָט געוואוסט בײַ יִדן, אַז העבּרעאיש איז לשון קודש — דאָס הייליקע לשון — אַז אַראַמעאיש איז די שפּראַך פון דער גמרא, און אַז אויף אַראַמעאיש זאָגט מען קדיש; מען האָט דערבײַ געוואוסט, אַז יִדיש, הגם זי דינט פאַרן טאָג־טעגלעכן באַנוץ, קאָנצענטרירט זי אין זיך יִדישע געפילן, שטרעבונגען, איבערצייגונגען, בענקענישן. מען האָט געהאַט דעם אײַנדרוק, ווי זי וואָלט אַרויפגעלייגט אַ חותם פון יִדישקייט אויפן וואָכנדיקן לעבן, וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט אין דער קריסטלעכער אייראָפּע; אין דער קריסטלעכער וועלט, וואו יִדן האָבן געוואוינט.

צווישן די שפּראַכפאָרשער פון יִדיש גייען אָן פאַרשידענע מיינונגען, צי האָט דער יִדישער, יִדישלעכער לעבנס־שטייגער, אָדער האָבן די ווירטשאַפטלעכע פאַרהעלטעניש באַוואויגן צו דער גיכער אַנטוויקלונג פון יִדיש? דאָס הייסט, צי האָט די נויטווענדיקייט אויסצושמידן יִדישלעכע אויסדרוקן אָדער גאָר די באַ־דערפעניש זיך צו פאַרשטענדיקן אויף אַן אייגענער, אוניווערסאַלער שפּראַך, מיט־געווירקט צום האַסטיקן, אימפּעטפולן, סטיכישן אויסוואוקס פון יִדישן לשון. עס האָבן אין דער פראַגע, און אין אַלע אַנדערע פּראָבלעמען, וואָס זענען געבונדן מיט דער שפּראַך, זיך געגריבלט ישׂראל צינבערג, מאַקס ווײַנרײַך, שלמה בירנבוים, יצחק שיפּער, נח פּרילוצקי, נחום שטיף, מאַקס עריק, בער באָראָכאָוו. געווען אַזוינע, וואָס האָבן אַרויסגעבּרענגט בעיקר די אינטימקייט און פּשטות, וואָס זענען דער אייגנטימלעכער שטריך פון יִדיש זינט דעם באַגינען; געווען אַנדערע, וועלכע האָבן באַוויזן, אַז אויך חריפות און שאַרפקייט האָבן אַרויסגעפינקלט פון יִדיש־לשון גלײַך פון בראשית. דערויף זאָגן עדות די אָן אַ שיעור ראשי־תּיבות, מיט וועלכע זי איז געווען אָדורכגעפלאָכטן, ווי למשל: ר"ד האָט באַדייט ראשית דבר, ח"ו האָט געמיינט צו זאָגן חס ושלום, ע"ז איז געווען דער טײַטש עבודה זרה, אָדער גאָר על זאת, און אַזוי ווײַטער און ווײַטער. יִדיש איז צוזאַמען מיט יִדיש האַרץ, וואָס שטראָלט אַרויס פון איר, יִדישער מוח. ביידע האָבן זיך אויפן סאַמע נאַטירלעכסטן אופן אין איר צונויפגעפּאָרט: צאַרטער געפיל און שאַרפער שׂכל, ווייכע צערטלעכקייט און אײַזערנע קשיא. אָן שום ספק האָט יִדיש, שוין בײַם געבוירן ווערן, געדינט ווי דאָס לשון צום דאַווענען און טון תּפילה. אין גרויסן עטישן ספר, וואָס איז אָנגעשריבן געוואָרן אין דײַטשלאַנד אין מיטלאַלטער — ספר

חסידים — איז געשטאַנען, אַז ווען עס וועט קומען צו דיר אַ ייִד, וואָס פֿאַרשטייט נישט קיין לשון קודש, און ער וועט האָבן דעם הייסן באַגער צו טון תּפֿילה, אָדער עס וועט קומען אַ ייִדענע מיט דעם ווילן צו דאַווענען, הגם זי פֿאַרשטייט נישט דאָס לשון פֿון סידור, זאָלסטו זיי זאָגן, אַז זיי זאָלן דאַווענען אויפֿן לשון, וואָס זיי פֿאַרשטייען, וואָרום תּפֿילה איז דאָס געבעט פֿון האַרץ. עס איז דעריבער נישט קיין וואונדער, וואָס צו די ערשטע שאַפֿונגען אין ייִדיש געהערן תּפֿילות, תּחינות, פּיוטים. אָבער אין אַ קורצער צײַט איז פֿאַרצווײַגט געוואָרן דער כאַראַקטער פֿון די ייִדיש־שאַפֿונגען. מען האָט גערעדט אויף ייִדיש נישט בלויז צום הימל, נאָר אויך צו מענטשן אויף דער ערד. מען האָט געזונגען לידער אין ייִדיש; מ׳האָט זיך דערציילט מעשׂהס, מ׳האָט געשילדערט איבערלעבונגען.

מעגלעך, אַז דערפֿאַר, ווײַל ייִדיש איז אַן וועלכער עס איז פֿאַרזוימעניש געוואָרן דער רייד־אינסטרומענט פֿון פֿאָלק, האָט מען זיך נישט אַרומגעזען, אַז וויכטיקע ליטעראַרישע שאַפֿונגען זענען אין דער דאָזיקער שפּראַך אַנטשטאַנען נישט דווקא מיט מענדעלע־מוכר־ספֿרים, שלום־עליכם אָדער י. ל. פּרץ, די בויער פֿון דער מאָדערנער ייִדישער ליטעראַטור. מיט לאַנגע יאָרהונדערטער צוריק האָט אַ גוט־באַקאַנטע ייִדישע פּערזענלעכקייט, אַ באַדײַטנדיקער געלערנטער און פֿאַר־שער — אליהו בחור איז געווען זײַן נאָמען, און מען האָט אים אויך גערופֿן אליהו אַשכּנזי אָדער אליהו לעוויטאַ — באַרײַכערט די ייִדישע ליטעראַטור אין מיטלאַלטער מיט זײַנע דערציילונגען. ער האָט געלעבט אין דער רענעסאַנס־תּקופֿה, און געקומען איז ער פֿון דײַטשלאַנד, פֿון נירענבערג, אָבער געווען איז ער געיאָגט פֿון אומרו, וואָרום ער האָט פֿאַרקערט אין פֿאַרשידענע לענדער און שטעט. ער האָט געשריבן אויף פֿאַרשידענע טעמעס, ער האָט זיך פֿאַרטיפֿט אין דער פֿילאָ־לאָגיע, אין דער מיסטיק, אין דער ייִדישער פֿאַרגאַנגענהייט — און אויך אין פֿעלד פֿון דער דערציילונג אויף ייִדיש איז ער אַרײַנגעטרעטן. ער איז דער מחבר פֿון ״בבא־בוך״ און ״פּאַריז און וויענאַ״, ריטער־ראָמאַנען, וועלכע האָבן צוגעצויגן דעם לייענער, און פֿאַר אים אַנטפּלעקט אין ייִדיש די וועלט פֿון די פּרינצן און פּרינצעסינס, זייערע דערפֿאַרונגען און אַוואַנטורעס. ייִדיש האָט זיך באַוויזן אין איר מעגלעכקייט צו פֿיגורירן ווי אַ ליטעראַרישע שפּראַך, צו זײַן אַ נאַציאָנאַלער קולטור־אוצר, און אויך עפֿענען אַ פֿענסטער צו דער וועלט. הגם עס זענען נאָך נישט דערשינען קיין צײַטונגען, האָט מען מיט ייִדיש געקענט קוקן אויף דער וועלט.

פֿון די אַלטע צײַטן איז אויך פֿאַרבליבן אין דער ייִדישער ליטעראַטור דאָס בוך זכרונות פֿון גליקל האַמיל. אַ פֿרוי פֿון האַמבורג, אין דײַטשלאַנד, האָט זי אָנגעשריבן מעמואַרן, וועלכע האָבן נישט צו זיך קיין גלײַכן מיט זייער פֿיל־פֿאַרביקייט און טיפֿקייט. גליקל האַמיל — אָדער ווי זי ווערט אָנגערופֿן גליקל האַמילן — דערציילט וועגן זיך, וועגן איר פֿאַמיליע און וועגן ייִדישן לעבן אין איר

תּקופה, די צווייטע העלפט פון זיבעצנטן יאָרהונדערט. מען קען דורך אירע זכרונות זיך דערוויסן וועגן די גײַסטיקע דערפאַרונגען פון דער ייִדישער געזעלשאַפט אין יענער צײַט, וועגן די סאָציאַלע פּאַרהעלטענישן און עקאָנאָמישע אומשטענדן, און דער עיקר וועגן די נשמה־איבערלעבונגען. מען באַקומט אַן אַרײַנבליק אין דער אינערלעכער ייִדישער וועלט, און מער ווי פילאָסאָפישע באַטראַכטונגען, גיט דאָס דאָזיקע ייִדישע ספר אַן ענטפער אויף דער פראַגע, ווי אַזוי איז אונדזער פאָלק געלונגען איבערצוהאַלטן די שווערע און ביטערע צײַטן, און מיט גלויבן און בטחון אויפצוהאַלטן די אומבויגעוודיקייט פון כאַראַקטער און אומגעבראָכנקייט פון דער מאָראַל.

אַן אוצר נישט אָפּצושאַצן איז דער בײַטראַג פון חסידות צו דעם אויפשטײַג פון דער ייִדיש־קולטור. מען האָט זיך אויסגעטענהט, זיך געקריגט, זיך איבער־געבעטן, מיט דעם רבונו־של־עולם אויף ייִדיש. ר׳ ישׂראל בעל־שם־טוב, דער גרינדער פון דער באַוועגונג, זײַנע תּלמידים, האָבן אין ייִדיש אויסגעלייגט זייער געמיט. ר׳ נחמן בראַצלאַווער האָט זײַנע מעשׂהס געצויגן, ר׳ לוי יצחק בערדיטשעװער האָט זײַן ״דודעלע״ אויסגעזונגען.

דאָס עלטסטע געדרוקטע בוך אין ייִדיש, וואָס איז צו אונדז דערגאַנגען, איז אַ ספר, וואָס איז דערשינען אין קראָקע אין יאָר 1534. דער מחבר איז געווען ר׳ אַנשל, אַ ייִד אַ למדן, און דאָס ספר איז אַ קאָנקאָרדאַנץ אין ייִדיש. ווערטער פון תּנ״ך ווערן פאַרטײַטשט אויף ייִדיש, און עס ווערט אָנגעגעבן זייער קוועלע. אָבער מען נעמט אָן, אַז נאָך פריִער זענען געדרוקט געווען ייִדיש־ספרים, נאָר זיי זענען פאַרלוירן געגאַנגען.

די פּאָר אָנגעגעבענע נעמען פון אַמאָליקע ייִדישע מחברים און אויסגאַבעס שעפּן ווײַט נישט אויס די רשימה, וואָס פאָרדינט פאַרצייכנט צו ווערן. דער טײַטש־חומש למשל, וואָס אים האָט אָנגעשריבן דער מגיד ר׳ יעקב בן יצחק פון יאַנאָווע, אין פּוילן, פאַרדינט אַרײַנגענומען צו ווערן צווישן די מערקווירדיקע ספרים, וואָס זענען דערשינען בכלל בײַ ייִדן. דער טײַטש־חומש איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין הונדערטער אויפלאַגעס כּמעט אין אַלע ערטער פון דער ייִדישער צעשפּרייט־קייט. אין אים האָבן זיך פאַראייניקט היסטאָרישער זכרון און דערפאַרונגען פון דער קעגנוואַרט, ווי און האָפענונג, טרער און מונטערקייט. ייִדיש האָט אַנטוויקלט אין זיך — ביז דער תּקופה פון דער מאָדערנער ייִדיש־קולטור — האַנט־ספרים פון ייִדישער געשיכטע. ווען מיר זאָלן דערמאָנען לכל הפחות דעם ״ספר יוסיפון״, וואָס איז אין משך פון דורות געווען דאָס האַנטבוך פון דער ייִדישער געשיכטע פאַרן פאָלק; די איבערזעצונג אויף ייִדיש פון דער כראָניק פון ערשטן היסטאָריקער פון פּוילישן ייִדנטום, נתן־נטע האַנאָווער, אַגב אַ געגראַמטע איבערזעצונג; די שילדערונגען פון דער שטורמישער שבתי־צבי־תּקופה, פון וועלכע מען קען ערשט געווינען אַ באַגריף וועגן דער באַוועגונג פון פאַלשן משיח און איר ווירקונג צווישן

די פאָלקס־מאַסן. אָפּגערעדט פון די פֿאַרשידענע דאָקומענטן, שפּרוכן, פאָלקס־ווערטלעך, יום־טוב־שפּילן, פאָלקס־לידער, וויג־לידער, וואָס זענען פֿאַרבליבן אין דער דאָזיקער שפּראַך, און דורך וועלכע מען קען וואַרפן אַ בליק אינעווייניק, אין דער ייִדישער נשמה.

ייִדישע ליטעראַטור פון די אַלטע צײַטן איז נישט בלויז אַ מאַטעריאַל פאַר פֿאַרשער און גריבלער; ווען מען דערלאַנגט זי אין פּאַסיקע אויסגאַבעס, וואָלט יעדער איינער געקענט דערזען, וואָסער שפּיגל זיי שטעלן צו פון ייִדישן מאַן, פרוי און קינד, אין די פֿאַרלאָפענע תּקופֿות. ייִדיש איז אונזער נאַציאָנאַל פֿאַרמעגן, און פֿאַרט האָבן די שפּראַך און איר קולטור כּסדר זיך אָנגעטראָפן אויף שטיינער, און פון אַזויפיל זײַטן האָט מען אָנשטאָט בלומען, איר אַנטקעגנגעטראָגן דערנער, דערנער, דערנער . . .

אַנטקעגן וואָס איז דאָס אַלץ, וואָס מיר האָבן אָנגעצייכנט, געזאָגט געוואָרן? דער וועג פון דערנער פאַר ייִדיש ציט זיך כּסדר. די דערנער זענען נאָך דאָרנדיקער און שטעכיקער געוואָרן. איצט, נאָך דער האַק פון פֿאַרלענד, וואָס האָט זיך אויפֿגעהויבן קעגן ייִדישן מזרח־אייראָפּע, זענען זיי נאָך שטאַרקער געוואָרן אין צאָל. און דאָך האַלטן מיר, אַז ייִדיש האָט נאָך אַ סך ווערטער און ווערטן פון דויערנדיקן אינהאַלט צו ברענגען צום פֿאָלק, און האָט נאָך ווײַט נישט אָפּגעזאָגט דאָס לעצטע וואָרט. גראָד אין די לעצטע יאָרצענדילקער טרעפט מען זיך אָן אויף אַ מעכטיקער בענקשאַפט צו דער ייִדישער שפּראַך און קולטור. און איך ווייס, בענקשאַפט איז נישט אַזוינס, וואָס איז ממשותדיק. אָבער בענקשאַפט איז פֿאַרט אַ מעכטיקער כּוח, וואָס קען באַווײַזן וואונדער.

מען האָט, זינט ייִדיש האָט זיך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען, געצווייפלט אין דער צוקונפט פון ייִדיש. עס לאָזט זיך זאָגן, אַז ייִדיש איז געבוירן געוואָרן מיט אַ צווייפל, אין וועלכן עס האָט דאָך אַרײַנגעשטראַלט גלויבן. און דער גלויבן האָט מנצח געווען איבער דעם צווייפל.

אברהם סוצקעווער איז באַלד נאָך דער מלחמה אין איינער פון זײַנע אָדעס צו ייִדיש אַרויסגעטראָטן קעגן די נביאותן פון אונטערגאַנג און געזאָגט: "וואָס פֿאַראַ קאַטאָוועסדיקע וויצן דרשנט מײַן פּאָעזיע־ברודער מיט די באַקנבאַרדן, אַז מײַן מאַמע־לשון גייט באַלד אונטער? מיר וועלן נאָך אין הונדערט יאָר אַרום דאָ קענטיק זיצן און פירן די דיסקוסיעס בײַ דעם ירדן" — — —

בינם העלער זינגט אין זײַן ליד וועגן ייִדיש: "...די שפּראַך — זי לעבט אויך דעמאָלט ווען זי דאַרף באַקלאָגן, און זאָפּטן האָט זי נאָך אין זיך אַ סך, און סודות האָט זי נאָך אויסצוזאָגן, און ווייסט נישט, אַז מען האָט זי אויסגעראָטן" — — —

דער זעלביקער אָטעם פון גלויבן גייט אויך אויף פון די פערזן פון דוד

האָפשטיין:

„אין ייִדישן וואָרט, ווי ס'איז ווילד, ווי ס'איז מילד, ווי ס'איז טייער,
איז פֿאַראַן אַזאַ רוף צו באַנייאונג, איז פֿאַראַן אַזאַ העלישער פֿייער,
אַז ווינטן, וואָס ציִען אויף וועלטישע ברייטע באַראָטן,
ניט קענען פֿאַרבלאָזן זײַן גליִענדן אָטעם."

די קאָנפֿערענץ אין טשערנאָוויץ, האַרט פֿאַרן אויסברוך פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה, די היסטאָרישע קאָנפֿערענץ פֿאַר ייִדיש, האָט אויפֿגעוויקלט דעם גרויסן יחוס פֿון ייִדיש, לויטן אויסדרוק פֿון נתן בירנבוים, וועלכער איז געווען דער, וואָס האָט דעם צונויפֿפֿאָר אָרגאַניזירט. אָבער דעם אמת געזאָגט, איז גאָרנישט בויטיק אויפֿצוּוויקלען דעם יחוס פֿון אונזער מאַמע־לשון. ייִדיש איז אַרײַנגעקייטלט אין טויזנט יאָר ייִדיש לעבן. און אפֿשר זענען אויך די דערנער און שטיינער, וואָס זי האָט באַגעגנט כּסדר אויף איר וועג, אַ בפֿירושער באַווייז, אַז זי איז אַ טייל פֿון דער אויטענטישער, אין דערפֿאַרונגען פֿרוכפּערנדיקער ייִדישער געשיכטע.

ייִדיש איז נישט בלויז צוליב די קלאַנגען, וואָס גייען זיך אין דער שפּראַך פֿאַנאַנדער, אַ לשון מיט אַ ניגון. זי טראָגט דעם ניגון אין איר אינגעווייד. ווי גערעכט איז געווען י. ל. פּרץ אין זײַן דערציילונג־באַטראַכטונג „אַ גילגול פֿון אַ ניגון": „אַ ניגון ברענט, אויסגעווייקט מיט ליבשאַפֿט... אַ ניגון קלאָגט זיך, אַ ניגון וויינט... ס'איז פֿאַראַן אַ ניגון פֿול מיט בענקשאַפֿט"...

אַ סענטימענטאַלער איז ער, דער ייִדיש־ניגון; ער וועקט אויף, און רופֿט, און מאָנט, און זינגט אויס גלויבן.

## ייִדיש טיילט דעם גורל פון ייִדן

„ייִדיש איז אַ טייל פון דער ייִדישער געשיכטע נישט בלויז דערפֿאַר, ווײַל זי איז צונויפֿגעוואַקסן מיט דער ייִדישער דערפֿאַרונג פון דורות, מיט ייִדישער טראַדיציע, מיט ייִדישן לעבנסשטייגער, מיט ייִדיש געמיט, נאָר ווײַל זי טיילט בפירוש דער ייִדישן גורל.

וואָסער איז געווען אונזער גורל אין די לעצטע יאָרטויזנטער? מען האָט זיך מיט ייִדן באַנוצט, ווען מען האָט זיי געדאַרפֿט האָבן. מען האָט זיך באַנוצט מיט ייִדישער מחשבה, מיט ייִדישן מוח, מיט ייִדישע קענטעניש און אויפֿטוען, בעת עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זיי זענען נייטיק צו פֿאַרווירקלעכן אַ באַשטימטן ציל. אָבער קוים איז מען געקומען צום אויספֿיר, אַז ייִדן האָבן זייערס געטון, האָט מען זיי דערוויַיטערט, אָפּגעוואָרפֿן, באַליידיקט, און אין אַ סך פֿאַלן אַפֿילו געפֿירט צום מזבח.

בײַשפּילן האָבן זיך אָנגעקליבן אַ סך אין לויף פון די תּקופֿות. אַט איז דער פֿאַל מיט דער אַנטדעקונג פון אַמעריקאַנער קאָנטינענט. די ים־עקספּעדיציע, וואָס האָט געפֿירט צו דער דאָזיקער אַנטדעקונג, איז געווען פון אָנהייב ביזן סוף אַ ייִדיש ווערק. אין צוזאַמענהאַנג מיטן פֿינפֿהונדערטסטן יאָרטאָג פון דער אונטער־נעמונג פון קאָלאָמבוס, ווערן אַרויסגעברענגט פֿרישע מאַטעריאַלן, וואָס מאַכן אַלץ קלאָרער די ייִדישע באַטייליקונג אין געוואָגטן פּלאַן. ייִדן האָבן דעמאָלט, אין דער פֿאַרצווייפֿלונג, וואָס האָט זיי באַהערשט אין דער צײַט פון גירוש־שפּאַניע, געזוכט נײַע טעריטאָריעס און וועגן, וואו עס זאָל פֿאַר זיי דערמעגלעכט ווערן אויפֿצובויען פֿונדאַסנײַ זייערע פֿאַרלוירענע היימען. נישט בלויז, וואָס ער אַליין, קאָלאָמבוס, האָט, ווי עס ווילן האָבן אַ סך פֿאַרשער, און גראַד נישט־ייִדישע, געשטאַמט פון אַ מאַראַנען־משפּחה און זײַן ייִדישער אָפּשטאַם איז אַ טעמע, וואָס איז באַהאַנדלט געוואָרן נאָך בײַ זײַן לעבן, נאָר ער וואָלט גאַרנישט געהאַט די מעגלעכקייט זיך צו לאָזן אין אומבאַקאַנטן און ריזיקאַלישן וועג, ווען ייִדן וואָלטן אים נישט געהאָלפֿן מיט געלט, מיט עצות, מיט וויסנשאַפֿטלעכער און טעכנישער באַהאַוונטקייט. ייִדישע מאַטעמאַטיקער און אַסטראָנאָמען, — די לעצטע אוניווערסאַלע פֿיגורן,

וואָס דאָס שפּאַנישע ייִדנטום האָט אַרויסגעגעבן, — האָבן צוגעשטעלט די אַסטראָ־נאָמישע טאַבעלעס, וואָס אַדאַנק זיי איז מעגלעך געווען צו האָבן וועלכע עס איז אָריענטאַציע אין דער ים־נסיעה. ייִדישע באַנקירן האָבן פינאַנסירט די געוואַלטיק גרויסע הוצאות. ייִדישע מאַפּע־צייכענערס האָבן געליפערט די געאָגראַפישע פּרטים. פון ייִדישע מאַטראָזן און דאָקטוירים איז באַשטאַנען די מאַנשאַפט. אַ ייִדישער איבערזעצער האָט דער ערשטער געטרעטן אויף דער נײַ־אַנטדעקטער ערד. און דאָך, בעת עס איז געקומען דער טאָג, און די פרישע אינזלען זענען אַריבער אין די הענט פון דער שפּאַנישער מלוכה, און אוצרות, וועגן וועלכע מען האָט קוים גע־חלומט, האָבן רײַך געמאַכט די שפּאַנישע קרוין, איז נישט בלויז קאָלאָמבוס גופא אַרײַנגעשליידערט געוואָרן אין תּפיסה, נאָר אויטאָדאַפעס, אינקוויזיציע־אינסטי־טוציעס, זענען אויפגעקומען אין דער "נײַער וועלט" טאַקע קעגן די, וועלכן האָבן די אַנטדעקונג פון אומבאַקאַנטן קאָנטינענט בכלל מעגלעך געמאַכט...

אָדער: די ייִדישע פאַרגאַנגענהייט אין פּוילן. ייִדן זענען געוואָרן פאַרבעטן צו קומען קיין פּוילן, בעת די פּוילישע מדינה איז געווען פּרימיטיוו אין איר ווירטשאַפט. דער ייִדישער בירגערלעכער עלעמענט איז דעמאָלט, אין מיטלאַלטער, געווען נוצלעך פאַרן אויפבוי פון די שטעט, און בכדי אַרײַנצוברענגען באַוועגלעכקייט, אָרגאַניזאַציע, דינאַמיזם אין אָפּגעשטאַנענעם פּויערישן ישוב. אָבער קוים האָט זיך נאָר אויסגעדאַכט, אַז דער פּוילישער עלעמענט וועט קענען אַליין "זײַן שטעטל" באַשטיין, און ייִדישע ענערגיע און איניציאַטיוו קענען פאַרטראָטן ווערן דורך אייגענע מענטשן, איז — אויס, האָט זיך אָפּגעשלאָסן ברוטאַל די פאַרברודערונג, און די ראָמאַנטיש־באַזינגענע ייִדיש־פּוילישע ליבשאַפט איז פאַרשוואונדן ווי דער רויך. פאַר פּוילישע ייִדן איז מער נישט געווען קיין פּלאַץ אין לאַנד, וואָס איז, אין אַ שפּאַרער מאָס, אַדאַנק זיי אויסגעוואַקסן. קעגן זיי איז אַרויס די פאַראָרדענונג אַרומצובלאָנקען איבער די וועלט־שליאַכן.

צי גאָר אַ שטאַרק אַקטועלער בײַשפּיל. אַזויפיל אָנשטרענגונגען זענען אָנ־געוואָנדן געוואָרן מצד די רעוואָלוציאָנערע אידעאָלאָגן סוף פאַרגאַנגענעם יאָר־הונדערט, און אין הײַנטיקן שווער געפּרוּווטן יאָרהונדערט, אַרײַנצוציִען ייִדישע יוגנטלעכע אין קרײַז פון זייערע אידעען. גאָלדענע גליקן זענען צוגעזאָגט געוואָרן. משיחס צײַטן פאַר זיי און פאַר אַלע ייִדן וועלן אויפשײַנען. עס וועלן מער נישט הערשן ראַסן־פאַראורטיילן. עס וועט מער נישט פאַרבלײַבן די מינדסטע שׂנאה צו ייִדן. ייִדישער ענטוזיאַזם, ייִדישער טאַלאַנט, ייִדישע קרבנות־גרייטקייט, און — נאַאיווקייט — זענען געווען נייטיק כּדי צו לאָזן די ריעדער פון דער רעוואָלוציע אין באַוועגונג. אָבער אין טאָג, ווען די רעדער האָבן זיך באַוועגט און געקענט אָפּרוימען די מכשולים פון זייער וועג, ווייסן מיר שוין צו גוט, וואָסער ווערט עס האָבן געהאַט אַלע שיינע צוזאָגן, און ווי אַזוי עס האָבן פאַרענדיקט די, וועלכע האָבן זיך געלאָזט פאַרפירן פון די אילוזיעס. אָן אַ שטיקל בושה און אײַנזען איז

אַרויסגעריסן געוואָרן דער ייִדישער בלאָט צוזאַמען מיט זײַנע פּראָטאַגאָניסטן פֿון דער געשיכטע פֿון דער רעוואָלוציע. און פּאַרטיק.

קערן מיר זיך אום צו ייִדיש. בעת די לערער און טעאָרעטיקער פֿון דער השׂכּלה־באַוועגונג אין אַכצנטן יאָרהונדערט האָבן גערעכנט, אַז מיט דער הילף פֿון דער ייִדישער שפּראַך וועט זיי געלונגען אַרײַנצובריענגען די אויפֿקלערונג אין דער ייִדישער גאַס, האָבן זיי זיך געוואָנדן צו די פֿאָלקס־מאַסן אין מאַמע־לשון. די מיטבאַגלייטער און תּלמידים פֿון משה מענדעלסאָן, דער פֿאָטער פֿון די אויפֿקלערונג־אידעען, זענען אַפֿילו גרייט געווען זיך "אַראָפּצונידעריקן" און שרײַבן "זשאַרגאָן", — ווי זיי האָבן גערופֿן ייִדיש, — כּדי די המונים זאָלן זיך איבערנעמען מיט דער נײַער לערע. יצחק אייכל, באַהערשט פֿון ווילן צו דערגרײַכן זײַן ציל, האָט אָנגעשריבן אַ קאָמעדיע אין ייִדיש, די קאָמעדיע "וואָס טוט מען דערמיט". אהרן וואָלפֿסאָן האַללע, אַן אַנדערער הייסער אָנהענגער פֿון דער השׂכּלה, האָט געשטרעבט אַרײַנצודרינגען צו די פֿאָלקס־מאַסן מיט זײַן סאַטירע אין ייִדיש "לײַכטזין אונד פֿרעממעלייא". אָבער בעת זיי, און זייערסגלײַכן, זענען געווען איבערצײַגט, אַז שוין, די אַרבעט האָט געבערענגט רעזולטאַטן, און קיין אויסטער־לישע מיטלען דאַרפֿן מער נישט אָנגעווענדט ווערן אין דער אַגיטאַציע לטובת דער אידעע, האָט זיך געעפֿנט אַ העצע קעגן יעדן אויסדרוק פֿון פֿאָלקסטימלעכקייט, וואָס עס איז גאָרנישט מעגלעך געווען אײַנצוהאַלטן. מען האָט אין די משׂכּילים־קרײַזן איבערגעחזרט מענדעלסאָנס אַרגומענט, אַז צוליב ייִדיש איז דער ייִדישער מענטש "אומזיטלעך", און אַז צוליב דעם, וואָס ייִדן רעדן דעם "לעכערלעכן" דיאַלעקט, איז פֿאַר זיי פֿאַרמאַכט דער טויער צו גלײַכבאַרעכטיקונג, און זיי זענען דאָס, וואָס זיי זענען: אָפּגעשטאַנענע געטאָ־מענטשן.

נאָך אַ פֿאַל, וואָס אָטעמט מיט דער אַקטועלקייט פֿון אונזער צײַט. אין טריאומף פֿון ציוניסטישן אידעאַל אין דער ייִדישער גאַס האָט ייִדיש געשפּילט אַ היסטאָרישע ראָל. אַפֿילו ייִדיש־קעגנער קענען דאָס נישט פֿאַרלייקענען. אין יענע בראשית־צײַטן פֿון חיבת ציון, ווען מזרח־אייראָפּע איז געווען דער געדיכטער ייִדישער צענ־טער, און אויך שפּעטער, אין דער אויפֿשפּראַץ־תּקופֿה פֿון פּאָליטישן ציוניזם, האָט אַפֿילו הערצל, דער מערב־אייראָפּעער, פֿאַרשטאַנען, אַז ערשט ווען דער ציוניסטי־שער אידעאַל וועט ציִען נאָך זיך די פֿאָלקס־מאַסן, וועלכע זענען קאָנצענטרירט אין מזרח־אייראָפּע, וועט די ציוניסטישע באַוועגונג האָבן אַ צוקונפֿט. האָט טאַקע דעמאָלט ייִדיש געדינט ווי אַן אינסטרומענט צו געווינען דעם פֿאָלקס־מענטש. אויסגאַבעס און צײַטונגען האָבן געמאַכט פּראָפּאַגאַנדע אין ייִדיש. מטיפֿים, ווי מען האָט אין יענע יאָרן גערופֿן די דאָזיקע רבנים־רעדנער, האָבן געהאַלטן אויף ייִדיש דרשות אין די שולן. מאָדערנע רעדנער האָבן אויף מאַסן־פֿאַרזאַמלונגען זיך געוואָנדן צום עולם אין ייִדיש. אין די אויערן פֿון די, וואָס האָבן פֿאַר דער צווייטער

וועלט־מלחמה געלעבט אין פּוילן, קלינגען נאָך זיכער אָפּ די פּאַטעטישע רעדעס, וואָס דוד בן־גוריון אָדער זאב זשאַבאָטינסקי פלעגן האַלטן, יעדער איינער אין זײַן ספּעציפישער ייִדישער אויסשפּראַך. אָבער קוים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דער ייִדישער המון איז שוין אָנגעגליט געוואָרן מיטן ציון־אידעאַל, און די באַוועגונג האָט אין איר „אונטערוועגס" אָנגענומען מער קאָנקרעטע פאָרמען, האָט מען נישט בלויז זיך אָפּגעקערט פון ייִדיש לשון, נאָר אַפילו אויף ייִדיש־קלינגענדיקע נעמען איז געפאַלן דער ביטערער גזר־דין פאַרשניטן צו ווערן. כנענישע נעמען, וואָס האָבן צו טון מיט עשׂיון און זײַנע לײַט, אויב זיי געפונען זיך נאָר אין תּנ״ך, זענען אויסגעקומען צו זײַן כּשרער, ווי ייִדישע נעמען, אויסגעטראָגענע אין ייִדישן לעבן און אויסגעוויקטע אין ייִדישן לעבנסשטייגער.

די ייִדישע שפּראַך איז נישט בלויז ייִדישע טראַדיציע און ייִדיש געמיט. זי איז — ייִדישער גורל.

# ווירקלעכקייט און סימבאָל בײַ ר׳ נחמן קאָסעווער

## א

עס זענען געווען צוויי ר׳ נחמן קאָסעווערס. איינער, דער רעאַלער; וועלכער האָט געלעבט אין דער צײַט פון גרינדער פון דער חסידות־באַוועגונג ר׳ ישׂראל בעל שם־טוב. דאָס איז געווען אַ ייִד אַ סוחר, אַ תּבואה־הענדלער, וועלכער האָט געהאַט אַ נייגונג צו דער מיסטיק. צווישן איין מסחר־טראַנזאַקציע און דער צווייטער האָט ער געלערנט דעם זוהר, דאָס גרונט־ספר פון דער קבלה. אַ ייִד אַן עושר, מיט אַ שאַרפן שׂכל, וועלכער האָט זיך קונה־שם געווען מיט זײַן פּיקחות און גלײַכווערטלעך. אַ ייִד אַ למדן, וואָס האָט נישט דערלאָזט, אַז דער הוהאַ פון האַנדל זאָל בײַ אים אַוועקנעמען זײַן גאַנצע צײַט. מען האָט אים גאַנץ אָפט געטראָפן אַ פאַרטיפטן אין די קאָמפּליצירטע סוגיות פון תּלמוד.

דאָס, וואָס מיר ווייסן וועגן ר׳ נחמנען, האָבן מיר צו פאַרדאַנקען די שטיקלעך און ברעקלעך, וועלכע זענען וועגן אים אַרײַנגעגאַנגען אין די חסידישע ספרים און ספרימלעך. עס איז וועגן אים די רייד אין ספר, וואָס עס האָט אָנגעשריבן ר׳ דוב בער, אַן איידעם פון בעל־שמס סופר, ר׳ אלכסנדר, און וואָס טראָגט דעם נאָמען ״שבחי הבעל שם טוב״, די לויב פון בעל־שם; אַ קלאַסיש ווערק אין דער חסידות־ליטעראַטור. עס דערמאָנט אים און ברענגט אַביסל פון זײַנע תּורות דער ערשטער, וועלכער האָט אויסגעלייגט און דערקלערט די שיטה פון חסידות, דער רב פון פּאָלאָנאָי, ר׳ יעקב־יוסף. אָבער שוין דאָס, וואָס מיר ווייסן וועגן אים, איז גענוג אויפצובויען די הנחה, אַז עס זענען געווען צוויי ר׳ נחמנס. ווירקלעכקייט און סימבאָל האָבן אין אים זיך צונויפגעאייניקט.

דאָס זענען געווען די יאָרן, ווען דער טוי פון באַגינען איז געפאַלן אויף חסידות, אויף איר שיטה, אויף איר באַוועגונג. אַ דאָרפס־ייִד פון דער אוקראַינע, צופוסנס פון די קאַרפּאַטן־בערג, פון די מקומות אַרום אוקאָפּ און טלוסט, וועלכער האָט זיך געוואָרפן פון איין פּרנסה אויף דער אַנדערער, צײַענדיק מיט שוועריקייט חיונה — אַ בעל־עגלה, אַן אונטער־שמש, אַ בעלפער, אַ ליים־גרעבער — האָט אַרומגעוואָגלט איבער די ייִדישע ישובים, און גערעדט צו די ייִדן, וואָס ער האָט

אַנגעטראָפן, וועגן דער גרויסער פרייד, וואָס עס איז צו זײַן אַ ייִד; וועגן דער ליכטיקייט, וואָס שײַנט אַרויס פון דער חשכות פון ייִדישן לעבן; וועגן די רײַכע אוצרות, וואָס עס פאַרמאָגט אין זײַן נשמה אַפילו ד׳ער אביון שבאביונים. דער אָרעמסטער צווישן ייִדן; וועגן דער זיכערקייט און בטחון, וואָס מען דאַרף אין זיך טראָגן אין צײַטן פון פאַרלוירנקייט. מען האָט צו זײַנע ווערטער זיך צוגעהערט. אָבער דאָס הייסט נאָך נישט, אַז אַלע זענען גלײַך מיטגעצויגן געוואָרן מיט אים. דער עיקר האָבן די מער פאַרמעגלעכע פון ייִדישן מיטלקלאַס און די למדנים זיך נישט געלאָזט פאַנגען פון זײַנע רייד. זיי האָבן זיך נישט אָפּגעשטעלט פון אַרויס־זאָגן זייער קעגנערשאַפט. די ייִדישע ישובים אין דעם קאַרפּאַטן־טייל פון פוילן, אין אוקראַיִנע, פּאָדאָליע, וואָליִן, האָבן זיך בכן פונאַנדערגעטיילט אין מחנות, ענטוזיאַסטישע אָנהענגער און שאַרפע קעגנער פון דאָזיקן ייִד, וועמען מען האָט גערופן בעל שם־טוב, ישׂראל בעל שם־טוב, און זײַן מערקווירדיקער תּורה, צו וועלכער עס איז נישט מעגלעך געווען צו פאַרבלײַבן גלײַכגילטיק.

טאַקע צווישן די קעגנער האָט זיך געפונען ער, נחמן קאָסעווער, (צוליב דעם ווײַל ער האָט געוואוינט אין קאָסעוו, איז ער געווען באַקאַנט אונטער דעם נאָמען). אייגנטלעך איז ער געקומען פון אַן אַנדער שטעטל אין יענער געדיכט־באַפעל־קערטער ייִדישער געגנט, פון לודמיר. וואָס אים האָט דערווײַטערט פון דער נײַער לערע איז בעיקר געווען איר העזהדיקער פּרווו — ווי ער האָט דאָס באַטראַכט — צו נעמען שווערע און טיפע באַגריפן פון דער מיסטיק, און זיי אויסשפרייטן פאַר ייִדן אויפן מאַרק, אָדער אין די קלייטן; גלײַך ווי זיי וואָלטן געווען פשוט און איינפאַך, און יעדער איינער איז מסוגל אין זיי אַרײַנצודרינגען. פאַראַן זאַכן אין דער ספערע פון גײַסט, האָט ער געהאַלטן, וואָס מען דאַרף זיי נישט דערלאַנגען צום המון. ר׳ נחמן איז אין דער בראשית־תּקופה פון חסידות אַרויסגעטרעטן קעגן דער פרישער שיטה. דער בעל־שם האָט דערפון געוואוסט און ער האָט דאָס באַדויערט. ער האָט זיך שטאַרק באַקלאָגט, הלמאַי דער תּבואה־הענדלער און למדן פון קאָסעוו רודפט אים. אין ספר "די לויב פון בעל שם־טוב" איז מכוח דעם די רייד.

אָבער דערנאָך איז פאָרגעקומען אין ר׳ נחמנען אַן איבערקערעניש. פון אַ קעגנער איז ער געוואָרן אַ תּלמיד. אַ סך האָבן דעמאָלט אַדורכגעמאַכט דעם דאָזיקן וועג פון חרטה און באַזינונג. נחמן קאָסעווער האָט אויף אַ גאַר אייגנאַרטיקן אופן געעפנט זײַנע אויגן. אַ שטורמישער טעמפּעראַמענט, אַן אימפּולסיווער, האָט ער איינמאָל באַשטימט צו פאָרן קיין מעזשיבוזש צום בעל שם־טוב. ס׳האָט געהייסן, אַז ער מוז אַליין זען און זיך איבערצייגן, ווער און וואָס איז דער ייִד, וועלכער האָט אַרײַנגעבראַכט אַזאַ שטאַרקע אויפרודערונג אין דער ייִדישער וועלט, ווי אַזוי באַווײַזט ער מיט יעדן טאָג צו פאַרשטאַרקן און פאַרגרעסערן זײַן באַוועגונג;

געפינען אַן ענטפער אויף דער פאַראינטריגירענדיקער פראַגע: פאַרוואָס פאָרט מען צו אים? ... דער בעל־שם, ווערט דערציילט, האָט אים וואָרעם אויפגענומען. דערנאָך האָבן זיי זיך אָפּגעזונדערט פון עולם, און זיי זענען אַרײַנגעגאַנגען אין אַ חדר־מיוחד. דער שמועס צווישן זיי האָט באַדאַרפט פאַרבלײַבן אַ סוד, אָבער אַזוי איז נישט געשען. איינער — אַ פּלוני־אַלמוני אין חסידישן לשון, — האָט אונטערגעהאָרכט, וואָס ביידע האָבן גערעדט, עס זענען אַרויסגעבראַנגט געוואָרן ענינים, וואָס דרינגען אַרײַן טיף אין קיום פון וועלט און מענטש. דאָן זענען זיי אַריבערגעגאַנגען צום סוד פון ייִדישן קיום און אויך פון דער גאולה, וואָס איז אָנגעברײַט צו קומען. דאָ האָט ר׳ נחמן דוקא געוואָלט פון בעל־שם, אַז ער זאָל אים זאָגן, וואָס ער, נחמן, האָט אין זינען אין דאָזיקן מאָמענט. דער בעל־שם האָט אָפּגעענטפערט, אַז ער קען דאָס נישט טאָן, כּל־זמן ר׳ נחמנס געדאַנקען וואַנדערן אַרום, וואַנדערן אַהין און צוריק, און שטעלן זיך נישט אָפּ אויף אַ באַשטימטן ענין. ענדלעך האָט ר׳ נחמן באַוויזן צונויפצונעמען זײַנע מחשבות; און אַז ר׳ נחמן איז געווען קאָנצענטרירט אין דער הימלישער געטלעכקייט, האָט פאַר אים דער בעל־שם אַנטפּלעקט די פאַרבאָרגעניש פון זײַן געדאַנק. דאָס איז געווען אַנטשיידנדיק אין זייערע קעגנזייטיקע באַציאונגען. נחמן קאָסעווער האָט אָנגעהויבן פאָרן צו ר׳ ישראל בעל שם־טוב.

אין דער אָנשטרענגונג אַרויסצוהייבן דאָס געשטאַלט פון שעפער פון דער חסידות־באַוועגונג, איז אין דער כראָניק פון חסידות נישט אָפּגעגעבן געוואָרן גענוג חשיבות צו דער חבורה פון זײַנע גרויסע תּלמידים; ווי אויך צו זייער בייטראָג צום אויפשטײַג פון דער שיטה. אייניקע צענדליק זענען זיי געווען אין צאָל, און עס האָבן צווישן זיי זיך געפונען פערזענלעכקייטן, וואָס הגם זיי האָבן נישט דערגרײַכט דעם רום פון בעל־שמס נאָכפאָלגער ר׳ דוב בער פון מעזריטש — גערופן דער מעזריטשער מגיד — אָדער פון ר׳ יעקב־יוסף פון פּאָלאָנאָי — דער מחבר פון ספר "תולדות יעקב יוסף", וואו די לערע פון חסידות האָט צום ערשטן מאָל באַקומען איר שטאַרקן אויסדרוק און דערבײַ געבליצט מיט דעם שאַרפזין פון דער פּאָלעמיק — זענען דאָך זייערע פאַרדינסטן פון ערשטראַנגיקן באַטײַט. צווישן זיי האָט זיך געפונען ר׳ שבתי פון ראַשקאָוו, פאַר וועמען די ספרים פון דער קבלה זענען געווען זײַן טאָג־טעגלעכע שפּײַז, און אויך אין דער ראָל פון תּלמיד, האָט דאָך גראָד בײַ אים דער בעל־שם אַ סך געלערנט וואָס שײַך דער סודותדיקייט, אין וועלכער דער באַשאַף איז פאַרהילט. צווישן זיי איז געווען ר׳ נחום פון טשערנאָביל, וואָס שוין פון זײַן אויסזען און הילוך האָט געשלאָגן די מוראדיקע אָרעמקייט, אין וועלכער ער האָט געלעבט. בעת ער איז דאָס ערשטע מאָל אַריבערגעטרעטן די שוועל בײַם בעל־שם, האָט דער בעל־שם אַ זאָג געטאָן צו זײַן ווײַב: זע נאָר זע, שׂרה, אַ גנב האָט זיך אַרײַנגעכאַפּט צו אונז אין הויז! זי האָט געפרעגט: ווי קען מען אָט דעם ייִד חושד זײַן אין גניבה, מעג ער גיין

אַפּגעריסן און אָפּגעשליסן? דער בעל־שם האָט איר אָפּגעענטפערט: יאָ, ער האָט פון אונז אַוועקגעגנבעט דעם גאַנצן עולם־הבא!...

אין דאָזיקן תּלמידים־קרײַז האָט מען זיך אָנגעטראָפן אויף ר׳ נחמן פון האָראָדענקע. דורך אַלע צרות, וואָס זענען דעמאָלט אַראָפּגעפאַלן אויף ייִדן, איז ער מסוגל־געווען צו זען די שטראַל־ליכט, וואָס רײַסט זיך אַדורך. דורך אַלע געדיכטע און פינסטערע וואָלקנס, האָט ער באַמערקט די לויכטנדיקע שטערן. גם זו לטובה — אויך דאָס איז צום גוטן! — זענען געווען די ווערטער, מיט וועלכער דער האָראָדענקער האָט זיך אָרומגעטראָגן. אין אַלץ איז ער געווען פעאיק צו דערקענען די טריט פון דער גאולה, וואָס וועט קומען. מיט אָט־דער פיבערדיקער דערוואַרטונג האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט קיין ארץ־ישׂראל. דאָס איז געווען אין דער צווייטער העלפט פון אַכצנטן יאָרהונדערט. נישט דער דעמאָלטיקער מצב אין הייליקן לאַנד, נישט דער בייזער שטורעם אויפן ים, זענען געווען גינסטיק פאַר אַזאַ רײַזע; אָבער ער, ר׳ נחמן האָראָדענקער, האָט פון ארץ־ישׂראל געשריבן קיין מעזשיבוזש, צום בעל־שם, אַז די זיסקייט, וואָס טראָגט זיך פון די נשמה־רפואות, וואָס דער בעל־שם פאַרשרײַבט, דערגייט צו אים דאָרט אַהין, און מאַכט פאַר אים אַלץ צוקער־זיס; און אַפילו די ביטערניש, וואָס ער און די חסידים, וועלכע זענען מיט אים מיט־געפאָרן, האָבן איבערגעליטן און לײַדן, איז צוקער־זיס!... שפּעטער איז ער געוואָרן דער מחותּן פון בעל־שם. זײַן זון האָט גענומען פאַר אַ ווײַב דעם בעל־שמס אייניקל פון זײַן טאָכטער. פון דעם זיווג איז געקומען אויף דער וועלט ר׳ נחמן בראַצלאַווער.

אין דער חבורה פון אָט־די תּלמידים האָט מען געקענט באַגעגענען ר׳ אריה לייב פון פּאָלאָנאָי. מען האָט אים גערופן דער מוכיח, דער מוסר־זאָגער. דער אמת איז, אַז ער האָט אין די דרשות, וואָס ער פלעגט האַלטן — און מיט וועלכע ער פלעגט אַרומפאָרן אין יענער געגנט — ווענדן זיך מיט מוסר־רייד צו זײַנע צוהערער. דער בעל־שם האָט די מגידים און זייערע שטראָף־דרשות נישט פאַר־טראָגן. נישט מוסר דאַרף מען זאָגן דעם עולם — האָט ער געטענהט — נאָר טרייסט דאַרף מען צו אונזערע ייִדן ברענגען. בטחון מוז מען אַרײַנגיסן אין זייערע אָנגעווייטיקטע הערצער, דערמונטערונג אין זייערע געבראָכענע געמיטער... נישט אַלע צווישן די אַרומפאָרנדיקע מגידים זענען אַרײַנגעדרונגען אין דער עמקות פון בעל־שמס כּוונות. ר׳ אריה לייב איז מיטגעריסן געוואָרן מיטן אהבת־ישׂראלדיקן רוף פון ר׳ ישׂראל בעל שם־טוב.

ס׳איז אויך נישט מעגלעך אַדורכצולאָזן פון די תּלמידים, וואָס האָבן זיך געזאַמלט אַרום בעל־שם. ר׳ מענדלען פון פּרעמישלאַן. אים איז צוגעפאַלן צום האַרץ דאָס, וואָס דער בעל־שם האָט אויפגעטאָן אין ענין: תּפילה. מען קען נישט דאַווענען אָן ברען און התלהבות; אַ תּפילה, וואָס איז קאַלט און געפרוירן, זוכט מיט שוועריקייט דעם וועג צום הימל. אין אויפגאַנג פון דער תּורה פון חסידות,

ווען חוזק און שפּאָט זענען אָנגעוואָגדן געוואָרן ווי וואָפן אין קאַמף קעגן איר מצד די קעגנער, איז ר׳ מענדל פּרעמישלאַנער גישט נתפּעל געוואָרן פון דער קריטיק, וואָס איז אויסגעמאָסטן געוואָרן קעגן דעם חסידישן לעבנס־שטייגער און אויפפירונג. די התלהבות האָט ביַי אים אויסגעזען ווי צונויפגעגליט מיט ייִדישקייט. און ווען נאָך, אין וועלכער שעה, איז מען מסוגל זיך צו דערוואַרעמען און צע־פלאַמען, ווי דעמאָלט, ווען מען גיסט אויס דאָס האַרץ פאַרן בורא ?

ס׳איז אין דאָזיקן קריַיז, וואָס האָט זיך צונויפגעקליבן אַרום דעם בעל־שם, געווען ר׳ פּינחס קאָרעצער; אַ געבוירענער אין ליטע, וועלכער האָט זיך באַזעצט אין וואָלין, און דאָ געווען פאַרטאָן אין מלומדות. ער האָט אַריַינגעבערענגט אין דער סביבה, וואָס האָט אַלץ מער באַקומען איר אייגענע עטנישע כאַראַקטעריסטיק, די שטריכן פון ליטווישן ייִד. טענער פון דער חקירה האָבן זיך אַריַינגעריסן. ווי אַזוי איז מעגלעך צונויפצופּאָרן חקירה מיט תּמימות, און צי לאָזן זיי בכלל זיך צונויפפירן ? ר׳ פּינחס פון קאָרעץ, בטבע אַ שוויַיגער, האָט געזאָגט: ״איך האָב מורא, אַז איך זאָל נישט זיַין מער חכם, ווי תּם; איך פּיל, אַז איך האָב זיך שטאַרקער דערנענטערט צו שלימות, ווען איך האָב געלערנט ווי אַ קלויזניק הינטערן אויוון, איידער היַינט, ווען מען זעצט מיך אַוועק אויבנאָן, גליַיך ווי איך וואָלט געווען ווייס־איך־ווער״... אין דער חבורה פון בעל־שם האָט מען אויפגעהויבן די קורצע ווערטער פון ר׳ פּינחס, און אויף זיי געבויט טורעמס פון באַגריפן. ניצוצות זענען זיי — איז מען געווען זיכער — לויכטנדיקע פונקען; מען דאַרף נאָר אַראָפּנעמען פון זיי די אויסערלעכע שאָלן, און דערגרונטעווען זיך צו זייער תּוך.

## ב

אָבער צווישן אָט די, וואָס האָבן זיך געזאַמלט אַרום דעם לערער און שעפער פון דער חסידות־באַוועגונג, האָט ר׳ נחמן קאָסעווער פאַרנומען גאָר אַ באַזונדער אָרט. באַשאַנקען מיט אַן אייגנטימלעכן חן, איז ער, הגם אויסגעמישט מיט אַלע, און אין יראת־הכּבוד פאַר זיַין רבי, פאַרבליבן אַ תּקיף. מען דאַרף קאָנען דעם חילוק צווישן תּקיפות און עקשנות, האָט ער געהאַלטן. מ׳האָט אַ ברירה צו זיַין אַ תּקיף, און דאָך נישט צו זיַין קיין עקשן. ער האָט נישט פאַרמאָגט די מינדסטע נייגונג צו ווערן אַליין אַ ״גוטער ייִד״, אַ רבי, אַ רב, אַ מגיד. שוין דערמיט האָט ער זיך אונטערגעשיידט פון די אַנדערע. ער איז פאַרבליבן אַ סוחר. ער האָט געשעצט זיַין זעלבשטענדיקייט. גיין, נישט פאַר נחמן קאָסעווער איז צו ווערן אָפּהענגיק פון קהל!

אין די העכער דריטהאַלבן הונדערט יאָר, וואָס טיילן אונז אָפּ פון אים, זענען געמאַכט געוואָרן פּרווון צו דערקענען און אַנאַליזירן זיַין אָריגינעלע פּערזענלעכ־קייט. עס האָט עטוואָס פון זיַין ביאָגראַפיע אַרויסגעבערענגט שמעון דובנאָוו אין זיַין

"געשיכטע פון חסידות". זײַן געשטאַלט האָט געוועקט אינטערעס בײַ דעם חסידות־פֿאָרשער שמואל אבא האָראָדעצקי. אַן אָנשטרענגונג אַרויסצושעפּן פֿון די אַלטע מקורות אַלץ, וואָס איז געשריבן געוואָרן וועגן אים, האָט געמאַכט אברהם יהושע העשיל. ער אַליין, נחמן קאָסעווער, האָט גאָרנישט פֿאַרצייכנט פֿון זײַנע מחשבות און אידייען. אין דאָזיקן דרך, וואָס ער האָט פֿאַר זיך אָפּגעקליבן, איז ער פֿאַרבליבן געטרײַ צו זײַן וועגווײַזער, דעם בעל־שם. מיט אָט דער אומוויליקייט צו ווערן מחברים פֿון ספרים באַגעגענען מיר זיך, איבעריקנס, בײַ אַזוי פֿיל אַנדערע גדולים אין דער וועלט פֿון חסידות, אין די שפּעטערדיקע תּקופֿות.

דאָס, וואָס ווערט קלאָר גלײַך, ווען מען עפֿנט דאָס קאַפּיטל פֿון זײַן לעבן, איז, אַז מיט גאָר אַ שאַרפֿן קאַמף איז ער אַרײַנגעטרעטן אין דער מחשבה־ספֿערע פֿון חסידות; דער קאַמף קעגן גאווה. פֿון אַלע מיאוסע מידות, איז, לויט אים, גאות די מידה, קעגן וועלכער מען דאַרף זײַן גרייט תּמיד זיך צו פֿאַרמעסטן; וואָרום זי גרײַפֿט אָן דעם מענטש מיט כּלערליי קונצן און אין אַלערליי וועגן. ער אַליין האָט געהאָט מיט וואָס זיך גרויס צו האַלטן: מעגלעך דער אײנציקער עושר צווישן הוילע קבצנים. זײַנע תּבֿואה־ליפֿערונגען זענען געגאַנגען איבער גאַליציע און פּאָדאָליע; אַ דאָרף נאָנט צו קיטעוו איז געווען אין זײַן אַרענדע; און דערצו, ווי געזאָגט, אַ למדן, אַ תּקיף. טאַקע דערפֿאַר, כּדי נישט געשטערויכלט צו ווערן, איז ער געווען אין מצב פֿון מלחמה, כּסדרדיקער מלחמה, קעגן דער גאוות, און ער איז נישט מיד געוואָרן אונטערצושטרײַכן די מעלות פֿון ענווות. אין דער מידה פֿון באַשיידנקייט, האָט ער אויפֿגעוויזן, זענען די וואָרצלען פֿון ייִדישקייט.

איבער משה רבינו ווערט געזאָגט בפּירוש, אַז ער איז געווען דער גרעסטער עניו צווישן די מענטשן אויף דער ערד (במדבר, יב, ג). אָבער אַזעלכע זענען זיי דאָך געווען אַלע, די אָבֿות פֿון דער ייִדישער אומה, די גדולים פֿון דער אומה. אַפֿילו ווען מען איז שווער אָנגעלאָדן, אַזוי ווי אבֿרהם אָבֿינו איז געווען, "מיט זילבער און גאָלד" (בראשית יג, ב), מוז מען פֿאַרבלײַבן באַשיידן. דאָס איז אויך אַ באַדינג, אַז דאָס געפֿיל פֿון רחמנות זאָל נישט אָפּגעטעמפּט ווערן. מיטצײַטלער גיבן איבער, וואָסער גרויסער בעל־רחמנות ר' נחמן איז געווען. צו אַלע לעבעדיקע באַשעפֿענישן האָט ער זיך באַצויגן מיט באַרעמהאַרציקייט. מען האָט אים אָפֿט געקענט געפֿינען, ווי ער אַליין, הגם אַרומגערינגלט מיט באַדינער און משרתים, גיט צו עסן די בהמות, וואָס זענען געווען אין זײַן אַרענדע. דאָס איז אַ גרויסע מצווה — פֿלעגט ער דערקלערן זײַן אויפֿפֿירונג צו די, וועלכע האָבן זיך גע־וואונדערט, הלמאַי ער אַליין גיט זיך אָפּ דערמיט. — וואָס ווילט איר, אַז איך זאָל אַזאַ מצווה אַוועקגעבן צו אַ ליאַדע משרת?!

נישט געקוקט אויף אַלע באַשעפֿטיקונגען, וואָס האָבן אויסגעפֿולט זײַן צײַט, האָט ער נישט אָפּגעלאָזט דאָס לערנען און דאָס פֿאַרטיפֿן זיך אין ספֿרים. דערפֿון וואַקסט נאָך שטאַרקער די שטוינונג פֿאַר זײַן פֿילזײַטיקער פּערזענלעכקייט. וואָס

אַלץ האָט ער נישט געלערנט! אין דער גמרא און אין איר פאַרפּלאָנטענער שקלאַ־וטריא איז זײַן חריפותדיקער מוח געווען ״בײַ זיך אין דער היים״; דער זוהר, וואו די סודותדיקייט פון דער געטלעכקייט, פון באַשאַף, און פאָלק ישׂראל, זענען דער צענטראַלער פּונקט, איז געווען דאָס ספר, מיט וועלכן ער האָט זיך נישט געשיידט. אין זײַן אַליין־אַנאַליז האָט ער אַזוי אַרום דערקלערט די פאַרצווייגטקייט פון זײַן געדאַנק: עס זענען פאַראַן ייִדן, וואָס אַפילו ווען זיי קומען אין בית־המדרש אַרײַן און טוען אָן טלית און תּפילין, בלאָנדזשעט אַלץ זייער געדאַנק אַריבער צו זייערע געשעפטן אָדער צו די מלאכות, אין וועלכע זיי אַרבעטן, טאָ פאַרוואָס זאָל איך נישט פאַרבלײַבן מיט מײַן מחשבה בײַ דער גמרא און בײַם זוהר, ווען איך טו מײַנע געשעפטן? אויך, ווען איך בין פאַרשטויבט פון די קערנער פון דער תּבואה אין מײַנע שפּייכלערס, לערן איך, וואָס עס שטייט אין די ספרים! אויך אין דער וואָך לאָז איך זיך נישט פאַרשלינגען פון דער וואָכנדיקייט!...

דאָס, וואָס ציט צו אַזוי שטאַרק אונזערס אַ מענטש, דורך דעם מרחק פון דרײַטהאַלבן הונדערט יאָר, צו אים, זענען די פילאָסאָפישע פּראָבלעמען, צו וועלכע ער האָט זיך אָפּגעגעבן. אמת: ער פיגורירט נישט צווישן די פילאָסאָפן פון יענער צײַט, און אין דער געשיכטע פון דער פילאָסאָפיע איז נישט אָנגעגעבן זײַן נאָמען. צוליב דער קאַרגשאַפט פון מאַטעריאַלן איז אויך אין דער חסידישער כראָניק פאַרמינערט די וואָגיקייט פון זײַן מחשבה, אָבער עס אונטערליגט נישט קיין ספק, אַז אַ בריק פירט פון אים צו ר׳ מענדעלע קאָצקער. הונדערט יאָר פאַר ר׳ מענדעלע קאָצקער איז ער געטריבן געוואָרן פון זעלבן פיבערנדיקן אומרו. אין דער אוקראַינע, צווישן תּמימותדיקע ייִדן, האָט ער אָנגעוואָרפן אידייען, וועלכע זענען אַזוי שטאַרק ענלעך צו די באַגריפן, וואָס האָבן צווישן זיך געפירט אַ ״ויתרוצצו״ אין ר׳ מענדעלען, וועלכער האָט אויסגעטראָגן זײַן לערע אין קאָנגרעס־פּוילן, אין אַ מער ראַפינירטער, אין די הויכקייטן־פאַרקוקטער, סביבה.

אָט למשל די שטרעמונגען פון אָפּטימיזם און פּעסימיזם. צי דאַרף מען באַטראַכטן וועלט און מענטש מיט אויגן פון מילדקייט און גוטמוטיקייט? אָדער צי איז ריכטיקער צו ווערן אַדורכגעדרונגען מיט בייזקייט און צער, באַטראַכטנדיק דאָס, וואָס עס שפּילט זיך אָפּ אויף דער ערד? מען וואָלט געקענט רעכענען, אַז אין די גרונט־ווערק פון ייִדישקייט איז מעגלעך צו געפינען די קלאָרע תּשובה אויף דער פראַגע. אָבער דאָס איז דאָך ווײַט נישט אַזוי. אין די טעג פון וועלט־באַשאַף דערשײַנט טאָקע פאַר אונז איין מאָל און ווידעראַמאָל דער רעפריין ״כי טוב״, אַלץ איז גוט, אַלץ איז שיין און וואויל; בײַם סוף פון באַשאַף שטעלט זיך אַפילו פאַר אונז דער אַלץ־אַרומנעמענדיקער, מיט פולן אָפּטימיזם אַדורכגעזאָפּטער, סך־הכּול ״והנה טוב מאד״, אַלץ איז זייער גוט (בראשית א, לא); אָבער קוים געציילטע דורות זענען אַריבערגעגאַנגען, און ווי אַנדערש האָט אַלץ אָנגעהויבן אויסזען! ווי פאַרשידן האָט, צום באַדויערן, זיך פאַרגעשטעלט דאָס

בילד פון וועלט און מענטש! דער באַשעפער אַליין האָט חרטה געהאַט, וואָס ער האָט באַשאַפן דעם מענטש, זעענדיק, ווי פאַרדאָרבן דער מענטש איז, און ווי שלעכט און געמיין עס זענען זײַנע מחשבות און מעשׂים (בראשית ו, ה).

ווען מען גיט נאָך צו, אַז אין תנ״ך זענען אַרײַנגענומען געוואָרן אַזעלכע טיף־גראָבנדיקע, אומהיימלעכקייט אָניאָגנדיקע, ספרים ווי איוב און קהלת, ווערט מען גאָר שטאַרק צעטומלט און צערודערט, וואָס שײַך דעם אָפּטימיזם, וואָס שטראָמט, לויט דער אומגייענדיקער מיינונג פון יידישקייט. עס איז אָנגענומען, אַז יידישקייט זאָגט ״יאָ״ צום לעבן. ״ובחרת בחיים״ — זאָלסט אויסוויילן דאָס לעבן — איז אַ דייטלעכער אָנזאָג (דברים ל, יט), וואָס דאַרף נישט איבערלאָזן אין קיינעם קיין שום וואַקלעניש און קווענקלעניש. אויך דער ספר איוב פאַר־ענדיקט זיך מיט אַ קאַפּיטל, וואָס דאַרף דינען ווי אַ מוסר־השׂכּל, פון וועלכן מען קען אַרויסלערנען, אַז דאָס לעבן איז ווערטפול און פאַרמאָגט אַ זין און אַ ציל. אויך דער סקעפּטיציזם פון קהלת שליסט זיך אָפּ מיט אַ סוף־פסוק — אָדער ״סוף דבר״, ווי דאָרט גייט דאָס לשון — אַז מען טאָר זיך נישט פאַרלירן און סתּם שטעלן קלאָץ־קשיות, וואָרום אין וועג, וואָס מיר מאַכן אַדורך אויף דער ערד אין די יאָרן פון אונזער לעבן, איז פאַראַן אַ כּוונה און אַ ריכטונג.

אָבער אַפילו, ווען מען נעמט זיך די אַלע באַפרידיקנדיקע אויפקלערונגען גוט אין זינען אַרײַן, קענען מיר דאָך פאָרט זיך נישט באַפרײַען פון די זלידנע מחשבות, וואָס די פאַרקערטע שטעלעס און די קאַפּויערדיקע מיינונגען, וועלכע מיר באַגעגענען אין די זעלבע ספרים, רופן אָן. צי איז מעגלעך פאַר אונז אינגאַנצן אָפּצוּוואַרפן דעם אײַנדרוק פון אומעט און אַנטוישונג, וואָס קהלת לאָזט אין אונז איבער מיט זײַן כּסדרדיקן איבערחזרן, אַז אַלץ איז נאַריש און פאַרבײַלויפיק, אומזיניק און פוסטער געיעג, ״הבל הבלים״, ״הכּל הבל״? און וואָס מישטיינס־געזאָגט איז דער תּכלית און דער ״צוואָס״ פון אַלע אונזערע מי און מאַטערנישן? צי איז דען מעגלעך נישט אַרײַנצופאַלן אין אָפּגרונט פון צווייפל און אַפּאַטיע, בעת מען לייענט, צום בײַשפּיל, דאָס דריטע קאַפּיטל אין ספר איוב און מען באַגעגנט דאָרט די דערשיטערנדיקע מוראדיקע פראַגע, וואָס עסט זיך אײַן אין האַרץ און געמיט, און רייבט צו די גלײַכגעוויכט: צוואָס, אוי צוואָס, בין איך אַרויסגעקומען אויף דער וועלט? פאַרוואָס, אוי, פאַרוואָס, בין איך נישט פאַרבליבן פאַרבאַהאַלטן אין מײַן מוטערס אינגעווייד, און בכלל אַרויסגעגאַנגען אויף דער ליכטיקער שײַן? (או כנפל טמון לא אהיה, כעוללים לא ראו אור, איוב ג, טז).

## ג

יאָרן נאָך יאָרן, תּקופות נאָך תּקופות, האָט מען נישט אויפגעהערט אין דער מחשבה פון יידישקייט זיך צו גריבלען אין אָט־דעם האַרבן פּראָבלעם פון יאָ און ניין, אָפּטימיזם און פּעסימיזם, און ציִען דעם חשבון פון זײַן און נישט זײַן. אין

תּלמוד ווערט איבערגעגעבן, אַז צוויי און אַ האַלב יאָר האָבן די געדאַנקען־שולעס פון שמאי און הלל — בית שמאי און בית הלל — געפּירט צווישן זיך אַ דעבאַטע. אין איין שולע איז מען געקומען צום אויספיר, אַז עס איז בעסער פאַרן מענטש, ווען ער וואָלט נישט באַשאַפן געוואָרן — נוח לו לאדם שלא נברא יותר משנברא — און אין דער אַנדערער שולע האָט מען געזאָגט, אַז עס איז בעסער פאַרן מענטש, וואָס ער איז יאָ געוואָרן באַשאַפן — נוח לו לאדם שנברא יותר משלא נברא. נאָך אַזאַ שאַרפער און לאַנג־דויערנדיקער דעבאַטע איז מען איןביידע שולעס געקומען צום אויספיר, אַז עס איז בעסער פאַרן מענטש, ווען ער וואָלט נישט געוואָרן באַשאַפן — נימנו וגמרו, נוח לו לאדם שלא נברא משנברא (עירובין יג), מען האָט זיך אומגעקערט צום דאָזיקן פּראָבלעם ביַי פאַרשידענע געלעגנהייטן און אין אַנדערע ווערק. די גיגאַנטן פון ייִדישן בליק האָבן אומדערמידלעך געזוכט באַשייד.

ווייניקער פון אַלע ערטער האָט זיך אויסגעוויזן דאָס ייִדישע אוקראַינע צו זיַין דער פּאַסיקער פּלאַץ פאַר אַריַינלאָזן זיך אין די טיפענישן פון דער פראַגע פון זיַין און נישט זיַין; וואָרום דאָרט האָט אין יענער ציַיט גענומען די איבערהאַנט אין ייִדישן לעבן די פּשטות, וואָס האָט נישט קיין חשק זיך צו פאַרוויקלען אין ענינים, פאַר וועלכע עס איז שווער צו געפינען אַן אויסגאַנג; און ווייניקער ווי ערגעץ־אַנדערש, האָט דאָס אויפשפּראָצנדיקע חסידות געקענט פאַרטראָגן אַזאַ געמיטער־געראַנגל. די שיטה פון חסידות האָט נישט דערלאָזט, אַז דער אומעט זאָל זיך אויסבויען אַ נעסט אין ייִדישן האַרץ. זי האָט געשעפּט פון די לויטערע קוואַלן פון פרייד. זי האָט געזען ליכט און זון אין גאַנצן אַרום און געוואָלט, אַז דאָס ליכט און די זון זאָלן ממש פאַרפלייצן דעם ייִדישן מענטש. בלויז בלינדע, וועלכע פאַרשטעלן זיך דערצו די אויגן, באַמערקן נישט די שטראַלן ליכט, וועלכע ריַיסן זיך אַדורך — האָט געזאָגט דער בעל שם־טוב.

אָבער אין אָט־דער צו פרייד־גאַרנדיקער סביבה, האָט ר׳ נחמן קאָסעווער זיך נישט אָפּגעשטעלט פון אַריַינברענגען די פולקייט פון דער ייִדישער השקפה. אַוודאי באַקומט דאָס לעבן אַ זין און אַ ציל ערשט דורך די מעשׂים, וואָס מיר טוען. צו דעם אויספיר זענען דאָך לסוף דערגאַנגען די שולעס פון הלל און שמאי (ועכשיו שנברא, יפשפש במעשׂיו). אָבער, אויפן וועג צום דאָזיקן פּאָזיטיוון אויספיר, איז דאָ דער געראַנגל צווישן אידייען, און ייִדישקייט טאָר דעם געראַנגל נישט אויסמיידן. ייִדישקייט איז נישט בלויז דער ענטפער, ייִדישקייט זענען אויך די פראַגעס. דער נביא ירמיהו האָט זיך נישט אָפּגעהאַלטן פון זאָגן, אַז אין מענטשלעכן האַרץ קליַיבן זיך אָן כלערליי געפאַר־ברענגענדיקע געפילן. און אַז דאָס האַרץ ווערט געשלעפּט און געצויגען צו קעגנגעזעצטע שטרעמונגען (עקוב הלב מכל, ואנוש הוא, מי ידענו. ירמיהו יז, ט). טאַקע אַזוי: ווער איז פעאיק און מסוגל אַריַינצוקוקן אין די פאַרבאָרגענישן פון מענטשלעכן האַרץ?

ס'איז געווען נאָך אַן אַנדערע קאָמפּליצירטע פראַגע, וואָס האָט נישט געלאָזט רוען דעם אומרואיקן געדאַנק פונעם תּבֿואה־סוחר פון קאָסעוו: די פראַגע פון מינהג. זינט דורות האָט מען געוואוסט ביי ייִדן, אַז אַ מינהג איז ווי אַ דין, און אַפילו שטאַרקער ווי אַ דין, ווי דאָס פאָלק האָט פאַרזיכערט. פאַר אַ יסוד אין ייִדישקייט האָט מען באַטראַכט דעם כּלל, אַז דעם מינהג פון די עלטערן דאַרף מען נישט בייגן (מנהג אבותינו תורה היא, מנחות כ). חסידות, אין דער צייט, ווען די שיטה האָט אָנגענומען פאָרם, איז נישט אַלע מאָל געגאַנגען אין שפּאַן פון מינהג. אָבער ווען זי האָט דאָס געטאָן, האָט זי זיך כּסדר פאַרענטפערט, פאַרוואָס דער מינהג פון דורות קומט אויס ביי איר אַביסל אַנדערש. אָפן און דרייסט אָפּצוטרעטן פון איינגעפירטע געוואוינהייטן האָבן נישט אַלע געוואָגט.

ר׳ נחמן האָט אויך דאָ אַרויסגעוויזן מוט. ער האָט געזאָגט, אַז אַ מינהג דאַרף באַטראַכט ווערן פון אַלע זייטן, און מען דאַרף זען, צי ס'איז ריכטיק און בייטיק אין אים זיך אָנצוהאַלטן. ער האָט איבערגעחזרט, וואָס רבינו יעקב תּם, דער געזעצגעבער פון אַשכּנזישן ייִדנטום, האָט לאַנגע תּקופות פריִער געזאָגט, אַז מנהג האָט די זעלבע אותיות וואָס גהנם (גהינום); און סתּם זיך נישט וועלן שיידן מיט קיין מינהג איז פאַלש. אָבער אויב רבינו תּם האָט זיך אָנגעשפּאַרט, ווי זיין שטייגער איז געווען, אויף געזעץ און הלכה, האָט ר׳ נחמן קאָסעווער אָפּעריִרט מיט סאַמע קאַטעגאָריעס פון געדאַנק. מיר ווייסן נישט, אויב ס'איז צו אים דערגאַנגען דער אייזערנער כּלל אין דער פילאָסאָפיע, אַז ערשט דאָס טראַכטן איז אַ באַווייז אויף דעם מענטשנס עקזיסטענץ; אָבער לייענענדיק זיינע אַרגומענטן, שווימט כּסדר אויף דער דאָזיקער כּלל. אומגעוויינלעך דרייסט איז זיין אויסטייַטש פון פּסוק אין חומש: ״אל תפנו אל האובות״ (ויקרא יט, לא). אויב דאָרט איז די רייד, אַז מען דאַרף נישט האָבן קיין אַבערגלויבן אין די ערדישע און מכּלומרשט איבער־ערדישע גייַסטער, האָט ער דערקלערט, אַז דאָס איז אַ וואָרנונג קעגן אַן אומגע־רעכטן, איבערגעטריבענעם גלויבן אין אונזערע טאַטעס (אַל תפנו אל האבות).

מיר האָבן דאָס רעכט צו טראַכטן זעלבשטענדיק, און נישט אָנשפּאַרן זיך תּמיד אויף אויטאָריטעטן. מען דאַרף נישט זיין בלויז פאַרקוקט אויף צוריק. דאָס ווייַב פון לוט האָט געקוקט כּסדר אויף צוריק — און זעט, וואָס פון איר איז געוואָרן! כּל־זמן מען דערשיטערט נישט די יסודות, איז אַנגעוויזן אָפּצוטרעטן פון אָנגע־נומענעם מינהג. ער האָט נישט גערופן אויסצורייַסן אויף אַן אומבאַרעכנטן אופן געוואוינהייטן, אָבער ער האָט גערופן צו טראַכטן.

מען קען אָנטרעפן נאָך אַנדערע רעיונות ביי אים, וואָס מאַכן דעם רושם, ווי זיי וואָלטן פון קאָסעוו אַריבערגעוואָנדערט הונדערט יאָר שפּעטער קיין פּשיסכע און קאָצק, די גרויסע מחשבה־צענטערס פון מזרח־אייראָפּעאישן ייִדנטום. זוכן דעם אמת איז פאַר ר׳ נחמנען געווען די אָנשטרענגענדיקע אויפגאַבע; אַ לייַדנשאַפט. ער האָט נישט פאַרטראָגן דעם ווילן אַלעמען געפעלן צו ווערן. וואָסער

פֿרײַז מען זאָל נישט מוזן באַצאָלן פֿאַר דער שטרעבונג צום אמת — ס׳איז כּדאַי דעם פּרײַז צו באַצאָלן. דער אמת איז ממש ווי דער אָטעם, אָן אים שטעלט זיך אָפּ דאָס, וואָס איז עכט אין אונזער לעבן. מ׳וואָלט געקענט מיינען, אַז מיט אַזעלכע איבערצײַגונגען איז ר׳ נחמן געווען אַ בייזער, אָנגעכמורעטער ייִד. עס הייבט זיך נישט אָן. גראָד ער האָט דערמאָנט, אַז כּעס איז אַ שלעכטע מידה, וואָס מען דאַרף זיך פֿון איר דערווײַטערן. ווערן דאָך נאָך אין תּלמוד געברענגט די ווערטער פֿון אלעזור בר קפּרא, וועלכער האָט זיך באַרימט געמאַכט מיט זײַנע קלוגע אָפּאָריזמען, אַז אַ כּעסן דערגרייכט בעצם גאָרנישט מיט זײַן בייזערן זיך (רגזן לא עלתה בידיה אלא רגזנותא, קידושין מא).

מיט שוועריקייט לאָזן זיך אָנצייכענען אַלע פּראָגעס און פּראָבלעמען, אין וועלכע ר׳ נחמן האָט זיך געגריבלט, זיי געהערן צום תּחום פֿון דער מיסטיק, און אויך פֿון דער עטיק. ווי אַזוי קענען מיר זיך דערהייבן אין אונזער נשמה, און פֿאַרוואָס פֿאַלן מיר אָפֿט אַראָפּ פֿון דער הויכקייט, צו וועלכער מיר זענען אַרויפֿ־געשטיגן? צי מוז נאָך אונזערס אַן אויפֿשטײַג, אַ גײַסטיקן אויפֿשטײַג, טאַקע קומען אַ ירידה? צי איז די ירידה אומפֿאַרמיידלעך, אָדער איז זי גאָר נויטיק צו דער שפּעטערדיקער דערהייבונג? אויך די פֿראַגע פֿון יחיד און מאַסע, פֿון דער אויסדערוויילטער פּערזענלעכקייט אין איר צוגויפּטרעף מיט דעם המון, האָט אין אים אַרויסגערופֿן כּלערליי רעפֿלעקסן. ווידער האָט ער זיך אומגעקערט צו דער באַצווינגענדיקער געשטאַלט פֿון משה רבינו. איבער אים ווערט געזאָגט, אַז ער איז געווען אַ שטאַמלער, אַ כּבד־פּה. אָבער צי איז ער מעגלעך געווען אַ שטאַמלער דערפֿאַר, ווײַל דאָס פֿאָלק האָט צוערשט זיך נישט געוואָלט צו אים צוהערן, און דאָס פֿאָלק האָט אים געברענגט צום שטאַמלען? דאָס פֿאָלק, הייסט עס, איז משפּיע, דער המון טראָגט די פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט דערפֿאַר, וואָס זײַן מנהיג שטאַמלט. אויב מען רעדט צו די, וועלכע ווילן נישט פֿאַרשטיין, וואָס מען זאָגט זיי, פֿאַרלירט מען דאָס לשון. וועקט זיך דערפֿאַר אויף די אַלטע קשיא: ווער דעצידירט אין לויף פֿון די פּאַסירונגען, דער יחיד אָדער דער רבים? בײַ ר׳ נחמנען האָט די מיסטיק אַרײַנגעשפּרייזט אויך אין תּחום פֿון דער היסטאָריאָסאָפֿיע.

ס׳איז זיך משער צו זײַן, אַז זײַן אײַנשטעלונג און טעמפּעראַמענט האָבן אים געברענגט נישט ווייניק רדיפֿות. ער איז מעגלעך געווען דער אַממײַסטן באַליידיק־טער אין דעם פּרימאַרגן פֿון דער חסידות־באַוועגונג. מ׳האָט אים אַפֿילו חושד געווען, אַז ער איז אין געהיים אַן אָנהענגער פֿון פֿאַלשן משיח שבתי צבי, און פֿון דער סעקטע, וואָס איז נאָך אים פֿאַרבליבן. אָבער ער האָט די בלבולים און זלזולים אויפֿגענומען, קען מען זאָגן, מיט פֿאַרשטענדניש. אַזאַ איז דער דרך־העולם, האָט ער באַמערקט. אַזאַ איז דער מענטש: ער זעט יענעמס פֿעלערן, און זעט נישט זײַנע אייגענע... דינים פֿון אַמאָל האָבן בײַ ר׳ נחמנען אָנגענומען צאַפּלדיקע אַקטועלקייט. זיי קענען דינען ווי אַ מאָס פֿאַר דער מענטשלעכער

אויפפירונג (כל הנגעים אדם רואה, חוץ מנגעי עצמו, משנה נגעים ב, ה). אַזוי איז דאָס געווען אין בית־המקדש פּאַרצײַטנס, אַזוי איז דאָס אין לעבן כּסדר: חסרונות געפינט מען נאָר בײַם צווייטן... ס'איז בײַ ר' נחמנען געווען אַ זעלטענער צונויפּ־פּאַר פון ספר מיט דער טאָגטעגלעכער האַוועניש. דער ספר איז בײַ אים נישט געשטאַנען דווקא אין דער ספרים־שאַנק, ער איז געווען בײַ אים אין מוח, אין געמיט; אַפילו אין מסחר. אויב עמעצער אַ ייִד האָט מקיים געווען דעם אַלטן אָנזאָג, אַז מען דאַרף אין ספר מעיין זײַן "יומם ולילה", "טאָג און נאַכט", איז דאָס געווען בלי ספק, דער דאָזיקער קאָסעווער סוחר. ער האָט געטעמעט מיטן ספר.

דאָס אייגנטימלעכע אין ייִדישקייט איז, לויט אים, וואָס זי דערלאָזט די פאַרשידנקייט פון מיינונגען, און רעגט אָן, און אינספּירירט, צו באַטראַכטן פּראָגעס און פּראָבלעמען פון אַלע מעגלעכע שטאַנדפּונקטן. ייִדישקייט פאַרטראָגט נישט ענגשאַפט פון געדאַנק און ענגקייט פון געפיל. דער תּלמוד ברענגט צום אויסדרוק קעגנגעזעצטע מיינונגען, און וויל זיי צומאָל נישט אויסגלײַכן, מיר האָבן אין אונזער הלכה און גײַסטיקער געשיכטע אָפּגעגעבן אָרט פאַר סתּירות און ווידער־שפּרוכן. די באַצייכענונג פאַר דער שטאָט ירושלים פון אַמאָל, וואָס מיר געפינען אין אָנהייב פון מגילת איכה, "העיר רבתי עם" מיינט צו זאָגן, לויט ר' נחמן קאָסעווער: די שטאָט, אין וועלכער עס זענען אויסגעוואַקסן אַ סך מיינונגען, אַ סך השקפות, אַ סך שיטות, און זענען זיי געשטאַנען אַפילו אין שאַרפן קעגנזאַץ איינע צו דער צווייטער. אין ירושלים האָט מען זיך געוואָנדן צום מענטש און צו אים געזאָגט: גיי טראַכט, גיי קלײַב אויס די שיטה, וואָס איבערצײַגט דיך! דאָס איז דער אָנווײַז פון אַמאָליקן ייִדישן גײַסטיקן צענטער אין ירושלים פאַר דורות, און פאַר אַלע קהילות, אָן אונטערשייד, וואו זיי אָנטשטייען.

מ'האָט פון ר' נחמנען געוואָלט, אַז ער זאָל פאַרשרײַבן זײַנע געדאַנקען, זײַן תּורה שבעל־פּה. אָבער ער האָט דערצו נישט מסכּים געווען. צו וואָס, צו ווען? — האָט ער סקעפּטיש געפרעגט, געגנוי אַזוי ווי עס האָט אַ סך יאָרצענדליקער שפּעטער מיט דער פולער אָנטשידנקייט אָפּגעוואָרפן יעדע ווענדונג צו שרײַבן אַ ספר דער רבי פון קאָצק. צו הילף האָט ער גענומען די עצה פון קהלת: "היט זיך אָפּ, מײַן זון, פון מאַכן אַ סך ספרים; ס'איז אָן ענדלאָזע, צו גאַרנישט דער־פירנדיקע אָנשטרענגונג" (קהלת יב, יב). זיי געוואָרנט, מײַן זון!...

אָבער ווײַזט אויס, אַז זײַן געזונט איז רואיגירט געוואָרן פון כּסדרדיקן אומרו, וואָס האָט אים געיאָגט און געטריבן; פון אומאויפהערלעכן שטורם און דראַנג צו זוכן און דערגרונטעווען, וואָס האָט זיך אין אים אײַנגעגעסן; פון דער כּסדרדיקער גײַסטיקער שפּאַנונג, מיט וועלכער ער האָט געפיבערט; פון די אומאויפהערלעכע געראַנגלען, וועלכע ער האָט געפירט מיט זיך און מיטן אַרום. אָן ערך פערציק יאָר איז ער אַלט געווען, ווען ער איז אַוועק פון דער וועלט. דער בעל־שם האָט נאָך דעמאָלט געלעבט, און ער האָט טיף געטרויערט אויף דער פּטירה פון אייגנאַרטיקסטן

פון זיַינע תּלמידים. רבי לוי יצחק בערדיטשעווער האָט געזאָגט, אַז מ׳וועט שטאַרק פילן זיַין אָוועקגיין. ווי די חסידישע כראָניק דערציילט, האָט דער בעל־שם אָפּגעגעבן גרויס כּבוד ר׳ נחמנס אַלמנה, ווען זי איז צו אים געקומען. ער האָט געזאָגט: די, וואָס זענען געווען אין ר׳ נחמנס מחיצה, פֿאַרדינען, אַז מען זאָל זיי אָפּגעבן כּבוד.

ד

קומען מיר צום צווייטן ר׳ נחמן, דער סימבאָל ר׳ נחמן. דער סימבאָל פון די ייִדן, וואָס האָבן געלעבט אין פוילן, אוקראַינע, ליטע, גאַליציע, וואָלין, פּאָדאָליע, וויַיסרוסלאַנד — הקיצור אין מזרח־אייראָפּע, אין דער תּקופה פֿאַרן נאַצי־חורבן. וואָס מער מיר דערוויַיטערן זיך פון יענער וועלט, וואָס איז אונטערגעגאַנגען, אַלץ שטאַרקער ווערט, צום באַדויערן, אויסגעקרומט דאָס ווירקלעכע בילד און פֿאַלשע באַגריפן פּרוכפּערן זיך. דערנענטערט זיך צו אונז אַזאַ געשטאַלט ווי ר׳ נחמן קאָסעווער, און לעבט אויף אין אונזער געדאַנק די ייִדן, אַזוי ווי זיי זענען געווען אין דער אמתן.

נישט ריכטיק איז, אַז זיי, די ייִדישע מאַסן אין דער וועלט, וואָס איז אונטער־געגאַנגען, זענען געווען די סטאַטיסטן אין דער גרויסער געשיכטלעכער ייִדישער דראַמע, ווי מען וויל אונז איצט איינריידן; דאָס הייסט, אַז אין יעדער באַוועגונג, וואָס איז אַנטשטאַנען, זענען געווען אַ פּאָר טאָן־געבער, און די מאַסן האָבן געזאָגט "אָמן" נאָך יעדן אָנוויַיז, וואָס איז געקומען פון אויבן. נישט געווען אין דער גאַנצער ייִדישער פֿאַרגאַנגענהייט און אין דער ייִדישער צעשפּרייטקייט אַזאַ באַוואוסטזיניקע ייִדישע מאַסע, ווי אין די טראַגיש־פֿאַרשוואונדענע קהילות. צו־נויפגעלייגט פון באַוואוסטזיניק־דיסציפּלינירטע יחידים, קען מען זאָגן, אַז דאָרט האָט דער יחיד געטראַכט, אַנאַליזירט, אַרגומענטירט. בעת אונזער פֿאָלק האָט נאָר וואָס געשטעלט זיַינע ערשטע טריט, ווערט דערציילט אין חומש, האָט יהושע, דער תּלמיד פון משה רבינו, זיך געקלאָגט פֿאַר משהן, באשר ובכן צווישן פֿאָלק קען מען באַמערקן, ווי "אומבאַרופֿענע" נעמען זיך דאָס רעכט "צו זאָגן נביאות". אין אַנדערע ווערטער: צו אַנטוויקלען אידייען, אָנצייכענען אידעאַלן. משה האָט אים דערויף געענטפֿערט: הלוואי זאָלן אַלע טאַקע אַזוי טון! (ומי יתן כל עם ה׳ נביאים, במדבר יא, כט). אין ייִדיש מזרח־אייראָפּע איז דער דאָזיקער וואונטש פֿאַרווירקלעכט געוואָרן. אָט נעמט די חסידות־באַוועגונג אין איר אויפשפּראָץ. אַלע וועלכע האָבן זיך אַרום דער באַוועגונג געזאַמלט און געוואָרן אירע אָנהענגער, וואָלטן, דאַכט זיך, טאַקע באַדאַרפֿט דעמאָלט אָנשטעלן מויל און אויערן צו די אָנוויַיזונגען און רמזים, וואָס זענען געקומען מצד די, וועלכע האָבן געגרינדעט די באַוועגונג און אָנגעפֿירט מיט איר. אָבער שוין דעמאָלט האָט דער תּבֿואה־הענדלער פון קאָסעוו געוואָגט צו גיין זיַין אייגענעם דרך, און ברענגען זיַין

אייגענעם אידייען־בײַטראַג, נישט געקוקט אויפן שטורם, וואָס דאָס האָט געקענט אַרויסרופן.

אָט די ייִדן האָבן געשטרעבט צו זײַן מיטבויער, מיטשעפער. זיי האָבן זיך נישט באַגנוגנט, וואָס עמעצער מאַכט געשיכטע פאַר זיי. מ׳האָט זיך אָנגעשטרענגט אַליין צו מאַכן געשיכטע, און זיי האָבן דאָס דערגרייכט. אין אַלע פּאַזעס, וואָס מזרח־אייראָפּעאישע ייִדן האָבן אַדורכגעמאַכט, זענען זיי פאַרבליבן אַקטיוו, מיט איניציאַטיוו שפּרודלענדיקע, מענער און פרויען פון טאַט. אפילו אין דער טראַגיש־העראָאישער צײַט פון פאַרלענד איז דאָס פאָלק, מיט זײַנע אַלטע און יונגע — דער אויסדרוק פון כּלערליי אידייען־קעסלען, וואָס האָבן אין אים געזאָטן און געקאָכט — אין אַלע זײַנע שיכטן, געווען אַרײַנגעטון אין מאַכן געשיכטע.

אין דעם אויסגעקרומטן בילד, וואָס ווערט געמאָלט וועגן דער מזרח־אייראָפּעאישער ייִדישער וועלט, וואָס איז אונטערגעגאַנגען, ווערט אָנגעוויזן, אַז מחשבה איז נישט געווען דאָס פעלד, אין וועלכן די ייִדן, וואָס האָבן דאָרט געלעבט, האָבן זיך אויסגעצייכנט. מחשבה, טענהט מען, האָט זיך פונאַנדערגעבליט אין די מערב־אייראָפּעאישע ייִדישע ישובים. דאָרט האָבן ייִדן אַדורכגעמאַכט הויכע בילדונג. דאָרט פיגורירן ייִדישע פילאָסאָפן אַפילו ווי שעפער פון שטרעמונגען אין דער פילאָסאָפיע. דאַקעגן אין ייִדיש מזרח־אייראָפּע איז העכסטנס געווען עמאָציע, געפיל, ראָמאַנטישקייט; אָבער נישט אויסגעבויטע מחשבה.

אָבער אויך דאָס איז דאָך נישט ריכטיק. אין די פאַרשטויסענע ייִדישע שטעטלעך פון מזרח־אייראָפּע זענען געווען גרויסע בעלי־מחשבות. די מחשבה־שפּליטערס פון נחמן קאָסעווער, פון בונים פון פּשיסכע, צי פון מענדעלע קאָצקער, פאַרמאָגן מער עמקות ווי די אָנגעפּראַפּטע ווערק פון אַ סך מערב־פילאָסאָפן. פון די פונאַנדערגעשאָטענע בלעטלעך כּתב־ידן פון נחמן קראָכמאַל בליצט אַרויס מער היסטאָריאָסאָפישער אויפטו און דורכדרינגענדיקער אַרײַנבליק ווי פון די צירלעך־מאַנירלעך רעדאַקטירטע מאַנוסקריפּטן פון אָנערקענטע היסטאָריקער פון דער מערב־וועלט. אין אַ פרײַטיקדיקן צײַטונג־מאמר פון נחום סאָקאָלאָוו אָדער פון הלל צייטלין איז מעגלעך געווען צו געפינען מער אָריגינעלקייט, מער שאַרפזין, און אַוודאי מער שווערן באַגאַזש פון ייִדישער אָנגעלערנטקייט, ווי אין די פּילבענדיקע שריפטן פון די מערב־געלערנטע. אין די דינע ספרימלעך, מיט דראָבנע רש״י־אותיות אָפּגעדרוקטע חיבורים, פון מרדכי יוסף פון איזשביצע און נחמן פון בראָצלאָוו טרעפט מען זיך אָן אויף שיטות, פון וועלכע מען קען כּסדר לערנען און באַרײַכערט ווערן, און וואָס ווערן גאָרנישט אָפּגעבלאָקירט און פאַרעלטערט מיטן לויף פון די יאָרהונדערטער.

ס׳איז ממש שווער צו גלויבן, אַז אין די ערשטע יאָרצענדליקער פון אַכצנטן יאָרהונדערט האָט אַ ייִד אין פאַרוואָרפענע מקומות אין אוקראַינע, אַ תּבואה־הענדלער אין פּאָדאָליע, אַרויסגעבראַנגט און פאַרטיידיקט די פּרינציפּן פון פרײַהייט

**פון וואָרט, פון אַ פּלוראַליסטישער געזעלשאַפט, פון זעלבשטענדיקן דענקען; און** דער דאָזיקער מוטיקער קעמפער פאַר אידייען איז צומאָל נישט געווען קיין ״פאַרגעשריטענער״, קיין ״אויפגעקלערטער״. ער איז געווען איינער פון תּלמידים־קרײַז אין דער חסידות־באַוועגונג, וואָס איז דאַן אַנטשטאַנען.

ס׳איז טאַקע געווען אַ רעאַלער נחמן קאָסעווער, אָבער ס׳איז געווען אויך אַ נחמן קאָסעווער, וועלכער פאַרבלײַבט אַ סימבאָל, אַ באַשײַנפּערלעכער סימבאָל פון יענעם טייל פון אונדזער פאָלק, וואָס מיר רופן אָן: מזרח־אייראָפּעאיש ייִדנטום.

און דער צווייטער ר׳ נחמן איז דאָך נישט ווייניקער רעאַל, ווי דער ערשטער.

# אונזער דור לייענט ר׳ נחמן בראַצלאַווערס מעשׂהס

## א

ווען די מעשׂהס פון ר׳ נחמן בראַצלאַווער זענען — עטלעכע יאָר נאָכדעם ווי ר׳ נחמן איז אַוועק פון דער וועלט — דערשינען אין דרוק, האָבן זיי אַרויסגערופן אַ שטורעם אין דער ייִדישער געזעלשאַפט. דאָס איז געווען אין צווייטן יאָרצענדליק פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט. גענוי: אין יאָר 1816 (תקעו). עס האָבן זיך געשאַפן צוויי קעגנגעזעצטע מחנות. פאַר איין מחנה איז דאָס פאַרעפנטלעכן די מעשׂהס געווען נישט בלויז וויכטיק און נויטווענדיק; נישט בלויז אַ געבאָט פון דער שעה, נאָר אַ געבאָט פאַר אַלע צײַטן. מען האָט אַרײַנגעלייגט אין זיי טיפע כוונות.

ר׳ נתן נעמיראָווער, דער איבערגעגעבענער תּלמיד, וועלכער האָט אַרויסגעגעבן דאָס ספר, האָט געשריבן אין זײַן הקדמה, אַז יעדעס וואָרט אין די מעשׂהס איז הייליק; יעדעס וואָרט איז אַ סוד. מען דאַרף זיי דעריבער לערנען און זיך אָנשטרענגען, כּדי אַרײַנצודרינגען אין זייער אינהאַלט. ר׳ נתן האָט אָנגעגעבן, אַז ער האָט די מעשׂהס פאַרצייכנט צוהערנדיק זיך צו זיי, ווען דער בראַצלאַווער האָט זיי דערציילט בײַ פאַרשידענע געלעגנהייטן און אַז דער ווילן פון "דעם גרויסן לערער פון בראַצלאַוו" איז טאַקע געווען זיי אונטערצוטראָגן צו אַלע ייִדן. אַזוי האָבן אויך געהאַלטן אַ סך אַנדערע. אַ כוואַליע פון באַגײַסטערונג האָט זיך אַרויסגעהויבן אין די געגנטן. וואו די ייִדישע באַפעלקערונג האָט זיך קאָנצענטרירט אין יענער צײַט; די געגנטן פון רוסלאַנד, אוקראַינע, פּאָדאָליע, וואָלין, ווײַסרוסלאַנד. מען האָט צו די מעשׂהס געשריבן פּירושים. מען האָט זיי געלייענט, בעת מען איז געווען אַליין און צווישן קהל. זיי זענען געגאַנגען פון האַנט צו האַנט און זיי זענען דערשינען אין אַ סך אויפלאַגעס; סײַ אין ייִדיש — דאָס לשון, אין וועלכן ר׳ נחמן האָט זיי דערציילט — סײַ אין לשון־קודש, די שפּראַך, אויף וועלכער דער געטרײַער תּלמיד, האָט זיי איבערגעזעצט.

אָבער אויך אַ קעגנערישע מחנה האָט עקזיסטירט. זי איז אַנטשטאַנען צווישן די וועלכע האָבן זיך אַרויסגעזאָגט קעגן דער תּורה און דער באַוועגונג פון חסידות,

און זי האָט זיך אָנגעזען אין דער חסידישער באַוועגונג גופא צווישן די, וועלכע האָבן נישט געוואָלט פאַרטראָגן דעם דרך פון ר׳ נחמנען. מען האָט זיינע מעשׂהס קריטיקירט, אָפּגעשטויסן, אַרויסגעשטויסן. די פאַרשידנקייט פון די מיינונגען האָט אויך אָנגעהאַלטן אין די שפּעטערדיקע תּקופות. זי האָט אַרומגענומען אַלע ספערן פון אידייע, אַלע שטרעמונגען פון געדאַנק, פאַר וועלכע מען האָט זיך געראַנגלט אין אונזער פאָלק.

ס׳איז נישט מעגלעך אָפּצוטיילן דאָס ווערק פון זיין שעפער.

אויב עס איז די רייד וועגן די מעשׂהס פון ר׳ נחמן, איז נויטיק אויפצופרישן לכל־הפּחות עטלעכע פּרטים וועגן אים אַליין. אַן אור־אייניקל פון ר׳ ישׂראל בעל־שם־טוב פון דער מוטערס צד, און אַן אייניקל פון ר׳ נחמן האָראָדענקער (וועלכער איז געווען פון די נאָענטע תּלמידים פון בעל־שם) פון פאָטערס צד, האָט ער געטראָגן אין זיך דעם הייסן באַגער צוריק צו ברענגען די תּורה פון חסידות — און בכלל יידישקייט — צום מקור; ווי אויך אָפּוואַרפן פון זיי די ״אויסערלעכע שאָלן״, וואָס האָבן זיך צו זיי צוגעקלעפּט אין לויף פון די צייטן. די וואָרצלען, די משפחה, צו וועלכער ער האָט געהערט, צוזאַמען מיט דער עובדה, וואָס זיין געבוירנאָרט איז געווען מעזשיבוזש — וואו חסידות איז אויסגעוואַקסן — האָבן נאָך מער פאַרשטאַרקט אין אים דעם באַוואוסטזיין פון אַחריות.

פול מיט וואַגלעניש איז געווען זיין לעבן. מעדוועדאָווקע, הוסיאַטין, זלאַטאָ־פּאָלע, בראַצלאַוו, אומאַן — דאָס זענען די סטאַציעס, אין וועלכע ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ לענגערער אָדער קורצערער צייט. אַפילו קיין ארץ־ישׂראל איז ער דערגאַנגען. אָבער ער האָט זיך פון דאָרט אומגעקערט, וואָרום, ווי ער האָט דערקלערט, האָט ער ביי זיך נישט געקענט פועלן צו זיין וויַיט פון די בית־עלמינס, וואו עס האָבן געפונען זייער אייביקע רו די קדושים פון די קאָזאַקן־שחיטות. אַ שטורמישע איז געווען די צייט, אין וועלכער ר׳ נחמנען איז אויסגעקומען צו לעבן. הגם לאַנג נאָך דער כמיעלניצקי־תּקופה, האָבן נאָך אַלץ אָנגעהאַלטן שחיטות פון קלענערע קאָזאַקן־באַנדעס. דער פונאַנדערטייל פון פוילן האָט אַריינגעברענגט נאָך מער טראַגעדיע אין יידישן לעבן אין די געגנטן, וואו די מערהייט פון יידישן פאָלק האָט דעמאָלט געוואוינט.

די רשעות פון דער צאַרישער מאַכט האָט נאָך שווערער געמאַכט די פאַר־העלטעניש. דערצו האָט אַריינגעפירט צעטומלעניש דער גייסטיקער ווירוואַר: נאַפּאָלעאָנס מלחמות. די אילוזיעס, וואָס די עמאַנציפּאַציע אין מערב־אייראָפּע האָט אַריינגעברענגט. די השׂכּלה און דער קאַמף, וואָס האָט זיך געעפנט אין דער יידישער גאַס פאַר דער נשמה פון יידישן מענטש.

פאַר ר׳ נחמנען זענען די אַלע אויפרעגנדיקע און דערדריקנדיקע פאַסירונגען געווען נאָך אַ סיבה פאַרן זיין ענג צונויפגעבונדן מיט די יידן, וועלכע האָבן זיך אַרום אים צונויפגעקליבן. ער האָט גערעדט, געשריבן, באַגייסטערט די געמיטער. ער

האָט, אין זײַן מיסטישן דראַנג, געזוכט די "ניצוצות", די "הייליקע פונקען", וועלכע ווערן כּסדר אַנגעצונדן אין די ייִדישע טיפענישן, און וואָס קענען אַרויסהייבן דעם יחיד און די אומה פון אַלע זומפּן. אין דער צײַט, ווען אַ מידקייט האָט געדראָט צו באַפאַלן דאָס פאָלק, האָט ער אויסגערופן: "מען טאָר נישט זײַן מיד!"... אין אַ תּקופה ווען אויך יונגע מענטשן האָבן געשפּירט, אַז די זיקנה איז אויף זיי אַרויפגעשפּרונגען, האָט ער אויסגעשריִען: "מען טאָר נישט זײַן אַלט!"... אין יאָרן, און אין אַ סביבה, וואָס עס איז שווער געווען נישט באַהערשט צו ווערן פון ייִאוש, האָט ער באַפוילן אָוועקצוטרײַבן די מרה־שחורה, און פאַרבאָטן צו זײַן טרויעריק. עצבות איז ווי בלײַ, וואָס פאַלט אויפן ייִדישן האַרץ. מיט אָט דעם אויסרוף איז ער אַרומגעגאַנגען איבער די ייִדישע ישובים: "געוואַלט, ייִדן, זײַט זיך נישט מייאש!". אָט מיט די ווערטער: "די וועלט איז אַ שמאָלע בריק, און דער עיקר איז נישט צו שרעקן זיך!"...

ר' נחמן איז איינער פון די טיפסטע מיסטיקער אין דער געשיכטע פון דער ייִדישער גײַסטיקייט. אין זײַנע כּתבים פילט זיך דער כּסדרדיקער דראַנג צו שטײַגן אין דער הויך, אַרײַנצודרינגען אין דער טיפקייט פון זײַן, דערנענטערן זיך צו דער געטלעכקייט, וואָס איז אומענדלעך, און דערגרייכן צום תּוך פון דער שליחות, וואָס דער מענטש האָט אויסצופירן אויף דער ערד.

עס האָט זיך אויך אָפּגעפונען אַ ייִד, אַ תּלמיד־חכם, אַליין צעגליט מיטן פײַער פון דער מיסטיק — ר' נתן שטערנהאַרץ פון נעמיראָוו, אין דער אוקראַינע — וועלכער האָט פאַרשריבן אַלץ, וואָס ר' נחמן האָט געזאָגט; פאַרצייכנט אַלץ מיט פּרעציזער גענויקייט און האַרציקער געטרײַשאַפט. שפּעטער האָט ער דאָס פאַר־עפנטלעכט אין דרוק.

אָבער עס איז נישט באַשערט געווען דעם בראַצלאַווער לאַנג אַרומצוטראָגן זײַן לערע. אַ געפערלעכע שווינדזוכט־קראַנקייט האָט פאַרצערט זײַן גוף. אין עלטער פון אַכט־און־דרײַסיק יאָר האָט זיך איבערגעריסן דער פאָדעם פון זײַן לעבן. חול המועד סוכות פון יאָר תּקעא (1810).

טאָקע עטלעכע יאָר פאַר זײַן פּטירה האָט ער זיך אָפּגערופן: "יעצט וועל איך אָנהייבן דערציילן מעשׂהס... די וועלט זאָגט, אַז מעשׂהס זענען אַ סגולה צום אײַנשלאָפן, און איך זאָג, אַז מיט מעשׂהס וועקט מען אויף פון שלאָף"...

עפענען מיר איצט אויף אָט די מעשׂהס. דור דור ודורשיו. יעדער דור אינטער־פּרעטירט זײַנע אייגענע פּאַסירונגען; און ער אינטערפּרעטירט אויך אויף זײַן אייגענעם אופן די געשעענישן פון די פאַרלאָפענע צײַטן, ווי אויך די ווערק, וואָס זענען צו אים איבערגעגאַנגען פון די פריערדיקע דורות. מאַי קאַ משמע לן? וואָס לאָזן אונז הערן, — אונז, אין אונזער אַקטועלער תּקופה — די מעשׂהס פון ר' נחמן?

## ב

לייענט אונזער דור די מעשה מיט די זיבן בעטלער. עס קומט גאָרנישט אַזוי ווײַט אויס די טעמע. אַ קעניג האָט געמאַכט אַ באַל פֿאַר זײַנע הויפֿלײַט. ער האָט איבערגעגעבן דעם טראָן צו זײַן זון. אָבער גראָד אין דער צעבאַלעוועטער סביבה רײַסן זיך אַרײַן פּראָבלעמען פֿון לעבן. פֿאַרשידענע סיבות צווינגען די מענטשן צו לויפֿן פֿון איין געגנט צו דער אַנדערער. קינדער גייען פֿאַרלוירן אין דער מהומה, פֿאַרבלאָנדזשען. בעטלער, וואַנדערנדיקע קאַליקעס, פֿאַרנעמען זיך מיט די בלאָנדזשענדיקע קינדער, יעדער בעטלער מיט זײַן מום, און מיט זײַן מעשה.

צומטיפֿסטן דריקט זיך אײַן אין געמיט די מעשה, וואָס עס דערציילט דער שטאַמלער, ווען עס געלינגט דאָך קלאָר צונויפֿצושטעלן זײַנע רייד. איטלעכע זאַך אין דער וועלט — זאָגט ער — האָט אַ האַרץ; און אויך די וועלט אינגאַנצן האָט אַ האַרץ. דאָס האַרץ פֿון דער וועלט שטייט אין איין עק וועלט. אָבער פֿאַראַן אין דער וועלט אַ הויכער באַרג, און אויפֿן באַרג שטייט אַ שטיין, און פֿון שטיין שטראָמט אַ קוואַל. דער באַרג מיטן קוואַל שטייט אין אַנדערן עק וועלט. דאָס האַרץ גלוסט, און בענקט, זיך צונויפֿצוקומען מיטן קוואַל. עס שרײַט, אַז עס וויל זיך דערנענטערן צום קוואַל; אויך דער קוואַל גלוסט צו דעם האַרץ. אַפֿילו ווען דאָס האַרץ ווערט קראַנק פֿון דער זון, וואָס ברענט און מאַטערט אויס, ווערט נישט אָפּגעשוואַכט זײַן באַגער צו דערגיין צום קוואַל. די בענקעניש שטעלט זיך קיינמאָל נישט אָפּ. מיט אַלע כּוחות רײַסט זיך דאָס האַרץ צום קוואַל.

פֿאַרוואָס קען עס דאָרט אַהין נישט דערגיין? דער באַרג, דער הויכער באַרג, פֿאַרשטעלט דעם צוגאַנג. די באַרג־שפּיצן פֿאַרמאַכן דעם וועג. גייט אָן די בענקשאַפֿט; און דער ווײ און צער צוליב דעם, וואָס די דערנענטערונג קומט נישט פֿאָר, זענען גרויס. אין דער אַטמאָספֿער הענגט די מוראדיקע פֿראַגע: צי קען די וועלט האָבן אַ קיום, אויב איר האַרץ קען נישט פֿאַרווירקלעכן דעם טיפֿן באַגער? מוזן מיר, אויף אייביקע צײַטן, פֿאַרבלײַבן עדות פֿון דער רירנדיקער בענקעניש פֿון קוואַל צום האַרץ און פֿון האַרץ צום קוואַל, און קיינמאָל נישט זען דעם אַזוי געגאַרטן צונויפֿקום?

בעת עס פֿאַלט צו דער בין־השמשות, און דער סוף פֿון טאָג רוקט אָן, הייבן זיך אָן געזעגענען דאָס האַרץ מיט דעם קוואַל. אין דער ענדערונג פֿון דער צײַט וועלן זיי צומאָל נישט קענען מיטן בליק אַדורכמעסטן די מרחקים. זיי זינגען שירים איינער צום צווייטן; שירים פֿון ליבשאַפֿט און געפֿיל. דער אויפֿשײַנענדיקער פֿרימאָרגן ברענגט ווידער אַרויס דאָס גאַרן און דאָס לעכצן. האַרץ און קוואַל הייבן אָן אַ נײַעם טאָג פֿון בענקשאַפֿט און דערוואַרטונג, פֿון האָפֿענונג און צער...

נאָך אַנדערע טעמעס ווערן אַרײַנגעפֿלאָכטן אין אָט־דער סימבאָלישער דערציילונג. טעמעס פֿון וועלכע מען קען אַרויסלערנען, אַז נישט אַלע מומים און פֿעלערן, וואָס מיר באַטראַכטן זיי, ווי זיי וואָלטן אַראָפּגעפֿאַלן אויף אונז פֿון

דרויסן, קומען טאַקע פון דרויסן; און זענען נישט קיין פּועל־יוצא פון אונזער אייגענער שולד. אָפּטמאָל ווילן מיר אַליין נישט הערן, נישט זען, און נישט ריידן קלאָר, וואָס מיר דענקען. אָבער דאָס זענען דרך־אגב באַמערקונגען. אין צענטער בלײַבט שטיין דער לײַט־מאָטיוו: די קעגנזײַטיקע בענקשאַפט האַרץ־קוואַל, און דער דערשיטערנדיקער ווײ פון דער באַגעגעניש, וואָס ווערט כּסדר אָפּגעלייגט.

אַ פאַנטאַסטישע דערציילונג? מיר, אין אונזער שוואַר־געפּרוווטן און מיט נסיונות פולן דור, זענען גאַרנישט געניגט אַזוי צו זאָגן. גראָד די דאָזיקע פאַנטאַזיע שנײַדט זיך אַרײַן אין אונזער קעגנוואַרטיקער דערפאַרונג, אין אונזערע הײַנטיקע איבערלעבונגען. מער ווי וועלכער־עס־איז דור אין דער מענטשלעכער געשיכטע, האָט מען אין אונזער דור זיך אונטערגענומען אײַנצופירן אין לעבן סאָציאַלע אידעאַלן, נאַציאָנאַלע, פּאָליטישע. גראָד אין הײַנטיקן יאָרהונדערט האָבן היסטאָרישע, אַלמענטשלעכע וויזיעס, ייִדישע וויזיעס, אָנגענומען הויט און ביינער. פריִערדיקע קאַטאַקליזמען זענען באַנומען געוואָרן ווי הקדמות, ווי צוגרייטונגען צו די דראַמאַטישע פּאַסירונגען פון אונזער צײַט. דאָס, וואָס ס'איז פריִער נישט געראָטן, שפּילט זיך אָפּ פאַר אונזערע אויגן. האָבן מיר פאַרזיכערט: "דאָס איז דער סוף פון דער געשיכטע" — ווי דאָס ווערט אויסגעדריקט אין דער אומגעיינ־דיקער פּראָזע. אָן עק צו דער ראָמאַנטישער שטרעבונג, צו דער סענטימענטאַלער דערוואַרטונג. אין דער נײַערווירקלעכקייט האָבן דער קוואַל און דאָס האַרץ זיך צונויפגעטראָפן. ביז־הײַנט אומדערגרייכטע אידעאַלן זענען רעאַליזירט געוואָרן!

אָבער ווען אונזער דור לייענט די מעשה פון ר' נחמן בראַצלאַווער איצט, נאָך די אַדורכגעמאַכטע אַנטוישונגען, פרעגט ער בײַ זיך: צי האָט פאַרט נישט געהאַט רעכט, ער — דער בראַצלאַווער? צי איז דען די ווײַטקייט צווישן קוואַל און האַרץ אָפּגעווישט געוואָרן? צי געפינען מיר דען זיך, בײַם סוף פון איצטיקן יאָרהונדערט, נענטער צו דער אויסגעבענקטער באַגעגעניש, ווי עס האָבן זיך געפונען אונזערע פאָרגייער, אין בראשית פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט? צי איז נאָך אַלץ נישט אַקטועל, סײַ אין דער וועלט־פּאַנאָראַמע, סײַ אין דער ייִדישער פּאַנאָ־ראַמע, די דערוואַרטונג, דער באַגער, די שטרעבונג?...

## ג

לייענט אונזער דור "די מעשה מיט אַ הענגלײַכטער". אויב די מעשה מיט די זיבן בעטלער איז די לענגסטע פון די דערציילונגען, איז די מעשה וועגן הענג־לײַכטער די קורצסטע. איינער אַ מאַן איז אַוועק פון זײַן געבוירן־לאַנד, און זיך אַוועקגעלאָזט איבער ווײַטע מדינות זיך אויסלערנען פאַרשידענע פאַכן, וואָס ער האָט נישט געהאַט די מעגלעכקייט צו לערנען אין דער היים. נאָך לאַנגע יאָרן קערט ער זיך אום. פרעגט בײַ אים זײַן פאָטער: וואָסער פאַך האָסטו זיך אויסגעלערנט? ענטפערט דער זון: כ'האָב זיך אויסגעלערנט מאַכן מיט גרויסער קונסט אַ

ענגלײַכטער. דאָס איז אַ וואונדערלעך פאַך. אַדרבא, נעם צונויף אַלע פון דאָזיקן פאַך בײַ אונדז אין לאַנד, און איך וועל זיי באַווײַזן, וואָסער ענגלײַכטער איך האָב געמאַכט.

האָט דער פאָטער אַזוי געטאָן. ער האָט צונויפגערופן די פּאַכלײַט. דער זון האָט אַרויסגעשטעלט זײַן ענגלײַכטער. זיי האָבן אים באַטראַכט. אָבער ווי אַנטוישט איז געווען דער פאָטער, דאַן ווען זיי האָבן אַלע גענומען טײַטלען אויף די פעלערן, וואָס געפינען זיך אין דעם מוסטער, וואָס דער זון האָט געוויזן. דעם פאָטער איז אויסגעקומען אומפאַרשטענדלעך, וואָס אויך דער זון איז געווען איינ־שטימיק דערמיט, אַז דער לאָמפּ איז פול מיט שרעקלעכע חסרונות און איז זייער מיאוס.

נאָכדעם ווי די פאַרבעטענע פּאַכלײַט זענען אַוועקגעגאַנגען, האָט דער פאָטער געפרעגט בײַם זון: דו האָסט דאָך זיכער געהערט, וואָסער מיינונג ס׳איז געפאַלן וועגן דײַן ווערק; וואָסער חכמה מ׳שטיינס־געזאָגט האָסטו זיך בכן אויסגעלערנט אַלע יאָרן אין די ווײַטע מדינות? האָט דער זון אָפּגעענטפערט: אָט דאָס טאַקע האָב איך זיך אויסגעלערנט — אויסבויען דעם ענגלײַכטער מיט די חסרונות. די זאַך איז, וואָס יעדער איינער פון די פּאַכלײַט לאָזט אַרויס פון זײַן ווארשטאַט אַ ענגלײַכטער מיט אַ פעלער אין אַ באַשטימטן טייל. אויב עמעצער פון זיי מײַדט אויס דעם דאָזיקן פעלער איבערצוחזרן אין דעם ענגלײַכטער, וואָס ער אַרבעט אויס, מאַכט ער אַ פעלער אין אַן אַנדערן טייל. אין ענגלײַכטער, וואָס איך האָב אויסגעאַרבעט, קען מען זען די פעלערן, וואָס ווערן געמאַכט אין אַלע פאַרשידענע טיילן. אין אָט אַזאַ דעמאָנסטראַציע בייטיקט מען זיך: באַווײַזן די פעלערן, וואָס דערשײַנען אין דער מכּלומרשט־מײַסטערדיקער אַרבעט, וואָס מיר טוען אָפּ! דערין באַשטייט מײַן קונסט. איך האָב געוויזן זיי אַלעמען זייער חסרון.

מען האָט געקענט דערקלערן דעם זין פון אָט־דער קורצער מעשה אויך אין דער תקופה פון ר׳ נחמן; אָבער ווי אַנגעמאָסטן איז זי פאַר אונדזער צײַט און פאַרן סך־הכּל, וואָס מיר דאַרפן אונטערצײַען פון אונדזערע דערגרייכונגען. עס האַנדלט זיך אין פאַל פון ענגלײַכטער וועגן אונדזער טעכנישן פאַרשריט. אַוודאי זענען מיר אָפּגעגאַנגען אַ לאַנגן וועג אין דער טעכניק, און מיר באַטראַכטן זיך פאַר אויסערגעוויינלעכע בריות־פּאַכלײַט אויפן דאָזיקן געביט. אָבער צי זענען נישט אַלע אונדזערע טעכנישע דערפּאָלגן גיכער אַ באַווײַז פון די פעלערדיקע סיסטעמען, וואָס מיר האָבן אויסגעבויט; פון די מוראַדיקע מיאוסקייטן, וואָס זענען געוואָרן באַשטאַנדטיילן פון אונדזער לעבן? און צי וואָלטן מיר נישט געווען קלוגער, ווען אָנשטאָט צו באַרימען זיך מיט די גרויסע מעלות, מיט וועלכע די אַנטוויקלטע טעכניק צייכנט זיך אויס, מאַכן מיר גלײַכער אַ חשבון־הנפש, און קלערן זיך אַרײַן אין די חסרונות און פעלערהאַפטיקע דערשײַנונגען, וואָס טרעטן אַרויס אין אונדזער לעבן און צונויפלעבן טאַקע דורך דער אַנטוויקלטער טעכניק? ניין, נישט קיין

הענגלײַכטער מיט לויטער מעלות דאַרף אויסגעשטעלט ווערן, נאָר דווקא זײַן בפירושע פעלערדיקייט האָט אונז אַ סך וואָס צו זאָגן און צו לערנען!

אַ קורצע מעשׂה; אָבער טיפע מחשבה איז אין איר אײַנגעגראָבן. אייגנטלעך: די פראַגע פון "זײַן אָדער נישט זײַן" פאַר אונזער גאַנצער הײַנטצײַטיקער ציווי־ליזאַציע. אַ, ווען אַנשטאָט צו גרויסן און באַרימען זיך מיט איר, וואָלטן מיר זיך אָפּגעגעבן אַ רעכענונג פון אירע געוואַלטיקע חסרונות!...

## ד

איבער אַן אַנדערן, שטאַרק אַקטועלן פּראָבלעם, שטויסן מיר זיך אָן אין זײַן מעשׂה מיט דעם חכם און דעם תּם. בײַ צוויי אַנגעזעענע פאַמיליעס, ערגעץ־וואו, זענען אויפגעוואַקסן צוויי קינדער, לײַטישע קינדער. אָבער זייערע פּערזענלעכ־קייטן און כאַראַקטערן זענען געווען פאַרשידן. איין זון איז געווען באַשאָנקען מיט אַ שאַרפן שׂכל, און דער צווייטער איז געווען אַ תּם: "דאָס הייסט נישט וואָס ער איז געווען אַ נאַר, אָבער זײַן שׂכל איז געווען איינפאַך, פּראָסט, אָן חכמות". עס איז געקומען די צײַט, ווען אָט די בײדע זין האָבן באַדאַרפט זוכן זייער וועג אין לעבן. האָט דער תּם זיך אויסגעלערנט שוסטערײַ און געוואָרן אַ שוסטער. דאַקעגן פאַרן קלוגן איז אַזאַ אַרבעט אויסגעקומען צו זײַן זייער פּשוט. איז ער געגאַנגען צווישן מענטשן, געפאָרן איבער לענדער, זיך אויסגעלערנט עטלעכע מלאכות. צוערשט איז ער געווען אַ משרת אין אַ געשעפט, דערנאָך האָט ער געשליפן טײַערע שטיינער, שפּעטער האָט ער געלערנט מעדיצין, פילאָסאָפיע, און ער איז געוואָרן אַ באַרימטער דאָקטאָר און אָנערקענטער פילאָסאָף. דאָס וואַנדערן און שטודירן האָבן געלייגט אַ חותם אויף זײַן האַלטונג. נישט מיט יעדן איינעם איז אים אָנגעשטאַנען צו ריידן. נישט מיט יעדן מיידל האָט אים געפּאַסט חתונה צו האָבן. ווי אַנדערש איז אָבער אַוועק דאָס לעבן פון תּם. ער האָט טאַקע שווער געהאָרעוועט ווי אַ שוסטער, אָבער ער האָט געפירט אַ גליקלעך פאַמיליע־לעבן; און אין דער דחקות און אָרעמקייט, האָבן אַרײַנגעשײַנט שטראַלן פון פרייד.

אין איינעם אַ טאָג — ציט ר׳ נחמן ווײַטער זײַן מעשׂה — האָט דער דאָקטאָר־פילאָסאָף באַשטימט צו מאַכן אַ וויזיט אין דער שטאָט פון זײַנע קינדער־יאָרן. די אײַנוואוינער, וואָס האָבן געדענקט אים און די משפּחה, פון וועלכער ער האָט געשטאַמט, זענען אים אַנטקעגן געגאַנגען. אויך זײַן יוגנט־פרײַנט, דער תּם, איז געווען צווישן זיי. דאָ, אין דעם אָרט וואו זיי זענען אויסגעוואַקסן צוזאַמען, האָבן אַרויסגעשטאַרט נאָך שאַרפער די אונטערשיידן, וואָס האָבן זיי איצט פונאַנדער־געטיילט. דער דאָקטאָר־פילאָסאָף איז אַרומגעגאַנגען אַ פאַרביטערטער, גאָרנישט האָט אים געקענט צופרידנשטעלן. ער האָט געשטרעבט אַלץ מער צו וויסן און פאַרשטיין. אָבער עס האָט אים אויפגערעגט, ווען פאַר אים איז אַלץ מער געוואָרן קלאָר, אַז זײַנע מעגלעכקייטן זענען באַגרענעצט; אַז אַפילו מיט זײַן חריפותדיקן

פאַרשטאַנד איז ער נישט מסוגל צו דערגרונטעווען די דערשײַנונגען. דאַקעגן זײַן חבר פון די פאַרגאַנגענע יאָרן, דער תּם, האָט זיך געפילט גליקלעך מיט דעם ביסל, וואָס דאָס לעבן האָט אים צוגעשטעלט.

כאַראַקטעריסטיש זענען די שמועסן, וואָס זיי ביידע האָבן צווישן זיך געפירט. דער תּם זאָגט צו זײַן יוגנט־חבר: דו ביסט קלוג, דו ביסט רײַך, פאַרוואָס־זשע ביסטו כּסדר אומצופרידן און פאַרביטערט? זעסטו נישט אײַן, אַז דו דאַרפסט אויך שעפּן פון לעבן פרייד? ווענדט אים אָפּ דער צו רום־דערגאַנגענער פרײַנד: אין מײַן אומצופרידנקייט איז פאַראַן שׂכל, איז פאַראַן וויסן. זענען פאַראַן די פראַגעס, וואָס עקבערן...

אַפילו דער קעניג פון יענער מדינה איז געווען פאַראינטערעסירט צו באַקענען די צוויי חברים, וואָס וועגן זיי האָט מען גערעדט אין גאַנצן לאַנד. האָט ער זיי פאַרבעטן צו קומען, יעדער איינער באַזונדער, אין זײַן פּאַלאַץ. דער תּם, ווען ער האָט די פאַרבעטונג דערהאַלטן, האָט ער ז׳ באַטראַכט מיט דער פולער אײַנפאַכקייט; און ווען ער האָט זיך געשטעלט פאַרן מלך, האָט ער בײַ אים שטאַרק אויסגענומען מיט זײַן תּמימות. אַנדערש איז דאָס געווען מיט דעם חכם. בעת די פאַרבעטונג איז צו אים געקומען אין האַנט, האָט ער זיך אַרײַנגעלאָזט ״אין טיפע חקירות״. ער האָט גענומען פרעגן זיך אַליין: פאַרוואָס האָט דער קעניג מיך פאַרבעטן צו זײַן פּאַלאַץ? צי זענען דען נישט פאַראַן מער געבילדעטע מענטשן ווי איך אין דער מדינה? ווער בין איך לגבי דעם מלך? אָדער אפשר איז דער מלך גאָרנישט ראוי צו זײַן מלך; וואָרום צי איז דען דאָס נישט קיין נאַרישקייט בכלל צו קרוינען עמעצן פאַר קעניג און אויסשפּירן אַלץ, וואָס ער באַפעלט?

אָט־די קשיות האָבן אַזוי שטאַרק געמאַטערט דעם דאָקטאָר־פילאָסאָף, אַז ער האָט אַפילו זײַנע מחשבותן אַרויסגעזאָגט אין דער הויך, עפנטלעך. האָבן זיך אָפּגעפונען אַזעלכע, וואָס האָבן מיט אים מסכּים געווען: דער קעניג איז גאָרנישט קיין קעניג. זײַנע ראַטגעבער רעגירן מיט אים, זײַנע מיניסטאָרן... עס הייבט זיך נישט אָן, און עס לאָזט זיך נישט אויס! עס איז בכלל נישטאָ קיין קעניג! די גאַנצע מלוכהשאַפט איז בלויז אַ דמיון!...

אַנדערע עפּיזאָדן, וועלכע ווערן אַרײַנגעוועבט אין דער מעשׂה, דערפירן צום סוף דערצו, אַז דער תּם ווערט דערהויבן דורכן קעניג און פאַרנעמט איינעם פון די וויכטיקסטע פּאָסטנס אין דער מדינה. דאַקעגן דער דאָקטאָר־פילאָסאָף פאַלט אַראָפּ אַלץ נידעריקער אין חשיבות, זײַנע כּסדרדיקע זלידנע פראַגעס און חקירות דערווײַטערן פון אים די מענטשן. וואַלגערט ער זיך ווערטלעך אין דער בלאָטע. אָט צו אַזאַ שפּלדיקן מצב דערקײַקלט ער זיך!

ווייניקער ווי אין די אַנדערע דערציילונגען, דאַרף מען זיך אָנשטרענגען איבער דער דאָזיקער מעשׂה כּדי צו דערגיין צו איר מוסר־השׂכּל. די חקירות, דאָס סתּם שטעלן קלאָץ־קשיות, דאָס פּרעטענדירן אַלץ צו באַגרײַפן, צעשטערט דאָס

מענטשלעכע לעבן, מאַכט חרוב די מענטשלעכע געזעלשאַפט. די גרעסטע חכמה איז — נישט צו זײַן קיין חכם. פשטות, באַשיידנקייט, גלײַכער שׂכל, זענען די נייטיקע עלעמענטן. איבערגעשפּיצטער פאַרשטאַנד שלעפּט אַראָפּ אין אָפּגרונט.

עס איז קלאָר, אַז ר׳ נחמן האָט זײַן דאָזיקע מעשׂה דערציילט, כּדי אַרויס־צוהייבן דאָס וויכטיקע אָרט, וואָס די שיטה פון חסידות, מיט איר פּשטות, דאַרף פאַרנעמען צווישן ייִדן. תּמימותדיקער גלויבן איז וואָגיקער ווי חקירה. ווי באַקאַנט, איז ר׳ נחמן בראַצלאַווער ווײַט נישט געווען באַגײַסטערט פון די פילאָסאָפישע ספרים פון רמב״ם. נישט דורך פילאָסאָפיע וועט גערעטעוועט ווערן ייִדישקייט — האָט ער געטענהט — נאָר דורך ריינעם, לויטערן גלויבן. אָבער אין אונזער דור שפּרײַזט אַרויס אָט־די דערציילונג פון דער ראָם פון חסידות און השׂכּלה. פון דאַנען גייט זיך פאַנאַנדער דער רוף קעגן דעם האַר־שפּאַלטנדיקן צווייפל בכלל און קעגן דער אײַנריידעניש פון די צווייפלער, אַז זיי ווייסן בעסער; אַז זיי גראָבן צום אמת. אין טיפערן זין שווימט דאָ אַרויס צום סוף דער זאָג צו וועלכן עס איז דערגאַנגען אויך דער רמב״ם: ״ווייס, אַז דו ווייסט גאָרנישט״. ר׳ נחמן בראַצלאַווער גיט בלויז צו מיט באַזונדערן נאָכדרוק: איז דערפאַר גלויב און הער אויף צו דרעשען פּוסטע דיבורים!...

## ה

אפשר טאָקע ווי אַ סוף־פּסוק צו דער מעשׂה מיט דעם חכם און דעם תּם, איז אויפן אָרט צו ברענגען די באַמערקונג, וואָס איז צוגעגעבן געוואָרן דורך ר׳ נתן פון נעמיראָוו: ״אָט דער סיפור המעשׂה רעדט אין לויב פון דער תּמימות; וואָרום די עיקר־שלימות איז תּמימות און פשטות...״ טראַכט זיך אַרײַן אין דאָזיקן סיפור־המעשׂה און וועסט ערשט באַגרײַפן וואונדער איבער וואונדער״...

אין אַן אַנדער אָרט, אין זײַנע כּתבים, דערקלערט ר׳ נחמן: ״דער תּכלית פון אונזער וויסן, איז, אַז מיר זאָלן נישט וויסן, וואָרום אויך דאָס נישט־וויסן איז עמקותדיק. עס איז נישט גענוג סתּם צו זאָגן, אַז מיר ווייסן גאָרנישט, נאָר מען מוז דערמיט אַדורכגעדרונגען ווערן אין די טיפענישן. ערשט אַזוי אַרום דערגייט מען צום תּכלית פון וויסן״...

דער וואונדערלעכער מעשׂהס־דערציילער פון בראַצלאַוו האָט אויך געקענט אויסהאַמערן שנײַדיקע אַפאָריזמען.

## ו

אין אַ געוועב פון פאַנטאַזיע אוןווירקלעכקייט ווערן מיר אַרײַנגענומען אין דער מעשׂה מיטן זון פון קעניג און דעם זון פון דער דינסט, וואָס זענען פאַרטוישט געוואָרן. אַזוי האָט פּאַסירט: אַ מלך און אַ מלכּה האָבן געהאַט בײַ זיך אין פּאַלאַץ אַ דינסט. איינמאָל האָט די מלכּה געבוירן אַ זון. אין דער זעלבער צײַט איז אויך

בײַ דער דינסט אַ זון געבוירן געוואָרן. די הייבאַם האָט פאַרטוישט די קינדער גלאַט אַזוי, ווײַל זי האָט געוואָלט וויסן, וויאַזוי די זאַכן וועלן גיין אין דער צוקונפט. האָט זי איבערגעלאָזט דעם פּרינץ בײַ דער דינסט, און דאָס קינד פון דער דינסט בײַ דער קעניגין. די קינדער זענען אויפגעוואַקסן. דער פּרינץ — דאָס הייסט, דער זון פון דער דינסט, וואָס איז אין טעות באַטראַכט געוואָרן ווי דאָס קעניגלעכע קינד — איז דערצויגן געוואָרן אין רײַכקייט און כּבֿוד. אָבער אויך דער אמתער זון פון קעניג — הגם ער איז אָנגעגאַנגען ווי דער זון פון דער דינסט — איז אויפגעוואַקסן אין פּאַלאַץ, אַזוי ווי דער מנהג איז געווען; הגם נישט אין עשירות. אָבער וואָס עלטער די קינדער זענען געוואָרן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דעם אמתן פּרינץ, הגם צווישן די באַדינער, ציט צו דער קעניגלעכער צערעמאָניע. דאַקעגן דעם אַנדערן, וואָס זײַן סבֿיבֿה איז געווען די קעניגלעכע סוויטע, האָט געצויגן צו די קנעכט און משרתים.

די הייבאַם, אַ פּלוידערין, האָט איינמאָל אויסגעזאָגט דעם סוד עמעצן; דער פאַרשווין האָט נישט געקענט זיך אײַנהאַלטן און דאָס דערציילט אַן אַנדערן. די זאַך איז בכן געוואָרן אויס געהיימעניש. אין קעניגלעכן פּאַלאַץ האָט מען זיך איבער דעם מאָדנעם פאַל געסודעט. דאָך האָט קיינער נישט געוואָגט דאָס אויפצו־דעקן פאַרן קעניג און פאַר דער קעניגין.

אָבער אין אַ געוויסן טאָג האָט איינער זיך געוואָנדן צום פּרינץ, וואָס מען האָט געמורמלט וועגן אים, אַז ער איז דער זון פון דער דינסט, און צו אים געזאָגט: זײַ וויסן, וואָס מען רעדט הינטער דײַנע פּלייצעס. איך דערצייל דיר דאָס, ווײַל עס איז מעגלעך, אַז עס קען אַמאָל קומען צו אַ פאַרשווערונג קעגן דיר. מען וועט וועלן אַרויפזעצן אויפן טראָן יענעם, וואָס מען זאָגט אויף אים, אַז ער איז דער פּרינץ... גרייט־זשע זיך צו אַזאַ טאָג!

ווי עס ווערט ווײַטער געוויקלט אין דער מעשׂה, האָט זיך געשאַפן אַ טראַגישער פּלאָנטער. דער זון פון דער דינסט, וואָס איז אָנגעגאַנגען פאַר פּרינץ, האָט אָנ־געהויבן אָנצוטאָן צרות זײַן אייגנטלעכן פאָטער, דעם קנעכט, כּדי ער מיט זײַן ווײַב און קינד זאָלן מוזן אַוועקגיין פון פּאַלאַץ. דער קעניג האָט אָבער געהאַט צוטרוי צו זײַנע געטרײַע דינער, און ער האָט נישט געלאָזט, אַז מען זאָל זיי פאַרטרײַבן. ערגער איז געוואָרן דער מצבֿ, ווען דער מלך איז געשטאָרבן, און עס איז אַרויף אויפן טראָן דער פאַלשער פּרינץ. פאַרן קנעכט מיט זײַן משפּחה איז אוממעגלעך געוואָרן צו פאַרבלײַבן אין פּאַלאַץ. אַ סיסטעם פון אַכזריות איז אײַנגעשטעלט געוואָרן. דער אמתער פּרינץ איז געצוואונגען געוואָרן צו אַ וואַנדער־לעבן און צו לײַדן דערנידערונגען און נויט. אמת: אין גאַנצן לאַנד האָט מען שוין איצט גערעדט וועגן אומרעכט, וואָס איז אָפּגעטאָן געוואָרן; און אַז דער אמתער פּרינץ ריכט אָפּ גלות. אָבער גאָרנישט איז מעגלעך געוואָרן צו ענדערן, די אַכזריות איז אָנגעגאַנגען, און געפּלייצט וואָס אַמאָל שטאַרקער.

דערמיט פאַרענדיקט זיך נישט די דערציילונג. נאַטירלעכע און איבערנאַטיר־לעכע עלעמענטן טרעטן אַרײַן אין דער אַקציע. די זון, די לבנה, דיביימער פון וואַלד, די חיות פון די ווילדענישן. און אויך חלומות, פּחד־חלומות, קאָשמאַר־חלומות און יסורים פון געוויסן. פאַרן דערציילער פון בראַצלאַוו איז דאָ אַ בפירושער צונויפבונד צווישן מענטש און דער נאַטור, צווישן מענטש און דער מעטאַפיזיק. אַ באַגאַנגענע אומרעכט מאָנט תּיקון. אָפּגעטענע עוולות רויבן אַוועק די גלײַכוואָג אָפילו בײַם סדר־העולם. די יסודות פון דער וועלט ווערן דורך דעם אונטערגעבראָכן.

דאָ גייט נישט בלויז דערין, וואָס נאָך וואַנדלונגען און שווערע לײַדן דערגייט ענדלעך דער אייגנטלעכער יורש פון דער קרוין צו דער כּסא־מלכות, וואָס איז בײַ אים אַוועקגעגזלט געוואָרן. וויכטיק איז, וויאַזוי דאָס איז דערגרײַכט געוואָרן. הימל און ערד האָבן זיך אײַנגעשפּאַנט אין דער שליחות, וואָס האָט באַדאַרפט אויסגעפירט ווערן, כּדי אויסצוגלײַכן די קרומקייטן.

מען דאַרף זיך אַריבערטראַגן צו דער תּקופה, ווען ר׳ נחמן האָט דערציילט די מעשׂה, כּדי פאַר זיך קלאָר צו מאַכן, וואָס זי האָט באַדײַט פאַר די צוהערער. אַלץ האָט זיך דעמאָלט אויסגעוויזן ״פאַרטוישט״, איבערגעענדערט; אַלץ אין דער וועלט איז אויסגעקומען ווי עס וואָלט פאַרלוירן זײַן פּלאַץ; גאָרנישט איז אויסגעקומען אויך אין דער ייִדישער לאַגע צו זײַן על פּי סדר. ר׳ נחמן איז מיטן בילד, וואָס ער האָט געשילדערט, אויסן געווען צוריקצוברענגען די זיכערקייט אין סדר־העולם, אין דער אָרדענונג, וואָס איז פאַרט דאָ, הגם זי זעט זיך נישט אָן פאַרן אויג. ער האָט אין אַ באַמערקונג, נאָכן פאַרענדיקן די דערציילונג, צוגעגעבן: ״אַלץ איז דאָ עמקות און וואונדער... דער עיקר איז צו וויסן, אַז דער סדר הערט נישט אויף צו עקזיסטירן... וואויל איז צו דעם, וואָס דרינגט אַרײַן אין דאָזיקן אמת״...

אין אונזער דור לייענט מען אַלע מעשׂהס פון ר׳ נחמן מיטן ציטער פון נײַגער און מיטן ווילן אַדורכצנעמען צו ווערן מיט זייער אינהאַלט און זין. אָבער דאַכט זיך, אַז מער ווי די אַנדערע דערציילונגען, קאָן אָט די מעשׂה דינען ווי לערן־מאַטעריאַל. וואָסערע ״פאַרטוישונגען״ האָט אַלץ אַדורכגעמאַכט אונזער דור! וויפיל פאַרקריפּלונגען, וויפל פאַרדרייעכישן, וויפל ״זין פון דינסטן״ האָבן זיך דערקלערט דורך ליגנט און שווינדל פאַר פּרינצן, און פאַרוואַנדלט די מענטשלעכע געשיכטע, און די ייִדישע הײַנטצײַטיקע געשיכטע, אין אַ בלוט־באָד! צי איז פאַראַן אַ סדר; אַ נאַטירלעכע צי גאָר איבערנאַטירלעכע אָרדענונג, אין דעם וואַנזין פון מאָרד און רציחות? — פון מרחק פון תּקופות, פון בראַצלאַוו און אומאַן, דערגייט דאָס וואָרט: דורך אַלע פינסטערע לאַבירינטן, דורך אַלע אויסוועגלאָזע וועגן, זע, קוק זיך אײַן, איבערצײַג זיך. פאַראַן אין דער שווידערלעכער צעמישעניש אַן אָרדענונג, וואָס דו קענסט זי מיט דײַן אויג נישט באַמערקן, אָבער זי איז פאַראַן! זי איז פאַראַן...

ז

אין אַן אַנדערער מעשׂה, וואָס איז ווי אַ געדיכטע צווײַג — אַ מעשׂה מיט אַ בעל־תּפילה — זענען אַרײַנגעפלאָכטן אָפּצווײַגן און ראַמען. פֿאַר אונז, אין אונזער תּקופֿה, ווײַזט זיך אויס צומײַסטן באַטײַטנד דאָס, וואָס אײנער פֿון די מענטשן, וועלכע טרעטן דאָרט אַרויס, דערציילט וועגן דעם תּכלית פֿון לעבן.

פֿאַרשידענע גרופּעס (בײַ ר׳ נחמנען איז דער אויסדרוק: כּיתּות), זענען אַנטשטאַנען. אין אײנער האָט מען געזאָגט: דער עיקר־תּכלית איז כּבוד. אָט זעען מיר דאָך, אַז אַלע ווילן כּבוד, און אויב מען גיט אײנעם נישט אָפּ קײן כּבוד, באַליידיקט זיך יענער גלײַך אויף אײַך. אַפֿילו אַ לוויה באַגערט מען צו האָבן אַ שײנע. דאָס הייסט, אַז די כּבוד־זוכעניש פֿאַרענדיקט זיך אַפֿילו נישט מיטן לעבן. דער, וואָס זוכט כּבוד, פֿאָלגט נאָך בכן אַ גאָטירלעכן פֿאַרלאַנג. נאָכיאָגן כּיבודים איז דער גרויסער, אַנגענומענער תּכלית פֿון די פֿאַר יאָר, וואָס מיר לעבן.

אין אַן אַנדער מיינונג האָט זיך אַנגעהאַלטן אַ צווייטע גרופּע. נישט דער כּבוד איז דער הויפּט־תּכלית, נאָר מאָרד, אונטערגאַנג; דאָס פֿאַרגיין. אָט זעט: אַלץ, וואָס לעבט, פֿאַרגייט — מענטשן, חיות, געוויקסן, גרעזער. פֿריִער אָדער שפּעטער מוז אַלץ פֿאַרגיין. קומט אויס, אַז דער תּכלית — וואָס איז דאָך דער טײַטש, דער סוף — איז: דערפֿירן אַלץ און אַלעמען צום סוף. און אויב עמעצער אײַלט צו דעם סוף, איז אים נישט צו פֿאַראורטיילן. ער ברענגט דעם פֿריִען סוף; און דאָס דאַרף באַגריסט ווערן. אין איין מדינה האָט מען אַפֿילו אויפֿגענומען פֿאַר מלך אײנעם, וואָס האָט דערהרגעט זײַן אייגענע טאַטע־מאַמע. מען האָט אַרגומענ־טירט: דאָס איז דער „אידעאַלער" פֿאַרשוין. ער איז דערגאַנגען צו דעם עיקר פֿון תּכלית. „דער אמתער בעל־תּכלית"...

אין אַ דריטער גרופּע האָט מען געטענהט, אַז דער תּכלית איז — עסן. אָט שלאָגן זיך דאָך אַרום פֿעלקער און מענטשן צוליבן עסן. דערפֿאַר איז דאָך דער הונגער אַ געוואַלטיקע טרײַב־קראַפֿט. אויב מען וויל אַוועקשטעלן אין שפּיץ פֿון אַ לאַנד אַ פּאַסיקן מושל, דאַרף מען צו דעם אַמט אויסקלײַבן אײנעם, וואָס האָט אוצרות פֿון שפּײַז און ווייסט, וואָס צו עסן, וועלכע מאכלים עס איז לײַכט צו פֿאַרדײַען. וואָרום עסן, עסן, איז דאָס וויכטיקסטע; איז דער תּכלית! ערשט דאָס גיט דעם לעבן אַ טעם...

אַנדערש האָט מען געהאַלטן אין דער פֿערטער חבֿורה. שײנקייט, פֿיזישע שײנקייט, איז דאָס וויכטיקסטע. מען יאָגט זיך נאָך שײנקייט. מען באַגערט צו זײַן שײן. פֿאַר עלטערן איז אַ נחת צו האָבן שײנע קינדער. אַ לאַנד פֿון שײנע מענטשן ווערט געלויבט. אָן שום ספֿק, אַז דער תּכלית איז צו זײַן שײן.

צווישן דער פֿינפֿטער גרופּע האָט מען אַרויסגערוקט אויפֿן ערשטן אָרט — דאָס פֿריילעך זײַן. פֿריילעך מאַכן מענטשן, איז אַ גאַר דערהויבענער ענין. מען אַנטלויפֿט פֿון טרויער און מען מײַדט אויס די, וואָס זענען אומעטיק. ווער וויל

דאָס גיין צו די, וואָס ריכטן אָפּ אַבילות? ווער וויל דאָס הערן קרעכצן?... פּאַרקערט, אויף אַ חתונה גייט מען גערן. טאַנצן, לאַכן, פריילעך זיין — דאָס איז דער תּכלית.

ביי דער זעקסטער חבורה איז געווען זיכער, אַז די קונסט פון ריידן איז דער תּכלית פון אונזער זיין. אַ גוטער רעדנער האָט שאַנסן אַרויפצושטייגן גאָר הויך אין דער געזעלשאַפט. אָראַטאָריע, אַ געשליפענע צונג — וואויל איז דעם, וואָס פאַרמאָגט אָט דעם טאַלענט! סיי אין די אַמאָליקע צייטן, סיי אין די שפּעטערדיקע, האָט מען מיט גלאַטיקע, שיין־קלינגענדיקע פראַזעס געקענט דערגרייכן די שווערסטע צילן. שיין ריידן, איז דער עיקר.

אין דער זיבעטער גרופּע האָט מען זיך באַגייסטערט פאַר בילדונג. וואָס מער וויסן, אַלץ מער פאַרשטאַנד, אַלץ מער חכמה. בילדן זיך, באַגרייפן, וויסן, זענען די שטאַפּלען צום תּכלית; זענען דער תּכלית אַליין.

צווישן דער אַכטער חבורה האָט מען אַרויסגעהויבן גוטן קערפּערלעכן בוי. דער תּכלית פון מענטש איז צו זיין פעסט געבויט, געשיקט אין אַלע זיינע גלידער, ממש עס זאָל זיין אַ תּענוג צו קוקן אויף אים. ובכן: צוציִענדיקער בוי פון קערפּער איז דער תּכלית...

געווען, פאַרשטייט זיך, אויך אַ ניינטע גרופּע, וואָס איז נישט אָפּגעשטאַנען פון איר מיינונג, אַז באַשיידנקייט, ערלעכקייט, אָרנטלעכקייט, גיבן ערשט אַ זין דעם מענטשלעכן לעבן. אָבער ווער האָט זיך צו אַזאַ מיינונג צוגעהערט? דער גרילץ און דער ליאַרם פון די איבעריקע האָבן זיך אַרויפגעשלאָגן...

בפרט נאָך, ווען עס זענען צוגעקומען אַנדערע און אַרגומענטירט, אַז געלט איז אַלץ אין דער מענטשלעכער עקזיסטענץ. געלט איז דער יסוד. אָן געלט ביסטו גאָרנישט. געלט גיט אַנזען, מאַכט, איינפלוסן, געלט איז דער גרויסער תּכלית...

אַבסורדן? ווי אַזעלכע קלינגען די אַנגעקליבענע אַרויסגעזאָגטע טעאָריעס אין אונזערע אויערן. שטאַרקער נאָך ווי אין דער תּקופה פון בראַצלאַוער, ווייסט אָבער אונזער דור, אַז זיי זענען גענומען געוואָרן ערנסט. און ווערן עד־היום גענומען דאָ און דאָרט מיט דער פולער ערנסטקייט. דער דעמאַגאָגיע־קולט, דער מאָרד־קולט, דער געלט־קולט, און אַזוי ווייטער און ווייטער, האָבן אַרויסגערוקט די און יענע פאַרשוינען צום פאָדערגרונט ווי די ״העלדן פון אונזער צייט״. מיר זענען אַפילו בכּוח אָנצורופן זייערע נעמען. אָט דער טיראַן איז אַרויסגעהויבן געוואָרן דורך זיין פאָלק, ווייל ער איז געווען אַ רוצח; אָט יענער דיקטאַטאָר האָט געקענט פאַרכאַפּן די מאַכט, ווייל ער האָט געפאַנגען די מענטשן מיט זיינע געשוואָלענע פראַזעס; אָט דער אַנדערער האָט געוואונען פּאָפּולערקייט, ווייל זיין קערפּער איז געווען גוט געבויט. וועמען־זשע האָט אינטערעסירט די פּוסטקייט פון זיין גייסט?

אין די אָנגענומענע אַקטועלע פּאָליטישע און סאָציאַלע טעקסטן שטרענגט מען זיך אָן צו דערקלערן די דערשיינונג מיט קאָמפּליצירטע טעאָריעס און אין קלאַציקן

לשון; אין דער מעשׂה פון ר׳ נחמן בראַצלאַווער געפינט מען דעם ריכטיקן אַרייַנ־בליק אין דעם, וואָס איז אַן אַבסורד. די מענטשן האָבן פאַרלוירן די מאָס, מיט וועלכער מען דאַרף מעסטן ווערטן; און זייער צוגאַנג צו דער מענטשלעכער פאַר־זענלעכקייט איז געוואָרן טראַגיש און קאָמיש צוגלייַך. אַלץ אין דער וועלט האָט אַ ניגון — האָט ר׳ נחמן געזאָגט. אָבער וויבאַלד מען הערט זיך נישט איין אינעם עכטן ניגון, און מען לאָזט זיך פירן פון דער פאַלשקייט און געפעלשטקייט פון קלאַנג, קומט אויף אַ פאַרלוירנקייט, אין וועלכער מען הערט צומאָל אויף צו פילן און פאַרשטיין, ווי שרעקלעך פאַרלוירן מען איז געגאַנגען אין דער פאַרלוירנקייט פון די ווערטן.

## ח

עס איז אויך פאַראַן אַ פאַרלוירענע פּרינצעסין אין די מעשׂהס פון בראַצלאַווער. אונזער דור לייענט זי איין מאָל און נאָכאַמאָל. אַ בת־מלך האָט אַדורכגעמאַכט אַ מערקווירדיקע דערפאַרונג. זי איז געווען די איינציקע טאָכטער בייַם קעניג, און אין איינעם אַ פרימאָרגן האָט מען זי נישט געפונען אין פּאַלאַץ. זי איז אַוועקגעכאַפּט געוואָרן. מען האָט זי געזוכט איבערן גאַנצן לאַנד, אין די פעלדער און וועלדער, אין די וויסטעניש און אומוועגן, און זי נישט געקענט געפינען. אַ מושל פון אַן אַנדערער מדינה האָט זי פאַרכאַפּט. באַוואָפנטע זעלנער האָבן געהאַלטן וואַך אין שלאָס, אין וועלכן מען האָט זי אַרייַנגעזעצט. ענדלעך איז עמעצער דערגאַנגען, וואו זי געפינט זיך. דורך די פאַרשידנסטע מיטלען און פאַרפּלאָנטערטע וועגן, איז ער דאָרט אַהין דערגאַנגען. ער האָט זי געזען און דערקענט: יאָ, דאָס איז זי, די פּרינצעסין, וואָס איז פאַרלוירן געגאַנגען!

אין צוציִענדיקע פּרטים גייט דערנאָך אַרייַן די דערציילונג, וויאַזוי עס איז מעגלעך אַרויסצונעמען די בת־מלך פון שלאָס און זי צוריקברענגען צום פּאַלאַץ, פון וואַנען זי איז צוגערויבט געוואָרן. פאַנטאַזיע מיט אַנדײַטונגען פון רעאַלע פאַר־העלטעניש ווערן צונויפגעפּאָרט אין דער אַקציע. דאָס איז איינע פון די שפּאַנענ־דיקסטע דערציילונגען בייַ ר׳ נחמנען. אָט דאַכט זיך, אַז שוין, די אַקציע ווערט דערפירט צום סוף, די פּרינצעסין איז אויפן וועג אַהיים; אָבער אָט פאַרוויקלט זיך אַלץ פון דאָסנייַ. נייַע אַנשטרענגונגען ווערן געמאַכט, און פרישע דורכפאַלן צע־שטערן די פּלענער... וואָסערע איז טאַקע די סיבה פון די דורכפאַלן? דער שליח, וועלכער דאַרף אַדורכפירן די אויפגאַבע, האָט נישט גענוג כאַראַקטער, גענוג אויסדויער; נישט גענוג אויסגעהאַלטן, פאַלט ער אַליין אַרייַן אין אַפּנייגן. וואַרט די פּרינצעסין, וואַרט און וואַרט, אָבער קען זיך נישט דערוואַרטן. ווידער מישן זיך אַרייַן אין דער מענטשלעכער דראַמע עלעמענטן, וואָס קומען אויס פאַנטאַסטיש. די עופות פון הימל, די ווינטן און שטורעם־ווינטן. אָבער אָן דער מענטשלעכער אויסגעהאַלטנקייט קען גאָרנישט דערגרייכט ווערן.

"צום סוף, האָט דער שליח אַרויסגענומען די פּרינצעסין פון שלאָס" — פאַרענדיקט די מעשׂה ר׳ נחמן. ער האָט זי צוריקגעפירט צום פּאַלאַץ. אָבער וויאַזוי דאָס איז אים געלונגען, האָט דער שליח נישט דערציילט. "אָנדײַטונגען און רמזים איז מעגלעך צו געפינען אין דער דאָזיקער דערציילונג" — ווערט צוגעגעבן.

פאַר אונזער דור נעמען אָן די אָנצוהערענישן גאָר אַ באַזונדערן אויסדרוק. אונז קומט אויס, אַז דער עיקר רופט אונז דאָ דער בראַצלאַווער צו שטאַרקן אונזער ווילן. די אַנטוישונגען, די דורכגעטראָגענע יסורים און פּײַן, אַפילו דער צוזאַמענברוך פון אידייען און אידעאַלן טאָרן אונז נישט ברעכן. ווער איז די בת־מלכּה? אויב איר ווילט, קענט איר זאָגן, אַז זי איז דער סימבאָל פון דער ייִדישער אומה. ווילט איר אָבער, קענט איר אין איר זען די גאַנצע מענטשהייט. זי איז געפאַנגען, די מענטשהייט. קען זי זיך נאָך אויסלייזן? דער דענקער פון בראַצלאַוו לאָזט נישט איבער קיין פּלאַץ פאַר קיין שום ספיקות: ווילן, פעסטקייט פון כאַראַקטער, גלויבן, אומקער צו פאַרלוירענע ווערטן, קענען נאָך אַלץ באַווײַזן וואונדער.

פון דער אויפגעוויקלטער אַקציע דערגייט דעם בראַצלאַווערס אויסרוף: "זײַט אײַך נישט מייאש! מען טאָר נישט ווערן מיד! מען טאָר נישט ווערן אַלט!"...

## ט

ס׳זענען פאַראַן נאָך אַנדערע דערציילונגען, בײַ ר׳ נחמנען. פאַראַן, למשל, בײַ אים אַ קורצע מעשׂה וועגן אַ מלך, וואָס האָט באַפוילן זײַן זון צו נעמען אַ שווערן שטיין, און אים אַרויפטראָגן אויפן בוידעם. דאָס איז געווען אַ מילשטיין, און דער זון האָט אים צומאָל נישט געקענט אויפהייבן. האָט דער זון געהאַט גרויס צער דערפון, וואָס ער קען נישט נאָכקומען זײַן פאָטערס באַגער. דאַן האָט צו אים דער קעניג געזאָגט: ווי קען דיר אײַנפאַלן, אַז איך האָב דערוואַרט, אַז דו וועסט קענען דערטראָגן אַזאַ שווערן שטיין? איך האָב געמיינט צו זאָגן, אַז דו זאָלסט נעמען אַ האַמער, שלאָגן אויפן שטיין, אים שפּאַלטן, צעברעכן אויף שטיקלעך, און אַזוי אַרום וועסטו אים קענען אַרויפטראָגן אין דעך הייך...

דערנאָך איז געקומען בײַ ר׳ נחמנען די דערקלערונג: אונזער האַרץ, דאָס מענטשלעכע האַרץ, איז גאָר אָפט האַרט ווי אַ שטיין. וויאַזוי קענען מיר פאַרט אונזער האַרץ מאַכן ווייכער, מענטשלעכער? ברעכן דאָס האַרץ. אַ צעבראָכן האַרץ איז מענטשלעך. אַ צעבראָכן האַרץ איז ייִדיש. בלויז אַ צעבראָכן האַרץ קען אויפהערן צו זײַן נידעריק און זיך אויפהייבן אין דער הייך...

פילזאָגנדיק איז, וואָס אין רוב דערציילונגען טרעטן אַרויס בײַ ר׳ נחמנען קעניגן, קעניגינס, פּרינצעסינס, פּרינצן. דאָס איז נישט קיין צופאַל. אויך אין דער געפאַלנקייט קען נישט אָוועקגענומען ווערן בײַם מענטשלעכן מין זײַן באַוואוסטזײַן פון "קעניגלעכקייט". עס איז אין דער מעגלעכקייט פון מענטש אַרײַנצוגעבן אויטענטישקייט און אינהאַלט אין די קעניגלעכע אייגנשאַפטן, מיט וועלכע ער איז

באַשאַנקען. אויך אין דער געפאַלנקייט גייט זיך פונאַנדער דער דערמונטערנדיקער הימן, וואָס הערט זיך בלויז ביי קעניגן און פּרינצן, אין מיטן פון זייערע גרויס־אַרטיקע פּאַלאַצן...

אין דעם עלנט אין וועלכן ער האָט זיך געפונען, אין בראַצלאַוו, אין אומאַן. אַנטקעגן איבער דעם בית עלמין פון די קדושים, האָט דער שווינדזוכט־ליידנדיקער, אויסגייענדיקער ר׳ נחמן, נישט אויפגעהערט צו באַטראַכטן זיך און די אָרעמיקע, ווי ״קעניגן פון באַשאַף״...

ל׳

לייענט אונזער דור די מעשׂהס פון ר׳ נחמן, אַזוי ווי זיי זענען פאַרשריבן געוואָרן דורך זיין געטרייען פאַרצייכענער. נאָך פאַראַן אַ סך אַנדערע, לאַנגע און קורצע, וואָס עס איז כּדאַי זיי איבערצודערציילן. מען קען נישט זאָגן, אַז אין די קאַרגע צוויי הונדערט יאָר, וואָס טיילן אונז אָפּ פון ר׳ נחמנען, זענען נישט געשריבן געוואָרן אין פאַרשידענע לשונות דערציילונגען פון מייסטער אין דער דאָזיקער קונסט. אָבער ר׳ נחמנס דערציילונגען האַלטן אויף זייער אייגנאַרטיקייט. און דאָס נישט בלויז צוליב דעם זעלטענעם צונויפוועב פון פאַנטאַזיע אוןווירקלעכ־קייט, און דער העלקייט פון בליק, וואָס זענען פאַר זיי כאַראַקטעריסטיש, נאָר בעיקר צוליב דער אינספּיראַציע, וואָס זיי טראָגן אָן; צוליב דעם נישט־געוויינלעכן צונויפקום פון דער נאַענטקייט און ווייטקייט פון דער וויזיע; צוליב דער דורכזיכטיקייט, וואָס רייסט אַדורך די געדיכטקייט פון די נעפּלען פון דער צייט.

מער ווי אַלעמאָל פריער, טראַכט מען אין אונזער דור: און אפשר איז דאָס סתּם פאַנטאַזיע, אַז ר׳ נחמן איז מער נישטאָ צווישן אונז? צי צייכנט ער דען נישט אָן דאָס בילד פון אונזער תּקופה, אַזויווי זי איז; פון אונזער דור, אַזויווי ער איז, און צי טיילט ער אונז נישט צו אָנווייז און אויסוועג פון דאָרט אַרויס, פון זיין אָרעמער הייזקע אין בראַצלאַוו, אין אומאַן?

# מיטן פאַרגרעסער־גלאָז פון ר׳ יהושע העשיל

## א

ווען האָט אַרויסגעשטראַלט ביַי ייִדן די מידה פון אהבת־ישׂראל, די אַנגסט פאַרן מיט־ייִד, די האַרציקע זאָרג פאַר זיַין וואוילזיַין, די גרייטקייט זיך מקריב צו זיַין פאַרן יחיד און כּלל, די ליבשאַפט, וואָס ווייסט נישט פון קיין אָפּהאַלט און צוים, אין וועלכער די פריידן פון מיט־ייִד ווערן פאַררעכנט ווי אייגענע פריידן, און זיַינע ליַידן זענען בפועל ממש אייגענע ליַידן? אָן שום ספק איז מיט דער דאָזיקער מידה געווען אַדורכגעדרונגען גליַיך דער ערשטער ייִד. אין איינעם אַ פאַרנאַכט, ווען די זון איז געווען אין איר אונטערגאַנג, און אַ פאַרכטיקע פינסטערניש האָט זיך דאָס מאָל אויסגעשפּרייט אויף נאַטור און מענטש, איז גראָד פאַר אברהם אָבינו מערקווירדיק־קלאָר געוואָרן, אַז ער איז מיט טויזנטער פעדעמס פאַרבונדן מיט זיַין פאָלק, וואָס האָט זיך דעמאָלט ערשט געפונען אין פּראָצעס פון בראשית; אַז זיַין האַרץ און נשמה זענען צונויפגעהאָפטן מיטן געשיכטלעכן וועג, וואָס דעם פאָלק וועט באַשערט זיַין אַדורכצומאַכן (בראשית טו, יב־יז).

זיכער זענען פאַראַן אַ סך שטריכן אין כאַראַקטער פון משה רבינו, דער פאָטער פון די נביאים, וועלכע האָבן זיך איַינגעקריצט אין אונזער נאַציאָנאַלן זיכּרון און געוויסן. אָבער עס קומט אויס, אַז דאָס, וואָס האָט צום טיפסטן גערירט דורות און דורות ייִדן אין דער משה־געשטאַלט זענען די געטריַישאַפט און איבערגעגעבנקייט, מיט וועלכע ער האָט געאָטעמט צום ייִדישן מענטש און פאָלק, און וואָס זענען דערגאַנגען ביז צום ווילן אָפּצומעקן אַפילו די אייגענע פערזענלעכקייט, אויב דאָס קען העלפן אויסליַיטערן די צוקונפט פון מענטש און פאָלק. אין דער שעה, ווען דער כּלל איז געשטאַנען פאַר דער אומזיכערקייט פון זיַין מאָרגן, האָבן טאַקע די ווערטער, וועלכע ער האָט אַרויסגעזאָגט אין אינערלעכן אויפטרייסל, אַנגעוויזן אויף דער טיפקייט פון זיַין איבערלעבונג און אַנטשידנקייט פון זיַין דעציזיע. ס׳איז גליַיכער — האָט ער אויסגערופן — אַז איך זאָל אויסגעמעקט און אָפּגעמעקט ווערן, און אין דעם המשך פון ייִדישן זיַין זאָל נישט אַריַינטרעטן קיין איבעררייַס (שמות לב, לב).

פון דור צו דור איז איבערגעגאַנגען די מידה. זי האָט אַרויסגעשייַנט ביַי די נביאים, און אויסגעדריקט געוואָרן דורך זיי אין כּלערליי פאַרהעלטענישן און אין אַלערליי אופנים. אמת: זיי האָבן געצויגן די לערע, וואָס איז פאַרבליבן נאָך פון ייִדישן באַגינען, און אין וועלכער עס איז קלאָר געזאָגט געוואָרן, אַז אַלע מענטשן, אָן אויסנאָם, זענען באַשאַפן געוואָרן אין געטלעכן געשטאַלט; אַז דאָס געפיל פון ליבשאַפט מוז אַנטקעגנגעטראָגן ווערן צו יעדן מענטש. זינט די אור־צייַטן איז איַינגעפלאַנצט געוואָרן אין ייִדישן באַוואוסטזייַן און האַרץ דער אָנווייַז נישט בלויז צו באַציִען זיך יושרדיק צום מיטמענטש, נאָר טאַקע בפירוש אים ליב האָבן. ״ואהבת לרעך כמוך״ (ויקרא יט, יח). דער באַפעל פון מענטש־ליבשאַפט, וואָס פאַרענדיקט זיך נאָך דערצו מיט אונטערשטרייַכן די געטלעכע אויטאָריטעט, וואָס האָט דעם באַפעל דיקטירט, איז זיך צונויפגעוואַקסן מיט ייִדישקייט. אין גאַנג פון די תּקופות איז ער געוואָרן אין ייִדישקייט דער אַלף און דער תּיו. דאָקעגן אַלדאָס איבעריקע איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ פּירוש און אויסטייַטש צום דאָזיקן כּלל. אָבער די אומגעוויינלעך־געשיכטלעכע דערפאַרונגען, וואָס דאָס ייִדישע פאָלק און דער ייִדישער מענטש האָבן אַדורכגעמאַכט, לייַדן און פּיין, צער און חורבן, האָבן ביַי די נביאים אַרויסגערופן אַ באַזונדער־האַרציקן צוגאַנג, געוועקט אַ באַזונדער־האַרציקן מיטגעפיל.

זיי האָבן אַרויסגעבראַכט מיט נאָכדרוק די באַזונדערקייט, מיט וועלכער עס דאַרף באַהאַנדלט ווערן דאָס ״ייִדישע פּינטעלע״ אין דער אַלגעמיין־מענטשלעכער דראַמע. אָן אונטערשייד צי איר האָט פאַר זיך דאָס זעקסטע קאַפּיטל פון ישעיהו, וואו די זעאונג פון שטורעם, וואָס וועט דערשיטערן און צעטרייסלען די ייִדישע אומה, און דאָס בילד פון די רעשטן, וואָס וועלן פאַרבלייַבן נאָכן שרעקלעכן שטורעם, זענען אַדורכגענומען מיט דעם איבערנאַטירלעכן עלעמענט; אָדער איר ווערט אַרייַנגעצויגן אין פּאַטאָס פון דער וויזיע וועגן אויפלעב און האָפענונג, וואָס איז כּולה איין אומבאַגרייַפלעכער וואונדער, אַזוי ווי דאָס איז אָנגעצייכנט אין זיבן־און־דרייַסיקסטן קאַפּיטל פון יחזקאל; אָדער גאָר ווען איר זענט אַרייַנגעוועבט געוואָרן אין דעם אַ רעאַליסטישן, אָט נישטדאָאיקן געוועב פון צערטלעכקייט, פון וועלכן עס באַשטייט דאָס איין־און־דרייַסיקסטע קאַפּיטל פון ירמיהו — אַלע מיטלען ווערן אָנגעוואָנדן כּדי אייַך צו איבערצייַגן און לערנען, אַז ליבשאַפט צום מיט־ייִד איז אַ לעבנסשטייגער, אַ לעבנסוועג, אַ פונדאַמענט.

דאָס דאָזיקע געפיל, זאָגט מען אייַך, איז אַ טיף־טיפע, אומדערשיטערלעכע איבערלעבונג, און איז נישט הויל און פאַרבייַלויפיק. ״אָ, מיט אייביקער ליבע האָב איך דיך ליב, פאָלק ישׂראל!״ — הייבט זיך אויף דער באַגייַסטערטער אויסרוף (ואהבת עולם אהבתיך, ירמיהו לא, ב). דורכן גאַנצן ספר פון תּנ״ך גייט אַדורך, ווי אַ רעפריין, אָט דער מאָטיוו. ״איך האָב אייַך ליב״, — אהבתי אתכם — מיט דער דאָזיקער דערקלערונג פאַנגט אָן זייַנע רייד מלאכי, דער לעצטער פון די נביאים.

אויפֿן סאַמע־נאַטירלעכסטן שטייגער ווערט דער באַגריף ״ייִדיש פֿאָלק״ אָפּטמאָל פֿאַרטוישט אין דער תּלמודישער ליטעראַטור מיטן באַגריף ״כּנסת ישׂראל״. דאָס טרעפֿט בעיקר אין יענע טיילן, וואוהין עס האָט אַרײַנגעדרונגען דער נוסח פֿון מדרש. די איבערזעצונג, וואָס ווערט געוויינלעך געגעבן: ״פֿאָלק ישׂראל״ און לויט וועלכער עס קומט אויס, אַז אַט דער טערמין שפּיגלט אָפּ דעם ״ייִדישן צונויפֿ־זאַמל״, איז אויבערפֿלעכלעך און פֿאַלש. כּנסת ישׂראל ברענגט אַרויף און ברענגט אַרויס צאַרטקייט, ליבלעכקייט, צערטלעכקייט, לירישע ווייכקייט. אַנטקעגנאיבער דער כּנסת ישׂראל האָט דאָס שטרענגע, בייזע וואָרט נישט קיין האַפֿט; וואָרום איבער אַלץ און אַלעמען הייבט זיך אַרויף דער סענטימענט, און עס ציטערט די סטרונע פֿון דער ליריק. די כּנסת ישׂראל דאַרף מען טראָגן אויף די הענט, און צוטוליען צום האַרץ. שיר השירים — ווערט אויסגעטײַטשט — דאָס געזאַנג איבער אַלע געזאַנגען, האָט פֿאַר אַ טעמע די ליבשאַפֿט איבער אַלע ליבשאַפֿטן, די ליבשאַפֿט צו דער כּנסת ישׂראל. דערפֿאַר איז דאָס ליד ״קודש קדשים״, דאָס הייליקסטע פֿון די הייליקייטן.

ייִדן זענען געגליכן צו דער שולמית פֿון שיר השירים. מעגן זייערע שטעט און שטעטלעך זײַן אַ קעגנזאַץ צו די גרויסאַרטיקע גערטנער, דורך וועלכע עס שלײַכט זיך אַדורך שולמית; מעג דער גלות פֿאַרשוואַרצן איר פּנים; און מעג זי ווערן צעקנייטשט פֿון שווערע און ביטערע דאגות — זי פֿאַרבלײַבט די שולמית פֿון ״געזאַנג איבער אַלע געזאַנגען״, און מען דאַרף זי ליב האָבן ווי דאָס שוואַרצ־אַפּל פֿון אויג (שמות רבה ל, יב).

ליב האָבן דעם מיט־ייִד איז נישט בלויז אַ געבאָט פֿון דער סאָציאַלער עטיק און האָט נישט בלויז צו טאָן מיט נאַציאָנאַלן קיום. ליבשאַפֿט צום ייִד איז צוגלײַך אַדורכגעדרונגען מיטן סוד פֿון דער מיסטיק. אַלע שיטות און באַוועגונגען אין ייִדישקייט שטרײַכן אונטער איר וויכטיקייט און באַטײַט. אַנדערש האָט דאָס נישט געקענט זײַן, פֿאַרשטייט זיך, אויך אין דער תּורה און דרך פֿון חסידות, וואו זי האָט נאָר באַקומען אַ מער־פֿאָלקסטימלעכן אויסדרוק. אַזוי ווי אַלץ אין חסידות, האָט זי געקענט ציִען אירע וואָרצלען פֿון הימל, אָבער זי האָט פֿאָרט אויסגעמיטן אַב־סטראַקציעס, מען האָט נישט אַזוי פֿיל גערעדט וועגן דער כּנסת ישׂראל, ווי טאַקע וועגן ר׳ ישׂראל, אָדער גאָר סתּם וועגן בערל דעם שנײַדער, יאַנקל דעם שמיד, און איציק דעם שוסטער...

ר׳ ישׂראל בעל־שם־טוב, דער גרינדער פֿון דער חסידות־באַוועגונג, האָט זיך געוואָנדן צו איינעם פֿון זײַנע חסידים און צו אים געזאָגט: איך האָב ליבער דעם ״קנאַפּסטן״ ייִד, דעם מינדעסטן, מער ווי דו האָסט ליב דײַן בן־יחיד; און אויך דו דאַרפֿסט אַזוי טאָן. צו די מגידים, וועלכע האָבן געשטראָפֿט און געזאָגט מוסר דעם עולם, האָט ער אויסגערופֿן: גענוג שוין, הערט אויף צו זאָגן מוסר! ייִדן, ווער און וואָס זיי זאָלן נישט זײַן, דאַרף מען ליב האָבן, און נישט באַוואַרפֿן זיי מיט מוסר־

דרשות! זײַן אײניקל, ר׳ ברוך פֿון מעזשיבוזש, האָט בײַ אים געפֿרעגט: וואָס איז דער עיקר אין ייִדישקייט? האָט דער בעל־שם — לויטן בײַשפּיל פֿון הלל, פֿון די תּלמוד־צײַטן, אָבער מיט דער דערפֿאַרונג פֿון צוויי טויזנט יאָר ווי דער אָפּגרונט טיפֿע ייִדישע לײַדן און כּסדר שטראָמענדיקע ימים פֿון ייִדישע טרערן — צו אים גערעדט וועגן דער וויכטיקייט פֿון אהבת ישׂראל. געווי אַזוי האָבן געדענקט און געפֿילט די, וואָס האָבן שפּעטער פֿונאַנדערגעטראָגן די שיטה פֿון חסידות.

ר׳ פּינחס פֿון קאָרעץ האָט דערקלערט, אַז יעדע תּפֿילה, אין וועלכער מען בעט בלויז פֿאַר זיך און פֿאַרן אייגענעם הויזגעזינט — און מען איז נישט מתפּלל מיט דער זעלבער כּוונה און געבראָכענעם געמיט פֿאַר אַלע אַנדערע ייִדן — איז נישט קיין תּפֿילה. פֿון אַלע מידות, וואָס ר׳ משה לייב סאַסעווער האָט געגלוסט איבערצונעמען פֿון זײַן רבין ר׳ שמעלקע פֿון ניקעלשבורג, האָט ער צומייַנסטן באַגערט צו ירשענען די מידה פֿון אהבת ישׂראל. אוי, אָט מיט דער מידה וויל איך באַשאַנקען ווערן! — האָט ער געזאָגט. ווען מען האָט געפֿרעגט בײַ אים, בײַ ר׳ משה לייב סאַסעווער, ווי אַזוי אָרום איז ער מסוגל זיך צו באַטייליקן אין וויי און אין צער פֿון אַלע ייִדן, האָט ער אָפּגעענטפֿערט: וואָס מיינט איר צו זאָגן, אַז איך באַטייליק זיך אין צער פֿון די אַנדערע? אַלע ייִדנס וויי איז דאָך מײַן וויי, און אַלע ייִדנס צרות זענען מײַנע צרות! ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט אַפֿילו פֿון רופֿן דעם ריבונו־של־עולם אויף אַ דין־תּורה; מחמת זײַן ליבשאַפֿט צו ייִדן, וועלכע גייט אַריבער אַלע ברעגן. ראש־השנה און יום־כּיפּור איז ער גרייט געווען צו שטעלן אים צו משפּט און אים אויפֿווײַזן, אַז עס איז שוין די העכסטע צײַט אויפֿצוהייבן מיט חסד און רחמים דעם געפֿאַלענעם ייִד פֿון שטויב. אַזאַ איז אויך געווען דער דרך פֿון ר׳ מאיר פּרעמישלאַנער און פֿון די אַנדערע אין דער וועלט פֿון חסידות; און עס איז אייגנטלעך אוממעגלעך צו באַשטימען, ווער פֿון זיי עס איז העכער געשטיגן אויף די דאָזיקע שטאַפּלען.

אָבער עס דאַרף פֿאַרט פֿאַרצייכנט ווערן, אַז ר׳ יהושע העשיל — אָדער ווי זײַן פֿולער נאָמען איז געווען: אברהם יהושע העשיל — איז פֿון די ווייניקע אין דער געשיכטע פֿון חסידות וואָס זענען אָנגערופֿן געוואָרן "אוהב ישׂראל" — דער ליבהאָבער פֿון ייִדן. נישט ער אַליין, נישט זײַנע בני־דור, נישט די שפּעטערדיקע דורות, האָבן געזוכט אַרויסצוהייבן אַנדערע פֿון זײַנע אייגנשאַפֿטן אָדער אים צונויפֿצואייניקן מיט אַנדערע באַצייכענונגען. "אוהב ישׂראל" — איז דער נאָמען פֿון זײַן ספֿר. "אוהב ישׂראל" איז אויך די אויפֿשריפֿט, וואָס איז אויסגעקריצט געוואָרן אויף זײַן מצבה.

## ב

וואָס ווייסן מיר וועגן ר׳ יהושע העשיל, דעם אָפּטער? נישט געקוקט דערויף וואָס זײַן לעבן און ווירקן זענען אין געדאַנק פֿון פֿאָלק צונויפֿגעבונדן געוואָרן מיט

אָפּטע, איז דאָך די דאָזיקע שטאָט בלויז איין סטאַציע אין די וואַנדערונגען, וואָס ער האָט אַדורכגעמאַכט. אַן אָפּשטאַמיקער פון זשעמיגראַד, אין דער געגנט פון יאַסלע און ריישע, האָט ער זיך דערגענטערט צו דער תּורה פון חסידות דורכן רבי אלימלך פון ליזשענסק. צוועלף יאָר איז יהושע העשיל אַלט געווען, ווען דער בעל־שם איז אַוועק פון דער וועלט; און די באַוועגונג, וואָס ער איז געווען איר גרינדער, האָט זיך פונאַנדערגעצווײַגט אין פאַרשידענע שיטות. דער יונגערמאַן פון זשעמיגראַד איז געוואָרן באַגײַסטערט פאַר דער לערע, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט אויף די קאַרפּאַטן־בערג; אָבער ער האָט געזוכט צו דערקענען די פאַרשידענע אויסדרוקן, וואָס זי האָט אָנגענומען. איז ער דעריבער געפאָרן צו אייניקע פון די, וואָס האָבן אַרויפגעלייגט זייער חותם אויף דער אויפשפּראָצנדיקער באַוועגונג. דער דרך פון ליזשענסק איז אים צוגעפּאַסט צום האַרץ און געמיט.

דאָס איז טאַקע געווען די צײַט, ווען חסידות האָט זיך פאַרשפּרייט אין דער ייִדישער וועלט אין מזרח־אייראָפּע; אָבער אויך גרויסע און שאַרפע מחלוקתן זענען כאַראַקטעריסטיש פאַר יענער צײַט, מחלוקתן אַרום חסידות און אויך אין דער חסידישער מחנה גופא. קעגנער, וואָס האָבן זיך געפונען מחוץ פון חסידישן אידייען־קרײַז, האָבן מיט כּלערליי מיטלען באַקעמפט די אויפוואַקסנדיקע שיטה און די צענטערס, וואָס זענען דורך איר "אײַנגענומען" געוואָרן. אויך אין דער באַוועגונג אַליין האָט מען זיך מתווכּח געווען און געראַנגלט פאַר דער ריכטיקייט און געטרײַקייט פון די אידייען, וואָס זענען אַנטוויקלט געוואָרן דורכן בעל־שם. אַ פאַרשידענעם קנייטש האָט אין זיי אַרײַנגעלייגט ר' נחמן בראַצלאַווער, און אַ פאַרשידענעם טײַטש האָט זיי געגעבן ר' אריה־לייב, וועלכער איז מער באַקאַנט געווען ווי דער "שפּאָלער זיידע". עטוואָס אַנדערש האָט אין זיי אַרײַנגעלערנט ר' דוב־בער, דער מגיד פון מעזריטש, און אַן אַנדער האָט זיך אויסגעוויזן צו זײַן דער צוגאַנג פון ר' שניאור־זלמן פון ליאַדי. ר' יהושע העשיל האָט זיך נישט געלאָזט מיטצײַען סתּם פון דער התלהבות, וואָס האָט זיך אַרויסגעהויבן פון אַלע חסידישע שיטות. ער האָט געוואויגן, געמאָסטן, אַנאַליזירט.

באַשאַנקען מיט שאַרפזין און פּיקחות, האָט ער געוואוסט צו פאַרייניקן די עמאָציע מיטן אַנאַליז. איינער פון די וואונדערלעכסטע מעשׂה־דערציילער אין דער געשיכטע פון חסידות, קען ער אַוועקגעשטעלט ווערן צוזאַמען מיט ר' נחמן בראַצלאַווער און ר' בונם פון פּשיסכע; אָבער ער גייט זיך אויך פונאַנדער מיט זיי. אין בראַצלאַווערס מעשׂהס שלאָגט זיך אַרויס דאָס פאַנטאַסטישע, און הגם זיי פאַרבעטן אַ מוסר־השׂכּל, באַצווינגען זיי דאָך די פאַנטאַזיע שוין בלויז מיט זייער אייגענעם תּוכן, מיט דער סימבאָליק, וואָס איז אין זיי פאַרוויקלט, און דערלויבן אַוועקצושוועבן גאָר הויך און ווײַט אויף זייערע פליגל. די משלים פון ר' בונם שנײַדן זיך אַרײַן מיט דער טיפקייט פון זייער אַרײַנבליק אין דער מענטשלעכער נאַטור און אין די אילוזיעס, וואָס מיר שפּינען אויס, וואָט אויב איר ווילט פאַרבלײַבן

זיי אילוזיעס, שפּינוועב, פּוסטע חלומות; און אויב איר ווילט, זענען זיי די ממשות פון לעבן — דאָס סאַמע־קאָנקרעטע און רעאַלע אין אונזערע שטרעבונגען און דערפאַרונגען.

אַנדערש איז עס ביי ר׳ יהושע העשלען. ביי אים באַנוצט זיך די מעשׂה מיט איבערטרייבונגען. די מעשׂה איז איין גרויסע גוזמא. דאָ דערציילט זיך — געוויער: דאָ דערציילט ער — וועגן אַ קעלט, וואָס האָט זיך אַזוי שאַרף איינגעגעסן אין זיינע ביינער, אַז מען האָט געמוזט יעדן טאָג איינהייצן דעם אויוון אין זיין וואוינונג. פּערציק וועגענער האָבן געבערענגט צו פירן דאָס האָלץ, וואָס איז בייטיק געווען. פאַרן לייגן זיך שלאָפן האָט ער געמוזט אָנטון עטלעכע פּוטערס; און דאָך, ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז זיין האַנט געווען צוגעקלעפּט צו דער וואַנט פון קעלט... ער דערציילט, אַז ווען עס זענען אַרויסגעלאָזט געוואָרן קעגן אים מסירות מצד זיינע קעגנער, האָט ער אויס פּאַרזיכטיקייט געהייסן פאַרברענען די ״קוויטלעך״, וואָס ער האָט געהאַט ביי זיך פון זיינע חסידים. האָבן די שטיקלעך פּאַפּיר, אויף וועלכע די נעמען פון די חסידים זענען געווען אָנגעשריבן, געברענט דריי טעג נאָכאַנאַנד... ער האָט דערציילט, אַז צען מאָל איז ער שוין געווען אויף דער וועלט, צען מאָל איז ער פון דער וועלט אָוועקגענומען געוואָרן, אָבער געצוואונגען געוואָרן צו איר ווידער אַראָפּצונידערן. פאַרוואָס? ווייל ער האָט נישט געענוג ליב געהאַט, נישט געענוג האָט זיך זיין נשמה צוגויפגעגאָסן מיט יידישע ליידן. האָט זי דעריבער געמוזט כּסדר צוריקקומען. איצט איז ער נאָך אַלץ נישט דערגאַנגען צו שלימות. ער טראַכט נאָך אַלץ צופיל וועגן זיך און וועגן זיין אייגענעם הויזגעזינט. אָבער ער פילט, אַז ער איז אויפן ריכטיקן וועג צו דערגיין צו אהבת ישׂראל...

וואָס אַלץ האָט ער אַדורכגעמאַכט די אַלע צען מאָל, וואָס ער איז אַראָפּגע־גאַנגען אויף דער ערד? ער איז געווען כּוהן, טאַקע כּוהן־גדול אין בית המקדש אין ירושלים, און געווען פּאַרטאָן אין מקריב זיין קרבנות; ער איז געווען נשׂיא און מלך פון דער יידישער אומה, ווען עס איז נאָך געווען אַ יידישע מלוכה, און צו אים איז מען געקומען מיט אַלע שווערע פּראַגעס, וואָס זענען אַרויפגעשוווּמען; ער איז אויך געווען אין גלות מיט דער אומה, אין גלות בבל. ער געדענקט, ווי ער איז געווען דער ״ריש־גלותא״ אין בבל, טאַקע דער עלטסטער פון אַלע קהילות, וואָס זענען דאַרט אויפגעשטעלט געוואָרן... און אין גלות־פּוילן איז דען נישט זיין נשמה אַראָפּגעשיקט געוואָרן? ער האָט זיך דאָ פונאַנדערגעשמועסט מיט זיינע זיידעס, די רבנים און גאונים פון אַמאָל, ר׳ העשיל פון קראָקע, ר׳ מאיר פון לובלין. אַפילו מיט זיין זיידע שאול וואהל, וועלכער איז איין טאָג געווען מלך אין פּוילן, האָט ער פאַרפירט אַ לאַנגן שמועס. זיי זענען שוין טאַקע געווען אויפן עולם האמת, אָבער ער האָט מיט זיי זיך אויסגעטענהט. ער געדענקט דאָס גענוי. יעדער איינער פון זיי האָט דערציילט, ווי שטאַרק דער יידישער יחיד און די כּנסת ישׂראל —

אַלע ייִדן — דאַרפֿן האָבן אַביסל ליבשאַפֿט און מיטגעפֿיל; נייטיקן זיך ליב צו האָבן איינעם דעם אַנדערן, און צוטיילן איינער דעם צווייטן וואַרעמקייט.

די איבערטרײַבונג אין דער מעשׂה האָט געדינט פֿאַר אַ ציל: צו דערזען דורך איר די זאַכן שאַרפֿער. די גוזמא איז געווען דאָס פֿאַרגרעסער־גלאָז; אַזוי אַרום האָט מען געקענט קוקן קלאָרער און גענויער אויפֿן ייִדישן מענטש און אויף זײַן מצב; זען, אין וואָס ער נייטיקט זיך. ממש ווי אין לופֿט צו עטעמען.

צוזאַמען מיטן עולם האָט ער יום־כּיפּור בײַ מוסף געזאָגט די תּפֿילה פֿון דער "עבֿודה"; די תּפֿילה, וואָס איז אייגנטלעך אַ פּיוט, אַ רעליגיעזע פּאָעמע, וואָס שילדערט די צערעמאָניע, וועלכע איז אָפּגעריכט געוואָרן פֿאַרצײַטנס יום־כּיפּור אין בית המקדש. דאָרט ווערן אַרויסגעברענגט די פּרטים פֿון דער צערעמאָניע, און עס איז די רייד וועגן דעם הייליקן ציטער, מיט וועלכן דער כּהן־גדול איז געווען אַדורכגעדרונגען, ווען ער האָט איבערגעטרעטן די שוועל פֿון קדשי־קדשים, דאָס הייליקסטע אָרט אין בית המקדש, אויפֿצוהייבן זײַן געבעט פֿאַרן כּלל ישׂראל. צוזאַמען מיטן עולם האָט ר' יהושע העשיל געזאָגט אָט־די תּפֿילה, אָבער איין ענדערונג האָט ער אַרײַנגעפֿירט אין די ווערטער, וואָס שטייען אין מחזור. דאָרט זאָגט זיך: "וכך היה אומר"... אַזוי פֿלעגט ער זאָגן, דער כּוהן־גדול, אין בית המקדש, אַזוי פֿלעגט ער טוען... פֿון ר' יהושע העשילס מויל זענען אַרויסגעקומען די ווערטער: "וכך הייתי אומר"... אַזוי האָב איך געזאָגט; אַזוי האָב איך געטאָן; איך יהושע העשיל, אין דער צײַט, ווען איך בין געווען כּוהן־גדול אין בית המקדש אין ירושלים... קלאָר און דײַטלעך האָט מען געקענט הערן, ווי די דאָזיקע ווערטער גייען אַרויס פֿון זײַן מויל.

וואָסער איבערטרײַבונג! — האָבן טייל זיך אָפּגערופֿן — וואָסער מוראדיקע גוזמא! אָבער ר' יהושע העשיל איז נישט נתפּעל־געוואָרן. ער האָט ווײַטער געצויגן זײַן געענדערטן נוסח. ער איז טאַקע דאָרט געווען, אין ירושלים. מיט דער ייִדישער פֿאַרגאַנגענהייט דאַרף מען זיך אידענטיפֿיצירן. נישט גענוג דאָס צו לערנען, צו דאַווענען, אויסצוזינגען. מיטן אויג פֿון דער נשמה איז מעגלעך זיך צו זען אין דער ווײַטער פֿאַרגאַנגענהייט פֿון דער ייִדישער אומה. און אַזוי דאַרפֿן אַלע טאָן, אַלע ייִדן. לעבן, אַדורכלעבן ייִדישקייט, ייִדישע נסיונות, מיט אַלע איברים און מיט דער גאַנצער נשמה. פּונקט אַזוי מוז מען זיך אַרײַנלעבן אין מצב פֿון אַנדערן ייִד. נישט בלויז מיטפֿילן, נאָר טאַקע זײַן אַ טייל פֿון ייִדישן גוף, וואָס לײַדט, און פֿון דער ייִדישער נשמה, וואָס צאַפּלט. דו קענסט זײַן דער אַנדערער ייִד, און דער אַנדערער ייִד קען זײַן דו. אַזויפֿיל צוציענדיקע מעשׂהס האָט ר' יהושע העשיל געוואוסט צו דערציילן אויף אָט דער טעמע.

ר' ברוך פֿון מעזשיבוזש האָט זיך אויסגעדריקט: ניין, נישט קיין גוזמאות זאָגט אייגנטלעך ר' יהושע העשיל; גאָלד שיט זיך פֿון אים, גאָלדענע רייד!

עס איז צוגלײַך אומריכטיק צוצושרײַבן אים דעם ווילן אײַנצופּלאַנצן אין

פֿאַלק דעם גלויבן אין גלגול פֿון די נשמות. אין דער תּורה פֿון חסידות זענען אַרײַנגעגאַנגען באַגריפֿן פֿון דער מיסטיק, אָבער נישט אַלע דאָזיקע באַגריפֿן זענען געווען יסודות. אַ סך פֿון דעם, וואָס ס׳איז געשריבן אין ספר הזוהר, און פֿיל פֿון די אידייען פֿון ר׳ יצחק לוריא — דער אר״י — אָדער פֿון ר׳ חיים וויטאַל און אַנדערע מקובלים, זענען טאַקע געווען אין אומגאַנג אין דער וועלט פֿון חסידות. אָבער דאָ איז מען בעצם נישט געווען פֿאַראינטערעסירט אין קאָסמאָס, דאָ איז אַנגעגאַנגען דער ייִד, זײַן וויי, זײַן דערהויבונג. כּדי צו דערנענטערן ייִד צו ייִד זענען אָנגעוואָנדן געוואָרן פֿאַרשידענע וועגן. אין דעם בליק און אין דער השגה פֿון ר׳ יהושע העשיל איז די איבערטרײַבונג בכּוח געווען אויפֿצוועקן דעם ייִד, אויפֿרודערן זײַן פֿאַרשטעלונג־קראַפֿט, מאַכן אים זען זאַכן, וועלכע ער וואָלט נישט געווען מסוגל צו דערזען, ווען זיי וערן אים צוגעטראָגן אין זייער געוויינ־לעכער פֿאָרם.

וואָרום די צײַט איז געווען אַן אומגעוויינלעך־ביטערע און שווערע פֿאַר ייִדן אין די געגנטן, וואו חסידות איז אויסגעוואַקסן און געשטיגן. די ווילדקייטן פֿון די קאָזאַקן־באַנדעס האָבן זיך נאָך נישט געהאַט אָפּגעשטעלט. די פּוילישע מלוכה איז זיך פֿונאַנדערגעפֿאַלן, און אין דער מוראַדיקער מהומה פֿון דער צווייטער העלפֿט פֿון אַכצנטן יאָרהונדערט האָבן גרויל־גזירות זיך אַראָפּגעשאָטן אויף דער ייִדישער באַפֿעלקערונג. שטעט און שטעטלעך זענען אַריבערגעגאַנגען פֿון מלכות צו מלכות, און ייִדישע לעבנס זענען געווען הפֿקר. אין חורבות זענען געלעגן ייִדישע פּרנסות; דערצו נאָך האָט דער שד פֿון מחלוקת געטאַנצט אויף די חורבות.

מיט דער איבערטרײַבונג האָט דער אָפּטער זיך געריכט אַרײַנצוברענגען שלום צווישן ייִדן, און אין זיי אַרײַנגעבן מוט. די פֿאַרשידנסטע מעשׂהס פֿלעגט ער דערציילן וועגן פֿאַרפֿעלקער, וואָס האָבן זיך געקריגט, און ווי אַזוי זיי האָבן זיך איבערגעבעטן, ווער זאָגט עס, אַז מען דאַרף תּמיד זיך אַרומקריגן? אויף שלום מוז אַוועקגעשטעלט ווערן דאָס ייִדישע הויז; און דאָס פֿאָלק איז גלײַך צו אַ הויז, צו אַ משפּחה. אין יעדער פֿאַמיליע־קריגערײַ האָט ער זיך אַרײַנגעמישט, און אין יעדער קהלישער. אויף דער חתונה פֿון זײַנס אַן אייניקל אין אָסטילע, וואָלין, זענען זיך צונויפֿגעפֿאָרן די פֿירנדיקע חסידישע צדיקים. אויף אָט־דער שׂמחה האָבן געבלאָזן בייזע ווינטן קעגן ר׳ בונם פֿון פּשיסכע, האָט ער אַרײַנגעטראָגן זײַן פֿאַרמיטלונג. אויך אין דעם שטורעם, וואָס האָט זיך אויפֿגעהויבן קעגן ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער, האָט ער אַרײַנגעברענגט דעם טאָן פֿון פֿרידן; און דער אַרגומענט איז, באַטירלעך, באַגלייט געוואָרן מיט אַ זעאונג, ווי אַזוי מען מאַכט שלום אין די הימלען, און מיט אַ מעשׂה, אין וועלכער די איבערטרײַבונג האָט אַפֿילו פֿאַר בלינדע קלאָר געוויזן די ברכות, וואָס פֿרוכפּערן זיך אין דעם פֿרידן, און די שאָדנס, וואָס עס ברענגט דאָס אַרומקריגן זיך.

איראָניש איז, אַז אויך ער, דער טרעגער פֿון פֿרידן און דער מענטש פֿון

פּשרה, האָט נישט אויסגעמיטן, האָט נישט געקענט און נישט באַוויזן אויסצומײַדן די מחלוקתן. אַליין געלאָשן דאָס פײַער און אַרומגעכאַפּט געוואָרן פון פײַער. אין מצב, ווען די געמיטער זענען צעהיצט און די נערוון זענען צערייצט גרייכן די פלאַמען יעדן איינעם. אַזוי האָט דאָס פּאַסירט מיט אים אין קאָלבושאָוו, וואו ער האָט זיך צוערשט באַזעצט, און אויפגענומען געוואָרן פאַר רב. ווער איז ער דאָס — האָט מען אויפגעהויבן אַ געוואַלט — וועלכער הייסט אונז איבערבעטן זיך מיט די, מיט וועמען מיר קריגן זיך אַרום? אַזוי האָט דאָס פּאַסירט מיט אים אין יאַסי, ער האָט געמוזט אַנטלויפן פון דאָרט מיט זײַן הויזגעזינט נישט קענענדיק לענגער איבערטראָגן די קריגערײַען, אין וועלכע ער איז אַרײַנגעצויגן געוואָרן. אין אַפּטע האָט מען אים יאָ בעסער פאַרשטאַנען, און דאָ האָט ער געהאַט די מעגלעכקייט צו פאַרזייען זײַנע אידייען מיט מער גײַסטיקן גלײַכגעוויכט. דערפאַר איז, ווי זײַט אויס, זײַן נאָמען צונויפגעבונדן געוואָרן מיט אַפּטע. אָבער אויך פון דאַנען גייט ער אַוועק. ער ציט זיך קיין מעזשיבוזש, וואו דער בעל־שם האָט געוואוינט אין די לעצטע יאָרן פון זײַן לעבן. דאָרט האָט נאָך חסידות פאַרמאָגט די לויטערקייט פון באַגינען. און דער בת־קול, וואָס האָט זיך געטראָגן — דער בת־קול פון בעל־שם — האָט אים צוגעצויגן. וואָרום צי איז דען טאַקע זיכער, אַז דער בעל־שם האָט זיך אָפּגעשיידט פון דער וועלט און מען קען זיך מער מיט אים נישט באַגעגענען?

עס לאָזט זיך קוים שילדערן די דחקות, אין וועלכער ר' יהושע העשיל איז אָפּגעקומען אַ סך פון זײַנע יאָרן. דער עיקר האָט ער אַזאַ ביטערע צײַט אַדורכ־געמאַכט אין קאָלבושאָוו. רירנדיק איז די באַשרײַבונג פון אַ סוכּות אין יענעם צײַט־אָפּשניט. אַלץ איז געווען צוגעגרייט צום יום־טוב: די סוכּה איז געשטאַנען, אירע ווענט זענען געווען אויסגעצירט, די ליכט האָבן געברענט, אָבער קיין כּזית ברויט איז נישט געווען. ר' יהושע העשיל האָט געזאָגט צו דער רביצין: מיר האָבן אונזערס געטאָן, מיר האָבן אויפגעשטעלט די סוכּה, מיר האָבן צוגעגרייט, וואָס מיר האָבן נאָר געקענט! מער קענען מיר נישט טאָן. אַן אַנדערש מאָל, אין אַן ענלעכער דערדריקנדיקער לאַגע, האָט ער זיך אָפּגערופן: אַ מענטש מוז טרינקען פון לעבן־כּוס אָן אונטערשייד, צי דער כּוס איז מיט ווײַן, אָדער ער איז מיט עסיק...

און דאָך האָט זיך אין אים נישט אַנגעקליבן קײַן פאַרביטערונג. ר' לוי יצחק פון בערדיטשעוו, האָט — ווען זײַן געמיט איז געווען דערשלאָגן — אויפגעהויבן זײַנע טענות צום ריבונו־של־עולם. ר' זושע פון אַניפּאָל איז אַרײַנגעפאַלן אין הכנעהדיקן שווײַגן. פאַר דעם אַפּטער איז אויך דאָס געווען אַ געלעגנהייט פונ־אַנדערצורײדן זיך, אַז ייִדן זענען אין תּוך רחמנים בני רחמנים, טײַערע און ליבע באַרעמהאַרציקע מענטשן. נישט מער, זייערע צרות שוואַכן בײַ זיי אָפּ צײַטנווײַז דעם כּוח צו עפענען די אויגן און זען, וואָס עס טוט זיך אַרום זיי. אָבער דאָס האַרץ, דאָס ייִדישע האַרץ, איז אָפן. אין די חסידישע ספרים ווערט איבער אים דערציילט, אַז אויך ער האָט, גענוי ווי אַנדערע אין חסידות, אויסגעדריקט זײַן גרייטקייט

אַרײַנצוגיין אין גיהנום נאָך הונדערט און צוואַנציק יאָר. אָבער מען זאָל פריִער אַרויסנעמען די ייִדן, וועלכע געפינען זיך דאָרט; וואָרום ער וועט זיך נישט פילן גוט פאַרבלײַבנדיק צוזאַמען מיט זיי, און אויך זיי וועט זײַן נישט באַקוועם צו פאַרבלײַבן מיט אים. זאָל דעריבער ער איינער פאַרבלײַבן אין גיהנום!

ער איז איינמאָל געקומען אין אַ שטעטל, וואו צוויי באַלעבאַטים האָבן געוואָרט, אַז ער זאָל אײַנשטיין בײַ זיי. ביידנס הײַזער זענען געווען גרוימע און שטרענג־אָפּגעהיטענע, אָבער אויף איינעם האָט מען פאַרט געמורמלט, אַז ער איז נישט פרײַ פון עבירות, און צוליב דעם איז ער געווען געפאַלן בײַ זיך. דאַקעגן אויפן צווייטן איז נישט געפאַלן קיין שום פלעק, און ער איז דעריבער געווען בײַ זיך האָפערדיק און זיכער. האָט ר׳ יהושע העשיל אויסגעקליבן זײַן אַכסניה בײַם ערשטן. ער האָט געזאָגט: גיאות איז די שווערסטע עבירה; אַ צעבראָכן ייִדיש געמיט איז מיר נאָענט... באַטירלעך: גלײַך איז געקומען אַ מעשׂה, אין וועלכער עס איז אויפֿגעוויזן געוואָרן צו וואָסער הויכער מדרגה מען קען דערגיין, אויב מען איז באַשיידן און מען טרעט נישט אָפּ פון דער ענִיוות.

זײַנע מעשׂהס און די גוזמות, וואָס זענען אין זיי אויסגעשפּרייט געוואָרן, האָבן צו אים צוגעצויגן צוהערער. בעת מען האָט זיך געשטופּט צו הערן זײַן וואָרט, האָט ער זיך אָפּגערופן: פאַרוואָס דער דאָזיקער געדראַנג? ווער עס איז מסוגל אויפצונעמען מײַנע רייד, וועט הערן אויך פונדערווײַטנס און מיטגיין מיט מיר אין דער וועלט פון דימיון. כּדי צו ווערן אַדורכגעדרונגען מיט מײַנע ווערטער, דאַרף מען זיי זען; הערן איז נישט גענוג, און אַפילו נישט גויטוועגדיק אין אַ סך פאַלן.

איינמאָל איז צו אים געקומען קיין מעזשיבוזש ר׳ משה לייב סאַסעווערס אַ זון. וואָסער שׂמחה איז דאָס פאַר אים געווען! ער האָט זיך אָנגעטון די שבתדיקע קאַפּאָטע אויפצונעמען דעם גאַסט און געהייסן אָנצינדן אַלע ליכט אין בית המדרש לכבוד אים. ר׳ משה לייבן — האָט ער געזאָגט — הגם ער איז שוין אויפן עולם־האמת זע איך אים אַלע טאָג און פאַרפיר מיט אים שמועסן. מיר ריידן תּורה און שטעלן זיך אָפּ אויף ייִדישע מידות. הײַנט וועט ר׳ משה לייבס זון אַרײַנגעצויגן ווערן אין אונזער שמועס. וואָסער יום־טובדיקער טאָג דאָס איז פאַר מיר! אַלע דרײַ וועלן מיר זיך אויסשמועסן.

ג

אַ תּפילה איז נאָך אים פאַרבליבן, וואָס איז בלי ספק איינע פון די רירנדיקסטע צווישן די תּפילות, וואָס זענען אויסגעפּליסטערט געוואָרן אין דער געשיכטע פון חסידות. אין איר דערקלערט ר׳ יהושע העשיל, אַז ער ווייסט זייער גוט, אַז ער איז "גאָרנישט מיט נישט". "ווער און וואָס בין איך? אַ צעבראָכענע כּלי, אָרעם אין תּורה, אין חכמה און מעשׂים טובים... מען רופט מיך: אָפּטער רב, ר׳ יהושע

העשיל פון אַפּטע, צי גאָר דער צדיק פון אַפּטע. אָבער איך ווייס, אַז איך בין פול מיט פעלערן און חסרונות. פרעג איך ביי דיר, ריבונו־של־עולם, וואָס דאַרף איך טאָן, כּדי צו געבן אַ זין און אַ באַרעכטיקונג צו מיינע טעג? לערנען תּורה? און וואָס וועט שוין זיין, אַז איך וועל זיצן און לערנען גאַנצע טעג? איך בין נישט בכּוח עפּעס אויפצוטאָן אין לערנען. דער "מגיד" פון קאָזשעניץ אָדער דער "חוזה" פון לובלין קענען בעסער לערנען ווי איך... מתפּלל זיין גאַנצע טעג? פאַראַן בעלי־תּפילות, וואָס איך קען זיך נישט פאַרגלייכן צו זיי. ווען ר׳ לוי יצחק דאַוונט, ווערן אויפגעציטערט די הימלען; און אויך ווען ר׳ מענדל פון פריסטיק און דער הייליקער "ייד" פון פּשיסכע טוען תּפילה, ווערן אויפגעטרייסלט די מלאכים... אַדורכפירן אַ חשבון מיט זיך אַליין און מתקן־זיין מיין נשמה? איז מיין נשמה אַ קליינע, אַן איינפאַכע; אַפילו ווען איך וועל שוין עפּעס פאַרריכטן איר איר, וועט זי קיין צירונג נישט ווערן. נישט איך, דער מגושמדיקער מענטש, קען זיך פאַרגלייכן צו ר׳ ישׂראלטשע פון ריזשין און צו דער גרויסער נשמה, וואָס ער פאַרמאָגט. איך בין נישטיק און אָרעם, פרעג איך ביי דיר: מיט וואָס קען איך פאַרט אויספולן מיינע טעג? אָט די דאגה עסט מיך נאָך מער, ווייל דו ווייסט דאָך, אַז יידן האַלטן אויס מיך און מיין הויזגעזינט. איך אַקער נישט, איך זיי נישט, איך מאַך נישט קיין געשעפטן; און פונדעסטוועגן האָב איך ברויט צו עסן, און אַ מלבוש אָנצוטאָן... האָב איך נאָכגעקלערט און אויסגעפונען, אַז איך קאָן דערציילן מעשׂהס. גיי איך און דערצייל...".

אין דער תּפילה זאָגט זיך ווייטער: איך פאַרזיכער דיר, באַשעפער פון דער וועלט, אַז איך האָב קיין שום מעשׂה, וואָס איך דערצייל, נישט אויסגעקלערט. אַלע מעשׂהס, וואָס איך דערצייל וועגן זיך, האָבן טאַקע פּאַסירט מיט מיר. איך געדענק די זאַכן געענוי, סיי ווען דאָס האָט געטראָפן אין מיין איצטיקן לעבן, סיי אין מיינע פריערדיקע לעבנס. פון מיין אייגענעם נסיון, און פון מיין זכּרון, שעפּ איך די מעשׂהס. אָבער וואָס זאָגן מענטשן? זיי זאָגן, אַז דער אַפּטער דערציילט גוזמות. שטוין איך: וואָסערע גוזמות קען איך דערציילן? מיט וואָס טרייב איך איבער? וואָסערע וואונדער, מישטיינס־געזאָגט, בין איך מסוגל צוצוגעבן צום גרויסן וואונדער, וואָס דיין וועלט איז? איך דערצייל, אַז איך בין שוין אַ סך מאָל געווען אויף דער וועלט. איך זאָג דעם אמת. איך געדענק דאָס אַלץ. צי האָב איך נישט געהערט די דונערן און געזען די בליצן אויפן באַרג סיני? און אויב אַזוי, וואָס איז פאַראַן זיך צו וואונדערן, אַז איך געדענק, ווען איך בין געווען אין בית־המקדש, און דאָרט געווען דער כּהן־גדול? דאָס לעבט פריש אין מיין זכּרון, גלייך ווי דאָס וואָלט ערשט נעכטן פּאַסירט. איך געדענק אַזוי קלאָר די יידן, וואָס זענען געקומען מקריב זיין קרבנות. טענהט מען, אַז איך זאָג גוזמות. אין דער אמתן זאָגן גוזמות די, וואָס טענהן, אַז איך טרייב איבער... די פּאַסירונגען לעבן אין מיר. מעגלעך, אַז מיינע מעשׂהס קלינגען אָפּ אויסטערליש; אָבער איך האָב קיינ־

מאָל נישט דערציילט קיין גוזמא. איך באַגער נאָר אַז מײַנע רייד זאָלן אַרײַנדרינגען אין די אויערן פֿון די צוהערער . . .

און דער זין פֿון די מעשׂהס איז פֿאַר אים געווען אָפּצוואַרפֿן יעדע מחיצה, וואָס קען פֿונאַנדערטיילן די ייִדישע געשיכטע אין אַ ״נעכטן״ און אין אַ ״הײַנט״; און די ייִדישע אומה אין באַזונדערע, אָפּגעזונדערטע טיילן. ייִדישע דערפֿאַרונג פֿון אַלע תּקופֿות איז איינס, און אַלע ייִדן זענען איינס. לאָזט מען זיך אַרײַן אין דעם רמז, וואָס ווינקט אַרויס פֿון דער צאָל, צו וועלכער עס דערגייען די אותיות — פֿון דער גימטריא — קומט אויס, אַז ״אהבה״ — ליבשאַפֿט — און ״אחד״ — איינס — גיבן די זעלבע ציפֿער: דרײַצן.

אָט דאָס איז די לערע, וואָס דערגייט אויך פֿון זײַן ספֿר. ווי אַנדערע חסידישע גדולים, האָט ר׳ יהושע העשיל נישט געשריבן אַליין זײַן ספֿר. ער האָט גערעדט, דערציילט, און תּלמידים האָבן פֿאַרצייכנט. ״אוהב ישׂראל״, האָבן זיי אָנגערופֿן דאָס ווערק, און עס איז דערשינען, ווען ר׳ יהושע העשיל האָט שוין נישט געלעבט. דאָס זענען פֿאַרצייכענונגען פֿון דרשות, וואָס ער האָט געהאַלטן שבתים און ימים־טובים; אָדער פֿון תּורה־פּירושים און תּורה־ווערטער, וואָס ער האָט געזאָגט. דער רײַכער דימיון לענט זיך דאָ אָן אויף מקורות, וועלכע זענען פֿאַרהייליקט פֿאַרן פֿאָלק, און וואָס זענען קיינמאָל נישט פֿאַרעלטערט. אויב מען פֿאַרטיפֿט זיך אין זיי, באַגרײַפֿט מען ערשט, אַז צוגעבונדנקייט צום מיטמענטש איז די כּסדרדיקע פֿאָדערונג, וואָס ווערט צו אונדז אַרויסגעשטעלט. מען האָט אַ ברירה אָוועקצונעמען פֿון זיך אַליין יעדע וויכטיקייט, אָבער נישט פֿון יענעם. אין איטלעכן טאָג דאַרף מען אין זיך באַנייען און אויפֿלעבן די ליבשאַפֿט צום צווייטן ייִד; נישט זײַן פֿאַרקוקט רק אין זיך, נאָר זען דעם צווייטן ייִד; און נישט זײַן פֿאַרטון נאָר אין אייגענע זאָרגן. זיך מוסר נפֿש זײַן פֿאַר ייִדן, איז אַ יסוד אין ייִדישקייט. וואָס איז דער הימלישער תּענוג אין אונזער לעבן? קענען בײַהילפֿיק זײַן אַנדערע מענטשן.

מען זעט כּסדר אין ספֿר דעם מחבר מיטן פֿאַרגרעסער־גלאָז אין דער האַנט. אַזוי שטאַרק באַגערט ער, אַז אַלע זאָלן מיר דורכן דאָזיקן פֿאַרגרעסער־גלאָז באַטראַכטן דעם יחיד און כּלל; לגמרי זיך נישט באַגנוגענען מיט דער אהבת־ישׂראל, צו וועלכער מען איז שוין דערגאַנגען, נאָר קלעטערן צו אַלץ העכערע שטאַפּלען; פֿאַרגרעסערן און פֿאַרשטאַרקן אין זיך אָט די מידה, אַזוי ווי זי דערשײַנט פֿאַרן אויג דורך דעם פֿאַרגרעסער־גלאָז.

ד

וואָס ווײַטער מיר רוקן זיך אָפּ אין צײַט פֿון דעם חסידות־אויפֿשפּראָץ, אַלץ מער לאָזט זיך דערקלערן, וויאַזוי די דאָזיקע באַוועגונג, וואָס איז אַנטשטאַנען צווישן דער ייִדישער אָרעמקייט אין דער קאַרפּאַטן־געגנט, האָט באַוויזן צו ציִען נאָך זיך די ייִדישע מאַסן. זי האָט נישט דערלאָזט מקטרג צו זײַן אויף ייִדן, טראַכטן

אוןריידן וועגן זיי שלעכטס; און עס האָט זי נישט געאַרט, אויב זי וועט צוליב דעם באַשולדיקט ווערן, אַז זי בלײַבט נישט געטריַי צום אמת און ווערט געשטרויכלט אין איבערטרײַבונג. אַ פאַלק, וואָס ווערט געיאָגט און געפּייניקט, געשלאָגן און גערודפט — וואָס זײַן וועג איבער יאָרטויזנטער איז דער מערטירער־וועג, און קידוש־השם איז פאַר אים טאָגטעגלעך ברויט — קען נישט און טאָר נישט געמאָסטן ווערן מיט דער מאָס פון דעם אַזוי־גערופענעם "אָביעקטיוון" אמת, וואָס איז אין תּוך נישט אָביעקטיוו. פאַראַן אַן אינערלעכער, אינעווייניקסטער אמת, אַ העכערער אמת. און אויב טייל באַצייכענען אים ווי גוזמאדיק און באַפאַרבט, מאַכט אויך נישט אויס. נישט זיי און נישט זייערס גלײַכן זענען באַרופן צו זײַן די שופטים פון ייִדישן כאַראַקטער אויף זײַן דערנער־וועג. פון זיי יאָגט אַן אַ פרירנדיקע קעלט.

ר׳ יהושע העשיל, דער אַפּטער, ווערט גערעכנט צו די חסידישע לערער און וועגווײַזער, וועלכע זענען אויפגעוואַקסן און האָבן געווירקט אין פּוילן; און ווײַל ער געהערט צו דעם פריִען דור, ווערט ער באַטראַכט ווי דער רעפּרעזענטאַנט פון חסידישן נוסח און געדאַנקען־גאַנג, וואָס האָבן זיך אַנטוויקלט אויף דער פּוילישער ערד. יאָ, אַזעלכע זענען זיי אַלע געווען. אַזאַ איז געווען די תּורה, וואָס זיי האָבן פונאַנדערגעטראָגן. ר׳ יעקב־יצחק, וועלכער האָט פאַר זיך דערוואָרבן די באַצייכענונג: "דער חוזה פון לובלין", האָט אַרויסגעלערנט באַשײַנפּערלעך פון אַ פּסוק אין חומש, אַז אויב מען וואַלגערט זיך אויף די וואַנדער־שליאַכן, נאַקעט און באָרוועס, געיאָגט און געפּלאָגט, היימלאָז און עלנט, איז גאָר אוממעגלעך, אַז מען זאָל פאַרבלײַבן אינגאַנצן ריין, און עס זאָל זיך נישט האָבן צוגעקלעבט עפּעס פון שטויביקן וועג, וואָס מען האָט אַדורכגעמאַכט (והאיש אשר הוא טהור, ובדרך לא היה, במדבר ט, יג). טאָר מען אַזאַ אוממעגלעכקייט גאָרנישט פאַרלאַנגען פון דער כּנסת ישׂראל. פון ערגעץ אַנדערש ווידער האָט ער אַרויסגעדרונגען, אַז שטראָף־רייד, אַפילו ווען זיי שפּיגלען אָפּ דעם אמת, זענען זיי ווײַט פון אמת. איך ווייס נישט — האָט אַמאָל זיך פאַרטרויט דער "חוזה" — וועלכע זכותים איך האָב זיך פאַרשאַפט. אפשר איז דאָס מײַן גרויסער זכות: איך האָב חתונה־געמאַכט פערציק יתומים. יעדעס מאָל, ווען עמעצער פון מײַן משפּחה האָט חתונה־געהאַט, האָב איך אויך חתונה געמאַכט אַ יתומה... דער "ייִד" פון פּשיסכע, וואָס זײַן נאָמען איז אויך גראָד געווען יעקב־יצחק, האָט זיך אויסגעדריקט, אַז, ווי באַקאַנט, איז פאַר דער אויפפירונג פון אַ מענטש פאַראַן אַ מאָס; און מען קען אָפּשאַצן, צי אַ מענטש פירט זיך אויף גוט אָדער שלעכט. וויאַזוי קען מען וויסן וועגן אַ ייִד, צי ער גייט אויפן גלײַכן וועג אָדער נישט? די מאָס איז אהבת ישׂראל. זעט אײַנער, אַז זײַן אהבת ישׂראל וואַקסט, איז דאָס אַ סימן, אַז ער שטײַגט אין ייִדישקייט; און אין פאַל, ווען אָט די מידה ווערט בײַ אים שוואַכער, געפינט זיך זײַן ייִדישקייט אין מצב פון ירידה...

ר׳ דוד פון לעלעוו האָט געהאַט גרויס צער דערפון, וואָס ער האָט ליבער זײַנע קינדער ווי אַנדערע ייִדישע קינדער. איך בין נישט קיין צדיק, אַזוי ווי מען רופט מיך — האָט ער געזיפצט — כּל זמן איך קען אָט די נייגונג נישט אַרויסרײַסן פון זיך, אוי, ווי שווער איך מוז נאָך אַרבעטן אויף זיך! ר׳ איטשע־מאיר פון גער האָט כּסדר זיך אומגעקערט צום באַגריף, אַז אַפילו אין דין מוז מען זיך באַנוצן מיט רחמים; און אויב מען האָט ליב דעם כּלל ישׂראל, איז מען מקיים די גאַנצע תּורה. דאָס ווינטשן זיך "לחיים" איז פאַר אים אויסגעקומען ווי אַ תּקיעת־כּף, וואָס איין ייִד גיט דעם אַנדערן, אַז ער וועט אים ליב האָבן און בלײַבן געטרײַ... ווען מען האָט געפרעגט בײַ ר׳ יחזקאל פון קוזמיר פאַרוואָס אײַנהילנדיק זיך אין טלית מאַכט מען די ברכה אויף די ציצית (להתעטף בציצית) און נישט אויפן טלית, האָט ער געענטפערט: דאָס איז דערפאַר, ווײַל די ציצית הענגען אַראָפּ, און שלעפּן זיך נאָך אויף דער ערד. דאָס ווײַזט אונז אָן, גלײַך אין פרימאָרגן, צו פאַרנעמען זיך אין משך פון טאָג מיט די אָרעמע און הילפלאָזע ייִדישע מענטשן... ר׳ מרדכי יוסף פון איזשביצע האָט גערופן זיך צו פאַרטראַכטן דערויף, אַז ווען די איבער־לעבונגען, וואָס ייִדן זענען אַדורכגעגאַנגען אין מדבר, איז די רייד כּמעט אין דער גאַנצער תּורה, און דורך זיי, דורכן דור המדבר, זענען מיר מיט דער תּורה באַשאָנקען געוואָרן. דאָס קומט אונז לערנען, אַז אויך זינדיקע ייִדן הערן נישט אויף צו זײַן אײַנגעגלידערט אין אונזער פאָלק און אין ייִדישקייט... ר׳ שלמה פון ראַדאָמסק האָט אונטערגעשטראָכן, אַז דער ייִדישער מנהיג דאַרף ליב האָבן יעדן ייִד גלײַך ווי ער וואָלט געווען זײַן ברודער, און נישט טון קיין טובות בלויז זײַנע נאָענטע... ר׳ יחיאל־מאיר פון גאָסטינין האָט פאַר זיך אָנגעצייכנט כּללים, ווי אַזוי ער דאַרף זיך פירן. שטייט דאָרט אויפן סאַמע־אויבנאָן דער אָנווײַז, אַז ער זאָל פון אהבת־ישׂראל מאַכן אַ כּסדרדיקע געוואוינהייט. אויב עס וועט דווקא זײַן נייטיק עמעצן צו זאָגן מוסר, זאָל ער — איידער ער וועט אָנהייבן אויסמוסרן — זאָגן מיט כּוונה פינף קאַפּיטלעך תּהילים און בעטן רחמים נישט געשטרויכלט צו ווערן מיט זײַן צונג, נאָר ריידן, אַזוי ווי מען רעדט צו אַ קינד, מיט ווייכקייט און געבעט... ר׳ זושע פון אַניפּאָל פלעגט יעדן אינדערפרי, אויפשטייענדיק פון שלאָף — נאָך איידער ער האָט אויסגערעדט אַ וואָרט — עפענען דאָס פענסטער און אויסרופן הויך: אַ גוטער מאָרגן אײַך אַלע ייִדן!

ה

ווי געזאָגט, האָט מען ר׳ יהושע העשלען גערופן "אוהב ישׂראל". מיטן דאָזיקן נאָמען איז ער אַרײַנגעגאַנגען אין דער ייִדישער געשיכטע. אַזאַ נאָמען טראָגט אויך דאָס ספר, וואָס איז נאָך אים פאַרבליבן. אַזעלכע זענען זיי געווען אַלע, וועלכע האָבן געצויגן דעם האַרציקן ניגון פון בעל־שם־טוב. דער רבי יהושע העשיל האָט בלויז אונטערגעשטראָכן, אַז כּדי צו פאַרשטאַרקן אהבת ישׂראל אין זיך און

אין אַנדערע, איז אויך אַנגעוויזן זיך צו באַנוצן מיט דער גוזמא, און נישט אָפּשרעקן זיך פאַר דער איבערטרײַבונג. אין אַנבליק פון די ייִדישע נסיונות אין טאָל פון לײַדן קען אַפילו די גוזמא אויפהערן צו זײַן גוזמא, און די איבערטרײַבונג קען אויסקומען וואָר. טוט אַזוי ווי איך — זאָגט ער, דאַכט זיך, עד־היום צו אונז — באַנוצט אײַך מיטן פאַרגרעסער־גלאָז. צוליב אהבת ישׂראל מעג מען אַזוי טאָן.

ווי צײַטיק און אַקטועל איז טאַקע דער דאָזיקער אָנווײַז איצט, ווען יעדעס גוטע וואָרט, וואָס מען לאָזט פאַלן וועגן די פאַרשניטענע ייִדישע קהילות, און יעדע גוטע מעלה זייערע וואָס מען דערמאָנט, ווערט אויפגענומען מיט קריטיק און געסטעמפּלט ווי אַ קעגנזאָץ צום אמת. פאַראַן אַ העכער׳ער אמת; און אויב כּדי אים צו זען און דערקענען איז נייטיק זיך צו באַנוצן מיטן פאַרגרעסער־גלאָז, וואָס ר׳ יהושע העשיל האָט נישט אַרויסגעלאָזט פון האַנט, דאַרפן מיר דאָס זעלבע טאָן. מיט זײַן פאַרגרעסער־גלאָז דאַרפן מיר באַטראַכטן די ייִדישע דראַמע פון אונזער שווער־געפּרוווטער תּקופה.

## א

מען קען אין אונזערע קוועלן פון ייִדישקייט זיך אָנטרעפן אויף די פאַר־שידנסטע מיינונגען וועגן דער דערשײַנונג פון אָרעמקייט, און וועגן די פּראָבלעמען, וואָס זענען מיט איר פאַרבונדן. צי דאַרף אָרעמקייט באַטראַכט ווערן ווי אַן אויס־שליסלעך־נעגאַטיווע דערשײַנונג, און זי מוז דעריבער לחלוטין אויסגעוואָרצלט ווערן פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט; אָדער איז מער אָנגעוויזן צו לינדערן אירע שאַרפקייטן, מילדערן אירע גרויליקע פאָרמען, פאַרשטייענדיק דערבײַ, אַז עס איז גיכער דער חוב פון דער געזעלשאַפט צו וויסן, וויאַזוי מיט דער אָרעמקייט זיך אײַנצואָרדענען, און טאַקע זיך אײַנלעבן מיט איר? פון איין זײַט האָט מען, אַדורכגענומענע מיט דעם גײַסט פון באַרעמהאַרציקייט און הומאַניטאַריזם, געמאַכט יעדע אָנשטרענגונג, דורך דערלאַנגען שטיצע און הילף דעם נויטבאַדערפטיקן, צו באַקעמפן די אָרעמקייט, און באַין אופן נישט דערלאָזן, אַז עס זאָל אויסוואַקסן לגבי איר אַ גלײַכגילטיקייט און קאַלטבלוטיקייט — ״עפן אויף דײַן האַנט צום אָרעמען, צו די אביונים פון לאַנד״, איז אָנגעזאָגט געוואָרן בײַ די פאַרשידנסטע געלעגנהייטן (דברים טו, יא). אין אָרעמאַן איז אַרײַנגעגעבן געוואָרן די האָפענונג, אַז נישט אויף אייביק מוז ער פאַרבלײַבן אַן אָרעמאַן. ענדערונגען זענען עלול אַרײַנצוטרעטן, און מאַכן אַן איבערקערעניש אין זײַן מצב — ״זאָל נישט אָנווערן זײַן האָפענונג, דער, וואָס איז פאַרבליבן אָן מיטלען״, האָט מען אַרײַנגעשריגן אין אויער פון געפאַלענעם מענטש (תהלים ט, יט).

אָבער פון דער צווייטער זײַט, איז אָרעמקייט שיִער נישט אָוועקגעשטעלט געוואָרן ווי אַ סטאַבילע אינסטיטוציע, אָן וועלכער עס איז זיך גאָרנישט מעגלעך פאָרצושטעלן די מענטשלעכע געזעלשאַפט. אָפן, אָן וועלכן עס איז פּרווו צו פאַרהוילן די נאַקעטעווירקלעכקייט, איז אָנגעצייכנט געוואָרן אין די פשוטסטע, פאַרשטענדלעכסטע ווערטער: ״קיינמאָל וועלן נישט אויפהערן צו זײַן אָרעמע־לײַט״, (כי לא יחדל אביון מקרב הארץ, דברים טו, יא). אַזוי איז דאָס געווען און אַזוי וועט דאָס זײַן ווײַטער. דער אָרעמאַן איז מחוייב זיך אײַנצוגעוואוינען מיט דער לאַגע, אין וועלכער ער קומט אָפּ. ער קען נישט דערוואַרטן, אַז מען

זאָל אים אַרומרינגלען מיט ליבשאַפט. אַ, גרויס איז די צאָל פון די וואָס זאַמלען זיך אַרום דעם רײַכן מאַן, אָבער נישט אַרום דעם קבצן. צי איר ווילט יאָ, צי איר ווילט נישט, אַזוי איז די זאַך (משלי יד, כ). אַלע זײַנע טעג זענען שלעכטע, פאַרזויערטע, פאַראומערטע (משלי טו, טו). מעג ער אַפילו זײַן קלוג און געלערנט, ווערט זײַן חכמה אויסגעלאַכט, און זי בלײַבט ווערטלאָז, פאַרשעמט. נאָכמער: זײַן חכמה העלפט אים נישט צומאָל, אַז ער זאָל האָבן ברויט (קהלת ט, יא־יז). פאַרוואָס־זשע דראַפּען זיך אויף די גלײַכע וועגט און אויפהאַלטן די אילוזיע, אַז עס איז מעגלעך אויפצובויען אַ וועלט, וואו עס וועט מער נישט זײַן קיין אָרעמקייט, קיין נויט?

נישט בלויז אין תנ״ך איז פאַרגעשטעלט געוואָרן דאָס קאָמפּליצירטע פּראָבלעם פון אָרעמקייט, און עס איז אַרויסגעטרעטן דער פאַרשידענער צוגאַנג, צי עס איז יאָ מעגלעך אָדער עס איז נישט מעגלעך אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט צו באַפרײַען זיך פון דאָזיקן פּראָבלעם. אויך אין דער תּלמוד־ליטעראַטור האָט מען דעבאַטירט איבער אָט־דער פראַגע. מען האָט אַרום דעם ענין געפירט גאַר שאַרפע וויכּוחים; אַ שטיק אויך דערפאַר, ווײַל צווישן די, וואָס האָבן אויסגעבויט דעם תּלמוד, געאָטעמט מיט זײַנע באַגריפן און געשאַפן זײַנע אידייען, זענען געווען אַזעלכע, וואָס זענען געווען מוראדיקע אביונים.

אָט איז אַזאַ תּנא ווי הלל: אין זײַן יוגנט האָט אים געדראָט פאַרפרוירן צו ווערן פון קעלט, ווײַל ער האָט, אין אַ בײַסיקן ווינטער־פרימאָרגן, זיך צוגעהערט, פון אַ מיט שניי־באַדעקטן קוימען, צו די שיעורים פון די לערער; וואָרום ער האָט אינעווייניק, אין דער לערן־אינסטיטוציע, נישט געקענט אַרײַנקומען, נישט האָבנדיק באַצאָלט דעם נויטיקן שׂכר־לימוד. אָדער אָט אַזאַ עקיבא. אַן אָרעמער פאַסטוך, וואָס עס לאָזט זיך גאַרנישט באַשרײַבן די שוידערלעכע נויט, אין וועלכער ער האָט זיך געפּײַניקט. פאַר אַ גאַנץ־גרויסער ריי אַנדערע, וועלכע ווערן אין אונזער טראַדיציע אָנגערופן ״חכמים״, חכמי־התּלמוד, איז די טאָג־טעגלעכע עקזיסטענץ געווען אַזוי גענוי־אַזוי אַן אויסמאַטערנדיקע, אויסשעפּנדיקע דערפאַרונג. למשל: אַזאַ חנינא. ווי מאָדנע, ווי מערקווירדיק ס'איז — רופט מען אויס אין תּלמוד — וואָס די גאַנצע וועלט ווערט געשפּײַזט אין זכות פון חנינא, פון זײַן צידקות, פון זײַן תּורה; און ער אַליין, דער אַפּגעהיטענער, דער צדיק חנינא, לעבט פון איין נעבעכדיקן מעסטל מיט באָקסערן, פון וועלכע ער דערנערט זיך פון איין ערב שבת ביז צו דעם אַנדערן ערב שבת! (ברכות יז). די אָרעמקייט איז געווען אַזוי פאַרשפּרייט אַז מען האָט אַפילו משיחן זיך נישט געקענט פאַרשטעלן אין אַן אַנדערן מצב. משיח, דער אויסלייזער, דער אויסגעבענקטער וועלט־באַפרײַער, אַן עושר? עט, אוממעגלעך! ער איז איינער פון די אָרעמע; אַן אָפּגעריסענער, אָפּגעשליסענער, וועט ער קומען צו רייטן אויף אַן אייזל!... (עני, ורוכב על חמור, זכריה ט, ט; סנהדרין צח).

אָט־די אָפּשאַצונג פון דער רויער ווירקלעכקייט האָט בלי ספק געווירקט, אַז אַ סך אין תּלמוד האָבן גאָר אָנגעהויבן קוקן מיט אַנדערע אויגן אויפן גאַנצן עניין אָרעמקייט. צי איז זי דען כּולה נעגאַטיוו? צי זענען אין איר נישט איַינגעשלאָסן — ווי אויסטערליש דאָס זאָל נישט קלינגען — אויך ליכטיקע פּונקטן? דער וועלט־באַשעפער — האָט מען זיך דערלויבט צו באַשטימען — האָט געוואָלט צוטיילן יִדן אַ געשאַנק, אַ מתּנה; האָט ער נישט געפונען קיין בעסערן געשאַנק זיי צו געבן ווי — אָרעמקייט. טאַקע בפירוש אַזוי: חזר הקדוש ברוך הוא על כּל מידות טובות ליתּן לישׂראל, ולא מצא אלא עניות (חגיגה ט). אָרעמקייט פּאַסט פאַר יִדן. עס איז אַ גאָר צוגעפּאַסטער זיווג (יאה עניותא ליהודאי, חגיגה ט). אָרעמעליַיט, אָרעמע קינדער, זענען דאָס אויבערשטע פון שטויסל, דאָס שייַנדל פון פאָלק, דאָס צירונג, די צוקונפט פון פאָלק (הזהרו בבני עניים שמהם תּצא תּורה, נדרים פא). עשירות איז בעצם ווערטלאָז, געלט איז גאָרנישט. ממש טראַגי־קאָמיש איז די סיטואַציע: מען ציילט געלט מיט פּרעציזער פּאַרזיכטיקייט, מען זאַמלט אָן געלט, און מען גיט זיך נישט אָפּ קיין רעכענונג, אַז דאָס וואָס מען טוט, איז זינלאָז, וואָס ציילסטו? געלט? דאָס איז דאָך נישטיק, גאָרנישט!... (ממון, מה אתּה מונה? אינו כלום, במדבר רבה כב). עס שטייט גאָרנישט אָן פאַר אַ מענטש אַ בעל־שׂכל, צו האָבן געלט (לא לנבונים עושר, זה איוב, מדרש קהלת ט).

ס׳איז אוממעגלעך, אַז מען זאָל נישט האָבן באַמערקט, אין וואָסער פּלאָנטער פון סתירות מען פּאַרפּלעכט זיך. פון איין זיַיט דערקלערט מען, אַז ווער עס דאַרף אָנקומען צו מענטשן, איז זיַין לעבן קיין לעבן נישט (כּל המצפּה על שולחן אחרים, עולם חשך בעדו, אַף חייו אינם חיים, ביצה לב). אַן אָרעמאַן מאַכט דעם איַינדרוק, ווי ער וואָלט גאָרנישט געווען צווישן די לעבעדיקע (עני חשוב כּמת, נדרים סד). אָרעמקייט איז די שווערסטע פון די יסורים (שמות רבה לא). ערגער ווי פופציק מכּות (בבא בתרא קטז). אויב מען פּאַרגלייכט אָרעמקייט צו אַלע אַנדערע יסורים און מכּות, קען מען זיך איבערצייַגן, ווי שווער זי איז איבערצוטראָגן. ממש זי פירט אַראָפּ פון זינען (דקדוקי עניות מעבירין את האדם על דעתו ועל דעת קונו, עירובין מא). אָבער פון דער צווייטער זיַיט רופט מען אויס, אַז אָרעמקייט איז אַ הימלישע מתּנה, אַ פּרעכטיקער אוצר, אַ טיַיערע מידה, וואָס מיט איר זענען יִדן באַשאָנקען געוואָרן, און אַז פון אַלע אומות אין דער וועלט, פּאַסט פאַר יִדן צו זיַין קבצנים און אביונים!

ב

מיט זיַין גאַנצער מוראדיקער קאָמפּליצירטקייט איז אָט־דאָס פּראָבלעם אַריַינ־געדרונגען אין חסידות. ווי אַ באַוועגונג, וואָס האָט אַרויסגעשפּראָצט פון די טיפעניש פון פאָלק, האָט חסידות, גלייַך זינט איר באַגינען, זיך אָנגעטראָפן אויג־אויף־אויג מיטן שרעקלעכן דלות, אין וועלכן עס זענען געזונקען די יִדישע מאַסן.

די נויט, וואָס האָט דעמאָלט, אין אַכצנטן יאָרהונדערט, זיך אויסגעלייגט אויף דער ייִדישער גאַס אין די שטעטלעך און דערפער פון אוקראַינע און פוילן, האָט אַנגעוואָרפן אַ שוידער. די נאַר־וואָס איבערגעלעבטע, און ווײַט נישט פאַרענדיקטע, קאָזאַקן־רציחות האָבן נאָך מער פאַרגרעסערט די גרויל־עכקייט פון עלנט.

אין חסידות האָט אויפגעלעבט דער האַרץ־רירנדיקער באַגער פון יעקב אָבינו, ווען ער האָט אויפן וואַנדער־וועג צווישן באר־שבע און חרן, אַוועקגעלייגט זײַן קאָפּ אויף אַ שטיין: אוי, הלוואי זאָל איך האָבן אַ ביסן ברויט צו שטילן מײַן הונגער, און אַ מלבוש אָנצוטאָן כּדי זיך צו באַשיצן פון דער קעלט! מיטן דאָזיקן באַגער האָבן זיך אַרומגעטראָגן די המונים, וואָס האָבן אָנגעקלאַפּט אין די טירן פון די חסידישע צדיקים. מיטן דאָזיקן באַגער האָבן געהאַט כּלערליי סיבות זיך אַרומצוטראָגן אויך זיי, די לערער און צדיקים פון חסידות. ווער פון זיי, פון די ראשונים אין חסידות, האָט דען נישט געליטן די פּײַן און צער פון נויט? וועגן דער אביונות פון גרינדער און וועג־ווײַזער פון דער חסידות־באַוועגונג, ר׳ ישראל בעל־שם־טוב, איז די רייד אין ספר, וואָס זײַנע תּלמידים האָבן אָנגעשריבן "די לויב פון בעל־שם" — שבחי הבעל־שם־טוב — וואו עס ווערט אויפגעדעקט דער וויי, וואָס האָט זיך אָנגעקליבן אין זײַן שווערן געראַנגל פאַר דער טאָג־טעגלעכער עקזיסטענץ. געגנוי אַזאַ שווערער איז געווען דער מצב פון זײַן נאָכפאָלגער, ר׳ דוב בער פון מעזריטש, און פון די, וואָס זענען געקומען נאָך זיי; ר׳ לייב שׂרהס, ר׳ לוי יצחק מבערדיטשעוו, ר׳ זושע פון אַניפּאָל. וועגן ר׳ מעכל זלאָטשעווער דערציילט מען, אַז צוזעענדיק זיך צו זײַן שרעקלעכער אָרעמקייט, האָט בײַ עמעצן געקלעקט די העזה בײַ אים צו פרעגן: ווי מעג ער, ר׳ מעכל, בכלל מאַכן די ברכה "שעשׂה לי כּל צרכּי", וואו עס ווערט געגעבן אַ לויב דעם באַשעפער דערפאַר, ווײַל ער שטעלט אונז צו אונזערע באַדערפענישן? ר׳ מעכל האָט דערויף געענטפערט: משמעות, אַז איך דאַרף האָבן די אָרעמקייט; און דאָס איז די באַדערפעניש, וואָס דער הימל באַזאָרגט מיך מיט איר!...

אָבער דאָס, אויף וואָס ר׳ מעכל זלאָטשעווער איז פאַרבײַגעגאַנגען מיט תּמימותדיקער מילדקייט און שטילער מהיכא־תּיתידיקייט, איז דאָך אין חסידות, ווי אפשר אין קיין שום אידייען־באַוועגונג אין ייִדישקייט, אויסגעוואַקסן ווי אַן אומגעווײַנלעך־פאַרוויקלטע סתּירה. זי האָט נישט אויפגעהערט עקבערן אין מוח און אויפרודערן דאָס האַרץ. אָט האָט מען אָנגעוואונטשן די המונים פאַרחושכטע, פּרנסהלאָזע ייִדן, אַז זיי זאָלן געהאָלפן ווערן און אַרויסגעצויגן ווערן פון דער אָרעמקייט, אין וועלכער זיי און זייערע בני־בית קומען אָפּ; אָט זענען צונויפגעהאָפטן געוואָרן כּלערליי רמזים, און עס זענען אויסגעשפּינט געוואָרן אַנדײַטונגען, פון וועלכע מען האָט געקענט אַרויסדרינגען, אַז ייִדן זענען ראוי צו לעבן אין באַקוועמלעכקייט ווי בני מלכים, ווי פּרינצן, און לכל־הפּחות האָבן פּרנסה ברווח און זיך שפּײַזן בכּבוד; און אָט האָט מען דערקלערט, אַז זײַן אָרעם איז — אַ

זכות, און וואויל איז צו דעם, וואָס איז דערצו זוכה, און ווייסט דאָס אויפצונעמען ווי אַ זכות!

ר׳ פּנחס פון קאָרעץ האָט אָנגעזאָגט, אַז אַ ייִד טאָר זיך נישט יאָגן צו ווערן רײַך. עשירות איז נישט פאַר ייִדן! ר׳ משה פון פּשעוואָרסק האָט מתפּלל־געווען אויף זיך און אויף זײַנע קינדער באַשערעמט צו ווערן פון רײַכקייט. "עשיר", האָט ר׳ משה פּשעוואָרסקער געזאָגט, האָט די זעלבע אותיות וואָס "רשע". אמת: אין "עשיר" איז דאָ דער אות "יוד". דאָס איז כּדי אונדז צו לערנען, אַז אַפילו ווען אַ ייִד פאַלט אַרײַן אין עשירות, בלײַבן פאַרט די אותיות: "רשע"! ר׳ משה־לייב סאַסעווער האָט אָנגעוויזן, אַז פאַר אַן עושר איז שווער צו האָבן ביטחון. ער איז צופיל זיכער אין זײַן פאַרמעגן, אין זײַן באַזיץ; ערשט ווען מען איז אַן אָרעמאַן, האָט מען ביטחון בשפע. איז שוין דעריבער גלײַכער צו פאַרבלײַבן אָרעם, און האָבן ביטחון...

דער אויבן־דערמאָנטער ר׳ מעכל זלאָטשעווער האָט אַרויסגעברענגט זײַן מיינונג, אַז ווען מען איז אַן עושר זעט מען קיינעם נישט, נאָר בלויז זיך אַליין. מען איז ווי אַ שפּיגל, אין וועלכן מען זעט בלויז זיך אַליין. דאַקעגן, אויב דאָס גלאָז איז נישט באַזילבערט, נאָר איינפאַך, "אָרעם", באַשיידן, קען מען דורך אים זען אַנדערע מענטשן.

פאַרשידענע אָנשטרענגונגען זענען געמאַכט געוואָרן אין חסידות כּדי אויסצו־מײַדן דעם קאָנפליקט פון די קעגנזעצטע באַגריפן. אויפפרישנדיק מחשבה־שפּליטערס און אומגייענדיקע זאָגן פון פאַרצײַטנס, האָט מען געטענהט, אַז די עשירות, וועגן וועלכער עס איז די רייד אין די מקורות פון ייִדישקייט, און אַוודאי אין די יסודות־דיקע ספרים פון דער קבלה, האָט גאָרנישט צו טאָן מיט מאַטעריעלן באַזיץ. מען קען זײַן אָרעם, און דאָך זײַן רײַך; און מען האָט אַ ברירה צו זײַן רײַך, און דאָך זײַן אָרעם. פאַראַן אַן עשירות פון גײַסט, אַן עשירות פון האַרץ, וואָס איז ערשט דאָס אמתע, נישט פאַרבײַלויפיקע, רײַכקייט. מען האָט דערמאָנט, אַז די, וועלכע האָבן איבערגעגעבן די טראַדיציע פון ייִדישקייט צו די דורות, וואָס וועלן קומען נאָך זיי — די אנשי כּנסת הגדולה — האָבן תּפילה געטאָן, אַז נישט זיי, און נישט די, וואָס וועלן טאָן די אחריותפולע אַרבעט נאָך זיי, זאָלן ווערן רײַך (פּסחים נ). פון אַלע ענטפערס, וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט אויף דער פראַגע: ווער איז אַן עושר? האָט מען אַרויסגעהויבן דעם ענטפער: דער, וועלכער באַגנוגנט זיך מיט דעם, וואָס ער האָט. איזהו עשיר, השׂמח בחלקו (אבות ד, א). אָדער דעם ענלעכן, אַביסל אַנדערש קלינגענדיקן אויסדרוק: דער, פאַר וועמען האָבן ווייניק, איז גענוג. המסתּפּק במועט.

אָבער דער באַרג סברות, וואָס איז אויסגעוואַקסן, האָט דאָך נישט געקענט פאַרמינערן דעם דורותדיקן פּראָבלעם, אָדער צומאָל אָפּשוואַכן דעם ווילן אין אים זיך צו גריבלען. מען מוז געדענקען, אַז ווײַט נישט אַלע גדולים אין חסידות —

דער עיקר נאָכדעם ווי די ראשונים זענען אַוועק — האָבן מסכּים־געווען צו באַטראַכטן זייער אייגענע אָרעמקייט און די אָרעמקייט פון כּלל־ישׂראל, ווי גליק און וואוילזײַן. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געבייגט אָנצונעמען, אַז עושר גיט צו גלאַנץ, כּבוד, פּראַכט, צו דער ייִדישער אומה; איז נישט רעכט אַוועקצונעמען בײַ "רײַכקייט" דעם פּשוטן טײַטש און מאַכן שלום מיטן געדאַנק, אַז ייִדן זאָלן פאַרבלײַבן אַן אומה פון שלעפּערס. מען האָט אָנגעוויזן, אַז אין תּלמוד זאָגט זיך קלאָר, אַז דורך מעשׂים טובים ווערט מען באַשאָנקען מיט עשירות (שבת קיט); אַז ר' יהודה הנשׂיא און ר' עקיבא האָבן אָפּגעגעבן כּבוד די גבירים (עירובין פו); אַז יעדער איינער, וואָס פאַרמאָגט אַביסל פאַרשטאַנד, איז באַרעכטיקט צו דער־וואַרטן, אַז ער וועט מאַכן אַ פאַרמעגן (סנהדרין צב); אַז אויב מען האָט געלט, געניסט מען פון כּבוד (קידושין מט).

וואָס דאַרף מען מער? אויך ווען מען בענטשט ראש חודש, בעט מען אויף עושר און כּבוד. ווי אַ גלײַכוווערטל, האָט מען צו די למדנישע ראיות צוגעגעבן, אַז אויב עס איז אַפילו ריכטיק, אַז וואָס רײַכער מען איז, אַלץ מער דאגות האָט מען אויפן קאָפּ (מרבה נכסים, מרבה דאגה, אבות ב, ח). — איז שוין אָבער די העכסטע צײַט, אַז אויף אָרעמע ייִדן, באַשאָטענע מיט דאגות, זאָל אויך אַרויספאַלן די דאגה פון באַגליקט ווערן מיט פאַרמעגנס... מען האָט דערמאָנט, אַז אויך רש"י, וואָס זײַן באַשיידנקייט און צידקות אונטערליגן נישט קיין שום ספק, האָט אונטער־געשטראָכן, אַז אַביסל עשירות מאַכט נישט קאַליע (עושר מיעוטו יפה, גיטין ע); אין זײַן פּירוש צו דער דאָזיקער מיינונג, וואָס ווערט דאָרט אַרויסגעזאָגט.

דאָס, וואָס גיט צו אַ באַזונדערן חן דער חסידות־באַוועגונג, איז אַז זײַט־בײַ־זײַט מיט די וויכּוחים, וואָס זענען דאָרט אָנגעגאַנגען איבער דעם תּוך פון עשירות, און וואָס עס מיינט צו זאָגן אָרעמקייט, און פאַר וועלכע עס האָט זיך אויסגעוויזן נישט צו געפינען קיין באַשייד, זענען אין דער באַוועגונג געווען אויך אַזעלכע, וואָס דאָס פּראָבלעם האָט בכלל פאַר זיי נישט עקזיסטירט. נישט דאָס פּראָבלעם, נישט זײַנע סתּירות, נישט די קאָנפליקטן. איינפאַך שבּאיינפאַך איז פאַר זיי אויס־געקומען דער ענין, דורכזיכטיק אין זײַן קלאָרקייט. פאַר זיי איז דער אידעאַל פאַרבליבן — זײַן אָרעם. אין אָרעמקייט האָבן זיי געזען דעם וועג. מיט אָרעמעלײַט האָבן זיי זיך אַרומגערינגלט. אַ האַרמאָניע האָט זיך אײַנגעשטעלט אין דער ספערע פון באַגריפן און אידייען, בנוגע וועלכע עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז קיינמאָל וועט זי דאָרט נישט קענען אַרײַנטרעטן. און צווישן די, וואָס האָבן פאַר זייערע אידייען באַוויזן צונויפצוזאַמלען אָנהענגער, וועלכע האָבן אין דער באַגײַסטערונג פאַר אָרעמקייט, און נישט אין סאָציאַלן אויפבראַוז, און נישט אין דער סאָציאַלער אומצופרידנקייט, געגעבן אויסדרוק פאַר זייערע שטרעבונגען און פאַרלאַנגען, שײַנט אַרויס דאָס געשטאַלט פון ר' אורי פון סטרעליסק.

## ג

ווי געדיכט זײַן גאַנץ לעבן איז פֿאַרהילט געוואָרן אין לעגענדעס, לאָזן זיך אַרויסציִען פון נעפּל אויך זיכערע עובדות. געשטאַמט האָט ער פון גאַליציע, פון דער אָרעמקייט־שיכט וואָס האָט אין דער צווייטער העלפט פון אַכצנטן יאָרהונדערט, אויסגעמאַכט דעם איבערוויגנדיקן טייל פון דער ייִדישער באַפעלקערונג. יאַנאָווע, נאָענט צו לעמבערג, איז זײַן געבוירן־אָרט. זײַן פֿאָטער איז געווען אַ בעל־עגלה; און ווען פון פערד און וואָגן איז אוממעגלעך געוואָרן אַרויסצוציִען חיונה, ווערט ער אַ שנײַדער. ער פּרוווט מפרנס צו זײַן פון שנײַדערײַ דאָס הויזגעזינט. די צײַט איז אַ שווערע פֿאַר ייִדן. די צעטומלעניש, וואָס די פּוילישע מלוכה מאַכט דעמאָלט אַדורך צוליב די אומאויפהערלעכע אויסערלעכע און אינערלעכע מלחמות, פֿאַרערגערט נאָך מער דעם ייִדישן מצב און פֿאַרגרעסערט די פּלאָגן. ווי דער שטייגער אין יענער תּקופה, האָט אורי גאָר־יונג חתונה. זײַן ווײַב איז אַ שוסטערס אַ טאָכטער. אורי וועלכער לערנט אַליין מיט התמדה, זוכט פּרנסה דורך צוקנעלן מיט תּלמידים; אָבער אויף פּרנסה קלעקט נישט. ווערט זײַן ווײַב אַ דינסט און העלפֿט אויפהאַלטן די בני־בית. אין דעם שטראָם פון חסידות, וואָס דרינגט אַרײַן פון מעזשיבוזש, און אין וועלכן עס ווערן אַרײַנגעצויגן נאָענטע און ווײַטע ישובים, דערפילן ייִדישע יוגנטלעכע אַן אויפּפרישנדיקן, דערקוויקנדיקן אינהאַלט. אויך אורי שלעפּט זיך מיט אויף די פורלעך, אין וועלכע מען פֿאָרט צו אַ רבין. ווען אַ פורל שטעלט זיך אָפּ אין מעזריטש, בײַם מגיד ר׳ דוב בער, שטײַגט ער דאָרט אָפּ. אָבער בעת אַן אַנדער פורל פֿאָרט קיין ליזשענסק צום רבין ר׳ אלימלך, קומט ער אָן אויך דאָרט אַהין. ער זוכט זײַן וועג. ער בלײַבט שטיין צום סוף אין קאַרלין, בײַ ר׳ שלמהן. אויך ווען ר׳ שלמה ציט זיך אַריבער קיין לודמיר אין וואָלין, פֿאָרט ער צו אים קיין לודמיר, אים ווײַזט זיך אויס, אַז בײַ ר׳ שלמהן האָבן זיך צונויפגעקליבן די אביונים פון פֿאָלק, און אַז בײַ ר׳ שלמהן פילן זיך די דערנידעריקטע און באַליידיקטע אינדערהיים. דאָס איז אים צום האַרץ און געמיט. איז ער דאָך אייגענער פון זיי. אַן אַנגעוואָרעמטער פון דער תּורה, וואָס איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען פון רבין ר׳ שלמה, פֿאָרט ער צוריק צו זײַן הויזגעזינט. ער באַזעצט זיך אין סטרעליסק; און דאָ הייבט מען צו אים אַרויף די אויגן. צו זײַן אייגענער שטוינונג זעט ר׳ אורי, אַז אַרום אים זאַמלען זיך ייִדן, וואָס זענען גיריק צוצוהערן זיך צו זײַן וואָרט, זײַן אַרום אים, און מיט אים.

וואָס עס ציט צו אים איז — זײַן גוטהאַרציקייט, זײַן מיטאָנאַנדקייט מיט יעדן איינעם, זײַן גרייטקייט זיך אײַנצולעבן אין די נויטן פון איטלעכן. ערשט זײַן דאַווענען! אַזאַ התלהבות איז גאָרנישט אַנצוטרעפֿן בײַ קיין אַנדערן. ר׳ אורי ווערט צעגליט, ווען ער דאַוונט. אַ פלאַם־פײַער. מען זעט בפירוש, אַז ער איז נישט מתפּלל בלויז פֿאַר זיך, נאָר פֿאַר אַלע ייִדן. זײַן תּפילה איז אַן אויסגעשריי פון דער נשמה. אַזוי זאָגט ער טאָקע: דאַווענען איז אַ מסירת נפש, איז אַ קרבן. תּפילה איז דאָך

געקומען אויפן אָרט פון די קרבנות, וואָס מען האָט מקריב געווען אויפן מזבח, און אַ קרבן מוז זי פאַרבליַיבן. מען הייבט אים אָן צו רופן "דער שׂרף". וועגן שׂרף און שׂרפים שמועסט זיך אין די נבואות פון ישעיהו. דאָס זענען מלאכים, וואָס זענען כּולו פיַיער. אָט ווי אַזאַ וויַיזט זיך אויס צו זיַין ר׳ אורי, ווען ער טוט תפילה.

מען דערציילט זיך, אַז יעדן אינדערפרי, איידער ער שטעלט זיך דאַווענען, געזעגנט ער זיך מיט וויַיב און קינדער: ווער ווייסט, וואָס עס קאָן געשען? ער קאָן נאָך אויסגיין פון דביקות... און גיין דאַווענען פלעגט ער גאָר פרי. פאַסטוכער האָבן געוואוסט ווען אַרויסצופירן זייערע שאָף אויף דער פרישער לופט זעענדיק, ווען ר׳ אורי איז געגאַנגען דאַווענען... וואָס אַמאָל שטאַרקער וויל מען אין שטעטל און אין דער געגנט, אַז ער זאָל ווערן דער רבי. ער ווענדט אָפּ די ייִדן. "ווער בין איך דען — זאָגט ער — און וואָס בין איך דען? וואָס קען איך אויפטאָן פאַר איַיך, פאַר כּלל ישׂראל? איך קען נישט באַוויַיזן קיין מופתים, קיין פּדיונות וויל איך נישט נעמען"... זיַינע רייד העלפן נישט. מען זאָגט צו אים: "מיר ווילן בלויז דאַווענען מיט איַיך צוזאַמען; מיר ווילן אָנגעוואַרעמט ווערן פון איַיער גליענדיקן פיַיער".. און זיי הייבן אָן שטראָמען צו אים. די בעלי־מלאכות, די אַרבעטער, די עלנטע און ברויטלאָזע, די מידע און געפּאַלענע, די געדריקטע און פאַרשטויסענע, די פאַראומערטע און פאַרחושכטע. זיי אַלע, וואָס בענקען צו די קוואַלן פון אמונה און קוואַלן פרייד, וואָס פלייצן פון אים.

וואָס זיי לערנען ביַי אים? זיי לערנען קודם כּל, אַז ייִדישקייט טוליעט צו זיך דעם הונגעריקן און אָרעמען. ער פאַרטיַיטשט פאַר זיי קאַפּיטלען פון תהלים און לערנט זיי אויסצוגיסן זייער האַרץ אין אָט־די קאַפּיטלען. נישט וויכטיק איז, אויב זיי וועלן נישט פאַרשטיין דעם טיַיטש פון אַלץ, וואָס דאָרט שטייט געשריבן; דער עיקר איז דאָס זאָגן מיט האַרץ, מיט דער כּוונה פון האַרץ. אויך איך — דערקלערט ער — קען נישט עפּעס אַנדערש, ווי זאָגן תהלים. און ער גיט צו: איך קען איַיך נישט פאַרשאַפן קיין פּרנסות, איך אַליין האָב נישט קיין פּרנסה. דאָס איז דאָס איינציקע, וואָס איך בין אויסן, און וויל אין איַיך אַריַינברענגען: לאָמיר אַלע זאָגן תהלים!...

איינער ביַי איינעם זענען זיַינע חסידים קבצנים. איר זענט מיר ליב און טיַיער — פאַרזיכערט ער זיי — איר זענט געענוי ווי איך, און איך בין געענוי ווי איר. מיר זענען אין זעלביקן מצב... די אָרעמע זענען די געבענטשטע קינדער פון פאָלק ישׂראל! ער איז בעצם גאַרנישט צופרידן, אויב טיילמאָל קומט צו אים צוגיין אויך אַ רייַכער חסיד. צו איינעם אַזאַ, אַ פאַרמעגלעכן מענטש, זאָגט ער אַמאָל: דו ביסט זייער אַ וואוילער ייִד; אָבער אין מיַינע אויגן וואָלסטו געווען נאָך וואוילער, ווען דו זאָלסט זיַין אַן אָרעמאַן, אַזוי ווי מיר אַלע! יעדן איינעם, וואָס איז געוואָרן זיַינס אַ חסיד, האָט ער צוערשט "מכבד" געווען, אַז ער זאָל ברענגען צוויי קובלעס

וואַסער פון ברונעם. אַזוי אָרום ווערט מען איינער פון אונזער חברותא! — פלעגט ער דערקלערן מיט פולער ערנסטקייט.

ווען איינער האָט בײַ אים געפרעגט, פונוואַנען האָט ער פאַרט פּרנסה, אַז קיין פּדיונות וויל ער באין־אופן נישט נעמען, האָט ער געענטפערט: פון מײַנע צוויי קי. יענער איז זיכער געווען, אַז ר׳ אורי האָט טאַקע בהמות, וואָס פון זייער מילך ציט ער פּרנסה. ווי דערשטוינט איז ער דעריבער פאַרבליבן, ווען ער האָט זיך דערוויסט, אַז עס הייבט זיך נישט אָן, דער רבי האָט גאָרנישט קיין קי. האָט ער זיך צו אים אומגעקערט און געזאָגט: היתּכן? הלמאי האָט איר מיר געזאָגט, אַז איר דערנערט אייער הויזגעזינט פון די בהמות, וואָס איר האָט? ר׳ אורי האָט אים אָפּגעענטפערט: איך האָב געהאַט אויפן געדאַנק אַנדערע קי. ״כּי בו ישׂמח לבנו, כּי בשם קדשו בטחנו״... (״כּי״ איז דער טײַטש אין העברעאיש ״ווײַל״, און אין אָט די פּסוקים פון תּהלים לג — זאָגט זיך, אַז אין די שווערסטע פאַרלעגנהייטן פאַלט נישט בײַ אונז דער מוט, ״כּי״ — ווײַל אונז האַלט כּסדר אויף דער ביטחון אין רבונו־של־עולם)...

מיר גייען אַדורך יעדן טאָג דורך טויזנטער וועלטן — פלעגט זאָגן ר׳ אורי — און איך קען זיי בעסער אַריבערגיין, ווען איך בין אָרעם...

אין זײַן בליק, אין זײַן שיטה, איז אָרעמקייט אָוועקגעשטעלט געוואָרן ווי אַ גויטוועגדיקייט. די גויטוועגדיקייט פאַרן ייִד. עס איז פאַר אים בכלל נישט געווען קיין ספק, אַז די עשירות, וואָס וועגן איר איז די רייד אין די ספרים, גייט נישט אַרויף אויף דעם, וואָס מענטשן זענען געוואוינט אָנצורופן עשירות. עס איז גאָרנישט נייטיק צו ברענגען דערויף קיין ראיות און אַרײַנלאָזן זיך אין וויכּוחים. אַנדערש קען דאָס גאָרנישט געמאָלט זײַן. עכטע עשירות איז — רײַך זײַן אין ייִדישקייט, רײַך זײַן אין גוטע מידות, אין אַ גוט האַרץ. נישטאָ קיין אַנדערע עשירות פאַרן באַשעפער פון דער וועלט, און קיין אַנדערע דאַרף אויך נישט עקזיסטירן פאַר אונז, ייִדן. אַזוי אָרום האָט ער מיט רירנדיקער האַרציקייט אויסגעטײַטשט פאַר זײַן עולם דעם תּלמודישן זאָג (אין עשירות לפני מי שאָמר והיה העולם, ירושלמי פּאה ד, א). דאָס בלויזע שטרעבן צו ווערן רײַך, דאָס רײַסן זיך צו זײַן אַן עושר, איז אַ פאַלשע נייגונג. אונז איז גוט, וואָס מיר זענען אָרעם. דורך אָרעמקייט קענען מיר זיך אויסטאָן פון די ״אויסערלעכע אומרייניע שאָלן״, די קליפּות, וואָס קלעפּן זיך צום מענטש און ברענגען שאָדן צו אונזער נשמה. אין דער שיטה פון ר׳ אורי איז מאַכן געלט פאַרבונדן, אין תּוך, מיט גזילה. און דאָס האָט אויף אים אָנגעוואָרפן אַ פּחד.

ר׳ אורי האָט אויסגעמיטן זיך צו באַנוצן מיט באַגריפן פון דער קבלה. ער האָט געהאַלטן, אַז צו פּשוטע ייִדן דאַרף מען ריידן אויף אַ פּשוטן אופן. ווען עמעצער האָט אים דערציילט, אַז ער קען שטיקער ״זוהר״ פון אויסנווייניק, האָט ער זיך אָפּגערופן, אַז אים נעמט אַ גאַנצן טאָג צו צעקײַען איין מחשבה פון זוהר. כּדי אײַנצוזען, אַז עס איז אַ חיסרון צו מאַכן אַ פאַרמעגן, דאַרף מען זיך נישט

ערשט פאַרטיפן אין דער תורה פון סוד, אין זוהר. דאָס איז קלאָר, ווי דער טאָג. אויב מען איז רײַך, לאָזט מען זיך פאַרבלענדן פון פוסטקייטן, לאָזט מען זיך פאַנגען פון כבוד. און עס איז גלײַכער צו וואַרפן זיך אין אַ ברענענדיקן קאַלך־אויוון, איידער פאַרבלענדט צו ווערן פון כבוד. איך וואָלט גלײַכער זיך געוואָרפן אין אַ קאַלך־אויוון, איידער צו ווערן אַ באַוואוסטער רבי — האָט ער צוגעגעבן.

יאָרן מיט יאָרן איז ער אַרומגעגאַנגען אין דער זעלבער קאַפאָטע. ווען איך טו אָן אַ נײַע קאַפאָטע, פלעגט ער זאָגן, פיל איך מער נישט די זעלביקע התלהבות בײַם דאַווענען. איך שפיר זיך ווי אַן אַנדער מענטש... און אויף דער עלטער פלעגט ער זאָגן: איך בענק נישט נאָך מײַנע יונגע יאָרן, און איך ווייס, אַז זיי קענען זיך מער נישט אומקערן. אָבער איך בענק צו דער התלהבות, אין וועלכער איך האָב דעמאָלט געקענט אַרײַנפאַלן.

## ד

עס איז פאַרבליבן נאָך אים אַ ספרל. געשריבן האָט דאָס ספרל, אַ צונויפקלײַב פון די שמועסן, וואָס ר׳ אורי פלעגט אָפהאַלטן מיט זײַן עולם, זײַן חסיד ר׳ וואָוטשע שענבלום. ער האָט דאָס ספרל אַרויסגעגעבן אין לעמבערג עטלעכע יאָר נאָכדעם, ווי ר׳ אורי סטרעליסקער איז אַוועק פון דער וועלט (ר׳ אורי איז נפטר געוואָרן אין חודש אלול תקפו, 1826). ער האָט עס אָנגערופן ״אמרי קדוש״; ״די זאָגן פון אַ הייליקן״. דאָס ספרל איז דערשינען אין אַ סך אויפלאַגעס, און נײַע אויפלאַגעס האַלטן אין איין דערשײַנען. וואָס מען קען פון דאָרט אַרויסלייענען איז — אַ מזמור שיר, אַן עקזאַלטירטער ליבּ־געזאַנג צו דער אָרעמקייט. יעדע שטעלע אין ספר הייבט זיך אָן מיטן וואָרט: ״אָמר״ — ער האָט געזאָגט, ר׳ אורי האָט געזאָגט... דער לשון־קודש איז אַדורכגעפלאָכטן מיט ווערטער און זאַצן אין ייִדיש. אָרעמקייט איז אַ דערהויבונג, ווערט דאָרט געזאָגט, דאָס פירט צו גוטע מידות, צום פאַרריכטן די אומגעוואונטשענע נייגונגען, צום תיקון המידות. מען דאַרף זיך אָנשטרענגען אויפצוהאַלטן דעם גוף נאָר כדי אויפצוהאַלטן די נשמה. אָבער נישט מער. מען טאָר נישט פאַרגעסן, אַז צווישן אַלע מעלות טובות, וואָס מיר קענען האָבן, איז דאָ עניוות. דורך אָרעמקייט איז גרינגער אויסצומײַדן די זינד און פעלערן, אין וועלכע מיר ווערן געשטרויכלט אין די וועגן פון אונזער לעבן.

עס איז לײַכטער פון זיי זיך אָפצוּוואַרפן; אויסצובעסערן די טעותים, וואָס מיר מאַכן. אָרעמקייט באַפרײַט פון גאווה, פאַרשטאַרקט די אחדות צווישן מענטשן, צעשטערט די מחיצות, וואָס ווערן אַוועקגעשטעלט צווישן מענטש און מענטש. מיך האָט נישט געאַרט, פאַרטרויט זיך ר׳ אורי, וואָס איך בין נישט דערגאַנגען צו דער מדרגה פון אברהם אָבינו; אָבער מיך אַרט, און מאַכט טראַכטן, צי בין איך יאָ דערגאַנגען צו זײַן אורי, און צי האָב איך גענוג מסביר געווען צו אחינו בני ישראל, צו אונזערע ברידער ייִדן, וואָס עס לאָזט זיך אַלץ אויפטאָן, אויב מען איז אָרעם

און מען איז משׂיג, צוליב וואָס מען איז אָרעם; און מען "נוצט אויס די אָרעמקייט" צו גוטע צוועקן, צו אַ "גוטן תּכלית".

צו אברהם אבינו און צו זײַנע מידות קערט זיך אום ר׳ אורי סטרעליסקער בײַ פאַרשידענע געלעגנהייטן. דער שבת, ווען מען לייענט פּרשת "לך לך", וואו עס פאַנגט זיך אָן אויפוויקלען דאָס לעבן פונעם ערשטן ייִד, דאַרף — לויט אים — באַטראַכט ווערן ווי ראש השנה. דאָס איז ראש־השנה פון דער ייִדישער אומה. אַלץ, וואָס רעדט זיך וועגן אברהם אבינוס עשירות, גייט אַרויף אויף זײַנע מידות. ער האָט געעפנט די טירן פון זײַן געצעלט פאַר פאַרבײַגייענדיקע אורחים. דאָס געצעלט האָט גאָר קיין טירן נישט געהאַט. עס איז געשטאַנען אָפן און אויפגע־פּראַלט. אברהם אָבינו לערנט אונז צו צעטיילן צדקה. אויך אַן אָרעמאַן דאַרף געבן צדקה. קוים האָט מען נאָר אַ פּאָר גראָשן, דאַרף מען זיי צעטיילן צווישן די אָרעמע. אַ קרבן הייבט מען אָן מיט זיך אַליין. אויפן שטייגער פון בעל־שם־טוב, גיט ער צו פאַרשטיין, פאַרוואָס דער קרבן פון קין איז אָפּגעשטויסן געוואָרן, דאַקעגן דער קרבן פון זײַן ברודער הבל איז געוואָרן אָנגענומען. וועגן הבל זאָגט זיך "הביא גם הוא" — ער האָט זיך אַליין געבראַכט פאַר אַ קרבן... באַגנוגענען זיך מיט ווייניק, באַציט זיך נישט צו מידות. יעדער מענטש איז אַ "הולך", אַ גייער. מיר דאַרפן גיין און שטײַגן אין באָרעמהאַרציקייט, אין גוטסקייט, אין געפילן פון רחמנות איינער אויפן אַנדערן... עס זענען פאַראַן אַזוי פיל זאַכן, וואָס פון זיי דאַרפן מיר זיך אויסהיטן. אָט למשל, ווי שטאַרק מיר דאַרפן אויסהיטן אונזערע אויערן. נישט בלויז ריידן לשון־הרע טאָר מען נישט, נאָר אויך הערן לשון־הרע טאָר מען נישט. די אויערן זענען נישט אין אונזער רשות; דערפאַר טאָקע דאַרפן מיר מאַכן די אָנשטרענגונג.

ער רופט מיט באַגײַסטערונג צו אהבת ישׂראל. בײַ אַ טייל ייִדן איז נעבעך זייער ביסל עשירות שולדיק, וואָס זיי פאַרגעסן, וואָס ייִדישקייט איז. אָט דאָס איז געווען די סיבה, פאַרוואָס בײַ קורחן און זײַן עדה האָט זיך גענומען די חוצפּה צו שטעלן זיך קעגן משה רבינו. די רײַכקייט האָט זיי אַראָפּגעפירט פון וועג, אָוועקגענומען דעם שׂכל.

אויב ר׳ שמעון בן יוחאי האָט אַמאָל געזאָגט ווערטער, וואָס זענען פאַר אונז שווער צו באַגרײַפן, און פון וועלכע עס קען אויסקומען, אַז צווישן אונז, ייִדן, זענען פאַראַן קנאַפּ דערהויבענע מענטשן (ראיתי בני עלייה, והם מועטים, סוכה מה), איז אָבער זײַן כּוונה געווען אַן אַנדערע. דורך פאַרקנאַפּן זיך, פאַרקנאַפּן די אייגענע חשיבות, דעם אייגענעם באַזיץ, פאַרקנאַפּן דעם אייגענעם "אנוכי", דעם אייגענעם "איך", איז מען ערשט מסוגל זיך אַרויפצוהייבן; דערגיין צו דער מדרגה, צו וועלכער ייִדישקייט רופט אַרויפצושטײַגן. וואָס נידעריקער מען איז בײַ זיך, אַלץ העכער איז מען מסוגל זיך צו דערהייבן.

לויב־רייד האָט ר׳ אורי פאַר די, וואָס קומען צו זײַן אָרעמען טיש; און דער

באַגער צו לעבן באַקוועם, איז זיי פרעמד. צווישן ייִדן טאָרן זיך נישט איינשטעלן קיין אָפּגעזונדערטע מחנות. די ייִדישע אומה מוז פאַרבלייבן גאַנץ. אויב אין דער ספר־תּורה פעלט איין אות, רופט אויס ר׳ אורי, איז די ספר־תּורה פּסול. פּונקט אַזוי איז מיט אונזער אומה. אַלע זענען מיר פון זעלביקן יחוס. און אויב נאָר איין ייִד ווערט אַרויסגענומען פון אוצר פון דער אומה, פעלט עפּעס אין דער גאַנצקייט. קיינער האָט נישט דאָס רעכט צו רעכענען, אַז ער איז וויכטיקער, מער אַנגעזען, מער ״יחסן״.

דאַכט זיך: ווערטער, וועלכע זענען געוואָנדן צו פּשוטע מענטשן. דאָס רוב האָט ר׳ אורי געזאָגט זיין תּורה שבת פאַרנאַכט. ער פלעגט אויסציִען וואָס לענגער דעם שבת און נישט מאַכן קיין הבדלה, ביז שפּעט, כּדי טאָקע צו פאַרזוימען דאָס אַרייַנדרינגען פון דער וואָך. זאָלן וואָס לענגער די געדריקטע און עלנטע פאַרבלייבן אין דער לויטערער ספערע פון הייליקן שבת. אָבער צי זענען די רייד, וואָס ר׳ אורי האָט אַרויסגעזאָגט אין די בין־השמשותן, ווירקלעך אַזוי איינפאַך? צי שרייַט נישט פון זיי אַרויס די טיפע בענקשאַפט צו אַ נייַעם ייִד, צו אַ נייַעם מענטש, צו אַ נייַעם באַשאַף?

עס איז זיך געווען צו ריכטן, אַז נאָך דער פּטירה פון ר׳ אורי, איז באַטראַכט געוואָרן, ווי דער, וואָס איז ראוי אָנצופירן מיט דעם חסידות פון סטרעליסק, זייַן זון ר׳ שלמה, וועלכער איז געגאַנגען אין דרך פון זייַן פאָטער. אָבער ר׳ שלמה האָט גאָרנישט געקענט קומען צו זיך נאָכדעם, ווי ער איז פאַרבליבן אַליין. זייַן געמיט איז געווען געבראָכן, זייַן גייַסט פאַראומערט. נאָך פיר חדשים איז ער אויסגעגאַנגען פון צער און בענקשאַפט. ער האָט געזאָגט: ווי קען איך לעבן אָן אַזאַ טאַטן?

## ה

צווישן די אָרעמע, וואָס האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אַרום ר׳ אורי, האָבן זיך געפונען תּלמידים, וועלכע זענען אויסגעוואַקסן ווי אינספּירירנדיקע פערזענלעכקייטן אין דער געשיכטע פון חסידות. איינער אַזאַ איז געווען ר׳ יהודה־צבי פון סטרעטין, אַ געדריקטער אָרעמאַן, און אביונים זענען געווען אויך זייַנע חסידים. וועגן אים ווערט דערציילט, אַז ער האָט געהאַט אַ קו, וואָס פון דער מילך, וואָס זי האָט געגעבן, האָט ער געצויגן פּרנסה. פון דער מאַגערער הכנסה, וואָס די מילך האָט געברענגט, האָט ער נאָך יעדע וואָך אָפּגעשפּאָרט אויף צדקה; און ער האָט די צדקה פונאַנדערגעטיילט צווישן אָרעמעלייַט, אַז זיי זאָלן האָבן צו מאַכן שבת. איינמאָל אַ דאָנערשטיק איז ער פאַרבליבן אָן דער מעגלעכקייט צו געבן וואָס־עס־איז די אָרעמעלייַט, ווייל גראָד יענע וואָך איז די מילך אַרייַנגעקומען אין אַ קלענער מאָס. האָט ער געהייסן שעכטן די קו און ער האָט דאָס פלייש צעטיילט צווישן די אָרעמע. ווען דאָס ווייַב האָט צומאָרגנס געוואָלט אויסמעלקן די קו, האָט זי מער

די בהמה נישט געפונען. זי האָט זיך צעשריגן: ווי איז צו מיר, אונזער קו איז פֿאַרלוירן געגאַנגען! ר׳ יהודה־צבי האָט אָפּגעענטפערט: זי איז נישט פֿאַרלוירן געגאַנגען; זי איז אַרויף אין הימל!...

אין די גוטע ווערטער, וואָס זענען פֿאַרבליבן נאָך ר׳ יהודה־צבי פון סטרעטין, טרעפט מען זיך אייגנטלעך אָן אויף די עיקר־באַגריפן, וואָס זיי האָט אויסגעטראָגן ר׳ אורי. אָרעמקייט איז וויכטיק פֿאַר דער ייִדישער נשמה. עשירות ברענגט צו איינריידעניש, און איז אַליין אַן איינריידעניש, הייִנט באַגרייפן דאָס נישט אַלע ייִדן. אָבער אין משיחס צייַטן, בשוב ה׳ את שיבת ציון, ווען באַגריפן וועלן ווערן קלאָר און לויטער, וועלן אַלע משיג זייַן, אַז רייַכקייט איז אַ פּוסטער חלום, און פּוסט איז דאָס חלומען רייַך צו ווערן. היינו כחולמים... דער תּכלית אין לעבן איז אויסצובעסערן די מידות, און דערצו העלפט אָרעמקייט... ווידעראַמאָל קערט ער זיך אום צו דעם חוב, וואָס ליגט אויך אויף אביונים צו געבן צדקה. ער דערמאָנט דאָס, וואָס ווערט געזאָגט אין דער גמרא, אַז אַפילו דער וואָס לעבט פון צדקה, דאַרף געבן צדקה (גיטין ז)... ווען מען האָט איינמאָל בייַ אים געבעטן, אַז ער זאָל נאָכזאָגן אַ גוט וואָרט פון זייַן רבין, ר׳ אורי, עפנט ער זייַן קאַפּאָטע, ווייַזט אָן אויפן האַרץ, און זאָגט: קוקט אַרייַן אינעווייניק אין מייַן האַרץ, און איר וועט וויסן, ווער מייַן רבי איז געווען, און וואָס ער האָט מיט אונדז געלערנט. ער איז געווען — האַרץ... מיטן ווילן פון די סטרעליסקער חסידים, איז ר׳ יהודה־צבי געוואָרן זייער רבי, נאָכדעם ווי ר׳ אוריס זון, ר׳ שלמה איז אַוועק צו זייַן פאָטער אין דער אייביקייט.

אַן אַנדערער פון ר׳ אוריס תּלמידים איז געווען ר׳ צבי הערש פון רימאַנאָוו. ער האָט אייַנגעלערנט מיט זייַן עולם, אַז צווישן אַלע מעלות, וואָס מען טרעפט אָן אין אָרעמקייט, דאַרף אַרויסגעהויבן ווערן, אַז זי לאָזט איבער אין אָרעמאַן דאָס געפיל, אַז ער איז גאָרנישט מיט גאָרנישט. אַנדערש איז מיט עשירות. דורך איר קען נאָך דער מענטש גלויבן, אַז ער איז מי־יודע ווער און מי־יודע וואָס... אָרעמקייט דערלאָזט נישט, אַז דער מענטש זאָל זיך אַליין אָפּנאַרן. צו דעם אָנזאָג אין חומש, אַז מען טאָר נישט אָפּנאַרן אייַנער דעם צווייטן (ולא תונו איש את עמיתו, ויקרא כה, יז), האָט ער צוגעגעבן אַן אייגנטימלעכן קנייטש: מען טאָר אויך נישט אָפּנאַרן דעם אייגענעם אמת (לא תונו איש את אמיתו), און אַרומגיין מיטן שקר, וואָס עשירות ברענגט אַרייַן אין מענטש...

אַ דריטער צווישן די, וואָס דער דרך און די תּורה פון ר׳ אורי פון סטרעליסק זענען אַרייַן אין זייער געמיט, איז געווען ר׳ יצחק־אייזיק פון זשידיטשעוו. מען גיט זיך גאָרנישט אָפּ קיין חשבון, לויט אים, וועגן די גרויסע געפֿאַרן, וואָס באַדראָען אונדז מצד עשירות, און וואָס קענען אונדז אַראָפּפירן פון גלייַכן וועג. אין זייַנע אויסטייַטשונגען האָט ער אויסגעפונען, אַז שוין יעקב אָבינו האָט געהאָט צער דערפון, וואָס קומענדיק קיין מצרים, האָט ער באַדאַרפט לעבן און קעניגלעכער

רחבות; אַזויווי דאָס האָט געפּאַסט פאַרן פאָטער פון יוסף, דעם שני למלך. יעקב אָבינו האָט בעסער געוואָלט פאַרבלײַבן אין דחקות און דערנערן זיך מיט אַ טרוקן שטיקל ברויט, ביקש יעקב לישב בשלווה... פאַר ר׳ יצחק־אייזיק פון זשידיטשעוו האָט געקלונגען מאָדנע די פראַגע, פאַרוואָס ייִדן קומט אויס צו לײַדן אין אָרעמקייט. ווער זאָגט עס, האָט ער געטענהט, אַז אָרעמקייט פאַרשאַפט לײַד? ווען מען איז אַלץ מקבל באהבה; ווען מען פאַרשטייט דעם טעם און די כוונה דערפון, פילט מען גאָר אַנדערש... ער האָט באַוויזן אַרײַנצודרינגען אַזוי טיף אין האַרץ פון די, וואָס האָבן זיך צוגעהערט צו זײַן וואָרט, אַז אָפטמאָל, ווי עס זאָגן עדות זײַנע בני־דור, איז זיי שווער געווען, נאָך זײַנס אַ שמועס זיך אומצוקערן צו זייערע געוויינלעכע טאָג־טעגלעכע באַשעפטיקונגען...

וועגן בעלזער רבין, ר׳ שלום רוקח, גיט מען איבער, אַז ווען ער איז געווען שבועות בײַ ר׳ אורי אין סטרעליסק, האָט מען אים אויפגערופן צו דער תּורה. ר׳ אורי האָט געלייענט די פּרשה, און דער בעלזער האָט דערנאָך געזאָגט, אַז דעמאָלט האָט ער געזען בפירוש די פלאַמען פײַער, וואָס האָבן געפלאַקערט אויפן באַרג סיני, ווען ייִדן האָבן באַקומען די תּורה...

נאָך איידער ר׳ ישׂראל סאַלאַנטער, דער גרויסער מוסר־לערער, האָט פאַרשפּרייט זײַן מוסר־געדאַנק צווישן די ייִדן אין מזרח־אייראָפּע, האָבן ר׳ אורי סטרעליסקער און זײַנע תּלמידים, אויף זייער אייגענעם שטייגער און אין זייער אייגענעם לשון, פונאַנדערגעטראָגן מיט התלהבות און מסירת־נפש, און מיט אייגענעם בײַשפּיל, די לערע, אַז וויכטיק און אַנטשיידנדיק איז, וואָס מען **איז**, און נישט וואָס מען פאַרמאָגט.

ו

די רייד פון ר׳ אורי פון סטרעליסק האָבן אָפּגעקלונגען פאַרן חורבן אין ייִדיש פּוילן. אין דער תּקופה, ווען דאָס געשפּענסט פון אַן אויפשוידערנדיקער אָרעמקייט האָט זיך אויסגעשפּרייט אויפן פּוילישן ייִדנטום, האָט געוואונען נאָך שטאַרקערן אויסדרוק דער אַרײַנבליק, מיט וועלכן ער איז אַרײַנגעדרונגען אין מהות פון עשירות און עניות, און וואָס די דערפאַרונג דאַרף באַדײַטן פאַר ייִדן. איך האָב זיך אָנגעטראָפן מיט דער השפּעה פון ר׳ אורי אין פאַר חורבנדיקן וואַרשע. אַ סך רביים האָבן דעמאָלט געוואוינט אין דער פּוילישער הויפּט־שטאָט, צונויפגעזאַמלט אַרום זיך ייִדן און דאָרט געהאַט זייערע "שטיבלעך" צום דאַווענען. דאָס האָט זיך אָנגעהויבן גלײַך ווי די ערשטע וועלט־מלחמה איז אויסגעבראָכן. די ייִדישע באַפעלקערונג איז אַרויסגעשיקט געוואָרן פון אַ ריי פּראָווינץ־שטעטלעך און מען האָט געשטראָמט קיין וואַרשע. עטלעכע חסידישע רביס האָבן נאָכדעם, ווי די מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט, זיך אומגעקערט צו זייערע פריִערדיקע וואוינערטער; אָבער

אַנדערע זענען פֿאַרבליבן. זייער גרויסער רוב האָט געלעבט אין דערדריקנדיקער דחקות און געפּראַוועט, אין דער דאָזיקער דחקות, זייער חסידות.

איינער אַזאַ רבי, צו וועמען איך פֿלעג אָפֿט צוגיין שבת צו מנחה, איז געווען דער אָפּאָלער רבי, ר׳ ירמיהלע. אַ זון פֿון אָמשינאָווער רבי, ר׳ יעקב־דויד קאַליש, איז ר׳ ירמיהלע געווען צוערשט רב אין אָפּאָלע, נעבן לובלין. אין דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן די רוסן אים באַשולדיקט אין שפּיאָנאַזש. אַ צייַט איז ער, צוליב דעם געזעסן אין תּפֿיסה. ווען ער איז לסוף אַרויס אויף דער פֿרייַ, האָט ער זיך באַזעצט אין וואַרשע, און דאָרט, אין זייַן אָרעמער דירה אויף פּאַוויע גאַס, האָט ער געהאַט זייַן מנין.

אַרום שלוש־סעודותדיקן טיש פֿלעגן זיך צונויפֿקלייַבן אָפּאָלער חסידים און סתּם ייִדן. אויסער ניגונים, וועלכע מיר האָבן געצויגן, האָט דער רבי אין זייַן שמועס צונויפֿגעבונדן די פּרשה פֿון דער וואָך מיט פּראָגעס, וואָס זענען געשטאַנען אויפֿן סדר־היום. ער האָט געשטאַרקט די געבראָכענע הערצער. אָפֿטמאָל פֿלעגט ער דערמאָנען ר׳ אורי פֿון סטרעליסק; די התלהבֿות, וואָס ער האָט אָנגעצונדן אין זייַן תּפֿילה. ייִדן טאָרן נישט ווערן פֿאַראומערט; און אַוודאי טאָר מען נישט פֿאַרלירן דעם מוט צוליב דעם דלות, אין וועלכן מען זינקט. אויב די רדיפֿות, וואָס די ייִדישע אומה שטייט אויס, זענען אַ פֿאַרבאָרגענער סוד, איז דאָך מעגלעך איינצוזען, אַז אָרעם אויף אַן אמת איז דער, וואָס פֿאַרשטייט נישט, אַז אויך אין אונזער שווערן מצבֿ קענען מיר אויפֿטאָן אַ סך. דער אָפּאָלער רבי האָט בפּרטותדיק אויסגעטייַטשט, וואָס אין דער גמרא ווערט געזאָגט: ״אין עני אלא בדעה״ (נדרים סד), אָרעם איז מען, ווען מען בלייַבט אָרעם אין השׂגות. אָרעמקייט דאַרף אונדז לערנען ליב צו האָבן איינע די אַנדערע; העלפֿן און שטיצן איינע די אַנדערע. כּל זמן די ייִדישע נשמה איז רייַך אין גרויסע אוצרות, זענען מיר נישט קיין אָרעמעלייַט. מה טובו אוהליך — ווי שיין זענען דייַנע געצעלטן, פֿאָלק ישׂראל! — האָט אויסגערופֿן ר׳ ירמיהלע; ווי שיין זענען די ייִדישע געצעלטן אין זייער דלות!...

ווען איך קער זיך אום אין געדאַנק צו יענע יאָרן און יענער סבֿיבֿה אין פֿאַרחורבנדיקן וואַרשע, מוז איך זאָגן, אַז נישט בלויז איך, נאָר מיר אַלע, וואָס האָבן זיך געפֿונען אַרום דעם אָרעמען טיש, האָבן געפּילט אַ נייַעם דערהויבנדיקן אינהאַלט אין די ווערטער, וואָס מען זאָגט אין שמונה־עשׂרה פֿון דער שבתדיקער מנחה: ״ומי כּעמך ישׂראל״ — ווער איז נאָך אַזוי אייַנציקאַרטיק ווי די ייִדישע אומה, וואָס איז פּעאיק אַרויסצוברענגען שייַנענדיק ליכט אויך פֿון אַ געדיכטער פֿינסטערניש...

מעגן די געשיכטע־טעקסטן באַשטימען, אַז דער ייִדישער קיבוץ אין פּוילן איז אין די יאָרן פֿאַרן חורבן געווען דער אָרעמסטער ייִדישער קיבוץ אין דער וועלט. אין תּוך זענען יענע ייִדן געווען די גרעסטע עשירים אין אונזער געשיכטע.

## צווישן חכמה און תמימות: ר׳ נפתלי ראָפּשיצער

### א.

דאָס איז אַ פּראַגע, אויף וועלכער מען מאַטערט זיך ביַי אונז שוין זיבנט יאָרטויזנטער, זוכנדיק פאַר איר אַן ענטפער: וואָסער וועג איז דער אַנגעוויזענער פאַרן מענטש, דער וועג פון חכמה אָדער פון תמימות?

אויב מען רעכנט צו געפינען אַ קלאָרע תשובה אויף דער פראַגע אין די אַלטע אוצרות פון אונזער קולטור, דערגייט מען, אַז דאָס איז נישט אַזוי. דאָס איז ווייַט נישט אַזוי פשוט. אַוודאי קען מען טאַקע אַרויסלערנען פון תנ״ך, אַז צווישן די וויכטיקסטע גייַסטיקע אייגנשאַפטן, מיט וועלכע אונזער יידישע אומה דאַרף זיך אויסצייכענען, געפינט זיך די חכמה. די פעלקער פון דער וועלט, שטייט געשריבן, וועלן זאָגן: אַט זענען יידן, אַ פאָלק באַשאַנקען מיט קלוגשאַפט און פאַרשטאַנד, אַן ״עם חכם ונבון״ (דברים ד, ו).

וועגן איינעם פון די גרעסטע קעניגן אין דער תנ״ך־תקופה, שלמה המלך, ווערט איבערגעגעבן, אַז ער איז געווען דער קלוגסטער פון אַלע מענטשן. דערויף האָט ער געטאָן תפילה, און דערצו האָט ער געשטרעבט: זייַן אַ חכם. אַפילו דאָס האַרץ, האָט ער געהאַלטן, דאַרף זייַן אַדורכגעדרונגען נישט אַזוי ווייַט מיט עמאָציעס, ווי מיט פאַרשטאַנד (מלכים־א, ג, יב).

דאָ און דאָרט טרעפט מען זיך אָן אין תנ״ך אויף אַפאָריזמען, וועלכע הייבן ארויס די ווערטפולקייט פון דער חכמה: זאָג צו דער חכמה, אַז זי איז דייַן שוועסטער (משלי ז, ד), מיט איר קענסטו און דאַרפסטו אויסבויען דייַן היים (משלי ט, א), דערוועגן זי פאַר יעדן פרייַז, און פאַרקויף זי נישט, חלילה, פאַר קיין שום פרייַז (משלי ד, ז). אַפילו אינעם ספר, וואָס איז אָנגעזאָפּט מיט האַרבסטיקן אומעט, שטייט מען נישט אָפּ פון באַשטימען, אַז די חכמה גיסט דאָך אַרויף אַביסל ליכטיקייט אויפן מענטשלעכן פנים; אויך ווען מען איז גאָר שטאַרק פאַרביטערט און פאַרזויערט (קהלת ח, א).

אָבער זייַט ביַי זייַט, ממש צוזאַמען מיט דער אָנערקענונג, וואָס ווערט צוגעטיילט דעם פאַרשטאַנד, באַגעגנט מען אָנזאָגן און וואָרנונגען, אַז עס זאָל

אונז נישט איינפּאַלן אָפּצוואַרפן די תמימות. אָ, זי, די תמימות — זאָגט מען אונז — איז אַ טייַער פאַרמעגן; אַ נשמה־אוצר, וואָס לאָזט זיך גאָרנישט אָפּשאַצן. דעם ערשטן פון די אָבות, אַברהם־אָבינו, איז געגעבן געוואָרן דער געטלעכער באַפעל, אַז ער זאָל זיך נישט אָפּקערן פון דער תמימות. אַזוי בפירוש איז צו אים געזאָגט געוואָרן: זיי אַ תּמים! (והיה תמים, בראשית יז, א). איבער דעם דריטן פון די אָבות, יעקב אָבינו, ווערט אונטערגעשטראָכן, אַז מיר זאָלן נישט מאַכן קיין טעות וועגן זייַן פּערזענלעכקייט און כאַראַקטער. אַזאַ איז ער געווען שוין אין זייַן יוגנט, און דאָס איז אָנגעגעבן צו זייַן שבח: אַ מענטש, אַ תּם (בראשית כה, כז)...

וואָס פאַרלאַנגט פון דיר דער באַשעפער? — האָט געפרעגט משה רבינו בייַם פּאָלק, בעת ער האָט דעם פּאָלק צוגעטיילט זייַנע לעצטע אָנווייזונגען, איידער ער האָט זיך אָפּגעשיידט פון אים אויף שטענדיק. דער ענטפער איז: זיי, און פאַרבלייַב תּמימותדיק! (דברים יח, יג)... וואָרויל איז צו די, וואָס זייער וועג איז די תּמימות, אַשרי תמימי דרך! — רופט אויס דער ספר תהילים (קיט, א)... אַפילו דאָרט, וואו די חכמה ווערט אַרויפגעהויבן צום העכסטן שטאַפּל פון לויב און אָנערקענונג, אין אויבנדערמאָנטן ספר משלי, פאַרגעסט מען נישט צוצוגעבן, אַז מען זאָל זיך פונדעסטוועגן נישט פאַרלאָזן צופיל אויפן פאַרשטאַנד. מעגסט אים שעצן, דעם שׂכל, אָבער שפּאַר זיך נישט אָן צו שטאַרק אויף אים! (משלי ג, ה).

פאַרוואָס? אַ סך אַרגומענטן זענען אָנגעזאַמלט, וואָס זענען אויסן אונז איבערצוצייַגן, אַז מען גיט אונז אַ גוטע עצה. אין קהלת טרעפט מען זיך אָן אויף איינעם פון די אַרגומענטן, איינער פון אַ סך: דורך דער חכמה זענען מיר עלול אויפצועסן זיך דאָס האַרץ, פאַראומערן דאָס געמיט, צעטראָגן ווערן און צערודערט ווערן פון צאַרן (קהלת א, יח). זאָל־זשע אונז נישט אָנגיין, אויב דער און יענער באַצייכענען תּמימות, ווי נאַאיווקייט. ס׳איז גאָרנישט אַזאַ מוראדיקער חסרון אויס־צוהיטן זיך קעגן דער איבערגעשפּיצטקייט פון דער חכמה. אַביסל נאַאיווקייט קען זיכער נישט שאַטן. אַדרבא ואַדרבא!

ווי מ׳האָט זיך געקאָנט ריכטן, האָט מען אין תּלמוד, און אין זייַן פאַרצווייַגטער ליטעראַטור, זיך אומגעקערט צום דאָזיקן האַרבן פּראָבלעם. געוואוינט צו דערקלערן און אויסצוטייַטשן דאָס, וואָס עס האָט זיך אויפגעהיטן אין דער טראַדיציע און צווישן פּאָלק פון די פאַרלאָפענע צייַטן, האָט דער תּלמוד באַגערט צו וואַרפן קלאָרקייט אויך אין אָט דעם לאַבירינט. די אָנשטרענגונג איז טאַקע געמאַכט געוואָרן. מען קען זאָגן: די העראָאישע אָנשטרענגונג. אָבער דער לאַבירינט איז פאַרבליבן אין דער טונקלקייט, ווי געווען. מען האָט זיך צערעדט וועגן די גרויסע מעלות פון דער חכמה. מען האָט געזאָגט, אַז אָן איר קען מען נישט שטעלן קיין טריט אין לעבן, און מען טאָר נישט מאַכן קיין אָנטשיידנדיקע דעציזיע. זייַן אַ

חכם איז חשובער ווי זײַן אַ קעניג (במדבר רבה ו), זײַן אַ חכם איז בילכער ווי זײַן אַ נביא (בבא בתרא יב). די מענטשן דאַרפן זיך אָפּגעבן אַ רעכענונג, ווי שטאַרק נוצלעך און ווערטפול זי איז, די חכמה.

אָבער אויך פאַר לגמרי־קעגנגעזעצטע מיינונגען איז אָפּגעגעבן געוואָרן פּלאַץ. מען האָט געפרעגט: צי קען דען די חכמה זיך שטעלן אויף דער זעלביקער מדרגה ווי די תמימות? צי איז דאָס איינפאַכע מענטשלעכע געפיל, די פּשטות, וואָס שטראָמט פון הארץ — און מעג זי מיט גרינגשעצונג באַטראַכט ווערן ווי נאַאיווי־קייט — נישט וויכטיקער ווי צו זײַן קלוג? מען האָט זיך נישט צוריקגעהאַלטן פון אויפדעקן, אַז חכמה פּאַרט זיך גאַר אָפּט צונויף מיט כיטרעקייט; און זי שטעלט זיך נישט אָפּ פאַר צוויי־פּנימדיקייט. (כיון שנכנסה חכמה באדם, נכנסה עמו ערמומית, סוטה כא). צי איז בכן די חכמה עטיש, און ווערט זי געדעקט דורך דער מאָראַל?

דאָס, וואָס ס'איז נישט קלאָר געוואָרן אין דער תלמודישער שקלא־וטריא, איז אָוודאי און אָוודאי נישט דערגאַנגען צו אַ באַשייד אין די שפּעטערדיקע באַטראַכטונגען, צו וועלכע אונזערע בעלי־מחשבה האָבן זיך אָפּגעגעבן. די מיינונגען זענען פאַרבליבן צעטיילט. אין גאָלדענעם פּעריאָד פון דער ייִדישער קולטור אין שפּאַניע האָט דער רמב"ם נישט דערלאָזט — גענויער: נישט געוואָלט דערלאָזן — אַז מ'זאָל פאַרבלאָנדזשען, און זיך פאַרוויקלען אין די פּלאָנטערנישן, וועלכע זענען, לויט זײַן מיינונג, עלול אויסצוואַקסן, אויב מען מעסט נישט די זאַכן און דערשיינונגען מיט דער מאָס פון שׂכל.

אָבער נישט געקוקט אויף זײַן שטאַרקער אויטאָריטעט, האָבן דאָך נישט אַלע אַריבערגעבויגן זיך צו אים. ס'האָבן נישט געפעלט אַזוינע, וועלכע האָבן אָנגעוויזן אויף דער תמימות, אַז זי — און נאָר זי — קען זײַן דער וועגווײַזער פאַרן יחיד און פאַרן כלל אין יעדער צײַט; און ווער שמועסט נאָך אין דער צײַט פון בלאָנקענישן און שטורעם. די חכמה פאַרפירט, פאַרבלענדט, איז מען נישט מיד געוואָרן איבערצוחזרן. צווישן די וועלכע האָבן עקשנותדיק זיך געקלאַמערט אין אַט־דער באַהויפּטונג, און נישט געוואָלט פון איר אָפּטרעטן, האָבן זיך געפונען דענקער און לערער, וועלכע האָבן געגאָסן פון שטאַרקער פאַרערונג, ווי למשל ר' יהודה הלוי, רבינו בחיי, ר' חיסדאי קרעסקאָס.

דער טראַגישער עפּילאָג פון דעם גאָלדענעם פּעריאָד האָט געמאַכט אַ סוף צו דער לײַדנשאַפטלעכער דעבאַטע אויף דער שפּאַנישער ערד. אָבער ער האָט נישט געקענט אויסמײַדן, אַז זי זאָל זיך אַריבערטראָגן צו אַנדערע צענטערס פון געדאַנק אין פאַרשידענע ווינקלען פון דער ערד, און דאָרט אָנגיין מיט נישט־אָפּגעשוואַכטער שאַרפקייט.

איין מחשבה־שולע איז יאָ אויפגעקומען שפּעטער, אין וועלכער עס האָט זיך אויסגעדרוקט, אַז אין איר וועט זיך אַריבערוויגן די וואָגשאָל אין איין ריכטונג; און

אַז זי וועט זיך אַריבערוויגן אויף דער זײַט פון תּמימות. דאָס איז געווען די חסידות־געדאַנקען־שולע, וואָס איז אויסגעוואַקסן אין מזרח־אייראָפּע מיט קאַרגע דרײַ הונדערט יאָר צוריק. ווי אַ פּראָטעסט קעגן דער איבערגעטריבענער חשיבות, וואָס איז אָפּגעגעבן געוואָרן דעם מענטשלעכן פאַרשטאַנד, איז חסידות געבוירן געוואָרן.

דער גרינדער און לערער פון אָט־דער שיטה און באַוועגונג, ר׳ ישׂראל בעל־שם־טוב, האָט מיט כּלערליי ראיות — און דער עיקר מיט זײַן אייגענעם בײַשפּיל — אָנגעוויזן, אַז צו די העכסטע שטאַפּלען דערגרייכט מען דווקא דורך תּמימות. נישט מיט גריבלען זיך, און נישט מיט חקירות, איז מעגלעך זיך אויפצוהייבן, נאָר וואָס פּשוטער מען איז, און וואָס ווייניקער קאָמפּליצירט מען איז, אַלץ מער איז מען מסוגל צו דערגיין צום אמת פון באַשאַף, צום אמת פון לעבן, צו דער עכטקייט פון די מענטשלעכע אויפגאַבעס. די ערשטע דורות אין חסידות זענען געווען באַנומען און אַדורכגענומען מיט דער לערע, וואָס איז אויפגעגאַנגען פון די קאַרפּאַטן־בערג.

אַן אור־אייניקל פון בעל־שם, ר׳ נחמן פון בראַצלאַוו, האָט דערציילט פאַרן עולם, וואָס האָט זיך געזאַמלט אַרום אים, די מיט אַ דײַטלעכן מוסר־השׂכּל אָנגעלאָדענע ״מעשׂה פון חכם און פון תּם״. מ׳האָט אַרויסגעלערנט פון איר, אַז דער חכם, מיט זײַן קליגלען זיך, מיט זײַנע גריבלענישן און קלאָץ־קשיות, פאַרפּלאָנטערט זיך אין אַן אויסוועגלאָזער געדיכטעניש; און קײַקלט זיך לסוף אַראָפּ אין אָפּגרונט. דאַקעגן פאַר דעם תּם זענען אָפן די טויערן צו גאָט און צו מענטש. ער ווייסט וויאַזוי אויסצומײַדן שטרויכלונגען; און גיין אין לעבן אויף די גלײַכע סטעזשקעס... ר׳ נחמן האָט אויסגעדריקט אין עטלעכע ווערטער, וואָס ער איז אויסן געווען, אַז עס זאָל זיך אײַנקריצן טיף אין זײַנע צוהערער: די חכמה איבער אַלע חכמות איז נישט צו זײַן קיין חכם!...

אַ צײַט איז דאָס אַזוי אָנגעגאַנגען, ביז עס האָט אויך אין חסידות גופא גענומען זיך אַרײַנרײַסן די קעגנגעזעצטע שטרעמונג. די טעזע האָט געשאַפן די אַנטי־טעזע, ווי מען וואָלט זיך אויסגעדריקט אין די טערמינען, וואָס ווערן גענוצט אין דער געשיכטע פון אידייען. תּמימות איז פּרימיטיווקייט, האָבן זיך אויפגעהויבן קולות פון קריטיק. זי זאָגט עדות אויף אומרײַפקייט. זי איז אַליין־אָפּנאַרערײַ, דאָס איז נישט דער וועג, אין וועלכן חסידות קען געפינען אויסדרוק אויף לאַנגע צײַטן.

די קריטיק, מעגלעך דערפאַר, ווײַל זי איז אַרויסגעקומען פון אינעווייניק, פון די אייגענע רײַען, האָט געהאַט אַ ווירקונג. צוזאַמען מיט דער תּמימות־ליניע, וואָס איז כּסדר געצויגן געוואָרן, זענען אין חסידות אויפגעשטאַנען און זיך אַנטוויקלט שיטות און ריכטונגען, וואָס זענען געווען איר שטורמישער און שאַרפער קאָנטראַסט. עס זענען אויפגעשטאַנען דאָס חסידות פון פּשיסכע, דאָס חסידות

פון קאָצק, אין וועלכע עס ווערן אַרויסגערוקט אין פאָדערגרונט די חריפות און שאַרפזיניקייט פון געדאַנק; די חכמה מיט אַלע אירע כאַראַקטעריסטישע אייגנ־שאַפטן און שטריכן; די חכמה, וואָס גראָבט אין דער טיף. מען זאָגט: אַוודאי איז באַקוועמער צו זײַן אַ תּם, און זיך אויסלעבן אין דער פאַנטאַסטישער שפּינוועב־וועלט פון אילוזיעס. די ניכטערקייט טוט וויי, שטעכט, פאַרשאַפט יסורים. אָבער זי גיט אַ טעם דעם לעבן. איז מאי כולי האי? זאָל ווייטאָן! אין ווייען ווערט געבוירן אַ נײַ לעבן.

דערבײַ איז גלײַכצײַטיק אויסגעוואַקסן אַ חסידות, וואָס האָט גאָרנישט געוואָלט נאָכלאָזן, נישט פון דער חכמה, און נישט פון דער תּמימות. זי האָט זיך אָנגעהאַלטן אין ביידע, און זיך געקלאַמערט אין ביידן. זי האָט זיך נישט געוואָלט צוהערן צו די וואָרענונגען, אַז דאָ, אין דאָזיקן פאַל, קען נישט זײַן קיין רייד וועגן אַ סינטעז, וואָרום די קעגנזאַצן זענען צופיל עקסטרעם, זי איז נישט אָפּגעטרעטן פון דעם אַזוי מערקווירדיקן און אויסטערלישן צונויפּפּאָר.

דאָס איז געווען דאָס חסידות פון ראָפּשיץ. אין שטוינענדיקן רעגנבויגן פון אידייען און באַגריפן, וואָס די חסידות־באַוועגונג האָט אָנגעהויבן מיט זיך פאָר־צושטעלן — אַזוי פאַרשידן פון איר בראשית! — איז ר׳ נפתּלי, דער באַגרינדער פון ראָפּשיצער חסידות, אַרויסגעקומען מיט זײַן אייגענעם דרך. ווער זאָגט עס — האָט ער געטענהט — אַז צווישן חכמה און תּמימות מוזן אָפּטיילן וועלטן פון באַנעם; מוזן זיך ציִען מרחקים פון איבערצײַגונג און געמיט? מ׳דאַרף קענען ביידע פאַראייניקן, צונויפגיסן. מ׳דאַרף קענען זײַן חכם און תּם צוזאַמען. ער, ר׳ נפתּלי, האָט דאָס פּרובירט זײַן.

## ב.

אַ קליין שטעטל איז ראָפּשיץ, אין מערב־גאַליציע. אין דער צײַט, ווען ר׳ נפתּלי איז דאָרט געווען רב און רבי, איז דער דאָזיקער טייל פון מזרח־אייראָפּע געווען אַ געדיכט־באַוואוינטער יִדישער צענטער. לויט דער אומגייענדיקער ווערסיע איז ער געקומען אויף דער וועלט אין לינסק, אַן אַנדער שטעטל אין יענער געגנט — ווי מערקווירדיק! — אין זעלביקן יאָר, און אין זעלביקן טאָג, ווען ר׳ ישׂראל בעל־שם־טוב איז אַוועקגעגאַנגען פון דער וועלט: דעם צווייטן טאָג שבועות אין יאָר תק״כ—1760. אַן אָפּשטאַמיקער פון אַ מיוחסדיקער רבנים־משפּחה (זײַן פאַמיליע־נאָמען איז געווען האָראָוויץ), אויפגעוואַקסן אין מתנגדישער לומדות, האָט אים פאָרט געצויגן צו חסידות, און ער האָט אָנגעהויבן צו פאָרן צו די חסידישע גדולים פון זײַן צײַט. זײַנע לערער אין חסידות זענען געווען ר׳ אלימלך פון ליזשענסק; ר׳ מנחם מענדל פון רימאַנאָוו; ר׳ ישׂראל, דער מגיד פון קאָזשעניץ; ר׳ יעקב יצחק, דער חוזה פון לובלין. זיי האָבן איבערגעלאָזט אין אים אַ טיפע

ווירקונג, זייער תּורה, זייער דרך. ער איז געווען זיכער, אַז אין דער שיטה פֿון חסידות איז צו געפֿינען דעם צוגאַנג, אין וועלכן ייִדן נויטיקן זיך.

דאָס איז געווען, דאַרף מען געדענקען, אַ שווערע צײַט פֿאַרן ייִדישן פֿאָלק, וואָס האָט זיך דעמאָלט, אין זײַן גרויסער מערהייט, קאָנצענטרירט אין דאָזיקן טייל פֿון דער וועלט. פּוילן איז געוואָרן פֿונאַנדערגעטיילט צווישן די שכנותדיקע אימפּעריעס. ווי אַ פּועל־יוצא דערפֿון, זענען פּוילישע ייִדן צוגעטיילט געוואָרן צו פֿאַרשידענע הערשער; און וואָס עס איז געווען נאָך ערגער: זיי האָבן זיך געפֿונען אונטער דער מאַכט פֿון פּריצים, וועלכע האָבן זיך באַצויגן צו זיי ווי צו ״קעגנ־שטאַנדן״, וואָס זענען זייער אייגנטום. מ׳האָט פֿאַרדוגגען צו ייִדן אין אָרענדע דערפֿער, קרעטשמעס, ווירטשאַפֿטן, און מ׳איז געווען רק פֿאַראינטערעסירט אויס־צוזויגן פֿון די ייִדן־אַדענדאַרן וואָס העכערע שטײַערן. די ווילדע קאַפּריזן פֿון די פּריצים, וועלכע זענען על־פּי־רוב געווען בייזווייליקע און געלט־גייציקע, זענען געווען דאָס גילטיקע געזעץ. דער עול גלות איז געוואָרן וואָס אַמאָל שווערער, די אונטערדריקונג איז געווען נישט צום איבערטראָגן. גאַליציע איז אַרונטערגעפֿאַלן אונטער דער מאַכט פֿון עסטרײַך.

ווי שטאַרק אָפּגעריסן מען איז געווען פֿון דער גרויסער וועלט, זענען פֿאַרט דערגאַנגען קלאַנגען און אָפּקלאַנגען צו די שטעטלעך און דערפֿער. אין פֿראַנקרײַך איז אויסגעבראָכן די גרויסע רעוואָלוציע, און עס איז אָנגעגאַנגען די צעטומלעניש, וואָס איז געקומען נאָך איר. נאַפּאָלעאָנס מלחמות האָבן אַרײַנגעבראָכן אויפֿרודער אין אַלע טיילן פֿון אייראָפּע. צווישן ייִדן, וואו זיי זאָלן נישט האָבן געוווינט, האָט מען געהערט וועגן די ראַדיקאַלע ענדערונגען, וואָס די תּקופֿה פֿון שטורעם און אויפֿברויז האָט אַרײַנגעטראָגן אין ייִדישן לעבן. דאָ און דאָרט האָבן אַרײַנ־געבלאָזן די ווינטן פֿון דער השׂכּלה, וואָס האָט זיך אונטערגענומען, ווי איר נאָמען האָט אָנגעזאָגט, אַלץ ״אויפֿצוקלערן״, אָבער וואָס האָט אַרײַנגעפֿירט אַ ווירר־וואַר אין די מוחות.

ס׳איז געווען, לויט ר׳ נפֿתּלין, זייער אַ סך אין דער תּורה פֿון חסידות, וואָס האָט געקענט ברענגען צו ייִדן פֿאַרלײַכטערונג און אויפֿמונטערונג אין דער ביטער־ניש און פֿאַרלוירנקייט, וואָס מ׳האָט אַדורכגעמאַכט. ס׳איז געווען מענטשלעכע און ייִדישע וואַרעמקייט אין דער לערע, און אין די, וואָס האָבן זי צוגעטראָגן. ס׳איז געווען אין איר היימישקייט, פּשטות, פֿאָלקס־האַרציקייט. ס׳איז געווען די התלהבותדיקע בשׂורה פֿון ליכטיקע טעג, וועלכע זענען אָנגעברייט צו דערשײַנען; דאָס וואָרט, וואָס פֿאַרזייט בטחון און צערטלט, און הייבט אויף דאָס געפֿאַלענע געמיט. ס׳איז געווען די מעגלעכקייט זיך אויסצוטענהן היימיש און האַרציק אַפֿילו מיטן רבונו־של־עולם. ר׳ נפֿתּלי, הגם אין ראָפּשיץ, האָט אויסגעשפּרייט זײַן השפּעה אין דער אומגעגנט, אין די אָרומיקע ייִדישע ישובֿים. וואָס איז ער אויסן געווען? אַוועקיאָגן די עצבֿות, פֿאַרטרײַבן די מרה־שחורה, אַרײַנברענגען אַביסל

לוסטיקייט און אויפגעהייטערטקייט. זאָלן ייִדן זײַן פֿריילעך, זאָלן זיי אויפֿהערן זיך צו גריבלען און צו שטעלן קשיות אָן אַ סוף.

ער האָט דאָס באַוויזן אויפֿצוטאָן מיט אַלע פֿעיִקייטן און מיטן טאַלענט, מיט וועלכע ער איז געווען געבענטשט. ער האָט צוגעטראָגן צו ייִדן גלײַכוווערטלעך, וויציקע באַמערקונגען, אָפּרופֿן און אויסרופֿן פֿון שׂמחה. ער האָט געעפֿנט קוואַלן פֿון הומאָר, ער האָט זיך אָוועקגעלאָזט אין אויפֿמונטערנדיקע ריקודים. ער איז אַפֿילו אויפֿגעטרעטן ווי אַ בדחן אויף חתונות. דאָס איז, וואָס ייִדן דאַרפֿן האָבן; און די, וועלכע דערשײַנען ווי זייערע מנהיגים, דאַרפֿן דאָס צושטעלן. תּמימות קען אויסהיילן פֿון דעם אומעט, וואָס האָט פֿאַר זיך אויסגעבויט אַ נעסט אין ייִדישן געמיט.

ווען מען האָט צו אים געזאָגט, אַז עס איז דאָך נישטאָ קיין סיבה צו זײַן אויפֿגעלייגט, איז ער נישט אָפּגעשטאָנען פֿון זײַנס. ניִשטאָ קיין בעסערע רפֿואה פֿאַרן צעבראָכענעם ייִדישן האַרץ, איז ער נישט מיד געוואָרן פֿון איבערחזרן. נישט אין פּשטלעך און חקירות דאַרף מען זיך אַרײַנלאָזן, תּמימותדיקע ייִדן דאַרפֿן מיר זײַן; און תּמימותדיקע ייִדן האָבן שטענדיק אַ טעם און אַן אויסרייד צו זײַן לוסטיק און פֿריילעך. זיי זוכן בעצם גאָרנישט קיין אויסרייד דערצו. די שׂמחה שפּרודלט אין זיי מיט דער נאַטירלעכקייט פֿון אַ קוואַל.

אָבער טיף אין האַרץ האָט ר׳ נפֿתּלי — אַ פּיקח ווי ער איז געווען — געפֿילט, אַז תּמימות איז נאָך נישט אַלץ. מען קען נישט סתּם אַזוי אָפּוואַרפֿן דעם עקבֿערדיקן, פֿאַרטיפֿטן געדאַנק. מען קען נישט גלאַט אַזוי, אויף באַפֿעל, פֿאַרמאַכן די אויגן, און אויפֿהערן אַרײַנצודרינגען אין זאַכן, אין דערשײַנונגען, אין מענטשן. על־פּי דין טאָר מען טאַקע נישט אָפּנאַרן יענעם; אָבער מעג מען דען זיך אַליין יאָ אָפּנאַרן? זײַן בלויז אַ תּם — זאָגט ער — איז זײַן אַ שוטה; זײַן בלויז אַ חכם איז זײַן "איבערגעשפּיצט", און האָבן אין זיך אַפֿילו אַן אָדער פֿון אַ גנבֿ. צי איז נישט מעגלעך צונויפֿצופּאָרן ביידע? . . .

בעת ער הייבט זיך אויף איבער זײַן תּמימות, קוקט ער מיט אַן אַרײַנדרינגענ־דיקן בליק אין דעם און יענעם פֿון די, וועלכע קומען צו אים. איינמאָל קלאַפּט צו אים אָן אַן עלטערער חסיד, וועלכער האָט געפּראַוועט סיגופֿים און תּעניתים. ווי נאָר ער טרעט אַריבער די שוועל, צעשפּיליעט ער דאָס העמד, כּדי צו ווײַזן, אַז ער טראָגט אַ זאַק אויפֿן לײַב. ר׳ נפֿתּלי באַמערקט דאָס, און ער טוט אַ זאָג צום משמש: זע נאָר, אַזאַ אַלטער ייִד, און דער יצר־הרע האָט אים אַרײַנגענאַרט אין זאַק אַרײַן! . . .

ס׳האָט זיך נישט געהאַנדלט בלויז וועגן דאָזיקן ייִד. אויב מען איז אַ חכם, לאָזט מען זיך בכלל נישט אָפּנאַרן, דערקענט מען זיך אויף צבֿיעות. אַ חכם ווייסט, האָט ר׳ נפֿתּלי אויסגערופֿן, אַז פֿרומקייט איז נישט אַלע מאָל ערלעך און אויפֿ־

ריכטיק; די ראשי־תיבות פון „פרום״ מאַכן אויך אַמאָל: „פיל רשעות, ווייניק מצוות״... נישט אַלע וועלכע רעדן וועגן הויכע גײַסטיקע ענינים, נשמה־זאַכן, תּיקון־הנפש און דאָס גלײַכן, מיינען טאַקע, וואָס זיי זאָגן... צו ווייניק מענטשן־ליבשאַפט איז פאַראַן. צו ווייניק אהבת־ישׂראל. אָנקומען נאָך מזונות צו אַ בשׂר־ודם, איז אָפּטמאָל גלײַך ווי אָנקומען נאָך האָניק צו אַ בין. בײַם באַקומען פון דער בין אַביסל האָניק, איז מען אויסגעשטעלט צו ווערן פון איר געביסן...

איינמאָל, אַ שבת הגדול, דער שבת פאַר פסח, קומט ער אַהיים פון שול שטאַרק מיד. פרעגט אים זײַן ווײַב: וואָס ביסטו אַזוי מיד? ענטפערט ער איר אָפּ, אַז ער האָט זיך שטאַרק אָנגעאַרבעט מיט דער דרשה, וואָס ער האָט געהאַלטן. ווען זי וויל וויסן, צי ער האָט לכל־הפחות אויסגעפועלט בײַ די גבירים, אַז זיי זאָלן געבן די אָרעמעלײַט געבוג אויף צו מאַכן פסח, זאָגט ער איר: האַלב האָב איך געפּועלט, די אָרעמעלײַט זענען גרייט צו נעמען; אָבער צי די גבירים וועלן געבן, ווייס איך נאָך נישט... יאָ, ווען ער לאָזט זיך פירן פון זײַן פּיקחות, זעט ער די זאַכן קלאָר און ניכטער. ס׳ווערט אים דאַן געבוג פריקרע אויף דער נשמה. צי דאַרף ער אָבער צוליב דעם וועלן זײַן אַ תּם; אַנגיין אין זײַן פאַר־בלענדקייט, און פאַרמאַכן די אויגן אויף דעם, וואָס עס טוט זיך אַרום אים? עס איז אמת, גיט צו ר׳ נפתלי, אַז מיר, ייִדן, לעבן איבער שווערע צײַטן. מיר זענען אַרומגערינגלט מיט דאגות און צרות. אַנדערע פעלקער אויף אונזער אָרט, וואָלטן שוין לאַנג נישט אויסגעהאַלטן; זיי וואָלטן שוין לאַנג פאַרלוירן דאָס מענטשלעכע פּנים. אָבער צי דאַרף מען צוליב דעם אויפהערן צו פאָדערן בײַ ייִדן, אַז זיי זאָלן שטײַגן אין מידות? צי דאַרף מען דעריבער אַרומגיין מיט אײַנרעדענישן און פּוסטע חלומות?

עס איז דערגאַנגען אַזוי ווײַט, אַז מ׳האָט נישט דערקענט ר׳ נפתלין פון איין מאָל צום אַנדערן. וואָס איז ער, און ווער איז ער? צי איז ער דער פריילעכער מיט גוטמוטיקע וויצן־שיטנדיקער בדחן, וועלכער הײַטערט אויף דעם עולם? אָדער צי איז ער דער פאַרכמורעטער חקרן, וועלכער גראָבט טיף אין דער מענטשלעכער נאַטור און אין די קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען פון ייִדישן קיום? ער אַליין איז אפשר נישט בכוח געווען צו ענטפערן אויף דער פראַגע. ער האָט זיך געפונען אין שאַרפן קאָנפליקט מיט זיך אַליין. איך בין דער מאַן פון די לבושים, פון די פאַרשידנערלײַ מינים אַנטוען — האָט ער געזאָגט וועגן זיך — איך וואַרף אַראָפּ פון זיך איין לבוש, און טו אָן אַ צווייטן. דערנאָך וואַרף איך אַראָפּ פון זיך דעם דאָזיקן לבוש, און נעם אויף זיך אָן אַנדערן. עס טרעפט אויך, אַז איך טראָג אויף זיך ביידע לבושים צוזאַמען איינעם אויפן אַנדערן... אַוודאי דאַרף מען נישט טראָגן קיין בגד — האָט ער דערקלערט אויף זײַן פאָלקסטימלעכן שטייגער — וואָס זײַן אויבערשלאַג באַשטייט פון גאווה, דער אונטערשלאַק פון כּעס, געבייט מיט פעדעמס פון מרה־שחורה. אַוודאי דאַרף מען די באַזונדערע טיילן קענען

פונאַנדערשיידן. בײַ מיר גייען זיי אַלע צונויפגעגנייט צוזאַמען. איך בין דער מאַן פון די פאַרשידנערלײַ לבושים.

בײַ אַ געלעגנהייט האָט ער זיך אָראָפּגערעדט פון האַרץ: אַ ייִד דאַרף קוקן שטענדיק אין הימל אַרײַן, אָבער נישט זײַן אינגאַנצן דאָרט. ער דאַרף געדענקען אין הימל, אָבער זײַן אויף דער ערד. אין גדאַנק און אין האַרץ דאַרף מען טראָגן ביידע, הימל און ערד... די צרה איז, וואָס מיר זענען מתפלל אויף קלייניקייטן, און מיר ווייסן נישט מתפלל צו זײַן אויף גרויסע זאַכן, אויף גרויסע דערגרייכונגען.

נישט בלויז גשמיותדיקע לײַדן פאַרשאַפן ווייטיקן, אויך גײַסטיקע יסורים שעפּן אויס... אין אַ שמועס מיט זײַנע חסידים דערציילט ער זיי, אַז איידער זײַן נשמה האָט אַראָפּגענידערט אויף דער ערד, האָט מען אים אַרײַנגעפירט אין אַ פּאַלאַץ, אַ גרויסער היכל. דאָרט האָט ער דערזען: אויף אַ טאָוול אויף איין וואַנט איז געשטאַנען אויפגעשריבן, אַז מען זאָל זײַן אַן עניו אַזוי ווי הלל פון די אַלטע גמרא־צײַטן (מסכת שבת ל׳.), און אַז עולם־הבא האָט מען, אויב מען איז אַן עניו (סנהדרין פח.). אָבער אויפן צווייטן טאָוול, אויף דער אַנדערער וואַנט, האָט מען געקענט לייענען, אַז אויב אַ תּלמיד חכם בייזערט זיך און קאָכט זיך, איז דאָס צוליב דעם, ווײַל זײַן תּורה ברויזט פון אים אַרויס, און מ׳דאַרף אים דאָס נישט נעמען פאַר אומגוט (תּענית ד). אויף איין וואַנט איז געווען אָנגעצייכנט, אַז מען זאָל זײַן אַ תּמים, אַזוי ווי משה רבינו האָט אָנגעזאָגט, און אויף דער צווייטער איז געווען אָנגעשריבן, אַז אַ פּאַרקערטע מידה איז אויך נישט קיין חיסרון (ברכות יז). פון איין וואַנט האָט אַראָפּגעקוקט די אויפשריפט אַז מען זאָל זיך צופרידנשטעלן מיט ווייניק, אַזוי ווי למשל דער תּנא ר׳ חנינא בן דוסא, וועלכער האָט זיך באַגנוגנט מיט אַ מעסטל באָקסער פון איין ערב שבת ביז צום אַנדערן (ברכות יז), און אויף דער צווייטער איז געשטאַנען אָנגעשריבן, אַז ווער עס זאָגט זיך אָפּ פון טרינקען ווײַן, באַגייט אַ זינד (תּענית יא). און אַזוי כסדר, פאַרשידענע סתּירות. פון איין זײַט אַזוי; פון דער צווייטער, פּונקט פאַרקערט. אַ דערשטוינטער איז ער געשטאַנען און געטראַכט: ווי אַזוי איז מען יוצא פאַר ביידע זײַטן? און זייענדיק אַזוי פאַרטיפט אין זײַנע מחשבות, דערהערט ער פּלוצלינג קולות: מזל טוב, מזל טוב, אַ ייִנגל! ער געפינט זיך שוין אויף דער ערד; און אָט מאַטערט ער זיך מיטן דאָזיקן שווערן שטיקל אַרבעט, ווי אַזוי צו געפינען אַן אויסגלײַך צווישן סתּירות...

ר׳ נפתּלי האָט זיך משדך־געווען מיטן סטאָבניצער רבי. בעת דער ראָפּשיצער איז געקומען צו פאָרן אויף דער חתונה, איז אים דער סטאָבניצער רבי אַנטקעגן געגאַנגען מיט אַ פלעשל בראָנפן. מחותּן־לעב — זאָגט ער צו ר׳ נפתּלין — אויך ווען משיח וועט קומען, וועל איך אים אַנטקעגן גיין מיט אַ פלעשל בראָנפן, זאָל ער זען מיט וואָס ייִדן האָבן זיך מחיה־געווען אין ביטערן גלות... ניין — ענטפערט אים ר׳ נפתּלי — מיר וועלן אים אַנטקעגן גיין מיט אַזעלכע רביים,

ווי מיר זענען. זאָל ער זען מיט וועמען ייִדן האָבן זיך מחיה־געווען אין ביטערן גלות...

אָן אַנדערש מאָל האָט ער אַ זאָג געטאָן, אַז ווען משה רבינו וואָלט געזען, אַז נפתלי איז דער מנהיג פון דור, דער רבי, וואָלט ער אויפגעשפּרונגען אַ פאַרחידושטער און אויסגעשריגן: וואָס, אויך נפתלי איז רבי? האָט מען אים דעריבער פריִער געוויזן דעם דור, און דערנאָך האָט ער זיך שוין מער נישט געחידושט: אין אַזאַ דור קען אויך נפתלי זײַן דער מנהיג...

### ג.

אַ מעגלעכקייט אַרײַנצודרינגען אין זײַן פּסיכיק גיט אונז דער עפּיזאָד, וואָס ער האָט דערציילט וועגן זײַנס אַ דערפאַרונג. דאָס איז געווען, האָט ער געצויגן זײַן מעשׂה, אין דער צײַט, ווען ער איז געפאָרן צום רבי אלימלך פון ליזשענסק און זיך גערעכנט ווי זײַנס אַ תּלמיד. דער רבי אלימלך האָט זיך נוהג־געווען, אַז ער האָט געדאַווענט מעריב אין אַ באַזונדער חדר, אייגנער אַליין. האָט ער, נפתלי, געוואָלט זען, ווי אַזוי דער רבי אלימלך דאַוונט מעריב. האָט ער זיך אַרײַנגעגנבעט אין דער שטוב און זיך באַהאַלטן אונטערן בעט, פול מיט טיפער דערוואַרטונג.

ווי עס איז געקומען צו מעריב, האָט דאָס האַרץ בײַ אים אָנגעהויבן שטאַרקער קלאַפּן. דער רבי אלימלך איז אַרײַנגעקומען, פאַרשלאָסן די טיר, און האָט גענומען די גאַרטל זיך אַרומצוגאַרטלען. אַזוי ווי ער האָט זיך נאָר אַרומגעגאַרטלט, איז די שטוב פול געוואָרן מיט ליכטיקייט; אַ ליכטיקייט, וואָס איז אַרײַנגעדרונגען נישט בלויז אין די אויגן, נאָר אויך אינעווייניק, טיף אין דער נשמה. דער רבי אלימלך האָט זיך אַרומגעגאַרטלט, דאָס צווייטע מאָל, מיט דער גאַרטל. דאָס מאָל איז די ליכטיקייט געוואָרן אַזוי שטאַרק, אַז ר׳ נפתלי האָט שוין מער נישט געקענט אויסהאַלטן. איז ער אַוועקגעפאַלן אויף דער ערד, און געבליבן פאַרחלשט. דער רבי אלימלך האָט אים דערזען. איז ער צוגעגאַנגען, און אויסגערופן צו אים: נפתלי, דו געפינסט זיך דאָ? גיי שוין אַרויס פון דאַנען! גיי שוין אַרויס! וואָרום אויב דו בלײַבסט דאָ, וועל איך מיך אַרומגאַרטלען דאָס דריטע מאָל, וועט דיר דײַן נשמה אויסגיין פון דער גרויסער ליכטיקייט!

צי איז נויטיק ערשט אויסצולייגן די כּוונה, וואָס איז פאַרבאָרגן אין אָט דער דערפאַרונג? מ׳קען אין איר זיך דערזוכן צו אַ סך אויסטײַטשונגען. ס׳איז פאַראַן, הייסט עס, אַ ליכטיקייט, גאָר אַ גרויסע, גאָר אַ דורכנעמענדיקע, גאָר אַ וואונדער־לעכע, וואָס מיר זענען גאָרנישט בכּוח זי אויסצוהאַלטן; אַ מיסטישע ליכט. מיר דאַרפן אָבער זײַן אַנטשלאָסן אַרומצוגאַרטלען זיך מיט איר, אײַנצוזאַפּן די ליכטיקייט שטאַרק און פעסט, פאַרוואַנדלען זי אין אונזער אָטעם. זי איז דער הימל אין אונז. פונוואַנען ציט זי זיך, פונוואַנען? פון דער חכמה, וואָס באַנעמט דעם מענטש, אָדער פון דער תּמימות, מיט וועלכער ער איז צונויפגעהאָפטן?

ר׳ נפתּלי איז אַרויסגעלאָפן פון דער שטוב, וואו דער רבי אלימלך האָט זיך אַרומגעגאַרטלט, אַ האַלב־פאַרחלשטער. ער האָט דעם ענטפער נישט באַקומען. די צעשטראָלטע סודותדיקע ליכטיקייט האָט ווי אַנגעוואונקען: עס זענען פאַראַן דערשיַינונגען, וועלכע שטיַיגן איבער דיַינע פעיקייטן צו אַנאַליזירן און אַנטשיידן.

אַזוי האָט דערציילט ר׳ נפתּלי. לויט דעם ליטעראַטור־קריטיקער שמואל ניגער, איז דאָס איינע פון די וואונדערלעכסטע מעשׂהלעך, וועלכע זענען אונז געבליבן פון דער חסידות־תּקופה. שמואל ניגער איז נישט געווען קיין חסידות־פאָרשער, אָבער דעם ראָפּשיצער האָט ער געווידמעט אַן אָפּהאַנדלונג אין זיַינע כּתבים. ס׳איז נישטאָ, דענקט ניגער, אין דער דאָזיקער איבערלעבונג די פאַנטאַזיע־ריַיכקייט און די עפּישע דערציילונג־קונסט פון ר׳ נחמן בראַצלאַווערס מעשׂהס, אָבער זי פאַרמאָגט אַ גרויסע אינעווייניקסטע ליכטיקייט. זי איז אַ פּערל־שאַפונג אין חסידישן גיַיסטיקן אוצר, און לאָזט איבער אַזויפיל נאָכצוקלערן. ס׳שפּרודלט אין איר אַ שטראָם פון מחשבות. זי זאָגט אונז אַזוי פיל וועגן דער האַרמאָניע, וואָס ר׳ נפתּלי ראָפּשיצער האָט געשטרעבט צו דערגרייכן, אָבער צו וועלכער עס קלעקן קוים די מענטשלעכע כּוחות.

### ד.

דאָס איז בלי ספק דער צומיינסטן־כאַראַקטעריסטישער פאַל. אָבער עס זענען פאַרבליבן פון אים ווערטער, ווערטלעך, געדאַנקען־שפּליטערס, תּורה־חידושים, וואָס דעקן אויף פאַרשידענע פּאַזעס פון דער גרויסער ראַנגלעניש, וואָס איז אין אים אָנגעגאַנגען, וואָס פאַר אַ שטות — האָט ער זיך אויסגעדריקט — עס איז צו זיַין אַ פּיקח, און וואָסער פּיקחות עס איז צו זיַין אַ תּם!...

אין אַ שמועס מיט מקורבים פאַרטרויט ער זיך, אַז ער האָט נישט אַזוי שטאַרק מורא פאַרן גהינום, ווי ער האָט מורא, אַז מ׳זאָל אים נישט אַריַינזעצן אין גן־עדן מיט אַ חסיד שוטה.

אויבנאויפיק גייט ער אָן, מיטן לויף פון די יאָרן, אַזוי ווי פריִער. ער איז אויפגעלייגט. ער ציט פריילעכע ניגונים, לאָזט זיך אין ריקודים. אָבער אויפן האַרץ ווערט וואָס אַמאָל מער קאַלאַמוטנע. איינמאָל, אין דער נאַכט פון כּל־נדרי, איז שוין די שעה שפּעט, און ר׳ נפתּלי האָט זיך נאָך אַלץ נישט באַוויזן אין בית־המדרש. מען לויפט אַריבער צו אים אַהיים באַאומרואיקטע, מען געפינט אים דאָרט, ווי ער זיצט און וויינט. ער דערקלערט נישט, הלמאי ער וויינט. וועט מען אים דען פאַרשטיין?

דאָס, וואָס איז אויסגעקומען שטאַרק מאָדנע ביַי זיַין לעבן, ווערט מעגלעך קלאָר פאַר אונז דורות שפּעטער. ר׳ נפתּלי פלעגט אַ גאַנץ יאָר זיך אַרומפּאַרען אַרום דער סוכּה. גליַיך מוצאי יום־כּיפּור האָט ער אַריַינגעקלאַפּט דעם ערשטן טשוואָק אין דער סוכּה. דערנאָך, אַלע טעג פון יאָר, האָט ער עוסק געווען אין דער

מצווה פון סוכּה. יעדן טאָג האָט ער געטאָן אַן אַרבעט, וואָס איז מיט איר פאַרבונדן; געלערנט אַ בלאַט אין דער מסכתּא סוכּה, פאַרטיפט זיך אין סוגיות, וואָס האָבן געהאַט צו טאָן מיט דער סוכּה. זי, די סוכּה, איז דער שורש פון מײַן נשמה — האָט ער געלאָזט פאַלן אַ באַמערקונג.

דער שורש? אפשר טאַקע דערפאַר, ווײַל אויך אין איר האָבן זיך אָנגעקליבן שרײַענדיקע קעגנזאַצן. זי איז אַ צײַטווײַליקע דירה, דירת עראי, און מען דאַרף אין איר ממש וואוינען אין די יום־טוב־טעג. זי איז אַ קוים־שטייענדיק בײַדל, און איז מרמז אויף דער פעסט־געבויטער סוכּה פון משיחס צײַטן. זי איז אָרעם, באַשיידן, און זי איז די רחבותדיקע הימלישע סוכּה, אין וועלכער מ׳פאַרבעט אַרײַן די חשובסטע לײַט פון דער ייִדישער פאַרגאַנגענהייט, פון אברהם אָבינו ביז דוד המלך... און דער עיקר: אין איר ראַנגלען זיך ליכט און שאָטן, שאָטן און זון; און אין די סוגיות אין וועלכע זי ווערט באַהאַנדלט, גייט טאַקע אַן די מחלוקת, וואָס עס דאַרף אין דער סוכּה אַריבערשטײַגן, די זון אָדער דער שאָטן...

שפּרודלדיק ווי ער איז געווען אין געדאַנק און וואָרט, האָט ער פאַרט נישט געוואָלט אַרויסגעבן קיין ספר. ער האָט אַפילו פאַרווערט זײַנע תּלמידים צו פאַרעפנטלעכן עפּעס פון דער תּורה, וואָס ער האָט געזאָגט. אָבער עס האָבן זיך געפונען חסידים און תּלמידים, וואָס האָבן זיך מתּיר־געווען דאָס צו טאָן. זיי האָבן געזאָגט, אַז עס וועט גיין פאַרלוירן אַן אוצר פון ייִדישער גײַסטיקייט, אויב מ׳וועט טאַקע זיך האַלטן בײַם פאַרבאָט. אַזוי אַרום זענען דערשינען זײַנע עטלעכע ספרים, און ספרים איבער אים: אוהל נפתּלי, זרע קודש און אַנדערע. דורך זיי באַקומט מען אַן אָנונג וועגן זײַן אייגנאַרטיקער פּערזענלעכקייט, וועגן זײַנע נישט־דורכשניטלעכע דערפאַרונגען, וועגן זײַנע גרויסע ראַנגלענישן. דורך זיי דערגייט מען, ווי שטאַרק דער ראָפּשיצער האָט זיך דערנענטערט צום אָריגינעלן טײַטש פון נאָמען, וואָס ער האָט געטראָגן. ״נפתּלי״, ווערט אויסגעטײַטשט אין חומש בראשית (ל, ח), באַדייט: ראַנגלענישן, קאָנפליקטן, געטלעכער אומרו...

### ה.

ווי אַזוי האָט דאָס אַלץ זיך פאַרענדיקט? ר׳ נפתּלי איז מיד געוואָרן פון אָנטון און אויסטון זײַנע לבושים, מיד און פאַרמאַטערט. איז ער אויף דער עלטער אַנטשוויגן געוואָרן. ער האָט נישט געוואָלט מער רעדן, ווי ער וואָלט מיט זײַן שווײַגן דערקלערט: מה אומר ומה אדבר, וואָס זאָל איך זאָגן, און וואָס זאָל איך רעדן? וועט ער עצהנען: זײַט תּמימים, קען ער דאָך נישט פאַרלאַנגען פון אַנדערע, וואָס ער אַליין איז נישט מקיים. וועט ער עצהנען: זײַט חכמים, דאָס הייסט, חקרנט זיך, גריבלט זיך, נו, איז דען דאָס דער אָנגעוויזענער דרך?...

מען איז צו אים צוגעשטאַנען, אַז ער זאָל איבעררײַסן זײַן שווײַגן. זײַן זון האָט צו אים זיך געוואַנדן. ער האָט צו אים געזאָגט: מײַן טײַערער פאָטער, מיר

וויַיזט זיך אויס, אַז דו קענסט רעדן. נאָר דו ווילסט נישט. דעריבער בעט איך בײַ דיר, אַז דו זאָלסט מיר זאָגן, פאַרוואָס דו ווילסט נישט רעדן. אַזויפיל חסידים, אַזויפיל תּלמידים, וואַרטן צו הערן דײַן וואָרט... קוים, מיט שוועריקייטן, האָט דער זון אַרויסבאַקומען אַ תּשובה פון זײַן פאָטער. ר׳ נפתּלי האָט געענטפערט: מײַן קינד, כּל־ימי, אַלע מײַנע יאָרן, זינט איך בין געקומען צום שׂכל האָב איך נישט גערעדט קיין שום וואָרט אָן גרויסער כּוונה. הײַנט בין איך שוין אויף דער עלטער, און עס איז שווער פאַר מיר, דערבײַ, צו דערגיין צו דער אמתער, צו דער קלאָרער, כּוונה. טאָ לאָזט מיך גלײַכער שווײַגן!

דער באַרעדעוודיקער רבי פון ראָפּשיץ איז געוואָרן אַ שותק, ער האָט אָנגע־האַלטן אין שווײַגן ביז ער האָט זיך אָפּגעשיידט פון דער וועלט, אין עלטער פון זיבן־און־זעכציק־יאָר. ווי שטאַרק לאָזן זיך אָנווענדן לגבי אָט דעם שווײַגן פון ראָפּשיצער די ווערטער, וועלכע זענען אויסגעהעמערט געוואָרן אין קאָצק: אָפּטמאָל איז שווײַגן דאָס העכסטע געשריי פון דער וועלט...

עד היום גייט אָן די אַמפּערניש: ווי אַזוי קען מען און דאַרף מען אים באַציי־כענען, דעם ראָפּשיצער? דער רבי־וויצלער, דער הומאָרפולער, דער לוסטיקער; אָדער דער רבי־גריבלער, דער מיט שווערע מחשבות אָנגעלאָדענער, דער מיט וועלט־קשיות באַלאָדענער? ר׳ נפתּלי, דער חכם אָדער דער תּם?

דער ריזשינער רבי האָט אויף אים געזאָגט, אַז ער איז געווען דער חכם פון זײַן דור; דער חוזה פון לובלין האָט בײַ אים געפרעגט: ס׳טײַטש, עס שטייט דאָך אין דער תּורה, אַז מ׳דאַרף זײַן אַ תּם, נישט קיין חכם? דערויף האָט ר׳ נפתּלי געענטפערט: כּדי צו זײַן אַ תּם, איז נויטיק גרויסע חכמה...

ר׳ נפתּלי האָט געוואָלט פאַראייניקן קאָנטראַסטן, צונויפגיסן סתירות. ער האָט זיך פאַרמאָסטן מעגלעך צו מאַכן, וואָס עס קומט אויס צו זײַן אָן אוממעגלעכ־קיים. באַנוצנדיק זיך מיט פאַרצײַטישע רעדנסאַרטן, וואָלט מען אים געדאַרפט באַצייכענען ווי דער רואה ואינו נראה. דער, וועלכער האָט אַלץ געזען און דערזען, אַרײַנגעדרונגען אין אַלץ און אַלעמען; אָבער אים זעט מען נישט, אים דערזעט מען נישט. ער פאַרבלײַבט פאַרבאַהאַלטן און פאַרהוילן אונטער די כּלערליי לבושים, וואָס ער האָט אויף זיך אַרויפגעוואָרפן.

דער אויספיר בלײַבט: צווישן חכמה און תּמימות: ר׳ נפתּלי ראָפּשיצער. צווישן איין געדיכטקייט פון קנויל.

# דער לעצטער אויסגעשריי פון פּיאַסעטשנער רבי

...ואין קול ענות חלושה, קול ענות אנכי שומע (און נישט
קיין קול פון שוואַכקייט, נאָר אַ צעפּיי̇ניקט קול הער איך)
(שמות לב, יח).

**א.**

ערשט האַרט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה איז פּיאַסעטשנע אויסגעוואַקסן אויף דער פּוילישער ערד ווי אַ חסידישער צענטער. ר' קלונימוס־קלמיש — אָדער ווי מען פלעגט אים רופן: קלונימוס־קלמן שאַפּיראָ — איז געוועזן דער ערשטער רבי פון פּיאַסעטשנע. ער איז אויך געווען דער לעצטער. אָבער אין די דריי̇ יאָרצענדליקער וואָס פּיאַסעטשנע האָט פיגורירט אויף דער חסידות־מאַפּע אין פּוילן, האָט אָט דאָס קליינע שטעטל נעבן וואַרשע געלייגט אַ טיפן חותם אויף דעם געשיכטלעכן וועג פון פּוילישן יי̇דנטום; איז געוואָרן אויסדרוק פון פּוילישן יי̇דנטום אין דער גורל־צײַט פון זײַן קיום.

אַ מערקווירדיקן צוזאַמפוועב פון טראַדיציעס האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט דאָס חסידות פון פּיאַסעטשנע. דער רבי האָט געצויגן דעם שורש פון קאָזשעניץ, פון מאָגעלניץ, פון גראָדזשיסק. די וועלכע רעכענען, אַז דאָס צענטראַל־פּוילישע חסידות איז געוואַקסן אויסגעוואַקסן פון איין שטיק, באַמערקן נישט די גערעכטע פאַרצוויי̇גטקייט פון חסידישן בוים, וואָס האָט זיך פונאַנדערגעוואַקסן אין יענעם טייל פּוילן, וואָס מען איז געוואוינט צו באַצייכענען ווי קאָנגרעס־פּוילן. עס האָבן דאָרט אויפגעשפּראָצט דאָס טיף־גראָבנדיקע חסידות פון פּשיסכע; דאָס געוויסן־רײַסנדיקע חסידות פון קאָצק; דאָס שטורמיש־תּקיפותדיקע חסידות פון גער; דאָס פירשטלעך־פּאַרוויגטע חסידות פון אַלעקסאַנדער; דאָס צעזונגענע חסידות פון קוזמיר און מאָדזשיץ. עס האָבן אויפגעבליט נאָך אַנדערע שיטות, וועלכע האָבן געשעפּט פון די קוואַלן פון דער לערע פון מעזשיבוזש, אָבער זיי האָבן דערבײַ צוגעטראָגן זייערע אייגענע, אייגנטימלעכע אויסדרוקן און ניואַנסן. אינעם דאָזיקן וואונדערלעכן רעגנבויגן פון מחשבה און געפיל פאַרנעמט פּיאַסעטשנע אַן אייגנאַרטיק אָרט.

מען האָט אין דעם דרך, אין וועלכן פּיאַסעטשנע איז געגאַנגען, געקענט

אָנטרעפן די פּעדעם, וואָס האָבן צונויפגעפלאָכטן פּיאַסעטשנע מיטן חסידות פון קאָזשעניץ. ר׳ ישׂראל דער מגיד פון קאָזשעניץ, דער אייגנטלעכער גרינדער פון חסידות אין די צענטראַל־פּוילישע פּראָווינצן, איז געווען איינער פון די עלטער־זיידעס פון פּיאַסעטשנער רבי. מען מעג זיך פאָרשטעלן, אַז דער גייַסט פון קאָזשעניצער מגיד האָט געשוועבט פאַרן אייניקל, האָט געשוועבט אין פּיאַסעטשנע; דער גייַסט פון יענעם שוואַך־קראַנקן, יסורים־לייַדנדיקן, צום בעט צוגעשמידטן חסידישן צדיק, וועמען מען האָט געמוזט ברענגען אויף אַ טראָג־שטול אין בית־המדרש אַרייַן, און אים אונטערהאַלטן בעת ער איז געשטאַנען פאַרן עמוד. אין פּיאַסעטשנע האָט אָפּגעקלונגען דער בת־קול פון די תּפילות, אין וועלכע ער האָט געבעטן, אַז נאָך איידער מען וועט פון הימל אַראָפּשיקן אַ רפואה שלימה פאַר זייַנע אייגענע ווייטיקן — וואָס צו זיי איז ער שוין צוגעוואוינט — זאָל מען צושיקן אַ פאַרלייַכטערונג פאַר דער מוראַדיקער פּייַן פון כּלל־ישׂראל; וואָרום כּלל־ישׂראל איז בילכער, און כּלל־ישׂראל טרינקט זיך אין דעם פלייצנדיקן ים פון צרות. ״איך, ישׂראל בן שבתי, זאָג דיר, ריבונו של עולם — זענען געגאַנגען זייַנע טענות אין נוסח פון ר׳ לוי־יצחק בערדיטשעווער — אַז דייַנע ייִדן דאַרפן זייַן געזונט, האָבן פּרנסה, און שפּייַזן מיט כּבוד זייער הויזגעזינט. בני, חיי ומזוני — קינדער, לעבן און פּרנסה. עס לאָזן אָבער זיך אויס זייערע כּוחות; זיי קענען שוין מער נישט אויסהאַלטן דעם צער און די פּייַן״...

מען האָט אין פּיאַסעטשנע מיט זעלטענער דייַטלעכקייט געהערט דעם בת־קול פון די דאָזיקע דערשיטערנדיקע געשפּרעכן צווישן הימל און ערד. אין די אומ־היימלעכע יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען פּיאַסעטשנער חסידות איז נאָר־וואָס אויפגעגאַנגען, האָבן זיי אָנגענומען ווייטיקלעכע אַקטועלקייט. עפּי־דעמיעס האָבן זיך אויסגעשפּרייט, די נויט האָט פאַרקלעמט, ייִדישער כּבוד איז געוואָרן געטראָטן און געשענדט.

עס האָט צום אויספאָרמירן זיך פון פּיאַסעטשנער חסידות מיטגעווירקט אַן אַנדערער פון די זיידעס: ר׳ חיים־מאיר־יחיאל פון מאָגעלניצע. אין יענעם ייִדישן לעבן, וואָס האָט געפלאַסן אין פּוילן, האָט מען אים זעלטן אָנגערופן בייַם נאָמען. מען האָט אים גערופן: דער שׂרף. אין דער ספערע פון סוד, אין וועלכער די הימלישע מלאכים באַוועגן זיך, טוען זייער שליחות די, וואָס די מיסטיק באַצייכנט ווי שׂרפים. שוין דאָס וואָרט ווייַזט אָן, אַז זיי גליִען מיט פייַער. עס האָט די שׂרפים אַרויסגעברענגט אין זייַן מיסטישער וויזיע דער נביא ישעיה (פּרק ו). אויב מען האָט לגבי דעם מאָגעלניצער אויפגעפרישט דעם שׂרף־באַגריף, איז דאָס דערפאַר, ווייַל מען האָט געפילט, אַז ער געהערט אין תּוך מער צו דער ספערע פון באַהאַל־טענעם סוד, צום ״נסתּר״, ווי צו דער וועלט, וואָס איז אַנטפּלעקט פאַרן אויג, צום ״נגלה״. מען האָט געהאַלטן, אַז ער איז איינער פון די געציילטע, וואָס הגם אויף דער ערד, איז ער מסוגל מיט נישט־דאָיקער זעעוודיקייט אַרייַנצוקוקן אין די

טיפענישן פון דער ייִדישער נשמה. דאָס האָט אים פונדעסטוועגן נישט אָפּגעהאַלטן פון כסדרדיקן לײַטערן זיך. אַפילו ווען מען איז אין חסידות ווײַט נישט באַגײַסטערט פון פראַוון תּעניתים, האָט ער נישט אָפּגעוואָרפן דאָס פאַסטן. ער האָט דערקלערט, אַז אויב מען איז אַדורכגענומען מיטן רצון זיך אויסצוטאָן פון זיך אַליין, שפּירט מען לגמרי נישט קיין הונגער און קיין דאָרשט. גאָר פאַרקערט, אַ שטאַרקע פרייד שטראַלט אַרויס פון דער נשמה, אַ פרייד און אַ דביקות. ווען מען האָט בײַ אים געפרעגט, וואָס חסידות איז, האָט ער אָפּגעענטפערט: "איך הייב נישט אָן צו וויסן וואָס חסידות איז, און איך בין גאָרנישט מסוגל צו זאָגן קיין חסידישע תּורה. איך ווייס נאָר, אַז מען טאָר נישט אַרומגיין ליידיק. מען דאַרף טאָן מצוות און מתפּלל זײַן"... ער האָט אויפגעמישט דאָס קאַפּיטל נ"א פון תּהילים און אָנגעוויזן, אַז דאָרט שטייט געשריבן, אַז דאָס ייִדישע האַרץ איז אַ צעבראָכן האַרץ. אַזוי האָט אונדז געלערנט די גמרא. אַזוי לערנט אונדז דער ספר פון סוד, דער זוהר. רחמנא ליבא בעי (סנהדרין קו; זוהר תּרומה קסב).

דער אָפּטער רבי ר' אברהם־יהושע העשיל, בײַ וועמען דער מאָגעלניצער איז געווען אַ תּלמיד, האָט צו אים איינמאָל געזאָגט: "קינד מײַנס, פאַרוואָס באַהאַלטסטו זיך אויס פון מענטשן? דו ביסט דאָך ראוי צו זײַן אַ מנהיג בײַ ייִדן!"... דער מאָגעלניצער האָט זיך פונאַנדערגעוויינט און געענטפערט: "וויאַזוי קען אַזאַ שקר ווי איך זײַן אַ ייִדישער מנהיג?" עס האָט נישט געהאָלפן, ווען דער אָפּטער האָט אים דערויף געזאָגט: "אָט זעסטו דאָך, אַז איך בין אַ שקר און פונדעסטוועגן בין איך אַ מנהיג!" דער מאָגעלניצער האָט נישט אויפגעהערט וויינען. אָבער אין דער פאָרשטעלונג פון די מענטשן פון זײַן דור, און פון די שפּעטערדיקע דורות, איז ר' חיים־מאיר־יחיאל אַרויפגעשטיגן צו די שטאַפּלען פון דער געהיימעניש־פולער הייליקייט. ווי דער "שׂרף" האָט ער זיך אײַנגעבאַקן אין געפיל פון פאָלק. אין אויפוואַקסנדיקן חסידות פון פּיאַסעטשנע איז ער געווען אַ ווירקנדיקער, באַוועגנ־דיקער כוח. אַ באַשטאַנדטייל פון דער משפּחה־פאַרגאַנגענהייט, אָבער אויך פון דער זיך אויסבויענדיקער קעגנוואָרט; און אַוודאי אַ פאַרעדיקער זײַל פאַר דער צוקונפט.

דערצו איז צוגעקומען דאָס חסידות פון גראָדזשיסק. דער רבי פון גראָדזשיסק, ר' אלימלך, איז געווען דער פאָטער פון ר' קלונימוס־קלמן. מען קען נישט זאָגן, אַז אין דעם חסידות פון גראָדזשיסק האָבן זיך נישט אויפגעהאַלטן די עלעמענטן פון דער חסידישער מיסטיק. אָבער בעיקר האָט מען דאָרט גערעדט צום פּשוטן מענטש, און געוואָלט, אַז דער פּשוטער ייִד זאָל די רייד און די ווענדונגען פאַרשטיין. מען האָט אויפגעהיטן די פאַרטיפטע מחשבה, אָבער מען האָט דערבײַ געזאָרגט, אַז זי זאָל זײַן צוטריטלעך פאַר די, וואָס האָבן געזוכט וועג און אָנווײַז אין די פּלאָנטערנישן פון דער טאָגטעגלעכער האָוועניש. פון גראָדזשיסק האָבן אַרויסגעגלאַנצט לומדות און לעבנס־חכמה, מידות און פאָלקסטימלעכקייט. דאָרט

האָט מען געהאַלטן, אַז בעצם איז גאָרנישט נייטיק אײַנצוּוויקלען דעם עיקר אין קיין רמז, און אַ סך גלײַכער איז אויסצולייגן פשוט די זאַכן. דהיינו: ברייטהאַרציקע צדקה, וואַרעמע באַציאונג פון מענטש צו מענטש, און מסירת־נפש, זענען פונדאַמענטן פון ייִדישן קיום. און פאַרשטייט זיך: מען טאָר נישט אַרײַנפאַלן אין יאוש, און צומאָל נישט אין עצבות. אַ ייִד דאַרף זײַן בשׂמחה. וואָס טיפער מען טראַכט, אַלץ מער זענען דאָ סיבות, צוליב וועלכע אַ ייִד דאַרף אָנקוועלן פון פרייד. מען טאָר נישט פאַרגעסן, אַז די כּוחות פון אַ ייִד, די כּוחות פון דער ייִדישער אומה, לאָזן זיך גאָרנישט מעסטן און וועגן. ווער וואָגט עס צו זאָגן, אַז מיר, ייִדן זענען די שוואַכסטע פון די פעלקער? עס הייבט זיך נישט אָן! אין גראָדזשיסק האָט מען אויסגערופן: מען איז אַ ייִד, ווען מען איז אַ ייִד איבער די כּוחות!

אויף די יסודות פון קאָזשעניץ, פון מאָגעלניצע, פון גראָדזשיסק, איז אויפגעבויט געוואָרן דאָס חסידות פון פּיאַסעטשנע.

ב

אין דער פאַרהעלטענישמעסיק־רואיקער אַטמאָספער פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה איז אויסגעוואַקסן קלונימוס־קלמן. דער ייִדישער מצב אין יענעם פּעריאָד איז געווען ווײַט פון צו זײַן גינסטיק. צרות און רדיפות, נויט און אָרעמקייט, האָבן נישט געפעלט. די געגנטן פון קאָנגרעס־פּוילן האָבן זיך געפונען אונטער דער אונטערדריקונג פון דער צאַרישער מאַכט. קיין גראָדזשיסק, דאָס שטעטל, וואו זײַן פאָטער איז געווען רבי, האָבן אויך אַרײַנגעדרונגען דער רויש און טומל פון דער נאָענטער וואַרשע; צוזאַמען מיט די אָנגעסטפּולע דערפאַרונגען פון דער דאָרטיקער געדיכטער ייִדישער באַפעלקערונג. און דאָך: אין פאַרגלײַך מיט די בייזע שטורעם־ווינטן, וועלכע האָבן דערנאָך צעטרייסלט דאָס ייִדישע לעבן, זענען דאָס געווען שטילע און געלאַסענע יאָרן. בײַ דעם דערשלאָגנדיקן פּאָליטישן מצב און די ביטערע עקאָנאָמישע באַדינגונגען איז אָנגעגאַנגען אַן אינטענסיווע גײַסטיקע אַקטיווקייט. די שאַרפקייט פון די קעגנזאַצן צווישן חסידים און מתנגדים האָט אויסגעוויזן זיך אָפּצוּווישן. די השׂכּלה־שטרעמונגען, וואָס האָבן אין די אַנדערע פּוילישע פּראָווינצן פונאַנדערגעטיילט די ייִדישע געזעלשאַפט, און אַרײַנגעפירט ראַנגלענישן און קאָנפליקטן, זענען אין די דאָזיקע מקומות נישט באַטראַכט געוואָרן ווי אַזעלכע, וואָס זאָלן בכּוח זײַן צו באַדראָען דעם אײַנגעשטעלטן לעבנס־שטייגער. אין וואָסער ריכטונג איז געגאַנגען די דערציאונג־טעטיקייט אין רבישן ״הויף״ פון גראָדזשיסק? מיט דעם גמרא־ניגון האָט מען געמיינט אויסצוהאָדעווען נישט בלויז די לערנער, נאָר אויך סתּם־ייִדן. מען האָט בכלל אָוועקגעשטעלט חינוך אין צענטער פון די אָנשטרענגונגען.

מען קען זאָגן, אַז אין אַ געוויסן זין האָט דעמאָלט אויפגעלעבט צווישן מזרח־אייראָפּעאישע ייִדן אַ היסטאָרישע פאָלקס־טראַדיציע: פאַרוואַנדלען די דערציאונג

פון יונגן דור אין אַן עיקר־פּראַגע; אַוועקגעבן איר די פאָלקס־ענערגיע, און אין איר קאָנצענטרירן דעם פאָלקס־ווילן. מען האָט דאָס געקענט אַרויסלערנען פון חומש, וואו די פראַגע "וואָס דאַרפסטו ענטפערן, ווען דײַן קינד וועט בײַ דיר פרעגן", איז אַ ווענדונג, צו וועלכער מען קערט זיך אום בײַ פאַרשידענע געלעגנהייטן. מען האָט דאָס געקענט אַרויסלערנען פון ספר משלי, וואו עס ווערט שטרענג אָנגעצייכנט דער באַפעל נישט צוצוגיין אויבערפלעכלעך צו דעם עניין פון חינוך, נאָר באַהאַנדלען און באַטראַכטן דאָס פּראָבלעם מיט דער פולער ערנסטקייט (חנוך לנער על פי דרכו, משלי כב, ו). מען האָט דאָס זיכער געקענט אַרויסדרינגען פון תּלמוד, צי פון די שפּעטערדיקע ייִדישקייט־ספרים, וואו צוזאַמען מיט קענטענישן און וויסן, איז געלייגט געוואָרן אַכט אויף אויסבויען דעם כאַראַקטער בײַ די אויפוואַקסנדיקע דורות. אפשר מער ווי יעדער אַנדערער קיבוץ אין דער ייִדישער געשיכטע, האָט מזרח־אייראָפּעאיש ייִדנטום זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון פון דער וויכטיקייט פון חינוך שוין אין זײַן סאַמע באַגינען. נאָך איידער מען האָט זיך פאַראַנקערט אין די אויפשטײַגנדיקע קהילות, איז מען שוין דאָרט אַרויסגעקומען מיט נײַע שיטות אין לערנען. מען האָט געפירט וויכּוחים איבער דער ריכטיקייט פון מעטאָדעס. נישט איבער דין און הלכה האָט זיך אין תּוך געהאַנדלט אין די מיינונג־פאַרשידנקייטן צווישן ר׳ משה איסרליש — דער רמ״א — און ר׳ שלמה לוריא — דער רש״ל, אָדער אין די דערקלערונגען און אויפקלערונגען פון ר׳ יהודה ליוואַ — דער מהר״ל — פון פּראַג, און ר׳ שלמה אפרים — דער "כּלי יקר" — פון לענטשיץ, נאָר אין דער שיטה, וואָס דאַרף אָנגעוואָנדן ווערן אין דערציאונג; צי דאַרף מען צום תּלמיד ריידן אײנפאַך, פּשוט, אָפן און קלאָר, אַזוי ווי דאָס האָט מיט באַצווינגענדיקן געדולד געטאָן רש״י, אָדער גאָר איז מער אָנגעוויזן צו שאַרפן זײַן שׂכל, אָנרעגן אים צום זעלבשטענדיקן דענקען, אַזוי ווי דאָס איז געווען אָנגענומען בײַ די מייסטער פון פּלפּול ר׳ יעקב פּאָלאַק און ר׳ שלום שכנא פון לובלין און קראָקע?

אָבער במשך פון אַ לאַנגער צײַט האָט זיך אײַנגעשטעלט די רוטין אין פעלד פון חינוך און פּעדאַגאָגיע. עס האָט זיך געקענט אויסדאַכטן, אַז אַלץ איז שוין געזאָגט געוואָרן, און מער איז נישטאָ וואָס צוצוגעבן. ערשט ר׳ ישׂראל סאַלאַנטער, דער גרינדער פון די מוסר־ישיבות, האָט פונדאַמענטאַל אַרויסגערופן אַן אויפברויז בײַ די, וואָס האָבן געפילט, אַז גײַסטיקער אומרו און טיפער דאַרשט טאָרן קיינמאָל נישט אויפהערן צו באַפרוכפּערן דעם חינוך. צענדליקער יאָרן האָט געדויערט ביז דער אויפברויז איז זיך פונאַנדערגעוואַקסן אין אַ פאָלקס־באַוועגונג. ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה — און נאָך מער אין די יאָרן, וואָס זענען געקומען שפּעטער — זענען די פּראָבלעמען, וואָס זענען געבונדן מיט דערציאונג און חינוך, אַרויפגעשטיגן צום אויבנאָן אין ייִדישן לעבן. אַלע שיכטן פון פאָלק האָבן זיך אָנגעשטרענגט מיט עטוואָס צו באַרײַכערן די חינוך־פילאָסאָפיע און מיט עטוואָס

בײַצוטראָגן. גרויסע פּעדאַגאָגן זענען אויפגעקומען. זיי זענען אויך אַרויסגעטרעטן צווישן די, וואָס האָבן זיך אָנגעהאַלטן שטרענג אין דער פּאַרהייליקטער טראַדיציע פון דורות, זייער רשימה איז אַ סך גרעסער ווי די, וואָס מיר גיבן אָן: שׂרה שענירער, יהודה־לייב אָרלעאַן, אַלכּסנדר־זושא פרידמאַן, אליעזר־גרשון פרידענזאָן, יהודה־לייב נימצאָוויטש, אברהם פעלדפעבל, יהודה־לייב גערשט.

שוין ווי אַ יונגער תּלמיד, האָט קלונימוס־קלמן זיך געגומען פאַרטראַכטן איבער די פּראָגעס, וואָס האָבן אַ שײַכות צו דערציאונג. נאָך רײַפער איז פאַר אים געוואָרן דאָס פּראָבלעם, ווען ער האָט אָנגעהויבן אַלץ שטאַרקער זוכן זײַן אייגענעם דרך. ער האָט חתונה מיט דער טאָכטער פון רבי ירחמיאל־משה פון קאָזשעניץ (״זוגתי, מײַן פרוי די צדיקת חיה־מרים״ — דריקט ער זיך אויס וועגן איר) און ער באַזעצט זיך אין פּיאַסעטשנע, וואו ער ווערט אויפגענומען פאַר רב און שפּעטער איז ער דאָרט אויך דער רבי, ער איז דעמאָלט אַלט נײַנצן יאָר. דרײַ יאָר שפּעטער וועט אויסברעכן די ערשטע וועלט־מלחמה.

די טראַגעדיע און צעטומלעניש, וואָס די וועלט־מלחמה האָט געבראַכט מיט זיך, האָבן אין יידיש פּוילן גלײַך זיך אָנגעזען. פון אַ סך שטעטלעך זענען ייִדן אַרויסגעיאָגט געוואָרן. וואַרשע ווערט פול מיט היימלאָזע. קראַנקייטן פאַרשפּרייטן זיך. דער יונגער רבי פון פּיאַסעטשנע געפינט זיך צווישן די, וואָס טראָגן הילף צו די לײַדנדיקע און נויטבאַדערפטיקע. ער טיילט זײַן צײַט צווישן פּיאַסעטשנע און וואַרשע. מען באַזאָרגט די היימלאָזע מיט אַ דאַך איבערן קאָפּ. מען אָרגאַניזירט פאַר זיי קיכן. אָבער נישט אויף ברויט אַליין לעבט דער מענטש. מען דאַרף מיט די קינדער לערנען. די ישיבה, מיט וועלכער ער פירט אָן, געווינט פאַר זיך אַ נאָמען. די שיעורים, וואָס דער רבי זאָגט, ציִען צו תּלמידים, זײַנע שיעורים גראָבן נישט בלויז אין די שקלא־וטריאס פון דער גמרא, נאָר באַהאַנדלען אויך פּראַגעס פון דער צאָפּלדיקער קעגנוואָרט. ר׳ קלונימוס־קלמן שטרעבט צו דערציִען פּערזענלעכקייטן. ער באַגנוגנט זיך נישט דערבײַ מיטן גערעדטן וואָרט. ער שרײַבט מאמרים און חיבורים, וואָס זייער טעמע איז אַ ייִדישע דערציאונג, וואָס וועט טרעפן אין הארץ און געפיל. ער פאַרעפנטלעכט ספרים, וואָס זענען געוואָנדן צום יונגן דור, וועלכער דאַרף אַדורכגעדרונגען ווערן מיט דער אחריות, וואָס ליגט אויף אים, אין די צײַטן פון אומזיכערקייט און וואַקלעניש פון ווערטן. פון דער צעשמעטערטערווירקלעכקייט מוזן דאָך אַרויסוואַקסן גאַנצע ייִדן, גרויסע ייִדן.

בעת די ערשטע וועלט־מלחמה פאַרענדיקט זיך, פאַרנעמט שוין דער רבי פון פּיאַסעטשנע אַן אָרט פון אַנזען צווישן פּוילישן ייִדנטום. ער איז דער חסידישער רבי, וועלכער שרײַבט נישט בלויז חידושי־תּורה, נאָר אויך חידושים איבער דער פּעדאַגאָגישער וויסנשאַפט. אין דעם פּעריאָד צווישן די צוויי וועלט־מלחמות באַרײַכערט ער די פּעדאַגאָגישע ליטעראַטור מיט אַ וויכטיקן צושטײַער. ער האַלט, אַז אַ טעות באַגייען די, וואָס מיינען אַז ייִדישקייט דאַרף אַדורכמאַכן אַ פאַר־

יונגערונג־אָפּעראַציע; ייִדישקייט שפּרודלט כּסדר מיט לעבן, מען דאַרף נאָר וויסן, וויאַזוי אַרויסצוברענגען און איבערצוגעבן אָט־די שפּרודלדיקע יוגנטלעכקייט. די תּלמידים דאַרפן פילן, אַז נישט בלויז, וואָס זיי לערנען הייליקע ספרים, נאָר זיי אַליין זענען אויך הייליק. "חבריא קדישא" — די הייליקע חבורה — אַזוי רופט ער אָן ייִדישע קינדער. אויב מען מישט אויף די בלעטער פון דער ייִדישער געשיכטע — זאָגט ער — דערגייט מען, אַז דאָס ייִדישע קינד איז אין אַנטשיידנדיקע תּקופות טאַקע אַדורכגענומען געוואָרן מיטן באַוואוסטזיַין פון פליכט. אַזוי איז דאָס געווען, ווען עס איז געלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פאַרן תּלמוד, פאַרן זוהר, מען דאַרף נאָר דערהייבן און אָנוואַרעמען די געפילן פון די יוגנטלעכע, און זיי וועלן זיך צעגליִען, מיט מסירת־נפש. אַ ייִדישער יוגנטלעכער קען נישט זיַין קיין מהיכי־תּיתיניק. קאַלטקייט איז נישט קיין ייִדישע אייגנשאַפט. די נעמען פון אייניקע פון זיַינע ספרים אין פעלד פון חינוך זענען: "דער אַריַינגאַנג צו די טויערן", "די חובות פון די תּלמידים", "די צוגרייטונג פון דער יוגנט". זיי זענען געשריבן אין לשון־קודש. אָבער דאָס איז אַן אַנדערער לשון־קודש, ווי דער, וואָס ווערט באַנוצט אין דער רבנישער ליטעראַטור, ער איז פּאָעטיש. דער סטיל איז ליריש, צאַרט, ווייך. געשריבענע אין פּראָזע זענען די ווערק פון רבי פון פּיאַסעטשנע — אָבער פון זיי עטעמט פּאָעזיע, רעליגיעזער פּיוט. וואָרום אין הסכּם מיט זיַין טיפער איבערצייַגונג, איז ייִדישקייט, מיט אַלע אירע געבאָטן און שטרענגע דינים, אין תּוך פּאָעזיע. און פּאָעזיע איז חסידות.

עס האָבן פון זיַין ליטעראַרישער טעטיקייט אַרויסגעשטראַלט די מחשבות, און עס האָבן אַרויסגעפּלייצט די עמאָציעס, פון קאָזשעניץ, פון מאָגעלניצע, פון גראָדזשיסק. זייער זיפץ און זאָרג, זייער אמונה און פרייד.

זיַיט־ביַי־זיַיט מיט דער פּעדאַגאָגיע, ווערט אין פּיאַסעטשנער רבין רייַף דער ווילן פון דערקענען די חכמה פון דער מעדיצין. ווי אַ דערציִער איז פאַר אים קלאָר, ווי גערעכט ס'איז געווען דער רמב"ם, דער געזעצגעבער און מעדיקער, אַז צו אַ געזונטן גייַסט איז נייטיק צו האָבן אַ געזונטן גוף. ס'איז אוממעגלעך צו דערוואַרטן, אַז פון די אָרעמע ייִדישע היימען, פון דער פינסטעריניש און נאָסקייט פון די קעלער־שטובן און פון דער ענגשאַפט און צונויפגעדריקטקייט פון די בוידעם־קאַמערן, זאָלן אַרויסקומען פולשטענדיקע פיזיש־געזונטע מענטשן; בפרט, ווען עס פעלט זיי די געהעריקע דערנערונג. אָבער עפּעס מוז דאָך געטאָן ווערן, מיט עפּעס מוז מען פאַרלייַכטערן דעם מצב. דער פּיאַסעטשנער רבי פאַרטיפט זיך אין דער מעדיציניִשער וויסנשאַפט; און צום גרויסן פאַרוואונדער פון די חולים, וואָס קומען צו אים בעטן אַ ברכה, גיט ער זיי, אויסער דער ברכה, אַ רעצעפּט; אַ מעדיציניִשע רעצעפּט. נעמט די רפואה — זאָגט ער צו זייַנע באַזוכער — וואָס איך פאַרשרייַב אייך, דאָס קען אייַך העלפן! נאָכדעם ווי מען גייט אַריבער אין די אַפּטייקן איבער דער ערשטער שטוינונג — רעצעפּטן פון אַ חסידישן רבי! —

הייבט מען זיי אָן רעספּעקטירן. צווישן די דאָקטוירים געווינט אַלץ מער וואָג אַ מעדיציניש פאַרשריפט אָדער עצה פון רבי פון פּיאַסעטשנע.

אין יענער פּילפאַרביקער ייִדישער וועלט, וואָס האָט פּולסירט צווישן די צוויי וועלט־מלחמות אינעם אומאָפּהענגיקן פּוילן, פאַרנעמט ר׳ קלונימוס־קלמן אַן אייגנאַרטיק אָרט. אַ חסידישער רבי — און אַ מחבר פון ספרים איבער פּעדאַגאָגיע און איבער פּראָבלעמען פון דער צײַט, געשריבענע מיט אַ מאָדערנעם ליטעראַרישן סטיל; און דערצו, פּונקט ווי אַ דאָקטאָר פאַרשרײַבט ער רעצעפּטן פאַר די קראַנקע. דערבײַ איז ער אַ מענטש פון פאָלק, אויסגעמישט מיט די מענטשן פון פאָלק, מיט דעם עלנט און מיט דער דערדריקנדיקער אָרעמקייט פון דער ייִדישער גאַס.

דעמאָלט צינדט זיך אָן דאָס ייִדישע הויז אין מזרח־אייראָפּע. די צווייטע וועלט־מלחמה ברעכט אויס.

## ג

מען האָט פּרובירט ווירקן אויפן פּיאַסעטשנער רבין, בײַם אויסברוך פון דער מלחמה, אַז ער זאָל אַוועקפאָרן פון וואַרשע, און זיך אַריבערציִען אין אַן אַנדער אָרט, וואו די לאַגע האָט זיך אויסגעדאַכט צו זײַן זיכערער. ער האָט נישט מסכּים געווען דערצו. ער האָט געזאָגט, אַז ער קען זײַנע זײַנע חסידים, זײַן עדה, אין דער איצטיקער שווערער צײַט נישט פאַרלאָזן. דאָרט וואו זיי געפינען זיך, מוז אויך ער זײַן. ״איך וועל נישט מסכּים זײַן אַליין זיך צו ראַטעווען — האָט ער געטענהט — און איבערלאָזן מײַן עדה אויף הפקר״... ער איז פאַרבליבן אין זײַן דירה אויף דזשעלנע גאַס. אין וואָס אַלץ די דאָזיקע דירה איז נישט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין יענע יאָרן פון שוידער און אַנגסט און פון בושעווענדיקער נאַצי־רשעות! דאָרט האָט זיך געפונען די פּיאַסעטשנער ישיבה, ווי לאַנג דער רבי האָט מיט איר געקענט אָנגיין. דאָרט איז געווען דאָס בית־המדרש, וואו מען האָט געדאַוונט יעדן טאָג, ווי אויך שבת און יום־טוב. דאָרט האָט זיך געפונען די גאַר־קיך, וואו עס האָבן זיך געשפּײַזט די הונגעריקע און עלנטע. דאָרט האָבן געהאַט זייער נאַכטלעגער די פאַרטריבענע און בלאָנדזשענדיקע. פונוואַנען זענען געקומען די מיטלען צו דעקן די הוצאות, מיט וועלכע דאָס אַלץ איז געווען פאַרבונדן? דער רבי און זײַנע נאָענטע האָבן געזאַמלט נדבות. מען האָט דאָס געטאָן, ווילאַנג נאָר עס איז מעגלעך געווען.

אומגליק נאָך אומגליק זענען אַראָפּגעפאַלן. דער געטאָ אין וואַרשע האָט אַדורכגעמאַכט די תּקופה, וואָס איז איינע פון די פינסטערסטע אין אונזער טויזנטער־יעריקער געשיכטע פון לײַדן. דערנידערונגען, פאַרפּײַניקונגען, רציחות, האָבן זיך איבערגעחזרט טאָג נאָך טאָג. אויך די גאַנצע משפּחה פון רבין איז אומגעקומען אין די ״אַקציעס״ פון אַכזריות. ר׳ קלונימוס־קלמן האָט בײַ די אַלע שוידערלעכע אומגליקן נישט געענדערט זײַן לעבנסשטייגער. אמת: ער האָט מער נישט געקענט

אַנגיין מיט דער ישיבה, און אויך די קיך האָט נישט געקענט אָנהאַלטן. אָבער — ווילאַנג ער האָט באַוויזן דאָס צו טאָן — האָט ער אויפגעהאַלטן די מנינים, און אַפילו ווען מען האָט זיי אַדורכגעפירט באַהאַלטערנהייט. שבת און יום־טוב פלעגט ער האַלטן אַ דרשה פאַרן עולם; און אויך ווען עס איז געווען מעגלעך צו פירן טיש שבת צו שלוש־סעודות, פלעגט ער זאָגן תורה־ווערטער. אַפילו ווען עס איז נישטאָ קיין חלה, און אויך די קרישקעס ברויט זענען זעלטן, און זיי זענען אַדורכגעווייקט מיט ביטערע טרערן, טאָר נישט פעלן דאָס תורה־וואָרט.

גלייַך פון דעם ערשטן פאַרכטיקן ראש־השנה, ווען אים איז אויסגעקומען אָפּצוריכטן די תפילות — ראש־השנה ת"ש, 1939 — האָט ער דערפילט אַ שטאַרקן דראַנג צו פאַרשרייַבן זייַנע דרשות און תורה־ווערטער. עפּעס ווי אַן אינערלעכע שטים וואָלט אים דערצו געשטויסן. ער האָט געטראַכט, אַז דאָס איז אַן אומגעווייִנלעכע צייַט, אין איר דאַרפן פאַרצייכנט ווערן די נשמה־איבערלעבונגען, די אויסדרוקן פון ייִדישן גייַסט און ייִדישן געמיט. ער האָט דעריבער אָפּגעמאַכט בייַ זיך, אַז ווי נאָר די שאַטנס פון דער וואָך וועלן זיך אויסציִען אין אַ שבת־צו־נאַכט אָדער אַ מוצאי־יום־טוב, וועט ער נעמען די פעדער אין האַנט און אויפֿצייכענען. אַזוי האָט ער געזאָגט פאַרן עולם בשעת דעם דאַווענען אָדער שפּעטער אַרום טיש. אַזוי האָט ער טאַקע געטאָן. אויב ער אַליין האָט צוליב עפּעס אַ סיבה דאָס נישט געקענט אויספירן, האָבן דאָס געטון זייַנע נאָענטע, וועלכע האָבן זיך צוגעהערט צו זייַנע ווערטער און געשפּירט, אַז די ווערטער שוועבן נאָך אין חלל.

מיטן לויף פון די חדשים און יאָרן איז אַלץ מער געוואָרן אומדערטרעגלעך די גרויליקע פּייַן. דער רבי איז "אָוועקגעכאַפּט" געוואָרן צו אַרבעט. ער האָט געאַרבעט אין דער שיך־פאַבריק פון "שולץ" אין וואַרשעווער געטאָ. נאָך אַנדערע רבנים און רביים האָבן דאָרט געאַרבעט. אין יולי 1942 האָט אויך פאַר דער דאָזיקער מכלומרשטער עקזיסטענץ אָנגערוקט דער סוף. עס איז געקומען די "אויסזידלונג", די ענדגילטיקע פאַרטיליקונג. די לעצטע ייִדן פון וואַרשע ווערן פאַרשיקט קיין טרעבלינקע און צו די אַנדערע טויטן־לאַגערן.

אין דער פאַראַנונג פון דעם וואָס וועט פאַרקומען, האָט דער פּיאַסעטשנער רבי צונויפגעקליבן די צעשאָטענע בלעטלעך פון זייַנע אויפגעצייכנטע דרשות און תורה־ווערטער, די פונאַנדערגעשאָטענע בלעטלעך פון די יאָרן ת"ש, תש"א, תש"ב — 1939—1942; דאָס, וואָס ער האָט געזאָגט זינט ראש־השנה, ת"ש, ביז שבת חזון, דער שבת פאַר תשעה־באָב, תש"ב. ער האָט זיי ווי ווייַט מעגלעך איבערגעקוקט. מיט דער צייַט זענען צוגעקומען נאָך מער בלעטלעך, גאַנצע אָדער האַלבע, פאַרשריבענע אין די שפּעטערדיקע חדשים. אָבער מען האָט שוין לענגער נישט געקענט וואַרטן. די דראָענדיקע געפאַר איז געהאַנגען, און זיך דערנענטערט מיט אַנגסט. האָט דער רבי אַרייַנגעלייגט די שריפטן אין בלעכענע פּושקעס, און זיי פאַרגראָבן אין דער ערד. ער האָט אויך געשריבן אַ בריוול, אין וועלכן ער האָט

מיט אַ ציטערדיקער האַנט פאַרצייכנט, אַז ווען מען וועט אין איינעם אַ טאָג, "נאָכדעם ווי די געטלעכע הילף וועט אויפשפּראָצן", געפינען די פּושקעס, זיי עפענען, און אינעווייניק געפינען די כּתבים, זאָל מען אַזוי גוט זײַן און אָוועקשיקן זיי צו זײַנע קרובים קיין ארץ־ישׂראל. די דאַטע אויפן בריוול איז געווען: ט״ו בשבט תש״ג (דריטער יאַנואַר 1943).

נישט לאַנג דערנאָך איז ער צוזאַמען מיט די איבערגעבליבענע ייִדן אָוועקגעפירט געוואָרן צו די טויטן־לאַגערן נעבן לובלין, וואו ער איז אומגעקומען אויף קידוש־השם אין חודש חשון פון יאָר תש״ד.

עטלעכע יאָר נאָך דער מלחמה, ווען מען האָט אויף די חורבות פון וואַרשעווער געטאָ געגראָבן פונדאַמענטן פאַר נײַע בנינים, האָט מען זיך אָנגעטראָפן אויף די בלעכענע פּושקעס. און אויף די מאַנוסקריפּטן, וואָס זענען אין זיי געווען פאַרבאַהאַלטן. דער לעצטער ווילן פון רבין איז אויסגעפירט געוואָרן. מען האָט די כּתבים אָוועקגעשיקט קיין ארץ־ישׂראל. דאָרט האָבן פּיאַסעטשנער חסידים זיי פאַרעפנטלעכט. זיי זענען דערשינען אונטערן נאָמען "אש קודש"; אַ הייליק פײַער. שוין דער נאָמען דערמאָנט די קרבנות, וועגן וועלכע עס איז די רייד אין חומש, אין ספר ויקרא. דעם קרבן עולה, וועלכער איז אינגאַנצן אויפגעגאַנגען אין פײַער, אויפן מזבח.

דאָס איז ס׳לעצטע חסידות־ספר, וואָס איז אָנגעשריבן געוואָרן אין ייִדיש־פּוילן. זינט די צײַטן פון ר׳ ישׂראל בעל־שם־טוב, דעם גרינדער פון חסידות, זענען אומצייליקע חסידות־חיבורים דאָרט אויפגעוואַקסן. דאָרט האָבן געשריבן אָדער צוגעגרייט זייערע ספרים ר׳ יעקב־יוסף פון פּאָלאָנאָי, ר׳ נחמן פון בראַצלאַוו, ר׳ אלימלך פון ליזשענסק, ר׳ יהושע־העשיל פון אַפּטע, ר׳ מרדכי־יוסף פון איזשביצע, ר׳ איטשע־מאיר פון גער, ר׳ לוי־יצחק פון בערדיטשעוו, ר׳ ירחמיאל־ישׂראל פון אַלעקסאַנדער, ר׳ אברהם פון סאָכאַטשעוו. דאָרט האָבן אַזויפיל אַנדערע פון דער וועלט פון חסידות באַרײַכערט די ייִדישע מחשבה און באַפרוכפּערט דעם ייִדישן רגש. דער רבי פון פּיאַסעטשנע, ר׳ קלונימוס־קלמיש־קלמן, האָט אָפּגעשלאָסן דעם הימלען־גרייכנדיקן בנין.

ד

מיר זאָגן: ספר. דאָס איז — גענויער געזאָגט — דער לעצטער אויסגעשריי פון פּיאַסעטשנער רבי. דער לעצטער אויסגעשריי פון חסידות אויף דער פּוילישער ערד. אין טיפערן זין, איז דאָס דער לעצטער אויסגעשריי פון פיל־מיליאָניקן ייִדישן קיבוץ אין פּוילן.

ווי שטאַרק עס זאָלן אונז נישט זײַן באַקאַנט דער גרויל און די גרויזאַמקייט פון דער נאַצי־תּקופה, ווערט מען פאָרט פונדאַסנײַ אויפגעציטערט בײַם לייענען די זאַכן. אין זײַנע ווערטער, וואָס זענען אָנגעשפּאַרט אויף דער פרשה פון דער

וואָך, אויף דברי־תּורה, און דערבײַ אַדורכגעדרונגען מיט אַקטועלע איבערלעבונגען, רעדט דער רבי וועגן די דערפאַרונגען, וואָס שטײַגן אַריבער יעדע פאַרשטעלונג פון שוידער. דאָס זענען די רייד — זאָגט ער — פון אייגעם, וואָס איז צעבראָכן פון די ייִדישע צרות, "וועלכע זענען טיף ביז צום אָפּגרונט, און שרײַען אַרויף צו די העכסטע הימלען". מען כאַפּט ייִדן אין די גאַסן. מען פּאַקט אַרײַן ייִדישע קינדער אין וואַגאָנען כּדי זיי אומצוברענגען. ייִדישקייט ווערט געטרעטן מיט די פיס. מען פאַרמאַכט שולן און בתּי־מדרשים. דער קול תּורה ווערט מיט געוואַלט דערשטיקט. מגיפות, נויט און קראַנקייטן בושעווען. עמלק, דער שׂונא פון ווײַטן פאַרצײַטנס, האָט אויפגעלעבט. זײַן אומהיימלעכער ציל איז: אָפּצומעקן ייִדישקייט און ייִדן. עמלק באַנוצט זיך מיט דעם פאַלשן אַרגומענט, אַז מיר זענען שעדלעך. אָבער שעדלעך פאַר וועמען? — באַמערקט דער רבי. שעדלעך פאַר עמלקן. ווײַל אין אונזער תּורה שטייט "לא תּרצח" — דו טאָרסט נישט מאָרדן — און עמלק פאַר־שפּרייט מאָרד און רציחה. דער פּיאַסעטשנער רבי באַמערקט דערצו: "אַזעלכע אויסטערלישע אכזריותן און רציחות, ווי די, וואָס די רשעים טוען אָפּ קעגן אונז, זענען, לויט מײַן ידיעה אין די חכמי־התּלמוד און אין דער ייִדישער געשיכטע, נאָך קיינמאָל נישט געווען... נישטאָ קיין ווערטער, אין וועלכע מיר זאָלן זײַן מסוגל אויסצולייגן אונזערע צרות"... "אַפילו האַלטן אַ דרשה — רעדט ער זיך אַראָפּ פון האַרץ — קומט אָפּטמאָל אָן שווער, ווײַל דאָס האַרץ איז צעבראָכן און צעשניטן..." און דאָך, שטייט ער נישט אָפּ. ער פילט, אַז ער דאַרף טראָגן זײַן וואָרט צו דער ייִדישער עדה.

אויפטרייסלענדיקע זענען די פראַגעס, וואָס ער קען זיך נישט אָפּהאַלטן פון שטעלן, הגם זיי שטעכן, און טוען מוראדיק וויי. דאָס זענען אייגנטלעך די פראַגעס, וועלכע ער האָט אָנגעטראָפן אין תּהילים. אָט מיט דער פראַגע הייבט זיך גלייך אָן דאָרט דאָס צווייטע קאַפּיטל: פאַרוואָס וואָרפן זיך די פעלקער קעגן אונז ווי די שלאַנגען? למה רגשו גויים? מיט דער פראַגע עפנט זיך דאָס צוויי־און־צוואַנ־ציקסטע קאַפּיטל: מײַן גאָט, מײַן גאָט, למה עזבתּני? פאַרוואָס האָסטו מיך פאַר־לאָזט? צי זענען מיר דען דאָס ערגסטע פאָלק, די ערגסטע פון אַלע מענטשן אויף דער ערד? און פאַרוואָס לײַדן אויך די גערעכטע? פאַרוואָס קאָכט און זידט אַזאַ ווילדע שׂנאה קעגן דער ייִדישער אומה? און פאַרוואָס שווײַגט די וועלט, פאַרוואָס שטייען אַלע פונדערווײַטנס, און קוקן זיך צו גלײַכגילטיק צום מאָרד פון דער ייִדישער אומה? פאַרוואָס ווערט נישט די וועלט פאַרוואַנדלט אין אַ וויסטעניש, אין תּוהו־ובוהו, פון דער פלייצנדיקער רשעות, און פון דער נישט־ווייניקער פלייצנדיקער צביעות און פאַלשקייט? דער פּיאַסעטשנער רבי דערמאָנט, אַז אין תּלמוד ווערט דערציילט, ווי אין דער צײַט, ווען די רשעים און אכזרים פון אַמאָליקן רוים האָבן פאַרפײַניקט און אומגעברענגט רבי עקיבאן און די אַנדערע תּנאים — די עשׂרה הרוגי־מלכות — האָבן די מלאכים אין הימל אין וויי און פאַרוואונדער

אויסגעשריגן: זו תּורה וזו שׂכרה? צי אַט אַזאַ שׂכר האָבן זיך פאַרדינט די גרויסע, פאַרהייליקטע לערער פון פאָלק ישׂראל? וואו איז די מאָס פון גערעכטיקייט? אַט אַזאַ אויסגעשריי, איז ער זיכער, גייט זיך פונאַנדער אויך איצט, „ווען ריינע, אומשולדיקע, טײַערע ייִדישע קינדער, ממש מלאכים, און אויך דערוואַקסענע, ווערן אויסגעקוילעט נאָר דערפאַר, ווײַל זיי זענען ייִדן"... די גזירות און רדיפות צעשטערן דעם גוף און די נשמה. אויך אין גלויביקע — אין מאמינים — עקבערן מוראדיקע פראַגעס. אויב דער ציל איז צו לײַטערן אונז דורך יסורים, וואו איז די לײַטערונג?...

אָבער דער פּיאַסעטשנער רבי, מאָנט צו געדענקען, וואָס רבי עקיבא האָט געזאָגט צו זײַנע תּלמידים, בעת די רוצחים האָבן אים געפּײַניקט, קעמענדיק זײַן לײַב מיט אײַזערנע קאַמען. „מײַן גאַנץ לעבן — האָט ער זיך אָפּגערופן — האָב איך זיך מצטער געווען, ווען וועל איך קענען מקיים זײַן דעם פּסוק „בכל נפשך", און גיין אויף קידוש השם. איצט איז געקומען דער מאָמענט"... אַ העכערע פרייד האָט פון אים אַרויסגעשטראַלט. אויך דאָס האָט ר׳בי עקיבא געזאָגט: אַשריכם ישׂראל — וואויל איז אײַך ייִדן, גליקלעך זענט איר, וואָס איר זענט ייִדן!

און דער פּיאַסעטשנער רבי האָט צוגעגעבן: „הײַנט ווען אונטער די גזירות פון אומקום פאַלן אַרונטער אַלע ייִדן, לאָמיר שפּירן דאָס גליק. זאָל יעדער איינער פון אונז טראַכטן, אַז נישט ווײַל מיר האָבן עמעצן געטאָן שלעכטס, פאַרשיקט מען אונז אומצוקומען, נאָר ווײַל מיר זענען די קינדער פון אברהם, יצחק ויעקב... עס איז דער ציל פון די שׂונאים אונז אינגאַנצן צו פאַרניכטן, גוף און נשמה. דערפאַר דאַרפן מיר זיך שטאַרקן נישט צו פילן צומאָל די פיזישע לײַדן"... עס איז אַנגענומען, גיט ער צו, פון ר׳ מאיר פון ראָטענבורג — דער גרויסער פּוסק פון מיטלאַלטער, וועלכער האָט געליטן אומבאַשרײַבלעכע לײַדן צוליב זײַן מאָראַלישער פעסטקייט — אַז דער, וואָס גייט אויף קידוש־השם און גיט זיך אָפּ אַ חשבון פון זײַן דערהויבענער טאָט, שפּירט גאָרנישט קיין יסורים.

נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל קערט ער זיך אום צו דער עקידה: אברהם אָבינו האָט געפירט זײַן זון יצחק צו דער עקידה. דאָס איז נישט קיין איינמאָליקע פּאַסירונג און אונזער געשיכטע. דאָס איז נישט בלויז קיין פּרשה אין חומש, דאָס איז דער אָנהייב פון אַ גײַסטיקער דערפאַרונג. פון אַ פאָלקס־דערפאַרונג. „ויהי אחר הדברים האלה" — די ווערטער, מיט וועלכע די פּרשה פון דער עקידה פאַנגט זיך אָן, באַדײַטן נישט דווקא, אַז די זאַכן זענען פאַרגעקומען דעמאָלט. „האלה" איז דער טײַטש אַט־די דאָזיקע... די עקידה איז אַ קעגנוואַרטיקע פּאַסירונג. אָבער צו אברהם איז דערגאַנגען דער רוף: „שטרעק נישט אויס דײַן האַנט, דאָס איז בלויז אַ נסיון". מיר אין די געטאָס פאַרענדיקן די עקידה. עס האָט נישט קיין זין צו פאַרעקשנען זיך און וועלן דווקא וויסן, פאַרוואָס דאָס איז אַזוי. מיר באַגרײַפן נישט און זענען נישט פעאיק צו באַגרײַפן, וואָס עס קומט פאָר. דאָס איז העכער ווי דער

שׂכל; און דאָס, וואָס שטייגט איבער דעם פאַרשטאַנד, איז העכערע ווירקלעכקייט.

דורך אַלע עקבערנדיקע פּראָגעס, דורך דעם געדיכטן נעפּל פון אומבאַ־גרײַפלעכן סוד, רײַסט זיך אַדורך דער פלאַם פון גלויבן, וועלכן דער פּיאַסעטשנער רבי וויל אָנצינדן אין די, וואָס הערן זיך צו צו זײַן וואָרט. "אמונה, זאָגט ער, איז דער יסוד פון אַלצדינג". "גאָט האָט נישט פאַרלאָזט זײַן פאָלק". ווידער עפנט ער אויף דעם תּהלים. דאָרט איז געשריבן: גאָט באַגלייט זײַן פאָלק אין די צרות, וואָס עס מאַכט אַדורך; ער איז מיט זײַן פאָלק (עמו אנכי בצרה, תּהלים צא, טו). אין פּסח רעדט ער וועגן דער ישועה, וואָס איז געקומען צו די ייִדן אין מצרים, גראָד ווען די אכזריות און אײַנגעשפּאַרטקייט פון די פּרעהס האָבן זיך אויסגעוויזן נישט צו האָבן קיין אָפּהאַלט; און זי איז געקומען, די ישועה, לויט דעם ילקוט שמעוני, אין זכות פון דער אמונה — לא נגאלו אבותינו ממצרים אלא בזכות האמונה (ילקוט שמעוני בשלח). שבועות רופט ער אַדורכצענעמען צו ווערן מיט דער דערוואַרטונג און אינערלעכן ציטער, מיט וועלכע אונזערע אורעלטערן זענען געווען אַדורכגעדרונגען, ווען זיי זענען געשטאַנען בײַם באַרג סיני מקבל צו זײַן די תּורה. אין די ימים־נוראים ברענגט ער אַרויף דעם אָנדענק פון די הייליקע אויס־געקוילעטע קהילות. מיט וואָסער פאַרכט זיי פלעגן אָפּריכטן די תּפילות ראש־השנה און יום־כּיפּור. חנוכּה פּרישט ער אויף די גבורות און ניסים "פון יענע טעג" און פון סוד, וואָס פּלאַטערט אין די ליכטלעך. פּורים הייסט ער פריילעך זײַן, טאַקע פריילעך זײַן. עמלקס נאָמען וועט אָפּגעמעקט ווערן. בדרך הטבע איז שווער צו פאַרשטיין, ווי אַזוי מען קען זיך איצט שטאַרקן און זײַן פריילעך; אָבער אויך אין ים פון צרות זענען מיר בני מלכים, פּרינצן. געשלאָגענע, געפּײַניקטע, געיאָגטע, אָבער פּאָרט פּרינצן. און ווי בני מלכים דאַרפן מיר אַרויפברענגען "דעם ניצוץ פון שׂמחה". שבת־נחמו רופט ער אויס מיט אַ קול, וואָס האָט צוריקגעווינען זײַן פרישקייט: נחמו, נחמו עמי — ברענגט טרייסט צו מײַן פאָלק! די אויפמונטערנ־דיקע פּסוקים פון דער הפטורה פון נביא ישעיה, וואָס מען לייענט יענעם שבת, זענען דאָך אַזוי צוגעפּאַסט צו די באַדערפעענישן פון דער נשמה.

איבער די ייִדישע מידות שטעלט ער זיך אָפּ, וואָס מוזן כּסדר לעבן, און זיך באַוועגן אין פאָלק; דער עיקר איבער צוויי אַזעלכע מידות, מיט וועלכע ייִדן האָבן זיך תּמיד אויסגעצייכנט, און זיי טאָרן נישט, חלילה, אָפּגעשוואַכט ווערן. די ערשטע איז: מסירת־נפש. דאָס מיינט: מוסר נפש זײַן זיך אויך פאַר אַ צווייטן ייִד; טאָן אַלץ כּדי אַ צווייטן ייִד אויפצוהאַלטן בײַם לעבן; כּדי אים צו ראַטעווען פון די נעגל פון די חיות רעות. אוודאי איז דאָס אומגעווײנלעך שווער אַדורכצופירן אין די אוממענטשלעכע פאַרהעלטעניש, אין וועלכע דער ייִדישער קיבוץ ווערט פאַרמאַטערט און אין די נסיונות פאַר וועלכע ער ווערט געשטעלט. אָבער — מסירת־נפש איז דער ייִדישער צייכן, און מסירת־נפש פאַר אַ צווייטן ייִד באַדײַט: מסירת־נפש פאַר ייִדישקייט.

די צווייטע מידה איז: אהבת ישׂראל. מער נאָך ווי אין געוויינלעכע צײַטן מוז פון דער פינסטערניש, וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט, אַרויסלײַכטן די ליבשאַפט פון ייִד צו ייִד, די איבערגעגעבנקייט, די געטרײַשאַפט, די צוגעבונדנקייט. אויך ווען מען איז צעשמעטערט און צעפּיצלט, מוז מען זײַן אַ גאַנצער ייִד. אַזוי טײַטשט ער אויס דעם פּסוק: תמים תהיה (דברים יח, יג), גאַנץ מוזטו פאַרבלײַבן — אַפילו ווען פלערליי בייזע מיטלען ווערן אַנגעוואָנדן כּדי דיך צו שפּאַלטן. אָפּ־געבנדיק זיך אַ חשבון, ווי שווער עס איז מקיים צו זײַן אַזאַ הויכן געבאָט אין מיטן דער אימהדיקער פאַרלוירנקייט און צערודערונג, שפּאַרט ער זיך אָן אויף די ספרים פון דער קבלה, פון מוסר, פון חסידות. ייִדן זענען אַ מיסטישער איינס; אַ מיסטישע אייניקייט. אַלע ייִדישע נשמות זענען איין נשמה. יעדן איינעמס זאָרגן און פריידן זענען די זאָרגן און פריידן פון כּלל. אין ייִדישקייט האָט דער יחיד אַ חשיבות, וואָס ווערט פאַרגליכן צו דער חשיבות פון כּלל ישׂראל. אויב עס פעלט איין אות אין דער ספר־תּורה, איז זי פּסול; און איטלעכער ייִד, איז ווי אַן אות אין ספר־תּורה. ווער זעט דאָס נישט, און ווער ווייסט נישט, אַז עס גייט אַן אַ ביטערער, אויפּציטערנ־דיקער קאַמף פאַר עקזיסטענץ? אָבער אויך אין דער דאָזיקער אויפשווידערנדיקער ווירקלעכקייט — לאָמיר ליב האָבן איינער דעם צווייטן, לאָמיר העלפן איינער דעם צווייטן, לאָמיר טראָגן די צייכנס פון דער ייִדישער אמונה און אומה — רופט אויס דער רבי פון פּיאַסעטשנע.

בײַ דער רירנדיקער פּשטות און האַרציקייט פון זײַנע רייד, גראָבן זיי צוגלײַך אין די טיפענישן פון ייִדישע קוואַלן.

## ה

שוין אין בראשית־פּעריאָד פון פּוילישן ייִדנטום, ווען די יונגע קהילות האָבן ערשט אָנגעהויבן געווינען זייער רײַפקייט, האָט מען זיך דאָרט פאַרטראַכט, געערעדט און געשריבן, איבער די זיגזאַגן פון ייִדישע געשיכטלעכע וועגן, און איבער דעם זין פון ייִדישן זײַן. מען האָט זיך נישט אָפּגעהאַלטן פון שטעלן פראַגעס, אַפילו ווען זיי זענען געווען אויפטרייסלנדיקע און מוראדיקע, און האָבן אָנגערירט דעם סאַמע תּוך פון ייִדישן קיום. מען האָט לײַדנשאַפטלעך געזוכט באַשייד צום "פאַרוואָס" פון ייִדישע לײַדן. ממש צעשטורעמט זענען געוואָרן די געמיטער, בעת אַ מבול פון פּײַן פלעגט זיך אַראָפּלאָזן אויף דעם ישוב, אויף זײַנע שטעט און שטעטלעך.

אָבער די פראַגעס, ווי ביטער און שאַרף און אויפרודערנדיק זיי זענען געווען, האָבן נישט געפירט צו צווייפל און פאַרצווייפלונג. מען האָט זיך געקווילט אין יסורים; אָבער מען האָט זיך נאָך שטאַרקער געטוליעט צו ייִדישקייט. מיט אומדערשיטערטער איבערצײַגונג און כּסדר אָנהאַלטנדיקער התלהבות האָט מען צעפלאַקערט דאָס פײַער פון גלויבן. עטוואָס מער: מיט נאָך גרעסערער וואַרעמקייט

האָבן אין דער גורל־צײַט אַרויסגעשײַנט פון די חורבות דורותדיקע ליכטיקע ייִדישע מידות און די אייגנשאַפטן פון ייִדישן הארץ. אין וואָסער אַנדערן קיבוץ זענען אַזויפיל אינהאַלט און ממשות אַרײַנגעלייגט געוואָרן אין ייִדישער פאָלקס־צונויפברודערונג, און אין אַזעלכע ווערטן ווי מסירת־נפש און אהבת־ישׂראל ?! פרעמדע און ווײַטע זענען געשטאַנען דערשטויגטע און פאַרוואונדערטע בײַם אַנטרעף מיט אָט דער געיאָגטער און געפלאָגטער מאַסע, וואָס האָט מיט לײַב און נשמה זיך געקלאַמערט אין אַ געדאַנקען־ריכטונג און אין אַ לעבנס־שטייגער, וועלכע האָבן נאָך געמוזט אַרויסקומען געשטאַרקטע נאָך יעדן שטורעם.

דער לעצטער אויסגעשריי פון פיאַסעטשנער רבי, ר׳ קלונימוס־קלמן, באַווײַזט, אַז ביז צו דער לעצטער שעה איז מען דאָרט פאַרבליבן געטרײַ צו דער דאָזיקער געשיכטלעכער טראַדיציע. אויך אין שרעקלעכסטן חורבן איז געווען גאַנצקייט אין דער אָנגעגריפענער ייִדישער נשמה. מיט די באַגריפן און מיט דעם לשון, וואָס זענען געווען אייגנטימלעך פאַר חסידות, לאָזט זיך זאָגן: ביז צו דער לעצטער שעה איז מען פאַרבליבן ייִדן איבער די כּוחות.

# דאָס איבערראַשנדיקע אין נחמן קראָכמאַל

הונדערט און פופציק יאָר זענען פאַרבײַגעגאַנגען זינט נחמן קראָכמאַל האָט געשאַפן און געווירקט; אָבער ער איז נאָך אַלץ פאַר אונדז אַ געוואַלטיקע איבערראַשונג. בײַם סוף פון איצטיקן צוואַנציקסטן יאָרהונדערט שטוינען מיר איבער זײַן פּערזענלעכקייט און איבער זײַנע דערגרייכונגען, גענוי ווי מען האָט איבער זיי געשטוינט גלײַך ווי ער האָט אַרײַנגעטראָגן זײַן בײַשטייער צו דער ייִדישער קולטור.

איבערראַשנדיק איז זײַן עצם דערשײַנונג, זײַן אַנטוויקלונג־וועג, די אויפגאַבע וואָס ער האָט פאַר זיך געשטעלט. נחמן קראָכמאַל האָט נישט באַקומען זײַן אויסבילדונג אין קיין שולעס; ער האָט נישט אַדורכגעמאַכט זײַנע שטודיעס אין אוניווערזיטעטן. זײַן געבוירנאָרט איז געווען אין בראָד, אין גאַליציע; דעמאָלט, ווען גאַליציע איז נאָכן פונאַנדערפאַל פון דער זעלבשטענדיקייט פון פּוילן, געוואָרן אָקופּירט דורך עסטרײַך. דער ישוב, וואו ער האָט אויסגעטראָגן און פונאַנדערגעטראָגן זײַן לערע, איז געווען זשולקיעוו, אין דער זעלבער געגנט. דאָרט האָט ער, שפּאַצירנדיק אין די וועלדער און פעלדער מיט זײַנע תּלמידים, דורשטיקע צוצוהערן זיך צו זײַן וואָרט, אויסגעלייגט פאַר זיי זײַנע אידייען און באַגריפן, וואָס זענען געווען באַשטימט אַרויפצופירן די ייִדישע מחשבה אויף נײַע וועגן. די לעצטע יאָרן פון זײַן לעבן האָט ער געוואוינט אין טאַרנאָפּאָל, אַן אַנדער ייִדישער ישוב פון דער שטעטל־געאָגראַפיע. ער האָט, בכן, געלעבט און געווירקט אָפּגעריסן פון די גרויסע אייראָפּעאישע קולטור־צענטערס פון זײַן צײַט.

און דאָך, אין דער אָפּגעגרענעצטקייט און ענגשאַפט פון זײַן סביבה, איז ער אויסגעוואַקסן ווי אײנער פון די באַדײַטנדיקסטע דענקער, און ווי אײניקע שאַצן אָפּ, ווי דער וויכטיקסטער ייִדישער דענקער פון די מאָדערנע צײַטן. גרעץ, דער מחבר פון דער מאָנומענטאַלער געשיכטע פון ייִדישן פאָלק, באַטראַכט אים ווי דער פאָטער פון דער ייִדישער וויסנשאַפט. דער קולטור־היסטאָריקער ישׂראל צינבערג דריקט זיך אויס וועגן אים, אַז ער איז געשטאַנען אין אויבנאָן פון דער קולטור און וויסנשאַפט פון זײַן תּקופה. זײַן אַלגעמיין־אַנערקענטער בן־דור,

דער ייִדישער געלערנטער פֿון דײַטשלאַנד, לעאָפּאָלד צונץ, האָט געשריבן, אַז די גרויסע דײַטשע פֿילאָסאָפֿן האָבן גאָרנישט געהאַט קיין אַנונג, אַז ערגעץ־וואו, אין אַ פֿאַרשטויסענעם ווינקל אין גאַליציע, זיצט אַ פּוילישער ייִד, וואָס איז באַהאַוונט אין די פֿילאָסאָפֿישע שיטות מער ווי זיי אַלע. שׂמחה פּיעטרושקאַ, דער עילוי פֿון פֿאַר־חורבנדיקן וואַרשע און אַנגעלערנטער קענער פֿון ייִדישקייט, האָט זיך נישט אָפּגעהאַלטן פֿון באַצייכענען אים ווי דעם באַדײַטנדיקסטן ייִדישן דענקער פֿון די לעצטע יאָרהונדערטער. דער ערודיט און פֿאָרשער שמעון ראַווידאָוויטש, געוויינלעך שפּאָרעוודיק אין לויב־עפּיטעטן, פֿאַרזיכערט, אַז ער איז געווען דער שטאַרקסטער און אַממײַסטן קאָנצענטרירטער מוח, וואָס האָט געווירקט אין ייִדישן לעבן אין דער מאָדערנער תּקופֿה.

ווען מען גײט נאָך צו, אַז נחמן קראָכמאַל איז אַלע זײַנע יאָרן געווען אַ קראַנקער, דאַר און אָפּגעצערט, ווי זײַנע מיטצײַטלער שילדערן אים — "אָנגעשפּאַרט אויף זײַן שטעקן, פֿלעגט ער ווי אַ שאָטן וואַנדלען איבער די גאַסן" — שטײַגט נאָך שטאַרקער אין אונדז די איבעראַשונג פֿאַר די אומגעוויינלעכע פֿיזישע און גײַסטיקע אָנשטרענגונגען, וואָס ער האָט געמאַכט. אָפּטמאָל האָבן אים אויסגעפּעלט די כּוחות אַפֿילו צו האַלטן אַ פּען אין דער האַנט — דערציילט אַן אַנדערער פֿון זײַנע בני־דור און פֿאָרערער, שמואל דוד לוצאַטו.

דערצו האָט ער אין די געשיכטע־פֿאָרשונגען, אין וועלכע ער האָט זיך אַרײַנגעלאָזט, צומאָל נישט געהאַט קיין טעקסט־בוך פֿון ייִדישער געשיכטע, וואָס אויף אים וואָלט ער זיך געקענט שטיצן. דאָס איז נאָך געווען פֿאַר צבֿי גרעץ, פֿאַר אײַזיק הירש ווײַס, און עטלעכע דורות פֿאַר שמעון דובנאָוו. די ספֿרים, וואָס זייער טעמע איז געווען די ייִדישע פֿאַרגאַנגענהייט, זענען גיכער געווען כראָניק־פֿאַרצייכענונגען; און ווײַט נישט קיין פּרעציזע פֿאָרשונגען. אַפֿילו די ווערק פֿון יאָסעפֿוס פֿלאַוויוס, מיט דער מעגלעכקייט וואָס זיי גיבן צו דערקענען די לעצטע עפּאָכע פֿון דער ייִדישער פּאָליטישער זעלבשטענדיקייט, — שפּרײַזן נישט אַרויס אינגאַנצן פֿון דער דאָזיקער קאַטעגאָריע. אָבער נחמן קראָכמאַל האָט דווקא געוואָלט אַנאַליזירן די היסטאָרישע פּראָצעסן און נישט סתּם אָנקלייבן און פֿאַרנאָטירן פֿאַקטן. אין זײַן וויסן־דאָרשטיקייט, וואָס האָט זיך גאָרנישט געקענט אײַנשטילן, האָט ער געשטרעבט צו פֿאַרשטיין די פּאַסירונגען און דערקלערן, פֿאַרוואָס זיי זענען געווען אַזעלכע און נישט אַנדערש; באַגרײַפֿן און באַלויכטן די סיבות, די אומשטענדן; אַרײַנדרינגען אין דעם תּוך, אין דעם "טיפֿן וועזן" פֿון דער טויזנט־יעריקער ייִדישער געשיכטלעכער דראַמע. און אַזוי שווער איז דאָך געווען צו באַווײַזן דאָס צו טאָן, נישט פֿאַרמאָגנדיק צוהילף, לכל הפּחות, אַ פֿולן לײַטישן טעקסט פֿון דער ייִדישער געשיכטע.

נחמן קראָכמאַל איז דער ערשטער פֿילאָסאָף פֿון דער ייִדישער געשיכטע. אַרום אים, אין דער דרויסנדיקער וועלט, איז אָנגעגאַנגען דער שטורעם פֿון אויסער־

געוויינלעכע אויפטרייסלונגען. דאָס איז געווען די תּקופֿה פֿון דער גרויסער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציע און פֿון די נאָכקומענדיקע נאַפּאָלעאָן־מלחמות. דער הילכיקער אָפּקלאַנג פֿון די געשעענישן איז דערגאַנגען צו דער ייִדישער גאַס. אַן אויפֿברויז האָט אויפֿגערודערט און צעטרייסלט די געמיטער. נישט בלויז אין מערבֿ־אייראָפּע, נאָר אויך אין מיזרח־אייראָפּע, וואו די ייִדישע מאַסן זענען געווען קאָנצענטרירט, האָט ווי אַ קאָנסעקווענץ פֿון דעם, וואָס האָט זיך אָפּגעטאָן אין דרויסן, און פֿון דעם וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אינעווייניק, אין דער ייִדישער מחנה, זיך פֿאַרשאַרפֿט דער פֿונאַנדערטייל אין דער געזעלשאַפֿט, וואָס האָט זיך אויסגעוויזן פֿריִער נישט צו זײַן אַזוי ראַדיקאַל צעשפּאָלטן. משׂכּילים, חסידים, מתנגדים, אַסימילאַטאָרן, האָבן זיך אָוועקגעלאָזט אין פֿאַרשידענע קעגנזעצטע וועגן, און אין בראָד, אין זשולקיעוו, אין טאַרנאָפּאָל, אין דער געדיכטעניש פֿון די באַגריפֿן־קאָנפֿליקטן, איז געזעסן איבער ספֿרים און ביכער אַ שוואַכער, קראַנקער ייִד, ווען עס האָבן קוים געקלעקט כּוחות צו האַלטן די פֿעדער אין האַנט. ער האָט, אָנגעשטרענגט און קאָנצענטרירט אין זײַנע מחשבֿות, געלייגט ציגל צו דער ייִדישער היסטאָריאָסאָפֿיע. ער האָט געזוכט אַ טאָלק אין דעם פּלאָנטער פֿון די פּאַסירונגען. ער האָט געזוכט די פֿעדים פֿון וועלכע עס איז צענויפֿגעשפּינט אַלגעמיינע געשיכטע, און אויך די פֿעדים פֿון וועלכע ס'איז צענויפֿגעוועבט ייִדישע געשיכטע; געזוכט און זיי אַרויסגעצויגן איינע בײַ איינע, אַנאַליזירט און אויסגעלייגט, און אַרויסגעקומען מיט אַ שיטה, וואָס אין איר האָט ער דערקלערט וואָס איז, לויט אים, אויסגעקומען צו זײַן דער "אינערלעכער אינהאַלט" פֿון ייִדישן וועג דורך דורות.

ער איז דערשײַנען מיט אַ שיטה, וואָס געגנוי ווי ער אַליין, איז זי אַן איבער־ראַשונג. פֿאַר נחמן קראָכמאַל איז געווען קלאָר, אַז דאָס איז דער גײַסטיקער עלעמענט, וועלכער ווירקט אין דער מענטשלעכער געשיכטע. מעגן די און יענע אַרגומענטן עדות זאָגן, אַז גײַסט און גײַסטיקע ענייִנים זענען פֿאַרשטופּט אין אַ ווינקל, און עס זעט זיך גאָרנישט אַן, אַז זיי זאָלן פֿאַרמאָגן אַן אַנטשיידנדיקן כּוח און איינפֿלוס, איז דאָך פֿאַרט נישט אַזוי. אויב מען דרינגט אַרײַן טיפֿער אין "פֿאַרוואָס" פֿון די געשיכטלעכע פּראָצעסן, קומט מען צו דער איבערצײַגונג, אַז אַן דעם גײַסטיקן מאָטיוו וואָלטן זיי זיך בכלל נישט באַוועגט. קראָכמאַלס וועלט־באַנעם איז אַן אידעאַליסטישער. אין יענעם גרויסן מחשבֿות־געראַנגל וואָס איז אָנגעגאַנגען אין פֿאַריקן יאָרהונדערט צווישן דער אידעאַליסטישער און מאַטעריאַליסטישער שולע, האָט ער זיך אַרויסגעזאָגט לטובֿת דעם אידעאַליסטישן צוגאַנג. אין דער פֿילאָסאָפֿישער לערע האָט אָט דעם צוגאַנג דעמאָלט רעפּרעזענטירט דער דײַטשער דענקער העגעל; בעת אין דער קעגנערישער שיטה האָט מען באַמערקט אין אַלץ וואָס איז געשען און געשעט די מאַטעריאַליסטישע שטויס־

קראַפט, האָט העגעל אונטערגעשטראָכן גראָד די גײַסטיקע שטרעמונגען און זייער ווירקונג. די נאַציאָנאַלע קולטור פון וואָס־עס־איז פאָלק איז פאַר אים געווען אַ פּראָדוקט און אויסדרוק פון דער גײַסטיקער אייגנאַרטיקייט פון דאָזיקן פאָלק; נחמן קראָכמאַלן האָט אימפּאָנירט אַזאַ אינטערפּרעטאַציע.

אָבער דאָס מיינט נישט, אַז ער איז אין אַלצדינג זיך צונויפגעגאַנגען מיטן פּרייסישן פילאָסאָף. העגעל האָט געהאַלטן, אַז ערשט דורך אַן אייגענער אַנטוויקל־טער מדינה קומט צום פולן אויסדרוק די אייגנאַרטיקייט פון אַ פאָלק; וואָרום די מדינה איז די העכסטע אַנטפּלעקונג פון "נאַציאָנאַלן גײַסט". קראָכמאַל איז ווײַט נישט געווען איבערצײַגט, אַז דאָס איז טאַקע אַזוי. עס קען אויך פּאַסירן פאַרקערט, האָט ער געזאָגט. אַ פאָלק האָט אַ ברירה צו פאַרמאָגן אַ מדינה, און דאָך פאַר־נאַכלעסיקן די זאַכן פון גײַסט; און דאַקעגן נישט האָבן קיין אייגענע טעריטאָריע, און פאָרט זײַן איבערפולט איבער די ברעגן מיט אייגנאַרטיקע גײַסטיקע ווערטן.

וואָס שייך דעם געשיכטלעכן וועג, וואָס פעלקער מאַכן אַדורך, האָט ער, גייענדיק אין די טריט פון העגעל, מיט פאַרבליפנדיקער ערודיציע און אַנאַליטישן טאַלאַנט אויפגעוויזן, אַז גענוי ווי אַ יחיד אין זײַן לעבן, מאַכט אויך אַ פאָלק אַדורך דרײַ עטאַפּן: די צײַט פון יוגנט, וואָס איז דער פּעריאָד פון אויפשפּראָץ און אויפגאַנג; די צײַט פון רײַפקייט, וואָס איז דער פּעריאָד פון וואוקס און פונאַנדערבלי; די צײַט פון אַלטקייט, וואָס איז דער פּעריאָד פון וועלקן און פאַרגיין, און וואָס פאַרענדיקט זיך מיטן פולשטענדיקן פאַרשווינדן. מען קען נעמען די געשיכטע פון פעלקער און זיך איבערצייגן, אַז דער פונאַנדערטייל איז אַ ריכטיקער. אַזויפיל פעלקער פון אַלטערטום האָבן אַדורכגעמאַכט די דרײַ פּאַזעס און לסוף אַראָפּגעגאַנגען פון דער געשיכטלעכער אַרענע. אַזאַ איז געווען דער גורל פון עגיפּטן, פון אַשור, פון בבל, פון פּערסיע, פון אַלטערטימלעכן גריכנלאַנד, פון אַלטערטימלעכן רוים, און אַזוי פיל אַנדערע נאַציעס, וואָס זענען פאַרדעקט געוואָרן מיט דעם שטויב פון דער צײַט.

אָבער ווען עס קומט צו ייִדן, גייט עס אַנדערש. אויך דאָס ייִדישע פאָלק האָט אַדורכגעמאַכט — און נישט איין מאָל, נאָר עטלעכע מאָל — די אויבנדערמאָנטע פּאַזעס: יוגנט, רײַפקייט, אַלטקייט; ווען עס האָט אָבער אָנגערוקט די שעה פון פאַרשווינדן, האָט דאָס פאָלק מיטאַמאָל זיך באַנײַט. יונגע לעבנסזאַפטן האָבן גענומען אין אים שפּרודלען; אויפפרישנדיקע כוחות האָבן אָנגעהויבן פולסירן; און אַנשטאָט אָפּזאָגן דעם סוף־פּסוק, האָט דאָס פאָלק פונדאָסנײַ אַרײַנגעשפּאַנט אין פּעריאָד פון אויפגאַנג; דער געשיכטלעכער ציקל האָט ווידער זיך גענומען באַוועגן, און זיך איבערגעחזרט.

בײַשפּילן האָבן קראָכמאַלן נישט אויסגעפעלט צו באַשטעטיקן זײַן טעזע. די ייִדישע געשיכטע אין אַלע אירע תּקופות, וואַנדלונגען און ענדערונגען, האָט געלעבט אין זײַן האַרץ. זי איז געווען, אַזוי צו זאָגן, זײַן אָטעם. אויב עס האַנדלט

זיך וועגן דעם סאַמע ערשטן אויפשפּראָץ, דערציילן דאָך איבער אים די ספרים פון תנ״ך. אַט דערשײַנען די ערשטע ייִדן, אַט וואַקסט זיך פונאַנדער דאָס פֿאָלק, עס קומט דער אויפשטײַג: שופטים, קעניגן, נביאים. דער פונאַנדערבלי פון דער ייִדישער לערע פון מאָראַל; די נאַציאָנאַלע אייגנאַרטיקייט געפינט זיך אין דער פולער רײַפקייט. מיטן לויף פון די יאָרהונדערטער רוקט אָבער זיך אָן דער בין־השמשות. אַלץ זעט אויס אונטערצוגיין; ירושלים שטייט אין פלאַמען, דער בית־המקדש אין חורבות, דאָס פֿאָלק גייט אַוועק אין גלות.

צי האָט טאַקע אַראָפּגענידערט די שעה פון פֿאַרגיין? ווי אומגלויבלעך דאָס האָט זיך אויסגעוויזן, ״די אויסגעטריקנטע ביינער״ — ווי מען האָט אין יענעם דור זיך אויסגעדריקט — האָבן זיך געגומען באַוועגן מיט נײַעם לעבן. עס האָט זיך אומגעקערט דער ווילן צו זײַן. אין ארץ־ישׂראל ווערט ווידער אויפגעבויט ייִדישקייט, ייִדישע קולטור; און דאָס זעלבע פּאַסירט אויך אויסער די גרענעצן פון ייִדישן לאַנד. אין דער תּקופֿה פון די חשמונאים דערגרייכט פונדאַסניי דאָס פֿאָלק צו רײַפקייט, צו שעפערישער הויך. דאָס ראָד פון דער געשיכטע דרייט זיך אָבער אין זײַן גוט־באַקאַנטן ציקל. בײַ געענדערטע אומשטענדן קייקלט זיך דאָס פֿאָלק באַרג אַראָפּ. ווידער ווערט די דעראָבערטע זעלבשטענדיקייט צעשטערט. פון צווייטן בית־המקדש וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן מיט אַזויפיל ענטוזיאַזם, פֿאַרבלײַבן שטויב און רואינען. איצט — דער עיקר נאָכדעם ווי דער אויפשטאַנד פון בר־כוכבא איז דערשטיקט געוואָרן, און די רעשטן פון פֿאָלק און פון דער קולטור זענען פֿאַראורטיילט געוואָרן צום אויסראָט — איצט קוקט אויס, ווי אַלץ שליסט זיך אָפּ אויף אַן אמת.

פונדאַסניי אַ טעות. אין תּהום פון אונטערגאַנג שײַנט אויף די אויפגעפרישטע עקזיסטענץ. אויב ייִדישע פּאָליטישע זעלבשטענדיקייט קען מער נישט אָנגעמען הויט און ביינער, אַנטפּלעקט זיך אויף איר אָרט די גײַסטיקע זעלבשטענדיקייט. דאָס פֿאָלק איז מער נישט צונויפגעבונדן מיט די ענגע גרענעצן פון אַ באַשטימטער טעריטאָריע; עס וואַקסט אַריבער דעם מלוכה־אָרגאַניזם. אין דער נײַער גאָלדענער תּקופֿה פון דער ייִדישער צעשפּרייטקייט, אין בבל, אַנטשטייט דער תּלמוד, זײַן ליטעראַטור, זײַן טראַדיציע. ייִדישע אייגנאַרטיקייט גייט אָן. ייִדיש לעבן איז פול מיט אינהאַלט, מיט ווערטן. הונדערטער יאָרן ציט זיך די וואונדער־קייט. אַפילו ווען דער ישוב אין בבל מאַכט אַדורך אַ קאַטאַקליזם, וואַנדערט דער גײַסטיקער צענטער אַריבער, אין מיטלאַלטער, קיין שפּאַניע, קיין דײַטשלאַנד, קיין פראַנקרײַך. אָבער אין סוף פון פופצנטן יאָרהונדערט פאַלט אַראָפּ די פינסטערניש פון דער נאַכט. פון שפּאַניע ווערן ייִדן אכזריותדיק אַרויסגעטריבן. אין אַנדערע מערבֿ־אייראָפּעאישע לענדער פּאַכעט אויפן פֿאָלק דער פֿאַרלענד. עס האָט זיך אָנגערוקט דער קאָשמאַר פון אונטערגאַנג.

אַזוי האָט דאָך נישט פּאַסירט. אויף אַן אומגעריכטן אופן האָט דאָס ייִדישע פֿאָלק, די ייִדישע קולטור, אַנטדעקט אין זיך נײַעם לעבנסווילן. גרויסע שעפֿעריש־קייט האָט אויפֿגעבליצט. דאָס מאָל אין מזרח־אייראָפּע, וואוהין אַ צאָלרײַכע ייִדישע באַפֿעלקערונג האָט אויסגעוואַנדערט. ווידער האָט זיך אָנגעפֿאַנגען דער אויפֿשפּראָץ. מען איז דערנאָך אַרײַנגעטראָטן אין דער שטופֿע פֿון רײַפֿקייט. ייִדיש־קייט איז נאָך שטאַרקער באַרײַכערט געוואָרן, נאָך מער פֿאָלקסטימלעך געוואָרן, נאָך מער ענערגיש און דינאַמיש. דאָס האָט אָבער נישט געקענט אויסמײַדן, אַז שפּעטער זאָל דאָס פֿאָלק נישט אַרײַנגיין אין זיקנה און באַפֿאַלן ווערן פֿון מידקייט. די קאָזאַקן־שחיטות, וואָס האָבן זיך צומאָל נישט פֿאַרענדיקט מיט דער מפּלה וואָס די באַנדעס האָבן געליטן, נאָר וואָס האָבן אויסגעזױגן צו ציִען זיך אָן אויפֿהער, צוזאַמען מיט די מוראדיקע גזירות, רדיפֿות און דערנידערונגען, האָבן אָנגעוואָרפֿן אַ מרה־שחורה און יִיאוש, וואָס זענען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פֿאַר אַ פֿאָלק, ווען עס האַלט בײַם אַראָפּגיין פֿון דער געשיכטלעכער אַרענע. צי האַלט מען שוין ווירקלעך בײַם לעצטן — בײַם לעצטן — קאַפּיטל ?

ניין! — רופֿט אויס נחמן קראָכמאַל — אָט שוין לאָזן זיך אָנזען די צייכנס פֿון פֿרישן אויפֿלעב. אָט שוין קען מען זיך איבערצייגן, ווי אַ נײַער אויפֿשפּראָץ גייט אויף אין דער טויזנטיעריקער ייִדישער דערפֿאַרונג.

נישט בלויז אַן אַנאַליז פֿון דער ייִדישער געשיכטע האָט קראָכמאַל אַדורכ־געפֿירט, נישט בלויז אויף פֿאַקטן האָט ער אָנגעטײַטלט; ער האָט אויך געזוכט די סיבות פֿון די דערשײַנונגען. ער האָט זיי געוואָלט דערקלערן פֿאַר די מענטשן פֿון זײַן דור, פֿון וועלכן אַ סך האָבן מער זיך נישט באַגנוגנט מיט די ענטפֿערס וואָס זענען געגעבן געוואָרן אַמאָל, און וואָס זענען באַטראַכט געוואָרן ווי "פֿאַרצײַטישע". יעדער דור, האָט ער געהאַלטן, שטעלט פֿראַגעס, און יעדער דור איז באַרעכטיקט צו באַקומען אויף זיי אַן ענטפֿער. צי האָט דען נישט דער רמב"ם אָנגעוויזן דעם וועג און די ריכטונג פֿאַר די, וואָס וועלן קומען נאָך אים? צי האָט ער דען נישט מיט זײַן פֿילאָסאָפֿישן ספֿר "דער וועגווײַזער פֿאַר די בלאָנדזשענדיקע" — מורה נבוכים — אויסגעטײַטשט די פּראָבלעמען אַזוי, אַז די מענטשן פֿון זײַן צײַט זאָלן זיי פֿאַרשטיין און באַגרײַפֿן?

און דער ענטפֿער וואָס נחמן קראָכמאַל האָט געגעבן פֿאַר דעם "וויאַזוי" פֿון ייִדישן טאַלאַנט צו פֿאַרוואַנדלען דאָס לעצטע קאַפּיטל אין אַ אָנהייב, און דעם עפּילאָג אין אַ פּראָלאָג, איז געווען: דאָס ייִדישע פֿאָלק פֿאַרמאָגט אַ נאַציאָנאַלע קולטור, וואָס איז כּולה גײַסט, און גײַסט איז אומשטערבלעך. אויך אין די קולטורן פֿון אַנדערע פֿעלקער זענען פֿאַראַן גײַסטיקע סובסטאַנצן. אָבער פֿאַר זיי איז דער גײַסטיקער עלעמענט בלויז אַ צוגאָב. פֿאַר די אַלטערטימלעכע גריכן איז דאָס גײַסטיקע געווען אַ מין בײַלאַגע צו דער עסטעטיק; פֿאַר די אַמאָליקע רוימער איז

גײַסט געוועזן אַ צוגאָב צו דער קונסט פון מלוכהשער אַדמיניסטראַציע. דאָס זעלבע לאָזט זיך זאָגן וועגן אַנדערע פעלקער. דערפאַר זענען בײַ זיי דער אונטערגאַנג פון דער נאַציאָנאַלער קולטור און פון דער נאַציע צווישן זיך ענג פאַרבונדן. זיי פאַלן צוזאַמען. פאַר ייִדן און אין ייִדן, איז גײַסט אַבסאָלוט. די גײַסטיקע אייגנאַרטיקייט איז דער תּמצית פון אונזער אומה. און ריינער גײַסט אונטערליגט נישט קיין פיזישע געזעצן. איר קענט אַנרופן די דאָזיקע אַבסאָלוטע גײַסטיקע סובסטאַנץ, אַזוי ווי איר ווילט. אין דער תּלמודישער ליטעראַטור ווערט זי באַצייכנט ווי דער "שׂר האומה", וואָס באַדײַט אייגנטלעך: דער וועזנטלעכער אינהאַלט פון פאָלק; אין דער מיסטיק ווערט זי אָנגערופן: די שכינה, די אייביקע געטלעכע שכינה, וואָס איז אויסגעשפרייט אויפן פאָלק; אין דער אידעאַליסטישער פילאָסאָפיע הייסט זי: פאָלקס־גײַסט אָדער קאָלעקטיווער נאַציאָנאַלער גײַסט. אָבער נישט וויכטיק איז, ווי אַזוי מען רופט זי; וויכטיק איז, אַז אין דעם געשיכטלעכן וועג פון ייִדישן פאָלק איז אָט דער אַבסאָלוטער גײַסטיקער אינהאַלט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער פענאָמענאַלער דערשײַנונג, וואָס נאָך אַ פּעריאָד פון וועלקן, עפנט זיך פונדאַסנײַ דער אויפשפּראָץ־עטאַפּ.

נחמן קראָכמאַל האָט דערקלערט: "דאָס אַבסאָלוט־גײַסטיקע אין אונז באַשיצט און באַשירעמט אונז פון אַלץ, וואָס איז פאַרבײַגייענדיק; אַפילו ווען עס קומט אויס, אַז מיר האַלטן בײַם סוף, באַוועגט זיך אין אונז דער באַלעבנדיקער גײַסט און דערפירט צו אַ נײַעם בראשית"...

מען האָט אים געקענט זען אין די גאַסן פון זשולקיעוו און אין די אַרומיקע וועלדער און פעלדער אַרומגערינגלט מיט תּלמידים פון נאָענט און ווײַט, פאַר וועלכע ער האָט אַנטוויקלט זײַן לערע; זײַן פּערזענלעכקייט האָט צוגעצויגן, זײַן מאָראַלישע פּערזענלעכקייט און אויך דער לערער, וואָס איז געווען אין אים, און וועלכער איז געשטאַנען אונטער זײַן וואָרט. מען האָט אים גערופן אין פאַרקירצונג: רנ"ק — ר' נחמן קראָכמאַל. אויך קעגנער זענען אויפגעשטאַנען. מען האָט אים קריטיקירט. נישט אַלעמען זענען געפעלן געוואָרן זײַנע באַגריפן און אידייען. הגם זיי זענען געווען טיף פאַרוואָרצלט אין ייִדישקייט, האָט זייער לבוש זיך אויסגעוויזן צו זײַן נישט אינגאַנצן טראַדיציאָנעל־ייִדיש. מען קען נישט זאָגן, אַז דאָס האָט אים נישט אַרײַנגעפירט אין פאַרביטערונג. אָבער ער איז דערפאַר נישט אָפּגעשטאַנען פון פאַרשפּרייטן זײַן שיטה. מען טאָר נישט זײַן פאַרקוקט אין זיך, ווען די ייִדישע דראַמע זוכט איר אויסטײַטש — האָט ער געזאָגט — בפרט ווען אַלץ אַרום וואַקלט זיך און ווערט צעטרייסלט, און די טריבע שטימונגען און די מעלאַנכאָליע דראָען צו באַוועלטיקן אַלץ ברייטערע שיכטן. דער תּלמיד־חכם פון גאַליציע האָט געשפּירט, אַז ער טראָגט אין זיך דעם אחריות־באַוואוסטזײַן פאַר דעם מאָרגן פון פאָלק. עס איז טאַקע אמת — האָט ער דערקלערט — אַז דער "אַבסאָלוטער גײַסט", וואָס לעבט אין אַלע צײַטן אין דער ייִדישער אומה,

וועט איר אָפּהיטן פון נאַציאָנאַלן פונאַנדערפאַל; אָבער ער דערוואַרט אויך פון אונזער זײַט אַ "באַוועגנדיקע קראַפט". ער דערוואַרט פון אונז מי, אָנשטרענגונג, קאָנסעקווענץ, כאַראַקטער. דער עיקר דערוואַרט ער דאָס פון די מענטשן פון אינטעלעקט און גײַסטיקן אומרו.

זײַנער אַ בן־דור, דער געלערנטער שלמה יהודה ראַפּאַפּאָרט, וועלכער האָט נישט געוואוינט אין דער זעלבער שטאָט וואָס קראָכמאַל, דערציילט אין זײַנע זכרונות: "איך געדענק נאָך די אַזוי שיינע צײַטן ווען איך פלעג פאָרן צו אים אויף אַ טאָג, אויף צוויי, אָדער גאָר אויף אַ גאַנצע וואָך. מיר פלעגן שפּאַצירן אויסער דער שטאָט און שמועסן. זיסער פון אַלע פאַרגעניגנס אין דער וועלט זענען פאַר מיר געווען די דאָזיקע געשפּרעכן. מ'האָט זיך גאַרנישט געקענט אָנזעטיקן מיט זײַנע קלוגע רייד. יעדעס וואָרט זײַנס איז געווען אַדורכגעדרונגען מיט וויסן"...

אויפן אַלטן טראַדיציאָנעלן שטייגער פון די דענקער פון אַמאָל האָט קראָכמאַל אויסגעלייגט זײַן תורה: בעל פּה, מינדלעך. ווען מען איז צו אים צוגעשטאַנען, אַז ער זאָל זײַנע ווערטער, וואָס האָבן דאָך אַנטהאַלטן אַ גאַנצע שיטה, אויפֿשרײַבן, האָט ער אָפּגעענטפערט: "זינט מײַנע יונגע יאָרן האַלט איך מיך בײַ דעם כּלל, אַז איידער איך וועל אויפצייכענען פאַר אַנדערע דאָס וואָס איך ווייס, וועל איך פריער אַליין לערנען דאָס, וואָס איך ווייס נאָך נישט; און איך האָב נאָך אַ סך צו לערנען"...

ענדלעך האָט ער זיך געלאָזט צורײדן. ער האָט אָנגעהויבן פאַרשרײַבן זײַנע אידייען. ער האָט געשריבן אין העברעאיש און אָנגערופן דעם מאַנוסקריפּט: "אמונה צרופה", די געלײַטערטע אמונה. די אַרבעט, די אָנשטרענגונג האָבן נאָך מער אָפּגעשוואַכט זײַן געזונט. ער האָט נישט באַוויזן צו פאַרענדיקן זײַן ווערק. ער האָט אָנגעצייכנט דעם פּלאַן, אויסגעבויט דעם סיסטעם, און אָנגעשריבן זיבעצן קאַפּיטלען. ער האָט באַוויזן אָנצוזאָגן, אַז זײַן ווילן איז, אַז מען זאָל דעם מאַנוסקריפּט אַוועקשיקן קיין בערלין, צו דעם באַרימטן ייִדישן פאָרשער לעאָפּאָלד (יום־טוב ליפּמאַן) צונץ, כּדי ער זאָל אים איבערלייענען און אַרויסזאָגן זײַן מיינונג, — און די פעדער איז אים אַרויסגעפאַלן פון דער האַנט. אין עלטער פון פינף־און־פופציק יאָר, מיט הונדערט און פופציק יאָר צוריק.

אַ שטיק צײַט, כּמעט עלף יאָר, איז דער מאַנוסקריפּט אָפּגעלעגן בײַ צונצן. פאַרוואָרפן מיט אַרבעט, באַשעפטיקט מיט שרײַבן זײַנע אייגענע ווערק, האָבן די פאַרשריבענע בלעטלעך, וואָס קראָכמאַלס תּלמידים האָבן צו אים אַריבערגעשיקט, געמוזט וואַרטן, אַז עס זאָל אָנרוקן זייער ריי. ענדלעך האָט צונץ זיי גענומען לייענען; און וואָס שטאַרקער ער האָט זיך אין די בלעטלעך אַרײַנגעלייענט, אַלץ מער איז ער איבערצייגט געוואָרן, אַז אָט דאָס אומפאַרענדיקטע ווערק, וואָס ער האָט פאַר זיך, איז איינס פון די מערקווירדיקסטע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין

געביט פון דער ייִדישער היסטאָריאָסאָפיע, אין דער מאָדערנער תקופה. וואָסער פּרעציז־צוגעקליבענער מעטאָד! וואָסער פעסט־אויסגעבויטער סיסטעם! וויפיל חריפות, בקיאות, גײַסטרײַכקייט! וואָסער אָנרעגנדיקער, פּאַרטיפטער געשיכטלעך־פילאָסאָפישער באַנעם פון פאָלק און זײַנע קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען! און צוזאַמען דערמיט, וואָסער רירנדיקע מעלאָדיע פון האַרץ גייט זיך דאָרט פונאַנדער פון די שורות!

צונץ האָט געענדערט דעם נאָמען פון מאַנוסקריפּט. ער האָט אים אָנגערופן: "מורה נבוכי הזמן" — דער וועגווײַזער פאַר די בלאָנדזשענדיקע פון דער איצטיקער צײַט. ער האָט געהאַלטן, אַז אָט דער נאָמען שפּיגלט גענויער אָפּ דעם אינהאַלט און אויך דעם ציל, וואָס דער מחבר האָט געהאַט פאַר זיך שרײַבנדיק זײַן ווערק, און ער האָט דאָס ספר אַרויסגעגעבן. עס איז דערשינען אין עטלעכע אויפלאַגעס.

גענוי ווי פאַר אים, פאַר צונצן, איז דאָס ספר געווען אַן איבערראַשונג אויך פאַר די לייענער; און גענוי ווי פאַר די לייענער פון די פאַרלאָפענע דורות, זענען דאָס ספר און דער מחבר אַן איבערראַשונג פאַר אונז, אין הײַנטיקן דור.

אייגנטלעך ציט זיך אויס די איבערראַשונג אויפן גאַנצן ייִדישן קיבוץ, וואָס פון אים איז אַרויסגעקומען נחמן קראָכמאַל. אָט זעט, פאַרטראַכט אײַך: אין אַ ווירקלעכקייט פון לײַדן, פון גזירות און רדיפות, פון ענגשאַפט און דערניי־דעריקונג — און אָט אַזעלכע ווי ער זענען דאָרט אויסגעוואַקסן. געיאָגטע, גע־פּלאָגטע, באַליידיקטע, רעכטלאָזע — און וואָסערע פערזענלעכקייטן; וואָסערע ווירדיקע טרעגער פון דער "אַבסאָלוטער גײַסטיקייט", וואָס זיי האָבן זי דײַטלעך געזען פלאַטערן איבער דער ייִדישער געשיכטע!

# דער אַלײניקער װעג פֿון שמואל דוד לוצאַטאָ

ער איז געװען אײנער פֿון די אַלײניקסטע אין דער ייִדישער קולטור־געשיכטע. שמואל דוד לוצאַטאָ (אָדער װי ער װערט אָנגערופֿן אין פֿאַרקירצונג: שד״ל) האָט געלעבט אין אַן איבערברוך־צײַט פֿון אידײען. דאָס איז געװען אין די ערשטע יאָרצענדליקער פֿון פֿאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט; און סײַ אין דער קולטור־װעלט בכלל, סײַ אין דעם קרײַז פֿון ייִדישער גײַסטיקײט, האָט מען דערװאַרט פֿון די געלערנטע און פֿאָרשער, אַז זײ זאָלן „נעמען שטעלונג״, און זיך אַרױסזאָגן, צו װעלכער געדאַנקען־שולע זײ שליסן זיך אָן; װאָסערע באַגריפֿן זענען זײ נאָענט, און אונטער װאָסער שיטה זײ שרײַבן זיך אונטער. אָבער ער, שמואל דוד לוצאַטאָ, האָט זיך נישט אונטערגעגעבן דעם דאָזיקן אײַנשטעל. אַ פֿענאָמענאַלע פּערזענלעכקײט, אַ פֿענאָמענאַלער מוח, האָט ער געטענהט אַז עס איז אוממעגלעך אײַנצוצוימען דעם דענקענדיקן מענטש אין די ענגע ראַמען פֿון אַ באַשטימטער אידעאָלאָגיע; און אַװדאי קען מען דאָס נישט אױספֿירן לגבי אַ דענקענדיקן ייִד, אַ זון פֿון אַ פֿאָלק, װאָס צײלט שױן אַ סך טױזנטער יאָרן פֿון געשיכטע. אָט־די געשיכטע שימערירט מיט כלערלײ קאָלירן, און איז אַדורכגעדרונגען מיט אַ שלל פֿון באַגריפֿן און שטרעמונגען . . .

שױן בלױז זײַן נאָמען, זײַן אָפּשטאַם, האָבן באַרעכטיקט, מען זאָל אים שטעלן די פֿאָדערונג, אַז ער זאָל זײַן „קאָנסעקװענט״. ער איז געװען אַן איטאַליענישער ייִד, אַ מיטגליד פֿון דער פֿאַמיליע לוצאַטאָ, װאָס האָט אױסגעװאַנדערט פֿון דײַטשלאַנד קײן איטאַליע מיט דעם עמיגראַציע־שטראָם פֿון אַשכּנזישן ייִדנטום אין מיטלאַלטער, און אין משך פֿון הונדערטער יאָרן געלײגט איר חותם אױפֿן ייִדישן לעבן אין איטאַליע. זי האָט אַרױסגעגעבן קהילה־עסקנים פֿון באַדײַט, דענקער, מיסטיקער, מענטשן פֿון גײַסט. אָנפֿאַנג פֿאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט איז איטאַליע געװען אַ טײל פֿון דער עסטרײַכיש־אונגאַרישער אימפּעריע. טריעסט, די פּאָרט־שטאָט, װאו שמואל דוד לוצאַטאָ איז אױפֿגעװאַקסן, איז געװען דער װירטשאַפֿטלעכער, סאָציאַלער, און קולטורעלער צענטער פֿון דער געגנט. אידײען

האָבן אָנגעקלאַפּט דאָרט אַהין מיט אימפּעט און האַסטיקייט. דער עיקר, די אידייען פון דער אויפקלערונג. צווישן ייִדן, האָט מען דאָס אָנגערופן: השׂכּלה. מען האָט געזאָגט, אַז קוים וועלן מענטשן זײַן געבילדעט, "אויפגעקלערט", "פאַרגעשריטן", וועט די וועלט זיך פאַרוואַנדלען אין אַ גן־עדן. עס וועט מער נישט זײַן קיין אָרט פאַר אונטערדריקונג און רשעות. לוצאַטו, הגם אַ פירנדיקער משׂכּיל, האָט אָבער אָפּגעוואָרפן אַזאַ מין צוגאַנג, וועלכער איז אים אויסגעקומען צו זײַן איינזײַטיק און נאַאיוו. מען קען פאַרמאָגן די העכסטע בילדונג — האָט ער אַרגומענטירט — און דאָך זײַן נידעריק אין כאַראַקטער. אין דער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט און אויפפירונג דעצידירט דאָס האַרץ; און אַ גוט, איידל האַרץ האָט גאָרנישט צו טאָן מיט דעם, וויפל ביכער מען האָט געלייענט, און אויף וויפל אוניווערסיטעטן מען האָט געלערנט...

אויך די אומגייענדיקע ווערסיע, אַז די עמאַנציפּאַציע וועט ענדגילטיק לייזן דאָס "ייִדן־פּראָבלעם", האָט אין זײַנע אויגן אויסגעקוקט ווי אַן אײַנרעדעניש. דער מענטש דאַרף זיך ענדערן; אין דער באַציאונג פון דער מערהייט פון דער באַפעלקערונג לגבי דער מינדערהייט, וואָס זוכט בײַ איר שוץ, דאַרף אַרײַנטרעטן אַ ראַדיקאַלע און טיפע ענדערונג. ייִדישע אייגנאַרטיקייט דאַרף פאַר ייִדן זײַן וויכטיקער ווי די אילוזיע פון די גליקן, וואָס די עמאַנציפּאַציע וועט מכלומרשט ברענגען. מען וויל אַוועקגעבן אַלץ פאַרן פּרייז פון רעכט. אָבער עס איז פאַראַן אַ גרענעץ. מיר דאַרפן זיך פאַרשאַפן אַן אינערלעכע עמאַנציפּאַציע, "נישט אויסער־לעך, נאָר קודם־כּל מוזן מיר אינערלעך זײַן פרײַ". לוצאַטו גיט צו: "מען וויל זיך בײַ אונז פאַרענטפערן, צו וואָס און צוליב וואָס, מיר, ייִדן, דאַרפן אָנגיין מיט אונזער עקזיסטענץ. שוין בלויז די גרייטקייט צו אַרגומענטירן אויף אַט־דער טעמע איז אומווירדיק און דערנידעריקנדיק"... (אחד־העם, דער דענקער פון ייִדישן מזרח־אייראָפּע, וועט יאָרן שפּעטער זיך באַנוצן מיט די לוצאַטו־באַגריפן).

אַט־דער מוט זײַנער, דער ייִדישער און דער אינטעלעקטועלער, האָט אַרויס־גערעדט פון זײַן אָפּשאַצונג איבער די וויכטיקע פּערזענלעכקייטן, וואָס האָבן זיך אײַנגעקריצט אין די ייִדישע געשיכטלעכע דערפאַרונגען. טאַקע אין דער באַגײַסטע־רונג פאַר דער "אויפקלערונג" איז אויסגעוואַקסן צו אומגעוויינלעכער דימענסיע דער רמב"ם, און דאַקעגן אַלע אַנדערע פאַרדינסטפולע געשיכטלעכע געשטאַלטן זענען פאַרגעשטעלט געוואָרן נישט מיט דער זעלבער חשיבות און נישט מיטן זעלבן פּרעסטיזש. די "פאַרגעשריטענע", צווישן וועלכע עס איז געווען זייער ווייניק פאַרשטענדעניש פאַר דעם רמב"מס ספרים איבער דעם ייִדישן געזעץ, זענען אַרײַנגעפאַלן אין ענטוזיאַזם פאַר זײַנע פילאָסאָפישע ווערק. ווערט דאָך אין זיי פאַרהערלעכט דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד. הייבט זיך דאָך אין זיי אַרויס די שטרעבונג אַלץ צו דערגיין און אַלץ צו באַגרײַפן.

שמואל דוד לוצאַטו האָט אָנגעוואָנדן שאַרפע קריטיק קעגן אָט־דער זיך אויסשפּרייטנדיקער טענדענץ. וואָס מיר שׂכל, ווען מיר שׂכל? — האָט ער ממש זיך צעשריגן אויפן קול — מיר ווייסן און פאַרשטייען גאָר ווייניק. אַלץ איז פאַרהילט אין געדיכטן סוד, אונזער לעבן, אונזער זײַן, די נאַטור, דער מענטש. אַזוי איז דאָס זינט בראשית, זינט דעם וועלט־באַשאַף. אין סוד איז פאַרוויקלט דער ייִדישער קיום. דער רמב״ם, ווי שטאַרק מיר זאָלן נישט אָפּשאַצן זײַן בײַטראָג צו ייִדישער גײַסטיקייט, קען אונז נישט דינען ווי אַ מוסטער מיט זײַן צוגאַנג. נישט קיין וואונדער, אַז עס זענען אויפגעשטאַנען קעגן אים קעגנער נאָך בײַ זײַן לעבן. דאָס זעלבע לאָזט זיך זאָגן וועגן די, וואָס זענען געגאַנגען אויפן זעלביקן וועג, ר׳ אברהם אבן עזרא, ר׳ לוי בן גרשון (רלב״ג), וועלכע האָבן געמיינט מיט חקירות צו דערגרונטעווען זאַכן, וואָס לאָזן זיך נישט דערגרונטעווען...

אויב עס גייט וועגן שטראַלנדיקע, אויסשטראַלנדיקע פּערזענלעכקייטן, דאַרפן מיר, לויט לוצאַטון, אַרויפקוקן צו רש״ין. מער ווי די פילאָסאָפישע שיטות, מיט די סברות, וואָס זענען פאַרוויקלט אין זיי, דאַרף אונז אימפּאָנירן די פּשטות, די צאַרטקייט, די האַרציקייט, פון רש״י. טאַקע אַ באַשיידענער ייִד אין דער פּראָבנצוי־זישער פּראָווינץ איז ער געווען, אַ באַשיידענער פלאַנצער פון ווײַנגערטנער אין טרואַ, און נישט דער לײַב־דאָקטאָר פון סולטאַן, און נישט קיין בן־בית בײַ די פילאָסאָפן פון זײַן דור, אַזוי ווי דער רמב״ם, אָבער ייִדיש פאָלק, ייִדישער קיום, קענען גאַנץ גוט אויסקומען אָן פילאָסאָפיע און אָן חקירות. וואָס מיר ייִדן, דאַרפן האָבן, פּנים אל פּנים, מיט די שטיינער און שטרויכלונגען, וואָס מיר טרעפן אָן אויף אונזער געשיכטלעכן וועג, איז וואַרעמקייט, צאַרטלעכקייט, צוטולי̇ענדיקע ליבשאַפט. אָט־דאָס, וואָס איז אונז אַזוי נויטווענדיק, ווי דער אָטעם, געפינען מיר בײַ רש״י; בײַ ר׳ יהודה הלוי, וועלכער האָט טאַקע דערקלערט, אַז ייִדן זענען דאָס האַרץ פון דער וועלט; בײַ ר׳ חיסדאי קרעסקאַס, וועלכער האָט זיך אויסגע־דריקט, אַז ייִדישע דערפאַרונגען איז נישט אַזוי נויטיק צו פאַרשטיין, ווי עס איז וויכטיק זיי צו פילן, און טראָגן אינעווייניק אין האַרץ...

אַ מערב־אייראָפּעאישער ייִד, אַן אויטאָדידאַקט, אָנגעלייענט און אָנגעלערנט אין די פאַרשידנסטע וויסנשאַפטן, איז געווען צו דערוואַרטן פון שמואל דוד לוצאַטון, אַז ער וועט ווערן דער רעפּרעזענטאַנט פון מערב־אייראָפּעאישן געדאַנקען־גאַנג. אין דער טענדענץ, וואָס האָט זיך דעמאָלט אײַנגעשטעלט קעגן די ״אָסט־יודען״ און זייער באַנעם, וועט ער זאָגן זײַן וואָרט, דאָס וואָרט פון אַן אויטאָריטעט; רופן דעם מזרח־אייראָפּעאישן ייִד צו ענדערן זײַן לעבנס־שטייגער, זײַן אויפפירונג, זײַן בליק אויף וועלט און לעבן. אָבער אַזוי איז דאָס נישט געווען. לוצאַטו האָט זיך דווקא צוגערוקט נאָענט צו דער מזרח־אייראָפּעאישער ייִדישער פּסיכיק.

ער האָט זיך בעסער פאַרשטענדיקט מיט די געלערנטע פון מזרח־אייראָפּעאישן ייִדישלעכן קרײַז, ווי מיט די פון זײַן אייגענער מערב־אייראָפּעאישער ספערע,

פאַר וועלכע ייִדיש פאָלק און ייִדישע קולטור זענען געווען איבערבלײַבענישן פון אַ פאַרשוואונדענער פאַרגאַנגענהייט, און נישט מער אַקטועלע, צאַפּלדיקע באַגריפן. מיט דער פולער שאַרפקייט האָט ער אָפּגעוואָרפן די אומגייענדיקע טעאָריע, אַז גלאָריע שײַנט אַרויס בלויז פון דער ווײַטער תנ״ך־תקופה, און אַז אַלץ, וואָס איז דורך ייִדן געשאַפן געוואָרן שפּעטער, איז בלויז אַ בלאַסער אָפּשײַן פון אַ נעכטן, וואָס איז ענדגילטיק פאַרבײַ, אויב צומאָל אַן אָפּשײַן. מיט אַנדערע ווערטער האָט די טעאָריע געמיינט צו זאָגן: ייִדן געהערן צו דער פאַרגאַנגענהייט. די ייִדישע קולטור איז אַ דענקמאָל, אַ מצבה; אַ שיינע, אַ פּרעכטיקע, אָבער אַ מצבה. נישטאָ מער קיין באַוועגלעך, דינאַמיש, שעפעריש ייִדיש פאָלק. מיטן תנ״ך האָט זיך פאַרמאַכט דער פעריאָד פון רום, און איז אָוועק מיטן שטורם פון די פאַסירונגען. אָפילו צונץ, וועלכער איז צווישן די ייִדיש־דײַטשע געלערנטע פול געווען מיט גרויסער באַוואונדערונג פאַר דער ווערטפולקייט פון דער ייִדישער קולטור, איז געווען באַהערשט פון דער איבערצײַגונג, אַז בעצם גראָבט ער אין אַ פאַרגאַנגענהייט, וואָס האָט גאָרנישט קיין שײַכות מיט דער קעגנוואָרט, און אַוודאי נישט מיט דער צוקונפט.

אָט קעגן דער דאָזיקער טעזע, וואָס האָט געוואונען אַלץ מער אָנהענגער פאַר זיך אין דער מערב־אײַראָפּעאישער אַסימילירטער אָדער האַלב־אַסימילירטער ייִדי־שער געזעלשאַפט, איז שמואל דוד לוצאַטו אַרויסגעקומען, באַוואָפנט מיט ראיות פון זײַן וויסנשאַפטלעכן באַגאַזש, און מיט זײַן חריפותדיקן און לויטערן סטיל. נישטאָ קיין טראָפּן אמת אין די אַלע טעאָריעס און טעזעס — האָט ער דערקלערט אין זײַנע שריפטן אין איטאַליעניש, אין העברעאיש, אין דײַטש — דאָס ייִדישע פאָלק איז נישט אָוועק אין מוזעאום, און זיך אויסבאַהאַלטן אין אַרכיוו. דאָס ייִדישע פאָלק לעבט. עס שפּרודלען אין אים אומאויסשעפּלעכע שעפערישע קוואַלן. דאָס, וואָס דאָס פאָלק מאַכט איצט אַדורך, איז נאָך אַ פּאַוזע אין זײַן טויזנטיעריקן מאַרש. דער המשך קומט, און וועט קומען . . .

איינער נאָך איינעם האָט ער אויפגעעפנט די פעריאָדן פון שעפערישקייט, וועלכע עס איז מעגלעך צו באַגעגענען אין דער ייִדישער געשיכטע שוין נאָכדעם, ווי דער תנ״ך איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן. קודם־כל, האָט ער באַוויזן די אומפאַר־גענגלעכע ווערטן פון תלמוד. מען מוז וויסן, אַז אונטערנעמען אַזאַ איניציאַטיוו אין פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט אין מערב־אייראָפּע, אין אירע אַזוי־גערופענע קולטור־צענטערס, איז ווײַט נישט געווען פּאָפּולער. אַ בייזוויליקע עם־האַרצישע קריטיק איז אָנגעגאַנגען קעגן דער תלמודישער ליטעראַטור. לוצאַטו, אַ טיפער קענער פון תלמוד, האָט אַרויסגעצויגן די פּערל, וואָס גלאַנצן פון דאָרט אַרויס, און זיי אויסגעלייגט פאַר דער עפנטלעכקייט. אָט זעט, איבערצײַגט אײַך! — האָט ער אויסגערופן — אָט לייענט! דער תלמוד שטרעבט אויפצובויען די מענטש־לעכע געזעלשאַפט אויף די פונדאַמענטן פון גערעכטיקייט און פרידן. ער באַגערט

אַרײַנצובורענגען אין די מענטשן די מידות פון גוטסקייט, יושר און רחמנות. דער תּלמוד איז איינע פון די אידלסטע שאַפונגען אין דער מענטשלעכער קולטור...
ער האָט אויפגעפרישט די געשטאַלטן פון תּלמוד, די תּלמוד־שעפער, זייער זאָרג פאַרן מיטמענטש, זייער רוף צו גערעכטן צוזאַמלעב פון מענטשן און פעלקער, זייער פּראָ־טעסט קעגן שקר און עוולות. ווי אַזוי איז מעגלעך, האָבנדיק פאַר זיך אַט אַזאַ ייִדישע שאַפונג — האָט ער געפרעגט — צו צווייפלען אין דעם גײַסטיקן אומרו און אין דער דינאַמישקייט פון אונזער פאָלק, וואָס האָבן אָנגעהאַלטן אויך אין דער נאָך־תּנ״ך תּקופה? דערויף זאָגן עדות אויך די קולטור־מאָנומענטן, וואָס זענען אַנט־שטאַנען שפּעטער, נאָך דעם תּלמודישן פּעדיאָד.

נאָך אומגעווייינלעכער קומט אונז אויס צו זײַן לוצאַטוס אַנטשלאָסנקייט צו אַנטוויקלען אָט־דעם בליק זײַנעם אויפן ייִדישן פאָלק און אויף דער ייִדישער קולטור, און אָנגיין מיט זײַן אָנגעשטרענגטער פאָרשערישער אַרבעט, ווען מען געדענקט, אַז דער גורל פון תּנ״כישן איוב איז געווען זײַן אייגענער גורל. איובס צרות האָבן זיך אויף אים אויסגעגאָסן. אַ קראַנקער און קרענקלעכער זינט זײַן קינדהייט, איז ער אַלע זײַנע יאָרן אָפּגעקומען אין יסורים, און דערצו נאָך לײַדנדיק אָרעמקייט און נויט. אין אָרעמקייט איז ער אויפגעוואַקסן. זײַן פאָטער איז געווען אַ מיט דאגות־פּרנסה אָנגעלאָדענער בעל־מלאכה, און די דחקות האָט שד״לן כּסדר באַגלייט. אפילו ווען ער איז באַשטימט געוואָרן ווי פּראָפעסאָר פון תּנ״ך און פון ייִדישער געשיכטע און פילאָסאָפיע אין ראַבינער־סעמינאַר אין פּאַדואַ, האָט זיך זײַן מצב קיין סך נישט פאַרבעסערט. די שׂכירות, וואָס מען האָט אים געצאָלט, איז געווען אַ מאַגערע, און ווײַל עס האָבן אין סעמינאַר געפעלט פינאַנסיעלע מיטלען, האָט ער אָפּטמאָל אינגאַנצן נישט באַקומען זײַן געהאַלט. אין אַ בריוו צו אַ צײַטשריפט, וואָס האָט זיך צו אים געוואָנדן ער זאָל צושיקן אַ מאמר, האָט ער געשריבן: ״איך וועל פאַר אײַך צוגרייטן מײַן מאמר, אויב דער הונגער וועט מיר נישט שטערן דאָס צו טאָן״...

דערצו זענען אים באַפאַלן כּל המינים אומגליקן. זײַן פרוי איז יונגערהייט געשטאָרבן. זעקס פון זײַנע אַכט קינדער זענען אויסגעשטאָרבן בײַ זײַן לעבן; צווישן זיי, זײַן עלטסטער זון, וועלכער האָט שוין אין די יונגע יאָרן אַרויסגעוויזן געניאַלע פעאיקייטן אויפן געביט, צו וועלכן ער האָט זיך אָפּגעגעבן: אַלטערטימ־לעכע לשונות. דער פאָטער האָט אים אַ נאָמען געטאָן ״אוהב גר״ — דער, וועלכער האָט ליב גרים — ווײַל ווען ער איז געבוירן געוואָרן, האָט שמואל דוד לוצאַטו גראָד געאַרבעט אויף אַ פאָרשונג וועגן אונקלוס דעם גר, דער געצנדינער, וועלכער האָט אין דער תּקופה, ווען רוים האָט אָקופּירט ארץ־ישׂראל, איבערגעזעצט דעם חומש אויף אַראַמעאיש. דער געניאַלער אוהב־גר איז אַוועק פון דער וועלט אין עלטער פון פינף און צוואַנציק יאָר. אויב דאָס אַלץ איז נאָך געווען ווייניק, האָט שמואל דוד לוצאַטו געליטן פון אַן אויגן־קראַנקייט, וואָס האָט אים מיט די יאָרן

דערפירט צו בלינדקייט. אַ בלינדער, ווען ער איז אַלט געווען פינף און זעכציק יאָר, האָט שמואל דוד לוצאַטו פאַרלאָזט אונזער ערד, וואָס איז געווען פאַר אים אַ טאָל פון טרערן.

אַ טאָל פון טרערן, אָבער אויך אַ געצעלט פון פרייד. מיטצײַטלער גיבן איבער, אַז לוצאַטו איז נישט אַרײַנגעפאַלן אין פאַרביטערונג טראָץ דעם בעכער פון פּײַן און וויי, וואָס ער האָט געטרונקען, און אַוודאי נישט אין יִיאוש. ער איז פאַרבליבן אָפּטימיסטיש און מונטער אין זײַן געמיט. ער האָט אויך פאַרזייט גלויבן און אָפּטימיזם אין יעדן איינעם, וואָס איז געקומען מיט אים אין באַריר. פרייד האָט ער געפונען אין זײַנע שאַפונגען, אין זײַן דערגרייכונג צו ברענגען צו דער עפנטלעכקייט די רעזולטאַטן פון זײַנע פאָרשונגען. לוצאַטו איז געווען טעטיק אין אַ ריי וויסנשאַפטלעכע געביטן. ער האָט געשריבן פּירושים צום תּנ״ך, וואָס צייכענען זיך אויס מיט זייער גרינטלעכקייט און אָריגינעלקייט; ער איז געווען איינער פון די אָנערקענטע פאָרשער פון דער העברעאישער שפּראַך; ער האָט זיך פאַרטיפט אין פאַרשידענע תּקופות פון דער ייִדישער געשיכטע און אין די געשטאַלטן פון דער פאַרגאַנגענהייט; עד האָט אויסגעבויט אַ שיטה אין דער ייִדישער פילאָסאָפיע; ער איז איינער פון די גרעסטע ערודיטן אין דער ייִדישער ליטעראַטור אין אַלע אירע אויסדרוקן. דערצו האָט ער פאַראייניקט ענציקלאָפעדישן וויסן מיט ברויזנדיקן שרײַבערישן טעמפּעראַמענט.

דער מײַסטער פון דער ייִדישער געשיכטע־שרײַבונג, גרעץ, האָט וועגן אים זיך אויסגעדריקט, אַז ער איז די מאַמע פון דער ייִדישער קולטור־פאָרשונג. געמיינט האָט גרעץ דערמיט צו זאָגן, אַז לוצאַטו האָט אַרײַנגעפירט אין דער פאָרשונג, וואָס איז געוויינלעך אַנאַליטיש און טרוקן, די מאַמע־וואַרעמקייט און מאַמע־צערטלעכקייט. צוויי און דרײַסיק ספרים זענען פאַרבליבן נאָך אים.

ער האָט זיך צומאָל נישט באַגנוגנט מיט זײַנע אייגענע אַרבעטן. ער האָט געהאָלפן אַנדערע צוגרייטן זייערע פאָרשונגען. פרײַנט, תּלמידים, האָבן זיך צו אים געוואָנדן ער זאָל זיי אַרויסהעלפן אין די ווערק, וואָס זיי גרייטן צו; און ער האָט געהאָלפן. ווען מען האָט צו אים געטענהט, אַז ער דאַרף פאַרלאַנגען באַצאָלט פאַר זײַן טירחה, האָט ער געענטפערט: ״מיר זענען געקומען אויף דער וועלט כּדי צו העלפן און געבן פון זיך, וואָס מיר זענען בכּוח צו געבן״... אָפּט זענען זײַנע בריוו, אין וועלכע ער טיילט צו אָנווײַזונגען, וואָס האָבן צו טאָן מיט פאַרשידענע צווײַגן פון דער וויסנשאַפט, גאַנצע ווערק. זיי זאָגן עדות נישט בלויז אויף דער גרויסקייט פון זײַן מוח, נאָר אויך אויף דער גרויסקייט פון זײַן האַרץ.

יאָ, דאָס האַרץ פאַרנעמט אַ וויכטיקן פּלאַץ אין דער פילאָסאָפישער שיטה, וואָס לוצאַטו האָט אויסגעבויט. צוויי פעלקער, צוויי קולטורן אין אַלטערטום, האָבן, לויט אים, בײַגעשטייערט אין דער שטאַרקסטער מאָס צום אויפשטײַג פון

דער אײראָפּעאישער קולטור: די גריכישע און די ייִדישע. װאָס האָט בײַגעטראָגן די גריכיש־העלענישע ציװיליזאַציע צום מאַרש־פֿאָראױס פֿון דער מענטשהײט? זי האָט אַרױסגעברענגט די קונסטן, די װיסנשאַפֿטן, די עסטעטיק, דעם חוש פֿאַר דער אױסערלעכער שײנקײט. מיט װאָס האָט די ייִדישע קולטור באַרײכערט די מענטשהײט? זי האָט אײַנגעפּלאַנצט אין מענטשלעכן באַװוּסטזײַן די פּרינציפּן פֿון דער מאָראַל, דעם זין פֿאַר אינערלעכער שײנקײט. זי האָט געלערנט צו זײַן גוט און טאָן גוטס. זי האָט אָנגעװיזן, אַז װיכטיקער װי זײַן געניט אין דער װיסנ־שאַפֿט און קונסט, איז צו האָבן אַ גוט האַרץ. װי אַ קאָנסעקװענץ פֿון גוטן האַרץ האָט אַרױסגעשפּראָצט דאָס געפֿיל פֿון רחמנות.

פֿאַר לוצאַטון איז נישטאָ קײן ספֿק, אַז דער ייִדישער בײַטראָג איז אַן אָן ערך מער אָנטשײדנדיק און דויערהאַפֿטיק, װי דער גריכיש־העלענישער. װאָרום װאָס פֿאַראַ װערט האָט די װיסנשאַפֿט, און װאָס פֿאַראַ זין האָט די קונסט, אױב זײ שפּאַרן זיך נישט אָן אױף דער מאָראַל? צו װאָס טױגן בכלל די װיסנשאַפֿט און די קונסט, אױב זײ זענען אַדורכגענומען מיט שׂנאה און אומרעכט, און דינען װי אינסטרומענטן, װאָס פֿירן צו רציחות און מלחמות?... אין קעגנזאַץ צו דעם גריכישן באַנעם, װערט אין דער ייִדישער לערע באַרעמהאַרציקײט פֿאַררעכנט װי די דערהױבנסטע מענטשלעכע אײגנשאַפֿט. װי אַ בעל־רחמנות איז פֿאַרגעשטעלט געװאָרן גלײַך דער ערשטער ייִד אין דער געשיכטע. ייִדן װערן װי אַ פֿאָלק באַצײכנט װי "רחמנים בני רחמנים". לוצאַטו שרײַבט: "די מידה פֿון רחמנות איז אין אונז אײַנגעקריצט געװאָרן מיטן באַגינען פֿון אונזער פֿאָלק. מיר זענען אַרױס־געקומען אין דער װעלט מיטן געבאָט: זײ באַרעמהאַרציק!... אין געפֿיל פֿון רחמנות זענען פֿאַרװאָרצלט ליבשאַפֿט, חסד, מענטשלעכקײט... דאָס אָפּקערן זיך פֿון דער דאָזיקער מידה, דאָס זײַן האַרט, איז אַנטי־ייִדיש, אַנטי־מענטשלעך; איז די דעגענעראַציע פֿון מענטשלעכן מין... מען דאַרף נישט דערװאַרטן קײן לױן און באַלױנונג פֿאַר אַרױסװײַזן און פּראַקטיצירן באַרעמהאַרציקײט"...

אין דער צײַט, װען איבער אײראָפּע זענען זיך פֿונאַנדערגעגאַנגען קעגנגע־זעצטע קולות, װען אפֿילו אין דער פֿילאָסאָפֿיע האָט מען געלערנט די מענטשן, אַז "װען עמעצער פֿאַלט, דאַרף מען אים לאָזן פֿאַלן, און נישט העלפֿן זיך אױפֿ־צוהײבן, װאָרום מען דאַרף פֿון זײַן פֿאַלן אַרױסדרינגען, אַז ער איז בכלל נישט פֿעאיק און ראױ צו שטײן אױף די פֿיס", האָט שד"ל גערופֿן מענטש און ייִד אַרױסצורײַסן פֿון זיך דעם עגאָאיזם, און אומקערן זיך צו די אַלטע "אָפּגעבלאַקירטע" פּרינציפּן פֿון האַרץ און רחמנות...

אונטער פֿאַרשידענע פֿאָרמען איז דער לוצאַטו־באַנעם אַרײַנגעדרונגען צו דעם און יענעם אין דער װעלט פֿון מחשבה. מען קען דערהערן אַן אָפּקלאַנג פֿון דער לוצאַטו־לערע אין די עטישע װערק פֿון דעם ייִדיש־רוסישן דענקער לעװו שעסטאָװ. אױב מען װיל, איז מעגלעך אַפֿילו צו פֿאַרנעמען אַט־דעם אָפּקלאַנג

אין דער אָפּשאַצונג פון מאַקס ווײַנרײַך איבער דעם אינערלעכן כאַראַקטער פון דער אַשכּנזיש־ייִדישער קולטור. ווײַנרײַכן זענען זיכער געווען באַקאַנט לוצאַטוס פאָרשונגען; און אין ווײַנרײַכס ווערטער, אַז די אַשכּנזיש־ייִדישע קולטור האָט אין אַלע צײַטן באַגערט צו גיין איר אייגענעם, אייגנאַרטיקן וועג, און נישט געוואָלט אויסבויען זיך "אין הסכּם" מיט באַגריפן, וואָס שטייען פרעמד צו דעם ייִדישן באַנעם, איז מעגלעך צו דערקענען די השפּעה, וואָס דער אַשכּנזישער פאָרשער פון פּאַדוא האָט אויף אים איבערגעלאָזט.

אָבער פאַרקוקט ווי ער איז געווען אין ייִדישע ספרים, האָט ער נישט אויפֿגעהערט לייענען און לערנען אויך נישט־ייִדישע שאַפונגען. ווי קעגנעריש ער איז געווען צו די השׂכּלה־שטרעמונגען, האָט ער געהאַלטן, אַז נישט דווקא דורך אויפשטעלן אויסערלעכע מויערן צווישן ייִד און וועלט וועט ייִדישע גײַסטיקייט בלײַבן שטאַרק און דויערהאַפטיק. אַן אינערלעכע מויער דאַרף אויפגעשטעלט ווערן אין געדאַנק און געפיל. ווען זי בלײַבט בלויז אויסערלעך, ברעכט זי זיך אײַן.

שמואל דוד לוצאַטו, דער באַגײַסטערטער פאָרשער פון ייִדישן קולטור־פאַרמעגן, דער פאַרגלייבטער אין דער דויערהאַפטיקייט פון פאָלק און זײַן לערע, איז אויך דער מחבר פון אַ סאָנעט צו דאַנטע, דעם איטאַליענישן פּאָעט פון מיטלאַלטער. ער זינגט צו דאַנטען: "דו ביסט איבער אַלע מײַסטער פון געזאַנגען, און איטלעכער טוט דיר רום און לויב דערלאַנגען... דו ביסט פאַר אייביקע דורות דער וואונדער און דער צייכן"... ער איז אויך געווען אַקטיוו אין אַנדערע אַרויסטריטן, וואָס זענען אויפגענומען געוואָרן מיט קעגנערשאַפט דורך די, וואָס זענען בײַ אַנדערע געלעגנהייטן געשטאַנען בײַ זײַן זײַט. פאַר די מערב־אייראָפּעאישע ענטוזיאַסטן פון דער "אויפקלערונג" איז ער געווען צופיל מזרח־אייראָפּעאיש, צו פיל "אַלט־פרענקיש", אײַנגעשפּאַרט און אָפּגעשטאַנען; פאַר די שטרענגע נאָכפאָלגער פון דער טראַדיציע פון דורות, איז ער געווען צו "מאָדערן", צו שטאַרק באַהערשט פון די "בײַצײַטיקע שטרעמונגען"...

אין זײַן אַנטשלאָסנקייט צו פאַרבלײַבן געטרײַ צו דער וואָרהאַפטיקייט פון זײַן בליק, האָט ער געשריבן: "מען פאַרשטייט מיך נישט, מען וויל מיך נישט פאַרשטיין, טאָ איז וואָס?... ווען איך וואָלט געוואוסט, אַז איך זאָג מײַנע אמתן פאַר מײַנע פערזענלעכע צוועקן און צוליב געלט, וואָלט דאָס מיך געאַרט. אָבער, אַזוי ווי עס איז, אַרט דאָס מיך נישט... איך קוק אויס ווי אַ שוטה אין די אויגן פון די בײַע, און שיער נישט ווי אַן אָפּטריניקער אין די אויגן פון עלטערן דור"...

אין סך־הכּל: אַליין. עלנט. אָבער וואָסער פענאָמענאַלע פערזענלעכקייט! וואָסער מעכטיקער גײַסט!

## דער רעפּרעזענטאַנט פון אַ דור, שי״ר

אומבאַמערקט איז פאַרבײַ דער צווייהונדערטסטער געבוירנטאָג פון שלמה יהודה לייב ראַפּאַפּאָרט. ווי מיט ליכט האָב איך געזוכט אין די צײַטשריפטן, אין די העברעאישע צוגלײַך ווי אין די יידישע, אַ דערמאָנונג וועגן אים; אַן אַרטיקל, אַן אָפּשאַצונג. אומזיסט. און אַ שאָד. שלמה יהודה לייב ראַפּאַפּאָרט — גערופן אין פאַרקירצונג שי״ר — איז געווען אַ געלערנטער פון אומגעוויינלעכן באַטײַט; אַ פּיאָנער פון דער היסטאָרישער פאָרשונג. ער פאַרנעמט אין דער קולטור־געשיכטע פון ייִדיש מזרח־אייראָפּע גאָר אַ וויכטיקן פּלאַץ. גרעץ וועלכער איז נישט געווען אײַליק צום אַרויסזאָגן פּאָזיטיווע מיינונגען וועגן ערודיטן פון מזרח־אייראָפּעישן ייִדישן שניט און שטייגער, האָט זיך וועגן אים אויסגעדריקט מיט התפּעלות. ערשט דורך ראַפּאַפּאָרטן — האָט ער געשריבן — האָבן באַקומען אַ תּיקון אַ סך צווײַגן פון דער וויסנשאַפט, וועלכע זענען וויכטיק פאַר דער קריטישער אויספאָרשונג פון גאַנג פון דער ייִדישער געשיכטע. אין פאַרגלײַך מיט אים קומען אויס די פאָרשונגען פון אַ ריי ייִדישע געלערנטע פון מערב־אייראָפּע ווי פּשוטע פלוידערייען... אַן אַנדערער פון די גיגאַנטן פון דער ייִדישער וויסנשאַפט אין פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, צונץ, האָט זיך גאַרנישט געקענט אָפּלויבן פון דער חשיבות פונעם בײַטראַג פון ראַפּאַפּאָרט פאַר דער ייִדישער גײַסטיקייט, פון זײַן בקיאות און חריפות. איבער הונדערט מאָל ציטירט אים צונץ אין איינעם פון זײַנע ווערק. מיט ענטוזיאַזם האָט זיך געוואָנדן צו ראַפּאַפּאָרטן דער איבערקלויבערישער און שטאַרק־קאַפּריזנער געלערנטער פון איטאַליע, שמואל דויד לוצאַטו. ״דו ביסט מײַן גײַסטיקער פאָטער — האָט ער צו אים געזאָגט — דו ביסט מײַן ברודער. מיט דיר איז אויפגעשטאַנען אַ מאַן אין אונזער פאָלק, ווי מײַן האַרץ האָט באַגערט״...

צווישן די פאַרדינסטן, וועלכע ראַפּאַפּאָרט פאַרמאָגט פאַר דער ייִדישער קולטור, לאָזט זיך זיכער אָנצייכענען דאָס נײַע ליכט, וואָס ער האָט געוואָרפן, אויף דער תּקופה פון מיטלאַלטער אין דער ייִדישער פאַרגאַנגענהייט. אין דער

אַלגעמיינער געשיכטע ווערט דער מיטלאַלטער נישט גערעכנט צו די רומפולע תּקופות. דאָס זענען געווען יאָרהונדערטער פון ענגקייט פון גערדאַנק, פון פּרימיטי־ווער איַינשטעלונג, פון אינטעלעקטועלער צוריק־געשטאַנענקייט. נישט אַריַינ־גייענדיק אין דער באַזונדערקייט און פאַרשידנקייט פון דער מיטלאַלטער־תּקופה אין דער ייִדישער געשיכטע, האָט מען אויך צו איר אַנגעוואַנדן די זעלבע מאָס. היסטאָריקער נאָך היסטאָריקער, פאַרשער נאָך פאַרשער, האָבן איבערגעחזרט דעם שאַבלאָן, אַז דער מיטלאַלטער, דאָס הייסט בכן דער צייַט־אָפּשניט פון טויזנט יאָר — פון זעקסטן ביז דעם זעכצנטן יאָרהונדערט — איז אין דער עקזיסטענץ פון אונזער פאָלק געווען „אַ פינסטערע תּקופה", אַדורכגעדרונגען מיט פאַראור־טיילן; אָן שוואונג און אָן גייַסטיקער ענערגיע, און אָן באַנייַטער ברויזנדיקער שעפערישקייט . . .

שלמה יהודה לייב ראַפּאַפּאָרט איז געווען דער ערשטער, וועלכער האָט געוואַגט אויפצודעקן אָט־דעם קאָנווענציאָנעלן שקר. ייִדישע געשיכטע קען נישט און טאָר נישט אַריַינגעשלאָסן ווערן אין דער ראָם פון דער אָנגענומענער כראָנאָלאָגיע. אַריַינטרעטנדיק אין דעם אַזוי־גערופענעם מיטלאַלטער־פּעריאָד, האָבן ייִדן שוין געהאַט הינטער זיך די רום און גלאָריע פון תּנ"ך און פון תּלמוד. ערשט דער מיטלאַלטער גופא! ווי פּרעכטיק איז דעמאָלט געווען דער ייִדישער הימל, און ווי גרויסאַרטיק איז געווען די ייִדישע ערד, הגם ייִדן האָבן שוין נישט געהאַט קיין אייגענע ערד, קיין אייגן לאַנד! ווי אָפן און ברייט זענען געווען די האָריזאָנטן פון דער ייִדישער מחשבה, און מיט וואָסער פילזאָפֿישקייט און אויטענטישקייט האָט זיך אויסגעצייכנט אונזער קולטור! דאָס איז געווען די צייַט, ווען אויפן מיטעלן מזרח האָט געווירקט דער מייַסטער פון געוואַגטן פילאָסאָפישן געדאַנק סעדיה גאון, וועלכער האָט אָנגעוויזן אויף די שפּאַנענדיקע נישט־געאַנטע מעגלעכקייטן וואָס צו זיי קען דערגרייכן דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד; ווען אין שפּאַניע האָט באַרייַכערט די ייִדישע קולטור דער פילזאָפֿיקער שלמה אבן גבירול, איבער וועמען עס לאָזט זיך נישט באַשטימען, ווער עס שטייַגט אין אים איבער, דער דיכטער אָדער דער דענקער; ווען אויף די וועלט־שליאַכן, איבער וועלכע עס האָט געפירט זייַן וואַנדער־וועג, האָט זיך פונאַנדערגעבליט די שעפערישקייט פון רמב"ם, וואָס פון אירע קוואַלן ווערט מען גאַרנישט מיד צו טרינקען; ווען אין דייַטשלאַנד און פראַנקרייַך האָט געשטראַלט די פאַרטיפטע, רירנדיקע איידלקייט פון רש"י און זייַנע מיטצייַטלער, וואָס האָבן אין יענער צייַט פון געפאַלנקייט אויפגעהויבן די לויכטנדיקע ווערטן פון דער עטיק, און זיי אַנטפלעקט פאַר די מענטשן.

מיטלאַלטער? — האָט שלמה יהודה לייב ראַפּאַפּאָרט אויסגערופן — הערט אויף איבערצוחזרן נישט געשטויגענע, נישט געפלויגענע זאַכן! ייִדישע געשיכטע איז פאַרשידן. אַוודאי איז דאָס געווען אַ תּקופה, אָנגעזאַפּט מיט לייַדן; אָבער אויך מיט דערהויבנקייט. עס לאָזן זיך גאַרנישט אויסרעכענען די ליכטיקע דערשייַנונגען

און ליכטיקע געשטאַלטן, וואָס קוקן צו אונדז אַריבער גראָד פון יענע יאָרהונדער־טער!...

ראַפּאַפּאָרט האָט זיך נישט באַגנוגנט בלויז מיט אַלגעמיינע באַשטימונגען. ער האָט זיך געווידמעט צו אַ פּיאָנערישער אַרבעט, און אָנגעשריבן מאָנאָגראַפיעס פון אייניקע מיטלאַלטערלעכע ייִדישע געשטאַלטן. און וואָסערע מאָנאָגראַפיעס דאָס זענען געווען! מען קען זיי כאַראַקטעריזירן ווי מוסטער־מאָנאָגראַפיעס, אָנגע־שפּאַרטע אויף מאַטעריאַלן, וואָס זענען געוואָרן דורך אים אויסגעפּרובירט און גרינטלעך אָנאַליזירט, געשריבענע אין אַ קלאָרן העברעאיש, פרייַ פון די דעמאָלט־אומגייענדיקע מליצות; מאָנאָגראַפיעס מיט טיף־אַרייַנדרינגענדיקן און איבער־צייגנדיקן אינהאַלט, און באַהויכטע מיט וואַרעמקייט און ליבשאַפט צו דער טעמע. וועגן וועמען עס זאָל אין דער מאָנאָגראַפיע נישט זייַן די רייד, איבער די גדולים פון דער גאונים־תּקופה אָדער איבער די ערודיטן צווישן די ייִדן אין דער שפּעטער מיטלאַלטער־עפּאָכע אין מערב אָדער מזרח — עס ווערט באַוויזן באַשייַמפּערלעך, אַז אין דער צייַט פון מיטלאַלטער זענען צווישן ייִדן געווען דענקער און פאָרשער, וועלכע זענען דערגאַנגען צו די העכסטע שפּיצן פון דער קולטור. דאָס האָבן זיי בייַגעשטייַערט צו דעם אויפשטייַג פון די הומאַניסטישע באַגריפן אין דער אַלגע־מיינער אייראָפּעאישער גײַזעלשאַפט.

אָבער דאָס איז נאָך נישט אַלץ, וואָס לאָזט זיך זאָגן וועגן דאָזיקן פּיאָנער פון דער נייַצייַטיקער ייִדישער וויסנשאַפט. אין זייַן צווייהונדערטסטן געבוירניאָר דערשייַנט ער פאַר אונדז, ווי דער אויסדריקלעכער רעפּרעזענטאַנט פון אַ דור.

דאָס איז געווען, זאָל געזאָגט ווערן צום סאַמע־אָנהייב, אַ דור, וועלכער האָט אַרייַנגעבערענגט אין דער מאָדערנער ייִדישער קולטור דעם טיפּ פון אויטאָדידאַקט. דורך אַליין־בילדונג האָט מען געקלעטערט אויף די שטאַפּלען פון וויסן. ראַפּאַפּאָרט האָט נישט געלערנט אין קיין שולעס, און אַוודאי נישט אין הויכשולעס. אַליין, אָן עמעצנס הילף, האָט ער געלערנט שפּראַכן; אַליין האָט ער פאַר זיך געעפנט אַ וועג אין די אָממייַסטן־קאָמפּליצירטע וויסנשאַפטן. אויפן יסוד פון ספרים און ביכער, וואָס ער האָט געשלונגען מיט אומגעשטילטן נייַגער, האָט ער דערגרייכט זייַן קאָלאָסאַלן באַגאַזש פון ידיעות און קענטעניש. מילא, אין די ישיבות, וואו ער האָט געלערנט, איז געווען צומווייניקסטן אַ ראש־ישיבה, וועלכער האָט געפירט זייַנע תּלמידים איבער די סטעזשקעס פון דער תּלמודישער ליטעראַטור. אָבער אין די אַנדערע פעלדער פון וויסן האָט ער אַליין געמוזט זוכן דעם אויסגאַנג פון כלערליי געדיכטע פּלאָנטערנישן. שלמה יהודה לייב ראַפּאַפּאָרט איז אויפ־געוואַקסן אין לעמבערג, און אין דער דאָזיקער שטאָט פון גרויסע רבנים און לומדים, האָט זייַן רום זיך פונאַנדערגעטראָגן ווי אײַנער פון די אָנערקענטע אויטאָ־ריטעטן אין דער רבנישער ליטעראַטור. האַנט־בייַ־האַנט זענען אין אים געגאַנגען

זייַנע וועלטלעכע קענטענישן. ער איז געווען דער רעפּרעזענטאַנט פון אַ דור, וועלכער האָט דעראָבערט וויסן דורך התמדה, דורך ברענענדיקן חשק צו לערנען, דורך פּעלזן־פעסטן ווילן, דורך אַן אומגעזעטיקטן באַגער אַלץ צו דערקענען און באַגרײַפן. ווי אַזוי ער האָט געלערנט דײַטש? מיט דער הילף פון דער דײַטשער איבערזעצונג פון חומש. ווי אַזוי ער האָט דערוואָרבן פראַנצויזיש? ער האָט זיך אויסגעבאָרגט בײַ אַ שכן אַ פראַנצויזישן ווערטערבוך!

אַזעלכע זענען זיי געווען די, וועלכע האָבן צווישן דעם מזרח־אייראָפּעאישן יידנטום פאַרנומען די מזרח־וואַנט פון די געלערנטע. אין קיין אוניווערזיטעט האָט נישט געלערנט אברהם יעקב שטערן, וועלכער איז אין אָנהייב פון פאַר־גאַנגענעם יאָרהונדערט אויפגענומען געוואָרן ווי אַ מיטגליד פון דער פּוילישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע; הגם נישט ווייניק האָבן געמורמלט קעגן דעם, וואָס אַ ייד פון טראַדיציאָנעלן אויסזען און הילוך וועט זיצן אויף איין באַנק מיט פּרעסטיזשפולע פּוילישע אַקאַדעמיקער. מיט קיין הויכשול־דיפּלאָם האָט זיך נישט אַרומגעטראָגן חיים זעליק סלאָנימסקי, וועלכער האָט אין פאַרלאָפענעם יאָרהונדערט אַרויסגערופן באַוואונדערונג פאַר זײַנע דערגרייכונגען און אויפטוען אין דער מאַטעמאַטישער וויסנשאַפט. אַדאַנק זײַן אַלייניקן גראָבן אומדערמידלעך אין די טיפענישן פון מענטשלעכן וויסן האָט אייזיק־הירש (יצחק צבי) ווײַס געקענט אויסוואַקסן ווי דער פאָרשער פון פאַרנעפּלטע תקופות אין דער יידישער פאַר־גאַנגענהייט, און זײַן פילבענדיק ווערק "דור, דור ודורשיו" — יעדער דור און זײַנע פאָרשער — איז נאָך ער היום ווײַט נישט פאַרעלטערט; האָט יחיאל מרדכי באַרענשטיין באַוויזן צו ווערן אַ מומחה אין יידישער כראָנאָלאָגיע און דערבײַ איבערזעצן די דראַמעס פון שעקספּיר אויף העברעאיש; האָט נחמן קראָכמאַל אַרײַנגעבערענגט אַ נײַע שיטה אין דער יידישער מחשבה און עס איז גאָרנישט אָפּצושאַצן די השפעה, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט אין דער יידישער קולטור; האָט שאול פּינחס ראַבינאָוויטש געוואָגט זיך אַרײַנצולאָזן אין שאַרפע וויכוחים מיט דיפּלאָמען־באַוואָפנטע געלערנטע, און אַרויסגיין פון די דאָזיקע וויכוחים דער געווינער. ס'איז ווײַט נישט באַקאַנט, אַז שמעון דובנאָוו, דער גרויסער יידישער היסטאָריקער, האָט נישט אַרויסגעטראָגן זײַן שטוינענדיקן וויסן און מײַסטער־האַפטע מעטאָדיק פון קיין שום אוניווערזיטעט. שמעון דובנאָוו איז געווען אַן אויטאָדידאַקט, אַליין האָט ער זיך געבילדעט; מיט אייגענע גײַסטיקע כוחות דערגאַנגען צו דעם, וואָס ער איז דערגאַנגען. אַזאַ אויטאָדידאַקט איז אויך געווען אחד־העם, דער קלאָר־דענקענדיקער מוח אין דער יידישער מחשבה פון דער מאָדערנער צײַט; געענדי אַן אויטאָדידאַקט איז הלל צייטלין, וועלכער איז געווען מער בקי אין דער פילאָסאָפיע ווי די, וועלכע האָבן פאַרנומען די קאַטעדרע פון פילאָסאָפיע אין וועלט־באַרימטע הויכשולעס; געענדי אַן אויטאָדידאַקט איז געווען שמחה פּיעטרושקאַ, דער מחבר נישט בלויז פון אַן איבערזעצונג פון משניות אויף

יידיש און פון אַ פּירוש, וואָס שטעלט אים אַוועק אין איין ריי מיט די פּאַרדינסטפולע דערקלערער פון תּלמוד, נאָר אויך פון אַן ענציקלאָפּעדיע, וואָס זאָגט עדות אויף זיין געוואַלטיקער ערודיציע.

די רשימה וואָלט זיך געקענט ציִען און ציִען. לאָמיר אָנרופן לכל הפּחות נאָך איינעם: נחום סאָקאָלאָוו. וואָס אַלץ האָט סאָקאָלאָוו נישט געוואוסט, אין וועלכע צווייַגן פון שאַפן איז ער נישט געווען פאַרטרעטן, אין וואָס איז ער נישט געווען באַהאַוונט, און אין וועלכע גייַסטיקע תּחומים האָט ער זיך נישט אויסגעצייכנט? אויב מען האָט אויף עמעצן געקענט באַשטימען אין די נייַע צייַטן, אַז גאַרנישט אין מענטשלעכער שעפערישקייט איז אים געווען פרעמד, איז דאָס איבער דעם מתמיד פון ווישאָגראַד אין פּוילן, נחום סאָקאָלאָוו.

און זאָל מען נישט זאָגן: אָט־די אויבן־אויסגערעכנטע, און זייערס גלייַכן, זענען געווען עילויים, זיי האָבן פּאַרמאָגט אויסערגעוויינלעכע פעאיקייטן, און דעריבער האָבן זיי באַוויזן צו דערגיין צו זייערע דערגרייַכונגען. מען האָט, נישט אין איין פאַל, אַנטוויקלט די פעאיקייטן און דעם טאַלאַנט ערשט דורך דער שטאָל־און־אייזערנער אַנטשלאָסנקייט צו לערנען, דורך דעם פיבערדיקן אינטעלעקטועלן אומרו, דורך דער אומאויפהערלעכער אַלייניקער אָנשטרענגונג.

שלמה יהודה לייב ראַפּאַפּאָרט, דער גרויסער ערודיט פון לעמבערג, איז אין דעם פּרט דער רעפּרעזענטאַנט פון אַ דור. גענויער: פון אייניקע דורות אין דער געשיכטע פון מזרח־אייראָפּעאישן יידנטום.

שלמה יהודה לייב ראַפּאַפּאָרט איז אויך געווען דער רעפּרעזענטאַנט פון אַ דור, וועלכער איז אַרויפגעשטיגן אויף די שטאַפּלען פון לערנען און וויסן אין אָרעמקייט. מיט שווערקייט האָט ראַפּאַפּאָרט פאַרדינט אויף חיונה. ער איז געווען אַן אָנגעשטעלטער אין דער לעמבערגער קהילה, דער משגיח (אָדער ווי מען האָט דעמאָלט געזאָגט: נאמן) אויף כשר־פלייש. אַ שטיקל צייַט איז ער געווען רב אין טאַרנאָפּאָל, אָבער צוליב די רדיפות, וואָס ער איז אויסגעשטאַנען מצד קעגנער, וועלכע האָבן אים נישט פאַרשטאַנען און נישט געוואָלט פאַרשטיין, און נישט געקענט פאַרטראָגן זייַן באַהאַוונטקייט אין די מאָדערנע וויסנשאַפטן, האָט ער געמוזט אַוועק פון דאָרט. אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז ער קוים מיט צרות אויפגענומען געוואָרן פאַר רב אין פּראַג. אויב מען האָט צווישן די יידישע מאַסן ווען־עס־איז, און אין וועלכן־עס־איז גייַסטיקן צענטער, מקיים געווען דעם תּלמודישן אָנווייַז: ״ברויט מיט זאַלץ זאָלסטו באַדיי עסן, וואַסער מיט אַ מאָס זאָלסטו באַדיי טרינקען, אויף דער ערד זאָלסטו באַדיי שלאָפן, און אַ געמאַטערט לעבן זאָלסטו באַדיי לעבן, אָבער אין דער תּורה זאָלסטו זיך אָנשטרענגען״ (פּרקי אָבות ו׳), איז דאָס געווען אין יידיש מזרח־אייראָפּע ביז צו דער סאַמע לעצטער צייַט. דער פאָלקס־פּאָעט אַברהם רייזען האָט די נויט פון די גישט־מיד־ווערנדיקע

לערנער באַזונגען אין די האַרציקע פערזן פון זײַן ליד ״מאי קא משמע לן״: ״עסן טעג און טרינקען טרערן, שלאָפן אויף דער באַנק, דעם האַרטן״... ביאַליק האָט די דערדריקנדיקע פאַרהעלטעניש געשילדערט אין זײַן פּאָעמע ״המתמיד״. אין זייער אָפּגעצערטקייט און בלייכקייט זענען די פּנימער פון די דאָזיקע יונגעלײַט דערשינען בײַ ש. אַנסקי, י. ל. פּרץ, ח. ד. נאָמבערג, און בײַ אַזוי פיל אַנדערע קינסטלער, וואָס האָבן אַרויסגעבראַכט די ווירקלעכקייט פון דער מזרח־אייראָפּע־אישער ייִדישער וועלט.

און פאַרט, אין דער דאָזיקער שרעקלעכער אָרעמקייט און ממש אויפּציטערנ־דיקער און מורא־אָנוואַרפנדיקער נויט, זענען אויפגעוואַקסן די לײַכטנדיקע שטערן פון פאַרבליצנדיקער לומדות, פון פאַרבליפנדיקע קענטענישן, פון אַלזײַטיקן וויסן. מען קען קוים דערמאָנען דעם נאָמען פון עמעצן פון די גײַסטיקע ריזן פון ייִדיש מזרח־אייראָפּע, וועלכער האָט נישט אָפּגעלעבט זײַן לעבן אין קלעמענדיקער דחקות; אָן אונטערשייד צי זיי זענען געוועזן פון אַלטן דור אָדער פון די נײַע, אויפשפּראָצנדיקע דורות. מיר געדענקען זיי, די רבנים אין די שטעטלעך, וועלכע האָבן זיך נישט אָפּגעטאָן פון ספר, אין וועלכן זיי זענען תּמיד געווען פאַרקוקט, און וואָס זייער מאָגערע שׂכירות האָט ווײַט נישט געקלעקט אויף אויסצוהאַלטן, מעג זײַן אויפן באַשיידנסטן אופן, זייער הויזגעזינט. מיר געדענקען זיי, די לערנער, וואָס זענען געוואָרן אַלט און פאַרוועלקט פאַר דער צײַט, אָפּטמאָל אויך געשלאָגן פון קראַנקייטן, אָבער די טעקסטן פון כלערליי ווערק האָט מען געהאַלטן פאַר זיך אָפן. דער רבי פון קאָצק, ר׳ מענדעלע, האָט זיך פאַרטרויט פאַר זײַן נאָענטן פרײַנד, ר׳ איטשע מאיר פון גער, אַז ער איז נישט בכּוח צו שיקן אים אָפּט בריוו, ווײַל ער פאַרמאָגט נישט די גראָשנס, וואָס זענען נויטיק צו קויפן אַ פּאָסט־מאַרקע, אָבער אין די ספרים האָט ער נישט איבערגעהאַקט מעיין צו זײַן. ר׳ ישׂראל מאיר הכּהן, דער מחבר פון ראַדין — מער באַקאַנט ווי דער ״חפץ־חיים״ — האָט זיך אַרומגעשלעפּט אין זײַנע וואָגלענישן איבער שטעטלעך און דערפער מיט זײַנע פון אים אָנגעשריבענע העפטלעך איבער מאָראַל און עטיק; און אַפילו ווען קונים האָבן געפעלט, האָט ער צוליב דעם נישט אויפגעהערט שאַפן זײַנע ווערק. פאַראַן צווייערליי עשירותן — האָט ער געזאָגט — עשירות פון געלט, וואָס גייט פאַרבײַ; און אַן עשירות פון גײַסט, וואָס איז דויערהאַפטיק און פער־מאַנענט... נחמן קראָכמאַל פון זשאָלקיעוו האָט זיך נישט געקענט היילן פון זײַנע קראַנקייטן, ווײַל ער האָט נישט פאַרמאָגט די מיטלען דערצו; אָבער טאָג נאָך טאָג האָט ער צוגעשריבן פרישע זײַטלעך צו זײַן מאָנומענטאַל ווערק איבער דער ייִדישער היסטאָריאָגראַפיע און געגראָבן אין די טיפענישן פון דער ייִדישער מחשבה. שמואל דוד לוצאַטאָ, כּולו באַנומען פון דער ייִדישער גײַסטיקייט לויט דעם מזרח־אייראָפּעאישן ייִדישן שטייגער, האָט זיך מודה געווען, אַז אים איז מוראדיק שווער זיך אָוועקצוזעצן לערנען און שרײַבן, ווײַל דער מאָגן איז בײַ אים

אײַנגעשרומפּן פון הונגער און פאַרשאַפט אים שרעקלעכע יסורים. דאָך האָט ער אָן איבעררײַס באַרײַכערט די ייִדישע קולטור מיט װערטפולע אוצרות. רירנדיק, און אויך דערשיטערנדיק, איז צו דערװיסן זיך, אין װאָסערע אומדערטרעגלעכע, אומ־היימלעכע באַדינגונגען יעקב רייפמאַן האָט זיך אָפּגעגעבן מיט פאָרשונגען אין דער ייִדישער פאַרגאַנגענהייט; פּרץ סמאָלענסקין האָט געלייגט דעם יסוד פאַר דער מאָדערנער העברעאישער נאָװעלע; אליעזר בן יהודה האָט אויפגעשטעלט זײַן בנין אין דער גײַציײַטיקער העברעאישער פילאָלאָגיע; שלמה מאַנדעלקערן האָט אָנגעשריבן זײַן קאָנקאָרדאַנץ פון תנ״ך, אַ ממש־אומגלויבלעך־ריזיק װערק פון איין מענטש. פּונקט אַזױ װערט מען צערודערט לייענענדיק די בריװ פון י. ל. פּרץ צו זײַן פרײַנד יעקב דינעזאָן, אין װעלכע ער רעדט זיך אַראָפּ פון האַרץ און דערציילט אים, אַז ער איז פאַרצװייפלט, װײַל ער האָט נישט צו באַצאָלן קיין דירה־געלט, און װער װייסט, צי מען װעט אים נישט אַרויסװאַרפן פון זײַן דירה. עס איז, אגב, גאָרנישט זיך פאַרצושטעלן, װאָסער נערװן־צערײַסנדיקע באַשעפטי־קונג ס׳איז בכלל געװען דער פּאָסטן, אויף װעלכן פּרץ איז געװען אָנגעשטעלט אין דער װאַרשעװער קהילה. ער האָט געהאַט צו טאָן מיטן בית־עולם און מיט דינגענישן אויף קברים. און פאָרט, האָט ער זיך נישט אָפּגעשיידט אין זײַן געדאַנק און געפיל פון דער ספערע פון לערנען און שאַפן.

קיין שום סאָציאָלאָגיש װערק איז בעצם נישט מסוגל איבערצוגעבן, װי אַזױ איז דאָך אויפגעשטעלט געװאָרן אין ייִדיש מזרח־אייראָפּע דער װאונדערלעכער טורעם פון לערנען און װיסן. נישט יחידים האָבן אים אויפגעשטעלט. די מאַסע, דער המון, דאָס פאָלק האָט דאָס געטאָן. פאַר אונזערע אויגן שטייען נאָך די אַרבעטער־ייִנגלעך און מיידלעך, װאָס האָבן, אַרויסגייענדיק פון זייערע אַרבעט־װאַרשטאַטן אין די נעכט, קודם־כּל זיך געװאָנדן צו דער ביבליאָטעק אויסבאָרגן, אָדער ״טוישן״, אַ בוך. אָװנט־ברויט? — װער האָט דערפון געטראַכט; און אָפּטמאָל, װער האָט דערויף געהאַט? — נישט אויף ברויט לעבט דער מענטש. אויפן ערשטן אָרט איז געשטאַנען די גײַסטיקע שפּייז!...

דאָס איז געװען אַ דור, װעלכער האָט נישט געגלייבט אין ״ספּעציאַליזירונג״. שלמה יהודה לייב ראַפּאָפּאָרט האָט זיך נישט באַגרענעצט צו אַ באַשטימטן געביט אין זײַנע פאָרשונגען און שריפטן. ער האָט געשריבן איבער פּראָבלעמען, װעלכע װערן באַהאַנדלט אין דער תּלמודישער ליטעראַטור; איבער סאָציאַלע פראַגעס, װעלכע זענען געשטאַנען אין צענטער פון דער אויפמערקזאַמקייט און איבער קאָמ־פּליצירטע פּאָליטישע ענינים; ער האָט אָנגעשריבן אַן עסיי איבער נאַפּאָלעאָנען, דער העלד פון דער תּקופה, אין װעלכער ראַפּאָפּאָרט האָט געלעבט, זײַנע ניצחונות און דורכפאַלן, ער האָט אים אַפילו געװידמעט אַ ליד; ער האָט איבערגעזעצט די דראַמע פון פראַנצויזישן דראַמאַטורג ראַסין װעגן אסתּר המלכּה אויף העברעאיש;

און ער האָט געשריבן מאָנאָגראַפיעס וועגן לעבן און שאַפן פון מיטלאַלטערלעכע ייִדישע דענקער. אים האָט פאַראינטריגירט דאָס געשטאַלט פון סעדיה גאון, וועלכער האָט בלי ספק געעפנט אַ נייַע תקופה אין דער ייִדישער מחשבה. לאַנג פאַר דעם רמב״ם האָט סעדיה גאון זיך אָנגעשטרענגט צו בויען אַ סינטעז צווישן שכל און האַרץ, צווישן געפיל און געדאַנק, און זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר קיין שום שטערונג אין זייַן מי צו פאַרשטיין אויף דערשייַנונגען, וועלכע עס איז אוממעגלעך צו באַגרייַפן. ראַפּאַפּאָרטן האָט געצויגן דאָס רעטעניש, וואָס איז אַנטשטאַנען אַרום דער פיגור פון אלעזר הקליר, וואו האָט ער געלעבט? וואָס האָט אים געשטויסן צו זייַן פרוכפּערנדיק שאַפן? צי איז ער געווען מער פילאָסאָף אָדער מער פּאָעט, און וואָס קען מען פון אים אַרויסלערנען? אים האָט פאַראינטערעסירט. אַז מען זאָל וויסן, ווער עס איז געווען נתן בן יחיאל פון רוים, וועלכער האָט געלעבט מיט אַ נייַן הונדערט יאָר צוריק, און וועלכער האָט זיך פאַראייביקט אין דער ייִדישער קולטור מיט זייַן תּלמודישן לעקסיקאָן ״הערוך״. אין וואָס באַשטייט דער ווערט פון זייַן גייַסטיקער לייַסטונג, און פאַרוואָס פאַרדינט ער וואָרעם דערמאָנט צו ווערן? איבער נאָך אַנדערע מיטלאַלטערלעכע ייִדישע פּערזענלעכ־קייטן האָט געשריבן ראַפּאַפּאָרט, אָבער אויך תּנ״ך־טעמעס זענען פאַר אים נישט געווען פרעמד. מיט אָנגעזאַמלטן ענציקלאָפּעדישן וויסן, זענען פאַר אים געווען אָפענע אַלע תקופות אין דער ייִדישער וואָגלעניש פון גייַסט. און אויך דער סטיל איז נישט אויסגעגאָסן פון איין שטיק. אָט איז ער זאַכלעך, קאָנצענטרירט; און אָט איז ער אַדורכגעזאַפּט מיט ווייַכער, צאַרטער ליריק, אַזוי ווי עס פּאַסט, ווען מען ווענדט זיך צו ״די פאַרטריבענע קינדער פון דער מוטער ציון״...

נייַן, ראַפּאַפּאָרט האָט זיך נישט באַגרענעצט צו קיין באַשטימטן צייַט־אָפּשניט. אַלץ האָט ער געוואָלט אַרומנעמען, אַלץ האָט געוועקט זייַן גייַסטיקע גיריקייט. אַזאַ איז געווען דער דור. צו וועלכער טעמע האָט זיך אָפּגעגעבן ישראל צינבערג? געווען איז ער אַן אינזשיניער, דערפון האָט ער געצויגן זייַן פּרנסה; אָבער ער איז דער מחבר פון דער ״געשיכטע פון ליטעראַטור בייַ ייִדן״, אַ ווערק אין אַ סך טיילן, וואָס האָט נישט צו זיך קיין גלייַכן מיט זייַן אויטענטישקייט און דערבייַ מיט זייַן פאַלקסטימלעכקייט. אָבער צי איז דאָס אַלץ? צינבערג האָט געשריבן אויף טעמעס פון דער ייִדישער פילאָסאָפיע, פון דער ייִדישער פּרעסע, פון דער ייִדישער מיסטיק. ווי אַזוי קלאַסיפיצירט מען יצחק שיפּערן? היסטאָריקער פון די עקאָנאָמישע פּאָזיציעס, וואָס ייִדן האָבן פאַרנומען אין דער פאַרגאַנגענהייט, אַ ווירטשאַפט געשיכטע־שרייַבער. אָבער שיפּער האָט אויך געפאָרשט די אָנהייבן און די אַנטוויק־לונג פון טעאַטער־שפּיל בייַ ייִדן; ער האָט זיך אַרייַנגעלאָזט אין בראשית פון חסידות; ער האָט אויך געשריבן ליטעראַטור־קריטיק און פּובליציסטיק. און וואָס לאָזט זיך באַשטימען וועגן יעקב שאַצקי? טאָקע בלויז דער אומפאַרגלייכלעכער היסטאָריקער פון די ייִדן אין וואַרשע? צי איז ער אויך נישט דער פאָרשער פון די

ייִדישע פּאָליטישע באַוועגונגען אין פּוילן אין פאַרשידענע פּעריאָדן, און דער אויס־געצייכנטער ביאָגראַפיע־שרײַבער פון שפּינאָזע און אויסלייגער און אויסטײַטשער פון זײַן פילאָסאָפיע ?

ווידעראַמאָל איז אפשר נחום סאָקאָלאָוו דער קלאַסישער בײַשפּיל פון אָט די רענעסאַנס־געשטאַלטן, וועלכע זענען רײַף געוואָרן צווישן מזרח־אייראָפּעאישן ייִדנטום. ער האָט באַרײַכערט די ייִדישע קולטור מיט ווערק וועגן לומדות, הלכה, געאָגראַפיע, געשיכטע, נאַטור־וויסנשאַפט, פילאָסאָפיע, פּסיכאָלאָגיע. מיט איין אָטעם האָט ער געשריבן וועגן ר׳ נחמן בראַצלאַווער און אַנרי בערגסאָן, וועגן וויקטאָר הוגאָ און לאָרד באַלפור.

דאָס איז געווען דער וועג פון שמואל יהודה לייב ראַפּאַפּאָרט. אוניווערסאַ־ליסטיש איז דער ייִדישער מאַרש דורך יאָרטויזנטער, און אוניווערסאַליסטיש מוז פאַרבלײַבן ייִדישע גײַסטיקייט. זי מוז אַראָפּשווענקען אַלע גרענעצן, פאַרפלייצן אַלע צוימען, זי איז די ברוויזנדיקייט אַליין.

דאָס איז געווען אַ דור, וועלכער האָט אַרײַנגעפירט דאָס עצם פאַרשן אין דער ייִדישער קולטור. יענער דור האָט גאַרנישט אָנגעטראָפן צוגעגרייט. אַלץ איז געווען רוי, און מען האָט ערשט געמוזט אויסהאַקן די שטיינער, אויסהאַקן די פעלזן, לייגן די ציגל. דער דײַטשער געלערנטער פראַנץ דעליטש האָט געשריבן וועגן ראַפּאַפּאָרטן: ״ער האָט אַנטדעקט דיאַמאַנטן־גרובנס, וועלכע וועלן זײַן צום נוצן פון יעדן איינעם, וואָס וועט זיך נעמען צו שרײַבן איבער ייִדישער קולטור״...

אַוודאי איז געווען אינגאַנצן אומבאַקאַנט דער פּעריאָד, צו וועלכן ראַפּאַפּאָרט האָט זיך געווידמעט: דער צענטער־צוועלפטער יאָרהונדערט אין דער ייִדישער דערפאָרונג. ער האָט געמוזט צונויפשטעלן אַ שילדערונג לויט אַן אָנגעוואָרפענעם מאַטעריאַל, לויט איינצלנע אויסדרוקן, לויט פאַרגרײַזטע טעקסטן, לויט סתירות־דיקע באַגריפן. אָבער ער האָט די אָנשטרענגונג געמאַכט מיט ענטוזיאַזם. ער האָט געשריבן: ״איך האָב ליב מײַן פאָלק מיט אַלע פיבערן פון מײַן נשמה. צו מײַן פאָלק געהערן אַלע מײַנע קרעפטן, געהערט מײַן לעבן״...

שלמה יהודה לייב ראַפּאַפּאָרט דערשײַנט פאַר אונדז אין זײַן צוויי הונדערטסטן געבוירנטאָג ווי דער רעפּרעזענטאַנט פון אַ דור. גענויער: פון די לעצטע דורות פון מזרח־אייראָפּעאישן ייִדנטום, איידער עס האָט זיך אויפגעהויבן קעגן אים די שווערד פון פאַרלענד. דער טיפּ, וואָס איז געווען אייגנטימלעך פאַר דער אייגנאַרטיקער מזרח־אייראָפּעאישער ייִדישער קולטור. דער טיפּ געלערנטער, פאָרשער, אינטעלעקטואַל, קינסטלער, שרײַבער, וועלכער איז, מיט דעם אונטערגאַנג פון יענער וועלט פון נעכטן, פאַרשוואונדן פון אַקטועלן ייִדישן לעבן.

## 450 יאָר באָבע-מעשה

אָן אַנדענק־דאַטע איז פֿאַרבײַגעגאַנגען; און מ׳האָט זיך נישט אומגעקוקט אויף איר. אַ וויכטיקע דאַטע אין דער געשיכטע פֿון דער ייִדיש־קולטור, פֿיר הונדערט און פֿופֿציק יאָר באָבע־מעשה.

אויסקומען קומט דאָס אויס, ווי עס וואָלט געווען די רייד וועגן אַ מעשה, וואָס די באָבע אָדער די עלטער־באָבע האָט דערציילט. איינע פֿון יענע פֿאַנ־טאַסטישע, צוצײַענדיקע מעשׂהס, וואָס די באָבע דערציילט אירע אייניקלעך, און זיי, די אייניקלעך, הערן זיך צו, צוגעשמידטע צום פּלאַץ, געפּאַנגענע פֿון צויבער. אָבער דאָס איז נישט אין אונזער פֿאַל. עס האַנדלט זיך נישט וועגן דער באָבע, נאָר וועגן דעם פּרינץ באָווע, ס׳איז אויך מעגלעך צו שרײַבן זײַן נאָמען אין אַן אַנדערער פֿאָרם: בבא. אין מויל פֿון פֿאָלק האָט זיך באָווע־בבא פֿאַרוואַנדלט אין באָבע, דערפֿון טאַקע שטאַמט דער פּאָפּולערער אויסדרוק: באָבע־מעשׂה.

פֿרעגט זיך: וואָס האָט דאָס צו טאָן מיט אונז? וואָסער שײַכות האָבן מיר צום מיטלאַלטערלעכן פּרינץ, פֿון די נאָרמאַנען־שבֿטים, ערגעץ־וואו אין צפֿון־אייראָפּע? און דערצו נאָך: פֿאַרוואָס איז דער באָווע־יאָרטאָג פֿון אַזאַ אומגעוויינ־לעכער וויכטיקייט אַז עס זאָל זײַן כּדאַי אויף אים זיך אָפּצושטעלן?

דאָס איז פֿאַר זיך גופֿא אַ פֿאַנטאַסטישע מעשׂה. איינע פֿון יענע פֿאַראינטריי־גירנדיקע כראָניק־פֿאַרצייכענונגען, וואָס ווימלען און שווימלען אין דער געשיכטע פֿון דער ייִדישער קולטור. זי האָט צו טאָן מיט אַ ביז גאָר אינטערעסאַנטער ייִדישער פּערזענלעכקייט, וואָס מען האָט אים גערופֿן: אליהו בחור. ער איז געווען אויך באַקאַנט אונטערן נאָמען: אליהו לעוויטאַ אָדער גאָר אליהו בן אשר הלוי אַשכּנזי. דאָס האָט ער, אליהו בחור, אַרײַנגעפֿירט דעם פּרינץ באָווע אין דער ייִדישער גאַס, אַרײַנגעפֿירט אים אין זײַן פֿולער ריטערלעכער קליידונג, מיט זײַן פֿולן ריטערלעכן וואָפֿן. איינמאָל אין דער ייִדן־גאַס, האָט דער פּרינץ זיך אין איר אײַנגעגלידערט. ער האָט גענומען רעדן ייִדיש, זינגען אויף ייִדיש, פֿאַרהיימישט ווערן אין ייִדישן לעבנסשטייגער. טאַקע אויסטערליש. די אומגעוויינלעכע פּרינץ־איבערלעבונגען זענען געוואָרן אַ ייִדישע באָבע־מעשׂה.

אָט דער דאָזיקער אליהו בחור, דער פֿאַראַנטוואָרטלעכער פֿאַר דער אומ־וואַנדלונג, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין פּרינץ, איז אַ שטאַרק־אינטערעסאַנטע געשטאַלט אין דער ייִדישער דורות־דערפֿאַרונג. ער האָט געלעבט מיט העכער אַ האַלבן יאָרטויזנט צוריק. ער איז געווען אַ ייִד פֿון דײַטשלאַנד; געשטאַמט פֿון דער געגנט פֿון נירענבערג. אָבער אַזוי ווי אין דײַטשלאַנד איז דעמאָלט געווען אַ צײַט פֿון רדיפֿות, אונטערדריקונג און עקאָנאָמישער דחקות, האָבן אַ סך ייִדן זיך געלאָזט אויף די וואַנדער־שליאַכן. מ׳איז פֿאַרוואָגלט געוואָרן אויך קיין איטאַליע. דאָרט איז גראָד דאַן אויפֿגעגאַנגען דער רענעסאַנס. ס׳האָבן געבלאָזן פֿרײַהייטלעכע ווינטן, די שטרעמונג פֿון הומאַניזם האָט זיך אַרויפֿגעהויבן.

פֿאַר דעם אײַנוואַנדערער אליהו בחור האָבן זיך געעפֿנט מעגלעכקייטן צו אַנטוויקלען די קוואַליטעטן פֿון זײַן אינטעלעקט און וויסן. מ׳האָט, אין אויפֿגייענדיקן רענעסאַנס, אָפּגעשאַצט די וויכטיקייט פֿון די שפּראַכן פֿון קלאַסישן אַלטערטום, גריכיש און לאַטיין. אויך העברעאיש, די שפּראַך פֿון תּנ״ך, האָט געוואונען חשיבות. אליהו בחור איז געווען אַ טיפֿער קענער פֿון העברעאיש, פֿון אירע באַזונדערע אייגנשאַפֿטן, פֿון איר אייגנאַרטיקייט, איר ווערטער־אוצר, איר אייגנטימלעכער סטיל. ער האָט אָנגעהויבן פֿאַרעפֿנטלעכן לערן־טעקסטן, אַ לעקסיקאָן, אַ ווערטער־בוך, אַ גראַמאַטיק. זײַנע פֿילאָלאָגישע פֿאָרשונגען האָבן אַרויסגערופֿן אינטערעס, נישט דווקא בײַ ייִדן. קריסטלעכע הומאַניסטן, קריסטלעכע גײַסטלעכע, זענען געווען גיריק זיי צו לערנען. זיי האָבן אַפֿילו איבערגעזעצט אייניקע פֿון זײַנע חיבורים אויף לאַטיין. פּאָפּולערקייט האָט אליהו בחור דערפֿון געוואונען. דאָס איז געווען דער יאָרהונדערט, ווען דער דרוק איז דערפֿונדן געוואָרן. איבער אַ געדרוקטן טעקסט האָט מען נישט געקענט אַריבערגיין מיט גלײַכגילטיקייט. בפֿרט, ווען דאָס איז געווען אַן ערנסטע פֿאָרשונג. אָבער קיין פּרנסה האָט דאָס אַלץ נישט געגעבן. פֿאַר אַ שטיק צײַט האָט אים אַרײַנגענומען צו זיך אין פּאַלאַץ אין רוים אַ קאַטוילישער קאַרדינאַל, אליהו בחור האָט מיט אים געלערנט די שפּראַך פֿון תּנ״ך, און דער קאַרדינאַל האָט אים אויסגעהאַלטן. דערנאָך איז אליהו בחור אָנגעשטעלט געוואָרן ווי אַ קאָרעקטאָר און רעדאַקטאָר אין פֿאַרשידענע פֿאַרלאַגן און דרוקערײַען אין איטאַליע און דײַטשלאַנד. אליהו בחור האָט געהאַט כאַראַקטער. דער פֿראַנצויזישער קעניג פֿראַנסואַ דער ערשטער שלאָגט אים פֿאַר אָנצונעמען די קאַטעדרע פֿון העברעאיש אויף דער אוניווערסיטעט אין פּאַריז. דאָס וואָלט אים דערמעגלעכט מפֿרנס צו זײַן זײַן פֿאַמיליע בכבוד. אָבער אליהו בחור וואַרפֿט אָפּ די פֿאָרבעטונג. ייִדן איז דעמאָלט געווען פֿאַרווערט צו וואוינען אין פֿראַנקרײַך; און ער וויל נישט זײַן דער איינציקער פּריווילעגירטער ייִד אין דער ״ייִדן־ריינער״ מדינה. ער קלייבט אויס צו טיילן דעם גורל פֿון פֿאָלק.

ווי שווער די מאַטעריעלע סיטואַציע איז פֿאַר אים געווען, אליהו בחור האָט מיט לײַב און נשמה זיך איבערגעגעבן צו זײַן גײַסטיקער אַרבעט. דאָס פֿאָרשן,

דאָס לערנען, דאָס שרײַבן, האָבן אַרײַנגעטראָגן אינהאַלט אין זײַן לעבן. אַלץ נײַע צווײַגן פֿון די הומאַניסטישע וויסנשאַפֿטן האָבן נישט אויפֿגעהערט אָנרעגן זײַן געדאַנק. אויסער העברעאיש, האָט ייִדיש זיך אַרײַנגעשטעלט אין צענטער פֿון זײַנע אינטעלעקטועלע אינטערעסן. ייִדן האָבן שוין דעמאָלט גערעדט גאַנץ געשמאַק ייִדיש. מען האָט די שפּראַך אָנגערופֿן "טײַטש" אָדער "לשון אַשכּנזי". אויפֿגעקומען מיט אומגעפֿער פֿינף הונדערט יאָר פֿריִער (יאָ, ייִדיש האָט שוין היינטער זיך אַ יחוס פֿון טויזנט יאָר!), האָט ייִדיש־לשון, אין פּראָצעס פֿון אַנטוויקלונג, זיך אויסגעשפּרייט איבער דײַטשלאַנד, צפֿון־פֿראַנקרײַך, און איז אַריבערגעגאַנגען אויך קיין צענטראַל און מזרח־אייראָפּע. זי איז געוואָרן די אומגאַנג־שפּראַך פֿון אַשכּנזישן ייִדנטום. אויף לייען־מאַטעריאַל אין ייִדיש איז געוואַקסן די נאָכפֿראַגע; אויף ספֿרים פֿון תּנ"ך אין אַ ייִדישער איבערזעצונג, אויף סידורים און מחזורים, "פֿאַרטײַטשט" אויף ייִדיש, אַפֿילו אויף מעשׂה־ביכלעך. די עיקר־לייענער פֿון ייִדיש זענען געווען פֿרויען. אָבער אויך מאַנסבילן, וואָס האָבן מיט שוועריקייטן זיך פֿונאַנדערגעקליבן אין לשון־קודש, האָבן גערן אַרײַנגעבליקט אין די ייִדיש־אויסגאַבעס.

אליהו בחור האָט באַשטימט אַרײַנצופֿירן פֿאַרן דאָזיקן אַלץ־שטײַגנדיקן לייענער־עולם נישט קיין אַנדערן, ווי דעם פּרינץ באָווע.

וואָלט מען אָנגעפֿרעגט אין דער רענעסאַנס־תּקופֿה אין די אייראָפּעאישע לענדער, ווער פֿון די פּרינצן געניסט צווישן זיי פֿון שטאַרקער פּאָפּולערקייט, וואָלט דער ענטפֿער אָנגעוויזן אויף דעם פּרינץ באָווע. הגם עס זענען שוין געהאָט פֿאַרבײַגעלאָפֿן לאַנגע הונדערטער יאָרן זינט ער האָט געלעבט, און ער איז, ווי געזאָגט, געווען פֿון צפֿון־אייראָפּעאישן אָפּשטאַם, אַ מיטגליד פֿון די נאָרמאַנען־פֿעלקער — מער לעגענדע ווי רעאַלע פֿיגור — איז ער אַרײַנגעדרונגען אין די ליטעראַטורן פֿון פֿאַרשידענע פֿעלקער. מען האָט געשריבן רירנדיקע שילדערונגען וועגן זײַנע ראָמאַנטישע דערפֿאַרונגען. מ'האָט באַזונגען זײַן צונויפֿטרעף מיט דער פּרינצעסין דרוזאַנאַ, די אויסדערוויילטע פֿון זײַן האַרץ; די שטערונגען, וואָס זייער ליבע האָט באַגעגנט; די ביטערע טרערן, וואָס זיי האָבן פֿאַרגאָסן; דער אומ־געוויינלעך־פֿעסטער ווילן, וואָס זיי האָבן אַרויסגעוויזן אין זייער אָנשטרענגונג, אָפּצוּוואַרפֿן די שטיינער, וואָס זענען געלעגן אויף זייער וועג. זיי זענען געווען די טעמע פֿון פֿאָלקס־לידער, ראָמאַנסן, עפּאָסן־חיבורים, דער עיקר אין איטאַליע. דאָ האָט מען אין דער פּאָעזיע, וואָס איז איבער זיי געשריבן געוואָרן, זיך באַנוצט מיט דער "אָטאַוואַ רימאַ"־פֿאָרם. דאָס הייסט: אָקטאַוועס, סטראָפֿעס פֿון אַכט שורות, אין וועלכע דער פֿערז און דער גראַם האַלטן זיך אָן אין שטרענג־דיס־ציפּלינירטע כּללים.

אליהו בחור האָט אָט־די טעמע באַאַרבעט און אַרויסגעגעבן פֿאַרן לייענער־

עולם אין ייִדיש. ער האָט אָנגעשריבן אַ גרויס פּאָעטיש ווערק און אים אָנגערופֿן: ״דאָס בבא־בוך״, אין די אַכט־סטראָפֿיקע פֿערזן האָט ער אויפֿגעוויקלט פֿאַרן ייִדיש־לייענער די שפּאַנענדיקע זאַכן, וועלכע האָבן פּאַסירט מיט בבא און דרוזאַנאַ. דער פּרינץ און די פּרינצעסין, נישט בלויז, וואָס זיי רעדן ייִדיש, נאָר זיי באַדינען זיך מיט ייִדישע רעדנסאַרטן, מיט ייִדישע שפּריכווערטער, מיט ייִדישע באַגריפֿן און השגות. אין זייערע איבערלעבונגען פֿלעכטן זיך אַריין ייִדישע טראַדיציעס און מנהגים. מ׳מאַכט קידוש, מ׳מאַכט הבדלה, די חתונה ווערט באַשימט ״במזל טוב אויף ראש חודש ניסן״. ס׳איז ייִדישער געלעכטער, אין וועלכן מ׳פֿאַרקייקלט זיך. ס׳איז ייִדיש געוויין, אין וועלכן מ׳גייט זיך פֿונאַנדער. איז ער דאָך, דער מחבר, ווי ער זאָגט אויף זיך אַליין עדות אין זיין אַריינפֿיר: ״דער דינער אַלער פֿרומען ווייבער״...

דאָס איז געווען אַ ווערק, וואָס האָט געמאַכט געשיכטע אין דעם באַרג־אַרויף פֿון דער ייִדישער קולטור. ווי אַ ליטעראַרישע דערגרייכונג — זי איז באַשטאַנען פֿון זעקס הונדערט און פֿופֿציק סטראָפֿעס — איז זי געוואָרן באַוואונדערט, און רופֿט אַרויס כּסדר באַוואונדערונג. דער אינטעלעקטועל אָנטפּלעקט זיך דאָרט ווי אַ קינסטלער פֿון ערשטן ראַנג; און ווי אַ ווירטואָז פֿון שפּראַך. דאָס ״בבא־בוך״ האָט מיטגעהאָלפֿן צו דעם וואוקס פֿון ווערטער־אוצר, פֿון שפּראַכלעכע אויפֿטוען. צווישן די טויזנטער חנען מיט וועלכע ייִדיש פֿינקלט, שיינען אַרויס די צום־האַרץ־דערגייענדיקע חנען, וואָס בחור־לעוויטאַ האָט אין דער ייִדיש־קרוין אַריינגעשטעלט.

מ׳האָט מיט דער צייט כּמעט ווי אויפֿגעהערט רעדן וועגן דער דאָזיקער שאַפֿונג, ווי וועגן ״בבא־בוך״. פֿאַרן פֿאָלק איז דאָס געוואָרן די באָבע־מעשׂה, זי איז דערשינען אין פֿאַרשידענע צענטערס פֿון דער ייִדיש־וועלט, אין אויפֿלאַגעס, וואָס האָבן כּסדר זיך איבערגעחזרט. ווען־נישט־ווען און וואו־נישט־וואו איז זי באַאַרבעט געוואָרן אויך ווי אַ דערציילונג אין פּראָזע. נאָך אין הײַנטיקן יאָר־הונדערט, אין ייִדיש מזרח־אייראָפּע, האָט מען די באָבע־מעשׂה אָפּגעדרוקט אין אַ פֿרישער אויפֿלאַגע. דאָס, וואָס איז זיך פֿאַרלאָפֿן מיטן פּרינץ און מיט דער פּרינצעסין, האָט נאָך אַלץ אַרויסגערופֿן אינטערעס.

אליהו בחור האָט געשריבן אויך אַנדערע ביכער אין ייִדיש. ער האָט געשריבן נאָך אַ דערציילונג. ער איז דער מחבר פֿון אַ ייִדיש־דײַטשן ווערטערבוך. ער האָט איבערגעזעצט דעם תּהילים אויף ייִדיש. גראָד אין די אַכט יאָר, וועלכע ער האָט נאָך געלעבט נאָכדעם, ווי ער האָט אַרויסגעגעבן זיין בבא־בוך, האָט ער אַרויסגעוויזן אַ פֿאַרשטאַרקטן אינטערעס פֿאַר ייִדיש און פֿאַר דעם שאַפֿן אין ייִדיש־לשון. אָבער זיין אומפֿאַרגענגלעכן רום האָט ער דעראָבערט אין דער באָבע־מעשׂה.

ווער אַלץ פֿון אונזערע קולטור־היסטאָריקער האָבן נישט באַהאַנדלט אָט־

דאָס מײַסטער־ווערק! עס געפינען זיך צווישן זיי ישׂראל צינבערג, שמואל ניגער, יעקב שאַצקי, מאַקס ווײַנרײַך, נ. ב. מינקאָוו, שמואל ראָזשאַנסקי. דער אויספיר, צו וועלכן אַלע דערגייען, איז: דאָס איז אַ פונדאַמענטאַל ווערק אין דעם אויפגאַנג און אַנטוויקלונג פון דער ייִדיש־קולטור.

די ערשטע אויפלאַגע איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין אייזנאַ, אין דער דײַטשישער פּראָווינץ פון ווירטעמבערג, אין יאָר 1541. איין עקזעמפּלאַר פון דער דאָזיקער אויסגאַבע האָט זיך אויפגעהיטן אין דער צענטראַלער ביבליאָטעק אין ציריך. מאַקס ווײַנרײַך האָט אים דאָרט אַנטדעקט.

ס'איז געוואָרן 450 יאָר זינט דער באָבע־מעשׂה. לאָמיר זי דערמאָנען. לאָמיר דערמאָנען מיט אָנערקענונג און וואַרעמקייט די פאַרליבטע פּרינץ און פּרינצעסין, און אויך זייער באַזינגער, אַליין אַ פאַנטאַסטישע געשטאַלט, ווי אַרויסגענומען פון פאַנטאַסטישן געוועב פון זײַן באָבע־מעשׂה.

די פּאָעמע איז אַ מיסטישע, זי געפינט זיך אין מחזור און ווערט אויסגעזונגען שבועות פאַר דער אָפענער ספר־תורה, איידער מען הייבט אָן לייענען די פרשה וועגן דער אַנטפּלעקונג אין סיני און די עשׂרת הדיברות. די פּאָעמע: אקדמות.

זי איז געשריבן געוואָרן אין עלפטן יאָרהונדערט, ערב די קרייצצוגן, אין דײַטשלאַנד. איר מחבר איז געוועזן ר׳ מאיר — ר׳ מאיר ברבי יצחק — דער חזן פון וואָרמס, אין דער רהײַן־געגנט. אַ מיסטישער פּאָעט, אַ פּייטן, ווי מען פלעגט דעמאָלט זאָגן.

דער אינהאַלט איז, ווי מען קען אַרויסדרינגען, אַ וויכוח מיט די פעלקער און הערשער פון דער וועלט. זיי קענען נישט און ווילן נישט פאַרטראָגן, הלמאי די ייִדישע אומה פאַרבלײַבט געטרײַ צו אירע דורותדיקע איבערצײַגונגען, און איז נישט מסכים פון זיי זיך אָפּצוזאָגן. זיי ווענדן זיך צו ייִדן און פרעגן בײַ זיי: פאַר וואָס הערט איר נישט אויף צו זײַן ייִדן? וועט אײַך דען נישט זײַן בעסער, אויב איר וועט זיך אויסמישן מיט אונז? ווער איז ער דאָס אײַער געליבטער, פאַר וועמען איר זענט זיך מוסר־נפש און גייט אָפּ אין בלוט פאַר זײַנעטוועגן?... אָבער די רייד העלפן נישט. ייִדן האַלטן זיך בײַ זייער אמונה.

לויט ווי אייניקע ווילן האָבן, איז די פּאָעמע אָנגעשפּאַרט אויף דערווירקלעכקייט. אַ דיספּוט האָט זיך טאַקע געפירט. די באַטייליקטע זענען געווען דער בישאָף פון וואָרמס, וועלכער האָט פאַרטראָטן די קריסטלעכע קירך, און ר׳ מאיר, וועלכער איז געווען דער שליח־ציבור פון דער קהילה.

אַקדמות איז געשריבן געוואָרן אין אַראַמעאיש, די שפּראַך פון דער גמרא, דאָס לשון פון קדיש, דאָס לשון פון זוהר, פון דער קבלה.

זי איז איבערגעזעצט און פאַרטײַטשט געוואָרן אויף ייִדיש, — אָדער ווי מען פלעגט אין יענע צײַטן זאָגן: אויף עברי־טײַטש, — גלײַך ווי זי איז אַרײַנגענומען געוואָרן צווישן די יום־טובדיקע תפילות. ייִדן האָבן שוין אין יענער תקופה גערעדט ייִדיש, און מען האָט געוואָלט מאַכן די תפילות פאַרשטענדלעך. צו אונז איז ערשט דערגאַנגען די פולע איבערזעצונג, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אין יאָר 1694.

י. ל. פּרץ און הלל צייטלין,ביידע מיטגעצויגן מיטן מעכטיקן שטראָם פון דער מיסטיק, זענען אַנגעוואָרעמט געוואָרן פון גליִענדיקן פײַער פון דער מיסטישער פּאָעמע. זיי האָבן זיך אָנטשלאָסן פון דאָסנײַ איבערצוזעצן "אקדמות" אויף ייִדיש. זיי זענען צוגעטרעטן צו דער אַרבעט מיט פּאַרטיפּטער ערנסטקייט, און אַרײַנגעלייגט אין איר אַ סך קענטניש און האַרץ, און, ווי דאָס שפּראָצט אַרויס פון די שורות, אויך עקזאַלטאַציע. זיי האָבן די איבערדיכטונג רעדאַגירט אין עטלעכע וואַריאַנטן, און נישט פאַרבלײַבנדיק צופרידן מיטן אָפּגעטועטעם, זיך אומגעקערט אַרײַנצופירן אַלץ נײַע אויסבעסערונגען. די איבערזעצונג פון י. ל. פּרץ איז דערשינען אין יאָר 1913 אין שבועות־נומער פון דער טעגלעכער צײַטונג "הײַנט", וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אין וואַרשע. די איבערזעצונג פון הלל צייטלין איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין שבועות־בוך, וואָס דער שרײַבער יהודה יפּת האָט אַרויסגעגעבן לכּבוד יום־טוב אין וואַרשע אין יאָר 1938. י. ל. פּרץ האָט איבערגעזעצט אַקדמות אין ווײַסן פּערז. "פרײַ פּאַריִדישט", ווי ער האָט באַצייכנט זײַן איבערזעצונג, און אײַנגעטיילט די פּאָעמע אין קאַפּיטלען. הלל צייטלינס איבערזעצונג קען באַטראַכט ווערן ווי פּאָעזיע אין פּראָזע, און זי איז פאַרזען מיט אַ קורצן אַרײַנפיר, וואו דער איבערזעצער דערקלערט, אַז "דאָס אַקדמות־ליד, וואָס איז געדיכטעט געוואָרן אין אַרמית, און ווערט פון אַלע אַזוי פײַערלעך געזונגען שבועות, איז פיל מאָל איבערגעזעצט געוואָרן אין ייִדיש. איך האָב עס איצט איבערגעזעצט אויף מײַן שטייגער: טרײַ דעם גײַסט, דעם קלאַנג און דעם ריטם, האַלטנדיק זיך דערבײַ, ווי ווײַט מעגלעך, אין די אַרכאַאישע פאָרמען..."

אין אָנהייב זענען, ווי מען קען זיך איבערצײַגן, די אונטערשיידן בײַ ביידע נישט קיין גרויסע. י. ל. פּרץ פאַנגט אָן: "איידער כ'טו די לעפצן אויף, בעפאָר דאָס וואָרט איך שפּרייט, בעט איך די ערלויבעניש פון אײַער ליבלעכקייט"... הלל צייטלין הייבט אָן: "איידער איך הויב אָן צו רעדן און באַגין צו שפּרעכן, אַמערשטן וויל איך נעמען דערלויב און דערלויבעניש"...

די אונטערשיידן צייכענען זיך ערשט אָן דײַטלעכער, ווען עס איז די רייד וועגן די וואונדער פון באַשאַף, וואָס דער מענטשלעכער אָרעמער שׂכל איז גאָרנישט בכּוח משׂיג צו זײַן. רופט אויס פּרץ: "זינגען וויל איך פון באַשעפער און זײַן הערלעכקייט! דאָך אומענדלעך איז זײַן מאַכט, ווער שעפּט זי עס אויס מיט רייד? און ווען הימלען — לויטער פּאַרמעט — ווײַט אַרום און ברייט, אַלע וועלדער לויטער פּענעס, שרײַבער — קינד און קייט! נאָך קיין טראָפּן נישט פון ים — פון זײַן אַלמעכטיקייט; נאָך קיין אָפּגלאַנץ פון אַ שטראַל אין זײַן הערלעכקייט!"... דאַקעגן בײַ צייטלינען ווערט דער פאַרוואונדער אויסגעדריקט אַזוי: "זײַנע גבורות זענען אין אייביקייט פאַרהוילן, און עס גענוגט קיינעם נישט זיי צו באַשיידן, ווען אויך די הימלען זאָלן פּאַרמעט ווערן, און אַלע וועלדער זאָלן רערן ווערן, ווען

אַלע ימים און וואַסער־זאַמלונגען זאָלן טינט ווערן, ווען אַלע לאַנד־וואוינער זאָלן שרייַבער ווערן און צייכענונגען צייכענען״...

גאָר אַנטשידן גייען זיך פונאַנדער די איבערזעצונגען, בעת עס רוקט אָן די אייגנטלעכע אַקציע, און עס הייבט זיך אויף די פּאַרריסענע פראַגע פון די פעלקער און דער אַנטשלאָסענער ייִדישער ענטפער. בייַ י. ל. פרץ לייענען מיר: ״די קעניגן, זיי שטייען אויף, פירשטן גרויסע לייַט, אינעם פאַלש פאַרבלענדטן שטאָלץ אויסצושפּעטן גרייט, רוישן ווי די וואַסער־אינדן, פרעגן אונז פאַרשייַט: ווער איז דייַן געליבטער, זאָג, דייַן הארציק פּייַן און לייַד?! ווער איז דער געטרויטער דייַן, ״קינדיק שפּרעכע מייד״ (פרץ באַמערקט אויפן דאָזיקן פּלאַץ: ״אייַנגעשפּאַרטע יונג־פרוי״!) פאַרברענגסט אומזיסט אין בענקעניש דייַן גאַנצע לעבנסצייַט... קום צו אונז, און טייל אונזער לוסט און פרייד...״ אין צייטלינס ווערסיע זאָגט זיך: ״מלכים... וואָס קומען זיך צונויף, ווי די אינדן פון ים, וואונדערן זיך און פרעגן וועגן די תורה־צייכענונגען: פונוואַנען און ווער איז דייַן געליבטער, וואָס איז אַזוי אין געשטאַלט שיין, וואָס צוליב אים ביסט דו אומגעקומען אין לייבן גרובן? דו ביסט וואויל, ווירדיק און צימליך שיין, ווען דו מישסט זיך אויס מיט דייַנע הערדן״...

דער עקשנותדיקער ענטפער, וואָס קומט פון דער ייִדישער זייַט, קלינגט אַזוי בייַ פרצן: ״הער דו קעניג, פירשט און פאָלק, מייַן קורץ און שאַרף באַשייד: אייַער לוסט איז אַש און שטויב, לויטער נישטיקייט! אייַער פרייד פאַרבלענדעניש! אייַער דרייסטקייט און אייַער רום, און אייַער שטאָלץ — אייטל אייטלקייט!״... בייַ צייטלינען ווערט די תשובה אויסגעדריקט אין די ווערטער: ״מיט קלוגשאַפט ענפערט זי זיי עטוואָס צו לאָזן זיי וויסן: ווען איר זאָלט אים וויסן, קענען, — וואָס באַדייַט אייער גרויסקייט קעגן יענעם לויב?״...

ערשט דער דערוואַרטער באַלוין, דער שכר, וואָס וועט קומען פאַר דער געטרייַער אומה. פרץ זאָגט אים אָן אין די פערזן: ״קומט דער טאָג פון אונזער טרייסט, פון לוין און זעליקייט, ווען ער באַווייַזט זייַן פראַכט און מאַכט, און זייַן גערעכטיקייט! וואָס געדריקט, דאָס ווערט באַפרייַט, — געזאַמלט וואָס צעשפּרייט, הייליק ציון — אויפגעבויט, זייַן קעניגרייך — באַנייַט! עס איז דער טאָג פון גליק און הייל, דער טאָג פון לוין און פרייד!... אָ, דאָס איז מייַן געליבטער, און אין גרויס לייַטזעליקייט, וועט ער נעמען מיך און פירן אויפן שטעג פון אייבי־קייט״... פאַר צייטלינען דערשייַנט דער אויסגעבענקטער שכר אין אָט דער שילדערונג: ״די גדולה, וואָס ער וועט מיר אַנטון, ווען עס וועט קומען די צייַט פון הילף, ווען עס וועט צו מיר צוקומען דאָס ליכט, און צו אייַך די שאַנד, ווען זייַן כבוד וועט אַנטפּלעקט ווערן מיט שטאַרקייט און מיט מאַכט, ווען ער וועט זיך אָפּרעכענען מיט זייַנע שונאים און ווייַטע אינזל־באַוואוינער, ווען ער וועט זייַן גערעכטיקייט באַווייַזן זייַן געליבט און ווירדיק פאָלק, ווען עס וועט די גאַנצע

פרייד קומען און די גאָב די רײַנע, די שטאָט ירושלים, ווען עס וועלן זיך אין איר אויפזאַמלען די בני ישראל די פאַרטריבענע״...

י. ל. פּרץ און הלל צייטלין, ביידע טיף אַדורכגענומען מיט דער שטרעמונג פון דער מיסטיק, רעפּרעזענטאַנטן פון דער ראָמאַנטישער שול אין דער פילאָסאָפיע און אין דער ליטעראַטור, אָבער י. ל. פּרץ פאַרבלײַבט אין דער אַקדמות־איבער־זעצונג, דער קינסטלער, דער מײַסטער פון ראַפינירטן פּערז און פאַרבליצנ־דיקער מעטאַפאָר. איז ער דאָך פאַרבליבן דער קינסטלער אויך אין זײַן דערציילונג וועגן די מקובלים פון לאַשטשעוו, אין זײַן דראַמע וועגן ר׳ שלמה, אין זײַן שילדע־רונג פון נעמיראָווער רבי. דאַקעגן הלל צייטלין דערשײַנט קודם כּל ווי דער ייִדישקייט־אויסטײַטשער, ייִדישקייט־דערקלערער, פאַרנומען מיטן אויסלייגן דעם ״אלף־בית פון ייִדנטום״, וואָס איז דאָך טאַקע דער נאָמען פון איינעם פון זײַנע הויפּטווערק. אויך דעמאָלט, ווען די וויזיע קומט אויס צעפלאָסן און פאַרנעפּלט, איז בײַ אים גובר די טענדענץ צוצופירן די דאַרשטיקע מיט זיכערקייט צו די אייביקע קוואַלן.

אין די פּעריזן פון אַקדמות, אין זייער ווערסיע אין ייִדיש־לשון, מאָלט זיך אָפּ נישט בלויז די פּערזענלעכקייט פון מחבר ר׳ מאיר, דער חזן פון וואָרמס, נאָר עס צייכענען זיך אויך אָן די פּערזענלעכקייטן פון די צוויי בויער־מיטבויער פון דער נײַער ייִדישער ליטעראַטור, דורך וועלכע עס שפּיגלט זיך אָפּ די מזרח־אייראָפּעאישע ייִדישע גײַסטיקייט אין דער פאַרבליפנדיקער פאַרשידנקייט פון אירע ניואַנסן.

## אויג אויף אויג מיט ה. ד. נאָמבערג

האָבן פאַר זיך די ווערק פון הירש־דוד נאָמבערג הײַנט, העכער זעכציק יאָר נאָכדעם, ווי ער איז אַוועק פון דער וועלט, באַדײַט: אַרויפברענגען אין זיכּרון דעם פולסירנדיקן גײַסטיקן ייִדישן צענטער אין מזרח־איראָפּע, וואָס האָט זיך געפונען אין זײַן פּולן פונאַנדערבלי אין דער צײַט, ווען נאָמבערג איז געווען טעטיק אין דער ייִדישער ליטעראַטור; באַדײַט: אויפלעבן די געשטאַלטן, וואָס זענען געווען אייגנטימלעך פאַר יענער סביבה און יענער גרויזעלשאַפט; באַדײַט אויך: רעווידירן די אײַנשטעלונג, וואָס האָט זיך אַנגענומען לגבי אָט דעם גרויסן ייִדישן שרײַבער.

אין דער אומגייענדיקער אָפּשאַצונג וועגן די ראשונים אין דער מאָדערנער ייִדישער ליטעראַטור, און וועגן דעם דור, וואָס איז געקומען נאָך זיי, איז אַרײַנ־געדרונגען דער שאַבלאָן. מען זאָגט, און מען חזרט איבער, שוין כּמעט מעכאַניש: מענדעלע־מוכר־ספרים האָט חוזק געמאַכט און אָפּגעשפּאָט פון ייִדישן לעבנס־שטייגער; שלום־עליכם האָט אַרײַנגעברענגט הומאָר און שפּרודלדיקן געלעכטער אין דער פאַראומערטערווירקלעכקייט; י. ל. פּרץ האָט מיט התלהבות באַזונגען די דערהויבנקייט פון דער ייִדישער נשמה; און נאָמבערג? — נאָמבערג — באַשטימט מען מיט זיכערקייט — איז דער פּעסימיסט, דער אָנמעכטיקער, דער צווייפלער, דער אָפּהענטיקער... אייניקע גיבן צו: דער מהיכי־תּיתיניק...

בכדי אונטערצושפּאַרן אָט די מיינונג, דערמאָנט מען דעם ערשטן געשפּרעך, וואָס נאָמבערג האָט געפירט מיט י. ל. פּרץ. הירש־דוד נאָמבערג, דער פּראָווינצער חסידישער בחור, איז דעמאָלט נאָרוואָס געקומען פון זײַן געבוירן־שטעטל אַמשינאָוו אין דער גרויסער שטאָט. ער איז אַרויפגעגאַנגען צו פּרצן, און פאַר אים פאָר־געלייענט זײַנע כּתבים. פּרץ האָט אויסגעהערט, אים געגעבן אָנווײַזונגען בנוגע זײַן שרײַבן, און צוגעגעבן, אַז צופּאַסנדיק זיך צו די אָנווײַזונגען, וועט פאַר נאָמבערגן זיך עפענען דער וועג צו דער ליטעראַטור. ער וועט אַרויסציִען צופרידנ־קייט פון זײַן גײַסטיקער אַרבעט, און אויך ברענגען נוצן צו דער וועלט...

דערויף איז געקומען דער ענטפער פון נאָמבערגן, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט

אין אַ פראַגע: און וואָס וועט שוין זײַן, אַז איך וועל זיך פילן צופרידן מיט מײַן אַרבעט? וואָס וועט שוין אַרויסקומען דערפון, אַז איך וועל זײַן נוצלעך פאַר דער וועלט?...

פרץ האָט ברייטער דערקלערט, וואָס ער האָט געמיינט צו זאָגן. אָבער נאָמבערג איז נישט אָפּגעשטאַנען פון זײַנע פראַגעס, וועלכע זענען געגאַנגען אין זעלבן נוסח.

מיטן צוועק אונטערצוהאַלטן די אומגייענדיקע אָפּשאַצונג, ברענגט מען נאָך אַנדערע באַווײַזן. אָט איז זײַן קורצע דערציילונג, אייגנטלעך אַ פּסיכאָאַנאַליטישע סקיצע: "פליגעלמאַן". ווער און וואָס איז פליגעלמאַן? אַ יונגערמאַן פון עטלעכע און דרײַסיק יאָר, מיט אַן אײַנגעהויקערטן גוף, מיט אַ גרויסן, קרומען שטערן, וועלכער ווערט אויפגעגעסן פון ספיקות, און געפינט זיך אונטערן צייכן פון אַ שווערן געמיט און דערדריקנדיקן וועלט־בליק. אַ ייִדישער אינטעליגענט מיט אַ ריס אין דער נשמה. מוטלאָז, אַן וועלכער עס איז אַנטשלאָסנקייט, קײַקלט ער זיך אַראָפּ אין אַ טראַגישער פּוסטקייט, און ווערט לסוף פאַרקלעמט אין דער האָפנונגסלאָזיקייט און פינצטערן ייִאוש.

אויב דאָס אַלץ וואָלט נאָך ווייניק געווען אויפצוווײַזן די ריכטיקייט פון דער אַנגענומענער אײַנשטעלונג, ציטירט מען פערזן פון אַ נאָמבערג־ליד, וואָס האָט געוואונען פּאָפּולערקייט: "אוי־ווײ און כאַ־כאַ־כאַ אוי־ווײ... די וועלט איז נאַריש און פאַרדאַרבן, אוי יאָ, עס איז אַזוי... איך שעלט די וועלט מיט האַק און פּאַק"...

י. י. טרונק האָט אָנגערופן זײַן עסיי איבער נאָמבערגן "צווישן ווילן און אָנמעכטיקייט", וואו מען קען קומען צום אויספיר, אַז אַפילו ווען מ'פּרוּווט וואַרפן אַ מער ליכטיקן און לויטערן בליק אויף נאָמבערגן און זײַן שאַפן, איז מען העכסטנס מסוגל צו געפינען פאַר אים אַן אָרט צווישן צוויי וועלטן, צווישן צוויי פּסיכישע דערפאַרונגען. אַ צושטאַנד, וואָס פאַרוואַנדלט אים אייגנטלעך אין אַ נאָך מער צעריסענער און טראַגישער פיגור. שיִער נישט אין איינער פון יענע אומגליקלעכע געשטאַלטן אין דאַנטעס "געטלעכער קאָמעדיע", וואָס זענען פאַראורטיילט נישט צו קענען דערגרײכן צו קיין שום ברעג...

אָבער צי איז דאָס טאַקע אַזוי? צי זינדיקן מיר נישט מיט מוראדיקער פלאַכקייט אין אונזער צוגאַנג צו די קלאַסיקער פון דער ייִדישער ליטעראַטור, אָדער צו די, וואָס האָבן זי אויסגעפּאַרעמט אין שפּעטערדיקן דור? צי איז נישט גענויער צו זאָגן, אַז הגם נאָמבערג האָט אַרײַנגעזאַפּט אין זיך פאַרשידענע שטי־מונגען און געברענגט צום אויסדרוק פאַרשידענע אידייען, האָט דאָך אין אים איבערגעוואויגן דער פּיבער צו טאָט, דער גלויבן אין לעבן, און אין זײַנע גע־בענטשטע מעגלעכקייטן, און אַוודאי און אַוודאי דער גלויבן אין ייִדישן מענטש און

אין ייִדישן פֿאָלק; אין סך־הכּל, אַז די אָנמעכטיקייט איז ווײַט נישט דער אַנט־שיידנדיקער שטריך אין דער נאָמבערג־פּערזענלעכקייט.

מיט דעם ליד "דער נביא", וואָס איז געווען אָפּגעדרוקט אין זשורנאַל "דער יוד" אין יאָר 1900, איז נאָמבערג אַרײַנגעטרעטן אין דער ייִדישער ליטעראַטור. אויב פּרץ איז אַרײַנגעקומען אין דער ליטעראַטור מיט זײַן פּאָעמע "מאָניש", און פרישמאַן האָט פֿאַר זיך געעפֿנט דעם וועג מיט זײַן פּאָעמע "אופיר", וואו די קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען פֿון לעבן און זײַן, דערשײַנען אין ביידע באַצירט און באַפּוצט מיט פּליטערלעך און חנדלעך, און זענען אַרײַנגעפּאַסט אין אַ ראַם פֿון אָרנאַמענטן, גייט נאָמבערג צו צום תּוך, אָן וועלכער עס איז צירלעכקייט־מאַנירלעכקייט. ווי אַ מאָטאָ דינט אים דער פּסוק פֿון תּנ"ך: "דאָס פֿאָלק וואָס גייט אין דער פֿינצטערניש" (ישעיה ט, א). אין דאָזיקן ליד זאָגט זיך: "און זאָל דער וואָלקן זײַן ווי דיק, דאָך שײַנט אים דורך מײַן שאַרפֿער בליק, און ווען דער עולם זאָגט: "ס'איז נאַכט", און ליגט פֿאַרחושכט און פֿאַרשמאַכט, דאַן זע איך גיין אין הימל פֿרײַ די ליבע זון, און וועק און שרײַ: ס'איז טאָג!"...

אויב נאָכן איבערלייענען "מאָניש" און "אופיר", איז אוממעגלעך נישט באַהערשט צו ווערן פֿון אַ סקעפּטישער שטימונג, שלאָגט פֿון נאָמבערגס דעביוט אַרויס אַ מונטערקייט, אַ זיכערקייט. מען האָט פֿאַרגליכן נאָמבערגן צו ברענערן און גנעסין, וועלכע האָבן אַרײַנגעטראָגן דעם צווייפֿל און די אויסזיכטלאָזיקייט אין דער העברעאישער ליטעראַטור. אָבער שוין בלויז "דער נביא"־ליד באַווײַזט, ווי שטאַרק אומגענוי דער פֿאַרגלײַך איז. בײַ ברענער און גנעסין שפּרייטן זיך אויס שאָטנס, בײַ הירש־דוד נאָמבערג פֿראַלט אויף דער טאָג.

אָט דער טאָן פֿון אויפֿמונטערונג גייט אויף פֿון זײַן "וויגליד": "ס'לויפֿן, ס'יאָגן שוואַרצע וואָלקנס, ס'פֿײַפֿט און ברומט דער ווינט — פֿון סיביריע שיקט דײַן טאַטע דיר אַ גרוס מײַן קינד... ער שטייט מיט אַ לאָפּאַטע אין דער האַנט, און ער גראָבט אַלץ טיפֿער, טיפֿער, נישט געזאָרגט. דאָרט פֿאַרן שקר גראָבט ער קבֿרים אויס... זאָמל כּוחות פֿאַר דער צוקונפֿט, זאָמל, איינציק קינד!"...

ערשט זײַן דראַמע "די משפּחה". דאָרט זענען אָנגעצייכנט די קאָנפֿליקטן, די גײַסטיקע ראַנגלענישן, וואָס די ייִדישע משפּחה, — בעצם די גאַנצע ייִדישע געזעלשאַפֿט, — מאַכן אַדורך אין דער צײַט פֿון איבערברוך און איבהאַלט־זוכענישן. גדליה פֿינקעלגרין, זײַן ווײַב חיה, זייערע קינדער נחום, סאָניע, עטע, רעפּרעזענטירן אייגנטלעך דאָס פֿאָלק אין מזרח־אייראָפּע. אָבער ווי אַזוי פֿאַרענדיקט זיך די פּיעסע, וואָס האָט אין משך פֿון אַ לאַנגער תּקופֿה אַרויסגערופֿן ענטוזיאַזם צווישן ייִדישן עולם? וואָס ווערט אויסגעדריקט אין סוף־פּסוק, וואָס צו אים איז דערגאַנגען דער מחבר? אַזוי זאָגט דאָרט איינער פֿון די אַרויסגעבערענגטע געשטאַלטן, עליאַש: "דער הונגער צו דעם בעסערן — איז דאָס בעסערע אין אונז. מיר שטייען נישט אויף איין אָרט. מיר לעבן אין דער אייביקייט, און פֿלאַנצן זיך אַרײַן אין דער

אייביקייט, און אַלץ לײַטערט זיך... נילי — איז אונדזער וועג. נילי באַדײַט — נצח ישׂראל לא ישקר, די ייִדישע אייביקייט וועט נישט פעלשן... מיר לעבן אין דער אייביקייט אַרײַן, אויף גלויבן שטייט די וועלט״...

ווײַט נישט צעבראָכענע רייד זענען די רייד פון עליאָש, דורך וועמען מען קען הערן דאָס קול פון הירש־דוד נאָמבערג; ווײַט נישט וואָקלדיק דערשײַנט ער, אָנצייכנענדיק דעם וועג פאַרן יחיד און פאַרן כּלל; ווײַט נישט צעשפּאָלטן. קלאָר און דײַטלעך פאַרבלײַבט זײַן ווענדונג.

אַפילו אין דער דערציילונג ״אויף איין קוואַרטיר״, פון וועלכער עס טראָגט זיך אַ גרוילעכע אומהיימלעכקייט, — אין ענגן צימער וואוינען צוויי פרײַנד, דער־שלאָגן פון אַ מעלאַנכאָליע, ״ס׳איז פינצטער, אויף די שויבן ליגט די שוואַרצע נאַכט, אויף די דעכער קלאַפּט דער רעגן, און דער ווינט קלאַפּט דורך דער האַלב־אויסגעהאַקטער שויב״, — אַפילו אין דער דאָזיקער דערדריקנדיקער סביבה זאָגט איינער צום אַנדערן: ״שטעל דיר פאָר, ווען מענטשן וואָלטן נישט געהאַט קיין אויגן, קיין מענטש וואָלט נישט געזען דעם צווייטן, עס וואָלט פינצטער געווען, און מען טרעפט צופעליק אָן אויף אַ פרעמדער האַנט, מיט וואָס פאַר אַ פרייד וואָלט מען געדריקט די האַנט״... אויך פון אָט די צעבראָכענע, פאַראומערטע לעבנס, דאַרף צו אונז אַרײַנדרינגען די רירנדיקע בענקשאַפט צו מענטשלעכער, וואַרעם־מענטשלעכער נאָענטקייט!

דערצו מוז דאָך צוגעגעבן ווערן, אַז עס איז פאַראַן אַ נאָמבערג, דער פובליציסט, וועלכער האָט מיט מוח און שׂכל, און אויך מיט האַרץ און געפיל, באַהאַנדלט די נויטן פון ייִדישן לעבן; פאַראַן אַ נאָמבערג, וועלכער האָט, לויט זײַנע אייגענע ווערטער, אויסגעבויט פאַר זיך ״אַ שיפעלע צו פאָרן איבער ימים״, און באַזוכט ייִדישע ישובים אין צפון־אַמעריקע, אַרגענטינע, רוסלאַנד, ארץ־ישׂראל, דאָרשטיק צו זען דאָס ייִדישע לעבן, וואָס איז אויסגעבויט געוואָרן, און די נאַציאָ־נאַלע אָנשטרענגונגען; אַ נאָמבערג, וואָס איז באַגייסטערט געוואָרן פון דער מסירת נפש, וואָס ער האָט געקענט אָנטרעפן, און וועמען עס איז באַפאַלן אַ זאָרג, אויב נישט אַלץ האָט זיך אים אויסגעוויזן צו זײַן סאָליד און פּאָזיטיוו; פאַראַן אַ נאָמבערג, דער געזעלשאַפטלעכער טוער, וועלכער האָט אויפן רוף פון שמעון דובנאָוו זיך אַרײַנגעוואָרפן מיט ענטוזיאַזם אין דער אַרבעט אויפצושטעלן אַ באַוועגונג, וואָס איז געווען באַנומען מיט דער שטרעבונג אויפצוהיטן די פאָלקס־גאַנצקייט און באַשיצן די פאָלקס־ווערטן; פאַראַן אַ נאָמבערג, וואָס זייענדיק אויסגעטובלט אין ייִדישקייט פון דורות, האָט ער דערבײַ אָפּגעשאַצט די חשיבות פון ייִדיש, און נישט מיד געוואָרן אַרויסצוהייבן דאָס אָרט, וואָס ייִדיש פאַרנעמט, און מוז פאַרנעמען, אין ייִדישן לעבן און אין דער ייִדישער קולטור; פאַראַן אַ נאָמבערג, וועלכער האָט נישט מותּר געווען, נישט מסכּים געווען מותּר צו זײַן אויף גאָרנישט, נישט פון אונדזער נעכטן, און אויך נישט פון אונדזער מאָרגן.

וואָלט נאָמבערג געוואָרן דערצויגן, און וואָלט ער אויסגעוואַקסן אין אַ מערב־אייראָפּעאישן ייִדישן צענטער, וואָלט ער, מיט זײַנע פּסיכישע נייגונגען, און געפירט דורך זײַנע גריבלערײַען און האַר־שפּאַלטנדיקער אַנאַליז, מעגלעך דער־גאַנגען צום בלינדן געסל, צו וועלכן עס איז דערגאַנגען אַ טאָ ווײַנינגער, דער פרעגער און זוכער פון ווין אויפן שוועל פון הײַנטיקן יאָרהונדערט. אָבער אין דעם, מיט לעבנס־זאַפטן שטראָמנדיקן ייִדישן שטעטל, האָט זעלטן עמעצער געקענט פאַרצערט ווערן פון ספּיקות און ייִאוש. אמונה פון דורות האָט צעוואָרעמט, צעגליט. יוסף חיים ברענער האָט געוואַנדן זײַנע אויגן צו דער זון, וואָס האָט אויפגעשײַנט אין ארץ ישראל. און נאָמבערג האָט זיך געקלאָמערט מיט האַרץ און נשמה אין זײַן אַמשינאָוו, אין זײַן וואַרשע, אין זײַן אָטוואָצק. מיט עקשנות האָט ער זיך אײַנגעשפּאַרט: "אויך דאָ מוז קומען דער טאָג!" . . .

אויג אויף אויג מיט הירש־דוד נאָמבערג, העכער זעקס יאָרצענדליקער נאָכדעם ווי ער איז אַוועק פון דער וועלט, רעוווידירט מען די דורך־יאָרן־אומגייענ־דיקע אָפּשאַצונג וועגן אים. באַהויכט מיטן הייסן אָטעם פון די ייִדישע מאַסן אין מזרח־אייראָפּע, האָט אויך ער, דער צווייפלער, אויסגערופן אין טיפער איבער־צייגונג: נצח ישראל לא ישקר, — ייִדישע אייביקייט וועט נישט פעלשן! . . .

# איבערלייענענדיק איטשע-מאיר ווײַסענבערגן

אָנגעהויבן האָט זיך דאָס אייגנטלעך מיט ״ייִדיש־וועלט״, די חודש־שריפֿט, וואָס ווערט אַרויסגעגעבן אין ישׂראל פֿון וועלט־ראָט פֿאַר ייִדיש און ייִדישער קולטור; און וואָס איז, בלי ספֿק, אַ באַדייטנדיקע דערגרייכונג אין אונזער ייִדיש־פֿאַרמעגן.

בדרך אַסאָציאַציע זענען אין מײַן זכּרון אויפֿגעגאַנגען ליטעראַרישע צײַט־שריפֿטן אין ייִדיש פֿון די פֿאַרגאַנגענע יאָרן, בעיקר פֿון פֿאַר־חורבנדיקן פּוילן. קודם־כּל די ״ליטעראַרישע בלעטער״, וואָס זענען אַ צײַט־לאַנג, אָנהייבנדיק פֿון די צוואַנציקער יאָרן, דערשינען אין וואַרשע, אונטער דער רעדאַקציע פֿון נחמן מייזיל. איך געדענק נאָך די ״ליטעראַרישע בלעטער״, ווען זיי זענען צוערשט פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אין אַ צײַטונגספֿאָרמאַט, און דערנאָך, ווען זיי זענען אַריבערגעגאַנגען צו אַ זשורנאַל־פֿאָרמאַט. עס איז גאָרנישט איבערצוגעבן, וואָסער ראָל אָט די צײַטשריפֿט האָט פֿאַרנומען אין יענער תּקופֿה אין דער ייִדישער עפֿנטלעכקייט. זי איז געווען אַן ערנסטע ליטעראַרישע אויסגאַבע און געשטאַנען אויף גאָר אַ הויכן ניוואָ; און דערבײַ איז זי געווען צוציִענדיק, אינטערעסאַנט און האָט געהאַלטן אונדז, די לייענער, אין שפּאַנונג. מיר האָבן מיט אומגעדולד אויס־געקוקט יעדן פֿרישן נומער. זי האָט געוואוסט צו פֿאַרבינדן אַקטועלקייט און איבערצײַטיקייט. אין מײַן זכּרון האָבן זיך אײַנגעקריצט די נומערן, וואָס פֿלעגן דערשײַנען חול־המועד פּסח און וועלכע זענען געווען געווידמעט פּרצן אין זײַן יאָרצײַט. דאָס זענען געווען קליינע פּרץ־ענציקלאָפּעדיעס; מיט דעם אונטער־שייד, וואָס אין זיי איז פּרץ געווען צונויפֿגעהאָפֿטן מיט די שפּעטערדיקע תּקופֿות, און זײַן נעכטן איז געווען צונויפֿגעקייטלט מיט אונזער צאַפּלדיקן הײַנט.

אין מײַן זכּרון איז אויך אויפֿגעגאַנגען דער זשורנאַל ״אונזער האָפֿנונג״ (גענויער — אינזער האָפּענינג), וואָס איטשע מאיר ווײַסענבערג האָט אָנגעהויבן אַרויסגעבן אין דעם זעלבן פּעריאָד, אין די צוואַנציקער יאָרן. ווײַסענבערג האָט זיך דעמאָלט געפֿונען אין זײַן בונטאַרישן צושטאַנד: ער האָט זיך פֿאַרמאָסטן אָנועקצונעמען פֿון דער מזרח־וואַנט אין דער ייִדישער ליטעראַטור די שרײַבער, וואָס האָבן, לויט זײַן מיינונג, מיט אומרעכט בײַ איר זיך אַוועקגעשטעלט. ער

האָט זיי פאַרגעוואָרפן טאַלענטלאָזיקייט, ביליקן באַגער געפעלן צו ווערן דעם לייענער, און אַ נייגונג צו געפינען חן אין די אויגן פון די ״ליטוואַקעס״. ער, ווײַסענבערג, האָט אײַנגעפירט זײַנע אַן אייגענע אָרטאָגראַפיע, געטריַי צו דער אויסשפּראַך פון קאָנגרעס־פּוילישן ייִד. ווי באַלד עמעצער האָט געוואָלט שרײַבן אין זײַן זשורנאַל, האָט ער זיך געמוזט אונטערוואַרפן זײַן אויטאָריטעט, אָננעמען זײַן אָרטאָגראַפיע און דערקלערן געטרײַשאַפט צו דער ליטעראַטור, אַזוי ווי ווײַסענבערג האָט דאָס פאַרשטאַנען. כּמעט אַלע ליטעראַרישע גדולים זענען דורך אים שאַרף קריטיקירט און אָפּגעוואָרפן געוואָרן: שלוש אַש, י. אָפּאַטאָשו, א. לעיעלעס, י. גלאַטשטיין, אויך אַ ריי אַנדערע. אין ״אונזער האָפנונג״ האָבן זיך געדרוקט די, וועמען ער האָט געגעבן ליטעראַרישע סמיכות: שמעון האָראָנטשיק, יחיאל לערער, יוסף פּאַפּיערניקאָוו, מרדכי אַלעי. און עס זענען אַלע מאָל צוגעקומען נײַע, וועמען ווײַסענבערג האָט אַרײַנגעפירט אין זײַנע ד׳ אמות.

אַזוי טראַכטנדיק וועגן ווײַסענבערגס ליטעראַרישן זשורנאַל, האָבן מײַנע געדאַנקען אַוועקגעוואַנדערט צו ווײַסענבערגן גופא, צו וועמען איך האָב זיך דאַן דערנענטערט. זײַן געשטאַלט איז דערשינען פאַר מיר, אַזוי ווי איך פלעג אים זען אין יענע יאָרן, אין זײַן רעדאַקציע, וואָס איז אויך געווען זײַן וואוינונג, אויף עלעקטאָראַלנע־גאַס, אין וואַרשע. מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז איך זע ווידער זײַן פאַרמעט־געל אויסגעצערט פּנים, און אַז אין מיר דרינגט אַרײַן דער שאַרפער בליק פון זײַנע ענגע אויגן, וואָס אפילו ווען זיי זענען געווען אָפן, זענען זיי פאַרבליבן האַלב פאַרמאַכט, און אַז איך הער זײַן שטילע, האַלב־הייזעריקע שטימע.

און אַ געוואַלטיקער חשק האָט מיך אַרומגענומען נאָכאַמאָל איבערצולייענען, נאָך אַן איבעררײַס פון אַזוי פיל יאָרן, עפּעס פון זײַנע ווערק. איך האָב געעפנט זײַן דערציילונג ״אַ שטעטל״, וואָס שטייט זיכער אין אויבנאָן פון זײַנע שאַפונגען; די דערציילונג, וואָס י. ל. פּרץ האָט זי באַצייכנט ווי אַ גרויס געשעעניש אין דער ייִדישער ליטעראַטור.

דאָרט, אין ״שטעטל״ פון איטשע־מאיר ווײַסענבערג, ווערט געשילדערט דאָס שטעטל־לעבן אויף אַ גאַנץ אַנדערן אופן, ווי מען איז דעמאָלט געווען געוואוינט. דאָס איז נישט דער אידילישער לעבנס־שטייגער, וואָס שלום אַש האָט געמאָלט; דאָס איז נישט דאָס פאַרגליווערטע, פילאָזאָפיש־עצלנותדיק שטעטל פון שלום־עליכם, דאָס איז אויך נישט די סביבה, וואָס איז פאַרוועבט אין דער מיסטיק, אַזוי ווי זי דערשײַנט בײַ א. ווײַטער אָדער בײַ ש. אַנסקי. אין ווײַסענבערגס ״שטעטל״ הייבט זיך אויף דער שטורעם פון סאָציאַלע קאָנפליקטן און קעגנזעצלעכע עקאָנאָמישע אינטערעסן פון דער שטעטלדיקער באַפעלקערונג. מעגן נאָך אַלע זיך צונויפקומען אין בית המדרש אַזוי ווי אין די אַמאָליקע צײַטן, און מעג דער בית־המדרש נאָך אַלץ דינען ווי דער ״צענטראַלער פּונקט״, אָבער מען קלאַפּט דאָרט

מער נישט אין טיש בלויז בכדי אָנצוווייַזן וואָסער קאַפּיטל תּהילים מען זאָגט, אָדער וואו מען האַלט בײַם דאַווענען. נאָר ווען ס'וועט זיך אָנהייבן דער שטרייק פון די לעדער־אַרבעטער, אָדער וואָסער אויסדרוק וועט אָננעמען דער פּראָטעסט פון די אָרעמע מאַסן קעגן די הויכע פּרײַזן, וואָס זיי צאָלן פאַר שפּײַז און אַנדערע נויטוועניקייטן, וואָס זיי קויפן אײַן. ווײַסענבערג האָט דער ערשטער אַרײַנגעברענגט אין דער נײַער ייִדישער ליטעראַטור דאָס שטעטל אין זײַן אויפֿ־רודערנדיקער סאָציאַלער אומצופרידנקייט, אין זײַן רעוואָלוציאָנערן אויפבּרויז, אין זײַן מאָנענדיקן אומרו צו צעשטערן און אומוואַרפן אַלטע טראַדיציאָנעלע לעבנספאָרמען און מיט כּוח פאַרבעסערן דעם אומדערטרעגלעכן מאַטעריעלן מצב, אין וועלכן מען זינקט אַראָפּ. סטאָלאַרעס, גאַרבערס, שוסטערס, שנײַדערס, כּלערליי בעלי־מלאכות און אַרבעטער, ווילן מער נישט זײַן קיין "באַנטשע־שווײַגס". גע־דריקטע און געפּלאָגטע פון דער נויט, אין וועלכער זיי קומען אָפּ; פאַרקלעמטע און אָנגעווייטיקטע פון קהלס עוולות, וואָס ווערן קעגן זיי אָפּגעטאָן; אָנגעלייענטע פון פּאָפּולערע נײַ־מאָדישע פּראָפּאַגאַנדע־פּאַמפלעטן, פילן זיי, אַז זייער שעה האָט אויסגעשלאָגן. דער "קלאַסן־באַוואוסטזײַן" האָט געוואונען רײַפקייט. יאַנקל, דער סטאָלער, שרײַט אויס אין ווײַסענבערגס דערציילונג: "הײַנט איז אַ צײַט פון קאַמפן, רעוואָלוורן, פּיסטאָלעטן... הוראַ, הוראַ!"...

אָבער דאָס איז דאָך ניט אַלץ, וואָס דאָס שטעטל לעבט איבער אין דעם פּעריאָד פון שטײַגנדיקן שטורעם. אין דער מוראַדיקער צעהיצטקייט פון די געמיטער שפּירט דאָך דאָס שטעטל, אַז די געפאַר פאַר זײַן עקזיסטענץ דראָט אין תּוך פון אַן אַנדער זײַט.

אָט וואָס ווײַסענבערג ווייסט צו דערציילן: פּויערן פון אַרומיקע דערפער זענען אָנגעקומען און אָנגעהויבן פאַרפלייצן דאָס שטעטל. גלחים פון נאָענטע "פּאַראַפּיעס" זענען אָנגעקומען מיט זייערע מחנות. "דאָס געזאַנג אין קלויסטער, די פאַרזונקענע טענער פון אָרגל האָבן זיך פון הינטער די הויכע אַרקאַדן אַרויס־געריסן און צעגאָסן זיך איבער די שטילע דעכלעך פון שטעטל און צעוויגט זיך אין דער לופט, און אָנגעפולט זי מיט שרעק"...

ווײַסענבערג גייט אָן מיט זײַן שילדערונג, נישט אָפּהאַלטנדיק זיך פון אויס־לייגן דעם פּחד, מיט וועלכן דאָס שטעטל ווערט אַדורכגענומען: אַ מחנה פּנימער דרינגט אַרײַן וואָס טיפער אין די געסלעך, און אויפן מאַרק. אַ רירעוודיקע מחנה פון פּנימער איבער פּנימער און אַקסלען איבער אַקסלען. "גויים אין די גאָלע קעפּ, פּויערטעס מיט רויטע און ווײַסע פאַטשײַלעכלעך ביז אונטער דער גאָמבע, שלאָגן זיך אַדורך, און פון די אָפענע טויערן קומען אַלץ אַרויס נאָך און נאָך פּנימער, עס וועט זיך, דוכט זיך, גאַרנישט אויסלאָזן, קעפּ אויף קעפּ, אויף און אָפּ, ווי כוואַליעס איבער אַ לאַנגן שטראָם, אַ טויזנטיקע מחנה"...

צוזאַמען מיט די שטעטלדיקע ייִדן, פילט דער מחבר, — אַפילו אין מאָמענט

ווען בעצם גייט אים גאָר אָן דער רעוואָלוציאָנערער אויפברויז, וואָס רודערט אויף די ייִדישע מאַסן, — אַז דאָס האַרבע פּראָבלעם פון שטעטל איז דאָך גישט דער סאָציאַלער קאָנפליקט, וועלכן עס מאַכט אַדורך. צוגלײַך ווי די ייִדן פון שטעטל, עקבערט אים און פייניקט דאָס בילד פון די רויטע, צעיושעטע פּנימער, וואָס פאַרפלייצן דעם ייִדישן ישוב. אַזאַ שווערע מחנה מאַרשירט אויפן ייִדישן שטעטל, און "דאָ איז אַלץ אַזוי נידעריק, אַזוי קליין, און אויף ניכטערן שפּײַעכץ האַלט עס זיך"...

ווײַסענבערג גיט צו: "זאָל זיך נאָר יענער מחנה פאַרגלוסטן, מאַכט זי זיך אַ געלעכטערל, און יעדער איינציקער פון זיי וועט נעמען פון די הייזלעך אַ באַל (אַ ברעט) מיט אַ פּאָר פוילע שוועלן אונטערן אָרעם, און זיך אַוועקגיין זײַן וועג, איבערלאָזנדיק אַ ליידיקן פּלאַץ"...

אַ ליידיקער פּלאַץ, קען, חלילה, פאַרבלייבן פון ייִדישן שטעטל, אויב די אַרײַנדרינגענדיקע מחנה פון די שכנים וועט זיך צעהוליען, — צו אַזאַ אַפּאָקאַ־ליפּטישן אָנזאָג איז ווײַסענבערג דערגאַנגען אין אָנהייב פון הײַנטיקן יאָרהונדערט, ווען ער האָט געשריבן זײַן גאָרנישט פאַרשלײַערנדיקע, רוי־רעאַליסטישע שאַפונג.

מיך האָט אָפּגעשטעלט אָט די שטעלע אין ווײַסענבערגס קורצער נאָוועלע. שוין מיט אַ וועלכע נײַנציק יאָר צוריק האָט דער דאָזיקער זון פון זשעלעכאָוו פאַרגעפילט, פאַרגעאָנט מיט זײַן אינטואיציע, וואָס עס קען געשען. דער בלינדער האַס פון דער באַפעלקערונג, וואָס איז די שכנותדיקע צום שטעטל; דער פּרי־מיטיווער פאַנאַטיזם; די טייוולאָנישע אינסטינקטן וואָס ווערן דורך אים באַצייכנט ווי "דאָס גויאישע געלעכטערל", זענען עלול חרוב צו מאַכן דעם ייִדישן ישוב, "איבערלאָזן אַ ליידיקן פּלאַץ" דאָרט, וואו עס האָט געבליט אין זײַן פילקאָלירטקייט און שעפערישקייט דאָס שטעטל.

אויסן געווען איז ער, ווי געזאָגט, אַרויסצוברענגען די סאָציאַלע קעגנזאַצן, וואָס הייבן זיך אָרויס אין שטעטל; אָבער קוים האָט ער זיך צוגערירט צו דער טעמע, האָבן זײַן וואָרעם פאָלקס־געפיל און זײַן שאַרף קינסטלעריש אויג פאַר אים און פאַרן לייענער אַנטפּלעקט דאָס אייגנטלעכע פּראָבלעם פון דער ייִדישער צוקונפט אויף דער פוילישער ערד, — די פראַגע פון זײַן אָדער נישט זײַן פון טיף־פאַרוואָרצלטן ייִדישן ישוב.

איך האָב קיינמאָל נישט מסכּים געווען מיט ווײַסענבערגס ליטעראַרישע טעאָריעס. זיי זענען מיר אויסגעקומען צו אויסטערליש. איך האָב פונדעסטוועגן פאַרערט אין אים דעם זוכנדיקן, אומרואיקן קינסטלער. אָבער מיר ווײַזט זיך אויס, אַז ערשט איצט, איבערלייענענדיק נאָך אָן איבעררײַס פון צענדליקער יאָרן זײַן דערציילונג וועגן שטעטל, איז ער געשטאַנען פאַר מיר אין דעם פאַרכאַפּנדיקן פאַרנעם פון זײַן שאַרפער קינסטלערישער אינטואיציע.

# אין דער מחיצה פון ישׂראל שטערן

א

מיט ישׂראל שטערן האָב איך זיך צונויפגעטראָפן דורך מרדכי אַלעי, אין וואַרשע, סוף צוואַנציקער יאָרן. אַלעי האָט זיך שוין דעמאָלט געדרוקט אין דער ליטעראַרישער זײַט פון דער וואַרשעווער טאָגצײַטונג "מאָמענט", און איז שוין באַקאַנט געווען ווי אַ דיכטער און אַן עסייאיסט.

רעדאַקטאָר פון דער דאָזיקער ליטעראַרישער זײַט, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען "מענטשן און ווערק", איז געווען ב. קאַרליניוס (בערל קאַרלינסקי). ער האָט געשטאַמט פון דער לאָמזשער געגנט. געלערנט קודם אין אַ ישיבה, דערנאָך זיך אַליין געלערנט פאַרשידענע לשונות און זיך אָנגעלייענט מיט דער וועלט־ליטעראַטור. געקומען קיין וואַרשע, און אויפגענומען געוואָרן אין פאַרלאַג פון ב. שימין, וואָס האָט אַרויסגעגעבן די "וועלט־ביבליאָטעק". דאָרטן האָט ער איבער־געזעצט אויף ייִדיש ווערק פון דער וועלט־ליטעראַטור: שניצלער, האַמסון, נאָרדוי. שפּעטער, ווען צבי פּרילוצקי האָט אָנגעהויבן אַרויסגעבן דעם "מאָמענט", איז קאַרליניוס דאָרטן געוואָרן אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער און רעדאַקטאָר.

אין 1929 האָב איך געשטעלט מײַנע ערשטע ליטעראַרישע טריט אין קאַר־ליניוסעס בײַלאַגע. ער איז געווען אַ מילדער מענטש און האָט אונז, "אָנפאַנגערס", אויפגענומען זייער ליבלעך, דערמוטיקט און נישט געשפּאָרט אַ גוט וואָרט.

אין מײַנע סטודענטישע יאָרן האָב איך געלעבט פון פּריוואַטע לעקציעס; מרדכי אַלעי האָט געלערנט צייכענונג. עס איז פאָר אונז ביידן שווער געווען צו דערגיין צום סוף חודש, אָן אַרויסצוהעלפן זיך איינער דעם צווייטן. באַגעגענען פלעגן מיר זיך אין רעדאַקציע פון "מאָמענט", אָדער אין ליטעראַטן־פאַראיין אויף טלאָמאַצקע 13.

אין איינעם אַ מוראדיק קאַלטן ווינטער־פרימאָרגן, ווען מיר האָבן זיך געטראָפן אין רעדאַקציע, בײַ קאַרליניוסן אין צימער, האָט מרדכי אַלעי אַ זאָג געטאָן:

— קום, לאָמיר גיין, ישׂראל שטערן וואַרט אויף אונז אין ליטעראַטן־פאַראיין. ס'איז זייער אַ דרינגענדיקער ענין.

## ב

איך האָב שוין דעמאָלט געוואוסט וועגן ישׂראל שטערן, שוין געהאַט געלייענט זײַנע לידער און עסייען אין צײַטונגען און זשורנאַלן. די עסייען זײַנע זענען געווען אויסגעטראָגענע אין שטורעם פון געדאַנק און איבערצײַגונג. עפּעס האָט אים תּמיד געאַרט, ווײ געטאָן, אָפּגעשטעלט. אויך די לידער זײַנע האָבן געאָטעמט מיט צער און מיט ווײ, אָבער נישט מיט פּעסימיזם. פון זײַן צער האָט אַרויסגעשטראָמט גלויבן.

ישׂראל שטערן האָט געזונגען וועגן זיך, וועגן זײַנע אייגענע איבערלעבונגען. הגם דער צער איז געווען אַ בשותּפותדיקער פאַר אַלע מענטשן, זענען די מעטאַפאָרן און אַסאָציאַציעס געווען גענומען פון יידישן נסיון. די לידער זײַנע האָבן נישט אַראָפּגעשליידערט נישט דעם פּאָעט און נישט דעם לייענער אין תּהום אַרײַן, נײַערט אים אויפגעהויבן איבער דער וועלט פון צער. ער האָט כּסדר געזוכט ליכט.

אין ליטעראַטן־פאַראיין האָט זיך געטומלט. די בײַסנדיקע קעלט אין דרויסן האָט משמעות אַרײַנגעטריבן די מענטשן אינעווייניק. דאָרטן איז געווען וואַרעם און ליכטיק.

— זע — האָט מיר אַלעי אַ זאָג געטאָן — דאָרטן זיצט ער בײַם טישל.

מיר האָבן זיך דערנענטערט. דאָס פּנים פונעם פּאָעט איז מיר געווען שטאַרק באַקאַנט. וואו האָב איך אים געזען ? און באַלד האָב איך זיך דערמאָנט : אין דער ליטווישער חברה־ש״ס, אויף נאַלעווקי 39. איך פלעג אָפט אַרײַנקומען אהין דאַוונען, אָדער לערנען אַ בלאַט גמרא. דאָרטן האָב איך אים געזען, אָבער כ׳האָב נישט געוואוסט ווער ער איז. און דאָ זיצט ער פאַר מיר אין ליטעראַטן־פאַראיין. דער זעלביקער געלער, צעקנייטשטער פּנים, דער זעלביקער אָפּגעלאָזענער הילוך, דער ברוינער, אָפּגעריבענער פּאַלטן, דער אָפּגעבליאַקעוועטער שאַל אויפן האַלז, דער אַלטער הוט מיט די פלעקן און מיט דער אײַנגעזאַפּטער פײַכטקייט, די זעלביקע שיך, וואָס האָבן שוין פון לאַנג פאַרלוירן די צורה.

אין דער חברה־ש״ס פלעגט ער אַרײַנקומען אין פאַרשידענע צײַטן פון טאָג. אָדער ער האָט אַרײַנגעקוקט אין אַ ספר, אָדער ער איז געשטאַנען צווישן די מתפּללים. אין מײַן געדאַנק איז ער פאַרבליבן, ווי ער בלעטערט אַן אַלטן ספר מינחה־צײַט.

— נו, איר האָט געפונען ? — האָט אַלעי געפרעגט דעם פּאָעט.

פון די ווײַטערדיקע רייד האָב איך פאַרשטאַנען, אַז עס גייט אין אַ נאַכטלעגער.

— שוין עטלעכע נעכט ווי שטערן האָט נישט וואו צו שלאָפן — האָט מיר אַלעי שטיל אַ זאָג געטאָן — די פאַרגאַנגענע נאַכט האָט ער זיך אַרומגעדרייט אין גאַס, אין דער קעלט. דו מוזסט העלפן אויסגעפינען פאַר אים אַ נאַכטלעגער.

איך האָב זיך אַוועקגעלאָזט מיט מײַן שליחות אויף גענשע־גאַס, צו אַ משפּחה

וואו כ׳האָב געגעבן פּריוואַטע לעקציעס די קינדער. זיי האָבן געהאַט אַ גרויסע דירה און איין צימער האָבן זיי שטענדיק פאַרדונגען. איז דער צימער טאָקע געווען פאַרדונגען. נאָר אַז איך בין נישט אָפּגעשטאַנען און באַשריבן פאַרן פאַטער דעם פאַרייִאושטן מצב פון ישׂראל שטערן, איז ער מסכּים געווען אויסצובעטן פאַרן פּאַעט אַ געלעגער אין עסצימער, פאַר דרייַ נעכט.

נאָך לאַנגע זוכענישן, האָבן מיר אָפּגעפונען אַ סטאַביל נאַכטלעגער אויף עק מילע און מוראַנאָוו, בייַ אַן אָרעמער משפּחה; זי האָט אָפּגעגעבן אַ ווינקל פאַרן אייַזערנעם בעטל, וואָס מיר האָבן אויפגעשטעלט פאַר ישׂראל שטערן. אַלעי און איך האָבן זיך אויך מתחייב געווען צו דעקן דאָס דירה־געלט, אויב דער "סובלאָקאַטאָר" וועט אַליין נישט בכּוח זייַן צו באַצאָלן.

ג

מיר פלעגן זיך באַגעגענען אין פאַרשידענע ערטער: אין דער חברה־ש״ס, אין שטיבל פון די בראַצלאַווער חסידים אויף דזיעלנע־גאַס, פּרייַטיק צו נאַכט, בייַ הלל צייטלין אין אַ שבת פאַר נאַכט, אָדער סתם אין גאַס. ער פלעגט שעהען־לאַנג אַרומבלאָנקען אין גאַס — אַרייַנקוקן אַ פאַרבייַגייער אין די אויגן, אָפּשטעלן זיך, אַרויסרעדן אַ פּאָר ווערטער צו אַ בעטלער וואָס האָט אויסגעשטרעקט די האַנט נאָך אַ נדבה; נאָר ס׳רוב האָט ער געשפּאַנט פאַרטראַכט און ס׳איז נישט מעגלעך געווען אָנצוקניפּן אַ שמועס.

ישׂראל שטערן האָט געהאַט דעם שם פון אַ שווייַגער. דאָס איז אָבער נישט אין גאַנצן אמת. צו מאָל האָט עס אים דווקא אַ שטויס געטאָן פון אינעווייניק צו רעדן. איין מאָל, געדענק איך, האָט ער דערציילט וועגן זייַן געבוירן־שטעטל אָסטראָלענקע, אין דער לאָמזשער געגנט. ער האָט פּונקט געהאַט יאָרצייַט. האָט ער דערציילט וועגן זייַן טאַטן, דער אָרעמער מלמד, וואָס איז פּרי אַוועק פון דער וועלט, און וועגן דער מאַמען, וואָס איז געבליבן מיט דרייַ קליינע קינדער. קדיש האָט ער געזאָגט שטיל, קוים מ׳האָט געהערט אַ וואָרט, און ווען אַנדערע אַבלים האָבן שוין געהאַט געענדיקט, האָט ער נאָך געהאַלטן אין מיטן.

ער האָט ווינציק גערעדט וועגן זיך. אין זייַנע רייד פלעגן בלויז אויפגיין דערמאָנונגען אין שייַכות מיט די מוסרניקעס, אָדער מיט די בראַצלאַווער חסידים.

— איך גיי נאָך הייַנט אַרייַן צו די מוסרניקעס אויף סאָפּיעזשינסקע־גאַס, אָדער אויף דער פראַנצישקאַנער־גאַס — האָט ער איין מאָל אַ זאָג געטאָן, און מיר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז ער זאָגט די ווערטער מיטן ניגון פון ממעמקים בייַ סליחות. — איך פּאַל דאָרטן אַרייַן אין דער שעה פון טונקלקייט, וואָס מיר, מוסרניקעס, רופן זי די שעה פון חשבון־הנפש, און מיר שטעלן די שאלה: וואָס האָבן מיר הייַנט געטאָן און וואָס האָבן מיר מתקן געווען? די שאלה לעכערט אונז אַדורך און צעטראָגט אונז. מוסר איז אַ גוואַלדיקער באַגריף...

אַן אַנדערש מאָל, רעדנדיק וועגן דעם שאַפער פון דער מוסר־באַוועגונג, האָט ער מיר געזאָגט:

— וואָס פאַר אַ טעות ס׳איז צו רעכענען, אַז ר׳ ישׂראל סאַלאַנטער איז געווען בלויז פאַרנומען מיט זיך, מיטן יחיד! דער מוסרניק איז נישט עגאָאיסטיש, ער איז פאַרקוקט אין זיך און זעט אַלעמען, און ווייטיקט מיט אַלעמען. דער יחיד דאַרף פירן צום רבים. וויפל גבורה איז געווען אין אים, ווען ער האָט פאַר די אויגן פון קהל, אין דער שול אין ווילנע, טועם געווען אום יום־כּיפּור, בעת די כאָלערע־עפּידעמיע האָט זיך פאַרשפּרייט, און באַפוילן אַלעמען אים נאָכצוטאָן! און אין קאָוונע, ווען מ׳האָט זיך נישט געאײַלט צו פאַרריכטן דעם הקדש, וואו ס׳פלעגן שלאָפן די אָרעמעלײַט אין אַ שוידערלעכן מצב, האָט ער זיך אַליין אַרײַנגעצויגן אין הקדש און איז דאָרטן געשלאָפן. אָט דאָס איז דער חילוק צווישן אים, דעם סאַלאַנטער, און מענדעלע מוכר־ספרים: מענדעלע האָט אויסגעגאָסן אויף די קבצנים עמערס מיט שפּאָט, האָט איבער זיי געשריבן סאַטירעס און אויסגעלייגט זייערע חסרונות, בעת ר׳ ישׂראל סאַלאַנטער איז געווען איינער פון זיי, ער האָט מיט זיי מיטגעלעבט, מיט די קבצנים.

ד

וועגן ר׳ ישׂראל סאַלאַנטער האָט אונזער פּאָעט נישט געשריבן. ער האָט מורא געהאַט זיך צוצורירן צו אים. אַן אימה איז אים באַפאַלן ווען ער האָט געטראַכט בלויז צו שרײַבן וועגן אים. אָבער וועגן ר׳ נחמן בראַצלאַווער האָט ער יאָ געשריבן — בעיקר די עסייען פון די לעצטע פאַרחורבן־יאָרן.

דאָס געשטאַלט פון ר׳ נחמן בראַצלאַווער האָט אויף ישׂראל שטערן נישט אָנגעוואָרפן אַזאַ אימה ווי ר׳ ישׂראל סאַלאַנטער. ער האָט זיך געפילט נענטער צו אים, מחמת דער פּאָעזיע פון זײַנע מעשׂהס און אויך מחמת ר׳ נחמנס ידיד־נפש — ר׳ נתן, וואָס זײַן ליבשאַפט צום רבין האָט צו זיך קיין גלײַכן נישט. שטערן אַליין, אין זײַן התבודדות, האָט געבענקט נאָך אַזאַ אידעאַליסטישער פרײַנדשאַפט, אין וועלכער מ׳איז אין גאַנצן מוותּר אויף זיך. חסידות, און בפרט בראַצלאַווער חסידות, האָבן זיך אים אויסגעוויזן צו זײַן דער וועג צו אַזאַ מין פרײַנדשאַפט, צו אַזאַ לעבנסוועג.

אויפן פּאָעט האָט אויך געמאַכט אַ גוואַלדיקער רושם די אַנטשלאָסנקייט פונעם בראַצלאַווער צו בלײַבן אַ גאַנץ לעבן נאָענט בתּכלית הנאָענטקייט צו זײַנע אָרעמע ייִדן. איין מאָל, בעת אַ שמועס וועגן בראַצלאַווער, האָט ישׂראל שטערן אַרויסגעזאָגט אַ שורה פון זײַנס אַ ליד: ״אויב די וועלט איז באַהאַנגען שווער מיט געוויין, ווי מיט שמאַטעס, / וויל איך זיך פאַרדעקן מיט דער דאָזיקער שמאַטע״.

איך האָב דעם אײַנדרוק, אַז אויף ישׂראל שטערן האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה דעם בראַצלאַווערס דרך אין אַלץ אַרײַנצולייגן אַ ייִדישן תּוכן און אַלץ

אַנצוטאָן אין אַ ייִדישן לבוש. צי זענען דען די מאָטיוון פון ר׳ נחמנס מעשׂהס געוומען דורכאויס פון ייִדישן לעבן? ער דערציילט וועגן סתּם מענטשן, וואָס קענען געהערן אין דער זעלביקער מאָס אויך צו אַנדערע פעלקער. למשל די מעשׂה וועגן חכם און וועגן תּם, די מעשׂה וועגן די זיבן בעטלערס, וועגן דעם קייסערס טאָכטער וכדומה — זענען גענומען פון אוניווערסאַלע מאָטיוון. אָבער ר׳ נחמן האָט אין זיי אַריינגעבלאָזן אַ ייִדישן רוח־חיים, זיי געגעבן אַ ייִדישע כּוונה און אַ ייִדישן חן. ער האָט אין זיי אַריינגעלייגט ייִדישן צער און ייִדישע פרייד.

אַ טיפער אַנאַליז פון ישׂראל שטערנס יצירה וואָלט אוודאי אַנטפּלעקט די שטאַרקע השפּעה וואָס ס׳האָט אויף אים געהאַט דער בראַצלאַווער.

איך האָב אים איין מאָל געפרעגט, הלמאַי עס ציט אים אַזוי צו בראַצלאַווער חסידות. ער האָט געשוויגן. דערנאָך האָט ער מיך צוריקגעפרעגט, וואָס ציט מיך אין דעם דאָזיקן שטיבל? איך האָב אים געענטפערט:

— דאָס התלהבות ביים דאַוונען.

— און מיך — האָט ער נאָך אַ ווײַלע געזאָגט — מיך ציט ר׳ נחמן.

## ה

וואָס נענטער ס׳האָט זיך אָנגערוקט דער חורבן, אַלץ מער איז ישׂראל שטערן געוואָרן אַדורכגעדרונגען מיט פאַרגעפיל וועגן דעם אומגליק. זיין פּנים איז געוואָרן צעקנייטשטער און פאַרמעט־געל. דאָס געשטאַלט זיינס האָט זיך איינגעבויגן.

אין יענער תּקופה האָט ער מיר איין מאָל געזאָגט ווי כּלאחר־יד:

— ר׳ נחמן, ווען ער האָט זיך אַוועקגעצויגן קיין אומאַן, האָט ער גענומען אַ דירה אַנטקעגן איבער דעם בית־עולם פון די קדושים, וואָס זענען אומגעקומען אין די שחיטות פון די קאָזאַקן. ר׳ נחמן האָט דערקלערט: ווי אַזוי קען איך זיי איבער־לאָזן? ווי קען מען פון זיי אַוועקגיין? זיי בעטן זיך ביי מיר איך זאָל פאַרבלייבן מיט זיי. זאָל איך זיי נישט צוליב טאָן?

איך האָב געוואַרט אַז דער פּאָעט זאָל מיר געבן אַ פּירוש אויף דעם וואָס ער האָט דערציילט, אָבער ער האָט געשוויגן.

אין יענער צייט, ווען די כמאַרעס זענען אַלץ פינצטערער געוואָרן אויפן הימל, האָט ישׂראל שטערן געשריבן אַ וויגליד פאַר אַ ייִדיש קינד אין דייטשלאַנד:

שלאָף מיין קינד, עס שטייען שוין שטערן,
קיינער ווייסט היינט נישט, וואָס מיט אים וועט נאָך ווערן.

— — —

שלאָף מיין קינד, ס׳איז ווייך נאָך דיין בעט,
מאַך די אייגעלעך צו, נישט הער וואָס איך רעד...
וואָס קען דיר דען נוצן אַ בלינדער געדאַנק,
וואָס גייט, גייט און ציטערט פאַר זיין אייגענעם גאַנג?

אין יענער צײַט האָט ער אויך איבערגעגאָסן אויף ייִדיש די קינה פון מהר״ם פון ראָטענבורג, פון דרײַצנטן יאָרהונדערט, נאָך דעם ווי מ׳האָט פאַרברענט אין פאַריז פיר און צוואַנציק וועגענער אָנגעלאָדענע מיט מסכתות פון תלמוד.

ישׂראל שטערן האָט אויך אין יענער תקופה איבערגעזעצט אויף ייִדיש מגילת איכה. די איבערזעצונג האָט נאָך באַוויזן צו זען די ליכטיקע שײַן. זי איז געווען אָפּגעדרוקט אין דער נאָכמיטאָג־צײַטונג ״ראַדיאָ״, וואָס דער ״מאָמענט״ האָט אַרויסגעגעבן, תשעה־באָב, וואַרשע 1938, אונטערן טיטל: ״דאָס ליד פון טרויער און טרייסט״.

דאָס לעצטע מאָל ווען איך בין געווען אין דער מחיצה פון ישׂראל שטערן איז טאָקע געווען תשעה־באָב, האַרט פאַרן אויסבראָך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. מיר זענען געזעסן אין בראַצלאַווער שטיבל אויף די איבערגעקערטע בענק. אין מיר איז אײַנגעקריצט זײַן געשטאַלט, ווי איך האָב אים דעמאָלט געזען: דער קאָפּ אַראָפּגעבויגן, אײַנגעגראָבן אין די קינות, אין איכה. אַזוי איז ער געבליבן זיצן, מיטן אַראָפּגעבויגענעם קאָפּ, אויך נאָך דעם ווי מיר האָבן זיך אַלע אויפגעהויבן. אין מײַן געדאַנק זע איך אים עד־היום זיצן אויף דער חורבה פון שטיבל, פאַרקוקט אין די טיפענישן פון ייִדישן פּײַן.

אין געטאָ איז ער געשוואָלן געוואָרן פון הונגער און קרענק. רחל אויערבאַך דערציילט אין אירע זכרונות, אַז ער האָט אויך אין געטאָ שטרענג אָפּגעהיט ייִדישקייט און זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ קוואַרט, ער זאָל זיך קענען אָפּגיסן די הענט. אין געטאָ האָט ער אויך אַ סך געשריבן, געבראַכט אַ וואָרט פון טרייסט די לײַדנדיקע און פאַרפּײַניקטע.

מ׳ווייסט ניִשט אַפילו וואו ער האָט אויסגעהויכט זײַן נשמה — אין געטאָ, אויפן ברוק, צי ערגעץ אין אַ אומקום־לאַגער.

## די ייִדישע מאַרטירער אין ראַטנפֿאַרבאַנד
## אין זייערע לעצטע מינוטן

וויפֿל מען זאָל נישט האָבן איבערגעגעבן איינצלהייטן וועגן דעם טראַגישן אומקום פֿון די ייִדישע שרײַבער און אינטעלעקטואַלן אונטער דער סטאַלין־טיראַניי אין סאָוויעט־רוסלאַנד, איז דאָך נישט דערגאַנגען צו אונז קיין גענויע שילדערונג פֿון די לעצטע מינוטן אין לעבן פֿון דוד בערגעלסאָן, פּרץ מאַרקיש און די אַנדערע פֿון דער חבֿורה. מיר קומט אויס, אַז זיי זענען דעמאָלט געזונקען אין מחשבֿות מכּוח די וועגן און אומוועגן פֿון דער ייִדישער געשיכטע, וואָס לאָזן זיך גאָרנישט דערקלערן, און מכּוח דער מיסטעריע, אין וועלכער עס איז פֿאַרוויקלט דאָס פֿאָלק, די קולטור, דער ייִדישער גורל. איך שטיץ מײַן השערה אויף דער עובֿדה, אַז אויך דעמאָלט, ווען עס האָט זיך געקענט אויסדאַכטן, אַז זיי זענען געווען אינגאַנצן פֿאַרוועבט אין דער אילוזיע וועגן דעם ייִדישן מאָרגן אין ראַטנפֿאַרבאַנד, זענען דאָך געווען שפּאַלטן און שפּאַרעס אין דער דאָזיקער אילוזיע. ייִדישע פֿאַרגאַנגענהייט און צוקונפֿט האָבן זיי פֿאַראינטריגירט; אַנגערעגט רעמיניסצענצן, רעפֿלעקסן, היסטאָרישע פּאַראַלעלן; געוועקט צו טיפֿע באַטראַכטונגען. ייִדישער סוד פֿון דורות האָט זיך אַדורכגעריסן דורך אַלע דעמאָלט־אומגייענדיקע פּראָזעס־שאַבלאָנען און אָנגעיאָגט אַן עסנדיקן אומרו. דוד האָפּשטיין האָט געשריבן אין זײַן פּאָעמע "אהרון הכּהן": "דו האָסט מיך פֿאַרשאָלטן, און האָסט מיך געזאָלבט, אויף וואָרהאַפֿטע טרוימער־געוועבן"... בײַ פּרץ מאַרקישן האָט מען געקענט לייענען: "יאָ, יאָ, מײַן קאָפּ געווען אַמאָל איז דעם סיני'ס... דעם מידבר'ס — מײַנע טריט פֿון אומגיין און בלאָנדזשען"... אין לייב קוויטקאָס שאַפֿונגען האָט מען געקענט זיך אָנטרעפֿן אויף די פֿערזן: "מיר גאָלדן זיך אויס, מיט אָבותעס גרויס, מיר זענען אין לײַדן געלײַטערט, מיר וואַקסן אַרויף, הייבן אַרויף אונזער האַרץ, אונזער וואונד... מיר זענען ווידער אַ פֿאָלק פֿון קינדער"... איציק פֿעפֿער האָט אויסגערופֿן: "ניט פּרעהס שלעק, ניט טיטוס, המן, האָבן צעבראָכן אים געקענט, מײַן שטאָלץ געמיט. עס טראָגט מײַן נאָמען די אייביקייט אויף אירע הענט... איך בין אַ ייִד, מער פֿון גאָלד האָב איך אײַנגעהילט די אײַנגעשפּאַרטקייט פֿון מײַן זיידן"... דוד בערגעלסאָן האָט אַ נאָמען געגעבן איינער פֿון זײַנע לעצטע שאַפֿונגען: "לא

אַמות כּי אחיה״ — ״איך וועל נישט שטאַרבן נאָר לעבן״... אויב מען ווייסט, אַז זי איז געשריבן געוואָרן אין דער פינצטערער נאַצי־נאַכט, ברענגט זי אַרויף נישט בלויז אַ פּסוק פון תּהילים, נאָר אויך דעם פּאַטעטישן, מיט צער, ווײ און האָפענונג אָנגעלאָדענעם אויסרוף פון נביאישן ספר יחזקאל: ״בדמיך חיי״ — ״אין דײַן בלוט וועסטו לעבן״...

ווײַזט זיך מיר אויס, זאָג איך, אַז די ייִדישע מאַרטירער אין ראַטנפאַרבאַנד האָבן אין זייערע לעצטע מינוטן זיך אָפּגעגעבן מיט גשמה־גריבלענישן און אַליין־אַנאַליזן, וואָס האָבן צו טאָן מיט דער ייִדישער דערפאַרונג אויף דער רוסישער ערד. אַלע אָט די ״פּאַראורטיילטע״ (אָן וועלכן עס איז יושרדיקן משפּט און אורטייל) אינטעלעקטואַלן און שרײַבער, זענען געווען רוסישע ייִדן. אַפילו ווען געאָגראַפיש זענען אייניקע געווען פון פּוילן אָדער פון אַנדערע מזרח־אייראָפּעאישע געגנטן, זענען זיי פּאָליטיש געווען פון רוסלאַנד, וואָס האָט אין משך פון לאַנגע צײַטן אויסגעצויגן איר מאַכט אויף געביטן, וועלכע זענען נישט געווען ריין־רוסישע. וואָס האָבן אַלץ די פילצאָליקע ייִדישע מאַסן נישט אַדורכגעמאַכט אין רוסלאַנד! שעפערישקייט, אויפבלי פון גײַסט, פונאַנדערבלי פון פילזײַטיקער, שטוינענדיקער איניציאַטיוו? אַוודאי, אָבער אינמיטן אַ פלייצנדיקן ים פון רשעות, אינמיטן בושעווענדיקע פּאָגראָמען, ביטערע גזירות, שענדלעכע באַשולדיקונגען, טײַוולאָנישע דערנידערונגען, גרוילעכער אונטערדריקונג.

מיר קומט אויס, אַז גראָד ווען בערגעלסאָן, מאַרקיש און די אַנדערע פון דער מאַרטירער־חבורה זענען געגאַנגען צו אומקום, זענען זיי געזונקען אין מחשבות און רעפלעקסן איבער די קאַנטאָניסטן, די ייִדישע קינדער, וועלכע זענען אין די צײַטן פון צאַר ניקאָלײַ דעם ערשטן, בײַם סוף פון דריטן יאָרצענדליק פון פאַר־גאַנגענעם יאָרהונדערט, מיט געוואַלט אַוועקגענומען געוואָרן פון זייערע עלטערן, מאָביליזירט געוואָרן אין רוסישן מיליטער, אַוועקגעפירט געוואָרן צו פאַרוואָרפענע געגנטן אין דער צאַרישער מדינה, און דאָרט אַוועקגעגעבן געוואָרן צו פּויערים, וואָס האָבן זיי באַדאַרפט ״דערציִען״ צום טויפן זיך. אַכט אָדער ניַין יאָר זענען אַלט געווען די דאָזיקע קינדער, אַ מאָל נאָך ייִנגער. דער באַרימטער רוסישער שרײַבער און פרײַהייט־קעמפער אַלעקסאַנדער הערצען, וועלכער האָט געלעבט אין יענער תּקופה, האָט בײַגעוווינט, ווי אַזאַ צוג פון קינדער איז אָן רחמנות אַוועקגעריסן געוואָרן פון זייערע טאַטעס און מאַמעס, און אונטער רוצחישע שמיץ געשלעפּט געוואָרן אין די מרחקים, און ער האָט באַשריבן, וואָס ער האָט געזען: ״דאָס איז געווען איינס פון די שרעקלעכסטע בילדער, וואָס האָט ווען עס איז אין מײַן לעבן זיך געשטעלט פאַר מײַנע אויגן. אָרעמע, אָרעמע קינדער פון אַכט, צען יאָר, בלאַסע, אויסגעמאָגערטע, מיט טראַגישע בליקן, זענען זיי געשטאַנען אין די גראָבע, נישט־צוגעמאָסטענע, גרויסע סאָלדאַטן־שינעלן, הילפלאָזע״...

אוממעגלעך צו וויסן, וויפל קינדער זענען אומגעקומען אויף די וועגן, אין די רעקרוטן־צענטערס, אין פאַרצווייפלטן געראַנגל נישט אונטערצוגעבן זיך דעם צוואַנג פון שמד. עס האַנדלט זיך וועגן אַ סך, אַ סך טויזנטער. אייניקע פאַרצייכע־נונגען זענען פאַרבליבן פון אַט די קינדער פון פּיַין און וויי. די פאַרצייכענונגען ציטערן אויף, זיי צעטרייסלען.

משה שפּיגל פון אירקוטסק שרײַבט: „ווען איך בין אַלט געווען זיבן יאָר, האָט מען מיך „געכאַפּט" און אָפּגעגעבן פאַר רעקרוט. מען האָט מיך גערופן „זשידאַנקע" (ייִדל), און פאַרקאָוועט אין קייטן... דערנאָך האָט מען אַרויפגעלייגט אויף מיר שטראָפן, מ'האָט מיך געבאָדן אין טײַך. דער סאָלדאַט האָט מיך אײַנגעטונקען אין וואַסער, צען, פופצן מאָל נאָכאַנאַנד, כ'האָב זיך געוואָלט אַרויס־רײַסן פון סאָלדאַטס האַנט, אָבער יענער האָט געשריגן „שמד זיך, וועל איך דיך באַפרײַען!"... זעענדיק ווי אײַנגעשפּאַרט איך בין, האָט ער מיר בײַם שערן געמאַכט זיבעצן וואונדן אין קאָפּ"...

יעקב בן גרשון יערמאַנאָוויטש דערציילט: „זיבן יאָר בין איך אַלט געווען. מ'האָט מיך אַרײַנגעלייגט אין אַ שטרויזאַק, מיך צוגעבונדן צו אַ שטריק און אַראָפּגעלאָזט פון די טרעפּ פון צווייטן שטאָק ביז צו דעם אונטערשטן גאָרן, און דאַן צוריק אַרויפגעשלעפּט. מען האָט מיך מיט דעם שלעפּן אַזוי צעשלאָגן, אַז מ'האָט מיך דערנאָך געמוזט נעמען אין שפּיטאָל. מ'האָט צו מיר כסדר געשריגן: „שמד זיך, און מיר וועלן דיך מער נישט שלאָגן". מ'האָט געהאַלטן אין איין שלאָגן מיך, און איך האָב מיט אַלע כוחות געשריגן: ניין!"...

חיים פון סימבירסק שילדערט: „מ'האָט אײַנגעהייצט די באָד, און מ'האָט אונז, פערציק קליינע קינדער, אַרײַנגעלאָזט, און געהייסן אַרויפגיין אויף דער אויבערשטער באַנק. די סאָלדאַטן האָבן געגאָסן קאָכעדיק וואַסער, און מיר זענען געזעסן און שיעור נישט דערשטיקט געוואָרן. די סאָלדאַטן האָבן געפרעגט: קטאָ זשעלאַיעט קרעסטיטסיאַ, ווער וויל זיך שמדן? מיר האָבן אַלע פאַרעקשנטע געענטפערט: ניין!"...

בערקע פינקעלשטיין גיט איבער: די קאָמאַנדירן פלעגן פאַר אים צוטראַכטן די שרעקלעכסטע פּײַניקונגען. מען פלעגט אים האַלטן אין דער לופטן מיטן קאָפּ אַראָפּ און צווינגען צו גיין אַ האַלב־נאַקעטער אין אַ שרעקלעכן פראָסט אויפן אײַז, און דאָך האָט ער זיך נישט אונטערגעגעבן. אַ ייִדיש קינד איז ער, און וועט בלײַבן. מען האָט אים בײַ יעדער זײַט האַלז אָנגעהאָנגען אַ שווערן זאַק מיט זאַמד, און ער האָט געמוזט האַלטן הויך איבערן קאָפּ אַ שווערע ביקס, און אַזוי אָפּשטיין אַן אויסגעצויגענער דרײַ שעה. קוים וועט ער אַראָפּלאָזן די הענט, וועט מען אים געבן הונדערט שמיץ... דער קאָמאַנדיר האָט געזאָגט, אַז אַט דער „פאַרביסענער פאַנאַטיקער" וועט גיכער געזעגענען זיך מיט דעם לעבן איידער „מיט זײַן יעווריעיסקען גלויבן"...

מיר ווײַזט זיך אויס, אַז פאַר בערגעלסאָנען, מאַרקישן און די אַנדערע פון דער מאַרטירער־חבורה, איידער מ'האָט זיי אויף סטאַלינס באַפעל, געפירט דער־מאָרדעט צו ווערן, זענען געשטאַנען די געשטאַלטן פון די פאַרפײַניקטע קינדער־קאַנטאָניסטן, און עס האָבן געשפּרונגען פאַר זייערע אויגן די שורות פון זייערע פאַרצייכענונגען. אין די תּפֿיסה־צעלן פון בערגעלסאָן, מאַרקיש און חברים איז געווען אימהדיק־פינצטער. דער טויט האָט זיך דערנענטערט. אין חלל האָט זיך אויסגעמישט האַרץ־פּליסטערונג פון אַמאָל און פון דער קעגנוואַרט. דורות האָבן געאָטעמט צוזאַמען.

איך קען נישט דערקלערן מיט פּרעציזקייט, פאַרוואָס מיר מאָלט זיך אויס אַזוי און נישט אַנדערש — דער לעצטער וועג פון בערגעלסאָן, מאַרקיש, מאַקס עריק, ישראל ציניבערג, און די אַנדערע קדושים; און פאַרוואָס מיר קומט אויס, אַז זיי האָבן אין זייערע לעצטע מינוטן זיך צוגעטוליעט גראָד צו די קינדער־מאַרטירער. מעגלעך דערפאַר, ווײַל די סאַדיסטישע מיטלען, וועלכע מען האָט אָנגעוואַנדן קעגן די פאַראורטיילטע, זענען געווען אַזוי שטאַרק ענלעך אונטער סטאַלין ווי אונטער דעם צאַר ניקאָלײַ. און מעגלעך אויך דערפאַר, ווײַל אַזוי אַרום טרעט שטאַרקער אַרויס די בשותּפֿותדיקייט פון ייִדישן גורל. קינד און פּאָעט, קינד און היסטאָריקער, קינד און פאָרשער, קינד און ראַפינירטער פּראָזאַאיקער, האָבן זיך ענג צונויפגע־קייטלט, און זיך צוגעדריקט איינער צום אַנדערן, אין דער געדיכטקייט פון דער מיסטעריע פון ייִדישן זײַן.

## צום קאַפּיטל: די ייִדישע פּרעסע

מען קען גאָרנישט אויסשעפּן די מאָטיוון, צוליב וועלכע דער פּעריאָד פֿון טויזנט יאָר מזרח־אייראָפּעאיש ייִדנטום פֿאַרדינט באַצייכנט צו ווערן ווי דער גאָלדענער פּעריאָד אין דער ייִדישער געשיכטע. אומגעוויינלעך איז געווען די שפּרודלענדיקע שעפֿערישקייט פֿון דאָזיקן ייִדישן קיבוץ, די גײַסטיקע ענערגיע, דער באַוואוסטזײַן פֿון נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער אחריות, די וויטאַליטעט. פֿאַר־בליפֿנדיק ממש איז געווען די פֿאַרצווײַגטקייט. אויב בנוגע אַנדערע פּעריאָדן פֿון שעפֿערישקייט אין דער ייִדישער צעשפּרייטקייט, ווי למשל די גאָלדענע תּקופֿה אין בבל אָדער אין שפּאַניע, לאָזט זיך אָנדײַטן מיט פּרעציזקייט, וואו און אין וועלכן פֿעלד דער ווערטפֿולער בײַטראָג האָט זיך אָנגעזען, איז דאָס אוממעגלעך צו טאָן ווען עס האַנדלט זיך וועגן מזרח־אייראָפּעאישן פּעריאָד. דאָ איז דער בײַטראָג פֿילזײַטיק; דאָ שימערירט ער מיט כּלערליי קאָלירן; דאָ פֿאַנגט ער דעם מוח און דאָס האַרץ מיט די פֿאַרשידנסטע געאַנטע און נישט־געאַנטע אויסדרוקן, וואָס ער האָט אָנגענומען אין לויף פֿון דורות.

אַפֿילו די היסטאָריקער און פֿאָרשער, וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט אַרויס־ברענגען די אייגנטימלעכקייטן פֿון דער מזרח־אייראָפּעאישער תּקופֿה, זענען ווײַט נישט מסוגל אַרומצונעמען די שטוינענדיקע פֿילזײַטיקייט. זיי באַגנוגענען זיך דעריבער מיטן אונטערשטרײַכן דערגרייכונגען, וואָס זענען, לויט זייער מיינונג, דער תּמצית פֿון טויזנט יאָר ייִדיש מזרח־אייראָפּע. אין די אויגן פֿון שמעון דובנאָוו קומט אויס, אַז די אויטאָנאָמע קהילה־אָרגאַניזאַציע, וואָס איז אויסגעבויט געוואָרן, ווי בכלל די רייפֿע אידייע פֿון דער ייִדישער אויטאָנאָמיע, איז דער תּמצית פֿון די קאָלאָסאַלע אויפֿטוען. זי איז דאָס קערנדל, אַזוי צו זאָגן, פֿון אַלדאָס גרויסאַרטיקע און דויערהאַפֿטיקע, וואָס האָט דאָרט אויפֿגעשפּראָצט. פֿאַר מאיר באַלאַבאַן איז דער אידעאַליזם, וואָס שטראַלט אַרויס פֿון דער מזרח־אייראָפּעאישער תּקופֿה, די גרייטקייט זיך מוסר נפֿש צו זײַן פֿאַר אידייען און דערהויבענע אידעאַלן, דער שורש, פֿון וועלכן עס האָבן זיך געקענט פֿונאַנדערוואַקסן און פֿונאַנדערצווײַגן די דערשײַנונגען, וואָס פֿאַרבלײַבן כאַראַקטעריסטיש פֿאַרן דאָזיקן גאָלדענעם פּעריאָד.

אין הסכּם מיט דער שיטה פון שמואל אבא האָראָדעצקי דאַרף מען זוכן אין די קוואַלן פון געפיל, וואָס האָבן געשטראָמט אין ייִדיש מזרח־אייראָפּע, די מעגלעכ־קייטן פון אָט דעם קיבוץ און זײַן מעכטיקן כּוח צו באַרײַכערן ייִדיש לעבן און ייִדישע גײַסטיקייט מיט אומפאַרגעגנגלעכע אוצרות; אַזוי אַז אַרײַנגיין אין פּרטים איז אפשר נישט קיין פולשטענדיקע נויטיקייט.

אָבער דער אמת איז, אַז ווי וויכטיק די עסענץ זאָל נישט זײַן, זאָגט זי נאָך אַלץ נישט עדות אויפן פולן בילד. מען קען דורך איר נישט זען אַלע פינקלענדיקע שטערן. אַרומנעמען אַלץ שטייגט פשוט איבער די כּוחות פון אַ בשׂר ודם; מעג מען אַפילו זײַן אַ היסטאָריקער פון פאַרנעם און אַ פאַרשער פון טאַלאַנט. בפרט ווען עס פעלט נאָך די פּערספּעקטיוו, וואָס קען העלפן אָפּשאַצן די פאַרבײַגעלאָפענע תּקופה.

אָט האָט זיך פאַר מיר אויפסנײַ אַנטפּלעקט דער לײַכטנדיקער טײַערער שטיין אין דער קרוין פון טראַגיש־פאַרשניטענעם טייל פון אונזער פאָלק: די פּרעסע, וואָס איז דאָרט דערשינען. די פּרעסע אין דער ייִדישער שפּראַך, וואָרום אין דאָזיקן לשון האָט די צײַטונג דערגרייכט צו די ברייטע מאַסן פון פאָלק. ענלעך צו צײַטונגען אין אַנדערע עקן וועלט, איז דאָך די מזרח־אייראָפּעאישע ייִדישע צײַטונג — און מיר באַציִען זיך בעיקר צו דער טעגלעכער — געווען פאַרשידן. זי האָט, פאַרשטייט זיך, געליפערט אינפאָרמאַציע, נײַעסן, אַזוי ווי דאָס איז דער שטייגער; אָבער מען האָט דערמיט נישט יוצא־געווען.

די ייִדישע צײַטונג אין מזרח־אייראָפּע האָט, אויסער אינפאָרמירן, באַטראַכט ווי איר וויכטיקע אויפגאַבע אַנצונעמען דעם לעזער בײַ דער האַנט און אים אָריענ־טירן אין די קאָמפּליצירטע וועגן און שטעגן, וואָס ער האָט געמוזט אַדורכמאַכן. די וועגן זענען געווען פאַרפּלאָנטערטע און שווערע. רדיפות זענען אַראָפּגעפאַלן ווי אַ בייזער האָגל. רעכטלאָזיקייט איז געווען דאָס טעגלעכע ברויט; און ברויט, ממש ברויט צום עסן, האָט געפעלט. די גרויסע מערהייט פון ייִדישן פאָלק אין מזרח־אייראָפּע האָט געלעבט אין אָרעמקייט און דחקות. די צײַטונג האָט גערופן נישט אַרײַנצופאַלן אין פאַרצווייפלונג. זי האָט געהויבן דעם מוט, פאַרזייט גלויבן און האָפענונג, אינספּירירט בײַ די אומגינסטיקסטע באַדינגונגען נישט אָפּצושטיין אין קאַמף פאַר רעכט און ווירדע. אָפּשפּיגלענדיק די פאַרשידנסטע אידעאָלאָגישע באַוועגונגען און פּאָליטישע שטרעמונגען, האָבן דאָך די צײַטונגען, בײַ דער גאַנצער קעגנזעצלעכקייט פון זייערע אידייען, געקענט פאַרעפנטלעכט ווערן אונטער דער זעלבער, אַלעמען פאַראייניקנדיקער, לאָזונג: ייִדן, זײַט זיך נישט מייאש!...

אויסגעוויזן האָט זיך די ייִדיש־צײַטונג צו זײַן דער עיקר אַ לערער. זי האָט געגעבן לעקציעס אין טעאָרעטישע און פּראַקטישע ענינים. דאָס לייען־מאַטעריאַל, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן, איז געווען אַ צונויפמיש פון פּובליציסטיק און

קאַטעדרע. אַלץ האָט געפּלאָסן פון דער איבערגעגעבענער זאָרג פאַרן וואוילזייַן פון ייִד. אָנווייַזנדיק אַ ריכטונג אָדער צוטיילנדיק אַן עצה, האָט די צייַטונג דערבייַ אויפגעהאַלטן די וואַרעמקייט און צאַרטקייט פון אַ מאַמע. אין אַנדערע מקומות, און אַפילו אין מזרח־אייראָפּע, אין אַ לשון וואָס איז נישט געווען ייִדיש, הגם באַשטימט פאַר דער ייִדישער באַפעלקערונג, וואָלט אַזאַ פאַרגלייַך נישט געווען אויפן אָרט. פאַר דער ייִדיש־צייַטונג איז דאָס אינגאַנצן נאַטירלעך. זי האָט צוגע־טוליעט דעם לעזער צום האַרץ; און דער לייענער האָט די געדרוקטע אותיות צוגעדריקט נאָענט און הייס צו זיך. ווי אין ביאַליקס באַקאַנט ליד, זענען זיי געווען פאַר אים "אַ מוטער און אַ שוועסטער".

אין ייִדיש מזרח־אייראָפּע איז לייענען אַ נעכטיקע צייַטונג, אויב מען האָט זי נישט באַוויזן "אויסצולייענען" דעם זעלבן טאָג, געווען אַ געוויינלעכע דער־שייַנונג. די פּרייַטיקדיקע אויסגאַבעס, וואָס זענען געווען פול מיט וואָגיקע אַר־טיקלען איבער אַלגעמיינע און ייִדישע פּראָבלעמען, און אין וועלכע עס האָבן זיך באַטייליקט דענקער און געלערנטע, פּראָזאַאיקער און דיכטער, די גלענצנדיקסטע פעדערס אין אַלע זשאַנערן פון ליטעראַטור, שאַרפע מוחות און פילענדיקע הערצער, זענען ממש שטודירט געוואָרן אַ גאַנצע וואָך. איין צייַטונג האָבן געלייענט צענ־דליקער מענטשן, ווייַל נישט יעדן איינעם האָט געקלעקט אויף צו קויפן אַן עק־זעמפּלאַר. די וואָס זענען אַליין נישט דערצויגן געוואָרן און אויפגעוואַקסן אויף דער ייִדישער צייַטונג אין מזרח־אייראָפּע, אָדער וואָס האָבן לכל הפּחות אָט־די זעלטענע באַציאונג פון צייַטונג־לייענער אַליין נישט בייַגעוואוינט, קענען גאָרנישט באַגרייַפן די ראָל, וואָס די ייִדיש־פּרעסע האָט פאַרנומען.

נאָך שטאַרקער מערקווירדיק קומט דאָס אַלץ אויס, ווען מען געדענקט, אַז בסך־הכּל האָט דער פונאַנדערבלי פון דער ייִדיש־פּרעסע אין מזרח־אייראָפּע געדויערט זייער אַ קורצע צייַט. ווי אַ מעטעאָר האָט זי זיך אויפגעהויבן אויפן ייִדישן הימל, און ווי אַ מעטעאָר איז זי אין דער קאַטאַסטראָפע פאַרשוואונדן. צוערשט אין צאַרישן רוסלאַנד, ווען די צאַרישע מאַכט האָט זיך אויסגעצויגן כּמעט אויף אַלע מזרח־אייראָפּעאישע ייִדישע ישובים, איז געווען אומגעוויינלעך שווער אַרויסצובאַקומען אַ דערלויבעניש אויף אַרויסצוגעבן אַ צייַטונג. דערנאָך איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה, מיט אַלע גזירות און צענזור־באַגרענע־צונגען, וואָס זי האָט מיט זיך געבראַנגט. אויך אין די צוויי צענדליק יאָר, צווישן די צוויי וועלט־מלחמות, האָבן נישט געפעלט כּלערליי שיקאַנעס און צענזור־פאַרבאָטן. און פאַרט — אויב דו ווילסט דערקענען דעם גאָלדענעם פּעריאָד פון מזרח־אייראָפּעאישן ייִדנטום טאָקע אין זייַן נעילה; אויב דו ווילסט האַלטן דייַן האַנט אויפן פּולס פון דאָזיקן קיבוץ איידער זייַן האַרץ האָט אויפגעהערט זיך צו באַוועגן; אויב דו באַגערסט צו פילן זייַן אָטעם איידער די טויזנט־יאָריקע דראַמע איז — צו אונזער ווייטיק — אָפּגעשלאָסן געוואָרן; עפּן אויף די פּעריאָדישע

אויסגאַבעס פון יענע גורל־יאָרן. זאָג נישט, אַז די דערגרייכונגען פון די ייִדן אין די מזרח־אייראָפּעאישע לענדער, זייערע דערפאַרונגען און ראַנגלענישן, זייערע האָפענונגען און אַנטוישונגען, זייער אויסדויער און גבורה, זענען אויסגעדריקט געוואָרן אין מער דויערהאַפטיקע קולטור־פאָרמען, און מען מוז נישט דווקא אָנקומען צו דער פּרעסע, כּדי זיך צו דערנענטערן צום אונטערגעגאַנגענעם קיבוץ. דו ווערסט אָן דער ייִדישער צײַטונג, וואָס איז דעמאָלט בײַ זיי דערשינען, נישט דערזען, נישט קענען דערזען, יענע אייגנאַרטיקייט, וואָס מזרח־אייראָפּעאיש ייִדנ־טום האָט אַרײַנגעטראָגן אין אונזער געשיכטע. דאָס איז אין איר, אין דער ייִדישער צײַטונג, צונויפגעפלאָכטן געוואָרן, אויפן מערקווירדיקסטן אופן, דער רעאַליזם און די מיסטעריע.

ווי געזאָגט: דאָס וואונדער פון דער דאָזיקער מזרח־אייראָפּעאישער ייִדישער אַקטיווקייט האָט זיך פאַר מיר פונדאַסניי אַנטפּלעקט. דער בר־אילן אוניווערזיטעט, די ייִדיש־קאַטעדרע, אונטער דער אָנפירונג פון פּראָפעסאָר גרשון ווײַנער, האָט פאַרעפנטלעכט אַ בוך אונטערן נאָמען ״נעכטן״. דאָס איז אַן אָפּקלײַב פון אַרטיקלען וואָס זענען דערשינען אין וואַרשעווער ייִדישע טאָג־צײַטונגען, בעיקר אין ״מאָמענט״ און ״הײַנט״, אין הײַנטיקן יאָרהונדערט. גענויער: אָנהייבנדיק פון צווייטן יאָר־צענדליק ביז דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. די אַרטיקלען און פעליעטאָנען זענען געשריבן געוואָרן דורך ב. יאושזאָן, וועלכער האָט זיך אויך באַנוצט מיטן פען־נאָמען איטשעלע. זײַן אייגנטלעכער נאָמען איז געווען משה יוסטמאַן. בלי ספק איז יאושזאָן־איטשעלע געווען דער באַליבטסטער און באַ־רימטסטער ייִדישער צײַטונג־שרײַבער אין פאַר־מלחמהדיקן פוילן. דער אָפּקלײַב פון די אַרטיקלען איז געמאַכט געוואָרן דורך זײַן זון, דער ישראלדיקער זשורנאַליסט און קולטור־טוער, מיטגרינדער פון דער פאָפּולערער ישראל־צײַטונג ״מעריב״, יהושע יוסטמאַן. ער גיט אויך אָן אויספירלעכן אַרײַנפיר צום ספר, וואו ער וויקלט פונאַנדער אין אַ קאָנדענסירטן איבערבליק דעם אויפגאַנג פון דער ייִדישער פּרעסע אין פוילן און שטעלט זיך אָפּ אויף דער דערהויבענער פערזענלעכקייט פון זײַן פאָטער, באַלויכטנדיק דאָס אייגנאַרטיקע אַרט, וואָס ער האָט פאַרנומען דורך דער אינטימקייט, וואָס האָט געהערשט צווישן אים און דעם לעזער. ב. יאושזאָן האָט נישט לאַנג נאָכן אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה באַוויזן זיך אַרויסצוראַטעווען פון נאַצי־גיהנום און אָנקומען קיין ארץ־ישראל, וואו ער איז אַוועק פון דער וועלט אין יאָר 1942.

וואָס באַהאַנדלען די פעליעטאָנען און אַרטיקלען, אויף וועלכע מיר טרעפן זיך אָן אין דאָזיקן ספר? זיי שפּיגלען קודם־כּל אָפּ די רויע ווירקלעכקייט פון ייִדישן לעבן אין יענעם צײַט־אָפּשניט; און הגם זיי באַציִען זיך צו פוילן, קענען זיי דאָך אָנגעוואָנדן ווערן אויך צו אַנדערע מזרח־אייראָפּעאישע ישובים. וואָס

אַלץ האָבן ייִדן נישט געמוזט אויסשטיין! בושעוועדיקע רשעות, בלבולים, פּאָגראָמען, עקאָנאָמישער באָיקאָט, באַליידיקונגען, דערנידערונגען. אין די אַזוי־פּאַרשיידענע אומשטענדן, אין וועלכע מיר לעבן איצט, איז פּשוט שווער זיך פאָרצושטעלן, אַז אין אַט אַזאַ קלאָגנדיקן מצב זענען אָפּגעקומען אונזערע אור־עלטערן און עלטערן, און אַ סך פון אונז אַליין אין אונזער יוגנט.

אין פעליעטאָן "איינער אַ ייִד" שילדערט ב. יאושזאָן דאָס רירנדיקע בילד פון איינעם פון יענע המונים ייִדן, איינער פון דער וואָרשעווער ייִדישער אָרעמקייט, פון קראָכמאַלנע־גאַס, איינע פון די ייִדישע פאַרחושכטע גאַסן. ער האָט געהאַנדלט מיט עפּל. דאָס איז געווען זײַן גאַנץ פאַרמעגן: אַ קוישל עפּל. אָבער דער "האַנדל" איז אים געווען פאַרווערט. דאָס איז קלאַסיפיצירט געוואָרן ווי "אומלעגאַלער מסחר". די פּאָליציי האָט קעגן דעם ייִד געפירט אַ שאַרפן קאַמף, און אים געטריבן מיט זײַן קוישל פון גאַס צו גאַס, אײַנזעצנדיק אים אָפט אין תּפיסה.

לויט דעם אופן, ווי דער מחבר באַשרײַבט אַט־דעם מצב, פילט איר, ווי שטאַרק איבערגענומען ער איז. נאָך יעדע עטלעכע וואָכן — דערציילט ער — פלעגט דער ייִד אַרײַנפאַלן אין די הענט פון אַ פּאָליציאַנט, וועלכער פלעגט אים אויסשיטן די סחורה אין רינשטאָק, און דערצו נאָך מכבד זײַן מיט מוראדיקע קלעפּ. געוואוינט האָט ער מיט זײַן ווײַב און קינדער אין אַ פּײַכטן קעלער־שטיבל, וואו דאָס עסן איז באַשטאַנען פון אַביסל שיטערע קאַרטאָפל מיט וואַסער... איינער אַ ייִד. אין דער אמתן האָבן מיליאָנען ייִדן אַזוי אָפּגעלעבט זייערע יאָרן.

אָבער צי איז דאָס אַלץ וואָס לאָזט זיך זאָגן וועגן דאָזיקן "רעפּרעזענטאַנט" פון דער רעכטלאָזער, אונטערגעדריקטער, אין חשכות אָפּקומענדיקער, מזרח־אייראָפּעאישער ייִדישער מאַסע?

אַט־דער זעלבער ייִד — ווי אומגלויבלעך דאָס זאָל נישט קלינגען אין אונזערע אויערן — האָט נאָך געהאָלפן אַנדערע, וועלכע האָבן, לויט זײַן אײַנזען, זיך גענויטיקט אין זײַן הילף. ער האָט געהאָט מיטלייד מיט קראַנקע און אָרעמעלײַט. אין דער חברה "לינת הצדק", וואָס האָט אין יעדן ישוב פון יענער וועלט פון נעכטן, זיך פאַרנומען מיט טראָגן הילף צו קראַנקע אָן מיטלען, פלעגט מען אים, אויף זײַן אייגענעם פאַרלאַנג, אָנווײַזן בײַ וועמען עס איז נויטיק וואָך צו זײַן אַ נאַכט; און ער פלעגט אַהינגיין צום קראַנקן, און נישט באַקומענדיק באַצאָלט, וואָך געווען בײַ זײַן צוקאָפּנס. עטלעכע נעכט אין דער וואָך האָט ער דאָס געטאָן. ער פלעגט נאָך איבערלאָזן בײַם קראַנקן אויפן בעט אַ פּאָר עפּעלעך פון זײַן אייגענעם "פאַרמעגן".

אין ייִדיש מזרח־אייראָפּע איז רחמנות געווען אַן אַקטיוו, ברוייזנדיק געפיל. נישט קיין סתּם פראַזע, נישט קיין הוילע מליצה. זעלטן עמעצער איז נישט געווען אַדורכגענומען מיטן דאָזיקן געפיל. עס איז געווען אויסטערליש און שאָקירנדיק

נישט צו האָבן קיין מיטלייַד, אַ האַרצלאָזער מענטש האָט גאָרנישט געקענט זייַן קיין ייִד, האָט מען געזאָגט.

עס לאָזט זיך פונדעסטוועגן נישט באַשטימען, אַז בלויז וואָלקנס האָבן זיך אויסגעלייגט אויפֿן ייִדישן קיום. אויך זון האָט אַרייַנגעשייַנט. אויך פאַרגעניגנס האָט געהאַט דער דורכשניט ייִד. געווען אַזעלכע, שרייַבט יאושזאָן, וואָס האָבן געגאַסן אַ שעה צייַט פון עולם הזה, אַרייַנכאַפּנדיק זיך אין אַ בית המדרש און זאָגנדיק אַ קאַפּיטל תהילים, אָדער צוהערנדיק זיך צו די מעשׂהס און משלים פון מדרש, וואָס אַ ייִד האָט דערציילט בעת ער האָט געלערנט חומש מיטן עולם. אַנדערע האָבן געשפּירט אַ תענוג פאַרטיפנדיק זיך אין אַ ספר, אַרייַנקוקנדיק אין אַ בוך, אָדער גאָר לייענענדיק אַ ייִדיש "בלאַט", ווי מען פלעגט דאָרט אויך אָנרופן אַ צייַטונג. מען איז, אין דער איבערוויגנדיקער מערהייט, געווען באַהערשט פון הונגער צו לערנען, צו וויסן, צו באַרייַכערן זיך מיט ייִדישע גייַסטיקע אוצרות, אַלטע און נייַע. יונג און אַלט האָבן זיך אַרומגעטראָגן מיטן גייַסטיקן הונגער.

נישט צו באַשרייַבן איז די פרייד, וואָס האָט געפּלייצט פון אַ שבת און יום־טוב. די פייַנטלעכע אַטמאָספער, די פאַרסמטע לופט, האָבן נישט געקענט אָוועקנעמען בייַם ייִד זייַן שׂמחה מיט זייַנע שבתים און ימים־טובים, הגם ער האָט זיי אָפּגעריכט אין דחקות. אין אייַנדרוקספולע, מיטרייַסנדיקע עסייען, וואָס זייער טעמע זענען ייִדישע אָנדענק־טעג, צייכנט אָן יאושזאָן זייער באַטייַט אין דער מזרח־אייראָפּעאישער ייִדישער ציוויליזאַציע. נישט דווקא פאַרגאַנגענהייט האָבן זיי אָנגעזאָגט. זיי האָבן געברענגט אָנזאָגן פאַרן הייַנט און מאָרגן, בשורות, סימבאָלן. אַוודאי זענען המן פון דער מגילה, פּרעה פון דער הגדה, געווען נאָענטע, רעאַלע פיגורן. אָבער נישט ווייניקער נאָענט און רעאַל זענען געווען משה רבינו, אליהו הנביא, יהודה המכּבי, שמעון בר־כּוכבא, וועלכע האָבן אויפגעהויבן די ווירדע, אַרייַנגעגאָסן מוט, גערופן צו קאַמף, געשטאַרקט אהבת ישׂראל, אַרייַנגעשריַען אין באַוואוסטזייַן: זייַן אַ ייִד איז אַ גרויסע זאַך!... אויך נאַציאָנאַלע אָנדענק־טעג פון אונזער צייַט האָבן אויפגעהאַלטן אַ גאַר באַזונדערן כּוח. וואָסער שטורעם פון עמאָציעס רופט למשל אַרויס בייַם מחבר, און בייַ זייַנע לייענער, די עפענונג פון דער העברעאישער אוניווערזיטעט אין ירושלים, אויפן הר־הצופים! דאָס איז די פרייד פון אַ פאָלק, שרייַבט ער, "וואָס באַהעפט זיך צוריק מיט זייַן אָפּגעזוכטער נשמה, וועלכע האָט דורות־לאַנג געוואָנדערט איבער דער וועלט, זוכנדיק אַ תּיקון"...

אַז אַרעמע, עלנטע וועלט; און דאָך אַזוי רייַך אין ווערטן. צו די גרויסאַרטיקע ווערטן פון ייִדישער גייַסטיקייט פאַררעכנט דער פאָלקס־שרייַבער יאושזאָן אויך ייִדיש לשון. אָט לייענען מיר אין זייַנס אַן אַרטיקל: "עס איז שוין די' העכסטע צייַט צו רעווידירן די באַציאונג פון אַ געוויסן טייל נאַציאָנאַלע ייִדן צו דער ייִדישער שפּראַך... אויב מען וויל זיך נישט אָפּנאַרן מיט פאַלשע אייַנריידענישן און אילוזאַ־

רישע אַלט־משׂכּילישע פּראָזעס; אויב מען מיינט ווירקלעך צו קעמפן קעגן דער געפאַר פון אַסימילאַציע, מוזן מיר מאַכן פון דער ייִדישער שפּראַך די אומגאַנג־שפּראַך אין הויז און אין גאַס... דער שאַבלאָנער ענטפער, אַז די שפּראַך איז נאָך נישט אַלץ, איז נישט ריכטיק. די שפּראַך איז דער שטאַרקסטער פאַקטאָר, וואָס גיט די ריכטונג און פירט און דיקטירט און הערשט און שאַפט דעם גייַסט און די נשמה פון לעבן. עס מוז רעווידירט און געענדערט ווערן די נעגאַטיווע, און אַפילו בלויז גלײַכגילטיקע באַציאונג פון אַ געוויסן טייל נאַציאָנאַלע ייִדן צו דער ייִדישער שפּראַך"...

אויב עס איז נויטיק, האַלט זיך יאָושזאָן נישט אָפּ פון קריטיקירן דערשיינונגען, וואָס דאַרפן, לויט זײַן מיינונג, נישט האָבן קיין אָרט אין דער ייִדישער געזעלשאַפט. אין ייִדיש מזרח־אייראָפּע איז תּמיד אָנגעגאַנגען סאָציאַלע קריטיק. און יאָושזאָן איז געווען אַ קעמפערישער שרײַבער. עס איז נישט איבערגעטריבן צו זאָגן, אַז זײַן שטימע האָט געהערט צו די סאַמע געוואַגטסטע — סײַ אין טאַדלען יעדע פאַלש־קייט, תּקיפות און אומרעכט אינעם ייִדישן לעבן, און סײַ אינעם קאַמף קעגן די רדיפות און גזירות מצד דער פּוילישער מאַכט. אין זײַן טיפן ווייטיק אין אָנבליק פון דער ייִדישער נויט האָט ער אויך נישט געקאַרגט זײַן בייסיקע סאַטירע קעגן די כּלל־טוער, וואָס זענען כּסדר באַשעפטיקט מיטן לויפן אויף זיצונגען, מכּלומרשט כּדי צו ראַטעווען דעם כּלל־ישׂראל, אָבער פאַרבלײַבן טעמפּ צו די לײַדן און באַדערפענישן פון יחיד. און די פילאַנטראָפּיע, וואָס איז געוואָרן אַ טעכנישער באַגריף, און פאַרבלײַבט אויסגעליידיקט פון אייגנטלעכן אינהאַלט, אויך וועגן דעם האָט יאָושזאָן וואָס צו זאָגן. מיר לייענען בײַ אים: "פילאַנטראָפּיע איז דער טײַטש קודם־כּל מענטשן־פרײַנטשאַפט, רחמנות צום אומגליקלעכן און געפאַלענעם. פילאַנ־טראָפּיע באַדײַט אַרײַנגיין אין יענעמס לאַגע. פילאַנטראָפּיע איז נישט קיין טעכנישע, ביוראָקראַטישע, דיסציפּלינירטע באַאַמטן־אַרבעט, וואָס ווערט געמאַכט בלויז מיטן קאָפּ, נאָר מען מוז נעמען צו הילף דאָס האַרץ, אַביסל רחמים... דער וואָס פאַרמאָגט נישט דאָס אין זיך, און איז בטבע ווײַט דערפון, ווער בעט אים ער זאָל זיך דערמיט באַשעפטיקן?"...

די ייִדישע צײַטונג איז טאַקע אַ צאַרטע מאַמע; אָבער אויך די ליבע, צאַרטע מאַמע מוסרט אַמאָל אויס אירע קינדער, און זיי, די קינדער, קריגן נאָך שטאַרקער ליב זייער מאַמע צוליב דעם.

אמת: דאָס בוך "נעכטן", וואָס מיר האָבן באַהאַנדלט, איז אַ מוסטער פון בעסטן לייען־מאַטעריאַל, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער ייִדישער פּרעסע אין מזרח־אייראָפּע. ב. יאָושזאָן, מיט זײַן שטאַרקן טאַלאַנט און גרויסן ייִדישן וויסן, מיט זײַן טיפן אחריות־באַוואוסטזײַן און לומדות, מיט זײַן שאַרפזין, פּיקחות און הומאָר (געווען אַ צײַט, ווען אַפילו שלום־עליכם האָט געוואָלט נאָכמאַכן זײַן

סטיל, אָבער אָן דערפֿאָלג), איז טאַקע געווען דער באַליבטסטער ייִדישער צײַטונג־שרײַבער. עס זאָגן דערויף עדות ב. שעפֿנער און עזריאל קאַרלעבאַך, וואָס זייערע אָפּשאַצונגען, געשריבן בײַ פֿאַרשידענע געלעגנהייטן, זענען אַרײַנגעגאַנגען אין בוך. עס זאָגט דאָס אויך דוב סדן אין זײַן פֿאָרוואָרט.

אָבער עס דאַרף צוגעגעבן ווערן, אַז דער צוגאַנג און דער טאָן פֿון ב. יאָושזאָן זענען געווען אייגנטימלעך פֿאַר דער ייִדישער צײַטונג בכלל, פֿאַר דער ייִדיש־צײַטונג אין יענער וועלט, וואָס איז צעשטערט געוואָרן. דערפֿאַר טאַקע פֿאַרבלײַבט די ייִדישע צײַטונג דאָס פֿענסטער, פֿון וועלכן מען קען, בעסער ווי פֿון ערגעץ וואו אַנדערש, זען דעם גאַלדענעם פּעריאָד פֿון דער ייִדישער געשיכטע אין זײַנע לעצטע גורלפֿולע יאָרצענדליקער, און זי מאַכט נאָך געדיכטער די אומגעוויינלעכע פֿאַרצווײַגטקייט פֿון זײַן בײַטראָג.

# דער אינטערעס אין ייִדיש-פּוילן פאַר ר׳ חיסדאַי קרעסקאַס

צווישן די פאַרדינסטן פון דעם מזרח־אייראָפּעאישן ייִדנטום פאַר דער ייִדישער קולטור און איר המשך ווערט מיט אומרעכט אַדורכגעלאָזט די ערנסטע זאָרג פון מזרח־אייראָפּעאישן ייִדישן קיבוץ פאַר אויפהאַלטן און אויפהיטן די אוצרות פון דער ספרדישער גײַסטיקער ירושה. אין דער צײַט, ווען דאָס מזרח־אייראָפּעאישע ייִדנטום האָט אַדורכגעמאַכט זײַן פונאַנדערבלי, האָט דער ספרדישער טייל פון אונזער פאָלק זיך געפונען אין מצב פון גײַסטיקן אָנמאַכט. אײַנגעשרומפּן אין צאָל, פונאַנדערגעשפּרייט אין דער אָפּגעשטאַנענער וועלט פון איסלאַם, האָבן אין די ספרדישע ישובים געפעלט איניציאַטיוו און פאַרשטענדעניש זיך צו פאַרנעמען מיט די קולטור־אוצרות, וואָס זענען פאַרבליבן נאָכן גאָלדענעם פּעריאָד פון שפּאַניע. דאָס זענען געווען ייִדישע ערודיטן און פאָרשער פון מזרח־אייראָפּע, וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט ליבשאַפט און ענטוזיאַזם צו דער דאָזיקער אַרבעט. זיי האָבן זאָרגפעלטיק אויפגעזאַמלט די אויף פאַרמעטן פאַרצייכנטע שאַפונגען פון די ריזן פון גײַסט פון שפּאַנישן ייִדנטום; זיי האָבן אָפּגעשאָקלט דעם שטויב פון שריפטן, וואָס זיי האָבן אָפּגעזוכט אין אַרכיוון און ביבליאָטעקן; זיי האָבן מיט צערטלעכקייט און אחריות־באַוואוסטזײַן אויפגעקליבן רעשטן, וואָס זענען געווען פאַרמשפּט פאַרלוירן צו גיין. מען האָט דערבײַ נישט געמאַכט קיין אונטערשייד צווישן ווערק, וואָס זענען געשריבן געווען אין פּראָזע, און ווערק, וואָס זענען געווען געשריבן אין פערזן; צווישן כתבים, וואָס האָבן באַהאַנדלט פּראָבלעמען פון ייִדישן געזעץ, און שריפטן, וואָס זייער טעמע איז געווען די פילאָסאָפיע און די עטיק; צווישן מאַטעריאַלן און דאָקומענטן, וואָס זענען געווען געשריבן אין העברעאיש, און די, וואָס זענען געווען געשריבן אין אַראַביש, אין לאַטיין, צי גאָר אין דעם שפּאַנישן דיאַלעקט, מיט וועלכן מען האָט זיך באַנוצט אין מיטלאַלטער.

עס דאַרף דערבײַ צוגעגעבן ווערן, אַז נישט דווקא געלערנטע און פאָרשער האָבן געהאַט פאַר זיך אָפּן די שאַפונגען פון דער ספרדישער קולטור. אויך מענטשן פון פאָלק האָבן געפונען אין זיי אינטערעס. עס איז אויסגעקומען, אַז די ווערק פון פאַרגאַנגענע תקופות און פרעמדן פּייזאַזש, שפּיגלען דאָך אָפּ אייגענע אַנגסטן

און זוכענישן, און ברענגען צום אויסדרוק אייגענע ווייען און דערוואַרטונגען. ספרים פֿון די גדולים פֿון ספרדישן גלאַנץ זענען זיך פֿונאַנדערגעגאַנגען אין פּאָפּולערע פֿאַלקס־אויסגאַבעס. ווערטער פֿון רמב"ם האָבן זיך געטראָגן ווי אַפֿאָריזמען פֿון מויל צו מויל. פֿאַר שירים פֿון יהודה הלוי זענען צוגעפּאַסט געוואָרן מעלאָדיעס, און מען האָט זיי געזונגען אין זייער העברעאישן אָריגינאַל, אָדער גאָר אין ייִדיש. מיט דער אָנשטרענגונג צו פֿאַרטײַטשן אַ שאַרפֿזיניקן פּירוש פֿון אבן־עזרא זענען געווען אַדורכגענומען יונגע און אַלטע. דער מהלך פֿון תּקופֿות האָט זיך אָפּגעווישט, און דער געאָגראַפֿישער מרחק האָט זיך אָפּגעמעקט. אָנגעגאַנגען איז דער אינהאַלט. און דער אינהאַלט האָט זיך אויסגעוויזן צו זײַן אַקטועל, באַלערנדיק; נאָענט צום אייגענעם באַנעם און געמיט.

בעיקר האָט אַזאַ נאָענטקייט זיך אויסגעבויט אין הײַנטיקן יאָרהונדערט, צווישן די צוויי וועלט־מלחמות. דער וואונדערלעך־פּרוכפּערענדיקער פּעריאָד, וואָס דאָס שפּאַנישע ייִדנטום האָט אַדורכגעמאַכט אין מיטלאַלטער, איז זיך צונויפֿגעוואַקסן מיטן דור, וואָס איז דערגאַנגען צו רײַפֿקייט אין די יאָרצענדליקער, וואָס האָבן זיך פֿאַרענדיקט מיטן אויסברוך פֿון צווייטן וועלט־קריג. איינער פֿון די, וואָס האָט געוועקט גרויסן נײַגער, און אין וועמענס שיטה און באַגריפֿן מיר — צווישן די צוויי וועלט־מלחמות — האָבן זיך באַמיט אַרײַנצודרינגען מיט באַזונדערן ווילן און חשק, איז געווען חיסדאי קרעסקאַס (קרשקש), וואָס זײַן 650טע געבוירן־דאַטע איז אָפּגעצייכנט געוואָרן ערשט נישט לאַנג.

שוין בלויז די צײַט, אין וועלכער חיסדאי קרעסקאַס האָט געלעבט, איז אונז אויסגעקומען צו זײַן שטאַרק־ענלעך צום פּעריאָד, וואָס אין אים האָבן מיר זיך באַוועגט. אַ צײַט פֿון אומזיכערקייט, ווען שווערע וואָלקנס האָבן זיך אויסגעצויגן אויפֿן ייִדישן מאָרגן, דערבײַ האָט מען צו זיך פֿאַרט נישט געוואָלט צולאָזן דעם פּאַרכטיקן געדאַנק, אַז אַלץ קרישלט זיך טאַקע אויף אַן אמת, אָבער די פֿאַראַנונג האָט געפּײַניקט. דאָס לאַנד, אין וועלכן מען האָט זיך געפֿילט פֿאַרוואָרצלט פֿון קדמונים, איז געוואָרן אַ שטיף־מאַמע. ייִדישע לעבנס זענען געווען הפקר. ייִדיש האָב־און־גוטס איז געוואָרן צעראַבירט, און קלאָגן זיך, אָנקלאָגן, איז נישט געווען צומאָל פֿאַר וועמען.

דערצו איז נישט געווען וואוהין אויסצוואַנדערן, און וואו צו זוכן שוץ און רעטונג. די טויערן פֿון דער דעמאָלטיקער וועלט, געניי ווי פֿון דער וועלט צווישן די צוויי וועלט־מלחמות, זענען פֿאַר ייִדן געווען פֿאַרהאַקט אויף זיבן שלעסער. אויב פֿריִער זענען אין אַן עת־צרה, ווען אַ מבול פֿון רדיפֿות האָט זיך אַראָפּגעשאָטן, געווען מעגלעכקייטן צו לויפֿן פֿון איין טייל שפּאַניע צום אַנדערן, פֿון קריסטלעכן צום איסלאַמישן און פֿון איסלאַמישן צום קריסטלעכן, זענען אין דער צווייטער העלפֿט פֿון פֿערצנטן יאָרהונדערט די דאָזיקע מעגלעכקייטן אַלץ שטאַרקער אײַנ־

געשרומפּן געוואָרן. די קריסטלעכע דעראָבערונג פון פּירענעאישן האַלב־אינזל איז געגאַנגען פּאַראויס, און צוזאַמען דערמיט איז געשטיגן די אומטאָלעראַנץ, דער פאַנאַטיזם. אין אַזעלכע בליִענדיקע ייִדישע צענטערס, ווי באַרצעלאָנאַ, סאַראַגאָסאַ, סעוויל, ברעכן אויס בלוטיקע אַנטי־ייִדישע אַרויסטריטן. קרעסקאַס איז אין אָט־די צענטערס אויפגעוואַקסן. באַרצעלאָנאַ איז געווען זײַן געבוירנשטאָט. אין סאַראַגאָסאַ איז ער געווען דער רב פון דער קהילה. אויפן קעניגלעכן הויף אין אַראַגאָן איז ער געווען דער ראַטגעבער. עפּעס איז אים שווער געווען זיך צוצוגעוואוינען צו דער נײַער שוידערלעכער ווירקלעכקייט. נאָך אַלץ האָבן ייִדן פּאַרנומען וויכטיקע פּאָזיציעס אין דער ווירטשאַפט. נאָך אַלץ האָבן זיי דאָ און דאָרט געגאָסן פון פּרעסטיזש אין די ספערן פון דער מלוכה־פירונג און פון אינטעלעקט. צי האָט טאַקע אָנגערוקט דער סוף, און דער אָפּגרונט האָט זיך געעפנט ?

מען מוז געדענקען, אַז ווי אין קיין שום אַנדער לאַנד אין דער מיטלאַלטער־תקופה, זענען ייִדן אין שפּאַניע דערגאַנגען צו שטאַרקן אַנזען און איינפלוס. זיי זענען געווען אידענטיפיצירט מיטן פּראָגרעס, וואָס די דאָזיקע מדינה האָט אַדורכגעמאַכט אין דער דעמאָלטיקער אייראָפּעאישער אָפּגעשטאַנענקייט. ייִדישע פּערזענלעכקייטן אין שפּאַניע האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער אַלזײַטיקער בילדונג און פילפּאַרביקן אינטערעסן־קרײַז. דעם בײַשפּיל האָט אָנגעצייכנט, מיט אַ טויזנט יאָר צוריק, גלײַך די ערשטע גרויסע פּערזענלעכקייט, וואָס איז אַרויפגעשטיגן אין ייִדיש־שפּאַנישן ישוב: חיסדאַי איבן שאַפּרוט, אין קאָרדאָבאַ, וואו ער האָט דערוואָרבן רום מיט זײַנע אויפטוען, האָט מען פּשוט נישט געוואוסט, וואָסערע פון זײַנע פאַרדינסטן אונטערצושטרײַכן פריִער. איבן שאַפּרוט איז געווען דיפּלאָמאָט, שרײַבער, איבערזעצער, וויסנשאַפטלער, אינטעלעקטואַל, מיט אַ כּסדרדיקן דאָרשט צו טרינקען פון די וויסן־קוואַלן.

אָט צו דער דאָזיקער גאַלעריע פון אומגעוויינלעכע פיגורן לאָזט זיך אַרײַנרעכענען קרעסקאַס. טיפער תּלמודישער וויסן ? — אוודאי, ער ווערט באַטראַכט ווי איינער פון די גרויסע תּלמודיסטן פון שפּאַנישן ייִדנטום. און דערצו: אַ פילאָסאָף מיט שטוינענדיקער ערודיציע און געוואַגטקייט פון מחשבה; באַהאַוונט אין די קענטענישן, וואָס זענען דאַן געווען צוטריטלעך; קענער פון שפּראַכן, מומחה אין נאַטור־־וויסנשאַפטן, אויטאָריטעט אין אַסטראָנאָמיע.

אויב מען שרײַבט צו אַ ריי אינטעלעקטואַלן אין אַלע צײַטן די אייגנשאַפט פון מאַנגל אין כאַראַקטער, לאָזט זיך דאָס נישט זאָגן וועגן חיסדאַי קרעסקאַס. טאַקע דעמאָלט, ווען עס האָט זיך צעבושעוועט אַ פאַרשייטע און חוצפּהדיקע העצע קעגן ייִדישן גלויבן, איז ער אַרויסגעטרעטן מיט אַ פּאָלעמישער שריפט, וואו ער האָט ווירדיק פּאַרטיידיקט ייִדישקייט און דעם ייִדישן באַנעם. מיט כּוונה האָט ער זײַן וויכוח־חיבור אָנגעשריבן אין שפּאַניש. די שפּאַנישע שפּראַך איז נאָך דאַן נישט געווען שטאַרק פּאָפּולער ווי אַ ליטעראַרישער אינסטרומענט. אין די מוסול־

מענישע קרייַזן האָט מען זיך באַנוצט מיט אַראַביש און צווישן קריסטלעכע אינטע־לעקטואַלן — מיט לאַטיין. אָבער קרעסקאַס האָט זיך אַנטשלאָסן צו שרייַבן זייַן פּאָלעמיש ווערק דווקא אין דער שפּראַך פון המון. זאָלן אַלע פאַרשטיין דעם אינהאַלט! זאָלן אַלע געוואויר ווערן, וואָס יִדישקייט איז אויף אַן אמת, צו וואָס יִדישער גלויבן רופט, וואָס ער האָט צו לערנען און צו זאָגן די מענטשן.

״טראַטאַדאָס״ — טראַקטאַטן — איז דער נאָמען פון חיבור. טראַקטאַטן, אין וועלכע עס איז אויסגעטייַטשט און אויסגעלייגט קלאָר און זאַכלעך די אמונה, וואָס ווערט מיט אומרעכט באַשפּיגן און באַליידיקט, באַשמוצט און געטרעטן. דאָס איז אַ ווערק, וואו עס פילט זיך די רעאַקציע פון אַן אַנגעווייטיקטער נשמה. אָבער וועלכער עס קלעקט מוט אויסצושרייַען הויך איר אמת. אַ צייַט פריִער האָט אויך יהודה הלוי אַנגעשריבן זייַן ווערק ״דער כּוזרי״ מיט דער כּוונה צו פאַרטיידיקן יִדישקייט קעגן די, וואָס באַפאַלן און שענדן אירע באַגריפן. אָבער דעמאָלט, אין פאַרהעלטנישמעסיק־רואיקע צייַטן, האָט נאָך יהודה הלוי געקענט געבן זייַן ענטפער אין דער ראָם פון אַ געמיטלעכער שילדערונג און דערציילונג, און אַנטוויקלען זייַנע אַרגומענטן אין אַ געלאַסענעם שמועס. חיסדאי קרעסקאַס איז אַדורכגעדרונגען מיט צער און צאָרן. די פּייַן פון אַ באַליידיקט פאָלק שרייַט פון אים אַרויס, און די וואונדן ברענען און ברִיען.

אין דעם פּעריאָד צווישן די צוויי וועלט־מלחמות, ווען יעדער זאַמד־שייגעץ אין די פּוילישע שטעט און שטעטלעך, האָט ״געמעגט״ אומבאַשטראָפט וואַרפן באַליידיקונגען און זידלערייַען קעגן יִדישקייט און יִדישן גלויבן, האָט די ווירדע, וואָס קרעסקאַס האָט אַרויסגעוויזן אין פאַרטיידיקן ״די מאַמע פון מאָנאָטעאיסטישע רעליגיעס״, אָנגעוואָרעמט און דערמוטיקט אונזער געמיט, מיר האָבן אים — נישט געקוקט אויף זייַן שפּאַנישן לשון, וואָס איז אונז געווען פרעמד — באַטראַכט ווי איינעם פון אונז, איינעם פון אונזער צערפּולן, אונטערגעדריקטן יִדיש־פּוילישן ישוב...

אָבער איבער זייַן ספר, וואָס ער האָט געשריבן אין לשון־קודש, האָבן מיר זיך יאָ געקענט אָפּשטעלן? — זיך יאָ געקענט אָוועקזעצן, און באַמיִען זיך אַרייַנצודרינגען אין זייַנע רעיונות און אויספירן. דאָס ״געטלעכע ליכט״ — אור ה׳ — איז דער נאָמען פון ספר, מיט וועלכן קרעסקאַס שפּרייַזט אַרייַן אין דער רשימה פון אונזערע גרויסע דענקער. פינף יאָר האָט ער געאַרבעט אויפן דאָזיקן ווערק.

אויבנאויפיק קען זיך אויסדאַכטן, ווי קרעסקאַס וואָלט געווען פאַראינטערעסירט אָפּצווענדן מיט זייַן חיבור די שיטה פון אַריסטאָטעל, וואָס שייַך דעם אוניווערס. אין דער מיטלאַלטער־תקופה איז אַריסטאָטעל באַטראַכט געווען ווי אַן אויטאָריטעט אין אַלץ, וואָס ער האָט געשריבן; און אויך זייַן שיטה, אַז דער אוניווערס איז באַגרענעצט, און עס קען נישט זייַן קיין רייד וועגן אוניווערס־אומענדלעכקייט,

איז אָנגענומען געוואָרן ווי די ריכטיקע. ווער אַלץ האָט אין דער וועלט פון געדאַנק זיך נישט געשטיצט אויפן גריכישן דענקער און זײַנע טעאָריעס! אויך דער רמב״ם האָט אין זײַן פילאָסאָפישן ווערק ״דער וועגווײַזער פון די בלאָנדזשענדיקע״ — מורה נבוכים — זיך אָנגעשפּאַרט אויפן פילאָסאָף פון גריכנלאַנד און זײַן חכמה, וואָס איז אויסגעקומען, אַז מען קען זי גאָרנישט אָפּוואַרפן, און צומאָל נישט אַרונטערוואַרפן אַ קריטיק.

קרעסקאַס איז איינער פון די געציילטע, וואָס האָבן דאָס געוואַגט צו טאָן. באַוואָפנט מיטן געוואַלטיקן וויסן, און שטאַרק אין זײַנע אַרגומענטן, איז ער איבערצײַגט, אַז קאָסמאָס, אוניווערס, גייען זיך צונויף מיט אומענדלעכקייט. מען קען גאָרנישט, ווערט ער נישט מיד איבערצוחזרן, דערגרייכן צו קיין גרענעץ און קיין סוף אין דעם באַשאַף. די, וואָס רעדן, אַז עס זענען פאַראַן צוימען און בלויזן אין דער רחבות, וואָס שטײַגט איבער אונזער שׂכל און פאָרשטעלונג, פאַלן אַרײַן אין פלאַכע, אומזיניקע טעאָריעס. אין־סוף — אומענדלעכקייט — איז ניט סתם קיין פּוסטער באַגריף. אין־סוף — אומענדלעך — איז דער אוניווערס. קרעסקאַס איז דער פאָרגייער אין דער לערע פון דער נאַטור־וויסנשאַפט פון קעפּלער, דזשאָרדאַנאָ ברונאָ, קאָפּערניק, ניוטאָן. אויף דירעקטע און אומדירעקטע וועגן האָבן די לערער פון דער מאָדערנער נאַטור־וויסנשאַפט און אַסטראָנאָמיע געלערנט בײַם רב פון סאַראַגאָסאַ.

אָבער בעצם איז קרעסקאַס נישט אויסן צו פאַרוואַנדלען זײַן נײַ וועלטן־אויפפאַלנדיק ווערק אין אַ האַנטבוך פאַר דער וויסנשאַפט. דעם ייִדישן מחבר גייט בעיקר אין עטוואָס אַנדערש. ער וויל מיט אונז לערנען אַ קאַפּיטל אין דער ייִדישער געשיכטע; אין תּוך: אין היסטאָריאָסאָפיע, אין אונזער שטייגער פון באַנעמען ייִדישן גאַנג דורך דורות.

מיט ווייטיק איז ער געווען אַדורכגענומען באַטראַכטנדיק די פּראָבלעמען, וועלכע ער וויקלט פאַר אונז פונאַנדער; ווייטיק פון כּלל און פון פּרט. וואָס אַמאָל גרוילעכער האָט זיך אָנגעזען דער טראַגישער אונטערגאַנג פון ייִדיש־שפּאַניע. ער אַליין, חיסדאי קרעסקאַס, האָט פאַרלוירן זײַן איין־און־איינציקן זון אין דער שחיטה, וואָס איז אויסגעפירט געוואָרן אויף ייִדן אין באַרצעלאָנאַ. אין אַ בריוו האָט ער זיך אָראָפּגערעדט פון האַרץ, פאַרגאָסן זײַנע טרערן: ״מײַן בן יחיד, ער איז געווען אַ יונגער חתן; ער איז אומגעקומען ווי אַ קרבן־עולה״...

אָט־דאָס פילאָסאָפישע ספר דאַרף זײַן דער ענטפער פון אָנגעווייטיקטן פאָטער און מיט יאָמער אַדורכגעדרונגענעם ייִדישן לערער און דענקער אויף די אויפ־ציטערנדיקע פּאַסירונגען. אונזער געשיכטע איז עקידה — דערקלערט ער, מיר זענען געקומען אויף דער וועלט מיט דער עקידה־דראַמע. זי ווערט פאַרצייכנט אין חומש בראשית. דער ערשטער ייִד איז גלײַך געווען גרייט צו ברענגען זײַן זון, יצחק, פאַר אַ קרבן אויפן מזבח. אמת טאַקע: דעמאָלט, אין דער אור־אַלטער

תּקופֿה און דאָרט, אויפֿן באַרג מוריה, איז אין לעצטן מאָמענט דער קרבן נישט אומגעבראַכט געוואָרן. אָבער אין שפּעטערדיקע תּקופֿות, אין אַנדערע מקומות, גייען מיר צו דער עקידה. מיר גייען און האַלטן אין איין גיין צום באַרג מוריה.

מיט דער געוואַגטקייט, וואָס איז פֿאַר אים אייגנטימלעך, אַנאַליזירט קרעסקאַס דעם קרבן־מאָטיוו. דאָס איז, זאָגט ער, אַ נאַציאָנאַלע גורל־טראַגעדיע, אָבער אויך אַ נאַציאָנאַלע גורל־גרויסקייט, לויט זײַן מיינונג. ליידן, קרבנות־גרייטקייט, פֿאַר־וואַנדלען אונזער ייִדישע אומה, אין אַן אומה, וואָס איז באַשאַנקען מיט אייגנשאַפֿטן פֿון האַרץ, געפֿיל, און מיטגעפֿיל. ליידן לײַטערן. ליידן דערהויבן, העפֿטן צונויף, שמידן צונויף. אויב יהודה הלוי האָט הונדערטער יאָרן פֿאַר קרעסקאַסן דערקלערט, אַז, ייִדן זענען ״דאָס האַרץ פֿון דער וועלט״ — באַשטימט קרעסקאַס דעם דאָזיקן כּלל מיט אַנאַליטישער קראַפֿט. מער: ער האַלט, אַז מיר דאַרפֿן בכלל זיך נישט בונטעווען קעגן אונזער דאָזיקן וועג פֿון צער. מען דאַרף נישט מקנא זײַן די פֿעלקער, וואָס לעבן מכּלומרשט ״גליקלעך״, ווײַל זיי פֿאַרשפּאָרן אויסצוטרינקען דעם כּוס פֿון טרערן. גענוי ווי פֿאַר דעם יחיד איז אַמאָל געזונט זיך פֿונאַנדער־צווויינען, און פֿאַרגיסן אַ ביטערע טרער, איז אויך פֿאַר אַ מענטשלעכן קאָלעקטיוו געזונט זיך צו צעוויינען. אָרעם איז דאָס פֿאָלק, וואָס לאָזט קיינמאָל נישט קיין טרערן, אַזאַ פֿאָלק ווערט סוף־כּל־סוף טעמפּ, פֿאַרגרעבט, אויסגעליידיקט פֿון סענטימענטן און עמאָציעס. ליבשאַפֿט, ליבע, שפּרודלט אַרויס פֿון קרבנות־גרייט־קייט. נאָר אַזוי־אַרום ווערט מען מסוגל ליב צו האָבן.

דאָס איז נאָך נישט אַלץ, וואָס קרעסקאַס לייגט אויס אין זײַן אינטערפּרעטאַציע פֿון דער ייִדישער גורל־דראַמע. ליידן ברענגען אַרויס דעם ווילן און דעם טאַלאַנט צו כּסדרדיקער באַנײַאונג, צום כּסדרדיקן אויפֿפֿרישן זיך. ״חידוש התּמידי״ — דאָס פּערמאַנענטע באַנײַען זיך — איז דער אויסדרוק, מיט וועלכן חיסדאַי קרעסקאַס באַנוצט זיך. נאָך יעדער אויפֿטרייסלדיקער קאַטאַסטראָפֿע באַנײַט אונזער פֿאָלק זײַן שאַפֿונג־גײַסט. נעמט אָן נײַע כּוחות, גאַרטלט זיך אָן מיט פֿרישן מוט. ס׳איז באַנאַל צו זאָגן, אַז אונזער עקידה, אונזערע עקידות, מאַכן פֿון אונז אַ שוואַך, אָפּהענטיק, הילפֿלאָז פֿאָלק. נישט ריכטיק. אדרבא, קוקט זיך אײַן — ווײַל אויסרופֿן דער דענקער פֿון סאַראַגאָסאַ — ווי אונזערע ווייפֿולע דערפֿאַרונגען גיסן אין אונז אַרײַן גבֿורה, כּוחות איבערצוהאַלטן די נסיונות, אויפֿצוהייבן זיך, און שפּאַנען ווײַטער. לאָמיר נישט אַנטלויפֿן פֿון אונזער קרבן־גורל. לאָמיר גלײַכער אַנטדעקן אין זיך די אור־קרעפֿטן פֿון באַנײַען זיך, און ציִען ווײַטער אונזער ייִדישן, ייִדישלעכן דרך.

און די נאַטור־וויסנשאַפֿטלעכע טעאָריע, וואָס קרעסקאַס האָט אַנטוויקלט, די אומענדלעכקייט פֿון אוניווערס — וואָס האָט דאָס פֿאַר אַ שײַכות מיט אָט דער אינטערפּרעטאַציע פֿון ייִדישן וועג דורך דורות? קרעסקאַס פֿאַרגעסט נישט אין איר. ער ווענדט זי אָן לגבי דער ייִדישער געשיכטע. גענוי ווי דער אוניווערס, איז

יִדישע געשיכטע אומענדלעך. זי האָט נישט קיין גרענעצן, און פאַרמאָגט נישט קיין סוף. ווענדט נישט אָן לגבי דעם קאָסמאָס די מאָסן פון עק און באַגרענעצטקייט, און מעסט נישט די יִדישע דראַמע מיט צוימען פון אונטערגאַנג. די יִדישע דראַמע איז ענדלאָז.

באַגרײַפן די קייט פון די פּאַסירונגען אין יִדישן זײַן? לויט ר' חיסדאי קרעסקאַס האָט מען דאָס קיינמאָל נישט באַוויזן; און מען וועט דאָס נישט דער־גרייכן. יִדישער זײַן איז מיסטעריע, איז סוד. לגבי אים זענען די טויערן פון שׂכל פאַרמאַכט. ערשט דאַן, ווען מען ווייסט, אַז מיר וועלן נישט פאַרשטיין יִדישע געשיכטע מיט אונזער שׂכל, זענען מיר מסוגל צו דערזען דאָס געהיימנישפולע ליכט, וואָס פינקלט אין איר.

אַ מיסטישער צוגאַנג צו דער יִדישער געשיכטע? דער גרויסער יִדיש־שפּאַנישער דענקער לייקנט נישט אָפּ, אַז אים איז צום האַרץ די לערע פון דער מיסטיק, הגם ער וואַרפט נישט אָפּ אויך דעם אַנאַליז. דער אינסטרומענט פון אַרגומענטן איז אים נישט דערווידער, אָבער ווען מיר פרישן אויף זײַן אָנדענק, און עפענען זײַנע ספרים, זענען מיר דאָך רײַכער אין נאָך זעקס הונדערט יאָר פון יִדישע דערפאַרונגען (חיסדאי קרעסקאַס איז אַוועק פון דער וועלט אין עלטער פון זיבעציק יאָר, אין יאָר 1410, גלײַך נאָכדעם, ווי ער האָט פאַרענדיקט שרײַבן זײַן ספר ״דאָס געטלעכע ליכט״), און וואָסערע זענען די מחשבות, צו וועלכע מיר דערגייען?

מיט דראַמאַטישע פּאַסירונגען זענען איבערפולט די זעקס הונדערט יאָר, וואָס טיילן אונז אָפּ פון אים. צוערשט טאַקע דער גירוש פון די יִדן פון שפּאַניע, וואָס האָט אָפּגעשלאָסן זײַן יאָרהונדערט. דער עקידה־אַקט, געענויער געזאָגט: די עקידה־אַקטן, וואָס האָבן נאָכגעפאָלגט. די שטראַלן זון, וואָס האָבן צײַטנווייז זיך אַדורכגעריסן. די אילוזיע פון עמאַנציפּאַציע און פון גלײַכע רעכט. די קאָזאַקן־שחיטות אין אוקראַיִנע, ליטע, פוילן. די פּאָגראָמען אין צאַרישן רוסלאַנד. און לסוף — דער חורבן אין אונזער אייגענער צײַט, דער שוידערלעכסטער.

אין משך פון די הונדערטער יאָרן, וואָס טיילן אונז אָפּ פון קרעסקאַסן, זענען געמאַכט געוואָרן פאַרשידענע פרוון צו דערקלערן און העלפן באַגרײַפן יִדישן צער און יִדישן כּוח און טאַלאַנט אויפצובויען די חורבות און זיך אַליין ווידער אויפצובויען. עס האָבן דאָס פּרובירט טאָן יִדן. נישט־יִדן, און אַפילו האַלבע יִדן. ווער עס האָט געזאָגט, אַז אין אונז ווירקט דער ביאָלאָגישער כּוח פון מענטש, און פון אַ מענטשלעכן קאָלעקטיוו, אָנצוגיין מיטן לעבן; און אויך נאַציאָנאַלער ווילן איז אַזאַ ביאָלאָגישער כּוח. ווער עס האָט געטענהט, אַז דאָס העלפן די ווירטשאַפט־לעכע פאַרהעלטענישן, אין וועלכע באַדײַטנדיקע טיילן פון אונזער פאָלק האָבן זיך געפונען, אָדער געפינען זיך כּסדר, אונז אָפּצוראַטעווען פון פאַרגיין. ווער עס

האָט דערקלערט, אַז דאָס איז דער בונט קעגן דעם עקידה־גורל, וואָס גיט אין אונז אַרײַן ענערגיע און דינאַמיק, און וואָס צינדט אין אונז אָן דעם ענטוזיאַזם און פּאַטאָס צו שפּאַנען איבערן אָפּגרונט; און ווער עס האָט אינטערפּרעטירט, אַז ערשט דער כּלל־באַוואוסטזײַן, וואָס לעבט אויך אין ייִדישן יחיד, שטעלט אונז צו די מעגלעכקייט אָפּצושאַצן ריכטיק דעם ניט־אָפּגעשטעלטן ייִדישן אויסדויער און די נישט־אויסגעלאָשענע איניציאַטיוו...

אָבער, צי זענען אָט־די אַלע דערמאָנטע, און די אַ סך נישט־דערמאָנטע דערקלערונגען, באמת מסוגל אונז צו דערלויבן אַרײַנצובליקן אין די טיפענישן פון פענאָמען? צי געווינען נישט דווקא פאַר אונזער שווער־געפּרוּווטן דור אומ־געווייִנלעכע־אַקטועלקייט די אויספירן פון חיסדאי קרעסקאַס? צי דערגייט נישט צו אונז איבערן מרחק פון צײַט, מיט רירנדיקער עמאָציע, זײַן רוף?

און דער רוף איז דאָך:

ייִדישע געשיכטע לאָזט זיך נישט באַגרײַפן. זי איז סודותפול. זי איז אַ מיסטעריע, ווי דער אוניווערס; און זי איז אויך ענדלאָז ווי דער אוניווערס!...
אין דעם ייִדישן ישוב אין פּוילן, ערב דעם חורבן, האָט דער רוף פון חיסדאי קרעסקאַס אָפּגעקלונגען מיט אַ שטאַרקן עכאָ, און ער גייט זיך פונאַנדער, דאַכט זיך, אויך אויף די חורבות.

# דער ווײַט־נאָנטער אברהם אבן עזרא

עס זענען געווען אין גאָלדענעם פּעריאָד פֿון שפּאַנישן ייִדנטום אויך אַנדערע, וואָס האָבן געטראָגן דעם פֿאַמיליע־נאָמען אבן עזרא, און וואָס האָבן אַרײַנגעשריבן בלעטער פֿון גלענצנדיקע פֿאַרדינסטן אין דער ייִדישער געשיכטע, ווי למשל, משה אבן עזרא, אַ דענקער און שרײַבער פֿון וויכטיקן פֿאַרנעם. אָבער ווען מיר, מזרח־אייראָפּעאישע ייִדן, זאָגן "אבן עזרא", איז נישט קיין ספֿק, אַז מיר באַציִען זיך צו ר' אברהם אבן עזרא. דורות פֿון מזרח־אייראָפּעאישע ייִדן האָבן זיך דערצויגן אויף זײַן שאַפֿן, האָבן זיך פֿאַרטיפֿט אין זײַנע ווערק, האָבן זיך געקוויקט מיט זײַנע אויפֿטוען, האָבן זיך געגריבלט און געחקרנט אין דער כוונה פֿון זײַנע שאַרפֿזיניקע אָנצוהערענישן, און זענען נתפּעל געוואָרן פֿון זײַן טאַלאַנט אויסצודריקן קאָמפּליצירטע לעבנס־דערפֿאַרונגען און פֿילאָסאָפֿישע שיטות אין אַ קורצן, שנײַדיקן אַפֿאָריזם. מזרח־אייראָפּעאישע ייִדישע פֿאַרשער האָבן צונויפֿגעקליבן און אַרויסגעגעבן זײַנע שריפֿטן. מזרח־אייראָפּעאישע ייִדישע געלערנטע האָבן געפֿירט לײַדנשאַפֿטלעכע וויכּוחים איבער זײַן בײַטראָג צו ייִדישער גײַסטיקייט.

ווי ווײַט ער איז געווען געאָגראַפֿיש — טודעלאָ אין שפּאַניע איז געווען זײַן געבוירנשטאָט; ווײַט ווי עס איז געווען די תּקופֿה, אין וועלכער ער האָט געלעבט און געווירקט — צוועלפֿטער יאָרהונדערט; פֿאַר מזרח־אייראָפּעאישע ייִדן איז ער געווען נאָענט, היימיש, און ער האָט אויפֿגעהאַלטן זײַן אַקטועלקייט. ייִדן אין די שטעט און שטעטלעך פֿון אַ פֿאַרשידענער וועלט האָבן אומגעוואָרפֿן יעדע מחיצה, וואָס האָט זיי געקענט אָפּטיילן פֿון אים און זײַנע באַגריפֿן. פּרוּוון זענען געמאַכט געוואָרן איבערצוזעצן אויך אין ייִדיש עטוואָס פֿון זײַן רײַכן גײַסטיקן שניט. צווישן די איבערזעצער זענען געווען אברהם רייזען און י. י. שוואַרץ.

טאָפּלט נאָענט און ממש צאַפּלדיק אַקטועל איז ער פֿאַר אונז, וואָס די פֿאַרגאַנגענע און אונטערגעגאַנגענע מזרח־אייראָפּעאישע ייִדישע ווירקלעכקייט לעבט נאָך כּסדר אין אונזער געמיט.

עס האָט אַרויסגערופֿן, און רופֿט ווײַטער אַרויס אינטערעס און גײַסטיקן נײַגער, דער געוואַלטיקער שעפֿערישער אומרו, וואָס איז פֿאַר אים געווען כאַראַקטעריסטיש. אברהם אבן עזרא — לאָזט זיך באַשטימען מיט זיכערקייט — איז איינער פֿון די אומרואיקסטע גײַסטער אין דער שפּאַניש־ייִדישער געשיכטע. אַ פּערזענלעכקייט, מיט שטויגנענדיקן ענציקלאָפּעדישן וויסן, האָט אים אַלץ פֿאַראינטערעסירט. אַלץ האָט ער באַגערט צו דערקענען און דערגרונטעווען. זײַן אינטעלעקטועלער דאָרשט האָט גאָרנישט געקענט זיך אײַנשטילן. זײַן דינאַמישע נאַטור האָט נישט געוואָלט וויסן פֿון קיין אָפּהאַלט.

וואָס איז ער אַלץ נישט געווען! וואָסער פֿעלד פֿון דער מענטשלעכער קולטור האָט ער נישט באַאַקערט! ער איז געווען פֿילאָסאָף, דיכטער, עסייאיסט, דערקלערער פֿון תּנ״ך, תּלמוד־קענער, אַסטראָנאָם, מאַטעמאַטיקער, פֿילאָלאָג, מומחה אין מעדיצין, אַסטראָלאָג. מען האָט געזאָגט, אַז פֿון די צען מאָס חכמה, וואָס זענען לויט אַן אַלטער לעגענדע, אַראָפּ אויף דער וועלט, האָט נײַן מאָס גענומען אברהם אבן עזרא. ער האָט געלייגט דעם חותם פֿון זײַן פֿילפֿאַרביקער פּערזענלעכקייט און שאַפֿן אין דער אַנטוויקלונג פֿון דער ייִדישער גײַסטיקייט; און ער האָט איבערגעלאָזט זײַן דויערנדיקע השפּעה אין דער אַלגעמיינער קולטור־געשיכטע. ער איז דער מחבר פֿון ערשטן מאַטעמאַטישן ווערק אין אייראָפּע. מיט זײַנע אַסטראָנאָמישע טאַבעלעס האָט זיך באַנוצט די וויסנשאַפֿט אין מיטלאַלטער, ער האָט אַרײַנגעפֿירט אָריגינעלע פֿאָרמען אין דער ליטעראַטור. אויף זײַנע פֿילאָסאָפֿישע טעזעס האָבן זיך געשטיצט די דענקער פֿון די שפּעטערדיקע צײַטן.

די דערגרײַכונגען פֿון זײַן פֿאַרצווײַגטער אַקטיווקייט אימפּאָנירן נאָך שטאַרקער, ווען מען געדענקט, אַז ער איז צו זיי דערגאַנגען אין באַדינגונגען פֿון דערדריקנדיקער אָרעמקייט. אברהם אבן עזרא האָט אַלע זײַנע יאָרן זיך שווער געמאַטערט אויף פּרנסה, און קוים מיט צרות האָט ער געקענט שפּײַזן זײַן פֿרוי און פֿינף קינדער. ער האָט געמוזט אָנקלאַפּן אין די טירן פֿון מעצענאַטן בעטנדיק הילף, און נישט אַלע מאָל האָט ער זיך אָנגעטראָפֿן אויף דער גרייטקייט אים צו קומען אַנטקעגן און פֿאַרלײַכטערן זײַן לאַגע. ער דערציילט וועגן זײַנע ביטערע דערפֿאַרונגען אין די סאַטירישע עפּיגראַמען, וואָס זענען אַרויס פֿון אונטער זײַן פֿעדער. מיט אַ סאַרקאַזם געמישט מיט טרערן, און מיט אַ „געלעכטער מיט יאַשטשערקעס", ברענגט ער אַרויס די דערנידערונגען און באַליידיקונגען, וואָס ער איז אויסגעשטאַנען. אַזוי שרײַבט ער אין איינעם פֿון זײַנע אויטאָביאָגראַפֿישע לידער:

„קום איך צום גביר אינדערפֿרי, זאָגט מען מיר, אַז ער איז שוין אַרויסגעפֿאָרן שפּאַצירן; קער איך זיך אום אין אָוונט, זאָגט מען מיר, אַז ער האָט זיך שוין געלייגט שלאָפֿן. אָדער ער פֿאָרט דער גביר, אָדער ער שלאָפֿט — ווי איז צו דעם אָרעמאַן, וואָס ווערט געבוירן אָן מזל!"...

מיטן זעלבן אַדורכנעמענדיקן געלעכטער, וואָס בריט און שטעכט, דערציילט

ער, צו וואָסערע מלאכות ער איז אַלץ געצוואונגען געווען זיך צו נעמען כּדי צו ציִען חיונה; אָבער ער האָט נישט מצליח געווען: "איך האָב אַלע אָנשטרענגונגען געמאַכט, און גאָרנישט. איך בין מיט אַזאַ ביטערן מזל געקומען אויף דער וועלט. וואָלט איך געהאַנדלט מיט תּכריכים, וואָלט קיינמאָל קיינער נישט געשטאָרבן; וואָלט איך געהאַנדלט מיט ליכט, וואָלט געוויס ביז מײַן טויט קיינמאָל די זון נישט אונטערגעגאַנגען"... פֿינסטערט ער אָפּ זײַן לעבן, און זעט נישט קיין אויסוועג. ער וויל, אַז מיר זאָלן האָבן אַן אָנונג וועגן זײַן אָנטאָן. איך האָב, שרײַבט ער, אַ מאַנטל. אַזוי רופֿט מען אים. אָבער אין דער אמתן איז ער שוין געוואָרן אַ זיפּ. "מען קען דורך אים זיפּן סײַ ווייץ, סײַ גערשטן, אַזוי גרויס זענען זײַנע לעכער... שפּרײַט מען אים אויס בײַנאַכט פֿאַר אַ געצעלט, קוקן דורך אים די שטערן אַרויס, און לײַכטן אין דער פֿינסטער... זײַנע לעכער זענען ווי די ציינער פֿון אַ זעג... אוי, ליבער גאָט, בײַט מיר גלײַכער אויס דעם דאָזיקן מאַנטל אויף אַ מאַנטל פֿאַר מײַן רום!"... אויך וועגן זײַן דירה, מ'שטיינס געזאָגט, דערוויסן מיר זיך אין זײַנע שילדערונגען. זי איז פֿול מיט פֿליגן. "צו וועמען — פֿרעגט ער — קען איך אַנטלויפֿן נאָך הילף פֿון די פֿליגן?... זיי באַפֿאַלן מיך ווי פֿײַנט, זיי לויפֿן איבער מײַנע אויגן, זיי באַפֿאַלן מיך ווי די וועלף, זיי זענען ווי די רויבער, זיי עסן מײַן ברויט"...

אויב דאָס איז נאָך צו ווייניק געווען, האָט אברהם אבן עזרא כּסדר געמוזט וואַנדערן. כּמעט אַלע יאָרן איז ער געווען נע־ונד, און נישט געקענט אַרויסלאָזן דעם וואַנדער־שטעקן פֿון האַנט. אין זײַן צײַט האָט זיך אָנגעהויבן אויסלעשן דער קלאַסישער גאָלדענער פּעריאָד פֿון ייִדישן קיבוץ אין שפּאַניע. אײַנגעבראָכן זענען געוואָרן די סטאַבילקייט און די זיכערקייט. די אַרמײַ, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן דורך דער שפּאַנישער קריסטלעכער באַפֿעלקערונג מיטן צוועק אָוועקצונעמען דאָס לאַנד בײַ די מוסולמענער, האָט אָפּגעהאַלטן נצחונות. שטאָט נאָך שטאָט זענען עטאַפּנווײַז אַרונטערגעפֿאַלן אונטער דער קריסטלעכער הערשאַפֿט. דאָס האָט געבראַנגט דערצו, אַז פֿאַנאַטישע מוסולמענישע שבטים פֿון צפֿון־אַפֿריקע — די מאַראַווידן און ענלעכע סעקטעס — האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט קיין שפּאַניע מיט אייפֿער און שטורעם כּדי אָפּצושטויסן דעם אָנגריף פֿון די קריסטלעכע דער־אָבערער. די אין משך פֿון הונדערטער יאָרן בליִענדיקע שפּאַנישע מדינה איז אַרײַן אין אַ תּקופֿה פֿון מהומה און קריג.

פֿאַר ייִדן האָט אָנגערוקט אַ שווערע צײַט. בײַדע קעמפֿנדיקע לאַגערן האָבן באַשולדיקט די ייִדישע באַפֿעלקערונג אין "אומלאָיאַלקייט". די קריסטן האָבן פֿאַר־געוואָרפֿן די ייִדן, אַז זיי אַרבעטן־מיט מיט די מוסולמענער; די מוסולמענער ווידער, האָבן זיי באַשולדיקט, אַז זיי פֿאַרראַטן לטובֿת די קריסטן. ייִדישע לעבנס זענען געוואָרן הפֿקר אין גרויסע טיילן פֿון לאַנד. ייִדיש האָב און גוטס איז געוואָרן

צעראָבירט. אין שטויב און פּרוכנע האָבן זיך פאַרוואַנדלט די חלומות און אילוזיעס פון דער פריִערדיקער עפּאָכע פון טאָלעראַנץ.

אברהם אבן עזרא האָט זיך געפונען צווישן די, וואָס האָבן פאַרלאָזט טודעלאַ. צוערשט איז ער אַריבער אין די געגנטן, וואָס זענען אַרונטערגעפאַלן אונטער דער קריסטלעכער מאַכט. מען באַגעגנט אים אין לוסענאַ, טאָלעדאָ, סעוויל, קאָרדאָוואַ. געווי ווי זײַן אַביסל עלטערער מיטצײַטלער און פרײַנט פון דער זעלבער שטאָט, דער דענקער און ציון־זינגער יהודה הלוי, באַוויינט ער דעם אונטערגאַנג פון דער ייִדישער פּראַכט אין שפּאַניע. געווי ווי יהודה הלוי, וואַנדערט ער צום סוף אויס צו אַנדערע לענדער. אויב יהודה הלוי לאָזט זיך אַוועק קיין עגיפּטן מיטן ציל צו דערפאָרן קיין ארץ־ישׂראל, שטעלט זיך אברהם אבן עזרא אָפּ אויף אַ צײַט אין די אייראָפּעאישע קריסטלעכע לענדער; אין איטאַליע, פראַנקרײַך, ענגלאַנד. עס זענען דאָרט אויסגעוואַקסן באַדײַטנדיקע קהלות, און ער וויל זיי דערקענען. אים דערמונטערט, נאָטירלעך, זעענדיק, אַז אויך דאָרט פליסט ייִדיש לעבן, אָבער דאָס איז דאָך נישט דאָס זעלבע לעבן, וואָס האָט זיך באַוועגט אין שפּאַניע. אין די אויפשפּראָצנדיקע קהילות פעלט נאָך טראַדיציע; פעלט די קולטור, וואָס האָבן נאָר געקענט אויסוואַקסן אין דער ספּעציפישער אַטמאָספער פון איבערישן האַלבאינזל; פעלט די "פאַרצווײַגטקייט פון ייִדישן בוים". ער וואַנדערט אויס פון אייראָפּע. ער קומט קיין צפון־אַפריקע, קיין עגיפּטן. פאַראַן מיינונגען, אַז ער איז דערגאַנגען קיין ארץ־ישׂראל, וואָס איז דעמאָלט געווען באַהערשט פון די קרייץ־ריטער, און אין די באַדינגונגען, וועלכע האָבן אַנגעהאַלטן, האָט ער, נאָטירלעך, נישט געפונען דאָרט דעם אויסגעבענקטן ברעג. לויט אייניקע ווערסיעס, האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט קיין אינדיע, און שפּעטער זיך אומגעקערט אין דער קריסטלעכער אייראָפּע.

וואו דער אבן עזרא האָט אויסגעהויכט זײַן לעצטן אָטעם, לאָזט זיך נישט באַשטימען געווי. מעגלעך, אַז איטאַליע איז געווען די לעצטע סטאַציע פון זײַנע וואַנדערונגען, און מעגלעך, אַז ענגלאַנד. זיכער איז, אַז ער איז אַוועק פון דער וועלט אין עלטער פון פינף און זיבעציק יאָר; און ווי אַזוי ער האָט באַוויזן צו דערגרייכן צום דאָזיקן עלטער, אין דעם אומאויפהערלעכן פּײַן און מאַטער פון זײַן עקזיסטענץ, בלײַבט, קען זײַן, אַ סוד פון דער מעדיצינישער וויסנשאַפט, וואָס ווי געזאָגט, איז אויך אין איר דער אַלזײַטיקער אבן עזרא געווען אַ מומחה.

אין אָט־די מוראדיק־אומגינסטיקע פאַרהעלטענישן האָט אברהם אבן עזרא אויפגעשטעלט אַ גײַסטיקן בנין, וואָס די לאַנגע הונדערטער יאָרן, וועלכע טיילן אונז אָפּ פון אים, האָבן נישט געקענט צעשטערן. עס איז פאַרבליבן זײַן פּאָעטישע שאַפונג, וואָס הגם זי פאַרמאָגט נישט די לירישע צאַרטקייט, וואָס איז אייגנטימלעך פאַר יהודה הלוי, פאַרנעמט זי דאָך גאָר אַ וויכטיק אָרט אין דער מיטלאַלטערלעכער

העברעאישער דיכטונג. זי גיט אָן אויסדרוק צו דעם ווײ און צו די האָפענונגען, מיט וועלכע דאָס פאָלק האָט געפיבערט אין יענער צײַט פון קריזיס, איבערברוך און דערוואַרטונגען.

אויפן ערשטן אָרט רוקן זיך, טאַקע בלי־ספק, אַרויס, די נאַציאָנאַלע מאָטיוון. „דור נאָך דור פאַרגייט — שרײַבט ער — און די פּײַן פון אונזער פאָלק ווערט וואָס אַמאָל גרעסער... אין גלות און דערנידערונג לעבט פאַרוויסט און פאַר־פינסטערט די ייִדישע אומה. מיר זענען געוואָרן צו שאַנד און רויב אונטער דער האַנט פון ישמעאל (אַזוי באַצייכנט ער די מוסולמענער); זענען מיר פון זיי אַנטלאָפן צו אדום (אַזוי רופט ער אָן די קריסטן, עשיו־אדום), איז אויך דאָרט אונזער לעבן פאַרביטערט״... אברהם אבן עזרא האַלט זיך נישט אָפּ פון אויפהייבן שווידערלעכע פראַגעס, און ער וויל, אַז זיי זאָלן שפּאַלטן און אויפציטערן די הימלען. „מיט מײַן צעווייטיקט האַרץ, שטרײַכט ער אונטער, פרעג איך: ווען, אָ ווען, וועט שוין קומען דער סוף צו אונזערע לײַדן?... וואו זענען די זעאונגען פון די נביאים פון אַמאָל וועגן פאָלק, וואָס איז צעשפּרייט צווישן די פעלקער?״...

אָבער די אויפשווידערנדיקע נאַציאָנאַלע טראַגעדיע טאָר דאָך ניט פאַרטונקלען די וויזיע פון אויפשײַנענדיקן מאָרגן. אברהם אבן עזרא איז אויך דער זינגער פון טרייסט. ער רופט אויס מיט רירנדיקער מונטערקייט: „די גאולה וועט אויס־שלאָגן!... די פאַרשפּאַרטע, די פאַרשלאָסענע, פאַרשעמטע, באַליידיקטע, אָנגע־גריפענע, וועלן אויסגעלייזט ווערן... די צײַט פון פרידן און פרייד וועט אויפ־גיין... אָפּטאָן וועט זיך דער טרויער, וואָס דריקט און פּרעסט אַזוי שווער; דאָס פאָלק וועט ווידער אויפבויען אויף אייביקע יאָרן זײַן געצעלט״...

עס איז גאָרנישט צום פאַרשטײַן, ווי אַזוי דער אבן עזרא האָט באַוויזן אָנצושרײַבן זײַן פּירוש צום חומש, און צו אַנדערע ספרים פון תּנ״ך. ער האָט זײַן פּירוש געשריבן אין די פאַרשידנסטע פלעצער פון זײַנע וואַגלענישן. קיין ספרים האָט ער פאַר זיך נישט געהאַט. ער האָט זיך געמוזט שטיצן בלויז אויף זײַן פענאָמענאַלן זיכּרון. אַליין באַמערקט ער: „איבער אַזוי פיל מקומות געוואַנדערט, און אין דער כּסדרדיקער באַוועגונג געשריבן מײַנע ספרים, און נישט אָפּגעשטאַנען אין מײַן באַגער אַרײַנצודרינגען אין די סודות פון אונזער זײַן״...

אין דער צײַט, ווען אברהם אבן עזרא האָט געשריבן זײַן תּנ״ך־פּירוש, האָט שוין עקזיסטירט דער פּירוש פון רש״י. דער אבן עזרא איז געווען באַגײַסטערט פון דאָזיקן פּירוש. ער האָט געזאָגט, אַז רש״י „האָט געעפנט די אויגן פון די בלינדע״. אָבער ער האָט געהאַלטן, אַז דאָרט אין אַרײַנגעגאַנגען צו פיל דרוש. דעם תּנ״ך, האָט ער געזאָגט, דאַרף מען דערקלערן פּשוט, און דערבײַ נישט פאַרלירן פון דער טיפקייט. מען דאַרף באַהאַנדלען די פּראָבלעמען, וואָס וועגן זיי איז די רייד; אָפּשטעלן זיך אויף דער אייגנאַרטיקייט פון דער שפּראַך, אויף די וואָרצלען פון דער גראַמאַטיק. מען מוז מער זיך באַנוצן מיטן אַנאַליז פון דער לאָגיק ווי מיטן

צוגאַנג פון דער עמאָציע. און דער אמת איז אַז קיינער פון די, וואָס האָבן צוגעגעבן זייערע דערקלערונגען צום תנ״ך, האָבן אים נישט איבערגעשטיגן אין דער גע־נויקייט פון טײַטש, אין דער פּרעציזקייט פון אויסטײַטש, און אין דער שאַרפקייט פון דער אינטערפּרעטאַציע. דער רמב״ם האָט געשריבן צו זײַן זון: האָרך זיך צו צו מיר, דו זאָלסט זיך נישט באַנוצן מיט קיין אַנדערן פּירוש צו דער תורה, ווי נאָר מיט דעם פּירוש פון אבן עזרא!...

דאָס איז דאָך נישט אַלץ, וואָס דער דאָזיקער נויטלײַדיקער, וואָגלענדיקער, אַפּגעריסענער און אָפּגעשליסענער ראב״ע (אַזוי רופט מען אים אין פאַרקירצונג: רבי אברהם בן עזרא), האָט געשאַפן אין די סאַמע פײַנטלעכע און קלאָגעדיקע באַדינגונגען. ער האָט, ווי מיר האָבן אָנגעצייכנט, אַרײַנגעברענגט אומבאַקאַנטע פאָרמען אין דער דיכטונג און עסיי. זײַן אייגענע דינאַמיק האָט זיך אויסגעדריקט שוין בלויז אין דער דינאַמישער ליטעראַרישער פאָרם, מיט וועלכער ער האָט זיך אָפּגעגעבן. בײַ אים פירן געשפּרעכן דאָס אויג, דאָס אויער און די צונג; דער שבת און דער יום־טוב גייען אַרײַן אין אַ דיאַלאָג; דער ברויזנדיקער ים שמועסט זיך פונאַנדער מיטן רײַזנדן; דער שבת ווערט פאַרשלייערט אין אַ פאַנטאַזיע, ער קומט צו חלום דעם דיכטער, און דערלאַנגט אים אַ בריוו, נאַדיר — ווענדט ער זיך צו אים — לייען איבער מײַן שריפט!...

און צווישן איין ווערק און דעם אַנדערן, איין חיבור און דעם צווייטן, קומען, נאַטירלעך, באַטראַכטונגען, וואָס פון זיי קאָן דאָך דער דענקענדיקער מענטש נישט אַנטלויפן. אָט איז דער סך־הכּל, וואָס ער מאַכט פון די מענטשלעכע יאָרן: „צו פינף יאָר איז מען פול מיט זוניקע בליקן... צו צען יאָר דערלאָזט נישט דאָס קינד, אַז מען זאָל אים זאָגן מוסר; פרײַ, וויל ער, זאָל מען לאָזן זײַנע יוגנטלעכע געפילן... צו צוואַנציק יאָר — אָ, ווי שיין איז דאָס לעבן!... צו דרײַסיק יאָר — איז מען פאַרבונדן מיט אַ פאַמיליע, מיט באַגערן פון קינדער... צו פערציק, טראַגט מען שוין אונטערטעניק די יאָרן... צו פופציק ווערט טרויעריק און אָנ־געלייגט אויפן געמיט... צו זעכציק, מען איז מיד, און עס קלעקן קוים כּוחות אָנצוגיין מיטן געראַנגל... צו זיבעציק, אַ לאַסט פאַר זיך און פאַרן שטעקן... צו אַכציק, די אויגן דינען שוין נישט מער, די קינדער ווילן שוין מער נישט וויסן פון דיר... דער אויספיר? וואָרן איז צו דעם, וואָס פאַרטראַכט זיך, און ווייסט, אַז דאָס לעבן איז שטויביק״...

אויך דער פילאָסאָפישער געדאַנק האָט אינטריגירט דעם אומדערמידלעכן וואַנדערער. דער אָנהייב פון אוניווערס. דאָס רעטעניש פון זײַן. דאָס, וואָס אַנדערע האָבן אויסגעדריקט אין לאַנגווײַליקע, פאַרוויקלטע אָפּהאַנדלונגען, האָט ער אַרײַנ־געפּרעסט אין קורצע, חריפותדיקע, מײַסטערהאַפט־געשניצטע זאַצן. ער האָט גע־שריבן זײַנע ווערק אין העברעאיש און לאַטיין. הגם אַז אויסגעצייכנטער קענער און איבערזעצער פון אַראַביש, האָט ער, אין קעגנאַץ צו די אַנדערע יִדישע מענטשן

פון גײַסט אין מיטלאַלטערלעכן שפּאַניע, זיך נישט באַנוצט מיט דער אַראַבישער שפּראַך ווי אַן אינסטרומענט אַרויסצוברענגען זײַנע אידייען. פאַלט זיך דאָך זײַן שאַפונג־פּעריאָד צונויף מיט די יאָרן, ווען ער האָט זיך שוין באַוועגט אויסער דעם מוסולמענישן קולטור־קרײַז. אין זײַנע פילאָסאָפישע רעפלעקסן קערט ער זיך אָפּ פון דער לערע פון אַריסטאָטל, דער דענקער פון פּאַרצײַטישן גריכנלאַנד, וואָס האָט פאַרהערלעכט דעם מענטשלעכן פאַרשטאַנד און זיך אָנגעשטרענגט צו בויען אַלע זײַנע טעאָריעס אויף אַרגומענטן פון דער לאָגיק. דער אבן עזרא איז נישט פאַרגלייבט אין די איבערגעטריבענע מעגלעכקייטן פון שׂכל. באַשאַנקען, ווי זעלטן עמעצער מיט דער פּעאיקייט און טאַלאַנט צו באַגרײַפן די דערשײַנונגען, פאַרגראָבט ער זיך אָפּט אין די טיפענישן פון דער מיסטיק; און אַבסערווירנדיק די וואונדער פון דער מעטאַפיזיק, שטעלט ער זיך נישט אָפּ פון זאָגן, אַז אַזויפיל זאַכן בלײַבן דאָך פאַרהוילן און פאַרבאָרגן. ווער איז דען מסוגל אַרײַנצודרינגען אין די דערפאַרונגען פון דער נשמה, און אין די געהיימענישן פון גײַסט?

אין איינער פון זײַנע רעפלעקסן טיילט ער צו די דאָזיקע עצה זײַנע לייענער (מיר ברענגען די שורות אין דער איבערזעצונג פון אברהם רייזען): ״נישט ווער דערשראָקן פון דעם טאָג, ווײַל אַלץ וואָס פּאַסירט האָט קיין דויער. נישט פריי זיך, ווען עס טרעפט דיך אַ גליק; און ווען עס טרעפט דיך אַן אומגליק, נישט וויין און נישט טרויער. פון דעם טאָג, דעם גוטן און דעם שלעכטן, וועט סײַ־ווי־סײַ ווערן אַ נעכטן״...

פון די פאַרוואורפן, אַז אין זײַן דענקען זענען פאַראַן שרײַענדיקע סתירות, האָט ער, ווײַזט אויס, ניט שטאַרק זיך איבערגענומען. מען באַקומט דעם אײַנדרוק, אַז פון זײַנע בליציקע אַפאָריזמען קוקט ער אַרויס מיט אַ פּיקחותדיקן שמייכל, צוגעבנדיק די באַמערקונג: ווער עס ווייסט נישט, אַז עס זענען פאַראַן גרענעצן צום שׂכל, און אַז אַפּטמאָל הינקט די לאָגיק שטאַרק אונטער, האָט, נעבעך, נישט קיין שׂכל...

שטעלט זיך פאַר אונז די פראַגע: וואו איז געווען דער קוואַל פון זײַן געוואַלטיקן אומרו? אין אַנדערע ווערטער: וואָס האָט געשטויסן דעם אבן עזרא, ביז זײַן לעצטן אָטעם־צוג, אָנצוגיין מיט אָט־דער אויסשעפּנדיקער, פאַרצערנדיקער, דעם מאַרך אויסזויגנדיקער, אינטעלעקטועלער טעטיקייט?

דאָ און דאָרט קען מען אַרויסלייענען פון זײַנע שריפטן, ווי ער קלאָגט זיך, אַז ער קען שוין נישט מער, ער פאַלט פון די כּוחות, ער איז מיד און שוואַך. דאָס וואַנדערן האָט אָוועקגענומען בײַ מיר מײַנע קרעפטן — ״נדוד הסיר אוני״ — זיפצט ער אָפּ שווער. ״מײַן וואַנדער־לעבן האָט מיך ווי אַ רײַף אַרומגענומען, איז אַרײַנגעדרונגען אין מײַן אַנגעווייטיקט האַרץ. אַזוי ווי דאָס זאַמד פון ים, אַזוי האָבן זיך געטאָן מערן מײַנע אומגליקן. ווען מײַנע טרערן וואָלטן ריבען לויט

מײַנע אומגליקן, וואָלט קיינער אויף דער וועלט קיין טרוקן אָרט נישט געפונען...
און צי האָב איך דען אַ האַרץ פון שטיין? בין איך דען פון אײַזן? איז דען נאָך
בײַ מיר פאַרבליבן דער כּוח ווײַטער אָנצוגיין?"...

און דאָך איז ער נישט אָפּגעשטאַנען. ער האָט כּסדר געצויגן זײַן שאַפן;
כּסדר אַרויסגעברענגט עטוואָס אַנדערש פון די וואונדערלעכע גײַסטיקע אוצרות,
וואָס ער האָט אין זיך געטראָגן.

אונדז קומט אויס, אַז דאָס האָט די אַנגסט, וואָס ער איז דער לעצטער פון
גאָלדענעם פּעריאָד, אים געגעבן דעם דאָזיקן ממש איבערנאַטירלעכן כּוח און
איבערנאַטירלעכן ווילן, צו ברענגען צום אויסדרוק דעם בײַטראָג פון בליִענדיקן
ייִדישן קיבוץ, וואָס איז אונטערגעגאַנגען. פאַר זײַנע אויגן האָט זיך אויפגעהויבן
די אַכזריותדיקע האַק אויפן דורותדיקן ישוב. ער האָט אים נאָך געזען אין זײַן
פּראַכט. אויף אים ליגט דעריבער דער חוב אים צו שילדערן; צו פאַרצייכענען
זײַנע דערגרייכונגען און אויפטוען; צו מאָלן זײַן אייגנאַרטיקייט. און אויב ער איז
שוין פאַרמאַטערט, טאָר ער זיך דאָך נישט אונטערגעבן. ער מוז ווײַטער אויספירן
זײַן אויפגאַבע, און איבערלאָזן פאַר די קומענדיקע דורות דאָס גרויסע, דאָס גרויס־
אַרטיקע בילד פון פאַרשניטענעם ייִדישן גײַסטיקן צענטער.

מיר, וואָס זענען אויף די לעצטע פון אַ דור, פאַרשטייען זייער גוט דעם
אומרו פון אברהם אבן עזרא. זײַן אַנגסט, זײַן טיפע זאָרג, זײַן גײַסטיקער פיבער,
רוקן אים צו צו אונדז. אַ, ווי האַרציק־נאָענט ער איז פאַר אונדז, די לעצטע, וואָס
זענען געווען לעבעדיקע עדות פון דער פונאַנדערבלי־תקופה פון מזרח־אייראָ־
פּעאישן ייִדנטום!

# דער מזרח-אייראָפּעאישער ייִד אין אַ קרומען שפּיגל

דאָס איז אַ קאָמפּליצירט-געשיכטלעך פּראָבלעם, דאָס איז אויך אַ שווער פּסיכאָלאָגיש פּראָבלעם: אין זייערע היים-לענדער האָבן די דאָזיקע ייִדן אויפגעטאָן ממש וואונדערלעכע זאַכן; זיי האָבן אויפגעבויט וויכטיקע אינסטיטוציעס; זיי האָבן איינגעשטעלט אַ קהילה-דיסציפּלין, וואָס איז איינציק אין דער ייִדישער דערפאַרונג; זיי האָבן איינגעפּירט אַ נעץ פון דערציאונג, וואָס האָט אַריינגענומען אַלע שיכטן פון דער ייִדישער באַפעלקערונג. אָבער קוים זענען די דאָזיקע ייִדן געצוואונגען געוועזן, צוליב אומגינסטיקע אומשטענדן, אויסצוואַנדערן אין דער פרעמד, און זוכן אַ דאַך איבערן קאָפּ, האָבן טאָקע ברידער-ייִדן זיי דערלאַנגט הילף און שטיצע. אָבער אין דער זעלבער צײַט געקוקט אויף זיי פון אויבן אַראָפּ, זיי גרינגעשעצט, און געזאָגט: "מילא, העלפן דאַרפן מיר זיי, ייִדן זענען ייִדן. אָבער ווי גלײַכע צו אונז קענען מיר זיי נישט באַטראַכטן, מזרח-אייראָפּעאישע ייִדן שטייען נישט אויפן זעלבן שטאַפּל וואָס מיר"...

מיר, אין אונזער אייגענעם דור, געדענקען נאָך דעם באַרג פאָראורטיילן, וואָס איז אויסגעוואַקסן לגבי דעם מזרח-אייראָפּעאישן ייִד אין דער ייִדישער געזעלשאַפט אין דײַטשלאַנד. "אָסט-יודע" — מזרח-אייראָפּעאישער ייִד — די באַצייכענונג, וואָס איז צווישן דײַטשע ייִדן אַנגעוואַנדן געוואָרן כּדי אָנצוווײַזן אויף אַ פּוילישן אָדער רומענישן ייִד, האָט נישט בלויז געהאַט צו טאָן מיט געאָגראַפיע. זי האָט געמיינט צו זאָגן: מיר, די "וועסט-יודען", די מערב-ייִדן, זענען אַנדערש, זענען פאַרשידן. אין אַנדערע ווערטער: מיר זענען "בעסערע" מענטשן...

נאָך שטאַרקער האָט מען זיך אָנגעטראָפן אויף דער דאָזיקער באַציאונג אין די פריערדיקע צײַטן. מען האָט אַרום דעם ייִד פון מזרח-אייראָפּע אויפגעשטעלט כּלערליי מויערן פון פאָראורטייל; מען האָט בײַ אים אויסגעפונען אַלערליי חסרונות; טאָקע ייִדן — אָבער ווי קענען זיי זיך פאַרגלײַכן צו אונז? — האָט מען געטענהט, און נישט דווקא אין דײַטשלאַנד.

די דאָזיקע מאָדנע דערשײַנונג איז אַרויסגעטרעטן גלײַך בעת דער ערשטער מאַסן-אויסוואַנדערונג פון מזרח-אייראָפּעאישע ייִדן. פּאַסירט האָט דאָס מיט פערט-

האַלבן הונדערט יאָר צוריק. אינמיטן זיבצענטן יאָרהונדערט האָבן די בונטן פון די קאָזאַקן, וואָס זענען באַגלייט געווען מיט ווילדע רציחות, חרוב־געמאַכט דאָס ייִדישע לעבן אין אוקראַיִנע און פּוילן. אין אונזער ייִדישער כראָניק ווערט אָט די שוידער־תּקופה אָנגערופן: גזירות ת״ח, דאָס הייסט: די טראַגישע געשעענישן פון יאָר פינף טויזנט פיר הונדערט און אַכט, לויט אונזער טראַדיציאָנעלער צײַט־רעכענונג. ווער עס האָט נאָר געקענט, און בײַ וועמען עס זענען פאַרבליבן כּוחות און מוט, האָט זיך געלאָזט אויף די וואַנדער־שליאַכן.

וואָס דער ייִדישער ישוב אין אוקראַיִנע און פּוילן האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט ביז צו יענער צײַט פון גרויל און פּײַן, איז מעגלעך זיך צו דערוויסן פון די שילדע־רונגען, וואָס זענען דעמאָלט געשריבן געוואָרן דורך באַגלויבטע פּערזענלעכקייטן. דער דעמאָלטיקער כראָניק־שרײַבער נתן נטע האַנאָווער פאַרזיכערט, אַז זינט ירושלים איז חרוב־געוואָרן פאַרצײַטנס, האָט גאָרנישט עקזיסטירט אַזאַ ייִדישער קיבוץ, וואָס האָט געשפּרודלט מיט גײַסט און געשטראַלט מיט גוטע מידות, און וואו ייִדיש לעבן איז אָנגעגאַנגען מיט סדר און וואונדערלעכער אינערלעכער אָרגאַניזאַציע, ווי דער קיבוץ אין פּוילן. אַן אַנדערער, משה כּ״ץ, וועלכער איז פריער געווען רב אין נאַראָץ, אין וואָלין, דערקלערט, אַז ער איז בכלל נישט בכּוח צו געפינען די פּאַסיקע ווערטער איבערצוגעבן, וואָסערע פּרעכטיקע און בליִענדיקע ייִדישע קהילות עס זענען אויפגעשטאַנען אין יענע מקומות. ״פּוילן העדינה — שרײַבט ער — דאָס איידעלע פּוילישע ייִדנטום, אויסדערווײלט פאַר תּורה און וויסן, עס איז גאָר צו דיר קיין גלײַכן נישט געווען; איצט ביסטו געוואָרן פאַרוויסט און פאַרוואָגלט, פאַרגעסן און פאַרלאָזן״...

האָבן אָט די דאָזיקע שווער־געפּרווטע ייִדן גענומען דעם וואַנדער־שטעקן אין האַנט. אַ סך האָבן געשטראָמט קיין האָלאַנד, קיין אַמסטערדאַם. דאָרט איז געשטאַנען בײַ דער מאַכט אַ רעגירונג, וואָס האָט אײַנגעפירט אין איר פּאָליטיק די פּרינציפּן פון טאָלעראַנץ. ייִדן, הגם זיי זענען נישט באַטראַכט געוואָרן ווי גלײַכבאַרעכטיקטע בירגער, האָבן פאָרט געקענט געניסן פון דער פרײַהייט. נאָכן גירוש פון שפּאַניע האָבן טאַקע אין האָלאַנד געפונען שוץ יענע צווישן די פאַרטריבענע, וואָס האָבן באַוויזן זיך צו דערשלאָגן צו אירע ברעגן. אין די שפּעטערדיקע יאָרן זענען דאָרט אַהין אויך דערגאַנגען מאַראַנען, וואָס האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט פון די אינקוויזיציע־גרוילן. אין אַמסטערדאַם האָבן זיי געהאַט די מעגלעכקייט צו דערשײַנען עפנטלעך ווי ייִדן. דערצו האָט האָלאַנד צוגעצויגן די פּליטים צוליב איר גינסטיקער האַנדלס־פּאָזיציע. אַ סך פון די אַנטלאָפענע פון שפּאַניע האָבן דעראָבערט גרויסן פּרעסטיזש אין דער וועלט פון פינאַנסן און אין די סאָציאַלע קרייזן. מען פלעגט אָט די ספרדישע ייִדן אויך רופן ״פּאָרטוגעזער״, ווײַל נישט ווייניק פון זיי האָבן סײַ דעם וועג פון לײַדן, סײַ דעם וועג פון רעטונג, אַדורכגעמאַכט דורך פּאָרטוגאַל.

מען קען נישט זאָגן, אַז די ספרדיש־פּאָרטוגעזישע אַלט־געזעסענע אײַנ־וואוינער האָבן נישט געעפנט זייערע צדקה־פּושקעס פאַר די פריש־אײַנגעוואַנדערטע פּליטים פון מזרח־אייראָפּע. ווי עס זאָגן עדות פאַרשידענע דאָקומענטן פון יענער צײַט, האָבן זיי באַזאָרגט די הײמלאָזע מיט שפּײַז, קליידונג און אַנדערע נוטווענדיקייטן. מען קען דאָס אַרויסלייענען דער עיקר פון די תּקנות — אָדער ווי מען וואָלט הײַנט געזאָגט: פון די באַריכטן־פּראָטאָקאָלן — וואָס שפּיגלען אָפּ די טעטיקייט פון דער ספרדיש־פּאָרטוגעזישער קהילה אין אַמסטערדאַם אין יענער תּקופה.

אָבער איין זאַך איז — צוטיילן צדקה, און עפּעס אַנדערש איז — באַציאונג. מען האָט זיך נישט באַצויגן צו די הײמלאָזע פון פּוילן און אוקראַיִנע, ווי צו גלײַכע. מען האָט זיי באַטראַכט ווי ייִדן פון אַ „נידעריקער מדרגה", וואָס מען טאָר זיי טאַקע נישט לאָזן הונגערן, אָבער מען האָט געוואָלט, אַז זיי זאָלן וואָס שנעלער זיך אָפּטראָגן „וווּ דער מצב וועט זיך אויסלײַטערן", און צוריקפאָרן אַהיים, אָדער פאַר זיך אויסזוכן אַן אַנדערן פּלאַץ... מען האָט קודם כּל „אויסגעפונען" — הגם מען האָט דערצו נישט געהאַט קיין שום יסוד אויף וואָס זיך צו שטיצן — אַז די ספרדיש־פּאָרטוגעזישע ייִדן שטאַמען פון מיוחסדיקן שבט יהודה (דער שבט פון דוד המלך!). דאַקעגן די אַשכּנזים ציִען זייער אָפּשטאַם פון ווייניקער־וויכטיקע שבטים, און אַוודאי שטאַמט פון די „נידעריקערע" שבטים דער מזרח־אייראָפּעאישער טייל פון אַשכּנזישן ייִדנטום...

דערנאָך איז מען געקומען צום אויספיר, אַז די אײַנגעוואַנדערטע פון מזרח־אייראָפּע האָבן נישט קיין אויסגעפײַנערטע מידות, זיי זענען נישט „עלעגאַנט", זיי זענען דערוויַיטערט פון דער „ייִדישער מאָראַל". נישט בלויז צוליב די אומ־שטענדן, האָט מען געטענהט, זענען זיי שלעפּער און שנאָרער, נאָר זיי זענען אַט אַזעלכע אין זייער כאַראַקטער; זיי ווילן נישט אַרבעטן; זיי ווילן גלײַכער לעבן פון נדבות, זיי לייגן זיך אַן אויף קהל... נישט איבער באַשטימטע מזרח־אייראָפּע־אישע ייִדן האָט מען אַזוי געדענקט און גערעדט. מען האָט פאַראַלגעמיינערט. אַפילו ווען מען האָט מודה געווען, אַז עס זענען פאַראַן צווישן זיי אויסנאַמען, האָט מען אָבער דעם כּלל נישט געענדערט...

דערצו האָט מען בכלל געצווייפלט אין די פעאיקייטן פון די דאָזיקע הײמלאָזע, אין זייער טאַלאַנט עטוואָס אויפצוטאָן און זיך דערשלאָגן צו אַ לײַטיש און בכבודיק לעבן. מען האָט געזאָגט, אַז זיי זענען קליינהענדלער, וואַנדל־סוחרימלעך, מיט קליינטשיקע השגות, און אַזעלכע וועלן זיי שוין פאַרבלײַבן, זיי טויגן נישט צו עפּעס אַנדערש... אויב זיי קלאָגן זיך אויף די שוועריקייטן, וואָס זיי טרעפן אָן „זיך אײַנצואָרדענען", איז עס דערפאַר, ווײַל זיי אַליין זענען דערין שולדיק, זיי זענען „בטלנים", זיי פאַרשטייען זיך נישט אויף וועלט־זאַכן. עס איז דערגאַנגען דערצו, אַז מען האָט די פּליטים פון מזרח־אייראָפּע נישט געוואָלט אַרײַננעמען אין

די אייגענע ספרדיש־פּאָרטוגעזישע קהילות, און זיך אָפּגעזאָגט מיט זיי זיך מתחתן צו זײַן . . .

אָט די ייִדן, וואָס זענען אין זייערע היים־ערטער, וואו זייערע אור־עלטערן האָבן געלעבט זיבט דורות, באַטראַכט געווען ווי "דאָס שיינדל פון דער ייִדישער אומה", און באַוואונדערט געוואָרן פאַר זייער בריהשאַפט און פּיקחות, לומדות און ברײַטהאַרציקייט, איניציאַטיוו און אַחריות־באַוואוסטזײַן, זענען פּלוצלונג באַצייכנט געוואָרן — ווי בעטלער און שנאָרער. "פּאָלאַקאָס", ("פּוילישע" אין שפּאַניש; די שפּראַך וואָס די ספרדים אין האָלאַנד האָבן נאָך דעמאָלט גערעדט, און אין איר אַפילו אַרויסגעגעבן אַ צײַטונג) — איז געווען אַ זילזול־אויסדרוק, אַ באַליידיקנדיקע ווענדונג . . .

און דער קרומער שפּיגל האָט אָנגעהאַלטן נישט בלויז אין אַמסטערדאַם.

אין יענעם יאָרהונדערט פון וואָגל און היימלאָזיקייט האָבן די ייִדן פון פּוילן געזוכט, נאָך אין אַ גרעסערער צאָל, שוץ אין נאָענטן דײַטשלאַנד. דאָרט אַהין האָט זיך געוואָנדן דער שטראָם פון פּליטים בעת דעם גרויל פון די קאָזאַקן־שחיטות; ווי אויך דערנאָך, ווען די פּוילישע מלוכה האָט זיך פאַרפּלאָנטערט אין כסדרדיקע מלחמות. צווישן די דײַטשע ייִדן האָבן די היימלאָזע דערוואָרט צו באַגעגענען אַ מער־וואַרעמע באַציאונג, ווי די, וואָס די פּליטים האָבן אָנגעטראָפן אין האָלאַנד. ערשטנס, זענען דאָך דאָ אַלע אַשכּנזים; און צווייטנס, בעת מיט הונדערטער יאָרן צוריק זענען ייִדן פון דײַטשלאַנד געלאָפן קיין פּוילן צוליב דעם צאָרן פון די קרייצצוגן, וואָס האָט זיך אויסגעגאָסן אין מערב־אייראָפּע, און דער ייִדיש־פּוילישער ישוב איז נאָך דעמאָלט געווען קליין און אָרעם, האָבן פונדעסטוועגן פּוילישע ייִדן געטאָן אַלץ, וואָס איז נאָר מעגלעך געווען, כדי צו פאַרלײַכטערן דעם מצב פון די פּריש־אײַנגעוואָנדערטע.

צוזאַמען מיט די פּליטים פון די שטעט און שטעטלעך פון פּוילן, אוקראַיִנע און ליטע, קומען אויך אָן קיין דײַטשלאַנד ייִדן פון בעמען (טשעכיע), וואו דער אומזיכערער מצב צווינגט אויסצוּוואַגלען.

אָבער מזרח־אייראָפּעאישע ייִדן אַנטוישן זיך. אויך דאָ דערשײַנען זיי אין אַ מוראדיק־אויסגעקרומטן שפּיגל. דאָס איז נאָך געווען לאַנג פאַר דער עמאַנציפּאַציע. דײַטשע ייִדן זענען נאָך דעמאָלט נישט צוגעלאָזט געוואָרן צו קיין אָפיציעלע אַמטן; די טויערן פון די בילדונג־אינסטיטוציעס זענען פאַר זיי געווען פאַרמאַכט. דעם אמת זאָגנדיק, זענען צו יענער צײַט צווישן פּוילישע ייִדן געווען נישט בלויז מער לומדים אין תורה און ייִדישקייט, נאָר אַפילו אין וועלטלעכע וויסנשאַפטן. מען מוז געדענקען, אַז אין דער טאָלעראַנץ־תקופה, וואָס פּוילן און ליטע האָבן אַדורכגעמאַכט, האָבן פּוילישע ייִדן — יעדנפאַלס אַ גאַנץ שפּאָרער טייל צווישן זיי — נישט אַדורכגעלאָזט די געלעגנהייט צום שטילן זייער דאָרשט צו וויסן.

די איבערוויגנדיקע מערהייט האָט, נאָטירלעך, געלערנט אין די ישיבות אין לאַנד, אָבער עס זענען געווען אַנדערע, וואָס האָבן זיך אָוועקגעלאָזט לערנען אין אויסלאַנד; און נישט בלויז אין ישיבות. מען איז געפאָרן קיין איטאַליע — דאָס לאַנד פון קולטורעלן רענעסאַנס — שטודירן אין די אוניווערסיטעטן. יידישע יוגנטלעכע פון פוילן זענען אויסגעוואַקסן ווי מעדיקער, אַסטראָנאָמען, מאַטעמאַטיקער, פיזיקער, מומחים אין לאַטיין. יידישע ספּעציאַליסטן אין מעדיצין זענען געווען לייבדאָקטוירים פון פּוילישע קעניגן. יידישע ערודיטן זענען פאַרבעטן געוואָרן זיך צו באַטייליקן אין וויסנשאַפטלעכע דעבאַטעס אויפן קראָקעווער אוניווערסיטעט און אין קעניגלעכן הויף. צווישן די ערשטע, וואָס האָבן באַקענט די עפנטלעכקייט מיט קאָפּערניקס טעאָריע, האָבן זיך געפונען יידישע געלערנטע.

און דאָך, איז דאָס אַלץ נישט גענוג געווען, כּדי מען זאָל די "אָסט־יודען" אויפנעמען ווי גלייכע. עס איז פון יענער צייט פאַרבליבן אַ ליד, דורך וועלכן מען קען אַריינדרינגען אין דעם קידער־ווידער, וואָס האָט זיך איינגעשטעלט צווישן די יידן פון מערב און פון מזרח. דאָס איז אַ סאַטיריש ליד, אין יידיש; און אין אים גייט אָן אַ שמועס צווישן אַ דייטשן ייד, אַ פּוילישן, און אַ ייד פון פּראָג. דער נאָמען פון מחבר איז אומבאַקאַנט; אָבער עס אונטערליגט נישט קיין ספק, אַז עס איז געשריבן געוואָרן אין דער צווייטער העלפט פון זיבעצנטן יאָרהונדערט, אגב, דאָס דאָזיקע ליד איז מיט אייניקע צענדליק יאָר צוריק פאַרעפנטלעכט געוואָרן דורך דר. מאַקס ווייַנרייַך.

דער פּוילישער ייד וואַרפט פאַר די דייַטשע יידן, אַז זיי זענען נישט גאַסטפרייַנטלעך, אַז זיי באַציען זיך נישט צו די היימלאָזע ווי מען האָט דאָס געקענט דערוואַרטן פון זיי, אַז זיי שטויסן פון זיך אָפּ די נייַ־געקומענע. אָט לייענען מיר זייַנע ווערטער: "איך מוז אייַך זאָגן, איך קאָן עס נישט פאַרטראָגן: דער פּאָליאַק מעג זייַן אַ למדן, און פון אַ גוטער משפּחה — אַשכּנז (דאָס הייסט: דייַטשע יידן), איז זיך מיט אים נישט מתחתן... מיר קומען נישט אין אַשכּנז איינצונעמען שאַנד; ווען נישט די מלחמה, וואָלטן מיר נישט געקומען אין אייער לאַנד"... אים האַלט אונטער, אין זייַנע טענות, דער ייד פון פּראָג. אָבער דער דייַטשער ייד שטייט נישט אָפּ פון זייַנע אַרגומענטן. פּוילישע יידן, זאָגט ער, זענען נישט ערלעך, "מען קען קיינעם נישט טרויען געלט אויף סחורה", זיי זענען בעלי־גאווהס; "אַ פּאָליאַק, אַפילו ווען ער קען נישט מאַכן קיין קידוש און הבדלה, גיט ער זיך אויס, ווי ער וואָלט געווען דער רב פון קראָקע"; זיי, די פּוילישע יידן, זאָגן צו נדן, און האַלטן נישט זייער וואָרט... צום סוף קומט דער באַליידיקנדיקער אויסרוף: "איר פּאָליאַקן מיט די ברייטע בערד!"...

עס וואַרפט זיך אין אויג, וואָס ווידער טרעט דאָ אַרויס, גענוי ווי אין דער ספרדיש־פּאָרטוגעזישער קהילה אין אַמסטערדאַם, די טענדענץ צו פּאַראַלגעמיינערן.

מען זאָגט נישט, אַז דער אָדער יענער פּוילישער ייִד האָט זיך נישט אויפגעפירט, ווי עס דאַרף צו זײַן, נאָר אַז אַלע זענען זיי אַזוינע און אַזעלכע...

די אומגערעכטע באַציאונג לגבי דעם מזרח־אייראָפּעאישן ייִד האָט מיטן לויף פון די צײַטן זיך נישט געענדערט. מען קען באַשטימען: זי איז נאָך פאַרערגערט געוואָרן. אין דער תּקופה פון דער עמאַנציפּאַציע, ווען ייִדן אין דײַטשלאַנד האָבן געקענט געניסן פון אַביסל גלײַכבאַרעכטיקונג, און אין מזרח־אייראָפּע האָט דער ייִדישער קיבוץ זיך גאָרנישט געקענט אַרויסהייבן פון דער רעכטלאָזיקייט און אונטערדריקונג, איז די מויער פון פאַראורטיילן געוואָרן אַלץ דיקער. וואָס מען האָט אַלץ דעם מזרח־אייראָפּעאישן ייִד נישט פאַרגעוואָרפן! וואָסערע באַשולדיקונגען עס זענען נישט אַרויסגערוקט געוואָרן! ער פאַרמאָגט נישט קיין קולטור; ער באַזיצט נישט קיין מאַנירן; ער זינקט אין "מיטלאַלטער"; טאַקע בײַם גרויסן היסטאָריקער גרעץ באַגעגנט מען די טענה, אַז די פּוילישע ייִדן האָבן צוריקגעהאַלטן דאָס ראָד פון "פאָרשריט", צוריקגעהאַלטן די שטרעמונג פון דער מאָדערנער קולטור, און צוליב זיי האָט דער מיטלאַלטער אָנגעהאַלטן אין דער ייִדישער געשיכטע אַ סך לענגער, ווי אין דער געשיכטע פון אַנדערע אייראָפּעאישע פעל־קער...

אַפילו דער משׂכּיל און אָנהענגער פון די אויפקלערונג־אידייען שאול פּינחס ראַבינאָוויטש, וועלכער האָט אין פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט איבערגעזעצט גרעצס "געשיכטע פון ייִדן" פון דײַטש אויף העברעאיש, איז, צוקומענדיק צו דער דאָזיקער שטעלע אין טעקסט — אין אַכטן טייל פון דער געשיכטע־איבערזעצונג — אָפּגעטרעטן פון זײַן אויפגאַבע ווי אַן איבערזעצער, און זיך אַרײַנגעלאָזט אין אַ וויכּוח מיטן מחבר. ס'טײַטש — שרײַבט ער — ווי דערלויבט זיך גרעץ אַרויסצורוקן אַזאַ באַשולדיקונג קעגן מזרח־אייראָפּעאישע ייִדן? צי איז דאָס נישט קיין איינזײַטיקער, דורכאויס פאַלשער צוגאַנג?

ערשט דער גרילץ, וואָס אונזער לשון האָט אַרויסגערופן אין די אויערן פון די מערב־ייִדן! זיי האָבן נישט געקענט פאַרטראָגן, ווי די ייִדן פון מזרח־אייראָפּע "פאַרדאַרבן" די דײַטשע שפּראַך. שוין משה מענדעלסאָן, דער פאָטער פון דער השׂכּלה, דער אידעאָלאָג פון דער אויפקלערונג־באַוועגונג, האָט איבערגעזעצט דעם חומש אויף דײַטש, מיט דער כּוונה אָוועקצוציען ייִדן פון די איבערזעצונגען אויף ייִדיש — עברי־טײַטש, ווי מען פלעגט דאַן זאָגן — וועלכע זענען געווען פּאָפּולער צווישן עולם. מען האָט זיך אַפילו, אין די קרייזן פון די מערב־אייראָפּעאישע ייִדישע געלערנטע, נישט אָפּגעהאַלטן פון אַרויסטרעטן מיט אַ שפּיגוועב־טעאָריע, אַז ייִדיש לשון איז אַן אויסשליסלעך מזרח־אייראָפּעאישע ייִדישע "דערפינדונג". דאָס הייסט, אַז דײַטשע ייִדן האָבן אין אַלע דורות גערעדט אַ ריינעם דײַטש, גענוי ווי די דײַטשע קריסטן, און ערשט פּוילישע ייִדן, ווען זיי האָבן אײַנגעוואַנדערט אין זעכצנטן און זיבעצנטן יאָרהונדערט קיין דײַטשלאַנד, האָבן געמאַכט אַ תּל פון דער

דײַטשער שפּראַך; און אַזוי־אַרום איז געבוירן געוואָרן דער "ייִדיש־זשאַרגאָן"... פֿאַרשער און אויטאָריטעטן פֿון וואָג און באַטײַט זענען פֿון די פֿאָראורטיילן געוואָרן פֿאַרבלענדט און געשטרויכלט. שטיינשנײַדער, גייגער, גידעמאַן.

בלויז איינצלנע האָבן געוואָגט צו רעווידירן דעם אָנגענומענעם שאַבלאָן, און גערופֿן צו באַמערקן און אָפּשאַצן די אויטענטישע קולטור־ווערטן, וואָס האָבן זיך אויפֿגעהאַלטן דווקא צווישן מזרח־אייראָפּעאישע ייִדן, און די לעבנס־זאַפּטן, וואָס פּולסירן גראָד אין דער מזרח־אייראָפּעאישער ייִדישער געזעלשאַפֿט. הײַנריך הײַנע האָט, נאָך אַ באַזוך אין פּוילן געשריבן, אַז עכטע קולטור האָט ער ערשט אָנגעטראָפֿן צווישן מזרח־אייראָפּעאישע ייִדן. הערמאַן קאָהען האָט זיך מודה געווען, אַז אַ נײַע, אומבאַקאַנטע וועלט פֿון וויכטיקן פּאָזיטיוון אינהאַלט האָט זיך פֿאַר אים אויפֿגעדעקט, בעת ער איז אַרײַנגעטרעטן אין קאָנטאַקט מיט ייִדיש מזרח־אייראָפּע. פֿראַנץ ראָזענצווייג איז אַרײַנגעפֿאַלן אין באַגײַסטערונג פֿאַר דער דינאַמישער ייִדישקייט, וואָס האָט זיך פֿאַר אים אַנטפּלעקט אין איר שטויגנדיקער רײַכקייט און פּילפּאַרביקע אויסדרוקן. אַפֿילו דעם פֿון עקבערנדיקע ספֿיקות אויפֿגעעסענעם פֿראַנץ קאַפֿקאַ האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אין דער מזרח־אייראָפּעאישער ייִדישקייט איז ער נאָך מסוגל צוריק צו געווינען זײַן פֿאַרלוירענעם גלויבן.

אָבער דאָס זענען געווען שטימעס אין דער וויסטעניש. ביז צו אונזערע אייגענע דורות, איז די מויער נישט אײַנגעבראָכן געוואָרן. זי איז געשטאַנען אין פֿראַנקרײַך, ווען דאָרט אַהין זענען מזרח־אייראָפּעאישע ייִדן אָנגעקומען פֿאַר דער גרויסער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציע, און בעת דעם שטורעם פֿון דער רעוואָ־לוציע. זי איז געשטאַנען אין ענגלאַנד, ווען נאָך די פּאָגראָמען אין צאַרישן רוסלאַנד אין די אַכציקער יאָרן פֿון פֿאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, האָבן אײַנגע־וואַנדערט ייִדן פֿון מזרח־אייראָפּע. מעגלעך, אַז בלויז אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן פֿון אַמעריקע האָבן די דורותדיקע קאָנווענציאָנעלע אײַנשטעלונגען לאַנג נישט געקענט אָנהאַלטן. די ייִדישע עמיגראַציע פֿון מזרח־אייראָפּע צו די פֿאַראייניקטע שטאַטן איז, זינט דעם סוף פֿון פֿאַריקן יאָרהונדערט, געווען אַזאַ מאַסנדיקע, און דער שטראָם אימיגראַנטן איז געפֿלאָסן מיט אַזוי פֿיל אימפּעט און ענערגיע, אַז אַן אַ שיעור שטרויכלונגען און שטערונגען האָבן געמוזט אַרונטערגעשווענקט ווערן. צווישן זיי האָט געמוזט פֿונאַנדערפֿאַלן זיך די מויער, וואָס האָט אין אַנדערע לענדער, און אין אַ פֿאַרשידענער געזעלשאַפֿט, געקענט בלײַבן שטיין פֿאַר לאַנגע צײַטן אומגעשטערט: די מויער פֿון פֿאָראורטיילן לגבי דעם מזרח־אייראָפּעאישן ייִד.

פֿאַרוואָס דאָס איז אַזוי, און פֿאַרוואָס אַט דער קרומער שפּיגל איז נישט אַרויסגעגאַנגען פֿון באַנוץ אין משך פֿון אַזוי פֿיל תּקופֿות, איז, ווי געזאָגט, אַ קאָמפּליצירט פּראָבלעם. געוויינלעכע ענטפֿערס ווערן געגעבן. געפֿינען זיך אַזעלכע,

וואָס זאָגן, אַז דער ווידערווילן, וואָס איז דערשינען לגבי מזרח־אייראָפּעאישע ייִדן, איז אַ גוטבאַקאַנטע מענטשלעכע רעאַקציע צו יחידים אָדער צו אַ גרופּע, ווען זיי געפינען זיך אין מצב פון געפאַלענע. די באַצייכענונגען "שנאָרער" און "שלעפּער" זענען אַנגעוואָנדן געוואָרן נישט בלויז לגבי פּוילישע ייִדן, ווען זיי האָבן אין פרעמדע לענדער געדאַרפט אָנקומען צו נדבות. אַזאַ איז דער שטייגער פון דער וועלט: אַן אָרעמאַן ווערט באַטראַכט ווי אַ שלימזל, אַ לאָ־יוצלח, און מען קוקט אויף אים פון אויבן אַראָפּ...

פאַראַן אַנדערע, וואָס ווילן, ווי זיי אַרגומענטירן, נישט פאַרהוילן די פולע ווירקלעכקייט, און האַלטן, אַז מען דאַרף דאָך מודה זײַן, אַז אין די באַהאַנדלטע תקופות איז געווען אַ שטאַרקער אונטערשיד צווישן דעם "ציוויליזירטן" שטאַפּל פון אַ ייִד פון מערב און מזרח־אייראָפּע, און אַוודאי פון די ספרדים־פּאָרטוגעזער. יענע האָבן געהאַט מאַניערן, האָבן געוואוסט ווי אַזוי זיך צו האַלטן און אויפפירן — זאַכן, וואָס זענען געווען לחלוטין פרעמד פאַר די ייִדן פון אונזערע שטעטלעך.

אפשר האָבן אויך דעצידירט כאַראַקטער־שטריכן. דער מזרח־אייראָפּעאישער מענטש פאַרטראָגט נישט די שטײַפקייט; ער איז אוממיטלבאַר, פאַלקסטימלעך, שפּרודלדיק־היימיש. ער ווערט גלײַך קנעפּל שבקנעפּל אַפילו מיט עמעצן, ווען ער האָט נאָר־וואָס דערקענט. דערין ליגט טאַקע דער געוואַלטיקער טאַלאַנט פון שלום עליכם, וואָס ער האָט באַוויזן אויפצוכאַפּן די אייגנשאַפטן, וואָס קומען אַרויס ווי אײַנגעבוירענע פאַרן ייִד פון די מזרח־אייראָפּעאישע מקומות.

נישט אָפּוועגנדיק דעם טראָפּן אמת, וואָס איז פאַרבאָרגן אין די אומגייענדיקע געווײַנלעכע ענטפערס, ווײַזט זיך אונדז אָבער אויס, אַז נישט ווייניק האָט צו טאָן מיט דער מויער פון פאַראורטיילן, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן לגבי דעם מזרח־אייראָפּעאישן ייִד, די פאָלקסטימלעכע ייִדישקייט, מיט וועלכער ער האָט זיך צונויפגעוואַקסן, און וואָס האָט פון אים אַרויסגעקוקט, אַרויסגערעדט, אַרויסגעשריגן. אין קיין שום אַנדערן קיבוץ איז פאָלקסטימלעכע ייִדישקייט נישט געקומען אַזוי פולבלוטיק, פילפאַרביק און מעכטיק צום אויסדרוק. אָן אונטערשייד, מיט וואָסערע ייִדישע אידייען, איבערצייגונגען, אידעאַלן, דער מזרח־אייראָפּעאישער ייִד האָט זיך אָרומגעטראָגן, ער האָט מיט זיי דעמאָנסטרירט, ער האָט זיי נישט געוואָלט פאַרבאַהאַלטן, פאַרשטעקן. אויב ער האָט דאָס נישט געטאָן מיט זײַן הילוך, מיט זײַן קליידונג, מיט זײַן אויסערלעכן אויסזען, האָט ער עס געטאָן מיט זײַן אָפּקלינגענדיקן ייִדישן לשון, מיט זײַנע באַוועגונגען, מיט זײַן טעמפּעראַמענט, מיט זײַן התלהבות. מיט ייִדישקייט — אין וואָסער פאָרם זי זאָל נישט אַרויסטרעטן — איז זיך נישטאָ וואָס צו שעמען...

און אָט אַזאַ אָפּענע, נאַטירלעכע ייִדישע האַלטונג, האָבן אַפילו ברידער ייִדן, אונטער פרעמדע הימלען, נישט געקענט פאַרטראָגן. און עס האָט זיך געשאַפן דער קרומער שפּיגל.

# פּראָפּעסאָרן וועלכע דאַרפֿן ערשט לערנען אלף-בית

די רעוויזיע ווערט נאָך נישט אַדורכגעפֿירט אין איר פּולן פֿאַרנעם. מען קען אָבער זען, ווי אַזוי מען גאַרטלט זיך אונטער זי אַדורכצופֿירן: די רעוויזיע פֿון פֿעריאָד צווישן די צוויי וועלט־מלחמות אין דער דערפֿאַרונג פֿון פּוילישן ייִדנטום.

וואָס אַמאָל העכער הערן זיך די קולות, באַשר־ובכן ס'איז נישט אמת, אַז דער פּעריאָד צווישן די צוויי וועלט־מלחמות איז אין ייִדיש פּוילן געווען אַ המשך פֿון דער גאָלדענער תּקופֿה, וועלכע האָט אין דער געשיכטע פֿון פּוילישן ייִדנטום זיך אָנגעהויבן אין זעכצנטן יאָרהונדערט און האָט אָנגעהאַלטן הונדערטער יאָרן, ביז זי איז ברוטאַל און אכזריותדיק איבערגעהאַקט געוואָרן אין נאַצי־חורבן. ס'איז אַן אויסגעטראַכטע מעשה.

די "איבערראַשונג אין נאָמען פֿון אָביעקטיוון אמת", ווי אַט־דער אַרײַנטײַטש ווערט אָנגערופֿן, דויערט שוין אַ שטיקל צײַט; אָבער איצט נעמען אָן די, וועלכע פֿירן אַדורך די דאָזיקע רעוויזיע, מער קוראַזש. וואָס אַמאָל דײַטלעכער און שאַרפֿער ווערט געזאָגט: מ'האָט איבערגעטריבן. נאָך פֿאַר דער פּאַרטיליקונג, וועלכע איז געקומען מיטן אויסברוך פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה און אַ סוף געמאַכט צו דער גאָלדענער תּקופֿה, האָט זי אייגנטלעך אויפֿגעהערט צו עקזיסטירן. צווישן די צוויי וועלט־מלחמות זענען שוין פֿאַרבליבן פֿון איר זייער שוואַכע סימנים...

מיר, וועלכע זענען אויפֿגעוואַקסן צווישן פּוילישן ייִדנטום און געלעבט אין ייִדיש פּוילן ביז צום אויסברוך פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווייסן, אַז גאָר־נישט איז איבערגעטריבן אין אונזער באַגריף וועגן דעם צײַט־אָפּשניט 1919־1939. דאָס זענען געווען צוויי יאָרצענדליקער פֿון גלאַנץ און אומגעווייגלעכע אויפֿטוען און דערגרייכונגען. זיי קומען אויס נאָך מער מערקווירדיק, ווײַל דער ייִדישער ישוב אין פּוילן האָט דעמאָלט אַדורכגעמאַכט אַ ווירקלעכקייט פֿון רדיפֿות, דער־נידערונגען און עקאָנאָמישער דערדריקונג. העכער דרײַ און אַ האַלבער מיליאָן ייִדן האָבן געוואוינט אין דער פּוילישער מדינה; און אין דער שרעקלעכער רעכטלאָ־זיקייט און מוראדיקער דחקות האָבן זיי באַוויזן אָנצוהאַלטן דעם נאַציאָנאַלן און

גײַסטיקן צענטער, וועלכער האָט דאָרט געשלאָגן וואָרצלען. זיי האָבן אַפילו באַוויזן אים צו פאַרגרעסערן, פאַרטיפן, און אויפהייבן צו דער מדרגה פון "אויב נישט נאָך העכער".

וואָס אַלץ איז נישט געקומען צום אויסדרוק אין דער אַקטיוויקייט, וואָס פּוילישע ייִדן האָבן אין אָט־די צוויי יאָרצענדליקער אַנטוויקלט! אין וואָסערע געביטן פון שאַפן זענען זיי אַלץ נישט אַרײַנגעדרונגען! וואוהין אַלץ האָט זייער אינספּירירנדיקע, באַפרוכפּערנדיקע השפּעה נישט דערגרייכט! אין דאָזיקן ישוב האָט מען נישט געוואוסט פון אַפּהעטיקייט, פון מידקייט און אַפּאַטיע. מען האָט געשפּרודלט מיט ענערגיע און גלויבן; מען איז אַרויסגעקומען מיט געוואַגטער איניציאַטיוו, מיט טיף־גרייכנדיקע אידייען און אידעאַלן, וועלכע האָבן באַדאַרפט פירן — און טאַקע געפירט — צו געשיכטלעך־געוואַלטיקע מעשׂים. די נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע דינאַמיק, וועלכע מען האָט אָנגעטראָפן אין ייִדיש פּוילן צווישן די צוויי וועלט־מלחמות, פאַרמאָגט קוים אַ גלײַכן אין אונזער טויזנטיעריקער שטורמישער געשיכטע; און מען מעג צוגעבן: אין דער געשיכטע פון פעלקער. אַ מענטשן־מאַסע פון קנאַפּע פיר מיליאָן האָט זיך געפונען אין כּסדרדיקער גײַסטיקער שפּאַנונג; אין כּסדרדיקן שעפערישן אויפברויז. אין צענטער פון דער אָנהאַלטנדיקער אָנשטרענגונג איז געשטאַנען די מאָנענדיקע און דערמאָנענדיקע פראַגע: וואָס קען און דאַרף געטאָן ווערן כּדי אין די אַזוי־שווערע און ביטערע באַדינגונגען זאָל אויפגעהאַלטן ווערן דער קיום פון פאָלק; זאָל ווירקן אין אים דער עטישער פּאַטאָס, זאָל פּולסירן אין זײַנע רייען די שטרעבונג אָנצוגיין מיט די ווערטן, פאַר וועלכע עס איז כּדאַי צו קעמפן און ברענגען קרבנות?

ס׳איז נישט וויכטיק צי אין דאָזיקן צײַט־אָפּשניט זענען געשאַפן געוואָרן ווערק, וועלכע שטייען נישט אָפּ אין זייער אינטעלעקטועלן ניוואָ אָדער אין זייער דויערנדיק־קינסטלערישן באַדײַט צי גאָר אין דער וואָגיקייט פון זייער מחשבה פון די, וואָס זענען אָנטשטאַנען צווישן פּוילישן ייִדנטום אין די פריִערדיקע דורות. נישט דאָס איז די מאָס, מיט וועלכער מען דאַרף מעסטן אָט־דעם פּעריאָד; הגם דעם אמת זאָגנדיק זענען די גורלפולע צוואַנציק יאָר בכּוח אויפצוווײַזן עפּאָכע־מאַכנדיקע גײַסטיקע שאַפונגען. זיי זענען אַ וויכטיקער בײַטראָג סײַ צום רבנישן ספרים־אוצר, סײַ צום חסידישן געדאַנקען־געוועב, סײַ צו דער מאָדערנער העברעאישער און ייִדישער ליטעראַטור, סײַ צו דער קונסט אין אַלע אירע אויסדרוקן. דאָס לעבן גופא, דאָס ייִדישע לעבן, איז געווען אַ וואונדער־ווערק. ווי שטאַרק די מײַסטער־שילדערער אָדער די מײַסטער־מאָלער האָבן זיך באַמיט אַרויסצוברענגען די פּוילישע ייִדן פון די יאָרן 1939-1919 אין זייער וואָכנדיקן הוואַ און אין זייער שבת־יום־טובֿדיקער דערהויבנקייט — אין סך־הכּל: אין זייער גראַנגל פאַר אַ ווירדיקער און אײַנהאַלטרײַכער עקזיסטענץ, האָט די אויפגאַבע אַריבערגעשטיגן זייערע כּוחות. מען מוז דאָך געדענקען, אַז אין דאָזיקן פּעריאָד זענען צווישן געווען צווישן פּוילישע ייִדן אויך ייִדן

פון שפּאָרע שטיקער ליטע און אוקראַינע, פּאָדאָליע, וואָלין, גאַליציע; וואָרום אין קאָנסעקווענץ פון דער וועלט, וואָס איז אויפגעשטאַנען נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, זענען צוגעטיילט געוואָרן צו פּוילן גאַנצע געגנטן און פּראָווינצן פון מזרח־אייראָפּע.

דערצו דאַרף מען אויך געדענקען די פאַרצווייַגטקייט פון דער ייִדישער געזעלשאַפט, וועלכע האָט זיך קאָנצענטרירט אין פּוילן: די פאַרשידנקייט פון די אינטערפּרעטאַציעס פון ייִדישן בליק, די פאַרשידנקייט פון די באַגריפן און וויזיעס וועגן פאָלק, זייַן געשיכטלעכן וועג, זייַן צוקונפט; די פאַרצווייַגטקייט, אין וועלכער עס איז פאָרט געווען אינערלעכע אייניקייט. וויפל מען זאָל נישט רעדן וועגן דער פיל־פּאַרטייאישקייט פון פּוילישן ייִדנטום צווישן די צוויי וועלט־מלחמות, איז אָבער אויך ריכטיק, אַז זעלטן־ווען איז געקומען צום אויסדרוק אַזאַ אומדערשיטערלעכע ייִדישע אחדות, ווי גראַד דעמאָלט. די קהילה האָט פאַראייניקט. די האַלב־אויטאָנאָמע קהילה־אינסטיטוציע, אין וועלכער עס זענען געווען פאַרטראָטן אַלע שיכטן און אידעאָלאָגיעס פון פאָלק, און אין איר ראָט זענען אַרייַנגעגאַנגען רעפּרעזענטאַנטן אויפן סמך פון דעמאָקראַטיש־אָדורכגעפירטע וואַלן. מער נאָך ווי די קהילה, האָט דער אחריות־באַוואוסטזייַן צונויפגעשמידט אַלע טיילן פון פאָלק. אַן צוואַנג־מיטלען, אָן אַ מאַכט, וואָס זאָל אַרויפוואַרפן באַפעלן, האָט די ייִדיש־פּוילישע באַפעלקערונג — פון אייגענעם, פרייַען ווילן — דעמאָנסטרירט איר אחדות. זי האָט דעמאָנסטרירט די אייניקייט אין צייַטן פון אָנטשיידונג. אויבנאויפיק צעשפּליטערט, צעשפּאָלטן; אָבער אין תוך — כלל־ישׂראל. שוין בלויז אַ בליק אין דער ייִדישער דראַמע אין פּוילן אין דאָזיקן פּעריאָד, אַנטפּלעקט די אומגעוויינלעכע דערשייַנונג.

מען האָט אין דאָזיקן אייגנאַרטיק־גייַסטיקן צענטער גערעדט בעיקר ייִדיש. אַלע ייִדן האָבן געקענט רעדן ייִדיש. בלויז פאַר אַ מינימאַלן פּראָצענט איז ייִדיש לשון נישט געווען צוטריטלעך. אין דער הויפּט־שטאָט וואַרשע זענען דערשינען נייַן טעגלעכע צייַטונגען אין ייִדיש. טאָג־צייַטונגען אין ייִדיש זענען אויך אַרויסגעגאַנגען אין די גרויסע שטעט. אַ סך יאָרן האָט וואַרשע פאַרמאָגט אַ טעגלעכע צייַטונג אין העברעאיש, און אַפילו ווען זי האָט אויפגעהערט צו דערשייַנען, איז נישט איבערגעריסן געוואָרן דאָס פאַרעפנטלעכן פּעריאָדישע אויסגאַבעס, שוין אָפּגעשמועסט פון ספרים און ביכער, אין העברעאיש. וואָס שייַך שפּראַכלעכער אַסימילאַציע, האָט דער פּעריאָד צווישן די צוויי וועלט־מלחמות צומווייניקסטן געזינדיקט אויפן דאָזיקן געביט. מער ווי אין אַנדערע ערטער פון דער ייִדישער צעשפּרייטקייט, און מער ווי אין אַנדערע צייַטן, אַפילו אין פּוילן, האָט מען מקפּיד געווען אין דעם פּרט. אין פאַרצייַטישן בבל האָט מען געלערנט און געשריבן גמרא אויף אַראַמעאיש. אין אַמאָליקן ארץ־ישׂראל האָט מען געשריבן דעם תּלמוד ירושלמי אויף אַראַמעאיש. אין מיטלאַלטערלעכן שפּאַניע האָט מען געשריבן גאָר

וויכטיקע ווערק פון יידישלעכן אינהאַלט אין אַראַביש. פאַר דער יידישער באַ־פעלקערונג אין פוילן איז שפראַך געווען אַ פּרינציפּ אין דערציאונג, אין איבער־צייַגונג, אין לעבנס־שטייגער.

אויב עס איז די רייד וועגן אַסימילאַציע בכלל, ווער פון אונז, וועלכער האָט געלעבט אין פוילן אין די צוואַנציק יאָר 1939־1919, האָט געקענט באַמערקן אַז אַסימילאַציע־פּראָצעס, וואָס זאָל האָבן אַנגענומען באַאומרואיקנדיקע פאָרמען? צי זענען געמישטע חתונות געווען אַ פּראָבלעם אין יידיש־פוילישן ישוב? צי האָבן די נישטיקע אַסימילאַטאָרן־גרופּעס, וועלכע האָבן וועגן־נישט־ווען און ערגעץ־וואו אַרויסגעשטעלט זייערע קאַנדידאַטן אין קהילה־וואַלן, אַנגעצויגן עפּעס אַן ערנסטע צאָל שטימעס? אַפילו די, וואָס האָבן געלייענט די יידישע טאָג־צייַטונגען, וועלכע זענען דערשינען אין פּויליש (פיר זענען זיי געווען אין גאַנץ פוילן, און אויך זיי האָבן זיך באַטראַכט ווי יידיש־נאַציאָנאַלע צייַטונגען), זענען געשטאַנען ווייַט פון דער אַסימילאַציע־שטרעמונג. דער רוב פון די דאָזיקע לייענער זענען געווען יידן, וועלכע האָבן זיך געוואָלט אייַנאיבן אין דער פּוילישער שפראַך. אין זייער אומווילן צומאָל צו שפּראַכלעכער אַסימילאַציע, האָבן יידן אין פוילן נישט אַרויס־געוויזן קיין ענטוזיאַזם אַפילו צו קענען פּויליש. דאָס איז אַ כאַראַקטעריסטיק, וועלכע לאָזט זיך אָנווענדן אויסשליסלעך לגבי פּוילישע יידן. אין שכנותדיקן רוסלאַנד אָדער אין אונגאַרן, למשל, האָבן יידן זיך אָנגעשטרענגט צו קענען די לאַנד־שפראַך; אין פוילן האָבן יידן גלייַכער געוואָלט, אַז זיי, און זייערע קינדער זאָלן קענען גוט רעדן — און טאַקע רעדן — יידיש.

קומען איצט צו גיין היסטאָריקער — גענויער איז צו זאָגן: אַזעלכע, וואָס באַטראַכטן זיך ווי היסטאָריקער — און גאַרטלען אונטער זייערע לענדן אָוועק־צונעמען דעם גלאַנץ פון דעם פּעריאָד צווישן די צוויי וועלט־מלחמות אין יידיש־פּוילישן ישוב. אַ בוך איז דערשינען אין ענגליש אונטערן נאָמען "די יידן פון פוילן צווישן די צוויי וועלט־מלחמות". אַ דיק בוך, פון אַ סך הונדערטער זייַטן. אין אים באַטייליקן זיך מיט זייערע אַרבעטן פּראָפעסאָרן, בעיקר פון דער העברע־אישער אוניווערסיטעט אין ירושלים. אויפן שער־בלאַט זענען אָנגעגעבן די נעמען פון די רעדאַקטאָרן פון דער אויסגאַבע: די פּראָפעסאָרן ישׂראל גוטמאַן, עזרא מענדעלסאָן, יהודה רײַנהאַרץ, חנא שמערוק. דאָס בוך איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך דער בראַנדייס־אוניווערסיטעט. די הקדמה איז געשריבן דורך פּראָפעסאָר מענדעלסאָן. שוין איר איבערשריפט, "לעגענדע און רעאַלקייט" ווינקט אָן, צו וואָס מען איז אויסן צו דערגיין אינעם בוך.

עס קומט אויס לויט מענדעלסאָנען, אַז אַ לעגענדע — מיטאָלאָגיע, אין זייַן לשון — האָט זיך אויסגעשפּינט אַרום דעם געשטאַלט פון פּוילישן יידנטום אין די צוויי יאָרצענדליקער צווישן די וועלט־מלחמות. זי שטייט אין שאַרפן קעגנזאַץ צו דערווירקלעכקייט. די אויפגאַבע פון די פאָרשער איז דעריבער אָנצווייַזן אויף

די ווידערשפּרוכן און סתירות. די ייִדישקייט, וואָס האָט אָנגעהאַלטן אין פּוילישן ייִדישן ישוב, איז קודם כּל געווען, באַשטימט מענדעלסאָן, אַ ירושה פֿון ייִדנטום פֿון אַמאָליקן רוסלאַנד און פֿון דער האַבסבורג־אימפּעריע (געמיינט עסטרײַך). אַט זענען אייניקע שורות פֿון דער הקדמה:

"צי זענען די יאָרן צווישן די מלחמות אין פּוילן געווען אַ גאָלדענער פּעריאָד?... אַ סך ייִדן באַטראַכטן די דאָזיקע תּקופה ווי אַ ליכטיקע צײַט פֿון ייִדישע דערגרייכונגען; ווען גרויסע אידעאָלאָגיעס און באַוועגונגען, וועלכע זענען געבוירן געוואָרן אין אַמאָליקן רוסלאַנד און אין דער האַבסבורג־אימפּעריע, האָבן געוואונען גרויסע מאַסן פֿון נאָכפֿאָלגער... פֿאַר די ציוניסטן איז דאָס געווען אַ פּעריאָד, ווען די ציוניסטישע באַוועגונג איז דערשינען ווי אַ גרויסער כּוח און דאָמינירט דאָס ייִדיש־פּאָליטישע לעבן אין פּוילן... פֿאַר די בונדיסטן איז דאָס געווען אַ פּעריאָד, ווען דער ייִדישער פּראָלעטאַריאַט אונטער דער בונדישער פֿירערשאַפֿט האָט געהאַלטן הויך די פֿאָן פֿון ייִדישע סאָציאַליזם... פֿאַר די ייִדישיסטן איז דאָס דער צײַטאַפּשניט, ווען ייִדיש און ייִדיש־קולטור האָבן געבליט... די העברעאיש־אָנהענגער זענען געווען שטאָלץ מיט די תּרבות־שולעס... פֿאַר אָרטאָדאָקסישע ייִדן איז דאָס געווען דער פּעריאָד, ווען חסידישע הויפֿן האָבן געהאַט אַ השפּעה, מאָדערנע אָרטאָדאָקסישע שולעס זענען געוואַקסן; אגודת ישׂראל, די פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע, האָט פֿאַרגעשטעלט מיט זיך אַ כּוח, מיט וועלכן מען האָט זיך געמוזט רעכענען"...

אָבער — ציט ווײַטער דער מחבר — "די דאָזיקע אַלע מיינונגען דאַרפֿן באַטראַכט ווערן מיט פֿאָרזיכטיקייט. ציוניזם איז געווען אַ שטאַרקע באַוועגונג, אָבער האָט ווײַט נישט "אײַנגענומען" דאָס פּוילישע ייִדנטום... ייִדישיסטישע און העברעאישע דערציִאונג־סיסטעמען האָבן נישט צוגעצויגן קיין גרויסע צאָל ייִדישע קינדער... פּויליש ייִדנטום האָט אין אַלגעמיין אַדורכגעמאַכט אַ באַדײַטפֿולן פּראָצעס פֿון פֿאַרפּוילישונג, וואָס האָט צעשטערט די עקסטראַוואַגאַנטע האָפֿענונגען פֿון די אויטאָנאָמיע־ריטער פֿאַר דער העברעאישער און ייִדישער קולטור... די אָרטאָדאָקסיע איז געווען אין ירידה... דער ייִדיש־פּוילישער ישוב איז געווען האָפֿענונגסלאָז צעריסן, און זיך געפֿונען אין אַ ביטערער מלחמה מיט זיך אַליין... עס איז געקומען די צײַט אַדורכצופֿירן אַ נײַע אָפּשאַצונג פֿון דאָזיקן פּעריאָד; אַן אָפּשאַצונג, וואָס איז נישט באַווירקט פֿון קיינעם, און רעווידירן די לעגענדעס, די מיטאָלאָגיעס, וועלכע זענען אַרויסגעשוואומען נאָכן נאַצי־חורבן וועגן די פּוילישע ייִדן צווישן די צוויי וועלט־מלחמות"...

מיר ברענגען בלויז עטלעכע זאַצן פֿון פּראָפֿעסאָר מענדעלסאָנס אַרײַנפֿיר. וויפֿל אומפּינקטלעכקייטן זענען אין זיי אָנגעזאַמלט; און וואָסער טענדענציעזער צוגאַנג עס שרײַט פֿון זיי אַרויס! לאָמיר אָנצייכענען לכל־הפּחות עטלעכע.

ערשטנס, איז דאָס ייִדנטום פֿון צאַרישן רוסלאַנד און פֿון דער האַבסבורג־

אימפּעריע — פון וועמען פּוילישע ייִדן האָבן מכּלומרשט איבערגענומען די גייַסטיקע ירושה — געווען ביזן סוף פון אַכצנטן יאָרהונדערט פּויליש ייִדנטום. ערשט דער פּאָליטישער פונאַנדערטייל פון פּוילן צווישן רוסלאַנד, עסטרייַך און פּרייַסן, האָט אָפּגעריסן פּוילישע ייִדן פון דער פּוילישער מדינה; הגם אויך אין משך פון נייַנצנטן יאָרהונדערט, האָט צווישן דער מערהייט פון די אָפּגעטיילטע קיבוצים אָנגעהאַלטן אַן ענגער גייַסטיקער קאָנטאַקט. דער פּאָליטישער צונויפטרעף האָט אויפגעלעבט נאָכן סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען פּוילן האָט צוריק געוואונען איר אומאָפּהענגיקייט. פאַרשטעלן די ייִדן פון וואָלין, פּאָדאָליע, גאַליציע, און פון שטיקער אוקראַינע און ליטע, אַזוי ווי זיי וואָלטן נישט געווען קיין פּוילישע ייִדן, איז, מילד גערעדט, אַ געשיכטלעכע אומפּינקטלעכקייט.

צווייטנס: רעדן וועגן אַ פאַרפּוילישונג־פּראָצעס אין פּוילישן ייִדנטום אין די יאָרן צווישן די צוויי וועלט־מלחמות, קען נאָר אייגער, וועלכער האָט זייער אַ שוואַכע אָנונג, ווי שטאַרק ייִדישקייט, אין אַלע אירע אויסדרוקן, האָט דאָן פּולסירט אין די ייִדישע מאַסן אין פּוילן. די גרויסע צאָל אידייאישע און פּאָליטישע באַוועגונגען, וואָס זענען געווען טעטיק אין דער ייִדישער געזעלשאַפט, זאָגן נישט עדות אויף אַן אָפּגעשוואַכטן אינטערעס פאַר ייִדישקייט און ייִדישע פּראָבלעמען. פאַרקערט. זיי באַווייַזן, ווי ערנסט מען האָט גענומען ייִדישע פּראָגעס, ייִדישן גורל, ייִדישן מאָרגן. דאָס פּוילישע ייִדנטום איז נישט געווען ״האָמאָגענוגסלאָז״ צעשפּאָלטן און צעשפּליטערט, און ווייַט נישט ״אין קריג מיט זיך אַליין״. פּוילישע ייִדן האָבן אין צייַטן פון אַנטשיידונג דעמאָנסטרירט גרויסע פּאָלקס־אַחדות, מער ווי יעדער אַנדערער ייִדישער ישוב האָט דאָס באַוויזן צו טאָן אין אונזער גאַנצער געשיכטע. נישט איינמאָל האָבן די עקסטרעמען פון ״בונד״ און פון דער ״אגודת ישׂראל״ זיך צונויפגעאייניקט אין קאַמף פאַר ייִדישע רעכט; און אָפילו פאַר פּרינציפּן פון דער ייִדישער טראַדיציע.

אין פּוילישן ייִדנטום איז געווען אָרט פאַר כּלערליי שטרעמונגען. אין קהילה־ראַט אין די שטעט און שטעטלעך זענען געזעסן פאַרשטייער פון אַלע פּאַרטייען און ריכטונגען; געווען ערטער און צייַטן, ווען ציוניסטישע רעפּרעזענטאַנטן האָבן געהאַט די מערהייט, און געווען קהילות, וואו די בונדיסטן זענען אַרויסגעקומען פון די וואַלן מיט אַ מערהייט, אָדער גאָר וואו די ״אגודת ישׂראל״ האָט אָפּגעהאַלטן אַ ניצחון. איבעריקנס, אויך אין די גייַסטיקע צענטערס, וועלכע האָבן עקזיסטירט פריִער ביי אונזער פאָלק, איז אַרויסגעטראָטן אַ פאַרשידנקייט פון שיטות, פון באַגריפן און אידייען. אין אַמאָליקן ארץ־ישׂראל, אין דער תּקופה פון צווייטן בית־המקדש, האָבן דריי קעגנגעזעצטע אידעאישע ריכטונגען אויסגעצויגן זייער אַקטיוו־קייט: פּרושים, צדוקים, איסיים. אין דעם גייַסטיקן צענטער אין שפּאַניע, אין מיטלאַלטער, איז אָנגעגאַנגען אַ שאַרפער געראַנגל צווישן די אַזוי־גערופענע ראַציאָנאַליסטן און די אָנהענגער פון דער לערע פון סוד. וויכּוח און פּאָלעמיק

זענען צונויפגעוואַקסן מיט ייִדישקייט זינט די טעג פון אונזער בראשית. און נאָך עטוואָס: ס'איז אַן אַבסורד צו באַשטימען, אַז די אָרטאָדאָקסיע האָט זיך געפונען אין ירידה. טראַדיציאָנעלע ייִדישקייט איז גראָד אין יענע יאָרן אין פּוילן דערגאַנגען צו נייַע דערגרייכונגען.

אַן אַבסורד איז אויך צו זאָגן, אַז דאָס פּוילישע ייִדנטום האָט דעמאָלט אַדורכגעמאַכט אַ פּראָצעס פון פּאַרפּוילישונג. בלויז די, וועלכע ווילן אַריינטייַטשן אין דער ייִדישער דערפאַרונג צווישן די צוויי וועלט־מלחמות אין פּוילן זייערע אַ פּאַראויסצוגערייטע טעזע, זענען מסוגל אַרויסצוקומען מיט אַזעלכע ווערטער. מען האָט געקענט אויסגיין געדיכט באַוואוינטע ייִדישע שטעט און שטעטלעך אין דער לענג און אין דער ברייט, און נישט באַגעגענען קיין שפּור פון וועלכער־עס־איז אַסימילאַציע. דווקא אין פּעריאָד 1939-1919 איז אויסגעוואַקסן אַ באַוואוסטזיניקע פאָלקס־אַנטשלאָסנקייט נישט צו דערלאָזן, אַז אַסימילאַציע, פּאַרפּוילישונג, אָדער יעדע אַנדערע אָפּפרעמדונג, זאָלן אַריבערטרעטן די שוועל פון ייִדיש־פּוילישן ישוב.

דעם פּראָצעס פון פּאַרפּוילישונג האָט אויך באַמערקט פּראָפעסאָר חנא שמערוק. ער שטעלט זיך דערויף אָפּ אין זיין פּאַרעפנטלעכטער אַרבעט. ער באַשטימט, אַז עס זענען געווען קלאָרע צייכנס "פון דער וואַקסנדיקער דערווייַטערונג פון דער ייִדישער יוגנט פון ייִדיש". ער שרייַבט: "די גרויסע דערגרייכונגען פון דער ליטעראַטור, טעאַטער און פּרעסע אין ייִדיש אין פּוילן האָבן נישט געקענט פאַר־זיכערן די צוקונפט פון דער דאָזיקער שפּראַך פּנים אל פּנים מיט די פּראָצעסן, אויף וועלכע אָט־דער קולטורעלער סיסטעם האָט נישט געהאַט קיין קאָנטראָל"...

מילא, אויב חנא שמערוק האָט דעם חשק זיך אָפּצוגעבן מיט נביאות־זאָגערייַען, איז דאָס זיין רעכט. אָבער ער דאַרף וויסן, אַז מיט געשיכטלעכער פאָרשונג האָט דאָס נביאות־זאָגן נישט קיין שייַכות. צו גאַנץ פאַרשידענע אויספירן איז מען דערגאַנגען, אויב מען האָט געאָטעמט מיטן פאָלק און אַדורכגענומען געוואָרן מיט דער כאַראַקטעריסטישער ייִדיש־פּוילישער פאָלקסטימלעכקייט. יעדנפאַלס, נביאות־זאָגערייַ איז ווייַט נישט קיין גענוגנדיקער יסוד פאַר אַדורכפירן "רעוויזיעס".

איידער די פּראָפעסאָרן איבערשאַצער זעצן פאַר זייער רעוויזיע פון דעם פּעריאָד צווישן די צוויי וועלט־מלחמות, וואָלט גלייַך געווען, ווען זיי זעצן זיך אוועק לערנען דעם אלף־בית פון דער ייִדישער געשיכטע אין פּוילן, און פאַרגעסן נישט אַראָפּצונעמען די טענדענציעזע ברילן, ווען זיי דערנענטערן זיך צום קאַפּיטל פון די לעצטע צוויי יאָרצענדליקער, בעת די האַק פון די רוצחים האָט זיך אויפ־געהויבן קעגן ייִדיש־שורשדיקן ישוב.

אויף אַן אַ שיעור אומגענויקייטן טרעפט מען זיך אָן אין דער ענציקלאָפּעדיע פון דעם נאַצי־חורבן, וואָס "יד ושם" האָט אַרויסגעגעבן אין העברעאיש און ענגליש. גראָד פון אַזאַ אינסטיטוציע ווי "יד ושם", וואָס האָט צו טאָן מיטן

גאַנצן פֿאָלק, איז געווען צו דערוואַרטן אַ מער גערעכטן און ערנסטן צוגאַנג צו אָט־דער טראַגישער תּקופֿה. לײדער, באַגעגנט מען דאָ כּסדר אומפֿינקטלעכקייטן; און וואָס עס איז נאָך שטאַרקער צו באַדויערן: אַ פּרימיטיוון, פּראָווינציאַנעלן ווילן אַרויסצוהויבן איין אידעאָלאָגיע איבער דער אַנדערער, איין פּאָליטישע ריכטונג איבער דער צווייטער.

פֿאַר אונדז ליגט די ענגלישע אויסגאַבע פֿון דער ענציקלאָפּעדיע. אַ פּיל־בענדיקע אויסגאַבע. נישט אויף אַלע אויסטערלישע זאַכן, וואָס מיר האָבן באַגעגנט דאָרט, זענען מיר בכּוח זיך אָפּצושטעלן אין אונזער קורצן איבערבליק. לאָמיר אָנווײַזן אויף עטלעכע. אין דער ענציקלאָפּעדיע פֿעלט אַ רובריק וועגן מיכאל קלעפּפֿיש. ווי אַן אינזשיניער, האָט מיכאל קלעפּפֿיש געהאַט גאָר אַ וויכטיקן אַנטייל אין צוגרייטן געווער צום אויפֿשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ; אין אויסאַרבעטן גראַנאַטן, באָמבעס, מינעס, אויפֿרײַס־פֿלעשער. ער איז באַטראַכט געוואָרן ווי דער הויפּט־זײַל פֿון אויפֿשטאַנד. ער איז געפֿאַלן אין צווייטן טאָג פֿון די קאַמפֿן. די פּוילישע גלות־רעגירונג אין לאָנדאָן האָט אים באַערט מיט דער העכסטער פּוילישער מיליטערישער אויסצייכענונג "ווירטוטי מיליטאַרי" פֿאַר זײַן מוט און העלדישקייט. אָבער אין די אויגן פֿון די רעדאַקטאָרן פֿון דער "יד ושם"־ענציקלאָפּעדיע האָט מיכאל קלעפּפֿיש פֿאַרמאָגט אַ גרויסן "חיסרון": ער איז געווען אַ מיטגליד פֿון "בונד". וואָס־זשע שפּילט דערבײַ אַ ראָל אַ געשיכטלעכער פֿאַקט? ווער מיר ריינער אמת? זאָל זיגן די פּאַרטייאישע ענגהאַרציקייט און קליינלעכקייט! פֿאַר מיכאל קלעפּפֿיש איז נישטאָ קיין רובריק אין דער ענציקלאָפּעדיע.

פֿון אַן ענלעכן "חיסרון" האָט געליטן ר' מנחם זעמבאַ, דער לעצטער גרויסער תּלמודישער גאון פֿון פּוילישן ייִדנטום; אַ פֿירנדיקע פּערזענלעכקייט אין די חורבן־יאָרן. צו זײַן וואָרט האָט מען זיך צוגעהערט מיט טיפֿן יראת־הכּבֿוד ערבֿ דעם געטאָ־אויפֿשטאַנד: ער האָט זיך נישט געפֿונען אין די רייען פֿון אַ באַוועגונג, וואָס זאָל זײַן ליב און ניחא די ענציקלאָפּעדיע־רעדאַקטאָרן. ער איז געווען אַ מיטגליד פֿון "אגודת ישׂראל". ווער איז ער דעריבער, אַז מען זאָל אים אָפּגעבן אַ רובריק?

אין דער ענציקלאָפּעדיע איז נישט אָפּגעגעבן קיין פּלאַץ פֿאַרן "בונד", פֿאַר דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע פֿון "בונד", פֿאַר "אגודת ישׂראל" און פֿאַר איר אַרבעטער־יוגנט, פֿאַר דער רעליגיעזער טעטיקייט, וואָס איז אָנגעגאַנגען אין די געטאָס, פֿאַר די רעליגיעזע עסקנים, וועלכע זענען געווען אַקטיוו אין יענער פֿינסטערער צײַט: ר' אלכּסנדר זושא פֿרידמאַן, ר' אליעזר גרשון פֿרידענזאָן און אַנדערע, פֿאַר די חסידישע צדיקים, וועלכע האָבן געווירקט אין דער אומהיימלעכער תּקופֿה, ווי למשל דער פּיאַסעטשנער רבי ר' קלונימוס שאַפּיראָ, דער ראַדזינער רבי ר' שמואל שלמה לײַנער. דעם לעצטן האָט געשילדערט אויף אַ רירנדיקן אופֿן יצחק קאַצענעל־סאָן אין זײַן פּאָעמע "דאָס ליד וועגן ראַדזינער". די ענציקלאָפּעדיע באַשעפֿטיקט זיך אויך נישט מיט חבֿר בערנאַרד (גאָלדשטיין); אַ שיער־נישט לעגענדאַרע גע־

שטאָלט אין דער נײַצײַטיקער געשיכטע פון פּוילישן ייִדנטום, דער פירער פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע פון "בונד". ייִדישע מאַרטירערשאַפט, אויסשטראַלונגען פון קידוש־השם, זענען אונטערגעוואָרפן דעם פּאַרטיי־סטעמפּל.

אין דער משפּחה פונעם שרײַבער פון די שורות האָבן זיך צונויפגעאייניקט דער "בונד" און דאָס טראַדיציאָנעלע ייִדנטום. מיכאל קלעפּפיש, אַ געשוועסטער־קינד, איז געווען אַ פירער פון דער יוגנט־באַוועגונג פון "בונד". יצחק מרדכי קלעפּפיש, אַ ברודער, איז געווען שטרענג־רעליגיעז. אַזאַ איז געווען דאָס פּוילישע ייִדנטום. פאַרצווײַגט, פילפאַרביק.ביידע זענען געפאַלן אין די קאַמפן אין געטאָ אין וואַרשע. די פאָרשער־פּראָפעסאָרן קענען אַזאַ אייניקייט בײַ דער גאַנצער קעגנזעצלעכקייט פון אידייען, נישט באַגרײַפן. דאָס שטײַגט איבער זייער באַנעם, זייער אינטעלעקטועלע און סאָציאַלע וויזיע.

נישטאָ אויך קיין אָרט אין דער ענציקלאָפּעדיע פאַר די ייִדישע זעלנער אין דער פּוילישער גלות־אַרמיי אויפן מערב־פראָנט. זיי האָבן זיך באַטייליקט, צוזאַמען מיט די אַליאירטע אַרמייען, אין דער אינוואַזיע פון נאָרמאַנדיע, און אויפן פראָנט אין איטאַליע. זיי האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער גבֿורה און זייערע העלדן־טאַטן. זיי זענען אויך געווען אַקטיוו אין טראָגן הילף צו די באַפרײַטע ייִדן פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן. זייערע רעשטן זענען צעשאָטן אויף די מיליטערישע בית־עלמינס אין מערב־אייראָפּע. ווידער די זעלבע מעשה: זיי האָבן מיט זיך נישט געטראָגן די נויטיקע און "באַפרידיקנדיקע" פּאַרטיי־לעגיטימאַציע. פאַרשטייט זיך, אַז מען האָט איבער זיי אַריבערגעהיפּערט אין דער ענציקלאָפּעדיע.

אַ פּאָר באַמערקונגען וועגן נאָך אַ בוך, וואָס דער "יד ושם" האָט אַרויסגעלאָזט: אַן ענציקלאָפּעדיע פון די פאַרשניטענע קהילות אין פּוילן. אין העברעאיש. פאַר אונדז ליגט דער באַנד, וועלכער איז געווידמעט וואַרשע.

ווידער אומגענויקייטן. ווידער טענדענציעזער צוגאַנג. גראָד איז אונדזער אויג געפאַלן אויף די זײַטן, וועלכע זענען אָוועקגעגעבן פאַר דער ייִדישער פּרעסע אין וואַרשע. ווי גרויסע ייִדישע צײַטונגען ווערן דערמאָנט דער "הײַנט" און "דער מאָמענט". אָבער עס זענען דאָך געווען נאָך אַנדערע צוויי צײַטונגען, וועלכע פאַרדינען זיכער גערעכנט צו ווערן ווי גרויסע: די "פאָלקסצײַטונג", די טעגלעכע צײַטונג פון "בונד", און "דאָס ייִדישע טאָגבלאַט", די טאָג־צײַטונג פון אָרטאָדאָקסישן ייִדנטום. נישט אָט־די צײַטונגען, וועלכע זענען דערשינען לאַנגע יאָרן, נישט זייערע מיטאַרבעטער, זענען פאַר די רעדאַקטאָרן וויכטיק, כּדי זיך מיט זיי צו באַשעפטיקן.

עס ווערן יאָ דערמאָנט מיטאַרבעטער פון די אַנדערע צײַטונגען, אָבער מיט שרעקלעכע אומגענויקייטן: נתן שוואַלבע פיגורירט ווי יוליוס שוואַלבע; ש. י. יאַצקאַן קומט אַרויס מיט אַ פאַרדרייטן נאָמען; יצחק שיפּער דערשײַנט ווי א.

שיפער; אהרן איינהאָרן איז אָנגעגעבן ווי רעדאַקטאָר פון "היינט" הגם ער איז דאָס נישט געווען. וועגן ב. יאושזאָן (משה יוסטמאַן) ווערט געזאָגט, אַז ער האָט געשריבן פעליעטאָנען וועגן דער פרשה פון דער וואָך, הגם ער האָט גאָר געשריבן פעליעטאָנען אויף אַלגעמיינע טעמעס, און צו דער פרשה פון דער וואָך האָט ער געשריבן פירושים, קאָמענטאַרן (אויפן חומש שרייַבט מען נישט קיין פעליע־טאָנען)... דאָס זענען נאָר אייניקע פון די אומפּינקטלעכקייטן, וועלכע וואַרפן זיך אין אויג אין איין צופעליק־אַרויסגעכאַפּטער אָפּטיילונג.

הקיצור, חשובע פּראָפעסאָרן, ענציקלאָפּעדיע־רעדאַקטאָרן, פאַרשער־איבער־שאַצער: גוט וועט איר טאָן, אויב איר וועט זיך אָנועקזעצן לערנען דעם אַלף־בית פון דער ייִדישער געשיכטע אין פוילן.

## אומגערעכטער צוגאַנג צו מזרח־אייראָפּעאישער ייִדישער קולטור

מען קען נישט פֿאַרמאַכן דערויף די אויגן: עס איז נאָך נישט אַריבער קיין האַלבער יאָרהונדערט זינט די מזרח־אייראָפּעאישע ייִדישע קולטור איז פֿאַרשניטן געוואָרן, און שוין הערט מען אויף צו ריידן און שרײַבן וועגן איר. זי האָט אויפֿגעהערט צו זײַן אַ ״טעמע״. אויסער אין באַשטימטע ספֿערן, שטאַרק־באַגרענעצטע, וואָס די פֿאַרטיליקטע קולטור איז זיי טיף אײַנגעבאַקן אין האַרץ, וועקט זי נישט מער קיין אינטערעס. מען טרעפֿט זיך אָן אויף אַ בפֿירושן אומווילן זי צו דערמאָנען. ווי אַ ״טשודאַק״, נישט צום היילן, ווערט באַטראַכט דער, וועלכער האַלט זיך אָן אין זײַן אײַנגעשפּאַרטקייט, און קערט זיך כּסדר אום צו דעם מזרח־אייראָפּעאישן רומפֿולן קאַפּיטל אין אונזער ייִדישער געשיכטע.

דאָס קומט אויס נאָך מער אויסטערליש, ווען מען פֿאַרגלײַכט אָט־די גלײַכגילטיקייט לגבי דער נאָך מיט אַ קורצער צײַט צוריק בלײַענדיקער קולטור, מיט דעם שטייגער, ווי אַזוי עס זענען באַהאַנדלט געוואָרן פֿאַרשניטענע ייִדישע קולטורן פֿון אַנדערע לענדער אין די פֿאַרגאַנגענע תּקופֿות. אָט, למשל, דערמאָנען מיר דעם פֿינף־הונדערטסטן יאָר זינט ייִדן זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן פֿון שפּאַניע. אין אַלע ערטער, וואוהין די פֿאַרטריבענע ייִדן זענען דערגאַנגען, האָט מען, אין משך פֿון לאַנגע יאָרהונדערטער, אויפֿגעהיטן די סענטימענטן פֿון ליבשאַפֿט און נאָסטאַלגיע צו די קולטור־ווערטן, וואָס זענען אויסגעוואַקסן אין דער אַלטער צעשטערטער היים; אָנשטרענגענדיק זיך איבערצוגעבן זיי, נישט בלויז צו די קינדער און קינדס־קינדער, נאָר אויך אויפֿצוּוויקלען זייער אומפֿאַרגענגלעכע חשיבֿות אין דער סבֿיבֿה, אין וועלכער מען איז אַרײַנגעוואָרפֿן געוואָרן. מ׳האָט די ליבשאַפֿט מיטגענומען מיט זיך קיין טערקיי, וואו אַ טייל פּליטים האָבן געפֿונען אַ האַפֿן. מ׳האָט די סענטימענטן געפֿירט מיט זיך קיין ארץ־ישׂראל, צו די הויכקייטן פֿון גליל, וואו עס איז אויפֿגעשטאַנען אין צפֿת אַ ישוב פֿון די היימלאָזע. דאָס ברענגען מיט זיך דעם יחוס פֿון ספֿרד, און דאָס אויפֿהיטן באַשטאַנדטיילן פֿון דער ספֿרדישער קולטור־ירושה, האָט צוגעגעבן וויכטיקייט דער אייגענער פּערזאָן; דער משפּחה,

צו וועלכער מען האָט זיך פֿאַררעכנט; דער גרופּע, פֿון וועלכער מען איז אַרויס־געקומען. אונטערשרײַבן זיך "ספרדי טהור" (ריינער ספרדי) — אָדער אין דער פֿאַרקירצונג: ס"ט — איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ גרויסער כּבוד. אַ קלייניקייט: טאָקע זײַן זיכער, און קענען פֿאַרזיכערן, אַז מען איז אַ "ריינער" אָפּשטאַמיקער פֿון יענעם טייל פֿאָלק, וואָס האָט אַמאָל געלעבט אין ספרד־שפּאַניע! מענטשן פֿון פֿאָלק, ווי אויך ערודיטן און קינסטלער, האָבן מקפּיד געווען אָט אַזוי אונטער־צושרײַבן זייערע בריוו אָדער ווערק. דער רמב"ם צווישן זיי.

דורך לאַנגע תּקופֿות האָט מען אַפֿילו געטראָגן אַ רירנדיקע לאָיאַלקייט צו דער שפּראַך, וואָס די עלטערן, אָדער גאָר אור־עלטערן, האָבן גערעדט אין שפּאַניע. לאַדינאָ — דער דיאַלעקט, מיט וועלכן אַ שפּאַרער טייל פֿון די אָפּשטאַמיקע פֿון די ייִדן, וועלכע זענען פֿאַרטריבן געוואָרן פֿון איבערישן האַלב־אינזל, באַנוצן זיך נאָך עד היום — איז בעצם אויסגעהאָדעוועט און אויסגעצערטלט געוואָרן ערשט נאָך דעם גירוש. די צוגעבונדנקייט צו די דויערנדיקע גײַסטיקע עלעמענטן, וואָס דער נעכטן האָט אַרײַנגעטראָגן, איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז מען האָט, אין דער היימ־לאָזיקייט, אַרײַנגעפּלאָכטן אין דער שפּאַנישער שפּראַך, וואָס מען האָט נישט פֿאַרגעסן (און נישט געוואָלט פֿאַרגעסן) באַגריפֿן פֿון העברעאיש, צומישנדיק אויך ווערטער פֿון די לשונות פֿון די לענדער, אין וועלכע מ'האָט זיך באַזעצט. אַזוי אַרום איז אַנטשטאַנען דער לאַדינאָ. נאָך הײַנט, פֿינף הונדערט יאָר שפּעטער, איז דאָס נישט קיין אינגאַנצן־פֿאַרשוואונדענער דיאַלעקט. אין ארץ־ישׂראל און אויך אין אַנדערע מקומות, וואו עס וואוינען אָפּשטאַמיקע פֿון די אָפּגעראַטעוועטע פֿון דער שפּאַנישער אינקוויזיציע, דערשײַנען צײַטונגען און זשורנאַלן אין לאַדינאָ, און אין דעם אָפֿיציעלן ראַדיאָ פֿון מדינת ישׂראל ווערט יעדן טאָג געגעבן אַ פּראָגראַם פֿון נײַעס אין אָט־דעם דיאַלעקט. אַ באַווײַז, אַז עס זענען פֿאַראַן צוהערער, וואָס די קלאַנגען פֿון שפּאַנישן לשון זענען זיי נאָך אַלץ נאָענט, היימיש און טײַער.

עס איז נישט מעגלעך צו דערקלערן די דאָזיקע דערשײַנונג מיטן ענטפֿער, וואָס ווערט געוויינלעך געגעבן, אַז דערפֿאַר ווערט אַנגעהאַלטן אין משך פֿון דורות דער סענטימענט לגבי דער ייִדישער קולטור, וואָס האָט געבליט אין שפּאַניע, ווײַל דאָרט איז ייִדן גוט דערגאַנגען, האָבן זיי אַרויסגעפֿירט פֿון דאָרט בלויז אַנגענעמע זכרונות. עס הייבט זיך נישט אָן! אויך פֿינסטערע שאָטנס האָבן זיך אויסגעשפּרייט אויפֿן ייִדישן לעבן אין שפּאַניע; און נישט דווקא ווען דער בלאָט פֿון דער ייִדישער געשיכטע האָט זיך דאָרט געהאַלטן בײַ שליסן, און זיך פֿאַרמאַכט. ייִדן האָבן צוזאַמען מיטן ביסל פֿרייד און נחת, פֿון וועלכן זיי האָבן גענאָסן, אַדורכגעמאַכט אויף דער שפּאַנישער ערד געגנוג שווערע צײַטן. אַנפֿאַלן, גזירות, רדיפֿות, און אַפֿילו מאַסן־פּאָגראָמען (הגם אָט־דער אויסדרוק איז נאָך דעמאָלט נישט געווען אין באַנוץ) זענען געווען אַן אָפּטע דערשײַנונג. אין סאַמע אָנהייב און אין מיטן פֿון "גאָלדענעם פּעריאָד", האָבן נישט געפֿעלט קיין געמיינע און רשעותדיקע אַנטי־

ייִדישע אַרויסטריטן. שוין אין עלפטן יאָרהונדערט, ווען עס האָט נאָך אייגנטלעך געדויערט דער פריִער האָניק־סעזאָן, איז דער וויזיר יהוסף — דער זון פון איינעם פון די ערשטע באַרימטע ייִדישע מלוכה־מענער פון שפּאַניע, שמואל הנגיד — דערהרגעט געוואָרן דורכן צעווילדעוועטן המון. צוזאַמען מיט אים זענען אומגעקומען אין די אַנטי־ייִדישע עקסצעסן נאָך אַנדערע מיטגלידער פון דער קהילה אין גראַנאַדאַ.

ר׳ שלמה איבן גבירול, איינגעגלידערט אין דער קולטור פון אַרום און איר אומשטערבלעכער רעפּרעזענטאַנט, האָט פונדעסטוועגן זיך געקלאָגט אויפן ביטערן ייִדישן גורל אין שפּאַניע. ״מײַן פאָלק״ — האָט געשריבן דער גרויסער פּאָעט פון מאַלאַגאַ — ״איז געוואָרן פאַרקויפט צו פרעמדע, און קיינער וויל צומאָל נישט קויפן מײַן פאָלק״... ר׳ יהודה הלוי, וואָס זײַנע פאַרדינסטן פאַר דער שפּאַנישער ציוויליזאַציע זענען פילצאָליקע און פילזײַטיקע, האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט פון באַשטימען, אַז סײַ די מוסולמענער — אין ר׳ יהודה הלויס שאַפונגען פיגורירן זיי ווי ״ישמעאל״ — און סײַ די קריסטן — וועלכע ווערן דורך אים באַצייכנט ווי ״אדום״ — האַסן און פאַרפאָלגן די ייִדישע באַפעלקערונג. וועגן אַ פרידלעכן צונויפלעבן קען מען נאָר חלומען, וואָרום אין דערווירקלעכקייט עקזיסטירט דאָס נישט.

ייִדן זענען אַרײַנגעצויגן געוואָרן, קעגן זייער ווילן, אין וויכּוחים מיט די קאַטוילישע גײַסטלעכע איבער דער ריכטיקייט פון די רעליגיעזע יסודות; און זיי זענען געצוואונגען געוואָרן צו פאַרשפּילן אין די באַליידיקנדיקע דיספּוטן. וואָרום, אַז אַך און וויי איז געווען צום גאַנצן ישוב אויב, חלילה, דער ייִדישער צד האָט זיך אַרויסגעהויבן מיט זײַנע אַרגומענטן. ר׳ משה בן נחמן — דער רמב״ן — האָט נאָך אַזאַ דעבאַטע, וואָס איז אויף אים אַרויפגעצוואונגען געוואָרן, געמוזט אַנטלויפן פון באַרצעלאָנאַ, ווײַל זײַן לעבן איז געשטאַנען אין געפאַר. די גאַנצע קהילה איז געווען באַדראָט.

מען זוכט כּלערליי אויסריידן פאַר דעם וואַנדער־לעבן, וואָס ר׳ אַברהם אבן־עזרא האָט געפירט. ער האָט געוואָגלט פון לאַנד צו לאַנד. ווער ווייסט, צי זײַן כּסדרדיקער אומרו האָט זיך נישט גענומען אויך אַ שטיק דערפון, ווײַל ער האָט מער נישט געקענט פאַרטראָגן די אַטמאָספער פון אַנטי־ייִדישע העצעס, וואָס האָט אָנגעהאַלטן אין זײַן היימלאַנד. אים האָט געיאָגט און געטריבן די אילוזיע, אַז אפשר ערגעץ־אַנדערש וועט זײַן לייכטער פאַר אַ ייִד צו עטעמען.

וועגן רמב״ם ווייסט מען גאַנץ גענוי, אַז ווען ער איז נאָך געווען אין אַ גאַר יונגן עלטער, האָבן זײַנע עלטערן געמוזט נעמען דעם וואַנדערשטעקן אין האַנט, און צוזאַמען מיט זייערע קינדער פאַרלאָזן קאָרדאָבאַ, און זוכן שוץ אין פרעמדע ווינקלען.

מיטן לויף פון די יאָרן, איז דער ייִדישער מצב געוואָרן אַלץ ערגער. דאָס,

וואָס האָט פּאַסירט אין יאָר 1391 אין סעוויל, וועקט גרויל און שוידער. דער המון, מיט דער ברכה פון דער קירך און אונטערשטיצונג פון די אָפיציעלע ספערן, האָט געמאָרדעט, געשענדעט, גערויבט, פאַרשוועכט. מ'האָט די רציחות אַדורכגעפירט מיט מער פּרימיטיווע מיטלען, ווי מען האָט דאָס געטאָן אין אונזער יאָרהונדערט, אין דער נאַצי־תקופה; נישט, חלילה, צוליב רחמנות, נאָר ווייל דעמאָלט, אין מיטלאַלטער, איז די ציוויליזאַציע נאָך געווען צוריקגעשטאַנען, און די מאָרד־טעכניק האָט נישט דערגרייכט צו דעם מאָדערנעם "פאָרשריט". פון סעוויל האָט די פלייצנדיקע רציחות־כוואַליע זיך איבערגעטראָגן אויפן גאַנצן לאַנד. עס זענען פאַרבליבן כראָניק־פאַרצייכענונגען פון די שחיטות, וואָס ציטערן אויף מיט זייער שוידער. ר' חיסדאי קרעסקאַס, דער דענקער און גייַסטיקער מנהיג, וואָס האָט מיטגעמאַכט דעם פּייַן, גיט איבער עטלעכע פּרטים פון דער אויפטרייסלענדיקער טראַגעדיע אין אַ בריוו, וועלכן ער האָט געשיקט צו דער קהילה אין אַוויניאָן. צווישן די קדושים, שרייַבט ער, האָט ער פאַרלוירן אויך זייַן אייניציקן זון. "אַ בן יחיד... ער איז אומגעברענגט געוואָרן ווי אַ קרבן־עולה אויפן מזבח"...

ערשט דער שפּעטערדיקער יאָרהונדערט, דער פופצנטער, וועלכער האָט זיך פאַרענדיקט מיטן גירוש! דאָס איז איינער פון די גרויליקסטע יאָרהונדערטער אין די מאַרטירער־דערפאַרונגען פון אונזער פאָלק. מ'האָט אַרויסגעטריבן די ייִדישע באַפעלקערונג, וויסנדיק גאַנץ גוט, אַז ייִדן האָבן נישט וואוהין צו גיין, וואָרום די לענדער האָבן געהאַלטן פאַר זיי פאַרמאַכט די טויערן. מען רעכנט, אַז די צאָל פון די פאַרטריבענע איז דערגאַנגען ביז דרייַ הונדערט טויזנט. אַ סך זענען אין דער אויסזיכטלאָזער בלאָנקעניש אויסגעגאַנגען פון הונגער, פון דאָרשט, פון קעלט. אַנדערע זענען פאַרצוקט געוואָרן פון חיות רעות, דערטרונקען געוואָרן אין די ימים. גרויס איז געווען די צאָל פון די, וועלכע זענען אַרייַנגעפאַלן אין די הענט פון פּיראַטן און כּלערליי גזלנים, באַרויבט געוואָרן, און דערנאָך האָט מען זיי פאַרקויפט פאַר שקלאַפן אָדער סתּם זיך "לוסטיק געמאַכט" איבער זיי, און זיי אַרייַנגעוואָרפן אין די שטורמישע וואַסערן.

אָט זענען עטלעכע שורות פון דער באַשרייַבונג פון ר' יצחק אַבּרבנאל, דער לעצטער פון די גייַסטיקע ריזן פון שפּאַנישן ייִדנטום, וועלכער האָט זיך געפונען צווישן די אומגליקלעכע. עס זאָגט זיך אין זיי: "איך האָב זיי געזען, די קינדער פון ישׂראל אין זייער יאוש און האָפענונגסלאָזיקייט. איך האָב זיי געזען, ווי זיי האָבן געקלעטערט צו די הויכקייטן פון די בערג, כּדי זיך צו באַשיצן פון די ווילדע אָנפאַלן"...

פאַרבלייַבן אין שפּאַניע האָט באַדייַט: אונטערגעבן זיך דעם צוואַנג אָנצונעמען די קריסטלעכע רעליגיע, און אין בעסטן פאַל פירן דאָס טאָפּלטע, אַנגסט־פולע לעבן פון מאַראַנען; אין סך־הכּל — זייַן אויסגעשטעלט צו פאַרענדיקן ווי אַ קרבן פון דער מורא־אָנוואַרפנדיקער אינקוויזיציע; פאַרברענט ווערן אין אירע

פלאַמען. ווי רירנדיק און אַדורכנעמענדיק איז דער וויי־געשריי, וואָס עס האָט דעמאָלט אַרויסגעלאָזט ר׳ מנשה בן ישראל, אַ דענקער און כּלל־טוער פון יענע שווער־געפּרוּווטע דורות: ״ווי געשריען, אין וואָסער שרעקלעכן אָפּגרונט פון שלעכטס און בייזוויליקייט אונזערע שונאים זענען אַראָפּגעזונקען!״...

ניין. נישט דווקא זיסע דעראינערונגען האָבן מיטגענומען מיט זיך די, וועלכע האָבן באַוויזן זיך אָפּצוראַטעווען און זיך דערשלאָגן צו זיכערע ברעגן. בלויז געציילטע פון זייערע שפּאַנישע שכנים האָבן אַרויסגעוויזן מיטגעפיל צו די פאַר־פאָלגטע און געפּייַניקטע. די גרויסע מערהייט האָט וואָס גיכער געוואָלט פּטור ווערן פון די ״כּודיאָס״, פון די ייִדן, וועלכע האָבן אַזוי פיל בייַגעטראָגן צום וואוקס פון לאַנד. מ׳איז געווען פאַראינטערעסירט אָוועקצונעמען ביי ייִדן זייערע הייַזער, זייערע וואוינונגען, זייערע פאַרמעגנס.

און פאַרט — האָבן נישט די געליטענע, נישט די שפּעטערדיקע דורות, אויס־געמעקט די ייִדישע דערפאַרונג אויף דער שפּאַנישער ערד פון זייער הארץ; נישט מסכּים געווען זי אויסצומעקן. מ׳האָט געטראָגן מיט שטאָלץ דעם ייִדיש־שפּאַנישן יחוס. מ׳האָט אייַנגעקריצט אין זכּרון דאָס פּאָזיטיווע; די ליכטיקע פּעריאָדן; און מ׳האָט איבערגעגעבן פון דור צו דור די גלאָריע פון דער ייִדישער גייַסטיקייט, וואָס איז דאָרט אויפגעגאַנגען.

וואָס שייַך פּוילן — און מיר שטעלן זיך אָפּ בעיקר אויפן ייִדיש־פּוילישן געשיכטלעכן קאַפּיטל, ווייַל פון אַלע לענדער אין מזרח־אייראָפּע, איז אין פּוילן אָנגעגאַנגען אין משך פון טויזנט יאָר, אַן איבעררייס, אַ ייִדיש לעבן, און דאָרט האָט זיך קאָנצענטרירט די צאָלרייַכסטע ייִדישע באַפעלקערונג — צי איז טאַקע דאָרט אַלץ געווען שוואַרץ? צי פאַרדינט נישט די ייִדישע קולטור, וואָס איז דאָרט אויס־געוואַקסן, צו דער וואַרעמער באַציאונג, וואָס אָפּשטאַמיקע פון שפּאַנישן ייִדנטום, ווייַזן אַרויס לגבי דער ייִדיש־שפּאַנישער?

איבערגייענדיק צו דער ייִדישער טויזנטיאָריקער דערפאַרונג אין פּוילן, מוז געזאָגט ווערן, אַז נישט אַלע מאָל האָט דאָרט די שׂנאה צו ייִדן פאַרסמט די מוחות און די הערצער. עס זענען געווען פאַרשידענע צייַטן. גראָד ווען אין אַזויפיל אייראָפּעאישע לענדער האָבן ייִדן אַדורכגעמאַכט ביטערע און שווערע תּקופות, האָט אין פּוילן אָנגעהאַלטן אַ טאָלעראַנץ. פּוילישע פירשטן און קעניגן האָבן געעפנט די טויערן פאַר ייִדן, ווען זיי זענען געלאָפן פון מערב־אייראָפּע זוכנדיק אַ היים. דער פירשט באָלעסלאַוו דער פרומער, אין דרייַצנטן יאָרהונדערט, האָט אַרויס־געגעבן אַ דעקרעט — דער אַזוי־גערופענער ״קאַלישער סטאַטוט״ — וועלכער דאַרף באַטראַכט ווערן ווי דער סאַמע ייִדן־פּרייַנטלעכסטער פון יענער צייַט. דאָרט איז אַרויפגעלייגט געוואָרן דער חוב צו באַשיצן אַ ייִד, אויף ווען מען פאַלט אָן, נישט בלויז אויף דער מאַכט, נאָר אויך אויף די קריסטלעכע שכנים. די, וועלכע

קוקן זיך צו גלייַכגילטיק — ווערט דאָרט געזאָגט — בעת אַן אָנפֿאַל אויף אַ ייִד, וועלן ווערן שטרענג באַשטראָפֿט, וואָרום ווען אַ ייִד רופֿט נאָך הילף, טאָר מען נישט בלייַבן שטיין פֿונדערווייַטנס... אַן אַנדער פּאַראַגראַף דערקלערט, אַז אַן אָנקלאָגע פֿון אַ קריסט קעגן אַ ייִד קען נאָר דעמאָלט גענומען ווערן אין באַטראַכט, ווען צוגלייַך מיטן קריסטלעכן עדות טרעט אויף אַרויס אַ ייִדישער עדות... פֿאַר וואָרפֿן שטיינער אויף אַ שול דערוואַרט אַ שווערע שטראָף... אייַנער פֿון די וויכטיקסטע פּאַראַגראַפֿן פֿאַרווערט אַרויסצוקומען מיט בלוט־בילבולים קעגן ייִדן...

די דאָזיקע פֿאַראָרדענונגען זענען באַשטעטיקט, און אַפֿילו אויסגעברייטערט געוואָרן עטלעכע יאָרצענדליק שפּעטער דורך דעם קעניג קאַזימיר דעם גרויסן. אויך אין די שפּעטערדיקע צייַטן זענען געווען קעניגן און פּירשטן, וועלכע האָבן זיך באַצויגן מיט פֿרייַנטשאַפֿט צו דער ייִדישער באַפֿעלקערונג. דאָס זעלבע לאָזט זיך זאָגן וועגן מענטשן פֿון פֿאָלק, סייַ פֿון די העכערע סאָציאַלע שיכטן, סייַ פֿון די נידעריקע.

נאַטירלעך זענען געווען סיבות פֿאַר אָט־דער טאָלעראַנטער באַציאונג. מ׳האָט געוואָלט, אַז ייִדן זאָלן אַרייַנדרינגען מיט זייער איניציאַטיוו און ענערגיע אין דער ווירטשאַפֿט, אויפֿלעבן דאָס לאַנד. מ׳האָט שטאַרק אָפּגעשאַצט זייערע קענטענישן און וויסן. ייִדן האָבן אַרייַנגעבררענגט באַוועגונג אין מסחר, אַנטוויקלט די גרובנס, פֿאַרלייגט מלאכה־וואַרשטאַטן. כמעט אַלע פּוילישע קעניגן האָבן געהאַט ייִדישע מעדיקער אויף זייערע הויפֿן. די פּראָטעסטן פֿון קאַטוילישן קלער האָבן ווייניק וואָס געהאָלפֿן. ביז דעם סאַמע לעצטן פּוילישן קעניג, איז דער ייִדישער דאָקטאָר געווען דער, וועלכער האָט געהיילט די פּוילישע הערשער, זייערע פֿאַמיליעס, און אויך די מערהייט פֿון דער ״שלאַכטע״, די מאַגנאַטן, אין פֿאַל פֿון קראַנקייטן.

ווי ווייטיקלעך עס זאָל זיך נישט האָבן אייַנגעקריצט אין אונזער זכּרון דער בושעוועדיקער פּוילישער אַנטיסעמיטיזם, וואָס האָט אָנגענומען אַזעלכע אומ־היימלעכע פֿאָרמען צווישן די צוויי וועלט־מלחמות און אונטער דער נאַצי־אָקופּאַציע, לאָזט זיך נישט פֿאַרלייקענען, אַז די פּוילישע אויטאָריטעטן האָבן דערמעגלעכט אַ קהילה־טעטיקייט, וואָס האָט קוים אַ גלייַכן צו זיך, און אַ דערציאונג־אַקטיווקייט, אין וועלכער יעדע אידייען־שטרעמונג האָט געקענט קומען צום אויסדרוק. ייִדישע אויטאָנאָמיע אין פּוילן האָט אַן אַלטע טראַדיציע. שמעון דובנאָוו האָט זי באַטראַכט ווי דאָס גרויסע גלות־וואונדער. דער כראָניקער פֿון פּוילישן ייִדנטום אין זיבעצנטן יאָרהונדערט, ר׳ נתן נטע האַנאָווער, האָט אין איר געזען אַן אָפּשייַן פֿון דער פּראַכט פֿון דער ייִדישער זעלבשטענדיקייט אַמאָליקע צייַטן אין ארץ־ישׂראל.

זאָל אויך אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז ביי אַלע גזירות, וואָס זענען אַרויס־געגעבן געוואָרן אין לויף פֿון די יאָרהונדערטער קעגן דער ייִדישער באַפֿעלקערונג, איז דאָרט קיין אַלגעמיינער גירוש־דעקרעט אין קיין שום צייַט נישט דערשינען, אַזוי ווי דאָס איז געווען דער פֿאַל אין פֿראַנקרייַך, אין ענגלאַנד, אין שפּאַניע און

אין באַדײַטנדיקע טיילן פון דײַטשלאַנד; די פוילישע ליטעראַטור, נישט געקוקט דערויף, וואָס אויך אין איר זענען געווען גיפט־מישער און העצער, איז די ייִדן־פרײַנדלעכסטע ליטעראַטור אין אייראָפּע. פאַראַן, און געווען, פוילישע אינטע־לעקטואַלן, וואָס קענען שטיין אין סאַמע אויבנאָן פון די איבערגעגעבענע ידידים פון אונזער פאָלק. איבער דער דערציילערין עליזאַ אָזשעשקאָוואַ האָבן סײַ נחום סאָקאָלאָוו, און סײַ בעל־מחשבות, זיך אויסגעדריקט, אַז זי שרײַבט גלײַך ווי זי וואָלט געווען אַ ייִדישע פרוי. נחום סאָקאָלאָוו האָט איבער איר פאַרעפנטלעכט אַ בפּרטותדיקע אָפּהאַנדלונג אין דער העברעאישער צײַטשריפט ״השילוח״, אַרויס־ברענגענדיק איר טיפן הומאַניזם. בעל־מחשבות האָט געשריבן אַן אַרײַנפיר צו דער איבערזעצונג אויף ייִדיש פון אירע שריפטן. עס זענען געווען אויך אַנדערע פון זעלבן שניט: אַדאַם מיצקעוויטש, מאַריאַ קאָנאָפּניצקאַ, סטאַניסלאַוו פּשיבישעווסקי און די רשימה קען זיך ציִען אַ סך לענגער.

מיר חזרן איבער, אַז דאָס מיינט נישט צו זאָגן, אַז אין פוילן זענען נישט געווען קיין שונאי־ישראל און קיין פּאָגראָמען, און אויך אָפיציעלער אַנטיסעמיטיזם. אָבער קומען דעריבער צום אויספיר, אַז דערפאַר דאַרף מען טראָגן אַן אַפשוי און ווידערווילן צו דער פוילישער ערד, און אַפילו צום אייגענעם פוילישן אָפּשטאַם, איז אומגערעכט. נישטאָ מיט וואָס זיך צו שעמען. אין פוילן איז נישט אויפגעשטעלט געוואָרן קיין אינקוויזיציע, אין פוילן איז מען נישט געצוואונגען געוואָרן צו שמד. אַפילו ווען צווישן די צוויי וועלט־מלחמות איז די ראַסן־טעאָריע אַרײַנגעדרונגען דאָ און דאָרט, האָבן ייִדישע קאַנדידאַטן פיגורירט אויף דער רעגירונג־רשימה צו די וואַלן אין פּאַרלאַמענט. היטלער איז געווען אַ דײַטשער ווילדער אויסוואוקס, און נישט קיין פוילישער. די גאַז־קאַמערן און די פאַרטיליקונגס־לאַגערן זענען אויפגעשטעלט געוואָרן דורך דײַטשן, און נישט דורך פּאָליאַקן.

אָבער אויך אַנדערע אַרגומענטן ווערן אַרויסגערוקט קעגן דעם ייִדיש־פוילישן געשיכטלעכן קאַפּיטל; אַרגומענטן, וועלכע באַציִען זיך בעיקר צו דער ייִדישער קולטור, וואָס איז אויסגעוואַקסן אין פוילן. מען זאָגט אונדז איצט, אַז זי איז געווען אַן ענגע קולטור; אַ געטאָ־פּראָדוקט; אויסגעטאָן פון אַלמענטשלעכע עלעמענטן. זי איז געווען געוואָגדן צום ייִד, און זיך פאַרנומען אויסשליסלעך מיט אים. אָן אונטערשייד, צי זי איז געווען אַן אויסדרוק פון דער טראַדיציע פון דורות, אָדער זי איז באַנומען געוואָרן פון די מאָדערנע שטרעמונגען, זי האָט געשטעקט אין דער ייִדן־גאַס. גײַסטיקע ענגשאַפט איז איר בפירושער צייכן.

מיט דער דאָזיקער טענה חזרט מען אייגנטלעך איבער אַ טעזע, וואָס מיט איר איז אַרויסגעקומען אין אָנהייב פון הײַנטיקן יאָרהונדערט יוסף קלויזנער. ווי אַ ייִדישער געלערנטער פון דער געגנט פון ווילנע, האָט קלויזנער אײַנגעזאַפּט אין זיך וויסן אין די מערב־אייראָפּעאישע אוניווערזיטעטן. ער האָט פאַרעפנטלעכט

זײַנע ווערק אין העברעאיש. אין לעצטן פּעריאָד פון זײַן לעבן איז ער געווען פּראָפעסאָר אויפן אוניווערזיטעט אין ירושלים.

דאָס איז קלויזנער דערשײַנען מיט דער טעאָריע, אַז ווי־כטיק איז נאָר אַ קולטור, וואָס איז נישט געוואָנדן בלויז צו אַ באַשטימטער רעליגיעזער אָדער עטנישער גרופּע, נאָר זי איז אויסן צו באַאײַנפלוסן ברייטע ספערן; די מענטשהייט. דער תּנ״ך איז, לויט אים, דאָס עיקר־ווערק, מיט וועלכן אונזער פאָלק קען זיך גרויסן, ווײַל דער תּנ״ך האָט אויסגעאיבט זײַן השפּעה אויף דער וועלט. די נביאים פון תּנ״ך האָבן געוואָנדן זייער וואָרט צו די פעלקער פון דער וועלט. דער נביא ירמיהו האָט זיך באַטראַכט ווי אַ "נביא לגויים" אַ נביא צו די פעלקער. אַזוי האָבן אויך געדענקט די אַנדערע נביאים. דאָס קריסטנטום און דער איסלאַם זענען פּראָדוקטן — זאָל זײַן טיילווײַזע — פון דער לערע פון תּנ״ך.

דאָס לאָזט זיך נישט זאָגן — לויט קלויזנערס שיטה — וועגן די שפּעטערדיקע אויסדרוקן פון ייִדישן גײַסט. די האָריזאָנטן זענען געוואָרן ענגער; די השגחה האָט אײַנגעשרומפּן. דער תּלמוד האָט צו טאָן מיט דינים און געזעצן; מיט ענינים, וואָס זענען נוגע דעם ייִדישן עולם. דערפאַר לאָזט זיך נישט זאָגן וועגן אים, און וועגן די בערג פּירושים און באַטראַכטונגען, וואָס זענען אויף אים אָנגעוואַקסן, אַז זיי האָבן געהאַט אַ ווירקונג אויף דער מענטשהייט. אָט אין דער גײַסטיקער ענגשאַפט געפינט זיך — ביז צו דער עמאַנציפּאַציע — די ייִדישע קולטור אין אַלע ערטער, וואו זי האָט אויפגעשפּראָצט. אַזוי ווי אין מזרח־אייראָפּע איז די עמאַנציפּאַציע אַרײַנגעדרונגען שפּעט, איז דאָרט בכלל נישט רײַף געוואָרן קיין ייִדישע אַלמענטשלעכע קולטור. אפילו די מכלומרשט מאָדערנע קולטור־אויסדרוקן האָבן זיך נישט אויפגעהויבן העכער, ווי דער געטאָ.

וואָס אַן אמת, איז קלויזנער אויך נישט פאַרבליבן אינגאַנצן צופרידן מיט דער ייִדישער קולטור, וואָס האָט זיך פונאַנדערגעבליט אין מיטלאַלטער אין שפּאַניע. אויך דאָרט, האַלט ער, האָט זי נישט אַרויסגעשפּרייזט פון די ייִדישע באַגריפן, און קיין אוניווערסאַלער געדאַנק איז נישט געבוירן געוואָרן. אָבער לכל הפּחות אין שפּאַניע האָבן זיך באַוויזן שפּאַלטן אין דער מויער. דער עיקר געפינט קלויזנער אויס די שפּאַלטן אין פילאָסאָפישן שאַפן פון שלמה איבן־גבירול. דערפאַר איז ער, שלמה איבן־גבירול, אָנערקענט געוואָרן אין דער פילאָסאָפיע פון זײַן צײַט. דאַקעגן אין דער מזרח־אייראָפּעאישער ייִדישער קולטור איז קיין שום אײַנברוך נישט אַרײַנגעטרעטן. דאָ איז גאָרנישט געשאַפן געוואָרן וואָס זאָל קענען אימפּאָנירן; וואָס זאָל ראוי זײַן אַרײַנגענומען צו ווערן אין אַלמענטשלעכן גײַסטיקן אוצר. נישט אין דער ספערע פון אינטעלעקט, פון געפיל, פון מאָראַל...

יוסף קלויזנער האָט אָט־די טעאָריע זײַנע אַנטוויקלט אין זײַן העברעאיש ווערק "יהדות ואנושיות", ייִדישקייט און מענטשהייט. דאָרט האָט ער געשריבן, אַז הגם אונזער פאָלק צייכנט זיך אויס מיט זײַן אינטענסיווער גײַסטיקער טעטיקייט,

איז דאָך ייִדישע גײַסטיקע אַקטיוויקייט נישט אַלע מאָל ווערטפול; און דאָס איז, וואָס עס לאָזט זיך זאָגן וועגן דער מזרח־אייראָפּעאישער ייִדישער קולטור.

ווי מען קען זען, באַרעכטיקט מען מיט דער קלויזנער־טעזע די אויסטערלישע באַציאונג, וואָס שטעלט זיך איַין לגבי דער מזרח־אייראָפּעאישער ייִדישער קולטור. מען זאָגט איַיך, מיט אַלץ העכערע שטימעס, אַז עס איז נישט כּדאַי זיך צו פאַרטיפן אין איר און מיט איר זיך צו באַשעפטיקן. עס איז פאַרבײַ איר צײַט. מען האָט גאָר קיינמאָל אין איר נישט אַנגעטראָפן קיין אַלמענטשלעכע מאָטיוון, און זיכער וועט מען זיי אין איר נישט געפינען נאָכדעם, ווי זי איז פאַרשניטן געוואָרן. אויפן שוועל פון איין־און־צוואָנציקסטן יאָרהונדערט, אין דער געענדערטער וועלט־פּאַנאָראַמע, און נאָכדעם ווי מזרח־אייראָפּע פאַרנעמט מער נישט אויף דער ייִדישער מאַפּע דאָס אָרט, וואָס זי האָט פאַרנומען מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק, נאָכוואָס און צוואָס עפענען דאָס בלאַט, וואָס האָט אונז גאָרנישט מער וואָס צו לערנען, און אויף וואָס אָנצוווײַזן ?

אָן אומגערעכטע איז די קלויזנער־טעאָריע. מען קען זאָגן: זי איז פאַלש דורך און דורך. שרייענדיק־אומגערעכט איז אָט־דער גאַנצער צוגאַנג צו דער מזרח־אייראָפּעאישער ייִדישער ציוויליזאַציע.

דאָס איז נישט דער באַראָמעטער פאַר קיין שום קולטור און אוודאי נישט פאַר דער פיר־טויזנט־יאָריקער ייִדישער קולטור: צי זי איז נושׂא־חן אין דער אויסערלעכער וועלט, אָדער זי ווערט נישט געפעלן. אויב אַ פאָלק שאַפט אַ קולטור, איז קודם־כּל וויכטיק צי זי פאַרמאָגט ווערטפולע עלעמענטן פאַרן פאָלק, צו וועמען זי איז געוואָנדן; צי ווערן דורך איר אויפגעהויבן די עטישע ווערטן צווישן דער גרופּע, פאַר וועלכער זי איז באַשטימט; צי באַוועגט זי זיך אויפצוהויבן דעם מאַטעריעלן וואוילזײַן, דעם סאָציאַלן אינהאַלט, דעם גײַסטיקן ניוואָ, פון די מענטשן, צו וועלכע זי שטעלט זיך ווי אַן אויפגאַבע צו דערגיין. באַאײַנפלוסן די וועלט ? — די וועגן פון גײַסט זענען נישט פּשוטע און אײַנפאַכע, האָט נאָך געזאָגט קהלת. ווער קען דאָס דערגיין געניי ווי אַזוי און ווען אַ השפּעה נעמט אָן אַ רעאַלע פאָרם, און וואוהין אַלץ זי ווערט אַוועקגעטראָגן ?

עס זענען פאַראַן וואָגיקע שאַפונגען, וואָס צוליב די אָדער יענע אומשטענדן, פאַרבלײַבן זיי פאַררוקט אין אַ ווינקל; און עס זענען דאָ באַטײַטלאָזע ווערק, וואָס ווערן אויפגעכאַפּט מיט לײַכטזיניקן ענטוזיאַזם אויך מחוץ דעם לאַנד, וואו זיי זענען אַנטשטאַנען. טיילמאָל נעמט יאָרהונדערטער ביז די ריכטיקע אָפּשאַצונג ווערט אַרויסגעגעבן. גאָר באַזונדער דאַרף מען אָנהאַלטן פאָרזיכטיקייט מיט אָפּ־שאַצונגען לגבי ייִדישע קולטורן. ייִדישע גײַסטיקייט האָט נישט איין מאָל, קודם־כּל, געהאָט פאַר אַ ציל אויפצוהאַלטן דעם קיום פון פאָלק אין די אומגינסטיקע באַ־

דינגונגען; פירן דאָס פאָלק איבער די געפערלעכע און פאַרדרייטע וועגן און שטעגן.

מזרח־אייראָפּעאישע ייִדישע קולטור האָט נישט געוואונקען מיט די אויגן צו דער אויסערלעכער וועלט. זי איז געשאַפן געוואָרן פאַר ייִדן. אָבער דאָס הייסט נישט, אַז צוליב דעם פאַרמאָגט זי נישט קיין דויערנדיקע אַלמענטשלעכע ווערטן. אין דער אמתן פרוכפּערן זיי דאָרט אין אַ צאָל, וואָס שטייגט איבער יעדע פאַר־שטעלונג. אונזער באַטראַכטונג קען נישט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ רעגיסטער פון ווערק, אויפטוען, בײַטראַגן, אויפבליצן, מיט וועלכע די מזרח־אייראָפּעאישע ייִדישע קולטור איז פול. אָבער אַפילו אַ פאַרבײַלויפיקער בליק אין דאַזיקן קאַפּיטל פון דער ייִדישער פאַרגאַנגענהייט וועט דאָס קלאָר באַווײַזן.

שרעקלעך אָרעם וואָלטן געוועזן די לעצטע טויזנט יאָר אין דער ייִדישער געשיכטע אָן דעם אַלעם, וואָס ייִדיש מזרח־אייראָפּע האָט אין איר אַרײַנגעטראָגן. אָבער שרעקלעך אָרעם וואָלט געוועזן אויך מזרח־אייראָפּע גופא, די קריסטלעכע מזרח־אייראָפּע; שרעקלעך אָרעם וואָלט געוועזן אויפן ערשטן פּלאַץ פּוילן, וואו ייִדיש לעבן איז פאַרפלאַנצט געוואָרן שוין אין צענטן יאָרהונדערט, און זיך שפּעטער געצויגן אָן איבעררײַס. מוראדיק אָרעם וואָלט געוועזן אין תּוך די מענטשהייט.

מעגן סנאָבן און "פּײַנשמעקער" זאָגן, וואָס זיי ווילן, אָבער צו זײַן אַן אָפּשטאַמיקער פון פּוילישע ייִדן וועט אין אַלע דורות באַדײַטן: ציִען די וואָרצלען פון יענעם טייל פון אונזער פאָלק, וואָס האָט אויפגעהויבן אונזער ייִדישע קולטור צו די העכסטע שטאַפּלען, צו וועלכע אַ קולטור קען בכלל דערגרייכן.

# מ'האָט געשוועבט צווישן ערד און שטערן...

וואָס מער יאָרן עס גייען פאַרבײַ זינט ייִדיש מזרח־אייראָפּע האָט אויפגעהערט צו זײַן אַ באַשטאַנדטייל פון דער ייִדישערווירקלעכקייט, אַלץ שטאַרקער ווערט אויסגעקרומט דאָס בילד פון דעם לעבנסשטייגער און פון דער קולטור, וואָס זענען דאָרט אויסגעבויט געוואָרן. דער עיקר הייבט זיך אָן אײַנצושטעלן אַ פאַלשער צוגאַנג צו דעם לעצטן פעריאָד פון דער ייִדישער דערפאַרונג אין די לענדער פון מזרח־אייראָפּע. אויב בנוגע די פריִערדיקע תּקופות פאַרפעלט דאָך דער מוט בפירוש צו פאַרמינערן די ווערטן פונם בײַטראָג מיט וועלכן דאָס ייִדישע פאָלק אין יענעם טייל וועלט האָט באַרײַכערט ייִדישע געשיכטע — הגם אויך דער דאָזיקער פּרוּוו ווערט אונטערגענומען דורך די, וואָס טענדענציעזער אײַנשטעל וועגט בײַ זיי אַריבער די שפּראַך פון פאַקטן — איז לעצטנס ממש אַרײַן אין דער מאָדע צו באַצייכענען דעם צײַט־אָפּשניט צווישן די צוויי וועלט־מלחמות ווי אַ פעריאָד פון דעקאַדענץ. דער עלנט, וואָס האָט זיך אויסגעלייגט אויף דער ייִדישער גאַס צוליב דער פּאָליטישער רעכטלאָזיקייט און די שווערע עקאָנאָמישע פאַרהעלטנישן, אין וועלכע די ייִדישע מאַסן האָבן געלעבט, ווערט אויף אַן אומגערעכטן אופן אַריבערגעוואָרפן אויך אין דער ספערע פון דער פּסיכישער און גײַסטיקער קולטור, הגם פאַר דער פּסיכישער און גײַסטיקער ספערע איז דער עלנט לגמרי נישט געווען כאַראַקטעריסטיש.

סײַ אין פאָרשונגען, סײַ אין שילדערונגען קומט אַלץ אָפטער אויס זיך אָנ־צוטרעפן אויף אַזעלכע אויספירן: די ענדע איז טאַקע צוגעאײַלט געוואָרן דורך דער קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט אָנגערוקט. אָבער דער אומפאַרמײַדלעכער סוף וואָלט סײַ־ווי געקומען. אַ מידקייט האָט זיך אויסגעלייגט אויף דעם פריִער שפּרודלדיקן און דינאַמישן ישוב, דער עיקר האָט מען דאָס געקענט אָבסערווירן אין פּוילן, וואו עס האָט זיך קאָנצענטרירט אַ צאָלרײַכע ייִדישע באַפעלקערונג, און וואָס האָט דעראָבערט אַ פּאָזיציע ווי אַ גײַסטיקער צענטער. עס האָבן זיך אויסגעטרוקנט די שעפערישע זאַפטן. עס האָבן זיך אָפּגעטאָן דער ווילן און די ענערגיע, דער גלויבן און דער ענטוזיאַזם. די צוואַנציק יאָר צווישן די צוויי וועלט־מלחמות, 1939־1919,

האָבן אין זיך געטראָגן די צייכנס פון אַ געזעלשאַפט, וואָס איז געוואָרן איינגעדאַרט און איינגעשרומפּן, און אַדורכגעמאַכט דעם פּראָצעס פון ירידה און פונאַנדערפאַל.

די אַלגעמיינע געשיכטע, און אויך די יידישע, ליפערן גענוג ביישפּילן, וואָס דערמעגלעכן אונז צו פאַרגלייכן די גאולה פון פאַרשידענע תקופות, כּדי צו וויסן, צי די דערשיינונגען, וואָס זענען פאַר זיי געווען אייגנטימלעך, זענען אויך אַרויס־געטרעטן אין לעצטן פּעריאָד פון יידיש פּוילן.

בעת דאָס אַלטערטימלעכע רוים איז אַריינגעגאַנגען אין דער פאַזע פון אינער־לעכן פונאַנדערפאַל, האָט זיך פון דאָרט פונאַנדערגעטראָגן די דערדריקנדיקע שטימונג פון ייאוש. די איבערצייגונגען פון דורות האָבן פאַרלוירן זייער ווערט פאַר די מענטשן, און די פּוסטקייט האָט זיי אַרומגענומען, און דערשלאָגן. די פילאָסאָפן, וואָס פלעגן אין דער באַגינען־צייט אַרויסהייבן די ווערטפולקייט פון זיין און די ברכות פון לעבן, האָבן מער נישט געפונען קיין שום זין אין דער עקזיסטענץ. נישט אַנדערש איז דאָס געווען מיט די קינסטלער, און אַפילו מיט די פּאָליטיקער און פּאָלקס־טריבונען. דער פּעסימיזם און די אַפּאַטיע האָבן זיך איינגעגעסן אין אַלץ און אַלעמען, און באַוועלטיקט די אַמאָל, מיט ענערגיע־שפּריצנדיקע, געזעלשאַפט. דער יידישער דענקער און פּאָעט, ר׳ אלעזר הקליר, אַן עדות פון יענער דראַמאַ־טישער ענדערונג, וואָס רוים האָט אַדורכגעמאַכט נישט בלויז אין איר גורל נאָר אויך אין איר געמיט, האָט זיך גאַרנישט געקענט צוגלויבן, אַז עטוואָס אַזוינס איז געווען מעגלעך צו דערלעבן. אַן ענלעכן מצב האָט מען אָנגעטראָפן אין דער גריכיש־העלענישער ציוויליזאַציע, ווען זי האָט זיך דערנענטערט צו איר לעצטער שעה. קוים אַ שוואַכער אָפּשיין פאַלט אויף איר דעמאָלט פון דעם אידעאַליזם, פון דעם ווילן און זיכערקייט, וואָס האָבן אין איר געווירקט אין דער צייט פון איר אויפשטייג און וואוקס.

מען האָט די סימנים פון פונאַנדערפאַל געקענט באַמערקן אין דער יידישער געזעלשאַפט אין שפּאַניע נאָך איידער עס האָט זיך פאַרמאַכט ענדגילטיק די עפּאָכע פון געוואַלטיקן צושטייער, וואָס זי האָט אַריינגעבראַכט אין די אוצרות פון דער יידישער גייסטיקייט. נאָך אַלץ האָבן אויף דער שפּאַנישער ערד זיך אָנגעזען די פּרוכטן פון די פאַרגאַנגענע דורות, אָבער עס איז מער נישט געווען דאָס זעלבע. אין דער יידישער מחנה האָט זיך עטוואָס גענומען קרישלען. דער מחבר און בעל דרשן, ר׳ משה מקוצי — איינער פון די, וואָס האָבן זיך מיטבאַטייליקט אין צוגעבן די פירושים צום תּלמוד, וואָס מען האָט אָנגערופן ״תּוספות״, און וועלכער האָט געלעבט אין פראַנקרייך — האָט געמאַכט אַ רייזע איבער שפּאַניע. אַדורכ־גענומען מיט דער וויטאַלישקייט פון וואַקסנדיקן אַשכּנזישן יידנטום, איז ער פאַרבליבן דערשטוינט אין אָנטרעף מיט דער גלייכגילטיקייט און אָפּגעלאָזנקייט פון באַדייטנדיקע טיילן פון יידנטום אין ספרד. נאָך אַלץ האָט ביי די און ביי יענע געפלאַקערט די מסירת־נפש פון די פאַרלאָפענע דורות; נאָך אַלץ האָט ביי די און

ביַי יענע געגליט ליבשאַפט צו ייִדישע באַגריפן; נאָך אַלץ איז פאַר די און פאַר יענע קידוש־השם געווען דער לעבנס־וועג; אָבער ביַי דער מערהייט האָט ער, מיט באַדויערן, אויסגעפונען, אַז וואַקלענישן און ספיקות האָבן פאַרנומען דאָס אָרט פון דער געדאַנקען־גאַנצקייט און התלהבות, וואָס זענען געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר זייערע אורעלטערן.

מיר, וואָס האָבן זיך באַוועגט אין די לעצטע גורלפולע יאָרן צווישן פּוילישן ייִדנטום, קענען באַשטימען מיט דער פולער זיכערקייט, אַז נישט אַזאַ איז געווען דאָס געמיט, און נישט אַזאַ איז געווען די שטימונג, פון די ייִדישע מאַסן, אויף וועלכע עס ווערט איצט געזאָגט, אַן קיין שום יסוד, אַז זיי זענען געווען באַהערשט פון מידקייט און גליַיכגילטיקייט. נישט אין קיין קלענערער מאָס ווי אין די פריִערדיקע צײַטן איז דאָס געווען אַ קיבוץ מיט אַן אומגעוויינלעך שטאַרקן לעבנס־ווילן; מיט אויסערגעוויינלעכן מוט צו פירן דעם געראַנגל פאַר די איבער־ציַיגונגען, צו וועלכע ער האָט זיך געפילט צוגעבונדן, און וואָס זענען געווען דער אויסדרוק פון זיַין הארץ און נשמה.

אַט למשל איז אין טענדענציעזן בילד, וואָס ווערט אויסגעמאָלט, די אָפּשאַצונג פון דער קהילה־אינסטיטוציע, וואָס האָט געווירקט צווישן מזרח־אייראָפּעאישן, און בעיקר צווישן פּוילישן, ייִדנטום, וויַיט נישט קיין גענויע. אין דער אַלגעמיינער ראַם, אין וועלכער עס ווערט אַריַינגענומען די ייִדישע דערפאַרונג ערב דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווערט דער טערמין "קהילה" אַנ־געוואַנדן לגבי ייִדישע ישובים אין פאַרשידענע טיילן פון דער וועלט. אָבער דער אונטערשייד איז דאָך אַ ראַדיקאַלער.

אין די שטעט און שטעטלעך אין מזרח־אייראָפּע זענען די מיטגלידער צום קהילה־ראַט — "דאַזאָרעס" האָט מען זיי על־פּי־רוב גערופן — געוויילט געוואָרן אויף אַ דעמאָקראַטישן אופן. די וואַלן זענען געווען געהיימע. די פּראָפּאַגאַנדע פאַר די באַזונדערע רשימות און קאַנדידאַטן האָט באַדאַרפט געפירט ווערן אין אַ פון פאָראויס באַשטימטן פעריאָד לויט שטרענג־אָפּגעהיטענע כּללים. די קהילה־טראַדיציע האָט געלעבט צווישן פּוילישן און ליטווישן ייִדנטום נאָך פון די פאַר־גאַנגענע יאָרהונדערטער, ווען עס האָט זיך איַינגעשטעלט די אויטאָנאָמיע פאַר דעם קהילה־ראַט פון די פּוילישע און ליטווישע פּראָווינצן. אַמאָל איז ער אָנגערופן געוואָרן "וועד ארבע ארצות", דער ראַט פון די פיר פּראָווינצן, אַמאָל "וועד חמש ארצות", דער ראַט פון די פינף פּראָווינצן, און ציַיטנוויַיז איז ער געווען טעטיק באַזונדער פאַר פּוילן, און באַזונדער פאַר ליטע. דער אַריסטאָקראַטישער כאַראַקטער, וואָס דער דאָזיקער היסטאָרישער קהילה־ראַט האָט פאַרמאָגט, איז אין פעריאָד צווישן די צוויי וועלט־מלחמות פאַרשוואונדן. נישט דווקא מיוחסים האָבן געוויילט אָדער געקענט אויסגעקליבן ווערן. דער איַינפאַכער מענטש האָט באַקומען די

רעכט צו ווילן און אַרײַנצוגיין אין קהילה־ראַט. די, וואָס האָבן בײַגעוואוינט די וואַלן צו דער קהילה — "גמינע" פלעגט זי אָנגערופן ווערן — אין די אונטער־געגאַנגענע שטעט און שטעטלעך, קענען גאַרנישט פאַרגעסן די דינאַמישקייט און די ערנסטקייט, וואָס האָבן זיי כאַראַקטעריזירט. אין דער גאַס האָט מען געהאַט דעם אײַנדרוק, גלײַך ווי עס וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן פּאַרלאַמענט־וואַלן, די פאַרשידענע ייִדישע פּאָליטישע פּאַרטייען און סאָציאַלע אָדער פּראָפעסיאָנעלע גרופּירונגען האָבן זיך אין די וואַלן באַטייליקט. אין קהילה־ראַט האָט זיך געהערט די שטים פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אין אַלע אירע שיכטן.

אין דער טויזנטיעריקער ייִדישער געשיכטע האָט נישט עקזיסטירט קיין קהילה־ראַט, וואָס זאָל זיך קענען פאַרגלייכן צו די, וואָס אונז איז באַשערט געווען צו האָבן אין דער מזרח־אייראָפּעאישער ייִדישער ציוויליזאַציע. נישט די אַמאָליקע ייִדישע אויטאָנאָמיע אין בבל, און אַוודאי נישט די שפּעטערדיקע געמיינדע־אינסטיטוציעס אין דער ייִדישער צעשפּרייטקייט, זענען מסוגל זיך צו שטעלן אין איין ריי מיט דער מזרח־אייראָפּעאישער קהילה. ווייניק האָט מען געוואוסט וועגן דעם דעמאָקראַטישן פאָלקס־כאַראַקטער פון דער "גמינע" אין דער אויסערלעכער וועלט. אַ גאַר קנאַפּע אַנונג וועגן איר בוי און צונויפשטעל ווייסט מען צומאָל הײַנט, צווישן ייִדן אין אַמעריקע. איך געדענק, אַז ווען איך בין אין די יאָרן פון דער מלחמה פאַרוואַלגערט געוואָרן קיין פראַנקרײַך און ענגלאַנד, און געשילדערט אין פּאַריז פאַר די מיטגלידער פון דער דאָרטיקער קהילה — די אַזוי־גערופענע "קאָנסיסטואַר" — און אין לאָנדאָן — פאַר די מיטגלידער פון דער בריטישער קהילה, וואָס מען איז געוואוינט זי צו באַצייכענען מיטן נאָמען "באָרד אָף דעפּיוטיס" — ווי אַזוי דער קהילה־ראַט אין פּוילן איז אויסגעקליבן געוואָרן דורכן פאָלק, און אַז מיט רעכט איז ער באַטראַכט געוואָרן, ווי די אינסטיטוציע, וואָס רעפּרעזענטירט די ייִדישע באַפעלקערונג, האָט מען אויף מיר אויסגעשטעלט פאַר־וואונדערטע אויגן. עס האָט אויסגעקוקט, ווי איך וואָלט דערציילט מעשׂהס פון לעגענדאַרע מקומות. אומצייליקע מאָל האָט מען צו מיר געוואָנדן די פראַגע: "טאַקע אויף אַן אמת אַזוי ?" . . .

וואָסערע געביטן האָט אַלץ נישט אַרומגענומען די קהילה. רעליגיעזע, נאַציאָ־נאַלע, דערציִערישע, פּאָליטישע, פילאַנטראָפּישע. פון איר האָט אַרויסגעשײַנט די פילפאַרביקייט פון פאָלק. פאַר די אויסערלעכע מאַכט־אָרגאַנען איז זי אַרויסגע־טרעטן אין נאָמען פון כלל־ישׂראל. אין דעם ביטערן קאַמף, וואָס ייִדן האָבן געמוזט פירן פאַר זייער עקזיסטענץ און פאַר זייערע רעכט, האָט די קהילה געהאָלפן אָנ־צייכענען די ליניע, אָנווײַזן די ריכטונג. ווער עס האָט פאַר זיך די מאַטעריאַלן, וואָס באַציִען זיך צו דער טעטיקייט פון די קהילות אין פּעריאָד צווישן די צוויי וועלט־מלחמות, קען זיך איבערצייגן, אַז דאָרט איז נישט געווען קיין אָרט פאַר פּעסימיזם און אָפּהענטיקייט. הגם אַרויסגעזאָגטע מיט צענדליקער יאָרן פריִער,

האָט מען אויף די זיצונגען פון דער קהילה אין וואַרשע, ערב דעם חורבן, אָפּט איבערגעחזרט די ווערטער פון ר׳ איטשע מאיר, דער גרינדער פון חסידות פון גער, וועלכער האָט אין דער צײַט, ווען ער האָט געוואוינט אין וואַרשע, אויך זיך באַטייליקט אין דער קהילה־אַקטיוויקייט: ״נישטאָ קיין אָפּהאַלט — האָט ר׳ איטשע מאיר געזאָגט — ווען עס גייט אין אָפּשרייען גזירות און עוולות קעגן ייִדן. אַפילו ווען מען דאַרף שלאָגן קאָפּ אין וואַנט כדי אָפּצושרייען גזירות, מוז מען דאָס טאָן. און אַפילו ווען מען קען נישט שלאָגן קאָפּ אין וואַנט, מוז מען דאָס טאָן״...
אין מיטן פון די הוליענדיקע ברייזע זאַווערוכעס האָט די פאַרשטייערשאַפט פון ייִדישן כלל אין די שטעט און שטעטלעך אויסגעשריִען דאָס גרויסע ייִדישע געשריי פון גלויבן אין דער גערעכטיקייט פון די צילן און אידעאַלן פאַר וועלכע דער גערANגל גייט אָן; און דער עיקר, אַז עס איז כדאי צוליב אָט די באַגריפן און אידייען צו לײַדן און ברענגען קרבנות.
אַ מידע, צווייפלענדיקע און פאַרצווייפלטע געזעלשאַפט איז נישט בכוח צו ברענגען צום אויסדרוק אָט אַזאַ עקשנותדיקן, שטאָל־און־אײַזערנעם ווילן.
באַצייכענען די קהילה־אינסטיטוציע אין מזרח־אייראָפּע ווי אַן ״אָליגאַרכישע״, און אינטערפּרעטירן איר טעטיקייט, ווי אַ בריק, וואָס האָט געפירט צו דעם ״ייִדן־ראַט״, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורך די נאַציס אין דער צײַט פון חורבן, איז אַ פעלשונג פון דער ווירקלעכקייט. דאָס איז אויך אַ פאַרשוועכונג פון איינער פון די שענסטע אינסטיטוציעס, וואָס ייִדן האָבן אויפגעשטעלט אין דער גאַנצער גלות־געשיכטע.

אויף אַ טענדענציעזן אופן ווערט אויך באַהאַנדלט די דערציאונג־טעטיקייט, וואָס איז אָנגעגאַנגען אין פעריאָד צווישן די צוויי וועלט־מלחמות. פאַר אייניקע איז זי אַלטפּרענקיש, פאַרעלטערט, ״פאַרשימלט״; פאַר אַנדערע קומט זי אויס צו האָבן געוועזן צו שטאַרק מאָדערן, עקסטרעם, אָרעם אין ייִדישע סובסטאַנצן.
אָן דעם ווילן און דער מעגלעכקייט צו אַנאַליזירן אַלץ, וואָס איז געטאָן געוואָרן אויפן פעלד פון חינוך אין ייִדיש מזרח־אייראָפּע אין די לעצטע צוויי יאָרצענדליקער פאַרן אונטערגאַנג, מוז דאָך יעדער איינער, וואָס איז פאַראינטערעסירט אין די ריכטיקע פאַקטן, קומען צום אויספיר, אַז זעלטן אין וועלכן עס איז ישוב אין דער ייִדישער געשיכטע איז אָפּגעגעבן געוואָרן אַזוי פיל זאָרג, מסירת נפש, און — פאַך־קענטניש — פאַר דערציאונג און בילדונג. קינד און קייט האָבן געלערנט. יוגנט, דערוואַקסענע, ייִנגלעך און מיידלעך. די פאַראורטיילן לגבי דער בילדונג פון דער פרוי זענען אין דער דאָזיקער תקופה נישט געווען גילטיק צומאָל אין די רעליגיעזע קרײַזן. עס האָבן טאַקע געפעלט די מאַטעריעלע מיטלען אויסצושפּרייטן אַזאַ אימפּאָנירנדיקע, אַלעמען אַרומנעמענדיקע, נעץ פון בילדונג. די מלוכה האָט ווייניק וואָס מיטגעהאָלפן. אָבער אַ ייִדישע מאַסע, אין איר גרויסער

מערהייט אַן עקאָנאָמיש־געדריקטע, האָט אויסגעהאַלטן די מאָדערנע שולעס, האָט געזאָרגט פֿאַר די חדרים און ישיבות, האָט אַרײַנעלייגט געפֿיל און ליבשאַפֿט אין די סעמינאַרן, אין די פֿאַרשידענערליי דערציאונג־אַנשטאַלטן, וואָס האָבן פֿאַרזייט תּורה און חכמה, וויסן און עטיק, און פֿאַרפֿלאַנצט זיכערקייט, אַז גײַסט און מאָראַל זענען שטאַרקער ווי גויט און רדיפֿות. אויך אין פּעריאָד צווישן די צוויי וועלט־מלחמות האָט אָפּגעקלונגען אין דער ריירגדיקער צאַרטקייט דאָס וויגליד: „תּורה איז די בעסטע סחורה". הגם לערנען האָט נישט געקענט צוזאָגן קיין רײַכטום און וואוילטאָג, איז ערב דעם חורבן דאָס ייִדישע פֿאָלק אין מזרח־אייראָפּע כּסדר געווען פֿאַרגלייבט אין די דערהויבענע אוצרות פֿון גײַסט, וואָס לאָזן זיך גאָרנישט אָפּשאַצן.

ריכטיק, דער דערציאונג־סיסטעם איז נישט געווען קיין איינהייטלעכער. ער האָט אָבער אָפּגעשפּיגלט די אידייען־פֿאַרשידנאַרטיקייט פֿון דער ייִדישער געזעלשאַפֿט. גענוי ווי די ייִדישע קהילה האָט אויסגעדריקט דעם רעגנבויגן פֿון ריכטונגען, און גענוי ווי פֿון דער ייִדישער פּרעסע האָבן אַרויסגערעדט די פֿאַרשידנסטע שטרעמונגען, איז אויך אין די אינסטיטוציעס פֿאַר דערציאונג און בילדונג אויפֿגעזאַמלט געוואָרן אַלץ, וואָס האָט געקענט באַרײַכערן און אָריענטירן דעם ייִדישן מענטש. ייִדיש מזרח־אייראָפּע איז געווען, צווישן די צוויי וועלט־מלחמות, דער בילדונג־צענטער פֿאַרן גאַנצן פֿאָלק אין זײַן צעשפּרייטקייט. צו די ישיבות אין מיר און לובלין האָט מען געשטראָמט פֿון נאָענט און ווײַט. צו די לערער־סעמינאַרן אין ווילנע און וואַרשע האָט מען געצויגן פֿון פֿרעמדע מדינות. אויב אַפֿילו נישט אויף קיין לאַנגער צײַט, האָבן ייִדישע יוגנטלעכע אין גאָר דער וועלט באַגערט אַרײַנצוזאַפּן אין זיך, זאָל זײַן אויף אייניקע יאָר, דעם אינספּירירנדיקן אָטעם פֿון חינוך, וואָס האָט באַגײַסטערט און געוועקט ענטוזיאַזם פֿאַר די אומפֿאַרגעגלעכע ייִדישע ווערטן. כראָניקער פֿון זעכצנטן יאָרהונדערט דערציילן, ווי אויף די ירידים, וואָס האָבן דעמאָלט געדינט ווי צונויפֿזאַמל־פּונקטן, אין די מזרח־אייראָפּעאישע ישובים, פֿלעגן ייִדישע יוגנטלעכע זיך צונויפֿפֿאָרן כּדי אָנגענומען צו ווערן אין וועלכןעס־איז לערן־צענטער. ביז צו דער לעצטער טראַגישער שעה האָט דער דאָזיקער אויפֿפֿיר אָנגעהאַלטן, מיט דעם אונטערשייד, וואָס מען איז מער נישט געקומען אויפֿן יריד, נאָר געזוכט דעם אַדרעס פֿון דער גאַס, וואו די אינסטיטוציע האָט זיך געפֿונען.

וואָס אַלץ איז נישט געטאָן און אויפֿגעטאָן געוואָרן אין דעם פֿעלד פֿון פּעדאַגאָגיע און ייִדישער דערציאונג! דער באַרימטער פֿילאָסאָף פֿון דער אוניווערסיטעט אין מאַרבורג הערמאַן קאָהען האָט אויסגעפֿונען, אַז אין דײַטשלאַנד, און צווישן די באַרימטקייטן אין מאַרבורג, איז מען נאָך נישט דערגאַנגען צו די באַלויכטנדיקע טעאָריעס, צו וועלכע ייִדישע אידעאַליסטישע לערער זענען דערגאַנגען אין מזרח־אייראָפּע, און זיי אָנגעוואָנדן אין דער פּראַקטיק. אַ שפּאָרן חלק דערין,

וואָס דער ייִדיש־דײַטשער דענקער פראַנץ ראָזענצווייג האָט זיך דערנענטערט צו ייִדישקייט, האָט געהאַט זײַן צונויפטרעף מיט דעם גלײַענדיקן חשק צו די ייִדישע גײַסטיקע אוצרות פון די ייִדישע יוגנטלעכע, וועלכע ער האָט באַגעגנט אין מזרח־אייראָפּע אין דער צײַט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. געווען לערן־צענטערס, וואו מען האָט געצויגן דעם אַלטן ניגון; געווען אַנדערע, וואו נײַע מעלאָדיעס זענען אַרײַנגעדרונגען. געווען ווידער אַזעלכע, וואו מען האָט לײַדנשאַפטלעך און מיט אָנשטרענגונגען געזוכט דעם סינטעז צווישן אַלט און נײַ. עס האָבן עקזיסטירט שולעס, וואו מען האָט געלערנט די קעגנשטאַנדן אין דער העברעאישער שפּראַך, און געווען שולעס, וואו מען האָט די קעגנשטאַנדן געלערנט אין ייִדיש לשון. אויך די לאַנד־שפּראַך איז אין אַ ריי אַנשטאַלטן געווען די לערן־שפּראַך. נישט אַלע האָבן, פאַרשטייט זיך, צוגעטיילט אין דער זעלבער מאָס ייִדיש וויסן. אָבער דאָס ייִדישע אות איז געווען באַקאַנט און צוטריטלעך כּמעט פאַר אַלעמען אין יענעם פעריאָד. ווער האָט עס נישט געקענט דאַווענען אין סידור, ווער האָט נישט געקענט לייענען העברעאיש און ייִדיש? ווער האָט נישט געקענט אָנשרײַבן אַ ייִדיש בריוול? ווער האָט נישט אַרײַנגעקוקט אין אַ ספר אָדער געלייענט אַ בוך?! ווער איז נישט אויפגעברויזט געוואָרן פון ייִדישע בענקענישן און האָפנונגען?

ריידן וועגן פונאַנדערפאַל אָדער דעקאַדענץ פון אַט אַזאַ וויסן־דאָרשטיקער, צו פּאָזיטיווע באַגריפן אויסגעהונגערטער, געזעלשאַפט, איז אַ פאַרלייקענונג פון אַווירקלעכקייט, וואָס לעבט נאָך פריש אין אונזער געדאַנק.

נאָך מיט אַ בפירושער פאַרקריפּלונג פון אמת איז מעגלעך לעצטנס זיך צו באַגעגענען. מען זאָגט אײַך, אַז די אַסימילאַציע האָט אין פעריאָד צווישן די צוויי וועלט־מלחמות מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ דראָענדיקע געפאַר פאַר דער ייִדישער באַפעלקערונג. ייִדן האָבן זיך גענומען אַסימילירן, מען האָט זיך גענומען באַנוצן מיט די לאַנד־שפּראַכן, מען האָט פאַרנאַכלעסיקט די אויטענטישע ייִדישע קולטור.

מערקווירדיק; מיר, וואָס האָבן זיך באַוועגט צווישן מזרח־אייראָפּעאישן — גענוי: צווישן פּוילישן ייִדנטום — ממש ביז דעם אויסברוך פון מוראדיקן אומגליק, האָבן אָט די סכּנה פון אַסימילאַציע בכלל נישט באַמערקט אין דער גרוילעכער פאָרם, אין וועלכער זי ווערט איצט פאָרגעשטעלט. אמת: געווען אַסימילאַטאָרן, "פּאַליאַקן פון משהס גלויבן" — פלעגן מיר זיי רופן. געווען אַזעלכע וואָס זענען נישט געווען גיריק צו ריידן ייִדיש, אָדער אַפילו בלויז הערן דעם קלאַנג. אָבער דאָס איז געווען אַ מינדערהייט, בפירוש אַ קליינע מינדערהייט, צווישן דער פּיל־מיליאָניקער ייִדישער באַפעלקערונג. אין אַ ריי ערטער האָט מען זיי בכלל נישט אָנגעזען. מיר קענען נישט אָנצייכענען, וואָסער פּראָצענט ייִדן זענען יאָ מיטגעצויגן געוואָרן מיט דעם שטראָם פון דער אַסימילאַציע, אָבער דער פּראָצענט איז בלי־ספק געווען אַ מינימאַלער. דער שרײַבער ז. סעגאַלאָוויטש פלעגט זיי מיט חוזק אָנרופן:

״שמענדריקעס״. ווי אַזעלכע זענען זיי באַטראַכט געוואָרן אין דער ייִדישער גאַס. צו דער קהילה אין וואַרשע, זענען אין פּעריאָד צווישן די צוויי וועלט־מלחמות, בכלל נישט אויסגעוויילט געוואָרן קיין אַסימילאַטאָרן. אין ייִדישן האַרץ און געדאַנק איז פֿאַר זיי נישט געווען קיין פּלאַץ. ווער שמועסט געמישטע חתונות. ווער האָט פֿון דעם געהערט אין יענער וועלט, וואָס איז פֿאַרשניטן געוואָרן? מען האָט געוואוסט בלויז פֿון איינצלנע פֿאַלן צווישן הונדערטער טויזנטער. געמישטע חתונות זענען בכלל נישט געווען קיין פּראָבלעם.

ביי דער גאַנצער קריטיק, וואָס ווערט איצט אויסגעמאָסטן קעגן דער אָדער יענער פּאָליטישער באַוועגונג, וואָס האָט געווירקט צווישן מזרח־אייראָפּעאישן ייִדנטום, טאָר מען דאָך נישט פֿאַרגעסן, אַז צו דער פֿאַרגאַנגענהייט קען מען נישט צוגיין מיט דער מאָס פֿון דער קעגנוואַרט. אין יענער צייט, אין די צוואַנציקער און דרייסיקער יאָרן, ביי יענע פֿאַרהעלטנישן, איז געווען אַרט, אין יענעם טייל וועלט, פֿאַר יעדער פֿון די דאָזיקע באַוועגונגען, אַלע האָבן זיי געברענגט צום אויסדרוק זייער זאָרג פֿאַר ייִדישע באַדערפֿענישן און נויטן. אַלע זענען זיי צוגע־גאַנגען ערנסט צו די ייִדישע פּראָבלעמען. אַלע זענען זיי געווען אויפֿריכטיק און ערלעך אין זייערע אָנשטרענגונגען צו דערפֿירן צו אַ בעסערן מאָרגן. פֿאַר זיי אַלע איז ייִדישקייט געווען לעבעדיקער, קאָנסטרוקטיווער אינהאַלט, און פֿאַר ייִדישער גייסטיקייט און קולטור זענען זיי געווען גרייט אויף כּלערליי קרבנות.

די, וואָס שרייבן, אַז אַזאַ בויענדיקע, סאָלידע געזעלשאַפֿט, און אַזעלכע באַ־וועגונגען, זענען געווען דעקאַדענטישע, הייבן נישט אָן צו וויסן, וואָסערע פּראָ־צעסן עס מאַכט אַדורך אַ געזעלשאַפֿט ווען זי געפֿינט זיך אויף אָן אמת אין איר ירידה . . .

איך וואָלט געקענט פֿאַרענדיקן מיין קורצן אַריינבליק אין יענעם פּעריאָד מיט פֿראַגמענטן פֿון סאָציאָלאָגן און היסטאָריקער, וועלכע האָבן געלעבט אין דערמאָנטן צייט־אָפּשניט, און וואָס באַשטעטיקן די אויספֿירן, וואָס איך האָב אַרויסגעברענגט. אָבער איך וועל גלייכער ציטירן די לעצטע שורות, מיט וועלכע דער פּאָעט פֿון יענער תּקופֿה, יחיאל לערער, פֿאַרענדיקט זיין פּאָעמע ״מיין היים״, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן, ווען דער ייִדישער הימל האָט זיך שוין פֿאַרצויגן מיט די פֿינסטערע וואָלקנס פֿון הענגענדיקן שטורם.

יחיאל לערער איז געקומען פֿון זיין שטעטל זשעלעכאָוו קיין וואַרשע, דאָ האָט ער געלעבט אין דחקות ווי אַן אַרבעטער פֿון טריקאָטאַזש. געשריבן האָט ער פּאָעמעס וועגן די ייִדישע קעניגן און נביאים פֿון פֿאַרצייטנס און וועגן די דער־נידערונגען און נויט פֿון דער קעגנוואַרט. אין זיין פּאָעמע ״מיין היים״ האָט ער געשילדערט דעם ווײי פֿון דער ייִדישער משפּחה ערב דעם חורבן, דעם ווײי און דעם גלויבן, דעם נאָגנדיקן אומעט פֿון מצב און אויך די דערהויבונג פֿון זיין אַ ייִד.

אין די לעצטע פּערזן פון ״מײַן היים״ שרײַבט ער וועגן דעם ״שטילן ערב־באַגין״ וואָס האָט אײַנגעהילט דעמאָלט דעם ייִדישן מענטש ״אין זײַן טיף בלויען סוד״. מען האָט געשוועבט אויף דער ייִדישער גאָס ״צווישן ערד און שטערן״. מען איז געווען אַדורכגענומען מיט זאָרג און טרערן — אָבער:

״אַלע וואונדן זענען פאַרשוואונדן פון צעווייטיקטן געמיט, און זייער אָרט האָט פאַרנומען גאָט, באַגינען און ליד״.

# "ווען אַפילו די ימים און טייַכן וואָלטן געווען טינט"...

מעגלעך דערפאַר, ווייַל די פאַסירונגען פון הייַנטיקן יאָרהונדערט זענען געלאָפן מיט אַ געוואַלטיקן אימפעט, זענען מיר גאָרנישט פעאיק אַרומצונעמען זיי אין אַלע זייערע פּרטים. מיר האָבן פאַר די אויגן דאָס אַלגעמיינע בילד; מיר גיבן זיך אָפּ אַ חשבון פון די ענדערונגען, וועלכע זייַנען פאָרגעקומען; מיר ווייסן אויך און פאַרשטייען, אַז דאָס, וואָס איז געווען, איז מער נישטאָ, און לאָזט זיך מער נישט צוריקברענגען; אָבער שווער פאַרבלייַבט פאַר אונז צו באַנעמען אין אַלע איינצלהייטן, וואָס אַזוינס ס'האָט טאַקע בייַגעטראָגן צו דער אייגנטימלעכקייט און אייגנאַרטיקייט פון דער וועלט, וואָס האָט עקזיסטירט.

דער עיקר איז דאָס חל אויפן יִדישן לעבן. מיר ווייסן, אַז אַ גאַנצע יִדישע וועלט איז פאַרשוואונדן פאַר אונזערע אויגן; אַ רייַכע, ווערטן־פולע ציוויליזאַציע איז אַרויסגעריסן געוואָרן פון דער הייַנט־צייַטיקער יִדישער געשיכטע. אָבער ווען מען פאַרלאַנגט פון אונז, אַז מיר זאָלן אויסרעכענען, וואָס אַלץ ס'האָט זיך צונויפגעלייגט צו דער אייגנטימלעכקייט פון יענער וועלט, וועלכע איז אונטער־געגאַנגען, און צו דער אייגנציקאַרטיקייט פון דער ציוויליזאַציע, וואָס איז פאַרטיליקט געוואָרן, הייבן מיר אָן שטאַמלען. מיר בלייַבן אָן לשון. מיר ווערן פאַרפלייצט פון אַלץ, וואָס שווימט אויף פאַר אונז, און זענען הילפלאָז, בעת מיר דאַרפן עטוואָס אַרויסשעפן פון דער שפע אוצרות, וואָס הייבט זיך אויף פאַר אונז. גיי זיי אַ בריה, און קלייַב אויס פון אַן אויגן־פאַרכאַפנדיקער מאָזאַאיק פּרטים, ווען אַלץ איז אין איר, דאַכט זיך, אויפן סאַמע־נאַטירלעכסטן אופן צונויפגעוואַקסן, צונויפגעפלאָכטן, צונויפגעגאָסן.

אַוודאי לאָזט זיך דערקלערן די פאַרצווייגטקייט פון מזרח־אייראָפּעאישן יִדישן גייַסטיקן צושטייער מיט די אַלגעמיינע אייַנגשאַפטן פון די תקופות, מיט וועלכע זי פאַלט זיך צונויף. די לעצטע טויזנט יאָר זענען צוליב די דראַמאַטישע סאָציאַלע און וויסנשאַפטלעכע ענדערונגען, וואָס זענען אין זיי אַרייַנגעטראָטן, מעגלעך די דינאַמישסטע אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט. די קאָמוניקאַציע־מיטלען, וואָס האָבן דערנענטערט מרחקים; די אויפרודערנדיקע אַנטדעקונגען, וואָס האָבן

געעפנט נײַע האָריזאָנטן; דאָס דרוק־וועזן, וואָס האָט געמאַכט צוטריטלעך דאָס ספר פֿאַר די ברייטע מאַסן, און אַזויפֿיל אַנדערע דערפֿינדונגען, וואָס האָבן געענדערט דעם בוי און די שטרעמונגען פֿון דער געזעלשאַפֿט, האָבן געלייגט זייער חותם אויף די שפּעטערישע בײַטראָגן פֿון מזרח־אייראָפּעאישן טייל פֿון אונזער פֿאָלק. אָבער מאַכן בלויז די אויסערלעכע עלעמענטן פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַרן איינציקאַרטיקן כאַראַקטער פֿונעם דאָזיקן גאָלדענעם פּעריאָד, איז אויך נישט ריכטיק און גערעכט. זיכער האָט דערין נישט ווייניק דעצידירט דאָס "אינערלעכע וועזן" פֿון די ייִדן, וועלכע האָבן זיך קאָנצענטרירט אין אָט־די לענדער, זייער טיפֿע פֿאַרוואָרצלטקייט אין די היסטאָריש־ייִדישע באַגריפֿן, זייער שטאַרקע צוגעבונדנקייט צו די ווערטן, וואָס זענען אַנטוויקלט געוואָרן אין די אַשכּנזישע ישובֿים, וואָס פֿון זיי האָט אַרויסגעשפּראָצט דער מזרח־אייראָפּעאישער קיבוץ, און דערבײַ — זייער אייגענער געוואָלטיקער גײַסטיקער אומגעצוימטער אימפּעט און שטרעבונג אַרײַנצודרינגען אין די וועגן און אומוועגן פֿון מענטשלעכן געדאַנק און אונטערנעמען איניציאַטיוו אין ווירדיקער אַקטיוויקייט; דער אומגע־שטילטער דורשט צו שטייגן צו די הויכקייטן פֿון אינטעלעקט און קלעטערן אויף די שטאַפּלען פֿון דער עטיק, דער אומרו, צו וועלכן עס איז שווער צו געפֿינען אַ גלײַכן. שוין פּראָפֿעסאָר העשיל האָט אָנגעוויזן, אַז מיטן גאָלדענעם פּעריאָד פֿון ייִדיש מזרח־אייראָפּע איז נישט בכּוח זיך צו פֿאַרמעסטן קיין שום אַנדערער גאָלדענער פּעריאָד אין דער ייִדישער פֿאַרגאַנגענהייט.

און דאָך ווילן מיר זיך דאָס מאָל אָפּשטעלן אויף איין פּרט.

דאָס, וואָס מיר ווילן באַהאַנדלען, איז די ספּעציפֿישע אינסטיטוציע, וועלכע האָט עקזיסטירט אין ייִדישן לעבן אין מזרח־אייראָפּע, און אויף וואָס אַ גלײַכן צו איר איז נישט מעגלעך אָנצוטרעפֿן. מען האָט זי באַצייכנט מיטן נאָמען: חברה; און אַזוי ווי נישט איין חברה האָט פֿונקציאָנירט, נאָר אַ סך, האָט מען זיי אָנגערופֿן: חברות. אין איטלעכן ייִדישן ישובֿ, אָן אונטערשייד צי ער איז געווען אַ קליינער אָדער אַ גרויסער, האָבן עקזיסטירט חברות. געווען פֿאַרשידנערליי. עס זענען געווען חברות, אין וועלכע די מיטגלידער האָבן זיך צונויפֿגענומען לויט זייער באַשעפֿטיקונג און אַרבעט. אַזוי, למשל, איז אַנטשטאַנען אַ חברה פֿון שנײַדער, אַ חברה פֿון שוסטער, פֿון וועבער, פֿון זאָקן־מאַכער, טרעגער, וואַסער־טרעגער, און אַזוי ווײַטער; און עס זענען געווען חברות, וואָס זייערע מיטגלידער האָבן זיך צונויפֿגענומען, ווען זיי האָבן פֿאַר זיך געשטעלט אַ גײַסטיקע אָדער הומאַניטאַרע אויפֿגאַבע, און געוואָלט זי צוזאַמען פֿאַרווירקלעכן. צום בײַשפּיל: לערנען צוזאַמען, באַזאָרגן אָרעמע משפּחות מיט שפּײַז אויף יום־טובֿ, טראָגן הילף צו אלמנות און יתומים, וואַך זײַן אין די נעכט בײַ קראַנקע, אָנגרייטן אַ באַכטלעגער פֿאַר פֿאַר־בײַפֿאַרנדיקע, און ענלעכע צילן פֿון סאָציאַלן כאַראַקטער. מען קען נישט באַשטימען

גענוי, װען די חברות האָבן זיך געגרינדעט. עס איז אַרויסצודרינגען, אַז שױן מיט לאַנגע הונדערטער יאָרן צוריק זענען זײ געװען אַ באַשטאַנדטייל פֿון ייִדישן לעבן; אין צײַטן, װען נישט אין אַלע ערטער, װאו ייִדן האָבן געװאױנט, האָבן די קהילות, װאָס זענען אַנטשטאַנען, באַװיזן אַרײַנצונעמען אין זײער טעטיקייט אַלע געברויכן פֿון ייִדישן מענטש. װי דאָס זאָל נישט זײַן, אין די כראָניק-פֿאַרצייכענונגען פֿון דער װײַטער פֿאַרגאַנגענהייט איז די רייד װעגן דער חברה-אינסטיטוציע, װאָס איז געװען אַקטיװ אין דער ייִדישער געזעלשאַפֿט. און אַװדאי איז די רייד װעגן די חברות אין די פּינקסים פֿון יענע צײַטן, װען מיט דעם װאָרט "פּינקס" האָט מען געמיינט צו באַצייכענען אַ פּראָטאָקאָל, און אין זײערע תּקנות, װען מיט דעם װאָרט "תּקנות" איז מען אויסן געװען אָנצורופֿן סטאַטוטן אָדער דעציזיעס.

לאָמיר צוערשט זיך אָפּשטעלן אויף די חברות, װעלכע האָבן זיך געגרינדעט לויט דער באַשעפֿטיקונג פֿון זײערע מיטגלידער. זײ זענען, װי מען קען זיך משער זײַן, אַנטשטאַנען קודם כּל דערפֿאַר, װײַל מען האָט געװאָלט אין אַ פֿרײַער שעה, אָדער אין טאָג, װען מען האָט נישט געאַרבעט, ריידן אייגנער מיטן אַנדערן, זיך אויסשמועסן, באַרירן בשותּפֿותדיקע ענינים, זיך אָראָפּריידן פֿון האַרץ, געפֿינען זיך אין אַ װאַרעמער, היימישער סביבה. מען האָט צו דעם צװעק באַדאַרפֿט דינגען אָדער קויפֿן אַ שטוב, אַ דירה, װאו מען האָט געקענט זיך אויסלעבן צװישן זיך. אָבער מיט דעם ריידן אַליין איז מען נישט אָפּגעקומען. אַ געװאָלטיקער באַגער האָט באַװעגט יענע ייִדן צו לערנען, צו װיסן, צו באַרײַכערן זײער גײַסטיקן באַגאַזש. אין די פּינקסים פֿון די געגרינדעטע חברות פֿאַרנעמט דעריבער גאָר אַ װיכטיק אָרט די פֿראַגע, װאָס מען זאָל לערנען און װי לאַנג דאָס לערנען — אָדער דער "שיעור", װי מען פֿלעגט זיך אויסדריקן — זאָל דויערן. געװען צײַטן, װען מען האָט געלערנט די פּרשה פֿון דער װאָך, און געװען צײַטן, אין װעלכע מען האָט געלערנט די װײניקער קאָמפּליצירטע טײלן פֿון תּלמוד: משניות, אַגדות, אָדער דינים, װאָס האָבן געהאַט צו טאָן מיט דער אויפֿפֿירונג און לעבנס-שטייגער. אַ טעות איז צו רעכענען, אַז מיטן אַרײַנדרינגען פֿון די מאָדערנע שטרעמונגען, זענען די חברות בטל געװאָרן. אויך אין פּעריאָד צװישן די צװײ װעלט-מלחמות האָט די חברה-אינסטיטוציע אָנגעהאַלטן. אין אַ סך שטעט און שטעטלעך האָט זי טאַקע געענדערט איר נאָמען. מען האָט זי מער נישט אָנגערופֿן "חברה". מען האָט זי גערופֿן: "פֿאַראײן", "אָרגאַניזאַציע", און זי האָט אָפּגעגעבן אַ שפּאָרן טײל פֿון איר טעטיקייט פֿאַר פֿאַרטיידיקן די עקאָנאָמישע אינטערעסן פֿון אירע מיטגלידער, פֿאַר פֿראַגעס פֿון לוין, אַרבעטס-שעהן און אויסבעסערן די אַרבעט-באַדינגונגען, אָבער צוליב דעם איז נישט פֿאַרנאַכלעסיקט געװאָרן דער דראַנג צו לערנען. אין יעדן פּראָפֿעסיאָנעלן פֿאַראײן, װאָס איז געגרינדעט געװאָרן, און אין װעלכן עס זענען אַרײַנגענומען געװאָרן מיטגלידער לויט זײער באַשעפֿטיקונג, איז דאָס לערנען באַטראַכט געװאָרן װי אַן עיקר-ציל, צוליב װעלכן מען האָט זיך אָרגאַ-

ניזירט. מיטן לויף פון די צײַטן איז, פאַרשטייט זיך, אויך אַרײַנגעטרעטן אַן ענדערונג אין דעם לערן־פּראָגראַם. מען האָט אַרויסגעוויזן אינטערעס פאַר מאָדערנע קעגנשטאַנדן און וויסנשאַפטן, ווי געשיכטע, געאָגראַפיע, עקאָנאָמיע, ליטעראַטור, סאָציאָלאָגיע, און אַנדערע צווײַגן פון מענטשלעכן וויסן. אָבער וואו איר זענט אַרײַנגעקומען אין באַשטימטע טעג און שעהן אין אַזאַ אינסטיטוציע — מען האָט געלערנט. די בעלי־מלאכות, די אַרבעטער זענען דערשינען ווי תּלמידים.

אין די לאַנגע הונדערטער יאָרן פון דער עקזיסטענץ פון דער מזרח־אייראָפּע־אישער ייִדישער ציוויליזאַציע, האָט זי אַדורכגעמאַכט נישט ווייניק תּקופות פון שטורעם. נישט איינמאָל האָט זיך אויסגעוויזן, אַז איר ווידערשטאַנד־כּוח האָט זיך אויסגעשעפּט. אָבער קוים האָט מען נאָר באַוויזן צו קומען צו זיך, האָט מען גלײַך, מיט אויפגעפרישטער ענערגיע, מיט כּסדר־שפּרודלדיקער שעפערישקייט, ווידער אויפגעשטעלט די אײַנגעפאַלענע, צעפאַלענע חברה, ווידער האָט מען זיך צונויפגענומען, און ווידער האָבן עלטערע, אַלטמאָדישע בעלי־מלאכות אָדער ייִנגע מאָדערנע אַרבעטער זיך אַוועקגעזעצט לערנען. ווי אַ מאַטאָ פון יענער וועלט, וואָס איז אונטערגעגאַנגען — אין אַלע אירע אידעאָלאָגיעס, שאַטירונגען און ריכטונגען — האָבן געקענט דינען די ווערטער, וואָס דער כראָניקער פון מזרח־אייראָפּעאישן ייִדנטום אין זיבעצנטן יאָרהונדערט, נתן נטע האַנאָווער, האָט געשריבן אין זײַן אײַנדרוקספולער כראָניק: "אין ערגעץ און קיינמאָל האָט מען בײַ ייִדן נישט אַזוי פיל געלערנט, ווי אין די דאָזיקע מקומות"...

אָרעמע מענטשן זענען געווען די מיטגלידער פון אַט די חברות. מיט שוועריקייטן איז מען אויסגעקומען אויף חיונה. און דאָך האָט מען זיך אָפּגעשפּאָרט דעם ביסן פון מויל, און מען האָט געצאָלט עמעצן, וואָס זאָל לערנען מיטן עולם. אין די אַמאָליקע צײַטן האָט מען דעם, וועלכער האָט מיט די מיטגלידער געלערנט, אָנגערופן: רבי, בעל־דרשן, מלמד, מגיד. אין די מאָדערנע יאָרן האָט מען אים באַצייכנט ווי: לערער, רעפערענט, לעקטאָר, און פאַרן "שיעור" האָט מען צוגעקליבן דעם נאָמען "לעקציע", "רעפעראַט", "סעמינאַר". אָבער ס'איז אַרויסגעטרעטן דער זעלבער דאָרשט זיך צו באַרײַכערן גײַסטיק. מ'האָט אין די חברות זיך אײַנגעשאַפט ספרים אָדער ביכער. כּמעט יעדע חברה האָט פאַרמאָגט אַ שטיקל ביבליאָטעק. אייגענע בעלי־מלאכות האָבן צונויפגעקלאַפּט ברעטער און צונויפגעשטעלט די שאַנק. ס'איז געווען אַ כּבוד און אַ זכות צו טאָן אַט־די אַרבעט. ניין. אין דער חברה האָט מען נישט אָפּגעגעבן קיין צײַט פאַר שפּילערײַען און ביליקע צײַט־פאַרטרײַבן. עס זענען אַפילו געווען חברות, וואו מען האָט בכלל פאַרווערט די מיטגלידער צו שפּילן קאָרטן אין דער פרײַער צײַט; און געדראָט, אין די תּקנות־סטאַטוטן, אַרויסצוואַרפן זיי פון דער חברה, אויב זיי וועלן דאָס טאָן.

אין די חברות, וואָס האָבן זיך אָנגעהאַלטן אין טראַדיציאָנעלער ייִדישקייט, האָט מען אין די אייגענע צימערן־לאָקאַלן אויך געדאַוונט צוזאַמען, געזאָגט תהילים, אָפּגעריכט תּפילות אין די וואָכן־טעג אָדער אין די שבתים און ימים־טובים. דאָס הייסט אָבער נישט, אַז מען האָט פאַרזען די וואוילטעטיקע צוועקן. ס'איז אויסגעוואַקסן דאָס געפיל פון צונויפגעבונדנקייט צווישן די, וועלכע זענען געווען אָנגעהעריק צו דער זעלבער חברה. דער עיקר האָט מען דאָס געקענט באַמערקן אין אַ צײַט פון אַן אומגליק. די מיטגלידער האָבן זיך מתחייב געווען צו באַזוכן די קראַנקע, אַרויסהעלפן דער משפחה, אַז די קראַנקע זאָלן נישט פאַלן צו לאַסט בלויז די קרובים; און אין טויט־פאַלן, באַטייליקן זיך אין דער לוויה; אין דער שבעה, ברענגען טרייסט צו די טרויערנדיקע. רירנדיק איז צו לייענען אין די תּקנות, וואָס זענען געשריבן געוואָרן אין לשון־קודש אָדער אין ייִדיש, ווי די חברה־מיטגלידער נעמען זיך אונטער צו טראָגן סײַ מאָראַלישע, סײַ מאַטעריעלע הילף צו די, וועלכע זענען פאַרבליבן אין עלנט; זאָגן קדיש, אויב נאָך די פאַרשטאָרבענע איז נישט פאַרבליבן עמעצער, וואָס זאָל זאָגן קדיש; שטיצן מאַטעריעל די אלמנה און יתומים, אויב זיי זענען פאַרבליבן אָן מיטלען. די חברה פון וואַסער־טרעגער האָט באַשטימט צו ברענגען וואַסער אָן שום אָפּצאָל; די שוסטער האָבן זיך מתחייב געווען צו פאַרריכטן די צעריסענע שיך; די שנײַדער האָבן צוגעזאָגט צו פאַרריכטן די מלבושים, אויף וועלכע מען האָט באַדאַרפט לייגן לאַטעס, און אַזוי די איבעריקע פאַכלייט.

אין דער ציוויליזאַציע, וועלכע איז אונטערגעגאַנגען, איז די ייִדישע באַפעל־קערונג, הגם זי האָט געציילט מיליאָנען, געווען אַ משפּחה. פּילצאָליקע זענען געווען די פעדעם וואָס האָבן צונויפגעקניפּט די ייִדן: רעליגיעזע, סענטימענטאַלע, געשיכטלעכע; פעדעם פון בשותּפותדיקן גורל. די משפּחה איז געווען, נאַטירלעך, אויפן ערשטן אָרט. דאָס פאַמיליע־קעמערל האָט אַרײַנגענומען אין זיך די מיט־גלידער מיט צאַרטקייט און ליבשאַפט. אָבער אומגעווייגלעך וויכטיק איז געווען די ראָל, וואָס די חברה האָט פאַרנומען. זי האָט אויסגעבויט דאָס משפּחה־געפיל אין אַ פאָלקס־פאַרנעם. אָן אונטערשייד צי מען איז געווען אַ סוחר, אַ קליינהענדלער, אַן אַרבעטער; אָן אונטערשייד צי מען האָט פאַרמאָגט אַ פאַבריקל, אַ געשעפט, אַ געוועלב; צי מען איז געשטאַנען אין אַ וואַרשטאַט, געטראָגן פעקלעך, אָדער עמערס וואַסער; צי מען האָט געמאַכט באַרשטן אָדער געקלאַפּט די בלעך, — מען איז געווען אָנגעשלאָסן אין דער גרויסער ייִדישער משפּחה אויך דורך דעם סאָציאַלן קעמערל, צו וועלכן מען האָט אָנגעהערט: די חברה. אַפילו ווען די קהילה איז אויסגעוואַקסן אין אַ גרויסער, אַלץ און אַלעמען אַרומנעמענדיקער אינסטיטוציע, האָט זי נישט געקענט אין האַרץ פון דעם ייִדישן מאַן אָדער פון דער ייִדישער פרוי פאַרנעמען דאָס אָרט פון דער חברה. זי איז געווען צו גרויס, זי איז

געוועזן צענטראַל; די חברה איז געוועזן אינטים, היימיש, אַ שטיק פון אייגענעם האָרץ. דאָס ייִדישע האַרץ.

נאָך יענעם אונטערגעגאַנגענעם לעבנס־שטייגער זענען פאַרבליבן סטאַטיס־טישע טאַבעלעס, ציפערן־קאָלומנעס; אָבער זיי זענען נישט בכוח אַרייַנצודרינגען אין תּוך, אין "אינערלעכן וועזן", פון דעם משפּחה־געפיל, וואָס האָט דאָרט פּולסירט אין די ייִדישע מאַסן. אַזאַ פאַמיליע־אַנגעהעריקייט איז נישט געוועזן אָנצוטרעפן ביי די ייִדישע מאַסן אין שפּאַניע, ווען דער איבערישער האַלבאינזל איז אַרויפגעשטיגן צו זיין אַ בליענדיקער גייַסטיקער ייִדישער צענטער. צומאָל אין אַמאָליקן בבל זענען די ייִדן פון נהרדעא, פומבדיתא און מחוזא נישט געוועזן אַדורכגעדרונגען מיטן באַוואוסטזיין, אַז זיי זענען טאַקע איין משפּחה. אין דער העברעאישער פילאָלאָגיע שטרענגט מען זיך אָן צו דערגרונטעווען זיך צו די וואָרצלען פון אויסדרוק "אומה", וואָס באַדייט אין העברעאיש "נאַציע". פאַראַן די, וואָס זוכן דעם שורש אין דעם וואָרט "אם", מוטער. די נאַציע דאַרף זיין אַ מאַמע צו אירע קינדער, צו אירע זין און טעכטער, וואו זיי זאָלן זיך נישט געפינען. אין דער אונטערגעגאַנגענער ציוויליזאַציע איז דאָס געקומען צום פולן אויסדרוק. די מיטגלידער פון דער ייִדישער נאַציע האָבן אַ שטיק דורך די חברות, אין וועלכע זיי האָבן זיך צונויפגעקליבן, געפילט, אַז זיי זענען נישט אַליין, אַז אין די חברות קענען זיי געפינען שוץ און אָן ענטפער צו אַלערליי נויטן, וואָס פּלאָגן זיי; אַ קאָנקרעטן, באַלדיקן ענטפער און באַשייד, ווען עס איז נאָר מעגלעך געוועזן, אַז זיי זאָלן זיך אַדורכרייַסן דורך די געדיכטע וואָלקנס, וואָס זענען געהאָנגען אויפן ייִדישן לעבן.

אָבער אין דער פאַרצווייַגטקייט פון דער ציוויליזאַציע, וואָס האָט עקזיסטירט און זיך אַנטוויקלט, האָט מען זיך נישט באַגנוגנט בלויז מיט די חברות און פאַראייינען לויט דער באַשעפטיקונג, מיט וועלכער מען האָט זיך פאַרנומען. מען האָט אויך געשאַפן חברות, אין וועלכע אַלע האָבן זיך געקאָנט אָנשליסן, אויב דער ציל און די אויפגאַבע, וואָס צו זיי האָט מען באַשטימט זיך אָפּצוגעבן, זענען פאַר זיי געוועזן די זעלבע, און באַטראַכט געוואָרן ווי וויכטיקע און נויט־ווענדיקע.

דאָס זענען על־פּי־רוב געוועזן וואוילטעטיקע חברות. אָן איבערטרייַבונג לאָזט זיך באַשטימען, אַז אין קיין שום ווינקל אויף דער ערד זענען נישט אַנטשטאַנען אַזוי פיל פאַרשידנאַרטיקע חברות מיט הומאַניטאַרע צוועקן, ווי אין די ייִדישע שטעט און שטעטלעך פון דער אונטערגעגאַנגענער וועלט. עס האָט עקזיסטירט אַ חברה פאַר געבן צדקה צו די נויטבאַדערפטיקטע; פאַר אויסבאָרגן אַ גמילות־חסד; פאַר שיקן לערנען קינדער, וואָס זענען געבליבן אָן עלטערן; פאַר זאָרגן פאַר יתומים און אלמנות; פאַר פירן צו דער חופּה אָן אָרעמע כּלה; פאַר באַזאָרגן

אָרעמע קימפּעטאָרינס מיט אויפזיכט און שפּײַז; פֿאַר דעקן די הוצאות פֿון אַ ברית בײַ אַ משפּחה, וואָס איז אַליין נישט בכּוח געווען זיי צו דעקן; פֿאַר אויפשטעלן אַ שפּיטאָל; פֿאַר אָרגאַניזירן דאָקטוירים, און טאָקע די בעסטע מעדיקער, אַז אָרעמע ייִדן זאָלן קענען גיין צו זיי, אין פֿאַל פֿון קראַנקייטן, אינגאַנצן אומזיסט, אָדער פֿאַר אַ מינימאַלן אָפּצאָל; פֿאַר אויסלייזן ייִדן פֿון געפֿאַנגענשאַפֿט; פֿאַר אכסניות, ערטער אויף נאַכטלעגער, פֿאַר היימלאָזע; פֿאַר הכנסת אורחים; און, פֿאַרשטייט זיך, פֿאַר לוויות, פֿאַר ברענגען צו קבר ישראל . . .

צו לאַנג וואָלט געווען די רשימה, ווען מען זאָל וועלן אויסרעכענען, צו וואָסערע צוועקן אַלץ אַ חברה איז אַנטשטאַנען. שטאָט און שטעטל זענען געווען פֿאַרזייט מיט זיי. מיט די טערמינען "חברה קדישא" — "די הייליקע חברה", אַ נאָמען, וואָס איז אַרײַן אין באַנוץ פֿאַר דער חברה, וואָס האָט זיך באַשעפֿטיקט מיט טויט־פֿאַלן; "לינת הצדק" — "די איבערנעכטנדיקע גערעכטיקייט", וואָס האָט זיך פֿאַרנומען מיט מעדיצינישער אויפזיכט פֿאַר קראַנקע אָדער מיט פֿאַרזאָרגן פֿאַרבײַפֿאָרנדיקע ייִדן; "פּידיון שבויים" — אויסלייזן געפֿאַנגענע; "בית לחם" — "דאָס הויז פֿון ברויט", וואָס האָט צוגעשטעלט פֿאַר אָרעמע פֿאַמיליעס שפּייז אויף יום־טוב; "תּומכי עניים" — "די וועלכע שטיצן די אָרעמעלייט", און דאָס גלײַכן — זענען אויפֿגעוואָקסן דורות אויף דורות. העברעאישע באַגריפֿן האָבן זיך אויסגעמישט מיט באַגריפֿן פֿון ייִדיש־לשון, און צוזאַמען זיך צונויפֿגעלייגט אויס־צובויען די פּסיכיק פֿון ייִדישן מענטשן, און געבן דעם עכטן טײַטש צו ייִדישקייט און מענטשלעכקייט.

דאָס כאַראַקטעריסטישע פֿאַרבלײַבט, אַז די אַלע אינסטיטוציעס האָבן נישט פֿאַרמאָגט קיין בודזשעט צו דעקן זייערע הוצאות. די חברה האָט עקזיסטירט מיט פֿרײַוויליקע מיטגלידער, און פֿרײַוויליקע זענען געווען די בײַשטייערונגען. מען האָט געהאָט צוטרוי צום ייִדישן רחמנות־געפֿיל, און מען האָט זיך נישט אַנטוישט. קומען צום קהילה־ראַט און בעטן אַ סובסידיע האָט נישט געהאַט קיין זין. די קהילה אַליין האָט נישט געהאָט צו דעקן אירע אויסגאַבעס. אָבער די חברות זענען אַנגעגאַנגען מיט זייער טעטיקייט, זייענדיק זיכער, אַז ייִדן וועלן נישט אָפּזאָגן. וואָרום ווער טאָקע האָט זיך אָפּגעזאָגט שבת אינדערפֿרי צו געבן אַ חלה, אַ ברויט, אָדער אַנדערע שפּײַז, ווען די "גוט־שבת"־ייִדעלעך זענען פֿאַרבײַגעגאַנגען מיט זייערע גרויסע קוישן דורך די הויפֿן פֿון דער ייִדישער געגנט, און אויסגערופֿן: "גוט שבת, ייִדן! וואַרפֿט אַראָפּ, ברענגט אַראָפּ עסנוואַרג פֿאַר ייִדן אין די שפּיטעלער, וואַרפֿט אַראָפּ!"? אָדער ווער האָט פֿאַרמאַכט זײַן האַנט און נישט בײַגעטראָגן פֿאַר "מעות חיטין", אַזוי ווי עס איז אָנגערופֿן געוואָרן די הילפֿס־אַקציע פֿאַר אָרעמע ייִדן, אַז זיי זאָלן קענען אָפּריכטן פּסח דעם סדר?

אין די צוואַנציקער יאָרן איז געגרינדעט געוואָרן צווישן די פּוילישע ייִדן, דער "רעטונג־קאָמיטעט"; אַ חברה, וואָס האָט גראָד געטראָגן איר באַצייכענונג

אין ייִדיש. דאָס זענען געווען אומהיימלעכע און שווערע יאָרן פאַרן פּוילישן ייִדנטום. נישט בלויז צווישן אַרבעטער און בעלי־מלאכות, נאָר אויך אין מיטלקלאַס איז געשטיגן די פאַראָרעמונג. דער אָפיציעלער אַנטיסעמיטישער קורס האָט רואינירט די ייִדישע פּרנסות. דער "רעטונג־קאָמיטעט" האָט באַשטימט צו טראָגן הילף צו די פּרנסהלאָזע, און פּרוּוון זיי ווידער שטעלן אויף די פיס. אָבער פונוואַנען נעמען די נויטיקע מאַטעריעלע מיטלען? איז אַרויפגעשוואומען דער פּראָיעקט: יעדעס פענסטער פון אַ ייִדישער וואוינונג דאַרף בײַטראָגן אַ מינימאַלן אָפּצאָל צו דעם רעטונגס־קאָמיטעט (אויב איך האָב נישט קיין טעות, איז דער קלענסטער אָפּצאָל באַשטאַנען פון צוואַנציק גראָשן). פּרײַטיק פלעגן די קאָלעקטאָרן אַרומגיין איבער ייִדישע הײַזער, און צונויפנעמען דעם בײַשטײַער לויט דער צאָל פענסטער. אין מײַן זכרון איז נאָך פאַרבליבן אײַנגעקריצט די וואָרעמקייט, מיט וועלכער מען האָט אויפגענומען אָט־די נדבות־צונויפקלויבער, און ווי שטאַרק מען האָט זיך אָנגעשטרענגט נישט אַריבערצוהיפּערן, חלילה, איבער קיין שום פענסטער...

"כל ישׂראל חברים" — אַלע ייִדן זענען מיר חברים, אַלעמען אונז בינדט צונויף די חברשאַפט פון דער חברה — דאָס איז אין דער ציוויליזאַציע, וואָס איז פאַרטיליקט געוואָרן, נישט געווען קיין הוילע פראַזע. עס איז צו צווײַפלען, צי אין וועלכער־עס־איז געזעלשאַפט זענען סאָציאַלע מיטפאַראַנטוואָרטלעכקייט און פרײַוויליקע מאָראַלישע דיסציפּלין דערגאַנגען צו רײַפקייט, ווי צווישן מזרח־אייראָפּעאישן ייִדנטום; און צי האָבן זיי — בײַ אַלע זיך ענדערנדיקע פאַרהעלטע־נישן — זיך אָנגעהאַלטן בײַ זייער אָריגינעלן תּוך און רירנדיקער האַרציקייט, ווי צווישן יענעם טייל פון אונזער פאָלק. מען איז געווען אַדורכגענומען מיטן באַוואוסט־זײַן, אַז אין דער פאָלקס־עקזיסטענץ אַנטשיידן און וועלן אַנטשיידן גײַסטיקע און מאָראַלישע כּוחות; און אַז די ענג־צונויפגעבונדענע און צונויפגעקניפּטע חברה קען באַוועגן צום אויפהאַלט, און אַפילו צו דער פאַרשטאַרקונג, פון די דאָזיקע כּוחות.

וויפל מען זאָל נישט האָבן געשריבן, און וויפל מען זאָל נישט שרײַבן וועגן דער אונטערגעגאַנגענער ייִדישער ציוויליזאַציע — עס איז גאָר אוממעגלעך זי אַרומצונעמען אין אַלע אירע פּרטים. ווײַזט אויס, אַז עס איז גאָר אוממעגלעך מענטשלעך דאָס צו טאָן.

אויפן געדאַנק קומען די פערזן, וואָס איינער פון די ערשטע דיכטער און דענקער פון אַשכּנזישן ייִדנטום, ר' מאיר בן יצחק, האָט געשריבן אין זײַן באַרימ־טער אַקדמות־פּאָעמע: "ווען אַפילו דער הימל וואָלט געווען פון פּאַרמעט, פעדערס צום שרײַבן וואָלטן געווען די ביימער פון די וועלדער, טינט — די ימים און טײַכן, און אַלע אײַנוואוינער פון דער ערד וואָלטן געווען שרײַבער און פאַרצייכענער,

וואָלטן זיי נישט געקענט שילדערן און באַשרײַבן"... דער מחבר פון דער אַקדמות־פּאָעמע באַציט זיך אין זײַנע פערזן צו די וואונדער פון באַשאַף און קאָסמאָס.

אָבער פּאַר אונז קומען די מערקווירדיקייטן פון יענער פאַרשוואונדענער ציוויליזאַציע אויך אויס ווי אַ וואונדער. דאָרט איז אויסגעבויט געוואָרן אַ געזעל־שאַפט פון גײַסטיקע, עטישע און סאָציאַלע ווערטן, און פון אינסטיטוציעס, פולע מיט האַרץ און חן, וואָס דאָס אויג און דער געדאַנק זענען גאָרנישט בכוח זיי אַרומצונעמען אין אַלע זייערע אומצייליקע פּרטים.

# דאַרפֿן מיר נישט רעווידירן די ייִדישע געשיכטע?

אַז אַלגעמיינע געשיכטע טיילט זיך פֿונאַנדער אין עטלעכע גרויסע תּקופֿות, איז אַ באַקאַנטע זאַך. ווי די תּקופֿה פֿון אַלטערטום ווערט באַצייכנט דער צײַט־אָפּשניט, וועלכער שליסט זיך אָפּ מיטן פֿונאַנדערפֿאַל פֿון דער רוימישער אימפּעריע בײַם סוף פֿון פֿינפֿטן יאָרהונדערט לויט דער אָנגענומענער צײַט־רעכענונג. די עפּאָכע פֿון מיטלאַלטער, וואָס עפֿנט זיך דאַן, פֿאַרענדיקט זיך מיט דעם אַנטדעקן אַמעריקע אין לעצטן יאָרצענדליק פֿון פֿופֿצנטן יאָרהונדערט. דעמאָלט הייבט זיך אָן די נײַע צײַט, און זי פֿאַרטיילט זיך אין צוויי עיקר־פּעריאָדן: דער ערשטער, וואָס דערגייט ביז צו דער גרויסער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציע, ערב דעם אָפּשלוס פֿון אַכצנטן יאָרהונדערט; און דער צווייטער, וואָס ווערט געוויינלעך אָנגערופֿן דער מאָדערנער פּעריאָד, פֿאַרציט זיך ביז צו אונדזערע טעג.

אַזוי איז דאָס אין דער אַלגעמיינער געשיכטע, אָבער ווי האַלט עס אין ייִדישן גאַנג דורך דורות? ס'איז נישט נייטיק ערשט אויפֿצוווײַזן, אַז דער דערמאָנטער פֿונאַנדערטייל קען נישט זײַן גילטיק אין דער טויזנט־יעריקער ייִדישער עקזיסטענץ. ווי אומגעוויינלעך־וויכטיק די אָנגעגעבענע פּאַסירונגען זאָלן נישט זײַן, און ווי מעכטיק עס זאָל נישט האָבן געווען זייער עכאָ אין וועג פֿון אונדזער פֿאָלק, האָט דאָך ייִדישע געשיכטע איר אייגענעם לויף און אייגענע כאַראַקטעריסטיק, וואָס דאַרפֿן געפֿינען זייער אויסדרוק אין דעם פֿונאַנדערטייל פֿון תּקופֿות. די אָפּצייכענונג פֿון תּקופֿות איז נישט קיין זאַך פֿון פֿאָרם; דאָס איז אַן ענין פֿון סובסטאַנץ. די אָפּצייכענונג פֿון עפּאָכעס העלפֿט באַגרײַפֿן און אַנאַליזירן די אָפּגעלאָפֿענע צײַטן; העלפֿט אַרומנעמען און באַנעמען די פֿולע ווירקלעכקייט, וואָס האָט אין זיי זיך אַנטוויקלט, און אויך דערקענען און אָפּשאַצן די שטרעמונגען און אויפֿברויזן, צו וועלכע זיי האָבן געפֿירט.

איז וואָסערע זענען די וועזנטלעכע אַנטשיידנדיקע תּקופֿות, אויף וועלכע מען קען אַנטייטלען מיטן פֿינגער אין דער ייִדישער געשיכטע?

אָט אויף דער דאָזיקער טעמע האָבן אַ סך געשריבן אונדזערע היסטאָריקער און פֿאָרשער. מען האָט קודם־כּל דיסקוטירט איבער דעם ווײַטן פֿאַרצײַטנס. צי דאַרף מען עפֿענען אַ פֿריש קאַפּיטל מיטן מאָמענט ווען אונדזערע אור־עלטערן האָבן

דעראַבערט דאָס לאַנד, וואָס זיי האָבן אַנגערופֿן ארץ־ישראל, און אַנגעפֿאַנגען דעם פּעריאָד פֿון דער ייִדישער זעלבשטענדיקייט ? אָדער צי איז מער אַנטשיידנדיק אין אונזער געשיכטע דער פּראָצעס פֿון אויסבויען די גײַסטיקע זעלבשטענדיקייט — אַ פּראָצעס וואָס האָט זיך פֿאַרצויגן דורך לאַנגע יאָרהונדערטער — און ערשט ווען אָט־דער פּראָצעס האָט זיך פֿאַרענדיקט קאָן זײַן די רייד וועגן דער זיך אָנהייבנדיקער תּקופֿה פֿון זעלבשטענדיקייט ? צי האָט בכלל אַ זין אין דער ייִדישער פֿאַרגאַנגענהייט צו זײַן פֿאַרקוקט אין די פּאָליטישע מאַכטהאָבער, און זיך נישט אָפּגעבן קיין רעכענונג, אַז אין דער אויסגעשטאַלטונג פֿון פֿאָלק און פֿון זײַן געשיכטלעכן וועג האָבן פּאַקטיש דעצידירט די גײַסטיקע לערער, די נביאים, און נישט די פּאָליטישע הערשער ? צי איז ריכטיק צו באַטראַכטן דעם חורבן פֿון ערשטן בית־המקדש, ווי דעם אָפּשלוס פֿון אַ תּקופֿה, הגם נאָך בערך זיבעציק יאָר איז געגעבן געוואָרן דעם פֿאָלק די מעגלעכקייט צו באַנײַען זײַן אומאָפּהענגיקייט ? אָדער ווערט ערשט איין תּקופֿה אָפּגעשלאָסן און אַ צווייטע גייט אויף, דורך די וויזיעס פֿון נביא יחזקאל און די מיסטישע זעאונגען פֿון דניאל, פּאַסירונגען וואָס האָבן געהאַט אַן אָרט נישט אין ירושלים, נאָר בײַ די ברעגן פֿון די טײַכן פֿון בבל ? און צי איז נישט — אין הסכּם מיט דער ייִדישער געשיכטלעכער אייגנאַרטיקייט — גלײַכער אָפּצוטייכענען די צײַט־אָפּשניטן לויט דער גײַסטיקער און אינטעלעקטועלער אַקטיווקייט, מיט וועלכער זיי זענען געקנופּט און געבונדן, און טאַקע אַ נאָמען געבן איין עפּאָכע די עפּאָכע פֿון תּנ״ך ; די שפּעטערדיקע, די עפּאָכע פֿון תּלמוד, און אַזוי ווײַטער, ביז צו אונזערע צײַטן ? דאָס פֿאָלק פֿון ספֿר — דער עם הספֿר — פֿאַרמאָגט זײַן אייגענעם צוגאַנג צו געשיכטלעכע באַגריפֿן ; און קאַטעגאָריעס גענומענע פֿון דרויסן מוזן נישט האָבן מיט אונז צו טאָן . . .

נאָך שאַרפֿערע מיינונג־פֿאַרשידנהייטן זענען אויסגעוואַקסן בײַם פּרווו צו באַנעמען די נײַע און מאָדערנע צײַטן. שוין בלויז די פֿראַגע : ווען האָט זיך אָפּגעשלאָסן דער מיטלאַלטער, מיט אַלץ וואָס איז געווען פֿאַר אים אייגנטימלעך, פֿאַר ייִדן ? זיכער קען נישט געמאָלט זײַן, אַז דאָס האָט פּאַסירט בײַם סוף פֿון פֿופֿצנטן יאָרהונדערט, אַזוי ווי דאָס זאָגט זיך אין דער אַלגעמיינער געשיכטע. דעמאָלט האָבן דאָך ייִדן אַדורכגעמאַכט אַלע שרעקלעכע אומהיימלעכקייטן, מיט וועלכע דער מיטלאַלטער איז אידענטיפֿיצירט : גירושים, גזירות, רדיפֿות. דעמאָלט האָבן ייִדן דאָך דאָ און דאָרט געלעבט אונטער די געטאָ־מויערן ; געצוואונגען געווען צו טראָגן די לאַטעס פֿון שאַנד, געווען אוממענטשלעך דערנידעריקט.

לויט דער שיטה פֿון מאַרקוס יאָסט, דער ייִדישער היסטאָריקער פֿון דײַטשלאַנד, דער פֿאַרגייער פֿון גרעצן, האָט דער מיטלאַלטער פֿאַר ייִדן זיך פֿאַרענדיקט אין יאָר 1740. פֿאַרוואָס גראָד אין יענעם יאָר ? ווײַל דעמאָלט איז אַרויפֿגעגאַנגען אויפֿן טראָן אין פּרײַסן — אין יענער צײַט די סאַמע וויכטיקסטע מדינה אינעם נאָכגישט־פֿאַראייניקטן דײַטשלאַנד — דער קעניג פֿרידריך דער גרויסער. מיט אים

האָבן גענומען בלאָזן פרישעווינטן אין דער באַציאונג צו ייִדן. דאָס הייסט, אַז בפירוש פאַרבעסערט האָט זיך נישט די ייִדישע לאַגע. די באַגרענעצונגען האָבן אָנגעהאַלטן, אָבער דער קעניג פרידריך האָט פאַרשטאַנען, אַז מען קען נישט אָנגיין כסדר מיטן מיטלאַלטערלעכן פאַנאַטיזם. ער האָט זיך אַרומגערינגלט מיט אינטע־לעקטואַלן פון די נײַצײַטיקע שטרעמונגען. דער פראַנצויזישער דענקער וואָלטער איז געווען זײַן פרײַנד. אמת טאַקע, אויך וואָלטער איז געווען אַ שונא־ישׂראל; אָבער פאָרט איז אַרײַנגעטרעטן אַן אײַנברוך אין דער מויער פון פאָראורטיילן.

פאַר דעם גרויסן ייִדישן היסטאָריקער הײַנריך (צבי־הירש) גרעץ, האָט די דאַטע, וואָס איז אָנגעגעבן געוואָרן דורך זײַן פאָרגייער, נישט באַדײַט קיין סך. גרעץ האָט אָוועקגעשטעלט אַן אַנדער יאָר, ווי די אָפּצייכענונג פון דער נײַער עפּאָכע. דאָס יאָר 1729. דעמאָלט איז געקומען אויף דער וועלט משה מענדעלסאָן, דער ערשטער ייִד, וועלכער איז אַרײַנגעדרונגען אין דער קריסטלעך־אייראָפּעאישער געזעלשאַפט, און איז צוגעלאָזט געוואָרן דאָרט אַהין. דער ערשטער ייִד, וועלכער איז אין די קולטור־קרײַזן געשעצט געוואָרן צוליב זײַנע אינטעלעקטועלע קוואַ־ליטעטן. דערצו איז מענדעלסאָן געווען דער ערשטער, וועלכער האָט, מיט אַ ברייטן פאַרנעם און פעסטער אַנטשלאָסנקייט, אַרײַנגעפירט די אידייען פון דער אויפ־קלערונג אין דער ייִדישער גאַס. ער איז געווען דער פאָטער פון דער השׂכּלה, ווי מ'האָט די אויפקלערונג־באַוועגונג אָנגערופן צווישן ייִדן. מיט האָפענונגען און דערוואַרטונגען איז געוואָרן אַדורכגענומען די ייִדישע געזעלשאַפט.

מזרח־אייראָפּעאישע דענקער זענען ווײַט נישט געווען גענייגט אָנצונעמען דעם בליק פון גרעץ. מזרח־אייראָפּעאישע ייִדישע היסטאָריקער האָבן געשריבן, אַז נישט קיין נײַע פּאָזיטיווע תּקופה אין דער ייִדישער געשיכטע האָט משה מענדעלסאָן געעפנט, נאָר אַז ער האָט אויפגעפּראַלט טיר און טויער פאַר דער קולטורעלער אַסימילאַציע; ווי אויך פאַר אַלע טרויעריקע קאָנסעקווענצן, וואָס זי האָט מיט זיך געבראַכט. נישט אויף אַזאַ אָפּשלוס פון מיטלאַלטער האָבן די ייִדישע מאַסן געוואַרט. אין באַנעם פון שמעון דובנאָוו, דער פּיאָנער פון דער מזרח־אייראָפּעאישער ייִדישער היסטאָריאָגראַפיע, איז געווען די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע, וועלכע האָט ערשט געגעבן דעם אָנהייב צו דער נײַצײַטיקער תּקופה אין דער ייִדישער געשיכטע; און דאָס יאָר פון דער רעוואָלוציע, 1789, איז געווען דאָס אַנטשיידנדיקע יאָר. מיט דעם שטורעם פון דער באַסטיליע אין פּאַריז האָט זיך אָנגעפאַנגען — און איז דערמוטיקט געוואָרן — דער ייִדישער קאַמף פאַר דערגרייכן פּאָליטישע און מענטשלעכע רעכט. עס איז אויפגעגאַנגען די עפּאָכע פון עמאַנציפּאַציע, פון דעם נײַצײַטיקן באַנעם פון אויטאָנאָמיע.

ווי שטאַרק די אויטאָריטעט פון שמעון דובנאָוו איז נישט באַפעסטיקט אין דער ייִדישער היסטאָרישער וויסנשאַפט, זענען דאָך נישט אַלע געווען גרייט זיך אונטערצושרײַבן אונטער זײַן טעזע. אין די פאַראייניקטע שטאַטן האָט סאַלאָ באַראָן

פֿון דעם קאָלאָמביאַ־אוניווערסיטעט — דער באַדייַטנדיקסטער ייִדישער היסטאָ־ריקער אין אַמעריקע — אָנגעוויזן, אַז עס איז זייער ריזיקאַליש זיך אָנצוהענגען אין אַ ספּעציפֿיש יאָר, און אַט־דאָס יאָר פֿאַרוואַנדלען אין אַ ווענדפּונקט פֿאַר תּקופֿות. לויט סאַלאָ באַראָן איז דער אָפּקער פֿון מיטלאַלטער אַרייַנגעטראָטן אינמיטן 17טן יאָרהונדערט. ראַדיקאַלע סאָציאַלע, ווירטשאַפֿטלעכע און קולטורעלע ענדערונגען האָבן דאַן אויפֿגערודערט אייראָפּע. דער וועלט־מסחר האָט זיך אַנט־וויקלט און פֿאַרצווייַגט. מען איז ביסלעכווייַז אַריבערגעגאַנגען צו דער קאַפּיטאַ־ליסטישער ווירטשאַפֿט. דאָ און דאָרט האָבן זיך געקרישלט לאַנג־גילטיקע באַגריפֿן. ייִדן האָבן אין די דאָזיקע ענדערונגען געשפּילט גאָר אַ וויכטיקע ראָל. מיט זייער דינאַמישקייט, מיט זייערע שפּראַך־קענטענישן, מיט זייערע אינטערנאַציאָנאַלע האַנדלס־באַציאונגען און מיט נאָך אַזויפֿיל אַנדערע פֿון דורות אַנטוויקלטע קוואַ־ליטעטן, האָבן ייִדן אינספּירירט און געשטויסן צום אויפֿקום פֿון דער נייַער געזעלשאַפֿט. הגם די אַנטי־ייִדישע באַגרענעצונגען האָבן כּסדר אָנגעהאַלטן, האָט זיך דאָך עטוואָס געטוישט אין דער סביבה, אין צוגאַנג. אַ פֿאַרשידענע ווירקלעכ־קייט האָט זיך גענומען אַרויסשיילן. די "דעקלאַראַציע פֿון אומאָפּהענגיקייט" פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן און דער פֿרייַהייַטלעכער גייַסט, וואָס איז פֿון איר זיך פֿונאַנדערגעגאַנגען; די "דעקלאַראַציע פֿון די רעכט פֿון מענטש", וואָס איז פּראָ־קלאַמירט געוואָרן אין פֿאַרלאַמענט פֿון דער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציע, זענען אַרויסגעוואַקסן פֿון יענע דראַמאַטישע ענדערונגען; זענען אַ המשך פֿון יענעם געוואַלטיקן שטורעם.

אויף אַן אַנדערן וועג איז אַוועק די געשיכטלעכע שול, וואָס האָט זיך אַנט־וויקלט אין ארץ־ישׂראל. בן־ציון דינאַבורג — וועלכער האָט אין ישׂראל געענדערט זייַן נאָמען אויף דינור — דאַרף באַטראַכט ווערן ווי דער אויסדריקלעכער רע־פּרעזענטאַנט פֿון דאָזיקן פֿאַרשיידענעם געדאַנקען־גאַנג. אין אַט־דער שיטה באַוועגט זיך די ייִדישע געשיכטע צווישן צוויי עיקר־מאָטיוון: גלות און גאולה. אַלדאָס איבעריקע קען זיך נישט פֿאַרגלייַכן אין באַטייַט און ווירקונג צו אַט־די צוויי עפּאָכע־פֿאַרמאַכנדיקע און גלייַכצייַטיק, עפּאָכע־עפֿענענדיקע דערפֿאַרונגען. צו זעלבּ־שטענדיקייט האָט דאָס פֿאָלק געשטרעבט און געגאַנגען גלייַך, ווי עס איז נאָר אַרויסגעטראָטן אויף דער געשיכטלעכער אַרענע; און ווען די זעלבשטענ־דיקייט איז צעשטערט געוואָרן מיט קאַרגע צוויי טויזנט יאָר צוריק, און עס האָט זיך אָנגעהויבן דער גלות, האָט דאָס פֿאָלק געהאַלטן אין איין בענקען און לעכצן אויסגעלייזט צו ווערן און באַנייַען די פֿאַרלוירענע זעלבשטענדיקייט. פֿאַרשידענע פֿאָרמען און אויסדרוקן האָט אָנגענומען דער גראַנגל ווידער צו דעראָבערן די נאַציאָנאַלע פֿרייַהייט. מען האָט אַפֿילו אונטערגענומען באַוואָפֿנטע פֿאַרמעסטן פֿאַר דעם צוועק. אין יאָר 1700 הייבט זיך אָן די נייַע צייַט אין דער ייִדישער געשיכטע. דעמאָלט האָבן טויזנט ייִדן זיך אָרגאַניזירט אין מזרח־אייראָפּע

און זיך אָוועקגעלאָזט צו די ברעגן פון ארץ־ישׂראל. נישט מער יחידים; נישט מער צעשאָטענע גרופּעס; אַ המון פון טויזנט ייִדן. דאָס גיט אָנהייב צו דער נײַצײַטיקער תּקופֿה. דער קולמינאַציע־פּונקט האָט אָנגערוקט מיטן אויפלעב פון דער ייִדישער מדינה. לויט בן־ציון דינור און זײַנע נאָכפאָלגער, האָט זיך מיטן ווידערגעבוירן פון דער ייִדישער זעלבשטענדיקייט אין יאָר 1948 אָפּגעטאָן דער גלות פון אונזער געשיכטע. מיר געפינען זיך אין דער צײַט פון גאולה.

אויב עס איז די רייד וועגן די געדאַנקלעכע שולעס, וואָס האָבן זיך אָנגעקליבן אין דער אינטערפּרעטאַציע פון דער ייִדישער געשיכטע, קען מען נישט אַדורכלאָזן וואָס גרשום שלום, דער פירנדיקער ייִדישער אינטעלעקטואַל פון הײַנטיקן יאָר־הונדערט, האָט געשריבן איבערן דאָזיקן עניין. אויך פאַר אים איז אַנטשיידנדיק די צווייטע העלפט פון זיבעצנטן יאָרהונדערט, אָבער צוליב אַן אַנדערער סיבה. דאָס איז געווען די צײַט פון פאַלשן משיח שבתי־צבי. אילוזיעס זענען אויפגעגאַנגען און האָבן געפּלאַצט. אַן אומגעוויינלעכער פיבער האָט אויפגערודערט און צעטראָגן ייִדישע ישובים. פאַרוואָרצלטע באַגריפן זענען אויסגעריסן געוואָרן אין יענעם אויסטערלישן אומרו. אין דעם ווײַ פון חלומות און אַנטוישונגען זענען אויפ־געקומען די צוימען־ברעכערישע גײַסטיקע באַוועגונגען; איז אויפגעשיטערט גע־וואָרן דאָס פאָלק; איז געבוירן געוואָרן די נײַע צײַט אין דער ייִדישער געשיכטע. נאָך איידער די נישט־ייִדישע געזעלשאַפט האָט באַוויליקט אומצוװאָרפן די געטאָ־מויערן, אין וועלכע ייִדן זענען געווען פאַרשפּאַרט, האָבן ייִדן אַליין זיי אומגעוואָרפן — מיט זייער אימפּעט, מיט זייער אַלץ־צעטרייסלנדיקער געוואַגטקייט.

פאַרטראַכטן מיר זיך איבער די דאָזיקע אויסטײַטשונגען, וועלכע זענען נאָר אַ קאָרגער טייל פון די אָנגעוואָקסענע טעאָריעס, און וועלכע האַלטן זיך סוף־כּל־סוף אַלע אין דער זעלבער ריכטונג; און אונז ווײַזט זיך אויס, אַז נאָך די דערפאַרונגען, וואָס שרײַען אַרויס פון די לעצטע יאָרצענדליקער, איז געקומען די צײַט אַדורכ־צופירן אַ רעוויזיע אין דער ייִדישער געשיכטע.

קודם־כּל, צי איז נישט נייטיק איינמאָל פאַר אַלע מאָל אָפּצוואַרפן דעם שאַבלאָן, לויט וועלכן די תּקופֿה פון מיטלאַלטער האָט זיך פאַרענדיקט פאַר ייִדן מיט עטלעכע הונדערט יאָר צוריק, אין זיבעצנטן אָדער אַכצנטן יאָרהונדערט. צי איז דען דאָס טאַקע אַזוי? צי האָט נישט פאַר ייִדן דער מיטלאַלטער זיך פאַרצויגן ביז צום פינפטן יאָרצענדליק פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט? צי זענען נישט אויפגעשטעלט געוואָרן געטאָ־מויערן פאַר אונזערע אויגן? צי זענען ייִדן נישט געצוואונגען געווען צו טראָגן די לאַטעס פון שאַנד? און צי זענען נישט פאַר־געקומען אַקטן פון רציחות און אַכזריותן, וואָס האָבן מיט זייער גרויל, אַפילו איבערגעשטיגן דעם שוידער פון די פאַרלאָפענע אומהיימלעכע צײַטן? ווי אַזוי איז מעגלעך צו באַשטימען, אַז אין זיבעצנטן יאָרהונדערט האָט "אויפגעשטראַלט

דאָס ליכט פֿון דער נײַער צײַט", ווען דערנאָך האָט זיך איבער ייִדיש לעבן אויסגעשפּרייט אַ פֿינסטערניש, וואָס איז אַפֿילו געווען געדיכטער ווי די פֿינסטערניש פֿון אַמאָל ?

און דאַן: גאָר אַ באַזונדער אָרט אין דער ייִדישער געשיכטע פֿאַרנעמט דאָס עכטע, דאָס אָריגינעלע, פֿולבלוטיקע ייִדישע לעבן, וואָס האָט זיך אויסגעבויט אין די אַמאָליקע צײַטן אין ארץ־ישׂראל, אין ירושלים. אַ כראָניקער מיט עטלעכע יאָרהונדערטער צוריק, נתן־נטע האַנאָווער, האָט געשריבן, אַז זינט די צײַטן פֿון בית־המקדש האָט זיך נישט אַנטפּלעקט ייִדישקייט אין איר פֿולן אַלץ־אַרומנעמענדיקן פֿאַרנעם, אַזוי ווי זי האָט זיך אַנטפּלעקט צווישן ייִדן אין פּוילן און אוקראַיִנע. אין אַנדערע ווערטער האָט דאָס אויסגעדריקט אין אונזער דור פּראָפֿעסאָר אברהם־יהושע העשיל. אויב ייִדישע געשיכטע איז קודש, איז הייליק — האָט העשיל געזאָגט — איז די ייִדישע דערפֿאַרונג אין מזרח־אייראָפּע קודש־קדשים, דאָס הייליקסטע הייליקטום. מיר, וועלכע זענען אויסגעוואַקסן אין דער וועלט וואָס איז פֿאַרשניטן געוואָרן, ווייסן ווי ריכטיק און גענוי די אָפּשאַצונגען זענען. צי דאַרף נישט בכן דער דאָזיקער באַנעם אָפּגעשפּיגלט ווערן אין דעם תּקופֿות־פֿונאַנדערטייל פֿון דער ייִדישער געשיכטע ? צי מוז נישט באַשטימט ווערן, אַז מזרח־אייראָפּע איז אַן איינמאָליקע דערפֿאַרונג אין דער ייִדישער גלות־עקזיסטענץ ? נישט נאָך איין גײַסטיקער צענטער האָט זיך דאָרט אַנטוויקלט; נישט נאָך איין וויכטיקע סטאַציע אין ייִדישן וואַנדער־וועג; נישט נאָך איין געדיכטער, דינאַמישער קיבוץ, נאָר אַ ציוויליזאַציע איז דאָרט רײַף געוואָרן. אַ גרויסע און מעכטיקע ייִדישע ציוויליזאַציע, פֿון וועלכער דורות און דורות וועלן זיך דערגערן; דורות און דורות וועלן באַ־פֿרוכפּערט ווערן פֿון איר שעפֿערישקייט, און אָנגעוואָרעמט ווערן פֿון איר אָטעם.

ערשט די טעאָריעס, וואָס האָבן צו טאָן מיט גלות און גאולה. צי איז טאַקע די טויזנט־יאָריקע ייִדישע געשיכטע בלויז די שטרעבונג צו דערגיין צו דעם לאַנד אויף די ברעגן פֿון ירדן, אָדער איז דאָס דערגיין צו דעם צוגעזאָגטן לאַנד אויך צוזאַמענגעפֿלאָכטן מיט הימלישער וויזיע און דערהויבונג פֿון מענטש און ייִד ? צי לאָזט זיך דען זאָגן, אַז בלויז אין דער אויפֿגעלעבטער ייִדישער מדינה לייגט מען די ציגל צום בנין פֿון ייִדישן לעבן ? און דאַקעגן, אין דער צעשפּרייטקייט, וואו עס לעבט נאָך הײַנט־צו־טאָג די איבערוויגנדיקע מערהייט פֿון אונזער פֿאָלק, פֿירן ייִדן אַ "ראַנד־עקזיסטענץ", און די ייִדישקייט וואָס ווערט דאָרט געבויט איז ווײַט נישט קיין צענטראַלע ייִדישקייט און פֿאַרדינט נישט צו פֿאַרנעמען קיין צענטראַל אָרט אין ייִדישן קיום ? צי איז טאַקע מיטן מאָמענט, וואָס די ייִדישע זעלבשטענדיקייט איז ווידער אויפֿגעבויט געוואָרן, מער נישטאָ קיין אָרט פֿאַרן געזאַנג "און זאָל שוין קומען די גאולה!" וואָרום די גאולה איז שוין געקומען ? ! און לאָזט זיך טאַקע זאָגן, אַז די עליה פֿון טויזנט ייִדן קיין ארץ־ישׂראל אין יאָר 1700 איז די ייִדישע צענטראַלע פּאַסירונג אין די לעצטע צוויי טויזנט יאָר ?

אין דער ייִדישער מחשבה און אין דער ייִדישער געשיכטע זענען גלות און גאולה באַגריפֿן מיט זייער טיפֿע כּוונות. נישט בלויז די ייִדישע מיסטיק, איז געקומען צו אַזעלכע אויספֿירן; אויך מאָדערנע דענקער — ווען מיר זאָלן אָנרופֿן אחד־העם און חיים גרינבערג — האָבן געהאַלטן, אַז אַ פֿאַרשידענער צוגאַנג פֿאַר־פֿלאָכט אידייען און רויבט אַוועק די פּאַרטיפּעטקייט פֿון די בענקענישן פֿון דער ייִדישער נשמה.

רעווידירנדיק ייִדישע געשיכטע, וועט מען מעגלעך איינשטעלן אַ גאַר פֿאַר־שידענעם פֿונאַנדערטייל פֿון אונדזערע דערפֿאַרונגען. מיר זענען טאַקע איין פֿאָלק, אָבער צוליב דער צעשפּרייטקייט אין וועלכער ייִדן לעבן זינט זייער בראשית, איז בשום־אופֿן נישט מעגלעך ביי אונדז צו ריידן וועגן איינהייטלעכע תּקופֿות, וואָס קענען אָנגעוואָנדן ווערן צו אַלע טיילן פֿון פֿאָלק. ביי אונדז קען פּאַסירן, אַז פֿאַר איין טייל פֿאָלק זאָל שיינען די זון, און גאַר פֿאַר אַן אַנדערן טייל זאָל אין דער זעלבער צייט זיך אויסשפּרייטן די נאַכט; איין טייל פֿון פֿאָלק געניסט פֿון רעכט און פֿרייהייט, דאַקעגן דער אַנדערער קומט אָפּ אין פּיין און לייד. אין הסכּם מיט דערווירקלעכקייט, מוז דעריבער דער פֿונאַנדערטייל אין תּקופֿות אָננעמען אַן אייגענעם אויסדרוק אין דער ייִדישער געשיכטע.

פֿון די אַלע טעאָריעס און טעזעס, וואָס האָבן זיך אַנגעקליבן אויף דער טעמע, איז אפֿשר פּאַרט כּדאַי זיך אומצוקערן צו דער שיטה פֿון נחמן קראָכמאַל, דער מזרח־אייראָפּעאישער אויסטייטשער פֿון ייִדישער געשיכטע, וועלכער האָט געווירקט אין פֿעלד פֿון דער היסטאָרישער וויסנשאַפֿט מיטן אַן ערך אַנדערהאַלבן הונדערט יאָר צוריק. אָנוויינזנדיק, אַז מען קען זיך נישט דערנענטערן צו דער ייִדישער געשיכטלעכער דראַמע מיט דער זעלבער מאָס מיט וועלכער מען גייט־צו צו דער געשיכטע פֿון די פֿעלקער, האָט ער אָנגעוויזן אויף אָט־וואָס: די פֿעלקער פֿון דער וועלט מאַכן אַדורך, ווי געוויינלעך, צייטן פֿון אויפֿשפּראָץ, פֿון וואוקס, און פֿון פֿאַרוועלקונג. לסוף קומט דער פֿונאַנדערפֿאַל. דאַקעגן ייִדן, ווען זיי האַלטן שוין ביים פּראָצעס פֿון פֿאַרוועלקונג — סיי צוליב אויסערלעכע אומשטענדן, סיי צוליב אינערלעכע סיבות — רוקט זיך נישט אָן דאָס פֿאַרוועלקן, נאָר עס הייבט זיך אָן, אויף אַ שטוינענדיקן אופֿן, פֿונדאָסניי דער אויפֿשפּראָץ, נאָך וועלכן עס קומען ווידער דער וואוקס און דער פֿונאַנדערבלי. ביי אונדז נעמען די געשיכטלעכע ציקלען אָן אַן אומדערוואַרטעטע ווענדונג. אַזוי איז דאָס געווען אַלע מאָל.

מיר, באַרייכערטע מיט דער דערפֿאַרונג פֿון אונדזער דור, קענען צוגעבן: אַזוי איז דאָס אויך אין אונדזער צייט. אוישוויץ און אויפֿלעב זענען באַשטאַנדטיילן פֿון דער הייַנטצייטיקער ייִדישער דראַמע. אָבער אָן אונטערשייד, וועלכע נייע אינטערפּרעטאַציעס און שיטות עס קענען זיך אַרויסשיילן, צי איז נישט איצט אַ נויטווענדיקייט צו רעווידירן אונדזער ייִדישער געשיכטע?

# און פאַרבליבן איז די כראָניק...

אויף דאָס איז איינע פון אונזערע נאַציאָנאַלע אייגנשאַפטן: מיר פאַרשרײַבן די געשיכטלעכע דערפאַרונגען, וואָס מיר מאַכן אַדורך. שוין אין יענע ווײַטע צײַטן, ווען דאָס פאַרצייכענען פאַסירונגען איז נישט געווען שטאַרק אָנגענומען און פּאָפּולער, ווען ס׳האָבן אַפילו געפעלט מאַטעריאַלן, וואָס אויף זיי איז מען מסוגל צו פאַרצייכענען די כראָניק, און מ׳איז נישט געווען געניט צו באַנוצן זיך מיט שרײַב־אינסטרומענטן, האָט מען בײַ אונזער פאָלק גובר געווען די שוועריקייטן. מ׳האָט זיך אָנגעשטרענגט, אַז ס׳זאָל בלײַבן פאַרצייכנט אַלץ, וואָס מען מאַכט אַדורך.

אין דעם באַגינען פון אונזער געשיכטלעכן וועג האָבן מיר באַקומען דעם אָנזאָג צו געדענקען און ״דערמאָנען די טעג, וואָס זענען פאַרבײַגעגאַנגען, און באַגרײַפן, וואָס די פאַרלאָפענע יאָרן און דורות האָבן מיט זיך געבערענגט״; און אָט דער אָנזאָג, אין וועלכן ס׳זענען געווען צונויפגעמישט שאַרפע אָנגעשטרענגקייט און לירישע האַרציקייט, האָט אָפּגעקלונגען אין אונזער נאַציאָנאַלן באַוואוסטזײַן.

ס׳איז זעלטן צו געפינען אַ פאָלק מיט אַ געשיכטע פון טויזנטער יאָרן הינטער זיך, וואָס אַלע זײַנע אַדורכגעגאַנגענע תקופות זענען דאָך געבליבן פאַרשריבן, אַזוי ווי אין אונזער פאַל. ממש קיין איין צײַט־אָפּשניט איז נישט געוואָרן אַריבערגעהיפּערט. עס איז אמת, אַז פאַר באַשטימטע פעריאָדן האָט מען געווידמעט מער אויפמערקשאַפט, און דאַקעגן מיט אַנדערע האָט מען זיך אָפּגעגעבן ווייניקער. דאָס איז געווען אין הסכּם מיטן בליק, וואָס מען האָט אַנטוויקלט פאַר די אַדורכגעמאַכטע דערפאַרונגען, און מיט דער מאָס, וואָס מ׳האָט זיי אָפּגעשאַצט. אָבער פאַרצייכנט האָט מען. נישטאָ קיין תקופה, וואָס זאָל האָבן אַרויסגעקומען אין אונזער פּירטויזנט יאָריקער כראָניק אינגאַנצן ליידיק. אויב אַזוי פיל פעלקער פאַרלירן זיך אין פאַרנעפּלטע, און אַפילו קעגנגעזעצטע השערות בנוגע זייער בראשית, לאָזט זיך דאָס נישט זאָגן וועגן אונזער פאָלק. גלײַך מיט די ערשטע שריט קומט אויף די כראָניק. דער תּנ״ך, הגם ער איז נישט אין אַלע זײַנע ספרים קיין כראָניק, און די אויפגאַבעס, וועלכע ער שטעלט פאַר זיך זענען אָפּטמאָל

גאַנץ אַנדערע, ווי סתּם פאַרנאָטירן געשיכטע, נעמט אונז אָן ביי דער האַנט, און פירט אונז, אָנהויבנדיק מיטן ערשטן ייִד, איבער די וועגן און שטעגן, וואָס דאָס אויסוואָקסנדיקע פאָלק איז אַדורכגעגאַנגען, די גוטע און די שלעכטע צײַטן, וועלכע מ׳האָט אַדורכגעלעבט, די היימלעכע און אומהיימלעכע, אין אַ סך פון זייערע פּרטים. אויב ס׳האַנדלט זיך וועגן די לעצטע תּנ״ך־ספרים, זענען זיי מער נישט אויסן אַפילו צו פאַרדעקן, אַז זיי באַגערן איבער׳צולאָזן אַ כראָניק פאַר די שפּעטערדיקע דורות. ״דברי הימים״ — געשיכטלעכע פּאַסירונגען — איז זייער נאָמען.

דער תּנ״ך האָט זיך אָפּגעשלאָסן, אָבער נישט די כראָניק. ס׳האָט זיך נישט אָפּגעטאָן דער ווילן צו פאַרצייכענען כּסדר, וואָס ס׳האָט פּאַסירט נאָך די ערשטע אַנדערטהאַלבן טויזנט יאָר פון דער ייִדישער געשיכטע, איצט איז געקומען די צײַט פאַר די כראָניק־פאַרצייכענונגען, וועלכע מ׳האָט אָנגערופן ״אַפּאָקריפן״, אָדער ספרים חיצונים; ליטעראַטור, וואָס איז פאַרבליבן אויסער דער ראַם פון תּנ״ך. ס׳געפינען זיך צווישן זיי די חשמונאים־ספרים מיט זייער שילדערונג פון צונויפטרעף פון ייִדישן פאָלק מיט דער גריכיש־העלענישער ציוויליזאַציע. ס׳געפינען זיך שריפטן, וואָס האָבן צו טאָן מיט דער ייִדישער צעשפּרייטקייט, וואָרום דאָס ייִדישע לאַנד האָט אויפגעהערט צו זײַן דער פונקט, אין וועלכן דאָס גאַנצע פאָלק, אָדער צומאָל זײַן איבערוויגנדיקע מערהייט, האָט זיך קאָנצענטרירט. נײַע סטאַציעס זענען אויפגעקומען, פרישע פּראָבלעמען און ראַנגלענישן. אַ מער גרוילעכע קאַטאַסטראָפע רוקט אָן ווי די פריִערדיקע: דער חורבן פון דער ייִדישער פּאָליטישער זעלבשטענדיקייט דורך די רוימער. מ׳שפּאַנט אָט באַלד אַרײַן אין דער דערפאַרונג, וואָס מ׳האָט ביז איצט ווייניק־וואָס געקענט: דער לאַנג־דויערנדיקער גלות.

בעת מען געפינט זיך נאָך אין כראָניק־פּעריאָד פון די אַפּאָקריפן, עפנט זיך דער תּלמוד. ס׳איז איבעריק צוצוגעבן, אַז דער תּלמוד איז נישט קיין געשיכטע־טעקסט. זײַנע בענדער־מסכתּות האָבן צו טאָן מיט לעבנס־שטייגער, מיט דורות־טראַדיציע, מיט דינים פון פאַרצײַטנס און פון לויפנדיקער אַקטועלקייט, מיט ייִדישער מחשבה. אָבער פאַרט זענען אין תּלמוד פאַרנאָטירט פּאַסירונגען פון הונדערטער יאָרן; פון אַכט הונדערט יאָר אומגעפער. אויך ווען מ׳איז געוועזן אַרײַנגעטאָן אין דער שקלא וטריא פון הלכה און אויפפירונג, האָט מען נישט אויפגעהערט צו פאַרצייכענען שטיקער כראָניק. נישטאָ קיין בעסערער קוואַל צו דערקענען די ייִדישע ווירקלעכקייט פון יענע תּקופות ווי דער תּלמוד, און די ליטעראַטור, וואָס איז מיט אים צונויפגעבונדן: די מדרשים־ליטעראַטור.

אויב מ׳קען זיך נאָך נישט דערוויסן אַלץ פון די דאָזיקע היסטאָרישע מקורות, קומט אונז צוהילף אַ בפירושער טעקסט, וואָס איז אויסן אונז אַרײַנצופירן אין יענער פאַרגאַנגענער וועלט: די כּתבים פון יאָסעפוס פלאַוויוס, וועלכער איז אין זײַן צײַט געוועזן מער באַקאַנט מיט זײַן ייִדישן נאָמען יוסף בן מתּתיהו הכּהן.

ס׳זענען יאָרן פון מהומות און דראַמאַטישע ענדערונגען אין גורל פון פאָלק; אָבער טאַקע דערפאַר — שטרייַכט ער אונטער — מוז אַלץ וואָס געשעט, צו־געטראָגן ווערן צו די קומענדיקע דורות.

אמת: העברעאיש איז נישט מער געווען די איינציקע שפּראַך, אין וועלכער מ׳האָט געשריבן ייִדישע כראָניק. מ׳באַנוצט זיך אויך מיט אַנדערע לשונות, דער עיקר מיט אַראַמעאיש און גריכיש. וואָרום דאָס וויכטיקע איז, אַז גאָרנישט זאָל אויסגעמעקט ווערן פון פאָלקס־אָנדענק.

אָט די געוואוינהייט, וואָס איז געוואָרן אַ נאַציאָנאַלע געוואוינהייט — פאַרנאָטירן די פּאַסירונגען — האָט זיך נישט איבערגעריסן שפּעטער, בעת די תּלמוד־תּקופה האָט זיך פאַרענדיקט. דאָס פאָלק איז אַרייַן אין פּעריאָד פון וואַגלעניש. מ׳האָט געוואַנדערט איבער די וועלט־שליאַכן. מ׳האָט געבויט גייַסטיקע צענטערס אין די פאַרשידנסטע פלעצער. אין איין געאָגראַפישן פּונקט זענען די אויטאָריטעט־פערזענלעכקייטן געווען די, וועלכע מ׳האָט אָנגערופן „גאונים״; אין אַן אַנדערן זענען דאָס געווען די אינספּירירטע פּאָעטן, פאַר וועלכע מ׳האָט צוגעקליבן דעם נאָמען „פּייטנים״. אָבער די געשיכטע־שרייַבונג, די היסטאָריאָ־גראַפיע, איז געצויגן געוואָרן סייַ דורך די „גאונים״, סייַ דורך די „פּייטנים״. ס׳האָט זיך נאָר ווען־נישט־ווען געענדערט די פאָרם. אין טייל מקומות האָט מען געשריבן די כראָניק אין דער פאָרם פון בריוו; אין אַנדערע, אין סטיל פון פּאָעזיע. ווער עס האָט געקלערט, אַז טאַקע ווייַל דאָס וועלן זייַן בריוו, וועלן זיי דערגרייכן צו אַלע אויפשטייענדיקע ישובים, און מ׳וועט זיי לייענען מיט אינטערעס; און ווער עס האָט גערעכנט, אַז די כראָניק אין פערזן, וועט גיכער זיך אייַנקריצן אין געמיט און זכרון.

אַלץ האָט זיך געענדערט אין שטורם פון די געשעענישן, אָבער די זעלביקע איז געבליבן די נייגונג צו שרייַבן כראָניק. מ׳האָט זיך דערמיט אָפּגעגעבן אויך ווען אונזער פאָלק איז בעיקר געוואָרן אייראָפּעאיש. סייַ די ייִדישע געזעלשאַפט, וואָס האָט זיך באַזעצט אויף די ברעגן פון רהייַן, און איז באַקאַנט געוואָרן ווי דאָס אַשכנזישע ייִדנטום; סייַ די ייִדישע געזעלשאַפט, וואָס איז אַרייַנגעדרונגען אין פּירענעאישן האַלבאינזל, און מ׳האָט זי באַצייכנט ווי דאָס ספרדישע ייִדנטום, האָט נישט פאַרנאַכלעסיקט צו פאַרנאָטירן, וואָס מען מאַכט אַדורך. ס׳זענען געווען געלעגנהייטן, ווען מ׳האָט טיפער אַנאַליזירט די דערפאַרונגען צווישן די קריסטלעכע און מוסולמענישע פעלקער, צווישן וועלכע מ׳האָט זיך באַזעצט; און ס׳זענען געווען פאַלן, ווען מ׳האָט זיך באַגנוגנט מיט אַנוואַרפן פאַקטן, קיין בלויז האָט מען נישט איבערגעלאָזט. מ׳האָט גאַנץ גוט פאַרשטאַנען, אַז הגם דאָס פאָלק שאַפט זייַן געשיכטע, ווערט עס דאָך אויך געשאַפן און אויסגעשטאַלטיקט דורך זייַן געשיכטע; און שוין דערפאַר איז וויכטיק און נויטיק, אַז ייִדן זאָלן אַרייַנבליקן אין לויף פון די פּאַסירונגען פון דער פאַרגאַנגענהייט און פון דער קעגנוואַרט.

מ׳האָט נישט אַלע מאָל געוואוסט, ווער ס׳זענען די מחברים פון די כראָניק־נאָטיצן. אָפט האָט געטראָפן, אַז זיי זענען פאַרבליבן אַנאָנימע. אַזוי האָט פּאַסירט, למשל, מיט אַ כראָניק, וואָס האָט געוואונען גאָר שטאַרקע פּאָפּולערקייט אין מיטלאַלטער; די כראָניק, וואָס מ׳האָט זי אָנגערופן ״יוסיפון״. ס׳האָט אויסגעקוקט ווי דאָס פאָלק אַליין נעמט זיך די מי, און ציט די שילדערונג פון זײַנע נסיונות, פון זײַנע פריידן און לײַדן, פון זײַנע ביטערע אַנטוישונגען און ליכטיקע האָפענונגען. נאָך שטאַרקערע פּאָפּולערקייט האָט באַקומען אָט די כראָניק, ווען זי איז איבערגעזעצט געוואָרן אין ייִדיש, און געקענט געלייענט ווערן דורך די ברייטע שיכטן פון פאָלק.

דער עיקר איז אויסגעוואַקסן אַ כראָניק־ליטעראַטור אין צײַטן פון אָנגעשטרענגטע איבערלעבונגען, ווען שווערע וואָלקנס האָבן זיך פאַרצויגן איבערן ייִדישן הימל. ס׳איז אויסגעקומען, אַז דאָס באַשרײַבן די איבערגעטראָגענע דערפאַרונגען, איז אַ נאַציאָנאַלער חוב. אין כלערליי מעגלעכע פאָרמען איז פאַרנאָטירט געוואָרן, וואָס דאָס אַשכנזישע ייִדנטום האָט אַריבערגעטראָגן בעת דער ערשטער שוידערלעכער קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט פאַר אים אָנגערוקט: די קרייצצוגן. די אַנטוויקלונג פון די געשעענישן איז פאַרצייכנט געוואָרן אין דער דערשיטערנדיקער כראָניק פון שלמה בן שמשון; אָבער פּרטים קען מען אויך געפינען אין דער רעליגיעזער פּאָעזיע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין יענער תקופה. דאָס זעלבע לאָזט זיך זאָגן וועגן דעם שרעקלעכן אומגליק, וואָס איז אַראָפּגעפאַלן עטלעכע הונדערט יאָר שפּעטער אויפן ספרדישן קיבוץ: דער גירוש שפּאַניע. יוסף הכהן און שלמה איבן ווערגא, זענען מעגלעך די באַקאַנטסטע צווישן די כראָניק־שרײַבער פון דער דאָזיקער אויפציטערנדיקער טראַגעדיע, אָבער איינצלהייטן וועגן אָט דער דערפאַרונג איז אויך מעגלעך צו געפינען בײַ אַנדערע כראָניקער, דענקער און דיכטער פון יענער צײַט.

מ׳האָט זיך אָנגעטראָפן אויף דער נאַציאָנאַלער געוואוינהייט פון פאַרצייכענען די אַדורכגעמאַכטע דערפאַרונגען אויך צווישן דעם מזרח־אייראָפּעאישן ייִדנטום. די דערשיטערונג, וואָס ייִדיש־פּוילן, ייִדיש־אוקראַיִנע האָבן אַדורכגעמאַכט דורך די שחיטות פון כמיעלניצקיס קאָזאַקן — גזירות־ת״ח, ווי די דערפאַרונג ווערט אָנגערופן אין אונזערע היסטאָרישע מקורות — איז געווען פאַרנאָטירט געוואָרן אין דער כראָניק פון נתן נטע האַנאָווער. זי ווערט באַטראַכט ווי די בעסטע כראָניק אין דער געשיכטע פון ייִדיש מזרח־אייראָפּע. דער מחבר האָט דער ערשטער צווישן ייִדן אין מזרח־אייראָפּע אַנאַליזירט קאָמפּליצירטע געשיכטלעכע פּאַסירונגען. זי איז דערשינען גלײַך נאָך דעם קאָזאַקן־חורבן, און דורך לאַנגע תקופות נישט אויפגעהערט צו וועקן אינטערעס בײַ די, וואָס האָבן באַגערט אַרײַנצובליקן אין דער מזרח־אייראָפּעאישער ייִדישער פאַרגאַנגענהייט.

אָבער דאַכט זיך, אַז קיין שום נאַציאָנאַלע טראַגעדיע האָט נישט געברענגט נאָך זיך אַזאַ אויספּירלעכע כראָניק ווי דער נאַצי־חורבן. די פּאַרטיליקונג, וואָס איז אַדורכגעפירט געוואָרן אין דעם פינסטערן נאַצי־פּעריאָד, איז געווען פון אַ פאַרנעם, וואָס האָט איבערגעשטיגן אונזערע פריִערדיקע נאַציאָנאַלע אומגליקן. טויזנטער שילדערונגען זענען געשריבן געוואָרן, אין פלערליי ליטעראַרישע פאָר־מען, און אין די פאַרשידנסטע לשונות. דער עיקר אין ייִדיש; דאָס לשון פון די אויסגעראָטענע מיליאָנען ייִדן.

צו דעם ווילן איבערצולאָזן פאַר די קומענדיקע דורות אַ באַשרײַבונג פון דעם, וואָס האָט פּאַסירט, איז צוגעקומען נאָך אַ מאָטיוו, וואָס איז אַנטשיידנדיק אינעם אַנטשטיין פון דער גרויסער חורבן־ליטעראַטור: דער פאָרגעפיל, אַז ס'וועלן אויפ־שטיין, מיטן לויף פון די יאָרן, פסעוודאָ־היסטאָריקער, פעלשער־וויסנשאַפטלער, וועלכע וועלן אַלץ אַפּלייקענען, אַלץ צונישט מאַכן, סײַ די גרויסקייט פון דער פאַרשניטענער קולטור, סײַ די אײַנציקאַרטיקייט פון ייִדישן לעבן, וואָס איז אויסגעבויט געוואָרן, סײַ דעם גרויל פון דער טראַגעדיע. מ'האָט דעם אײַנדרוק, ווי די כראָניק־פאַרצייכענער, עדות פון דער אַדורכגעמאַכטערווירקלעכקייט, על פּי נס ניצול געבליבענע, זענען אויסן אויסצושרײַען: אָט אַזאַ איז דער אמת; אָט אַזאַ איז געווען די דערפאַרונג; מיר האָבן דאָס מזרח־אייראָפּעאישע קאַפּיטל אין דער ייִדישער געשיכטע געלעבט, אַדורכגעלעבט!

אָט דעם ציל האָבן מיר, לעצטע רעשטן פון גרויסן ייִדישן קיבוץ פון מזרח־אייראָפּע, ווען מיר וועלן נישט מיד צו שרײַבן וועגן לעבן, וואָס איז דאָרט, אין די פאַרשניטענע ישובים, אָנגעגאַנגען, און וועגן דער פאַרטיליקונג, וואָס האָט צו אים אַן עק געמאַכט, זאָל פאַר דורות פאַרבלייבן די כראָניק.

## רשימה פון דערמאָנטע נעמען אין בוך